רודאָלף ראָקער

# נאַציאָנאַליזם און קולטור

פון דייטש: י. בירנבוים

בוכגעמיינשאפט
—ביי דער—
יידישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאפט
בוענאָס איירעס 1949

צוליב טעכנישע סיבות איז נישט מעגליך געווען אָפּצוהיטען די
איינהייטליכקייט פֿון דער אָרטאָגראַפיע, באַזונדערס (בנוגע די
לענגערע צונויפגעלייגטע ווערטער

Libro de edición argentina — Printed in Argentine

RUDOLF ROCKER: NACIONALISMO Y CULTURA

Traducido del alemán al idisch por J. Birnbaum

*Editado por* "Bujguemeinschaft bai der Idischer
Razionalistischer Gueselschaft" — Buenos Aires 1949

# אינהאַלט

זייט



## צווייטער באַנד

# פאָרוואָרט

דאָסדאָזיקע בוך איז פריער געהאַט אָנגעשריבן געוואָרן פאַר אַ קרייז דייטשע לייענער. ס'האָט געזאָלט דערשײַנען אין בערלין אין יאָר 1933, אָבער די שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע, וועלכע איז אָנגעקומען פאַר דייטשלאַנד — און וועלכע דראָט איצט זיך צו פאַרוואַנדלען אין אַ קאַטאַסטראָפע פאַר דער גאַנצער וועלט1), — האָט געמאַכט אַ פלוצימדיקן סוף צו יעדער פרייער דיסקוסיע פון די געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. אַז אַזאַ ווערק ווי דאָס פאַרליגנדיקע האָט אין יענעם מאָמענט אין דייטשלאַנד נישט געקאָנט דערשײַנען, איז פאַרשטענדלעך פאַר יעדן איינעם, וועלכער איז באַקאַנט, ווען אָפילו בלויז אויבערפלעכלעך, מיט די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע צושטאַנדן פונעם אַזויגערופענעם „דריטן רייך"; מחמת די גייסטיקע אָריענטאַציע, וועלכע איז דער סימן־מובהק פון אַט־דעם ווערק, איז אין שאַרפסטער סתירה מיט אַלע טעאָרעטישע פּאָסטולאַטן, אויף וועלכע ס'שטיצט זיך די אידעע פונעם „טאָטאַליטאַרן שטאַט".

און די געשעענישן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין די לעצטע יאָרן אין מײַן געבוירנלאַנד, האָבן געגעבן דער וועלט אַ לעקציע, וועלכע קאָן נישט לײַכט פאַלש אינטערפּרעטירט ווערן; עס ווערט באַשטעטיקט ביז אין די קלענסטע פּרטים אַלץ, וואָס ס'איז פון פריער געזאָגט געוואָרן אין דעמדאָזיקן ווערק. די קראַנקע כוונה אָוועקצושטעלן יעדן אויסדרוק פונעם אינטעלעקטועלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון אַ פאָלק בהסכם מיטן ריטם פון אַ פּאָליטישער מאַשין און אַרײַנצוקוועטשן יעדן מענטשלעכן געדאַנק און יעדע מענטשלעכע טואונג אינעם סדום־בעטל פון אַ פון פאָרויס־אָנגעצייכנטער מלוכה־סכעמע, האָט אומפאַרמיידלעך געמוזט דערפירן צו אַן אינערלעכן חורבן פון יעדער אינטעלעקטועלער קולטור, מחמת ס'איז אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן אַ קולטור אָן דער פולשטענדיקער פרייהייט פון אויסדרוק.

די דעקאַדענץ פון דער ליטעראַטור אינעם היטלעריסטישן דייטשלאַנד, די פאַרגרונטפעסטיקונג פון דער וויסנשאַפט אויף אַן אַבסורדן ראַסישן פאַטאַליזם, וועל־

1) דאָסדאָזיקע פאָרוואָרט איז אָנגעשריבן געוואָרן פאַר דער ערשטער ענגלישער אויסגאַבע פון יאָר 1936. דאָ גיט דער מחבר אָנצוהערעניש אויפן קומענדיקן קריג.

אָנמ. פונעם איבערז.

כער האַלט פאַר מעגלעך צו פאַרבייטן אַלע עטישע פּרינציפּן דורך עטנאָלאָגישע קאָנצעפּטן; דער חורבן פונעם טעאַטער, די מיסטיפיקאַציע פון דער עפנטלעכער מיינונג; דאָס אַרויפהענגען אַ שלאָס אויף דער פּרעסע און אויף יעדן אָרגאַן פונעם פרייען אויסדרוק פונעם פאָלקס־ווילן און געפיל; דאָס באַצווינגען די עפנטלעכע אַדמיניסטראַציע פון דער יוסטיץ דורך אַ ברוטאַלן פּאַרטיי־פאַנאַטיזם; די אומ־ברחמנותדיקע אונטערדריקונג פון דער אַרבעטערבאַוועגונג; דאָס מיטלאַלטערלעכע „געיעג אויפן ייד"; דאָס שטאַטלעכע אַריינמישן זיך אַפילו אין די אינטימסטע ווינקלען פון די באַציאונגען צווישן די געשלעכטער; די פולשטענדיקע אָפּשאַפונג פון דער פרייהייט פון געוויסן אויפן רעליגיעזן און פּאָליטישן פעלד; די אומבאַ־שרייבלעכע אַכזריות פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן; די פּאָליטישע מאָרדן צוליב דעם אינטערעס פון דער מלוכה; דאָס אַרויסשטויסן פונעם געבוירנלאַנד די ווערט־פולסטע אינטעלעקטועלע עלעמענטן; די גייסטיקע פאַרגיפטונג פון דער יוגנט דורך אַ מלוכהשער פּראָפּאַגאַנדע פון שנאה און אומטאָלעראַנץ; דאָס באַשטענדיקע אַפּעלירן צו די נידעריקסטע אינסטינקטן פון די מאַסן דורך אַ געוויסנלאָזער דע־מאַגאָגיע, לויט וועלכער דער ציל באַרעכטיקט אַלע מיטלען; די באַשטענדיקע סכנה פאַרן פרידן פון דער וועלט מצד אַ מיליטערישן סיסטעם, וועלכער איז אַנטוויקלט געוואָרן ביז צו די עקסטרעמסטע גרענעצן און פון אַ בפירוש היפּאָקריטישער פּאָ־ליטיק, וועלכע איז אויסגערעכנט צו אַנטוישן פריינט און פיינט, וועלכע רעספּעק־טירט נישט די פּרינציפּן פון דער יוסטיץ און נישט די געשלאָסענע אָפּמאַכן — אַט־דאָס זענען די אומפאַרמיידלעכע רעזולטאַטן פון אַ סיסטעם, אין וועלכן די מלוכה איז אַלץ און דער מענטש איז גאָרנישט.

אָבער מ'טאָר זיך נישט אָפּנאַרן; אַט־די לעצטע רעאַקציע, וועלכע געווינט בסדר באָדן ביי די עקזיסטירנדיקע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אומשטענדן, איז נישט איינער פון יענע פּעריאָדישע דערשיינונגען, וועלכע באַווייזן זיך צופעליקער־ווייז אין דער געשיכטע פון יעדן לאַנד. דאָס איז נישט קיין רעאַקציע, וועלכע איז פּשוט געווענדט קעגן אומצופרידענע פּראַקטיקעס פון דער באַפעלקערונג אָדער קעגן געוויסע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען און שטרעמונגען פון דיסידענטישן געדאַנק. דאָס איז אַ רעאַקציע ווי אַ פּרינציפּ, אַ רעאַקציע קעגן דער קולטור אין אַלגעמיין, אַ רעאַקציע קעגן אַלע אינטעלעקטועלע און סאָציאַלע דערגרייכונגען פון די לעצטע צוויי יאָרהונדערטער, אַ רעאַקציע, וועלכע דראָט צו דערשטיקן יעדע פרייהייט פונעם געדאַנק און פאַר וועמעס פירער די ברוטאַלע קראַפט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין דער מאָס פון אַלץ. דאָס איז דער אומקער צו אַ נייער תקופה פון באַרבאַריע, פאַר וועלכער ס'זענען פרעמד אַלע פּאָסטולאַטן פון אַ העכערער געזעלשאַפטלעכער קולטור און וועמעס רעפּרעזענטאַנטן זענען שווה־בשווה צווישן זיך אין דער פאַנאַ־טישער אמונה, אַז אַלע כוונות און באַשלוסן אינעם נאַציאָנאַלן און אינטערנאַציאָ־נאַלן לעבן דאַרפן דערגרייכט ווערן בלויז דורך דער שווערט.

אַן אַבסורדער נאַציאָנאַליזם, וועלכער איגנאָרירט פּרינציפּיעל אַלע נאַטיר־

לעכע שייכותן פון דער געמיינזאַמער קולטורעלער סביבה, האָט זיך אַנטוויקלט ביז צו אַזאַ מדרגה, אַז ער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין דער פּאָליטישער רעליגיע פון דער לעצטער פאָרעם פון דער טיראַניע אין דער הלבשה פון דער טאָטאַליטאַר׳ער מלוכה. ער שאַצט־אָפּ די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט בלויז אויף אַזוי פיל, אויף וויפל זי קאָן זיין ניצלעך פאַרן אַפּאַראַט פון דער פּאָליטישער מאַכט. די קאָנסעקווענץ פון אַט־דעם מטורפדיקן געדאַנק איז די מעכאַניזאַציע פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַלגעמיין. דער יחיד פאַרוואַנדלט זיך פשוט און פּראָסט אין אַ שרייפל אָדער אַ רעדל פון דער אַלץ אויסגלייכנדיקער מלוכישער מאַשין, וועלכע איז דערגאַנגען דערצו צו ווערן אַ ציל פאַר זיך און וועמעס אָנפירער טאָלערירן נישט, נישט דאָס פּריוואַטע רעכט און נישט קיין שום מיינונג, וועלכע זאָל נישט זיין אין אומקאָנדי־ציאָנעלן הסכם מיט די פּרינציפּן פון דער מלוכה. דער קאָנצעפּט וועגן מינות אָדער כופרות, וועלכער שטאַמט־אָפּ פון די וויסט־פינצטערסטע צייטן פון דער מענטש־לעכער געשיכטע, ווערט איצט אַריינגעפירט אינעם פּאָליטישן קעניגרייך און גע־פינט זיין אויסדרוק אין דער פאַנאַטישער פאַרפאָלגונג פון יענע אַלע, וועלכע זענען נישט קיין בעלנים זיך איבערצוענטפערן אומקאָנדיציאָנעל צו דער נייער פּאָליטי־שער רעליגיע, און קעגן יענע אַלע, וועלכע האָבן נישט פאַרלוירן דעם דרך־ארץ צו דער מענטשלעכער חשיבות און צו דער פרייהייט פון געדאַנק און טואונג.

ס׳איז אַן אומגליקלעכער טעות און אָפּנאַרעריי צו מיינען, אַז ענלעכע דער־שיינונגען קאָנען זיך באַווייזן בלויז אין געוויסע לענדער, צוגעפּאַסטע צו זיי דורך דער אייגנטימלעכער נאַציאָנאַלער כאַראַקטעריסטיק פון זייער באַפעלקערונג. אַט־די אַבערגלויבישע אמונה אין די קאָלעקטיווע אינטעלעקטועלע און גייסטיקע אייגנ־שאַפטן פון פעלקער, ראַסן און קלאַסן האָט אונדז שוין געבראַכט גרויסן שאָדן און איז געוועזן אַ שווערע שטרויכלונג פאַר דער טיפערער דערקענטעניש פון דער אַנט־וויקלונג פון די סאָציאַלע דערשיינונגען און פּאַסירונגען. וואו ס׳איז פאַראַן אַן ענגע קרובעשאַפט צווישן די פאַרשידענע מענטשלעכע גרופּן, וועלכע באַלאַנגען צום נעמ־לעכן קולטורקרייז, דאָרט זענען די אידעען און די באַוועגונגען באַטירלעכערווייז נישט רעדוצירט צו די פּאָליטישע גרענעצן פון די פאַרשידענע מלוכות, נייערט זיי קומען־אויף און אימפּאָנירן זיך אומעטום, וואו זיי ווערן באַגינציקט דורך געוויסע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אומשטענדן פונעם לעבן. און אַט־די אומשטענדן און תנאים זענען איצט פאַראַן אין יעדן לאַנד, וואָס איז באַווירקט פון אונדזער מאָדער־נער ציוויליזאַציע, ווען אַפילו דער גראַד פון אַט־דער ווירקונג זאָל נישט אומעטום זיין דערזעלביקער.

די אומגליקלעכע אַנטוויקלונג פונעם היינטיקן עקאָנאָמישן סיסטעם, וועלכער דערפירט צו אַ ריזיקער אָנהויפונג פון עשירות אין די הענט פון קליינע פּריוויל־גירטע מינדערהייטן און צו דער כסדרדיקער פאַראָרעמונג פון די ברייטע פאָלקס־מאַסן, האָט אויסגעלייגט דעם וועג פאַר דער איצטיקער פּאָליטישער און סאָציאַ־לער רעאַקציע און זי באַגינציקט מיט אַלע מיטלען און אויף אַלע אופנים. ער האָט

מקריב געווען דעם אַלגעמיינעם אינטערעס פון דער מענטשהייט צום פּריוואַטן אינטערעס פון געוויסע אינדיווידן און אַזוי אַרום האָט ער סיסטעמאַטיש אונטער־געגראָבן די באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש. אונדזער מאָדערנער עקאָנאָמי־שער סיסטעם האָט פונאַנדערגעלייגט דעם סאָציאַלן אָרגאַניזם אין זיינע באַזונ־דערע, אָפּגעזונדערטע באַשטאַנדטיילן, פאַרריבן דעם געזעלשאַפטלעכן סענטימענט פונעם יחיד און פאַראַליזירט זיין פרייע אַנטוויקלונג. ער האָט געשפּאָלטן אין פיינטלעכע קלאַסן די געזעלשאַפט פון יעדן לאַנד און אויסערלעך האָט ער צעטיילט דעם געמיינשאַפטלעכן קולטורקרייז אין פיינטלעכע נאַציעס, וועלכע קוקן איינע אויף דער אַנדערער מיט קעגנזייטיקער שנאה און דורך זייערע אומאויפהערלעכע קאָנפליקטן צעשטערן זיי די אמתע יסודות פונעם סאָציאַלן לעבן.

מ׳קאָן נישט פּרעטענדירן, אַז די „דאָקטרין פונעם קלאַסנקאַמף" זאָל זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אָט־דעם צושטאַנד פון די זאַכן, כל־זמן קיינער רירט זיך נישט צו פאַרבייטן די עקאָנאָמישע זיילן, וועלכע זענען דער יסוד פון אָט דער דאָקט־רין, און בכדי אָוועצופירן די אַנטוויקלונג פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אויף אַנ־דערע וועגן. אַ סיסטעם, וועלכער איז אין אַלע אויסדרוקן פון זיין לעבן גרייט אויפ־צוברענגען פאַר אַ קרבן דעם וואוילשטאַנד פון ברייטע שיכטן פונעם פאָלק אָדער פון דער גאַנצער נאַציע אויפן מיזבח פון די עגאָאיסטישע עקאָנאָמישע אינטערעסן פון קליינע מינדערהייטן, אַזאַ סיסטעם האָט געמוזט צעטרייסלען אַלע געזעלשאַפטלעכע שייכותן און ער דערפירט צו אַ כסדרדיקער מלחמה פון איינעם קעגן אַלעמען.

פאַר דעם, וואָס זיין גייסט און באַנעם איז פאַרשלאָפן פאַר אָט־דער פּער־ספּעקטיוו, מוזן זיין פרעמד און אומפאַרשטענדלעך די גרויסע פּראָבלעמען, וועלכע ס׳האָט פאַר אונדז אַוועקגעשטעלט אונדזער צייט. פאַר אים בלייבט בלויז די ברר־טאָלע קראַפט ווי דאָס לעצטע מיטל, בכדי אויפצוהאַלטן שטאַנדהאַפטיק אַ סיסטעם, וועלכער איז שוין פון לאַנג פאַרמשפּט געוואָרן דורך דער אויסוויקלונג פון די געשעענישן.

מיר האָבן פאַרגעסן, אַז די אינדוסטריע איז נישט קיין ציל פאַר זיך, נאָר בלויז אַ מיטל צו פאַרזיכערן דעם מענטשן זיין מאַטעריעלע אויסקומעניש און בכדי ס׳זאָלן אים וואוילבאַקומען די ברכות פון אַ העכערער אינטעלעקטועלער קולטור. דאָרט, וואו די אינדוסטריע איז אַלץ און דער מענטש גאָרנישט, דאָרט הייבט זיך אָן דאָס באַרייך פון אומברחמנותדיקן עקאָנאָמישן דעספּאָטיזם, וועלכער איז נישט ווייניקער צעשטערעריש אין זיינע ווירקונגען ווי וועלכער ס׳איז פּאָליטישער דעספּאָטיזם. אָט־די צוויי דעספּאָטיזמען קרעפטיקן זיך קעגנזייטיק און זיי ווערן געשפּייזט פונעם זעלבן צאַפּן. די עקאָנאָמישע דיקטאַטור פון די מאָנאָפּאָלן און די פּאָליטישע דיק־טאַטור פון דער טאָטאַליטאַרער מלוכה קומען־אַרויס און שפּרודלען־אויף פון די־זעלביקע אַנטיסאָציאַלע כוונות; זייערע אָנפירער זוכן אַרונטערצוואַרפן העזהדיק די אַנצאָליקע אויסדרוקן פונעם סאָציאַלן לעבן אונטערן מעכאַנישן ריטם פון דער מאַשין און אַריינקוועטשן דאָס אָרגאַנישע לעבן אין טויטע פאָרמען.

כל־זמן מיר װעלן נישט האָבן קײן מוט זיך אָװעקצושטעלן פּראָנטזײטיק צו אָט־דער סכּנה און בכדי זיך קעגנצושטעלן דער אַנטװיקלונג, װעלכע דערפירט אונדז אומפאַרמײדלעך צו דער סאָציאַלער קאַטאַסטראָפע, װעלן די בעסטע קאָנסטיטוציעס נישט האָבן קײן װערט און די אויף אַ לעגאַלן אופן גאַראַנטירטע רעכט פון די בירגער װעלן פאַרלירן זײער לכתחילהדיקן באַדײט. דאָס טאַקע האָט געהאַט פאַר די אויגן דעניעל װעבסטער, װען ער האָט געזאָגט: „די פרײסטע רעגירונג קאָן נישט אויסהאַלטן אַ לאַנגע צײט, װען די טענדענץ פון געזעץ פירט צו אַ שנעלער אָנהויפונג פון אײגנטום אין די הענט פון אַ מינדערהײט און צו דער פאַראָרעמונג און אונטעריאָכונג פון די מאַסן".

פון דעמאָלט אָן האָט די עקאָנאָמישע אַנטװיקלונג פון דער געזעלשאַפט אָנגענומען אַזעלכע פאָרמען, װעלכע שטײגן אַריבער דעם ערגסטן פּחד פונעם מענטשן און װעלכע שטעלן מיט זיך הײנטצוטאָג פאָר אַזאַ סכּנה, װעמעס געפערלעכקײט קאָן קוים באַנומען און באַרעכנט װערן. די דיזיקע אַנטװיקלונג און דער כּסדרדיקער װאוקס פון דער מאַכט פון אַ נישט ראַזאָנירנדיקער פּאָליטישער ביוראָקראַטיע, װעלכע דיריגירט, רעגימענטירט און באַװאַכט דאָס לעבן פונעם מענטשן פון דער װיג ביז צום קבר, האָט סיסטעמאַטיש אָפּגעשאַפט, אָפּגעװישט די מענטשלעכע פרײװיליקע מיטאַרבעטערשאַפט און דעם סענטימענט פון דער פּערזענלעכער פרײהײט און האָט אויף אַלערלײ אופנים אָנגעהאַלטן די דראָאונג פון דער טיראַניע פונעם טאָטאַליטאַרן שטאַט קעגן דער קולטור.

די גרויסע װעלט־מלחמה פון 18 - 1914 און אירע מוראדיקע קאָנסעקװענצן, (װעלכע זענען גלײכצײטיק די רעזולטאַטן פונעם קאַמף פאַר דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער מאַכט בתוך דעם איצטיקן סיסטעם), האָבן שטאַרק אונטערגעיאָגט דעם דאָזיקן פּראָצעס פון פאַרשלעפּערונג און צעשטערונג פונעם געזעלשאַפטלעכן געפיל. דאָס אַרויסקוקן אויף אַ דיקטאַטאָר, װעלכער זאָל מאַכן אַ סוף צו אָט־די אַלע צערודערונגען פון דער עפּאָכע, איז פּשוט דער פּועל־יוצא פון דער גײסטיקער און אינטעלעקטועלער דעגענעראַציע פון אַ מענטשהײט, װעלכע בלוטיקט פון טויזנט װאונדן, אַ מענטשהײט, װעלכע האָט פאַרלוירן דעם צוטרוי צו זיך גיפאַ און דערװאַרט פון דער פרעמדער קראַפט דאָס, װאָס זי קאָן באַקומען בלויז דורך דער קאָאָפּעראַציע פון אירע אײגענע כּוחות.

דער פאַקט, װאָס די פעלקער באַטראַכטן הײנט מיט אַזאַ קנאַפּער פאַרשטענדעניש דעם דאָזיקן קאַטאַסטראָפישן צושטאַנד, באַװײזט, אַז די כּוחות, װעלכע האָבן אַמאָל באַפרײט אײראָפּע פון דער קללה פונעם אַבסאָלוטיזם און צעעפנט נײע װעגן פאַרן געזעלשאַפטלעכן פּראָגרעס, אַז די דאָזיקע כּוחות זענען אָפּגעשװאַכט געװאָרן אויף אַן אַלאַרמירנדיקן אופן. די װיטאַלע אַקטן פון אונדזערע גרויסע פאָרויסגײער װערן געערט און געפײערט בלויז לשם טראַדיציע. דער גרויסער פאַרדינסט פונעם ליבעראַלן געדאַנק פון די אַמאָליקע, די פריערדיקע, דורות, און די פאָלקסבאַװעגונגען, װעלכע זענען פון אים אַרויסגעקומען, באַשטײט אין האָבן געבראָכן די מאַכט פון דער אַבסאָלוטיסטישער מאָנאַרכיע, װעלכע האָט במשך פון דורות פאַראַ־

ליזירט דעם אינטעלעקטועלן פּראָגרעס און מקריב געווען דאָס לעבן און דעם וואויל־שטאַנד פון דער נאַציע צו דער מאַכט־תשוקה פון אירע פירער. דער ליבעראַליזם פון יענער תקופה איז געווען די מרידה פונעם מענטשן קעגן דעם יאָך פון אַן אומ־דערטרעגלעכער סואווערעניטעט, וועלכע האָט נישט רעספּעקטירט די מענטשלעכע רעכט און באַהאַנדלט די פעלקער ווי סטאַדעס, וועמעס איינציקע אויפגאַבע איז באַשטאַנען אויסגעמאָלקן צו ווערן פון דער מלוכה און פון די פּריווילעגירטע קלאַסן. אַזוי אַרום האָבן די פאַרטרעטער פונעם ליבעראַליזם געשטרעבט צו אַ געזעלשאַפט־לעכן צושטאַנד, וועלכער זאָל באַשרענקען די שטאַטלעכע מאַכט צו אַ מינימום און באַזייטיקן, אויסשיידן איר איינפלוס פון דער ספערע פונעם אינטעלעקטועלן און קולטורעלן לעבן, אַ טענדענץ, וואָס האָט געפונען איר אויסדרוק אין דזשעפערסאָנס ווערטער: „די בעסטע רעגירונג איז יענע, וועלכע רעגירט ווייניקער".

איצט שטייען מיר, לכל־הדעות, פאַר אַ רעאַקציע, וועלכע לאַ־די, וואָס זי גייט ווייטער ווי די אַבסאָלוטיסטישע מאָנאַרכיע אין אירע אויטאָריטערע פּרעטענזיעס, איז זי נאָך אויסן איבערצוזעצן־פערן צום „נאַציאָנאַלן שטאַט" אַלע געביטן פון דער מענטשלעכער אַקטיוויטעט. פּונקט ווי די טעאָלאָגיע פון די פאַרשיידענע רעליגיעזע סיסטעמען האָט פאַרזיכערט, אַז גאָט איז אַלץ און דער מענטש גאָרנישט, אַזוי האָלט אָט־די מאָדערנע פּאָליטישע טעאָלאָגיע, אַז די „נאַציע" איז אַלץ און דער בירגער גאָרנישט. און פּונקט ווי הינטערן „געטלעכן ווילן" איז תמיד געווען פאַרבאַהאַלטן דער ווילן פון פּריווילעגירטע מינדערהייטן, פּונקט אַזוי באַהאַלט זיך אויך היינט תמיד הינטערן „ווילן פון דער נאַציע" דער עגאָאיסטישער אינטערעס פון יענע, וועל־כע האַלטן זיך פאַר באַרופן צו אינטערפּרעטירן אָט־דעם ווילן אויף זייער אופן און אים אַרויפצווינגען אויפן פאָלק אויף כוח.

דער צוועק פון אָט־דעם ווערק באַשטייט אין באַשרייבן די געדרייטע וועגן פון אָט־דער אַנטוויקלונג און אַרויסשטעלן נאַקעטערהייט איר שורש. בכדי אַרויס־צושטעלן בולט, קלאָר די אַנטוויקלונג און באַדייט פונעם מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם און זיינע שייכותן מיט דער קולטור, איז דער מחבר געווען געצוואונגען אַריינצור־דרינגען און צו עקזאַמינירן פיל פאַרשידנדיקע געביטן, וועלכע האָבן אַן אינערלעכן שייכות צום ענין. אינוויווייט ער האָט באַוויזן צו דערפילן זיין אויפגאַבע זאָל אור־טיילן דער לייענער גופא.

די ערשטע געדאַנקען וועגן אָט־דעם ווערק זענען אויפגעקומען אין מיין גע־דאַנק אַ געוויסע צייט פאַר דער מלחמה פון 18 ־ 1914 און זיי האָבן געפונען זייער אויסדרוק אין אַ סעריע רעפעראַטן און אַרטיקלען אין פאַרשידענע אויסגאַבן. די אַרבעט איז פּלוצים איבערגעריסן געוואָרן דורך מיין פירייעריקער אינטערנירונג אין אַן ענגלישן קאָנצענטראַציע־לאַגער בעת דער פריקער וועלט־מלחמה ווי אַ דייט־טשער בירגער אין ענגלאַנד און דורך אייניקע ליטעראַרישע אַרבעטן, ביז כ'האָב, לסוף, באַוויזן צו פאַרענדיקן דאָס לעצטע קאַפּיטל און צוגרייטן דאָס בוך צום דרוק קורץ פאַר היטלערס קומען צו דער מאַכט. נאָכדעם האָט זיך בליצשנעל פאַרשפּרייט

אין דייטשלאַנד די „נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע”, וועלכע האָט מיך גע־צוואונגען, פּונקט ווי אַ סך אַנדערע, צו זוכן אַ מקום־מקלט אין אויסלאַנד. ווען איך בין אַרויס פון מיין לאַנד, האָב איך מיט זיך נישט געקאָנט מיטנעמען מער ווי דעם כתב־יד פון אָט־דעם ווערק.

פון דעמאָלט אָן האָב איך שוין נישט געקאָנט האָבן קיין שום אויסזיכט אויף דער פאַרעפנטלעכונג פון אָט־דעם גרויספאַרנעמיקן ווערק, — צו וועלכן ס'איז, אַגב, געוועזן פאַרשלאָסן דער צוטריט פונעם דייטשן לייענער, — און איך האָב אויפגע־געבן יעדע האָפענונג דאָס בוך ווען עס איז צו פאַרעפנטלעכן. איך האָב זיך צוגע־וואוינט צו אָט־דעם געדאַנק, פּונקט ווי אַ סך אַנדערע, וועלכע ליידן דחקות צוליב די שווער־יקייטן פונעם לעבן מחוץ זייער לאַנד. די קליינע אַנטוישונגען פון אַ שריי־בער זענען אָבער לגמרי נישט וויכטיק אין פאַרגלייך מיט די שרעקלעכע אַנגסטן פון אונדזער צייט, אונטער וועמעס יאָך עס מוטשען זיך היינט מיליאָנען מענטש־לעכע לעבנס.

נאָכדעם איז פּלוצים געקומען אַן ענדערונג. אויף אַ רעפעראַטן־טור איבער די פאַראייניקטע שטאַטן בין איך געקומען אין קאָנטאַקט מיט אַלטע און נייע פריינט, וועלכע האָבן זיך לעבעדיק פאַראינטערעסירט מיט מיין ווערק. אַדאַנק זייער אומ־פאַראינטערעסירטער טעטיקייט האָבן זיך אָרגאַניזירט ספּעציעלע גרופּן, וועלכע האָבן זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו מאַכן מעגלעך די איבערזעצונג פון מיין בוך אין ענגליש.

הלוואי זאָל אָט־דאָס ווערק צוהעלפן צום אויפוואַך פונעם פאַרשלאָפענעם פרייהייט־געוויסן. הלוואי זאָל עס אָנרעגן די מענטשן זיך אַרויסצושטעלן קעגן דער סכנה, וועלכע דראָט איצט די מענטשלעכע קולטור און וועלכע וועט זיך איבערגעוואַלט פאַרוואַנדלען אין אַ קאַטאַסטראָפע פאַר דער מענטשהייט, אויב זי וועט זיך נישט אַנטשליסן צו מאַכן אַ סוף צו אָט־דער בייזער מכה! ווייל די ווערטער פונעם פּאָעט האָבן אַ גילטיקייט אויך פאַר אונדז:

דער מענטש מיט אַ צניעהדיקער נשמה הערשט נישט און פאָלגט נישט.
די מאַכט, ווי אַ פאַרוויסטנדיקע פּעסט,
קאָרומפּירט אַלץ, וואָס זי באַרירט;
...און די פאָלגעוודיקייט,
אַ סם פון יעדן גאון, טוגנט, פרייהייט און אמת,
מאַכט פון די מענטשן קנעכט און פונעם מענטשלעכן אָרגאַניזם
אַ מעכאַניזירטן אויטאָמאַט.

ר ו ד אָ ל ף   ר אָ ק ע ר

קראָטאָן־אָן־האדסאָן, נ. י., סעפּטעמבער 1936.

# I

## די אומגעניגנדיקייט פונעם עקאָנאָמישן מאַטעריאַליזם

דער ווילן צו מאַכט ווי אַ געשיכטלעכער פאַקטאָר. — וויסנשאַפט און באַנעם פון געשיכטע. — די אומגעניגנדיקייט פונעם עקאָנאָמישן מאַטעריאַליזם. — די געזעצן פון די פיזישע פּראָצעסן און די „פיזיק פון דער געזעלשאַפט". — די באַדייטונג פון די פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן. — אַלעקסאַנדערס צוגן. — די קרייצצוגן. — פּאַפּיזם און אַפּיקורסות. — די מאַכט ווי אַ שטרויכלונג און אַ שטער פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג. — דער פאַטאַליזם פון די „היסטאָרישע נויטווענדיקייטן" און פון די „געשיכטלעכע מיסיעס". — עקאָנאָמישע פּאָזיציע און געזעלשאַפטלעכע אַקטואַציע פונעם בירגערטום. — סאָציאַליזם און סאָציאַליסטן. — פּסיכישע פּאָרויסזעצונגען פון אַלע ענדערונגען אין דער געשיכטע. — קריג און עקאָנאָמיק. — מאָנאָפּאָליזם און אויטאָקראַטיע. — דער שטאַטקאַפּיטאַליזם.

וואָס טיפער מ׳פאָרשט־נאָך די פּאָליטישע איינפלוסן אין דער געשיכטע, אַלץ מער קומט מען צו דער איבערצייגונג, אַז דער „ווילן צו מאַכט" איז ביז איצט געווען איינער פון די שטאַרקסטע אָנרעגער אין דער אַנטוויקלונג פון מענטשלעכע געזעלשאַפטס־פאָרמען. דער באַנעם, אַז יעדע פּאָליטישע און סאָציאַלע פּאַסירונג איז בלויז אַ פּועל־יוצא פון די עווענטועלע עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן און איז דורכויס נאָר אַזוי אַרום דערקלערבאַר, האַלט נישט אויס קיין ערנסטערע קריטיק. אַז די ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען און די באַזונדערע פאָרמען פון דער געזעלשאַפטלעכער פּראָדוקציע שפּילן אַ ראָל אין דער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון דער מענטשהייט, דאָס ווייס יעדער איינער, ווער עס באַמיט זיך ערנסט צו דערגרונטעווען צו די יסודות פון די געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען. דערדאָזיקער פאַקט איז געווען באַקאַנט אַ סך פריער איידער מאַרקס האָט זיך פאָרגענומען אים אויסצוטייטשן אויף זיין שטייגער. אַ היפּשע צאָל אָנגעזעענע פראַנצויזישע סאָציאַליסטן, אַזעלכע ווי סען סימאָן, קאָנסידעראַן, לואי בלאַנק, פּרודאָן און אייניקע אַנדערע, האָבן אויף דעם אָנגעוויזן אין זייערע שריפטן, און ס׳איז באַקאַנט, אַז מאַרקס איז טאַקע דורכן שטודיום פון אָט־די שריפטן דערגאַנגען צום סאָציאַליזם. און אגב ליגט די פאַרשטענדעניש פונעם באַדייט פון די עקאָנאָמישע אומשטענדן אויף דער געשטאַלטונג פון דער געזעלשאַפט אין סאַמע עצם פון סאָציאַליזם גופא.

ס׳איז נישט די באַשטעטיקונג פון אָט־דעם געשיכטס־פילאָזאָפישן באַנעם,

וועלכער פאַלט אַממייסטנס אויף ביי דער מאַרקסיסטישער פאָרמולירונג, נאָר די אומבאַדינגטע פאָרעם, אין וועלכער דידאַזיקע דערקענטעניש קומט צום אויסדרוק, און דער אופן פון דענקען, וועלכן מאַרקס לייגט אַוועק אַלס יסוד פאַר זיין באַנעם. מ׳פילט דאָ דייטלעך העגעלס איינפלוס, די השפעה פון דעם, וועמעס תלמיד מאַרקס איז געווען. נאָר דער „פילאָזאָף פונעם אַבסאָלוטן”, דער דערפינדער פון די „היס־טאָרישע נויטווענדיקייטן” און פון די „געשיכטלעכע אויפגאַבן” איז געווען אימ־שטאַנד אים אַריינצוגעבן אַזאַ זעלבסטזיכערקייט אינעם אורטייל און אים מאַכן גלייבן, אַז ער איז דערגאַנגען צום יסוד פון די „געזעצן פון דער סאָציאַלער פיזיק”, אויפן גרונט פון וועלכע יעדע געשיכטלעכע געשעעניש דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַ געזעצמעסיקער אויסדרוק פון אַ נאַטור־נויטווענדיקן פּראָצעס. אין דערווירקלעכ־קייט האָבן מאַרקס נאָכפאָלגער פאַרגלייכט דעם „עקאָנאָמישן מאַטעריאַליזם” מיט קאָפּערניקס און קעפּלערס אַנטדעקונגען, און נישט קיין קלענערער ווי ענגעלס גופא איז עס געווען דעריעניקער, וועלכער האָט פאָרמולירט די באַהויפּטונג, אַז מיט דערדאָזיקער נייער דערקלערונג פון דער געשיכטע איז דער סאָציאַליזם געוואָרן אַ וויסנשאַפט.

דער פונדאַמענטאַלער טעות פון דאָזיקן באַנעם ליגט אין דעם, וואָס ער שטעלט די סיבות פון געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען אויף דערזעלבער מדרגה ווי די סיבות פון די מעכאַנישע געשעענישן אין דער נאַטור. די וויסנשאַפט באַשעפטיקט זיך אויסשליסלעך מיט די דערשיינונגען, וועלכע קומען פאָר אינערהאַלב דער גרויסער ראַם, וועלכע מיר רופן אָן נאַטור, און זיי זענען במילא צוגעבונדן צו רוים און צייט און צוגענגלעך צו די באַרעכענונגען פונעם מענטשלעכן דענקען. מחמת דאָס קע־ניגרייך פון דער נאַטור איז די וועלט פון די אינערלעכע צוזאַמענהאַנגען און פון די מעכאַנישע נויטווענדיקייטן, אין וועלכער יעדע פּאַסירונג קומט פאָר בהסכם מיט די געזעצן פון אורזאַך און ווירקונג. אין דערדאָזיקער וועלט איז נישט פאַראַן קיין שום צופאַל, איז יעדע ווילקירלעכקייט אומדענקבאַר. צוליב דעם טעם רעכנט זיך די וויסנשאַפט נאָר מיט שטרענגע טאַטזאַכן; איין טאַטזאַך בלויז, וועלכע זאָל זיין להיפוך צו די ביז־איצט געמאַכטע דערפאַרונגען, וועלכע זאָל זיך נישט לאָזן איינ־גלידערן אין דער טעאָריע, קאָן מאַכן אַ תל פון דעם שאַרפזיניקסטן טעאָרעטישן בנין.

אין דער וועלט פון מעטאַפיזישן דענקען און פון פּראַקטישע טועונישן מעג זיך זיין גילטיק דער פּרינציפּ, אַז דער אויסנאַם באַשטעטיקט דעם כלל, אָבער פאַר דער וויסנשאַפט קיינמאָל נישט. און ווען אַפילו די פאָרמען, וועלכע די נאַטור ברענגט אַרויס, זענען אומענדלעך פאַרשידנדיק, פונדעסטוועגן איז יעדע איינע פון אירע פאָרמען אונטערגעוואָרפן צו דיזעלביקע אומפאַרענדערבאַרע געזעצן; יעדע באַוועג־גונג אינעם וועלט־רוים קומט פאָר לויט שטרענגע אומפאַרענדערבאַרע כללים, פּונקט אַזוי ווי דער פיזישער קיום פון יעדן באַשעפעניש אויף דערדאָזיקער ערד. די געזעצן פון אונדזער עקזיסטענץ זענען נישט אָפּהענגיק פון דער ווילקיר פון מענטשלעכן ווילן; זיי זענען אַ טייל פון אונדז גופא, און וועלכן אונדזער קיום וואָלט געווען אומ־

דענקבאַר. מיר ווערן געבוירן, דערנערן זיך, פירן אַרויס פון גוף די נישט־פאַרנוצטע שטאָפן, באַוועגן זיך, ברענגען קינדער אויף דער וועלט און דערנעענטערן זיך צום אומקום, נישט זייענדיק ביכולת צו קענען עפּעס ענדערן אין אָט־דעם גאַנצן פּראָצעס. עס וויקלען זיך דאָ אויס נויטווענדיקייטן, לגמרי אומאָפּהענגיקע פון אונדזער ווילן. דער מענטש קאָן אויסנוצן פאַר זיינע צוועקן די כוחות פון דער נאַטור, ער קאָן אירע ווירקונגען ביז צו אַ געוויסן גראַד פירן אויף געוויסע וועגן, אָבער ער קאָן זיי נישט אָפּשאַפן. פּונקט אַזוי זענען מיר נישט אימשטאַנד צו באַזייטיקן די איינצלנע געשעענישן, וועלכע זענען דער תנאי פון אונדזער פיזישער עקזיסטענץ. מיר קענען אויספיינערן זייערע אויסערלעכע באַגלייט־דערשיינונגען און זיי אָפּט צופּאַסן צו אונדזער פערזענלעכן ווילן, אָבער די געשעענישן גופא קאָנען מיר פון אונדזער לעבן נישט אויסשיידן. מיר זענען נישט געצוואונגען צו פאַרצערן די שפּייז, וועלכע מיר נעמען־איין, פּונקט אַזוי ווי די נאַטור באַט זי אונדז אָן, אָדער זיך אַוועקצולייגן אָפּרוען אויפן ערשטן־בעסטן פּלאַץ, אָבער מיר קאָנען גאָרנישט טאָן קעגן דעם, וואָס מיר מוזן עסן און שלאָפן, אויב מיר ווילן נישט מאַכן קיין פריצייטיקן סוף צו אונדזער פיזישער עקזיסטענץ. אין דערדאָזיקער וועלט פון אומברחמנותדיקע באַדערפענישן איז נישט פאַראַן קיין פּלאַץ פאַר מענטשלעכע דעטערמינאַציעס.

און געוויין איז עס דווקא דידאָזיקע אייזערנע געזעצמעסיקייט אינעם אייביקן אומבייט פונעם קאָסמישן און פיזישן פּראָצעס, וועלכע האָט איינציקע גייסטרייכע קעפּ אַרויפגעפירט אויפן געדאַנק, אַז די געשעענישן פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די מענטשן זענען אונטערגעוואָרפן צו דיזעלביקע אייזערנע נויטווענדיקייטן פון די פּאַסירונגען און זיי לאָזן זיך במילא אויסרעכענען און אויסטייטשן לויט וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן. דער רוב פון די געשיכטלעכע טעאָריעס שטיצט זיך אויף דעמדאָזיקן טעותדיקן באַגריף, וועלכער האָט זיך געקאָנט איינבירגערן אין געהירן פונעם מענטשן נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט די געזעצן פון דער פיזישער עקזיסטענץ אַוועקגעשטעלט אויף דערזעלביקער מדרגה מיט דער פאָרויסיקער בכיוונדיקער אויסגערעכנטקייט, וועלכע איז דער יסוד פון יעדער געזעלשאַפטלעכער געשעעניש; מיט אַנדערע ווערטער: ווייל ער האָט פאַרביטן די מעכאַנישע נויטווענדיקייטן פון די נאַטור־פּראָצעסן מיט די כוונות און פאָרויסיקער צוועקמעסיקייט פון די מענטשן, וועלכע דאַרפן אָפּגעשאַצט ווערן בלויז ווי רעזולטאַטן פון זייער דענקען.

מיר לייקענען נישט, אַז ס׳זענען אויך אין דער געשיכטע פאַראַן אינערלעכע שייכותן, וועלכע מ׳קאָן צושרייבן, פּונקט אַזוי ווי אין דער נאַטור, צו אורזאַך און ווירקונג. ביי געזעלשאַפטלעכע פּראָצעסן האַנדעלט זיך אָבער תמיד וועגן אַ קאַוזאַליטעט פון מענטשלעכע ציל־באַשטימונגען, בעת אין דער נאַטור אָבער האַנדלט זיך תמיד וועגן אַ קאַוזאַליטעט פון פיזישע נויטווענדיקייטן. די לעצטע קומען פאַר אָן אונדזער אַריינמישונג; די ערשטע זענען נישט עפּעס אַנדערש ווי מאַניפעסטירונגען פון אונדזער ווילן. רעליגיעזע פאָרשטעלונגען, עטישע באַגריפן, מנהגים, געוואוינהייטן, טראַדיציעס, יורידישע אָנשויאונגען, פּאָליטישע געשטאַלטונגען, אייגנטום־

פאַרהעלטעניש, פּראָדוקציע־פאָרמען א. אַ. וו. זענען נישט קיין נייטיקע פאַרויסיקע תנאים פון אונדזער פיזישן קיום, נייערט בלויז פועל־יוצאס פון אונדזער פאָרויס־באַשטימטער צוועקמעסיקייט. יעדע פאָרויסבאַשטימטע צוועקמעסיקייט איז אָבער אַן ענין פון גלויבן, וועלכער קאָן נישט אַריינגענומען ווערן אין דער וויסנשאַפטלע־כער אויסרעכענונג. אינעם קעניגרייך פון די פיזישע געשעענישן איז גילטיק בלויז דער מוז; אין קעניגרייך פון גלויבן עקזיסטירט אָבער בלויז די וואַרשיינלעכקייט: ס׳קאָן זיין, אָבער עס מוז נישט זיין.

יעדע געשעעניש, וועלכע דרינגט אַרויס פון אונדזער פיזישן וועזן און האָט צו אים אַ שייכות, איז אַ פּאַסירונג, וועלכע שטייט מחוץ פון אונדזער ווילן. אָבער יעדע געזעלשאַפטלעכע געשעעניש דרינגט אַרויס פון מענטשלעכע כוונות און מענטשלעכער אויסרעכענונג און שפּילט זיך אָפּ אין די גרענעצן פון אונדזער ווילן, פאַלט, הייסט עס, נישט אַרונטער אונטערן באַגריף פון דעם נאַטירלעך־נויטוועדיקן.

ווען אַן אינדיאַנערן פון פּלעטיד קלעמט־איין דעם שאַרבן פון איר ערשטגע־בוירענעם קינד צווישן צוויי ברעטלעך, בכדי ער זאָל באַקומען אַ פאָרעם פון איר געווינטשטע פאָרעם, איז אין דעם נישט פאַראַן קיין שום נויטוועדיקייט, ס׳איז אָבער יאָ פאַראַן אַ מינהג, וועלכער האָט זיין דערקלערונג אינעם גלויבן פונעם מענטשן. ווען מענטשן לעבן אין צושטאַנד פון פּאָליגאַמיע, אין מאָנאָגאַמיע אָדער צעליבאַט, איז עס אַן ענין פון מענטשלעכער קאָנווענינעץ, וועלכע האָט נישט קיין שום שייכות מיט די נויטוועדיקייטן פון די פיזישע געשעענישן. יעדער יורידישער באַנעם איז אַן ענין פון גלויבן, וועלכער ווערט נישט פאַראורזאַכט דורך קיין שום מין פיזישע נויט־וועגדיקייטן. אויב דער מענטש איז אַ מאַכמעדאַנער, אַ ייד, אַ קריסט אָדער אַ חסיד פונעם שטן, האָט עס נישט דעם מינדסטן שייכות מיט זיין פיזישער עקזיסטענץ. דער מענטש קאָן לעבן אונטער יעדן מין עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן, ער קאָן זיך צופּאַסן צו יעדער פאָרעם פון פּאָליטישן לעבן, און די געזעצן, צו וועלכע זיין פיזי־שער קיום איז אונטערגעוואָרפן, זאָלן דורך דעם נישט ליידן. אַ פּלוצלינגדיקער אָפּשטעל פונעם געזעץ פון דער שווערקראַפט איז אוממאויסרעכנבאַר אין זיינע פאָלגן; אַ פּלוצלינגדיקער אָפּשטעל פון אונדזערע קערפּערלעכע פונקציעס באַטייט דאָס־זעלביקע ווי דער טויט. אָבער די פיזישע עקזיסטענץ פונעם מענטשן וואָלט נישט געוועזן געליטן דעם מינדסטן שאָדן, ווען ער וואָלט קיינמאָל גאָרנישט געוווּסט געוואָר געוואָרן וועגן כאַמוראַבּיס געזעצגעבונג, וועגן דער פּיטאַגאָרישער דאָקטרין אָדער וועגן דער מאַטעריאַליסטישער אויפפאַסונג פון דער געשיכטע.

דערמיט ווערט נישט אַרויסגעטראָגן קיין אָפּשאַצונגס־אורטייל, נייערט עס ווערט בלויז פעסטגעשטעלט אַ פאַקט. יעדער רעזולטאַט פון אַ מענטשלעכער פאַר־אויסיקער באַשטימונג פון אַ צוועק האָט פאַר דער געזעלשאַפטלעכער עקזיסטענץ פונעם מענטשן אַן אומבאַשטרייטבאַרע וויכטיקייט, אָבער מ׳וואָלט שוין סוף־כל־סוף געמעגט אויפהערן צו באַטראַכטן געזעלשאַפטלעכע געשעענישן ווי געזעצמעסיקע אויסדרוקן פון אַ נאַטורנויטוועדיקער פּאַסירונג, מחמת אַזאַ מין אויסטייטש מוז

דערפירן צו די ערגסטע סאָפּיזמען און זיין אַ גורם דערפון, אַז אונדזער פאַרשטענ־דעניש פאַר די געשיכטלעכע פאַקטן זאָל אַזוי צעדרייט ווערן, אַז מיר זאָלן לגמרי פאַרלירן דעם חוש פאַר דער פאַרשטענדעניש פון די געשיכטלעכע פאַסירונגען.

ס׳איז בלי ספק די אויפגאַבע פונעם היסטאָריקער נאָכצוזוכן דעם אינערלעכן צוזאַמענהאַנג פון די געשיכטלעכע געשעענישן און אויפצוקלערן זייערע סיבות און ווירקונגען; ער טאָר אָבער דערביי קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז דידאָזיקע צוזאַ־מענהאַנגען זענען פון אַ גאַנץ אַנדערן מין ווי די צוזאַמענהאַנגען פון די פיזישע נאַטור־פּראָצעסן און זיי מוזן דעריבער גאַנץ אַנדערש אָפּגעשאַצט ווערן. אַן אַסטראָנאָם איז אימשטאַנד פּאַרויסצוזאָגן אַ ליקוי־חמה אָדער דאָס באַווייזן זיך פון אַ קאָמעט מיט דער גענויאיקייט פון אַ רגע. איז דאָך די עקזיסטענץ פונעם פּלאַנעט נעפּטון אויסגערעכנט געוואָרן אויף אָט־דעם אופן, נאָך איידער אַ מענטשלעך אויג האָט אים געהאַט געזען. אָבער אַזאַ מין פאָרויסזען איז מעגלעך נאָר דעמאָלט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן פאַסירונגען פון פיזישן כאַראַקטער. פאַר דער אויסרעכענונג פון מענטשלעכע מאָטיוון און פאָרויסיקער צוועקמעסיקייט איז נישט פאַראַן קיין גענויע מאָס צו מעסטן, מחמת ביי אַזעלכע זאַכן איז לחלוטין נישט שייך קיין שום קאַל־קולאַציעס. ס׳איז אוממעגלעך אויסצורעכענען און פאָרויסצוזאָגן דעם גורל פון פעלקער, ראַסן, נאַציעס אָדער אַנדערע געזעלשאַפטלעכע גרופּירונגען; ס׳איז אונדז אַפילו נישט מעגלעך צו געפינען אַ פולשטענדיקע דערקלערונג פאַר אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין עבר. די געשיכטע איז דאָך אייגנטלעך נישט עפּעס אַנדערש ווי דאָס גרויסע געביט פון מענטשלעכע פאָרויסיקע כוונות; דעריבער איז יעדער באַנעם פון געשיכטע בלויז אַן ענין פון גלויבן, וועלכער קאָן זיך אין בעסטן פאַל סומך זיין אויף וואַרשיינלעכקייטן, אָבער האָט קיינמאָל נישט די אומדערשיטערלעכע זיכער־קייט אויף זיין זייט.

די באַהויפּטונג, אַז דער גורל פון געזעלשאַפטלעכע אנשטאַלטן לאָזט זיך דערקאָנען דורך די מכלומרשטע געזעצן פון אַ „סאָציאַלער פיזיק", האָט נישט קיין גרעסערן באַדייט ווי די פאַרזיכערונגען פון יענע קלוגע פרויען, וועלכע ווילן מאַכן גלייבן, אַז זיי קאָנען אַרויסלייענען דעם גורל פונעם מענטשן פון דער אָפּשטייעכץ פון קאַווע און פון די שטריכן פון דער האַנט. אַז מ׳וויל, קאָן מען אויך פאַר פעלקער און נאַציעס איינשטעלן אַ האָראָסקאָפּ, אָבער די נביאות פון דער פּאָליטישער און סאָציאַלער אַסטראָלאָגיע האָבן נישט קיין גרעסערן ווערט ווי די פאָרויסזאָגונגען פון יענע, וועלכע פּרעטענדירן צו דערקענען דעם גורל פונעם מענטשן פון דער קאָנסטעלאַציע פון די שטערן.

אַז אַן אויפפאַסונג פון דער געשיכטע קאָן אויך אנטהאלטן אידעען, וועלכע זאָלן האָבן אַ באַדייט פאַר דער דערקלערונג פון היסטאָרישע געשעענישן, איז אומ־באַשטרייטבאַר; מיר טרעטן בלויז אַרויס קעגן דער באַהויפּטונג, אַז דער גאַנג פון דער געשיכטע איז אונטערגעוואָרפן צו דיזעלביקע אָדער ענלעכע געזעצן ווי אַלע פיזישע אָדער מעכאַנישע געשעענישן אין דער נאַטור. דידאָזיקע פאַלשע, דורך

גאָרנישט באַגרינדעטע באַהויפּטונג, פאַרבאַהאַלט אָבער נאָך אַ סכנה אין זיך: ווי־באַלד מ׳האָט זיך צוגעוויינט אַריינצוּוואַרפן אין איין טאָפּ די סיבות פון די נאַטירלעכע געשעענישן און די סיבות פון די געזעלשאַפטלעכע ענדערונגען, איז מען שוין נאָכדעם שטאַרק גענייגט צו זוכן אַן עיקרדיקע סיבה, אין וועלכער עס זאָל זיך אויף אַ געוויסן אופן פאַרקערפּערן דאָס געזעץ פון דער געזעלשאַפטלעכער גראַוויטאַציע, וועלכעס איז דער יסוד פון יעדן היסטאָרישן פּראָצעס. און איז מען שוין דערגאַנגען דערצו, איז שוין פיל גרינגער צו פאַרזען אַלע אַנדערע סיבות פון דער געזעלשאַפטלעכער געשטאַלטונג און די קעגנזייטיקע ווירקונגען, וועלכע דרינגען פון איר אַרויס.

יעדער באַנעם פונעם מענטשן, וועלכער באַציט זיך אויף דער פאַרבעסערונג פון זיינע געזעלשאַפטלעכע לעבנס־באַדינגונגען, איז קודם־כל אַ תשוקה, אַ וואונטש, וועלכער האָט בלויז וואַרשיינלעכקייטס־מאָטיוון צו זיין גונסט. וואו עס האַנדלט זיך אָבער וועגן אַזעלכע, דאָרט האָט די וויסנשאַפט אירע גרענעצן, מחמת יעדע וואַרשיינלעכקייט איז זיך סומך אויף השערות, וועלכע לאָזן זיך נישט באַרעכענען, נישט וועגן און נישט מעסטן. אוודאי קאָן מען זיך באַנוצן אויך מיט די דערקענטענישן פון דער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג פאַר דער באַגרינדונג פון אַ וועלטאַנשויאונג, אַזעלכער צ.ב. ווי דער סאָציאַליזם, אָבער די וועלטאַנשויאונג גופא ווערט נאָך צוליב דעם נישט קיין וויסנשאַפט, מחמת די פאַרווירקלעכונג פון אירע צילן איז נישט אונטערגעוואָרפן צו קיין שום געזעצמעסיק־באַשטעטיקבאַרע פּראָצעסן, ווי אַלע געשעענישן אין דער פיזישער נאַטור. ס׳איז נישט פאַראַן קיין שום געזעץ אין דער געשיכטע, וועלכעס זאָל אָנווייזן דעם וועג פון וועלכער־נישט־איז געזעלשאַפטלעכער אַקטואַציע פונעם מענטשן. וואו ס׳איז ביז איצט געמאַכט געוואָרן אַ פּרואוו צו באַווייזן די וואָרהאַפטיקייט פון דער עקזיסטענץ פון אַזאַ געזעץ, האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן די אומהאַפטיקייט פון אַזעלכע אָנשטרענגונגען.

דער מענטש איז אונטערגעוואָרפן אומקאָנדיציאָנעל נאָר צו די געזעצן פון זיין פיזישן לעבן. ער קאָן נישט ענדערן זיין פיזישן געבוי; נישט באַזייטיקן די פונדאַמענטאַלע באַדינגונגען פון זיין פיזישער עקזיסטענץ אָדער זיי איבערמאַכן לויט זיין באַגער. ער קאָן נישט שטערן זיין באַווייזן זיך אויף דער ערד, פונקט ווי ער קאָן נישטמ שטערן דעם סוף פון זיין ערדיש עולה־רגל זיין. ער קאָן נישט אַראָפּשטויסן פון זיין ליניע דעם גאַנג פונעם פּלאַנעט, אויף וועלכן עס וויקלט זיך אויס דער קרייז פון זיין לעבן, און ער מוז נעמען אויף זיך אַלע פאָלגן פון דערדאָזיקער באַוועגונג פון דער ערד אינעם אוניווערז, נישט קאָנענדיק ענדערן אין דעם אַפילו די מינדסטע קלייניקייט. בלויז די געשטאַלטונג פון זיין געזעלשאַפטלעך לעבן איז נישט אונטערגעוואָרפן דעמדאָזיקן מוז פונעם פּראָצעס, מחמת זי איז נאָר דער פּועל־יוצא פון זיין ווילן און פון זיינע מעשים. ער קאָן אויפנעמען די סאָציאַלע באַדינגונגען, אין וועלכע ער לעבט, ווי דעם געבאָט פון אַ געטלעכן ווילן, אָדער זיי באַטראַכטן ווי רעזולטאַטן פון אומפאַרענדערלעכע געזעצן, וועלכע פאַלן נישט

ארונטער אונטער זיין ווילן. אין דעם פאַל וועט דער גלויבן פאַראַליזירן זיין ווילן און אים דערפירן דערצו, אָנצונעמען באהבה די הערשנדיקע פאַרהעלטענישן. אָבער ער קאָן זיך אויך איבערצייגן, אַז דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט בלויז אַ קאָנדיציאָנעלן ווערט און עס קאָן דורך דעם מענטשנס האַנט און דעם מענטשנס גייסט געענדערט ווערן. אין דעם פאַל וועט ער פרואוון ענדערן די געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען, אין וועלכע ער לעבט, און דורך זיינע מעשים עפענען אַ וועג פאַר אַ נייער פאָרמירונג פון געזעלשאַפטלעכן לעבן.

מעג דער מענטש ווי טיף באַנעמען די געזעצן פונעם אוניווערז, אָבער ענדערן זיי וועט ער קיינמאָל נישט זיין אימשטאַנד, מחמת זיי זענען נישט זיין ווערק. אָבער יעדע פאָרעם פון זיין געזעלשאַפטלעכן קיום, יעדע סאָציאַלע איינריכטונג, וועלכע די פאַרגאַנגענהייט האָט אים איבערגעלאָזט ווי אַ ירושה פון די קדמונישע אבות, איז אַ ווערק פונעם מענטשן און קאָן דורך מענטשלעכן ווילן און טוען געביטן ווערן אָדער געשטעלט ווערן אין דינסט פון נייע צוועקן. נאָר אַזאַ דערקענטעניש איז באמת רעוואָלוציאָנער און באַהויכט מיטן גייסט פון די קומענדיקע צייטן. ווער עס גלייבט אין דער בעל־כרחודיקייט פון אַלע היסטאָרישע געשעענישן, דער איז מקריב די צוקונפט צו דער פאַרגאַנגענהייט; ער טייטשט־אויס די דערשיינונגען פונעם סאָציאַלן לעבן, אָבער ער ענדערט זיי נישט. אין אָט־דעם פרט איז יעדער פאַטאַליזם דערזעלביקער, אַלצאיינס צי ער האָט אַ רעליגיעזן, פּאָליטישן אָדער עקאָנאָמישן כאַראַקטער. ווער עס פלאָנטערט זיך אַריין אין זיינע נעצן, דעם רויבט ער אַוועק דעם טייערסטן אוצר פונעם לעבן — דעם דראַנג צו האַנדלען לויט אייגענע באַדערפענישן. באזונדערס געפערלעך איז עס, ווען דער פאַטאַליזם באַווייזט זיך אין געוואַנט פון דער וויסנשאַפט, וועלכע פאַרבייט היינטצוטאָג אַזוי אָפט די טראַדיציאָנעלע זשופּיצע פון די טעאָלאָגן. דעריבער חזרן מיר איבער: די אורזאַכן, וועלכע ליגן אין יסוד פון די פּראָצעסן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, האָבן נישט קיין שום שייכות מיט די געזעצן פון פיזישע און מעכאַנישע נאַטור־פּראָצעסן, מחמת זיי זענען נישט עפּעס אַנדערש ווי דער רעזולטאַט פון מענטשלעכע פּאָרויסיקע כוונות, וועלכע לאָזן זיך ריין־וויסנשאַפטלעך נישט דערקלערן. זיך נישט וויסנדיק מאַכן וועגן אָט־דער טאַטזאַך איז אַ פאַטאַלע זעלבסטאָפּנאַרעריי, פון וועלכער עס קאָן נישט ארויסקומען עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַ צעדרייטער און פאַלשער באַגעם פון דער ווירקלעכקייט.

דאָס איז גילטיק פאַר אַלע געשיכטס־אויפפאַסונגען, וועלכע שטייען אויפן שטאַנדפּונקט פון אַ געצוואונגענער אנטוויקלונג פון אַלע געזעלשאַפטלעכע פאַסירונגען; באַזונדערס איז דאָס חל אויפן היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, וועלכער פירט צוריק יעדע געשעעניש אין דער געשיכטע צו די וועכנטועלע פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן און וויל באַהויפּטן מיט זייער הילף צו קאָנען אַלץ דערקלערן. קיין שום דענקנדיקער מענטש וועט היינט נישט לייקענען, אַז סאיז אוממעגלעך צו אורטיילן וועגן אַ געשיכטלעכן פּעריאָד, אויב מ׳נעמט נישט אין באַטראַכט זיינע עקאָנאָמישע

באַדינגונגען. ס'איז אָבער לגמרי איינזייטיק, ווען מ'וויל די גאַנצע געשיכטע לאָזן גילטן בלויז ווי אַ רעזולטאַט פון עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן, אונטער וועמעס איינפלוס אַלע אַנדערע סאָציאַלע לעבנסדערשיינונגען באַקומען ערשט זייער פאָרעם און כאַראַקטער.

ס'זענען פאַראַן טויזנטער דערשיינונגען אין דער געשיכטע, וועלכע לאָזן זיך נישט דערקלערן מיט ריין־עקאָנאָמישע סיבות אָדער מיט דידאַזיקע סיבות אַליין. אַז מ'וויל, קאָן מען אַלעס אַריינבעמען אין איין באַשטימטער סכעמע, אָבער דאָס, וואָס ס'קומט פון דעם אַרויס, איז, בדרך־כלל, נישט קיין גרויסע זאַך. ס'וועט זיין שווער צו געפינען אַ געשיכטלעכע דעראייגעניש, ביי וועמעס פאַסירונג עס זאָלן נישט האָבן מיטגעווירקט אויך עקאָנאָמישע סיבות; אָבער די עקאָנאָמישע כוחות זענען פונדעסטוועגן קיינמאָל נישט די איינציקע טרייב־כוחות, וועלכע לאָזן אַלעס אַנדערע אין באַוועגונג. אַלע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען אנטשטייען דורך אַן אַ שיער פאַרשידענע סיבות, וועלכע זענען אין די רוב פאַלן אַזוי ענג פאַרוואַקסן צווישן זיך, אַז ס'איז לחלוטין נישט מעגלעך יעדע באַזונדער ווי געהעריק אַרויסצו־שיילן. עס האַנדלט זיך תמיד וועגן קעגנזייטיקע ווירקונגען פון פאַרשידענע סיבות, וועלכע לאָזן זיך אַפילו דייטלעך דערקענען, אָבער נישט אויסרעכענען לויט וויסנ־שאַפטלעכע מעטאָדן.

ס'זענען פאַראַן פאַסירונגען אין דער געשיכטע, וועלכע זענען פאַר מיליאָנען מענטשן פון דער וויט־גרעסטער באַדייטונג, וועלכע לאָזן זיך אָבער ריין עקאָנאָמיש באַטראַכט נישט דערקלערן. ווער וואָלט צום ביישפּיל געוואָלט באַהויפּטן, אַז אַלעקסאַנדער מוקדונס דעראָבערונגסצוגן זענען פאַראורזאַכט געוואָרן דורך די פּראָ־דוקציע־פאַרהעלטענישן פון דער צייט? דער פאַקט גופא, אַז דאָס אומגעהייערע מלכות, וועלכעס אַלעקסאַנדער האָט געהאַט אויסגעשמידט מיטן בלוט פון הונדער־טער טויזנטער, איז ווידער צוזאַמענגעבראָכן באַלד נאָך זיין טויט, באַווייזט, אַז די מיליטערישע און פּאָליטישע דעראָבערונגען פונעם מאַצעדאָנישן וועלט־באַצווינגער זענען נישט געווען „היסטאָריש באַדינגט" פון ווירטשאַפטלעכע נויטווענדיקייטן. און פונקט אַזוי האָבן זיי לחלוטין נישט סטימולירט און אַנגערעגט די פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן פון דער צייט. אין אַלעקסאַנדערס זינלאָזע קריגסצוגן האָט די מאַכטגייציקייט געשפּילט אַ פיל גרעסערע ראָל ווי די עקאָנאָמישע באַדינגונגען. דער דראַנג צו באַהערשן די וועלט האָט ביים ערגייציקן דעספּאָט געהאַט אָנגענומען באמת קרענקלעכע פאָרמען. זיין ווילד־צאָרנדיקע מאַכט־משוגעת איז געווען די באַוועגנדיקע קראַפט פון דער גאַנצער פּאָליטיק זיינער, דער לייטמאָטיוו פון אַלע זיינע קריגערישע אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן אַ גרויסע טייל פון דער דעמאָלט־באַקאַנטער וועלט אָנגעפולט מיט מאָרד און בראַנד. זיין מאַכט־משוגעת איז טאַקע אויך געווען דער מאָטיוו דערפון, וואָס האָט פאַר אים אַרויסגעשטעלט אַזוי שטאַרק ווינטשנסווערט דעם צעזאַר־פּאַפּיזם פון די אָריענטאַלישע דעספּאָטן און אים אַריינ־געגעבן דעם גלויבן וועגן זיין גאָט־ענלעכקייט.

דער ווילן צו מאַכט, וועלכער קומט אַרויס תמיד פון יחידים אָדער פון קליינע מינדערהייטן אין דער געזעלשאַפט, איז בכלל איינער פון די וויכטיקסטע טרייב־כוחות אין דער געשיכטע, וועלכער איז ביז איצט צו ווייניק אָפּגעשאַצט געוואָרן לויט זיין פאַרנעמיקייט, כאָטש ער האָט אָפט געהאַט אַן אַנטשיידנדיקן איינפלוס אויף דער געשטאַלטונג פון גאַנצן עקאָנאָמישן און סאָציאַלן לעבן.

די געשיכטע פון די קרייצצוגן איז אָן ספק באַאיינפלוסט געוואָרן פון שטאַרקע ווירטשאַפטלעכע מאָטיוון. דער חלום וועגן די רייכע מזרח־לענדער איז פאַר געוויסע אַוואַנטוריסטן מסתמא געווען אַ שטאַרקערער אָנרעג זיך צו נעמען צום קרייץ ווי די רעליגיעזע איבערצייגונג. אָבער ווירטשאַפטלעכע מאָטיוון אַליין וואָלטן קיינמאָל נישט געווען אימשטאַנד צו שטעלן אין באַוועגונג מיליאָנען מענטשן פון אַלע לענדער במשך פון אַ סך יאָרהונדערטער, ווען זיי וואָלטן נישט געווען דורכגע־דרונגען געוואָרן פון יענעם קאָשמאַר פון גלויבן, וועלכע האָט זיי שטענדיק מיט־געריסן, ווען ס'האָט זיך צעקלונגען דער „גאָט וויל עס", כאָטש זיי האָבן נישט געהאַט די מינדסטע אָנונג, מיט וואָס פאַראַ געוואַלדיקע שוועריקייטן אַזאַ אַוואַנ־טוריסטישע אונטערנעמונג איז פאַרבונדן. ווי שטאַרק דערדאָזיקער אומגעצוימטער גלויבן האָט געווירקט אויף די מענטשן פון יענער צייט, באַווייזט דער קינדער־קרייצצוג (1212), וועלכער איז אונטערגענומען געוואָרן, ווען ס'האָבן זיך אַלץ בולטער אַרויסגעוויזן די מפּלות פון די פריערדיקע חיילות פון די קרייצטרעגער, און פרומע קנאים האָבן געלאָזט פאַרשפּרייטן די ידיעה, אַז דאָס הייליקע קבר קאָן באַפרייט ווערן נאָר פון די מינדעריעריקע, פאַר וועמען דער באַשעפער פון דער וועלט וויל באַווייזן אַ נס. עס זענען זיכער נישט געווען קיין עקאָנאָמישע מאָטיוון, וועלכע האָבן באַוואויגן טויזנטער עלטערן אַוועקצושיקן זייערע טייערסטע און ליב־סטע, די קינדער, צו אַ זיכערן טויט.

אָבער אויך דאָס פּויפּסטום, וועלכעס האָט זיך לכתחילה אָן שטאַרקן חשק אַנטשלאָסן אַרויסצורופן די קריסטלעכע וועלט צום ערשטן קרייצצוג, איז באַוואויגן געוואָרן דערצו גיכער פון מאַכטפּאָליטישע מאָטיוון איידער פון עקאָנאָמישע. אינעם קאַמף פון דער קירך פאַר דער איבערהערשאַפט איז די פאַרטרעטער פונעם פּויפּסטום זייער גוט צונוצגעקומען, אַז געוויסע וועלטלעכע הערשער, וועלכע האָבן זיי אינ־דערהיים געקאָנט ווערן אומבאַקוועם, זאָלן פאַר אַ משך פון אַ לאַנגער צייט זיין פאַרנומען אין ווייטן מזרח, וואו זיי האָבן נישט געקאָנט שטערן דער קירך אין דער דורכפירונג פון אירע פּלענער. ס'איז אמת, אַז אייניקע, ווי צ.ב. די ווענעציאַנער, האָבן באַלד אויסגעפונען וואָס פאַראַ גרויסע עקאָנאָמישע נוצן די קרייצצוגן קאָנען זיי ברענגען; זיי האָבן זיי אַפילו באַנוצט אויסצוברייטערן זייער הערשאַפט אויפן דאַלמאַטישן ים־ברעג, אויף די יאָנישע אינדזלען און אויף קרעטאַ, אָבער ס'וואָלט געווען אַ פּשוטע טפּשות צו וועלן פון דעם אַרויסדרינגען, אַז די קרייצצוגן זענען געווען אומפאַרמיידלעך און זענען פאַראורזאַכט געוואָרן פון דעם דעמאָלטדיקן פּראָ־דוקציע־אופן.

ווען די קירך האָט זיך פאַרנומען אָנצוהייבן איר פאַרטיליקונגס־קאַמף קעגן די אַלביגענזער, וועלכער האָט געקאָסט דאָס לעבן פון טויזנטער מענטשן און פאַר־וואַנדלט דאָס פרייסטע, גייסטיג־פאַרגעשריטנסטע לאַנד פון אייראָפּע אין אַ מדבר, צעשטערט זיין הויכאַנטוויקלטע קולטור און אינדוסטריע, פאַראַליזירט זיין האַנדל און איבערגעלאָזט אַ געצענטלטע בלוט־אָרעמע באַפעלקערונג, איז זי אין איר קאַמף קעגן דער כּפירה נישט באַוואויגן געוואָרן פון קיין שום עקאָנאָמישע מאָטיוון. וואָס זי איז אויסן געווען, איז געווען די איינהייט פונעם גלויבן, וועלכע איז געווען דער יסוד פון אירע מאַכטפּאָליטישע שטרעבונגען. אָבער אויך דאָס פראַנצויזישע קעניגטום, וועלכעס האָט שפּעטער אונטערגעשטיצט די קירך אין דאָזיקן קאַמף, איז דערצו אָנגערעגט געוואָרן בעיקר פון פּאָליטישע אויסרעכענונגען. די קרוין איז אַריין אין דאָזיקן בלוטיקן שטרייט צוליב דער ירושה פון גראַף פאַן לאַנגעבאַק און אַדאַנק דעם איז אַרייגעפאַלן אין אירע הענט דער גאַנצער דרומדיקער טייל פון לאַנד און דאָס האָט במילא געמוזט אויספאַלן לטובת אירע צענטראַליסטישע כּוונות. עס זענען, בכן, געווען הויפּטזעכלעך מאַכטפּאָליטישע מאָטיוון מצד דער קירך און דעם קעניגטום, דורך וועלכע ס'איז געוואַלטזאַם צעשטערט געוואָרן די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון איינעם פון אייראָפּעס רייכסטע לענדער, און די אַלטע היים פון אַ גלענצנדער קולטור איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וויסטער חורבה.

די גרויסע דעראָבערונגסצוגן און באַזונדערס די אינוואַזיע פון די אַראַבער אין שפּאַניע, וועלכע האָט פאַראורזאַכט אַ זיבנהונדערטיעריקן קריג, לאָזן זיך נישט דערקלערן דורך קיין שום שטודיום פון די דעמאָלטדיקע פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן, ווי גרינטלעך דערדאָזיקער שטודיום זאָל נישט זיין. ס'וואָלט אָבער אויך געווען נוצלאָז צו וועלן באַווייזן, אַז די אַנטוויקלונג פון די עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן איז געווען דער טרייב־כּוח פון יענער געוואַלדיקער עפּאָכע. אדרבא, דער היפוך דערפון ווייזט זיך דאָ בולט אַרויס. נאָך דער דעראָבערונג פון גראַנאַדאַ, די לעצטע פעסטונג פון דער זיך אויסלעשנדיקער האַלבער לבנה, איז אויפגעקומען אין שפּאַניע אַ נייע פּאָליטיש־רעליגיעזע מאַכט, אונטער וועמעס צעשטערנדיקער השפעה די גאַנצע עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פונעם לאַנד איז צוריקגעשטויסן געוואָרן אויף הונדערטער יאָרן און איז אַזוי גרינטלעך איבערגעהאַקט געוואָרן, אַז נאָך היינט קאָן מען באַמערקן די פאָלגן דערפון אויף דער גאַנצער איבערישער האַלבאינדזל. אַפילו די אומגעהייערע שטראָמען גאָלד, וועלכע זענען געפלאָסן קיין שפּאַניע במשך פון אַ סך יאָרן נאָך דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע, פון מעקסיקע און דער געוועזענער אינקאַישער אימפּעריע, האָבן נישט געקאָנט אָפּהאַלטן דעם עקאָנאָמישן חורבן, זיי האָבן אים נאָך אונטערגעיאָגט.

דורך דער חתונה פון פערדינאַנד פון קאַסטיליע מיט איסאַבעל פון אַראַגאָן איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר דער קריסטלעכער מאָנאַרכיע אין שפּאַניע, וועמעס רעכטע האַנט ס'איז געווען דער גרויסאינקוויזיטאָר. דער ענדלאָזער קריג

קעגן דער מאָרישער הערשאַפט, וועלכער איז געפירט געוואָרן אונטער דער פאָן פון דער קירך, האָט גרינטלעך געביטן דעם מאָראַלישן און גייסטיקן מהות פון די קריסט־לעכע פעלקער אין שפּאַניע און אַרויסגעברענגט יענעם אכזריותדיקן רעליגיעזן פאַ־נאַטיזם, וועלכער האָט איינגעהילט שפּאַניע אין פינצטערניש במשך פון דורות. נאָך אַדאַנק דידאָזיקע אומשטענדן האָט זיך געקאָנט אַנטוויקלען יענער פּחדימדיקער קלעריקאַל־פּאָליטישער דעספּאָטיזם, וועלכער האָט געהויערט במשך פון דריי יאָר־הונדערטער ווי אַ מאַוימדיקער באַרג אויפן לאַנד, נאָכדעם ווי ער האָט דערטרונקען אין בלוט די לעצטע פרייהייטן פון די שפּאַנישע שטעט. אונטער דער טיראַנישער השפּעה פון דערדאָזיקער אויסטערלישער מאַכט־אָרגאַניזאַציע זענען דערפירט גע־וואָרן צום קבר די לעצטע רעשטן פון דער אַראַבישער קולטור, נאָכדעם ווי מ׳האָט פריער פאַרטריבן פון לאַנד די יידן און אַראַבער. גאַנצע פּראָווינצן, וועלכע האָבן פריער אויסגעזען ווי בליענדיקע גערטנער, האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אומפּרוכפּע־ריקע וויסטענישן, ווייל מ׳האָט געלאָזט פאַרוויסט ווערן די באַוואַסערונגס־איינריכ־טונגען און די שאָסייען, וועלכע זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן פון די מאָרן. אָבער די אינדוסטריע, וועלכע איז אַמאָל געווען פאַררעכנט צו די ערשטע אין אייראָפּע, איז אין לאַנד כמעט פולשטענדיק פאַרשוואונדן און זיך אומגעקערט צו שוין פון לאַנג פאַרעלטערטע מעטאָדן פון דער פּראָדוקציע.

לויט פערנאַנדאָ גאַררידאָס דאַטן איז אין אָנפאַנג פון זעכצנטן יאָרהונדערט געווען אין סעוויליע 16.000 שטולן פאַר זיידוועבעריי, וועלכע האָבן באַשעפטיקט 130.000 אַרבעטער. ביים סוף פון 17־טן יאָרהונדערט איז פון דעם אַלעם געבליבן נישט מער ווי 300 אַרבעטנדיקע וועבשטולן.

„וויפל וועבשטולן ס׳איז געווען אין טאָלעדאָ ביים סוף פון זעכצנטן יאָר־הונדערט איז נישט באַקאַנט, אָבער ס׳איז דאָרט אויסגעוועבט געוואָרן 435.000 פונט זייד במשך פון אַ יאָר, ביי וואָס ס׳זיינען באַשעפטיקט געוואָרן 38.484 פּערזאָנען. ביים סוף פון 17־טן יאָרהונדערט איז דאָרט דידאָזיקע אינדוסטריע געווען פולשטענדיק פאַרשווינדן. ביים סוף פון 16־טן יאָרהונ־דערט איז אין סעגאָוויאַ געווען 6.000 וועבשטולן פאַר טוך, וועלכער האָט דעמאָלט געהאַט אַ שם ווי דער בעסטער פון אייראָפּע. ביים אָנהויב פון 18־טן יאָרהונדערט איז דידאָזיקע אינדוסטריע געפאַלן אויף אַזוי ווייט, אַז מ׳האָט געדאַרפט ברענגען פון אויסלאַנד פרעמדע אַרבעטער, כדי צו לערנען די סע־גאָוויער דאָס וועבן און פאַרבן פונעם געוואַנט. די סיבות פון דאָזיקן צוריק־פאַל זענען געווען די פאַרטרייבונג פון די מאָרן, די אַנטדעקונג און קאָלאָ־ניזירונג פון אַמעריקע און דער רעליגיעזער פאַנאַטיזם, וועלכער האָט אויסגע־ליידיקט די ווערקשטאַטן און אָנגעשוואָלן די צאָל גלחים און מאָנאַכן. ווען אין סעוויליאַ איז שוין נישט געווען מער ווי 300 וועבשטולן, איז דאָרט די צאָל מאָנאַסטירן דערגאַנגען צו 62 און די צאָל מאָנאַכן איז געווען 14.000*).

---

*) Fernando Garrido, La España contemporánea, Tomo I, Barcelona, 1868.
אַ סך מאַטעריאַל אַנטהאַלטן אויך גאַררידאָס אַנדערע שריפטן, באַזונדערס די ווערק: "Historia de las clases trabajadoras".

און סאַנקאַדאַ גיט־איבער וועגן יענעם פעריאָד:

„אין יאָר 1655 זענען פאַרשוואונדן זיבעצן צעכן אין שפּאַניע; צוזאַמען מיט זיי איז אויך פאַרשוואונדן די מאַנופאַקטור פון דער אייזן־, שטאָל־, קופּער־, צין־, בליי־, שוועבל־, אַלון־אינדוסטריע א. אנד.*).

אָבער אויך די דעראָבערונג פון אַמעריקע דורך די שפּאַניער, וועלכע האָט אנטפּעלקערט די איבערישע האַלב־אינדזל און מיליאָנען מענטשן אריבערגעוואָרפן אין דער נייער וועלט, לאָזט זיך נישט דערקלערן אויסשליסלעך דורכן „דורשט נאָך גאָלד", ווי לעבעדיק די גיריקייט ביים יחיד זאָל נישט געווען זיין. לייענט מען די געשיכטע פון דער באַרימטער „קאָנקיסטאַ", אנערקענט מען צוזאַמען מיט פּרעס־קאָטן, אַז איידער אַ געטרייע דערציילונג פון אמתע געשעענישן דערמאָנט זי גיכער אין די אָן אַ שיעור ראָמאַנען פון די ארומוואַנדערנדיקע ריטער, וועלכע זענען טאַקע אין שפּאַניע געווען אַזוי באַליבט און געשאַצט.

בלויז עקאָנאָמישע סיבות זענען נישט געווען די מאָטיוון, וועלכע האָבן כסדר פונדאַסניי פאַרלאָקט פרישע מחנות געוואַגטע אינדיווידן צום פאָבלהאַפטן דאָראַדאָ אויף יענער זייט פון דעם וואַסער־מדבר. אויב אַזעלכע גרויסע מלוכות ווי מעקסיקע און דער אינקאַ־שטאַט, וועלכע האָבן געהאַט אַ מיליאָנענדיקע באַפעלקערונג און נאָך דערצו אַ גאַנץ הויך אַנטוויקלטע קולטור, האָבן געקאָנט באַצווינגען ווערן פון אַ גרופּקעלע געוואַגטע אַוואַנטוריסטן, וועלכע האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר קיין שום מיטל און פאַר קיין שום סכנה און אַפילו דאָס אייגענע לעבן זייערס נישט צו הויך אָפּגעשאַצט, לאָזט זיך דאָס דערקלערן נאָר באופן, ווען מ'באַטראַכט גענויער און גרינטלעכער דעם מענטשן־מאַטעריאַל, וועלכער האָט זיך אויסגעצייטיקט ביסלעכ־ווייז אין אַ זיבנהונדערטיעריקן קריג און איז פאַרהאַרטעוועט געוואָרן אין כסדרדיקע און באַשטענדיקע געפאַרן. נאָר אַן עפּאָכע, אין וועלכער דער שלום האָט זיך געמוזט אויסווייזן פאַרן מענטשן ווי אַ מעשהלע פון לאַנגפאַרשוואונדענע צייטן און אין וועלכער דער, במשך פון לאַנגע יאָרהונדערטער מיט אַלע גרויזאַמקייטן געפירטער, קאַמף איז געווען דער נאָרמאַלער לעבנסצושטאַנד, האָט געקאָנט אנטוויקלען יענעם ווילדן רעליגיעזן פאַנאַטיזם, וועלכער איז פאַרן שפּאַניער פון יענער צייט אַזוי כאַראַקטעריסטיש. פון דאַנען דערקלערט זיך אָבער אויך יענער מאָדנער דראַנג, וועלכער האָט כסדר געלעכצט נאָך טאָטן און איז אין יעדן אויגנבליק געווען גרייט איינצושטעלן זיין לעבן פאַר אַן איבערגעטריבענעם ערנבאַגריף, וועלכן ס'האָט אָפּט־מאָל געפּעלט יעדער ערנסטער יסוד. ס'איז נישט קיין צופאַל, וואָס די געשטאַלט פון דאָן קיכאָט איז אויפגעקומען דווקא אין שפּאַניע. ס'קאָן געמאָלט זיין, אַז די אויפפאַסונג, וועלכע האלט פאַר מעגלעך צו קאָנען פאַרבייטן יעדן מין סאָציאָלאָגיע דורך די אנטדעקונגען פון דער פּסיכאָלאָגיע, גייט צו ווייט; ס'איז אָבער אָן יעדן

*) Práxcedes Zancada, El Obrero en España; Notas para su historia política y social. Barcelona 1902.

צווייפל, אַז דער פּסיכישער צושטאַנד פון די מענטשן האָט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דער אויספאָרמירונג פון זייער סאָציאַלער סביבה.

מ׳וואָלט געקאָנט ברענגען נאָך אַנדערע ביישפּילן, פון וועלכע ס׳איז ארויס־צוזען בולט, אַז די עקאָנאָמיע איז בשום אופן נישט דער גראַוויטאַציע־פּונקט פון דער גאַנצער געזעלשאַפטלעכער אנטוויקלונג, כאָטש מ׳טאָר אויך נישט אָפּלייקענען, אַז זי שפּילט אין די פאָרמירונגס־פּראָצעסן פון דער געשיכטע אַזאַ ראָל, וועלכע מ׳טאָר נישט פאַרזען, אָבער אויך נישט גוזמאַדיק איבערשאַצן. ס׳זענען פאַראַן עפּאָכן, אין וועלכע דער באַדייט פון די ווירטשאַפטלעכע אומשטענדן אויפן גאַנג פון די געזעלשאַפטלעכע געשעענישן קומט אַרויס אויף אַן איבעראַשנדיק קלאָרן אופן, אָבער ס׳זענען אויך פאַראַן אַנדערע עפּאָכן, אין וועלכע רעליגיעזע און מאַכטפּאָלי־טישע שטרעבונגען רייסן זיך אַריין מיט אויגנשיינלעכער ווילקירלעכקייט אינעם נאָרמאַלן גאַנג פון דער עקאָנאָמיע און שטערן פאַרן משך פון אַ לאַנגער צייט איר נאַטירלעכע אנטוויקלונג אָדער שטויסן זי אויף אַנדערע וועגן. אַזעלכע געשיכטלעכע געשעענישן ווי די רעפאָרמאַציע, דער דרייסיקיעריקער קריג, די גרויסע רעוואָלוציע אין אייראָפּע און אַ סך אַנדערע קאָן מען מיט ריין ווירטשאַפטלעכע מאָטיוון להלוטין נישט באַנעמען, כאָטש יעדער וועט מוזן צוגעבן, אַז אין אָט־די אַלע געשעענישן האָבן פּראָצעסן פון עקאָנאָמישן כאַראַקטער געשפּילט אַ גרויסע ראָלע און צוגע־טראָגן אַ חלק צו זייער אויפקום.

נאָך מסוכנער איז עס אָבער, ווען מ׳וויל אין די פאַרשידענע סאָציאַלע שיכטן פון אַ באַשטימטער עפּאָכע זען דורכויס די טיפּישע פאַרטרעטער פון אַ גאַנץ דער־פינירטען עקאָנאָמישן סטאַנדאַרט. אַזאַ אויפפאַסונג פאַרשמעלערט נישט בלויז דעם אַלגעמיינעם קוקווינקל פונעם פאָרשער, נייערט זי מאַכט פון דער גאַנצער געשיכטע איבערהויפּט אַ קאַריקאַטור, וועלכע מוז כסדר פונדאַסניי דערפירן צו פאַלשע אויס־פירן. דער מענטש איז נישט אויסשליסלעך דער אויסדריקער פון אויסגעשפּראָכענע עקאָנאָמישע אינטערעסן. די בורזשואַזיע צ. ב. האָט זיך אין אַלע לענדער, וואו זי איז דערגאַנגען צו געזעלשאַפטלעכער באַדייטונג, זייער אָפט ארויסגעשטעלט פאַר אַזעלכע שטרעבונגען, וועלכע זענען להלוטין נישט אַרויסגערופן געוואָרן דורך אירע עקאָנאָמישע אינטערעסן, נאָר אַפילו צומאָלס געווען אין אָפענער סתירה צו זיי. איר קאַמף קעגן דער קירך, אירע באַמיאונגען פאַר דער איינשטעלונג פון אַ דויערנ־דיקן פרידן צווישן די פעלקער, אירע ליבעראַלע און דעמאָקראַטישע אויפפאַסונגען וועגן דעם מהות פון דער רעגירונג, וועלכע האָט אירע פאַרטרעטער דערפירט צום שאַרפסטן קאַמף קעגן די טראַדיציעס מכוח גאָטס גענאַד, און אַ סך אַנדערע דער־שיינונגען, פאַר וועלכע זי האָט זיך אַמאָל באַגייסטערט, זענען באַווייזן דערפאַר.

און זאָל מען נישט קומען מיט דער טענה, אַז די בורזשואַזיע האָט אונטער דעם וואַקסנדיקן איינפלוס פון אירע עקאָנאָמישע אינטערעסן גיך פאַרגעסן אָדער מיאוס פאַרראַטן די אידעאַלן פון איר יוגנט. ווען מ׳וועט פאַרגלייכן דעם שטורעם־און דראַנג־פּעריאָד פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אייראָפּע מיט דער

ניכטערנער רעאַלפּאָליטיק פון די היינטיקע אַרבעטערפּאַרטייען, דאַן וועט מען זיך באַלד איבערצייגן, אַז די מכלומרשטע פּאַרטרעטער פונעם פּראָלעטאַריאַט זענען בשום אופן נישט באַרעכטיקט פאַרצוואַרפן דער בורזשואַזיע אירע אינערלעכע ענדערונגען. קיין איינע פון די דאָזיקע פּאַרטייען האָט נאָכן ערשטן וועלטקריג, בעת דעם ערגסטן קריזיס, וועלכן די קאַפּיטאַליסטישע וועלט האָט ווען־עס־איז דורכגעמאַכט, אַפילו נישט געמאַכט דעם קלענסטן פּרואוו צו ווירקן אויף די באַשטייענדיקע עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן אין גייסט פון סאָציאַליזם. די עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן זענען פריער קיינמאָל נישט געווען אַזוי רייף פאַר אַן אומוואַנדלונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט איז געווען פון גרונט־אויס צעטרייסלט. דער קריזיס, וועלכער איז פריער געווען בלויז אַ פּעריאָדיש זיך איבערחזרנדיקע דערשיינונג אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, איז זינט יאָרן געוואָרן דער נאָרמאַלער צושטאַנד פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן: קריזיס פונעם האַנדל, קריזיס פונעם געלט־ווערט! אַלעס האָט זיך צוזאַמענגענומען, בכדי אַרויסצושטעלן די אומטויגבאַרקייט פונעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם. אָבער עס פעלט דער גייסט, די סאָציאַליסטישע אינספּיראַציע, וועלכע זאָלן שטרעבן צו דער גרינטלעכער איבעראַנדערשונג פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן און זיך נישט באַגנוגענען מיט לייגן קליינטשיקע לאַטעס, וועלכע פאַרלענגערן בלויז דעם קריזיס, אָבער זענען נישט מסוגל צו היילן זיינע סיבות. ס׳האָט זיך פריער קיינמאָל אַזוי קלאָר נישט אַרויסגעוויזן ווי איצט, אַז די עקאָנאָמישע באַדינגונגען אַליין זענען נישט בכוח צו ענדערן די געזעלשאַפטלעכע סטרוקטור, אויב ס׳איז ביי די מענטשן נישט פאַראַן דער פּסיכישער און גייסטיקער תנאי פאַר דעם, אַז ער זאָל געבן פליגל זייער גאַרעניש און צוזאַמענעמען זייערע צעשפּרייטע כוחות פאַרן געמיינזאַמען ווערק.

אָבער די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און די פון זיי באַווירקטע געווערקשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס האָבן נישט באַנקראָטירט בלויז דאָרט, וואו עס קומט אין באַטראַכט די פראַגע וועגן דער עקאָנאָמישער איבעראַנדערשונג פון דער געזעלשאַפט, נייערט זיי האָבן זיך אויך אַרויסגעוויזן פאַר אומפעאיק אויפצוהיטן אַפילו די פּאָליטישע ירושה פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, מחמת זיי האָבן אומעטום אָן קאַמף אויפגעגעבן פון לאַנג־דערוואָרבענע רעכטן און פרייהייטן און אַזוי ארום געהאָלפן, ווען אַפילו קעגן זייער ווילן, דעם אויפקום און פּראָגרעס פונעם פאַשיזם אין אייראָפּע.

אין איטאַליע איז איינער פון די אָנגעזעענסטע פאַרטרעטער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי געוואָרן דער דורכפירער פונעם פאַשיסטישן שטאַטסקלאַפּ און אַן אַ שיעור באַקאַנטע אַרבעטערפירער מיט ד׳אַראַגאָנאַ בראש האָבן אַריינמאַרשירט מיט פלאַטערנדיקע פאָנען אין מוסאָליניס לאַגער.

אין שפּאַניע איז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי געווען די איינציקע, וועלכע האָט געשלאָסן אַ שלום מיט פּרימאָ דע ריוועראַס דיקטאַטור, פּונקט ווי זי האָט זיך

שפּעטער, אין דער צייט פון דער רעפּובליק, אַרויסגעוויזן ווי די בעסטע קעמפער פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די קאַפּיטאַליסטישע פּריווילעגיעס און גערנוויליק אָנגע־באָטן איר דינסטגרייטקייט פאַר יעדער באַשרענקונג פון די פּאָליטישע רעכטן.

אין ענגלאַנד האָט מען דורכגעלעבט דעם מאָדנעם ספּעקטאַקל, אַז די צוויי באַקאַנטסטע און פעאיקסטע פירער פון דער אַרבעטערפּאַרטיי זענען גאַנץ פּלוצים אַריינגעפאַלן אין נאַציאָנאַליסטישן לאַגער און דורך זייער אויפפיר האָבן זיי גע־בראַכט פאַר דער פּאַרטיי, צו וועלכער זיי האָבן געהערט במשך פון צענדליקער יאָרן, אַ צעשמעטערנדיקע מפּלה. ביי דערדאָזיקער געלעגנהייט האָט פיליפּ סנאָודען פאַר־געוואָרפן זיינע פריערדיקע חברים, „אַז זיי האָבן מער אין זין געהאַט די אינטערעסן פון זייער קלאַס, ווי די לויבאַרקייט פונעם לאַנד", אַ פאַרוואורף, וועלכער איז, צום באַדויערן, נישט ריכטיק, אָבער זייער כאַראַקטעריסטיש פאַרן איצטיקן לאַרד.

אין דייטשלאַנד האָט די סאָציאַלדעמאָקראַטיע צוזאַמען מיט די געווערקשאַפטן געהאָלפן מיט אַלע אירע כוחות דער קאַפּיטאַליסטישער גרויסאינדוסטריע אין אירע באַקאַנטע פרואוון צו ראַציאָנאַליזירן דיווירטשאַפט, וועלכע איז פאַר דער דייטשער אַרבעטערשאַפט געווען דורכויס קאַטאַסטראָפאַל, און זי האָט דער מאָראַליש טעמפּער בורזשואַזיע געגעבן די געלעגנהייט פונדאָסניי צו קומען צו זיך נאָך די צעטרייס־לונגען, וואָס די פאַרשפּילטע מלחמה האָט איר געבראַכט. אַפילו אַזאַ מכלומרשט־רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־פּאַרטיי ווי די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון דייטשלאַנד האָט זיך פאַראייגנט די נאַציאָנאַליסטישע לאָזונגען פון דער רעאַקציע, בכדי דורך דערדאָזיקער גבזהדיקער פאַרלייקענונג פון אַלע סאָציאַליסטישע גרונטפּרינציפּן אַרויסצובעמען דעם ווינט פון די זעגלען ביים דראָהענדיקן פאַשיזם.

מ׳וואָלט געקאָנט צו אַט־די ביישפּילן צוגעבן נאָך אַן אַ שיעור אַנדערע, בכדי צו ווייזן, אַז די פאַרטרעטער פונעם גאָר גרויסן רוב פון דער אָרגאַניזירטער סאָ־ציאַליסטישער אַרבעטערשאַפט האָבן קוים דאָס רעכט פאַרצוואַרפן דער בורזשואַ־זיע איר פּאָליטישע אומקאָנסעקווענץ אָדער דעם פאַרראַט פון אירע פריערדיקע אידעאַלן. די פאַרטרעטער פונעם ליבעראַליזם און פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע האָבן אַפילו ביי זייערע שפּעטערדיקע אומוואַנדלונגען לפּחות אַרויסגעוויזן די באַ־מיאונג כאָטש אָפּצוהיטן דעם פּאָסאַן, בעת די כלומרשטע פאַרטיידיקער פון די פּראָלעטאַרישע רעכטן האָבן זיך מיט אומפאַרשעמטער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט אָפּגעזאָגט פון זייערע פריערדיקע אידעאַלן, בכדי דורכצופירן די אַרבעט פונעם שונא.

גאָר אַ סך אָנפירנדיקע פּאָליטיקער פון דער עקאָנאָמיק, וועלכע זענען אין זייערע אָפּשאַצונגען נישט געווען באַווירקט פון קיין שום סאָציאַליסטישע אַרגו־מענטן, האָבן אויסגעדריקט זייער איבערצייגונג, אַז דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם איז שוין צוגעקומען צו זיין סוף און אַז אויפן אָרט פון אַן אומבאַשרענקטער פּראָ־פיט־ווירטשאַפט, מוז קומען אַזאַ ווירטשאַפט, וועלכע זאָל זיין געשטיצט אויף נייע יסודות, אויף די יסודות פון באַדערפעניש, אויב מ׳וויל נישט, אַז אייראָפּע זאָל

גיין צום גרונט. נישט געקוקט דערויף, שטעלט זיך אָבער אַרויס אַלעמאָל מיט בולטערער דייטלעכקייט, אַז דער סאָציאַליזם ווי אַ באַוועגונג שטייט בשום אופן נישט אויף דער געהעריקער הויך פון דערדאָזיקער לאַגע. דער רוב פון זיינע פאַר־טרעטער איז נישט אַוועק ווייטער פונעם באַגריף וועגן אויבנאויפיקע רעפאָרמען און זיי צעטרענצלען זייערע כוחות אין פונקט אַזוי צוועקלאָזע ווי געפערלעכע פּראַקציע־קאַמפן, וועלכע דערמאָנען מיט זייער נאַרישער אומטאָלעראַנץ אין דער אויספירונג פון די גייסטיק־פאַרשטיינערטע קירכלעכע גרופּירונגען. איז, בכן, נישט קיין חידוש, וואָס סוף־כל־סוף ווערן הונדערטער טויזנטער אַנטוישט פון סאָציאַליזם און לאָזן זיך פאַרנאַרן פון די מייז־כאַפּער פון דריטן רייך.

מ׳וואָלט דאָ געקאָנט איינווענדן, אַז די נויטווענדיקייט פונעם לעבן גופא אַרבעט אין דער ריכטונג פאַר אַן ענדערונג פון די הערשנדיקע עקאָנאָמישע פאַר־העלטענישן, אַפילו אָן דער הילף פון די סאָציאַליסטן, מחמת אַ קריזיס־צושטאַנד אָן אַן אויסוועג און אָן אַ סוף איז דאָך סוף־כל־סוף אומדערטרעגלעך. וואַרפן מיר דאָס נישט אָפּ, פונדעסטוועגן האָבן מיר מורא, אַז ביי דער היינטיקער איינשטעלונג פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטערבאַוועגונג קאָן עס דערגיין דערצו, אַז ס׳זאָל פאָרקומען אַזאַ איבעראַנדערשונג אין דער עקאָנאָמיע, ביי וועלכער די פּראָדוצירער זאָלן לחלוטין נישט האָבן קיין שום דעה. מ׳וועט זיי אַוועקשטעלן פאַר געשעענע פאַקטן, וועלכע אַנדערע וועלן פאַר זיי צוגרייטן, אַזוי אַז זיי וועלן זיך אויך אויף שפּעטער מוזן צופרידנשטעלן מיט דער ראָל אַלס קוליס, אַ ראָל, וועלכע מ׳האָט פאַר זיי שטענדיק געהאַט באַשטימט. אויב אַלע סימנים נאַרן נישט אָפּ, מאַרשירן מיר מיט ריזנשריט צו אַן עפּאָכע פון שטאַטסקאַפּיטאַליזם, וועלכע וועט פאַר דער אַרבעטערשאַפט מסתמא ברענגען אַ נייעם סיסטעם פון קנעכטשאַפט, אין וועלכן דער מענטש וועט אָפּגעשאַצט ווערן בלויז ווי אַן אינדוסטריעלער מאַטעריאַל פון דערווירטשאַפט און יעדע פּערזענלעכע פרייהייט וועט שפּורלאָז פאַרטיליקט ווערן.

די ווירטשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן קאָנען זיך ביי געוויסע אומשטענדן אַזוי פאַרשאַרפן, אַז אַן ענדערונג פון דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאַפטלעכער לאַגע זאָל ווערן אַ לעבנס־נויטווענדיקייט. עס שטעלט זיך נאָר די פראַגע, וועלכע ריכטונג מ׳וועט דערביי אָננעמען. צי וועט עס זיין אַ וועג צו פרייהייט, אָדער וועט בלויז אַרויסקומען דערפון אַן אַנדערע פאָרעם פון קנעכטשאַפט, וועלכע וועט טאַקע פאַרזיכערן דעם מענטשן זיינע קאַרגע באַדערפענישן, אָבער זי וועט אים גלייכ־צייטיק באַרויבן פון יעדער זעלבסטשטענדיקייט צו טאָן עפּעס. און אויף דעם, נאָר אויף דעם, דאַרף מען שטעלן דעם טראָפּ. די געזעלשאַפטלעכע סטרוקטור פון דער אינקאַישער אימפּעריע האָט פאַרזיכערט פאַר יעדן איינעם פון אירע אונטערטאַנען דאָס נייטיקע באַדערפעניש, אָבער דאָס לאַנד איז געווען אונטערגעוואָרפן אונטער אַן אומבאַשרענקטן דעספּאָטיזם, וועלכער האָט אכזריותדיק באַשטראָפט יעדן ווי־דערשטאַנד קעגן זיינע באַפעלן און דערנידעריקט יעדן יחיד צו אַ ווילנלאָזן ווערקצייג פון דער שטאַטלעכער מאַכט.

אויך דער שטאַטסקאַפּיטאַליזם וואָלט געקאָנט זיין אַן אויסוועג פונעם היינ־טיקן קריזיס, אָבער אַ וועג צו דער סאָציאַלער באַפרייאונג וואָלט עס זיכער נישט געווען. אדרבא, עס וועט אַריינשלעפּן די מענטשן אין אַ זומפּ פון קנעכטשאַפט, וועלכע וועט זיין אַ חוזק און שפּאָט אויף יעדער מענטשלעכער חשיבות. אין יעדן געפענגעניש, אין יעדער קאַזאַרמע איז פאַראַן אַ געוויסע גלייכהייט פון געזעל־שאַפטלעכע באַדינגונגען: יעדער האָט דיזעלביקע וואוינונג, דיזעלביקע פּאַשע, די־זעלביקע הלבשה, פירט דורך דעמזעלביקן דינסט אָדער טוט דיזעלביקע אַרבעט. נו, וואָלט עמעצן איינגעפאַלן צו באַהויפּטן, אַז פאַר אַזאַ צושטאַנד און פאַר אַזאַ ציל לוינט זיך ארויסצושטעלן ?

ס׳איז פאַראַן אַ חילוק, צי די מיטגלידער פון אַ געזעלשאַפט זענען גלייכע באַלעבאַטים איבער זייער גורל, צי זיי באַזאָרגן אַליין זייערע ענינים און האָבן דאָס אומבאַרירבאַרע רעכט זיך צו באַטייליקן אין דער פאַרוואַלטונג פון די געמיינזאַמע גיטער, אָבער צי זיי זענען בלויז די אויספירנדיקע אָרגאַנען פון אַ פרעמדן ווילן, איבער וועלכן זיי האָבן נישט קיין שום דעה. יעדער זעלנער האָט דאָס רעכט אויף דערזעלביקער פאַרציע, אָבער ס׳איז אויף אים נישט חל צו האָבן אַן אייגענע מיינונג. ער מוז זיך בלינד אונטערוואַרפן אונטער די באַפעלן פון זיינע ראַנגהעכערע אויפ־זעער און דערשטיקן, דאָרט, וואו ס׳איז נייטיק, די שטימע פון זיין אייגענעם געוויסן, מחמת ער איז נישט מער ווי אַ טייל פון דער מאַשין, וועלכע אַנדערע טוען באַוועגן.

קיין שום אַנדערע טיראַניע איז נישט אַזוי אומדערטרעגלעך ווי די טיראַניע פון אַ מעכטיקער ביוראָקראַטיע, וועלכע מישט זיך אַריין אין אַלע טועכישן פון די מענטשן און לייגט אויף זיי אַרויף איר חותם. וואָס אומבאַשרענקטער עס איז די מאַכט פון דער מלוכה אינעם לעבן פונעם יחיד, אַלץ מער פאַראַליזירט זי די שע־פערישע פעאיקייטן און די קראַפט פון זיין פערזענלעכן ווילן. אָבער דער שטאַטס־קאַפּיטאַליזם, דערדאָזיקער געפערלעכער קעגנפּאָל פונעם סאָציאַליזם, האָט אַלס תנאַי דאָס איבערגעבן אַלע געזעלשאַפטלעכע לעבנס־טעטיקייטן צום שטאַט; דאָס איז דער נצחון פון דער מאַשין איבערן גייסט, די ראַציאָנאַליזאַציע פונעם דענקען, פונעם טוען און פילן לויט כללים, וועלכע זענען באַשטימט געוואָרן פון די אויטאָריטעטן, און במילא באַדייט דאָס דער סוף פון יעדער באמת־גייסטיקער קולטור. דאָס, וואָס מ׳האָט זיך נאָך ביז איצט נישט געכאַפּט מכוח דעם וואוהין דידאָזיקע סכנהדיקע אַנטוויקלונג קאָן דערפירן, אָדער דער אומשטאַנד, וואָס מ׳פּטרט דאָס אָפּ מיטן איינרייד, אַז זי איז איבערגעוואָלט פאַראורזאַכט געוואָרן דורך די עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן, מעג טאַקע מיט רעכט באַטראַכט ווערן ווי דער פינצטער־גורלדיקער סימן פון דער צייט.

די געפערלעכע מאַנקאָליע צו וועלן דווקא זען אין יעדער געזעלשאַפטלעכער געשעעניש אַן אומפאַרמיידלעכן רעזולטאַט פון די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן האָט ביז איצט בלויז געהאט די איינע פּעולה: איינצופלאַנצן ביי די מענטשן די איבערצייגונג, אַז אַלע געזעלשאַפטלעכע געשעענישן קומען אַרויס פון

באַשטימטע נויטווענדיקייטן און אַז אויך עקאָנאָמיש מוזן זיי אומבאַדינגט קומען. דערדאָזיקער פאַטאַליסטישער באַנעם האָט נישט געקאָנט דערפירן צו עפּעס אַנדערש ווי נאָר צו פּאַראַליזירן זייער ווידערשטאַנדסקראַפט און זיי גייסטיק צוצוגרייטן אַזוי, אַז זיי זאָלן געפינען אַ תירוץ פאַר די געשאַפענע אומשטענדן, ווי עקלדיק און מענטשן־אומווירדיק זיי זאָלן נישט זיין.

יעדער איינער ווייס, אַז עקאָנאָמישע באַדינגונגען האָבן אַן איינפלוס אויף דער איבעראַנדערשונג פון די געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן; ס׳איז אָבער פיל וויכטיקער, ווי אַזוי די מענטשן רעאַגירן אין זייער דענקען און האַנדלען אויף דעמ־דאָזיקן איינפלוס, צו וואָס פאַראַ שריט זיי אַנטשליסן זיך, בכדי דורכצופירן די איבעראַנדערשונג פון די געזעלשאַפטלעכע לעבנסבאַדינגונגען, וועלכע זיי באַטראַכטן ווי אַ נויטווענדיקייט. אָבער דווקא דאָס דענקען און טאָן פון די מענטשן באַקומט זיין חותם נישט פון דורכויס־עקאָנאָמישע מאָטיוון. ווער וואָלט צ.ב. געוואָלט באַ־הויפּטן, אַז דער פּוריטאַניזם, וועלכער האָט אויף אַן אַנטשיידנדיקן אופן באַווירקט די גאַנצע גייסטיקע אַנטוויקלונג פון די אַנגלאָ־זאַקסישע פעלקער ביז צום היינטיקן טאָג, איז געווען אַן איבערגעוואַלדיקער פועל־יוצא פון דעם אין זיין התחלה אַנגע־וואַרפענעם קאַפּיטאַליסטישן ווירטשאַפטלעכן סדר? אָדער ווער וואָלט דאָס גע־וואָלט ברענגען דעם באַווייז, אַז דער פאַריקער וועלטקריג האָט געמוזט, אונטער אַלע אומשטענדן, אַרויסקומען פונעם קאַפּיטאַליסטישן עקאָנאָמישן סיסטעם און אַז ער איז דעריבער געווען אומפאַרמיידלעך?

בלי שום ספק האָבן עקאָנאָמישע אינטערעסן אין אָט־דער ווי אין אַלע אַנדערע מלחמות געשפּילט אַ גרויסע ראָל, אָבער פונדעסטוועגן וואָלטן זיי אַליין נישט געווען אימשטאַנד צו מאַכן אויסברעכן דידאָזיקע קאַטאַסטראָפע מיט אירע שווערע פאָלגן. ס׳וואָלט מסתמא געווען גאַנץ שווער צו שטעלן די ברייטע מאַסן אויף די פיס מיט דער בלויזער ניכטערנער אַרויסלייגונג פון קאָנקרעטע עקאָנאָמישע שטרע־בונגען. דעריבער האָט מען זיי געמוזט באַווייזן, אַז די סיבה, פאַר וועלכער זיי דאַרפן גיין הרגענען יענע און פאַר וועלכער זיי וועלן דאַרפן פון יענע געהרגעט ווערן, איז די ,,גוטע און גערעכטע סיבה״. אַזוי האָט מען אויף איין זייט געקעמפט ,,קעגן דעם רוסישן דעספּאָטיזם״, פאַר ,,פּוילנס באַפרייאונג״ און, פאַרשטייט זיך, פאַר „פּאַטערלענדישע אינטערעסן״, וועלכע די „אַליאירטע האָבן זיך פאַרשוואוירן״ צו שעדיקן. און אויף דער אַנדערער זייט האָט מען זיך געשלאָגן פאַרן „זיג פון דער דעמאָקראַטיע״ און פאַרן ,,גובר זיין דעם פּרייסישן מיליטאַריזם״, בכדי ,,דערדאָזיקער קריג זאָל זיין דער לעצטער״.

מ׳וואָלט געקאָנט איינווענדן, אַז הינטער דערדאָזיקער גאַנצער שוימיקער טומל־מאַכעריי, מיט וועלכער מ׳האָט במשך פון פיר לאַנגע יאָרן פאַרשיכורט די פעלקער, זענען פונדעסטוועגן געשטאַנען די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון די באַזיצנדיקע קלאַסן. אָבער נישט וועגן דעם האַנדלט זיך איצט. אַנטשיידנדיק איז דער אומ־שטאַנד, אַז אָן דערדאָזיקער כסדרדיקער דערמאָנונג אינעם עטישן געפיל פון די

מענטשן, אָן דעם אַפּעלירן צו זייער גערעכטיקייטס־געפיל, וואָלט קיין קריג לחלוטין נישט מעגלעך געווען. די לאָזונג „גאָט שטראָף ענגלאַנד!" און דער פּאַראָל „אַ טויט די הונען!" האָבן אין דער פּאַריקער מלחמה באַוויזן גרעסערע ניסים ווי נאַקעטע עקאָנאָמישע אינטערעסן פון די באַזיצנדיקע. דער אומשטאַנד, וואָס מ׳מוז ביי די מענטשן פריער ארויסרופן אַ געוויסע שטימונג, בכדי זיי צו באַוועגן צו גיין אין קריג, און דער צווייטער אומשטאַנד, אַז דידאָזיקע שטימונג קאָן אַרויסגערופן ווערן נאָר בתנאַי, ווען מ׳נעמט אַריין אין שותפות נשמהדיקע און גייסטיקע פאַקטאָרן, באַווייזן דאָס.

האָבן מיר ד׳ען נישט געזען, אַז דווקא יענע, וועלכע האָבן פאַר די אַרבעטנדיקע מאַסן זייט יאָרן און יאָרן געפּרעדיקט, אַז יעדע מלחמה אין דער עפּאָכע פון קאַפּיטאַליזם קומט פון ריין־עקאָנאָמישע סיבות, האָבן ביים אויסברוך פון יענער וועלט־מלחמה אַוועקגעלייגט אין אַ זייט זייער געשיכטס־פילאָזאָפישע טעאָריע און די אינטערעסן פון לאַנד געשטעלט איבער די אינטערעסן פון קלאַס ? און דווקא זיי, וועלכע האָבן ביז דעמאָלט ליידנשאַפטלעך אָפּעריִרט מיט דער פראַזע פונעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט": „די געשיכטע פון דער גאַנצער ביז־איצטיקער געזעלשאַפט איז די געשיכטע פון קלאַסנקאַמפן!"

לעניך און אַנדערע האָבן צוגעשריבן דעם דורכפאַל פונעם רוב סאָציאַליסטישע פּאַרטייען ביים אויסברוך פונעם קריג צו דער מורא פון די פירער פאַר דער אחריות און זיי געשליידערט אין פּנים אַריין ביטערע ווערטער צוליב זייער דוחק אין מאָראַלישן מוט. אַפילו צוגעבנדיק, אַז אין דערדאָזיקער באַהויפּטונג איז פאַראַן אַ גרויסער טייל אמת, כאָטש אויך אין דעם פאַל מוז מען זיך היטן פאַר פאַראַלגעמיינערונגען, — וואָס ווערט באַוויזן מיט דעם ?

אויב די מורא פאַר דער אחריות, דער מאַנגל אין מאָראַלישן מוט, האָט דעם רוב פון די סאָציאַליסטישע פירער באמת דערפירט דערצו, אַז זיי זאָלן זיך אַרויס־שטעלן פאַר די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פון זייערע רעספּעקטיווע לענדער, איז דאָס טאַקע אַ נייער באַווייז פאַר דער ריכטיקייט פון אונדזער שטאַנדפּונקט. מוט און פּחדנות ווערן נישט באַשטימט דורך די עווענטועלע פאָרמען פון דער פּראָדוקציע, נייערט זיי האָבן זייער שורש אין פּסיכישן חוש פונעם מענטש. אויב אָבער ריין־פּסיכישע קוואַליטעטן האָבן געקאָנט האָבן אַזאַ געוואַלדיקע השפּעה אויף די פירער פון אַ מיליאָנען־צײלנדיקער באַוועגונג, אַז זיי האָבן באַדינגונגסלאָז אויפגעגעבן זייערע אַלטע פּרינציפּן נאָך איידער דער האָן האָט דריי מאָל געקרייט, בכדי צו מאַרשירן צוזאַמען מיט די ערגסטע שונאים פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג קעגן דעם אַזוי גערופענעם טראַדיציאָנעלן שונא, דאָן באַווייזט דאָס טאַקע, אַז די טוענישן פון די מענטשן לאָזן זיך נישט דערקלערן מיט די באַדינגונגען פון דער פּראָדוקציע און אַז נישט זעלטן שטייען זיי אין שאַרפסטער סתירה צו זיי. יעדע עפּאָכע אין דער געשיכטע ברענגט טויזנטפאַכיקע גביות־עדות פאַר דעם.

ס׳איז אָבער אויך אַ בפירושער טעות צו באַנעמען דעם פּאַריקן וועלטקריג

אויסשליסלעך ווי אַ געוואַלטזאַמען פּועל־יוצא פון סתירהדיקע עקאָנאָמישע אינטע־רעסן. דער קאַפּיטאַליזם וואָלט אויך געווען גאַנץ גוט באַנעמבאַר, ווען די אַזוי גערופענע „קאַפּיטאַנען פון דער וועלטאינדוסטריע" וואָלטן זיך אויף אַ פרידלעכן אופן געאייניקט וועגן דער באַנוצונג פון די מערק און רוישטאָף־קוואַלן, פּונקט אַזוי ווי די פאַרטרעטער פון די פאַרשידנדיקע ווירטשאַפטלעכע אינטערעסן אינערהאַלב פונעם זעלבן לאַנד פלעגן זיך אויסגלייכן, נישט מוזנדיק יעדעס מאָל לייזן זייערע סתירות מיט דער הילף פון שווערד. ס'זענען שוין פאַראַן היינט אַן אַ שיעור אינ־טערנאַציאָנאַלע פּראָדוקציע־אָרגאַניזמען, אין וועלכע די קאַפּיטאַליסטן פון געווייסע אינדוסטריען האָבן זיך צוזאַמענגערופירט, בכדי איינצופירן אַ באַשטימטע קוואָטע פאַר דער אויסאַרבעטונג פון זייערע פּראָדוקטן אין יעדן לאַנד און בכדי אויף דעם אופן צו רעגולירן די גאַנצע פּראָדוקציע פון זייער אינדוסטריעלן צווייג לויט קעגנ־זייטיקע אָפּמאַכן און איינגעשטעלטע יסודות. די „אינטערנאַציאָנאַלע רוישטאָל־געמיינשאַפט" אין איראָפּע איז אַ ביישפּיל דערפון. דורך אַזאַ מין רעגולאַציע פאַרלירט דער קאַפּיטאַליזם גאָרנישט פון זיין אייגנטלעכן מהות; זיינע פּריווילעגיעס פאַרבלייבן אומבאַרירט, זיין הערשאַפט איבער דער אַרמיי פון זיינע לוינשקלאַפן ווערט נאָך אַפילו באַדייטנדיק געשטאַרקט דורך אַזאַ מין אויסגלייך.

פון ריין־עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט איז, בכן, די מלחמה נישט געווען בשום אופן אומפאַרמיידלעך. דער קאַפּיטאַליזם וואָלט זיך אויך אָן איר געווען געקאָנט אַן עצה געבן. מ'קאָן אַפילו אָננעמען מיט זיכערקייט, אַז ווען די טרעגער פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג וואָלטן געווען פאַרויסגעזען די פּועל־יוצאס, וואָלט די מלחמה קיינמאָל נישט געווען אויסגעבראָכן.

אָבער אין יענער מלחמה האָבן געשפּילט אַ מעכטיקע ראָלע נישט בלויז ריין־עקאָנאָמישע, נאָר אויך מאַכט־פּאָליטישע אינטערעסן, און זיי האָבן דאָך, סוף־כל־סוף, צוגעטראָגן דעם גרעסטן חלק צום אויסברוך פון דער קאַטאַסטראָפע. נאָך שפּאַניעס און פּאָרטוגאַלס צוזאַמענבראָך איז די אויבערמאַכט אין איראָפּע צוגעפאַלן צו האָלאַנד, פראַנקרייך און ענגלאַנד, וועלכע זענען איצט געשטאַנען פּנים אל פּנים ווי שונאים. האָלאַנד האָט אינגיכן פאַרלוירן איר אָנפירנדיקע שטעלונג און נאָכן שלום אין ברעדאַ איז איר איינפלוס אויף דער אויסוויקלונג פון דער איראָפּעישער פּאָליטיק כסדר שוואַכער געוואָרן. אָבער אויך פראַנקרייך האָט נאָכן זיבנ־יעריקן קריג פאַרלוירן אַ גרויסן טייל פון איר מדרגה אַלס אויבערמאַכט און זי האָט זיך שוין מער נישט געקאָנט אויפהייבן, מחמת אירע פינאַנציעלע שוועריקייטן זענען וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ שאַרפער און לסוף דערפירט צו יענער אומפאַרגלייכלעכער אונטערדריקונג פון פאָלק, פון וועלכער ס'איז אַרויסגעקומען די רעוואָלוציע. נאַפּאָ־לעאָן האָט שפּעטער געמאַכט אומגעהייערע אָנשטרענגונגען, בכדי צוריקצוגעווינען פראַנקרייכס פאַרלוירענע פּאָזיציע, אָבער זיינע גיגאַנטישע פּרואוון זענען דורכגע־פאַלן. ענגלאַנד איז געבליבן נאַפּאָלעאָנס אומאיבערבעטבאַרער קעגנער און ער האָט טאַקע באַלד איינגעזען, אַז זיינע פּלענער מכוח וועלטבאַהערשונג וועלן קיינמאָל

נישט דערפילט ווערן, כל־זמן דאָס „פאָלק פון קרעמער“, ווי ער האָט מיט פאַראַכטונג אָנגערופן די ענגלענדער, וועט נישט באַצווינגען ווערן. נאַפּאָלעאָן האָט פאַרלוירן דאָס שפּיל, נאָכדעם ווי ענגלאַנד האָט געשטעלט אויף די פיס גאַנץ אייראָפּע קעגן אים, און זינט זי איז געוואָרן אימשטאַנד צו אימפּאָנירן אין אייראָפּע און אין דער וועלט איר פּאָזיציע ווי אַן אויבערמאַכט.

אָבער די בריטישע וועלט־אימפּעריע איז נישט קיין צוזאַמענגענומען געביט ווי אַנדערע אימפּעריעס פאַר איר; אירע פּאָסעסיעס זענען צעשפּרייט איבער אַלע פינף קאָנטינענטן און זייער זיכערקייט איז אָפּהענגיק פון דער מאַכט־פּאָזיציע, וועלכע די בריטישע אימפּעריע האָט אין אייראָפּע. יעדע מין סכנה קעגן דערדאָזיקער פּאָזיציע אירער איז אַ סכנה פאַר די קאָלאָניעס, אינוויוויייט עס קומט־אויף די פראַגע פאַר ענגלאַנד וועגן איר באַזיץ. אַזוי לאַנג ס׳זענען אויפן קאָנטינענט נאָך נישט געהאַט אויפגעקומען די מעכטיקע אָרגאַניזמען פון די מאָדערנע גרויסע מלוכות מיט זייערע ריזיקע אַרמייען און פלאָטן, מיט זייער ביוראָקראַטיע, זייער קאַפּיטאַליסטישן געווערק, זייערע הויכאַנטוויקלטע אינדוסטריעס, זייערע אויסלענדישע האַנדלס־אָפּמאַכן, זייער עקספּאָרט און זייער שטייגנדיקער עקספּאַנסיע־באַדערפעניש, איז די וועלטמאַכט־פּאָזיציע פון דעם בריטישן מלכות געבליבן כמעט זומבאַרירט. אָבער וואָס שטאַרקער ס׳האָט זיך אַרויסגערוקט די קאַפּיטאַליסטישע גרויסע מלוכה אויפן קאָנטינענט, אַלץ מער האָט זיך ענגלאַנד געמוזט פילן באַדראָט אין איר שטעלונג ווי אַ גרויסמאַכט. יעדער פּרואוו פון אַן אייראָפּעישער גרויסמאַכט צו באַקומען נייע מערק און געביטן פון רוימאַטעריאַלן, צו פאַרזיכערן איר עקספּאָרט דורך האַנדלסאָפּמאַכן מיט נישט־אייראָפּעישע לענדער און צו שאַפן אַ וואָס ברייטער געביט פאַר אירע עקספּאַנסיע־שטרעבונגען, האָט פריער אָדער שפּעטער ערגעצוואו געמוזט דערפירן צו אַ צוזאַמענשטויס מיט דער בריטישער אינטערעסן־ספערע און אַרויסרופן, אַלס פּועל־יוצא דערפון, ענגלאַנדס אָפּענעם אָדער פאַרהוילענעם ווידערשטאַנד.

צוליב אָט־דעם מאָטיוו האָט די ענגלישע אויסערן־פּאָליטיק קודם־כל געמוזט געפירט ווערן אַזוי, נישט צו לאָזן אויפקומען קיין שום גרויסמאַכט מיט אַן איבערשטייגנדיקן איינפלוס אויפן קאָנטינענט אָדער, וואו דאָס האָט נישט געקאָנט פאַרמיטן ווערן, אויסצונוצן איר גאַנצע פעאיקייט אין דעם זין אויסצושפּילן איין מאַכט קעגן דער אַנדערער. אַזוי איז נאַפּאָלעאָן דעם דריטנס מפּלה דורך דער פּרייסישער אַרמייפירונג און ביסמאַרקס דיפּלאָמאַטיע געווען נישט מער ווי געווינטשן פאַר ענגלאַנד, מחמת דורך דעם איז פראַנקרייך אָפּגעשוואַכט געוואָרן אויף אַ משך פון צענדליקער יאָרן. אָבער דייטשלאַנדס גיכער און אומדערוואַרטער אויפשוואונג ווי אַ מאָדערנער אינדוסטריע־שטאַט, די סיסטעמאַטישע אויסבילדונג פון זיינע מיליטערישע כוחות, די התחלות פון זיין קאָלאָניאַלפּאָליטיק און פריער פון אַלץ דער אויסבוי פון זיין פלאָט און זיינע כסדר שטייגנדיקע עקספּאַנסיע־שטרעבונגען, וועלכע האָבן זיך אינעם „דראַנג צום מזרח“ וואָס ווייטער אַלץ אומאַנגענעמער געוואָרפן די

ענגלענדער אין די אויגן, האָבן אַרויסגעבראַכט אויף דער אויבערפלאַך אַ סכנה פאַר דער בריטישער אימפעריע און דאָס האָט אירע פאַרטרעטער נישט געקאָנט לאָזן גלייכגילטיק.

דאָס וואָס די ענגלישע דיפּלאָמאַטיע האָט זיך אומבאַטראַכטערהייט געכאַפּט צו יעדן מיטל, בכדי זיך צו שטעלן פּנים אל פּנים קעגן אָט־דער סכנה, איז נאָך נישט קיין באַווייז, אַז אירע פאַרטרעטער זאָלן לויט זייער טבע זיין כיטרער אָדער געוויסנלאָזער ווי די דיפּלאָמאַטן פון די אַנדערע לענדער. דאָס פּוסטע גערייד מכוח דעם „פּערפידן אַלביאָן" איז פּונקט אַזוי נאַריש ווי די פּלאַפּלעריי וועגן אַ „ציווי־ליזירטער קריגספירונג". אויב די ענגלישע דיפּלאָמאַטיע האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ העכערע איבער דער דייטשער און איז אין אירע געהיימע אינטריגעס געווען פאַרזיכטיקער פון איר, נעמט זיך דאָס נאָר פון דעם, וואָס אירע פאַרטרעטער האָבן געהאַט אַ לענגערע דערפאַרונג און וואָס צו איר מזל זענען דער רוב פון די פאַר־אַנטוואָרטלעכע שטאַטסמענער אין דייטשלאַנד פון זינט ביסמאַרקן געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר ווילנלאָזע לאָקייען פון דער קייזערלעכער מאַכט, און קיינער פון זיי האָט נישט געהאַט דעם מוט אַרויסצוטרעטן קעגן די געפערלעכע אינטריגעס פון אַן אומפאַראַנטוואָרטלעכן פּסיכאָפּאַט און פון זיין שפּלדיקער קאַמאַרילע.

דער גרונט פון דער צרה ליגט נישט דווקא אין איינצלנע פּערזאָנען, נייערט אין דער מאַכטפּאָליטיק גופא, אָן אַ נפקא־מינה פון וועמען זי ווערט געפירט און וועלכע אוממיטלבאַרע צילן זי איז אויסן. מאַכטפּאָליטיק לאָזט זיך דענקען נאָר בתנאי, ווען מ'ווענדט אָן אַלע מיטלען, ווי אָפּשיילעך דאָס זאָל אַפילו אויסזען פאַרן פּריוואַטן געוויסן אונדזערן, כל־זמן זיי פאַרזיכערן דערפאָלג, אַנטשפּרעכן די סיבות פון שטאַטסראַזאָן און זענען גינציק פאַר זיינע צוועקן.

מאַקיאַוועלאָ, וועלכער האָט געהאַט דעם מוט סיסטעמאַטיש צוזאַמענצונעמען די מעטאָדן פונעם מאַכט־פּאָליטישן שטרעבן און אין נאָמען פון שטאַטס־אינטערעסן זיי צו גערעכטפערטיקן, האָט דאָס אין די „דיסקאָרסי" קלאָר און דייטלעך אַרויס־געזאָגט: „אויב מ'גיט זיך בכלל אָפּ מיטן זוכן די טובה פונעם פאָטערלאַנד, טאָר מען זיך נישט לאָזן באַאיינפלוסן נישט פון רעכט אָדער אומרעכט, רחמנות אָדער אכזריות, לויב אָדער שאַנד. מ'טאָר זיך נישט אָפּשטעלן פאַר גאָרנישט און שטענ־דיק אויסשטרעקן די האַנט צום מיטל, וועלכעס איז אימשטאַנד דעם לאַנד צו ראַ־טעווען דאָס לעבן און צו דערהאַלטן זיין פרייהייט".

יעדעס פאַרברעכן אין דינסט פון דער מלוכה איז פאַרן פּערפעקטן מאַכט־פּאָליטיקער אַ פאַרדינסטפולע טאַט, ווען זי ברענגט הצלחה. מחמת דער שטאַט שטייט מחוץ פון גוטס און שלעכטס; ער איז די ערדישע השגחה, וועמעס באַשלוסן זענען אין זייער אומדערגרינטלעכקייט פאַרן דורכשניטלעכן אונטערטאַן פּונקט אַזוי אומבאַגרייפלעך ווי ס'איז אומבאַגרייפלעך פאַרן גלויביקן דער גורל, וואָס גאָטס ווילן האָט פאַר אים באַשערט. פּונקט ווי לויט דער דאָקטרין פון די טעאָלאָגן און די אויסטייטשער פון די כתבי־הקודש באַנוצט זיך גאָט אָפט אין זיין אומדערגרינטלע־

כער חכמה מיט די אַכזריותדיקסטע און מאַוימדיקסטע מיטלען, בכדי אויסצוצייטיקן זיינע פּלענער, פּונקט אַזוי איז דער שטאַט, לויט דער דאָקטרין פון דער פּאָליטישער טעאָלאָגיע, נישט אונטערגעוואָרפן אונטער די יסודות פון דער געוויינלעכער מענטש־לעכער מאָראַל, ווען עס האַנדלט זיך ביי זיינע פאַרטרעטער וועגן דערגרייכן באַ־שטימטע צילן און קאַלטבלוטיק איינצושטעלן דאָס גליק און דאָס לעבן פון מיליאָנען מענטשן.

דער, וואָס פּאַלט אַריין, אַלס דיפּלאָמאַט, אין דער נעץ פונעם אַנדערן, דאַרף זיך לחלוטין נישט באַקלאָגן אויף דער ביטערקייט און געוויסנלאָזיקייט פון זיין קעגנער, מחמת ער אַליין האָט דאָך אויך געהאַט דיזעלביקע כוונות לגבי יענעם און ער האָט געליטן אַ מפּלה נאָר דערפאַר, ווייל זיין צד־שכנגד האָט בעסער פאַר־שטאַנען ווי אַזוי צו שפּילן די ראָל פון דער השגחה. יענער, וועלכער גלויבט, אַז ער וועט נישט קאָנען אויסקומען אָן דער אָרגאַניזירטער געוואַלט, וועלכע איז פאַר־קערפּערט אינעם שטאַט, דער מוז אויך זיין גרייט צו נעמען אויף זיך אַלע פּועל־יוצאס פון אָט־דעם אבערגלויבן און מקריב זיין פאַרן מאָלאָך דאָס ווערטפולסטע, וואָס ער פאַרמאָגט — די אייגענע פּערזענלעכקייט.

הויפּטזעכלעך מאַכטפּאָליטישע ווידערשפּרוכן זענען עס געווען, וועלכע זענען אַרויסגעדרונגען פון דער אומגליקלעכער אַנטוויקלונג פון די קאַפּיטאַליסטישע גרויס־שטאַטן און וועלכע האָבן צוגעטראָגן דעם גרעסטן חלק צום אויסברוך פונעם וועלט־קריג. נאָכדעם ווי די פעלקער און בפרט די אַרבעטנדיקע שיכטן אין די פאַרשידענע לענדער האָבן נישט געהאַט נישט דאָס פאַרשטענדעניש פאַרן ערנסט פון דער לאַגע און אויך נישט געקאָנט אַרויסברענגען פון זיך דעם מאָראַלישן מוט אַרויסצוטרעטן אין געשלאָסענער פאַרטיידיקונג קעגן די אונטערערדישע אינטריגעס פון די דיפּ־לאָמאַטן, מיליטאַריסטן און פּראָפיט־יעגער, איז שוין אויף דער וועלט מער ניט געווען קיין שום כוח, וועלכער זאָל זיין אימשטאַנד אָפּצושטעלן די קאַטאַסטראָפע. במשך פון צענדליקער יאָרן איז יעדע גרויסע מלוכה געווען ענלעך צו אַ ריזיקן מיליטער־רישן לאַגער, וועלכע איז געשטאַנען פּנים אל פּנים צו די אַנדערע, באַוואָפנט ביז צו די ציין, ביז סוף־כל־סוף האָט אַ פונק געלאָזט אויפרייסן די מינע. נישט דאָס, וואָס אַלץ האָט געמוזט קומען אַזוי ווי ס׳איז געקומען, האָט אַריינגעוואָרפן די וועלט מיט אָפענע אויגן אינעם תהום, נייערט אַלץ איז געקומען אַזוי דערפאַר, ווייל די ברייטע מאַסן אין יעדן לאַנד האָבן נישט געהאַט אַפילו די מינדסטע ידיעה וועגן דעם, וואָס פאַראַ מיאוסער שפּיל עס קומט פאָר הינטער זייערע פּלייצעס. זייער אומבאַגרייפלעכער זאָרגלאָזיקייט און גיכער פון אַלץ זייער בלינדן גלויבן אין דער אומ־פעלבאַרער העכערקייט פון זייערע הערשער און די אַזויגערופענע גייסטיקע פירער האָבן זיי צו פאַרדאַנקען דאָס, וואָס מ׳האָט זיי במשך פון פיר יאָר צייט געקאָנט טרייבן ווי אַ ווילנלאָזע סטאַדע אין שעכטהויז אַריין.

אָבער אויך דער דינער שיכט פון דער הויכער פינאַנצוועלט און פון דער גרויסאינדוסטריע, וועמעס פאַרטרעטער ס׳האָבן אַזוי בולט צוגעטראָגן זייער חלק

צום אויסברוך פונעם רויטן מבול, אויך זיי זענען אין זייערע מעשים נישט באַוואויגן געוואָרן אויסשליסלעך דורך דער אויסזיכט פון רווחים. דער באַנעם, וועלכער איז אויסן צו זען אין יעדן קאַפּיטאַליסט נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַן אָרגאַן פון פּראָפיט, קאָן טאַקע זיין זייער גוט צוגעפּאַסט צו די באַדערפעניש פון דער פּראָפּאַגאַנדע, אָבער ער איז צו באַשרענקט און איז נישט אין איינקלאַנג מיט דער ווירקלעכקייט. אויך ביים מאָדערנעם גרויסקאַפּיטאַליזם שפּילט דער מאַכט־פּאָליטישער אינטערעס אָפט אַ גרעסערע ראָל ווי די ריין ווירטשאַפטלעכע אינטערעסן, ווען אַפילו ס'איז שווער זיי פונאַנדערצוטיילן. זייערע פאַרטרעטער האָבן זיך באַקענט מיט מחיהדיקן געפיל פון דער מאַכט און זיי גאַרן צו איר מיט דערזעלביקער ליידנשאַפט ווי די גרויסע דעראָבערער פון די פאַרגאַנגענע צייטן, ווען אַפילו זיי געפינען זיך אינעם לאַגער פון די שונאים קעגן דער אייגענער רעגירונג, ווי הוגאָ שטינעס און זיין אָנהענגערשאַפט אין דער צייט פון דער דייטשער וואַלוטע־אנטווערטונג, אָדער ווען זיי מישן זיך אַריין ווי אַ וואָגיקער פאַקטאָר אין דער אויסערלעכער פּאָליטיק פון זייער לאַנד.

די קרענקלעכע לעכצעניש אונטערצוואוואַרפן מיליאָנען מענטשן אונטער אַ באַשטימטן ווילן און גאַנצע מלוכות צו שטופּן אויף וועגן, וועלכע ווייזן זיך אויס לוינבאַר פאַר די פאַרהוילענע כוונות פון קליינע מינדערהייטן, שטעלט זיך ביי די טיפּישע פאַרטרעטער פונעם מאָדערנעם גרויסקאַפּיטאַליזם אָפט דייטלעכער אַרויס ווי די ריין־עקאָנאָמישע אינטערעסן און די אויסזיכט אויף גרעסערע מאַטעריעלע רווחים. נישט בלויז מיטן פאַרלאַנג אָנצוהויפּן אַלץ גרעסערע רווחים שעפּן זיך היינטצוטאָג אויס די פּרעטענזיעס פון דער גרויסקאַפּיטאַליסטישער אָליגאַרכיע. יעדער איינער פון אירע פאַרטרעטער ווייס, וואָס פאַראַ ריזיקע מאַכט דער באַזיץ פון גרויסע רייכטימער גיט־איבער אין די הענט פונעם יחיד און פון דער קאַסטע, צו וועלכער ער געהער. דידאָזיקע דערקענטעניש האָט אַ פאַרפירערישן רייץ און ברענגט אַרויס יענץ טיפּישע הערן־באַוואוסטזיין, וועמעס קאָנסעקווענצן זענען אָפט פאַרדאַרבנדיקער ווי דער פאַקט גופא פונעם מאָנאָפּאָליזם אָן און פאַר זיך. דידאָזיקע גייסטיקע איינשטעלונג פונעם מאָדערנעם „סעניאָר" פון דער גרויסאינדוסטריע אָדער פון דער הויכער פינאַנץ איז דאָס דער פאַקטאָר, וועלכער פאַרוואַרפט יעדע אָפּאָזיציע און טאָלערירט נישט קיין גלייכבאַרעכטיקטע מענטשן נעבן זיך.

אין די גרויסע קאַמפן צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט שפּילט אָפט דערדאָזיקער הערנגייסט אַן אנטשיידנדיקערע ראָל ווי די אוממיטלבאַרע עקאָנאָמישע אינטערעסן. דער קליינער אונטערנעמער פון די אַמאָליקע צייטן האָט נאָך געהאַט געוויסע באַציאונגען צו די אַרבעטנדיקע שיכטן פון דער באַפעלקערונג און ער איז דעריבער געווען אימשטאַנד צו האָבן מער אָדער ווייניקער פאַרשטענדעניש פאַר זייער לאַגע. די מאָדערנע געלט־אַריסטאָקראַטיע האָט צו די אונטערשטע קלאַסן פונעם פאָלק היינט נישט קיין בעסערע באַציאונג ווי דער פעאָדאַל־באַראָן פונעם 18־טן יאָרהונדערט צו זיינע קנעכט. זי קען די מאַסן אויסשליסלעך ווי אַן אָביעקט פון עקספּלואַ־

טאַציע פאַר אירע עקאָנאָמישע און מאַכטפּאָליטישע אינטערעסן און זי האָט בדרך־כלל נישט קיין פאַרשטענדעניש פאַר די שווערע באַדינגונגען פון זייער לעבן. אָט פון דאַנען שטאַמט איר געוויסנלאָזע ברוטאַליטעט, די מענטשנפאַראַכטנדיקע תשוקה צו הערשן און די געפיללאָזע גלייכגילטיקייט צו די פרעמדע ליידן.

דורך זיין געזעלשאַפטלעכער שטעלונג איז פאַרן מאַכט־באַגער פונעם מאָדערנעם גרויסקאַפּיטאַליסט נישט פאַראַן קיין שום באַגרענעצונג. ער קאָן מיט אַ רחמנותלאָזן עגאָאיזם זיך אַריינמישן אינעם לעבן פון זיינע מיטמענטשן און לגבי זיי שפּילן די ראָל פון דער השגחה. ערשט דעמאָלט, ווען מ׳נעמט אין באַטראַכט דעם־דאָזיקןליידנשאַפטלעכן דראַנג נאָך מאַכטפּאָליטישן איינפלוס איבערן אייגענעם פאָלק און איבער פרעמדע נאַציעס, וועט מען זיין אימשטאַנד ווי געהעריק צו באַנעמען דעם אייגנטלעכן מהות פונעם טיפּישן פאַרטרעטער פונעם מאָדערנעם גרויס־קאַפּיטאַליזם. אָט־דער פּרט איז עס טאַקע, וועלכער מאַכט אים אַזוי געפערלעך פאַר דער געזעלשאַפטלעכער געשטאַלטונג פון דער צוקונפט.

נישט אומזיסט אונטערשטיצט דער היינטיקער מאָנאָפּאָלקאַפּיטאַליזם די נאַציאָנאַלסאָציאַליסטישע און פאַשיסטישע רעאַקציע. זי דאַרף אים העלפן צו דער־שלאָגן יעדן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, בכדי איינצופירן אַ רעזשים פון אינדוסטריעלער קנעכטשאַפט, אַ רעזשים, אין וועלכן דער אַרבעטנ־דיקער מענטש זאָל קומען אין באַטראַכט בלויז ווי אַ ווירטשאַפטס־אויטאָמאַט, וועל־כער זאָל נישט האָבן קיין שום איינפלוס אויפן גאַנג און דער אינערלעכער געשטאַל־טונג פון די עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען. דידאָזיקע צעזאַרישע מאַנקאַליע שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום שטרויכלונג; זי שפּרינגט אַריבער אָן איינזעעניש איבער אַלע דעראָבערונגען פון דער פאַרגאַנגענהייט, דעראָבערונגען, וועלכע האָבן זייער אָפט געמוזט דערגרייכט ווערן מיטן האַרצנסבלוט פון די פעל־קער, און זי איז גרייט צו דערדריקן מיט ברוטאַלער געוואַלט דאָס לעצטע רעכט, די לעצטע פרייהייט, וועלכע קענען שטערן איר אַנטוויקלונג, בכדי איינצושפּאַנען יעדע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין די שטייפע פאָרמען פון איר מאַכטווילן. דאָס איז די גרויסע סכנה, וואָס באַדראָט אונדז היינט און פאַר וועלכער מיר שטייען איצט אוממיטלבאַר. דאָס געלינגען אָדער נישט געלינגען פונעם מאָנאָפּאָלקאַפּיטאַליסטישן מאַכטפּלאַן וועט באַשטימען די נייע געשטאַלטונג פון דער נאָענטער צוקונפט.

# II

## רעליגיע און פּאָליטיק

רעליגיע און פּאָליטיק. — די מקורים פונעם מאַכט־געדאַנק. — דער אורשפּרונג פונעם רעליגיעזן געפיל. — די אמונה אין די נשמות און פעטישיזם. — דער קרבן. — דאָס געפיל פון אָפּהענגיקייט. — די ווירקונג פון ערדישע מאַכטפאַרהעלטענישן אויף דער פאָרמירונג פונעם רעליגיעזן באַוואוסטזיין. — רעליגיע און קנעכטשאַפט. — די רעליגיעזע יסודות פון יעדער הערשאַפט. — די טראַדיציע. — משה. — כאַמאַראַבי. — פאַראַאָניזם. — מאַנוס געזעצבוך. — דאָס פּערסישע גאָטקעניגטום. — דער לאַמאַאיזם. — אַלעקסאַנדער און דער צעזאַר־פּאַפּיזם. — דער צעזאַריזם אין רוים. — די אינקאַס. — דזשענגיס כאַן. — מאַכט און פּריסטערטום. — קירך און שטאַט. — רוסאָ. — ראָבעספּיער. — נאַפּאָלעאָן. — מוסאָליני און דער וואַטיקאַן. — פאַשיזם און רעליגיע.

ווער עס דערענטערט זיך צום שטודיום פון די מענטשלעכע געזעלשאַפטן אָן אַ פאָרויסיקער טעאָריע אָדער „געשיכטע־אויפפאַסונג" און ער איז ביי זיך קלאָר, אַז מ׳קאָן פאַרגלייכן די מענטשלעכע פאָרויסיקע כוונות און באַגריפן וועגן צוועק מיט די מעכאַנישע געזעצן פון די קאָסמישע פּראָצעסן, דער וועט באַלד איינזען, אַז אין אַלע עפּאָכן פון דער אונדז באַקאַנטער געשיכטע זענען געשטאַנען איינע קעגן די אַנדערע צוויי מאַכטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין שטענדיקן אָפענעם אָדער פאַרבאָרגענעם קאַמף אויפן סמך פון זייער אינערלעכער תוכיקער פאַרשידנדיקייט און במילא אויך אויפן סמך פון די דערפון אַרויסדרינגענדיקע כאַראַקטעריסטישע טעטיקייטספאָרמען און פּראַקטישע ווירקונגען, ווי אַ פּועל־יוצא פון אָט דער פאַרשידנדיקייט. עס רעדט זיך דאָ וועגן דעם פּאָליטישן און עקאָנאָמישן עלעמענט אין דער געשיכטע, וועלכע מ׳וואָלט אויך געקאָנט באַצייכענען ווי דעם שטאַטלעכן און געזעלשאַפטלעכן עלעמענט. אין געשיכטלעכער אויסוויקלונג שטרענג גענומען זענען די באַגריפן פונעם פּאָליטישן און פון עקאָנאָמישן אין דאָזיקן פאַל אַביסל צו־ענג באַנומען, מחמת אַלץ, וואָס איז פּאָליטיש, וואָרצלט סוף־כל־סוף אינעם רעליגיעזן פאָרשטעלונגס־אופן פונעם מענטשן, בעת אַלעס ווירטשאַפטלעכע איז פון קולטורעלן כאַראַקטער און שטייט דעריבער אין נאָענטסטער באַרירונג מיט אַלע ווערטשאַפנדיקע כוחות פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן; אַזוי אַז מ׳וואָלט סתם געמוזט רעדן וועגן אינעווייניקסטער סתירה צווישן רעליגיע און קולטור.

נאַטירלעך זענען פאַראַן צווישן פּאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע, צווישן שטאַטלעכע און געזעלשאַפטלעכע אָדער אין ברייטערן פּשט צווישן רעליגיעזע און קולטורעלע דערשיינונגען פאַרשידענע באַרירונגס־פּונקטן: זיי אַלע דרינגען אַרויס פון

דער נאַטור פון מענטשן, במילא זענען פאַראַן צווישן זיי אויך אינערליכע באַציאונ־גען. עס גייט דאָ פשוט וועגן דעם, נענטער צו באַטראַכטן דאָס פאַרהעלטעניש, וועלכעס איז פאַראַן צווישן דידאָזיקע דערשיינונגען. יעדע פּאָליטישע פאָרם אין דער געשיכטע האָט אירע באַשטימטע עקאָנאָמישע יסודות, וועלכע רוקן זיך אַרויס זייער שאַרף, באַזונדערס אין די נייערע פאַזן פון די געזעלשאַפטלעכע געשעענישן. פון דער אַנדערער זייט איז עס אומבאַשטרייטבאַר, אַז די פאָרמען פון דער פּאָליטיק זענען אונטערגעוואָרפן צו די טראַנספאָרמאַציעס פון די עקאָנאָמישע און אַלגעמיין־קולטורעלע לעבנסבאַדינגונגען און זיי ענדערן זיך צוזאַמען מיט זיי. אָבער דער אינערלעכער מהות פון יעדן מין פּאָליטיק בלייבט תמיד דערזעלביקער; פּונקט אַזוי ווי דער עיקרדיקער מהות פון יעדער מין רעליגיע בלייבט שטענדיק דערזעלביקער און ווערט נישט באַרירט פון דער ענדערונג פון אירע אויסערלעכע פאָרמען.

רעליגיע און קולטור וואָרצלען ביידע אינעם זעלבסטדערהאַלטונגס־אינסטינקט פונעם מענטשן, וועלכער האָט זיי געגעבן לעבן און געשטאַלט; אָבער ווי נאָר זיי פאַרנעמען זייער פּלאַץ אינעם לעבן, פאַרנעמט זיך יעדע איינע אויף איר אייגענעם וועג, מחמת ס׳זענען נישט פאַראַן קיין שום אָרגאַנישע שייכותן צווישן זיי, אַזוי אַז זיי באַוועגן זיך אין היפּוכדיקע ריכטונגען ווי פיינטלעכע שטערן. ווער עס פאַרזעט דידאָזיקע סתירהדיקייט, אָדער צוליב וועלכער נישט איז סיבה שענקט ער איר נישט די אויפמערקזאַמקייט, וואָס זי פאַרדינט, דעם וועט קיינמאָל נישט ווי געהעריק קלאָר ווערן דער טיפערער באַדייט פון די געשיכטלעכע שייכות און פון די געזעל־שאַפטלעכע געשעענישן אין אַלגעמיין.

עס הערשן נאָך היינט אויך חלוקי־דעות מכוח דעם, וואו עס הייבט זיך אָן דאָס געביט פון דער אייגנטלעכער רעליגיע. מ׳קומט אפילו אין אַ געווויסן זין צו אַ הסכם צווישן זיך וועגן דעם, אַז ס׳איז אוממעגלעך צו דערגריבלען זיך צום מענטשנס פאַרשטעלונגס־וועלט אויפן וועג פון דער שפּעקולאַטיווער פילאָזאָפיע. מ׳האָט איינ־געזען, אַז העגעלס באַנעם, לויט וועלכן יעדער מין רעליגיע רעפּרעזענטירט בלויז די אינערלעכע דערהויבונג פונעם גייסט צום אַבסאָלוטן און איז דערמיט במילא אויסן צו געפינען די איינהייט פונעם געטלעכן און דעם מענטשלעכן, דאַרף אָפּ־געשאַצט ווערן נאָר ווי אַזאַ מין פוסטע פּראַזעאָלאָגיע, פון וועלכער די אַנטשטיי־אונג פון דער רעליגיע לאָזט זיך בשום אופן נישט דערקלערן. פּונקט אַזוי וויל־קירלעך איז עס, ווען דער „פילאָזאָף פונעם אַבסאָלוטן”, וועלכער האָט באַגליקט יעדע נאַציע מיט אַ באַזונדערער געשיכטלעכער מיסיע, האָט געמאַכט די באַהויפּ־טונג, אַז יעדעס פאָלק אין דער געשיכטע איז דער טרעגער פון אַ טיפּישער פאָרם פון רעליגיע: די כינעזער — פון דער רעליגיע פון מעסיקייט, די כאַלדעער — פון דער רעליגיע פון יסורים, די גריכן — פון דער רעליגיע פון שיינקייט א. א. וו., ביז די פאַרשידענע רעליגיע־סיסטעמען האָבן זיך ענדלעך צוזאַמענגעגאָסן אינעם

קריסטנטום, דער „אַנטפּלעקטער רעליגיע“, וועמעס אָנהענגער האָבן אין קריסטוסעס פּערזאָן דערקענט די איינהייט פונעם געטלעכן און פונעם מענטשלעכן.

די וויסנשאַפט האָט די מענטשן געמאַכט קריטישער. מ׳באַגרייפט היינט, אַז יעדע אויספאָרשונג מכוח דעם שורש און דער בהדרגהדיקער געשטאַלטונג פון דער רעליגיע מוז געפירט ווערן לויט דיזעלביקע מעטאָדן, מיט וועלכע די סאָציאָלאָגיע און פּסיכאָלאָגיע באַנוצן זיך שוין, בכדי צו דערקלערן די דערשיינונגען פונעם געזעלשאַפטלעכן און גייסטיקן לעבן אין זייערע התחלות.

דער פריער פאַרשפּרייטער באַנעם פונעם ענגלישן שפּראַכפאָרשער מאַקס מיללער, וועלכער האָט אין דער רעליגיע געוואָלט זען דעם מענטשנס אינערלעכן דראַנג זיך אויסצוטייטשן דאָס אומענדלעכע, און ער האָט פאַרטרויטן דעם שטאַנדפּונקט, אַז דער איינדרוק פון די נאַטור־כוחות האָבן ביים מענטשן אַרויסגערופן די ערשטע רעליגיעזע געפילן, און אַז מ׳איז נישט אויף קיין פאַלשן דרך, ווען מען באַטראַכט דעם קולט צו דער נאַטור ווי די ערשטע פאָרם פון רעליגיע בכלל, האָט שוין היינט כמעט נישט קיין אָנהענגער. דער רוב פאַרטרעטער פון די עטנאָלאָגישע פאָרמען פון רעליגיע האַלטן זיך היינט ביי דער מיינונג, אַז דער אַנימיזם, דער גלויבן אין די גייסטער אָדער נשמות פון די פאַרשטאָרבענע, דאַרף באַטראַכט ווערן ווי דאָס ערשטע טרעפּל פונעם רעליגיעזן באַוואוסטזיין ביים מענטשן.

דער גאַנצער לעבנסאופן פונעם זיך אַרומשלעפּנדיקן פּרימיטיוון מענטשן, זיין רעלאַטיווע אומוויסנהייט, דער פּסיכישער איינפלוס פון זיינע חלומות, זיין אומפאַרשטענדעניש לגבי דעם טויט, די געצוואונגענע תעניתים, צו וועלכע ער האָט זיך אָפט געמוזט צופּאַסן, דאָס אַלעס האָט אים געמאַכט פאַר אַ געבוירענעם „העלזעער“, וועמען דער גלויבן אין גייסטער איז געלעגן אין בלוט אַזויצוזאָגן. דאָס, וואָס ער האָט מיסתמא געפילט פּנים אל פּנים מיט די גייסטער, מיט וועלכע זיין איינבילדונגסקראַפט האָט באַפעלקערט די וועלט, איז קודם־כל געווען מורא. דידאָזיקע מורא האָט אים באַהערשט נאָך שטאַרקע דערפאַר, וואָס ער האָט דאָ נישט געהאַט צו טאָן מיט אַ געוויינלעכן שונא, נייערט מיט אומזעבאַרע כוחות, וועלכע מ׳האָט מיט די פּשוטע מיטלען נישט געקאָנט גובר זיין. איז דעריבער ווי פון זיך אַליין אויפגעקומען די באַדערפעניש זיך צו פאַרזיכערן מיטן גונסט פון יענע כוחות, זיך אויסצוהיטן פון זייער רשעות און דורך וועלכע־נישט־איז מיטלען צו געווינען זייער חסד. ס׳איז דער נאַקעטער אינסטינקט פון זעלבסטדערהאַלטונג פונעם פּרימיטיוון מענטשן, וועלכער קומט דאָ צום אויסדרוק.

פונעם גלויבן אין נשמות אין אַרויסגעקומען דער פעטישיזם, די פאָרשטעלונג, אַז דער גייסט האָט זיך באַזעצט אין עפּעס אַ געגנשטאַנד אָדער ערגעץ אויף אַ באַשטימטן אָרט, אַ גלויבן, וועלכער לעבט נאָך אויך היינט אין די אבערגלויבישע פאָרשטעלונגען פון אַ סך ציוויליזירטע מענטשן, וועלכע זענען פעסט

איבערצייגט אין דעם, אַז ס'זענען פאַראַן ערטער, וואו שדים און רוחות האַלטן זיך אויף און וואו ס'איז אַ מורא צו קומען. אויך דער קולט צו רעליגיעס ביים לאַמאַאיזם און אין דער קאַטוילישער קירך איז לויט זיין מהות נישט עפּעס אַנ־דערש ווי פעטישיזם. צי מ'קאָן דעם אנימיזם און די ערשטע רויע פאָרשטעלונגען פונעם פעטישיזם באַצייכענען ווי רעליגיע, זענען פאַראַן, ווי געזאָגט, חלוקי־דעות; אָבער אַז דאָ דאַרף מען זוכן דעם אַרויסגאַנגספּונקט פון אַלערליי רעליגיעזע פאָרשטעלונגען, דאַרף שוין מסתמא נישט זיין קיין שום ספק.

די אייגנטלעכע רעליגיע הייבט זיך אָן מיטן בונד צווישן מענטש און „גייסט", און זיין אויסדרוק געפינט ער אינעם קולט. פאַרן פּרימיטיוון מענטשן איז „גייסט" אָדער „נשמה" נישט קיין אַבסטראַקטער באַגריף, נייערט אַ בפירוש קערפּערלעכע פאָרשטעלונג. ס'איז דעריבער גאַנץ נאַטירלעך, אַז ער זוכט גובר צו זיין די גייסטער דורך ממשותדיקע באַוויזן פון זיין פאַרערונג און פון זיין אונטערטעניקייט. אַזוי איז אויפגעקומען אין זיין געהירן די אידעע וועגן דעם קרבן, און היות ווי די דערפאַרונג האָט אים כסדר אויגנשיינלעך באַוויזן, אַז דאָס לעבן פון דער דערהרגעטער חיה אָדער דעם דערשלאָגענעם שונא פאַרלאָזט דעם קער־פּער צוזאַמען מיטן אַרויסשטראָמענדיקן בלוט, האָט ער זיך באַצייטנס אויס־געלערנט איינצוזען, אַז בלוט איז אין דעראמתן „אַ גאַנץ זעלטענער" זאַפט. דידאָזיקע איבערצייגונג האָט אויך דער אידעע וועגן קרבן געגעבן איר וועזנטלעכן כאַראַקטער. דער בלוט־קרבן איז מסתמא געווען די ערשטע פאָרעם פון אויפּברענגען קרבנות, וואָס דאָס איז דאָך אגב אויך אַרויסגערופן געוואָרן דורך דעם געיעג, מיט וואָס דער פּרימיטיווער מענטש האָט זיך אָפּגעגעבן. די אידעע וועגן קרבן־הדם, וועלכע געהערט בלי שום ספק צו די עלטסטע מסקנות פונעם רעליגיעזן באַוואוסטזיין, לעבט נאָך היינט אויך אין די גרויסע רעליגיע־סיסטעמען פון דער היינטצייטיקייט. די סימבאָלישע פאַרוואַנדלונג פון ברויט און וויין ביים קריסט־לעכן אָוונט־מאָלצייט אין „קריסטוסעס פליישׁ און בלוט", איז אַ באַווייז פאַר דעם.

דאָס אויפּברענגען קרבנות איז געוואָרן דער מיטלפּונקט פון אַלע רעליגיעזע מנהגים און פעסטלעכקייטן, וועלכע האָבן זיך אויסגעדריקט אין אָפּשפּרעכונגען, טענץ און געזאַנגען און זיך ביסלעכווייז אויסגעפאָרמירט אין אַ באַשטימטן ריטואַל. ס'איז זייער וואָרשיינלעך, אַז דער דינסט פון קרבנות האָט פון אָנהויב געהאַט אַ ריין פּערזענלעכן כאַראַקטער, אינוויוויעט יעדער יחיד, באַוואויגן פון זיינע באַדערפענישן, האָט געקאָנט אויפּברענגען דעם קרבן; אָבער דערדאָזיקער צושטאַנד האָט מסתמא נישט אָנגעהאַלטן זייער לאַנג, ביז דאָס ברענגען קרבנות האָט אָנגעהויבן דורכגעפירט ווערן דורך אַ פּראָ־פעסיאָנעלער כהונה, לויטן שטייגער פון די שאַמאַנען, רופאים, גאַנגאַס א. אַ. וו. די אַנטוויקלונג פונעם פעטישיזם צום טאָטעמיזם, ווי מ'רופט אָן לויט אַן אינדיאַנישן וואָרט דעם גלויבן אין אַ שטאַמגאָטהייט, וועלכע פאַרקערפּערט זיך געוויינלעך אין אַ חיה, פון וועלכער דער שבט מיינט אָפּצושטאַמען, האָט שטאַרק באַאיינציקט די

אַנטוויקלונג פון אַ ספּעציעלן קלאַס חרטומים. דערמיט האָט אָבער די רעליגיע באַקומען אַ סאָציאַלן כאַראַקטער, וועלכן זי האָט פאַר דעם נישט געהאַט.

ווען מ׳באַטראַכט די בהדרגהדיקע אַנטשטייאונג פון דער רעליגיע אין ליכט פון איר אייגענער אַנטוויקלונג, דערגייט מען צו דער איבערצייגונג, אַז צוויי דערשיי־נונגען זענען עס יענע, וועלכע באַשטימען איר תמצית: רעליגיע איז קודם־כל דאָס געפיל פון אָפּהענגיקייט פונעם מענטשן פון העכערע אומבאַקאַנטע כוחות. און כדי צו געווינען אַט־די כוחות פאַר זיך און זיך צו באַשירעמען פון זייערע רישעותדיקע השפּעות, טרייבט דער אינסטינקט פון זעלבסטדערהאַלטונג דעם מענטשן צו זוכן מיט־לען און וועגן, וועלכע זאָלן אים געבן די מעג־לעכקייט צו דערגרייכן דעם דאָזיקן צוועק. אַזוי אַנטשטייט דער ריטוס, וועלכער גיט דער רעליגיע איר אויסערלעכן כאַראַקטער.

צי די אידעע וועגן קרבנות לאָזט זיך טאַקע צוזאַמענפירן דערמיט, אַז אין די מענטשלעכע גרופּירונגען פון דער אורצייט האָט שוין עקזיסטירט דער מנהג צו ברענגען די פירער פון די שבטים אָדער די עלטסטע פרייוויליקע אָדער געצוואונגענע מתנות, איז בלויז אַ השערה, וועלכע האָט צו איר גונסט אַ געוויסע וואַרשיינלעכ־קייט. פונדעסטוועגן ווייזט זיך אונדז אויס צו געוואַגט די באַהויפּטונג, אַז אַן דעמ־דאָזיקן מנהג וואָלט דער פּרימיטיווער מענטש קיינמאָל נישט געווען געפאַלן אויפן שכל מכוח די קרבנות. אוודאי האָבן רעליגיעזע פאָרשטעלונגען געקאָנט אַנטשטיין ערשט דעמאָלט, ווען ס׳איז אין מוח פונעם מענטשן אויפגעקומען די פראַגע מכוח דעם פאַרוואָס פון די געשעענישן. אָבער דאָס הייסט דאָך שוין אייַנגיין אויף אַ הנחה מכוח אַ היפּשער גייסטיקער אנטוויקלונג. דאַרף מען דעריבער אָננעמען, אַז ס׳האָט געמוזט אַריבערגיין אַ לאַנגע צייט, איידער די דאָזיקע פראַגע האָט געקאָנט באַשעפטיקן דעם גייסט פונעם מענטשן. די השגה, וועלכע דער אורמענטש האָט זיך געשאַפן וועגן זיין סביבה, איז קודם־כל געווען פון אַ ריין זינלעכן כאַראַקטער, פונקט אַזוי ווי דאָס קינד באַנעמט די קעגנשטאַנדן פון זיין סביבה קודם־כל ריין זינלעך און עס באַנוצט זיך מיט זיי אַ סך פריער איידער עס קומט־אויף ביי אים די פראַגע וועגן דער סיבה פון זייער עקזיסטענץ. חוצדעם עקזיסטירט נאָך אויך היינט ביי אַ סך ווילדע שבטים דער מנהג צו לאָזן זיך באַטייליקן ביים מאָלצייט די גייסטער פון די געשטאָרבענע, פונקט אַזוי ווי כמעט אַלע פייערונגען פון די פּרימיטיווע שבטים זענען פאַרבונדן מיט ברענגען קרבנות. ס׳איז דעריבער זייער לייכט מעגלעך, אַז דער געדאַנק וועגן קרבנות האָט אויך געקאָנט האָבן אַנטשטאַנען אַן דעם פאָרויסיקן סאָציאַלן איינפיר פון ענלעכן כאַראַקטער.

אָבער ווי אַזוי דער ענין זאָל נישט זיין, איז זיכער, אַז אין אַלע רעליגיעזע סיסטעמען פון די, וועלכע זענען אין לויף פון די יאָרטויזנטער ארויסגעטראָטן אויף

דער אָרענע, האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די אָפּהענגיקייטס־פאַרהעלטעניש פונעם מענטשן פון אַ העכערער מאַכט, וועלכע זיין אייגענע איינבילדונגס־קראַפט האָט אַרויסגערופן צום לעבן און וועמעס קנעכט ער איז געוואָרן. אַלע געטער האָבן געהאַט זייער צייט, אָבער די רעליגיע גופא איז אין עצם פון איר מהות שטענדיק געבליבן אומפאַר־ענדערט, נישט געקוקט אויף די שינוים פון אירע אויסערלעכע פאָרמען. שטענדיק איז עס געווען די וויזיע, פאַר וועמען די אמתע עקזיסטענץ פונעם מענטשן איז אויפגעבראַכט געוואָרן פאַר אַ קרבן; דער באַשעפער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קנעכט פון זיין אייגענער שאַפונג, און די אינערלעכע טראַגיק פון דערדאָזיקער פאַסירונג איז אַפילו אויפגעקומען אין זיין באַוואוסטזיין נאָר דערפאַר, ווייל אין טיפסטן תוך פון אַלע אמונות און פון יעדער רעליגיע איז קיינמאָל נישט פאָרגעקומען קיין ענדערונג. האָט דער באַקאַנטער דייטשער רעליגיעזער פּעדאַגאָג ק ע ב י ג נאָך אויך היינט געקאָנט אָנהייבן זיין לערנבוך פאַרן קאַטוילישן רעליגיע־לימוד מיט אָט־די ווערטער: „רעליגיע אין אלגעמיין איז די דערקענטעניש און פאַרערונג פון גאָט און איבערהויפּט די פאַרהעלטעניש פון די מענטשן צו גאָט ווי צו זייער העכסטן האַר“.

אַזוי איז די רעליגיע שוין אין אירע ערשטע נעבעכדיקע התחלות געווען ענג צוזאַמענגעוואַקסן מיט דער פאָרשטעלונג פון מאַכט, מיט דער איבערנאַטירלעכער העכערקייט, דער געוואַלטמאַכט איבער די גלייביקע, מיט איין וואָרט — מיט דער ממשלה. די מאָדערנע שפּראַכפאָרשונג האָט טאַקע אויך אין אַ סך פאַלן געקאָנט פעסטשטעלן, אַז אַפילו די נעמען פון די פאַרשידענע גאָטהייטן זענען זיך צוזאַמענ־געפאַלן מיט יענע באַגריפן, אין וועלכע ס׳האָט זיך פאַרקערפּערט די פאָרשטעלונג פון דער מאַכט. נישט אומזיסט זענען אַלע רעפּרעזענטאַנטן פונעם אויטאָריטעט־פּרינציפּ אויסן צו באַווייזן, אַז זייער אויטאָריטעט שטאַמט פון גאָט, מחמת די גאָטהייט ווייזט זיך פאַר זיי אויס ווי די פאַרקערפּערונג פון דער גאַנצער מאַכט און גבורה. שוין אין פּריסטן מיטאָס טרעטן אויף די העלדן, דעראָבערער, געזעצ־געבער, די אבות פונעם שבט, ווי געטער אָדער האַלבע געטער, ווייל זייער גרויסקייט און זייער הויכקייט קאָן קומען נאָר פון געטלעכן שורש. דערמיט דערגייען מיר צו דער טיפסטער סיבה פון יעדן הערשאַפטס־סיסטעם און מיר זעען איין, אַז יעדער מין פּאָליטיק איז סוף־כל־סוף רעליגיע און ווי אַזעלכע שטרעבט זי דערצו, דעם גייסט פונעם מענטשן צו האַלטן פאַרקאַוועט אין קייטן פון אָפּהענגיקייט.

צי דאָס רעליגיעזע געפיל איז שוין אין זיינע ערשטע אָנהייבן געווען בלויז אַן אַבסטראַקטע אָפּשפּיגלונג פון ערדישע מאַכטפאַרהעלטענישן, ווי נאָרדאַו און אַנ־דערע ווילן האָבן, איז אַ פראַגע, וועגן וועלכער מ׳קאָן דיסקוטירן. ווער עס שטעלט זיך פאָר דעם אורצושטאַנד פון דער מענטשהייט נאָר ווי דעם „קריג פון אַלע קעגן אַלע“, ווי האָבס און זיינע צאָלרייכע נאָכפאָלגער האָבן דאָס געטאָן, דער וועט זיין לייכט געניגט צו זען אין דעם רשעותדיקן און געוואַלטזאַמען כאַראַקטער פון די אורשפּרינגלעכע גאָטהייטן אַ געטרייע אָפּשפּיגלונג פון די דעספּאָטישע שעפּן און

אין מלחמה־פירונג דורכגעטריבענע פירער, וועלכע האָבן געהאַלטן אין פּחד זייערע מענטשן־גרופּן. האָבן מיר דאָך ביז נישט לאַנג צוריק געזען די היינטיקע „ווילדע" אין אַ גאַנץ ענלעכן ליכט, ווי כיטרע אכזריותדיקע ברואים, וועלכע האָבן כסדר געטראַכט נאָר וועגן רויב און מאָרד. ביז די הונדערטערליי פּועל־יוצאס פון דער מאָדערנער עטנאָלאָגיע פון אַלע טיילן פון דער וועלט האָבן אונדז צוגעשטעלט דעם באַווייז, ווי פאַלש ס'איז געווען דערדאָזיקער באַנעם.

דאָס, וואָס דער פּרימיטיווער מענטש שטעלט זיך פאָר זיינע גייסטער און געטער בדרך־כלל אַזוי געוואַלטזאַם און אַזוי פּחדימדיק, מוז נישט לאָוו דווקא צוגעשריבן ווערן צו ערדישע מוסטערן. אַלעס אומבאַקאַנטע, וועלכעס איז אומ־באַנעמבאַר פאַרן שכל הישר, ווירקט אָפּשרעקנדיק און באַאומרואיקנדיק אויפן גייסט. אָבער פון בייזוויליק־אָפּשרעקנדיקן ביז צום גרויל־אַרויסרופנדיקן און פּחד־דערוועקנ־דיקן איז בלויז איין שריט. דאָס איז מסתמא זיכער אַזוי געווען אין יענע לאַנג־פאַרגאַנגענע צייטן, ווען די איינבילדונגסקראַפט פונעם מענטשן איז נאָך נישט געהאַט באַאיינפלוסט געוואָרן דורך די במשך פון טויזנטער יאָרן אָנגעזאַמלטע דערפאַרונגען, וועלכע זאָלן אים געווען קאָנען דערפירן צו לאָגישע היפּוכדיקע שלוסן. אָבער ווען אַפילו נישט אַלע רעליגיעזע פאָרשטעלונגען מוזן צוריקגעפירט ווערן צו ערדישע מאַכט־פאַרהעלטענישן, איז דאָך אָבער זיכער, אַז אין שפּעטערדיקע עפּאָכעס פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג זענען די אויסערלעכע פאָרמען פון דער רעליגיע פיל מאָל באַשטימט געוואָרן דורך די מאַכט־באַדערפענישן פון יחידים אָדער קליינע מינדערהייטן אין דער געזעלשאַפט.

פאַר יעדער הערשאַפט פון באַשטימטע גרופּן מענטשן איבער אַנדערע איז פריער געהאַט געבוירן געוואָרן דער וואונטש צו פאַרכאַפּן זייערע ארבעטספּראָדוקטן, זייער ווערקצייג אָדער זייערע וואָפן, אָדער זיי צו פאַרטרייבן פון אַ געוויסן געביט, וועלכעס האָט זיך די אָנגרייפער אויסגעוויזן פאַסיקער פאַר זייערע לעבנסבאַדער־פענישן. ס'איז זייער וואַרשיינלעך, אַז די זיגער האָבן זיך במשך פון אַ לאַנגער צייט באַגניגט מיט דערדאָזיקער פּשוטער פאָרעם פון רויב, און אַז זיי האָבן דעם קעגנער, אויב ער האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, איינפאַך פאַרטיליקט. ביז מ'האָט ביסלעכווייז אויסגעפונען, אַז ס'איז לוינבאַרער צו צווינגען די באַזיגטע צו צאָלן צינדז אָדער אויף זיי אַרויפצוצווינגען אַ נייעם לעבנס־סדר, דורך דעם, וואָס מ'האָט איבער זיי געהערשט און דערמיט אָוועקגעלייגט דעם יסוד פאַר דער קנעכטשאַפט. דאָס איז געווען אויף אַזוי פיל לייכטער, אויף ווי ווייט די קעגנזייטיקע סאָלידאַ־ריטעט האָט זיך באַשרענקט בלויז אויף די מיטגלידער פון זעלבן שבט און דאָרט געהאַט אירע גרענעצן. אַלע הערשאַפטס־סיסטעמען זענען אורשפּרינגלעך געווען פרעמדע הערשאַפטן, וואו די זיגער האָבן געבילדעט אַ פּריווילעגירטע קאַסטע, און די באַזיגטע געמאַכט אונטערטעניק אונטער זייער ווילן. בדרך־כלל זענען דאָס געווען זיך ארומשלעפּנדיקע יעגערישע שבטים, וועלכע האָבן ארויפגעצוואונגען זייער הער־שאַפט אויף שוין באַזעצטע און מיט אַקערבוי זיך אָפּגעבנדיקע ישובים. די פּראָ־

פעסיע אַלס יעגער, וועלכע שטעלט כסדר גרויסע פאָדערונגען צו דער ענערגיע און אויסדויערקראַפט פונעם מענטשן, האָט אים שוין פון דער נאַטור גופא געמאַכט קריגערישער און רויבגיריקער, וואָס דאָס איז אין עצם איינס און דאָסזעלבע. דער פעלדאַרבעטער אָבער, וועלכער איז צוגעבונדן צו זיין נחלה און וועמעס לעבן וויקלט זיך אויס בדרך־כלל מיט וויניקער סכנות און פרידלעכער, איז על־פי־רוב נישט קיין פריינט פון געוואַלטזאַמע וויכוחים. דעריבער איז ער זעלטן־ווען צוגעגרייט צו די איבערפאַלן פון די קריגערישע שבטים און ער וואַרפט זיך אונטער פאַרהעלטע־נישמעסיק לייכט, ווען די פרעמדע הערשאַפט איז נישט צו שטאַרק דערדריקנדיק.

דער זיגער אָבער, וועלכער האָט איינמאָל פאַרזוכט דעם זיסן טעם פון דער מאַכט און זיך אויסגעלערנט אָפּשאַצן דעם ווערט פון אירע עקאָנאָמישע רעזולטאַטן, ווערט לייכט פאַרשיכורט פון זיין ממשלה איבער אַנדערע. יעדער דערפאָלג רעגט אים אָן צו נייע אונטערנעמונגען; ווייל ס׳ליגט אין מהות פון יעדער מין מאַכט, אַז אירע מושלים זאָלן כסדר זוכן אויסצושפּרייטן די ספערע פון זייער איינפלוס און אַרויפצוצווינגען זייער יאָך אויף שוואַכערע פעלקער. אַזוי האָט זיך ביסלעכווייז אַנטוויקלט אַ ספּעציעלע קאַסטע, וועמעס פראָפעסיע איז געוואָרן דער קריג און די הערשאַפט איבער אַנדערע. קיין שום הערשאַפט קאָן זיך אָבער נישט שטיצן אייביק בלויז אויף דער ברוטאַלער געוואַלט. ברוטאַלע געוואַלט קאָן טאַקע זיין די גורם־סיבה פאַר דער אונטעריאָכונג פונעם מענטשן, אָבער פונדעסטוועגן איז זי אַליין קיינמאָל נישט אימשטאַנד צו פאַראייביקן די מאַכט פון יחידים אָדער פון אַ גאַנצער קאַסטע איבער גרויסע מענטשלעכע גרופּירונגען. פאַר דעם צוועק דאַרף מען האָבן מער, דאַרף מען האָבן דעם גלויבן פון די מענטשן אין דער אומפאַרמיידלעכקייט פון דער מאַכט, דעם גלויבן אין איר פון גאָט־באַשטימטער מיסיע. אַזאַ גלויבן ליגט טאַקע טיף־טיף אין רעליגיעזן געפיל פון די מענטשן און צוזאַמען מיט דער טראַ־דיציע ווערט ער נאָך שטאַרקער. ווייל איבער אַלעם טראַדיציאָנעלן שוועבט דער גלאַנץ פון רעליגיעזע פאַרשטעלונגען און פון מיסטישער איינבילדונג.

דאָס איז די סיבה, פאַרוואָס די זיגער פלעגן גאַנץ אָפט אַרויפצווינגען זייערע אייגענע געטער אויף די באַזיגטע; זיי האָבן דאָך גוט פאַרשטאַנען, אַז אַ פאַראייני־הייטלעכונג פון די רעליגיעזע מנהגים מוז לאָגישערווייז ברענגען נוצן פאַר זייער אייגענער מאַכט. דערביי האָט זיי בדרך־כלל נישט געאַרט, אויב די געטער פון די אונטערגעיאָכטע האָבן אויך אויף ווייטער געפירט אַן אַנזעעוודיקע עקזיסטענץ, כל־זמן זיי זענען נישט געוואָרן געפערלעך פאַר זייער הערשאַפט און אַזוי לאַנג זיי האָבן זיך געהאַלטן לגבי דער נייער געטלעכקייט ווי אונטערגעיאָכטע שררים. דאָס האָט אָבער געקאָנט געשען נאָר בתנאַי, אויב די גייסטלעכע האָבן באַגינציקט די הערשאַפט פון די זיגער אָדער זיך אַליין באַטייליקט אין זייערע פּאָליטישע מאַכט־שטרעבונגען, ווי דאָס האָט אין דער געשיכטע גאַנץ אָפט פּאַסירט. אַזוי קאָן מען זייער לייכט באַווייזן דעם פּאָליטישן איינפלוס אויף דער שפּעטערדיקער רעליגיעזער געשטאַלטיקונג פון די באַבילאָניער, כאַלדעער, עגיפּטער, פּערסער, אינדיער און אַ

סך אַנדערע. פּונקט אַזוי מעג מען אויך פאַרבינדן דעם אַזוי שטאַרק אויסגעשרי־גענעם מאָנאָטעאיזם פון די יידן אויף די פּאָליטישע איינהייטס־שטרעבונגען פון דער אויפקומענדיקער מאָנאַרכיע.

אַלע הערשאַפטס־סיסטעמען און דינאַסטיעס פון אַלטערטום האָבן צוגעפירט זייער אָפּשטאַם צו אַ גאָטהייט, מחמת זייערע פאַרטרעטער האָבן באַצייטנס פאַר־שטאַנען, אַז דער גלויבן פון די אונטערטאַנען אינעם געטלעכן אָפּשטאַם פונעם הערשער איז דער אומצעטרייסלבאַרסטער יסוד פון יעדער מין מאַכט. די מורא פאַר גאָט איז פון אייביק־אויף געווען דער גייסטיקער תנאַי פון יעדער פרייוויליקער אונטערוואַרפונג; אין דעם טאַקע גייט עס, ווייל זי, די פרייוויליקע אונטערוואַרפונג, האָט פון קדמונים אָן געבילדעט דעם אייביקן פונדאַמענט פון יעדער טיראַניע, אונ־טער וואָס פאַראַ מאַסקע זי זאָל זיך געווען האָבן באַוויזן. פרייוויליקע אונטער־וואַרפונג לאָזט זיך ריין פיזיש נישט אַרויפצווינגען, נאָר דער גלויבן אין דעם הערשערס ענלעכקייט צו גאָט קאָן זי באַשאַפן. דעריבער איז עס ביז אַהער געווען דער וויכטיקסטער ציל פון יעדער מין פּאָליטיק צו דערוועקן ביים פאָלק דעמדאָזיקן גלויבן און אים גייסטיק צו שטאַרקן. די רעליגיע איז דער פעסטער פּרינציפּ אין דער געשיכטע; זי בינדט דעם מענטשנס גייסט און צווינגט־אַריין זיין אַרט דענקען אין באַשטימטע פאָרמען, אַזוי אַז ער זאָל זיך געוואוינהייטסמעסיק איינשטעלן פאַר דער אויפהאַלטונג פונעם טראַדיציאָנעלן סדר און קוקן מיט חשד אויף יעדן מין באַנייאונג. מחמת די אינערלעכע מורא צו פאַרזינקען אין תהום האלט דעם מענטשן צוגעקאָוועט צו די אַלטע פאָרמען פונעם עקזיסטירנדיקן. לואי דע באָנאַלד, דער פעסט־אַנטשלאָסענער פאַרטיידיקער פונעם אַבסאָלוטן מאַכט־פּרינציפּ, האָט גוט פאַרשטאַנען די אינערלעכע שייכותן צווישן רעליגיע און פּאָליטיק, ווען ער האָט אָנגעשריבן די ווערטער: „גאָט איז די סאָוווערענע מאַכט איבער אַלע באַשעפענישן, דער גאָט־מענטש איז די מאַכט איבער דער גאַנצער מענטשהייט, דער העכסטער מלוכה־שעף איז די מאַכט איבער אַלע אונטערטאַנען, דער קאָפּ פון דער פאַמיליע איז די מאַכט אין זיין הויז. אָבער היות ווי יעדע מאַכט איז באַשאַפן געוואָרן בצלם אלוהים און שטאַמט־אָפּ פון גאָט, דעריבער איז יעדע מאַכט אַבסאָלוט".

יעדע מאַכט האָט איר שורש אין גאָט; יעדער מין ממשלה איז לויט זיין אינערלעכן מהות געטלעך. דירעקט פון גאָטס הענט האָט משה באַקומען די לוחות מיט די עשרת־הדיברות, וועלכע הייבן זיך אָן מיט די ווערטער: „איך בין יהוה, דיין גאָט, וואָס האָט דיך אַרויסגעצויגן פון לאַנד מצרים, פון דעם הויז פון קנעכט־שאַפט; זאָלסט נישט האָבן קיין אַנדערע געטער פאַר מיין פּנים", און וועלכע האָבן פאַרזיגלט דעם בונד פון האַר מיט זיין פאָלק. דער באַרימטער שטיין, אויף וועלכן כאַמאַראַביס געזעצן זענען פאַראייביקט געוואָרן און וועלכע האָבן איבערגעגעבן דעם נאָמען פונעם באַבילאָנישן קעניג לדור דורות, ווייזט אונדז כאַמאַראַבין פּנים

**אל פּנים מיטן זונגאָט שמש. דער אַריינפיר אָבער, וועלכער קומט פאַר דער פאָר־מולירונג פון די געזעצן, הייבט זיך אָן מיט אָט־די ווערטער:**

„ווען אַנו, דער דערהויבענער, קעניג פון אַנונאַקי, און בעל, דער קעניג פון הימל און פון דער ערד, וועלכער האַלט דעם גורל פון דער וועלט אין זיי־נע הענט, האָבן איבערגעגעבן דעם געטלעכן האר פון געזעץ די מתנות פונעם מענטשן־מין מאַרדוק, דעם בכור פון עאַ, האָבן זיי אים גרוים געמאַכט צווישן די איגיגי. זיי האָבן געלאָזט אויסרופן אין בבל זיין ערווירדיקן נאָמען, וועל־כער איז געאַכפּערט אין אַלע לענדער, וועלכע זיי האָבן פאַר אים באַשטימט אַלס קעניגרייך און וועלכעס איז אומפאַרגענגלעך ווי הימל און ערד. דערנאָך האָבן אַנו און בעל באַגליקט דאָס לייב פון דער מענטשהייט, מחמת זיי האָבן באַשטימט מיך, דעם רומפולן הערשער און גאָטפאַרכטיקן כאַמוראַבי, בכדי איך זאָל שאַפן גערעכטיקייט אויף דער ערד, פאַרטיליקן די שלעכטע און פאַרדאָרבענע, שטערן די שטאַרקע צו באַדריקן די שוואַכע און ווי דער גאָט פון דער זון זאָל איך לייכטן איבער די שוואַרצקעפּיקע מענטשן און באַ־לייכטן דאָס לאַנד".

**אין מצרים, וואו דער רעליגיעזער קולט האָט זיך געלאָזט אָנזען אין אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אונטערן איינפלוס פון אַ מעכטיקער קאַסטע גייסט־לעכע, האָט די פאַרגעטערונג פונעם הערשער אָנגענומען גאָר משונהדיקע פאָרמען. דער פּרעה אָדער דער קעניג פון די גייסטלעכע, האָט געגאָלטן נישט בלויז ווי גאָטס שטעלפאַרטרעטער אויף דער ערד, ער איז אַליין געווען אַ גאָט און געגאָסן פון געטלעכע כיבודים. שוין אין דער צייט פון די ערשטע זעקס דינאַסטיעס זענען די מלכים באַטראַכט געוואָרן ווי די זין פונעם זונגאָט רע. כופו, אונטער וועמעס ממשלה ס׳איז געבויט געוואָרן די גרויסע פּיראַמידע, האָט זיך אָנגערופן „פאַרקער־פּערטער האָר". אין אַ הייל אין איברים איז דער מלך אַמענהאָטעפּ דער דריטער פאַרגעשטעלט ווי אַ גאָט אין קרייז פון אַנדערע געטער. דערזעלביקער הערשער האָט אויך געלאָזט אויפבויען דעם טעמפּל פון סאָלעב, וואו ס׳איז זיין אייגענער פּערזאָן אַרויסגעוויזן געוואָרן רעליגיעזע אַכפּערונג. ווען זיין ממלא־מקום, אַמענ־האָטעפּ דער פערטער, האָט שפּעטער פאַרווערט אין מצרים יעדע מין פאַרערונג צו אַנדערע געטער און דעם קולט פונעם שטראַלנדיקן זונגאָט אַטאָן, וועלכער איז לעבעדיק געוואָרן אין דער פּערזאָן פונעם קעניג, דערהויבן צו אַ מלוכה־רעליגיע, זענען עס בלי ספק געווען פּאָליטישע סיבות, וועלכע האָבן אים דערצו באַוואויגן. די איינהייט פונעם גלויבן האָט געמוזט צוהעלפן צו דער ערדישער מאַכט אין פּרעהס האַנט.**

אינעם אַלטאינדישן געזעצבוך פונעם מאַנו שטייט געשריבן:

„גאָט האָט באַשאַפן דעם קעניג, בכדי ער זאָל באַשיצן די שאַפונג. צו דעם צוועק האָט ער גענומען טיילן פון אונדראַ, פונעם ווינט, פון יאַמאַ, פון דער זון, פונעם פייער, פונעם הימל, פון דער לבנה און פונעם רבונו של עולם. און היות דער קעניג איז באַשאַפן געוואָרן פון טיילן פון דידאָזיקע האַרן און פון די געטער, שטראַלט זיין גלאַנץ איבער אַלע באַשאַפענע וועזנס, און, פּונקט ווי די זון, פאַרבלענדט ער די אויגן און הערצער און קיינער קאָן אין זיין פּנים נישט אַריינקוקן. ער איז פייער און לופט, זון און לבנה. ער איז

דער גאָט פון רעכט, דער געניוס פון עשירות, דער באַהערשער פון פליִיצונגען און מושל פונעם פירמאַמענט".

אין קיין שום אַנדער לאַנד, מחוץ מצרים און טיבעט, האָט אַן אָרגאַניזירטע גייסטלעכע קאַסטע נישט באַקומען אַזאַ מאַכט ווי אין אינדיע. זי האָט אויף דער גאַנצער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פונעם ריזיקן לאַנד אַרויפגעלייגט איר חותם און דורך אַ כיטרע איינטיילן אין קאַסטן די גאַנצע באַפעלקערונג, האָט זי דאָס גאַנצע לעבן אַריינגעפרעסט אין אייזערנע פאָרמען, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעוויזן נאָך דויערהאַפטער דערפאַר, ווייל זיי זענען פאַרפונדעוועט געוואָרן אין די מסורות פונעם גלויבן. און נאָך גאָר באַצייטנס האָבן די בראַמאַנען געשלאָסן אַ בונד מיט דער קאַסטע פון די קריגער, בכדי זיך מיט איר צו טיילן די מאַכט איבער די פעלקער פון אינדיע, ביי וואָס די קאַסטע פריסטער האָט תמיד אין זין געהאַט, אַז די אייגנטלעכע מאַכט זאָל תמיד בלייבן אין אירע הענט און דער קעניג זאָל דינען ווי אַ וועקצייג פון אירע וואונטשן. ביידע, גייסטלעכע און קריגער, זענען געווען פון געטלעכן שורש. דער בראַמאַן איז אַרויסגעקומען פון בראַמאַס קאָפּ, דער קריגער פון זיין ברוסט. זיי האָבן, בכן, ביידע געהאַט דיזעלביקע שטרעבונגען, און דאָס געזעץ האָט געבאָטן, אַז „ביידע קאַסטן מוזן זיין אייניק, מחמת איינע קאָן זיך נישט באַגיין אָן דער אַנדערער". אויף דעם אופן איז אַנטשטאַנען דער סיסטעם פון צעזאַר־פּאַפּיזם, אין וועלכן די איינהייט פון די רעליגיעזע און פּאָליטישע מאַכט־שטרעבונגען זענען צום פולקאָמסטן געקומען צום אויסדרוק.

אויך אין אַלטן פּערסיע האָט דער מושל געגאָלטן ווי די לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פון דער גאָטהייט. ווען ער איז אָנגעקומען אין אַ שטאָט אַריין, האָבן אים אויפגענומען די מגים אָנגעטאָן אין ווייסן געוואַנט און ביי די קלאַנגען פון רעליגיעזע מזמורים. דער וועג, אויף וועלכן ער איז געטראָגן געוואָרן, איז געווען באַשיט מיט צווייגן פון הדסים און רויזן, און ביי די זייטן זענען געשטאַנען זילבערנע אַלטאַרן, אויף וועלכע מ'האָט געדעמפּט ווייררויך. זיין מאַכט איז געווען אומבאַשרענקט, זיין ווילן — דאָס העכסטע געזעץ, זיין באַפעל — אומאָפּרופבאַר, ווי עס זאָגט זיך אינעם „צענדאַוועסטאַ", דעם הייליקן בוך פון די אַלטע פּערסער. נאָר ביי זעלטענע געלעגנהייטן האָט ער זיך געוויזן פאַרן פאָלק, און וואו ער האָט זיך באַוויזן, האָבן אַלע געמוזט פאַלן כורעים און פאַרבאָרגן דאָס פּנים.

אויך אין פּערסיע זענען געווען קאַסטן און אַן אָרגאַניזירטער קלאַס פּריסטער, וועלכע האָבן אַפילו נישט געהאַט דיזעלביקע אומבאַשרענקטע מאַכט ווי אין אינדיע, פונדעסטוועגן איז דאָס געווען די ערשטע קאַסטע אין לאַנד, וועמעס פאַרטרעטער, ווי דעם קעניגס ערשטע בעל־יועצים, האָבן תמיד געהאַט די מעגלעכקייט צו לאָזן גילטן זייער איינפלוס און צו ווירקן מיט זייער דעה אויפן גורל פון דער מלוכה. וועגן דער ראָל פונעם גייסטלעכן אין דער געזעלשאַפט איינפאָרמירט אַ שטעלע אין 'צענדאַוועסטאַ", וואו עס זאָגט זיך:

„ווען אייערע גוטע מעשים וואָלטן געווען גרעסער אין צאָל ווי די בלע־

טער פון די ביימער, ווי די טראָפּנס פונעם רעגן און די שטערן פון הימל אָדער דאָס זאַמד ביים ברעג פון ים, וואָלטן זיי אייך סיי־ווי־סיי נישט געטוצט, ווען זיי זאָלן דעם דעסטור (גייסטלעכן) נישט זיין וואוילגעפעליק. בכדי צו דערגרייכן די וואוילגעפעליקייט פון דאָזיקן פירער אויפן וועג פון דער רעטונג, מוזט איר אים געבן מעשר פון אַלץ, וואָס איר האָט: פון אייערע גיטער, אייערע קרקעות און אייער געלט. אויב איר האָט באַפרידיקט דעם דעסטור, וועט אייער נשמה זיין אויסגעהיט פון די פּיין פון גיהנום; איר וועט שניידן רו אויף דער דאָאיקער און גליקזעליקייט אויף יענער וועלט; ווייל די דעסטורן זענען די לערער פון רעליגיע; זיי ווייסן אַלע זאַכן און זיי באַפרייען אַלע מענטשן".

פו־הי, וועלכער ווערט פון די כינעזער באַצייכנט ווי דער ערשטער הערשער פון דעם הימלישן קעניגרייך און לויט זייער כראָניק האָט ער געזאָלט האָבן געלעבט בערך 2.800 יאָר פאַר אונדזער צייטרעכענונג, ווערט אין כינעזישן מיטאָס געאַכפּערט ווי אַן איבערנאַטירלעך וועזן און ער דערשיינט אויף די בילדער בדרך־כלל ווי אַ מענטש מיט אַן עק פון אַ פיש, וועלכער זעט אויס ווי דער ים־גאָט טריטאָן. די לעגענדע שטעלט אים פאַר ערלעך אַרויס ווי דעם אייגנטלעכן אויפלעבער פונעם כינעזישן פאָלק, וועלכעס האָט פאַר זיין באַווייזן זיך געלעבט אין צעוואָרפענע גרופּן, ווי חיות אין וואַלד, און ערשט דורך אים איז עס ארויפגעפירט געוואָרן אויפן וועג פון דער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, וועלכע האָט איר יסוד אין דער פאַמיליע און אין דער פאַרערונג פון די אבות. אַלע הערשער־גענעראַציעס, וועלכע זענען זינט יענער צייט געקומען איינע נאָך די אַנדערע, האָבן צוריקגעפירט זייער אָפּשטאַם צו די געטער. דער קייזער האָט זיך גערופן „זון פון הימל", און אַזוי ווי ס'איז אין כינע קיינמאָל נישט געווען קיין אָרגאַניזירטע קאַסטע פון פּריסטער, איז אויך די דורכפירונג פונעם קולט, אינוויפערווייט ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער שטאַטס־רעליגיע, וועמעס איינפלוס האָט זיך לכל הדעות אויסגעשפּרייט נאָר אויף די אויבערשטע שיכטן פון דער כינעזישער געזעלשאַפט, געלעגן אין די הענט פון די העכסטע קייזערלעכע באַאַמטע.

אין יאַפּאַן איז דער מיקאַדאָ, דאָס „הויכע טויער", באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אָפּשטאַמער פון דער זונגעטין אַמאַטעראַסו, וועלכע ווערט אינעם לאַנד פאַרערט ווי די העכסטע גאָטהייט. דורך דער פּערזאָן פונעם הערשער לאָזט זי וויסן איר ווילן און אין זיין נאָמען רעגירט זי איבערן פאָלק. דער מיקאַדאָ איז די לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פון דער גאָטהייט, וואָס דערפאַר טאַקע ווערט זיין פּאַלאַץ אָנגערופן „מיאַ", ד.ה. אַ שראַנק פון נשמות. אַפילו אין דער צייט פונעם שאָגונאַטס, ווען די פירער פון דער מיליטערישער קאַסטע האָבן במשך פון יאָרהונדערטער געהאַלטן אין זייערע הענט די אייגנטלעכע ממשלה פון לאַנד און דער מיקאַדאָ האָט בלויז געשפּילט די ראָל פון אַ דעקאָראַטיווער פיגור, איז די הייליקייט פון זיין פּערזאָן פאַרבליבן אומבאַרירט אין די אויגן פון פאָלק.

אויך די גרינדונג פון דער מעכטיקער אינקאַ־מלוכה, וועמעס טונקעלע געשיכטע שטעלט אַוועק פאַר דער מאָדערנער פאָרשונג אַזוי פיל מערקווירדיקע רעטענישן, ווערט פון דער לעגענדע באַצייכנט ווי דאָס ווערק פון די געטער. די לעגענדע

דערציילט, אַז מאַנקאָ קאַפּאַק מיט זיין ווייב אָקללאָ הואַקאָ האָט זיך אין אַ געוויסן טאָג באַוויזן צווישן די איינגעבוירענע פונעם הויכליגנדיקן פּלאַכלאַנד פון קוסקאָ, זיך פאַר זיי פאָרגעשטעלט ווי ווינטיפּטשורי, ד.ה. ווי דער זונס זון, און זיי באַוואויגן אים אָנצוערקענען פאַר זייער קעניג. און ער האָט זיי געלערנט דעם אַקערבוי און זיי געבראַנגט אַ סך ניצלעכע קענטענישן, וועלכע האָבן זיי געמאַכט פעאיק צו ווערן די שעפער פון אַ גרויסער קולטור.

אין טיבעט איז אונטער דער מעכטיקער השפעה פון אַ מאַכטגיריקער קאַסטע גייסטלעכע אויפגעקומען יענער מערקווירדיקער קירכנשטאַט, וועמעס אינערלעכע אָרגאַניזאַציע האָט אַזאַ אייגנטימלעכע קרובהשאַפט מיטן רוימישן פּויפּסטום און ער ווענדט אָן, פונקט ווי ער, דאָס מתוודה זיין זיך אויפן קול, דעם רויזנקראַנץ, די זיך דעמפּנדיקע ווייראויך־פעסער, די פאַרערונג פון די רעליקוויעס און די טאָנזור פון די גלחים. בראש פון דער מלוכה שטייען דער דאַלאַי־לאַמאַ און דער באָגדאָ־לאַמאַ אָדער פּען־טשען־רין־פּאָ־טשע. דער ערשטער ווערט באַטראַכט ווי די פאַרקערפּערונג פונעם גאָטאַמאַ, דעם הייליקן באַגרינדער פון דער בודיסטישער רעליגיע; דער לעצטער ווי די לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פונעם טסאָנג־קאַפּאָ, דעם גרויסן רעפאָרמאַטאָר פונעם לאַמאַאיזם, וועמען מ׳גיט־אָפּ, פונקט ווי דעם דאַלאַי־לאַמאַ, געטלעכע כבודים, וועלכע נעמען ארום אַפילו די אינטימסטע פיזישע באַדערפעניש׳ן.

דזשענגיס־כאַן, דער מעכטיקער מאָנגאָלישער מושל, וועמעס געוואַלטיקע קריגסצוגן און דעראָבערונגען האָבן אין זיין צייט איבערגעשראָקן אַ האַלבע וועלט, האָט גאַנץ אָפנבאַר באַנוצט די רעליגיע ווי דאָס חשובסטע מיטל פאַר זיין מאַכט־פּאָליטיק, כאָטש ער אַליין האָט געהערט, לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, צום קלאַס פון די „אויפגעקלערטע דעספּאָטן”. פאַר זיין אייגענעם שטאַם האָט ער געגאָלטן ווי אַן אָפּשטאַמיקער פון דער זון, אָבער אַזוי ווי אין זיין אומגעהייערער אימפּעריע, וועלכע האָט זיך אויסגעשפּרייט פונעם דניעפּר ביז צום כינעזישן ים, האָבן געלעבט מענטשן פון די פאַרשידנסטע רעליגיעזע גלויבנס, האָט ער מיטן קלוגן חוש פאַרשטאַנען, אַז זיין מאַכט איבער די אונטערגעיאָכטע פעלקער, פונקט ווי איבערן קערן־פאָלק פון דער אימפּעריע, קאָן באַפעסטיקט ווערן נאָר דורך זיין פּריסטערלעכער מאַכט. „זיין זוניש פּויפּסטום איז שוין בישט געווען גענוג. נעסטאָריאַנישע קריסטן, מאַכמעדאַנער, בודיסטן, קאָנפוציסטן און יידן האָבען אין מיליאָנען געוואוינט אין זיינע מדינות. ער האָט געמוזט זיין דער כהן־גדול פון יעדער רעליגיעזער פאָרעם. מיט זיינע צפון־אַזיאַטישע שאַמאַניסטן האָט ער געפּראַוועט כישוף און אויסגעפרעגט דעם אָראַקל דורך די ריפּן פון די אין פייער אַריינגעוואָרפענע זייטלעך פון שאָף. זונטיק פלעגט ער גיין אין קלויסטער, קאָמוניזירן מיט ווייַן און דיסקוטירן מיט די קריסטלעכע גלחים. שבת פלעגט ער גיין אין דער יידישער שיל און זיך ארויסגעשטעלט ווי אַ חכם, ווי אַ כהן. פרייטיק פלעגט ער האַלטן אַזאַ מין זעלאַמיק און איז געווען פונקט אַזאַ גוטער קאַליף ווי שפּעטער דער טערק אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. צומליבסטן איז ער געווען אַ בודיסט; מיט לאַמאַס פלעגט ער פירן רעליגיעזע

שמועסן, אַפּילו גערופן צו זיך דעם גרויסלאַמאַ פון ססאַטיאַ, און אַזוי ווי ער האָט געוואָלט דעם צענטער פון זיין מלוכה אויף בודיסטישן געביט איבערדרוקן קיין צפון־כינע, האָט ער זיך ארומגעטראָגן מיטן גרויסאַרטיקן פּאָליטישן פּלאַן צו דערהויבן דעם בודיזם צו אַ שטאַטס־רעליגיע״.*)

און צי האָט דען אַלעקסאַנדער מוקדון, וועמען די געשיכטע רופט אַן דער גרויסער, נישט געהאַנדלט פּונקט אַזוי אויסגערעכנט און אַ סברה, אַז באַוואויגן פון דיזעלביקע מאָטיוון ווי אַ סך שפּעטער נאָך אים דזשענגיס־כאַן? נאָכדעם ווי ער האָט דעראָבערט די וועלט פאַר זיך און מיט שטראָמען בלוט זי צוזאַמענגעקלעפּט, האָט ער מסתמא געפילט, אַז אַזאַ ווערק קאָן דורך ברוטאַלער געוואַלט אַליין נישט האָבן קיין קיום. האָט ער דעריבער געפּרוואווט צו פאַרפעסטיקן זיין הערשאַפט אין דעם רעליגיעזן גלויבן פון די באַזיגטע פעלקער. אַזוי האָט ער, דער „העלען״, אויפגעבראַכט קרבנות פאַר די עגיפּטישע געטער אינעם טעמפּל פון מעמפיס און זיך געשלעפּט מיט זיין אַרמיי דורך דער גליענדיקער מדבר פון ליביע, כדי אויסצופרעגן דעם אָראַקל פונעם יופּיטער־אַממאָן אין דער אָאַזע פון סיוואַ. די וואוילגעפעליקע פּריסטער האָבן אים באַגריסט ווי דעם זון פונעם גרויסן גאָט און אים צוגעטיילט געטלעכן כבוד. אַזוי אַרום איז אַלעקסאַנדער געוואָרן אַ גאָט און זיך באַוויזן פאַר די פּערסיער בעת זיין צווייטן מלחמה־צוג קעגן דאַריוסן ווי אַן אָפּשטאַמיקער פונעם מעכטיקן צעוס־אַממאָן. נאָר אַזוי אַרום לאָזט זיך דערקלערן די פולשטענדיקע אונטערוואַרפונג פונעם אומגעהייערן קעניגרייך דורך די מאַצעדאָניער ביז צו אַזאַ מדרגה, וואָס דאָס האָבן אַפילו די פּערסישע מלכים קיינמאָל נישט באַוויזן.

אַלעקסאַנדער האָט זיך באַנוצט מיט דעמדאָזיקן מיטל נאָר בכדי צו באַגינציקן זיינע פּאָליטישע פּלענער; אָבער ביסלעכווייז האָט אים דער געדאַנק וועגן זיין ענלעכקייט צו גאָט אַזוי שטאַרק פאַרשיכורט, אַז ער האָט פאַרלאַנגט געטלעכע כבודים נישט נאָר פון די אונטערגעיאָכטע פעלקער, נייערט אויך פון זיינע אייגענע לאַנדסלייט, וועמען אַזאַ מין קולט איז געווען פרעמד, מחמת זיי האָבן אים געקענט בלויז ווי פיליפּס זון. די מינדסטע קעגנערשאַפט איז געווען אימשטאַנד אים צו צערייצן ביז משוגעת און אים נישט זעלטן דערפירט צו די מאוימדיקסטע פאַרברעכנס. זיינע אומדערזעטלעכע גאַרעגישן נאָך אַלץ מער מאַכט, באַקרעפטיקט דורך זיינע מיליטערישע דערפאָלגן, האָבן ביי אים צוגערויבט יעדע מאָס פאַר דער אָפּשאַצונג פון זיין אייגענער פּערזאָן און אים געמאַכט בלינד פאַר יעדער ווירקלעכקייט. ער האָט איינגעפירט אין זיין הויף דעם צערעמאָניאַל פון די פּערסישע מלכים, וועלכער האָט סימבאָליזירט די אַבסאָלוטע אונטערוואַרפונג פון אַלץ מענטשלעכע אונטערן דעספּאָטס מאַכט־ווילן. ביי אים, דעם „העלען״, איז די גרויסקייט־משוגעת פון דער באַרבאַרישער טיראַניי דערגאַנגען צום אויטענטישסטן אויסדרוק.

אַלעקסאַנדער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט אריבערגעפלאַנצט קיין

---

*) Alexsander Ubar, Die Politik; Frankfurt a|M. 1906. S. 44.

איירָאָפּע דאָס גאָט־קעניגטום, דעם צעזאַריזם, וועלכער האָט ביז דעמאָלט זיך געהאַט אָנגענומען נאָר אויף אַזיאַטישן באָדן, מחמת דער שטאַט האָט זיך דאָרט געהאַט אַנטוויקלט אויפן אומבאַשרענקטסטן אופן און די אינערלעכע באַציאונגען צווישן רעליגיע און פּאָליטיק זענען צומפריסטן אויסגעצייטיקט געוואָרן. מ׳דאַרף אָבער פון דעם נישט ארויסדרינגען, אַז עס האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ ספּעציעלער אייגנשאַפט פון דער ראַסע. דער אויסשפּרייט, וועלכן דער צעזאַריזם האָט זינט דאַן באַקומען אין איירָאָפּע, איז אַ בולטער באַווייז דערפאַר, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אַן אייגנאַרטיקן מין פונעם רעליגיעזן דראַנג צו פאַרערונג, וועלכער קאָן זיך באַווייזן ביי ענלעכע פאַרהעלטענישן ביי מענטשן פון אַלע ראַסן און פעלקער, כאָטש מ׳דאַרף אויך נישט נעגירן, אַז זיינע אויסערלעכע פאָרמען זענען געבונדן צו די באַדינגונגען פון דער געזעלשאַפטלעכער סביבה.

פונעם אָריענט האָבן אויך די רוימער איבערגענומען דעם צעזאַריזם און אים פערפעקציאָנירט צו אַזאַ אופן, ווי דאָס איז פאַר דעם קוים געווען דער פאַל אין אַן אַנדערן לאַנד. ווען יוליוס צעזאַר האָט זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון דיקטאַטאָר פון רוים, האָט ער באַלד געפּרואווט צו פאַרוואָרצלען זיין הערשאַפט אין די רעליגיעזע פאַרשטעלונגען פונעם פאָלק. ער האָט באַלד דערפירט דעם אָפּשטאַם פון זיין משפחה צו די געטער און וועגוס האָט ער דערקלערט ווי זיין אורמוטער. זיין גאַנצע שטרעבונג איז געווען קאָנצענטרירט אויף דעם, צו ווערן דער אומבאַשרענקטער הערשער פון דער מלוכה און אוממיטלבאַר אויך צו ווערן אַ גאָט, וועמען עס פאַרבינדט נישט קיין שום אינערלעכע שייכות מיט די געוויינלעכע שטערבלעכע. מ׳האָט אַוועקגעשטעלט זיין ביוסט צווישן די סטאַטועס פון רוימס זיבן קעניגן און זיינע אָנהענגער האָבן בכיוון פאַרשפּרייט דעם קלאַנג, אַז דער אָראַקל האָט אים באַשטימט ווי דעם זעלבסטהערשער פונעם קעניגרייך, בכדי צו באַזיגן די פּאַרטער, וועלכע האָבן זיך ביז דעמאָלט נישט געלאָזט גובר זיין פון די רוימישע וואָפן. זיין געשטאַלט איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן צווישן די אומשטערבלעכע געטער פון דער „פּאָמפּאַ סירסענסיס״. מ׳האָט אים אויפגעשטעלט אַ סטאַטוע אינעם טעמפּל פונעם קירינוס, אויף וועמעס אונטערשטן זוים ס׳האָט זיך אָנגעזען די אונטערשריפט: „דעם אומבאַזיגבאַרן גאָט״! אין לופּערסי איז פאַר זיין כבוד וועגן געשאַפן געוואָרן אַ קאָלעגיום און באַשטימט געוואָרן ספּעציעלע פּריסטער, וועלכע האָבן געדינט צו זיין געטלעכקייט.

צעזאַרס דערמאָרדונג האָט געמאַכט אַ פּלוצימדיקן סוף צו זיינע ערגייציקע פּלענער, אָבער זיינע נאָכפאָלגער האָבן פאָרגעזעצט זיין ווערק און באַלד האָט דער אימפּעראַטאָר געגלאַנצט אינעם הייליקן שיין פון דער גאָטהייט. מ׳האָט אויפגעשטעלט מזבחות פאַר אים און אים אַרויסגעוויזן רעליגיעזע פאַרערונג. קאַליגולאַ, וועלכער איז געווען באַהערשט פון דער ערגייציקייט זיך אויפצוהייבן צו דער הויך

פון קאַפּיטאַליניש יופּיטער, צום העכסטן באַשיצנדיקן גאָט פון דער רוימישער מלוכה, האָט באַגרינדעט דעם צעזאַרס געטלעכקייט מיט אָט־די ווערטער:

„פּונקט אַזוי ווי די מענטשן, וועלכע היטן די שאָף און אָקסן, זענען אַליין נישט קיין שאָף און נישט קיין אָקסן, נייערט שטייען בטבע העכער פון זיי, פּונקט אַזוי זענען אויך יענע, וועלכע זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַלס הערשער איבער די מענטשן, נישט מענטשן ווי די אַנדערע, נייערט געטער".

די רוימער, וועלכע האָבן גאָרנישט געהאַט קעגן דעם, ווען זייערע אַרמייפירער אין מזרח און אין גריכנלאַנד האָבן זיך געלאָזט צוטיילן געטלעכע כבודים, האָבן זיך פון אָנהייב געבונטעוועט קעגן דעם, אַז מ׳זאָל פון רוימישע בירגער קאָנען פאַרלאַנגען דאָסזעלביקע. אָבער זיי האָבן זיך פּונקט אַזוי גיך צוגעוואוינט צום דערנייעם צושטאַנד ווי די העלענער אין דער צייט פון זייער געזעלשאַפטלעכער קאַדענץ און זענען פאָרמעל אומגעקומען אין פּחדנישער זעלבסטדערנידערונג. נישט בלויז מחנות דיכטער און קינסטלער האָבן כסדר אויסגעזונגען אין גאַנצן לאַנד תהילות ותשבחות פאַר דער גרויסקייט פונעם „געטלעכן צעזאַר", נייערט אויך פאָלק און סענאַט האָבן זיך געזוכט איבערצוּיאָגן אין קריכנדיקער הכנעה און אומווירדיקער אונטערגעוואָרפנקייט. ווירגיל האָט אין זיין „ענעיס" אויף אַ קנעכטישן אופן פאַרהערלעכט דעם צעזאַר אַוגוסטוס און גאַנצע לעגיאָנען אַנדערע נאָכלויפער האָבן נאָכגעטאָן זיין ביישפּיל. דער רוימישער אַסטראָלאָג פירמיקוס מאַטערנוס, וועלכער האָט געלעבט אונטער קאָנסטאַנטינס רעגירונג, האָט דערקלערט אין זיין ווערק „דע עררארִיבוס פּראָפאַנאַרום רעליגיאָסום":

„בלויז דער צעזאַר איז נישט אָפּהענגיק פון די שטערן. ער איז דער האַר פון דער גאַנצער וועלט, מיט וועלכער ער פירט אָן דורך דער מאַכט, וואָס ער האָט באַקומען פונעם העכסטן גאָט. ער אַליין געהערט צום קרייז פון די געטער, וועלכע די ערשטע געטלעכקייט האָט באַשטימט פאַר דער דערהאַלטונג און דורכפירונג פון אַלע געשעענישן".

די געטלעכע כיבודים, וועלכע מ׳האָט אָפּגעגעבן די ביזאַנטישע קייזערס, דריקן זיך נאָך היינט אויס אין דער באַדייטונג פונעם וואָרט „ביזאַנטינער". אין ביזאַנץ האָט זיך די רעליגיעזע פאַרערונג פאַרן אימפּעראַטאָר דערהויבן צו איר העכסטן פּונקט אינעם קאָטאַו, יענעם אָריענטאַלישן אַלטן מנהג, וועלכער צווינגט דעם פּשוטן שטערבלעכן מענטש זיך צו וואַרפן אויפן באָדן און צו באַרירן מיטן פּנים די ערד.

די רוימישע מלוכה האָט צוזאַמענגעבראָכן. די מאַכט־משוגעת פון אירע הערשער, וועלכע האָט במשך פון די יאָרהונדערטער דערפירט צו דער פאַרשווינדונג פון יעדער מענטשנווירדע ביי די מיליאָנען פון אירע אונטערטאַנען, די מאוימדיקע עקספּלואַטאַציע פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער און די שטייגנדיקע קאָרופּציע אין דער גאַנצער מלוכה האָבן די מענטשן מאָראַליש צעקוועטשט, אָפּגעטויט זייער געזעלשאַפטלעך געפיל און ביי זיי צוגענומען יעדע קראַפט פאַרן ווידערשטאַנד. אַזוי אַרום האָבן זיי נישט געקאָנט אויסהאַלטן אויף אַ לאַנגער צייט דעם שטורעם פון די אַזוי־

גערופענע באַרבאַרן, וועלכע האָבן באַדראָט די מעכטיקע מלוכה פון אַלע זייטן. אָבער „רוימס גייסט“, ווי שלעגעל האָט עס אָנגערופן, האָט ווייטער געלעבט, פונקט אַזוי ווי ס'האָט ווייטער געלעבט דער גייסט פונעם צעזאַראָ־פּאָפּיזם נאָכן אונטערגאַנג פון די גרויסע אָריענטאַלישע מלוכות, און ביסלעכווייז פאַרסמט די יונגע אומגע־צוימטע קראַפט פון די גערמאַנישע שבטים, וועמעס מיליטערישע פירער האָבן אי־בערגענומען די אומגליקלעכע ירושה פון די צעזאַרן. און רוים האָט ווייטער געלעבט אין דער קירך, וועלכע האָט אַנטוויקלט דאָס צעזאַרנטום אין דער געשטאַלט פונעם פּויפּסטום צו דער העכסטער מאַכטפולקאָמענהייט און וועלכע האָט מיט האַרטנע־קיקער ענערגיע געשטרעבט צו דערגרייכן דעם ציל צו פאַרוואַנדלען די גאַנצע מענטש־הייט אין אַ ריזיקער סטאַדע און זי אַרונטערוואַרפן אונטערן סצעפּטער פונעם רוי־מישן הויפּטגייסטלעכן.

פון רוימישן גייסט זענען אינספּירירט געוואָרן אַלע פּאָליטישע איינהייטס־שטרעבונגען, וועלכע האָבן שפּעטער באַקומען זייער געשטאַלט אין דער דייטשער קייזער־אידעע, אינעם מעכטיקן קעניגרייך פון די האַבסבורגער קאַרל דער פינפטער, פיליפּ דער צווייטער, פון די בורבאָנען, די סטואַרטס און די צאַרישע דינאַסטיעס. די פּערזאָן פונעם הערשער ווערט שוין איצט טאַקע נישט פאַרערט אוממיטלבאַר ווי גאָט, אָבער ער איז קעניג „פון גאָטס גענאַד“ און ער געניסט פון דער שטומער אָכפּערונג פון זיינע אונטערטאַנען, פאַר וועמען ער פיגורירט ווי אַ באַשעפעניש פון העכערן מין. דער גאָט־באַגריף האָט זיך געביטן אין משך פון די צייטן, פונקט ווי דער באַגריף מכוח דעם שטאַט האָט דורכגעמאַכט היפּשע ענדערונגען; אָבער דער אינערלעכער מהות פון אַלע רעליגיעס איז תמיד געבליבן אומבאַרירט, פונקט אַזוי ווי דער עיקר־תוך פון יעדער מין פּאָליטיק האָט קיינמאָל נישט דורכגעמאַכט קיין ענדערונג. ס'איז געווען שטענדיק דער פּרינציפּ פון מאַכט, וועלכן די רעפּרעזענ־טאַנטן פון הימלישער און ערדישער אויטאָריטעט האָבן אַרויסגעשטעלט און געלאָזט גילטן לגבי דעם מענטשן, און ס'איז שטענדיק געווען דאָס רעליגיעזע געפיל פון דער אָפּהענגיקייט, וועלכעס צווינגט די מאַסן צו געהאָרכיקייט. דער ראש פונעם שטאַט ווערט שוין אין די עפנטלעכע טעמפּלען מער נישט פאַרערט ווי גאָט, אָבער ער זאָגט מיט לודוויק דעם פערצנטנס מויל: „דער שטאַט בין איך!“ דער שטאַט איז די ערדישע השגחה, וועלכע וואַכט איבערן מענטשן און פירט אָן מיט זיינע שריט, בכדי ער זאָל נישט אַראָפּגייען פונעם דרך־הישר. דעריבער איז דער טרעגער פון דער שטאַטלעכער ממשלה דער כהן־גדול פון דער מאַכט, וועלכע געפינט איר אויסדרוק אין דער פּאָליטיק, פונקט אַזוי ווי די גאָט־פאַרערונג געפינט איר אויס־דרוק אין דער רעליגיע.

דער גייסטלעכער אָבער איז דער פאַרמיטלער צווישן דעם מענטשן און יענער העכערער מאַכט, פון וועלכער דער אונטערטאַן פילט זיך אָפּהענגיק און וועלכע ווערט פאַר אים ווי אַ פאַטאַליטעט. וואָלנעיס באַהויפּטונג, אַז די רעליגיע איז אַ דער־פינדונג פון די גייסטלעכע, שיסט באמת צו־ווייט איבערן ציל, מחמת ס'זענען געווען

רעליגיעזע באַגריפן אַ סך פריער איידער ס׳האָט עקזיסטירט אַ קאַסטע גייסטלעכע. ס׳קאָן אויך אָנגענומען ווערן מיט זיכערקייט, אַז דער גייסטלעכער גופא איז אין דער התחלה געווען איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פון זיינע איבערצייגונגען. ביז ס׳האָט אין אים אויפגעטויכט דער געדאַנק וועגן דעם, וואָס פאַר אַן אומבאַגרענעצטע מאַכט די בלינדע אמונה און דער טעמפּער פחד פון די מענטשן גיט אים אין די הענט אַריין און וואָס פאַרא נוצן ער וואָלט פון דעם געקאָנט האָבן. אַזוי האָט זיך אינעם גייסטלעכן דערוועקט דער מאַכט־באַוואוסטזיין און צוזאַמען דערמיט די מאַכט־גלוסטעניש, וועלכע איז געוואָרן אַלץ גרעסער, וואָס מער דאָס פּריסטערטום האָט אָנגעהויבן פיגורירן ווי אַ ספּעציעלע קאַסטע אין דער געזעלשאַפט. אָבער פון דער תאווה צו מאַכט האָט זיך געשטאַלטיקט דער „ווילן צו מאַכט״. דערמיט האָט זיך ביים פּריסטערטום אנטוויקלט אַ גאַנץ באַזונדערע באַדערפעניש. באַווירקט פון דערדאָזיקער באַדערפעניש האָבן די גייסטלעכע געפּרואווט אַרויפצופירן דעם רע־ליגיעזן סענטימענט פון די גלויביקע אויף באַשטימטע וועגן און זייער תשוקה צו אמונה געבן אַזעלכע פאָרמען, וועלכע זאָלן אויספאַלן לטובת זייערע שטרעבונגען צו מאַכט.

יעדע מאַכט איז קודם־כל געווען פּריסטערלעכע מאַכט און איז אַזעלכעס אין איר עיקרדיקן תמצית געבליבן ביז צום היינטיקן טאָג. די אַלטע געשיכטע ווייסט פון אַן אַ שיעור ביישפּילן, אין וועלכע די ראָל פונעם גייסטלעכן איז זיך צונויפגע־פאַלן מיט דער ראָל פונעם הערשער און געזעצגעבער און זיך צונויפגעגאָסן אין בלויז איין פּערזאָן. אַפילו דער אָפּשטאַם פון אַן אַ שיעור הערשערטיטלען, אָפּשטאַמיקע פון געטער, פון וועלכע עס איז בולט אַרויסצוזען די גייסטלעכע פונקציע פון זייערע געוועזענע טרעגער, ווייזט־אָן מיט זיכערקייט אויפן בשותפותדיקן שורש פון דער רע־ליגיעזער און וועלטלעכער מאַכט. אַלעקסאַנדער אולאַר, וועלכער האָט אין זיין גייסטפולן ווערק „די פּאָליטיק״ אָוועקגעשטעלט די באַהויפּטונג, אַז דאָס פּויפּסטום האָט קיינמאָל נישט געפירט קיין וועלטלעכע פּאָליטיק, אָבער אַז יעדער וועלטלע־כער מושל האָט תמיד געשטרעבט צו פירן פּויפּסטלעכע פּאָליטיק, טרעפט אַריין אין פּינטל. דאָס איז אויך די סיבה, פאַרוואָס יעדער רעגירונגס־סיסטעם, אָן אַ חילוק פון זיין פאָרעם, האָט אין זיין תוך אַ געוויסן טעאָקראַטישן כאַראַקטער.

יעדע קירך זוכט כסדר אויסצושפּרייטן די גרענעצן פון אירע מאַכט־אַטריבוטן און וואָס טיפער איינצופלאַנצן אינעם מענטשלעכן האַרץ דאָס געפיל פון דער אָפּ־הענגיקייט. אָבער אויך יעדע וועלטלעכע מאַכט איז באַהערשט פונעם זעלביקן ווילן, מחמת אין ביידע פאַלן האַנדלט עס זיך וועגן זיך צונויפפאַלנדיקע שטרעבונגען. פּונקט ווי אין דער רעליגיע איז גאָט אַלץ און דער מענטש גאָרנישט, אַזוי איז אין דער פּאָליטיק די מלוכה אַלץ און דער אונטערטעניקער גאָרנישט. די ביידע כללים פון דער הימלישער און ערדישער אויטאָריטעט, דאָס „איך בין דער האַר דיין גאָט!״ און דאָס „זייט אונטערטעניק צו דער אויבערהערשאַפט!״ שטאַמען פון זעלבן קוואַל און זענען צווישן זיך צונויפגעוואַקסן ווי דער סיאַמעזישער צווילינג.

וואָס מער דער מענטש האָט זיך אויסגעלערנט צו פאַרערן אין גאָט די כלליות פון יעדער פּולקאָמענהייט, אַלץ טיפער איז ער, דער אייגנטלעכער באַשאַפער פון גאָט, אַראָפּגעזונקען צו דער מדרגה פונעם נעבעכדיקן ערדוואָרעם, צו דער לעבעדיקער פאַרקערפּערונג פון יעדער ערדישער נישטיקייט און שוואַכקייט. די טעאָלאָגן און שריפט־געלערנטע זענען אָבער נישט מיד געוואָרן צו איבער־חזרן, אַז ער איז אַ „בעל־עבירה מבטן אמו״, און אַז ער קאָן געראַטעוועט ווערן פון דער אייביקער פאַרשעלטונג נאָר דורך דער אַנטפּלעקונג און דער שטרענגער דערפילונג פון גאָטס געבאָטן. און ווען דער אַמאָליקער אונטערטאַן און הײנטיקער בירגער האָט אויסגעשטאַט דעם מלכות מיט אַלע אייגנשאַפטן פון ערדישער פּול־קאָמענהייט, האָט ער זיך אַליין דעגראַדירט צו אַ קאַריקאַטור פון דער אוממעכטי־קייט און מינדעריעריקייט, וועמען די יוריסטן און מלוכה־טעאָלאָגן האָבן אומאויפ־הערלעך אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ די שענדלעכע איבערצייגונג, אַז אין תוך פון זיין גאַנצן מהות איז ער באַלייגט מיט די טונקעלע אינסטינקטן פונעם געבוירענעם בעל־עבירה, וועלכער קאָן אַרויפגעפירט ווערן אויפן דרך הישר פון דער אָפיציעל־אַנערקענטער זיטלעכקייט נאָר דורכן געזעץ פונעם שטאַט. די אידעע וועגן דער אורשפּרינגלעכער זינד ליגט נישט נאָר אין תוך פון אַלע גרויסע רעליגיע־סיסטעמען, נאָר אויך אין עצם פון יעדער שטאַטסטעאָריע. די פולשטענדיקע דערנידערונג פונעם מענטשן, דער דערדריקנדיקער גלויבן מכוח דער נישטיקייט און זינדיקייט פון דער אייגענער עקזיסטענץ איז פון אייביק־אויף געווען דער שטאַרקסטער יסוד פון יעדער געטלעכער און וועלטלעכער אוי־טאָריטעט. דאָס געטלעכע „דו זאָלסט!״ און דאָס שטאַטלעכע „דו מוזט!״ דער־גאַנצן זיך אויפן בעסטן אופן. געבאָט און געזעץ זענען נאָר פאַרשידענע אויסדריקן פונעם זעלביקן באַגריף.

דאָס איז די סיבה, פאַרוואָס קיין שום וועלטלעכער הערשער האָט ביז איצט נישט געקאָנט אויסלאָזן די רעליגיע פון זיין שיטה, מחמת זי האָט אין זיך געהאַט דעם פונדאַמענטאַלן תנאי פון דער מאַכט. דאָרט, וואו די פאַרטרעטער פונעם שטאַט האָבן צוליב פּאָליטישע מאָטיוון מורד געווען קעגן אַ באַשטימטן רעליגיעזן סיס־טעם, האָט עס תמיד פּאַסירט בכדי איינצופירן אַן אַנדערן סיסטעם פון אַן אמונה, וועלכער האָט זיך בעסער געפּאַסט פאַר זייערע מאַכט־כוונות. אויך די אַזויגערד־פענע „אויפגעקלערטע הערשער״, וועלכע האָבן אַליין אין גאַרנישט געגלייבט, זע־נען נישט קיין אויסנאַם פון דאָזיקן כלל. פרידריך דער צווייטער פון פּרייסן האָט טאַקע געמעגט באַהויפּטן, אַז אין זיין מדינה „קאָן יעדער איינער ווערן גליקזעליק אויף זיין שטייגער״, ביי וואָס ער האָט נאַטירלעך פאַראויסגעזען די הנחה, אַז די גליקזעליקייט באַדייט נישט קיין שום באַשרענקונג פון זיין מאַכט. די אַזוי שטאַרק באַרימטע טאָלעראַנץ פונעם גרויסן פרידריך וואָלט אַנדערש געווען אויסגעזען, ווען זיינע אונטערטאַנער אָדער אפילו נאָר אַ טייל פון זיי וואָלטן געווען געהאַט דעם איינפאַל צו באַקומען זייער גליקזעליקייט דורך דער פאַרמינערונג פון זיין

קעניגלעכער חשיבות אָדער דורכן נישט אויספאָלגן זיינע געזעצן, ווי דאָס האָבן געפּרואווט טאָן די „דוכאָבאָרצעס" אין רוסלאַנד.

נאַפּאָלעאָן דער ערשטער, וועלכער האָט אַלס יונגער אַרטילעריע־אָפיציר אָנ־גערופן די טעאָלאָגיע די „קלאָאַקע פון אַלערליי אַבערגלויבנס און אַלערליי קאָנפוּ־זיעס" און פאַרטראַטן דעם שטאַנדפּונקט, אַז „מ'זאָל דעם פאָלק אָנשטאָט דעם קאַ־טעכיזם געבן אַ האַנטבוך פון געאָמעטריע", האָט דאָס אַלעס פאַרגעסן, ווען ער האָט זיך דערקלערט אַלס קייזער פון די פראַנצויזן. נישט בלויז האָט ער זיך, לויט ווי ער אַליין האָט זיך מודה געווען, אַ לאַנגע צייט אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו דעראָבערן די וועלט, מיטן פּויפּסטס הילף, נאָר ער האָט זיך אויך געשטעלט די פראַגע, צי אַ שטאַטלעכע אָרדענונג קאָן עקזיסטירן אָן רעליגיע. און ער האָט זיך אַליין אויף דעם געגעבן דעם ענטפער: „די געזעלשאַפט קאָן נישט עקזיסטירן אָן דער אומגלייכהייט פונעם פאַרמעג, און די אומגלייכהייט קאָן נישט עקזיסטירן אָן רעליגיע. ווען אַ מענטש שטאַרבט פאַר הונגער ביי דער זייט פון איינעם, וועלכער איז צו פיל זאַט, וואָלט ער בשום אופן נישט געקאָנט אָננעמען באַהבה, ווען ס'זאָל נישט זיין קיין מאַכט, וועלכע זאָגט צו אים: דאָס איז גאָטס ווילן; דאָ אויף דער ערד מוזן זיין רייכע און אָרעמע, דאָרט, אין דער אייביקייט, וועט עס זיין אַנדערש".

די אומפאַרשעמטע אָפנהערציקייט פון דאָזיקן זאָג ווירקט אויף אַזויפיל אמת־דיקער, אויף וויפל ער קומט פון אַ מאַן, וועלכער האָט אַליין אין גאָרנישט געגלייבט, אָבער פונדעסטוועגן געהאַט גענוג מוט אָנצודערקענען, אַז קיין שום מאַכט קאָן נישט באַשטיין אויף אייביק, אויב זי איז נישט אימשטאַנד זיך צו פאַרוואָרצלען אי־נעם רעליגיעזן באַוואוסטזיין פון די מענטשן.

די ענגע פאַרהעלטעניש צווישן רעליגיע און פּאָליטיק באַשרענקט זיך אָבער נישט בלויז אויפן פעטישיסטישן פעריאָד פונעם שטאָט, ווען די עפנטלעכע מאַכט האָט נאָך געפונען איר העכסטן אויסדרוק אין דער פּערזאָן פונעם אַבסאָלוטן מאָ־נאַרך. עס וואָלט געווען ביטערע זעלבסטנאַרעריי אָנצונעמען, אַז דער מאָדערנער יורידישער אָדער קאָנסטיטוציאָנעלער שטאָט האָט וועזנטלעך געענדערט דאָסדאָזיקע פאַרהעלטעניש. פּונקט אַזוי ווי אין די שפּעטערדיקע רעליגיעזע סיסטעמען איז דער באַגריף מכוח דער גאָטהייט געוואָרן אַבסטראַקטער און אומפּערזענלעכער, פּונקט אַזוי האָט אויך דער באַגריף וועגן שטאָט פאַרלוירן פיל פון זיין אַמאָליקן פיזישן כאַראַקטער אין באַצוג צו דער פּערזאָן פונעם הערשער. אָבער אַפילו אין יענע לענ־דער, וואו די אָפּטיילונג צווישן מלוכה און קירך איז שוין עפנטלעך דורכגעפירט געוואָרן, האָבן די אינערלעכע באַציאונגען צווישן דער וועלטלעכער מאַכט און דער רעליגיע ווי אַזעלכער נישט דורכגעמאַכט קיין שום ענדערונגען. פאַראַן בלויז דער אייניקער חילוק, וואָס די הייַנטיקע פאַרטרעטער פון דער מאַכט זענען זיך שטאַרק מכוון צו קאָנצענטרירן די רעליגיעזע באַדערפעניש עפּעס צו פאַרערן מצד אירע

בירגער אויסשליסלעך אויפן שטאַט, בכדי איר מאַכט נישט צו מוזן טיילן מיט דער קירך.

אַ פאַקט איז, אַז די גרויסע פאָרקעמפער פונעם מאָדערנעם קאָנסטיטוציאָנעלן שטאַט האָבן פונקט אַזוי ענערגיש באַטאָנט די באַדערפעניש פון דער רעליגיע פאַרן וואוילשטאַנד פון דער שטאַטלעכער מאַכט ווי דאָס האָבן געטאָן פאַר זיי די פאַר־טיידיקער פונעם פירשטלעכן אַבסאָלוטיזם. רוסאָ, צום ביישפיל, וועלכער האָט מיט זיין ווערק „סאָציאַלער קאָנטראַקט" אַנגעמאַכט אַזעלכע אומהיילבאַרע וואונדן דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע, האָט דערקלערט גאַנץ אָפנהאַרציק:

„בכדי אַ פאָלק, וועלכעס האַלט אין אויפקומען, זאָל קאָנען אָפּשאַצן די הייליקע באַזישע כללים פון דער פּאָליטיק און זיך האַלטן ביי די עיקר־דיקע כללים פון מלוכה־אינטערעס, וואָלט נייטיק געווען, אַז די ווירקונג זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ סיבה, אַז דער סאָציאַלער גייסט, וועלכער דאַרף זיין דאָס ווערק פון דער אינסטיטוציע, זאָל שפּילן די פירנדיקע ראָל אין דער אינסטיטוציע; אַז מענטשן זאָלן, בכן, נאָך פאַר דער אַנטשטייאונג פון די געזעצן שוין זיין דאָס, וואָס זיי דאַרפן ערשט ווערן דורך די געזעצן. היות אָבער ווי דער געזעצגעבער איז נישט ביכולת נישט צו צווינגען און נישט צו איבערצייגן די מענטשן, מוז ער במילא אָנקומען איבערגעוואָלט צו אַן אויטאָריטעט פון אַ העכערן מין, וועלכע זאָל זיין אימשטאַנד מיטצורייסן די מענטשן אָן צוואַנג, נישט מוזנדיק זיי פריער איבערצייגן. דאָס איז די סיבה, פאַרוואָס די טאַטעס פון די נאַציעס זענען געווען געצוואונגען זיך צו ווענדן צום הימל און בתוך חכמה צו אָכפּערן די געטער, בכדי די מענטשן, וועלכע זענען אונטערגעוואָרפן סיי אונטער די געזעצן פון דער מלוכה ווי אונטער די געזעצן פון דער נאַטור, זאָלן זיך פרייוויליק אונטער־וואַרפן דער זעלביקער מאַכט, וועלכע האָט אויספאָרמירט סיי דעם מענטשן און סיי די מלוכה, און זיין געוויליקט מיט איינזעעניש צו טראָגן אויף זיך דעם יאָך פונעם שטאַטלעכן גליק. אָט די העכערע השגחה, וועלכע איז אומ־באַגרייפלעך פאַר דער השגה פונעם פשוטן מענטשן, אָט זי טאַקע, וועמעס אַנטשיידונגען דער געזעצגעבער לייגט אַריין אין מויל פון דער גאָטהייט, דאַרף, דורכן יראת־הכבוד צו העכערער מאַכט, פועל זיין דאָס, וואָס איז דורך מענטשלעכער חכמה נישט מעגלעך צו דערגרייכן".*)

ראָבעספּיער האָט זיך געהאַלטן שטרענג ביים אות פון דעם מייסטערס אָנ־ווייזונגען און האָט אָפּגעשיקט די הערבערטיסטן און די אַזויגערופענע „אַנראַזשעס" אויפן עשאַפאָט, מחמת זיי האָבן מיט זייער אַנטירעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע, וועל־כע איז אייגנטלעך געווען בלויז אַנטיקירכלעך, געשעדיקט דעם אָנזען פונעם שטאַט און אונטערגעגראָבן זיינע מאָראַלישע יסודות. אָרעמע הערבערטיסטן! זיי זענען געווען פונקט אַזעלכע גוטע מאמינים ווי דער „אומאָפּקויפּבאַרער" און זיין יאַ־קאָבינישע קירכן־געמיינדע, מיטן אייינציקן חילוק בלויז, וואָס זייער דראַנג צו פאַרע־רונג האָט זיך באַוואויגן אויף אַן אַנדערער ליניע און זיי האָבן נישט געוואָלט אָנערקענען קיין שום העכערע מאַכט חוץ דעם שטאַט, וועלכער איז פאַר זיי געווען

*) זשאַן זשאַק רוסאָ, „דער סאָציאַלער קאָנטראַקט", צווייט בוך, זיבעט קאַפּיטל.

דאָס הייליקסטע. זיי זיינען געווען גוטע פּאַטריאָטן און ווען זיי האָבן גערעדט וועגן דער „נאַציע", זענען זיי געווען באַהערשט פון דערזעלביקער התלהבות ווי דער קאַטוילי, ווען ער רעדט וועגן זיין גאָט. אָבער זיי זענען נישט געווען די געזעצגעבער פונעם לאַנד, דעריבער האָט זיי געפעלט יענע באַרימטע „העכערע איינפאַרשטענדעניש", וועלכע גייט אַרויס, לויט רוסאָ, פון די באַנעמונגס־ראַמען פונעם פשוטן מענטשן, און וועמעס אַנטשיידונגען דער געזעצגעבער לאָזט זיך אויף אַ פאַרזיכטיקן אופן באַשטעטיקן דורכן מויל פון דער גאָטהייט.

ראָבעספּיער, ווי דען אַנדערש, האָט געהאַט דידאָזיקע „העכערע איינפאַרשטענדעניש"; ער האָט זיך געפילט ווי דער געזעצגעבער פון דער „איינציקער און אומצעטיילבאַרער רעפּובליק", במילא האָט ער אַנערקענט, אַז דער אַטעיזם איז אַן „אַריסטאָקראַטישע אַנגעלעגנהייט" און אַז זיינע אָנהענגער זענען געווען אָפּגעקויפטע פון פּיטסן. אַקוראַט אַזוי ווי די היינטיקע פּאַרטיי־אָנהענגער פונעם באָלשעוויזם פאַרשרייען יעדן געדאַנק, וועלכער געפעלט זיי נישט, ווי אַ „קאָנטראַ־רעוואָלוציאָנערן", בכדי אַרויסצורופן דעם עקל ביי זייערע גלויביקע חסידים. אָבער אין שטורמישע צייטן איז אַזאַ קללה לעבנסגעפערלעך און איז דאָס זעל־ביקע ווי „דערהרגעט אים, ווייל ער האָט געלעסטערט גאָט". דאָס האָבן אויך די הערבערטיסטן געמוזט דורכמאַכן, אַזוי ווי אַ סך אַנדערע פאַר און נאָך זיי. זיי זיינען געווען מאמינים, אָבער נישט קיין פּראַוואָסלאַוונע, און די גיליאָטינע האָט זיי געמוזט צוהעלפן, ווי דאָס האָט פריער געטאָן דער שייטערהויפן מיט די כופרים.

אין זיין גרויסער רעדע אין קאָנווענט אין דער פאַרטיידיקונג פונעם גלויבן אין אַ העכסטן וועזן האָט ראָבעספּיער קוים אַרויסגעבראַכט אַן אייגענעם גע־דאַנק. ער האָט זיך פאַררופן אויף רוסאָס „סאָציאַלן קאָנטראַקט", וועלכן ער האָט קאָמענטירט אויף זיין געוויינלעכן לאַנגאָטעמענדיקן שטייגער. ער האָט געפילט די באַדערפעניש פון אַ שטאָטסרעליגיע פאַרן רעפּובליקאַנישן פראַנק־רייך, און דער קולט צום העכסטן וועזן האָט אים געדאַרפט דינען דערצו אַריינ־צולייגן אין מויל פון דער נייער גאָטהייט די חכמה פון זיין פּאָליטיק, בכדי איר צו געבן דעם הייליקן שיין פונעם געטלעכן ווילן.

דער קאָנווענט האָט באַשלאָסן אַרויסצוהענגען יענע רעדע אין אַלע ווינ־קלען פון פראַנקרייך און זי צו לאָזן איבערזעצן אין אַלע לשונות, בכדי צו דער־לאַנגען אַ טויטקלאַפּ דער נבזהדיקער לערע פונעם אַטעיזם און לאָזן וויסן דער וועלט דעם אמתן אני מאמין פונעם פראַנצויזישן פאָלק. אָבער דער פּאַריזער יאַ־קאָבינער קלוב האָט זיך צוגעאיילט אַרויסצואווייזן זיין יראת־הכבוד צום העכסטן וועזן אין אַ באַזונדערן מעמאָריאַל, וועמעס אינהאַלט, פונקט אַזוי ווי ראָבעס־פּיערס רעדע, האָט זיך פולשטענדיק געהאַלטן אין תוך פון רוסאָס געדאַנקענגאַנג, און אין וועלכן עס ווערט מיט אַ באַזונדערער צערטלעכקייט אַנגעוויזן אויף אַ

געוויסער שטעלע אין פערטן בוך פון „סאָציאַלן קאָנטראַקט", וואו עס ווערט געזאָגט:

„ס'איז, בכן, פאַראַן אַ ריין בירגערלעכער אַני־מאַמין און די באַשטימונג פון זיינע פּרטים איז אַן ענין, וואָס איז נוגע דעם ראש פון דער מלוכה. דאָ האַנדלט זיך דאָך, אַגב, נישט וועגן קיין רעליגיעזע דאָגמעס, נייערט וועגן אַלגעמיינע אָנשויאונגען, וואָס ווען מ'איז נישט געטריי צו זיי, קאָן מען נישט זיין קיין גוטער בירגער און נישט קיין געטרייער אונטערטאַן. און הגם דער שטאַט קאָן קיינעם נישט צווינגען אין אים צו גלייבן, דאַרף אָבער דער שטאַט, פונדעסטוועגן, פאַרטרייבן יעדן איינעם, וועלכער גלייבט נישט אין אים, און נישט ווי אַן אַפּיקורס, נייערט ווי אַזעלכן, וועלכער ברעכט דעם סאָציאַלן קאָנטראַקט, וועלכער איז אומפעאיק אויפריכטיק ליב צו האָבן די געזעצן און די גערעכטיקייט און אין פאַל פון נויט אויפצובערענגען פאַר אַ קרבן זיין לעבן לטובת זיין פליכט. און אויב עמעץ זאָל זיך נאָכן עפנטלעכן אָנערקענען אָט די פּרטים פונעם בירגערלעכן אַני מאַמין אַרויסווייזן ווי אַן אומגלויביקער, פאַר־דינט ער די טויטשטראָף; ער איז באַגאַנגען דעם גרעסטן פון אַלע פאַר־ברעכנס, ער האָט געשוואוירן פאַלש במזיד אין אָנגעזיכט פונעם געזעץ".

די יונגע פראַנצויזישע רעפּובליק איז געווען אַ באָרוואָס אויפגעקומענע מאַכט, וועלכע האָט נאָך נישט געהאַט קיין טראַדיציע און דערצו איז זי נאָך אַרויס־געקומען פונעם צוזאַמענבראָך פון אַן אַלטן הערשאַפטס־סיסטעם, וועמעס טיף־פאַר־וואָרצלטע מסורות זענען נאָך אַלץ געווען לעבעדיק אין ברייטע שיכטן פונעם פאָלק. זי איז דעריבער געווען אָנגעוויזן דערויף מער ווי וועלכער נישט איז אַנדערער שטאַט צו פאַרוואָרצלען איר יונגע מאַכט אינעם פאָלקס באַוואוסטזיין. די פאַר־טרעטער פון דער יונגער מאַכט האָבן טאַקע באַצירט דעם נייעם שטאַט מיט געטלע־כע אייגנשאַפטן און דעם קולט צו דער „נאַציע" אויסגעשטאַלטיקט אין אַ נייער רעליגיע, וועלכע האָט אָנגעפילט פראַנקרייך מיט ברויזנדיקער באַגייסטערונג. אָבער דאָס איז געשען אין טומל פון דער גרויסער איבערקערעניש, אין וועמעס רויע שטורמען אַן אַלטע וועלט האָט געדאַרפט צעזעצט ווערן. דער טומל האָט אָבער נישט געקאָנט דויערן אייביק און מ'האָט געדאַרפט פאָרויסזען די צייט, ווען די אָנ־קומענדיקע אויסניכטערונג וועט מאַכן פּלאַץ פאַר קריטישע באַטראַכטונגען. ווייל עפּעס האָט געפעלט דערדאָזיקער נייער רעליגיע — די טראַדיציע, וועלכע איז איי־נע פון די וויכטיקסטע עלעמענטן אין דער געשטאַלטונג פונעם רעליגיעזן באַוואוסט־זיין. ס'איז דעריבער געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַן אַקט פונעם מלוכה־אינטערעס, ווען ראָבעספּיער האָט די „געטין פון פאַרנונפט" צוריק אַרויסגעטריבן פון טעמפּל, בכדי זי צו פאַרבייטן דורכן קולט צום העכסטן וועזן, און די „איינציקע און אומצעטיילבאַרע רעפּובליק" צו פאַרזאָרגן מיטן נייטיקן שיין פון הייליקייט.

אויך די נייסטע געשיכטע ווייזט אונדז טיפּישע ביישפּילן פון דעם מין. זאָל מען זיך דערמאָנען וועגן מוסאָליניס אָפּמאַך מיט דער קאַטוילישער קירך. ראָבעס־פּיער האָט קיינמאָל נישט געשטעלט אין ספק גאָטס עקזיסטענץ, פּונקט ווי רוסאָ. מוסאָליני אָבער איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער אַפּיקורס און אַ גרימצאָרנדיקער שונא פון יעדן מין קירכנגלויבן, ווי דאָס איז אויך געווען דער פאַשיזם, וואָס זיך

האַלטנדיק ביי די אַנטיקלעריקאַלע טראַדיציעס פונעם איטאַליענישן בירגערטום, איז ער פון אָנהויב אויפגעטראָטן ווי אַן אויסגעשפּראָכענער קעגנער פון דער קירך. אָבער ווי אַ פלינקער שטאַטס־טעאַלאָג האָט מוסאָליני גאָר באַלד איינגעזען, אַז זיין מאַכט קאָן נאָר דעמאָלט האָבן אַ קיום, ווען עס וועט אים געלינגען זי צו פאַרגרונט־פעסטיקן אינעם אָפּהענגיקייטס־געפיל פון זיינע אונטערטאַנען און איר לגבי דרויסן געבן אַ רעליגיעזן כאַראַקטער. צוליב אָט דעם מאָטיוו האָט ער פונעם עקסטרעמסטן נאַציאָנאַליזם געמאַכט אַ נייע רעליגיע, וועלכע האָט אין איר עגאָיסטישער אויס־שליסלעכקייט און אין איר געוואַלטזאַמער אָפּגרענעצונג פון אַלע אַנדערע מענטש־לעכע גרופּירונגען נישט אָנערקענט קיין העכערן אידעאַל ווי דעם פאַשיסטישן שטאַט און זיין נביא, דעם דוטשע.

און פונקט ווי ראָבעספּיער, האָט אויך מוסאָליני געפילט, אַז זיין דאָקטרין פעלט טראַדיציע און אַז זיין יונגע מאַכט האָט נאָך נישט געוואָרפן קיין שאָטן; דאָס האָט אים געמאַכט פאַרזיכטיק. די נאַציאָנאַלע טראַדיציע אין איטאַליע איז נישט געווען גינציק פאַר דער קירך. מ׳האָט נאָך נישט געהאַט פאַרגעסן, אַז דאָס פּויפּס־טום איז אַמאָל געווען דער געפערלעכסטער קעגנער פון דער נאַציאָנאַלער איינ־הייטס־באַוועגונג, וועלכע האָט געקאָנט איינגעפירט ווערן נאָך אַן אָפענעם קאַמף מיטן וואַטיקאַן. אָבער די מענער פונעם „ריסאָרדזשימענטאָ״ און די שאַפער פון איטאַליעס נאַציאָנאַלער איינהייט זיינען נישט געווען קיין אַנטירעליגיעזע קנאים. זייער פּאָליטיק איז געווען אַנטיקלעריקאַל, ווייל די שטעלונג פונעם וואַטיקאַן האָט זיי דערצו געשטויסן, אָבער זיי זיינען בשום אופן נישט געווען קיין אַטעאיסטן. דער גרימצאָרנדיקער פיינט פון גלחים, גאַריבאַלדי, וועלכער האָט אין דער פאָררעדע צו זיינע לעבנס־זכרונות אָנגעשריבן די ווערטער: „דער גלח איז די פאַרקערפּערונג פונעם ליגן; דער ליגנער אָבער איז אַ רויבער, דער רויבער אַ מערדער, און איך וואָלט דעם קלער געקאָנט אָנווייזן נאָך אַנדערע נידערטרעכטיקע אייגנשאַפטן״, אַפילו גאַריבאַלדי איז געווען אַ טיפרעליגיעזער מענטש נישט נאָר לויט זיינע נאַ־ציאָנאַלע שטרעבונגען, נייערט זיין גאַנצער לעבנס־באַנעם האָט געוואָרצלט אין אמונה אין גאָט. אַזוי האָט זיך טאַקע געזאָגט אינעם זיבעטן פון יענע צוועלף אַר־טיקלען, וועלכע ער האָט פאָרגעלייגט אין יאָר 1867 צום קאָנגרעס פון דער „פרידנס־און פרייהייטס־ליגע״ אין גענף: „דער קאָנגרעס נעמט־אָן ווי זיין אייגענע גאָטס רעליגיע און יעדער איינער פון זיינע מיטגלידער איז זיך מתחייב זי צו פאַרשפּרייטן אויף דער גאַנצער וועלט״.

מאַדזיני אָבער, דער פירער פונעם יונגן איטאַליע און נעבן גאַריבאַלדין די אָנגעזעענסטע פיגור אינעם קאַמף פאַר איטאַליעס נאַציאָנאַלער איינהייט, איז מיט אַלע פיבערן פון זיין נשמה געווען דורכגעדרונגען פונעם טיפסטן רעליגיעזן גלויבן. זיין גאַנצער וועלט־באַנעם איז געווען אַ מאָדנע מישונג פון רעליגיעזער עטיק און נאַציאָנאַליסטישע שטרעבונגען, וועלכע זיינען, נישט געקוקט אויף זייער דעמאָקראַ־טישער אויסערלעכער זייט, געווען פון דורכויס אויטאָריטעטער נאַטור. זיין וואָל־

לאַזונג „גאָט און דאָס פאָלק" איז דווקא געווען סימבאָליש פאַר די צילן, וועלכע ער האָט געזוכט צו דערגרייכן, ווייל די נאַציע איז פאַר אים געווען אַ רעליגיעזער באַגריף, וועלכע ער האָט געפּרואווט אַריינצופּאַסן אין די ראַמען פון אַ פּאָליטישער קירך.

מוסאָליני און מיט אים די גרויסע צאָל פירער פונעם איטאַליענישן פאַשיזם האָבן זיך נישט געפונען אין דערדאָזיקער גינציקער לאַגע. זיי האָבן געהאַט פאַרביסן באַקעמפט נישט נאָר די קירך, נאָר אויך די רעליגיע ווי אַזעלכע. אַזאַ פאַרגאַנגענ־הייט באַלעסטיקט, באַזונדערס אין אַ לאַנד, וועמעס הויפּטשטאָט איז זינט אַ סך הונדערטער יאָרן געווען דער צענטער פון אַ מעכטיקער קירך, אין וועמעס רשות עס שטייען טויזנטער אָרגאַנען, גרייטע תמיד אויפן באַפעל פון אויבן אויפצוהאַלטן אין פאָלקס זכרון די מיאוסע פאַרגאַנגענהייט פונעם העכסטן פאַשיסטישן מלוכה־פירער. ס'איז דעריבער געווען ראַטזאַם זיך מיט דערדאָזיקער מאַכט איבערצובעטן. אָבער דאָס איז נישט געווען אַזוי איינפאַך, ווייל צווישן דעם וואַטיקאַן און דער איטאַליענישער מלוכה איז געווען דער 20־טער סעפּטעמבער 1870, ווען וויקטאָר מאַנועלס חיילות האָבן אַריינמאַרשירט קיין רוים און געמאַכט אַ סוף צו דער וועלטלעכער מאַכט פונעם קירכנשטאַט. אָבער מוסאָליני איז געווען גרייט אויף יעדן קרבן. בכדי איינצוקויפן דעם פרידן מיטן וואַטיקאַן, האָט ער פונדאַסניי אויפ־געשטעלט, ווען אַפילו בלויז אין קליינעם פאָרמאַט, דעם קירכנשטאַט, האָט פּי־נאַנציעל אַנטשעדיקט דעם פּויפּסט פאַרן אומרעכט, וואָס מ'איז באַגאַנגען אין זיין צייט קעגן איינעם פון זיינע פאָרגייער, האָט אַנערקענט דעם קאַטוויליציזם ווי אַ שטאַטסרעליגיע און איבערגעגעבן די גלחים אַ היפּשע טייל פון די עפנטלעכע דער־ציאונגס־אַנשטאַלטן.

ס'זענען מסתמא נישט געווען קיין רעליגיעזע אָדער מאָראַלישע סיבות, וועל־כע האָבן באַוואויגן מוסאָליניך צום דאָזיקן שריט, נייערט מאַכט־פּאָליטישע אויס־רעכענונגען. ער האָט געדאַרפט האָבן אַ מאָראַלישע שטיצע פאַר זיינע אימפּעריאַ־ליסטישע פּלענער און ער האָט געמוזט באַזונדערס טראַכטן צו באַזייטיקן דעם אומ־צוטרוי, וואָס דאָס אויסלאַנד האָט אים אַרויסגעוויזן. דעריבער האָט ער געזוכט צו קומען אין באַרירונג מיט יענער מאַכט, וועלכע האָט ביז איצט אויסגעהאַלטן אַלע שטורמען פון דער צייט און וועמעס מעכטיקע, די גאַנצע וועלט אַרומנעמענדיקע אָרגאַניזאַציע, וואָלט אים ביי געוויסע אומשטענדן געקאָנט ווערן זייער געפערלעך. צי דער חשבון ביים דאָזיקן מסחר איז אויסגעפאַלן אַזוי ווי ער האָט אויסגערעכנט איז אַן ענין, וואָס גייט אונדז איצט נישט אָן. אָבער דער אומשטאַנד, וואָס דווקא דער „אַלמעכטיקער דוטשע" האָט דאָס געמוזט זיין דער, וועלכער האָט ווידער גע־עפנט די טויערן פונעם וואַטיקאַן און געמאַכט אַ סוף צום „פּויפּסטס געפאַנגענ־שאַפט", איז איינער פון יענע גראָטעסקן אין דער געשיכטע, וועלכע וועלן מוסאָלי־ניס נאָמען האַלטן לענגער לעבעדיק ווי אַלעס אַנדערע, וועלכעס האָט אַ שייכות צום דאָזיקן נאָמען. אויך דער פאַשיזם האָט סוף־כל־סוף געמוזט דערגיין צו דער

איינזעעניש, אַז מיט ריצינאַייל, מיט רציחות און פּאָגראָמען — ווי נייטיק דידאָ־
זיקע מיטלען האָבן זיך געקאָנט האָבן אויסגעוויזן דעם פאַשיסטישן שטאַט פאַר
זיין אינלענדישער פּאָליטיק — איז נישט מעגלעך צו באַגרינדן קיין דויערנדיקע
מאַכט. דעריבער האָט מוסאָליני אַ שטיק צייט פאַרגעסן דעם „פאַשיסטישן נס״,
פון וועלכן דאָס איטאַליענישע פאָלק איז כלומרשט פונדאַסניי געבוירן געוואָרן,
בכדי „רוים זאָל צום דריטן מאָל ווערן דאָס האַרץ פון דער וועלט״, און ער האָט
געזוכט אַ פאַרבינדונג מיט אַ מאַכט, וועמעס געהיימע שטאַרקייט ליגט אין איר
טויזנטיאָריקער מסורה און וועלכע ס׳איז טאַקע דערפאַר אַזוי שווער צו צע־
טרייסלען.

אין דייטשלאַנד, וואו די פאַרשטייער פונעם זיגערישן פאַשיזם האָבן נישט
געהאַט מוסאָליניס צופּאַסונגס־פעאיקייט און נישט זיין קלוגע וויזיע און אין נאַ־
רישער נעגאַציע פון די ווירקלעכע פאַקטן האָבן זיי געגלייבט צו קענען איבערגע־
שטאַלטיקן דאָס גאַנצע לעבן פון אַ פאָלק לויט דער ווילקיר פון בלוטאָרעמע טע־
אָריעס, האָבן זיי פאַרן דאָזיקן טעות געמוזט טייער באַצאָלן. ס׳איז אמת, אַז אויך
היטלער און זיינע גייסטיקע בעלי־יועצים האָבן אַנערקענט, אַז דער אַזויגערופע־
נער טאָטאַליטאַרער שטאַט מוז פאַרפעסטיקט ווערן אין די טראַדיציעס פון די מאַ־
סן, כדי צו האָבן אַ קיום; אָבער דאָס, וואָס זיי האָבן אָנגערופן טראַדיציעס, זענען
טיילווייז געווען אויסטראַכטענישן פון זייער קראַנקער איינבילדונגס־קראַפט, טייל־
ווייז באַגריפן, וועלכע זענען פון זינט אַ סך הונדערטער יאָרן שוין געווען טויט
פאַרן פאָלק. אויך געטער ווערן אַלט און זיי מוזן שטאַרבן, בכדי פאַרביטן צו ווערן
דורך אַנדערע, וועלכע זענען מער בהסכם מיט די גלויבנס־באַדערפעונישן פון דער
צייט. דער איינאויגיקער וואָטאַן און די ליבלעכע פרייאַ מיט די גאָלדענע לעבנס־
עפּל זענען שוין איצט נישט מער ווי שאָטנס פון לאַנג־פאַרגאַנגענע צייטן, וועלכן
קיין שום „מיטאָס פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט״ קאָן נישט אויפוועקן צו אַ
נייעם לעבן. דעריבער איז די אילוזיע וועגן אַ נייעם „דייטשן קריסטנטום אויף
אַ גערמאַנישן יסוד״ געווען אַזוי גרענעצלאָז פוסט און הרפהדיק גייסטלאָז.

ס׳איז בשום אופן נישט געווען דער געוואַלטזאַמער און רעאַקציאָנערער כאַ־
ראַקטער פון היטלערס פּאָליטיק, וועלכער האָט באַוואויגן הונדערטער קאַטוילישע
און פּראָטעסטאַנטישע גלחים זיך אַרויסצושטעלן קעגן דער „גלייכשאַלטונג״ פון
דער קירך; ס׳איז געווען די זיכערע איבערצייגונג, אַז דידאָזיקע קאַפּלאַזע אונ־
טערנעמונג מוז אומפאַרמיידלעך אונטערגיין, און מ׳איז געווען גענוג שכלדיק
נישט איבערצונעמען קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וועמעס פועל־יוצאס וואָלטן גע־
קאָנט זיין אומגליקלעכע פאַר דער קירך. ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן, וואָס די
פירער פונעם דריטן רייך האָבן די ווידערשפּעניקע גלחים אַריינגעוואָרפן אין די
קאָנצענטראַציע־לאַגערס און אין די בלוטיקע טעג פון יוני אייניקע פון די אָנגע־
זעענסטע פאַרטרעטער פונעם דייטשן קאַטוילציזם אויף אַ גענגסטערישן אופן
אָוועקגעלייגט; זיי האָבן דעם שטורעם נישט געקאָנט גובר זיין און זיך לסוף גע־

מוזט אַנטשליסן נאָכצוגעבן. היטלער, וועמען ס׳איז געלונגען אין אייניקע וואָכן צו געווינען די אין מיליאָנען ציילנדיקע דייטשע אַרבעטער־באַוועגונג, האָט דאָ גע־טראָפן דעם ערשטן ווידערשטאַנד, קעגן וועלכן וואָטאַן האָט אָנגעהויבן גאָרנישט געקאָנט העלפן.

נאָך גראָטעסקער ווי אין פאַשיסטישן איטאַליע האָבן זיך אויסגעוויקלט די געשעענישן אין רוסלאַנד אונטער דער באַרימטער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. ווען די ערשטע אויפלאַגע פון דאָזיקן ווערק איז אַרויס־געגאַנגען, אין יאָר 1936, האָט אין „רויטן פאָטערלאַנד פונעם פּראָלעטאַריאַט" נאָך געגאָלטן מאַרקס זאָג, וועלכער האָט באַצייכנט די „רעליגיע ווי אָפּיום פאַרן פאָלק" און דער פאַרבאַנד פון די בעזבאָזשניקעס האָט זיך באַ־מיט מיט אַלע מיטלען צו מאַכן אַריינדרינגען אין פאָלק דידאָזיקע איבערצייגונג. נאָכדעם אָבער האָט די רוסישע רעגירונג צוריק אומגעקערט דער קירך אירע רעכטן און אָנערקענט דעם פּאַטריאַרך סערגיי ווי דעם שעף פון דער קירך. דער פאַר־באַנד פון די בעזבאָזשניקעס איז ליקווידירט געוואָרן און ער שטערט שוין מער נישט דעם שלום צווישן מלוכה און קירך. און נישט נאָר דאָס: דער „אינטערנאַציאָנאַל" איז שוין מער נישט דער נאַציאָנאַלער הימן פונעם רוסישן פאָלק. דער אינטערנאַציאָנאַליזם פון די אַלטע באָלשעוויקעס האָט געמוזט אָפּטרעטן דאָס פּלאַץ פאַר נאַציאָנאַלע אויסרעכענונגען און אין די נייע לערנביכער פאַר דער יוגנט ווערן אַזעלכע דעספּאָטן ווי איוואַן גראָזני און פּיאָטר דער גרויסער אַרויסגעשטעלט ווי פאַרטיידיקער פון די נאַציאָנאַלע אינ־טערעסן. אָבער די אָרטאָדאָקסישע קירך מיט אירע הונדערט מיליאָן מאמינים, וועלכע האָט אויך אַ גרויסע צאָל אָנהענגער אין רומעניע, בולגאַריע, סערביע און גריכנלאַנד, איז פאַר רוסלאַנדס מאַכט־פּאָליטישע כוונות אַן אַליאירטער, וועמעס מאַכט אַזאַ קאַלטער רעאַלפּאָליטיקער ווי סטאַלין פאַרשטייט זייער גוט אָפּ־צושאַצן. פונקט ווי מוסאָליני איז אויך סטאַלין מסתמא מסכים מיט וואָלטערן, אַז ווען גאָט זאָל נישט עקזיסטירן, וואָלט מען אים געמוזט אויסטראַכטן. און אויב אַפילו נישט פאַרן נצחון פון דער קירך, זאָל־זשע עס זיין ווי אַ פּסיכאָלאָגישער יסוד פאַר דער ערדישער השגחה פונעם שטאַט, ווען אַפילו דערדאָזיקער שטאַט רופט זיך אַן פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור.

# III

## מיטלאַלטער, קירך און מלוכה

דער גרונטפּרינציפּ פון דער מאַכט — קריסטנטום און שטאַט. — דאָס פּויפּסטום. — אַוגוסטינוסעס „גאָט־שטאַט" — די הייליקע קירך. — דער קאַמף פאַר דער וועלטהערשאַפט. — גרעגאָר דער זיבעטער. — די ווירקונג פון דער מאַכט אויף אירע פאַרשטעער. — רוים און די גערמאַנער. — גערמאַנישער צעזאַריזם. — דער קאַמף פאַר רוים. — די פרעמדע הערשאַפט. — דער אונטערגאַנג פון די אַלטע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. — אַריסטאָקראַטיע און קעניגטום. — פעאָדאַליזם און קנעכטשאַפט. — דאָס פראַנקענרייך. — קאַרל דער גרויסער און דאָס פּויפּסטום. — קאַמף צווישן קייזער און פּויפּסט.

יעדע מאַכט ווערט אינספּירירט פונעם וואונטש צו זיין איינאיינציק, ווייל לויט איר מהות פילט זי זיך אַבסאָלוט און שטעלט זיך אַרויס קעגן יעדן מין באַשרענקונג, וועלכע דערמאַנט זי אין די גרענעצן פון איר איינפלוס. מאַכט איז אויטאָריטעט־באַוואוסטזיין אין אַקטיוויטעט; פונקט ווי גאָט, קאָן זי נישט דולדן קיין אַנדערע געטער נעבן זיך. דאָס איז די סיבה, פאַרוואָס עס ברעכט תיכף אויס אַ קאַמף פאַר דער העגעמאָניע, ווי נאָר פאַרשידענע מאַכט־גרופּן טרעטן־אויף צוזאַמען אָדער זענען געצוואונגען אויסצושפּרייטן זייערע ספערן איינע נעבן די אַנדערע. ווי באַלד אַ שטאַט האָט דערגרייכט די כוחות, וועלכע דערלויבן אים צו מאַכן פון זיי אַן אַנטשיידנדיקן געברויך, וועט ער זיך נישט צופרידנשטעלן פריער, ביז ער וועט האָבן דעראָבערט די אויבערמאַכט איבער אַלע שכנישע מלוכות און קאָנען אַרויפצווינגען אויף זיי זיין ווילן. נאָר ווען ער איז נאָך נישט גענוג שטאַרק, איז ער גרייט אויף הנחות; קוים אָבער פילט ער זיך גענוג מעכטיק, וועט ער נישט דורכלאָזן די געלעגנהייט אויסצופּרואוון אַלע מיטלען, בכדי אויסצושפּרייטן די גרעניצן פון זיין הערשאַפט. מחמת דער ווילן צו מאַכט האַלט זיך ביי זיינע אייגענע געזעצן, וועלכע ער קאָן אַפילו פאַרמאַסקירן, אָבער קיינמאָל נישט פאַרלייקענען.

די כוונה אַלעס צוזאַמענצושלעפּן אונטער איין דאַך, יעדע געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעט אונטערצוואַרפן אונטער אַ צענטראַלן ווילן און אים מעכאַניש איינצוגלידערן, איז דער יסוד פון יעדער מאַכט, אָן אַ נפקא־מינה, צי עס האַנדלט זיך דערביי וועגן דער פּערזאָן פון דעם אַבסאָלוטן מאָנאַרך פון די פאַרגאַנגענע צייטן, וועגן דער נאַציאָנאַלער איינהייט פון אַ קאָנסטיטוציאָנעל־דערווײלטער

פאָלקס־פאַרטרעטערשאַפט אָדער וועגן די צענטראַליסטישע פּרעטענזיעס פון אַ פּאַר־טיי, וועלכע האָט אויפגעשריבן אויף איר פאָן די דעראָבערונג פון דער מאַכט. דער פּרינציפּ צו רעגלאַמענטירן די געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעט לויט אַ באַשטימטן כלל, אין וועלכן ס׳איז נישט דערלאָזבאַר קיין שום ענדערונג, איז דער אומפאַר־מיידלעכער תנאי פון יעדן מאַכטווילן. פון דאַנען שטאַמט דער דראַנג נאָך אויסער־לעכע סימבאָלן, וועלכע שטעלן אַוועק פאַר די אויגן אַ ממשותדיקע איינהייט פונעם מאַכט־אויסדרוק, אין וועמעס מיסטישער גרויסקייט עס קאָן זיך פאַרוואָרצלען דער שטומער יראת־הכבוד פונעם בראַוון אונטערטאַן. דאָס האָט מסתמא פאַרשטאַנען דע מעסטר, ווען ער האָט געזאָגט: „אָן פּויפּסט — קיין סואווערעניטעט, אָן סואווערעניטעט — קיין איינהייט, אָן איינהייט — קיין אויטאָריטעט, אָן אויטאָרי־טעט — קיין גלויבן״.

יאָ, אָן אויטאָריטעט איז נישטאָ קיין אמונה, קיין אָפּהענגיקייטס־געפיל פּור־נעם מענטשן צו אַ העכערער מאַכט, מיט איין וואָרט — נישטאָ קיין רעליגיע. און די אמונה וואַקסט מיט דער גרויס פונעם איינפלוס־געביט, איבער וועלכן די אוי־טאָריטעט שאַלטעוועט. די באַזיצער פון דער מאַכט זענען תמיד באַהערשט פונעם וואונטש אויסצושפּרייטן זייער מאַכט, און אויב זיי זענען נישט בכוח דאָס צו באַווייזן, זענען זיי זיך מכוון לפּחות צו מאַכן גלייבן די אונטערטאַנען אין דער אומבאַגרעניצטקייט פון דאָזיקן איינפלוס, בכדי צו שטאַרקן זייער אמונה. די פאַנ־טאַסטישע טיטלען פון די אַזיאַטישע דעספּאָטן זענען אַ ביישפּיל פאַר דעם.

וואו די מעגלעכקייט איז אָבער יאָ פאַראַן, באַנוגענען זיך נישט די פאַרשטייער פון דער מאַכט מיט די בלויזע באַרימערישע טיטלען; זיי פּרוּאוון גיכער מיט אַלע מיטלען פון דיפּלאָמאַטישער כיטרעקייט און ברוטאַלער געוואַלט צו דערגרייכן אַן אויסברייטערונג פון זייער מאַכטגעביט אויפן חשבון פון אַנדערע מאַכטגרופּן. אַפילו אין דעם קלענסטן מאַכטאָרגאַן דרימלט ווי אַ פאַרבאָרגענער פונק דער ווילן צו וועלטהערשאַפט, און ווען אַפילו ער פאַרוואַנדלט זיך בלויז אין גאָר זעל־טענע גינציקע פאַלן אין אַ פאַרצערנדיקן פלאַם, בלייבט ער דאָך אָבער תמיד לע־בעדיק, ווען אַפילו ווי אַ געהיימער אויסדרוק פונעם ווילן. עס האָט גאָר אַ טיפן זין די באַשרייבונג, וואָס ראַבעלאַיס גיט אונדז אין זיין „גאַרגאַנטוּאַ״ פונעם דואָדעץ־קעניג פּיקראָשאָל, ווען די מילדע נאָכגעביקייט פון זיין שכן גראַנגוסיער צע־וואַרעמט אַזוי שטאַרק דעם קאָפּ, אַז, פאַרבלענדט דורך די מטורפדיקע עצות פון זיינע בעלי־יועצים, פילט ער זיך שוין כמעט ווי אַ נייער אַלעקסאַנדער. כל זמן דער באַזיצער פון דער מאַכט זעט וועלכן נישט איז געביט פאַר זיך, וועלכעס האָט זיך נאָך נישט געשטעלט אין דינסט פון זיין ווילן, וועט ער זיך בשום אופן נישט צופרידן שטעלן; מחמת דער ווילן צו מאַכט איז אַ נישט צופרידנשטעלנדיקער פאַרלאַנג, וועלכער שטייגט מיט יעדן נייעם דערפאָלג און ווערט שטאַרקער. די לע־גענדע מכוח דעם טרויערנדיקן אַלעקסאַנדער, וועלכער ברעכט־אויס אין אַ געוויין, ווייל עס בלייבט אים שוין גאָרנישט אויף דער וועלט וואָס צו דעראָבערן, האָט אַ

סימבאָלישן באַדייט און ווייזט אונדז דעם טיפסטן תמצית פון אַלע שטרעבונגען צו מאַכט.

דער חלום אויפצוריכטן אַ וועלט־אימפּעריע איז נישט בלויז אַ דערשיינונג פון דער אַלטער געשיכטע; ס׳איז דער לאָגישער פועל־יוצא פון יעדער מאַכט־אַקטיוויטעט און איז נישט צוגעבונדן צו קיין שום פּעריאָד. פון זינט דער צעזאַריזם איז אַריינגעדרונגען אין אייראָפּע, איז דער געדאַנק וועגן דער וועלט־הערשאַפט נישט מער פאַרשוואונדן פונעם האָריזאָנט פון די פּאָליטישע געשעענישן, ווען אַפילו ער האָט דורכגעמאַכט געוויסע ענדערונגען צוליב דעם, וואָס עס האָבן זיך געשאַפן נייע סאָציאַלע באַדינגונגען. אַלע גרויסע פּרוּוון איינצופירן אוניווערסאַלע מאַכט־קערפּערשאַפטן, אַזעלכע ווי די ביסלעכווייזע אַנטוויקלונג פונעם פּויפּסטום, די געשטאַלטיקונג פון קאַרל דעם גרויסנס אימפּעריע, די צילן, וועלכע זיינען געווען דער מאָטיוו פון די קאַמפן צווישן דער פּויפּסטלעכער און דער קייזערלעכער מאַכט, די אַנטשטייאונג פון די גרויסע דינאַסטיעס אין אייראָפּע און דער קאָנקורענץ־קאַמף פון די שפּעטערדיקע נאַציאָנאַלע שטאַטן פאַר דער הויפּטמאַכט אין אייראָפּע זענען פאַרגעקומען לויט רוימישן מוסטער. און אומעטום איז די פּאָליטישע גרופּירונג פון אַלע מאַכט־פאַקטאָרן פאַרגעקומען לויט דערזעלביקער סכעמע, וועלכע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אַנטשטייאונג פון יעדער מאַכט.

דאָס קריסטנטום האָט זיך אָנגעהויבן ווי אַ רעליגיעזע מאַסן־באַוועגונג און האָט מיט זיין דאָקטרין וועגן דער גלייכהייט פון אַלע מענטשן פאַר גאָט צעטרייסלט די יסודות פונעם רוימישן שטאַט. דערפאַר טאַקע די אַכזריותדיקע פאַרפאָלגונג פון זיינע אָנהענגער. נישט די נייקייט פון דער אמונה איז עס געווען, וואָס די רוימישע מושלים אויפגעבראַכט קעגן די קריסטן; וואָס זיי האָבן געוואָלט דערשלאָגן זענען געווען די שטאַטס־פיינטלעכע פּאָסטולאַטן פון דער דאָזיקער לערע. אַפילו נאָכדעם שוין ווי קאָנסטאַנטין האָט געהאַט דערקלערט דאָס קריסטנטום ווי די שטאַטס־רעליגיע, האָבן נאָך די התחלהדיקע שטרעבונגען פון דער קריסטלעכער לערע געלעבט אַ לאַנגע צייט ביי די כיליאַסטן און מאַניכעער, כאָטש זיי האָבן שוין נישט געקאָנט האָבן קיין אַנטשיידנדיקן איינפלוס אויף דער געשטאַלטיקונג פונעם קריסטנטום.

שוין אין דריטן יאָרהונדערט האָט זיך די קריסטלעכע באַוועגונג געהאַט פולשטענדיק צוגעפּאַסט צו די הערשנדיקע פאַרהעלטענישן. דער גייסט פון דער טעאָלאָגיע האָט געזיגט איבער די לעבעדיקע שטרעבונגען פון די מאַסן. די באַוועגונג האָט זיך געשטעלט אין ענגן קאָנטאַקט מיט דער מלוכה, וועלכע זי האָט פריער געהאַט באַקעמפט ווי דאָס „מלכות פון שטן״, און אונטער איר השפּעה האָט זי זיך אָנגעשטעקט מיט מאַכטפּאָליטישע אַמביציעס. אַזוי האָט זיך פון די קריסטלעכע געמיינדעס אַנטוויקלט אַ קירך, וועלכע האָט געטריי אָפּגעהיט די מאַכט־געדאַנקען פון די צעזאַרן, ווען די רוימישע אימפּעריע איז צעשמעטערט געוואָרן אין די שטורמען פון די פעלקער־וואַנדערונגען.

דער אויפהאַלט פונעם רוימישן בישאָף אינעם סאַמע האַרץ פון דער וועלט־אימפעריע האָט אים פון אָנהויב אָן געגעבן אַ פּאָזיציע פון אויבערמאַכט איבער אַלע אַנדערע קריסטלעכע געמיינדעס. ווייל רוים איז אויך נאָכן צעפאַל פון דער אימפעריע געבליבן דאָס האַרץ פון דער וועלט, איר מיטלפּונקט, אין וועלכן ס׳איז געווען לעבעדיק די ירושה פון צען ביז פופצן קולטורן, וועלכע האָט אַריינגעצויגן די וועלט אין איר כישוף־קרייז. פון דאַנען זענען אויך געצוימט געוואָרן די יונגע אומפאַרנוצטע כוחות פון די אַזויגערופענע באַרבאַרן פון צפון, אונטער וועמעס מעכטיקן אָנגעיאָג די אימפעריע פון די צעזאַרן איז צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן. די נייע תורה פונעם שוין פאַרפעלשטן קריסטנטום האָט געמעסיקט זייער ווילדן אינסטינקט, אַרויפגעלייגט קייטן אויף זייער ווילן און דער גייציקייט פון זייערע פירער אָנגעוויזן נייע וועגן, וועלכע האָבן פאַר זייערע מאַכט־גלוסטעונישן געעפנט אומגעדאַכטע אויסזיכטן. דערביי האָט דאָס פּויפּסטום, וועלכעס האָט זיך געהאַלטן אין פאַמעלעכן קריסטאַליזירן, נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט אויף אַן אינטעליגענטן אופן אויסצונוצן פאַר זיינע אייגענע צוועקן די נאָך נישט פאַרברויכטע ענערגיעס פון די „באַרבאַרן״ און מיט זייער הילף צו פאַרלייגן דעם יסוד פאַר אַ נייער וועלט־מאַכט, אויף וועלכער ס׳זאָל אויספאַלן במשך פון הונדערטער יאָרן צו געבן דעם לעבן פון די אייראָפּעאישע פעלקער אַ באַשטימטע אָריענטאַציע.

ווען אַוגוסטינוס האָט זיך פאַרנומען צו פאָרמולירן זיינע אידעען אין זיין „מלכות אלוהים״, האָט שוין דאָס קריסטנטום געהאַט דורכגעמאַכט אַ פולשטענדיקע איננערלעכע אומוואַנדלונג. פון אַן אַנטישטאַטלעכער באַוועגונג האָט עס זיך פאַרוואַנדלט אין אַ דעם שטאַט־אַנערקענענדיקע רעליגיע, וועלכע האָט אויפגענומען אין זיך אַ גרויסע צאָל פרעמדע באַשטאַנד־טיילן. אָבער די יונגע קירך האָט נאָך געשימערט מיט אַלע אירע קאָלירן; עס האָט איר געפעלט דאָס סיסטעמאַטישע שטרעבן צו אַ גרויסער מאַכטפּאָליטישער איינהייט, וועלכע זאָל זיך באַוואוסטזיניק און מיט פולער איבערצייגונג אָריענטירן אויף דעם שטרענג־אויספאָרמירטן ציל פון אַ נייער וועלטמאַכט. אַוגוסטינוס האָט איר געגעבן דעמדאָזיקן ציל. ער האָט פאַרשטאַנען די אומגעהויערע צעריסנקייט פון דער צייט, ער האָט געזען ווי טויזנט כוחות שטרעבן צו טויזנט פאַרשידענע צילן, ווי זיי דרייען זיך אין אַ משוגענעם כאַאָסדיקן קנויל און ווי נאָר זיי ווערן געבוירן, ווערן זיי תיכף צעשטויבט אָדער פרוכטלאָז צעפּטערט, ווייל עס פעלט זיי אַ ציל און ריכטונג. נאָך אייניקע געפעכטן איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די מענטשן פעלט אַן איינהייטלעכע מאַכט, וועלכע זאָל מאַכן אַ סוף צו יעדן מין ווידערשטאַנד און זיין ביכולת אַלע צעשפּרייטע כוחות צו פאַרווענדן פאַר אַ העכערן ציל.

אַוגוסטינוסעס „מלכות אלוהים״ האָט שוין נישט געהאַט קיין שום געמיינזאַמס מיט דער אורשפּרינגלעכער תורה פונעם קריסטנטום. טאַקע דערפאַר האָט דאָס דאָזיקע ווערק געקאָנט ווערן דער טעאָרעטישער יסוד פון אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקער קאַטוילישער וועלט־אַנשויאונג, וועלכע האָט געמאַכט אָפּהענגיק די דערלייזונג פון

דער צעפּייניקטער מענטשהייט פון די מאַכטפּאָליטישע אויסרעכענונגען פון אַ קירך. אַוגוסטינוס האָט געוואוסט, אַז די הערשנדיקע פּאָזיציע פון דער קירך מוז זיך פאַרוואָרצלען טיף אינעם גלויבן פון די מענטשן, אויב זי וויל האָבן אַ קיום. און ער האָט זיך באַמיט דעמדאָזיקן גלויבן צו געבן אַזאַ יסוד, אַז קיין שום חריפות פונעם שכל זאָל אים נישט קאָנען צעטרייסלען. אַזוי אַרום איז ער געוואָרן דער אייגנטלעכער באַגרינדער פון יענער טעאָלאָגישער געשיכט־אויפפאַסונג, וועלכע שרייבט־צו אַלע געשעענישן צווישן די פעלקער פון אונדזער פּלאַנעט צו גאָטס ווילן, אויף וועלכן דער מענטש קאָן נישט האָבן קיין שום איינפלוס.

אויב דאָס קריסטנטום פון די ערשטע יאָרהונדערטער האָט דערקלערט מלחמה די פונדאַמענטאַלע אידייען פון דער רוימישער מלוכה און אירע אינסטיטוציעס און דער־פאַר געקומען אויף זיך אַלע רדיפות פון דעראָזיקער מלוכה, האָט אַוגוסטינוס גע־לאָזט וויסן, אַז דער קריסט איז נישט מחויב זיך אַרויסצושטעלן קעגן רשעות פון דעראָזיקער וועלט, מחמת „אַלעס ערדישע איז נישטיק" און „דער אמתער שלום געפינט זיך נאָר אין הימל". אַזוי אַרום דאַרף דער „אמתער מאַמין אויך נישט פאַרדאַמען די מלחמה, נייערט זי גיכער באַטראַכטן ווי אַ נויטווענדיקע צרה, ווי אַ שטראָף, וועלכע גאָט האָט אַרויפגעלייגט אויף די מענטשן. ווייל דער קריג איז, ווי די פּעסט, דער הונגער און אַלע אַנדערע אַנשיקעניש, נאָר גאָטס שטראָף, בכדי צו ציכטיקן די מענטשן, זיי אויסצובעסערן און זיי צוגרייטן פאַר דער זע־ליקייט".

בכדי אָבער גאָטס ממשלה זאָל דעם מענטשן ווערן פאַרשטענדלעך, דאַרף מען האָבן אַ ממשותדיקע מאַכט, דורך וועלכער גאָט לאָזט וויסן זיין הייליקן ווילן, בכדי די בעל־עבירהניקעס אַרויפצופירן אויפן דרך־הישר. קיין שום וועלטלעכע מאַכט איז נישט ראוי צו דעראָזיקער אויפגאַבע, ווייל דאָס קעניגרייך פון דער וועלט איז דעם שטנס קעניגרייך, וועלכעס מוז באַזיגט ווערן, בכדי די מענטשן זאָלן אויסגעלייזט ווערן. נאָר פאַר אַ „סאַנקטאַ עקלעסיאַ", פאַר אַ הייליק־קערקירך, איז רעזערווירט און פון גאָט אַליין באַשטימט געוואָרן די דאָזיקע דערהויבענע אויפגאַבע. די קירך איז די איינציקע און אמתע שטעלפאַר־טרעטערן פון געטלעכן ווילן אויף דער ערד, די איינאָרדענענדיקע האַנט פון דער השגחה, וועלכע טוט נאָר דאָס רעכפאַרטיקע, מחמת זי איז באַזעלט מיטן געט־לעכן גייסט.

לויט אַוגוסטינוסן וויקלען זיך אויס אַלע מענטשלעכע געשעענישן אין זעקס גרויסע תקופות, פון וועלכע די לעצטע האָט זיך אָנגעהויבן מיט קריסטוסעס גע־בורט. דעריבער מוזן די מענטשן באַנעמען, אַז דער אונטערגאַנג פון דער וועלט שטייט אוממיטלבאַר פאַר דער טיר. דעריבער איז נאָך דרינגנדיקער דער געבאָט מכוח דער שאַפונג פון גאָטס קעניגרייך אויף דער ערד אונטער דער אָנפירונג פון דער אַפּאָסטאָלישער קירך, בכדי צו ראַטעווען די נשמות פון אומקום און צו־גרייטן די מענטשן פאַרן הימלישן ירושלים. היות די קירך איז די איינציקע אויס־

רופערן פון גאָטס ווילן, מוז זי לויט איר מהות זיין אומטאָלעראַנט, ווייל דער מענטש קאָן דאָך פון זיך אַליין נישט וויסן, וואָס ס׳איז גוט און וואָס ס׳איז שלעכט. זי דאַרף דער לאָגיק פון שכל נישט מאַכן די מינדסטע הנחה, מחמת יעדע מענטש־לעכע קענטעניש איז הבל הבלים און די חכמה פון די מענטשן קאָן נישט באַשטיין פאַר גאָט. דעריבער איז די אמונה נישט קיין מיטל צום צוועק, נאָר אַ צוועק פאַר זיך גופא; מ׳דאַרף האָבן אמונה צוליב דער אמונה גופא און מ׳טאָר זיך נישט לאָזן אַראָפּפירן פון דרך־הישר דורך די פאַלשע דאַכטענישן פון שכל. ווייל דאָס וואָרט, וועלכעס מ׳שרייבט־צו טערטוליאַנען: Credo quia absurdum est, „איך גלייב, ווייל ס׳איז קעגן שכל“, איז ריכטיק און איז אימשטאַנד צו באַפרייען די מענטשן פון שטנס לאַפּעס.

אַוגוסטינעסעס וועלטבאַנעם האָט במשך פון אַ לאַנגער צייט באַהערשט די קריסטלעכע וועלט. בלויז אַריסטאָטעלעס האָט במשך פון גאַנצן מיטלאַלטער גע־האַט אַזאַ מין ענלעכע אויטאָריטעט. אַוגוסטינוס האָט די מענטשן אַריינגעגעבן דעם גלויבן אין אַן אומפאַרמיידלעכן גורל און דעמדאָזיקן גלויבן האָט ער צונויפ־געגאָסן מיט די מאַכטפּאָליטישע איינהייטס־שטרעבונגען פון דער קירך, וועלכע האָט זיך געפילט באַרופן ווידער אויפצושטעלן די פאַרלוירענע וועלטהערשאַפט פונעם רוימישן צעזאַריזם און זי שטעלן אין דינסט פון אַ פיל העכערן צוועק.

די בישאָפן פון רוים האָבן איצט געהאַט איין ציל, וועלכער האָט אָנגע־צייכנט ברייטע גרענעצן פאַר זייער ערגייציקייט. אָבער איידער דערדאָזיקער ציל זאָל קאָנען דערגרייכט ווערן און איידער די קירך זאָל קאָנען פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מעכטיקן ווערקצייג פון אַ מאַכטפּאָליטישן צוועק, האָט מען פריער געמוזט געבן צו פאַרשטיין די אַנדערע פאַרשטייער פון די קריסטלעכע געמיינדעס וואָס דאָס זענען פאַראַ שטרעבונגען. כל־זמן מ׳האָט דאָס נישט געקאָנט באַווייזן, איז דעם פויפּסטס וועלטהערשאַפט געבליבן נישט מער ווי א חלום; די קירך האָט קודם־כל געמוזט זיין פאַראייניקט אין זיך גופא, איידער זי מעג טראַכטן אַרויפצוצווינגען איר ווילן אויף אַ פאַרשטעער פון דער וועלטלעכער מאַכט.

דידאָזיקע אויפגאַבע איז נישט געווען קיין לייכטע, מחמת די קריסטלעכע געמיינשאַפטן זענען במשך פון אַ לאַנגער צייט געבליבן בלויז לויזע גרופּירונגען, וועלכע האָבן אַליין באַשטימט זייערע גלחים און פאַרשטייער און זיי צו יעדער צייט געקאָנט אַראָפּוואַרפן, אויב זיי האָבן זיך נישט געפּאַסט פאַר זייער אָמט; דערצו האָט יעדע געמיינדע געהאַט דאָסזעלביקע רעכט ווי אַלע אַנדערע; זי האָט באַזאָרגט אירע אייגענע ענינים און איז געווען אַן אומבאַשטרייטבאַרער באַלעבאָס אין אייגענעם הויז. פראַגן, וועלכע זענען אַרויס פון די גרענעצן פון די אָרטס־גרופּן, פלעגן געלייזט ווערן דורך די לאַנד־סינאָדן אָדער קירך־פאַרזאַמלונגען, וועלכע פלעגן אויסגעוויילט ווערן פון די געמיינדעס. אין פראַגן פון אמונה האָט געקאָנט אָננעמען אַנטשיידנדיקע באַשלוסן בלויז דער עקומענישער קאָנציל אָדער די אַלגעמיינע קירכן־פאַרזאַמלונג.

די התחלהדיקע אָרגאַניזאַציע פון דער קירך איז, בכן, געווען געגוג דעמאָ־קראַטיש און אין אַט־דער פאָרם איז זי געווען צו לויז, אַז זי זאָל געווען קענען דינען דעם פויפּסט ווי אַ יסוד פאַר זיינע מאַכטפּאָליטישע שטרעבונגען. די ביי־שאָפן פון די גרעסערע געמיינדעס האָבן טאַקע ביסלעכווייז באַקומען גרעסערע חשיבות, וואָס דאָס איז געווען דער פועל־יוצא פון זייער ברייטן ווירקונגס־קרייז. אַזוי איז זיי דורכן ניקעאַנישן קאָנציל פון יאָר 381 געגעבן געוואָרן אַ געוויס השגחה־רעכט איבער די פאָרשטעער פון די קלענערע געמיינדעס, דערמיט וואָס מ׳האָט זיי געמאַכט פאַר מעטראָפּאָליטן אָדער ערצביסקיפּן. אָבער די רעכט פונעם רוימישן מעטראָפּאָליט זענען נישט געגאַנגען ווייטער ווי די רעכט פון זיינע ברידער; ער האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיך אַריינצומישן אין זייערע ענינים און זיין אָנזען און זיין השפעה איז צייטווייליק זייער שטאַרק געשטעלט געוואָרן אין שאָטן דורכן איינפלוס פונעם מעטראָפּאָליטאַן פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

די אויפגאַבע פון די רוימישע בישאָפן איז דעריבער געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן, צו וועלכע נישט אַלע פון זיי זענען געווען צוגעפּאַסט, און ס׳האָבן געמוזט אַריבער אַ סך הונדערטער יאָרן איידער זייער איינפלוס האָט זיך געקאָנט דורכשלאָגן אַ וועגביים רוב פון די גלחים. דאָס איז געווען אויף אַזויפיל שווערער, אינגוויווייט די בישאָפן פון די באַזונדערע לענדער זענען אין זייערע באַפולמעכטיקונגען און פעאָדאַלע רעכטן גאַנץ אָפט געווען אינגאַנצן אָפּ־העגניק פון די פאָרשטייער פון דער וועלטלעכער מאַכט. אָבער די בישאָפן פון רוים האָבן געאַרבעט פאַר זייער ציל מיט קלוגער אויסרעכענונג און עקשנותדיקן אויסדויער, ביי וואָס זיי האָבן זיך מכוח דעם אויסוואַל פון די מיטלען נישט גע־מאַכט קיין דאגות, בתנאי אַז זיי האָבן צוגעזאָגט הצלחה.

ווי אומפאַרשעמט די פאָרשטייער פונעם רוימישן שטול האָבן זיך געוואָרפן אויף זייער ציל, באַווייזט דער פלינקער באַנוץ, וואָס זיי האָבן געמאַכט פון די פאַרלוימדעטע „איזידאָרישע דעקרעטאַלן״, וועלכע דער באַקאַנטער געשיכטע־שרייבער ראַנקע באַצייכנט ווי אַ „גוט באַקאַנטע, גוט דורכגעפירטע, אָבער פונ־דעסטוועגן בולטע פעלשונג״, אַן אורטייל, וועלכער קאָן שוין מסתמא היינט פון קיינעם נישט געשטעלט ווערן אין ספק. אָבער איידער מ׳האָט צוגעגעבן די מעג־לעכקייט פון אַזאַ פעלשונג, האָבן שוין יענע דאָקומענטן געהאַט דערגרייכט זייער אויסן געוואונטשענעם ציל. אויף זייער סמך איז דער פויפּסט באַשטעטיקט געוואָרן ווי גאָטס שטאַטהאַלטער אויף דער ערד, וועמען פּעטרוס האָט איבערגעלאָזן די שליסלען פונעם הימלישן קעניגרייך. דער גאַנצער קלער איז אונטערגעוואָרפן געוואָרן אונטער זיין ווילן; ער האָט באַקומען דאָס רעכט צוזאַמענצורופן קאָנצילן, וועמענס באַשלוסן ער האָט לויט זיין אייגענעם איינזען געקאָנט באַשטעטיקן אָדער אָפּוואַרפן. אָבער קודם־כל איז דורך די געפעלשטע „איזידאָרישע דעקרעטאַלן״ פּראָקלאַמירט געוואָרן, אַז אין אַלע חילוקי־דעות צווישן דעם וועלטלעכן שטאָט און דעם קלער געהערט דאָס לעצטע וואָרט דעם פויפּסט. דערמיט האָט דער קלער

געזאָלט געגנצלעך באַפרייט ווערן פון די יורידישע אורטיילן פון דער וועלטלעכער מאַכט, כדי אים אַזוי אַרום נאָך שטאַרקער צוצובינדן צום פּויפּסטלעכן שטול. אַזעלכע מינים פּרואוון זענען נאָך פריער געמאַכט געוואָרן. אַזוי האָט דערקלערט דער רוי־מישער בישאָף סימאַכוס (448 ־ 514), אַז דער בישאָף פון רוים איז, אַחוץ פאַר גאָט, נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר קיין שום אַנדערן ריכטער, און צוואַנציק יאָר פאַרן באַווייזן זיך פון די „איזידאָרישע דעקרעטאַלן" האָט דער קאָנציל פון פּאַריז (829) פּראָקלאַמירט, אַז דער קעניג איז אונטערגעוואָרפן צו דער קירך און אַז דעם גלחס מאַכט שטייט איבער יעדער וועלטלעכער מאַכט. די געפעלשטע „דע־קרעטאַלן" האָבן, בכן, געקאָנט האָבן דעם איינציקן צוועק: אַרויפצוצולייגן אויף דער פּרעטענזיע פון דער קירך דעם חותם פון געזעצלעכקייט.

מיט גרעגאָר דעם זיבעטן (1073־85) הייבט זיך אָן די אייגנטלעכע אויבערהערשאַפט פונעם פּויפּסט, די תקופה פון דער „טריומפירנדיקער קירך". ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט גאַנץ עפנטלעך און אָן תירוצים געמאַכט גילטיק די פּריווילעגיע פון דער קירך איבער יעדער וועלטלעכער מאַכט, נאָכדעם ווי ער האָט, נאָך איידער ער איז אַרויף אויפן פּויפּסטלעכן שטול, מיט אַן אייזערנעם אויס־דויער געאַרבעט פאַר דעמדאָזיקן צוועק. קודם־כל האָט ער אין דער קירך גופא דורכ־געפירט טיפגייענדיקע ענדערונגען, בכדי צו מאַכן פון איר אַ פּאַסיק ווערק־צייג פאַר זיינע כוונות. זיין אומברחמנותדיקע שטרענגקייט האָט באַוויזן, אַז דער צעליבאַט פון די גלחים, וועלכער איז נאָך פאַר אים אָפט געהאַט פאַרגעלייגט געוואָרן, אָבער האָט קיינמאָל נישט געקאָנט דורכגעפירט ווערן, זאָל איצט אויס־געפאָלגט ווערן. אויף אַזאַ אופן האָט ער זיך געשאַפן אַן אינטערנאַציאָנאַלע אַרמיי, וועלכע איז דורך קיין שום אינטימע בענדער נישט געווען צוגעבונדן צו דער וועלט, און פון וועלכער דער מינדסטער אַפילו האָט זיך געפילט ווי אַ פאַר־טרעטער פונעם פּויפּסטלעכן ווילן. זיינע באַקאַנטע ווערטער, אַז „די קירך וועט קיינמאָל נישט זיין אימשטאַנד זיך צו באַפרייען פון איר קנעכטשאַפט ביי דער וועלטלעכער מאַכט, כל־זמן דער גלח וועט נישט זיין פריי פונעם ווייב", ווייזן אָן בולט, וואָס ער איז אויסן געווען מיט זיין רעפאָרם.

גרעגאָר איז געווען אַ כיטרער און דורכגעטריבענער פּאָליטיקער, וועל־כער איז געווען פעסט איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פון זיינע פאָדערונגען. אין זיינע בריוו צום בישאָף הערמאַן פון מעץ האָט ער אַרויסגעלייגט זיין באַ־נעם מיט דער גאַנצער קלאָרקייט, ביי וואָס ער האָט זיך הויפּטזעכלעך געשטיצט אויף אַוגוסטינוסעס „מלכות אלוהים". אַרויסגייענדיק פון דער הנחה, אַז די קירך איז געגעבן געוואָרן פון גאָט אַליין, איז ער געקומען צום אויספיר, אַז אין יעדער איינער פון אירע באַשלוסן אַנטפּלעקט זיך גאָטס ווילן; אָבער דער פּויפּסט, ווי גאָטס שטאָטהאַלטער אויף דער ערד, איז דער, וואָס לאָזט וויסן דעמדאָזיקן היי־ליקן ווילן. דעריבער איז יעדע אומגעהאָרכיקייט לגבי אים אַן אומגעהאָרכיקייט לגבי גאָט. יעדע וועלטלעכע מאַכט איז בלויז אַ שוואַכער אויפּטו פון מענטש, וואָס

דאָס איז אַרויסצודרינגען פון דעם, וואָס די מלוכה האָט אָפּגעשאַפט די גלייכהייט צווישן די מענטשן און איר מקור איז געווען די ברוטאַלע געוואַלט און אומגערעכ־טיקייט. יעדער קעניג, וועלכער וואַרפט זיך נישט אונטער פולשטענדיק צו די געבאָטן פון דער קירך, איז „דעם טייוולס אַ קנעכט" און דעם קריסטנטומס אַ שונא. דעריבער האָט גאָט דערהויבן דעם פּויפּסט איבער אַלע מלכים, ווייל נאָר ער קאָן וויסן, וואָס עס איז לויזנדיק פאַר די מענטשן, מחמת ער איז באַזעלט פונעם האַרס גייסט. ס'איז די אויפגאַבע פון דער קירך צונויפצונעמען די מענטשן אין אַ גרויסן בונד, אין וועלכן ס'זאָל הערשן נאָר גאָטס געבאָט, וועלכעס ווערט אַנט־פּלעקט פאַר די מענטשן דורכן פּויפּסטס מויל.

גרעגאָר האָט געקעמפט מיט דער גאַנצער אומטאָלעראַנץ פון זיין ברויזנדיקן כאַראַקטער פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון זיינע צילן, און ווען ער איז אַפילו סוף־כל־סוף געוואָרן דער קרבן פון זיין אייגענער פּאָליטיק, האָט ער אָבער פונדעסט־וועגן באַוויזן צו באַפעסטיקן די אויבערמאַכט פון דער קירך און זי אויף אַ משך פון הונדערטער יאָרן צו מאַכן פאַר אַ מעכטיקן פאַקטאָר פון דער אייראָפּעאישער געשיכטע. זיינע אוממיטלבאַרע נאָכקומער האָבן נישט פאַרמאָגט נישט גרעגאָרס מאָנאַכישן ערנסט און נישט די אומגעצוימטע ענערגיע זיינע און זיי האָבן געליטן אייניקע מפּלות אינעם קאַמף מיט דער וועלטלעכער מאַכט. ערשט אונטער אינאָ־סענץ דעם דריטן (1198 ־ 1216) איז דער פּויפּסטלעכער סצעפּטער אָנגעקומען צו אַ מאַן, וועלכער איז נישט נאָר באַוועגט געוואָרן פון דערזעלביקער קלאָרקייט אין די צילן און דעמזעלביקן אומבייגזאַמען ווילן, וועלכע זענען פאַר גרעגאָרן געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש, נאָר אים נאָך שטאַרק אַריבערגעיאָגט אַדאַנק זיי־נע נאַטירלעכע פעאיקייטן.

אינאָסענץ דער דריטער האָט פאַר דער קירך געטאָן דאָס העכסטע און ער האָט איר מאַכט אַנטוויקלט צו אַזאַ מדרגה, וועלכע זי האָט פריער קיינמאָל נישט געהאַט דערגרייכט. ער האָט געהערשט איבער זיינע קאַרדינאַלן מיט אַזאַ דעס־פּאָטישער קאַפּריזנעקייט פון אַ זעלבסטהערשער, וועלכער איז פאַר קיינעם נישט פאַראַנטוואָרטלעך, און די פאַרשטייער פון דער וועלטלעכער מאַכט האָט ער באַ־האַנדלט מיט אַזאַ אַראָגאַנץ, ווי קיין איינער פון זיינע פאָרגייער האָט דאָס נישט געוואַגט צו טאָן. צום פּאַטריאַרך פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט ער געשריבן אָט־די שטאָלצע ווערטער: „נישט נאָר די רעגירונג איבער דער קירך האָט גאָט אַרייג־געלייגט אין פּעטרוסעס הענט, ער האָט אים אויך געמאַכט פאַרן הערשער איבער דער גאַנצער וועלט". און צום אַמבאַסאַדאָר פונעם פראַנצויזישן קעניג פיליפּ־אויגוסט האָט ער געזאָגט: „צו די פירשטן איז איבערגעגעבן געוואָרן בלויז די ממשלה איבער דער ערד, אָבער דער גלח הערשט אויך איבערן הימל. דער פירשט האָט בלויז צו זאָגן איבער די גופים פון זיינע אונטערטאַנען, דער גלח אָבער האָט אויך א דעה איבער די נשמות פון די מענטשן. דעריבער שטייט דער קלער

אויף אַזוי פיל העכער איבער יעדער וועלטלעכער מאַכט, אויף ווי ווייט די נשמה שטייט העכער פונעם קערפּער, אין וועלכן זי וואוינט״.

אינאָסענץ האָט אַריינגעצוואונגען אייראָפּעס גאַנצע וועלטלעכע פּאָליטיק אונטער זיין ווילן; ער האָט זיך אַריינגעמישט נישט נאָר אין אַלע דינאַסטישע אַנגעלעגנהייטן, ער האָט געמאַכט איינווענדונגען קעגן די חתונות פון די וועלט־לעכע הערשער און זיי געצוואונגען זיך צו גטן, ווען די פאַרבינדונג איז אים נישט געווען געפעלן. איבער סיציליע, נעאַפּאָל און סאַרדיניע האָט ער געוועלטיקט ווי אַן אייגנטלעכער הערשער; קאַסטיליע, לעאָן, נאַווארראַ, פּאָרטוגאַל און אַראַגאָניע האָבן אים געמוזט צאָלן צינדז; זיין ווילן איז געטאָן געוואָרן אין אונגאַרן, באָסניע, סערביע, בולגאַריע, פּוילן, בעמען און אין די סקאַנדינאַווישע לענדער. ער האָט זיך אַריינגעמישט אין דער מחלוקה צווישן פיליפּ פון שוועדן און אָטטאָ דעם פערטן צוליב דער דייטשער קייזערלעכער קרוין און ער האָט זי צוגעמשפּט אָטטאָן, בכדי אויך ביי אים שפּעטער זי צוצונעמען און צו באַשענקען מיט איר פרידריך דעם צווייטן. אין דער מחלוקה מיטן ענגלישן קעניג דזשאָן לאַקלאַנד האָט ער אַרויפ־געלייגט דעם אינטערדיקט אויף זיין קעניגרייך און געצוואונגען דעם קעניג נישט נאָר צו פולשטענדיקער קאַפּיטולאַציע, נייערט אים נאָך אַפילו געצוואונגען זיין אייגן לאַנד אָנצונעמען פונעם פּויפּסט אין פּאַכט און פאַרן דאָזיקן חסד אים צאָלן דעם געפאָדערטן צינדז.

אינאָסענץ האָט זיך געפילט ווי פּויפּסט און צעזאַר אין איינאונדערזעלבי־קער פערזאָן, און אין די וועלטלעכע הערשער האָט ער געזען בלויז וואַסאַלן פון זיין מאַכט, וועלכע זענען מחויב געווען אים צו צאָלן צינדז. אין דעם זין האָט ער גע־שריבן צום קעניג פון ענגלאַנד: „גאָט האָט אין דער קירך אַזוי איינגעשטעלט דאָס פּריסטערטום און קעניגטום, אַז דאָס פּריסטערטום איז קעניגלעך און דאָס קעניגטום איז פּריסטערלעך, ווי דאָס איז אַרויסצוזדרינגען פון פּעטרוסעס עפּיסטעלן און פון משהס געבאָטן. דעריבער האָט דער מלך מלכי המלכים באַשטימט א יי־נ ע ם א י ב ע ר אַ ל ע , וועלכן ער האָט געמאַכט פאַר זיין שטאַטהאַל־טער אויף דער ערד״.

דורך דער איינפירונג פון דער מינדלעכער ווידוי און דער אָרגאַניזאַציע פון די בעטלער־מאָנאַכן האָט זיך אינאָסענץ געשאַפן אַ מאַכט פון אומגעהייערן פאַר־נעם. גלייכצייטיק האָט ער באַנוצט זיין הויפּטגעווער — דעם חרם פון דער קירך, וועלכן ער האָט מיט נישט־נאָכגעביקער אַנטשלאָסנהייט אַרויפגעלייגט אויף גאַנצע לענדער, בכדי אַריינצובאַקומען די וועלטלעכע מושלים אין זיין ווילנס־קרייז. אינעם לאַנד, אויף וועלכן מ׳האָט אַרויפגעלייגט אַ חרם, זענען אַלע קירכן געשלאָסן געוואָרן, די גלעקער האָבן נישט גערופן די מאַמינים צו די תפילות, עס זענען נישט פאַרגעקומען נישט קיין טויפונגען און נישט קיין חתונות, עס זענען נישט אויסגעהערט געוואָרן קיין ווידוים, מ׳האָט נישט געגעבן די הייליקע סאַקראַמענטן פאַר די שטאַרבנדיקע און די טויטע זענען נישט באַגראָבן געוואָרן

אין געהייליקטער ערד. מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ שרעקלעכן איינדרוק אַזאַ צושטאַנד האָט געמוזט מאַכן אויפן געמיט פון די מענטשן אין אַ צייט, ווען די אמונה איז באַטראַכט געוואָרן ווי דאָס העכסטע.

פונקט אַזוי ווי אינאָסענץ האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן קיין גלייכבאַרעכ־טיקטע מאַכט נעבן זיך, אַזוי האָט ער אויך נישט טאָלערירט קיין לערע, וועלכע האָט אָפּגעווייכט אין דאָס מינדסטע פון די מינהגים פון דער קירך, ווען אַפילו זי איז געווען אינגאַנצן דורכגעדרונגען פונעם גייסט פון קריסטנטום. דער פּחדימדי־קער קרייצצוג קעגן דער כפירה אין דרום־פראַנקרייך, וועלכער האָט איינס פון אייראָ־פּעס בליענדיקסטע לענדער פאַרוואַנדלט אין אַ מדבר, איז אַ בלוטיקער עדות דער־פון. דער הערשערישער גייסט פון דאָזיקן שרעקלעכן מאַן האָט זיך נישט אָפּגע־שטעלט פאַר קיין שום מיטל, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אָפּהיטן די אומ־באַשרענקטע אויטאָריטעט פון דער קירך. און פונדעסטוועגן איז אויך ער נישט געווען עפּעס אַנדערש ווי דער קנעכט פון אַ פיקסער אידעע, וועלכע האָט געהאַלטן געפאַנגען זיין גייסט און אים אָפּגעפרעמדט פון יעדן מין מענטשלעכע איינזעעניש. זיין מאַכט־משוגעת האָט אים געמאַכט איינזאַם און עלנט און איז געוואָרן זיין פערזענלעך אומגליק, פונקט ווי פאַרן רוב פון די, וועלכע יאָגן זיך נאָכן זעלבן ציל. אַזוי האָט ער איינמאָל אַ זאָג געטאָן וועגן זיך גופא: „איך האָב נישט קיין פרייע צייט זיך אָפּצוגעבן מיט ערדישע ענינים; איך האָב קוים צייט צו אָטעמען. אינדעראמתן, איך מוז לעבן אַזוי פיל פאַר אַנדערע, אַז איך בין זיך אַליין געוואָרן אַ פרעמדער״.

דאָס איז די געהיימע קללה פון יעדער מאַכט, אַז נישט נאָר פאַר אירע קרבנות, נייערט אויך פאַר אירע אייגענע פאָרשטייער ווערט זי אַן אומגליק. דער משוג־גענער געדאַנק צו מוזן לעבן פאַר עפּעס, וועלכעס איז אין סתירה מיט יעדן גע־זונטן מענטשלעכן געפיל און איז אוממשותדיק אַן און פאַר זיך, פאַרוואַנדלט ביס־לעכווייז דעם טרעגער גופא פון דער מאַכט אין אַ טויטער מאַשין, נאָכדעם ווי ער האָט אַלע, וועלכע זענען אָפּהענגיק פון זיין מאַכט, געצוואונגען צו דער מעכאַ־נישער אויספאָלגונג פון זיין ווילן. ס׳איז פאַראַן עפּעס מאַריאָנעטנהאַפטיקס אי־נעם מהות פון יעדער מאַכט, וועלכעס קומט אַרויס פון איר אייגענעם טויטן מע־כאַניזם, און וועלכעס פאַרקאָוועט אין שטייפע פאָרמען אַלץ, וואָס קומט מיט איר אין באַרירונג. און דידאָזיקע פאָרמען לעבן ווייטער אין דער טראַדיציע, אַפילו ווען דער לעצטער פונק פונעם לעבעדיקן איז שוין לאַנג אין זיי פאַרלאָשן, און זיי הויערן ווי אַ שווערער באַרג אויפן געמיט פון די, וועלכע וואַרפן זיך אונטער אונ־טער זייער איינפלוס.

דאָס האָבן צו זייער שאָדן געמוזט דורכמאַכן אויך די גערמאַנישע און נאָך זיי די סלאַווישע פעלקער, וועלכע זענען צום לענגסטן אויסגעהיט געוואָרן פון די שעדלעכע איינפלוסן פונעם רוימישן צעזאַריזם. אַפילו ווען די רוימער האָבן שוין געהאַט אונטערגעיאָכט די גערמאַנישע לענדער פונעם ריין ביז צו דער עלבע, האָט

זיך זייער איינפלוס אויסגעשפּרייט כמעט בלויז אויף די מעריבדיקע געביטן, ווייל צוליב דער ווילדקייט און אומבאַוואוינטקייט פון דעם מיט געדיכטע וועלדער און זומפּן באַדעקטן לאַנד, האָבן זיי קיינמאָל נישט געפונען די געלעגנהייט צו באַפעסטיקן זייער ממשלה. ווען די רוימישע אַרמיי איז שפּעטער, אין טויטאָבורגער וואַלד, כמעט אינגאַנצן פאַרטיליקט געוואָרן דורך דער פאַרשווערונג פון די דייטשע שבטים און דער רוב פון די פעסטונגען פו פרעמדן דעראָבערער זענען צעשטערט געוואָרן, איז די רוימישע הערשאַפט איבער גערמאַניע געוואָרן אַזוי גוט ווי געבראָכן. אַפילו די דריי מלחמות, וועלכע גערמאַניקוס האָט געפירט קעגן די גערמאַנישע אויפשטענדישע שבטים, האָבן שוין די לאַגע נישט געקאָנט ענדערן.

ס׳איז אָבער דורכן רוימישן איינפלוס אין אייגענעם לאַגער אויפגעקומען אַ פיל געפערלעכערער שונא, אונטער וועמעס ווירקונג די פירער זענען באַלד אַרונטערגעפאַלן. די גערמאַנישע פעלקער, וועמעס טעריטאָריע האָט זיך במשך פון אַ לאַנגער צייט אויסגעשפּרייט פונעם דאַנאַו ביז צום צפון־ים און פונעם ריין ביז צו דער עלבע, האָבן געגעסן פון אַ גאַנץ באַדייטנדיקער אומאָפּהענגיקייט. דער רוב שבטים זענען שוין כמעט געווען באַזעצט אויפן באָדן, ווען זיי האָבן זיך צונויפגעטראָפן מיט די רוימער; בלויז אין די מזרחדיקע טיילן פונעם לאַנד זיינען זיי נאָך געווען האַלבע נאָמאַדן. פון די רוימישע אינפאָרמאַציעס און פון שפּעטערדיקע מקורות איז צו זען, אַז די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע פון די גערמאַנען איז נאָך געווען זייער פּרימיטיוו. די באַזונדערע שבטים האָבן זיך פונאַנדערגעטיילט לויט אָפּשטאַמונג, וועלכע זענען געווען פאַרבונדן צווישן זיך דורך בלוט־קרובעשאַפט, און פון וועלכע עס האָבן בדרך כלל געלעבט צוזאמען בערך הונדערט משפחות אין צעוואָרפענע ישובים אויף איין שטיק באָדן. פון דאַנען שטאַמט די באַצייכענונג „הונדערטשאַפטן”. צען אָדער צוואַנציק הונדערטשאַפטן האָבן געבילדעט אַ שטאַם, וועמעס טעריטאָריע איז באַצייכנט געוואָרן ווי אַ „גאַו” (דיסטריקט). דורך דער פאַרייניקונג פון די קרובישע שבטים איז אַנטשטאַנען אַ פאָלק. די הונדערטשאַפטן האָבן פאַרטיילט דאָס לאַנד צווישן זיך און אויף אַזאַ שטייגער, אַז ס׳זאָלן געמאַכט ווערן פעריאָדישע נייע פאַרטיילונגען. פון דעם איז אַרויסצודרינגען, אַז פּריוואַט־אייגנטום אויף גרונט און באָדן האָט במשך פון אַ לאַנגער צייט ביי זיי נישט עקזיסטירט און דער פּריוואַטער באַזיץ האָט זיך באַשרענקט בלויז אויף געווער, אַלייך־אויסגעאַרבעטע ווערקצייג און אַנדערע קעגנשטאַנדן פון טאָגטעגלעכן באַנוץ. די פעלדאַרבעט איז בעיקר געטאָן געוואָרן דורך פרויען און קנעכט. אַ טייל פון די מאַנסבילן פלעגט זיך גאַנץ אָפּט אַרויסלאָזן אויף קריג־און רויבצוגן, בעת דער אַנדערער טייל פלעגט זיך טורנירן צו בלייבן אין דער היים און אָפּהיטן די רעכטן.

אַלע וויכטיקע פראַגן פלעגט מען אַרומרעדן אויף אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען אָדער „טהינגס” און מ׳פלעגט וועגן זיי אָננעמען באַשלוסן. ביי דידאָזיקע פאַרזאַמלונגען האָבן זיך באַטייליקט אַלע פרייע און קאָמפּעטענטע מענער. זיי פלעגן

געוויינלעך פאָרקומען אין דער צייט פון דער נייער אָדער פולער לבנה און במשך פון אַ לאַנגער צייט זענען זיי געווען די העכסטע אינסטיטוציע פון די גערמאַני־שע פעלקער. אויפן „טהינג" פלעגן אויך געלייזט ווערן אַלע מחלוקת און אויסגע־ווילט ווערן די פאָרשטייער פאַר דער פאָלקספאַרוואַלטונג און די אַרמיי־פירער פאַרן קריג. ביי די וואַלן האָט פון אָנהויב דעצידירט נאָר די פערזענלעכע פעאי־קייט און די דערפאַרונגען פון יעדן איינעם. שפּעטער אָבער, באַזונדערס ווען די באַציאונגען מיט די רוימער זענען געוואָרן אָפטערע און נענטערע, פלעגט מען אויסקלויבן די אַזויגערופענע „פעדערשטע" אָדער „פירשטן" כמעט בלויז פון די רייען פון אָנגעזעענע משפּחות, וועלכע האָבן זיך, אויפן גרונט פון זייערע אמתע אָדער כלומרשטע פאַרדינסטן פאַר דער טובת הכלל, ביסלעכווייז אַרויפגעאַרבעט, דורך גרעסערע חלקים אינעם זאַקרויב, ציגדז אָדער מתנות, צו אַ געוויסן וואויל־שטאַנד, וועלכער האָט זיי דערלויבט צו האַלטן פאַר זיך אַ מחנה אויסגעפּרואווטע קריגסלייט, וואָס דאָס האָט זיי פון זיך אַליין געגעבן געוויסע פּריווילעגיעס.

וואָס אָפטער די גערמאַנער זענען געקומען אין קאָנטאַקט מיט די רוימער, אַלץ צוגענגלעכער זענען זיי געוואָרן פאַר פרעמדע השפּעות, וואָס האָט טאָקע אַנ־דערש נישט געקאָנט זיין, מחמת די רוימישע קולטור און טעכניק זענען געווען אַ סך העכער ווי די גערמאַנישע אין אַלע פּרטים. אייניקע שבטים האָבן זיך אָנגעה־הויבן רירן און וואַנדערן נאָך פאַר דער דעראָבערונג פון גערמאַניע דורך די רוי־מער און זיי האָבן פון די רוימישע מושלים באַקומען צוגעטיילט טעריטאָריעס, פאַר וואָס זיי האָבן זיך געמוזט מתחייב זיין צו דינען אין דער רוימישער אַרמיי. פאַקטיש האָבן גערמאַנישע זעלנער שוין געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל ביי דער דער־אָבערונג פון גאַליע דורך די רוימער. יוליוס צעזאַר האָט אויפגענומען אַ סך גער־מאַנען אין זיין אַרמיי און ער אַליין איז שטענדיק געווען אַרומגערינגלט פון אַ רייטנדיקער לייב־וואַך פון פיר הונדערט גערמאַנישע קריגס־לייט.

אייניקע אָפּשטאַמענדיקע פון גערמאַנען, וועלכע זענען פריער געשטאַנען אין רוימישן דינסט, האָבן זיך שפּעטער צוריק אומגעקערט אַהיים, און זיי האָבן באַ־נוצט דעם אָנגעזאַמלטן זאַקרויב און די דערפאַרונגען, וואָס זיי האָבן געהאַט ביי די רוימער, בכדי צו צווינגען זייערע אייגענע לאַנדסלייט זיך צו שטעלן אין זייער דינסט. אַזוי איז געלונגען איינעם פון זיי, מאַרבאָד, אויסצושפּרייטן זיין ממשלה אויף אַ געוויסער צייט איבער אַן אַ שיער דייטשע שבטים און פון בעמען אויס אַרונטערוואַרפן די גאַנצע טעריטאָריע צווישן די טייכן אָדער און עלבע ביז צום באַלטיק אונטער זיין איינפלוס. אָבער אויך אַרמין, „דער באַפרייער", איז אַרונ־טערגעפאַלן אונטערן זעלבן פינצטערן איינפלוס פונעם רוימישן ווילן צו מאַכט, וועלכן ער האָט נאָך זיין אומקערן זיך געוואָלט אויספּרואוון אויף זיינע אייגענע לאַנדסלייט. מאַרבאָד און אַרמין האָבן נישט אומזיסט געלעבט אין רוים און דאָרט זיך אויסגעלערנט, וואָס פאַרא געוואַלטיקע צוציאונגס־קראַפט די מאַכט האָט פאַר דער גייציקייט פון די מענטשן.

אַרמינס פּאָליטישע שטרעבונגען צו הערשאַפט, וועלכע האָבן זיך געלאָזט אַלץ דייטלעכער מערקן נאָך דער פאַרלענדונג פון דער רוימישער אַרמיי, לאָזן אַרויס־זען די באַפרייאונג פון גערמאַניע פון דער רוימישער הערשאַפט אין אַביסל אַן אייגנטימלעכן ליכט. ס'האָט זיך גאָר באַלד אַרויסגעוויזן, אַז דער איידעלער כערוס־קער האָט זיך אין רוים אויסגעלערנט נישט בלויז די קונסט פון אַ העכערער קריגס־פירונג, נייערט אַז אויך די שטאַטסקונסט פון די רוימישע צעזאַרן האָט געגעבן אַ מעכטיקן שטויס זיין גייציקייט און זי דערפירט צו דער אַנטוויקלונג פון דעם געפערלעכסטן ווילן צו מאַכט. באַהערשט פון דידאַזיקע פּלענער זיינע האָט ער אַנגעווענדט אַלע מיטלען, אַז דער בונד פון די כערוסקער, כאַטטען, מאַרזער, ברוק־טערער א. אַ. וו. זאָל אָנהאַלטן ווייטער אויך נאָך דער פאַרלענדונג פון די רוימי־שע לעגיאָנען אין טויטאָבורגער וואַלד. נאָך דעם ענדגילטיקן צוריקצי פון די רוי־מער האָט ער אָנגעהויבן אַ בלוטיקע מלחמה מיט מאַרבאָדן, אין וועלכער ס'האָט זיך געהאַנדלט אויסשליסלעך וועגן דער אויבערהערשאַפט אין גערמאַניע. ווען ס'האָט זיך אַלץ דייטלעכער אַרויסגעוויזן, אַז דער ציל פון אַרמינס שטרעבונגען איז פון אויסגעוויילטן אַרמיי־פירער פון די כערוסקער זיך צו לאָזן אויסרופן אַלס קעניג זייערער און אויך פון אַנדערע דייטשע שבטים, איז ער אומגעבראַכט געוואָרן פון זיינע אייגענע קרובים אויף אַ געמיינעם אופן.

אַגב זענען די גערמאַנען אין זייער קאַמף קעגן די רוימער לחלוטין נישט גע־ווען געאייניקט. ס'איז צווישן די נאָבעלע פאַמיליעס געווען אַן אויסגעשפּראָכן רוימישע פּאַרטיי. אַ היפשע צאָל פון זיי האָט געהאַט באַקומען רוימישע טיטלען און אויסצייכענונגען, און אַפילו געהאַט באַקומען רוימיש בירגעררעכט. און שוין אַפילו נאָך דער אַזויגערופענער „הערמאַנסשלאַכט" האָבן זיי זיך נאָך פעסט גע־האַלטן ביי רוים. הערמאַנס אייגענער ברודער, פלאַוואוס, האָט געהערט צו דידאָ־זיקע אָנהענגער פון רוים און אויך זיין שווער, סעגעסט, וועלכער האָט זיין איי־גענע טאָכטער, הערמאַנס פרוי, טוסנעלדאַ, אַרויסגעגעבן צו די רוימער. פון יענעם צד האָט מען אויך מודיע געווען דעם רוימישן שטאַטהאַלטער, וואַרוס, וועגן דער פאַרשווערונג קעגן אים. אָבער זיין צוטרוי צו אַרמינען, ווען מ'האָט צוליב זיין נאמנות געמאַכט פאַר אַ רוימישן קאַוואַליר, איז געווען אַזוי אומבאַגרענעצט, אַז ער האָט נישט גענומען ערנסט די אַלע וואָרענונגען און ער איז בלינדערהייט אַריינ־געפאַלן אין דער פּאַסטקע, וועלכע אַרמין האָט פאַר אים צוגעגרייט. אַן דעמדאָזיקן פאַרראַט, וועלכער איז באַגאַנגען געוואָרן מיט כיטרער צביעות, וואָלט די באַרימטע „באַפרייאונגסשלאַכט" אין טויטאָבורגער וואַלד לחלוטין נישט געווען פאַרגעקומען, אַ שלאַכט, וועלכע אַפילו אַזאַ צו די גערמאַנען גוטגעשטימטער געשיכטע־שרייבער ווי פעליקס דאַן האָט באַצייכנט ווי „איינע פון די טריילאָזסטע פאַרלעצונגען פו־נעם פעלקעררעכט". די גערמאַנישע שבטים, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דערדאָזיקער פאַרשווערונג, בכדי זיך צו באַפרייען פונעם יאָך פון אַ פאַרהאַסטער פרעמדער הערשאַפט, דאַרף מען זיכער נישט מאַכן קיין פאָרוואורף. אָבער אויף

אַרמינען פערזענלעך הויערט יענע מיאוסע בגידה טאָפּלט שווער, ווייל די פאַרטיליקונג פון דער רוימישער אַרמיי האָט אים בלויז געזאָלט דינען ווי אַ מיטל ווייטער צו שפּינען זיינע אייגענע פּאָליטישע מאַכט־פּלענער, וועלכע האָבן זיך געזאָלט ענדיקן מיטן אַרויפלייגן אויף די באַפרייטע אַ נייעם יאָך.

אָבער עס ליגט שוין אין וועזן פון אַלע שטרעבונגען צו פּאָליטישער מאַכט, אַז זייערע פאָרשטייער זאָלן זיך נישט אָפּשרעקן פאַר קיין שום מיטל, וועלכעס זאָגט־צו הצלחה, ווען אַפילו אָט־די הצלחה זאָל מוזן דערגרייכט ווערן דורך פאַרראַט, ליגן, געמיינע רשעות און נידערטרעכטיקע שפּיצלעך. דער פּרינציפּ, אַז דער צוועק הייליקט דאָס מיטל, איז תמיד געווען דאָס ערשטע אַרטיקל אינעם אַנימאַמין פון יעדער געוואַלט־פּאָליטיק און ס׳איז נישט נייטיק געווען, אַז ערשט די יעזואיטן זאָלן אים האָבן צוגעטראַכט. יעדער מאַכטגלוסטנדיקער דעראָבערער און פּאָליטיקער, סעמיטן און גערמאַנען, רוימער און מאָנגאָלן, האָבן געטריי געדינט צו אים; ווייל די נידערטרעכטיקייט פונעם מיטל איז אַזוי ענג פאַרבונדן מיט דער מאַכט ווי די פוילעניש מיטן טויט.

ווען די הונען זענען שפּעטער אַריינגעדרונגען אין אייראָפּע און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע פעלקערוואַנדערונג, האָבן זיך וואָס ווייטער אַלץ גרעדיכטערע מחנות גערמאַנישע שבטים פאָרויסגערוקט צום דרום און דרום־מערב פונעם קאָנטינענט, וואו זיי האָבן זיך אומעטום צוזאַמענגעטראָפן מיט די רוימער און מאַסנווייז אַריינגעטראָטן אין זייערע לעגיאָנען. די רוימישע חיילות זענען אינגאַנצן דורכגעדרונגען געוואָרן פון גערמאַנען, און ס׳האָט טאַקע נישט געקאָנט פּאַסירן אַנדערש ווי נאָר אַזוי, אַז ענדלעך זאָל איינער פון זיי, דער פירער פון דער גערמאַנישער אַרמיי, אָדאָאַקער, אין יאָר 476 נאָך קריסטוסן, אַראָפּוואַרפן דעם לעצטן רוימישן קייזער פונעם טראָן און פון זיינע זעלבער זיך אַליין לאָזן אויסרופן אַלס מושל. ביז אויך ער אַליין איז נאָך יאָרנלאַנגע בלוטיקע קאַמפן אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן דורך טעאָדעריכן, דעם קעניג פון די אָסטגאָטן, און טאַקע פון אים אַליין, מיט זיינע אייגענע הענט, דערשטאָכן געוואָרן ביי אַ סעודה, נאָך אַן אָפּמאַך, וואָס איז צווישן זיי געשלאָסן געוואָרן מיט דער גאַנצער פייערלעכקייט.

אַלע מלוכהשע געשטאַלטונגען, וועלכע זענען געשאַפן געוואָרן אין יענע צייטן דורך דער מאַכט פון דער שווערד — דאָס רייך פון די וואַנדאַלן, פון די מזרחדיקע און מערבדיקע גאָטן, פון די לאָנגאָבאַרדן, די הונען — זענען געווען באַווירקט פון דער אידעע פונעם צעזאַריזם און זייערע שעפער האָבן זיך געפילט ווי רוימס יורשים. פונדעסטוועגן זענען אויך אין יענעם „קאַמף פאַר רוים" און פאַרן רוימישן אייגנטום חרוב געוואָרן די אַלטע אינסטיטוציעס און שבטישע מנהגים פון די גערמאַנער, וועלכע האָבן שוין פאַר דער נייער לאַגע נישט געהאַט מער קיין באַדייט. איינצלנע שבטים האָבן אַפילו מיטגענומען מיט זיך אין דער רוימישער וועלט אַריין אייניקע פון זייערע אַלטע זיטן, אָבער זיי זענען דאָרט איינ־

געדאַרט געוואָרן און געגאַנגען לאיבוד, ווייל ס'האָט זיי געפעלט דער געזעלשאַפט־לעכער באָדן, וואָס נאָר אויף אים האָבן זיי געקאָנט געדייען.

דידאַזיקע אומוואַנדלונג איז פאָרגעקומען נאָך גיכער דערפאַר, וואָס שוין אַ היפשע צייט פאַרן אָנהויב פון דער אייגנטלעכער פעלקער־וואַנדערונג זענען פאָר־געקומען גרינטלעכע ענדערונגען אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די גערמאַנישע שבטים. אַזוי רעדט שוין טאַציטוס וועגן אַ נייעם אופן אין דער פאַרטיילונג פונעם באָדן, לויט דער חשיבות פון די פאַרשידענע פאַמיליעס, אַ דערשיינונג, וועגן וועל־כער צעזאַר האָט נאָך גאָרנישט געוווּסט וואָס צו זאָגן. אָבער אויך די פאַרוואַל־טונג פון די עפנטלעכע ענינים האָט שוין געהאַט אַן אַנדער אויסזען. די השפעה פון די אַזויגערופענע אַדעליקע און אַרמיי־פירער איז אומעטום געשטיגן. יעדע פראַגע פון געזעלשאַפטלעכן באַדייט איז פריער אַרומגערעדט געוואָרן אויף באַ־זונדערע זיצונגען פון די אַדעליקע און ערשט דערנאָך צוגעשטעלט געוואָרן צום „טהינג", וועלכער האָט לכל הדעות געדאַרפט אָננעמען דעם לעצטן באַשלוס. אָבער די סוויטעס, וועלכע די אַדעליקע האָבן גרופירט אַרום זיך, וועלכע האָבן גאַנץ אָפט געוואוינט צוזאַמען מיט זיי און געגעסן ביי זייערע טישן, האָבן לאַגישערווייז געמוזט שאַפן פאַר זיי אַ גרעסערן איינפלוס אין דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג. ווי אַזוי זי האָט זיך אויסגעדריקט איז בולט אַרויסצוזען פון טאַציטוסעס נאָכקומענדיקע ווערטער:

> „עס נעמט אויף זיך שפּאָט און שאַנד אויף זיין גאַנצן לעבן יעדער איי־נער, ווער עס גייט נישט נאָך זיין האַר אין דער שלאַכט ביז אין טויט אַריין. אים צו באַשיצן, אים צו באַשירעמען, אויך די אייגענע העלדישע מעשים צוצורעכענען צו זיין רום, דאָס ווערט באַטראַכט ווי די העכסטע פליכט פונעם קריגער. דער פירשט קעמפט פאַרן נצחון, די נאָכגייער אָבער — פאַר זייער האַר".

די שטענדיקע באַרירונג מיט דער רוימישער וועלט האָט נאַטירלעכערווייז געמוזט ווירקן אויף די געזעלשאַפטלעכע פאָרמען פון די גערמאַנישע פעלקער און ספּעציעל צווישן די אַזויגערופענע אַדעליקע האָט דאָס געמוזט אויפוועקן און שפּייזן מאַכט־גלוסטנדיקע כוונות, וואָס צוליב דעם איז ביסלעכווייז פאָרגעקומען אַן איבער־שיכטונג פון די סאָציאַלע לעבנסבאַדינגונגען. ווען ס'האָט זיך שפּעטער אָנגעהויבן די פעלקערוואַנדערונג, איז שוין אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער גערמאַנישער באַפעל־קערונג געווען דורכגעדרונגען מיט רוימישע באַגריפן און שוין געהאַט רוימישע אינסטיטוציעס. די נייע שטאַטלעכע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זענען אַרויסגעקומען פון די גרויסע וואַנדערונגען פון די שבטים און פעלקער, האָבן במילא געמוזט אונ־טערטראָגן דעם אינערלעכן צעפאַל פון די אַלטע אינסטיטוציעס.

אין אייראָפּע זענען אומעטום אויפגעקומען נייע פרעמדע הערשאַפטן, וואָס אין זיי זענען די זיגער געווען אַ פּריווילעגירטע קאַסטע, וועלכע האָט אויף דער היימי־שער באַפעלקערונג אַרויפגעצוואונגען איר ווילן און אויף איר חשבון געפירט אַ פּאַ־ראַזיטישע עקזיסטענץ. די זיגערישע אַריינדרינגער האָבן פאַרטיילט צווישן זיך גרוי־

סע שטחים פון די פּאַרכאַפּטע לענדער און געצוואונגען די איינוואוינער זיי צו צאָלן שטייערן, און דערביי האָט שוין נישט געקאָנט אויסגעמיטן ווערן, אַז די אַרמיי־פירער זאָלן האָבן איינזעעניש מיט זייערע נענטערע מקורבים. אַזוי ווי די פּאַרהעלטענישמעסיק קליינע צאָל פון די דעראָבערער האָט זיי נישט דערלויבט זיך אויסצולעבן צווישן זיך, צו לעבן צוזאַמען לויטן משפּחהדיקן אָפּשטאַם, און זיי זענען טאַקע געווען געצוואונגען זיך צו פונאַנדערשפּרייטן איבערן גאַנצן לאַנד, בכדי צו פאַרפעסטיקן זייער הערשאַפט, זענען במילא אַלץ לויזער געוואָרן די אַלטע בענדער פון בלוט־קרובעשאַפט, וועלכע האָט דאָך געהאַט איר מקור אינעם ענגן צוזאַמענלעבן פון די משפחות. די אַלטע מנהגים זענען אַרויס פונעם באַנוץ, בכדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר נייע פאָרמען פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן.

די פאָלקספאַרזאַמלונג, דער וויכטיקסטער אייגנפיר פון די גערמאַנישע שבטים, ביי וועלכער אַלע עפנטלעכע ענינים זענען באַהאַנדלט און געלייזט געוואָרן, האָט וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרלוירן איר אַלטן כאַראַקטער, וואָס איז שוין אויך באַדינגט געוואָרן דורך דעם גרויסן אויסשפּרייט פון די באַזעצטע געביטן. דערמיט אָבער האָבן די פירשטן און אַרמיי־פירער באַקומען אַלץ גרעסערע רעכטן, וועלכע האָבן זיך לאָגישערווייז צעוואַקסן און דערגאַנגען צו דער קעניגלעכער מאַכט. די קעניגן, וועלכע זענען געווען פאַרשיכורט פון רוימס איינפלוס, האָבן טאַקע נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט אָפּצושאַפן די לעצטע רעשטן פונעם אַלטן דעמאָקראַטישן איינפיר, מחמת פאַר דעם אויסשפּרייט פון זייער מאַכט האָבן זיי געקאָנט זיין נאָר אַ מכשול.

אָבער אויך די אַריסטאָקראַטיע, וועמעס ערשטע אָנפאַנג־סטאַדיע ס'האָט זיך ביי די גערמאַנען באַמערקבאַר געמאַכט באַצייטנס, האָט דורכן רייכן באַדנבאַזיץ, וועלכער איז איר אין די דעראָבערטע לענדער אַריינגעפאַלן ווי אַ זאַקרויב, באַקומען אַ גאַנץ נייעם געזעלשאַפטלעכן באַדייט. צוזאַמען מיט די אַדעליקע פון די אונטערגעיאָכטע פעלקער, וועלכע דער פרעמדער הערשער האָט צוליב גוט־אויסגערעכנטע סיבות צוגענומען אין זיין דינסט, ווייל זייער קולטורעלע העכערקייט האָט אים בלויז געקאָנט ברענגען נוצן, זענען די רעפּרעזענטאַנטן פון דערדאָזיקער נייער אַריסטאָקראַטיע קודם געווען בלויז דעם קעניגס וואַסאַלן, און זיי האָבן אים אין זיינע קריגסצוגן באַגלייט מיט דער אַרמיי, פאַרוואָס זיי זענען פאַרגיטיקט געוואָרן מיט פעאָדאַל־גיטער אויפן חשבון פון די באַזיגטע פעלקער.

אָבער דער פעאָדאַל־סיסטעם, וועלכער האָט דעם אַדל לכתחילה צוגעבונדן צו דער קעניגלעכער מאַכט, האָט שוין אויך געהאַט אין זיך די שפּראָצן, וועלכע האָבן מיט דער צייט געמוזט ווערן געפערלעכע פאַר דערדאָזיקער מאַכט. די ווירטשאַפטלעכע מאַכט, וועלכע איז דורך דעם פעאָדאַלן סיסטעם ביסלעכווייז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די אַדעליקע, האָט אויפגעוועקט אין זיי נייע פאַרלאַנגען און באַגערן, וועלכע האָבן זיי אַריינגעשטויסן אין אַזאַ ספּעציעלער פּאָזיציע, וועלכע איז לחלוטין נישט געווען גינציק פאַר די שטרעבונגען צו צענטראַליזאַציע מצד

דער קעניגלעכער מאַכט. סאיז געווען ווידערווילִיק פאַרן שטאָלץ פון די אַדעליקע צו זיין שטענדיק נאָכגייענדיקע סוויטע־לייט פונעם קעניג. די ראָל אַלס „גראַן סעניאָר״, וועלכער קאָן אויף זיין פּאָלוואַרק אומגעשטערט שאַלטן און וואַלטן, נישט מוזנדיק אויספאָלגן קיין העכערע אָנווייזונגען, איז זיי בעסער געווען געפעלן און האָט פאַר זיי פריער פאַר אַלץ געעפנט בעסערע פּערספּעקטיוון פאַר אַ בהדרגהדיקער אויסגעשטאַלטיקונג פון זייער אייגענער מאַכט. ווייל אויך אין זיי איז דער ווילן צו מאַכט געווען לעבעדיק און ער האָט זיי געשטויסן דערצו, אַריינצוואַרפן זייער ווירטשאַפטלעכן כוח אין דער וואָגשאָל, בכדי צו אַרבעטן קעגן דער אויפקומענדיקער מאַכט פונעם קעניגטום.

פּאַקטיש איז געראָטן די פעאָדאַלע האַרן, וועלכע האָבן זיך מיט דער צייט אַרויפגעאַרבעט צו דער מדרגה פון קלענערע און גרעסערע פירשטן, צו האַלטן דעם קעניג פאַר אַ משך פון אַ לאַנגער צייט אין רשות פון זייער ווילן. אַזוי איז אַנטשטאַנען אין אייראָפּע אַ נייער שיכט פון פּאַראַזיטן, וועלכער האָט שוין מיטן פאָלק נישט געהאַט קיין שום אינערלעכע באַציאונג, פּונקט אַזוי ווייניק ווי די פרעמדע אַריינדרינגער, וועלכע זענען דאָך מיט די אונטערגעיאָכטע פעלקער אויך נישט געווען פאַרבונדן דורכן באַנד פון בלוט. פון דער מלחמה און פון דער דעראָבערונג איז אויפגעקומען אַ נייער סיסטעם פון מענטשלעכער קנעכטשאַפט, וועלכער האָט פאַר אַ משך פון הונדערטער יאָרן אַרויפגעלייגט זיין חותם אויף די געזעלשאַפטלעכע צושטאַנדן אין די אַגראַר־געביטן. דורך דער אומדערזעטלעכער גיריקייט פון די אַדעליקע פּריצים, די אייגנטימער פון דער ערד, איז דער פויער אַלץ טיפער אַריינגעשטויסן געוואָרן אין עלנט און נויט, ער איז נאָך קוים באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מענטש און ער איז באַרויבט געוואָרן פון די לעצטע פרייהייטן, וועלכע זענען אים נאָך געהאַט געבליבן פון פריער.

אָבער די ממשלה איבער פרעמדע פעלקער האָט נישט בלויז געווירקט צעשטערנדיק אויפן אונטערגעיאָכטן טייל פון דער באַפעלקערונג; זי האָט אויך צעטרייסלט די אינערלעכע באַציאונגען צווישן די דעראָבערער גופא און חרוב געמאַכט זייערע אַלטע טראַדיציעס. די מאַכט, וועלכע מ׳האָט לכתחילה אַרויפגעצוואונגען אויף די אונטערגעיאָכטע פעלקער, האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן אָנגעווענדט ווערן אויך קעגן די אָרעמע שיכטן פון די אייגענע שטאַמברידער, ביז אויך זיי זענען אַריינגעפאַלן אין מצב פון קנעכטשאַפט. אַזוי אַרום האָט דער ווילן צו מאַכט דערשטיקט מיט אַכזריותדיקער קאָנסעקווענץ דעם ווילן צו פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט, וועלכער האָט ביי די גערמאַנישע שבטים אַמאָל געהאַט געשלאָגן אַזעלכע טיפע וואָרצלען. דורכן אויסשפּרייט פונעם קריסטנטום און די ענגערע באַציאונגען פון די דעראָבערער מיט דער קירך איז דידאָזיקע שענדלעכע אַנטוויקלונג נאָך אונטערגעיאָגט געוואָרן, מחמת די נייע רעליגיע האָט דערשטיקט די לעצטע בונטאַרישע פונקען און האָט צוגעוואוינט די מענטשן זיך צופרידנצושטעלן מיט די עקזיסטירנדיקע אומשטענדן. פּונקט ווי דער ווילן צו מאַכט האָט פריער, אונטער די רוימישע צע־

זאַרן, אַ גאַנצע וועלט באַרויבט פון איר מענטשלעכקייט און זי אַריינגעשטויסן אין גיהנום פון קנעכטשאַפט, פונקט אַזוי האָט ער שפּעטער צעשטערט די פרייהייט־לעכע געזעלשאַפטלעכע איינפירן פון די באַרבאַרן און זיי אַריינגעוואָרפן אין עלנט פון דער קנעכטשאַפט.

פון די ניי־געגרינדעטע מלוכות, וועלכע זענען אויפגעקומען אין די פאַרשי־דענע טיילן פון אייראָפּע, האָט די מלוכה פון די פראַנקן דערגרייכט דעם העכסטן באַדייט. נאָכדעם ווי דער מעראָווינגער כלאָדוויג, קעניג פון די סאַלישע פראַנקן, האָט אין יאָר 486 גורם געווען דעם רוימישן שטאַטהאַלטער סיאַגריוס אַן אַנט־שיידנדיקע מפּלה אין דער שלאַכט ביי סאָיסאָנס, איז ער געווען אימשטאַנד צו פאַרכאַפּן גאַנץ גאַליע, נישט אַנטרעפנדיק קיין ערנסטן ווידערשטאַנד. אַזוי ווי ביי יעדן משוגענעם מאַכט־גייציקן, איז אויך ביי כלאָדוויגן דער אַפּעטיט געקומען מיטן עסן. נישט בלויז האָט ער זיך באַמיט צו פאַרפעסטיקן זיין לאַנד פון אינעווייניק, נייערט ער האָט אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט אויסצושפּרייטן זיינע גרע־נעצן. צען יאָר נאָך זיין נצחון איבער די רוימער האָט ער צעקלאַפּט די חיילות פון די אַלעמאַנען ביי צילפּיך און איינגעגלידערט זייער לאַנד אין זיין מלוכה אַריין. דעמאָלט איז אויך פאָרגעקומען זיין איבערגאַנג צום קריסטנטום, וועלכער איז נישט געקומען פון קיין אינערלעכער איבערצייגונג, נייערט אויסשליסלעך פון מאַכט־פּאָליטישע אויסרעכענונגען.

אַזוי אַרום איז אין אייראָפּע אַנטשטאַנען אַ וועלטלעכע מאַכט פון אַ נייעם סטיל. די קירך, וועלכע האָט נישט מיט אומרעכט געמיינט, אַז דער פרענקישער הערשער וועט איר קאָנען שטאַרק ביישטיין קעגן איר גרויסער צאָל שונאים, איז באַלד געווען גרייט זיך צו פאַרבינדן מיט כלאָדוויגן, בפרט נאָך דערפאַר, וואָס איר פּאָזיציע איז צוליב דעם אָפּפאַל פון די אַריאַנער אָפּגעשוואַכט געוואָרן און אין רוים גופא איז זי באַדראָט געוואָרן פון אַ סך קעגנער. כלאָדוויג, איינער פון די אכזריותדיקסטע און אומלאָיאַלסטע סוביעקטן, וועלכע זענען ווען עס איז געזעסן אויף א טראָן, האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ אַליאַנץ קאָן אים שטאַרק צונוצקו־מען פאַר דער דורכפירונג פון זיינע אַמביציעזע פּלענער, וועלכע ער האָט פאַר־טראַכט מיט דער גאַנצער כיטרעקייט פון זיין פאַרעטערישן כאַראַקטער. האָט ער זיך אין ריימס געלאָזט שמדן און פונעם דאָרטיקן בישאָף באַשטימען ווי אַן „אַל־קריסטלעכער קעניג", וואָס דאָס האָט אים, אַגב, נישט אָפּגעהאַלטן דערפון צו שטרעבן צו זיינע צילן מיט די נישט קריסטלעכסטע מיטלען. די קירך אָבער האָט אויך אַריינגענומען אין איר מסחר מיט אים זיינע בלוטיקע רשעותדיקע מעשים, וועגן וועלכע זי האָט גאָרנישט געטאָרט זאָגן, אויב זי האָט געוואָלט כלאָדוויגן אויס־נוצן פאַר אירע מאַכט־צוועקן.

אָבער ווען כלאָדוויגס נאָכפאָלגער האָבן שפּעטער שוין געהאַט נישט מער ווי בלויז אַ כלומרשטע עקזיסטענץ און די מאַכט פונעם שטאַט איז געווען פולשטענ־דיק קאָנצענטרירט אין די הענט פונעם אַזויגערופענעם „מאַיאָרדאָם־אַמט", וועלכער

איז אונטער פּיפּפּין פאַן הערעסטאַל געוואָרן ירושהדיק, האָט זיך דער פּויפּסט בסוד צוזאַמענגערעדט מיט זיין אייניקל, פּיפּפּין דער קורצער, און אים געעצהט אַליין צו ווערן קעניג. האָט דעמאָלט פּיפּפּין אַריינגעטריבן אין אַ קלויסטער דעם לעצטן מע־ראָווינגער און ער איז געוואָרן דער גרינדער פון אַ נייער דינאַסטיע פון פרענקישן רייך. אונטער דער רעגירונג פון זיין זון קאַרל דעם גרויסן איז די אַליאַנץ צווישן דעם פּויפּסט און דעם פרענקישן קעניגלעכן הויז דערגאַנגען צו דער העכסטער שלימות און פאַרזיכערט דעם פרענקישן מושל די פּאָזיציע אַלס הויפּטמאַכט אין אייראָפּע. דערמיט האָט דער רעיון וועגן אַן אייראָפּעאישער אוניווערסאַלער מאָ־נאַרכיע, פאַר דער דורכפירונג פון וועלכער קאַרל דער גרויסער האָט געווידמעט זיין גאַנץ לעבן, ווידער באַקומען ממשותדיקע פאָרמען. פאַר דער קירך, וועלכע האָט אויך געהאַט אַן ענלעכן ציל, איז אַזאַ מין אַליאירטער געווען זייער אָנגעלייגט. איי־נער האָט געדאַרפט האָבן דעם אַנדערן, בכדי אויסצוצייטיקן די פּלענער פון זיין פּאָליטישער מאַכט

די קירך האָט געדאַרפט האָבן די שווערט פונעם וועלטלעכן הערשער, בכדי זיך צו באַשיצן קעגן אירע שונאים; איז אַזוי אַרום איר העכסטער ציל געוואָרן אָנ־צופירן מיט דער שווערט לויט איר ווילן און מיט איר הילף אויסצוברייטערן איר קעניגרייך. קאַרל ווידער האָט זיך נישט געקאָנט באַגיין אָן דער קירך, וועלכע האָט ערשט געגעבן זיין הערשאַפט די אינערלעכע רעליגיעזע איינהייט און איז געווען די איינציקע מאַכט, וועלכע האָט אויפגעהיט די גייסטיקע און קולטורעלע ירושה פון דער רוימישער וועלט. אין דער קירך איז געווען פאַרקערפּערט די גאַנצע ביל־דונג פון דער צייט; זי האָט געהאַט אין אירע רייען יוריסטן, פילאָזאָפן, געשיכטע־שרייבער, פּאָליטיקער, און אירע קלויסטער זענען אַ לאַנגע צייט געווען די איינ־ציקע ערטער, וואו קונסט און מלאכה האָבן געקאָנט געדייען און דאָס מענטשלע־כע וויסן האָט געפונען אַ מקום־מקלט. די קירך איז דעריבער פאַר קאַרלן געווען אַ ווערטפולער פאַרבינדעטער, ווייל זי האָט פאַר אים געשאַפן די גייסטיקע הנחות, וועלכע זענען געווען אַזוי שטאַרק נייטיק פאַרן קיום פון זיין ריזיקער מדינה. צוליב דעם צוועק האָט ער געזוכט צוצובינדן צו זיך דעם קלער אויך ווירטשאַפטלעך, דורכ־דעם, וואָס ער האָט געצוואונגען די אונטערגעיאָכטע פעלקער צו צאָלן מעשר דער קירך און אַזוי אַרום פאַרזיכערט אירע פאַרטרעטער אַ באַשטענדיקע הכנסה. אָן אַליאירטער ווי דער פּויפּסט האָט פאַר קאַרלן געמוזט זיין נאָך אַזוי פיל געוואונ־טשענער אינוויפערן די אויבערמאַכט איז נאָך געלעגן פעסט אין זיינע הענט און דער פּויפּסט איז געווען גענוג קלוג זיך דערווייל צופרידנצושטעלן מיט זיין ראָל ווי אַ וואַסאַל פונעם פרענקישן מושל.

ווען דער פּויפּסט איז געווען שטאַרק באַדראָט דורכן קעניג פון די לאָנגאָ־באַרדן, דעסידעריוס, איז אים קאַרל באַלד געקומען צו הילף מיט זיין אַרמיי און גע־מאַכט אַ סוף צו דער הערשאַפט פון די לאָנגאָבאַרדן אין אויבעראיטאַליע. די קירך האָט אים דערפאַר אַרויסגעוויזן גרויס דאַנקבאַרקייט און לעאָ דער דריטער

האָט אין ווייַנאַכטסטאָג פון יאָר 800 דעם אין דער קירך סאַן פּעדראָ תּפילה טוענ־דיקן קאַרל אַרויפגעזעצט די קייזערלעכע קרוין אויפן קאָפּ און אים געזאַלבט פאַר „רוימישן קייזער פון פרענקישער נאַציאָן״. דערדאָזיקער אַקט האָט געדאַרפט באַ־דייטן פאַר די מענטשן, אַז די קריסטלעכע וועלט פון מערב איז אונטערגעוואָרפן אונטער די אָנווייזונגען פון אַ וועלטלעכער און גייסטלעכער אויבערמאַכט, וואָס ביי־דע זענען זיי געווען באַרופן פון גאָט צו וואַכן איבער דער קערפּערלעכער און זע־לישער רעטונג פון די קריסטלעכע פעלקער. אַזוי זענען פּויפּסט און קייזער געוואָרן סימבאָלן פון אַ נייעם רעיון וועגן וועלטמאַכט מיט פאַרטיילטע ראָלן, אַ געדאַנק, וועלכער האָט דורך זיינע פּראַקטישע מעשים במשך פון הונדערטער יאָרן נישט גע־לאָזט אייראָפּע איינרוען.

פּונקט אַזוי ווי ס׳איז באַגרייפלעך, אַז דערזעלביקער ווילן, וועלכער איז געשפּייזט געוואָרן פון רוימישע טראַדיציעס, מוז צונויפפירן די קירך מיט דער מאָנאַרכיע, פּונקט אַזוי אומפאַרמיידלעך איז עס געווען, אַז אַן ערלעכע פאַרטיילונג פון די ראָלן צווישן זיי זאָל אין לויף פון דער צייט נישט קאָנען האָבן קיין קיום. ס׳ליגט אינעם מהות פון יעדן ווילן צו מאַכט, אַז ער זאָל טאָלערירן אַ גלייכבאַרעכ־טיקטע מאַכט נאָר אַזוי לאַנג, כל־זמן ער גלייבט, אַז ער איז אימשטאַנד זי אויס־צונוצן פאַר זיינע אייגענע צוועקן, אָדער אַזוי לאַנג ער פילט זיך נאָך נישט גענוג שטאַרק אָנצוהייבן מיט איר דעם קאַמף פאַר דער אויבערמאַכט. כל־זמן קירך און קייזערטום זענען געווען פאַרנומען קודם־כל צו באַפעסטיקן זייער מאַכט פון אינע־ווייניק און דעריבער געווען שטאַרק אָנגעוויזן איינער אויפן אַנדערן, האָט די איי־ניקייט צווישן זיי, לגבי דרויסן לפּחות, אָנגעהאַלטן. אָבער עס האָט נישט געקאָנט פאַרמיטן ווערן, אַז וויבאַלד איינער אָדער דער אַנדערער פון די צוויי כּוחות האָט זיך געפילט גענוג שטאַרק, בכדי צו קאָנען שטיין אויף די אייגענע פיס, זאָל אויס־ברעכן דער קאַמף צווישן זיי פאַר דער פּאָזיציע פון דער אויבערהערשאַפט און ער זאָל געפירט ווערן ביז צום סוף מיט אומברחמנותדיקער לאָגיק. אַז די קירך זאָל אין דאָזיקן קאַמף אַרויס די זיגערין, איז לויט דער לאַגע פון די אומשטענדן גע־ווען צו דערוואַרטן. איר גייסטיקע העכערקייט, וועלכע האָט זיך סומך געווען אויף אַן עלטערער און באַזונדערס אויף אַ פיל העכערער קולטור, אין וועלכער די אַזוי־גערופענע באַרבאַרן האָבן זיך ערשט מיט גרויס מי געמוזט אַריינלעבן, האָט איר געגעבן אַ מעכטיקן אָדערויף. דערצו איז די קירך געווען די איינציקע מאַכט, וועל־כע איז געווען אימשטאַנד צוזאַמענצושמעלצן די קריסטלעכע אייראָפּע קעגן דעם אַריינרייסן זיך פון מאָנגאָלישע אָדער איסלאַמישע פעלקער פאַרן געמיינזאַמען פאַרטיידיקונגס־קאַמף. דאָס קייזערטום איז נישט געווען צוגעפּאַסט פאַר דערדאָ־זיקער אויפגאַבע, ווייל עס איז געווען געבונדן דורך אַן אַ שיער ספּעציפישע פּאָלי־טישע אינטערעסן און מיט אייגענעם כּוח נישט געקאָנט גאַראַנטירן אייראָפּע דידאָ־זיקע באַשיצונג.

כל־זמן קאַרל דער גרויסער האָט געלעבט, האָט זיך דאָס פּויפּסטום מיט קלו־

גער אויסרעכענונג געהאַלטן אין דער צווייטראַנגיקער ראָל, מחמת עס איז געגצלעך געווען אַנגעוויזן אויף דער באַשיצונג מצד דעם פרענקישן הערשער. אָבער זיין ממלא־מקום, לודוויק דער פרומער, אַ באַשרענקטער און אַבערגלויבישער מענטש, איז אינגאַנצן אַריינגעפאַלן אין די גלחימס רשות און ער האָט נישט געהאַט נישט די גייסטיקע פעאיקייטן, נישט די אומברחמנותדיקייט פון זיין פאָרגייער, בכדי צוזאַמענצוהאַלטן קאַרל דעם גרויסנס אימפעריע, וועלכע איז צוזאַמענגעשטיקעוועט געוואָרן מיט שטראָמען בלוט און מיט געוויסנלאָזער געוואַלט, און וועלכע איז זיך באַלד נאָך זיין טויט צעפאַלן, בכדי אָפּצוטרעטן דאָס פּלאַץ פאַר אַ נייער געשטאַלטיקונג פון אייראָפּע.

דאָס פּויפּסטום האָט טריומפירט אויף דער גאַנצער ליניע איבער דער וועלטלעכער מאַכט און איז פאַר אַ משך פון הונדערטער יאָר געבליבן די העכסטע הערשאַפטס־אינסטיטוציע פון דער קריסטלעכער וועלט. אָבער ווען דידאָזיקע וועלט האָט זיך ענדלעך באַפרייט פון אירע קלאַמערן און אומעטום אין אייראָפּע האָט זיך אַלץ מער און מער אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט דער נאַציאָנאַלער שטאַט, איז צערונען געוואָרן דער חלום וועגן אַן אַלגעמיינער וועלטהערשאַפט אונטערן פּויפּסטס סצעפּטער, וועגן וועלכן טאָמאַס דע אַקינאָ האָט געהאַט געחלומט. די קירך האָט זיך פעסט, מיט אַלע אירע כוחות, אַרויסגעשטעלט קעגן דער נייער אַנטוויקלונג פון די געשעענישן, אָבער פונדעסטוועגן האָט זי דאָך נישט געקאָנט אויף כסדר שטערן די נייע פּאָליטישע טראַנספאָרמאַציע פון אייראָפּע און זי האָט זיך אויף איר שטייגער געמוזט צופּאַסן און שלום מאַכן מיט די נייע פּאָליטישע מאַכט־אַמביציעס פון די אַנטשטייענדיקע נאַציאָנאַלע מלוכות.

# IV

# די מאַכט קעגן דער קולטור

די שאַפונג פון קאַסטעס ווי אַ מלוכהשע נויטווענדיקייט. — פלאַטאָנס לערע וועגן דער קלאַסן-איינטיילונג פון דער מלוכה. — די אָפּגרענעצונג לגבי דרויסן ווי אַ מאַכטפּאָליטישער תנאי. — אַריסטאָטעלס לערע וועגן שטאַט און דער באַגריף וועגן די „מינדערווערטיקע". — גייסטיקע אומפּרוכפּעריקייט פון דער מאַכט. — מאַכט און קולטור ווי סתירות. — שטאַט און געמיינשאַפט. — די מאַכט ווי אַ פּריווילעגיע פון דער מינדערהייט. — מאַכט און רעכט. — נאַטוררעכט און „פּאָזיטיוו רעכט". — די דאָפּלטע ראָל פונעם געזעץ. — פרייהייט און אויטאָריטעט. — דאָס רעכט ווי אַ מעסטער פון קולטור. — דער קאַמף פאַרן רעכט אין דער געשיכטע.

יעדע מאַכט לאָזט־צו די הנחה וועגן אַ געוויסער פאָרם פון מענטשלעכער שקלאַפעריי, מחמת די צעטיילונג פון דער געזעלשאַפט אין העכערע און נידעריקערע קלאַסן איז איינע פון די ערשטע תנאים פון איר עקזיסטענץ. די אָפּגרענעצונג פון מענטשן אין קאַסטעס, שטאַנדן און קלאַסן אַנטשפּרעכט אַן אינערלעכער באַדערפעניש, בכדי אָפּצושיידן די פּריווילעגירטע פונעם פאָלק, און לעגענדעס און טראַדיציעס זאָרגן שוין דערפאַר אויפצוהאַלטן און צו פאַרטיפן אינעם מענטשלעכן באַנעם דעם גלויבן אין דער אומפאַרמיידלעכקייט פון דערדאָזיקער פונאַנדערשיידונג. אַ יונגע מאַכט קאָן מאַכן אַ סוף צו דער הערשאַפט פון אַלטע פּריווילעגירטע קלאַסן, אָבער זי קאָן עס טאָן נאָר בתנאי, אויב זי שאַפט תיכף אַ נייע פּריווילעגירטע קאַסטע, וועלכע זי דאַרף האָבן פאַר דער דורכפירונג פון אירע פּלענער. אַזוי האָבן די גרינדער פון דער אַזויגערופענער „דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט" אין רוסלאַנד געמוזט שאַפן די קאָמיסאַריאָקראַטיע, וועלכע זונדערט זיך אָפּ פון די ברייטע מאַסן פון דער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג פונקט אַזוי ווי די פּריווילעגירטע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג אין יעדן אַנדערן לאַנד

אַפילו פלאַטאָן, וועלכער האָט אין אינטערעס פונעם שטאַט געזוכט צו האַרמאָניזירן די פסיכישע סענטימענטן פונעם יחיד מיט אַ פון דער רעגירונג אויסגעאַרבעטן באַגריף וועגן טוגנט, און דאָס געוואָלט טאָן באופן, וואָס ער האָט יעדן מין מאָראַל געלאָזט אַרויסדרינגען פון דער פּאָליטיק, וואָס דערמיט איז ער געווען דער ערשטער, וועלכער האָט געשאַפן די גייסטיקע הנחה פאַרן אַזויגערופענעם „שטאַטס־

ראַזאָן", — אַפּילו פּלאַטאָן האָט איינגעזען, אַז די צעטיילונג אין קלאַסן איז אַן אינערלעכע נויטווענדיקייט פאַרן קיום פונעם שטאַט. צוליב דעם האָט ער אַוועק־געשטעלט דעם ענין וועגן דער אָנגעהעריקייט צו איינעם פון די דריי שטאַנדן, אויף וועלכן זיין אויסגעחלומט שטאַטסוועזן דאַרף זיך סומך זיין, ווי אַ גורל־פראַגע, אויף וועלכער דער יחיד האָט נישט קיין שום איינפלוס. בכדי אָבער אַריינצוגעבן אין די מענטשן די אמונה וועגן זייער „נאַטירלעכן גורל", מוז זיך דער מלוכה־מאַן באַ־דינען מיט א „הייליגדיקער אָפּנאַרונג", זאָגנדיק צו זיי: „פאַר יענע פון צווישן אייך, וועלכע זענען באַשטימט אָנצופירן מיט דער הערשאַפט, פאַר זיי איז פון גאָט דעם באַשעפער אַריינגעמישט געוואָרן גאָלד אין זייער צוזאַמענשטעלנדיקער מאַסע, וואָס טאָקע אַדאַנק דעם איז זייער ווערט דער פּרעכטיקסטער; פאַר זייערע צוהעל־פער האָט ער אַריינגעמישט זילבער, און אייזן און בראָנדז פאַר די פויערן און די אַנדערע האַנטאַרבעטער". און אויף דער פראַגע ווי אַזוי מ'קאָן די בירגער מאַכן גלייבן אין דערדאָזיקער אָפּנאַרונג, קומט דער ענטפער: „זיי אַליין צו איבערצייגן אין דעם, האַלט איך פאַר אוממעגלעך, איך האַלט אָבער נישט פאַר אוממעגלעך צו מאַכן גלייבן אין דער דאָזיקער פאַבל זייערע זין און אָפּשטאַמיקע און אַלע קו־מענדיקע דורות*).

דאָ ווערט בכן דער גורל פונעם מענטשן באַשטימט דורך דער מישונג, וועלכע ער האָט באַקומען פון גאָט און פון וועלכער ס'איז אָפּהענגיק, צי ער וועט אין לעבן זיין א האַר אָדער אַ קנעכט. צו פאַרטיפן דידאָזיקע אמונה וועגן אַן אומפאַרמייד־לעכן גורל אין דער פאָרשטעלונג פונעם מענטשן און צו געבן איר די מיסטישע קדושה פון אַ רעליגיעזער איבערצייגונג — דאָס איז ביז איצט געווען דער פונדאַמענטאַל־סטער ציל פון יעדן מין מאַכטפּאָליטיק.

פונקט אַזוי ווי דער שטאַט באַמיט זיך צו שטערן אין זיינע אייגענע גרענעצן יעדע געזעלשאַפטלעכע אויסגלייכונג צווישן זיינע אונטערטאַנען און צו פאַרייביקן צווישן זיי די פונאַנדערגעטיילטקייט דורך קאַסטן־ און קלאַסן־גרופּירונגען, פונקט אַזוי מוז ער זיך באַמיען אָפּצוזונדערן זיך אַליין לגבי דרויסן פון אַלע אַנדערע מלו־כות און אַריינגעבן אין זיינע בירגער דעם גלויבן מכוח זייער נאַציאָנאַלער העכער־קייט אין פאַרגלייך צו אַלע אַנדערע פעלקער. פּלאַטאָן, דער איינציקער גריכישער דענקער, ביי וועמען דער רעיון מכוח אַ נאַציאָנאַלער איינהייט פון אַלע העלענען קומט אַרויס גאַנץ קלאָר, האָט זיך אויך געפילט אויסשליסלעך ווי אַ גריך און ער האָט געקוקט מיט אַן אויגנשיינלעכער פאַראַכטונג אויף די „באַרבאַרן". דער גע־דאַנק, אַז מ'קאָן זיי פאַרגלייכן מיט די העלענער אָדער אַפּילו בלויז דערנענטערן זיי, האָט זיך אים אויסגעוויזן פונקט אַזוי חוצפּהדיק ווי אומבאַנעמבאַר. צוליב דעם טעם האָט ער געוואָלט, אַז אין זיין אידעאַלער מלוכה זאָלן אַלע שווערע און דערנידערנדיקע אַרבעטן געטאָן ווערן דורך פרעמדע און שקלאַפן. ער האָט דאָס

*) פּלאַטאָן, „דער שטאַט", דריט בוך.

באַטראַכט נישט נאָר ווי אַ טובה פאַר דער העלענישער הערנקאַסטע, נאָר אויך ווי אַ וואוילטעטיקייט פאַר די שקלאַפן גופא, וועמען עס האָט זיך, לויט זיין באַנעם, געמוזט אויסווייזן ווי אַ גינציקער צושפּיל פונעם גורל, וואָס זיי האָבן דעם זכות דווקא צו שטיין אין דינסט פון די גריכן, אויב זייער באַשטימונג איז שוין אַזאַ, אַז זיי מוזן דורכפירן די נידעריקע אַרבעטן פון אַ קנעכט.

אַריסטאָטעלעס האָט דעם באַגריף וועגן דער „נאַטירלעכער באַשטימונג" פאַר־נעם מענטשן נאָך קלאָרער משיג געווען. זויך פאַר אים זענען געווען פעלקער און קלאַסן, וועלכע זענען באַשטימט פון דער נאַטור דורכצופירן די נידעריקסטע אַר־בעטן. צו זיי געהערן קודם־כל אַלע באַרבאַרן און נישט־גריכן. ער האָט אַפילו גע־מאַכט אַ חילוק צווישן „קנעכט לויט דער נאַטור" און „קנעכט לויט געזעץ". צו די ערשטע געהערן, לויט אים, יענע אַלע, וועלכע זענען, אויפן סמך פון זייער גייסטי־קער אומזעלבסטשטענדיקייט, פון דער נאַטור גופא באַשטימט געוואָרן צו פאָלגן אַנדערע, בעת יענע, וועלכע האָבן פאַרלוירן זייער פרייהייט דורך דעם, וואָס זיי זענען בעתן קריג אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, באַצייכנט ער ווי „קנעכט לויטן געזעץ". אָבער אין ביידע פאַלן איז דער קנעכט פאַר אים בלויז אַ „לעבעדיקע מאַ־שין" און ווי אַזעלכע „אַ טייל פון זיין האַר". לויט די פּרינציפּן, וועלכע אַריסטאָ־טעלעס פאַרטרעט אין זיין „פּאָליטיק", איז די קנעכטשאַפט פונקט אַזוי נוצלעך פאַר דעם באַהערשער ווי פאַר דעם באַהערשטן, ווייל די נאַטור האָט דעם ערשטן געגעבן העכערע פעאיקייטן, בעת דעם צווייטן האָט זי געגעבן בלויז די רויע קראַפט פון דער חיה, צוליב וואָס די ראָל פונעם האַר און די ראָל פונעם קנעכט פאַלן שוין צו יעדן איינעם פון זיך אַליין.

פאַר אַריסטאָטעלן איז דער מענטש געווען א „מלוכה שאַפנדיק באַשעפעניש", וועלכעס איז לויט זיין גאַנצער נאַטור באַשטימט פאַרן צוועק צו זיין אַ בירגער פון אַ רעגירונג. בלויז צוליב דעם מאָטיוו האָט ער פאַרוואָרפן דעם זעלבסטמאָרד, ווייל ער האָט דעם יחיד נעגירט דאָס רעכט זיך אַרויסצודרייען פונעם שטאַט. כאָטש אַריסטאָטעלעס האָט גאַנץ אומגינציק זיך אַרויסגעזאָגט וועגן פּלאַטאָנס אידעאַל־שטאַט, און ספּעציעל באַצייכנט די שותפותדיקייט פון אייגנטום, צו וועלכער פּלאַ־טאָן האָט געשטרעבט, ווי „דערווידערדיק צו די געזעצן פון דער נאַטור", פונדעסט־וועגן איז פאַר אים דער שטאַט אָן און פאַר זיך געווען דער מיטלפּונקט, אַרום וועלכן עס דרייט זיך די גאַנצע ערדישע עקזיסטענץ. און אַזוי ווי ער האָט געהאַלטן, פּונקט ווי פּלאַטאָן, אַז די אָנפירונג מיט די שטאַטלעכע ענינים דאַרף תמיד ליגן אין די הענט פון אַ קליינער מינדערהייט פון אויסדערוויילטע מענטשן, וועלכע זענען פון דער נאַטור גופא באַשטימט פאַר דערדאָזיקער פּראָפעסיע, האָט ער שוין במילא גע־מוזט קומען צום אויספיר צו רעכטפאַרטיקן די פּריווילעגיע פון די אויסדערוויילטע אויפן סמך פון דער מכלומרשטער מינדערוועטיקייט פון די ברייטע פאָלקסשיכטן און דעמדאָזיקן צושטאַנד צושרייבן צו דער אייזערנער מאַכט פון די נאַטור־פּראָ־

צעסן. אין דעמדאָזיקן באַנעם ליגט דאָך אָבער סוף־כל־סוף די מאָראַלישע באַרעכ־טיקונג פון יעדער טיראַניי. קוים איז מען שוין דערגאַנגען דערצו די אייגענע פאָלקס־בירגער פונאַנדערצוטיילן אין אַ גייסטיק מינדערווערטיקער מאַסע און אין אַן אויס־דערוויילטער מינדערהייט, וועלכע איז פון דער נאַטור גופא באַרופן צו שעפערי־שער טעטיקייט, קומט שוין פון זיך אַליין אַרויס דער גלויבן וועגן דער עקזיסטענץ פון „מינדערווערטיקע" און „אויסדערוויילטע" פעלקער, ספּעציעל, ווען די אויסדער־וויילטע האָבן נוצן פון דער קנעכטישער אַרבעט פון די מינדערווערטיקע און קאָ־נען זיך אַדאַנק איר באַפרייען פון די דאגות פאַר דער אייגענער עקזיסטענץ.

פונדעסטוועגן איז זיך דער גלויבן אין די מכלומרשטע שעפערישע פעאיקייטן פון דער מאַכט סומך אויף אַ גרויזאַמער זעלבסטאָפּנאַרונג, מחמת די מאַכט ווי אַזעלכע קאָן להלוטין גאָרנישט שאַפן און איז פולשטענדיק אָנגעוויזן אויף די שע־פערישע פעאיקייטן פון די אונטערטאַנען, בכדי איבערהויפּט צו קאָנען עקזיסטירן. גאָרנישט איז אַזוי גרייזיק ווי די מיינונג צו וועלן זען אין שטאַט דעם אייגנטלעכן שעפער פון קולטורעלן פּראָגרעס, ווי דאָס איז ליידער כמעט שטענדיק דער פאַל. דווקא דער היפוך דערפון איז אמת: דער שטאַט איז פון אָנהויב אָן די שטענדיקע קראַפט, וועלכע האָט געקוקט מיט אויסדריקלעכן חשד אויף דער אַנטוויקלונג פון יעדער העכערער קולטור־פאָרעם. מלוכות שאַפן נישט קיין קולטור, אָבער גיכער גייען זיי אָפּט צו גרונד ביי העכערע קולטור־פאָרמען. מאַכט און קולטור אינעם טיפסטן זין זענען אומאיבערשפּאַנבאַרע סתירות; איינעמס שטאַרקייט גייט שטענ־דיק האַנט־ביי־האַנט מיט דעם אַנדערנס שוואַכקייט. אַ מעכטיקער שטאַטס־אַפּאַראַט איז דער גרעסטער מכשול פאַר יעדער קולטורעלער אַנטוויקלונג. דאָרט, וואו שטאַטן קומען אום, אָדער וואו זייער מאַכט איז נאָך באַשרענקט אויף אַ מינימום, דאָרט געדייט די קולטור צומבעסטן.

דערדאָזיקער געדאַנק ווייזט זיך אויס פאַרן רוב אַזוי געוואַגט דערפאַר, ווייל דורך אַ ליגנערישער דרעסיר־בילדונג איז פאַר אונדז פולשטענדיק געפעלשט גע־וואָרן דער טיפערער אַריינבליק אין די אמתע סיבות פון קולטורעלן פּראָצעס. בכדי צו באַשיצן די אינטערעסן פונעם שטאַט, האָט מען אונדז אָנגעשטאָפּט דעם מוח מיט אַ ריזיקער מאַסע פאַלשע באַגריפן און נאַרישע איינבילדונגען, אַזוי אַז דער רוב איז מער נישט ביכולת צוצורירן זיך צו געשיכטלעכע ענינים אָן פאָראורטיילן. מיר שמייכלען צוליב דער פּשטות פון די כינעזישע כראָניקער, וועלכע דערציילן אונדז וועגן דעם לעגענדאַרישן הערשער פאָ־הי, אַז ער האָט זיינע אונטערטאַנען גע־לערנט די קונסט פון געיעג, צו כאַפּן פיש און איינגעפירט ביי זיי דאָס האָדעווען בהמות, אויסגעפונען פאַר זיי די ערשטע מוזיק־אינסטרומענטן און זיי געלערנט זיך צו באַנוצן מיט דער שריפט. אָבער מיר רעדן נאָך געדאַנקענלאָז דאָס אַלץ, וואָס מ'האָט אונדז אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ וועגן דער קולטור פון די פּרעהס, וועגן דער שעפערישער טעטיקייט פון די בבלישע מלכים אָדער וועגן די מכלומרשטע קולטור־

רעלע אויפטועך פון אַלעקסאַנדער מוקדן אָדער פון „אַלטן פרידריך" און זענען אַפּילו נישט משיג, אַז אַלעס איז פּוסטע שוואַרצקינסטלעריי, ליגנערישע פּראַזעאָלאָגיע, וועלכע האָט אַפּילו נישט קיין שמץ פון אמת אין זיך, אָבער וועלכע איז פאַר אונדז אַזוי אָפט איבערגעקייט געוואָרן, אַז זי איז פאַרן רוב געוואָרן ווי אַ אינערלעכע זיכערקייט.

קולטור ווערט נישט געשאַפן דורך באַפעל; זי שאַפט זיך אַליין און אַנטשטייט ספּאָנטאַן פון די באַדערפענישן פון די מענטשן און פון זייער געזעלשאַפטלעכער צוזאַמענאַרבעט. קיין שום מושל האָט נישט געקאָנט קיינמאָל באַפעלן די מענטשן צו באַשאַפן די ערשטע ווערקצייג, זיך צו באַנוצן מיט פייער, אויסצוגעפינען דעם טעלעסקאָפּ אָדער די דאַמפמאַשין, אָדער צו דיכטן די „איליאַדע". קולטורעלע ווערטן אַנטשטייען נישט דורך אָנווייזונגען פון „הויכע פענצטער", נישט זיי לאָזן זיך אַרויפצווינגען דורך דעקרעטן, נישט זיי קאָנען אַרויסגעכישופט ווערן און באַקומען לעבן דורך באַשלוסן פון געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונגען. נישט אין עגיפּטן, נישט אין בבל און נישט אין קיין שום אַנדער לאַנד איז די קולטור געשאַפן געוואָרן דורך די פּאָטענטאַטן פון פּאָליטישע הערשאַפטס־אינסטאַנצן; זיי האָבן בלויז איבערגענומען אַ שוין עקזיסטירנדיקע און אַנטוויקלטע קולטור, בכדי זי אויסצונוצן אין דינסט פון זייערע מאַכטפּאָליטישע אַמביציעס. מיט דעם אָבער האָבן זיי אויך צוגעלייגט די האַק צום שורש פון יעדער ווייטערדיקער קולטורעלער אַנטוויקלונג; ווייל בהסכם דערמיט ווי די פּאָליטישע מאַכט האָט זיך באַפעסטיקט און אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אַרונטערגעוואָרפן אונטער איר איינפלוס, איז פאַרגעקומען די אינערלעכע פאַרשטאַרונג פון די אַלטע קולטורפאָרמען, ביז ס'האָט אויפן אָרט פון איר פריערדיקן ווירקונגסקרייז נישט געקאָנט אַרויסשפּראָצן מער אַפּילו קיין גרין גרעזל.

פּאָליטישע הערשאַפט שטרעבט תמיד צו איינפאָרמיקייט. אין איר נאַרישן גײַעג צו וועלן פירן און אָריענטירן דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן לויט באַשטימטע פּרינציפּן, זוכט זי תמיד אונטערצוואַרפן אַלע געביטן פון מענטשלעכער אַקטיוויטעט אונטער אַן איינהייטלעכן שאַבלאָן. דערמיט פאַלט זי אַריין אין אַן אומלייזבאַרער סתירה מיט אַלע שעפערישע כוחות פונעם העכערן קולטור־פּראָצעס, וועלכער זוכט תמיד נייע פאָרמען און געשטאַלטונגען, במילא איז ער פּונקט אַזוי געבונדן צום פאַרשידנאַרטיקן און פילזייטיקן פונעם מענטשלעכן שטרעבן ווי די פּאָליטישע מאַכט איז געבונדן צום שאַבלאָן און שטייפער פאָרעם. צווישן די פּאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע שטרעבונגען צו מאַכט פון פּריווילעגירטע מינדערהייטן אין דער געזעלשאַפט און דער קולטורעלער טעטיקייט פון פאָלק קומט שטענדיק פאָר אַן אינערלעכער קאַמף, מחמת ביידע ציען אין פאַרשידענע ריכטונגען, וועלכע לאָזן זיך פרייוויליק קיינמאָל נישט צונויפגיסן, און נאָר דורך דרויסנדיקער צוואַנג און גייסטיקער פאַרגעוואַלטיקונג קאָנען זיי צוזאַמענגעפּירט ווערן צו אַ

שיינבאַרער האַרמאָניע. שוין דער כינעזישער חכם לאַאָ־טסע האָט דערקאָנט דעם־דאָזיקן ווידערשפּרוך, ווען ער האָט געזאָגט:

אָנפירן מיט דער קהילה איז, לויט דער דערפאַרונג, אוממעגלעך;
די קהילה באַטייט צוזאַמענאַרבעט פון כוחות,—
ווי אַזעלכע, לויטן געדאַנק, נישט אָנפירבאַר
דורך יחידס קראַפט.
זי אָרדענען הייסט זי אַרייַנטרייבן אין אומאָרדענונג;
זי פאַרפעסטיקן הייסט זי צעשטערן.
ווייל דער אויפפיר פונעם יחיד בייט זיך;
דאָ גייַן פאָרויס,
דאָ אַרויסווייזן וואַרעמקייט, דאָרט קעלט;
דאָ אָנווענדן קראַפט, דאָרט אַרויסווייזן שוואַכקייט,
דאָ אַרויסווייזן ליידנשאַפט, דאָרט רו.
הייסט דאָס:
דער פּערפעקטער מיידט־אויס מאַכטלוסט;
מיידט־אויס מאַכטרייך;
מיידט־אויס מאַכטגלאַנץ.*)

אויך ניטשע האָט צום טיפסטן באַנומען דעמדאָזיקן אמת, ווען אַפילו זיין אינערלעכע צעריסנקייט, זיין שטענדיקע וואַקלעניש צווישן איבערגעלעבטע אויטאָריטערע אָנשויאונגען און באמת פרייהייטלעכן געדאַנקענגאַנג האָבן אים במשך פון זיין גאַנצן לעבן געשטערט אַרויסצוציען די נאַטירלעכע אויספירן פון דעם. פונדעסטוועגן האָט דאָס, וואָס ער האָט געשריבן וועגן דער ירידה פון דער קולטור אין דייטשלאַנד, אַ טיפן באַדייט און האָט זיין באַשטעטיקונג אין דער דעקאַדענץ פון יעדער מין קולטור:

„סוף־כל־סוף קאָן קיינער נישט אויסגעבן מער ווי ער האָט:— דאָס איז חל אויף יחידים, דאָס איז חל אויף פעלקער. ווידמעט מען זיך צו מאַכט, צו הויכפּאָליטיק, צו ווירטשאַפט, צו וועלטפאַרקער, צו פּאַרלאַמענטאַריזם, צו מיליטער־אינטערעסן — גיט מען אוים דאָס ביסל שכל, דאָס ביסל ערנסטקייט, ווילן, דאָס גובר זיין זיך אַליין, וואָס מ'איז אימשטאַנד, גיט מען עס אוים אין איין זייט, פעלט עס אויף דער אַנדערער. די קולטור און די מלוכה — מ'דאַרף זיך בנוגע דעם נישט אָפּנאַרן — זיינען אַנטאַגאָניסטן: „קולטור־שטאַט" איז נישט מער ווי אַ מאָדערנע אידייע. איינס לעבט פון צווייטן; איינס איז אימשטאַנד צו געדייען אויפן חשבון פון אַנדערן. אַלע גרויסע צייטן פון דער קולטור זענען צייטן פון פּאָליטישער ירידה; דאָס וואָס איז גרוים אין זין פון דער קולטור, איז אומפּאָליטיש, אַפילו אַנטיפּאָליטיש".**)

אויב ס'געלינגט נישט דעם שטאַט, אײַנערהאַלב דער איינפלוס־ספערע פון

*) לאַאָ־טסע, „די ריכטונג און דער ריכטיקער וועג".
**) פרידריך ניטשע, „געצענדעמערונג".

זיין מאַכט, אַרויפצופירן די קולטורעלע טעטיקייט אויף באַשטימטע דרכים, וועלכע פּאַסן זיך צו זיינע צוועקן, און צו שטערן אַזוי אַרום אירע העכער־אַנטוויקלטע פאָרמען, וועלן טאַקע דידאָזיקע העכערע פאָרמען פון דער גייסטיקער קולטור פריער אָדער שפּעטער אויפרייסן די פּאָליטישע ראַמען, וועלכע זיי פילן ווי אַ שטרויכלונג. טאָמער אָבער איז דער פּאָליטישער מאַכט־אַפּאַראַט גענוג שטאַרק אַריינצוקוועטשן דאָס קולטורעלע לעבן אויף אַ לענגערער צייט אין באַשטימטע פאָרמען, זוכט עס בהדרגהדיק אַנדערע אויסוועגן, מחמת ס׳איז נישט געבונדן צו קיין שום פּאָליטישער גרענעץ. יעדע העכערע פאָרעם פון דער קולטור, אינוויוויית זי ווערט נישט צו שטאַרק געשטערט אין איר נאַטירלעכער אַנטוויקלונג דורך פּאָליטישע שטרויכלונגען, דערפירט זי צו אַ כסדרדיקער באַנייאונג פון איר שעפערישן פאָרמירונגס־דראַנג. יעדעס געלונגענע ווערק וועקט די באַדערפעניש צו גרעסערער שלימות און טיפערער פאַרגייסטיקונג. קולטור איז תמיד שעפעריש, זי זוכט תמיד נייע אויסדרוקספאָרמען; זי איז געגליכן צום דאָרנקוסט פונעם דזשונגל, וועמעס צווייגן באַרירן די ערד און פאַרוואַרפן אומאויפהערלעך נייע וואָרצלען.

מאַכט אָבער איז קיינמאָל נישט שעפעריש, זי איז אומפּרוכפּערדיק. זי נוצט בלויז אויס די שעפערישע קראַפט פון אַ פאַראַנענער קולטור פאַר אירע צוועקן, בכדי צו פאַרדעקן איר נאַקעטקייט, צו פאַרשאַפן זיך חשיבות. מאַכט איז תמיד א נעגאַטיווער עלעמענט אין דער געשיכטע, וועלכע באַצירט זיך מיט פרעמדע פעדערן, בכדי איר אימפּאָטענץ צו געבן דעם אויסזען פון שעפערישער קראַפט. אויך דאָ טרעפט ניטשעס זאַראַטוסטראַ־וואָרט אין סאַמע פינטל:

„וואו עס איז נאָך דאָ אַ פאָלק, פאַרשטייט עס נישט דעם שטאַט און האַסט אים ווי אַ בייזן בליק און אַ זינד קעגן די מינהגים און די רעכטן. אָט־דעם סימן גיב איך אייך: איטלעך פאָלק האָט זיין לשון פאַר גוטס און בייזס, וועלכעס דער שכן פאַרשטייט נישט. זיין שפּראַך האָט עס זיך אויסגעפונען אין מנהגים און רעכטן. אָבער דער שטאַט זאָגט ליגן אין אַלע לשונות פאַר גוט און בייז; און וואָס ער זאָל נישט רעדן, זאָגט ער ליגנט, און וואָס ער זאָל נישט האָבן — געגנבעט האָט ער עס; פאַלש איז אַלץ אין אים; מיט געגנבעטע ציין בייסט ער, דער פאַרביסענער. פאַלש זענען אַפילו זיינע אינגעווייד”.

מאַכט ווירקט תמיד צעשטערנדיק, מחמת אירע פאַרשטייער זענען תמיד אויסן אַלע דערשיינונגען פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אַריינצוקוועטשן אין דער וויקלשנור פון זייערע געזעצן און זיי צו דערפירן צו אַ באַשטימטער נאָרמע. איר גייסטיקע אויסדרוקס־פאָרעם איז טויטע דאָגמע, איר פסיכישע לעבנס־מאַניפעסטירונג איז ברוטאַלע געוואַלט. די גייסטלאָזיקייט פון אירע באַשטרעבונגען לייגט אויך אַרויף איר חותם אויף דער פּערזאָן פון איר רעפּרעזענטאַנט און מאַכט אים גופא ביסלעכווייז גייסטלאָז און ברוטאַל, ווען אַפילו ער זאָל בטבע געווען האָבן די בעסטע מעלות. קיין שום זאַך איז נישט אַזוי בכוח אָפּצוטעמפּן דעם גייסט און די נשמה פונעם מענטשן ווי דאָס טוט די אייביקע מאָנאָטאָנקייט פון דער רוטין; און מאַכט איז בלויז רוטין.

זינט האָבס האָט געשאָנקען דער וועלט זיין ווערק „וועגן בירגער", זענען די געדאַנקען, וועלכע זענען דאָרט אויסגעדריקט געוואָרן, שוין קיינמאָל נישט געגאַנגען אַרויס פון קורס. זיי האָבן אין לויף פון די לעצטע דריי יאָרהונדערטער אין אַזאַ אָדער אַנדערער פאָרעם אַלע מאָל פונדאָסניי באַשטעטיקט דאָס מענטשלעכע דענקען און דווקא היינט באַהערשן זיי די מוחות מער ווי תמיד. דער מאַטעריאַליסט האָבס האָט זיך אַפילו נישט סומך געווען אויף די לערן פון דער קירך, וואָס דאָס האָט אים פונדעסטוועגן דאָך נישט געשטערט זיך צו פאַראייגענען איר טראַנסצע־דענטאַלן פאָסטולאַט: כי רע האָדם מבטן אמו, דער מענטש איז שלעכט פון זיין מוטערס טראַכט. אַלע זיינע פילאָזאָפישע באַטראַכטונגען זענען אינספּירירט פון דערדאָזיקער הנחה. פאַר אים איז דער מענטש געווען די געבוירענע בעסטיע, וועלכע ווערט אָנגערעגט נאָר פון זעלבסטזיכטיקע אינסטינקטן און ווייסט נישט, וואָס דאָס הייסט אַזוינס איינזעעניש מיטן מיטמענטשן. ערשט די מלוכה האָט געמאַכט אַ סוף צו דעמדאָזיקן „קריג פון אַלע קעגן אַלע" און איז געוואָרן די ערדישע השגחה, וועמעס מוסרדיקע און שטראָפנדיקע האַנט ס'האָט נישט דערלאָזט, אַז דער מענטש זאָל פאַרזינקען אי־נעם זומפּ פון האָפענונגסלאָזן פאַרווילדעוועט ווערן. אַזוי אַרום איז לויט האָבסן דער שטאַט געוואָרן דער אמתער באַשאַפער פון דער קולטור, און דעם מענטשן אַרויפגעשטויסן מיט אייזערנע צוואַנגען אויף אַ העכערער מדרגה פון זיין עקזיס־טענץ, ווי שטאַרק דאָס זאָל נישט געווען זיין להיפוך צו זיין עצם נאַטור. פון זינט דעמאָלט איז די דאָזיקע פאַבל מכוח דער קולטור־שאַפנדיקער ראָל פונעם שטאַט אומצייליקע מאָל איבערגעחזרט און כלומרשט באַשטעטיקט געוואָרן מיט אַלץ נייע אַרגומענטן.

און פונדעסטוועגן ווידערשפּרעכט דער דאָזיקער אומשטאַנדהאַפטיקער באַנעם אַלע דערפאַרונגען פון דער געשיכטע. דאָס אַלעס, וואָס איז דעם מענטשן ביז איצט פאַרבליבן אין חיהשקייט, ווי אַ ירושה פון זיינע אבות אבותי, איז טאַקע דורכן שטאַט במשך פון אַלע יאָרהונדערטער זאָרגפעליק אָפּגעהיט און קינסטלעך גע־פלעגט געוואָרן. די וועלט־מלחמה מיט אירע מאָוימדיקע מאָרד־מעטאָדן אין גרויסן פאַרנעם, די צושטאַנדן אין מוסאָליניס איטאַליע און אין היטלערס דריטן רייך האָ־בן אַפילו דעם בלינדסטן געמוזט עפענען די אויגן און אים ווייזן וואָס דאָס איז אַזוינס דער אַזויגערופענער „קולטורשטאַט".

יעדע העכערע דערקענטעניש, יעדע נייע פאַזע פון דער גייסטיקער אַנטוויק־לונג, יעדער עפּאָכעמאַכנדיקער געדאַנק, וועלכער האָט געעפנט פאַר די מענטשן נייע האָריזאָנטן פאַר זייער קולטורעלער טעטיקייט, האָט זיך געקאָנט דורכשלאָגן אַ וועג נאָר אין שטענדיקן קאַמף קעגן דער מאַכט פון דער קירכלעכער און שטאַטלעכער אויטאָריטעט, נאָכדעם ווי די קעמפער פאַר דידאָזיקע נייע אידעען האָבן במשך פון גאַנצע עפּאָכן געמוזט ברענגען אומגעהויערע קרבנות אין פאַרמעגן, פרייהייט און לעבן פאַר זייערע איבערצייגונגען. אויב אַזעלכע נייע איינפירונגען אינעם גייסטיקן לעבן זענען פון קירך און שטאַט סוף־כל־סוף דאָך אַנערקענט געוואָרן, איז עס גע־

ווען נאָר דערפאַר, ווייל זיי זענען אין לויף פון דער צייט געוואָרן אַזוי אומאָפּהאַלט־באַר, אַז מ׳האָט זיך אַנדערש נישט געקאָנט העלפן. אָבער אַפילו דידאָזיקע אַנער־קענונג, וועלכע איז אַרויסבאַקומען געוואָרן נאָך אַ העפטיקן ווידערשטאַנד, האָט אין רוב פאַלן געפירט צו אַ פלאַנמעסיקער דאָגמאַטיזירונג פון די נייע אידעען, וועלכע האָבן אונטער דער דערשטיקנדיקער און גייסט־אָפּטויטנדיקער אַפּיטראָפּסות פון דער מאַכט פונקט אַזוי געמוזט פאַרשטייפט ווערן ווי אַלע פריערדיקע גע־שטאַלטיקונגס־פּרואוון מיט נייע גייסטיקע אויסזיכטן.

שוין דער פאַקט, וואָס יעדע הערשאַפטס־אָרגאַניזאַציע האָט תמיד אַלס באַזע דעם ווילן פון פריווילעגירטע מינדערהייטן, וועלכער ווערט אַרויפגעצוואונגען אויף די פעלקער פון אויבן אַראָפּ דורך כיטרעקייט אָדער ברוטאַלער געוואַלט, בעת אין יעדער באַזונדערער פאַזע פון דער קולטור קומט נאָר צום אויסדרוק די אַנאָנימע טועניש פון דער געמיינשאַפט, אָט דער פאַקט איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אי־נערלעכער סתירה, וואָס באַשטייט צווישן ביידן. מאַכט קומט תמיד אַרויס נאָר פון יחידים אָדער פון קליינע גרופּן יחידים; קולטור וואָרצלט תמיד אין ציבור. מאַכט איז שטענדיק דער אומפּרוכפּעריקער עלעמענט אין דער געזעלשאַפט, וועמען עס פעלט יעדער מין שעפערישע קראַפט; קולטור פאַרקערפּערט באַשאַפונגסווילן, גע־שטאַלטיקונגסלוסט, וועלכע לעכצן צו געפינען זייער אויסדרוק. מאַכט איז געגליכן צו הונגער, וועמעס באַפרידיקונג דערהאַלט ביים לעבן דעם יחיד ביז צו אַ באַ־שטימטן עלטער. קולטור אין העכסטן זין איז געגליכן צום באַפרוכפּערונגס־אינ־סטינקט, וועמעס אויסלעבן זיך דערהאַלט ביים לעבן דעם מין. דער יחיד שטאַרבט, די געזעלשאַפט נישט. שטאַטן גייען אונטער, קולטורן בייטן בלויז דעם סצענאַריום פון זייער טעטיקייט און די פאָרמען פון זייער אויסדרוק.

דער שטאַט שטעלט זיך אַרויס גינציק נאָר פאַר אַזעלכע פאָרמען פון קולטו־רעלער טעטיקייט, וועלכע גיבן אים בעסערע מעגלעכקייטן אָנצוהאַלטן זיין מאַכט, אָבער ער רודפט מיט אומברחמנותדיקער שנאה יעדע קולטורעלע טעטיקייט, וועל־כע שפּרייזט אַריבער די גרענעצן, וועלכע ער האָט אָנגעצייכנט און איז אימשטאַנד צו שטעלן אין סכנה זיין קיום. ס׳איז דעריבער פונקט אַזוי אומזיניק ווי אַפּנאַרע־ריש צו רעדן וועגן אַ „שטאַטסקולטור”, מחמת דווקא דער שטאַט געפינט זיך אין קריגסצושטאַנד מיט אַלע העכערע פאָרמען פון קולטור און ער ציט כסדר אין אַזאַ ריכטונג, וועלכע דער שעפערישער ווילן פון דער קולטור מיידט אַנגסטלעך אויס.

אָבער ווען אַפילו מאַכט און קולטור זענען אין דער געשיכטע קעגנערישע פּאָלן, האָבן זיי אָבער פונדעסטוועגן אַ שותפותדיק טעטיקייטסגעביט אין דער גע־זעלשאַפטלעכער צוזאַמענאַרבעט פון די מענטשן און ווילנדיק־נישט־ווילנדיק מוזן זיי זיך איינפאַרשטיין. וואָס טיפער די קולטורעלע טעטיקייט פון די מענטשן פאַלט אַרונטער אונטער דער ווירקונג פון דער מאַכט, אַלץ בולטער לאָזט זיך מערקן אַ פאַרשטייפונג אין אירע פאָרמען, אַ געליימטקייט אין איר שעפערישער געשטאַל־טיקונגסקראַפט, אַ בהדרגהדיק אָפּשטאַרבן פון איר באַשאַפונגסווילן. פון דער אַנ־

דערער זייט אָבער פאַסירט, אַז די געזעלשאַפטלעכע קולטור שפּרייזט אויף אַזוי פיל קרעפּטיקער אַריבער אַלע מאַכטפּאָליטישע שטרויכלונגען, וואָס ווייניקער זי ווערט געצוימט אין איר נאַטירלעכער אַנטוויקלונג דורך פּאָליטישן און רעליגיעזן דרוק. אין דעם פאַל פאַרוואַנדלט זי זיך אין אַן אוממיטלבאַרער סכנה פאַר דער מאַכט.

די קולטורשאַפנדיקע כוחות אין דער געזעלשאַפט בונטעווען זיך אומווילקירלעך קעגן דעם צוואַנג פון די מאַכטפּאָליטישע קערפּערשאַפטן, ביי וועמעס שאַרפע שפּיצן זיי צעקאַליעטשען זיך, און זיי פּרואוון באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק אויפצורייסן די שטייפע פאָרמען, וועלכע שטערן זייער נאַטירלעכע אַנטוויקלונג און לייגן זיי כסדר אַרויף נייע באַשרענקונגען. די באַלעבאַטים פון דער מאַכט מוזן תמיד אַכטונג געבן, אַז די גייסטיקע קולטור פון דער צייט זאָל זיך נישט פאַרנעמען אויף קיין פאַרבאָטענע וועגן, דורך וועלכע די כוונות פון דער מאַכטפּאָליטישער אַקטיוויטעט וואָלט געקאָנט געשטערט אָדער אפשר גאָר גענצלעך פאַראַליזירט ווערן. פון דערדאָזיקער כסדרדיקער רייסעניש צווישן צוויי היפּוכדיקע טענדענצן, פון וועלכע איינע פאַרטרעט שטענדיק דעם קאַסטן־סיסטעם פון פּריווילעגירטע מינדערהייטן און די אַנדערע — די אינטערעסן פון דעם כלל, אַנטשטייט בהדרגהדיק אַ געוויסע יורידישע פאַרהעלטעניש, אויפן יסוד פון וועלכן די גרענעצן פון רעכט צווישן שטאַט און געזעלשאַפט, פּאָליטיק און ווירטשאַפט, קורץ צווישן מאַכט און קולטור מוזן פעריאָדיש פונדאַסניי אָנגעצייכנט ווערן און אויך באַשטעטיקט ווערן דורך די קאָנסטיטוציעס.

דאָס, וואָס מיר פאַרשטייען היינט אונטערן באַגריף „רעכט״ און „קאָנסטיטוציע״, איז דער גייסטיקער אויסדרוק פון דאָזיקן ענדלאָזן קאַמף און אין זיינע פּראַקטישע ווירקונגען שטעלט ער זיך אָפּ אויף איין זייט אָדער אויף דער אַנדערער, לויט דעם, צי די מאַכט אָדער די קולטור האָבן צייטווייליק די אויבערהאַנט אינעם לעבן פון דער געזעלשאַפט. אַזוי ווי דער שטאַט אָן דער געזעלשאַפט, די פּאָליטיק אָן דער עקאָנאָמיק, די מאַכט אָן דער קולטור וואָלטן נישט געקאָנט עקזיסטירן אַפילו קיין איין אויגנבליק, און פון דער אַנדערער זייט איז די קולטור ביז איצט נישט געווען אימשטאַנד גענצלעך צו באַזייטיקן דעם מאַכט־פּרינציפּ פונעם געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן פון די מענטשן, ווערט, בכן, דאָס געזעץ דער „בופער״ צווישן ביידן, וועלכער שוואַכט־אָפּ זייערע צוזאַמענשטויסן און די געזעלשאַפט ווערט פאַרהיט פון אַ צושטאַנד פון כסדרדיקע קאַטאַסטראָפעס.

ביים רעכט דאַרף מען קודם־כל אונטערשיידן צוויי פאָרמען: דאָס „נאַטור־רעכט״ און דאָס אַזויגערופענע „פּאָזיטיווע רעכט״. נאַטור־רעכט עקזיסטירט דאָרט, וואו די געזעלשאַפט איז נאָך פּאָליטיש נישט איינגעשטעלט, ד. ה. אַז דער שטאַט מיט זיין קאַסטן־ און קלאַסן־סיסטעם איז נאָך נישט אויפגעטראָטן. אין דעם פאַל איז דאָס רעכט דער פּועל־יוצא פון קעגנזייטיקע אָפּמאַכן צווישן מענטשן, וועלכע שטייען זיך פּנים אל פּנים ווי פרייע און גלייכע, פאַרטרעטן דיזעלביקע אינטערעסן און געניסן פון דיזעלביקע חשיבות ווי מענטשן. דאָס פּאָזיטיווע רעכט אַנטוויקלט

זיך ערשט אין פּאָליטישע ראַמען פונעם שטאַט און איז חל אויף מענטשן, וועלכע זענען צווישן זיך פונאַנדערגעשיידט דורך פאַרשידענע אינטערעסן, און אויפן סמך פון דער געזעלשאַפטלעכער אומגלייכהייט געהערן זיי צו פאַרשידענע קאַסטן אָדער קלאַסן.

דאָס פּאָזיטיווע רעכט דריקט זיך אויס דורך דעם, וואָס פון איין זייט גיט עס אַ רעכטלעכן כאַראַקטער דעם שטאַט, וועמעס אויפקום אין דער געשיכטע נעמט זיך אומעטום פון ברוטאַלער געוואַלט, דעראָבערונג און פאַרקנעכטונג פון די באַזיגטע, און פון דער אַנדערער זייט זוכט עס צו מאַכן אַן אויסגלייך צווישן די רעכטן, פליכטן און אינטערעסן פון די פאַרשידענע שיכטן אין דער געזעלשאַפט. דערדאָזיקער אויסגלייך האָט אָבער תמיד נאָר אַזוי לאַנג אַ קיום, כּל־זמן די מאַסע פון די באַהערשטע שטעלט זיך צופרידן מיטן עקזיסטירנדיקן רעכט־צושטאַנד אָדער פילט זיך נאָך נישט גענוג שטאַרק אַנצוהייבן דעם קאַמף קעגן אים. ער ענדערט זיך דעמאָלט, ווען דאָס באַדערפעניש פאַר אַ נייעם איינשטעל פון די רעכטס־פאַרהעלטענישן ווייזט זיך אַרויס אַזוי דרינגנדיק און אומאָפּהאַלטבאַר צווישן פאָלק, אַז די הערשנדיקע מאַכט — געצוואונגען דורך דער נויט, נישט ווייל אַזוי דיקטירט איר איר אינסטינקט — מוז זיך רעכענען מיטן דאָזיקן באַדערפעניש, אויב זי וויל זיך נישט אויסשטעלן דער סכּנה אַרויסגעוואָרפן צו ווערן פונעם זאָטל דורך אַ געוואַלטזאַמער איבערקערעניש. אויב עס פּאַסירט אַזוי, שאַפט די נייע רעגירונג די פאָרמולירונג פון אַ נייעם רעכט, וועלכעס וועט אויף אַזוי פיל זיין פּראָגרעסיווער, וואָס שטאַרקער ס'איז אין פאָלק לעבעדיק און קומט צום אויסדרוק דער רעוואָלוציאָנערער ווילן.

אין די אַזיאַטישע דעספּאָטישע רעזשימען פונעם אַלטערטום, וואו די גאַנצע מאַכט האָט זיך פאַרקערפּערט אין דער פּערזאָן פונעם הערשער, וועמעס באַשלוסן פלעגן נישט באַאיינפלוסט ווערן דורך קיין שום אַריינמישונג פון דער געמיינשאַפט, איז מאַכט געווען רעכט אין פולן זין פון וואָרט. אַזוי ווי דער הערשער פלעגט געאַכפּערט ווערן ווי אַן אוממיטלבאַרער אָפּשטאַמיקער פון גאָט, האָט זיין ווילן געגאָלטן ווי דאָס העכסטע געזעץ אין לאַנד, וועלכעס האָט נישט צוגעלאָזט קיין שום איינווענדונג. אַזוי איז צום ביישפּיל דאָס רעכט אין כאַמאַראַביס באַרימטער געזעצגעבונג אינגאַנצן נאָכקאָפּירט נאָך דעם „געטלעכן רעכט”, וועלכעס ווערט אַנטפּלעקט פאַר די מענטשן דורך די הייליקע געבאָטן און איז צוליב זיין אורשפּרונג נישט אונטערגעוואָרפן קיין שום מענטשלעכע באַטראַכטונגען.

אַוודאי זענען אויך די יורידישע באַגריפן, וועלכע האָבן געפונען זייער אויסדרוק אין דער געזעצגעבונג פון אַ זעלבסטהערשער, נישט אַרויסגעקומען פשוט פונעם דעספּאָטס קאַפּריז; זיי זענען געווען געקניפּט און געבונדן מיט אַלטע זיטן און טראַדיציאָנעלע מנהגים, וועלכע האָבן זיך אין משך פון די יאָרהונדערטער איינגעבירגערט ביי די מענטשן און זענען געווען דער פּועל־יוצא פון זייער געזעלשאַפטלעך צוזאַמענלעבן. אויך כאַמאַראַביס געזעצגעבונג איז נישט קיין אויסנאַם פון

דעם דאָזיקן כלל, ווייל אַלע פּראַקטישע עיקרים, וועלכע זענען אַרויסגעקומען פונעם סאָציאַלן לעבן פונעם באַבילאָנישן רעכט, זענען שוין געווען אָנגענומען ביים פאָלק אַ סך פריער איידער כאַמאַראַבי האָט אין לאַנד געמאַכט אַ סוף צו דער ממש־לה פון די עלאַמיטער און דורך דער דעראָבערונג פון לאַרסאַ און יאַמוטבאַל אָוועק־געלייגט די יסודות פון אַן אייניהייטלעכער מאָנאַרכיע.

גראַד דאָ ווייזט זיך אַרויס דער צווייענדיקער כאַראַקטער פונעם געזעץ, וועל־כער לאָזט זיך אַפילו ביי די גינציקסטע אומשטענדן קיינמאָל נישט פאַרלייקענען. פון איין זייט גיט דאָס געזעץ אַ באַשטימטן נוסח די אַלטע מנהגים, וועלכע זענען נאָך פון פאַרצייטנס געווען פאַרוואָרצלט ביים פאָלק ווי אַזויגערופענע „געוווינ־הייטסרעכט"; פון דער אַנדערער זייט גיט עס אַ לעגאַלן כאַראַקטער דעם זכות יתירה פון די פּריווילעגירטע קאַסטן אין דער געזעלשאַפט, וועלכער האָט געדאַרפט פאַרדעקן פאַרן אויג דעם אומהייליקן אָפּשטאַם זיינעם. נאָר ווען מ'באַטראַכט ערנסט און געניי דידאָזיקע בולטע מיסטיפיקאַציע, באַגרייפט מען דעם טיפן גלויבן פון די מענטשן אין דער הייליקייט פון די געזעצן; עס חנפהט זייער גערעכטיקייטסגעפיל און פאַרזיגלט אין דערזעלביקער צייט זייער אָפּהענגיקייט פון אַ העכערער מאַכט.

צומדייטלעכסטן שטעלט זיך אַרויס דערדאָזיקער דואַליזם, ווען די פאָזע פּר־נעם אַבסאָלוטן דעספּאָטיזם איז שוין אַריבער און די געמיינשאַפט באַטייליקט זיך מער אָדער ווייניקער ביים אויסאַרבעטן די געזעצן. אַלע גרויסע קאַמפן אינערהאַלב דער געזעלשאַפט זענען געווען קאַמפן פאַרן רעכט, אין וועלכע די מענטשן האָבן זיך שטענדיק מכוון געווען צו פאַרזיכערן זייערע ניי־דערוואָרבענע רעכטן און פריי־הייטן אין די געזעצן פון דער מלוכה, וואָס דאָס האָט נאַטירלעכערווייז געמוזט פירן צו נייע עוולות און נייע אַנטוישונגען. אַט־דעם אומשטאַנד דאַרף מען פאַרדאַנקען, וואָס ביז איצט איז יעדער קאַמף פאַרן רעכט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַמף פאַר דער מאַכט, וועלכער האָט פון די נעכטיקע רעוואָלוציאָנערן געמאַכט היינטי־קע רעאַקציאָנערן, ווייל נישט אין דער פאָרעם פון דער מאַכט, נאָר אין דער מאַכט גופא ליגט די צרה. יעדע מאַכט, וואָס פאַראַ זי זאָל נישט זיין, זוכט צו רעדוצירן די מאַכט פונעם קיבוץ ביז צו אַ מינימום, בכדי צו פאַרפעסטיקן איר אייגענע עק־זיסטענץ. פון דער אַנדערער זייט שטרעבט די געזעלשאַפט צו אַ כסדרדיקער אויס־שפּרייטונג פון אירע רעכטן און פרייהייטן, וואָס זי רעכנט צו דערגרייכן דורך דער באַשרענקונג פונעם שטאַטלעכן רעכט. דאָס ווייזט זיך באַזונדערס אַרויס אין רע־וואָלוציאָנערע פּעריאָדן, ווען די מענטשן זענען אינספּירירט פון דער לעכצעניש נאָך נייע פאָרמען פון דער געזעלשאַפטלעכער קולטור.

אַזוי אַרום איז די מחלוקה צווישן שטאַט און געזעלשאַפט, מאַכט און קול־טור געגליכן צום באַוועגן זיך פון אַ פּערפּענדיקל, וועמעס אַקס עס באַוועגט זיך שטענדיק אין אַ גלייכער ליניע און דאָס אויף אַזאַ אופן, אַז זי דערווייטערט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער פון איינעם פון אירע צוויי פּאָלן — דער אויטאָריטעט — און רוקט זיך פּאַמעלעך צום קעגנפּאָל — דער פרייהייט. און אַזוי ווי ס'איז אַמאָל

געווען אַ צייט, ווען מאַכט און רעכט זענען געווען איינס און דאָס זעלביקע, אַזוי רוקן מיר זיך משמעות צו אַן עפּאָכע, אין וועלכער יעדע הערשאַפט־אָרגאַניזאַציע וועט מסתמא פאַרשווינדן און דאָס רעכט וועט אָפּטרעטן דאָס פּלאַץ פאַר דער גע־רעכטיקייט, די פרייהייטן — פאַר דער פרייהייט.

יעדע נייע געשטאַלטיקונג פונעם רעכט דורכן אַריינגעמען נייע אָדער אויס־ברייטערן שוין עקזיסטירנדיקע רעכטן און פרייהייטן קומט תמיד אַרויס פונעם פאָלק, קיינמאָל נישט פונעם שטאַט. אַלע פרייהייטן, פון וועלכע מיר געניסן אין אַ מער אָדער ווייניקער באַשרענקטער מאָס, האָבן די פעלקער באַקומען נישט אַדאַנק דעם גוטן ווילן און נאָך ווייניקער דעם באַזונדערן חסד פון זייערע רעגירונגען. אדרבא, די באַלעבאַטים פון דער עפנטלעכער מאַכט האָבן קיינמאָל ניט דורכגעלאָזט די געלעגנ־הייט אויסצופּרואוון אַלע מיטלען, בכדי צו שטערן דעם איינפיר פון יעדן נייעם רעכט אָדער מאַכן עס אומווירקזאַם. גרויסע מאַסנבאַוועגונגען און טאָקע גאַנצע רעוואָלוציעס זענען נייטיק געווען, בכדי אַרויסצורייסן פון די פאַרטרעטער פון דער מאַכט וועלכע נישט איז קליינע הנחות, אויף וועלכע זיי וואָלטן פרייוויליק קיינמאָל נישט געווען איינגעגאַנגען.

ס'איז דעריבער אַ פולשטענדיקע נעגאַציע פון די געשיכטלעכע פאַקטן, ווען אַן אָפּטריניקער ראַדיקאַליזם שטעלט אַוועק די באַהויפּטונג, אַז פּאָליטישע רעכטן און פרייהייטן, אַזוי ווי זיי זענען פאַרפיקסירט אין די קאָנסטיטוציעס פון די איינ־צלנע מלוכות, דאַרפן שוין דערפאַר נישט האָבן קיין באַדייט, ווייל זיי זענען דורך די רעגירונגען גופא באַשטעטיקט און געזעצלעך פאַרמולירט געוואָרן. אָבער דידאָ־זיקע רעכטן און פרייהייטן זענען פון די רעגירונגען באַשטעטיקט געוואָרן נישט דער־פאַר, ווייל די באַלעבאַטים פון דער מאַכט האָבן אויף זיי געקוקט מיט סימפּאַטיע, נייערט דערפאַר, ווייל זיי זענען דערצו געצוואונגען געוואָרן פון אויסערלעכן דרוק, ווייל די גייסטיקע קולטור פון דער צייט האָט ערגעצוואו צעבראָכן די פּאָליטישע ראַמען און די הערשנדיקע כוחות האָבן זיך געמוזט בייגן פאַר די פאַקטן, וועלכע זיי האָבן אין געגעבענעם מאָמענט נישט געקאָנט צוריקשטויסן.

פּאָליטישע רעכטן און פרייהייטן ווערן קיינמאָל נישט דערוואָרבן אין געזעצ־געבנדיקע קערפּערשאַפטן, ביי'ערט זיי ווערן אויף זיי אַרויפגעצוואונגען דורכן דרוק פון דרויסן. אָבער אַפילו די געזעצלעכע הסכמה אויף זיי איז נאָך ווייט נישט קיין גאַראַנטיע, אַז זיי האָבן אַ קיום. רעגירונגען זענען תמיד גרייט צו באַשרענקען די שוין עקזיסטירנדיקע רעכטן אָדער זיי אינגאַנצן אָפּצושאַפן, ווען זיי רעכענען, אַז זיי וועלן אין לאַנד נישט אָנטרעפן אויף קיין ווידערשטאַנד. אוודאי זענען אַזעלכע פּרואוון אויסגעפאַלן צום שאַדן פון נישט איין פאַרטרעטער פון דער מאַכט, ווען ער האָט נישט געקאָנט ריכטיק אָפּשאַצן דעם כוח פונעם קעגנער אָדער נישט פאַרשטאַ־נען אויסצוקלייבן די ריכטיקע צייט פאַר זיין קלאַפּ. קאַרל דער ערשטער האָט גע־מוזט באַצאָלן מיטן לעבן פאַר זיין פּרואוו, אַנדערע מיטן פאַרלירן זייער הערשאַפט. דאָס איז אָבער קיינמאָל נישט געווען קיין מניעה, אַז ס'זאָלן אַלע מאָל געמאַכט

ווערן נייע פּרוואוון אין דער ריכטונג. אַפילו אין אַזעלכע לענדער, וואו געוויסע רעכטן, ווי צ. ב. די פרייהייט פון דער פּרעסע, דאָס פאַרזאַמלונגס־ און אָרגאַניזאַציע־רעכט א. אַ. וו. האָבן זיך זינט אַ סך צענדליקער יאָרן איינגעבירגערט אין פאָלק, נוצן אויס די רעגירונגען יעדע פּאַסנדיקע געלעגנהייט צו באַגרענעצן די דאָזיקע רעכטן און זיי דורך יוריסטיש־צוגעטראַכטע שפּיצלעך געבן אַן אַנדערן אויסטייטש. ענגלאַנד און אַמעריקע גיבן אונדז אין דעם פּרט אייניקע לעקציעס, וועלכע מעגן אָנרעגן זיך צו פאַרטראַכטן. וועגן דער באַרימטער ווייִמאַרער קאָנסטיטוציע פון די דייטשן, וועלכע איז אין יעדן רעגנדיקן טאָג דערקלערט געוואָרן פאַר אומגילטיק, איז שוין לחלוטין נישטאָ וואָס צו רעדן.

רעכטן און פרייהייטן באַשטייען נישט דערפאַר, ווייל זיי זענען געזעצלעך פאַרשריבן געוואָרן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר; זיי האָבן נאָר דעמאָלט אַ קיום, ווען זיי זענען פאַרן פאָלק געוואָרן אַן אומבאַדינגט נייטיקע באַדערפעניש, זענען, אַזוי צו זאָגן, אַריין אין זיין פלייש און בלוט. מ׳וועט זיי נאָר אַזוי לאַנג רעספּעקטירן, כל־זמן דידאָזיקע באַדערפעניש וועט זיין לעבעדיק אינעם פאָלק. טאָמער איז דאָס נישט אַזוי, דעמאָלט העלפט נישט קיין פאַרלאַמענטאַרישע אָפּאָזיציע און קיין שום פאַר־רופן זיך אויף דער קאָנסטיטוציע, ווי פּאַטעטיש זי זאָל נישט געמאַכט ווערן. איי־ראָפּעס נייסטע געשיכטע איז אַ טרעפלעכער ביישפּיל פאַר דעם.

# V

## דער אויפקום פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט

דער אויפשטאַנד פון די געמיינדעס. — די תקופה פונעם פעדעראַליזם. — פּערזענלעכע פרייהייט און געזעלשאַפטלעכע פאַרבונדנהייט. — די געמיינשאַפט פונעם קריסטנטום. — דער אונטערגאַנג פון דער מיטל־אַלטערלעכער קולטור. — די צעפאַלונג פון די געמיינשאַפטן. — דער מערקאַנטיליזם. — די גרויסע אַנטדעקונגסרייזעס. — די ירידה פון דער פּויפּסטלעכער מאַכט. — דער יאַנוסקאָפּ פונעם רענעסאַנץ. — דער רעוואָלט פונעם אינדיווידו. — דער „הערנמענטש". — פאָלק ווערט מאַסע. — דער נאַציאָנאַלער שטאַט. — מאַקיאַוועלאָס „פּרינטשיפּע". — די נאַציאָנאַלע איינהייט ווי אַ ווערקצייג פון דער וועלטלעכער מאַכט. — די כוהנים־גדולים פונעם נייעם שטאַט.

יעדע פּאָליטישע מאַכט איז אויסן אַרונטערצונעמען אַלע גרופּירונגען פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אונטער איר אויפזיכט און — ווי דאָס ווייזט זיך איר אויס מעגלעך — זיי לגמרי צו אונטערדריקן, מחמת ס'איז איינע פון אירע וויכטיקסטע עיקרדיקע פּרינציפּן, אַז אַלע באַציאונגען פון די מענטשן צווישן זיך דאַרפן רעגולירט ווערן דורכן פאַרמיטלונגס־אָרגאַן פון דער שטאַטלעכער מאַכט. דאָס איז די סיבה, פאַרוואָס יעדע גרויסע פאַזע פון דער קולטורעלער ניי־געשטאַלטיקונג פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט זיך ערשט דאַן געקאָנט עפענען אַ וועג, ווען די סאָציאַלע צוזאַמענהאַנגען אין איר טראַכט זענען געווען גענוג שטאַרק נישט צו דערלאָזן צו דער העגעמאָניע פון די מאַכט־פּאָליטישע שטרעבונגען אָדער זיי צייטווייליק לגמרי אויסצושליסן.

נאָכן אונטערגאַנג פון דער רוימישער אימפּעריע זענען כמעט אומעטום אין אייראָפּע אויפגעקומען באַרבאַרישע מלוכות, וועלכע האָבן אָנגעפילט די לענדער מיט מאָרד און בראַנד און באַדראָט אַלע יסודות פון דער קולטור. אויב די אייראָפּעאישע מענטשהייט איז דעמאָלט נישט פאַרזונקען געוואָרן אינגאַנצן אין זומפּ פון ווילדסטן באַרבאַריזם, האָט זי עס געהאַט צו פאַרדאַנקען יענער מעכטיקער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וועלכע האָט זיך מיט אַן איבערראַשנדיקער גלייכמעסיקייט פונאַנדערגעשפּרייט איבער אַלע טיילן פונעם קאָנטינענט און וועלכע איז אין דער געשיכטע באַקאַנט ווי דער „אויפשטאַנד פון די געמיינדעס". אומעטום האָבן זיך די מענטשן געבונטעוועט קעגן דער טיראַניע פון די אַדעליקע, פון די בישאָפן און

פון דער שטאַטלעכער אויטאָריטעט און מיט וואָפן אין די הענט געקעמפט פאַר דער לאָקאַלער אומאָפּהענגיקייט פון זייערע געמיינדעס און פאַר אַ נייער רעגולאַציע פון זייערע געזעלשאַפטלעכע לעבנסבאַדינגונגען.

אויף דעם אופן האָבן די זיגערישע געמיינדעס אויסגעקעמפט זייערע „פריי־בריוו" („טשאַרטערס") און זיך געשאַפן זייערע קאָמונאַלע קאָנסטיטוציעס, אין וועלכע ס'איז פאַרפיקסירט געוואָרן דער נייער צושטאַנד פון זייערע רעכטן. אָבער אויך דאָרט, וואו די געמיינדעס זענען נישט געווען גענוג שטאַרק צו דערגרייכן זייער פולע אומאָפּהענגיקייט, האָבן זיי געצוואונגען די הערשנדיקע מאַכטן זיי צו מאַכן באַדייטנדיקע קאָנצעסיעס. אַזוי האָט זיך פון 9־טן ביז צום 15־טן יאָרהונדערט אַנטוויקלט יענע גרויסע עפּאָכע פון די פרייע שטעט און פון פעדעראַליזם, דורך וועלכע די אייראָפּעאישע קולטור איז אויסגעהיט געוואָרן פון פולשטענדיקן אונטערגאַנג און דער פּאָליטישער איינפלוס פונעם אויפקומענדיקן קעניגטום איז פאַר אַ משך פון אַ לאַנגער צייט געבליבן באַשרענקט כמעט בלויז אויף די דערפער. די מיטלאַל־טערלעכע געמיינדע איז געווען איינע פון יענע קאָנסטרוקטיווע סאָציאַלע אינסטיטו־ציעס, אין וועלכע דאָס לעבן, אין זיינע אַלע פאָרמען, האָט געשטראָמט פון אַלע זיינע פונקטן פון דער געזעלשאַפטלעכער פּעריפעריע צו אַ געמיינזאַמען מיטלפונקט, און אינעם אומענדלעכן בייט דערגאַנגען צו די פאַרשידנדיקסטע פאַרבינדונגען, וועלכע האָבן כסדר געעפנט פאַרן מענטשן נייע פּערספּעקטיוון פון דער סאָציאַלער עקזיסטענץ. אין אַזעלכע צייטן פילט זיך דער יחיד ווי אַ זעלבסטשטענדיקער גליד פון דער געמיינשאַפט, וועלכע באַפרוכפּערט זיין ווערק, האַלט זיין גייסט אין שוואונג און דערלאָזט לגמרי נישט צו קיין גייסטיקער סטאַגנאַציע. דאָס איז דער־דאָזיקער בשותפותדיקער גייסט, וועלכער ווירקט און שאַפט אין טויזנטער לאָקאַלע פונקטן און טאָקע דורך דער רחבותדיקער שפע פון זיינע מאַניפעסטירונגען אויף אַלע געביטן פון דער מענטשלעכער אַקטיוויטעט ווערט ער קאָנצענטרירט אין אַן איינהייטלעכער קולטור, וועלכע האָט איר מקור אין דער געמיינשאַפט און געפינט אַן אויסדרוק אין יעדער דערשיינונג פונעם לעבן.

אין אַזאַ מין סאָציאַלער סביבה פילט זיך דער מענטש פריי אין זיינע באַ־שלוסן, כאָטש ער איז פאַרבונדן מיט דער געמיינשאַפט דורך אומצאָליקע באַצי־אונגען; און טאָקע דידאָזיקע פרייהייט אין דער פאַרבונדנקייט איז עס יענער פאַק־טאָר, וועלכער גיט זיין פּערזענלעכקייט קראַפט און כאַראַקטער, און מאָראַלישן אינהאַלט זיין גאַרעניש. ער האָט דאָס „געזעץ פונעם בונד" אין דער אייגענער ברוסט, דעריבער קומט אים אויס יעדער דרויסנדיקער צוואַנג זינלאָז און אומפאַר־שטענדלעך; פילט ער דאָך אַליין די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וועלכע דרינגט אַרויס פאַר אים פון זיינע געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען מיט זיינע מיטמענטשן, און וועלכע ער לייגט אַוועק אַן באַוואָרענישן ווי אַ יסוד פאַר זיין פּערזענלעכן אויפפיר.

אין יענעם גרויסן פּעריאָד פונעם פעדעראַליזם, ווען דאָס געזעלשאַפטלעכע

לעבן איז נאָך נישט געווען באַזירט אויף אַבסטראַקטע טעאָריעס און יעדער איינער האָט געטאָן דאָס, וואָס די אומשטענדן האָבן פון אים פאַרלאַנגט. זענען אַלע לענדער געווען פאַרלייגט מיט אַ געדיכטער נעץ פון פאַרשוואוירענע ברידערשאַפטן, צעכן פון בעלי־מלאכות, קירכלעכע אַסאָציאַציעס, מאַרק־געמיינשאַפטן, שטאָט־פאַר־אייניקונגען און אַ סך אַנדערע, דורך פרייע אָפּמאַכן אַנטשטאַנענע פאַרבאַנדן, וועל־כע האָבן זיך געענדערט, זיך רעאָרגאַניזירט אָדער פונדאַסניי פאַרשוואונדן, בהסכם מיט די עווענטועלע באַדערפעניש, בכדי צו מאַכן פלאַץ פאַר נייע פאַרבינדונגען, נישט אויספאָלגנדיק דערביי קיין אָנווייזונגען פון קיין שום צענטראַלער מאַכט, וועלכע דיקטירט און פירט אָן מיט אַלץ פון אויבן אַראָפּ. די מיטלאַלטערלעכע קאָמונע איז אין אַלע טיילן פון איר רייכער געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט גע־ווען אָריענטירט אויפן געזעלשאַפטלעכן, נישט אויפן שטאַטלעכן אָדער פּאָליטישן. דאָס איז אויך די סיבה, פאַרוואָס יענע עפּאָכע איז אַזוי שווער פאַרשטענדלעך און צומאָלס אפילו לגמרי אומבאַנעמבאַר פאַר די היינטיקע מענטשן, וועלכע פילן אויף זיך כסדר, פון דער וויג ביז צום קבר, די „תקנהדיקע האַנט" פון דער מלוכה. אינדעראמתן אונטערשיידט זיך די פעדעראַליסטישע סטרוקטור פון דער געזעל־שאַפט פון יענער עפּאָכע נישט בלויז דורך די ריין־טעכנישע פאָרמען פון איר אָרגאַניזאַציע פון די צענטראַליזירנדיקע שטרעבונגען פון אַ שפּעטערדיקער צייט, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן מיט דער אַנטוויקלונג פון די מאָדערנע מלוכות, נייערט הויפּטזעכלעך דורך דעם אופן פונעם מענטשלעכן דענקען, וואָס האָט געפונען זיין אויסדרוק אין די סאָציאַלע פאַרבינדונגען.

די אַלטע שטאָט איז נישט נאָר געווען אַ זעלבסטשטענדיקער פּאָליטישער אָרגאַניזם, זי האָט אויך פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ באַזונדערע איינהייט, וועמעס פאַרוואַלטונג האָט געהערט צו די גילדן. אַזאַ מין סטרוקטור האָט זיך במילא גע־קאָנט סומך זיין נאָר אויפן פערמאַנענטן אויסגלייך פון די עקאָנאָמישע אינטערעסן; פּאַקטיש איז דאָס געווען איינע פון די וויכטיקסטע כאַראַקטערשטריכן פון דער קולטור פון די אַלטע שטעט. דאָס איז געווען אויף אַזוי פיל נאַטירלעכער דערפאַר, וואָס במשך פון אַ לאַנגער צייט זענען אין שויס פון די אַלטע שטעט לגמרי נישט געווען קיין טיפע קלאַסן־אונטערשיידן. די אַרבעט ווי אַזעלכע האָט נישט געגעבן קיין שום מעגלעכקייט אָנצוהויפן גרעסערע עשירות, כל־זמן דער גרעסטער טייל פון דער פּראָדוקציע איז געווען באַשטימט פאַרן קאָנסום פון די איינוואוינער פון שטאָט און פון די נאָענטע אומגעגענטן. די אַלטע שטאָט האָט פונקט אַזוי נישט געוואוסט פון קיין סאָציאַלער נויט ווי זי האָט אויך נישט געוואוסט פון קיין אי־נערלעכן אַנטאַגאָניזם. כל־זמן די דאָזיקע פאַרהעלטנישן האָבן אָנגעהאַלטן, זענען זייערע איינוואוינער געווען לייכט אימשטאַנד אַליין צו רעגולירן זייערע ענינים, ווייל ס׳זענען נישט געווען אַזעלכע שאַרפע געזעלשאַפטלעכע סתירות, וואָס זאָלן קענען באַאיינפלוסן די אינערלעכע פאַרבינדענקייט פון די בירגער. דעריבער איז דער פעדעראַליזם, וועלכער איז זיך דאָך סימך אויף דער זעלבסטשטענדיקייט און

גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע בירגער, געווען די פּאָסיקע פאָרעם פון אַלע געזעל־שאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס אין די מיטלאַלטערלעכע געמיינשאַפטן, מיט וועלכן אויך די מלוכה, אינוויוווייט זי האָט עקזיסטירט, האָט געמוזט דורכקומען. אויך די קירך האָט אין משך פון אַ לענגערער צייט אפילו נישט געקאָנט טראַכטן וועגן צעטרייסלען דידאָזיקע פאָרמען, ווייל דאָסדאָזיקע רייכע לעבן מיט דער אומבאַגרענעצטער פאַרשידנאַרטיקייט פון זיינע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען איז געווען טיף פאַרוואָרצלט אין דער אַלגעמיינער קולטור פון דער צייט.

טאַקע דערפאַר, וואָס די מענטשן פון יענער עפּאָכע זענען געווען אַזוי שטאַרק פאַרוואָרצלט אין זייערע בשותפותדיקע פאַראייניגן און לאָקאַלע אינסטיטוציעס, איז זיי געווען פרעמד דער מאָדערנער באַגריף מכוח „נאַציע" און „נאַציאָנאַל באַוואוסטזיין", אויף וועלכע ס'איז אין דער געשיכטע פון די שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער אויסגעפאַלן צו שפּילן אַזאַ פינצטערע ראָל. דער מענטש פונעם פעדעראַליסטישן פעריאָד האָט בלי שום ספק געהאַט אַ שטאַרק־בולטן היים־געפיל, מחמת ער איז דאָך געווען פיל שטאַרקער צוגעבונדן צו דער היים ווי דער היינטיקער מענטש. אָבער ווי האַרציק־צונויפגעוואָקסן ער האָט זיך געפילט מיטן אָרטיקן לעבן פון זיין וואוינאָרט אָדער שטאָט, האָט אָבער צווישן אים און צווישן די בירגער פון אַנדערע געמיינדעס קיינמאָל נישט עקזיסטירט יענע שטייפע אומאיבערשפּאַנבאַרע מחיצה, וועלכע האָט זיך באַוויזן צוזאַמען מיטן אויפקום פון דעם נאַציאָנאַלן שטאָט אין אייראָפּע. דער מיטלאַלטערלעכער מענטש האָט זיך געפילט פאַרבונדן דורך דערזעלביקער ענלעכער קולטור און ווי אַ גליד פון אַ גרויסער געמיינשאַפט, וועלכע איז געווען פונאַנדערגעשפּרייט איבער אַלע לענדער און אין וועמעס שויס אַלע פעלקער האָבן געפונען זייער פּלאַץ. דאָס איז געווען די געמיינשאַפט פונעם קריסטנטום, וועלכע האָט צוזאַמענגענומען אַלע צעשפּרייטע גרופּעס פון דער קריסטלעכער וועלט און זיי גייסטיק פאַראייניקט.

אויך די קירך און דאָס קייזערטום האָבן זיך סומך געווען אויף דערדאָזיקער אוניווערסאַלער אידעע, ווען אַפילו זייערע מאָטיוון זענען געווען גאַנץ אַנדערע. פאַרן פּויפּסט און קייזער איז די קריסטלעכקייט געווען דער אידעאָלאָגישער יסוד פאַרן איינפיר פון אַ נייער וועלטהערשאַפט. פאַרן מיטלאַלטערלעכן מענטשן איז זי געווען דער סימבאָל פון אַ גרויסער גייסטיקער געמיינשאַפט, אין וועלכער עס האָבן זיך פאַרקערפּערט די מאָראַלישע אינטערעסן פון דער צייט. אויך די אידעע וועגן דער קריסטלעכקייט איז בלויז געווען אַן אַבסטראַקטער באַגריף, פּונקט ווי דאָס פאָטערלאַנד און די נאַציע. דער אונטערשייד איז אָבער, וואָס בעת די אידעע וועגן דער קריסטלעכקייט האָט די מענטשן פאַראייניקט, האָט די אידעע וועגן דער נאַציע זיי געשפּאַלטן און זיי גרופּירט אין פיינטלעכע לאַגערן. וואָס טיפער דער באַגריף וועגן דער קריסטלעכקייט האָט זיך פאַרפעסטיקט אין די מענטשן, אַלץ לייכטער האָבן זיי בייגעקומען אַלעס פונאַנדערטיילנדיקע צווישן זיך און צווישן אַנדערע, אַלץ שטאַרקער האָט געלעבט אין זיי דאָס באַוואוסטזיין, אַז אַלע

געהערן זיי צו דערזעלביקער גרויסער געמיינשאַפט און שטרעבן אַלע צום שות־
פותדיקן ציל. וואָס מער אָבער עס האָט צו זיי אַריינגעדרונגען דאָס „נאַציאָנאַלע
באַוואוסטזיין”, אַלץ שאַרפער זענען געוואָרן די אונטערשיידן צווישן זיי, אַלץ
אומברחמנותדיקער איז אָפּגעשטופּט געוואָרן אין הינטערגרונט אַלעס בשותפותדי־
קע, וואָס איז צווישן זיי ביז איצט געווען, בכדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר אַנדערע מאָ־
טיוון.

אָן אַ שיער פאַרשידענע סיבות האָבן צוגעטראָגן זייער חלק גורם צו זיין צו
דער ירידה פון דער קולטור פון די מיטלאַלטערלעכע שטעט. דורך דעם אַריינרייסן
זיך פון די מאָנגאָלן און טערקן אין די מזרחדיקע לענדער פון אייראָפּע און דורכן
זיבנהונדערטיעריקן קריג פון די קליינע קריסטלעכע מלוכות צו צפון פון פּירע־
נעאישן האַלבאינדזל קעגן די אַראַבער איז זייער שטאַרק באַגינציקט געוואָרן די
אַנטוויקלונג פון שטאַרקע מלוכות אין מזרח און מערב פונעם קאָנטינענט. באַזונ־
דערס אָבער זענען אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די שטעט גופא פאָרגעקומען
גרונטיקע ענדערונגען, דורך וועלכע די פעדעראַליסטישע פאַראיינען און אָרגאַניזאַ־
ציעס זענען ביסלעכווייז אונטערגעגראָבן געוואָרן און ס׳איז אַזוי אַרום צוגעגרייט
געוואָרן דער וועג פאַר דער רעקאָנסטרוקציע פון די סאָציאַלע לעבנס־באַדינגונ־
גען. די אַלטע שטאָט איז געווען אַ קאָמונע, וועלכע מ׳האָט במשך פון אַ לאַנגער
צייט קוים געקאָנט באַצייכענען ווי אַ שטאָט, מחמת איר וויכטיקסטע אויפגאַבע
איז געווען באַשרענקט דורכצופירן אַ גערעכטן אויסגלייך פון די ווירטשאַפטלעכע
און סאָציאַלע אינטערעסן אין די ראָמען פון אירע גרענעצן. אַפילו דאָרט, וואו
ס׳זענען פאָרגעקומען ברייטערע פאַראייניקונגען, ווי צ. ב. אין דער גרויסער צאָל
אָפּמאַכן צווישן די פאַרשידענע שטעט צוליבן שוץ פון זייער בשותפותדיקער זיכער־
קייט, האָט דער פּרינציפּ פון גלייכהייט און פון פרייען אָפּמאַך געשפּילט די אַנט־
שיידנדיקסטע ראָל. און היות יעדע געמיינדע האָט אין די ראָמען פון דער פעדע־
ראַציע געהאַט דיזעלביקע רעכט ווי אַלע אַנדערע, האָט זיך במילא במשך פון אַ
לאַנגער צייט נישט געקאָנט אַרויפצווינגען קיין אייגנטלעכע מאַכטפּאָליטיק.

אָבער דערדאָזיקער צושטאַנד האָט זיך גרינטלעך געענדערט דורך דער
בהדרגהדיקער פאַרשטאַרקונג פונעם קאָמערציעלן קאַפּיטאַל, וועלכער האָט צו
פאַרדאַנקען זיין אויפקום הויפּטזעכלעך דעם האַנדל מיט אויסלאַנד. די אַנטשטיי־
אונג פון דער געלטווירטשאַפט און די אַנטוויקלונג פון באַשטימטע מאָנאָפּאָלן האָט
דעם האַנדלסקאַפּיטאַל געגעבן אַן אַלץ שטאַרקערן איינפלוס אינערהאַלב און אויי־
סערהאַלב דער שטאָט, וועלכעס האָט געמוזט דערפירן צו ווייטגרייכנדיקע ענדע־
רונגען. דורך דעם האָט אָבער אָנגעהויבן ווערן וואָס ווייטער אַלץ לויזער די אי־
נערלעכע איינהייט אין דער קאָמונע, בכדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר אַן אויפקומענדי־
קער גרופּירונג אין קאַסטן, וועלכע איז פאַראורזאַכט געוואָרן דורך דער אַלץ
שטאַרקער ווערנדיקער אומגלייכהייט פון די געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן. די
פּריווילעגירטע מינדערהייטן האָבן אַלץ בולטער גענומען ווערן צודרינגלעך מכוח

אַ קאָנצענטראַציע פון די פּאָליטישע כוחות אין דער קאָמונע און זיי האָבן פאַר־ביטן בהדרגהדיק דעם פּרינציפּ פון קעגנזייטיקן אויסגלייך און פרייען אָפּמאַך אויפן פּרינציפּ פון מאַכט.

יעדע עקספּלואַטאַציע פון דער פאָלקס־ווירטשאַפט דורך קליינע מינדער־הייטן פירט אומפאַרמיידלעך צו דער פּאָליטישער אונטערדריקונג, פּונקט אַזוי ווי יעדע פּאָליטישע אויבערהערשאַפט פון דער אַנדערער זייט מוז פירן צו דער אַנטשטייאונג פון נייע עקאָנאָמישע מאָנאָפּאָלן און דערמיט צו דער שטייגנדי־קער עקספּלואַטאַציע פון די שוואַכערע שיכטן אין דער געזעלשאַפט. ביידע דער־שיינונגען גייען תמיד האַנט־ביי־האַנט. ווילן צו מאַכט איז תמיד ווילן צו עקס־פּלואַטירן דעם שוואַכערן. אָבער יעדע פאָרעם פון עקספּלואַטאַציע געפינט איר בולטן אויסדרוק אין אַ פּאָליטישער מאַכטסטרוקטור, וועלכע מוז איר דינען ווי אַן אינסטרומענט. וואו דער ווילן צו מאַכט טרעט אַרויס עפנטלעך, דאָרט פאַר־וואַנדלט זיך די אַדמיניסטראַציע פון די עפנטלעכע ענינים אין אַ הערשאַפטס־פאַרהעלטעניש פון מענטש איבער מענטש; די געמיינשאַפטלעכקייט נעמט אָן די פאָרעם פונעם שטאַט.

פאַקטיש איז די אינערלעכע איבערגעשטאַלטיקונג פון די אַלטע שטעט פאַר־געקומען טאַקע אין אַט־דער ריכטונג. דער מערקאַנטיליזם אין די באַרגאַראַפּגייענדיקע שטאַט־רעפּובליקן האָט לאָגישערוויז דערפירט צו דער באַדערפעניש פון גרע־סערע עקאָנאָמישע איינהייטן, דורך וואָס ס'איז, אגב, שטאַרק באַגינציקט געוואָרן דאָס יאָגן זיך נאָך שטאַרקערע פּאָליטישע פאָרמען. פאַרן שוץ פון זיינע אונטערנעמונ־גען האָט דאָס האַנדלס־קאַפּיטאַל געדאַרפט אַ שטאַרקע פּאָליטישע מאַכט, וועל־כע זאָל האָבן אין איר רשות די געהעריקע מיליטערישע מיטלען, בכדי צו באַשיצן זיינע פּאַרטיקולאַרע אינטערעסן און אים צו פאַרטיידיקן קעגן דער קאָנקורענץ פון אַנדערע. אַזוי אַרום איז פון דער שטאָט ביסלעכוויִיז געוואָרן אַ קליינער שטאַט, וועלכער האָט צוגעגרייט דעם וועג פאַרן שפּעטערדיקן נאַציאָנאַלן שטאַט. די גע־שיכטע פון ווענעדיג, גענואַ און אייניקע אַנדערע פרייע שטעט ווייזן אונדז שוין באַצייטנס די איינצלנע פאַזן פון דעראַזיקער אַנטוויקלונג און זייערע אומפאַר־מיידלעכע באַגלייט־דערשיינונגען, וועלכע זענען אויף אַן אומגעריכטן אופן באַ־גינציקט געוואָרן דורך דער אַנטדעקונג פונעם ים־וועג קיין מזרח־אינדיע און שפּעטער דורך דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע. דערמיט זענען צעטרייסלט געוואָרן ביז צו זייער טיפסטן תוך די סאָציאַלע יסודות פון דער מיטלאַלטערלעכער קאָ־מונע, וועלכע איז שוין געווען צעקוועטשט פון די אינערלעכע און אויסערלעכע קאַמפן, און דאָס, וואָס איז נאָך פונעם איבערגעבליבענעם געווען אַנטוויקלונגס־פעאיק און נאָך געווען קרעפטיק פאַר דער צוקונפט, איז שפּעטער גרונטיק צע־שטערט געוואָרן דורכן זיגערישן אַבסאָלוטיזם. וואָס מער דידאָזיקע אינערלעכע צעשטערונג האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט, אַלץ מער האָבן די אַלטע אַנשטאַלטן פאַרלוירן זייער אַמאָליקן באַדייט, ביז ס'איז פון זיי לסוף נישט געבליבן מער ווי

אַ פּוסטקע פון טויטע פאָרמען, וועלכע זענען פון די מענטשן באַטראַכט געוואָרן ווי לעסטיקער באַלאַסט. אַזוי אַרום האָט זיך דער רענעסאַנץ שפּעטער פאַר־וואַנדלט אין אַ בונט פון די מענטשן קעגן די געזעלשאַפטלעכע התחייבותן פון דער פאַרגאַנגענהייט, אַן אויפשטאַנד פונעם אינדיוויד קעגן דער פאַרגוואַלטיקונג פון דער סאָציאַלער סביבה.

מיט דער תקופה פונעם רענעסאַנס הייבט זיך אָן אין אייראָפּע אַ נייע עפּאָכע, וועלכע האָט דערפירט צו אַ ברייטפאַרנעמיקער איבערקערעניש אין אַלע טראַדיציאָנעלע אָנשויאונגען און אינסטיטוציעס. דער רענעסאַנס איז געווען די התחלה פון יענער גרויסער תקופה פון רעוואָלוציעס אין אייראָפּע, וועלכע זענען נאָך ביז היינט צו טאָג נישט פאַרענדיקט, מחמת נישט געקוקט אויף אַלע געזעל־שאַפטלעכע צעטרייסלונגען איז נאָך אַלץ נישט געלונגען צו געפינען אַן איינער־לעכן אויסגלייך צווישן די אַלזייטיקע באַדערפענישן פונעם יחיד און די סאָציאַלע התחייבותן פון דער געמיינשאַפט, דורך וועלכן ביידע דערגאַנצן זיך און פילן זיך צוזאַמענגעוואַקסן. מחמת דאָס איז דער ערשטער פאָרויסיקער תנאי פון יעדער גרויסער געזעלשאַפטלעכער קולטור, וועמעס אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן קאָנען צעעפנט ווערן און דערגיין צו זייער פולער עקספּאַנסיע בלויז דורך אַזאַ צושטאַנד פונעם סאָציאַלן לעבן. אויך די מיטלאַלטערלעכע קולטור האָט זיך סומך געווען אויף דערדאָזיקער פאָראויסיקער הנחה, איידער זי איז פאַרכאָפּט געוואָרן פונעם צעפאַלונגס־שפּראָץ.

אַ גאַנצע ריי אומשטענדן האָבן צוגעטראָגן זייער חלק אַרויסצורופן אַ טיף־גייענדיקע איבערקערעניש אינעם דענקען פון די מענטשן. די דאָגמען פון דער קירך, וועלכע זענען אונטערגעגראָבן געוואָרן דורך דער צעשטערנדיקער קריטיק פון די נאָמינאַליסטן, האָבן פאַרלוירן אַ סך פון זייער פריערדיקן איינפלוס. אויך די מיסטיק פונעם מיטלאַלטער, וועלכע איז שוין געווען באַלייגט מיט די סימנים פון דער כפירה, מחמת איר יסוד איז געווען די אוממיטלבאַרע באַציאונג צווישן מענטש און גאָט, האָט פאַרלוירן איר רייץ און אָפּגעליידיקט דאָס פּלאַץ פאַר ערדישע באַטראַכטונגען. די גרויסע אַנטדעקונגסרייזעס פון די שפּאַניער און פּאָר־טוגעזער האָבן באַדייטנדיק אויסגעברייטערט די גייסטיקע פּאַנאָראַמע פונעם אייראָ־פּעאישן מענטשן און צוריקגעבראַכט זיינע חושים צו דער ערד. צום ערשטן מאָל זינט דעם אונטערגאַנג פון דער אַלטער וועלט האָט דער פאָרש־גייסט ווידער דער־וואַכט צו נייעם לעבן, מחמת אין דער צייט פון דער אומבאַשרענקטער הער־שאַפט פון דער קירך האָט ער געהאַט זיין היים בלויז ביי די אַראַבער און יידן אין שפּאַניע. ער האָט צעריסן די לעסטיקע קייטן פון אַ גייסטלאָזער סכאָלאַסטיק, וועלכע האָט זיך פאַרגראָבן אין טויטע ווערטער און נישט געלאָזט אויפקומען קיין שום זעלבסטשטענדיקן געדאַנק. אָבער קוים האָט זיך דער מענטש פונדאָסניי צו־גענייגט צו דער נאַטור און צו אירע געזעצן, האָט שוין נישט געקאָנט פּאַסירן עפּעס אַנדערש ווי נאָר, אַז זיין אמונה אין דער געטלעכער השגחה זאָל זיך אָנ־

הייבן וואַקלען, ווייל פעריאָדן פון נאַטורוויסנשאַפטלעכער דערקענטעניש זענען קיינמאָל נישט געווען גינציק פאַרן רעליגיעזן גלויבן אין ניסים.

דערצו האָט זיך נאָך אַרויסגעוויזן אַלץ בולטער, אַז דער חלום מכוח דער „רעפובליקאַ קריסטיאַנאַ", וועלכער האָט געזאָלט פאַראייניקן די גאַנצע קריסט־לעכע וועלט אונטערן פויפּסטס קרומען שטעקן, איז טאַקע נישט מער ווי אַ חלום. אינעם קאַמף קעגן אויפקומענדיקן נאַציאָנאַלן שטאַט איז די קירך געבליבן הינ־טערשטעליק. דערצו האָבן זיך אין איר אייגענעם לאַגער אַלץ שטאַרקער אָנגע־הויבן מערקן די בונטאַרישע עלעמענטן, וואָס האָט אין די צפונדיקע לענדער דער־פירט צו אַן אָפענעם אַרויסטריט. אויב מ׳נעמט נאָך חוץ דעם אין באַטראַכט די גרויסע ווירטשאַפטלעכע און פּאָליטישע ענדערונגען אין די ראַמען פון דער אַל־טער געזעלשאַפט, באַגרייפט מען די סיבות פון יענער גרויסער גייסטיקער רעוואָ־לוציע, וועמעס ווירקונגען ס׳זענען נאָך היינט דייטלעך מערקבאַר.

מ׳האָט דעם רענעסאַנץ כאַראַקטעריזירט ווי דעם אַרויסגאַנגספּונקט פונעם מאָדערנעם מענטש, וועלכער איז זיך צו יענער צייט צום ערשטן מאָל באַוואוסט געוואָרן מכוח זיין פּערזענלעכקייט. מ׳קאָן נישט לייקענען, אַז אַ טייל אמת ליגט אין דערדאָזיקער באַהויפּטונג. דער מאָדערנער מענטש איז נאָך אינדעראמתן נישט איבערגעקומען די ירושה פונעם רענעסאַנץ; אויף זיין פּילן און דענקען ליגט נאָך דער שטאַרקער חותם פון יענער צייט, כאָטש עס פעלט אים אין אַלגעמיינע שטריכן די כאַראַקטעריסטיק, וועלכע איז אַזוי צוטרעפלעך פאַרן מענטש פון רע־נעסאַנץ. ס׳איז נישט קיין צופאַל, ווען ניטשע און מיט אים די פאַרטרעטער פון איבערגעטריבענעם אינדיווידואַליזם, וועלכער האָט, צום באַדויערן, נישט געהאַט ניטשעס גייסט, קערן זיך אום מיט אַ ספּעציעלן פאַרצוג צו יענער צייט פון די „באַפרייטע ליידנשאַפטן" און צו דער „בלאָנדזשענדיקער בלאָנדער בעסטיע", בכדי צו געבן זייערע אידעען דעם היסטאָרישן הינטערגרונט.

יאָקאָב בורקהאַרדט ברענגט אין זיין ווערק „די קולטור פונעם רענעסאַנץ אין איטאַליע" אַ וואונדערבאַרע שטעלע פון פּיקאָ דעללאַ מיראַנדאָלאַס רעדע וועגן דער חשיבות פונעם מענטשן, וועלכע איז אויך כאַראַקטעריסטיש פאַרן טאָ־פּלטן כאַראַקטער פונעם רענעסאַנץ:

„אין דער מיט פון דער וועלט האָב איך דיך געשטעלט" — האָט דער באַ־שאַפער געזאָגט צו אָדמען — „בכדי דו זאָלסט זיך קענען לייכטער אַרומקוקן אַרום דיר און זען אַלץ, וואָס איז אין איר דאָ. איך האָב דיך באַשאַפן ווי אַ וועזן, וואָס איז ניט הימליש ניט ערדיש, ניט שטערבלעך ניט אומשטערב־לעך, בכדי דו זאָלסט זיין דיין אייגענער פרייער באַשאַפער און מייסטער; דו קאָנסט מגולגל ווערן אין אַ חיה און פונדאָסניי געבוירן ווערן ווי אַ גאָט־ענלעך באַשעפעניש. די חיות ברענגען מיט זיך פון דער מוטערס לייב אַלעס, וואָס זיי דאַרפן האָבן, די העכערע גייסטער זענען פון אָנהייב אָן אָדער אַ ביסל שפּעטער דאָס, וואָס זיי וועלן פאַרבלייבן אויף אייביק. דו אַליין האָסט אַן אַנטוויקלונג, אַ וואַקסן לויט אַ פרייען ווילן, דו האָסט די שפּראָך פון אַ פאַרשידנאַרטיק לעבן אין זיך".

אינדעראמתן האָט די עפּאָכע פונעם רענעסאַנץ אַ יאַנוס־קאָפּ, הינטער וועמעס טאָפּלטן שטערן עס שטויסן זיך צונויף די באַגריפן, עס באַווייזן זיך די געגנזאַצן. פון איין זייט האָט זי דערקלערט קריג די טויטע געזעלשאַפטס־פאָרמען פון אַ פאַרשוואונדענער צייט און האָט באַפרייט דעם מענטש פון אַ נעץ סאָציאַלע התחייבותן, וועלכע האָבן שוין פאַרלוירן זייער באַדייט פאַר אים און זענען באַנומען געוואָרן בלויז ווי שטרויכלונגען. פון דער אַנדערער זייט האָט זי אַוועקגעלייגט דעם יסוד פאַר דער היינטיקער מאַכטפּאָליטיק און פון די אַזויגערופענע „נאַציאָנאַלע אינטערעסן“ און אַנטוויקלט די פליכטן פונעם מאָדערנעם שטאַט, וועלכע ווירקן אויף אַזוי פיל שעדלעכער אויף ווי פיל זיי זענען נישט אַרויסגעקומען פון פרייוויליקע אָפּמאַכן פאַר דער באַשיצונג פונעם שותפותדיקן אינטערעס. נאָר ווערן אַרויפגעצוואונגען אויף די מענטשן פון אויבן, בכדי צו באַשיצן און נאָך מער צו אַנטוויקלען די פּריווילעגיעס פון קליינע מינדערהייטן אין דער געזעלשאַפט.

דער רענעסאַנץ האָט געמאַכט אַ סוף צו דער סכאָלאַסטיק פונעם מיטלאַלטער און האָט באַפרייט דאָס מענטשלעכע דענקען פון די קייטן פון טעאָלאָגישע באַגריפן, אָבער ער האָט גלייכצייטיק איינגעפלאַנצט די שפּראָצן פון אַ נייער פּאָליטישער סכאָלאַסטיק און געגעבן דעם אימפּולס פאַר אונזער נייער שטאַטס־טעאָלאָגיע, וועמעס דאָגמאַטיזם בלייבט מיט גאָרנישט הינטערשטעליק לגבי דעם דאָגמאַטיזם פון דער קירך און ווירקט פונקט אַזוי פאַרוויסטנדיק און פאַרקנעכטנדיק אויפן גייסט פונעם מענטשן. צוזאַמען מיט די סאָציאַלע אינסטיטוציעס פון דער אַלטער קאָמונע האָט ער אויך אַרויסגעוואָרפן זייער עטישע ווערטן, נישט זייענדיק ביכולת צו שאַפן פאַר זיי אַן אמתן סובסטיטוט. אַזוי אַרום איז דער רענעסאַנץ פּשוט און פּראָסט געוואָרן דער בונט פונעם מענטשן קעגן דער געזעלשאַפט, מקריב זייענדיק דעם גייסט פון דער געמיינשאַפט צו אַן אַבסטראַקטן באַגריף פון פרייהייט, וועלכער איז זיך נאָך דערצו סומך אויף אַ מיספאַרשטענדעניש. די פרייהייט, צו וועלכער זיינע פאַרשטייער האָבן געשטרעבט, איז געווען בלויז אַן אומגליקלעכע אילוזיע, ווייל עס האָבן איר געפעלט געזעלשאַפטלעכע יסודות, וואָס נאָר מיט זיי קאָן זי געדייען.

אמתע פרייהייט האָט אַ קיום נאָר דאָרט, וואו זי איז באַהויכט פונעם גייסט פון פערזענלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. פאַראַנטוואָרטלעכקייט לגבי די מיטמענטשן איז אַן עטיש געפיל, וועלכעס קומט אַרויס פונעם צוזאַמענלעבן פון די מענטשן און האָט אַלס פאַרויסיקע קאָנדיציע גערעכטיקייט פאַר אַלעמען און פאַר יעדן איינעם. נאָר וואו דערדאָזיקער תנאי איז פאַראַן, איז די געזעלשאַפט אמתע געמיינשאַפט און זי אַנטוויקלט אין יעדן פון אירע מיטגלידער יענעם פּרעכטיקן אינסטינקט פון סאָלידאַריטעט, וועלכער איז אַן ערשטער פונדאַמענט פון יעדער געזונטער מענטשלעכער גרופּירונג. נאָר צוזאַמען מיטן סאָלידאַרישן געפיל און מיטן אינערלעכן אימפּולס נאָך סאָציאַלער גערעכטיקייט ווערט די פרייהייט פאַרוואַנדלט אין אַ באַנד, וועלכער וויקלט אַרום אַלעמען; נאָר ביי אַזעלכע קאָנדיציעס איז די

פרייהייט פונעם מיטמענטשן נישט קיין גרענעץ, נאָר אַ באַשטעטיקונג און אַ גאַ־ראַנטיע פאַר דער אייגענער פרייהייט.

וואו דידאַזיקע קאָנדיציע פעלט, פאַרוואַנדלט זיך די פּערזענלעכע פרייהייט אין אומבאַשרענקטער ווילקיר און באַדריקונג פון שוואַכן דורכן שטאַרקן, וועמעס כּלומרשטע שטאַרקייט איז זיך על־פּי־רוב ווייניקער סומך אויף זיין גייסטיקער העכערקייט ווי אויף זיין ברוטאַלער אומברחמנותדיקייט און בולטער פאַראַכטונג פון יעדן סאָציאַלן מיטגעפיל. פאַקטיש האָט די אַנטוויקלונג פונעם רענעסאַנץ געפירט צו אַזאַ צושטאַנד. נאָכדעם ווי זיינע באַרופענע פאָרשטייער האָבן אָפּגעטרייסלט פון זיך אַלע עטישע התחייבותן פון דער פאַרגאַנגענהייט און יעדע איינזעעניש מיטן טובת הכּלל האָבן זיי פאַראַכטעט ווי אַ פּערזענלעכע שוואַכקייט, האָבן זיי אַנטוויקלט יענעם ביז צום עקסטרעם געטריבענעם איך־קולט, וועלכער האָט זיך נישט געפילט באַשרענקט דורך קיין שום געבאָט פון געזעלשאַפטלעכער מאָראַל און דעם פּערזענלעכן דערפאָלג פונעם יחיד געשאַצט העכער ווי יעדעס אמתע מענטשלעכע געפיל. אַזוי אַרום האָט פון דער מכּלומרשטער פרייהייט פונעם מענטשן געמוזט אַרויס־קומען נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר די פרייהייט פונעם הערנמענטש, ביי וועמען אַלע מיטלען, אויב זיי זאָגן נאָר צו דערפאָלג, זענען כּשר פאַר דער דורכפירונג פון זיינע מאַכט־פּלענער, מעג זיך זיין וועג ציען איבער פּגרים און מעג ער זיין אַ בלוטיקער חוזק אויף יעדן געפיל פון גערעכטיקייט.

מאַקיאַוועלאַ האָט אַנטוויקלט מיט אַן אייזערנער לאָגיק דעם געשיכטלעכן באַדייט פונעם „גרויסן מאַן", וועלכער האָט היינט ווידער אָנגענומען אַזעלכע מסוכנ־דיקע פאָרמען. זיין בוך וועגן „פּרינץ" איז די אינטעלעקטועלע פאַרפיקסירונג פון אַ פּעריאָד, אויף וועמעס פּאָליטישן האָריזאָנט עס האָבן געפינקלט די מאָוימדיקע ווערטער פון די אַסעסינען: „גאָרנישט איז אמת, אַלעס איז דערלויבט". דער עקל־האַפטיקסטער פאַרברעכן, די פאַראַכטנדיקסטע טאַט ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן אויפטו, אין אַ פּאָליטישער נויטיקייט, וויבאַלד דער הערנמענטש באַווייזט זיך אויף דער סצענע. עטישע מאָטיוון קאָנען נאָך זיין גילטיק פאַרן פריוואַטן באַנוץ פון שוואַכלינגע; ווייל אין דער פּאָליטיק זענען נישט פאַראַן קיין מאָראַלישע שטאַנדפּונקטן, נייערט אויסשליסלעך פראַגן פון מאַכט, פאַר וועמעס לייזונג ס'איז באַרעכטיקט די אָנווענדונג פון יעדן מיטל, וועלכעס זאָגט צו הצלחה. מאַקיאַוועלאַ האָט דאָס אוממאָראַלישע פון דער שטאַטלעכער מאַכט פאָרמולירט אין אַ סיסטעם און עס געפּראוווט רעכטפאַרטיקן מיט אַזאַ צינישער אָפנהאַרציקייט, אַז מ'האָט אָפּטמאָל באַהויפּטעט, און טיילווייז טוט מען עס נאָך היינט אויך, אַז זיין „פּרינץ" איז פאַרטראַכט געוואָרן בלויז ווי אַ בלוטיקע סאַטירע אויף די דעספּאָטן פון זיין צייט. מ'פאַרגעסט אָבער דערביי, אַז דידאָזיקע שריפט איז פאַרפאַסט געוואָרן פאַרן פריוואַטן באַנוץ פון אַ מעדיטשי און איז לחלוטין נישט געווען באַשטימט פאַר דער עפנטלעכקייט, וואָס צוליב דעם איז זי פאַרעפנטלעכט געוואָרן ערשט נאָכן טויט פונעם מחבר.

מאַקיאַוועלאָ האָט זײַנע אידעען נישט אויסגעזויגן פון די פינגער. ער האָט בלויז צוזאַמענגענומען אין אַ סיסטעם דאָס, וואָס איז אין דער פּראַקטיק געטאָן געוואָרן אין דער תקופה פון לודוויק דעם עלפטן, פערדינאַנד דעם קאַטוילישן, אַלעקסאַנדער דעם זעקסטן, צעזאַר באָרדזשיאַ, פראַנטשעסקאָ ספאָרצאַ א. אַנד. ווײַל יענע הערשער האָבן געוואוסט פּונקט אַזוי גוט אַרומצוגיין מיטן גיפט און סטילעט ווי מיטן רויזנקראַנץ און סצעפּטער, און אין די באַמיאונגען דורכצופירן זייערע מאַכטפּאָליטישע פּלענער האָבן זיי זיך לחלוטין נישט געלאָזט באַאײַנפלוסן דורך קיין שום מאָראַלישן פאַקטאָר. פאַר יעדן אײנציקן פון זיי איז דער „פּרינץ" צוגעפּאַסט פּונקט ווי פאַר זייער מאָס:

„אַ פּרינץ" — זאָגט מאַקיאַוועלאָ — „איז נישט מחויב צו האָבן די אַלע אויבנדערמאָנטע טוגנטן, ער דאַרף אָבער האָבן אַ שם, אַז ער האָט זיי יאָ. יאָ, איך וואַג זיך אַפילו צו זאָגן, אַז ס'איז זייער שעדלעך זיי צו באַזיצן און זיי תמיד דורכצופירן; אָבער אויסצוזען פרום, געטריי, מענטשלעך, גאָטספאָרכטיק, ערלעך איז נוצלעך. מען דאַרף בלויז דאָס געמיט האָבן אַזוי אײַנגעשטעלט, אַז ווען ס'איז נייטיק, זאָל מען אויך קאָנען זיין דער היפּוך דערפון. און דאָס איז צו פאַרשטיין אַזוי, אַז אַ פּרינץ, באַזונדערס אַ נייער פּרינץ, קאָן נישט אָפּהיטן דאָס אַלעס, וואָס גילט ביי אַנדערע מענטשן ווי גוט; ווייל בכדי אויפצוהאַלטן זיין פּאָזיציע, מוז ער אָפט האַנדלען אַזוי, וואָס איז קעגן געטרייקייט און אמונה, קעגן באַרעמהערציקייט, קעגן מענטשלעכקייט און קעגן רעליגיע. דעריבער מוז ער האָבן אַזאַ געמיט, וועלכעס זאָל זיך קאָנען דרייען לויט די ווינטן און דעם זיך בייטנדיקן גליק און, ווי געזאָגט, אַפילו זיך נישט אָפּזאָגן פון צו טאָן גוטס, וואו דאָס איז מעגלעך, אָבער אויך טאָן שלעכטס, וואו דאָס מוז זיין. אַ פּרינץ דאַרף זיך, אַזוי אַרום, שטאַרק היטן אַרויסצוזאָגן אַ וואָרט, וועלכעס זאָל נישט זיין בהסכם מיט די פינף אויבנדערמאָנטע טוגנטן. אַלעס, וואָס מ'זעט און הערט פון אים, דאַרף אָטעמען מיט מיטלייד, געטרייקייט, מענטשלעכקייט, יושר און פרומקייט; און קיין שום זאַך איז נישט אַזוי שטאַרק נייטיק ווי דער שיין פון דער לעצט־דערמאָנטער טוגנט; ווייל בדרך־כלל אורטיילן די מענטשן מער לויט די אויגן ווי לויטן געפיל, מחמת זען קאָנען אַלע, אָבער פילן — בלויז ווייניק. אַלע זעען וואָס דו זעסט אויס צו זיין, ווייניק פילן, וואָס דו ביסט, און אָט־די וואַגן נישט ווידערצושפּרעכן די מיינונג פונעם המון, וועלכן די מאַיעסטעט פון דער מלוכה האָט אַלס שילד. אין די מעשים פון אַלע מענטשן, ספּעציעל פון די פּרינצן, וועלכע האָבן נישט קיין ריכטער איבער זיך, קוקט מען נאָר אויפן רעזולטאַט. דאַרף, בכן, דער פּרינץ זען ווי אַזוי אָפּצוהיטן זיין חשיבות; די מיטלען וועלן שטענדיק באַטראַכט ווי בכבודיקע און וועלן געלויבט פון יעדן איינעם. ווייל דער המון שטעלט זיך תמיד צופרידן מיטן אויסזען און מיטן אויסגאַנג פון אַ זאַך; און די וועלט איז פול מיט המון".*)

דאָס, וואָס מאַקיאַוועלאָ האָט דאָ אַרויסגעזאָגט מיט נישט־געבלימלטע ווערטער — נישט־געבלימט, ווייל זיי זענען געווען באַשטימט פאַרן אויער פון אַ באַשטימטן געוועלטיקער — איז בלויז געווען דער אומגעשמינקטער אני־מאמין פון יעדן מין מאַכטפּאָליטיק און אירע פאַרטרעטער. ס'איז דעריבער פּוסטע פּלאַפּלעריי צו רעדן וועגן „מאַקיאַוועליזם", ווען דאָס, וואָס דער פלאָרענטינישער שטאַטסמאַן האָט אַזוי קרישטאַלריין און איינדייטיק געבראַכט צום אויסדרוק, איז תמיד

*) ניקאָלאַי מאַקיאַוועלאָ, „דער פּרינץ".

פּראַקטיצירט געוואָרן און וועט תמיד פּראַקטיצירט ווערן, כל־זמן פּריווילעגירטע מינדערהייטן וועלן פאַרנעמען אין דער געזעלשאַפט אַ מאַכט־פּאָזיציע, וועלכע זאָל זיי דערלויבן אַריינצוצווינגען די גרויסע מערהייט אונטערן יאָך פון זייער הער־שאַפט און זיי צו באַרויבן פון די פּרוכט פון זייער אַרבעט. צי מיינט מען אפשר, אַז אונדזער היינטיקע געהיימע דיפּלאָמאַטיע אַרבעט לויט אַנדערע פּרינציפּן? כל־זמן דער „ווילן צו מאַכט" וועט שפּילן אַ ראָל אינעם צוזאַמענלעבן פון די מענטשן, אַזוי לאַנג וועלן זיין גילטיק די מיטלען, וועלכע זענען אומבאַדינגט נייטיק צו דערגרייכן און אַנצוהאַלטן די מאַכט. ס'איז אמת, אַז די אויסערלעכע פאַר־מען פון דער מאַכטפּאָליטיק מוזן זיך צופּאַסן צו דער צייט און צו די עווענטועלע אומשטענדן, ווי דאָס איז שטענדיק געווען דער פאַל, אָבער די צילן, צו וועלכע זיי גייען, זענען שטענדיק דיזעלביקע און זיי פאַרהייליקן יעדעס מיטל, וועלכעס קאָן זיין נוצבאַר פאַר זייערע צוועקן. ווייל די מאַכט אָן און פאַר זיך איז אַמאָראַליש און איז אַן אָנגריף קעגן אַלע עיקרים פון מענטשלעכער גערעכטיקייט, לויט וועל־כער יעדער מין פּריווילעגיע פון יחידים אָדער פון באַשטימטע קאַסטן איז אַ שטער־רונג פאַרן געזעלשאַפטלעכן גלייכגעוויכט און במילא איז עס אוממאָראַליש. ס'וואָלט דערפאַר געווען זינלאָז אָנצונעמען, אַז די מעטאָדן פון דער מאַכט זענען בעסער ווי דאָס ציל, וועלכן זיי דינען.

לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי האָט אויסגעקריצט אויפן פּעדעסטאַל פון זיין רי־טערלעכער סטאַטוע פון פראַנטשעסקאָ ספאָרצאַ די דאָזיקע ווערטער: **Ecce Deus!** וואָס פאַראַ גאָט! אין דידאָזיקע ווערטער האָט זיך אַנטפּלעקט די גאַנצע ענדערונג, וואָס איז אומעטום פאָרגעקומען נאָכן פאַרשווינדן פון די מיטלאַלטערלעכע געזעל־שאַפטלעכע פאָרמען. דער גלאַנץ פון דער גאָטהייט איז פאַרבלאַסט געוואָרן, דער־פאַר האָט מען דעם הערנמענטש אויסגעשטאַט מיט געטלעכע כיבודים און מ'האָט זיך אומגעקערט צום צעזאַר־קולט פון די רוימער. דער „העלד" איז געוואָרן דער דורכפירער פונעם מענטשלעכן גורל, דער באַשאַפער פון אַלע זאַכן אויף דער ערד. קיינער האָט נישט געבראַכט אַזוי פיל קטורת פאַרן „שטאַרקן אינדיווידואום" ווי ער. אַלע פאַרערער פונעם העלנדטום האָבן געגנאַשט נאָר פון זיינע טעפּ. קיינער האָט נישט געבראַכט אַזוי ווייט דעם העלדנקולט ווי מאַקיאַוועלאַ, קיינער

וואָס מאַקיאַוועלאַ האָט פאָרמולירט ווי אַ סיסטעם איז געווען נאַקעטע, מיט קיין שום פאַלשער בושה נישט באַלייגטער שטאַטסראַזאָן. ס'איז פאַר אים געווען פולשטענדיק קלאָר, אַז ברוטאַלע מאַכטפּאָליטיק ווערט נישט אָנגעפירט פון קיין שום עטישע פּרינציפּן; דעריבער האָט ער געפאָדערט מיט דער גאַנצער אומפאַר־שעמטער אָפנהייט, וואָס איז פאַר אים געווען כאַראַקטעריסטיש און וועלכע אַנט־שפּרעכט, אַגב, נישט אינגאַנצן די גרונטזאַצן פונעם אַזויגערופענעם „מאַקיאַוועו־ליזם", אַז מענטשן, וועלכע קאָנען זיך נישט אָפּזאָגן פונעם איבערפליסיקן לוקסוס פון אַ פּריוואַטן געוויסן, זאָלן זיך בעסער אָפּהאַלטן פון יעדער פּאָליטיק. מאַקיאַ־וועלאָס גרעסטער פאַרדינסט איז דאָס, וואָס ער האָט אַזוי אַבסאָלוט קלאָר און

דייטלעך פֿאַרגעשטעלט דאָס גאַנצע אינערלעכע רעדערגעווערק פֿון דער מאַכט־פּאָליטיק, אַז ער האָט אַפילו די אומבאַקוועמסטע פּרטים נישט געהאַלטן פֿאַר נייטיק צו באַצירן מיט פּוסטער מליצה און חניפהדיקע פּראַזן.

די אמונה אין דער אויסערגעווייינלעכער גאונות פֿונעם הערנמענטשן באַמערקט זיך תמיד באַזונדערס שטאַרק אין צייטן פֿון אינעווייניקסטן צעפֿאַל, ווען דער באַנד, וועלכער האָט די מענטשן געהאַלטן צוזאַמען, לאָקערט זיך און די אינטערעסן פֿון כלל טרעטן אָפּ דאָס פּלאַץ פֿאַר די באַזונדערע אינטערעסן פֿון פּריווילעגירטע מינדערהייטן. די פֿאַרשידנהייט פֿון די סאָציאַלע שטרעבונגען און צילן, וועלכע דערפֿירן צו אַלץ שאַרפֿערע קאָנטראַסטן אין די ראַמען פֿון דער געמיינשאַפֿט און צו איר צעפֿאַל אין פֿיינטלעכע קלאַסן און קאַסטן, גראָבט אונטער כסדר די יסודות פֿון די געמיינשאַפֿטלעכע געפֿילן. וואו אָבער דער געמיינשאַפֿטלעכער אינסטינקט ווערט כסדר געשטערט און אָפּגעשוואַכט דורך דער ענדערונג פֿון די אויסערלעכע לעבנסבאַדינגונגען, דאָרט פֿאַרלירט דער יחיד בהדרגהדיק דעם אינערלעכן גלייכגעוויכט און פֿאָלק פֿאַרוואַנדלט זיך אין מאַסע. מאַסע איז נישט עפּעס אַנדערש ווי אויסגעוואָרצלט פֿאָלק, וועלכעס ווערט פֿונעם שטראָם פֿון די געשעענישן לייכט געטריבן אַהין אָדער אַהער, און וועלכעס מוז ערשט פֿונדאַסנייגרופּירט ווערן, בכדי עס זאָל באַקומען נייע כוחות, אַז עס זאָל אין זיין סאָציאַלער אַקטואַציע ווידער קאָנען אָריענטירט ווערן צו אַ געמיינזאַמען ציל.

דאָרט, וואו פֿאָלק ווערט מאַסע, דאָרט בליט דאָס ווילדגראָז פֿונעם „גרויסן מאַן”, פֿונעם אָנערקענטן „הערנמענטש”. נאָר אין אַזעלכע פּעריאָדן פֿון געזעלשאַפֿטלעכן צעפֿאַל איז דער „העלד” אימשטאַנד אַרויפֿצוצווינגען אויף אַנדערע זיין ווילן און די מאַסע איינצושפּאַנען אין יאָך פֿון זיינע פּריוואַטע אַמביציעס. אמתע געמיינשאַפֿט לאָזט נישט אויפֿקומען קיין הערשונגס־פֿאַרהעלטעניש, און זי דערלאָזט דאָס נישט דערפֿאַר, ווייל זי האַלט צוזאַמען די מענטשן דורכן שותּפֿותדיקן באַנד פֿון געמיינזאַמע אינטערעסן און קעגנזייטיקער אַכטונג, וועלכע דאַרף נישט האָבן קיין אויסערלעכע געוואַלט. הערשאַפֿט און אויסערלעכע געוואַלט באַווייזן זיך שטענדיק דאָרט, וואו דער אינערלעכער צוזאַמענבאַנד פֿונעם כלל פֿאַלט אַריין אין צושטאַנד פֿון צעפֿאַל און דאָס געמיינשאַפֿטלעכע געפֿיל שטאַרבט אָפּ. ווען דער געזעלשאַפֿטלעכער צונויפֿבונד איז אין סכנה פֿון צעפֿאַל, דעמאָלט הייבט זיך אָן די ממשלה פֿון דער געוואַלט, כדי מיט כוח צוזאַמענצוהאַלטן דאָס, וואָס איז פֿריער געווען פֿאַרבונדן אין געמיינשאַפֿט דורכן פֿרייען אָפּמאַך און פּערזענלעכער אחריות.

דער רענעסאַנץ איז געווען די צייט פֿון אַזאַ פֿונאַנדערפֿאַל. פֿאָלק האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין מאַסע, אָבער פֿון דער מאַסע איז אויסגעשטאַלטיקט געוואָרן די נאַציע, וועלכע האָט געדאַרפֿט דינען פֿאַר דער נייער מלוכה ווי שטאָף־מאַטעריאַל. דערדאָזיקער אָפּשטאַם איז שטאַרק באַלערנענדיק, מחמת ער ווייזט, אַז דער מאַכט־אַפּאַראַט פֿונעם נאַציאָנאַלן שטאַט און די אַבסטראַקטע אידעע מכּוח דער נאַציע

זענען געוואַקסן אויפן זעלבן בוים. ס'איז נישט קיין צופאַל, וואָס מאַקיאַוועלאַ, דער טעאָרעטיקער פון דער מאָדערנער מאַכטפּאָליטיק, איז אויך געווען דער ליידנשאַפטלעכסטער פאַרטיידיקער פון דער נאַציאָנאַלער איינהייט, וועלכע האָט פאַרן נייעם שטאַט אויף להבא געזאָלט שפּילן די זעלביקע ראָל ווי די איינהייט פון דער קריסטלעכער וועלט פאַר דער קירך.

נישט די פעלקער זענען דאָס געווען די, וועלכע האָבן גורם געווען דעמדאָזיקן נייעם צושטאַנד, ווייל עס האָט זיי נישט געשטויסן צו דערדאָזיקער פונאַנדערטיילונג נישט קיין אינערלעכע באַדערפעניש און נאָך ווייניקער האָט פאַר זיי געקאָנט אַרויסקומען וועלכע ס'איז טובה דערפון. דער נאַציאָנאַלער שטאַט איז דער דעפיניטיווער פועל־יוצא פונעם וועלטלעכן הערשערווילן, וועלכער האָט אינעם גאַנג צו זיין ציל באַקומען די קרעפטיקע אונטערשטיצונג פונעם האַנדלס־קאַפּיטאַל, וועלכעס האָט געדאַרפט האָבן זיין הילף. די פירשטן האָבן אַרויפגעצוואונגען אויף די פעלקער זייערע כוונות און מיט אַלע אינטריגעס זיי געזוכט צו מאַכן אָפּהענטיק אַזוי, אַז עס האָט שפּעטער זיך אויסגעוויזן, אַז די פונאַנדערטיילונג פון דער קריסטלעכער וועלט אין פאַרשידענע נאַציעס איז אַרויסגעקומען פון די פעלקער גופא, בעת זיי זענען אינדעראמתן געווען די אומבאַוואוסטזיניקע ווערקצייג פון פירשטלעכע פּריוואַטע אינטערעסן.

דער אינערלעכער צעפאַל פון דער פּויפּסטלעכער מאַכט און ספּעציעל די גרויסע שפּאַלטונג אין דער קירך פון די צפונדיקע לענדער האָט די וועלטלעכע הערשער געגעבן די געלעגנהייט דורכצופירן אין דער ווירקלעכקייט זייערע פון לאַנג־צוגעטראַכטע פּלענער און צו געבן זייער מאַכט אַ נייעם פונדאַמענט, וועלכער זאָל זיי מער נישט מאַכן אָפּהענגיק פון רוים. דערמיט אָבער איז צעבראַכן געוואָרן יענע אוניווערסאַלע איינהייט, וועלכע האָט ביז אַהער געהאַט צונויפגעהאַלטן גייסטיק און מאָראַליש די אייראָפּעאישע מענטשהייט און אין וועלכער די גרויסע קולטור פונעם פעדעראַליסטישן פעריאָד האָט געפונען איר שטאַרקסטע יניקה. דאָס, וואָס מ'האָט, ספּעציעל אין די צפונדיקע לענדער, באַטראַכט דעם פּראָטעסטאַנטיזם ווי אַ גרויסן גייסטיקן פּראָגרעס לגבי דעם קאַטויליציזם, איז עס צו פאַרדאַנקען דעם אומשטאַנד, וואָס מ'האָט כמעט גענצלעך פאַרזען די אומגליקלעכע רעזולטאַטן פון דער רעפאָרמאַציע*). און היות די פּאָליטישע און סאָציאַלע רעקאָנסטרוקציע פון

*) נאָוואַליס האָט קלאָר באַנומען דעם טיפערן זין פון דערדאָזיקער טראַנסצעדענטאַלער פּאָליטישער טראַנספאָרמאַציע, ווען ער האָט געשריבן:

„אומגליקלעכערווייז האָבן זיך די פירשטן אַריינגעמישט אין דערדאָזיקער שפּאַלטונג און פילע האָבן אויסגענוצט דידאָזיקע מחלוקת פאַר דער באַפעסטיקונג און אויסשפּרייטונג פון זייער מאַכט און הכנסות. זיי זענען געווען צופרידן, וואָס זיי זענען פּטור געוואָרן פון יענער הויכער השפעה און זיי האָבן איצט די נייע קאָנסיסטאָריעס גענומען אונטער זייער לאַנדפאָטערלעכן שוץ און אָנפירונג. זיי האָבן זיך באַמיט נישט צו דערלאָזן צו דער געגצלעכער פאַראייניקונג פון די פּראָטעסטאַנטישע קירכן און אַזוי אַרום איז די רעליגיע אומרעליגיעזערווייז איינגעשלאָסן געוואָרן אין מלוכהשע גרענעצן און דערמיט איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר דעם בהדרגהדיקן אונטערגראָבן פונעם רעליגיעזן קאָס־

אייראָפּע האָט אויך אין די קאַטוילישע לענדער זיך פאַרנומען אויף דיזעלביקע דרכים און דער נאַציאָנאַלער שטאַט האָט דווקא דאָרט דערגרייכט די העכסטע שלימות אין דער פאָרעם פון דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע, האָט מען דערפאַר נאָך לייכטער געקאָנט פאַרזען די אומגעהייערע קאָנסעקווענצן פון יענעם געשעעניש, וועלכעס האָט גורם געווען די צעטיילונג פון די אייראָפּעאישע פעלקער אין נאַציעס.

ס'איז געלעגן אין די ראַמען פון די מאַכטפּאָליטישע אַספּיראַציעס פון דער נאַציאָנאַלער מלוכה, אַז אירע פירשטלעכע גרינדער זאָלן דערפירן צו פונדאַמענטאַלע שפּאַלטונגען צווישן זייערע אייגענע און די פרעמדע פעלקער און זיי האָבן זיך באַמיט דידאָזיקע שפּאַלטונגען צו פאַרטיפן און פאַרשטאַרקן; האָט זיך דאָך זייער גאַנצע עקזיסטענץ סומך געווען אויף דידאָזיקע קינסטלעך־געשאַפענע דיפערענצירונגען. דעריבער האָבן זיי זיך שטאַרק געשטיצט אויף דער אַנטוויקלונג פון די באַזונדערע לאַנדשפּראַכן און זיך בכיוון אָנגעכאַפּט אָן באַשטימטע טראַדיציעס, וועלכע זיי האָבן אַרומגעוועבט מיט אַ מיסטישן שלייער און געזוכט זיי צו געבן לעבן אין פאָלק, ווייל דאָס נישט קאָנען פאַרגעסן איז דער ערשטער פון די פּסיכאָלאָגישע קאָנדיציעס פונעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין. און אַזוי ווי ביים פאָלק האָט זיך אָנגענומען נאָר דאָס „הייליקע", האָט מען זיך פאַרנומען אויפן וועג צו געבן די נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס דעם שיין פון הייליקייט און ספּעציעל אַרומצורינגלען די פּערזאָן פונעם מושל מיטן הייליקן שיין פון דער געטלעכקייט.

אויך אין אָט־דער הינזיכט איז מאַקיאַוועלאַ געווען אַ פאָרויסגייער, מחמת ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה און ער האָט אָנגעוויזן אויף אירע סימנים. ער איז געווען דער ערשטער פאַרטיידיקער פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט קעגן די מאַכטפּאָליטישע פּרעטענזיעס פון דער קירך. אַזוי ווי די קירך איז געווען די שטאַרקסטע פעסטונג אויפן וועג פון איטאַליעס נאַציאָנאַלער איינהייט און אַזוי אַרום אויך פון דער „באַפרייאונג פון לאַנד פון די באַרבאַרן", האָט ער זי דעריבער צומשאַרפסטן באַקעמפט און געפאָדערט אָפּצוטיילן די קירך פונעם שטאַט. אין דערזעלביקער צייט האָט ער געפּרואווט אַוועקצושטעלן דעם שטאַט אויפן פעדעסטאַל פון דער גאָטהייט, ער, וועלכער איז נישט געווען קיין קריסט און וועלכער האָט אינערלעך געהאַט איבערגעריסן מיט יעדן גלויבן אין מופתים. פונדעסטוועגן האָט ער צו גוט געפילט די אינערלעכע שייכותן צווישן רעליגיע און פּאָליטיק און ער האָט געוואוסט, אַז אַן ערדישע מאַכט קאָן נאָר דעמאָלט געדייען, ווען זי שטייט צומנאָענטסטן צום אורקוואַל פון יעדער אויטאָריטעט, בכדי אַליין צו קאָנען גלאַנצן אינעם הייליקן שיין פון דער געטלעכקייט. צוליב מאָטיוון פון שטאַטסראַזאָן האָט מאַקיאַוועלאַ געוואָלט אויפהיטן די רעליגיע פאַרן פאָלק

---

מאַכטפּאָליטישן אינטערעס. אַזוי אַרום האָט די רעליגיע פאַרלוירן איר גרויסן פּאָליטישן שלום־ברענגענדיקן איינפלוס, איר איינגנטלעכע ראָל פונעם פאַראייניקנדיקן, אינדיווידואַליזירנדיקן פּרינציפּ פון דער קריסטלעכער וועלט". (נאָוואַליס, „די קריסטלעכע וועלט אָדער אייראָפּע", אַ פראַגמענט געשריבן אין 1799).

נישט ווי אַן אויסערשטאַטלעכע מאַכט, בייערט ווי אַן „אינסטרומענטום רעדזשי״, ווי אַ ווערקצייג פון דער שטאַטלעכער רעגירונגס־קונסט. דערפאַר האָט ער גע־שריבן מיט קילער זאַכלעכקייט אינעם 11־טן קאַפּיטל פונעם צווייטן בוך פון זיינע „דיסקאָרסי״:

„אינדעראמתן האָט קיינער קיינמאָל נישט איינגעפירט קיין נייע געזעצן ביי אַ פאָלק, נישט פאַררופנדיק זיך דערביי אויף גאָט. די לערן וואָלטן דאָך, חוצדעם, נישט געווען אָנגענומען געוואָרן דערפאַר, וואָס אַ קלוגער מענטש קאָן אָנערקענען פאַר גוט עפּעס, וועגן וועמעס גוטסקייט ער איז נישט אימ־שטאַנד צו איבערצייגן די מיטמענטשן. דערפאַר אַפּעלירן קלוגע מענטשן צו גאָטס אויטאָריטעט״.

די כהנים־גדולים פון דער מאָנאַרכיסטישער פּאָליטיק האָבן אין אָט־דער ריכטונג ווייטער געאַרבעט. זיי האָבן געשאַפן אַ נייעם פּאָליטיש־רעליגיעזן אַני־מאַמין, וועלכער האָט זיך בהדרגההדיק קאָנדענסירט אינעם „נאַציאָנאַלן באַוואוסט־זיין״, און באַלעבט פון די אינערלעכע אימפּולסן פון די מענטשן, האָט ער שפּע־טער אַרויסגעבראַכט דיזעלביקע זעלטענע בליטן ווי פריער די אמונה אין גאָטס אייביקער השגחה.

# VI

# די רעפאָרמאַציע און דער נייער שטאַט

די רעפאָרמאַציע און די סאָציאַלע פאָלקסבאַוועגונגען פון מיטלאַלטער. — שפּאַלטונג אין דער קירך און אינטערעסן פון די פּרינצן. — לוטערס שטעלונג צום שטאַט. — דער פּראָטעסטאַנטיזם ווי אַ העלפער פונעם פירשטלעכן אַבסאָלוטיזם. — רעליגיע און שטאַטסראַזאָן. — די פאַרגלייבטקייט אין וואָרט און די אינערלעכע פאַרקנעכטונג. — דער פויערן־אויפשטאַנד. — וויקליף און די רעפאָרמאַציע אין ענגלאַנד. — די באַוועגונג פון די הוסיטן. — קאַליקסטינער און טאַבאָריטן. — די מלחמה ווי אַ קוואַל פון דעספּאָטיזם. — כעלטשיצקי, אַ קעגנער פון קירך און שטאַט. — דער פּראָטעסטאַנטיזם אין שוועדן. — די קאָנפיסקאַציע פון דער קירך. — דער קאַלוויניזם. — די פּרעדעסטינאַציע־לערע. — דער טעראָר־רעזשים אין גענף. — פּראָטעסטאַנטיזם און וויסנשאַפט.

אין דער רעפאָרמאַציע־באַוועגונג פון די נאָרדישע לענדער, וועלכע שיידט זיך אויס דורך איר רעליגיעזן אינהאַלט פונעם רענעסאַנץ פון די לאַטייניש פעלקער מיט איר אומאָפּלייקנבאַרן געצנדינערישן חותם, מוז מען זאָרגפעליק פונאַנדערשיידן צוויי ריכטונגען: די פאָלקסרעוואָלוציע פון די פויערן און פון די אונטערשטע שיכטן אין די שטעט און דעם אַזויגערופענעם פּראָטעסטאַנטיזם, וועלכער האָט סיי אין בעמען און ענגלאַנד, אַזוי אויך אין דייטשלאַנד און אין די סקאַנדינאַווישע לענדער געאַרבעט רק פאַר דער פונאַנדערטיילונג פון שטאַט און קירך און הויפּטזעכלעך זיך באַמיט איבערצוגעבן די גאַנצע מאַכט אין די הענט פון שטאַט. דער אָנדענק פון דער פאָלקסרעוואָלוציע, וועלכע איז דערשטיקט געוואָרן אין בלוט דורכן אויפקומענדיקן פּראָטעסטאַנטיזם און זיינע פירשטלעכע און גייסטלעכע רעפּרעזענטאַנטן, איז שפּעטער פון די זיגער, כמנהג העולם, אויף פאַרשידענע אופנים געלעסטערט און דערנידעריקט געוואָרן; און היות אין דער אָנגענומענער היסטאָריאָגראַפיע האָט דער דערפאָלג אָדער דורכפאַל פון אַ זאַך פון אייביק אָן געשפּילט די דעצידירנדיקע ראָל, האָט שוין נישט געקאָנט פּאַסירן אַנדערש ווי נאָר דאָס, אַז מ׳האָט שפּעטער אין דער רעפאָרמאַציע נישט געזען עפּעס אַנדערש ווי נאָר די באַוועגונג פונעם פּראָטעסטאַנטיזם.

די רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען פון די מאַסן זענען נישט געווען געריכטעט נאָר קעגן רוימישן פּאַפּיזם אַליין, נאָר אין אַ פיל העכערער מאָס קעגן דער געזעל־

שאָפּטלעכער אומגלייכהייט און קעגן די פּריווילעגיעס פון די רייכע און מעכטיקע. די פירער פון דער פּאָלקסבאַוועגונג האָבן אויפגענומען די דאָזיקע אונטערשיידן ווי אַ חוזק אויף דער ריינער קריסטלעכער לערע, וועלכע איז זיך סומך אויף דער גלייכהייט פון אַלע מענטשן. אַפילו ווען די קירך האָט דערגרייכט דעם העכסטן פונקט פון איר מאַכט, זענען די מסורות וועגן די פּאַרקירכלעכע געמיינדעס און וועגן זייער בשותפותדיקן לעבנס־סדר און דעם גייסט פון ברידערלעכקייט, וועלכער האָט זיי באַהויכט, קיינמאָל נישט אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן צווישן פאָלק. זיי האָבן ווייטער געלעבט ביי די גנאָסטיקער און מאַניכעער פון די ערשטע יאָרהונ־דערטער און ביי די כופרישע כיתות פונעם מיטלאַלטער, וועמעס צאָל איז געווען אַ שטוינענדיק גרויסע. אויך דער מקור פונעם קלויסטערוועזן קאָן צוריקגעפירט ווערן צו דידאָזיקע שטרעבונגען. פון זייער גייסט איז געבוירן געוואָרן דער כיליאַזם, די אמונה אין אַ קומענדיקן טויזנטיעריקן קעניגרייך פונעם פרידן, פון דער פריי־הייט און פונעם שותפותדיקן אייגנטום, וועלכע האָט אויך געהאַט אַן אָפּקלאַנג אין די לערעס פון יאָאַכין פון פלאָריס און אַלמאַריך פון בענאַ.

דידאָזיקע טראַדיציעס זענען געווען לעבעדיק צווישן די באָגאָמילן פון בול־גאַריע, באָסניע און סערביע און ביי די קאַטאַרן פון די לאַטיינישע לענדער. זיי האָבן אָנ־געצונדן דעם גלויבנסמוט פון די וואַלדענזער און פון די כופרישע כיתות פון לאַנגעדאָק און אָנגעפילט די הומילאַטן און אַפּאָסטאָלן־ברידער אין צפון־איטאַליע מיט זייער אי־בערלעך ליכט. מיר געפינען זיי ביי די בעגואינען און בעגהאַרדן פון פלאַנדריע, ביי די באַפּטיסטן פון האָלאַנד און דער שווייץ, ביי די לאָלהאַרדן אין ענגלאַנד. זיי האָבן געלעבט אין די רעוואָלוציאָנערע פאָלקס־באַוועגונגען פון בעמען און אין די פאַרשווערונגען פון די דייטשע פויערן, וועלכע זענען געווען גרופּירט אינעם „בונדשו" און אינעם „אָרעמען קאָנראַד", בכדי צו צעברעכן דעם יאָך פון לייבאייגנ־טום. און דער גייסט פון דיזעלביקע מסורות איז עס געווען, וועלכער האָט אַראָפּ־גענידערט אויף די „שווערמער" פון צוויקאַו און וועלכער האָט געגעבן אַזאַ מעכ־טיקן אימפּולס טאָמאַס מינצערס רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט.

קעגן אייניקע פון דידאָזיקע באַוועגונגען האָט די קירך אָרגאַניזירט מיט דער הילף פון וועלטלעכע מושלים גאַנצע קרייצצוגן, אַזוי ווי צ. ב. קעגן די באָגאָמילן און אַלבינגעזער, דורך וועלכע גאַנצע לענדער זענען במשך פון צענדליקער יאָרן צעטרייסלט געוואָרן דורך מאָרד און בראַנד און אַ סך טויזנטער פון זיי זענען אויס־געשאָכטן געוואָרן. אָבער דידאָזיקע בלוטיקע רדיפות האָבן דווקא געהאָלפן, אַז די־דאָזיקע באַוועגונגען זאָלן זיך אויסשפּרייטן אויך אויף אַנדערע געגנטן. טויזנטער פּליטים האָבן זיך געצויגן איבער די אַנדערע לענדער און באַקאַנט געמאַכט זייערע לערעס אין נייע קרייזן. אַז צווישן רוב פון די כופרישע כיתות פונעם מיטלאַלטער זענען געווען אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען איז אומאָפּפרעגלעך באַוויזן געוואָרן דורך דער געשיכטלעכער פאָרשונג. אַזעלכע באַציאונגען לאָזן זיך באַווייזן צווישן די באָגאָמילן און געוויסע סעקטעס אין רוסלאַנד און צפון־איטאַליע, צווישן די וואַל־

דענזער און ענלעכע כיתות אין דייטשלאַנד און בעמען, צווישן די באַפּטיסטן אין האָלאַנד, ענגלאַנד, דייטשלאַנד און שווייץ.

אַלע פּויערישע אויפשטאַנדן אין צפון־איטאַליע, פלאַנדערן, פראַנקרייך, ענג־לאַנד, דייטשלאַנד און בעמען פונעם 13־טן ביזן 16־טן יאָרהונדערט זענען געווען באַהויכט מיט יענע אידעאַלן און זיי גיבן אונדז היינט אַ גענוג קלאָר בילד וועגן דעם פילן און טראַכטן פון די ברייטע פאָלקסמאַסן פון יענער צייט. וועגן אַן אייג־הייטלעכער באַוועגונג קאָן מסתמא נישט זיין קיין רייד, מ׳קאָן אָבער יאָ רעדן וועגן אַ גאַנצער שורה באַוועגונגען, וועלכע זענען פאָרויסגעגאַנגען דער אייגנטלעכער רעפאָרמאַציע און זי איינגעפירט. אַ סברה, אַז דער באַקאַנטער חוזק־פערז פון די ענגלישע לאָלהאַרדן: „ווען אדם האָט געאַקערט און חוה האָט געשפּינט (שפּאַן), וואו איז דאָס דעמאָלט געווען דער איידלמאַן?״, האָט געדינט דעם רוב פון דידאַזיקע באַוועגונגען ווי אַ לייטמאָטיוו.

די אמתע פאָלקסבאַוועגונג פון דער רעפאָרמאַציע־תקופה האָט נישט געזוכט קיין שום אָפּמאַכן מיט די פירשטן און אַדעליקע, מחמת די פירער אירע האָבן מיטן זיכערן אינסטינקט געזען אין זיי די אומברחמנותדיקע שונאים פונעם פאָלק, און דעריבער נישט געוואָלט גיין צוזאַמען מיט זיי, נאָר קעגן זיי. אַזוי ווי אָבער דער רוב פון די גרויסע רעפאָרמאַטאָרס, אַזעלכע ווי וויקליף, הוס, לוטער א. אַנד. האָבן געצויגן זייער יניקה פון דער פאָלקסבאַוועגונג, איז דער אויפקומענדיקער פּראָטעסטאַנטיזם געווען זייער ענג צונויפגעוואָקסן מיט איר. דאָס האָט זיך אָבער באַלד געענדערט, ווען ס׳זענען וואָס ווייטער אַלץ שאַרפער אַרויסגעטראָטן די סאָ־ציאַלע חלוקי־דעות צווישן דיביידע ריכטונגען און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פאַרן פאָלק וועט גאָרנישט אַרויסקומען פון דער פשוטער לאָזונג „אַוועק פון רוים!״

דאָס אָפּרייסן זיך פון דער רוימישער קירך האָט געקאָנט זיין ווינטשנסווערט פאַר די פירשטן פון די נאָרדישע מדינות נאָר אַזוי לאַנג, כל־זמן דערדאָזיקער אָפּ־רייס האָט נישט געהאַט קיין ווייטערדיקע פאָלגן און זייערע פּאָליטישע און עקאָ־נאָמישע פּריווילעגיעס זענען געבליבן אומבאַרירט. דער איבעררייס מיט רוים האָט נישט בלויז געזאָלט אויספאַלן לטובת זייער אייגענער אויטאָריטעט, ער האָט אויך געשטערט דעם רעגלמעסיקן אַרויספיר פון גרויסע געלטסומעס פונעם לאַנד, פאַר וועלכע זיי האָבן אין דער היים געהאַט אַ בעסערע פאַרווענדונג, און האָט זיי נאָך הוצדעם געגעבן די מעגלעכקייט אַרויפצולייגן זייער האַנט אויף די געלטער פון דער קירך און איר רייכע הכנסה אַריינצופירן אין זייערע אייגענע קאַסעס. אָט די אויס־רעכענונגען זענען עס געווען, וועלכע האָבן די פירשטן און אַדעליקע פון די צפונדיקע לענדער באַוואויגן זיך אַרויסצוזאָגן פאַר דער רעפאָרמאַציע. די קליינלעכע רייסע־ריי פון די טעאָלאָגן האָט זיי קוים אינטערעסירט, אָבער דער אָפּרייס פון רוים, האָט זיי פון פאָרויס צוגעזאָגט ממשותדיקע נוצן, וועלכע זענען נישט געווען אָוועקצומאַכן מיט דער האַנט. במילא האָט זיך שוין געלוינט צו פאָלגן די „שטים פונעם געוויסן״ און צו באַגינציקן די נייע נביאים. חוץ מזה האָבן די טעאָלאָגישע בעלי־דעה פון

דער רעפאָרמאַציע נישט געשטעלט קיין צו הויכע פּרעטענזיעס צו דער פּראָטעסטאַנ־טישער התמדה פון די אַדעליקע אין לאַנד, דערפאַר אָבער האָבן זיי זיך נאָך שטאַרקער באַמיט צו באַווייזן די מאַכטהאָבער דעם ערדישן נוצן פונעם ענין. אַזוי האָט שוין הוס גערעדט צו זיי אין דעם לשון, וועלכעס זיי האָבן צום בעסטן פאַרשטאַנען:

„אָ, איר געטרייע קעניגן, פירשטן, הערן און קאַוואַלירן! דערוואַכט פונעם לעטאַרגישן חלום, אין וועלכן די גלחים האָבן אייך איינגעשלעפערט, און וואָרצלט־אויס פון אייערע געביטן די סימאָניסטישע כופרות... דער־לאָזט נישט, אַז פון אייערע לענדער זאָל אַרויסגעפירט ווערן (געלט) צו אייער אייגענעם שאָדן".*)

די גייסטיקע פירער פונעם פּראָטעסטאַנטיזם האָבן זיך פון אָנהויב אָן גע־ווענדט צו דער הערן־קאַסטע פון זייערע לענדער, וועמעס הילף האָט זיך זיי אויס־געוויזן אַבסאָלוט נייטיק, כדי צו פאַרזיכערן דעם נצחון פון זייער זאַך. אָבער אַזוי ווי זיי האָבן אויך אינזינען געהאַט נישט איבערצורייסן מיטן פאַרקנעכטיקטן פאָלק, האָבן זיי זיך באַמיט, ווען אַפילו אומזיסט, צוזאַמענצופּירן די פאָלקס־באַוועגונגען מיט די זעלבסטזיכטיקע צילן פון די פירשטן און אַדעליקע. דידאַ־זיקע פּרואוון האָט אָבער נישט געקאָנט באַשערט זיין קיין הצלחה, ווייל די געזעלשאַפטלעכע סתירות האָבן זיך שוין געהאַט צו שטאַרק אַרויסגערוקט, אַז מ'זאָל זיי געוווען קאָנען אַריבערשפּאַנען מיט עטלעכע פוילע הנחות. וואָס נאָכ־געביקער די רעפאָרמאַטאָרן זענען געווען לגבי די פּריצים, אַלץ מער האָבן זיי זיך געמוזט דערווייטערן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פונעם פאָלק און עס אויפבריזן קעגן זיך. דאָס איז געווען באַזונדערס דער פאַל מיט לוטערן, וועל־כער האָט געהאַט צום ווייניקסטן סאָציאַל געפיל פון צווישן זיי אַלעמען און ער איז אין זיין גייסטיקן באַנעם געווען אַזוי באַשרענקט, אַז ער האָט זיך פּאַקטיש איינגערעדט צו קאָנען פאַרענדיקן די גרויסע באַוועגונג מיט דער גרינדונג פון אַ נייער קירך.

פונקט ווי הוס, אַזוי האָט זיך אויך לוטער פאַררופן אויף פּאַולוסן, כדי צו ברענגען דעם באַווייז, אַז די פירשטן פאַלן נישט אַרונטער אונטער דער אַפּיט־רופּסות פון דער קירך, נאָר זיי זענען באַשטימט צו געוועלטיקן איבער גלחים און בישאָפן. אין זיין אויפרוף „צו דער קריסטלעכער אַריסטאָקראַטיע פון דייט־טשער נאַציע" האָט ער זיך מכוון געווען צו באַווייזן, אַז לויט די לערן פון די הייליקע שריפטן קאָן לחלוטין נישט עקזיסטירן קיין גלחים־קאַסטע, נאָר בלויז אַ גלחים־פונקציע, צו וועלכער ס'איז ראוי יעדער איינער, וועלכער האָט דערצו די נייטיקע פעאיקייטן און דעם צוטרוי פון זיין געמיינדע. איז אָבער פון דעם אַרויסגעדרונגען, אַז די קירך האָט נישט געהאַט קיין רעכט אָנצוהאַלטן וועלכע

*) קאַרל פאָגט, פּעטער כעלטשיצקי, „אַ נביא ביים בוים פון די תקופות". זייט 43.

ס'איז וועלטלעכע מאַכט און אויפצוטרעטן אין נאָמען פונעם שטאַט. לויט לוטערס באַנעם דאַרף זיך די גאַנצע מאַכט פאַרקערפּערן אינעם שטאַט, וועלכן גאָט אַליין האָט באַשטימט פאַרן צוועק אָפּצוהיטן די עפנטלעכע אָרדענונג. פאַקטיש שעפּט זיך אויס מיט דערדאָזיקער אויפפאַסונג דער גאַנצער פּאָליטישער באַדייט פונעם פּראָטעסטאַנטיזם.

דער פּראָטעסטאַנטיזם האָט באַפרייט דאָס געוויסן פון די מענטשן פון דער אַפּיטרופּסות פון דער קאַטויל'ישער קירך, אָבער נאָר בכדי עס צו פאַרשאַכערן צום שטאַט. מיט דעם, און נאָר מיט דעם, שעפּט זיך אויס מאַרטין לוטערס „פּראָ־טעסטאַנטישע מיסיע", וועלכער האָט זיך אָנגערופן „גאָטס קנעכט" און פונדעסט־וועגן קיינמאָל נישט געווען עפּעס אַנדערש ווי דער קנעכט פונעם שטאַט און פון זיינע קרעדיטאָרן. נאָר זיין אייגנגעבוירענע קנעכטישקייט האָט אים געגעבן כוחות צו פאַראַטן די אינטערעסן פון פאָלק לטובת די דייטשע פירשטן און צו־זאַמען מיט זיי אָוועקלייגן דעם פונדאַמענט פון אַ נייער קירך, וועלכע האָט זיך אין אַ שטילשווייגנדיקן הסכם איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן צום שטאַט, און דעם ווילן פון די פירשטן און איידללייט געלאָזט אויסרופן ווי גאָטס געבאָט. לוטער האָט צונויפגעפּאָרט די רעליגיע מיט דער פּאָליטיק פונעם שטאַט, ער האָט איינגעשלאָסן דעם לעבעדיקן גייסט אין דעם געפּענקעניש פונעם וואָרט און ער איז געוואָרן דער העראָלד פון דערדאָזיקער בוכשטאַב־חכמה, וועלכע האָט קריס־טוסעס אַנטפּלעקונג אויסגעטייטשט אינעם זין פונעם מלוכה־אינטערעס און די מענטשן געלאָזט מאַרשירן ווי געשטעמפּלטע קאַטאָרזשנע קנעכט צו די טויערן פון גן־עדן, בכדי דורך אַ צוגעזאָגט אייביק לעבן זיי פאַרגיטיקן פאַר דער קנעכט־שאַפט אויף דער דאָזיקער ערד.

דער מיטלאַלטערלעכער מענטש האָט נאָך נישט געהאַט געקאַנט דעם שטאַט אין אייגנטלעכן זין פון וואָרט. דער באַגריף וועגן אַ צענטראַלער מאַכט, וועלכע צווינגט אַריין יעדע געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעט אין באַשטימטע פאָרמען און וועלכע איז מדריך און בינדט־צו דעם מענטשן פון דער וויג צום קבר צום רייט־וואָגן פון אַ העכערער אויטאָריטעט, איז אים געווען פרעמד. אין זיין לעבן האָט דער מנהג און די נאַטירלעכע פאַרשטענדעניש מיט זיינסגלייכן געשפּילט די וויכטיק־סטע ראָל. זיין באַנעם וועגן רעכט האָט זיך סומך געווען אויף דער געוויינהייט, וועלכע איז אים איבערגעגעבן געוואָרן דורך די טראַדיציעס. זיין רעליגיעז געפיל האָט אָנערקענט די אומפּולקאָמענהייט פון אַלע מענטשלעכע געזעצן, וואָס צוליב דעם איז ער גיכער געווען נוטה אין אַלע ענינים זיך אַליין אַן עצה צו געבן און איינצואָרדענען די באַציאונגען צווישן זיך און זיינע מיטמענטשן אויף אַזאַ אופן ווי דאָס האָט אַנטשפּראָכן זיינע אויגנבליקליכע באַדערפענישן און די אַלטע מנהגים מכוח קעגנזייטיקן אָפּמאַך. און ווען דער אַנטשטייענדיקער שטאַט האָט אָנגעהויבן צו טרייסלען דידאָזיקע רעכטן, האָט דעמאָלט דער מענטש פאַרוואַנ־דלט זיין ענין אין גאָטס ענין און געקעמפט קעגן דעם אומרעכט, וועלכעס איז

קעגן אים באַגאַנגען געוואָרן. דאָס איז דער אמתער זין פון די גרויסע פאָלקס־באַוועגונגען אין דער תקופה פון דער רעפאָרמאַציע, וועלכע האָבן געוואָלט געבן אַ גיזעלשאַפטלעכן תוך דער „פרייהייט פון אַן עוואַנגעלישן קריסטנטום”, ווי לוטער האָט עס אָנגערופן.

ערשט ווען די באַוועגונג פונעם פאָלק איז פון די פירשטן און אַדעליקע דערטרונקען געוואָרן אין אַ ים פון בלוט, ביי וואָס „גאָטס טייערער מענטש”, לוטער, האָט געבענטשט די תלינים פון די אויפשטענדישע דייטשע פויערן, האָט דער זיגערישער פראָטעסטאַנטיזם אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געגעבן דער מלוכה און דער געזעצלעכער אָרדענונג די רעליגיעזע הייליקונג, וועלכע האָט געמוזט בלוטיק אויסגעקויפט ווערן מיט דער מאָוימדיקער אויסשלאַכטונג פון 130.000 מענטשן. אַזוי איז פאָרגעקומען „דער איבערבעט פון דער רעליגיע מיטן געזעץ”, ווי העגעל פלעגט עס שפּעטער ליב האָבן אָנצורופן. די נייע טעאָלאָגיע איז געגאַנגען צו די יוריסטן אין שול, דאָס טויטע אות פונעם געזעץ האָט דערשלאָגן דאָס געוויסן אָדער אויסגעפונען דעם ביליקן ערזאַץ דערפאַר. דער טראָן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מזבח, אויף וועלכן דער מענטש איז אויפגעבראַכט געוואָרן ווי אַ קרבן צו די נייע געזעצן. דאָס „פּאָזיטיווע רעכט” ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ מענטשלעכער אַנטפּלעקונג, דער שטאַט גופא ווערט גאָטס ממלא־מקום אויף דער ערד.

אויך אין די אַנדערע לענדער האָט דער פראָטעסטאַנטיזם געזוכט צו דער־גרייכן דיזעלביקע צילן. אומעטום האָט ער פאַרראַטן די באַוועגונג פונעם פאָלק און די רעפאָרמאַציע פאַרוואַנדלט אין אַן ענין פון די פירשטן און פון די פּרי־ווילעגירטע שיכטן פון דער געזעלשאַפט. די באַוועגונג, וועלכע וויקליף האָט אָנ־געהויבן אין ענגלאַנד און וועלכע האָט זיך אַריבערגעוואָרפן אין אַנדערע לענדער, ספּעציעל קיין בעמען, האָט קודם כל געהאַט אַ ריין־פּאָליטישן כאַראַקטער. וויק־ליף האָט באַקעמפט דעם פּויפּסט, ווייל ער האָט זיך געשטעלט אויף פראַנקרייכס זייט, ענגלאַנדס טויטפיינט, און פאַרלאַנגט פון דער ענגלישער רעגירונג, אַז דער קעניג זאָל זיך אויך אויף להבא אַנערקענען ווי אַ צינדזפליכטיקער צום „הייליקן שטול”, און אים צאָלן מס, ווי דזשאָן דער ערשטער האָט עס געטאָן צו אינאָסענץ דעם דריטן. אָבער יענע צייטן זענען שוין געהאַט אַריבער. נאָכדעם ווי פיליפּ דער שיינער פון פראַנקרייך האָט זיך קעגנגעשטעלט באָניפאַס דעם אַכטנס חרם און זיין נאָכפאָלגער געצוואונגען אויפצושטעלן זיין רעזידענץ אין אַוויניאָן, האָט די אומבאַשרענקטע הערשאַפט פונעם פּויפּסטום באַקומען אַזאַ קלאַפּ, פון וועלכן עס איז שוין מער נישט געקומען צו זיך. דעריבער האָט דער ענגלישער פּאַרלאַמענט זיך געמעגט רואיק וואָגן צוריקצושליידערן דעם פּויפּסטס פאָדערונג מיטן מאָטיוו, אַז קיין שום קעניג איז קיינמאָל נישט געווען באַרעכטיקט איבערצוגעבן דעם פּויפּסט די אָפּהענגיקייט פונעם לאַנד.

וויקליף האָט לכתחילה פאַרטיידיקט די פולשטענדיקע אומאָפּהענגיקייט פון

דער וועלטלעכער מאַכט פון דער קירך און ער איז איבערגעגאַנגען צו אַ קריטיק פון די קירכלעכע דאָגמען ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט זיך איבערגעצייגט, אַז ס'איז לחלוטין נישט מעגלעך צו לייזן די פראַגע אָן אַן אָפענעם איבעררייס מיטן פויפסטום. ווען ס'איז אָבער שפּעטער אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד פון די פויערן אין ענגלאַנד און וואַט טיילערס און דזשאָן בעלס אויפשטענדישע מחנות האָבן געשטעלט אין גרויס סכנה דעם קעניג און די רעגירונג, האָבן וויקליפס קעגנער אויס־גענוצט די געלעגנהייט, בכדי אַרויסצוברענגען קעגן אים אַן עפנטלעכע אָנקלאַגע. וויקליף האָט דערקלערט, אַז ער איז נישט מסכים מיטן אויספיר פון די בונטאַרישע פויערן, אָבער ער האָט עס געטאָן מיט אַזאַ מילדקייט און פאַרשטענדעניש פאַר די ליידן פון די אָרעמע, אַז עס ווירקט לטובת אים, ווען מ'פאַרגלייכט דאָס מיטן גרימצאָרן, מיט וועלכן לוטער האָט אָנגערייצט די דייטשע פירשטן און אַדעליקע אין זיין באַרימטער שריפט „קעגן די רויבערישע און מערדערישע פויערן" צו דער אומברחמונתדיקער אויסשלאַכטונג פון די פויערן.

ווען היינריך דער אַכטער האָט שפּעטער דורכגעפירט דעם איבעררייס מיט דער פויפסטלעכער קירך און קאָנפיסקירט איר פאַרמעג, האָט ער זיך אַליין דער־קלערט אַלס שעף פון דער נייער מלוכה־קירך, וועלכע איז אינגאַנצן געשטאַנען אונטער דער ממשלה פון דער וועלטלעכער מאַכט. דאָס, וואָס דערזעלביקער היינ־ריך האָט פריער אַליין אַרויסגעלאָזן אַ העפטיקן עפּיסטעל קעגן לוטערן, בכדי באַלד נאָכדעם צו פאַרטיידיקן די „נאַציאָנאַלע אינטערעסן" קעגן דעם פויפסטום, איז נאָר אַ באַווייז, אַז אויך אין ענגלאַנד האָבן די ערדישע נוצן געהאַט אַ שטאַר־קערע צוציאונגסקראַפט פאַר דער קרוין ווי „גאָטס ריינע וואָרט" פון דער נייער תורה.

אין בעמען, וואו די לאַגע איז, חוץ מזה, געווען שטאַרק געשפּאַנט, איז זי נאָך מער פאַרשאַרפט געוואָרן דורך די נאַציאָנאַלע חלוקי־דעות צווישן טשעכן און דייטשן, וואָס צוליב דעם האָט די רעפאָרמאַציע דווקא דאָרט געמוזט געפינען אַן אויסערגעוויינלעך־העפטיקן אויסדרוק. די אייגנטלעכע הוסיטישע באַוועגונג האָט זיך אין בעמען בולט אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט ערשט נאָך דעם ווי יאָהאַן הוס און היעראָנימוס פון פראַג זענען געשטאָרבן, פאַרברענטע אויפן שייטערהויפן. דאָס, וואָס הוס האָט פריער געפּרעדיקט, זענען בעצם געווען וויקליפס געדאַנקען, וועלכע דער טשעכישער רעפאָרמאַטאָר האָט פאַר זיינע לאַנדסלייט איבערגעזעצט אין דער אייגענער שפּראַך. פונקט ווי וויקליף, האָט זיך אויך הוס אַרויסגעשטעלט פאַר דער באַפרייאונג פון דער וועלטלעכער מאַכט פון יעדער פּאָליטישער אַפּיט־רופּסות מצד דער קירך. די קירך זאָל זיך אויסשליסלעך פאַרנעמען מיט דער רע־טונג פון דער מענטשלעכער נשמה און זיך אָפּהאַלטן פון יעדן הערשער־אַמט. פון די „ביידע וואַלפישן", ווי פּעטער כעלטשיצקי האָט אָנגערופן דעם שטאַט און די קירך, האָט הוס געוואָלט געבן אַלע ערדישע רעכטן נאָר דעם שטאַט. די קירך זאָל זיין אָרעם, פאַרציכטן אויף אַלעם ערדישן, און די גלחים זאָלן פונקט אַזוי

שטיין אונטער דער וועלטלעכער יוריסדיקציע ווי יעדער אַנדערער אונטערטאַן. דעריבער זאָל דער גלחים־אַמט זיין צוטריטלעך פאַר יעדן הדיוט, בתנאי אַז ער זאָל דורך זיינע מאָראַלישע אייגנשאַפטן זיין ראוי צו דעם. חוץ דעם האָט נאָך הוס פאַרדאַמט די מאָראַלישע דעגענעראַציע, וועלכע האָט זיך אַריינגעריסן אין קלער, און ער איז באַזונדערס שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דעם מסחר מיט מחילות, וועלכער איז אין יענער צייט אין בעמען אָנגעפירט געוואָרן מיט אַ באַזונדערער אומפאַרשעמטקייט. נעבן דידאָזיקע ריין־פּאָליטישע פאָדערונגען, וועלכע זענען די איינציקע, וואָס אינטערעסירן אונדז דאָ, און וועלכע, ווי מ׳קאָן זיך משער זיין, האָבן באַזונדערס ביים אַדל געפונען אַן אָפן אויער, האָט הוס אַוועקגעשטעלט נאָך אַ שורה ריין טעאָלאָגישע פאָדערונגען, וועלכע זענען געווען געריכטעט קעגן דעם מתוודה־זיין זיך אויפן קול, קעגן די בעטלער־מאָנאַכן, דער לערע וועגן דער פּורגאַטאָריע און אַנדערע. דאָס, וואָס האָט אים אָבער פאַרשאַפט צומייסט חשיבות ביי דער טשעכישער באַפעלקערונג, איז געווען די לערע, אַז דאָס געבן מעשר איז נישט קיין פליכט און קודם־כל זיין שטרענג־נאַציאָנאַליסטישע שטעלונג לגבי די דייטשן, וועלכע זענען דורך די טשעכן באַטראַכט געוואָרן ווי די רואינירער פון זייער לאַנד.

די קאַליקסטינער אָדער אוטראַקיסטן*) פון דער הוסיסטישער באַוועגונג, צו וועלכער עס האָבן באַזונדערס באַלאַנגט דער אַדל און דאָס פאַרמעגלעכע פּראָגער בירגערטום, וואָלטן זיך געווען גערן צופרידנגעשטעלט מיט דער פאַרווירקלעכונג פון יענע פאָדערונגען און אייניקע מאָגערע סאָציאַלע רעפאָרמען; איז זיי דאָך געגאַנגען ספּעציעל וועגן די פעטע פאַרמעגנס פון דער קירך און אויך וועגן רו און אָרדענונג אין לאַנד. אָבער די אייגנטלעכע פאָלקס־באַוועגונג, וועמעס אָנהענגער זענען על־פּי־רוב באַשטאַנען פון פּויערן און פון דער אָרעמער שטאָטישער באַפעלקערונג, האָט געשטויסן ווייטער און געפאָדערט גאָר באַזונדערס די באַפרייאונג פונעם יאָך פון לייבאייגנטום, וועלכעס האָט שווער געהויערט אין דאָרף. האָט דאָך שוין קאַרל דער פערטער געמוזט פאַרווערן די איידללייט אויסצושטעכן די אויגן אָדער אָפּצוהאַקן הענט און פיס ביי זייערע לייבאייגענע צוליב דעם מינדסטן חטא. די באַוועגונג פון די אַזויגערופענע טאַבאָריטן האָט קודם־כל אַרומגענומען אַלע דעמאָקראַטישע עלעמענטן פון פאָלק ביז צו די קאָמוניסטן אָדער כיליאַסטן און זי איז געווען באַהערשט פון אַ גליענדיקן קאַמפס־מוט**).

---

*) קאַליקסטינער, פון לאַטייניש קאַליקס, קעלך; אַוטראַקיסטן, פון לאַטייניש סוב אַוטראַקע ספּעסיע, ווייל זיי האָבן די וועטשערע גענעסן אויף צווייערליי אופנים און זיך געלאָזט דערלאַנגען פון גלח נישט נאָר דאָס ברויט, נייערט אויך דעם וויין; צוליב דעם איז טאַקע דאָס גלאָז (קאָליקס) געוואָרן דער סימן פון די הוסיטן. אַגב שטאַמט דערדאָזיקער מנהג נישט פון הוסן, נאָר פון יאַקאָב פאָן מיס, אויך אָנגערופן יאַקאָבעללוס.

**) באַטאָריטן, ווייל זיי האָבן אָנגערופן מיטן ביבלישן נאָמען טבור אַן אָרט, וועלכעס האָט זיך געפונען נאָענט פון פּראָג און איז געלעגן אויף אַ בערגל. ביז צום אונטערגאַנג פון די טאַבאָריטן איז טבור געבליבן דער גייסטיקער צענטער פון דער באַוועגונג און זיינע איינוואוינער האָבן געלעבט אין אַזאַ מין שותפותדיקייט, וועלכן מ׳וואָלט געקאָנט אָנרופן קריגס־קאָמוניזם.

ס'איז געווען אומפאַרמיידלעך, אַז ס'זאָל צווישן דידאַזיקעביידע הויפּטריכ־טונגען פונעם הוסיזם פריער אָדער שפּעטער קומען צו אַ געוואַלטזאַמער מחלוקה, וועלכע איז אָפּגעצויגן געוואָרן בלויז דורך די אַלגעמיינע פּאָליטישע געשעענישן. מחמת ווען דער דייטשער קייזער זיגיסמונד איז, נאָכן פּלוצימדיקן טויט פון זיין ברודער ווענצל, געוואָרן זיין נאָכפאָלגער ווי דער טרעגער פון דער בעמישער קרוין, איז דאָס גאַנצע לאַנד אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַ געוואַלטיקער אויפרעגונג, ווייל דורכן קייזערס מיאוסן ברעכן זיין וואָרט, האָט הוס געמוזט אַרויף אויפן שייטער־הויפן; פון זינט דעמאָלט אָן איז זיגיסמונד אין בעמערלאַנד באַטראַכט געוואָרן ווי אַ געשוואוירענער שונא פון אַלע רעפאַרמיסטישע שטרעבונגען. באַלד נאָך זיין אַרויפשטייגן אויפן טראָן, אין מערץ 1420, האָט דער פּויפּסט מאַרטין דער פינפ־טער אין אַ ספּעציעלער בולע אויפגעפאָדערט די גאַנצע קריסטלעכע וועלט צו אַ קרייצצוג קעגן דער בעמישער כפירה, און אַן אַרמיי פון 150.000 מאַן פון אַלע טיילן פון אייראָפּע האָט זיך געכומען רירן קעגן די הוסיטן. האָט זיך איצט דער אויפשטאַנד אין לאַנד צעפלאַקערט אין אַ פאַרלענדנדיקן פלאַם. קאַליקסטינער און טאַבאָריטן, איצט אוממיטלבאַר באַדראָט פון דרעזעלביקער געפאַר, האָבן דערווייל אויפגעגעבן זייערע אינערלעכע מחלוקות און זיך שנעל פאַראייניקט פאַרן געמיינזאַ־מען פאַרטיידיקונגס־קאַמף. אונטער דער אָנפירונג פונעם גרייזן זשיזשקאַ, אַ דער־פאַרענעם קריגסמאַן, האָט די ערשטע אַרמיי פון די קרייצטרעגער געליטן אַ בלוטי־קע מפּלה. אָבער דער קאַמף האָט זיך דערמיט נאָך נישט געענדיקט, ווייל קייזער און פּויפּסט האָבן ווייטער אָנגעפירט זייערע אַטאַקעס קעגן דער בעמישער כפירה; אַזוי האָט זיך אַנטוויקלט איינע פון די בלוטיקסטע מילחמות, וועלכע איז פון ביידע צדדים געפירט געוואָרן מיט פּחדימדיקער אַכזריות. נאָכדעם ווי די הוסיטן האָבן געהאַט פאַרטריבן דעם שונא פונעם אייגענעם לאַנד, האָבן זיי דעם קריג אַריבער־געטראָגן אין די שכנישע לענדער, האָבן חרוב געמאַכט שטעט און דערפער און זיי זענען צוליב זייער אומאָפּהאַלטבאַרער מוטיקייט געוואָרן דער פּחד פון זייערע שונאים.

צוועלף יאָר האָט געדויערט דידאַזיקע שרעקלעכע הריגה, ביז די הוסיטן האָבן אין דער שלאַכט ביים טאַוס פאַרטריבן די לעצטע אַרמיי פון די צלם־טרעגער. דער פּועל־יוצא פון די פאָרגעקומענע פריד'נספאַרהאַנדלונגען, וועלכע האָבן זיך געענדיקט אויפן קאָנציל אין באַזעל, איז געווען דער „פּראַגער קאָמפּאַקטאַט", וועלכער האָט געמאַכט די הוסיטן גרויסע הנחות אין ענינים, וואָס זענען נוגע אמונה, אָבער קודם־כל דאָס אָפּזאָגן זיך פון דער קירך פון אירע פאַרמעגנס, וועלכע דער טשעכישער אָדל האָט זיך פאַראייגנט. דערמיט איז געמאַכט געוואָרן אַ סוף צו דער מלחמה מיטן דרויסנדיקן שונא, אָבער בלויז בכדי אָפּצוטרעטן דאָס פּלאַץ פאַרן בירגער־קריג אין לאַנד גופא. בעת די קורצע הפסקות, וועלכע זענען צייטווייליק געווען במשך פון קריג קעגן פּויפּסט און קייזער, האָבן זיך די חלוקי־דעות צווישן קאַליקס־טינער און טאַבאָריטן יעדעס מאָל אַרויסגערוקט פונדאָסניי און כסדר דערפירט

צו בלוטיקע קאָנפליקטן, דורך וועלכע די רעכטן פונעם אַדל פלעגן דורך זיינע זיגערישע קעגנער שטאַרק באַשרענקט ווערן. דעריבער האָבן די קאַליקסטינער כסדר פונדאַסניי אָנגעקניפּט באַציאונגען מיטן פּויפּסט און מיטן קייזער; האָט שוין לאָגי־שערווייז געמוזט פּאַסירן אַזוי, אַז נאָכן פרידנסאָפּמאַך, אין וועמעס דורכפירונג זיי האָבן זיך צומייסט באַטייליקט, זאָלן זיי אין זייער קאַמף קעגן די טאַבאָריטן גע־שטיצט ווערן מיט אַלע כוחות פון זייערע נעכטיקע שונאים. אין מאַי 1434 איז צווישן ביידע לאַגערן דערגאַנגען צו אַ מערדערישער שלאַכט ביי ליפּאַן, אין וועל־כער דרייצן טויזנט טאַבאָריטן זענען געטויט געוואָרן און זייער אַרמיי איז כמעט אינגאַנצן צעשטערט געוואָרן.

דערמיט איז אויך די באַוועגונג פונעם פאָלק ענדגילטיק צעשלאָגן געוואָרן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שווערע צייט פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג פון דאָרף און פון שטאָט. שוין דעמאָלט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ רעוואָלוציאָנערע פאָלקסבאַוועגונג, ווען זי ווערט דורך פרעמדער אָדער אייגענער שולד פאַרוויקלט אין אַ לאַנגן קריג, מוז דורך די פאַרהעלטענישן גופא דערגיין דערצו אויפצוגעבן אירע התחלהדיקע שטרעבונגען, ווייל די מיליטערישע פאָדערונגען פאַרשלינגען פאַר זיך אַלע געזעלשאַפטלעכע כוחות און דערמיט מאַכן זיי צונישט יעדע שעפערישע טעטיקייט פאַר דער אַנטוויקלונג פון נייע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען. נישט בלויז דאָס, וואָס דער קריג אין אַלגעמיין ווירקט פאַרוויסטנדיק אויף דער נאַטור פונעם מענטשן דערמיט, וואָס ער אַפּעלירט כסדר צו זיינע ברוטאַלסטע און גרויזאַמסטע אינסטינקטן, נאָר אויך די מיליטערישע דיסציפּלין, וואָס ער פאַרלאַנגט, דערשטיקט יעדעס פרייהייטלעכע געפיל אין פאָלק און האָדעוועט־אויס סיסטעמאַטיש יענע מענ־טאַליטעט פון בלינדער געהאָרכיקייט, וועלכע איז תמיד געווען דער שורש פון יעדער רעאַקציע.

דאָס איז אויך אויסגעפאַלן אויף דער דערפאַרונג פון די טאַבאָריטן. אויב זייערע קעגנער, די פּראָפעסאָרן פון דער פּראַגער אוניווערסיטעט, האָבן זיי געמאַכט דעם פאָרוואורף, אַז זיי שטרעבן צו אַ צושטאַנד, „אין וועלכן ס'זאָל נישט זיין אויף דער ערד נישט קיין קעניג אָדער הערשער און נישט קיין אונטערטאַן, וואו ס'זאָלן אויפהערן אַלע אָפּצאָלונגען און שטייערן, קיינער זאָל קיינעם צו גאָרנישט נישט צווינגען און אַלע זאָלן לעבן ווי גלייכע ברידער און שוועסטער", האָט זיך באַלד געזאָלט אַרויסווייזן, אַז די מלחמה האָט זיי אַלץ ווייטער אָפּגעשטויסן פון אָט־דעם ציל. נישט נאָר דאָס, וואָס זייערע מיליטערישע פירער האָבן מיט אַ בלוטיקער געוואַלט אונטערדריקט אַלע פרייערע שטרעמונגען אין דער באַוועגונג, נאָר אויך דער נאַציאָנאַליסטישער גייסט, וועלכער האָט זיי אַרומגעכאַפּט און זיך אין יענע פּחדימדיקע טעג געשטייגערט ביז צום עקסטרעם, האָט זיי אויך וואָס ווייטער אַלץ מער געמוזט אָפּפרעמדן פון אַלע רייך־מענטשלעכע באַטראַכטונגען, וואָס אָן זיי קאָן אַ באמת רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג לגמרי נישט געדייען. קוים האָט מען זיך צו־געוויינט צום געדאַנק צו קענען לייזן אַלע פּראָבלעמען פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן

מיט אַ באַוואָפנטער האַנט, מוז מען לאָגישערווייז דערגיין צום דעספּאָטיזם, ווען אַפילו מ׳גיט אים אַן אַנדערן נאָמען און מ׳באַהאַלט זיין אמתן כאַראַקטער הינטער עפּעס אַן אָפּנאַרערישער אויפשריפט. צו דעם איז מען טאַקע דערגאַנגען אין טאַבאָר. דער יאָך פון אומפרייהייט האָט אַלץ שווערער געהויערט אויף זיינע בירגער און צעשטויבט דעם גייסט, וועלכער האָט זיי אַמאָל באַזעלט. אַזוי שילדערט טאַקע פּעטער כעלטשיצקי, טאָלסטאָיס אַ פריער פאָרגייער און איינער פון די ווייניק אינער־לעך־פרייע מענטשן פון יענער עפּאָכע, וועלכער האָט אָפּגעוואָרפן סיי די קירך און סיי דעם שטאַט, דעם שרעקלעכן צושטאַנד, אין וועלכן דער אומענדלעכער קריג האָט אַריינגעוואָרפן דאָס לאַנד, מיט אָט־די רירנדיקע ווערטער:

„...באַזעצט איינער ערגעצוואו אַ הייל מיט גנבים און פירט דורך גע־וואַלט־מעשים, רויב און מאָרד און איז דערביי תמיד גאָטס דינער און טראָגט נישט אומזיסט די שווערט. און זיכער איז עס אמת, אַז ער טראָגט זי נישט אומזיסט, נייערט גיכער פאַר אַלערליי אומגערעכטיקייטן, געוואַלט־מעשים, רויבעריי און באַדריקונג פון דער פאַרשקלאַפטער אָרעמקייט. און דורך דעם האָבן דידאָזיקע אַלערלייאיקע פּריצים דאָס פאָלק פונאַנדערגעטיילט און אויפ־געהעצט איין צד קעגן אַנדערן און יעדער טרייבט זיינע מענטשן סטאַדעסווייז אין קאַמף קעגן אַנדערע. אַזוי זענען שוין דורך דידאָזיקע פילערלייאיקע שררות אַלע פויערן אַריינגעפירט געוואָרן אין מאָרד, אַזוי אַז אַרומגייענדיק באַוואָ־פנטע, זענען זיי תמיד גרייט צום קאַמף. אַזוי ווערט יעדער מין ברודערליבע דורכגעדרונגען מיט בלוטגיריקייט, כדי דורך אַזאַ שפּאַנונג זאָל לייכט אַנט־שטיין אַ קאַמף און עס זאָלן דורכגעפירט ווערן אַנדערע מאָרד־מעשים"*).

אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן כאַראַקטער האָט געהאַט די רעפאָרמאַציע אין שוועדן, וואו דער פּראָטעסטאַנטיזם איז פּשוט און פּראָסט אַרויפגעצוואונגען געוואָרן אויפן פאָלק פון אויבן אַראָפּ דורך דער יונגער דינאַסטיע, וועלכע גוסטאַוו וואַסאַ האָט געגרינדעט, און געטאָן געוואָרן איז דאָס אויפן סמך פון ריין־פּאָליטישע אויסרעכע־נונגען. ווייל ס׳איז לגמרי נישט געווען דער הייליקער אייפער פון דער נייער גלייבי־לעכער לערע, וועלכע האָט באַוואויגן גוסטאַוו דעם ערשטן דורכצופירן דעם איבער־רייס מיט רוים; דאָס זענען גיכער געווען זייער ניכטערנע מאַכטפּאָליטישע מאָטיוון, צוזאַמענגעפּאָרט מיט זייער שטאַרק באַשיימפערלעכע עקאָנאָמישע פּערספּעק־טיוון, וועלכע האָבן אים באַוואויגן צו זיינע האַנדלונגען. דורך אייניקע גראָבע פּע־לערן פון דער פריפסטלעכער רעגירונג זענען זיינע פּלענער היפּש פאַרלייכטערט געוואָרן.

באַלד נאָכדעם ווי ער האָט איבערגענומען די רעגירונג, האָט זיך דער קעניג געווענדט צום פּויפּסט מיט אַ זייער אונטערטעניקן בריוו און אים געבעטן צו באַ־שטימען פאַר שוועדן נייע בישאָפן, וועלכע זאָלן זיך „באַמיען פאַר די רעכט פון דער קירך, און נישט אָנטאָן קיין שאָדן דער קרוין". באַזונדערס האָט גוסטאַוו גע־בעטן, אַז דער פּויפּסט זאָל באַשטעטיקן אַלס ערצבישאָף פון אופּסאַלאַ דעם פון דער

*) פּעטער כעלטשיצקי, „דאָס נעץ דעם גלאַובענס", ז. 45, איבערזעצט פונעם אַלט־טשעכישן דורך דר. קאַרל פאָגט, דאַכאַו, ביי מינכען, 1925.

קרוין באַשטימטן פּרימאַט יאָהענים מאַגני, וועמעס פאָרגייער, גוסטאַוואוס טראָללע, איז דורכן רייכסטאַג געשטעמפּלט געוואָרן ווי אַ פאַררעטער פון לאַנד, ווייל ער האָט גערופן אין לאַנד אַריין דעם דענישן קעניג קריסטיאַן דעם צווייטן, כדי אַראָפּצוואַרפן פון טראָן דעם רעגענט סטען סטירע. גוסטאַוו האָט צוגעזאָגט דעם פּויפּסט „זיך אויפצופירן ווי אַ געטרייער זון פון דער קירך” און ער האָט געמיינט, אַז ער מעג גלייבן, אַז דער וואַטיקאַן וועט נאָכגעבן זיין פאַרלאַנג. דער פּויפּסט אָבער, וועלכער איז שלעכט געעצהט געוואָרן פון זיינע פאַרטרויאונגסמענטשן, האָט גערעכנט, אַז גוסטאַווס רעגירונג וועט נישט לאַנג אָנהאַלטן, און ער האָט געפאָדערט מיט נישט נאָכגעביקער שטרענגקייט צוריק צו באַזעצן גוסטאַוואוס טראָללעס אויף זיין אַמט. מיט דעם זענען געשליידערט געוואָרן די ביינדלעך. דער קעניג האָט נישט געקאָנט איינגיין אויף דער פאָדערונג, ווען אַפילו עס וואָלט געהאַט געווען זיין כוונה צו פאַרהיטן פון אַן אָפענעם איבעררייס מיט רוים. דער גרויסער רוב פון שוועדישן פאָלק איז אַפילו געווען גוט קאַטויליש און פון לוטערן לחלוטין נישט געוואָלט הערן, אָבער אַ נייע הערשאַפט פון די דענער וואָלטן די פרייע שוועדישע פּויערן נאָך ווייניקער טאָלערירט. די בלוטיקע טיראַניי פונעם כיטרען דעספּאָט קריסטיאַן דער צווייטער האָט זיי געגעבן גענוג סיבות פאַר דעם. אַזוי אַרום האָט זיך דער קעניג געקאָנט וואַגן דורכצופירן דעם איבעררייס מיטן פּאַפּיזם, וועלכן ער האָט בשתיקה זיכער געוואָלט. אָבער הגם שוועדן האָט זיך אָפּגעריסן פונעם הייליקן שטול, זענען די תפילות געבליבן דיזעלביקע, ווען אַפילו דער קעניג האָט פון איצט אָן באַגינציקט די פּרעדיקער פונעם פּראָטעסטאַנטיזם.

אָבער דאָס, וואָס האָט גוסטאַוון צומייסט אינטערעסירט, איז געווען אונטער עפּעס אַ תירוץ איבערצונעמען דאָס פאַרמעג פון דער קירך, וועלכע איז אין שוועדן געווען זייער רייך, פאַר דער קרוין. נאָך אייניקע פאָרזיכטיקע פּרוּוון אין אָט־דער ריכטונג, וועלכע האָבן באַוואויגן זיינע אייגענע בישאָפן צום ווידערשטאַנד, האָט ער לסוף געלאָזט אַראָפּפאַלן די מאַסקע פון אומפּאַרטייאישקייט און זיך דערקלערט ווי אַן אָפענער שונא פון דער רוימישער קירך, בכדי צו קענען דורכפירן זיינע פּאָליטישע פּלענער. אַזוי האָט ער אין יאָר 1526 אונטערגעדריקט אַלע קאַטוילישע דרוקערייען אין לאַנד און אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף צוויי דריטל פון דער קירכס הכנסה, בכדי דערמיט צו דעקן די חובות פון דער מלוכה. ס'איז זיכער, אַז אַליין, געשטיצט אויף זיין אייגענער מאַכט, וואָלט ער אַזאַ שריט נישט געווען געמאַכט; ער איז געווען געצוואונגען אַ היפּשן טייל פונעם קירכלעכן פאַרמעג איבערצוגעבן דעם אַדל, בכדי זיך איינצוקויפן זייער פריינטשאַפט, ווייל די פּויערן האָבן זיך באַצויגן מיט אַן אויסגעשפּראָכענער שנאה צו דער אַזויגערופענער „קירכלעכער רעפאָרם” און ספּעציעל האָבן זיי פאַרדאַמט דעם רויב פונעם קירכלעכן אייגנטום.

דידאָזיקע קעגנערישע שטעלונג פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג האָט די יונגע דינאַסטיע כסדר געשטעלט אין אַ געפערלעכער לאַגע. די שוועדישע פּויערן, וועלכע האָבן אין מיטלאַלטער קיינמאָל נישט געוואוסט פון קיין לייבאייגנשאַפט,

האָבן געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אין לאַנד. זיי זענען עס געווען, וועלכע האָבן אויסגעקליבן גוסטאַוו וואַסאַ אַלס קעניג, כדי אָפּצוציען דאָס וואַסער פון די געהיימע דענישע מאַכינאַציעס. איצט אָבער, ווען דער קעניג האָט זיך באַמיט אַרויפצוצווינגען אויפן לאַנד אַ נייע אמונה און דערצו נאָך באַלייגט די פויערן מיט שווערע שטייערן, איז עס אָפּט דערגאַנגען צו שווערע חלוקי־דעות צווישן דער קרוין און דער דאָרפישער באַפעלקערונג. פון 1526 ביז 1543 האָט גוסטאַוו געהאַט צו באַקעמפן נישט ווייניקער ווי זעקס אויפשטאַנדן פון די פויערן; זיי האָבן טאַקע נישט געהאַט קיין דערפאָלג, אָבער על־כל־פּנים פּועל געווען, אַז דער קעניג זאָל מוזן אַביסל איינהאַלטן זיינע וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער אַרויסטרעטנדיקע אַבסאָלוטיסטישע מאַכט־גלוסטעניש.

גוסטאַוו וואַסאַ האָט געוואוסט זייער גוט, אַז זיין דינאַסטיע איז צוזאַמענגעוואַקסן מיטן פּראָטעסטאַנטיזם אויף לעבן און טויט. דורכן רויב פונעם קירכלעכן פאַרמעג און דער עפנטלעכער דורכפירונג פון טויטאורטייל איבער צוויי קאַטוילישע בישאָפן אין סטאָקהאָלם האָט ער אויפגעריסן אַלע בריקן הינטער זיך און שוין געמוזט גיין ווייטער אויפן זעלביקן וועג, אויף וועלכן ער האָט זיך פאַרנומען. צוליב אַט־דעם מאָטיוו האָט ער אין זיין צוואה שטאַרק צוגערעדט זיין נאָכפאָלגער צו בלייבן געטריי צו דער נייער אמונה, ווייל נאָר אַזוי אַרום קאָן די דינאַסטיע דערהאַלטן ווערן ביים לעבן.

ווי ווייניק דאָס פאָלק האָט געהאַלטן פון לוטערס שיטה איז אַרויסצוזען פון דעם, וואָס די פויערן האָבן כסדר געדראָט צו מאַרשירן אויף סטאָקהאָלם, בכדי אויסצוגלייכן מיט דער ערד דעמדאָזיקן „גייסטיקן סדום", ווי זיי האָבן אָנגערופן די הויפּטשטאָט צוליב אירע פּראָטעסטאַנטישע כוונות. צווישן דעם קעניג און די גייסטלעכע דיגנאַטאָרן איז עס אויך שפּעטער דערגאַנגען צו שאַרפע סצענעס מכוח ווייטערדיקע קאָנפיסקאַציעס פון די קירכלעכע הכנסות, ביז גוסטאַוו האָט ביסלעכוויז אָפּגעשאַפט אַלע רעכטן פון דער קירכלעכער פאַרוואַלטונג און זי געגנצלעך איבערגעגעבן צו דער מלוכה. אָבער דווקא דער ווידערשטאַנד, אויף וועלכן גוסטאַוו וואַסאַ האָט זיך אָנגעשלאָגן מיט זיינע פלענער צווישן פאָלק גופא, האָט אים און זיינע נאָכפאָלגער געצוואונגען זיך אָנצולענען אַלץ פעסטער אויפן אַדל. אָבער די אַדעליקע האָבן נישט אומזיסט געגעבן דער קרוין זייער שטיצע, און אַזוי האָט דאָס קעניגטום אַלץ טיפער אַראָפּגעשטופּט די פויערן אין קנעכטשאַפט פונעם אַדל, כדי אים צופרידנצושטעלן.

דער פּראָטעסטאַנטיזם איז, בכן, אין שוועדן לכתחילה געווען אַ ריין־דינאַסטישער ענין, וועלכער איז פלאַנמעסיק אַרויפגעצוואונגען געוואָרן אויפן פאָלק. די מיינונג, אַז גוסטאַוו וואַסאַ האָט זיך באַקערט צום פּראָטעסטאַנטיזם צוליב איבערצייגונג, איז פונקט אַזאַ באַיקע ווי די באַהויפּטונג, אַז זיין שפּעטערדיקער נאָכקומער גוסטאַוו אַדאָלף האָט מיט אַ שווערן האַרץ און קעגן זיין ווילן אינוואַדירט דייטשלאַנד, בכדי צו העלפן זיינע גערודפטע גלויבנס־חברים. פאַר אַזאַ צוועק

וואָלט דער „שנייקעניג”, ווי זיינע שונאים האָבן אים אָנגערופן, און נאָך מער זיין קלוגער קאַנצלער, אָקסענסטיערנאַ, נישט געוועזן אויסגעגעבן אַפילו קיין גראָשן. וואָס זיי האָבן געזוכט איז געווען די אומבאַשרענקטע הערשאַפט איבערן באַלטיק און פאַר דעם צוועק האָט פאַר זיי וועלכער־נישט־איז פּרומער שקר געקאָנט זיין שטאַרק אָנגעלייגט.

אומעטום, וואו דער פּראָטעסטאַנטיזם איז דערגאַנגען צו האָבן אַ וואָסער נישט איז איינפלוס, האָט ער זיך אַרויסגעשטעלט ווי אַ געטרייער משרת פונעם אויפקומענדיקן אַבסאָלוטיזם און צוגעלאָזט פאַרן שטאַט אַלע רעכטן, וועלכע ער האָט נישט געוואָלט דערלאָזן פאַר דער רוימישער קירך. דער קאַלוויניזם, וועלכער האָט אין פראַנקרייך, האָלאַנד און ענגלאַנד באַקעמפט דעם אַבסאָלוטיזם, איז אין דעם פּרט נישט געווען קיין יוצא מן הכלל, מחמת ער איז אין זיין סאַמע תוך געווען נאָך אומפרייער ווי אַלע אַנדערע שיטות פונעם פּראָטעסטאַנטיזם. אויב ער האָט אין יענע לענדער ווידערגעשפעניקט דעם אַבסאָלוטיזם, איז עס געווען צוליב סיבות, וועמעס דערקלערונג מ׳קאָן געפינען אין די דאָרטיקע ספּעציעלע געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן. אין זיין שורש אָבער איז ער געווען דעספּאָטיש ביז צו אומדער־טרעגלעכקייט דערפאַר, ווייל ער האָט זיך אַריינגעמישט טיפער אינעם לעבן און גורל פונעם יחיד ווי די רוימישע קירך האָט עס אַמאָל געפּרואווט טאָן. קיין שום אַנדערע לערע האָט נישט געהאַט אַזאַ טיף־ווירקנדיקע און דויערנדיקע השפּעה אויפן לעבן פונעם יחיד; איז דאָך די „אינערלעכע וואַנדלונג” געווען איינער פון קאַל־ווינס וויכטיקסטע אמונה־עיקרים און ער האָט זיך אַזוי לאַנג געוואַנדלט, ביז ס׳איז מער גאָר נישט געבליבן פון דער מענטשלעכקייט.

קאַלווין איז געווען איינער פון די פּחדימדיקסטע פּערזענלעכקייטן אין דער געשיכטע, אַ פּראָטעסטאַנטישער טאָרקוועמאַדע און ענגהאַרציקער קנאי, וועלכער האָט געוואָלט מיט ענויים קשים מאַכן ראוי די מענטשן פאַרן מלכות שמים. כיטרע און פאַלש, אָן יעדן טיפערן געפיל, האָט ער, ווי אַן אמתער אינקוויזיטאָר, געפירט די משפּטים קעגן זיינע מיטמענטשן פאַר די כלומרשטע חטאים און ער האָט אין גענף איינגעפירט אַן אמתע הערשאַפט פון טעראָר. קיין שום פויפסט האָט נישט געהאַט מער מאַכט פון אים. די תקנות פון זיין קירך האָבן רעגולירט דאָס לעבן פונעם בירגער פון דער וויג ביז צום קבר און אויף שריט און טריט זיי געלאָזט פילן, אַז זיי זענען באַלאַסטעט מיט דער קללה פון דער ערשטער זינד, וועלכע האָט אינעם טריבן ליכט פון קאַלווינס פּרעדעסטינאַציע־לערע באַקומען אַ באַזונ־דערס עצבותדיקן כאַראַקטער. יעדע ריינע לעבנספרייד איז געווען פאַרווערט. דאָס גאַנצע לאַנד דאַרף זיין גלייך צו אַ קעמערל פון אַ בעל־תשובה, אין וועלכן עס מעגן האָבן פּלאַץ נאָר דאָס אינערלעכע שולד־באַוואוסטזיין און די הכנעה. אַפילו אויף חתונות האָט מען נישט דערלויבט נישט קיין טאַנץ און נישט קיין מוזיק. ביי די עפנטלעכע פאָרשטעלונגען האָט מען געמעגט אויפפירן נאָר פּיעסן מיט אַ רעליגיעזן אינהאַלט. אַן אומדערטרעגלעכע צענזור האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז ס׳זאָלן נישט

געדרוקט ווערן קיין וועלטלעכע שריפטן, באַזונדערס קיין ראָמאַנען. אַן אַרמיי שפּיאָנען האָט באַפּעלקערט דאָס קליינע לאַנד און האָט נישט רעספּעקטירט נישט דאָס רעכט פון דער היים און נישט פון דער פאַמיליע. אַפילו די ווענט האָבן גע־האַט אויערן, ווייל יעדער מאמין איז צוגערעדט געוואָרן צו מסירה און איז געווען פאַרפליכטעט צו זיין אַ פאַררעטער. אויך אין אַט־דעם פּרט פירט פּאָליטישע אָדער רעליגיעזע „רעכטגלויביקייט" תמיד צו דיזעלביקע רעזולטאַטן.

קאַלווינס שטראָף־תקנות זענען געווען איין גרויסע פּחדימדיקייט. די מינדסטע ספיקות אין די דאָגמען פון דער נייער קירך איז באַשטראָפט געוואָרן מיט טויט, אויב זי איז אָנגעקומען צו די אויערן פון די גזעצהיטער. צומאָלס איז גענוג געווען אַ בלויזער חשד, כדי אַרויסצוגעבן אַ טויטאורטייל, בפרט ווען דער באַשולדיקטער איז צוליב אַזאַ אָדער אַנדערע סיבה אַריינגעפאַלן אין אומחן אין די געוועלטיקערס אויגן. אַ גרויסע צאָל חטאים, וועלכע מ׳פלעגט פריער אָפּקומען מיט אַ לייכטער געפענקעניש־שטראָף, איז אונטער דער הערשאַפט פונעם קאַלוויניזם באַשטראָפט געוואָרן דורכן תליון. שייטערהויפנס, תליות, „קונעס" זענען תמיד געווען טעטיק אין „פּראָטעסטאַנטישן רוים", ווי גענף איז אָפט אָנגערופן געוואָרן. די כראָניקן פון יענער צייט גיבן־איבער וועגן גרוילעכע מאוימדיקייטן, און צווישן זיי וועגן דעם אויספירן אַ טויטאורטייל איבער אַ קינד, וועלכעס האָט געשלאָגן זיין מוטער, און וועגן פאַל פונעם גענפער תליון זשאַן גראַניאַט, וועלכער איז געצוואונ־גען געוואָרן אָפּצוהאַקן זיין אייגענער מוטער פריער די רעכטע האַנט און נאָכדעם זי לעבעדיקערהייט צו פאַרברענען, ווייל זי האָט כלומרשט פאַרשפּרייט די פּעסט אין לאַנד. צומבאַקאַנטסטן איז די אומברענגונג פונעם שפּאַנישן דאָקטאָר מיגעל סערוועט, וועלכער איז אין יאָר 1553 ביי אַ שוואַכן פייער פאַמעלעך פאַרבראָטן געוואָרן צום טויט, ווייל ער האָט געצווייפלט אין קאַלווינס דאָגמע וועגן דער דרייאייניקייט און דער לערע וועגן פּרעדעסטינאַציע. דער פּחדנותדיקער און אָפּ־נאַררישער אופן, מיט וועלכן קאַלווין האָט דורכגעפירט די אומברענגונג פונעם אומגליקלעכן געלערנטן, וואַרפט אַ גרויזיק ליכט אויפן כאַראַקטער פינעם מוראדיקן מאַן, וועמעס אַכזריותדיקער פאַנאַטיזם האָט טאַקע דערפאַר געווירקט אַזוי אָפּ־שרעקנדיק, ווייל ער איז געווען אַזוי פּחדימדיק־ניכטערן און אויסגעליידיקט פון יעדן הומאַניטאַרן געפיל*).

אָבער אַזוי ווי די מענטשלעכע נאַטור האָט זיך, נישט געקוקט אויף אַלץ, נישט געלאָזט פאַרלענדן, האָט זי אויף ווייטער געזשאַרעט בסוד ווי אַ פאַרהוילענע גלוט און אַרויסגעבראָכט לגבי דרויסן יענע נעבעכדיקע צביעותדיקע הייליקייט און דידאָזיקע דערווידערלעכע חניפה, וועלכע זענען פאַרן פּראָטעסטאַנטיזם בכלל און

*) דער גענפער היסטאָריקער י. ב. גאַליפער האָט אין זיינע צוויי שריפטן „קעלקע פאַזש ד׳יסטואַר עקזאַקט" און „נוועל פאַזש" צונויפגעשטעלט אַ גרויסן סכום מאַטע־ריאַל פון אַלטע כראָניקעס, באַריכטן פון פּראָצעסן א. ד. גל., וועלכעס ווייזט אַן אָפּשרע־קנדיק בילד פון די דעמאָלדיקע צושטאַנדן אין גענף.

פאַר קאַלווינס פּוריטאַניזם אַזוי כאַראַקטעריסטיש. די היסטאָרישע פאָרשונג האָט טאַקע אויך פעסטגעשטעלט, אַז אונטער דער ממשלה פונעם קאַלוויניזם האָבן די מאָראַלישע דעגענעראַציע און פּאָליטישע קאָרופּציע צומשטאַרקסטן זיך צעבליט און באַקומען אַזאַ פאַרנעם ווי קיינמאָל נישט פריער.

מ׳האָט אָפט צוגעשטעלט ווי א פאַרדינסט אויף קאַלווינס חשבון, אַז אין דער פּאָליטישער פאַרוואַלטונג האָט ער אַריינגעפירט דעמאָקראַטישע פּרינציפּן; מ׳פאַרגעסט בלויז דערביי, אַז גענף איז נישט געווען קיין מאָנאַרכיסטישער גרויסער שטאַט, נאָר אַ קליינע רעפּובליק און דער רעפאָרמאַטאָר האָט שוין דעריבער געמוזט האַלטן זיך ביי געוויסע דעמאָקראַטישע טראַדיציעס. אָבער פריער פאַר אַלץ דאַרף מען נישט פאַרזען, אַז אין אַזאַ פאַנאַטישער צייט, ווען די מענטשן האָבן געהאַט פאַרלוירן יעדעס אינערלעכע גלייכגעוויכט און ס׳איז ביי זיי אַוועקגעקומען די פעאיקייט צו האַנדלען מיט ישוב־הדעת, האָט דווקא די פאָרמעלע דעמאָקראַטיע געדאַרפט דינען קאַלווינען צו באַפעסטיקן זיין מאַכט, מחמת ער האָט זי געקאָנט אַרויסשטעלן ווי דעם פאָלקס ווילן. אינדעראמתן איז דער דעמאָקראַטישער בליאַסק אין קאַלווינס פּאָליטיק נישט געווען עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַן אָפּנאַרערישער פּאָדערפּראָגט, וועלכער קאָן אָבער נישט אָפּנאַרן וועגן דעם טעאָקראַטישן כאַראַקטער פון זיין שטאַטסוועזן.

דער פּראָטעסטאַנטיזם איז בכן בשום אופן נישט געווען די פאָן פון גייסטיקער אומאָפּהענגיקייט אָדער די „רעליגיע פון דער געוויסנספרייהייט", ווי ער איז אָפט גערופן געוואָרן. ער איז אין אמונה־ענינים געווען פּונקט אַזוי אומטאָלעראַנט און אַזוי נוטה צו ברוטאַלע רדיפות אויף אַנדערשדענקענדיקע ווי דער קאַטוילִיציזם. ער האָט בלויז געהאָלפן אַריבערצוואַרפן דעם אויטאָריטעטס־פּרינציפּ פונעם רעליגיעזן אויפן פּאָליטישן געביט און דורך דעם האָט ער אַרויסגערופן צו נייעם לעבן דעם צעזאַראָ־פּאַפּיזם אין אַ נייער פאָרעם. ער איז אין אַ סך זאַכן געווען ענגהאַרציקער און גייסטיק באַשרענקטער ווי די פירער פון דער אַלטער קירך, וועמעס רייכע דערפאַרונג, מענטשן־קענטעניש און הויכע גייסטיקע קולטור האָט זיינע הויפּט־פאַרטרעטער לגמרי געפעלט. אויב זיין פאַרפאָלגונגס־משוגעת האָט פאַרלאַנגט ווייניקער קרבנות ווי די קאָנסעקווענטע אומטאָלעראַנץ פון דער פּויפּסטל׳עכער קירך, איז דאָס געווען נאָר דערפאַר, ווייל זיין טעטיקייטספעלד איז געווען באַשרענקט אויף אַ פיל קלענערן געביט און שוין דערפאַר קאָן ער זיך נישט פאַרגלייכן מיט יענער.

צו דער ניי־אויפקומענדיקער וויסנשאַפט האָט זיך דער פּראָטעסטאַנטיזם באַצויגן פּונקט אַזוי פיינטלעך ווי די קאַטוילישע קירך. זיין אינערלעכער ווידערווילן קעגן דער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג האָט זיך אָפט נאָך שטאַרקער געלאָזט פילן, מחמת זיין טויטע פאַרגלויבטקייט אין אות האָט פאַרשטעלט פאַר זיינע פאַרטרעטער יעדע פרייערע פּערספּעקטיוו. די איבערזעצונג פון דער ביבל אין די פאַרשי־

דענע נאַציאָנאַלע שפּראַכן האָט דערפירט צו אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן רעזולטאַט. פאַר די גרויסע באַגרינדער פון דער פּראָטעסטאַנטישער לערע האָט די ביבל געגאָלטן נישט ווי אַ בוך אָדער אַ זאַמלונג פון ביכער, וועלכע זענען אויסגעטראַכט און גע־שריבן געוואָרן פון מענטשן, נייערט ווי גאָטס אַנטפּלעקט וואָרט. דעריבער איז פאַר זיי די „הייליקע שריפט" געווען אַן אומפעלבאַרע. אַלע דערשיינונגען האָבן זיי געטייטשט לויטן אינהאַלט פון דער ביבל און האָבן פאַרדאַמט יעדע דערקענ־טעניש, וועלכע איז נישט געווען אין איינקלאַנג מיט די ווערטער פון דער „שריפט". אַזוי אַרום איז פאַר די אַנהענגער פון דער נייער קירך דאָס וואָרט געוואָרן אַלץ און דער גייסט גאָרנישט. זיי האָבן פאַרשפּאַרט דעם שכל אין אַ שטייג פון אַ טויטן וואָרט־פעטישיזם און זיי זענען שוין דערפאַר געווען נישט צוזדרינגלעך פאַר יעדן מין ווײַסנשאַפטלעכן דענקען. נישט אומזיסט האָט לוטער אָנגערופן די פאַר־נונפט דעם „טייוולס זונה". זיין אורטייל וועגן קאָפּערניקוסן איז אַ מוסטער־ביישפּיל פונעם פּראָטעסטאַנטישן אופן פון דענקען. ער האָט דעם גרויסן געלערנטן באַצייכנט ווי אַ שוטה און ער האָט דערליידיקט זיין ניי וועלט־בילד דערמיט, אַז אין דער תורה שטייט געשריבן, אַז יהושע האָט באַפוילן דער זון און נישט דער ערד צו בלייבן שטיין.

אַגב איז דידאַזיקע איינגעגלויבטקייט אינעם אות די אוממיטלבאַרע פאַר־לויפערן פון יענער שפּעטערדיקער פּאָליטישער גלויביקייט אין ניסים, וועלכע הויערט אויפן אות פונעם געזעץ און האָט לאַגישערווייז געווירקט פּונקט אַזוי אָפּטויטנדיק ווי דער בלינדער גלויבן אין „גאָטס געשריבענעם וואָרט".

אָט־דידאָזיקע גייסטיקע איינגעענגטקייט, וועלכע הויערט אויפן גאַנצן מהות פונעם פּראָטעסטאַנטיזם, איז עס טאַקע געווען די, וועלכע האָט די הומאַניסטן, וועלכע האָבן לכתחילה פריידיק באַגריסט די רעפאָרמאַציע אין די צפונדיקע לענ־דער, שפּעטער באַוואויגן זיך פון איר אָפּצוטרייסלען, נאָכדעם ווי ס'איז זיי געוואָרן קלאָר וויפל קנאַישע פאַרפאָלגונגס־התמדה און גייסטיקע אומפרייהייט עס האָט זיך פאַרשאַנצט הינטער דערדאָזיקער באַוועגונג. ס'איז נישט געווען נישט קיין אומ־אַנטשלאָסנקייט און נישט קיין איבערגעטריבענע פּחדנות, וועלכע האָבן משפּיע געווען אויף זייער שטעלונג; ס'איז געווען די גייסטיקע אומקולטור, די טעמפּקייט פונעם געפיל, וועלכע האָבן די טרעגער פונעם הומאַניזם געמוזט אָפּפרעמדן פון די שטרעבונגען פונעם פּראָטעסטאַנטיזם, פריער פאַר אַלץ אָבער זיין נאַציאָנאַלע באַ־שרענקטקייט, דורך וועלכער ס'איז צעשטערט געוואָרן דער גייסטיקער און קולטור־רעלער צונויפבונד, וועלכער האָט ביז דעמאָלט געהאַט געהאַלטן אַרומגענומען די פעלקער פון אייראָפּע.

אָבער חוץ דעם אַלעם זענען דאָ געשטאַנען פּנים אל פּנים צוויי באַזונדערע אופנים פון דענקען, וועלכע האָבן נישט געקאָנט האָבן קיין שום אינערלעכע באַריר־פּונקטן צווישן זיך. ווען עראַזמוס פון ראָטערדאַם האָט אויפגעפאָדערט די עפנט־

לעבקייט, אַז מ׳זאָל אים „אָנווייזן אויף די מענער, פון צווישן לוטעראַניזם, וועל־כע האָבן געמאַכט באַדייטנדן פּראָגרעס אין דער וויסנשאַפט, האָט דידאָזיקע פראַ־גע פאַרן רוב פון זיינע פראָטעסטאַנטישע קעגנער געמוזט בלייבן אייביק אומפאַר־שטענדלעך, מחמת זיי האָבן דאָך געהאָפט צו געפינען דעם איינציקן וועג פון יעדער דערקענטעניש נאָר אין געשריבענעם וואָרט פון דער תורה און נישט אין דער ווי־סנשאַפט. דעריבער האָט עראַזמוסעס פראַגע נאָך דייטלעכער באַלויכטן די גאַנצע ברייט פונעם מהלך, וועלכער האָט זיך געשאַפן צווישןביידע שיטות.

VII

# דער אַבסאָלוטיזם — אַ שטרויכלונג פאַר דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג

די פאַבל וועגן נאַציאָנאַלן שטאַט ווי אַן אָנרעגער פון דער קולטורעלער אַנטוויקלונג. — ירידה אין דער אינדוסטריע און דעקאַדענץ אין דער עקאָנאָמיע. — די תקופות פון די מלחמות און דער אומקער צו דער באַרבאַריי. — האַנדלס־קאַפּיטאַל און אַבסאָלוטיזם. — מאַנופאַקטור און מערקאַנטיליזם. — דער שטאַט ווי דער שעפער פון די עקאָנאָמישע מאָנאָפּאָלן. — די רעגלאַמענטאַציע פון דער ווירטשאַפט דורך דער מאָנאַרכיע. — קאָלבערט און די עקאָנאָמישע דיקטאַטור אין פראַנקרייך. — די ענגלישע מאָנאַרכיע און דער מסחר מיט מאָנאָפּאָלן. — די „אָסט־אינדישע האַנדלסגעזעלשאַפט" און די „האָדסאָן בעי קאָמפּאַני". — די רעוואָלוציע ווי אַ פּיאָנער פון נייע עקאָנאָמישע פאָרמען. — דער נאַציאָנאַלער שטאַט אין שפּאַניע און די דעקאַדענץ פון עקאָנאָמיע און קולטור. — די „מעסטאַ" און די באַרויבונג פון די שפּאַנישע פּויערן. פיליפּ דער צווייטער און דער אײנפיר פון „אַלקאַוואַלאַ". — וואַלענשטיין און גוסטאַוו אַדאָלף. — דער דרייסיקיעריקער קריג און די ירידה פון דער קולטור אין דייטשלאַנד. — די גרינדונג פון די מאַנופאַקטורן ווי דעם שטאַטס אַ שפּעקולאַציע.

מ'האָט אָפט באַהויפּטעט, אַז די אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַלער געשטאַלטיקונג אין אייראָפּע אין דער ריכטונג צום נאַציאָנאַלן שטאַט האָט זיך געהאַלטן אויף דער ליניע פון פּראָגרעס. און דווקא זענען דאָס די פאַרטרעטער פונעם „היסטאָרישן מאַטעריאַליזם", וועלכע האָבן צום שטאַרקסטן פאַרטיידיקט דעמדאָזיקן באַנעם דערמיט, וואָס זיי האָבן געזוכט צו באַווייזן, אַז די געשיכטלעכע פּאַסירונגען פון יענער צייט זענען אַרויסגערופן געוואָרן פון די עקאָנאָמישע נויטווענדיקייטן, וועלכע האָבן געשטויסן צו דער אויסברייטערונג פון די טעכנישע פּראָדוקציע־פאַרמעגן. אינדעראמתן קומט דידאָזיקע פאַבל בשום אופן נישט אַרויס פון אַן ערנסטער אָפּשאַצונג פון די געשיכטלעכע פאַקטן, נייערט גיכער פונעם אומזיסטיקן באַמיען זיך צו וועלן זען די טראַנספאָרמאַציע פון אייראָפּע אין ליכט פון אַן אויפשטייגנדיקער אַנטוויקלונג. אין יענער וויכטיקער רעקאָנסטרוקציע פון דער אייראָפּעישער געזעלשאַפט האָבן די מאַכטפּאָליטישע שטרעבונגען פון קליינע מינדערהייטן אָפטמאָל געשפּילט אַ פיל גרעסערע ראָל ווי די מכלומרשטע „ווירטשאַפטלעכע נויטווענדיקייטן". אָפּגעזען פון דעם, אַז ס'איז נישט פאַראַן דער מינדסטער

מאָטיוו, פאַרוואָס די אַנטוויקלונג פון די טעכנישע פּראָדוקציע־באַדינגונגען זאָל נישט געווען האָבן געקאָנט פאַרקומען אויך אָן דער אַנטשטייאונג פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט, קאָן מען אָבער אויך נישט אויסלאָזן פון אויג די טאַטזאַך, אַז די גרינדונג פון נאַציאָנאַל־אַבסאָלוטיסטישע שטאַטן אין אייראָפּע איז געווען פאַרבונדן מיט אַ לאַנגער ריי פאַרוויסטנדיקע מלחמות, דורך וועלכע די ווירטשאַפטלעכע און קול־טורעלע אַנטוויקלונג איז אין רוב לענדער פאַר אַ לאַנגער צייט, אַפּט אויף הונדער־טער יאָרן, געוואַלטיק אָפּגעשטעלט געוואָרן.

אין שפּאַניע האָט דאָס אויפקומען פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט דערפירט צו אַ קאַטאַסטראָפאַלן צוזאַמענבראָך פון אַמאָל בליענדיקע אינדוסטריעס און צו אַ פול־שטענדיקער צעשטערונג פונעם גאַנצן ווירטשאַפטלעכן לעבן, וועלכעס האָט נאָך ביז היינט נישט געקאָנט קומען צו זיך. אין פראַנקרייך האָבן די הוגענאָטן־מלחמות, וועלכע זענען אָנגעפירט געוואָרן פון דער מאָנאַרכיע, בכדי צו פאַרפעסטיקן דעם איינהייטלעכן שטאַט, אָנגעמאַכט דער ווירטשאַפט פונעם לאַנד בלוטיקע וואונדן. טויזנטער פון די בעסטע בעלי־מלאכות האָבן פאַרלאָזט דאָס לאַנד און איבערגע־פירט זייערע אינדוסטריעס אין אַנדערע לענדער; די שטעט זענען פאַרוויסט גע־וואָרן, די אָנגעזעענסטע צווייגן פון דער עקאָנאָמיק זענען פאַראַליזירט געוואָרן. אין דייטשלאַנד, וואו די מאַכינאַציעס פון די פירשטן און אַדעליקע האָבן נישט געלאָזט אַנטשטיין אַ נאַציאָנאַלן איינהייט־שטאַט ווי אין שפּאַניע, פראַנקרייך, אָדער ענגלאַנד, און וואו עס האָבן זיך, אַלס פועל־יוצא דערפון, אַנטוויקלט אַ סך קליינע נאַציאָנאַלע מלוכות, האָט דער דרייסיקיאָריקער קריג חרוב געמאַכט דאָס גאַנצע לאַנד, געצעגנטלט זיין באַפעלקערונג און געשטערט יעדע קולטורעלע און ווירטשאַפטלעכע רעקאָנסטרוקציע במשך פון די קומענדיקע צוויי הונדערט יאָר.

אָבער דאָס זענען נישט די איינציקע שטרויכלונגען, וועלכע דער אויפקומענדיקער נאַציאָנאַלער שטאַט האָט געלייגט אויפן וועג פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג. אומע־טום, וואו ער האָט זיך אַריינגעריסן, האָט ער געפּרואווט צו שטערן דעם נאַטיר־לעכן גאַנג פון די עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן דורך אַריינפיר־ און אַרויספיר־פאַרבאָטן, דורך קאָנטראָל אין די אינדוסטריעס און ביוראָקראַטישע פאַראָרדענונגען. מ׳האָט פאַרגעשריבן די צעכמייסטערס דעם מעטאָד, ווי אַזוי זיי דאַרפן צוגרייטן זייער פּראָדוקציע און מ׳האָט אויסגעהאַלטן גאַנצע אַרמייען באַאַמטע, כדי צו קאָנ־טראָלירן די אינדוסטריע. דערמיט איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ גרענעץ פאַר יעדער פאַרבעסערונג אין די אַרבעטס־מעטאָדן; ערשט דורך די גרויסע רעוואָלוציעס פון 17־טן און 18־טן יאָרהונדערט איז די אינדוסטריע באַפרייט געוואָרן פון די דאָזיקע קייטן. די געשיכטלעכע פאַקטן זעען בכן אויס וועזנטלעך אַנדערש: דער אויפקום פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט האָט נישט נאָר באַין אופן נישט געהאָלפן אין דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, נאָר די אָנסופיקע מלחמות פון יענער עפּאָכע און דער גייסטלאָזער אַריינמיש פונעם דעספּאָטיזם אינעם לעבן פון דער אינדוסטריע האָבן דערפירט צו אַ צושטאַנד פון קולטורעלן באַרבאַריזם, דורך וועלכן אַ סך

פון די בעסטע דעראָבערונגען פון דער אינדוסטריעלער טעכניק זענען טיילווייז פאַרלוירן געגאַנגען און מ'האָט זיי ערשט שפּעטער פונדאָסניי געמוזט אַנטדעקן.*)

צו דעם איז נאָך צוגעקומען דער אומשטאַנד, אַז די קעניגן האָבן זיך תמיד אַרויסגעוויזן אומצוטרוילעך און אפילו פיינטלעך צו די בירגער און האַנטווערקער פון די שטעט, וועלכע זענען געווען די באַשיימפּערלעכע טרעגער פון דער אינדוס־טריעלערווירטשאַפט, און זיי האָבן זיך מיט זיי פאַרבונדן נאָר דעמאָלט, ווען ס'איז נייטיק געווען צו ברעכן דעם ווידערשטאַנד פונעם אַדל, וועלכער איז נישט געווען איבעריקס גוט געשטימט צו די שטרעבונגען נאָך איינהייט פון דער מאָ־נאַרכיע. באַזונדערס בולט זעט זיך דאָס אַרויס אין דער געשיכטע פון פראַנקרייך. שפּעטער אָבער, ווען דער אַבסאָלוטיזם האָט נצחונדיק שוין געהאַט גובר געווען יעדן ווידערשטאַנד קעגן דער נאַציאָנאַלער פּאָליטישער איינהייט פון לאַנד, האָט ער, דורך זיין שטיצן דעם מערקאַנטיליזם און די מאָנאָפּאָל־ווירטשאַפט, געגעבן דער גאַנצער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג אַזאַ ריכטונג, וועלכע האָט געקאָנט פירן נאָר צום קאַפּיטאַליזם און וועלכע האָט נישט געמאַכט דעם מענטשן פאַרן פירער פון דער ווירטשאַפט, נאָר אים דערנידעריקט צום קאַטאָרזשניק פון דער אינדוסטריע.

אין די שוין עקזיסטירנדיקע גרעסערע מלוכות, וועלכע האָבן זיך לכתחילה איינגעאַנצן סומך געווען אויפן ערד־אייגנטום, האָבן דער אויפקומענדיקער וועלט־מסחר און דער וואַקסנדיקער איינפלוס פונעם קאָמערציעלן קאַפּיטאַל גורם געווען אַ טיפגייענדיקע ענדערונג דורכדעם, וואָס זיי האָבן אויפגעריסן די פעאָדאַלע פאַר־צוימונגען און ביסלעכווייז אָנגעהויבן דעם איבערגאַנג פונעם ריינעם פעאָדאַליזם צום התחלהדיקן אינדוסטריע־קאַפּיטאַליזם. דער אַבסאָלוטיסטישער נאַציאָנאַלער שטאַט איז געווען פונקט אַזוי שטאַרק אָנגעוויזן אויף דער הילף פון די נייע ווירט־שאַפטלעכע כוחות, ווי די טרעגער פונעם לעצטן זענען געווען אָנגעוויזן אויף אים. דורך דעם אַריינפיר פון גאָלד פון אַמעריקע איז די געלט־ווירטשאַפט אין אייראָפּע געוואַלדיק אונטערגעטריאָגט געוואָרן. דאָס געלט איז פון איצט אָן געוואָרן נישט נאָר אַן אַלץ גרעסערער פאַקטאָר אין דער ווירטשאַפט גופא, נאָר עס האָט זיך אַנטוויקלט ווי אַן ערשטראַנגיקער פּאָליטישער מאַכט־אינסטרומענט. די אומגעה־הויערע פאַרשווענדונג פון די הויפן אין דער עפּאָכע פון דער אַבסאָלוטער מאָנאַר־

---

*) קראָפּאָטקין האָט אויף אַ זייער איבערציייגנדיקן אופן באַוויזן, ווי דורכן אונ־טערגאַנג פון דער מיטלאַלטערלעכער שטעט־קולטור און דורך דער געוואַלטזאַמער אונטער־דריקונג פון אַלע פעדעראַליסטישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס האָט די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון אייראָפּע באַקומען אַזאַ קלאַפּ, וועלכער האָט פּאַראַליזירט אירע בעסטע טעכנישע כוחות און זי געמאַכט פאַר אומפעאיק צו דער אַרבעט. ווי גרויס דער דאָזיקער קלאַפּ אויף צוריק איז געווען קאָן מען אָפּשאַצן פון דעם, אַז דזשיימס וואַט, דער דערפינ־דער פון דער דאַמפּמאַשין, האָט במשך פון צוואַנציק יאָר צייט נישט געקאָנט געפינען קיין מעכאַניקער, וועלכער זאָל געווען זיין אימשטאַנד אויסצודרעקסלען אַ ריכטיקן צילינדער, אַ זאַך, וואָס ער וואָלט אין דער שטאָט פון מיטלאַלטער געוועון לייכט געקאָנט געפינען. (פּ. קראָפּאָטקין, „קעגנזייטיקע הילף ביי חיות און מענטשן ווי אַ פאַקטאָר פון אַנטוויק־לונג”, ייד. אויסגאַבע פון קראָפּ. ליט. געז. ניו יאָרק, 1913).

כיע, זייערע ארמייען און פלאָטן און לסוף זייער מעכטיקער ביוראָקראַטישער אַפּאַ־ראַט האָבן פאַרשלונגען ריזיקע סומעס, וועלכע מ׳האָט ביי יעדן מאָל געמוזט שאַפן פונדאַסניי. חוצדעם האָבן די שטענדיקע מלחמות פון יענער עפּאָכע געקאָסט קורחס אוצרות. צו שאַפן דידאָזיקע סומעס איז שוין די האַלב־פאַרהונגערטע לייבאייגענע דאָרפישע באַפעלקערונג נישט געווען מער אימשטאַנד, נישט געקוקט אויף דער גאַנצער אויספרעסונגס־קונסט מצד די הויפישע מאַגיקער, אַזוי אַז מ׳האָט זיך געמוזט אַרומקוקן נאָך אַנדערע הכנסה־קוועלן. די מלחמות גופא זענען על־פּי־רוב געווען רעזולטאַטן פון דערדאָזיקער עקאָנאָמיש־פּאָליטישער טראַנספאָרמאַציע און פונעם קאַמף פון די אַבסאָלוטיסטישע מלוכות צווישן זיך פאַר דער פּאָזיציע פון דער אויבערמאַכט אין אייראָפּע. דערמיט האָט זיך גרינטלעך געביטן דער אור־שפּרינגלעכער כאַראַקטער פונעם אַלטן פעאָדאַלישן שטאַט. פון איין זייט האָט דאָס געלט געגעבן די קעניגן די מעגלעכקייט פולשטענדיק צו אונטערוואַרפן דעם אָדל, אַדאַנק וואָס ס׳איז מעגלעך געווען צו שאַפן די געהעריקע שטאַטלעכע איינהייט; פון דער אַנדערער זייט האָט די קעניגלעכע מאַכט געגעבן די סוחרים די נויטווענ־דיקע פּראָטעקציע, בכדי זיי אויסצוהיטן פון די כסדרדיקע קאָנפיסקאַציעס פון די רויבערישע באַראָנען. פון דער דאָזיקער אינטערעסן־געמיינשאַפט האָבן זיך אַנט־וויקלט די אייגנטלעכע יסודות פונעם אַזויגערופענעם נאַציאָנאַלן שטאַט און דער באַגריף מכוח דער נאַציע בכלל.

אָבער די זעלביקע מאָנאַרכיע, וועלכע האָט צוליב גוט־אויסגערעכנטע סיבות געזוכט צו שטיצן די שטרעבונגען פונעם האַנדלסקאַפּיטאַליזם און וועלכע איז, אגב, אַזוי שטאַרק געשטיצט געוואָרן פון אים אין איר אייגענער אַנטוויקלונג, האָט זיך אָבער בהדרגהדיק פאַרוואַנדלט אין אַ פאַראַליזירנדיקן שטער פאַר דער ווייטער־דיקער רעקאָנסטרוקציע פון דער אייראָפּעאישער עקאָנאָמיק, מחמת זי האָט דורך איר אומבאַשטרענקטן פאַוואָריטיזם פאַרוואַנדלט גאַנצע צווייגן פון דער אינדוס־טריע אין מאָנאָפּאָלן און נישט צוגעלאָזט די ברייטסטע קרייזן צו געניסן פון איר. אָבער באַזונדערס אומגליקלעך איז געווען די גייסטיקע שאַבלאָניזירונג, וועלכע זי האָט אַרויפגעצוואונגען אויף דער אינדוסטריע, דורך וועלכער די אַנטוויקלונג פון די טעכנישע קענטענישן איז געוואָרן שטאַרק הינטערשטעליק און ס׳איז קינסטלעך געשטערט געוואָרן יעדער פּראָגרעס אויפן געביט פון ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט.

וואָס מער דער האַנדל האָט זיך אויסגעשפּרייט, אַלץ מער אינטערעס האָבן זיינע פירער געמוזט אַרויסווייזן דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע. די אַבסאָ־לוטיסטישע מלוכה, ווען דער אויסשפּרייט פון האַנדל האָט אָנגעפילט די קאַסעס, מחמת ער האָט אַריינגעברענגט געלט אין לאַנד אַריין, האָט לכתחילה געשטיצט די פּלענער פונעם האַנדלסקאַפּיטאַל; טיילווייז האָבן אויך איר אַרמיי און פלאָט, וועלכע האָבן באַקומען אַ היפּשן פאַרנעם, צוגעטראָגן זייער חלק פאַר דעם אויס־שפּרייט פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע, מחמת זיי האָבן געמוזט האָבן אַ גרויסן סכום קעגנשטאַנדן, פאַר וועמעס מאַסנפּראָדוקציע די וואַרשטאַטן פון די

קליינע בעלי־מלאכות זענען שוין נישט געווען צוגעפּאַסט. אַזוי זענען בהדרגהדיק אַנטשטאַנען די אַזויגערופענע מאַנופאַקטורן*), די פּאָרגייער פון דער שפּעטערדיקער גרויסאינדוסטריע, וועלכע האָט זיך, אינדעראמתן, געקאָנט אַנטוויקלען ערשט דער־מאָלט, ווען די גרויסע וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען פון אַ שפּעטערדיקן פּעריאָד און זייער פּראַקטישע אָנווענדונג פאַר דער טעכניק און אינדוסטריע האָבן פאַר איר צעעפנט דעם וועג.

די מאַנופאַקטור האָט זיך אַנטוויקלט שוין אין דער מיט פון 16־טן יאָר־הונדערט, נאָכדעם ווי אייניצעלנע צווייגן פון דער פּראָדוקציע, —בעיקר די קאָנ־סטרוקציע פון שיפן און די מינען־ און שווערע־אינדוסטריע— האָבן פרייגעמאַכט דעם וועג פאַר אַ ברייטערער אַקטיוויטעט פון דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע. אין אַלגעמיין האָט זיך דער סיסטעם פון דער מאַנופאַקטור פאַרנומען אויף אַ וועג צו דער ראַציאָנאַליזירונג פונעם אַרבעטס־פּראָצעס, וועלכע מ'האָט געזוכט צו דער־גרייכן דורך דער צעטיילונג פון דער אַרבעט און דער פאַרבעסערונג פון די ווערק־צייג, דורך וואָס די לייסטונגספעאיקייט פון דער פּראָדוקציע איז וועזנטלעך גע־שטייגערט געוואָרן און וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן באַדייט פאַרן אויפשטייגנדיקן מסחר.

אין פראַנקרייך, פּרייסן, פּוילן, עסטרייך און אַנדערע לענדער האָט די מלוכה גופא, צוליב פינאַנציעלע אויסרעכענונגען, נעבן די פּריוואַט־מאַנופאַקטורן, אַליין אויך איינגעאָרדנט גרעסערע פאַבריקן פאַר דער אויסנוצונג פון וויכטיקע אינ־דוסטריעס. די פינאַנציסטן פון דער מאָנאַרכיע, אפילו די מלכים אַליין, האָבן די־דאָזיקע אונטערנעמונגען געשענקט די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט און אויף אַלערליי אופנים געזוכט זיי צו שטיצן, בכדי צו באַרייכערן דעם מלוכה־אוצר. דורך פאַר־באָטן אַריינצופירן אָדער דורך הויכן אָפּצאָל אויף פרעמדע סחורות, האָט מען זיך באַמיט צו באַשיצן די היימישע אינדוסטריע און פאַרהאַלטן דאָס געלט אין לאַנד. דערביי האָט זיך דער שטאַט געוואָרפן צו די משונהדיקסטע מיטלען. אַזוי האָט אַ פאַראָרדענונג אונטער קאַרל דעם ערשטן באַשטימט, אַז אין ענגלאַנד מוזן אַלע מתים באַגראָבן ווערן אין וואָלענעם געוואַנט; די כוונה דערפון איז געווען צו שטיצן אַזוי אַרום די שטאָף־אינדוסטריע. אַן ענלעכן צוועק האָט געהאַט די פּרייסישע „טרויער־גזירה” פון 1716, וועלכע האָט גאַנץ געשעפטסמעסיק באַ־שטימט, אַז ס'איז נישט דערלויבט לאַנג צו טרויערן, ווייל דערמיט ברענגט מען שאָדן דעם פאַרקויף פון קאָלירטן געוואַנט.

בכדי די מאַנופאַקטורן זאָלן ברענגען וואָס מערער רווחים, האָט יעדער שטאַט געזוכט צוציען גוטע בעלי־מלאכות פון אַנדערע מדינות. דאָס ווידער האָט געברענגט אַלס פּועל־יוצא, אַז מ'האָט דורך שטרענגע געזעצן געזוכט צו שטערן

---

*) דאָס וואָרט מאַנופאַקטור איז אַנטשטאַנען פון „מאַנו פאַסערע”, וואָס איז טייטש אויסאַרבעטן פּראָדוקטן מיט דער האַנט.

די אויסוואַנדערונג פון האַנטווערקער, און אפילו באַשטראָפט מיט טויט די ווי־דערשפעניקע, ווי דאָס האָט פּאַסירט אין ווענעדיק. דערביי איז פאַר די געוועל־טיקער געוועזן רעכט יעדעס מיטל, בכדי די אַרבעט אין די מאַנופאַקטורן צו מאַכן אַזוי רווחדיק און אַזוי ביליק ווי מעגלעך. אַזוי האָט קאָלבערט, לודוויק דעם פערצנטנס באַרימטער מיניסטער, באַשטימט ספּעציעלע פּרעמיעס פאַר עלטערן, וועלכע האָבן געשיקט זייערע קינדער אַרבעטן אין די פאַבריקן. אין פּרייסן האָט פרידריך דעם גרויסנס אַ פאַראָרדענונג גוזר געווען, אַז די קינדער פון פּאָטסדאַמער בית־יתומים דאַרפן אַריינגענומען ווערן אין דער קעניגלעכער זייד־פאַבריק. דער פּועל־יוצא איז געווען, אַז די שטערבלעכקייט צווישן די יתומים האָט זיך פאַרפינפאַכיקט. ענלעכע תקנות זענען אויך געווען אין עסטרייך און פוילן.*)

אָבער נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דער שטאַט איז צוליב זיינע אייגענע אינטערעסן נאָכגעקומען די פאָדערונגען פונעם האַנדל, האָט ער אָבער, דורך זיינע צאָללאָזע תקנות, דער גאַנצער אינדוסטריע געבונדן הענט און פיס און דידאַזיקע פאַרקנעכטיקונג איז וואָס ווייטער אַלץ לעסטיקער געוואָרן. מחמת די אָרגאַניזאַציע פון דערווירטשאַפט לאָזט זיך נישט אומבאַשטראָפטערהייט אַריינקוועטשן דורך ביוראָקראַטישע תקנות אין באַשטימטע פאָרמען. דאָס האָבן מיר פונדאָסניי נאָר־וואָס געקאָנט באַאָבאַכטן אין רוסלאַנד. דער אַבסאָלוטיסטישער שטאַט, וועלכער האָט געפּרוווט אונטערצואוואַרפן יעדע טעטיקייט אָדער אומטעטיקייט פון זיינע אונטערטאַנער אונטער זיין אומקאָנדיציאָנעלער אַפּיטרופּסות, איז מיט דער צייט געוואָרן אַן אומדערטרעגלעכע לאַסט, וועלכע האָט געהויערט ווי אַ באַרג אויף די פעלקער און אַריינגעוואָרפן דאָס גאַנצע ווירטשאַפטלעכע און סאָציאַלע לעבן אין אַ צושטאַנד פון פאַרשטאַרטקייט. די אַלטע גילדעס, וועלכע זענען אַמאָל געווען די פיאָנערן פונעם האַנטווערק און פון דער אינדוסטריע, האָט דער אויפקומענדיקער דעספּאָטיזם געוואַלטזאַם באַרויבט פון זייערע אַלטע רעכט און פון יעדן גראַד זעלבסטשטענדיקייט. וואָס ס'איז פון דעם איבערגעבליבן, איז אַריינגענומען געוואָרן אינעם רעדערווערק פונעם אַלמעכטיקן שטאַטס־אַפּאַראַט און געמוזט שטיין אין זיין דינסט, בכדי אים אַריינצוברענגען שטייערן. אַזוי אַרום זענען די צעכן בהדרגהדיק געוואָרן אַן עלעמענט פון צוריקגעשטאַנענקייט, וועלכער האָט זיך מיט עקשנותדיקער פאַרביסנקייט קעגנגעשטעלט קעגן יעדער ענדערונג אין דער ווירטשאַפט.

קאָלבערט, וועלכן מ'האָט בדרך כלל פאַרגעשטעלט ווי איינעם פון די גע־ניאַלסטע שטאַטסלייט פון דער דעספּאָטישער תקופה, האָט אפילו געפירט צו דער עקידה פראַנקרייכס לאַנדווירטשאַפט פאַר דער אינדוסטריע און האַנדל, אָבער דעם אמתן מהות פון דער אינדוסטריע האָט ער קיינמאָל נישט באַנומען; זי איז פאַר

*) אַ רייכן מאַטעריאַל וועגן יענער עפּאָכע אַנטהאַלט דאָס גרויספאַרנעמיקע ווערק פון מ. קאָוואַלעווסקי „די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון אייראָפּע ביז צום אָנהויב פון דער קאַפּיטאַליסטישער תקופה", בערלין 1901 - 1914.

אים בלויז געווען די מעלקנדיקע קו, וועלכע דאַרף אויסגעמאָלקן ווערן פאַרן אַב־סאָלוטיזם. אונטער זיין רעזשים האָט מען פאַר יעדן פאַך איינגעפירט באַשטימטע תקנות, וועלכע האָבן מכלומרשט געהאַט דעם צוועק צו האַלטן די פּראָנצויזישע אינדוסטריע אויף יענער הויך, צו וועלכער זי איז דערגאַנגען. קאָלבערט האָט זיך באמת איינגערעדט, אַז ס׳איז שוין נישט מעגלעך קיין ווייטערדיקע פאַרפולקאָמונג פון דער אינדוסטריעלער אַקטיוויטעט; אַנדערש לאָזט זיך זיין אַזויגערופענע אינ־דוסטריעלע פּאָליטיק לחלוטין נישט פאַרשטיין.

אַזוי אַרום איז דער דערפינדערישער גייסט קינסטלעך דערשלאָגן געוואָרן און יעדער שעפערישער אימפּולס איז דערשטיקט געוואָרן אין וואָרצל. די אַרבעט אין יעדן פאַך האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גייסטלאָזער נאָכמאַכונג פון דיזעלביקע אַלטע פאָרמען, וועמעס כסדרדיקע איבערחזרונג האָט פּאַראַליזירט יעדן אי־נערלעכן אָנרעג. מ׳האָט אין פראַנקרייך געאַרבעט ביז צום אויסבראָך פון דער גרוי־סער רעוואָלוציע געננוי לויט דיזעלביקע מעטאָדן ווי ביים סוף פון 17־טן יאָרהונ־דערט. במשך פון אַ הונדערטיעריקן פּעריאָד איז נישט פאָרגעקומען די מינדסטע ענדערונג. אַזוי אַרום האָט פּאַסירט, אַז די ענגלישע אינדוסטריע האָט ביסלעכ־ווייז געלאָזט הינטערשטעליק די פראַנצויזישע אפילו אין דער אויסאַרבעטונג פון אַזעלכע פּראָדוקטן, אין וועמעס אויסאַרבעטונג פראַנקרייך האָט פריער פאַרנומען די אומבאַדינגטע אויבערהאַנט. וועגן די אָן אַ שיער תקנות מכוח הלבשה, וואוי־נונג און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פון די מיטגלידער פון די איינצלנע פּראָ־פעסיעס, וועלכע האָבן אַנטהאַלטן אַ גאַנצן סכום פון די אומזיניקסטע באַשטימונגען, וועלן מיר דאָ איצט נישט רעדן. מ׳האָט אפילו געפּרואווט פון צייט צו צייט, ווען דער צרהדיקער מצב האָט זיך אַרויסגעשטעלט צו בולט, צו שאַפן געוויסע פאַר־לייכטערונגען דורך נייע באַשטימונגען, אָבער אַזעלכע דעקרעטן זענען גאָר איב־גיכן אָפּגעשאַפט געוואָרן דורך אַנדערע. דערצו איז נאָך צוגעקומען, אַז דער שטענ־דיקער געלט־באַדאַרף פונעם הויף האָט באַוואויגן די רעגירונג צו כלערליי שווינד־לערישע מעשים, בכדי פונדאַסניי אָנצופולן איר ליידיקע שאַצקאַמער. אַזוי אַרום זענען אַרויסגעלאָזט געוואָרן אָן אַ שיעור תקנות בלויז צוליב דעם צוועק, אַז די צעכן זאָלן זיי קענען אַנולירן דורכן סילוקן די געהעריקע געלט־סומעס, וואָס דאָס האָט טאַקע תמיד אַזוי פּאַסירט. אויפן זעלבן שטייגער זענען איבערגעגעבן גע־וואָרן צו יחידים אָדער קאָרפּאָראַציעס אָן אַ שיעור מאָנאָפּאָלן, דורך וועלכע די אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע איז שווער געטראָפן געוואָרן.

ערשט די רעוואָלוציע האָט אויסגעקערט דאָס גאַנצע מיסט פון די קעניגלעכע פאַראָרדענונגען און באַפרייט די אינדוסטרייע פון די קייטן, וועלכע מ׳האָט אויף איר אַרויפגעלייגט. ניין, נישט קיין נאַציאָנאַלע מאָטיוון זענען עס געווען, וועלכע האָבן געפירט צו דער אַנטשטייאונג פון די מאָדערנע קאָנסטיטוציאָנעלע מלוכות. די געזעלשאַפטלעכע צושטאַנדן האָבן ביסלעכווייז אָנגענומען אַזעלכע פּחדימדיקע פאָרמען, אַז זיי זענען אויף ווייטער געוואָרן אומדערטרעגלעך, אויב פראַנקרייך

האָט נישט געוואָלט גיין איינגאַנצן צו גרונט. און דידאַקטיקע דערקענטעניש איז עס טאַקע געווען, וועלכע האָט געשטעלט אויף די פיס דאָס פראַנצויזישע בירגערטום און געשטויסן אויף רעוואָלוציאָנערע וועגן.

אויך אין ענגלאַנד איז די אינדוסטריע במשך פון אַ לאַנגער צייט פּראָטעזשירט געוואָרן דורך מלוכהשע דעקרעטן און קעניגלעכע תקנות, כאָטש די רעגלאַמענטי־רונגס־תשוקה איז דאָרט נישט דערגאַנגען צו די משונהדיקע פאָרמען ווי אין פראַנקרייך און אין רוב פון די אַנדערע לענדער פון קאָנטינענט. די פאַראָרדענונגען פון עדוואַרד דעם פערטן, ריכאַרד דעם דריטן, היינריך דעם זיבעטן און היינריך דעם אַכטן האָבן זייער שטאַרק באַלאַסטעט די אינדוסטריע און אין אַ הויכן גראַד פאַרשווערט איר נאַטירלעכע אַנטוויקלונג. און פונדעסטוועגן זענען דידאַקטיקע מוש־לים נישט געווען די איינציקע, וועלכע האָבן אַרויפגעלייגט צוימען אויף דער אינ־דוסטריע; קעניגן און פאַרלאַמענטן האָבן כסדר אַרויסגעגעבן נייע תקנות, דורך וועלכע דער מצב פון דער ווירטשאַפט איז געוואָרן אַלץ שווערער. אפילו די רע־וואָלוציעס פון 1642 און 1688 זענען נישט געווען אימשטאַנד גרינטלעך אָפּצו־רוימען פון וועג דידאַקטיקע מגפה פון גייסטלאָזע באַשטימונגען און ביוראָקראַטישע רעגלאַמענטן, און ס'איז אַוועק נאָך אַ היפּשע צייט, ביז ס'האָט זיך געקאָנט דורכ־רייסן אַ נייער גייסט. אָבער פונדעסטוועגן איז עס איז ענגלאַנד קיינמאָל נישט דערגאַנגען צו אַזאַ שטאַטלעכן קאָנטראָל איבערן גאַנצן עקאָנאָמישן לעבן, ווי קאָלבערט האָט עס איינגעפירט אין פראַנקרייך. דערפאַר אָבער האָבן די גרויסע צאָל מאָנאָפּאָלן אויסערגעוויינלעך געשטערט די אַנטוויקלונג פון דער אינדוסט־ריע. דער הויף האָט פאַרשאַכערט גאַנצע אינדוסטריע־צווייגן צו אינלענדער און צו אויסלענדער, בכדי אַריינצובאַקומען נייע געלט־סומעס אין זיינע קאַסעס און כסדר אויסגעטיילט מאָנאָפּאָלן צו זיינע מקורבים. דאָס איז געטאָן געוואָרן שוין אין דער צייט פון דער טודאָר־דינאַסטיע, און די סטוארטס און זייערע נאָכקומער האָבן זיך געהאַלטן ביי דיזעלביקע דרכים. בעיקר פאַרשווענדעריש מיטן אויס־טיילן מאָנאָפּאָלן איז מען געווען אונטער דער רעגירונג פון דער קעניגן עליזאַ־בעט, צוליב וואָס מ'האָט זיך אין פאַרלאַמענט אָפט געקלאָגט אויף דעם.

גאַנצע אינדוסטריעס זענען איבערגעגעבן געוואָרן צו איינצלנע פּערזאָנען אָדער צו קליינע געזעלשאַפטן פאַר דער עקספּלואַטאַציע און קיינער חוץ זיי האָט זיך צו דיזעלביקע נישט געטאָרט ווידמען. אויף דעם אופן איז נישט געווען קיין שום קאָנקורענץ, אָבער אויך נישט קיין אַנטוויקלונג פון די פאָרמען פון דער פּראָ־דוקציע און פון די אַרבעטסמעטאָדן. דער קרוין האָט אינטערעסירט בלויז דאָס געלט, וואָס איז אַריינגעקומען; מכוח די אומפאַרמיידלעכע פאָלגן פון אַזאַ מין עקאָנאָמישער פּאָליטיק האָט מען זיך זייער ווייניק געזאָרגט. ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אונטער קאַרל דעם ערשטנס רעגירונג האָט מען פאַרקויפט דעם מאָנאָפּאָל פאַר דער פאַבריקאַציע פון זייף צו אַ געזעלשאַפט פון זייפזידער אין לאָנדאָן און דורך אַ ספּעציעלער קעניגלעכער פאַראָרדענונג איז פאַרווערט גע־

וואָרן יעדן איינעם אויסצואַרבעטן זייף אַפילו פאַרן געברויך פון דער אייגענער פאַמיליע. פונקט אַזוי איז די עקספּלואַטאַציע פון צין און פון די קוילנגרובן אין צפון פון ענגלאַנד במשך פון אַ לאַנגער צייט געווען דער מאָנאָפּאָל פון בלויז אייניקע פּערזאָנען. דאָסזעלביקע איז בנוגע די גלאָז־אינדוסטריע און פאַרשידענע אַנדערע אינדוסטריעס פון יענער תקופה. דער פּועל־יוצא איז געווען, אַז די אינדוסטריע האָט זיך אין משך פון אַ לאַנגער צייט נישט געקאָנט אַנטוויקלען ווי אַ מאַסנגעביקער פאַקטאָר אין דער פאָלקסווירטשאַפט, מחמת זי איז על־פּי־רוב געלעגן אין די הענט פון אייניקע פּריווילעגירטע עקספּלואַטאַטאָרס, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין שום אינטערעס אין איר אויסגעשטאַלטיקונג. מחמת דער שטאַט איז נישט בלויז געווען דער באַשיצער, נייערט אויך דער באַשאַפער פון די מאָנאָפּאָלן, דורך וועלכע ער איז געווען אימשטאַנד זיך איינצושאַפן באַדייטנדיקע פינאַנציעלע נוצן, אָבער דער ווירטשאַפט האָט ער דערמיט אַרויפגעלייגט כסדר נייע קייטן.

צומערגסטן האָט זיך אַנטוויקלט די מאָנאָפּאָל־ווירטשאַפט אין ענגלאַנד, נאָכדעם ווי ס׳האָט זיך אָנגעהויבן איר קאָלאָניאַלע ווירטשאַפט. דעמאָלט זענען ריזיקע טעריטאָריעס אַריבער אין רשות פון קליינע מינדערהייטן, וועלכע זענען דורך די באַקומענע שטאַטלעכע מאָנאָפּאָלן און פאַר אַ לעכערלעכן אָפּצאָל במשך פון בלויז עטלעכע יאָר געווען אימשטאַנד אָנצוהויפן אומגעהייערע רייכטימער. אַזוי איז אונטער דער הערשאַפט פון דער קעניגן עליזאַבעט אויפגעקומען די באַקאַנטע „אָסט־אינדישע געזעלשאַפט״, וועלכע איז לכתחילה באַשטאַנען פון בלויז הונדערטפינפאונצוואַנציק באַטייליקטע, און וועמען די רעגירונג האָט איבערגעגעבן דאָס אויסשליסלעכע רעכט זיך צו שטעלן אין האַנדלסבאַציאונגען מיט מזרח־אינדיע און מיט אַלע לענדער צו מזרח פונעם קאַפּ פון גוטער האָפענונג און צו מערב פונעם מאַגאַליאַנעס־דורכגאַנג. יעדער פּרואוו צו ברעכן דעמדאָזיקן מאָנאָפּאָל איז באַשטראָפט געוואָרן מיט אַ שווערן קנס און מיט קאָנפיסקירן די שיף, וועלכע האָט זיך געוואָגט צו פירן מסחר אין יענע וואַסערן אויף אייגענעם חשבון. אַז דידאָזיקע תקנות זענען נישט בלויז געווען אָנגעשריבענע אויפן פּאַפּיר, וועגן דעם גיט אונדז די געשיכטע פון יענע יאָרן גאַנץ היפּשע באַווייזן*).

---

*) וועגן דער געשיכטע פון דערדאָזיקער געזעלשאַפט, וועלכע האָט געדאַרפט שפּילן אַזאַ באַדייטנדיקע ראָל אין דער ענגלישער אויסערלעכער פּאָליטיק, אינפאָרמירן זייער אויספירלעך בעקלעס ווילסאָן, „לעדזשער אַנד סואָרד״, לאָנדאָן, 1903, און וו. הונטער „היסטאָרי אָוו בריטיש אינדיע״, לאָנדאָן, 1899.

רעקאָמענדירבאַרע ביכער וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער ענגלישער אינדוסטריע, מאָנאָפּאָלוועזן און פאַראָרדענונגען פונעם אַלטן רעזשים זענען: י. ל. ראָדזשערס "Six Centuries of Work and Wages" און חוצדעם "The Economic Interpretation of History" און "A History of Agriculture and Prices in England" פון זעלבן מחבר. אַ סך באַלערנדיקן מאַטעריאַל ברענגען אַדאַם סמיטס "An Inquiry into the Nature and Causes of the Wealth of Nations" און דער ערשטער באַנד פון מאַרקס „דער קאַפּיטאַל״.

קאַרל דער ערשטער האָט אַוועקגעשענקט זיין שווער גאַנץ ווירדזשיניע פֿאַר דער עקספּלואַטאַציע. אונטערן זעלבן קעניג איז אויך געשאַפֿן געוואָרן די באַרימ־טע „האַדסאָן בעי קאָמפּאַני״, וועלכע האָט פֿון דער רעגירונג באַקומען במתנה אומגלויבלעכע רעכטן. דורך אַ ספּעציעלער קעניגלעכער פֿאַראָרדענונג איז דער־דאָזיקער געזעלשאַפֿט געגעבן געוואָרן דער אויסשליסלעכער און פּערמאַנענטער מאָנאָפּאָל צו פֿירן אירע מסחרים און איינצושטעלן אירע אינדוסטריעס ביי אַלע ברעגעס, נאַטירלעכע וואַסער־וועגן, ים־בוכטעס, וואַסער־שטראָמען און ים־געביטן פֿון קאַנאַדע, און אַפֿילו ביי אַלע ברייט־גראַדן פֿון האַדסאָן־דורכגאַנג. חוץ דעם איז נאָך דערדאָזיקער געזעלשאַפֿט איבערגעענטפֿערט געוואָרן די גאַנצע טערי־טאָריע, וועלכע גרענעצט זיך מיט דידאָזיקע וואַסערן, „וויבאַלד זי געפֿינט זיך נישט אין רשות פֿון איינעם פֿון אונזערע אונטערטאַנען אָדער פֿון אַן אונטערטאַן פֿון וועלכן נישט איז קריסטלעכן פּירשט אָדער מלוכה*).

אַפֿילו אונטער יאַקאָב דעם צווייטן, קאַרל דעם צווייטנס ממלא מקום, האָט דער שאַכער־מסחר מיט אויסלענדישע מאָנאָפּאָלן ווייטער געבליט כדבעי. דער קעניג האָט פֿאַרקויפֿט צו יחידים אָדער צו גאַנצע געזעלשאַפֿטן גאַנצע קאָלאָניעס. די באַלעבאַטים פֿון דידאָזיקע מאָנאָפּאָלן האָבן אונטערדריקט די פֿרייע קאָלאָ־ניסטן אויפֿן שענדלעכסטן אופֿן, און די קרוין האָט זיך לחלוטין נישט אַריינגע־מישט, כל־זמן זי האָט באַקומען פֿון אירע באַגינציקטע צוואַנציק פּראָצענט פֿונעם ריווח. אויפֿן זעלביקן שטייגער זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן באַזונדערע פּריווילע־גיעס פֿאַר דער נאַוועגאַציע, פֿאַר דער עקספּלואַטאַציע פֿון קאָלאָניאַלע לענדערייען און פֿאַר דעם אַרויסבאַקומען איידלשטיינער און מעטאַלן א. א. וו. אַזוי איז עס דערגאַנגען דערצו, אַז די פּראָדוקציע האָט במשך פֿון אַ לאַנגער צייט נישט גע־קאָנט אויסגלייכן זיך מיט דער מעכטיקער אויסערנפּאָליטישער אַנטוויקלונג פֿון ענגלאַנד, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן נאָכן בירגער־קריג פֿון 1642. נאָך אין יאָר 1688 האָט מען געשאַצט דעם ווערט פֿון די אַריינגעפֿירטע פּראָדוקטן אין 7.120.000 פֿונט שטערלינג, בעת די סומע פֿאַר אַרויסגעפֿירטע פּראָדוקטן איז דערגאַנגען בלויז צו 4.310.000 פֿונט שטערלינג, — אַ פֿאַרהעלטעניש, וועלכעס איז אַפֿילו פֿאַר די דעמאָלטדיקע צושטאַנדן געווען זייער כאַראַקטעריסטיש.

ערשט נאָכדעם ווי דער פּאַרלאַמענט, וועלכער איז אַרויסגעקומען פֿון דער רעוואָלוציע פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָר, האָט אין יאָר 1689 אַרויפֿגעלייגט אַ צוים אויף דער קעניגלעכער מאַכט און אָנגענומען אַנטשיידנדיקע מיטלען, כדי איין מאָל פֿאַר אַלע צו מאַכן אַן ענדגילטיקן סוף צו דער מאָנאָפּאָלווירטשאַפֿט פֿונעם הויף און צו דער אייגנווילליקער באַשרענקונג פֿון דער אינדוסטריע און דער עקאָנאָמיע, ערשט דעמאָלט האָט געקאָנט פֿאַרקומען אין ענגלאַנד יענער מעכטי־

---

*) אויספֿירלעכן מאַטעריאַל וועגן דער געשיכטע פֿון דער „האַדסאָן בעי קאָמפּאַני״ ברענגט דאָס אויסגעצייכנטע ווערק „היסטאָרי אָוו קאַנאַדיאַנאָן אועלט״, שיקאַגאָ, 1914.

קער אויפבלי פונעם סאָציאַלן און ווירטשאַפטלעכן לעבן, וועלכער איז נאָך חוץ דעם אַזוי ריזיק געקרעפּטיקט געוואָרן דורך אַ גאַנצער ריי עפּאָכעמאַכנדיקע דער־פינדונגען, אַזעלכע ווי דער גוסשטאָל, דער מעכאַנישער וועבשטול, די דאַמפמאַ־שין, א. אַ. וו. אָבער דאָס אַלעס איז מעגלעך געווען ערשט דעמאָלט, נאָכדעם ווי ס׳זענען צעריסן געוואָרן די קייטן, וועלכע ער האָט אַרויפגעלייגט אויף דער ווירטשאַפט. פּונקט אַזוי ווי דאָס איז שפּעטער פאָרגעקומען אין פראַנקרייך, אַזוי איז אויך די אַנטוויקלונג פון די געשעענישן אין ענגלאַנד געקומען דורך דער רע־וואָלוציע.

לכל הדעות איז אַזאַ אויפבלי בלויז מעגלעך געווען נאָר דאָרט, וואו די הערשאַפט פונעם אַבסאָלוטיסטישן שטאַט האָט נאָך נישט געהאַט פולשטענדיק פאַראַליזירט די לעבעדיקע כוחות פון פאָלק און נאָך נישט געהאַט לגמרי צעשטערט יעדן אויסקוק פאַר ווייטערדיקע אַנטוויקלונגסמעגלעכקייטן פון דער ווירטשאַפט דורך אַ זינלאָזער פּאָליטיק, ווי דאָס איז פאָרגעקומען אין שפּאַניע, למשל. אין איינעם פון די פריערדיקע קאַפּיטלען איז שוין דערמאָנט געוואָרן, ווי אַזוי דער זיגערישער דעספּאָטיזם האָט באַרויבט שפּאַניע פון זיינע בעסטע האַנטווערקער און פויערן דורך דעם אַכזריותדיקן גירוש פון מאָרן און יידן. דורך דער ברוטאַ־לער אונטערדריקונג פון דער געמיינדע־פרייהייט איז די ווירטשאַפטלעכע ירידה פונעם לאַנד נאָך מער אונטערגעיאָגט געוואָרן. פאַרבלענדט פונעם גאָלדפלוס, וועלכער האָט געשטראָמט אין לאַנד אַריין פון פּערו און מעקסיקע, האָט די מאָ־נאַרכיע לחלוטין נישט געלייגט קיין שום אויפמערקזאַמקייט אויף דער אַנטוויק־לונג און אויפהאַלטונג פון דער אינדוסטריע. קאַרל דער ערשטער האָט נאָך אַפילו געפּרואווט צו שטיצן די שפּאַנישע וואָל־ און זיידאינדוסטריע דורך פאַרווערן צו אימפּאָרטירן און דורך פּראָדוקציע־תקנות, אָבער זיינע נאָכקומער האָבן אַפילו פאַר דעם אויך נישט געהאַט מער קיין פאַרשטענדעניש. די שטעלונג אַלס וועלט־מאַכט, וועלכע שפּאַניע האָט געהאַט דערגרייכט, האָט איר אויך געגעבן דעם ערשטן פּלאַץ אינעם וועלט־האַנדל, אָבער זי האָט בלויז געשפּילט אַ ראָל ווי אַ פאַרמיטלערן, און זי האָט דורכגעפירט די נייטיקע קאָמערציעלע פאַרבינדונגען צווישן די אינדוסטריעלע לענדער און די מדינות, וועלכע האָבן אָפּגעקויפט זייער פּראָדוקציע. אַפילו די אייגענע קאָלאָניעס איז נישט געווען דערלויבט צו פירן מסחרים צווישן זיך, אָן דער פאַרמיטלונג פון דער מעטראָפּאָליע.

צו דעם איז נאָך געקומען די אומגליקלעכע אַגראַר־פּאָליטיק פון דער מלוכה, וועלכע האָט באַפרייט די אַריסטאָקראַטיע און דעם קלער פון יעדן מין גרונט־שטייער, אַזוי, אַז די גאַנצע שטייערן־לאַסט האָט געמוזט געדעקט ווערן פונעם קליינעם פויער. די גרויסע לאַנדאייגנטימער האָבן זיך פאַראייניקט אין דער אַזוי־גערופענער „ מ ע ס ט אַ ״, אַ פאַרבאַנד, וועלכער האָט זיך פּראָפּעסיאָנעל פאַרנומען מיט דער באַרויבונג פון די קליינע פויערן, און פון דער רעגירונג אַרויס־באַקומען אומגלויבלעכע פּריווילעגיעס. אונטער דער ממשלה פון די אַראַבער האָט

אין אַנדאַלוזיע עקזיסטירט אַ שטאַנד קליינע פויערן, און דאָס לאַנד האָט געהערט צו די פּרוכטבאַרסטע געביטן פון אייראָפּע. איצטער אָבער איז עס דערגאַנגען צו דעם, אַז דער גרונט און באָדן פון דער גאַנצער פּראָווינץ איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון פינף פריצישע גרונט־אייגנטימער, איז באַאַרבעט געוואָרן אויף אַ פּריוואַטן אופן פון ערדלאָזע פעלד־אַרבעטער און על־פּי־רוב געדינט ווי פּאַשע־פעלד פאַר די שאָף. אַזוי אַרום איז אַלץ נידעריקער געפאַלן דער קולטיוו פון תבואה, און נישט געקוקט אויפן גרויסן שטראָם פון די איידעלע מעטאַלן פון אַמעריקע, איז די באַפעלקערונג פון לאַנד אַראָפּגעזונקען אין טיפסטן עלנט.

די אומאויפהערלעכע מלחמות האָבן פאַרשלונגען ריזיקע סומעס. און ווען איר ים־מאַכט איז, נאָכדעם ווי די נידערלענדישע מדינות האָבן זיך פון איר אָפּ־געריסן און ס'איז דורך די ענגלענדער און האָלענדער אין 1558 צעשטערט גע־וואָרן איר „אַרמאַדאַ" (פלאָט), און איר מאָנאָפּאָל־פּאָזיציע אינעם וועלט־האַנדל, אַריבערגעגאַנגען צו די זיגער, איז דאָס לאַנד געוועזן אַזוי מוראדיק אויסגעמור־טשעט, אַז ס'איז שוין מער נישט געווען פעאיק פאַר אַן אויפלעב. איר אינדוס־טריע איז געווען כמעט פולשטענדיק פאַרניכטעט, אירע פעלדער פאַרוויסט און דער גרויסער רוב פון אירע איינוואוינער האָט געלעבט אין אַ פחדימדיקן עלנט און איז געשטאַנען לגמרי אונטער דער אַפּיטרופּסות פון דער קירך, וועמעס פאַר־טרעטער זענען געוואָרן אַזוי גרויס אין צאָל, אַז אַרום יאָר 1700 האָבן זיי אויס־געמאַכט כמעט אַ דרייסיקסטל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג און זיי האָבן אויס־געזויגן דעם מאַרך פונעם פאָלקס ביינער. פון 1500 ביז 1700 האָט דאָס לאַנד פאַרלוירן כמעט אַ העלפט פון זיין פריערדיקער באַפעלקערונג. ווען פיליפּ דער צווייטער האָט איבערגענומען די ירושה פון זיין פאָטער, האָט נאָך שפּאַניע גע־שמט ווי דאָס רייכסטע לאַנד פון אייראָפּע, הגם עס האָט שוין געטראָגן אין זיך דעם שפּראָץ פון דער ירידה; ביים סוף פון דער לאַנגער און אומגליקלעכער רעגי־רונגסצייט פון דאָזיקן אַכזריותדיקן און פאַנאַטישן דעספּאָט איז עס נאָך געווען נישט מער ווי אַ שאָטן פון זיין אַמאָליקער גרויסקייט. ווען פיליפּ האָט איינגע־פירט די באַרימטע „אַלקאַוואַלאַ", אַ שטייער, וועלכער האָט געצוואונגען יעדן איינוואוינער אָפּצוצאָלן צען פּראָצענט פון יעדער טראַנזאַקציע פאַר דער מלוכה, איז שוין דאָס לאַנד געווען אין פולשטענדיקן צוזאַמענברוך. אַלע באַמיאונגען פון די שפּעטערדיקע מושלים אָפּצושטעלן די ירידה האָבן נישט געהאַט קיין פּעולה, כאָטש זיי האָבן וואו־נישט־וואו געהאַט צו פאַרצייכענען פאַרבייגייענדיקע דער־פאָלגן. דער פּועל־יוצא פון יענער קאַטאַסטראָפאַלער ירידה קאָן מען נאָך היינט אַפילו מערקן אומעטום אין שפּאַניע.

אין דייטשלאַנד איז דאָס איינשטעלן אַ גרויסע נאַציאָנאַלע מלוכה מיט אַן איינהייטלעכער פאַרוואַלטונג, מטבע און רעגולירונג פון די פינאַנצן פאַרהאַלטן געוואָרן צוליב פאַרשידנדיקע סיבות. די דינאַסטיע פון די האַבסבורגער האָט אַפילו געאַרבעט מיט דער כוונה צו גרינדן אַזאַ מין מלוכה, אָבער זי איז קיינמאָל נישט

געווען ביכולת צו אונטערריאָכן דעם אדל און די קליינע פירשטן אין לאַנד, ווי דאָס איז געלונגען דער מאָנאַרכיע אין פראַנקרייך נאָך לאַנגע קאַמפן. אין דייטשלאַנד האָבן, אדרבא, די פירשטן באַוויזן וואָס שטאַרקער צו באַפעסטיקן זייער טעריטאָריעלע מאַכט און מיט דערפאָלג צו טראָגן די אַלע פלענער פאַר דער אויפריכטונג פון אַ שטאַרקער צענטראַלער מאַכט, און זיי האָבן זיך דערביי קיינמאָל נישט געקווענקלט צו פאַראַטן דעם קייזער און דאָס לאַנד ביי יעדער פּאַסיקער געלעגנהייט און זיך צו פאַרבינדן מיט די געפערלעכסטע שונאים אין אויסלאַנד, ווען דאָס איז אויסגעפאַלן לטובת זייערע אינטערעסן. נאַציאָנאַלע מניעות זענען זיי געווען פולשטענדיק פרעמד און די אינערלעכע צעריסנקייט פון דער דייטשער ווירטשאַפט איז געווען שטאַרק לטובת זייערע שטרעבונגען.

בלי שום ספק, אַז אויך די האַבסבורגער האָבן פאַרשטאַנען ווי אַזוי צו באַשיצן זייערע ספּעציפישע דינאַסטישע אינטערעסן, אָבער עס האָט דעם רוב פון זיי געפעלט דער גרויסצוגיקער פאַרנעם און דער ווייטער בליק, און דאָס האָט גורם געווען, אַז זיי האָבן אָפט מקריב געווען זייערע פלענער וועגן איינהייט פאַר קליינע דערפאָלגן פונעם מאָמענט, נישט אָפּגעבנדיק זיך אַפילו קיין ריכטיקן חשבון וועגן דעם. דאָס האָט זיך צומבעסטן אַרויסגעוויזן דעמאָלט, ווען וואַלענשטיין האָט נאָך אַ פּיריעריקער מלחמה געצוואונגען די דענער, אינעם פרידנס־אָפּמאַך אין ליבעק, זיך מער נישט אַריינצומישן אין דייטשע אָנגעלעגנהייטן. דעמאָלט איז געווען אַ ביז גאָר גינציקע, אָבער אויך לעצטע געלעגנהייט, צו וואָגן אַ דערפאָלגצוזאָגנדיקן קלאַפּ פאַר דער איינשטעלונג פון אַ צענטראַלער מאַכט מיטן קייזער בראש. פּאַקטיש האָט וואַלענשטיין געהאַט פאַר די אויגן דעם נעמלעכן ציל, וואָס רישעליו האָט געהאַט פאַר פראַנקרייך און אים מיט הצלחה דורכגעפירט ביז צום סוף.

אָבער פערדינאַנד דעם צווייטן, באַאיינפלוסט פון קורצזיכטיקע בעלי־יועצים, איז נישט איינגעפאַלן קיין בעסערע זאַך ווי נאָר אַרויסצולאָזן באַלד נאָכן פרידנס־אָפּמאַך, דורך וועלכן ס׳איז אים אויף אַ געוויסן אופן אַריינגעפאַלן אין די הענט גאַנץ צפון־דייטשלאַנד, דעם רעסטיטוציע־עדיקט פון 1629, לויט וועלכן ס׳איז פאַראָרדנט געוואָרן אומצוקערן דער קאַטוילישער קירך אַלע קלויסטערלעכע און קירכלעכע אייגנטימער, וועלכע מ׳האָט ביי איר קאָנפיסקירט זינט דעם פּאַסאַוער אָפּמאַך. אַזאַ פאַראָרדענונג האָט נאַטירלעך געווירקט ווי אויפרייסשטאָף. די גאַנצע פּראָטעסטאַנטישע באַוועגונג אין לאַנד איז געוואָרן אויפגעבראַכט קעגן קייזער און זיינע ראַטגעבער, אָבער קודם־כל די פּראָטעסטאַנטישע פירשטן, וועלכע ס׳איז אַפילו נישט איינגעפאַלן אומצוקערן די שוין צוגענומענע קירכלעכע פאַרמעגנס. און דאָס האָט פּאַסירט פונקט דעמאָלט, ווען דער שוועדישער קעניג גוסטאַוו אַדאָלף האָט שוין געהאַט געמאַכט אַלע צוגרייטונגען זיך אַריינצורייסן אין פאָמערן.

די פּראָטעסטאַנטישע פירשטן איז דאָ, בכן, געגאַנגען וועגן גאַנץ גשמיות־

דיקע עניגים, און לוטערס לערע איז זיי דאָ שטאַרק צונוצגעקומען איינצואוויק־לען אָט־די אינטערעסן אין אידעאָלאָגישע כוונות. נאָך דער בלוטיקער אונטער־דריקונג פון די דייטשע פויערן אין יאָר 1525 האָט שוין פאַר זיי די רעפאָרמאַ־ציע מער נישט געקאָנט זיין סכנהדיק, אָבער אויך מיט דער „רעליגיעזער אי־בערציייגונג" פון די מעכטיקע קעגנער פונעם פראָטעסטאַנטיזם איז עס בשום אופן נישט געווען בעסער. אויך פאַר זיי זענען אויפן ערשטן פלאַץ געשטאַנען מאַכטפּאָליטישע און עקאָנאָמישע אינטערעסן. אַלעס אַנדערע איז זיי זייער ווייניק אָנגעגאַנגען. רישעליו, וועלכער האָט דעמאָלט געהאַלטן דעם מלוכה־רודער פון דער פראַנצויזישער מאָנאַרכיע אין זיינע הענט, האָט זיך לגמרי נישט געפילט מאָראַליש געדריקט פון דעם, וואָס ער האָט אונטערגעשטיצט גוסטאַוו אַדאָלפן אין זיין קאַמף קעגן קייזער און דער קאַטוילישער ליגע, כאָטש ער אַליין איז געווען אַ קאַרדינאַל און דיגניטאַר פון דער קאַטוילישער קירך. אים האָט בלויז אינטע־רעסירט איין זאַך: נישט צו דערלאָזן דעם אויפקום פון אַ דייטשן נאַציאָנאַלן שטאַט, בכדי צו באַשיצן די קאַטוילישע מאָנאַרכיע פון אַן אומבאַקוועמען קאָנ־קורענט. פונקט אַזוי האָט זיך גוסטאַוו אַדאָלף גאַנץ ווייניק גענומען צום האַרץ די אינטערעסן פון די דייטשע פראָטעסטאַנטן; ער האָט געהאַט אין זינען זיינע אייגענע דינאַסטישע אינטערעסן, די אינטערעסן פון דער שוועדישער מלוכה, און נאָר דאָס איז אים אָנגעגאַנגען. אָבער פאַרן סולטאַן, פונקט ווי פאַרן דאַמאָלס־דיקן פויפסט אורבאַן דעם אַכטן, איז דעם שוועדישן קעניגס פראָטעסטאַנטיזם לחלוטין נישט געווען קיין מאָטיוו צוצונעמען פון אים די בפירושע צוגעלאָזנקייט, כל־זמן ער האָט געפירט מלחמה מיט דער האַבסבורגער דינאַסטיע, וועלכע איז פאַר ביידן געווען אַ דאָרן אין אויג צוליב פּאָליטישע מאָטיוון.

נאָך דער דרייסיקיעריקער מלחמה, פון וועלכערס פאַרוויסטנדיקע קאָנסעק־ווענצן דייטשלאַנד האָט קוים אין צוויי הונדערט יאָר געקאָנט קומען צו זיך, איז יעדע אויסזיכט פאַר דער גרינדונג פון אַ דייטשן איינהייטלעכן שטאַט געווען אינ־גאַנצן פאַרשוואונדן. פונדעסטוועגן האָט זיך די פּאָליטישע אַנטוויקלונג אויך דאָרט פאַרנומען אויף דיזעלביקע וועגן ווי אין רוב אייראָפּעאישע מלוכות. די באַ־זונדערע טעריטאָריאַלע מלוכות, בעיקר די גרעסערע, אַזעלכע ווי עסטרייך, בראַנ־דענבורג־פּרייסן, זאַקסן, בייערן, האָבן זיך באַמיט איינצושטעלן זייער אינערלעכע סטרוקטור לויט די מערבדיקע מאָנאַרכיעס און אין זייערע אייגענע גרענעצן פאַר־ווערטיקן זייער עקאָנאָמיש־פּאָליטישע שטרעבונגען. עס פאַרשטייט זיך, אַז די פאַרשטייער פון דידאָזיקע מלוכות האָבן נישט געקאָנט טראַכטן צו שפּילן דיזעל־ביקע ראָל ווי זייערע גרויסע שכנים פון מערב. די עקאָנאָמישע צוריקגעשטאַנענ־קייט פון זייערע מדינות און די אימהדיקע וואונדן, וועלכע דער לאַנגער קריג האָט געהאַט פאַראורזאַכט דעם גאַנצן לאַנד, האָבן דאָס נישט צוגעלאָזט, אַזוי, אַז זיי זענען גאַנץ אָפט געווען געצוואונגען זיך צו שטעלן אונטערן שוץ פון די עקזיסטירנדיקע גרויסע מלוכות.

היות דער אומגליקלעכער קריג האָט באַרויבט דייטשלאַנד פון כמעט צוויי דריטל פון איר באַפּעלקערונג און ריזיקע שטחים לאַנד פאַרוואַנדלט אין וויסטע־נישן, האָבן די באַזונדערע מלוכות געמוזט ווידמען זייער הויפּטאויפמערקזאַמקייט אויף דער פראַגע פון דער באַפעלקערונג, מחמת די פאַרמערונג פון דער צאָל איינוואוינער האָט אויך געשטאַרקט די מאַכט פון דער מלוכה. אַזוי האָט מען אַרויפגעלייגט שטייערן אויף נישט חתונה־געהאַטע פרויען און מ'האָט זיך אויך אָפט אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק וועגן פּאָליגאַמיע, בכדי דאָס לאַנד פונדאַסניי צו שטעלן אויף די פיס. קודם־כל אָבער האָט מען זיך באַמיט אויפצולעבן די לאַנדווירטשאַפט, וואָס אַדאַנק דעם האָט די אינערלעכע פּאָליטיק פונעם רוב דייטשע מלוכות באַקומען יענעם פעאָדאַלן שטריך, וועלכער האָט זיך ביי די אַבסאָלוטיסטישע שטאַטן פון מערב אַלץ מער אָפּגערוקט אין הינטערגרונט צוליב דעם שטייגנדיקן מערקאַנטיליזם.

גלייכצייטיק האָבן זיך די גרעסטע דייטשע שטאַטן מכוון געווען צו טראַנספאָרמירן זייערע לענדער אין איינהייטלעכעווירטשאַפטלעכע געביטן. פאַר דעם צוועק האָט מען אָפּגעשאַפט די האַנדלספּריווילעגיעס פון די שטעט און יעדע פּראָפעסיע האָט מען אונטערגעוואָרפן אונטער אַ באַזונדערער תקנה. בעיקר אָבער האָט מען זיך באַמיט צו שטיצן וואָס מער די אַנטוויקלונג פון האַנדל און אינדוסטריע, און געטאָן דאָס האָט מען דורך האַנדלסאָפּמאַכן, פאַרווערן דעם אַריינפיר און אַרויספיר פון פּראָדוקטן, טאַמאַזשנע אָפּצאָלן, פּרעמיעס פאַרן עקספּאָרט א. ד. גל., בכדי אויף דעם אופן צו פאַרשאַפן נייע הכנסות פאַרן מלוכה־אוצר. אַזוי האָט ווילהעלם דער ערשטער פון פּרייסן אין זיין פּאָליטישער צוואה דרינגנדיק געעצהט זיין נאָכפאָלגער, אַז ער זאָל זען צו זאָרגן טאָרן געדייען פון די מאַנופאַקטורן און ער האָט אים פאַרזיכערט, אַז דורך דעם וועלן זיך „פאַרגרעסערן זיינע רעוועגועלן" און זיין לאַנד וועט דערגרייכן צו אַ „בליענדיקן צושטאַנד".

אָבער ווען אַפילו די שפּעקולאַציע פון די קלענערע מושלים האָט אויף אַ געוויסן אופן געהאָלפן אַנטוויקלען דאָס ביסל מאַנופאַקטור אין לאַנד און דאָס, אגב, נאָר בכדי צו פאַרגרעסערן די הכנסות פון דער מלוכה, האָט אָבער, פון דער אַנדערער זייט, דער גאַנצער שטראָם אומזיניקע פאַראָרדענונגען געזאָרגט דערפאַר, אַז די אינדוסטריע זאָל זיך לגמרי נישט קאָנען אַנטוויקלען און זי איז במשך פון הונדערטער יאָרן געבליבן צוגעבונדן צו די אַלטע נעבעכדיקע פאָרמען. ס'איז דעריבער אַ פולשטענדיקע פאַרלייקענונג פון די געשיכטלעכע פאַקטן צו באַהויפּטן, אַז דורכן אויפקומען פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט אין איראָפּע זענען פאַרבעסערט געוואָרן די באַדינגונגען פון דער פּראָדוקציע און אַז ס'זענען בעיקר ערשט געשאַפן געוואָרן די נייטיקע פאָרויסיקע קאָנדיציעס פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע. דווקא דער היפוך דערפון איז דער אמת. דער אַבסאָלוטיסטישער נאַציאָנאַלשטאַט האָט אין יעדן לאַנד פאַר אַ משך פון הונדערטער יאָרן געלייגט שטיינער אין וועג דער אַנטוויקלונג פון די עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן און זיי

קינסטלעך געשטערט. זיינע באַרבאַרישע מלחמות, וועלכע האָבן אַ סך טיילן פון, אייראָפּע אָנגעפולט מיט מאָרד און בראַנד, זענען געווען די סיבה, פאַרוואָס די בעסטע פון די דערגאַבערונגען פון דער אינדוסטריעלער טעכניק זענען פאַרגעסן געוואָרן און על־פּי־רוב געמוזט נעבעכדיק פאַרביטן ווערן דורך שוין לאַנג פאַר־עלטערטע אַרבעטסמעטאָדן. אָבער זיינע אומזיניקע תקנות האָבן געטייט דעם גייסט פון דערווירטשאַפט און דערשטיקט יעדן פרייען אימפּולס, יעדע שעפּע־רישע טעטיקייט, וואָס אָן זיי איז לחלוטין אומדענקבאַר יעדער מין אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און פון די עקאָנאָמישע פאָרמען בכלל.

איבעריקנס גיט אונדז די צייט, אין וועלכער מיר לעבן, די בעסטע פּראַק־טישע אילוסטראַציע: דווקא היינט, ווען אַ קריזיס פון אומדערהערטן פאַרנעם איז באַפאַלן די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע וועלט, און ער שטויסט אַלע לענדער צום אָפּגרונט, ווייזט זיך אַרויס די סטרוקטור פון נאַציאָנאַלן שטאַט ווי איינע פון די אומאיבערשפּאַנבאַרסטע מניעות צו מאַכן אַ סוף צו אָט־דעם שרעקלעכן צושטאַנד, אָדער אַפילו בלויז צו דערפירן צו אַ צייטווייליקער פאַרמילדערונג פון דער צרה. דער נאַציאָנאַלער עגאָיזם האָט ביז איצט דערפירט צו אַ דורכפאַל פון אַלע ערנס־טע פּרוואוון פאַר אַ קעגנזייטיקער פאַרשטענדיקונג און ער זוכט שטענדיק צו שלאָגן קאַפּיטאַל פונעם שכנס נויט. אַפילו די בפירושסטע פאַרטיידיקער פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט אַנערקענען אַלץ מער און מער די פאַטאַליטעט פון דערדאָזיקער לאַגע, אָבער ווידער זענען עס „נאַציאָנאַלע אָפּשאַצונגען", וועל־כע בינדן זיי צו די הענט און פאַרמשפּטן אין פאָרויס צו אומפּרוכפּעריקייט אַלע פאָרשלאָגן און פּרוואוון צו געפינען אַ לייזונג, פון וועלכער זייט זיי זאָלן נאָר קומען.

# VIII

# די דאָקטרין פונעם סאָציאַלן קאָנטראַקט

די הומאַניסטן און די לערע וועגן סאָציאַלן קאָנטראַקט. — דער מענטש ווי די מאָס פון אַלע זאַכן.—דער מקור פון די נאַטוררעכטלעכע לערן.— דאָס נאַטורעלע רעכט פון די ציניקער און סטאָיקער ביז צו זענאָנען. — נאַטורעל רעכט און אַבסאָלוטיזם. — די תקופה פון די סאָציאַלע אוטאָפּיעס. — טאָמאַס מאָר און פראַנסואַ ראַבעלע. — די מאָנאַרכאָמאַכן. — לאַנגעטס „ווינדיקיע קאָנטראַ טיראַננאָס". — די אָפּענסיווע און דעפענסיווע אַליאַנץ פון די נידערלענדער. — דער יעזואיטיזם און די וועלטלעכע מאַכט. — פראַנסיסקאָ סואַרעס און דאָס „געטלעכע רעכט" פון די מלכים. — כואַן דע מאַריאַנאַ און די דאָקטרין וועגן טיראַנענמאָרד.—לאַ באָעסי וועגן פרייוויליקער קנעכטשאַפט.—געאָרג בוטשאַנאַן און די דאָקטרין וועגן „פאָלקסווילן". — טאָמאַס האָבס טעאָריע וועגן שטאַט. — דער „לוויתן". — אינדעפּענדענטן און פּרעסביטעריאַנער. — דזשאָן מילטאָן און דער פּוריטאַניזם. — דזשאָן לאָקס טעאָריע וועגן פאָלק און רעגירונג. — איינפלוס פון דער דאָקטרין וועגן נאַטורעלן רעכט אויף דער אַנטוויקלונג פונעם אינטערנאַציאָנאַלן פעלקעררעכט.

דער רענעסאַנץ מיט זיין שטאַרקער געצנדינערישער טענדענץ האָט פונדאַסניי אויפגעוועקט דעם אינטערעס פון די מענטשן פאַר די ערדישע ענינים און איבעראַנייס צוגעצויגן זייער אויפמערקזאַמקייט צו פראַגן, וועלכע זענען פון זינט דעם אונטערגאַנג פון דער אַלטער וועלט קוים נאָך דערמאָנט געוואָרן. דער גרויסער היסטאָרישער באַדייט פונעם אויפקומענדיקן הומאַניזם איז טאַקע געלעגן אין דעם, וואָס זיינע גייסטיקע פירער האָבן גובר געווען די גייסטיקע צאַמען און אַריבערגעשפרונגען איבער די טויטע פאָרמולעס פון דער סכאָלאַסטיק און ווידער אַוועקגעשטעלט דעם מענטשן און זיין געזעלשאַפטלעכע סביבה אינעם צענטער פון זייערע אָפּשאַצונגען און מחשבות, אַנשטאָט צו בלאָנדזשען מבולבלדיק אינעם לאַבירינט פון אומפרוכפּעריקע טעאָלאָגישע באַגריפן, ווי דאָס האָבן געטאָן די טאָגנעבער פונעם זיגערישן פּראָטעסטאַנטיזם אין די צפונדיקע לענדער. דער הומאַניזם איז נישט געווען קיין פאָלקסבאַוועגונג, נייערט אַ גייסטיקע שטרעמונג, וועלכע האָט אַרומגעכאַפּט כמעט אַלע לענדער פון אייראָפּע און אַוועקגעלייגט די גרונט־יסודות פאַר אַ נייעם לעבנסבאַנעם. דאָס, וואָס אויך דידאָזיקע באַוועגונג איז שפּעטער גייסטיק פאַרטעמפּט געוואָרן און געוואָרן אַן ענין פון טרוקענער

קאַבינעט־געלערנטקייט, וואָס מער זי האָט פאַרלוירן די באַציאונגען צוםווירק־לעכן לעבן, נעמט גאַרנישט צו פונעם ווערט פון אירע התחלהדיקע שטרעבונגען.

דאָס פאַרנעמען זיך מיט די נאַטירלעכע דערשיינונגען פון לעבן האָט ווי־דעראַמאָל געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די מענטשן אויף די געזעלשאַפט־לעכע גרופּירונגען און אַנשטאַלטן פון די פעלקער, דורך וואָס דער אַלטער געדאַנק מכוח דעם נאַטור־רעכט איז פונדאַסניי אויפגעלעבט געוואָרן. בעת דער זיך אַלץ מער אויסשפּרייטנדיקער אַבסאָלוטיזם האָט זיך מכוון געווען צו פאַרפעס־טיקן און באַגרינדן זיין ממשלה אין גאָטס גענאָד, האָבן זיך די האַלבע און גאַנ־צע קעגנער פון דער שטאַטסמאַכט פאַררופן אויף די „נאַטירלעכע רעכטן" פונעם מענטשן, וועמעס שוץ עס דאַרף גאַראַנטירן דער אַזויגערופענער סאָציאַלער קאָנ־טראַקט. אַזוי אַרום איז מען פון זיך אַליין צוגעקומען נעענטער צו די פראַגן, וועל־כע האָבן שוין געהאַט באַשעפטיקט די דענקער פונעם מיטלאַלטער און וועלכע האָבן איצט באַקומען אַ נייעם באַדייט דורך דער באַנייאיקער אַנטדעקונג פון דער אַלטער ציוויליזאַציע. מ'האָט געזוכט קלאָר צו ווערן וועגן דער שטעלונג פונעם יחיד אין דער געזעלשאַפט און געזוכט צו דערגיין דעם שורש און באַדייט פונעם שטאַט. ווי אומגענוגנדיק דידאַזיקע פּרוּאוון זאָלן זיך אונדז היינט אויסווייזן, האָבן זיי אָבער געהאַט די פעולה, אַז מ'האָט פונדאַסניי אָנגעהויבן שענקען מער אויפמערקזאַמקייט דער פראַגע מכוח דעם רעכט און געזוכט קלאָר צו ווערן וועגן די באַציאונגען פונעם בירגער צום שטאַט און פון דער עקזיסטירנדיקער מאַכט צום פאָלק.

און היות ווי דער רוב פון די דענקער, וועלכע זענען געווען באַאיינפלוסט פון הומאַניסטישע אידעאַלן, האָבן געוואָלט זען אינעם יחיד די „מאָס פון אַלע זאַכן", האָבן זיי באַטראַכט די געזעלשאַפט נישט ווי אַ באַזונדערן אָרגאַניזם, וועל־כער פירט זיך לויט זיינע אייגענע געזעצן, נייערט ווי אַ פערמאַנענטע פאַראייני־קונג פון איינצלנע מענטשן, וועלכע האָבן זיך צוזאַמענגענומען צוליב אַזאַ אָדער אַנדער מאָטיוו. פון דאַנען איז אַרויסגעקומען דער רעיון, אַז דאָס געזעלשאַפט־לעכע צוזאַמענלעבן פון די מענטשן דאַרף האָבן אַלס יסוד אַ געוויסע אָפּמאַך־פאַר־העלטעניש, וועלכעס זאָל זיך סומך זיין אויף אַלטע און אומבאַרירלעכע רעכטן, וועלכע זענען שוין געווען גילטיק נאָך פאַרן אויפקום פון דער אָרגאַניזירטער מלוכה־שער מאַכט און האָבן געדינט ווי אַ נאַטירלעכע גרונטלאַגע פאַר אַלע באַציאונגען פון די מענטשן צווישן זיך. דערדאָזיקער געדאַנק איז דער אייגנטלעכער מקור פון דער נאַטירלעכער לערע, וועלכע האָט אין יענער תקופה אויפגעבליט צום נייעם לעבן.

אונטערן דרוק פון דער געזעלשאַפטלעכער אומגלייכהייט, וועלכע האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער אויסגעשפּרייט אינערהאַלב די גריכישע שטאָט־רעפּובליקן, האָט זיך אין פינפטן יאָרהונדערט פון אונדזער צייטרעכענונג אַנטוויקלט די לערע וועגן „נאַטורצושטאַנד", וועלכע איז אַרויסגעקומען פונעם גלויבן אין אַ לעגענ־

דאַרישער „גאָלדענער תקופה“, ווען דער מענטש האָט נאָך געקאָנט לעבן פריי און אומגעשטערט זיין גליקלעך לעבן, ביז ער איז ביסלעכווייז אַרונטערגעפאַלן אונטערן יאָך פון פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס און פון פּאָזיטיווע רעכט־באַגריפן, וועלכע זענען פון זיי אַרויסגעקומען. פון אָט־דעם באַנעם האָט זיך על־פּי לאָגיק אַנטוויקלט די לערע וועגן „נאַטורעלן רעכט“, וועלכע האָט שפּעטער געדאַרפט שפּילן אַזאַ באַדייטנדיקע ראָל אין דער גייסטיקער געשיכטע פון די אייראָפּעאישע פעלקער.

בעיקר זענען דאָס געווען די אָנהענגער פון דער סאָפיסטישער שול, וועלכע פלעגן זיך אין זייער קריטיק מכוח די געזעלשאַפטלעכע צרות פאַררופן אויף אַ געוועזענעם נאַטורצושטאַנד, וואו דער מענטש האָט נאָך נישט געקאָנט די אומגליקלעכע רעזולטאַטן פון סאָציאַלער אונטערדריקונג. אַזוי האָט דערקלערט היפּיאַס פון עליס, אַז „דאָס געזעץ איז געוואָרן דעם מענטשנס טיראַן און עס דערפירט אים תמיד צו אַנטינאַטירלעכע מעשים“. אַלקידאַמאַס, ליקאָפראָן און אַנדערע זענען אויפן סמך פון דערדאָזיקער מסקנה אַרויסגעטראָטן פאַר דער אָפּשאַפונג פון אַלע געזעלשאַפטלעכע פּריווילעגיעס און באַזונדערס האָבן זיי פאַרוואָרפן דעם איינפיר פון שקלאַפערײַ, מחמת זי איז לגמרי נישט באַגרינדעט אין דער נאַטור פונעם מענטשן, נאָר זי איז אַרויסגעקומען פון די מענטשנס תקנות, וועלכע האָבן פון דער אומגערעכטיקייט געמאַכט אַ מידה טובה. איינע פון די גרעסטע פאַרדינסטן פון דער אַזוי שטאַרק געלעסטערטער סאָפיסטישער שול איז געווען דאָס, וואָס אירע אָנהענגער האָבן זיך אַרויסגעהויבן איבער אַלע נאַציאָנאַלע אָפּגרענעצונגען און באַוואוסטזיניק זיך אַרויסגעשטעלט ווי אָנגעהעריקע צו דער גרויסער געמיינשאַפט פונעם מענטשלעכן מין. זיי האָבן געפילט די אומגענוגנדיקייט און די גייסטיקע באַשרענקטקייט פון דער פאָטערלאַנד־אידעע און צוזאַמען מיט אַריסטיפּן האָבן זיי אַנערקענט, אַז „יעדעס אָרט איז פונקט אַזוי ווייט פונעם האַדעס“.

שפּעטער זענען די ציניקער, אויפן יסוד פונעם זעלביקן נאַטורעכטלעכן באַנעם, דערגאַנגען צו ענלעכע שלוסן. פון דעם ביסל, וואָס איז פאַרבליבן אויפגעהיט פון זייערע לערעס, איז בולט אַרויסצוזען, אַז זיי האָבן זיך באַצויגן זייער קריטיש צו די אינסטיטוציעס פון שטאַט און זיי באַטראַכט ווי אַן אוממיטלבאַרן היפּוך פון אַ נאַטירלעכן סדר פון די זאַכן. באַזונדערס שטאַרק איז אַרויסגעטראָטן ביי די ציניקער דער וועלטבירגערלעכער שטריך זייערער. אַזוי ווי זייערע אידעען זענען געווען פיינטלעך צו אַלע קינסטלעכע אונטערשיידן צווישן די פאַרשידענע שטאַנדן, קאַסטן און סאָציאַלע שיכטן, האָט זיך זיי שוין, צוליב אָט־דעם טעם, געמוזט אויסווייזן ווי א טיפּשות און ווי גייסטלאָז יעדער מין נאַציאָנאַלע העכערקייט. אַנטיסטענעס האָט טאָקע אויך אויסגעלאַכט די נאַציאָנאַלע גאווה פונעם העלעניזם און דערקלערט סיי די מלוכה און סיי די נאַציאָנאַליטעט ווי גלייכגילטיקע ענינים. דיאָגענעס פון סינאָפּע, דער „חכם פון קאָרינט“, וועלכער איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ לאַמטערן אין דער האַנט אינמיטן העלן טאָג און אַרומגעזוכט מענטשן, האָט אויך נישט געהאַט קיין פאַרשטענדעניש פאַר די „שוואַכקייטן

פונעם פאַטריאָטיזם" — ווי לעסינג האָט עס אָנגערופן, — מחמת אינעם מענטשן גופא האָט ער דערקענט דעם אור־שורש פון יעדן שטרעבן.

די העכסטע שלימות האָט דאָס נאַטורעלע רעכט באַקומען דורך דער שול פון די סטאָיקער, וועמעס באַגרינדער, זענאָן פון קיטיאָן, האָט אָפּגעוואָרפן יעדן אויסערלעכן צוואַנג און געלערנט די מענטשן זיך צו האַלטן ביים „אינערלעכן געזעץ", וועלכעס אַנטפּלעקט זיך אין דער נאַטור גופא. אַזוי אַרום איז ער דער־גאַנגען צו דער פולשטענדיקער אָפּוואַרפונג פונעם שטאַט און פון אַלע מאַכט־פּאָליטישע אינסטיטוציעס און געשטרעבט צו אַ צושטאַנד פון פולקאָמער פרייהייט און גלייכהייט פאַר אַלץ, וואָס האָט אַ מענטשלעכע צורה. די צייט, אין וועלכער זענאָן האָט געלעבט, איז געווען שטאַרק גינציק פאַר זיין קאָסמאָפּאָליטישן אַרט דענקען און פילן, אויף אַזוי ווייט, אַז מ'האָט נישט געוואוסט פון קיין חילוק צווישן גריכן און באַרבאַרן. די אַלטע גריכישע געזעלשאַפט איז געווען אין צו־שטאַנד פון פולשטענדיקן פונאַנדערפאַל; דער אויפקומענדיקער העלעניזם, וועל־כער האָט בעיקר געשטיצט אַלעקסאַנדער מוקדונס שטרעבונגען צו אייגהייט, האָט געהאַט שטאַרק פאַרענדערט די באַציונגען פון די פעלקער צווישן זיך און געשאַפן גאַנץ נייע אויסזיכטן.

דערמיט וואָס זענאָן האָט צוזאַמענגעשמאָלצן אין איין סאָציאָלאָגישן סינ־טעז דעם מענטשנס געזעלשאַפטלעכן אינסטינקט, וועלכער האָט זיין מקור אינעם צוזאַמענלעבן מיט זיינע מיטמענטשן און געפינט זיין עטישן אויסדרוק אינעם גערעכטיקייטסגעפיל פון יעדן אינדיוויד, מיטן פערזענלעכן פרייהייטס־באַדער־פעניש און דער זעלבסטפאַראַנטוואָרטלעכקייט פון יעדן יחיד פאַר זיינע מעשים, דערמיט איז ער געוואָרן פּלאַטאָנס אַנטיפּאָד. מחמת פּלאַטאָן האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן אַ האַרמאָניש צוזאַמענלעבן פון די מענטשן נאָר אויפן יסוד פון אַ גייסטיקער און מאָראַלישער אונטערגעוואָרפנקייט, אַן אַרויפגעצוואונגענער פון אויסערלעכן דרוק, און איז אין זיינע אָנשויאונגען געווען אַזוי טיף פאַרוואָרצלט אין די ענגע גרענעצן פון ריין־נאַציאָנאַלע באַגריפן ווי זענאָן איז געווען פאַר־וואָרצלט אינעם באַוואוסטזיין פון זיין ריינעם מענטשנטום. זענאָן איז געווען דער העכסטער גייסטיקער פּונקט פון יענער ריכטונג, וועלכע האָט אָנערקענט אינעם מענטשן „די מאָס פון אַלע זאַכן", פּונקט ווי וויליאַם גאָדווין איז מיט צוויי טויזנט יאָר שפּעטער געוואָרן דער העכסטער פּונקט פון יענער אַנדערער גייסטיקער שטרע־מונג, וועלכער איז אויסן געווען צו באַגרענעצן „די טעטיקייט פון דער מלוכה צום מינימום".

די לערע וועגן נאַטורעלן רעכט, וועלכע איז דורכן הומאַניזם אַרויסגעריסן געוואָרן פון דער פאַרגעסנהייט, האָט געשפּילט אַן אַנטשיידנדיקע ראָל אין די גרויסע קאַמפן קעגן דעם אַבסאָלוטיזם און האָט געגעבן אַ טעאָרעטישן יסוד די שטרעבונגען קעגן דער אַבסאָלוטער מאַכט פון די פּרינצן. די פירער פון דידאַזיקע שטרעבונגען זענען דערביי אַרויסגעגאַנגען פון פאָלגנדער הנחה: ווען דער מענטש

האָט פון פּאַרצייטנס אָן געהאַט איינגעבוירענע און אומבאַרירלעכע רעכטן, האָבן דידאָזיקע רעכטן ביי אים נישט געקאָנט צוגענומען ווערן אַפילו נישט דורך דער איינפירונג פון אַן אָרגאַניזירטער רעגירונג, און דער יחיד גופא האָט נישט געקאָנט פאַרציכטן אויף זיי. אדרבא, וועגן דידאָזיקע רעכטן האָט מען גיכער געדאַרפט קומען צו אַ הסכם מיט דער מלוכה־מאַכט און דורך אַן אָפּמאַך האָבן זיי געדאַרפט באַשטימט און עפנטלעך באַשטעטיקט ווערן. פון אָט־דער קעגנזייטיקער פאַרשטענדעניש איז שוין פון זיך אַליין אַרויסגעקומען דאָס פאַרהעלטעניש צווישן שטאַט און פאָלק, הערשער און בירגער.

דערדאָזיקער באַגעם, וועלכער האָט אַפילו נישט געקאָנט פּרעטענדירן אויף קיין געשיכטלעכער באַגרינדונג און ער האָט זיך בלויז סומך געווען אויף אַן אָנגענומענער השערה, האָט אָבער פונדעסטוועגן דערלאַנגט אַ פילבאַרן קלאַפּ דעם גלויבן אין דער געטלעכער שליחות פונעם הערשער, וועלכער האָט געהאַט זיין העכסטן אויסדרוק אינעם גאָטס־גענאַד־פּרינציפּ פונעם זיגערישן אַבסאָלוטיזם, אַ קלאַפּ, וועלכער האָט מיטן לויף פון דער צייט געווירקט אַנטשיידנדיק. ווייל ווען די פּאָזיציע פונעם ראש פון דער מלוכה האָט זיך באַזירט אויף אַן אָפּמאַך, איז פון דעם אַרויסגעדרונגען, אַז דער מושל איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פאָלק און אַז די מכלומרשטע אומבאַרירלעכקייט פון דער קעניגלעכער מאַכט איז בלויז געווען אַ באָבע־מעשה, וועלכע מ׳האָט שטילשווייגנדיק אָנגענומען ווי אַן אמת. און אויב דער ענין איז שוין אַזעלכער, באַזירט זיך דאָך דאָס פאַרהעלטעניש צווישן הערשער און פאָלק נישט אויף אַ פּשוטן געבאָט פון דער מאַכט, אויף וועלכן די מענטשן מוזן ווילנדיק אָדער נישט־ווילנדיק איינגיין. אַנטקעגן דער מאַכט פונעם הערשער איז גיכער געשטאַנען דאָס אומבאַרירלעכע רעכט פונעם יחיד, וועלכעס האָט אַוועקגעשטעלט געוויסע באַשרענקונגען פאַר די ווילקירלכע באַשלוסן פונעם ראש פון דער מלוכה, וואָס אַדאַנק דעם איז מעגלעך געווען אַן אויסגלייך פון די כוחות אינערהאַלב דער געזעלשאַפט. פאַקטיש האָבן זיך די וואָרטזאָגער פון די נאַטור־רעכטלעכע אידעען געקאָנט שטיצן אויף אַ גאַנצער ריי געשיכטלעכע פאַקטן. געגוג צו דערמאָנען זיך, למשל, אין די אַלטע קרוינונגספאָרמולן פון די אַראַגאָנער:

„מיר, וואָס מיר זענען אַזוי פיל ווערט ווי דו, און וואָס צוזאַמען זענען מיר מער ווערט ווי דו, מאַכן דיך פאַר קעניג. אויב דו וועסט רעספּעקטירן אונדזערע געזעצן און רעכטן, וועלן מיר דיך פאָלגן, אויב נישט — נישט“.

מ׳האָט דערקענט די שעדלעכע קאָנסעקווענצן, צו וועלכע יעדער מיסברויך פון דער מאַכט מוז דערפירן; מהאַי טעמה האָט מען געזוכט אַרויפצולייגן אויף איר אַ צוים דערמיט, וואָס מ׳האָט זי צוגעקאָוועט צום נאַטירלעכן רעכט פונעם פאָלק. דידאָזיקע דערקענטעניש איז בלי ספק געווען ריכטיק, ווען אַפילו די מיטלען, דורך וועלכע מ׳האָט געררעכנט צו קענען לייזן די אינערלעכע שפּאַלטונג, האָבן תמיד גע־מוזט זיין אומגענוגנדיקע, ווי דאָס האָט זיך טאַקע בפועל ממש כסדר באַשיימפּער־לעכער אַרויסגעוויזן. צווישן מאַכט און רעכט איז פאַראַן אַ תהום, וועלכן מ׳קאָן

איבערהויפּט נישט אַריבערשפּאַנען. כל־זמן רעכט און מאַכט וואוינען אינעם זעלבן הויז, מוז דאָסדאָזיקע אומנאַטירלעכע פאַרהעלטעניש שטענדיק דערפירן צו אינער־לעכע רייבונגען, דורך וועלכע דאָס פרידלעכע צוזאַמענלעבן פון די מענטשן ווערט כסדר באַדראָט. יעדער באַזיצער פון דער שטאַטלעכער מאַכט מוז פילן די באַשרענ־קונג פון זיין פולשטענדיקער מאַכט ווי אַן אומבאַקוועמע קייט אויף זיין באַדערפע־ניש זיך צו אימפּאָנירן. און וואו נאָר עס וועט זיך אים מאַכן די געלעגנהייט, וועט ער פּרואוון איינצוצוימען אָדער גענצלעך אָפּצושאַפן די רעכטן פונעם פאָלק, ווען ער פילט זיך נאָר גענוג שטאַרק דערצו. די געשיכטע פון די לעצטע פיר הונדערט יאָר פאַר און קעגן דער באַשרענקונג פון דער אומגעצאַמטער שטאַטלעכער מאַכט רעדט אַ קלאָרע שפּראַך, און די לעצטע היסטאָרישע געשעענישן אינעם רוב לענדער פון אייראָפּע ווייזן מיט אַ דערשרעקנדיקער דייטלעכקייט, אַז דער דאָזיקער קאַמף איז נאָך ווייט פון האָבן דערגאַנגען צו אַ סוף. די אומאיבערגעריסענע פּרואוון אַנצואווייזן געוויסע גרענעצן דער שטאַטלעכער מאַכט האָבן לאָגישערווייז שטענדיק דערפירט צו דער מסקנה, אַז די לייזונג פון דער פראַגע מוז געזוכט ווערן נישט אין דער באַגרע־נעצונג, נאָר אין דער איבערשטייגונג, אינעם אַריבערשפּאַנען דעם מאַכטפּאָליטישן פּרינציפּ. אָט־דאָ ליגט די לעצטע און העכסטע מסקנה פון דער לערע וועגן נאַטור־רעלן רעכט. דאָס דערקלערט אויך, פאַרוואָס דאָס נאַטורעלע רעכט איז שטענדיק געווען אַ דאָרן אין אויג ביי די פאַרטרעטער פונעם אויסגעשפּראָכענעם מאַכט־פּרינ־ציפּ, ווען אַפילו זיי — ווי נאַפּאָלעאָן דער ערשטער — האָבן צו פאַרדאַנקען דער־דאָזיקער לערע זייער עליה און גדולה. נישט מיט אומרעכט האָט דערדאָזיקער פון דער רעוואָלוציע געבוירענער מאַכטפּאָליטיקער פון גרעסטן פאַרנעם זיך אויסגע־דריקט:

> „די מענער פונעם נאַטורעלן רעכט זענען שולדיק אין אַלץ. ווער אויב נישט זיי האָט אַרויסגעשטעלט דעם פּרינציפּ פון מרידה ווי אַ פליכט? ווער האָט געחנפעט דעם פאָלק, אים אַנערקענענדיק אַ סואווערעניטעט, צו וועל־כער עס איז נישט ראָוי? ווער האָט צעשטערט די אכפּערונג פאַרן געזעץ דערמיט, וואָס מ'האָט עס געמאַכט אָפּהענגיק פון אַ פאַרזאַמלונג, וועלכער עס פעלט יעדע פאַרשטענדעניש פאַר פאַרוואַלטונג און רעכט, אַנשטאָט זיך צו האַלטן ביי דער נאַטור פון די זאַכן?"

פראַמינענטע פאַרטרעטער פונעם הומאַניזם האָבן געפּרואווט געבן אויס־דרוקספאָרמען פאַר זייערע נאַטורעכטלעכע אידעען דורך דער פאַרשטעלונג פון אויסגעטראַכטע געמיינשאַפטלעכע לעבנס־סיסטעמען; אָבער אויך אין דידאָזיקע פאַנ־טאַסטישע באַשרייבונגען האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער גייסט פון דער צייט און פון די אָנשויאונגען, וועלכע האָבן זיי באַלעבט. איינער פון די באַדייטנדיקסטע צווישן זיי איז געווען דער ענגלישער מלוכה־מאַן טאָמאַס מאָר, אַן אייפעריקער פאַרטיידיקער פונעם נאַטורעלן רעכט, ווער מען הייגריך דער אַכטער האָט שפּעטער געלאָזט אָפּהאַקן דעם קאָפּ. אָנגערעגט פון פּלאַטאָנס „פּאָליטעיאַ" און באַזונדערס דורך אַמעריקאָ וועס־פּוסיאָס באַשרייבונגען פון די ניי־אַנטדעקטע לענדער און פעלקער, האָט מאָר געשיל־

דערט אין זיין „אוטאָפּיאַ״ אַן אידעאַלן מלוכה־וועזן, וועמעס איינוואוינער לעבן אין אַ רעזשים פון בשותּפותדיקן אייגנטום און וועלכע האָבן באַוויזן דורך אַ פּשוטער אָבער קלוגער געזעצגעבונג צו דערגיין צו אַ האַרמאָנישן אויסגלייך צווישן דער מלוכהשער פירונג און די איינגעבוירענע רעכטן פון די בירגער. דאָסדאָזיקע בוך איז געוואָרן דער אַרויסגאַנגספּונקט פון אַ גאַנצער ליטעראַטור פון געזעלשאַפטלעכע אוטאָפּיעס, צווישן וועלכע בייקאָנס „ניו אַטלאַנטיס״ און „די שטאָט פון זון״ פונעם איטאַליענישן פּאַטריאָט קאַמפּאַנעללאַ האָבן באַקומען אַ באַזונדערע באַדייטונג.

אַ גרויסן שפּרונג פאָרויס האָט געמאַכט דער פראַנצויזישער הומאַניסט פראַנסואַ ראַבעלע, וועלכער האָט אין זיין ראָמאַן „גאַרגאַנטואַ״ געשילדערט אַ קליינעם קיבוץ פון פולשטענדיק פרייע מענטשן, די באַרימטע „אַבאַדיע פון טעלעמע״, וועלכער האָט זיך אַרויסגעהויבן איבער יעדן מין מאַכטפאַרהעלטעניש און איינגעאָרדנט זיין גאַנץ לעבן לויטן איינציקן גרונט־פּרינציפּ: „טו, וואָס עס געפעלט דיר!״

„ווייל ערנהאַפטיקע, גוטדערצויגענע, געזונטע און געזעלשאַפטלעכע מענטשן האָבן בטבע אַ נטיה צום גוטן און פילן אַ ווידערווילן צום שלעכטן — אין דעם באַשטייט זייער גליק. קנעכטשאַפט און געוואַלט אָבער רייצן צו סתירה און מרידה און זענען די מוטערס פון אַלערליי צרות. צומשטאַרקסטן באַגערן מיר די פאַרווערטע פּירות״.

דער רעיון וועגן נאַטורעלן רעכט האָט אויך געפונען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין דער קאַלוויניסטישער און קאַטוילישער ליטעראַטור פון יענער צייט, הגם דאָ ווייזן זיך אַרויס באַשיימפּערלעך די פּאָליטישע מאָטיוון פון דערדאָזיקער שטעלונג. אַזוי האָט דער פראַנצויזישער קאַלוויניסט הובערט לאַנגעט, אין זיין שריפט "Vindiciae contra tyrannos", וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר דעם פּאָליטישן אַני־מאַמין פונעם הוגענאָטנטום, אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז נאָכדעם ווי דער פּויפּסט האָט פאַרלוירן דאָס רעכט צו הערשן איבער דער וועלט, איז די מאַכט אַזוי אַרום נישט איבערגעגאַנגען פּשוט און פּראָסט צום וועלטלעכן מושל, נייערט זי איז צוריק איבערגעענטפערט געוואָרן אין דעם פאָלקס הענט אַריין. לויט לאַנגעטן שטיצט זיך דאָס פאַרהעלטעניש צווישן פירשט און פאָלק אויף אַ קעגנזייטיקן הסכּם, וועלכער איז מחייב דעם הערשער צו רעספּעקטירן און צו שטעלן אונטער זיין שוץ דעם בירגערס באַשטימטע אומבאַרירלעכע רעכטן, צווישן וועלכע די פרייהייט פון אמונה איז דאָס וויכטיקסטע, מחמת דאָס פאָלק איז עס, וועלכעס מאַכט דעם קעניג, און נישט דער קעניג דאָס פאָלק. דערדאָזיקער אָפּמאַך צווישן קעניג און פאָלק מוז נישט דווקא געקרעפטיקט ווערן דורך אַ שבועה אָדער פאַרצייכנט ווערן אין אַ ספּעציעלער שריפט; ער האָט זיין באַשטעטיקונג אין דער עקזיסטענץ פונעם פאָלק און פונעם הערשער גופא און איז גילטיק אַזוי לאַנג כּל־זמן ביידע עקזיסטירן. אויף דעם סמך איז דער הערשער פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פאָלק פאַר זיינע מעשׂים און ווען ער פּרואווט באַשרענקען די געדאַנקען־פרייהייט פון די בירגער, קאָן ער געמשפּט ווערן פון די אַדעליקע פאַרטרעטער פונעם פאָלק,

דערקלערט ווערן אויסערן געזעץ און אומבאַשטראָפט געטייט ווערן פון יעדן איינעם.

אויפן סמך פון דידאַקטיקע אַנשויאונגען זענען זיך אין יאָר 1581 צוזאַמענגעקומען אין האַג די נידערלענדישע פּראָווינצן בראַבאַנט, פלאַנדערן, האָלאַנד, זעלאַנד, האָלדערלאַנד און אוטרעכט, האָבן געשלאָסן אַ בונד פאַר פאַרטיידיקונג און אַנגריף און דערקלערט אַלס נישטיקע און אומווערטיקע אַלע באַציאונגען, וועלכע האָבן עקזיסטירט צווישן זיי און פיליפ דעם צווייטן פון שפּאַניע, ווייל דער קעניג האָט געבראָכן דעם אָפּמאַך, געטראָטן מיט די פיס די אַלטע רעכט פון די איינוואוינער און זיך אויפגעפירט ווי אַ טיראַן, וועלכער האָט געוועלטיקט איבער די בירגער ווי איבער קנעכט. אין אָט־דעם זין האָט די באַרימטע „אַקטאַ דע אַביוראַציאָן" דערקלערט:

„יעדער איינער ווייס, אַז אַ פירשט איז באַשטימט פון גאָט, בכדי צו באַשירעמען זיינע אונטערטאַנען, ווי אַ פּאַסטוך היט זיינע סטאַדעס. דעריבער, ווען דער פירשט איז נישט מקיים זיין פליכט ווי אַ באַשירעמער, ווען ער אונטערדריקט זיינע אונטערטאַנען, צעשטערט אַלע זייערע פרייהייטן און באַהאַנדלט זיי ווי קנעכט, דעמאָלט דאַרף ער שוין נישט באַטראַכט ווערן ווי אַ פירשט, נאָר ווי אַ טיראַן. און ווי אַזעלכן דאַרפן אים די שטאַנדן פונעם לאַנד, על־פּי רעכט און על־פּי שכל, אַראָפּוואַרפן פונעם טראָן און אויסקלייבן אַן אַנדערן אויף זיין אָרט".

אָבער נישט בלויז די מאָנאַרכאָמאַכן פונעם קאַלוויניזם האָבן זיך געהאַלטן ביים דאָזיקן, פאַר דער וועלטלעכער מאַכט אַזוי געפערלעכן שטאַנדפּונקט; אויך די קעגנרעפאָרמאַציע, וועלכע איז געווען אָרגאַניזירט אינעם אויפקומענדיקן יעזואיטיזם, איז דערגאַנגען צו ענלעכע מסקנות, ווען אַפילו זי איז אַרויסגעגאַנגען פון אַן אַנדערן שטאַנדפּונקט. דער יעזואיטיזם האָט געפירט צו אַ פולשטענדיקער איבערקערעניש אינערהאַלב דער קאַטוילישער קירך דערמיט, וואָס ער האָט געפּרואווט צוצופּאַסן אירע שטרעבונגען צו די נייע געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטנישן אין אייראָפּע און אירע צעזייטע און צעשפּרייטע כוחות צוזאַמענצונעמען אין אַ פעסטער און קעמפערישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל זיין גרייט פאַר אַלע באַדערפעניש פון דער צייט. דעריבער האָט עס נישט געאַרט זיינע פאַרטרעטער זיך פאַרבייגייענדיק צו הנדלען מיט דעמאָקראַטישע אידעען, ווען ס'איז דערפון אַרויסגעקומען אַ טובה פאַר זיינע געהיימע צילן. לויט די לערעס פון דער קירך איז די מאָנאַרכיע געווען די פון גאָט באַשטימטע מלוכה־פאָרם, אָבער דעם וועלטלעכן מושל איז איבערגעגעבן געוואָרן די שווערט נאָר צוליב דעם, אַז ער זאָל באַשיצן די אמונה, וועלכע האָט געפונען איר אויסדרוק אין די לערן פון דער קירך. דעריבער האָט די השגחה אַוועקגעשטעלט דעם פּויפּסט ווי דעם הערשער איבער אַלע מלכים, פּונקט ווי ער האָט די לעצטע אַוועקגעזעצט ווי הערשער איבער די פעלקער. און פּונקט ווי די פעלקער זענען פאַרפליכטעט צו אומבאַדינגטער געהאָרכזאַמקייט צו די פירשטן, אַזוי דאַרף דאָס געבאָט פונעם פּויפּסט זיין דאָס העכסטע געזעץ פאַרן וועלטלעכן הערשער.

האָט אָבער דער זיך אויסשפּרייטנדיקער פּראָטעסטאַנטיזם לגמרי געביטן דאָס אַלטע געמעל און בפירושע אַפּיקורסים זענען געזעסן אויף פירשטלעכע טראָנען ווי פאַרטרעטער פון דער העכסטער מאַכט פון דער מלוכה. ביי אַט־די אומשטענדן האָט זיך אויך געמוזט בייטן דאָס פאַרהעלטעניש פון דער קאַטוילישער קירך צו דער וועלטלעכער מאַכט און אָנגענומען אַנדערע פאָרמען. בעיקר זענען דאָס געווען די יעזו־איטן, וועלכע האָבן געווירקט ווי פאָרויסגייער אויף דעם געביט. אַזוי האָט דער שפּאַ־נישער יעזואיטישער פילאָזאָף פראַנסיסקאָ סואַרעס פּרינציפּיעל באַקעמפט די לערע מכוח דעם געטלעכן רעכט פון די קעניגן און צוריקגעפירט דאָס פאַרהעלטעניש צווישן פירשט און פאָלק צו אַן אָפּמאַך, וועלכער לייגט אַרויף אויף ביידע צדדים געוויסע רעכטן און פליכטן, פּונקט ווי דאָס איז ביים נאַטורעלן רעכט. לויט סואַרעסן דאַרף די מאַכט, שוין אַפילו בדרך הטבע, נישט ליגן אין די הענט פון א יחיד, נייערט מוז זיין פאַרטיילט צווישן אַלעמען, מחמת אַלע מענטשן זענען לויט דער נאַטור גלייך. אויב דער הערשער איז נישט מקיים די באַדינגונגען פונעם געשלאָסענעם אָפּמאַך אָדער ער איז מורד קעגן דעם פאָלקס אומבאַרירלעכע רעכטן, האָבן דעמאָלט די אונטערטאַנען דאָס רעכט פון אויפשטאַנד, כדי צו באַשיצן זייער רעכט און זיך צו באַשירעמען קעגז דער טיראַניי.

מ׳קאָן פאַרשטיין, פאַרוואָס דזשיימס דער ערשטער פון ענגלאַנד האָט דאָס־דאָזיקע דורכן פּויפּסטס אָנרעגונג געשריבענע הויפּטווערק פונעם שפּאַנישן יעזואיט געלאָזט עפנטלעך פאַרברענען דורכן תליון און געמאַכט ביטערע פאָרוואורפן זיין קאָלעגע אויפן שפּאַנישן טראָן, פיליפּ דעם צווייטן, פאַרוואָס ער גיט וואוינרעכט אין זיין לאַנד פאַר „אַזאַ אויסגעשפּראָכענעם שונא פון דער מאַיעסטעט פון די קעניגן״.

נאָך ווייטער ווי סואַרעס איז אַוועק זיין ברודער אין „יעזוסעס קאָמפּאַניע״, כואַן דע מאַריאַנאַ, וועלכער האָט אין זעקסטן קאַפּיטל פון זיין פאַרנעמיקן ווערק „היסטאָריאַ דע רעבוס היספּאַניע״ נישט נאָר מאָראַליש באַרעכטיקט דעם מאָרד איבער אַ קעניג, וועלכער ברעכט אַן אָפּמאַך, נייערט ער האָט אַפילו אָנגעגעבן דעם מין געווער, מיט וועלכן אַזאַ מאָרד דאַרף דורכגעפירט ווערן. מ׳קאָן זיך משער זיין, אַז ער האָט דערביי אינזינען געהאַט פאַרבאָרגענע אָדער אָפענע אָנהענגער פונעם פּראָטעסטאַנטיזם, און היות ווי ער, פּונקט ווי זיין פאָרגייער סואַרעס, איז געווען מיט דער מיינונג, אַז יעדער פירשט איז, על כל פּחות אין ענינים פון אמונה, אונ־טערגעוואָרפן דעם פּויפּסט, איז פאַר אים די כפירה פון אַ קעניג געווען טיראַניי קעגן פאָלק און האָט באַפרייט די אונטערטאַנען פון יעדער מין פאַרפליכטונג לגבי דעם ראש פון דער מלוכה, וועלכער איז, אַלס כופר, באַגאַנגען אַ לעבנסגעפערלעכן חטא. אַז אַזעלכע אידעען האָבן נישט געהאַט בלויז אַ טעאָרעטישן באַדייט, באַווייזט די דערמאָרדונג פון היינריך דעם דריטן און זיין נאָכקומער, היינדיך דעם פערטן אין פראַנקרייך, וועלכע זענען ביידע אָפּגערוימט געוואָרן פון וועג דורך פאַנאַטישע אָנהענגער פונעם פּויפּסטום. אַזוי אַרום איז סיי פון קאַלוויניסטישן ווי אויך פון קאַ־

טוילישן צד באַגינציקט געוואָרן די באַשרענקונג פון דער קעניגלעכער מאַכט, ווען אַפילו דאָס איז נישט געקומען צוליב פרייהייטלעכע כוונות, נאָר פון גוט־פאַרשטענד־לעכע פּאָליטישע אינטערעסן. אָבער, אַזוי צי אַזוי, דאָס אַרויסשטעלן זיך פאַר נאַ־טורדעכטלעכע אידעען פון אַט־דעם צד האָט זיכער צוגעהאָלפן באַקומען מער אָנ־הענגער דעם רעיון פון דער מאַכטבאַשרענקונג פון די קעניגן, וואָס דאָס האָט גע־האַט גאָר אַ באַזונדערן באַדייט אין יענער צייט פון די גרויסע קאַמפן אין פראַנק־רייך, די נידערלענדער און ענגלאַנד.

די פילבאַרע באַדערפעניש אַרויפצולייגן געוויסע באַשרענקונגען אויף דער מאַכט פון שטאַט און די אָנערקענונג פונעם רעכט פון מרידה קעגן אַ הערשער, וועל־כער האָט אויסגענוצט זיין מאַכט צום שלעכטן און איז געוואָרן אַ טיראַן פון זיין פאָלק, זענען דעמאָלט געווען שטאַרק פאַרשפּרייטע אידעען, וועלכע זענען אַרויס־געשטויסן געוואָרן ערשט נאָכן פולשטענדיקן ניצחון פונם אַבסאָלוטיזם, כאָטש זיי זענען קיינמאָל נישט פאַרגעסן געוואָרן אינגאַנצן. אונטער דער השפעה פון אַזעלכע און ענלעכע אידעאָלאָגיעס האָבן איזאָלירטע דענקער פון יענער תקופה באַוויזן טי־פער אַריינצודרינגען אין די ענינים און אויפצודעקן דעם מקור פון יעדער מין טי־ראַניי. דער באַדייטנדיקסטער פון צווישן זיי איז געווען דער יוגנטלעכער עטיען דע לאַ באָעסי, וועמעס פונקענשפּריצנדיקע שריפט „וועגן פרייוויליקער קנעכטשאַפט" איז אַרויסגעגעבן געוואָרן, נאָך זיין פריצייטיקן טויט, דורך זיין באַרימטן פריינט מאָנטאַין. צי מאָנטאַין האָט טאַקע געמאַכט געוויסע ענדערונגען אינעם ווערק, ווי דאָס ווערט אָפּט באַהויפּטעט, וועט שוין מסתמא קיינמאָל נישט קאָנען פעסטגע־שטעלט ווערן. דער פאַקט, אַז לאַ באָעסיס אַרבעט, וועלכע האָט געשפּילט נישט קיין אומבאַדייטנדיקע ראָל אין די קאַמפן קעגן אַבסאָלוטיזם אין פראַנקרייך, איז שפּע־טער כמעט פאַרגעסן געוואָרן, בכדי שפּעטער, אין דער צייט פון דער גרויסער רע־וואָלוציע, פונדאַסניי צו באַווייזן איר ווירקזאַמקייט, איז זיכער דער בעסטער באַווייז פאַר איר גייסטיקן באַדייט.

לאַ באָעסי האָט דערקענט מיט אַן אומאָפּפרעגבאַרער קלאָרקייט, אַז די טי־ראַניי שטיצט זיך ווייניקער אויף ברוטאַלער געוואַלט ווי אויפן טיף־איינגעוואָרצלטן אָפּהענגיקייטסגעפיל פון די מענטשן, וועלכע האָבן אויסגעשטאַט אַ פּוסטן געץ מיט די אַלע כוחות, וועלכע זיי גופא באַזיצן, כדי זיך דערנאָך בלינד אונטערצוואַרפן אונטער אים, פאַרבלענדטע פון אַזוי פיל איינגערעדטן כוח זיינעם. דערדאָזיקער גייסט פון „פרייוויליקער קנעכטשאַפט" איז דאָס שטאַרקסטע און צום שווערסטן בייקומענדיקע פעסטונגסווערק פון יעדער מין טיראַניי, וועלכעס וואָלט געמוזט הילפ־לאָז און ווי אַ הויפן אַש איינפאַלן פון זיך אַליין, ווען דער מענטש וואָלט פאַרשטאַ־נען, וואָס עס באַהאַלט זיך הינטער דעם און אויפהערן פאָלגן דעם געץ, וועלכן ער האָט זיך אַליין געשאַפן.

„אָבער וואָס פאַר אַ חרפה און שאַנד איז עס — זאָגט לאַ באָעסי — ווען
אַן אַ שיער פאָלגן פרייוויליק, יאָ, אַפילו קנעכטיש, אַ טיראַן! אַ טיראַן, וועל־

> כער לאָזט זיי נישט צו קיין רעכט איבער אייגנטום, עלטערן, פרוי און קינדער, אַפילו נישט איבער זייער אייגן לעבן... וואָס פאַר אַ מענטש איז דען אַזאַ מין טיראַן? ער איז נישט קיין הערקולעס, קיין שמשון, אָפטמאָל אַ מאַנעלע. אָפט דער ווייבלעכסטער פּחדן פונעם גאַנצן פאָלק... נישט זיין שטאַרקייט מאַכט אים מעכטיק, אים, וועלכער איז נישט זעלטן דער קנעכט פון דער ערגסטער זונה. וואָס פאַראַ נעבעכדיקע באַשעפענישן זענען זיינע אונטערטאַנען! ווען צוויי. דריי פיר בונטעווען זיך נישט קעגן איינעם, איז עס נאָך אַ פאַרשטענדלעכער דוחק אין מוט. ווען אָבער הונדערט טויזנט וואַרפן נישט אַראָפּ די קייטן פון אַן איינציקן, — וואו־זשע בלייבט נאָך אַ רעשט פון אייגענעם ווילן און מענטשלעכער חשיבות?... כדי זיך צו באַפרייען, מוז מען נישט אָנווענדן קיין געוואַלט קעגן דעם טיראַן. ער פאַלט דעמאָלט, ווען דאָס לאַנד ווערט מיד פון אים. דאָס פאָלק, וועלכעס לאָזט זיך שינדן און דערנידעריקן, דאַרף אים נאָר נישט געבן קיין רעכטן. בכדי צו זיין פריי, דאַרף עס בלויז האָבן דעם ערנסטן ווילן אַראָפּצושאָקלען פון זיך דעם יאָך... זייט פעסט אַנטשלאָסן נישט צו זיין מער קיין קנעכט — און איר זענט פריי! זאָגט־אָפּ דעם טיראַן אייער הילף, און אַקוראַט ווי אַ ריז, וועמען מ'האָט אַפּירגענומען דעם פּיעדעסטאַל, וועט ער צוזאַמענברעכן און זיך צעשטויבן אויף פּיצפּיצלעך".

אַזעלכע פאַראיינצלטע דענקער, וועלכע זענען דערגאַנגען צו די פאַרבאָרגנסטע מקורים פון דער מאַכט ווי לאַ באָעסי, זענען יעדנפאַלס געווען ווייניק. בדרך־כלל האָט דער וועג צו פרייהייטלעכע לעבנס־קאָנצעפּטן געפירט איבער די פאַרשידנדיקסטע פאַזן פון נאַטורעכטלעכע באַגריפן, וועמענס פאַרטרעטער האָבן זיך שטענדיק באַמיט אַרויסצושטעלן קעגן דער אומבאַשרענקטער מאַכט פונעם מלוכה־שעף געוויסע „קדמונימדיקע און אומרעגונסירבאַרע רעכט" פונעם יחיד און פון פאָלק, בכדי אויף דעם אופן צו דערגיין צו אַ געזעלשאַפטלעכן גלייכגעוויכט, וועלכע זאָל פאַרזיכערן אַן אומגעשטערטע אַנטוויקלונג פון די סאָציאַלע לעבנסבאַדינגונגען. דידאָזיקע שטרעבונג האָט שפּעטער געפירט צו די באַקאַנטע פאָדערונגען פונעם ליבעראַליזם, וועלכער האָט זיך שוין מער נישט געוואָלט באַנוגענען מיט אַ בלויזער באַשרענקונג פון דער פּערזענלעכער מאַכט, נאָר געוואָלט זען די גאַנצע מאַכט פונעם שטאַט ווי אַזעלכע באַגרענעצט צו אַ מינימום, אין דער ריכטיקער הנחה, אַז אַ כסדרדיקע אַפּיטרופּסות פונעם שטאַט איז פּונקט אַזאַ שטער פאַר דער פּרוכפּעריקער אַנטוויקלונג פון אַלע שעפערישע כוחות אין דער געזעלשאַפט ווי דאָס איז געווען די אַפּיטרופּסות פון דער קירך אין די פאַרגאַנגענע דורות. דידאָזיקע דערקענטעניש איז בשום אופן נישט געווען דער פּועל־יוצא פון אַ פּוסטער שפּעקולאַציע; זי איז גיכער געווען דער אויסגעשפּראָכענער תנאי פון יעדן מין קולטורעלער אַנטוויקלונג אין דער געשיכטע, פּונקט ווי דער גלויבן אין אַ פון פאָרויס באַשערטער אָפּהענגיקייט פונעם מענטשן פון אַן איבערערדישער השגחה איז ביז איצט תמיד געווען דער באַוואוסטער אָדער אומבאַוואוסטער תנאי פון יעדער וועלטלעכער מאַכט.

אַן אָנגעזעענער פאָרויסגייער אויפן דאָזיקן לאַנגן וועג, וועלכער האָט געפירט צו דער באַשרענקונג פון דער פירשטלעכער מאַכט און צו דער אויסגעשטאַלטיקונג פון די רעכטן פון פאָלק, איז געווען דער שאָטלענדישער הומאַניסט דזשאָרדזש בוטשאַנאַן, איינער פון די ערשטע, וועלכער האָט דער פראַגע צוגעשריבן אַ פונדאַ־

מענטאַלן באַדייט און זי שוין נישט געמאַכט מער אָפּהענגיק פונעם נוצן אָדער שאָדן, וואָס אַן אויסברייטערונג אָדער באַשרענקונג פון דער פירשטלעכער מאַכט קאָן ברענגען דער אָדער יענער אמונה. בוטשאַנאַן האָט זיך געהאַלטן ביים גרונט־געדאַנק, אַז יעדע מאַכט קומט אַרויס פונעם פאָלק און איז באַגרינדעט אינעם פאָלק. באַטראַכטנדיק אַזוי דעם ענין, דאַרף דער שעף פון דער מלוכה שטענדיק, אונטער אַלע אומשטענדן, זיין אונטערגעוואָרפן אונטערן ווילן פון פאָלק און זיין גאַנצער באַדייט דאַרף זיין קאָנצענטרירט אין דעם, וואָס ער דאַרף זיין דעם פאָלקס ערשטער דינער. אויב דער באַזיצער פון דער שטאַטלעכער מאַכט ברעכט דעמדאָ־זיקן שטילשווייגנדיקן אָפּמאַך, דעמאָלט דערקלערט ער זיך אַליין ווי הפקר און קאָן פון יעדן איינעם פאַרמשפּט ווערן.

בוטשאַנאַן האָט דעם פאַרהעלטעניש צווישן מאַכט און רעכט געגעבן אַ טי־פערן אויסטייטש. וואָלט ער זיך געווען באַנוגנט דערמיט אַרויסצושטעלן בלויז די פרייהייט פון געוויסן אין רעליגיעזע ענינים קעגן דער אומבאַשרענקטער מאַכט פון די פירשטן, וואָלט זיך אַ פאַרטרעטער פונעם אַבסאָלוטיזם געווען געקאָנט צופּאַסן צו דערדאָזיקער באַשרענקונג אין אַן עת־צרה. אָבער דאָס, וואָס ער האָט זיך גע־וואָגט צו באַהויפּטן, אַז די מאַכט גופא קומט אַרויס פון פאָלק און פאַרן פירשט בלויז געוואָלט איבערלאָזן די ראָל ווי אַן אויספירער פונעם פאָלקס ווילן, דאָס האָט אים געבראַכט די אומפאַרגעבלעכע שנאה פון אַלע מליצים פונעם אויטענטישן קעניגטום. לעגיטימיסטישע איינפלוסן זענען עס טאַקע געווען, וועלכע האָבן באַ־וואויגן דעם פּאַרלאַמענט ביי צוויי פאַרשידענע געלעגנהייטן — אין 1584 און 1684 — צו רודפן בוטשאַנאַנס ווערק ''De Jure Regnis apud Scotos'' ; אונטער דער ווירקונג פון דיזעלביקע השפעות האָט די אוניווערזיטעט פון אָקספאָרד געלאָזט עפנטלעך פאַרברענען דאָס ווערק הונדערט יאָר נאָך זיין דערשיינען.

אָבער אויך לטובת דעם אַבסאָלוטיזם איז אויפן ענגלישן באָדן אויפגעקומען אַ קעמפערישע פיגור אין דער פערזאָן פון טאָמאַס האָבס. האָבס איז זיכער געווען איינער פון די אייגנאַרטיקסטע געשטאַלטן אינעם באַרייך פונעם סאָציאַל־פּאָליטישן דענקען, אַן אויסערגעוויינלעך פּרוכטבאַרער און אָריגינעלער גייסט און נעבן בייקאָ־נען אפשר דער פילזייטיקסטער קאָפּ, וועלכן ענגלאַנד האָט אַרויסגעגעבן. זיין נאָ־מען לעבט אין דער געשיכטע ווי אַ פעסטער פאַרטרעטער פונם פילאָזאָפישן מאַ־טעריאַליזם און אַן אויסגעשפּראָכענער פאַרטיידיקער פון דער אַבסאָלוטער מאַכט פון די פירשטן. פאַקטיש איז האָבס געווען אַ שאַרפער קעגנער פון יעדן מין רעלי־גיע אינעם דורכשניטלעכן זין; אַפילו דאָרט, וואו ער שטעלט זיך אַרויס בעיקר קעגן קאַטאָליציזם, פילט מען באַשיימפּערלעך, אַז יעדער מין אַנטפּלעקונגסגלויבן איז אים דערווידער. ווייניקער באַרעכטיקונג האָט די באַהויפּטונג, אַז האָבס איז געווען אַן אומבייגזאַמער פאַרטרעטער פונעם קעניגלעכן אַבסאָלוטיזם. שוין דער פאַקט, וואָס ער האָט צוריקגעפירט די אַנטשטייאונג פונעם שטאַט אויף אַן אָפּמאַך־פאַרהעלט־ניש, באַווייזט, אַז ער איז נישט געווען קיין לעגיטימיסט. האָבס איז געווען אַ

דורכוויסיקער אָנהענגער פונעם מאַכטגעדאַנק, אָבער פונדעסטוועגן האָט ער דער־בײַ װײניקער געמײנט דעם פירשטלעכן אַבסאָלוטיזם ווי גיכער די אַבסאָלוטע שטאַטלעכע מאַכט ווי אַזעלכע. בדרך כלל האָט ער געגעבן פּרעפערענץ דער מאָנאַר־כיע, אָבער זײַן שפּעטערדיקע שטעלונג צו קראָמוועלן ווייזט בולט, אַז אים איז מער געגאַנגען אין דער אומבאַרירלעכקייט פון דער שטאַטלעכער מאַכט און ווײ־ניקער אין אירע פאַרטרעטער.

האָבס האָט מיט שטאַרקער אַנטשידנקייט באַקעמפט דעם באַנעם, אַז דער מענטש איז בטבע אַ געזעלשאַפטלעך באַשעפעניש. לויט זײַן איבערצייגונג האָט אינעם פּרימיטיוון מענטשן נישט געלעבט אַפילו קיין שמץ פון געזעלשאַפטלעכן אינסטינקט, נאָר בלויז דער ברוטאַלער אינסטינקט פון דער רויב־חיה, וועמען עס איז לחלוטין פרעמד יעדע אייגנזעעניש פאַרן וואוילשטאַנד פון די אַנדערע. אַפילו דער חילוק צווישן גוטס און שלעכטס איז דעם מענטשן אין נאַטירלעכן צושטאַנד געווען לגמרי אומבאַקאַנט. דערדאָזיקער באַגריף איז צו אים אָנגעקומען ערשט דורך דער מלוכה, וועלכע איז אַזוי אַרום געוואָרן די באַגרינדערן פון יעדן מין קולטור. לויט זײַן אורשפּרינגלעכן מהות, איז דער מענטש לגמרי נישט געווען עלול פאַר סאָציאַלע פילונגען; צו אים איז געווען צוגענגלעך בלויז די מורא, די איינציקע מאַכט, וועלכע האָט געהאַט אַן איינפלוס אויף זײַן פאַרנונפט. ווייל דער פּחד איז עס געווען, פון וועלכן ס׳איז אַרויסגעקומען די גרינדונג פונעם שטאַט, וועלכער האָט געמאַכט אַ סוף פון דער „מלחמה פון אַלע קעגן אַלע“, און די מענטשלעכע בעסטיע צוגעבונדן צו דער קייט פונעם געזעץ. און הגם אויך האָבס האָט געהאַלטן, אַז די אַנטשטייאונג פונעם שטאַט נעמט זיך פון אַן אָפּמאַך, האָט ער אָבער גע־טענהט, אַז דעם ערשטן הערשער איז געגעבן געוואָרן די אומבאַשרענקטע מאַכט צו געוועלטיקן איבער אַלע אַנדערע. קוים איז מען געקומען צו אַ הסכם, איז דער אָפּמאַך רעכטלעך גילטיק פאַר אַלע צייטן; זיך קעגן דעם צו בונטעווען, איז דאָס ערגסטע פון אַלע פאַרברעכנס, מחמת יעדער פּרואוו אין דערדאָזיקער ריכטונג שטעלט אין ספק דעם קיום פון יעדן מין קולטור, יאָ, אַפילו פון דער געזעלשאַפט גופא.

דער מאַטעריאַליסט האָבס, וועמען מ׳האָט אין דער געשיכטע פאַרלעסטערט ווי א „ראַדיקאַלן אַטעיסט“, איז אינדעראמתן געווען אַ שטרענג־רעליגיעזער מענטש; זײַן רעליגיע האָט אָבער געהאַט אַ פּאָליטישן כאַראַקטער און דער גאָט, וועלכן ער האָט געדינט, איז געווען די אומבאַשרענקטע מאַכט פון דער מלוכה. פּונקט ווי אין יעדער אַנטפּלעקונגס־רעליגיע ווערט דער מענטש אויף אַזוי פיל קלענער, אויף וויפיל העכער עס צעוואַקסט זיך די גאָטהייט איבער אים, ביז לסוף ווערט גאָט אַלעס און דער מענטש גאָרנישט, אַזוי צעוואַקסט זיך אויך בײַ האָבסן די מאַכט פון דער מלוכה אַלץ מער, וואָס נידעריקער זי שטופּט אַראָפּ דעם עצם מענטשלעכן וועזן צו דער נידעריקסטער מדרגה פון דער ברוטאַליטעט. דער פּועל־יוצא איז דערזעלביקער: די מלוכה אַלעס, דער בירגער גאָרנישט. פּאַקטיש איז דער „לויתן“ — דער טיטל,

וועלכן האָבס האָט אויסגעקליבן פאַר זיין הויפּטווערק — ווי פ. אַ. לאַנגע האָט דאָס שוין זייער ריכטיק באַמערקט, „גאָר שטאַרק כאַראַקטעריסטיש פאַרן מאָנס־טער־שטאַט, וועלכער ווערט נישט געפירט פון קיין שום העכערן אייגזען, וועלכער איז מסדר געזעץ און משפּט, רעכט און אייגנטום לויט זיין אייגענעם איינזען, ווי אַן ערדישער גאָט, אַפילו די באַגריפן וועגן גוטס און שלעכטס צייכנט ער אָן וויל־קירלעך און דערפאַר גיט ער אַלעמען, וועלכע פאַלן פאַר אים כורעים און ברענגען אויף קרבנות צו אים, שוץ פאַרן לעבן און פאַרן אייגנטום*).

לויט האָבסן זענען געזעץ און רעכט אַזעלכע באַגריפן, וועלכע באַווייזן זיך ערשט מיט דער אַנטשטייאונג פון דער פּאָליטישער געזעלשאַפט, ד. ה. מיטן שטאַט. דעריבער קאָן דער שטאַט קיינמאָל נישט עובר זיין אויף אַ נאַטירלעכן געזעץ, מחמת יעדעס רעכט קומט דאָך אַרויס פון אים גופא. דאָס געוויינהייטסמעסיקע געזעץ, וועלכעס ווערט דאָך אויך אָפט באַצייכנט ווי אַ נאַטירלעך רעכט אָדער אומגעשריבן געזעץ, מעג טאַקע נאָך אַזוי שטרענג פאַרדאַמען גניבה, מאָרד, און פאַרגוואַלטי־קונג, אָבער וויבאַלד דאָס געזעץ פון דער מלוכה באַפעלט דעם מענטשן דידאָזיקע מעשים, הערן זיי אויף צו זיין אַ פאַרברעכן. קעגן דעם געזעץ פונעם שטאַט קאָן אַפילו דאָס „געטלעכע געזעץ" נישט באַשטיין, מחמת נאָר אויפן שטאַט איז חל זיך אַרויסצוזאָגן וועגן רעכט און אומרעכט. דער שטאַט איז דאָס עפנטלעכע גע־וויסן; לגבי אים קאָן נישט באַשטיין נישט קיין פּריוואַט געוויסן און נישט קיין פּריוואַטע איבערצייגונג; דער ווילן פונעם מלוכה־שעף איז דאָס העכסטע און איינ־ציקע געזעץ.

אַזוי ווי האָבס זעט נאָר אין דער מלוכה דעם „לויתן", די „חיה, צו וועלכן קיין שום אַנדערע איז נישט גלייך", לויט ווי ס'שטייט געשריבן אין „איוב", וואַרפט ער במילא אָפּ אַלע וועלטהערשערישע שטרעבונגען פון דער קירך און נעגירט די גלחים בכלל און דעם פּויפּסט בפרט יעדעס רעכט אויף אַ וועלטהערשאַפט. מחמת אויך די רעליגיע איז לויט אים נאָר אַזוי לאַנג באַרעכטיקט, כל־זמן זי ווערט אָנער־קענט און געלערנט פון דער מלוכה. אַזוי זאָגט זיך אין אַ באַזונדערס כאַראַקטעריס־טישער שטעלע אין „לויתן":

„די מורא פאַר אומזעבאַרע כוחות, סיי ווען זיי זענען אויסגעטראַכט, סיי ווען זיי זענען איבערגעגעבן געוואָרן דורך דער טראַדיציע, איז רעליגיע, ווען זי איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך דער מלוכה, און אַבערגלויבן, ווען זי איז נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך דער מלוכה".

לויט האָבסן האָט בכן די מלוכה נישט בלויז דאָס רעכט פאָרצושרייבן אירע אונטערטאַנען אין וואָס זיי מעגן גלייבן; זי אַנטשיידט אויך וועגן דעם, צי אַ געוויסע אמונה דאַרף באַטראַכט ווערן ווי רעליגיע אָדער בלויז ווי אַן אַבערגלויבן. דער מאַטעריאַליסט האָבס, וועלכער האָט אין אַלגעמיין נישט קיין שום נטיה צו

*) F. A. Lange, Geschichte des Materialismus und Kritik seiner Bedeutung in der Gegenwart, B. I. 242, 10-te Aufl.

דער רעליגיע, האָט באַטראַכט ווי אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך, ווען די רעגירונג זאָגט זיך אַרויס, צוליב טעמים פון שטאַטסאינטערעס, פאַר אַ באַשטימטער אמונה און צווינגט זי אַרויף אויף אירע אונטערטאַנען ווי די איינציקע אמתע רעליגיע. עס ווירקט דעריבער מאָדנע, ווען פריץ מאַוטנער מיינט, אַז האָבס „הייבט זיך אויף פיל הע־כער איבערן אומגלויבן פון די ערשטע דעאיסטן, ווען אַפילו ער פאָדערט אונטער־וואַרפונג פונעם בירגער אונטער דער שטאַטסרעליגיע; וואָס ער פאַרלאַנגט איז דאָך אייגנטלעך נאָר געהאָרכזאַמקייט צום שטאַט, אויך אין רעליגיעזע ענינים, אָבער נישט צו גאָט"*).

דער גאַנצער חילוק ליגט דאָך דאָ נאָר אין דער פאָרם פונעם גלויבן. האָבס האָט די מלוכה באַשטאַט מיט אַלע געהייליקטע אייגנשאַפטן פון אַ גאָטהייט, צו וועלכער דער מענטש איז אונטערגעוואָרפן פאַר קיום און פאַרגיין. ער האָט די אַכ־פערונגסבאַדערפעניש פון די מאמינים געגעבן אַן אַנדערן קעגנשטאַנד פאַר יראת־הכבוד און פאַרוואָרפן און באַקעמפט די אומגלייביקייט אויפן פּאָליטישן פעלד מיט דערזעלביקער אייזערנער לאָגישער אומטאָלעראַנץ, מיט וועלכער די קירך פלעגט באַקעמפן יעדע ווידערשפעניקייט קעגן אירע געבאָטן. די שטאַטסגלויביקייט פונעם „אַטעיסט" האָבס איז דאָך אין תוך געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי רעליגיע: דעם מענטשנס אמונה אין זיין אָפּהענגיקייט פון אַ העכערער מאַכט, וועלכע אַנטשיידט וועגן זיין גורל און קעגן וועלכער ס'איז נישט מעגלעך קיין שום מרידה, מחמת זי איז אומדערגרייכבאַר פאַר יעדן מין מענטשלעכע כוונות.

האָבס האָט געלעבט אין אַ צייט, ווען דער אויפקום פון דער נאַציאָנאַלער מלוכה האָט געמאַכט אַ סוף סיי צו די שטרעבונגען פון דער קירך צו ווערן אַ וועלט־מאַכט און סיי צו די פּרוּוון אַרונטערצוּוואַרפן אייראָפּע אונטער דער ממשלה פון אַ וועלטלעכער אוניווערסאַלער מאָנאַרכיע. און היות ווי ער האָט איינגעזען, אַז מ'קאָן נישט צוריקדרייען דעם גאַנג פון דער געשיכטע און נישט אויפלעבן קינסט־לעך זאַכן, וועלכע געהערן שוין צום שאָטנדיקן קעניגרייך פונעם עבר, האָט ער צו איר צוגעטשעפּעט אַ נייע ווירקלעכקייט. אָבער אַזוי ווי ער, פּונקט ווי אַלע פאַר־טיידיקער פון דער אויטאָריטעט, איז אַרויסגעגאַנגען פון שטאַנדפּונקט פון דער מענטשלעכער בעסטיאַליטעט און נישט געקוקט אויף זיין אַטעאיזם האָט ער נישט באַוויזן אָפּצושאָקלען פון זיך די מענטשנפיינטלעכע דאָגמע מכוח דער התחלהדיקער זינד, האָט ער שוין במילא געמוזט דערגיין צו דיזעלביקע רעזולטאַטן ווי זיינע פאַר־גייער אינעם לאַגער פון דער קירכלעכער טעאָלאָגיע. ס'האָט אים ווייניק־וואָס גע־האָלפן, וואָס ער האָט זיך פערזענלעך באַפרייט פון די קייטן פונעם רעליגיעזן גלויבן אין ניסים; מחמת דערפאַר האָט ער זיך נאָך שטאַרקער פאַרפּלאָנטערט אין דער נעץ פון אַ פּאָליטישן וואונדערגלויבן, וועלכער איז אין זיינע קאָנסעקווענצן געווען

*) Fritz Mauthner, Der Atheismus und seine Geschichte im Abendlande, II, 535, Stutgart und Leipzig, 1921.

פּונקט אַזוי פרייהייטספּיינטלעך און דעם מענטשלעכן גייסט נישט ווייניקער פאַר־שקלאַפט ווי יענער. און דאָס איז טאַקע אַ באַווייז, אַז דער אַטעאיזם אין דורכ־שניטלעכן זין מוז נישט דווקא זיין באַהויכט מיט פרייהייטלעכע אידעען. ער ווירקט פרייהייטלעך ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט באַנומען ביז אין סאַמע תוך דעם אי־נערלעכן צוזאַמענהאַנג צווישן רעליגיע און פּאָליטיק און ווען ער גיט נישט די באַלעבאַטים פון דער ערדישער מאַכט קיין גרעסערע באַרעכטיקונג ווי דער געטלע־כער אויטאָריטעט. דער „געצנדינער" מאַקיאַוועלאַ און דער „אַטעאיסט" האָבס זע־נען קלאַסישע עדות פאַר דעם.

אַלע פאַרטיידיקער פונעם מאַכטגעדאַנק, ווען אַפילו זיי האָבן נישט געמאַכט קיין גרויס וועזן פון דער טראַדיציאָנעלער רעליגיע, ווי מאַקיאַוועלאַ און האָבס, זע־נען געווען געצוואונגען איבערצוגעבן דער מלוכה די ראָל פון דער ערדישער השגחה, זי אַרומצורינגלען מיטן זעלבן מיסטישן אָפּשיי, וועלכער רינגלט אַרום יעדע גאָט־הייט, און איר צושרייבן אַלע יענע איבערמענטשלעכע אייגנשאַפטן, אָן וועלכער אַ מאַכט קאָן נישט האָבן קיין קיום, מעג זי זיין פון הימלישן אָדער ערדישן כאַראַק־טער. מחמת קיין שום מאַכט האַלט זיך נישט אויף אויפן סמך פון ספּעציפישע כאַ־ראַקטערשטריכן, וועלכע ליגן אין איר תוך; איר גרויסקייט איז זיך תמיד סומך אויף כלומרשטע אייגנשאַפטן, וועלכע די אמונה פון די מענטשן האָט איר צוגעשריבן. פּונקט ווי גאָט, אַזוי איז אויך יעדע ערדישע מאַכט נישט מער ווי אַ „ליידיקער טאָוול, וועלכער גיט איבער נאָר דאָס, וואָס דער מענטש האָט אויף אים אָנגע־שריבן".

די לערע וועגן געזעלשאַפטלעכן קאָנטראַקט און באַזונדערס בוטשאַנאַנס גע־דאַנק, אַז יעדע מאַכט קומט אַרויס פון פאָלק, האָט שפּעטער דערוואַכט צום נייעם לעבן ביי די אינדעפּעדענטן פון ענגלאַנד, וועלכע האָבן זיך געבונטעוועט נישט נאָר קעגן קאַטוילּיציזם, נייערט אויך קעגן דער מלוכה־קירך, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן פון די פּרעסביטעריאַנישע קאַלוויניסטן, און זיי האָבן פאַרלאַנגט די פול־שטענדיקע אויטאָנאָמיע פון דער געמיינדע אין אַלע אמונה־ענינים. און היות די פאַרוואַלטונג פון דער מלוכה־קירך האָט פונקציאָנירט בלויז ווי אַ געהאָרכיק ווערק־צייג פון דער פירשטלעכער מאַכט, האָט די רעליגיעזע און פּאָליטישע אָפּאָזיציע פון דעם אַלץ מער זיך אויספּרייטנדיקן פּוריטאַניזם אַרויסגעשטראָמט פון איין און דעמזעלביקן קוואַל. דער באַקאַנטער ענגלישער היסטאָרישער מאַקאָלי האָט טאַ־קע מיט רעכט אָנגעמערקט וועגן די פּוריטאַנער: „צו זייער שנאה צו דער קירך איז צוגעקומען די שנאה קעגן דער קרוין;ביידע געפילן האָבן זיך אויסגעמישט און איינס דאָס אַנדערע געמאַכט וואָס ביטערער".

באַהויכט פון דאָזיקן גייסט, האָט זיך דער דיכטער פון „פאַרלוירענעם גן־עדן", דזשאָן מילטאָן, דער ערשטער אַרויסגעשטעלט פאַר דער פרייהייט פון פּרע־סע, בכדי צו זיכערן די רעליגיעזע און פּאָליטישע געוויסנס־פרייהייט פון די בירגער, און אין אַ שריפט, „דעפענסיאָ פּראָ פּאָפּולאָ אַנגליקאַנאָ", האָט ער פאַרטיידיקט

דאָס אומבאַדינגטע רעכט פון דער נאַציע צו שטעלן פאַרן געריכט אַ פאַלשן און פאַררעטערישן טיראַן און אים פאַרמשפּטן צום טויט. זיין בוך איז פון איירעפּעס בעס־טע גייסטער פאַרשלונגען געוואָרן מיט אַן אמתן הונגער, נאָכדעם ווי ס'איז אין פראַנקרייך עפנטלעך פאַרברענט געוואָרן דורכן תּליון, אויפן קעניגס באַפעל.

ביי די לעוועלערס, דזשאָן לילבורנס אָנהענגער, זענען דידאַזיקע קאָנצעפּציעס צומשאַרפסטן אַרויסגעטראָטן און זיי האָבן געפונען זייער מוטיקסטן אויסדרוק אי־נעם געדאַנק וועגן דעם „פאָלקסאָפּמאַך״, וועלכער איז טאַקע פון דאָזיקן ראַדיקאַלן פליגל פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון יענער צייט אַריינגעבראַכט געוואָרן צווישן די מאַסן. כמעט אַלע סאָציאַלפּאָליטישע דענקער פון יענער תּקופה, פון זשעראַרד ווינסטאַנלי ביז פּ. צ. פּלאָקבאָי און דזשאָן בעלערס, און פון ר. הוקערס און אַ. סידני ביז דזשאָן לאָק, זענען געווען איבערצייגטע אָנהענגער פון דער לערע וועגן סאָציאַלן קאָנטראַקט.

בעת דער אבסאָלוטיזם אויפן קאָנטינענט איז כמעט אומעטום דערגאַנגען צו אומבאַשרענקטער הערשאַפט, האָט ער אין ענגלאַנד בלויז אונטער די סטיואַרטס געהאַט אַ פאַרבייגייענדיקן דערפאָלג און ער איז דורך דער צווייטער רעוואָלוציע פון 1688 ווידער אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן. דורך דער „דעקלאַריישאָן אָוו ראַיטס״, אין וועלכער עס זענען אין אַ פאַרנעמיקערער פאָרעם פונדאַסניי באַשטעטיקט גע־וואָרן אַלע גרונטפּרינציפּן, וועלכע זענען שוין געווען אָנגעצייכנט אין דער „מאַגנאַ טשאַרטאַ״, איז ווידער איינגעפירט געוואָרן דאָס אָפּמאַך־פאַרהעלטעניש צווישן קרוין און פאָלק. דידאָזיקע אַנטוויקלונג פון די געשיכטלעכע געשעענישן האָט גורם געווען, אַז דווקא אין ענגלאַנד זאָל דער רעיון וועגן געזעלשאַפטלעכן אָפּמאַך און די נאַטורערכטלעכע קאָנצעפּציעס קיינמאָל נישט אַרויס פון דער מאָדע און אַלס פועל־יוצא דערפון האָבן זיי געהאַט אַ טיפערע השפּעה אויף דער גייסטיקער אַריענ־טאַציע פונעם פאָלק ווי אין וועלכן־נישט־איז אַנדערן לאַנד.

אויפן קאָנטינענט האָט מען זיך געהאַט צוגעוואוינט איבערצוענטפערן אימ־פּעריעס און פעלקער אין רשות פון דער אומבאַשרענקטער מאַכט פון די פירשטן, און לודוויק דעם פערצנטנס וואָרט „דער שטאַט בין איך!״ האָט באַקומען אַ סימבאָ־לישע באַדייטונג פאַר דער גאַנצער תּקופה פונעם אַבסאָלוטיזם. אָבער אין ענגלאַנד, וואו ס'איז קעגן די מאַכטגלוסטונגען פון דער קרוין שטענדיק געווען אַן אַנטשלאָ־סאָנע אָפּאָזיציע פונעם בירגערטום, וועלכע האָט נאָר פאַרבייגייענדיק און קיינמאָל נישט אויף אַ לאַנגער צייט געקאָנט געבראַכט ווערן צום שווייגן, האָט זיך בהסכם דערמיט אַנטוויקלט אַ גאַנץ אַנדערער באַנעם וועגן געזעלשאַפטלעכע ענינים, מחמת מ'איז געווען שטאַרק וואַכזאַם אָפּצוהיטן די דערגרייכטע רעכטן און דורכן מיט־באַשטימונגסרעכט פון די פאַרלאַמענטן אַרויסצושטעלן אַ ווירקזאַמע דאַמבע קעגן דעספּאָטיזם. דזשאָן פּים, דער גייסטרייכער פירער פון דער אָפּאָזיציע אין דער קאָ־מונענקאַמער קעגן די אַבסאָלוטיסטישע פּרעטענזיעס פון דער קרוין, האָט דעמדאָ־

זיקן אינערלעכן געפיל געגעבן אַן עלאָקווענטן אויסדרוק, ווען ער האָט דער מינדער־הייט, וועלכע איז געווען געטריי דעם קעניג, געשליידערט אין פּנים דידאַזיקע ווערטער:

„יענער פאַלשער פּרינציפּ, וועלכער אינספּירירט די פירשטן און מאַכט זיי גלייבן, אַז די לענדער, וועלכע זיי רעגירן, זענען זייער פּערזענלעכער אייגנטום — גלייך ווי דאָס קעניגרייך וואָלט עקזיסטירט פאַרן קעניגס וועגן און נישט דער קעניג פאַרן קעניגרייך — איז דער מקור פון יעדן מין עלנט פון די אונטערטאַנען, די סיבה פון אַלע אָנגריפן אויף זייערע רעכטן און פרייהייטן. לויט דעם אָנערקענטן געזעץ פון דעמדאָזיקן לאַנד זענען אַפילו די איידלשטיינער פון דער קרוין נישט דעם קעניגס אייגנטום; זיי זענען אים אָנפאַרטרויט געוואָרן פונעם לאַנד נאָר פאַר דער באַצירונג און פאַרן באַנוץ. און אָנפאַרטרויט זענען אים אויך די שטעט און פעסטונגען, די שאַצקאַמער און די מאַגאַזינען, די עפנטלעכע אַמטן, בכדי צו באַשיצן די זיכערקייט, דעם וואוילשטאַנד און דעם נוצן פונעם פאָלק און קעניגרייך. ער קאָן דעריבער באַנוצן זיין מאַכט נאָר בהסכם מיט די יועצים פון ביידע קאַמערן".

אין דידאָזיקע ווערטער קלינגט־אָפּ דאָס עכאָ פון דער גאַנצער ענגלישער געשיכטע, אַנטפּלעקט זיך דער אייביקער קאַמף צווישן מאַכט און רעכט, וועלכער וועט זיך פאַרענדיקן ערשט דעמאָלט, ווען מ'וועט האָבן בייגעקומען, איבערגעשטיגן יעדן מאַכטפּרינציפּ. מחמת דער פּרינציפּ פון פאָלקספאַרטרעטערשאַפט האָט דעמאָלט געהאַט אַ גאַנץ אַנדערן באַדייט ווי היינט. דאָס, וואָס העלפט היינט צו פאַרשטעלן דעם וועג פאַר נייע פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, איז דעמאָלט געווען אַן ערנסטער פּרוואו אָנצוצייכענען דער מאַכט באַשטימטע גרענעצן, אַ האָפענונגספולע התחלה אויפן וועג צו דער פולשטענדיקער פאַרטיליקונג פון אַלע מאַכטפּאָליטישע שטרעבונגען און זיי באַזייטיקן פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אגב האָט די לערע וועגן אַ אָפּמאַך־פאַרהעלטעניש, ווי דער יסוד פון אַלע פּאָליטישע אינסטיטוציעס פון דער געזעלשאַפט, אויך אין ענגלאַנד גאָר באַלד דערפירט צו ווייטגייענדיקע קאָנסעקווענצן. אַזוי האָט דער טעאָלאָג ריטשאַרד הוקער אין זיין ווערק „לאָוס אָוו עקלעסיאַסטיקאַל פּאָליסי", וועלכעס איז דערשינען אין 1593, פאַרטראָטן דעם שטאַנדפּונקט, אַז ס'איז אומווירדיק פאַר אַ מענטשן זיך צו אונטערוואַרפן בלינדערהייט, ווי אַ חיה, אונטערן צוואַנג פון אַ וואָסער נישט־איז אויטאָריטעט, אויב זיין אייגענע פאַרנונפט עצהט אים דאָס נישט. הוקער האָט באַגרינדעט די לערע וועגן געזעלשאַפטלעכן אָפּמאַך דערמיט, וואָס קיין שום מענטש וואָלט נישט געווען אימשטאַנד צו געוועלטיקן איבער אַ גרעסערער צאָל פון זיינע מיטמענטשן, אויב זיי וואָלטן אים נישט געווען געגעבן זייער הסכמה דערצו. אָבער אַזאַ הסכמה קאָן, לויט הוקערס באַנעם, דערגרייכט ווערן נאָר דורך אַ קעגנזייטיקער פאַרשטענדעניש: דעריבער דער אָפּמאַך. אין זיינע באַטראַכטונגען וועגן דעם מהות פון דער רעגירונג האָט הוקער דערקלערט גאַנץ אָפנהערציק, אַז „לויט דער נאַטור פון די זאַכן איז בשום אופן נישט אוממעגלעך, אַז מענטשן זאָלן קאָנען לעבן צוזאַמען אָן אַן עפנטלעכער רעגירונג".

זיין ווערק האָט שפּעטער געדינט דזשאָן לאָקן ווי אַ יסוד פאַר זיינע באַרימטע צוויי אָפּהאַנדלונגען, פון וועלכע דער אויפשפּראַצנדיקער ליבעראַליזם האָט גע־צויגן זיין הויפּט־יניקה.

אויך לאָק איז אין זיינע סאָציאַלפּאָליטישע אָפּשאַצונגען אַרויסגעגאַנגען פון שטאַנדפּונקט פון נאַטורעלן רעכט. אין היפּוך צו האָבסן האָט ער פונדעסט־וועגן געהאַלטן, אַז די פרייהייט פונעם נאַטורמענטשן איז בשום אופן נישט געווען קיין צושטאַנד פון רויער אייגנוויליקייט, וואו דאָס רעכט פונעם יחיד איז באַשטימט געוואָרן רק דורך דער ברוטאַלער געוואַלט, וועלכע איז געווען אין זיין רשות; ער האָט זיך גיכער משער געווען, אַז שוין אין יענע צייטן האָבן עקזיס־טירט אַלגעמיינע און התחייבותדיקע באַציאונגען צווישן די מענטשן, וועלכע זענען אַרויסגעקומען פון די געזעלשאַפטלעכע נטיות און פון די אייגזעענישן פר־נעם שכל־הישר. לאָק האָט אויך געהאַלטן, אַז אַפילו אין נאַטורצושטאַנד האָט שוין עקזיסטירט אַ געוויסע פאָרעם פון אייגנטום. ס׳איז אמת, אַז גאָט האָט אי־בערגעענטפערט פריי אין מענטשנס רשות די גאַנצע נאַטור, אַזוי אַז די ערד האָט נישט באַלאַנגט צו קיינעם, אָבער ס׳האָט מסתמא יאָ באַלאַנגט צו עמיצן די גערעטעניש, וועלכע דער יחיד האָט באַקומען דורך זיין פערזענלעכער אַרבעט. טאָקע דערפאַר האָבן זיך בהדרגהדיק אַנטוויקלט געוויסע פאַרבינדונגען צווישן די מענטשן, באַזונדערס נאָכדעם ווי די איינצלנע פאַמיליענגרופּעס האָבן זיך צוזאַמענגענומען אין גרעסערע איינזאַמלונגען. אויף דעם אופן האָט זיך לאָק געזוכט צו דערקלערן די אַנטשטייאונג פונעם שטאַט, וועלכער האָט אין זיינע אויגן נאָר געהאַט דעם באַדייט פון אַ פאַרזיכערונגסגעזעלשאַפט, אויף וועלכער ס׳איז געלעגן די פליכט צו וואַכן איבער דער פערזענלעכער זיכערקייט און דעם אייגנטום פון די בירגער.

אויב אָבער די מלוכה האָט נישט קיין אַנדערע אויפגאַבע ווי די, איז עס דאָך לאָגיש, אַז די העכסטע מאַכט דאַרף זיך געפינען ניט ביים ראש פון דער מלוכה, נייערט אין פאָלק גופא און דאַרף געפינען איר אויסדרוק אין דער פון אים אויס־געוויילטער געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג. במילא שטייט דער פאַרטרעטער פון דער שטאַטלעכער מאַכט נישט איבער, נאָר, ווי יעדער אַנדערער גליד פון דער געזעלשאַפט, אונטער דעם געזעץ און ער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן פאָלק פאַר זיינע מעשים. אויב ער מיסברויכט מיט דער מאַכט, וועלכע איז אים איבערגעגעבן געוואָרן פאַרן שוץ פון די בירגער, קאָן ער דערפאַר צו יעדער צייט אָפּגעזאָגט ווערן פון דער פאָלקספאַרטרעטונג, פּונקט ווי יעדער אַנדערער אָנגעשטעלטער, וועלכער האַנדלט להיפּוך צו זיין פליכט.

דידאַזיקע מסקנות לאָקס זענען געווען געווענדט קעגן האָבסן און פריער פון אַלץ קעגן ראָבערט פילמער, דעם מחבר פון „פּאַטריאַרכאַ״, און איינער פון די אַנטשלאָסנסטע פאַרטיידיקער פון דער אַבסאָלוטער פירשטלעכער מאַכט. לויט פילמערן, איז אויפן קעניג נישט חל קיין שום מענטשלעכער קאָנטראָל, און אין

זיינע באַשלוסן איז ער אויך נישט געבונדן צו קיין שום אַנטשיידונגען פון די פּאַרגייער זיינע. ווייל דער קעניג איז פון גאָט אַליין אויסגעקליבן צו געוועלטיקן איבער זיין פאָלק ווי אַ געזעצגעבער, מחמת ער אַליין שטייט איבערן געזעץ. אַלע געזעצן, אונטער וועמעס שוץ די מענטשן האָבן ביז אַהער געלעבט, זענען אים איבערגעגעבן געוואָרן דורך גאָטס אויסדערוויילטע, מחמת ס׳איז דאָך אומזיניק, אַז אַ מענטש זאָל מאַכן געזעצן איבער זיך אַליין. דער געדאַנק, אַז אַ פאָלק האָט דאָס רעכט צו משפּטן זיין קעניג אָדער אים צוצונעמען די קרוין האָט זיך פּילמערן אויסגעוויזן דורכויס פאַרברעכעריש, ווייל אין אַזאַ פאַל זענען דאָך די פאָלקספאַרטרעטער אַנקלאָגער און ריכטער אין איין פּערזאָן, וואָס דאָס איז להיפוך צו אַלע עיקרים פון גערעכטיקייט. דעריבער איז, לויט זיין באַנעם, יעדע באַשרענקונג פון דער לעגיטימער מאַכט אַן אומגליק און מוז אומפאַרמיידלעך ברענגען צו אַ פולשטענדיקער אויפלייזונג פון אַלע געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען.

לאָק, וועלכער האָט דעם קעניג געוואָלט לאָזן פיגורירן בלויז ווי אַן אויספירנדיקן אָרגאַן פונעם פאָלקסווילן, האָט אים דעריבער אָפּגעזאָגט דאָס רעכט צו מאַכן געזעצן. דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט, איז געווען אַ דרייגלידערדיקע עפנטלעכע מאַכט, ווייל נאָר אַזוי אַרום איז מעגלעך אויסצוהיטן פון אַ מיסברויך מיט דער מאַכט, וועלכע מוז שטענדיק ווערן אַ סכנה פאַרן עפנטלעכן וואוילשטאַנד, ווען אַלע מיטלען פון דער מאַכט זענען פאַראייניקט אין איין פּערזאָן. דעריבער דאַרף די געזעצגעבנדיקע מאַכט איינשטיין אויסשליסלעך ביי דער פאָלקספאַרטרעטונג. די עקזעקוטיווע אָדער אויספירנדיקע מאַכט, וועמעס פאַרטרעטער דאַרף קאָנען צו יעדער צייט באַזייטיקט און פאַרביטן ווערן דורך אַן אַנדערער מצד דער געזעצגעברישער פאַרזאַמלונג, איז אין אַלע ענינים אונטערגעוואָרפן און פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער ערשטער. איז נאָך געבליבן די פעדעראַטיווע מאַכט, וועלכער ס׳איז, לויט לאָקן, צוגעפאַלן די אויפגאַבע צו פאַרטרעטן דאָס לאַנד לגבי דרויסן, צו שליסן אָפּמאַכן מיט אַנדערע מלוכות און צו אַנטשיידן וועגן ענינים פון קריג און פרידן. אויך דערדאָזיקער צווייג פון דער עפנטלעכער מאַכט דאַרף זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פאָלקספאַרטרעטונג און בלויז דורכפירן אירע החלטות.

פאַר לאָקן איז די פאָלקספאַרטרעטונג געווען דער אייגנטלעכער אָרגאַן, וועלכער האָט געדאַרפט אָפּהיטן דעם פאָלקס רעכט קעגן דער רעגירונג; צוליב אָט דעם טעם האָט ער איר צוגעשריבן אַזאַ אַנזעעוודיקע פּאָזיציע. אויב די רעגירונג האָט אויף אַן אומפאַראַנטוואָרטלעכן אופן עובר געווען אויף די אויפגאַבן, וועלכע מ׳האָט איר איבערגעגעבן, קומט פאַר אַ ריס אין די באַשטייענדיקע יורידישע פאַרהעלטענישן, און אין דעם פאַל איז דאָס פאָלק באַרעכטיקט צו מאַכן זיין רעוואָלוציע פון אונטן קעגן דער רעוואָלוציע פון אויבן, בכדי צו פאַרטיידיקן זיינע אומבאַרירבאַרע רעכטן.

נישט געקוקט דעריף, וואָס לאָק האָט זיך אַזוי שטאַרק באַמיט צו געפינען

אַ פּאָרויסיקע לייזונג פאַר אַלע פאַלן, וועלכע קאָנען ליגן אין תחום פון דער מעג־לעכקייט, קאָן מען אָבער אויך נישט לייקענען, אַז זיינע פּאָליטישע השערות זענען באַלייגט מיט חסרונות, וואָס לאָזן זיך נישט באַזייטיקן אַפילו נישט דורך דער טיי־לונג פון די מאַכטפונקציעס, ווייל זיי זענען צוגעבונדן צו דער מאַכט ווי אַזעלכע און זיי ווערן נאָך דערצו באַגינציקט דורך דער עקאָנאָמישער אומגלייכהייט אין דער געזעלשאַפט. פון דידאָזיקע חסרונות האָט אויך געליטן דער ליבעראַליזם און אַלע שפּעטערדיקע קאָנסטיטוציאָנעלע פּלענער, דורך וועלכע מ׳האָט אין די פאַר־שידענע לענדער געוואָלט באַשרענקן די מאַכט און באַשיצן די רעכט פון די ביר־גער. דאָס האָט שוין געוואוסט דער פראַנצויזישער זשיראָנדיסט לואוועט, ווען ער האָט אין סאָמע ברויז פון דער התלהבות פאַר דער נייער קאָנסטיטוציע אַרויסגע־זאָגט די דאָזיקע אינהאַלטספולע ווערטער: „די פּאָליטישע גלייכהייט און די נייע קאָנסטיטוציע האָבן נישט קיין געפערלעכערן שונא ווי די וואַקסנדיקע אומגלייכ־הייט פונעם פאַרמעג". וואָס שטאַרקער ס׳איז אין משך פון דער צייט געוואָרן דידאָ־זיקע אומגלייכהייט, וואָס טיפער ס׳האָט זיך געשטאַלטיקט דער תהום פון די גע־זעלשאַפטלעכע סתירות ביים רעזשים פונעם זיגערישן קאַפּיטאַליזם און אונטערגע־גראָבן יעדע מין שותפותדיקייט פון די עקאָנאָמישע אינטערעסן, אַלץ מער האָט געמוזט פאַרבלאַסט ווערן דער התחלהדיקער באַדייט פון יענע מיטלען, וועלכע האָבן אַמאָל געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָל אינעם קאַמף קעגן דער אויבערהאַנט פון די מאַכטפּאָליטישע אַמביציעס אין דער געזעלשאַפט.

נישט געקוקט אויף דעם האָבן די אידעען וועגן נאַטורעלן רעכט במשך פון יאָרהונדערטער געהאַט די שטאַרקסטע השפעה אויף די געזעלשאַפטלעכע שטרע־מונגען אין אייראָפּע, וועמעס ציל ס׳איז געווען אָנצוצייכענען באַשטימטע גרענעצן דער לעגיטימער מאַכט און אויסצובריייטערן די ספערע פון דער פערזענלעכער אומ־אָפּהענגיקייט פאַרן אינדיווידואום. דידאָזיקע השפעה איז נאָך באַשטאַנען אַפילו דע־מאָלט, ווען אַ היפּשע צאָל אָנגעזעענע דענקער אין ענגלאַנד און פראַנקרייך, אַזעל־כע ווי לאָרד שאַפטעסבור, בערנאַרד דע מאַנדעוויל, וויליאַם טעמפּל, מאָנטעסקיו, דזשאָן באָלינגסבראָק, וואָלטער, בופאָן, דייוויד הום, נאַבל, אַנרי לינגעט, אַ. פער־גוסאָן, אַדאַם סמיט און אייניקע אַנדערע, באַווירקט פון די נאַטורוויסנשאַפטלעכע דערקענטענישן, האָבן פאַרוואָרפן די לערע וועגן אַן אורשפּרינגלעכן געזעלשאַפט־לעכן קאָנטראַקט און גענומען זוכן אַנדערע מעגלעכקייטן פאַרן געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן, ביי וואָס אייניקע פון זיי האָבן שוין אַפילו באַטראַכט דעם שטאַט ווי דעם פּאָליטישן מאַכטאינסטרומענט פון די פּריווילעגירטע מינדערהייטן אין דער געזעלשאַפט פאַר דער באַהערשונג פון די ברייטע מאַסן.

אויך די גרויסע באַגרינדער פונעם אינטערנאַציאָנאַלן פעלקעררעכט — הוגאָ גראָטיוס, סאַמועל פּופענדאָרף, קריסטיאַן טאָמאַסיוס — כדי צו דערמאָנען בלויז די באַקאַנטסטע פון צווישן זיי — וועמעס גרויסער פאַרדינסט באַשטייט אין דעם, וואָס זיי האָבן אין אַ צייט, ווען די נאַציאָנאַלע אָפּזונדערונג פון די פעלקער איז

געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער, געמאַכט די ערשטע פּרוּוון צוזאַמענצוגע־מען דאָס אַלעס, וואָס איז געמיינשאַפטלעך פאַר אַלע מענטשן איבער די גרענעצן פון די מלוכות, און דאָס אויסצוגעשטאַלטיקן אַלס יסוד פון אַן אַלגעמיינעם רעכט, — אויך זיי זענען אין זייערע אָפּשאַצונגען אַרויסגעגאַנגען פון נאַטורעכטלעכן שטאַנדפּונקט. גראָטיוס האָט באַטראַכט דעם מענטשן ווי אַ סאָציאַל באַשעפעניש און אין סאָציאַלן אינסטינקט האָט ער אייַנגעזען דעם שורש פון אַלע געזעלשאַפט־לעכע פאַרבינדונגען. דאָס בשותּפותע צוזאַמענלעבן האָט אַנטוויקלט באַשטימטע געוויינהייטן און זיי זענען געוואָרן די ערשטע יסודות פונעם נאַטורעלן רעכט. אין זיין ווערק „וועגן דעם רעכט פון מילחמה און שלום", וועלכעס איז דערשינען אין יאָר 1625, האָט ער צוגעשריבן די אַנטשטייאונג פונעם שטאַט צום נישט געשרי־בענעם אָפּמאַך פאַרן שוץ פונעם רעכט און פאַר אַלעמענס נוצן. און היות דער שטאַט איז אויפגעקומען דורכן ווילן פון אַלע יחידים, קאָן ער קיינמאָל נישט אָפּשאַפן דאָס רעכט, וואָס פאַלט אויס אויף יעדן איינעם פון זיינע מיטגלידער; דאָסדאָזיקע נאַטירלעכע און אומאָפּפרעגבאַרע רעכט קאָן אַפילו דורך גאָט גופא נישט געענדערט ווערן. דאָסזעלביקע רעכטפאַרהעלטעניש איז אויך דער יסוד פון אַלע באַציאונגען מיט אַנדערע פעלקער און מ'קאָן קיינמאָל נישט עובר זיין אויף אים אומבאַשטראָפטערהייט.

פופענדאָרף, וועלכער האָט זיך, פּונקט ווי טאָמאַסיוס, סומך געווען אויף גראָ־טיוסן און די ענגלישע סאָציאַל־פילאָזאָפן, האָט מוטיק דערקלערט, אַז דאָס נאַטור־רעכט איז חל נישט נאָר אויף קריסטן, נייערט אויך פאַר יידן און טערקן, אַ שטאַנד־פּונקט, וועלכער איז פאַר יענער צייט געווען באמת אויסערגעוויינלעך. טאָמאַסיוס אָבער האָט באַזירט יעדעס רעכט אויף דער באַדערפעניש פונעם יחיד צו זיין אַזוי גליקלעך ווי מעגלעך און צו לעבן וואָס לענגער. אַזוי ווי אָבער דער מענטש געפינט דאָס גרעסטע גליק זיינס נאָר אינעם בשותּפותדיקן צוזאַמענלעבן מיט אַנדערע, דאַרף ער דעריבער שטרעבן דערצו, אַז די טובות הכלל זאָל זיין דער לייטמאָטיוו פון זיינע מעשים. אין דעמדאָזיקן גרונטזאַץ האָט טאָמאַסיוס געזען דעם גאַנצן אינהאַלט פונעם נאַטורעלן רעכט.

אַלע שטרעבונגען, וועלכע האָבן געצויגן זייער יניקה פון דער לערע פונעם נאַטורעלן רעכט, האָבן געהאַט אַלס יסוד די כוונה צו באַפרייען דעם מענטשן פו־נעם דרוק פון די געזעלשאַפטלעכע צוואַנגס־אינסטיטוציעס, בכדי ער זאָל דערגרייכן צום באַוואוסטזיין פון זיין מענטשטום און מער נישט פאַלן אויף די קני פאַר קיין שום אויטאָריטעט, וועלכע באַרויבט אים פונעם רעכט פון אייגענעם דענקען און האַנדלען. ס'איז אמת, אַז אויפן רוב פון דידאָזיקע שטרעמונגען זענען נאָך געלעגן גענוג אויטאָריטעטע באַשטאַנדטיילן, אַז זיי האָבן זיך אַפילו נישט זעלטן אויסגע־וויקלט צו נייע פאָרמען פון הערשאַפט, ווען זיי האָבן טיילווייז אָדער גענצלעך דער־גרייכט זייער ציל, אָבער דאָס ענדערט נישט דעם פאַקט, אַז די גרויסע פאָלקס־באַוועגונגען, וועלכע זענען באַפרוכפּערט געוואָרן פון יענע אידעען, האָבן אויסגע־

לייגט דעם וועג פאַר דער מעגלעכקייט זיך אַרויסצוהייבן איבער די מאַכט־באַגריפן און באַאַרבעט דאָס פעלד, פון וועלכן עס וועט אַמאָל אויפגיין לעבנסקרעפטיק דער זאָמען פון דער פרייהייט.

טויזנטער דערפאַרונגען האָבן געמוזט און מוזן נאָך אַלץ געזאַמלט ווערן, כדי רייף צו מאַכן דעם מענטשן פאַרן געדאַנק, אַז נישט די פאָרמען פון דער מאַכט, נאָר די מאַכט ווי אַזעלכע איז דער קוואַל פון אַלע צרות, אַ קוואַל, וועלכער מוז אויסגעטריקנט ווערן, כדי צו עפענען דער מענטשהייט נייע פערספעקטיוון פאַר דער צוקונפט. אַפילו די קלענסטע דעראָבערונג אויפן דאָזיקן פיינפולן וועג איז געווען אַ שריט פאָרויס אין דער ריכטונג צו דער לייזונג פון אַלע מאַכטפּאָליטישע שטרויכלונגען, וועלכע האָבן תמיד פונדאָסניי פּאַראַליזירט די פרייע אַנטוויקלונג פון אַלע שעפערישע כוחות פונעם קולטורעלן לעבן און געשטערט זייער נאַטירלעכע אַנטוויקלונג. ערשט ווען דער מענטש וועט זיך האָבן אויפגעהויבן העכער איבערן גלויבן אין זיין אָפּהענגיקייט פון אַ העכערער מאַכט, דעמאָלט וועלן אויך צעריסן ווערן אַלע קייטן, וועלכע האָבן ביז אַהער געהאַלטן די פעלקער אין יאָך פון גייס־טיקער און סאָציאַלער שקלאַפעריי. אַפּיטרופּסות און אויטאָריטעט זענען דער טויט פון יעדער גייסטיקער אַספּיראַציע און טאַקע דערפאַר דער גרעסטער שטער פאַר יעדער אינערלעכער געזעלשאַפטלעכער סאָלידאַריטעט, וועלכע קומט אַרויס נאָר פון דער פרייער באַטראַכטונג פון די פּראָבלעמען, און זי קאָן געדייען נאָר אין אַזאַ געמיינשאַפט, וועלכע ווערט נישט געהאַמעוועט אין איר נאַטירלעכער אַנטוויקלונג נישט דורך אויסערלעכן צוואַנג, נישט דורך וועלטפרעמדער אמונה אין דאָגמען און נישט דורך עקאָנאָמישער אונטערדריקונג.

# IX

## די ליבעראַלע אידייען אין אייראָפּע און אין אַמעריקע

דזשערעמי בענטאַם און דער אוטיליטאַריזם. — פּריסטלי און רישאַרד פּרייס וועגן שטאַט און געזעלשאַפט. — ווילִיאַם גאָדווינס „פּאָליטישע גערעכטיקייט". — פּריוואַטלעכע שטרעמונגען אין אַמעריקע. — פון דזשעפערזאָן ביז טאָראָ. — ליבעראַלע אידעען אין דער דייטשער ליטע־ראַטור. — לעסינג וועגן שטאַט און קירך. — הערדערס געשיכטס־פילאָזאָפיע. — שילערס קולטור־עסטעטיק. — ליכטענבערג און זוימע. — געטעס פּערזענלעכקייט. — ווילאַנדס „גאָלדענער שפּיגל". — זשאַן פּאַול. — העלדערלינס „היפּעריאָן". — ווילהעלם פאָן הומבאָלדס „אי־דעען איבער די גרענצען דער ווירקזאַמקייט דעס שטאַטעס". — דער פּאָליטישער ראַדיקאַליזם אין פראַנקרייך. — וואָלטער. — דידעראָס באַגריפן וועגן דער פרייהייט. — מאָנטעסקיוס „גייסט פון די געזעצן".

מ'האָט זיך צוגעוויינט צו באַצייכענען דעם ליבעראַליזם ווי דעם „פּאָליטישן אינדיווידואַליזם", וואָס די פּעולה פון דעם איז געווען, וואָס נישט נאָר איז געשאַפן געוואָרן אַ פאַלשער באַגריף, נייערט ס'איז אויך געעפנט געוואָרן טיר און טויער פאַר אַלערליי מינים מיספאַרשטענדענישן. האָט דאָך דידאָזיקע שטרעמונג געהאַט אַ דורכויס סאָציאַלן געדאַנק אין איר יסוד: דעם פּרינציפּ פון נוצלעכקייט, וועלכן דזשערעמי בענטאַם — איינער פון די אָנגעזעענסטע פאַרטרעטער פון דערדאָזיקער שיטה — האָט אויסגעדריקט אין אָט־דער פאָרמול: „דעם מעגלעך־גרעסטן סכום גליק פאַר דער מעגלעך־גרעסטער צאָל מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט". מיט דעם איז דער פּרינציפּ פון נוצלעכקייט פאַר אים געוואָרן די נאַטירלעכע מאָס צו מעסטן דעם ווערט פון גערעכטיקייט און אומגערעכטיקייט.

„די קהילה — זאָגט בענטאַם — איז אַ קערפּערשאַפט פון מאָראַלישן כאַראַקטער, וועלכע ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון יחידים. דער אינטערעס פונעם כלל קאָן דעריבער נישט זיין קיין אַנדערער ווי דער אינטערעס פון די יחידים, וועלכע האָבן זיך צוזאַמענגענומען אין אַ קהילה. דעריבער איז עס נישט עפּעס אַנדערש ווי פּוסטע רייד, ווען מ'רעדט וועגן די אינטערעסן פונעם כלל, איידער מ'האָט זיך קלאָר געמאַכט די אינטערעסן פונעם יחיד. יעדע דערשיינונג העלפט־צו דעם אינטערעס פונעם מענטשן אין דער מאָס, אינוויווייט זי פאַרמערט דעם סכום פון זיין פּערזענלעכן גליק אָדער פאַר־מינערט דעם אַלגעמיינעם סכום פון זיינע ליידן. אַרויסגייענדיק פון שטאַנד־פּונקט פון נוצלעכקייט, איז אַ האַנדלונג פון דער רעגירונג נאָר דעמאָלט גוט

און גערעכט, ווען זי טראָגט־צו איר חלק צו העלפן צום מעגלעך־גרעסטן גליק פונעם בירגער*).

אין דידאַזיקע ווערטער קומט זיכער צום אויסדרוק דאָס געפיל פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, וועלכעס איז זיך טאַקע אין איר אוממיטלבאַרער השערה סומך אויפן יחיד, אָבער פונדעסטוועגן דאַרף מען עס אָפּשאַצן ווי דעם פועל־יוצא פון אַן אויסגעשפּראָכענעם געפיל פון סאָלידאַריטעט, און קאָן בשום אופן נישט דעפינירט ווערן דורך דער אַלגעמיינער באַצייכענונג „אינדיווידואַליזם", וועלכע קאָן זאָגן אַלץ און גאָרנישט.

הגם אַ סך באַרימטע פאָרטרעטער פונעם פּאָליטישן ראַדיקאַליזם אין ענגלאַנד האָבן זיך, להיפּוך צו בענטאַמען, באַזירט אויפן נאַטורעלן רעכט, טרעפן זיי זיך צונויף מיט אים אין זייערע ענדצילן. דער ווידערשפּעניקייטס־פּרעדיקער דזשאָזעף פּריסטלי, וועלכער האָט דעם מענטשנס אומבאַגרענעצטע פעאיקייט צו שלימות געלאָזט אויסרופן ווי דאָס געזעץ פון גאָט, האָט דער רעגירונג געוואָלט צוגעבן נאָר אַזויפיל רעכט, אויף וויפל אירע אָרגאַנען וועלן זיך מכוון זיין צו שטיצן דאָסדאָזיקע געזעץ פון געטלעכן ווילן. צו געבן דער רעגירונג אַן אַנדערן צוועק, איז אַ שווערע זינד קעגן דעם רעכט פונעם פאָלק, מחמת נאָר „דער נוצן און דאָס גליק פון די איינצלנע גלידער פונעם כלל איז די מאָס, מיט וועלכער מ'דאַרף מעסטן יעדע האַנדלונג, וואָס האָט אַ שייכות צו דער מלוכה". אונטער דער השפּעה פון דאָזיקן געדאַנקענגאַנג האָט פּריסטלי פאַרטיידיקט דאָס רעכט פונעם פאָלק צו קאָנען צו יעדער צייט אַראָפּזעצן זיין רעגירונג, ווי איינע פון די עלעמענטאַרסטע תנאים פונעם שטאָטלעכן אָפּמאַך, און ער איז אַזוי אַרום לאָגישערווייז דערגאַנגען צום רעכט אויף רעוואָלוציע, וועלכעס יעדעס פאָלק האָט, ווען די רעגירונג פאַרלאָזט דעם וועג, וועלכער איז איר אָנגעצייכנט געוואָרן דורך דידאָזיקע אייביקע פּרינציפּן.

ריטשאַרד פּרייס, וועלכער האָט, אין היפּוך צו פּריסטלין, נישט געמאָסטן די באַגריפן פון רעכט און אומרעכט מיט דער מאָס פון ניצלעכקייט, און איז אויך נישט מסכים געווען מיט זיין, צום פילאָזאָפישן מאַטעריאַליזם אַזוי שטאַרק ציענדיקן באַנעם און געגלייבט אין דער פרייהייט פונעם מענטשלעכן ווילן, איז אָבער פולשטענדיק מסכים געווען מיט דער מיינונג פון זיין פריינט מכוח דעם פאַרהעלטעניש פונעם מענטש צו דער רעגירונג; ער האָט זי נאָך אַפילו אויסגעברייטערט דערמיט, וואָס ער האָט די פּערזענלעכע פרייהייט באַנומען טיפער.

„אין אַ פרייער מלוכה — זאָגט פּרייס — גילט יעדער ווי זיין אייגענער געזעצגעבער. אַלע שטייערן דאַרפן באַטראַכט ווערן ווי פרייוויליקע צאָלונגען צו דעקן די אויסגאַבן פון דער נייטיקער עפנטלעכער באַדינונג. יעדעס געזעץ דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַ מיטל, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן מיט אַלעמענס צושטימונג פאַרן שוץ און זיכערקייט פונעם יחיד. אַלערליי מינים אויטאָריטעטן זענען בלויז פאַרטרויאונגסמענער אָדער דעלעגאַטן, וועמעס

*) J. Bentham, Introduction to the principles of Morals and Legislation, 1789.

אויפגאבע ס׳איז דורכצופירן דידאזיקע מיטלען. די דערקלערונג, אז פרייהייט באדייט דאס רעגירן דורך געזעצן אנשטאט דורך מענטשן, אנטשפרעכט בלויז טיילווייז דעם אמת. ווען די געזעצן ווערן באשטימט דורך איין מענטשן אדער דורך א פאריייניקונג פון מענטשן אין דער מלוכה, אנשטאט צו זיין די רעזולטאטן פון אן אלגעמיינעם אפמאך, אין דעם פאל אונטערשיידט זיך די לאגע פון די מענטשן אונטער אזא רעגירונג לגמרי נישט פון קנעכט־שאפט״*).

דער אויספיר וועגן די געזעצן איז פון באזונדערער וויכטיקייט, ווען מען דער־מאנט זיך, מיט וואס פארא יראת־הכבוד מ׳האט זיך באצויגן אין פראנקרייך צו די געזעצן אין דער צייט פון דער גרויסער רעוואלוציע. אוודאי האט אויך פרייס אנערקענט, אז א געזעלשאפטלעכער צושטאנד, וואו די געזעצן אנטשטייען פון דער פרייער הסכמה פון אלעמען, וואלט מעגלעך געווען נאר אין די ראמען פון קליינע קהילות, אבער טאקע דערפאר האט זיך אים די מאדערנע גרויסע מלוכה אויסגעוויזן ווי איינע פון די גרעסטע סכנות פאר אייראפעס צוקונפט.

פון אלע פארטרעטער פונעם פאליטישן ראדיקאליזם פון יענער תקופה איז טאמאס פעין, דער באגייסטערטער קעמפער לטובת דער אומאפהענגיקייט פון די ענגלישע קאלאניעס אין נארד־אמעריקע, געווען דער־ריעניקער, וועלכער האט גע־וואוסט ווי אזוי צו געבן דעם קלארסטן אויסדרוק יענע שטרעבונגען. באזונדערס איז ווערט צו באמערקן דער אופן, ווי אזוי ער האט קלאר געמאכט פאר די מענטשן פון זיין צייט דעם חילוק צווישן שטאט און געזעלשאפט:

„די געזעלשאפט — זאגט פעין — איז דער רעזולטאט פון אונדזערע באדערפענישן, די רעגירונג איז דער רעזולטאט פון אונדזער פארדארבנקייט. די געזעלשאפט שטיצט אונזער וואוילשטאנד פאזיטיוו דערמיט, וואס זי פאר־אייניקט אונדזערע נייגונגען, די רעגירונג נעגאטיוו דערמיט, וואס זי צאמט איין אונדזערע מידות רעות. די געזעלשאפט סטימולירט צום קעגנזייטיקן פארקער, די רעגירונג שאפט אונטערשיידן און אפגרענעצונגען צווישן די שטאנדן. די געזעלשאפט איז א באשיצער, די רעגירונג א געפענקעניש־וועכ־טער. די געזעלשאפט איז אין יעדער פארעם א ברכה, די רעגירונג אין בעסטן פאל א נויטווענדיקע צרה, אין ערגסטן פאל — אן אומדערטרעגלעכע צרה, ווייל ווען מיר זעען זיך אויסגעשטעלט אויף א שפלדיקער באליידיקונג דורך א רעגירונג, וועלכעס מיר וואלטן אפשר געווען געגלייבט אויף א לאנד אן א רעגירונג, ווערט אונדזער אומגליק אין דעם פאל נאך מער פארשטארקט דורכן באוואוסטזיין, וואס מיר אליין האבן געשאפן דאס ווערקצייג, מיט וועלכן מ׳שטראפט אונדז. פונקט ווי די הלבשה פונעם מענטשן, אזוי איז אויך די רעגירונג, נאר א סימן פון דער פארלוירענער אומשולד״**).

פונקט ווי פריסטלי אזוי האט אויך פעין געגלייבט אין א שטענדיקער עליה פון דער מענטשלעכער קולטור און געקומען צו דער מסקנה, אז „וואס העכער עס שטייט א קולטור, אלץ שוואכער איז די באדערפעניש פאר א רעגירונג, מחמת די מענטשן זענען אין דעם פאל אויסן צו באזארגן אליין הן זייערע אייגענע ענינים און הן די ענינים פון דער רעגירונג״.

*) Richard Price, Observations of the Nature of Civil Liberty and the Justice and Policy of the War with America. 1776.

**) Thomas Paine, Common Sense Philadelphia, 1776.

אין זיין פּאַלעמישער שריפט קעגן עדמונד בורקע, װעלכער האָט אַליין אַמאָל באַלאַנגט צו די גייסטפּולסטע פאַרטרעטער פונעם פּאָליטישן ראַדיקאַליזם און איז שפּעטער געוואָרן איינער פון די פאַרביסנסטע פאַרטיידיקער פון דער מאָדערנער שטאַטלעכער רעאַקציע, האָט פּעין נאָך אַמאָל אַנטוויקלט אין גלענצנדע ווערטער זיין געדאַנקענגאַנג װעגן דעם מהות פון דער רעגירונג און ער האָט דערביי באַטאָנט מיט אַ באַזונדערער צודרינגלעכקייט, אַז די מענטשן פון היינט האָבן נישט קיין רעכט אָנצוצייכענען דעם װעג פאַר די מענטשן פון מאָרגן. היסטאָריש געוואָרענע אָפּמאַכן קאָנען בשום אופן נישט אַרויפלייגן די התחייבות אויף די נייע גענעראַציעס צו באַטראַכטן ווי רעכטסגילטיק און פאַרפליכטנדיק אויך פאַר זיך די באַשרענקונ־גען, וועלכע זייערע פאָרגייער האָבן געשאַפן. פּעין האָט געוואָרנט די מענטשן פון זיין צייט קעגן דער נאַרישער איינרעדעניש מכוח דער הכמה פון אַ רעגירונג און ער האָט אין איר געזען נישט מער ווי אַ „נאַציאָנאַלע פאַרוואַלטונגסקערפּערשאַפט, אויף וועלכער עס ליגט דער חוב דורכצופירן די גרונטפּרינציפּן, וועלכע זענען אָנ־געצייכנט געוואָרן פון דער געזעלשאַפט"*). אָבער פּעין איז אויך געווען אַ קעגנער פון יענער פאַרמעלער דעמאָקראַטיע, וועלכע זעט דאָס לעצטע וואָרט פון דער חכמה אינעם ווילן פון דער מערהייט און וועמעס פאַרטרעטער זוכן תמיד אַלע פאַר־געשריבענע אַקטיוויטעטן צו פאַרפיקסירן אין געזעצן. אַזוי האָט ער שוין געוואָרנט אין זיינע פייערשפּריצנדיקע מאמרים "The Crisis" (1767 — 1783) קעגן אַ „טיראַניי פון דער מערהייט", וועמעס „מאַכט עס ווערט געפילט דערדריקנדיקער ווי דער דעספּאָטיזם פון אַן איינצלנעם איבער אַלע". גלייך ווי ער וואָלט געוואָלט געווען פאַר־אויסגעפילט די סכנה, וואָס מוז אַרויסקומען דערפון, ווען מ'נעמט אַ מעטאָד און מ'געשטאַלטיקט פון איר אויס אַן עיקרדיקן יורידישן פּרינציפּ, וועלכער ציט די יניקה פאַר זיין פּרעטענזיע דערפון, וואָס פינף איז מער ווי פיר.

די אידעען פון פּאָליטישן ראַדיקאַליזם האָבן דעמאָלט געהאַט אַ שטאַרקע פּאָ־פּולאַריטעט אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע און האָבן אַרויפגעלייגט זייער אומאָפּ־לייקנבאַרן חותם אויף דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון די ביידע מדינות. מיר באַ־געגענען זיי שפּעטער ביי סטואַרט מיל, טאָמאַס באָקל, ע. ה. לאָקי און הערבערט ספּענסער, כדי דאָ צו דערמאָנען בלויז פיר פון די באַקאַנטסטע נעמען. זיי זענען אַריינגעדרונגען אין די ווערק פון דער דיכטונג און האָבן באַגייסטערט אַזעלכע מענער ווי בייראָן, סאָוטי, קאָלרידזש, לאַמב, וואָרדסוואָרט און אויפן ערשטן פּלאַץ

*) Thomas Paine, The Rights of Man; being an answer to Mr. Burke's attack on the French Revolution; London 1791.

דער צווייטער טייל פון דאָזיקן ווערק איז דערשינען אין 1792 און האָט געבראַכט פאַר פּעינען אַן אָנקלאַגע פאַר הויכפאַרראַט, פון וועמעס קאָנסעקווענצן ער האָט באַצייטנס באַוויזן זיך צו ראַטעווען דורך זיין אַנטלויפן קיין פראַנקרייך.

בורקעס פריערדיקע שריפט "A Vindication of Natural Society", 1760, גילט מיט רעכט ווי איינע פון די ערשטע שריפטן פונעם מאָדערנעם אַנאַרכיזם און איר מחבר איז געווען דער פאָרויסגייער פון גאָדווינס אייניקע אויספירן.

טאַקע שעלי, איינעם פון די גרעסטע דיכטער פון אַלע צייטן, בכדי, לסוף, צו גע־פינען דעם העכסטן גייסטיקן אַפּאָגיי אין גאָדווינס „פּאָליטישער גערעכטיקייט״, וועמעס ווערק האָט במשך פון אַ לאַנגער צייט געמוטיקט די געמיטער און וועל־כעס איז אָבער שפּעטער פאַרגעסן געוואָרן, מחמת זיינע געוואַגטע אויספירן האָבן זיך פאַרן רוב, קאָנטיק, אויסגעוויזן צו ווייטגייענדיק*).

גאָדווין האָט קלאָר איינגעזען, אַז די דערקלערונג פאַר דער צרה קאָן מען נישט געפינען אין דער אויסערלעכער פאָרעם פון דער מלוכה, נאָר אַז זי ליגט אין זיין מהות גופא. מהאי טעמה האָט ער נישט געוואָלט זען די מאַכט פון דער מלוכה בלויז „באַגרענעצט צו אַ מיניִמום״, נייערט ער איז אויסן געווען, אַז יעדע מין מאַכט זאָל אויסגעשלאָסן ווערן פונעם לעבן פון דער געזעלשאַפט. דערמיט איז דער געוואַגטער דענקער דערגאַנגען צו דער השגה פון אַ שטאַטלאָזער געזעלשאַפט, אין וועלכער דער מענטש זאָל מער נישט זיין אונטערגעוואָרפן אונטערן גייסטיקן און פיזישן דרוק פון אַן ערדישער השגחה, נאָר ער זאָל געפינען געגנוג פּלאַץ פאַר דער אומגעשטערטער אַנטוויקלונג פון זיינע נאַטירלעכע פעאיקייטן און אַליין איינאָר־דענען אַלע באַציאונגען צווישן זיך און זיינע מיטמענטשן בהסכם מיט זיינע עוועג־טועלע באַדערפעגישן, אויפן יסוד פון פרייען אָפּמאַך.

אָבער גאָדווין האָט אויך איינגעזען, אַז אַ געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונג אין אַט־דער ריכטונג איז נישט מעגלעך אָן אַ גרינטלעכער איבעראַנדערשונג פון די עקזיסטירנדיקע ווירטשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן, מחמת הערשאַפט און עקספּלואַ־טאַציע וואַקסן אויף איין בוים און זענען אומצעשיידבאַר פאַרבונדן צווישן זיך. די פרייהייט פונעם יחיד איז נאָר דעמאָלט געזיכערט, ווען זי האָט איר שטיצפּונקט אינעם עקאָנאָמישן און סאָציאַלן וואוילשטאַנד פון אַלעמען, אָן אומשטאַנד, וועלכן די פאַרטרעטער פונעם ריין־פּאָליטישן ראַדיקאַליזם האָבן קיינמאָל נישט געשענקט די געהעריקע אויפמערקזאַמקייט, וואָס צוליב דעם זענען זיי שפּעטער כסדר געווען געצוואונגען צו מאַכן דעם שטאַט נייע קאָנצעסיעס. די פּערזענלעכקייט פונעם יחיד שטייט אויף אַזוי פיל העכער, אויף וויפיל טיפער זי איז פאַרוואָרצלט אין דער עדה, פון וועלכער עס שטראָמען צו איר צו די שטאַרקסטע מאָראַלישע כוחות. נאָר אין דער פרייהייט געדייט ביים מענטשן דאָס באַוואוסטזיין פאַר דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון זיינע האַנדלונגען און דער דרך־ארץ פאַרן רעכט פון די אַנדערע; נאָר אין דער פרייהייט וויקלט זיך אויס צו זיין פולשטענדיקער שלימות יענער פרעכטיקער חוש פונעם געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן, וועלכן קיין שום אויטאָריטעט קאָן נישט ביי־קומען — דאָס מיטגעפיל פונעם מענטשן פאַר די פריידן און ליידן פון זיינע מיט־מענטשן און פון דאַנען דער דראַנג צו קעגנזייטיקער הילף, אין וועלכן עס איז פאַר־

*) William Godwin: An Enquiry concerning Political Justice and its influence upon general Virtue and Happiness, London, 1793.

פאַראַן אויך אַ שפּאַנישע אויסגאַבע פון די פאַרלאַגן „טופּאַק״ און „אַמעריקאַלעע״ אין דער איבערזעצונג פון כ. פּרינסע פון יאָר 1945.

וואָרצלט יעדע סאָציאַלע עטיק, יעדע השגה וועגן סאָציאַלער גערעכטיקייט. אַזוי אַרום איז גאָדווינס ווערק געוואָרן דער עפּילאָג פון יענער גרויסער גייסטיקער באַוועגונג, וועלכע האָט געהאַט אויפגעשריבן אויף איר פאָן די ווייט־מעגלעכסטע באַשרענקונג פון דער מאַכט פון שטאַט און אין דערזעלביקער צייט אויך דער אויסגאַנגספּונקט פאַר דער אַנטוויקלונג פון די אידעען פון פרייהייטלעכן סאָציאַליזם.

אין אַמעריקע האָבן די אידעען פונעם פּאָליטישן ראַדיקאַליזם במשך פון אַ לאַנגער צייט באַהערשט די בעסטע קעפּ פון דער עפנטלעכער מיינונג. זיי זענען נאָך היינט דאָרט נישט אינגאַנצן פאַרגעסן, הגם די אַלץ צעמאָלנדיקע און ניוועלירנדיקע הערשאַפט פונעם קאַפּיטאַליזם און פון זיין מאָנאָפּאָלווירטשאַפט האָט אויסגעליידיקט די אַלטע טראַדיציע ביז צו אַזאַ מדרגה, אַז היינט קאָנען זיי נאָך גילטן בלויז ווי אַ שילד פאַר פירמעס מיט גאַנץ אַנדערע כוונות און שטרעבונגען. אָבער נישט תמיד איז דאָס געווען אַזוי. אַפילו אַזאַ קאָנסערוואַטיוו־געשטימטער כאַראַקטער ווי דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, וועמען פעין האָט געווידמעט דעם ערשטן טייל פון זיין „מענטשנרעכט“, — וואָס דאָס האָט אים, אַגב, שפּעטער נישט געשטערט דעם ערשטן פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן צו אַטאַקירן מיטן גאַנצן גרימצאָרן, ווען אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט זיך פאַרנומען אויף אַזאַ ליניע, וועלכע מוז אַראָפּפירן פונעם וועג פון פרייהייט, — אַפילו וואַשינגטאָן האָט געמאַכט אָט־אַזאַ דערקלערונג:

> „רעגירונג איז נישט קיין פאַרנונפט און נישט קיין איבערצייגונג און איז נישט מער ווי געוואַלט. פּונקט ווי דאָס פייער, איז זי אַ געפערלעכער דינער און אַ פחדימדיקער האַר. מ׳טאָר איר קיינמאָל נישט געבן די געלעגנהייט צו באַגיין אומפאַראַנטוואָרטלעכע מעשים“.

טאָמאָס דזשעפערסאָן, וועלכער האָט באַצייכנט דאָס רעכט פון מרידה קעגן אַ רעגירונג, וועלכע האָט עובר געווען קעגן דער פרייהייט פון פאָלק, נישט נאָר ווי אַ רעכט, נאָר ווי אַ פליכט פון אַ גוטן בירגער, און וועלכער האָט געהאַלטן, אַז „אַ קליינער אויפשטאַנד פון צייט צו צייט קאָן דווקא אויספאַלן לטובת דעם געזונט פון אַ רעגירונג, האָט כולל געווען זיין השגה וועגן דעם תמצית פון רעגירונגסוועזן אין אָט־די לאַקאָנישע ווערטער: „יענע רעגירונג איז די בעסטע, וועלכע רעגירט צומווייניקסטן“. אַן אומקאָמפּראָמיסלעכער קעגנער פון אַלע פּאָליטישע באַשרענקונגען, האָט דזשעפערסאָן באַטראַכט יעדע אַריינמישונג פון דער מלוכה אין דער ספערע פונעם בירגערס פערזענלעכן לעבן ווי דעספּאָטיזם און ברוטאַלע געוואַלט.

אויף דער טענה, אַז פאַר זיין לעבן אין דער מלוכה און בכדי זיך צו איינקויפן די זיכערקייט פאַר זיין פערזאָן מוז דער בירגער מקריב זיין אַ טייל פון זיין פרייהייט, האָט בענדזשאַמין פראַנקלין געענטפערט מיט אָט־די שניידנדיקע ווערטער:

> „יענער, וועלכער איז גרייט אויפצוגעבן אַ וועזנטלעך שטיק פון זיין פרייהייט, בכדי עס אויסצוטוישן אויף אַ צייטווייליקער זיכערקייט פאַר זיין

פערזאָן, געהערט צו דידאָזיקע, וועלכע פאַרדינען נישט קיין פרייהייט און נישט קיין זיכערקייט".

וועגדעל פיליפּס, דער מעכטיקער קעמפער קעגן דער נעגערשקלאַפעריי, האָט אויסגעדריקט זיין איבערצייגונג, אַז די „רעגירונג איז נישט עפּעס אַנדערש ווי דער „איזם" פונעם זעלנער, פונעם צבועק און פונעם גלח", און אין איינער פון זיינע רעדעס האָט ער געזאָגט:

„איך האָב אַ זייער שלעכטע מיינונג וועגן דעם מאָראַלישן איינפלוס פון רעגירונגען. איך האַלט מיט גיזאָטן, אַז ס'איז אַ גראָבער טעות צו גלייבן אין דער סואווערענער מאַכט פון אַ פּאָליטישער מאַשין. ווען מ'הערט, מיט וואָס פאַראַ יראת־הכבוד געוויסע מענטשן רעדן וועגן דער רעגירונג, קאָן מען מיינען, אַז דער קאָנגרעס איז די פאַרקערפּערונג פונעם גראַוויטאַציע־געזעץ, וועלכעס האַלט די פּלאַנעטן אין זייער ליניע".

אייברעהעם לינקאָלן האָט געוואָרנט די אַמעריקאַנער, אַז זיי זאָלן נישט אַנגעטרויען די זיכערקייט פון זייער מענטשלעכער רעכט צו קיין רעגירונג:

„אויב ס'איז פאַראַן אויף דער ערד עפּעס אַזוינס, וואָס קיין בירגער דאַרף נישט אַנגעטרויען קיין פרעמדע הענט, איז עס די אָפּהיטונג און די עקזיס־טענץ פון דער אייגענער פרייהייט און פון די אינסטיטוציעס, וועלכע זענען דערמיט פאַרבונדן".

פון לינקאָלנען שטאַמען אויך דידאָזיקע כאַראַקטעריסטישע ווערטער:

„איך האָב זיך תמיד געהאַלטן ביי דער איבערצייגונג, אַז דער מענטש מוז זיין פריי. אויב אָבער ס'זענען פאַראַן מענטשן, פאַר וועמען די קנעכט־שאַפט ווייזט אויס צו זיין פּאַסיק, זענען דאָס די־יעניקע, וועלכע ווילן זי פאַר זיך אַליין, און יענע, וועלכע ווילן זי אַרויפצווינגען אויף אַנדערע".

ראַלף וואַלדאָ עמערסאָן האָט אויסגעדריקט אָט־די באַקאַנטע ווערטער:

„יעדער אמתדיקער שטאַט איז פאַרדאָרבן. רעכטפאַרטיקע מענטשן מוזן נישט זיין אַזוי שטאַרק געהאָרכיק צו די געזעצן".

עמערסאָן, אַמעריקעס דיכטער־פילאָזאָף, האָט איבערהויפּט געהאַט אַ ווידער־ווילן קעגן דעם פעטישיזם לגבי די געזעצן און ער האָט געהאַלטן, אַז „אונזער קעגנ־זייטיקער אומצוטרוי איז אַ זייער טייערער ענין", אַז „דאָס געלט, וואָס מיר גיבן אויס פאַרן אויסבוי פון געריכט־געביידעס און תפיסות, איז אַ שלעכט אינוועס־טירטער קאַפּיטאַל" און אַז דאָס „געזעץ פון זעלבסטדערהאַלטונג באַט־אָן דעם מענטש מער זיכערקייט ווי וועלכע ס'איז געזעצגעבונג וואָלט דאָס געקאָנט טאָן".

דערדאָזיקער גייסט ציט זיך דורך אַמעריקעס גאַנצער פּאָליטישער ליטעראַ־טור פון יענע צייטן, ביז דער אויפקומענדיקער קאַפּיטאַליזם, וועלכער האָט דער־פירט צו גאַנץ נייע לעבנסבאַדינגונגען, האָט דורך זיינע פאַרדאַרבנדיקע גייסטיקע און אינטעלעקטועלע ווירקונגען אַלץ מער און מער צוריקגעשטויסן אין הינטער־גרונט די אַלטע טראַדיציעס אָדער זיי פונדאַסניי אויסגעטייטשט אין זיין זין. און

פונקט ווי דיזעלביקע אידעאָלאָגישע שטרעמונגען האָבן אין ענגלאַנד דערגרייכט זייער העכסטן שפּיץ מיט גאָדווינס „פּאָליטישע גערעכטיקייט", אַזוי האָבן זיי זיך אויסגעצייטיקט צו דער העכסטער שלימות אין דער טעטיקייט פון ה. ד. טאָראָ, דזשאָשייאַ וואַרען, סטיפען פּירל ענדריוס און אייניקע אַנדערע, וועלכע האָבן זיך מוטיק געוואַגט צו מאַכן דעם לעצטן שריט און צוזאַמען מיט טאָראָן געזאָגט:

„איך אַנערקען פון גאַנצן האַרץ דעם פּרינציפּ: די־יעניקע רעגירונג איז די בעסטע, וועלכע רעגירט צומווייניקסטן; איך וואָלט עס געוואָלט זען פאַר־ווירקלעכט סיסטעמאַטיש, און וואָס שנעלער זאָל עס אויסגעפירט ווערן; ריכ־טיק אָנגעווענדט, קומט עס ענדלעך אויס — איך גלייב אין דעם אויך — אַז יענע רעגירונג איז די בעסטע, וועלכע רעגירט אינגאַנצן נישט".

אָבער די דאָזיקע אידעען זענען נישט בלויז אין ענגלאַנד און אַמעריקע געקו־מען צום אויסדרוק, ווען אַפילו זיי זענען אין די דאָזיקע לענדער אַריינגעדרונגען צומטיפסטן אינעם באַוואוסטזיין פון פאָלק. אומעטום אין אייראָפּע, וואו ס'האָט ערב דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע געטליעט אַ גייסטיק לעבן, באַגעגענען מיר שפּורן פון זיי. אַ לעכצעניש נאָך פרייהייט האָט געהאַט אַרומגעכאַפּט די מענטשן און אַריינגעצויגן אַ סך פון די בעסטע פערזענלעכקייטן פון יענער צייט אין זיין כישוף. דורך די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין אַמעריקע און שפּעטער אין פראַנק־רייך האָבן דידאָזיקע אידעאַלן באַקומען אַ מעכטיקן שטויס פאָרויס. אויך אין דייטש־לאַנד, וואו אַן אויסדערוויילטע מחנה אָנגעזעענע דענקער האָט דעמאָלט געזוכט צו לייגן די יסודות פאַר אַ נייער גייסטיקער קולטור, האָבן אַריינגעדרונגען די פריי־הייטלעכע געדאַנקען און זיי האָבן זיך ווי לייכטנדיקע האָריזאָנטן פון אַ בעסערער צוקונפט אַרויסגעהויבן פונעם עלנט און דער דערנידערונג פון אַ ווירקלעכקייט, וועלכע איז געווען באַהערשט פון אַן אומווירדיקן דעספּאָטיזם. דערמאָנט זיך אין לעסינגס „ערציהונג דעס מענשענגעשלעכטעס", אין „ערנסט אונד פאַלק" און אין זיין „געשפּרעך איבער די זאָלדאַטען אונד מענכע". לעסינג איז געגאַנגען אויף די־זעלביקע וועגן ווי פאַר און נאָך אים די עקספּאָנענטן פונעם פּאָליטישן ראַדיקאַליזם אין ענגלאַנד און אַמעריקע. אויך ער האָט באַטראַכט די רעלאַטיווע פולקאָמענהייט פונעם שטאַט לויטן סכום פונעם מעגלעך גרעסטן גליק, וואָס ער פאַרזיכערט דעם איינצלנעם בירגער. אָבער ער האָט אָנערקענט, אַז די בעסטע מלוכהשע קאָנסטיטור־ציע איז בלויז אַ ווערק פונעם מענטשלעכן גייסט און אַז זי אַנטהאַלט אין זיך, אַז זי מוז אין זיך אַנטהאַלטן, אַלע שפּראָצן פונעם פאַרגייענדיקן און מאַנגלהאַפטיקן.

„נעם אָן, אַז די בעסטע מלוכהשע קאָנסטיטוציע, וואָס מ'קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן, איז שוין אויסגעפונען; נעם אָן, אַז אַלע מענטשן אין דער גאַנ־צער וועלט האָבן אָנגענומען דידאָזיקע מלוכהשע קאָנסטיטוציע, — מיינס־טו נישט, אַז אַפילו אויך דעמאָלט וועלן פון אָט־דער בעסטער קאָנסטי־טוציע מוזן אַרויסדרינגען זאַכן, וועלכע זענען שטאַרק אומגינציק פאַר דער מענטשלעכער גליקזעליקייט און פון וועלכע דער מענטש אין נאַטור־צושטאַנד האָט לחלוטין גאָרנישט געוואוסט?"

פאַר דער קרעפּטיקונג פון דאָזיקן קוק אויף זאַכן האָט לעסינג געבראַכט פאַרשידענע ביישפּילן, פון וועלכן עס דרינגט בולט אַרויס די גאַנצע נישטיקייט פונעם יאָגן זיך נאָך דער בעסטער פאָרעם פון דער מלוכה. געמוטיקט דורך זיינע קאַמפן מיט דער טעאָלאָגיע, האָט זיך דער געוואַגטער דענקער אַלע מאָל פונדאָס־ניי אומגעקערט צו דערדאָזיקער פראַגע, וועלכע האָט אים, קאָנטיק, מער נישט אָפּגעלאָזט. דאָס באַווייזן די לעצטע פּסוקים פון זיין אַזוי קורצן ווי אינהאַלטס־רייכן „געשפּרעך איבער די זאָלדאַטן און מענבע".

ב. — וואָס זענען דאָס אַזוינס זעלנער? — א. — באַשיצער פון דער מלוכה. ב. — און מאָנאַכן זענען שטיצער פון דער קירך. — א. — מיט אייער מלוכה! — ב. — מיט אייער קירך! — א. — חלומסטו? די מלו־כה! די מלוכה! דאָס גליק, וועלכעס די מלוכה פאַרזיכערט פאַר יעדן איי־נעם פון זיינע מיטגלידער אין דאָזיקן לעבן! — ב. — די זעליקייט, וועל־כע די קירך זאָגט־צו יעדן מענטשן נאָך דעמדאָזיקן לעבן! — א. — זאָגט־צו! — ב. — שוטה!

דאָס איז אָ באַוואוסטזיניק צעטרייסלען די יסודות פונעם אַלטן געזעלשאַפט־לעכן סדר. לעסינג האָט פאַרויסגעפילט די אינערלעכע שייכותן צווישן גאָט און דעם שטאַט, צווישן רעליגיע און פּאָליטיק. ער האָט לפּחות פאַרויסגעפילט, אַז די פראַגע וועגן דער בעסטער פאָרעם פון דער מלוכה איז געווען פּונקט אַזוי זינלאָז ווי די פראַגע וועגן דער בעסטער רעליגיע, מחמת זי אַנטהאַלט אין זיך גופא אַ סתירה. לעסינג האָט דאָ באַרירט אַ געדאַנק, וועלכן פּרודאָן האָט שפּע־טער דורכגעטראַכט ביז צום סוף. אפשר האָט עס אויך לעסינג געטאָן. די קריש־טאָלריינע פאָרעם פון זיין „געשפּרעך" איז אַן עדות אויף דעם. אָבער ער האָט געהאַט דאָס אומגליק צו מוזן צעפּאַטערן זיינע טעג אונטערן יאָך פון אַ מיזע־ראַבעלן ווינקלדעספּאָט און ער האָט מסתמא נישט געוואַגט אַרויסצושטעלן זיינע לעצטע געדאַנקען פאַר דער עפנטלעכקייט. אַז לעסינג איז געווען פולשטענדיק קלאָר וועגן דעם פאַרנעם פון יענע אידעען, באַווייזט דער באַריכט פון זיין פריינט יאַקאָבי פון יאָר 1781.

„לעסינג האָט מיט דער גאַנצער לעבעדיקייט איינגעזען דאָס לעכער־לעכע און אומגליקברענגענדיקע פון אַלע פּאָליטישע מאַכינאַציעס. אין אַ שמועס איז ער איינמאָל אַריינגעפאַלן אין אַזאַ התלהבות, אַז ער האָט גע־טענהט, אַז די בירגערלעכע געזעלשאַפט מוז לגמרי באַזייטיקט ווערן, און ווי משונה־מאָדנע דאָס קלינגט, אַזוי נאָענט איז עס פונדעסטוועגן צום אמת: די מענטשן וועלן ערשט דעמאָלט רעגירט ווערן גוט, ווען זיי וועלן מער נישט באַדאַרפן קיין רעגירונג".

אויף ענלעכע וועגן איז אויך געגאַנגען הערדער, וועלכער האָט, באַזונ־דערס אין זיין „אידעען צור פילאָזאָפי דער געשיכטע דער מענטשהייט", געמאַכט דעם פּרואוו צו באַנעמען געשיכטלעך די אַנטשטייאונג פון דער מלוכה. ער האָט באַטראַכט די מלוכה ווי אַ שאַפונג פון שפּעטערדיקע צייטן, וועגן וועמעס אָפּ־שטאַם מ'דאַרף אויפשטעלן גאַנץ אַנדערע השערות ווי די געזעלשאַפטלעכע פאַר־

בינדונגען אינעם נאַטורצושטאַנד פון דער מענטשהייט. אין דאָזיקן צושטאַנד האָט דער מענטש געוואוסט נאָר פון אַ „נאַטירלעכער רעגירונג“, וועלכע איז נישט געווען באַגרינדעט נישט אויף הערשאַפט און נישט אויף דער אָפּגרענעצונג פון דער געזעלשאַפט אין פאַרשידענע שטאַנדן און קאַסטן, במילא האָט זי אויך גע־האַט גאַנץ אַנדערע צילן ווי די קינסטלעכע סטרוקטור פונעם שטאַט:

„כל־זמן אַ פאָטער האָט געהערשט איבער זיין משפחה, איז ער גע־ווען אַ פאָטער און געלאָזט אויך זיינע זין ווערן פאָטערס און איבער ווע־מען ער האָט געזוכט צו הערשן דורך עצות. כל־זמן פאַרשידענע שבטים האָבן אויפן סמך פון פרייען ישוב־הדעת אויסגעקליבן שופטים און פירער פאַר באַשטימטע ענינים, אַזוי לאַנג זענען דיזאָזיקע באַאַמטע געווען בלויז דינער פונעם געמיינזאַמען צוועק, באַשטימטע פאַרשטייער פון דער פאַר־זאַמלונג; דער נאָמען שררה, קעניג, אייגנמעכטיקער, ווילקירלעכער און ירושהדיקער קעניג איז פאַר די פעלקער געווען עפּעס אומדערהערטס“.

דאָס האָט זיך אָבער געענדערט, ווי הערדער מיינט, ווען „באַרבאַרישע האָר־דעס“ זענען אָנגעפאַלן אויף אַנדערע פעלקער, דעראָבערט זייערע וואוינערטער און פאַרשקלאַפט די איינוואוינער. אַזוי אַרום איז, לויט זיין באַנעם, אויפגעקומען דער ערשטער צושטאַנד פון צוואַנג, האָבן זיך אַנטוויקלט די ערשטע רודימענטן פון די איצטיקע רעגירונגען אין אייראָפּע: פירשטנטימער, אַ שטאַנד פון אַדעלי־קע, פעאָדאַליזם און לייבאייגנשאַפט זענען די רעזולטאַטן פון דאָזיקן בייעם צו־שטאַנד און זיי שטויסן אָפּ דאָס נאַטירלעכע רעכט פון די פאַרגאַנגענע צייטן. ווייל דער קריג איז דער אַריינפיר צו יעדער שפּעטערדיקער פאַרשקלאַפונג און אַכזריות צווישן די מענטשן.

„אויף אָט־דעם קעניגלעכן וועג גייט דאָס די געשיכטע ווייטער, און פאַקטן פון דער געשיכטע קאָן מען נישט אָפּלייקענען. וואָס האָט די וועלט אַרויסגעבראַכט אונטער רוים? גריכנלאַנד און דער מזרח אונטער אַלעק־סאַנדער? וואָס האָט געגרינדעט די גרויסע מאָנאַרכיעס ביז צו סעסאָס־טרים און דער לעגענדאַרישער סעמיראַמים און וואָס האָט זיי ווידער צע־שטערט? די מלחמה. געוואַלטזאַמע דעראָבערונגען האָבן, בכן, פאַרנומען די שטעלע פון רעכט, און זיי זענען שפּעטער, דורך חזקה אָדער, ווי אונ־זערע מלוכה־פּראָפעסאָרן זאָגן, דורך דעם שווייגנדיקן אָפּמאַך, געוואָרן געזעץ, רעכט. דער שווייגנדיקער קאָנטראַקט איז אָבער אין דעם פאַל נישט עפּעס אַנדערש ווי דאָס, אַז דער שטאַרקער נעמט וואָס ער וויל און דער שוואַכערער גיט און ליידט, ווייל ער האָט דאָך נישט קיין ברירה“.

אַזוי אַרום איז, לויט הערדערן, אויפגעקומען אַ נייע געזעלשאַפטלעכע סטרוקטור און מיט איר אַ נייער באַנעם וועגן רעכט. די פּאָליטישע רעגירונג פון די דעראָבערער פאַרשטויסט די „נאַטירלעכע רעגירונג“ פון די פריי געשאַפענע פאַרבאַנדן; דאָס נאַטורעלע רעכט טרעט אָפּ דעם פּלאַץ פאַרן פּאָזיטיוון רעכט פונעם געזעצגעבער. עס הייבט זיך אָן די תקופה פון דער מלוכה, די תקופה פון די נאַציעס אָדער מלוכהשע פעלקער. לויט הערדערס אינטערפּרעטאַציע איז די מלוכה אַ צוואַנגס־אינסטיטוציע, וועמעס אָפּשטאַם מ׳קאָן אַפילו געשיכטלעך דער־קלערן, אָבער מאָראַליש נישט רעכטפאַרטיקן, און אַמווינציקסטן דאָרט, וואו אַ

פרעמדע הערשערקאַסטע פון דעראָבערער האַלט אונטער איר יאָך אונטערגעדריק־טע פעלקער.

הערדערס גאַנצער באַנעם ווייזט בולט דעם איינפלוס פון יום, שעפטסבורי, לייבניץ און באַזונדערס פון דידעראָ, פון וועמען הערדער האָט שטאַרק געהאַלטן און מיט וועמען ער האָט געשלאָסן פערזענלעכע באַקאַנטשאַפט אין פּאַריז. הערדער האָט איינגעזען אין שטאַט עפּעס, וואָס איז געוואָרן היסטאָריש, אָבער ער האָט אויך געפילט, אַז די פון שטאַט דורכגעפירטע איינפאָרמיקע געשטאַלטיקונג פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט מוז זיך צעוואַקסן אין אַ ראַק־קראַנקהייט פאַר דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט. דעריבער האָט זיך אים אויסגע־וויזן ווי עפּעס ווינטשנסווערטערס די „לייכטערע גליקזעליקייט פונעם איינצלנעם מענטשן" איידער די „קאָסטבאַרע שטאַטסמאַשינען", וועלכע האָבן זיך באַוויזן מיט די גרויסע געזעלשאַפטלעכע פאַרבאַנדן, צונויפגעקוועטשטע דורך דעראָבע־רונג און ברוטאַלער געוואַלט.

אויך שילער, הגם ער איז געווען שטאַרק באַאיינפלוסט פון קאַנטן, האָט זיך אין זיינע געדאַנקען וועגן שטאַט געהאַלטן ביי די אָנשויאונגען פון דער נאַטור־רעכטלעכער שול, וועלכע איז געווען גרייט אָנצודערקענען די אַקטואַציע פון אַ מלוכה נאָר אויף אַזוי ווייט, אויף וויפיל זי האָט געקאָנט פאַרמערן דאָס גליק פונעם יחיד. אין זיינע „בריפע איבער די עסטעטישע ערציהונג דעם מענשענגעשלעכטעס" האָט ער פאָרמולירט זיין געדאַנק וועגן דער שטעלונג פונעם מענטשן צום שטאַט אין אָט־די ווערטער:

„און אַגב האַלט איך, אַז יעדע יחידישע מענטשלעכע נשמה, וועלכע אַנטוויקלט איר כוח, איז מער ווי די גרויסע געזעלשאַפט פון מענטשן, ווען איך באַטראַכט זי ווי אַ גאַנצקייט. דער שטאַט איז אַ געזעץ פונעם צו־פאַל, אָבער דער מענטש איז אַ נויטווענדיק באַשעפעניש; און דורך וואָס, אַגב, איז אַ שטאַט גרויס און ערנווירדיק, אויב נישט דורך די כוחות פון זיינע יחידים? דער שטאַט איז נאָר אַ ווירקונג פונעם מענטשנס קראַפט, אָבער דער מענטש איז דער קוואַל פון דער קראַפט גופא און דער באַשאַ־פער פונעם געדאַנק".

כאַראַקטעריסטיש פאַר שילערס וועלט־באַנעם איז אויך דער אַפאָריזם „דער בעסטער שטאַט" אין די וואָטיוואָטאַוולען:

„אין וואָס איך דערקען דעם בעסטן שטאַט? אין דעם, וואָס דו דערקענסט די בעסטע פרוי — אין דעם, מיין פריינט, וואָס מ'רעדט נישט פוןביידן".

לויטן זין איז דאָס נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ פאַראַפראַזירונג פונעם זשע־פערסאָנישן געדאַנק: „יענע רעגירונג איז די בעסטע, וועלכע רעגירט צומווייניקסטן". אַן ענלעכער געדאַנק ליגט אויך אינעם אַפאָריזם „די בעסטע שטאַטלעכע קאָנסטי־טוציע:

„איך קאָן זיין דאַנקבאַר נאָר יענע, וועלכע פאַרלייכטערן יעדן איי־נעם צו דענקען גוט, אָבער קיינמאָל נישט, אַז זיי דאַרפן דענקען אַזוי!"

דערדאָזיקער אינערלעכער ווידערווילן קעגן דער אידעע פון אַ מלוכה, וועלכע איז אימשטאַנד אָנצוצייכענען דעם מענטשן דעם אופן ווי אַזוי ער זאָל דענקען, ווען אַפילו מ׳זאָל דאָסדאָזיקע דענקען קאָנען באַצייכענען ווי גוט, איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גייסטיקער פאָזיציע פון די בעסטע קעפ פון יענער צייט. מ׳האָט נאָך דעמאָלט נישט געהאַט קיין פאַרשטענדעניש פאַרן שטאַטלעך פאַטענטירטן מאָדעלבירגער, וועלכער פיגורירט היינט פאַר די רעפרעזענטאַנטן פונעם נאַציאָנאַלן געדאַנק ווי אַ פאַטריאָטישער אידעאַל און וועלכן מ׳רעכנט צו קענען שאַפן קינסטלעך דורך אַ „באמת נאַציאָנאַלער געזעצגעבונג״, אָבער בעיקר דורך אַ „שטרענג נאַציאָנאַלער דערציאונג״.

געטע איז, קאָנטיק, געווען גלייכגילטיק צו די פאָליטישע פראָבלעמען פון זיין צייט אפשר דערפאַר, ווייל ער האָט איינגעזען, אַז „פרייהייטן״ זענען נישט דער מהות פון פרייהייט, וועלכער קאָן נישט אַריינגעפאַסט ווערן אין אַ פאָליטישער פאָרמול. דער הער געהיימראַט, דער הויפמאַן און מיניסטער געטע איז אָפט ענגהאַרציק און חרפהדיקע אביונותדיק, צו וואָס די טרייסטלאָזע איינגעשרומפנקייט פונעם דייטשן געזעלשאַפטלעכן לעבן פון יענער צייט האָט נישט ווייניק צוגעהאָלפן. קיינער האָט נישט געפילט אַזוי טיף דעם מרחק צווישן זיך און זיין פאָלק ווי געטע גופא; ער איז קיינמאָל נישט צוגעקומען נענטער צו דעמדאָזיקן פאָלק און אין תוך איז ער אים ביז צום היינטיקן טאָג געבליבן אַ פרעמדער. טאַקע דערפאַר, ווייל זיין וועלטבאַנעם איז געווען אַזוי אַלזייטיק און אַזוי אַלץ אַרומנעמענדיק, האָט דערפאַר נאָך ווייטיקלעכער געמוזט באַרירן זיין געמיט די גאַנצע שפלדיקייט פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, אין וועלכן דאָסדאָזיקע פאָלק איז געווען אַריינגעקוועטשט. געטע איז נישט געווען פאַרוואָרצלט אין זיין פאָלק. „עס געוועלטיקט אין דייטשן פאָלק אַזאַ מין גייסטיקע עקזאַלטאַציע, וועלכע ווירקט אויף מיר פרעמדלעך״, האָט ער געזאָגט צום רוסישן גראַף סטראָגאַנאָף. „קונסט און פילאָזאָפיע שטייען אָפגעריסן פון לעבן אין זייער אַבסטראַקטן כאַראַקטער, ווייט פון די נאַטורקוואַלן, וועלכע וואָלטן זיי געדאַרפט דערנערן״.

אין דידאָזיקע ווערטער שפיגלט זיך אָפ דער גאַנצער תהום, וועלכער האָט אָפגעטיילט געטען פון די מענטשן פון זיין צייט; אָבער דערפאַר האָט ער נאָך אַזוי טיפער געוואָרצלט אינעם סאַמע מקור פון יעדן מין מענטשנטום. די נאַרישע פלאַפלעריי וועגן דער „אינערלעכער נשמה־האַרמאָניע פונעם גרויסן אָלימפיער״ איז שוין לאַנג אַנערקענט ווי אַ קאָנווענציאָנעלער ליגן. אין געטעס גאַנצער וועזנטלעכקייט איז געווען אַ טיפער ריס און דער אומזיסטיקער פרואוו גובר צו זיין דידאָזיקע אינעווייניקסטע צעשפאָלטנקייט איז אפשר געווען די הערכאָישסטע זייט פון דאָזיקן וואונדערלעכן לעבן.

אָבער דער דיכטער און וויזיאָנער געטע, וועמעס ווייטע וויזיע האָט אַרומגעכאַפט די קולטור פון דורות, דער מאַן, וועלכער האָט אַרויסגעשטורעמט אין דער וועלט אַריין זיין „פראָמעטעוס״, „דאָס — ווי בראַנדעס האָט מיט רעכט געזאָגט

— גרעסטע רעוואָלוציע־געדיכט, וואָס איז ווען־עס־איז געשריבן געוואָרן" — איז געווען אַ צו גרויסער באַוואונדערער פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, אַז ער זאָל זיין אַ בעלן זי אַרויסצוגעבן פאַרן טויטן רעדערווערק פון אַן אַלץ אויס־גלייכנדיקער מאַשין.

פאָלק און קנעכט און איבערווינדער
גיבן־צו צו יעדער צייט:
ס׳העכסטע גליק פון מענטשנקינדער
איז נאָר די פערזענלעכקייט.

געטע איז אין טיפסטן תוך פון זיין וועזן שטענדיק געבליבן געטריי צום דאָזיקן באַנעם. ער, וועלכער האָט אין ערשטן טייל פונעם „פאַוסט" אויסגראַווירט די גורלדיקע ווערטער:

עס פאַרירשענען זיך געזעץ און רעכט
ווי אַן אייביקע קראַנקייט דאָרט,
זיי שלעפּן זיך פון געשלעכט צו געשלעכט
און רוקן זיך פון אָרט צו אָרט.
פאַרנונפט ווערט אומזין, וואוילטעטיקייט אַ פּלאָגע,
וויי צו דיר, אַז דו ביסט אַן אייניקל!
וועגן רעכט, וועלכעס איז מיט אונז געבוירן,
וועגן דעם איז ליידער לגמרי נישט די פראַגע.

האָט נאָך אַלס זקן געלאָזט וויסן:

יאָ, צו אָט־דעם זין בין איך גענצלעך איבערגעגעבן,
פון דער חכמה איז דאָס די לעצטע מסקנה:
נאָר דער פאַרדינט די פרייהייט ווי דאָס לעבן,
וועלכער מוז זי טעגלעך דעראָבערן.
און אַזוי פאַרברענגט דאָ, אַרומגערינגלט פון סכנה,
די קינדהייט, דער מאַן און זקן זיינע יאָרן.
אַזאַ געטומל וואָלט וואָלט איך געוואָלט זען,
שטיין אויף פרייען באָדן מיט פרייען פאָלק.

אין אָט דעם זין און מסתמא נישט אין קיין אַנדערן איז צו פאַרשטיין דער אַפאָריזם אין די „מאַקסימען": „וועלכע רעגירונג ס׳איז די בעסטע? די־יעניקע, וועלכע לערנט אונדז זיך אַליין צו רעגירן".

אַ שטאַרקן איינפלוס האָט אויך געהאַט דער פּאָליטישער ראַדיקאַליזם פון די ענגלענדער און די אויפקלערונגסליטעראַטור פון די פראַנצויזן אויף ווילאַנדן, וועמעס באַגריפן וועגן די באַציאונגען פונעם מענטשן צום שטאַט באַזירן זיך לגמרי

אויפן נאַטורעלן רעכט. דאָס קומט באַזונדערס צום אויסדרוק אין זיינעביידע ווערק „דער גאָלדענער שפּיגל״ און „נאַכלאַס דעס דיאָגענעס פאָן סינאָפּע״. דער פאַקט, וואָס ווילאַנד האָט דווקא אויסגעקליבן דעם אַלטן חכם פון קארינט ווי דעם פרע־דיקער פון זיינע אידעען, איז שוין אַן און פאַר זיך כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גייסטיקער טענדענץ, וועלכע ער האָט געהאַט.

אויך זאָל דאָ דערמאָנט ווערן ג. כ. ליכטענבערג, וועלכער איז גייסטיק אויפגע־ריכט געוואָרן נעבן סוויפטן, פילדינגן און שטערנען, און ער האָט דערפאַר נאָך טיפער געמוזט פילן דעם גאַנצן עלנט פון די דייטשע פאַרהעלטענישן, פּונקט אַזוי ווי י. ג. זומע און פאַר אַלעמען זשאַן פּאָול, דערדאָזיקער מוטיקער פאַרטיידיקער פון דער פרייהייט, וועלכער האָט, פּונקט ווי הערדער, דעם אָפּשטאַם פון דער מלוכה צוריקגעפירט צו דעראָבערונג און קנעכטשאַפט און וועמעס ווערק האָבן געהאַט אַזאַ געוואַלדיקן איינפלוס אויף די מענטשן פון זיין צייט. די קרעפטיקע ווערטער, וועל־כע ער האָט אַריינגעשריגן אין די אויערן פון די דייטשן אין זיין „קריגסדערקלערונג קעגן דעם קריג״, זענען היינט אין דייטשלאַנד, צום באַדויערן, פאַרגעסן געוואָרן, אָבער זיי זענען דעריבער נישט ווייניקער אמת.

> „די דעראָבערער וועט נישט דעראָבערן און איבערצייגן קיין שום בוך, אָבער קעגן דעם פאַרגיפטנדיקן באַוואונדערן זיי דאַרף מען רעדן. שעלינג רעדט וועגן „אַ כמעט געטלעכן רעכט פונעם דעראָבערער״, ער האָט אָבער די גאַסנרויבער קעגן זיך, וועלכע קאָנען, אין דעם ענין, לגבי אַן אַלעקסאַנ־דער און אַ צעזאַר, דאָסזעלביקע פאַרלאַנגען פאַר זיך און וועלכע האָבן טאַקע צו זייער גונסט דעם קייזער מאַרקאָס אורעליוס, וועלכער האָט אין דאַלמאַ־ציע פאַרוואַנדלט געפאַנגענע רויבער אין זעלנער״.

און העלדערלין, דער אומגליקלעכער דיכטער, וועלכער האָט אין זיין „היפּע־ריאָן״ געשילדערט אַזעלכע פחדימדיקע אמתן די דייטשן אין פּנים אַריין, האָט גע־שריבן די אינהאַלטפולע ווערטער:

> „דו באַוויליקסט דאָך דעם שטאַט צופיל מאַכט. ער דאַרף נישט פאָ־דערן, וואָס ער קאָן נישט אַרויספּרעסן. אָבער דאָס, וואָס די ליבע גיט און דער גייסט, דאָס קאָן מען נישט אַרויספּרעסן. דאָס זאָל ער לאָזן אומבאַ־רירט, אָדער מ׳דאַרף נעמען זיין געזעץ און עס אַרויסשטעלן צו שאַנד און צו שפּאָט. כ׳לעבן, עס ווייסט נישט ווי שטאַרק עס זינדיקט דער, וועלכער וויל פונעם שטאַט מאַכן אַ זיטנשול. לכל הדעות האָט דאָס, וואָס דער מענטש האָט געוואָלט מאַכן פון שטאַט זיין גן־עדן, אים געמאַכט פאַר אַ גיהנום. דאָס רויע הייטל אַרום דער יאָדרע פונעם לעבן און נישט עפּעס אַנדערש — דאָס איז די מלוכה. עס איז די מויער אַרום גאָרטן פון די מענטשלעכע פירות און בלו־מען. אָבער וואָס העלפט די מויער אַרום גאָרטן, ווען דער באָדן ליגט פאַר־וויסט? דאָ קאָן העלפן נאָר דער רעגן פון הימל, מער גאָרנישט״.

אַזעלכע אידעען זענען געווען כמעט אַלגעמיינע צווישן די מענער, וועמען דייטשלאַנד האָט צו פאַרדאַנקען די ווידערגעבורט פון זיין גייסטיקן לעבן, הגם זיי האָבן, צוליב דער טרויעריקער מטושטשקייט פון די דייטשע פאַרהעלטענישן און דער גרענעצלאָזער אייגנאַרטיקייט פון די טיפּיש־דייטשע ווינקלדעספּאָטן, נישט תמיד

און נישט אומעטום געקאָנט אַרויסטרעטן מיט דערזעלבער שאַרפקייט און לאָגיק ווי אין ענגלאַנד און פראַנקרייך. דערפאַר אָבער געפינען מיר ביי דידאָזיקע אַלע מענער יענעם גרויסן וועלטבירגערלעכן שטר־יך, וועלכער פילט זיך נישט געבונדן דורך דער באַשרענקטקייט פון די נאַציאָנאַלע באַגריפן און באַנעמט די מענטשהייט ווי איין גאַנצקייט. הערדערס „אידעען צור פילאָזאָפי דער געשיכטע דער מענטשהייט" און זיינע גייסטפולע „בריפע צור בעפערדערונג דער הומאַניטעט" זענען גלענצנדיקע פּראָדוקטן פון דאָזיקן גייסט, וועלכע זענען געלעגן טיף אין די קעפּ פון די בעסטע, ביז ס'איז געמאַכט געוואָרן אַ פאַרלויפיקער סוף צו זיי דורך דער ווירקונג פון די אַזויגערופענע „פרייהייטס־מלחמות", דורך דער גייסטיקער קריסטאַליזאַציע פון קאַנטס, פיכטעס און העגעלס אידעען און דעם באַגריף וועגן שטאַט פון די ראָמאַנ־טיקער.

אין זיינע בריוו צו גליימען האָט לעסינג גאַנץ אָפן אַנטפּלעקט זיין מסוכנדיקן מאַנגל אין דער אָנגענומענער פּאַטריאָטישער שטימונג:

„אפשר איז אויך דער פּאַטריאָט אין מיר נישט אינגאַנצן דערשטיקט, ווען אַפילו דער לויב אַלס אייפריקער פּאַטריאָט איז, לויט מיין אופן דענקען, דאָס לעצטע, צו וואָס איך וואָלט געגאַרט, דהינו אַלס פּאַטריאָט מיין איך, וועלכער זאָל מיך לערנען פאַרגעסן, אַז איך דאַרף זיין אַ וועלטבירגער".

און אויף אַן אַנדער אָרט קומט אויס:

„איך האָב איבערהויפּט נישט קיין באַגריף וועגן דער ליבע צום פאָטער־לאַנד (איך באַדויער, וואָס איך מוז פאַר אייך אפשר אויסזאָגן מיין חרפּה), און זי ווייזט זיך מיר אויס העכסטנס אַ העראָאישע שוואַכקייט, פון וועלכער איך בין באמת גערן מוותר".

אויך שילער, וועמען דער פיליסטער לאָזט היינט בקולי־קולות אויסרופן ווי דעם גרויסן נביא פון די נאַציאָנאַלע דייטשע אינטערעסן, פאַר וועלכן צוועק מ'פאַר־רופט זיך בדרך כלל אויף אַ ציטאַט פון „ווילהעלם טעל", וועלכע פרידריך דער פערטער האָט כאַראַקטעריזירט ווי „אַ פּיעסע פאַר יידן און רעוואָלוציאָנערן", און אויף דער באַקאַנטער פראַזע: „אומווירדיק איז די נאַציע, וועלכע שטעלט נישט איין אַלעס מיט שמחה פאַר איר כבוד!" פון דער „יונגפראַו פאָן אָרלעאַנס", וועלכע, ווען מ'נעמט זי אַרויס פונעם גאַנצן, באַזונדער, באַדייט זי לגמרי עפּעס אַנדערש, — אויך שילער האָט מיט וועלטבירגערלעכער איבערטרעפלעכקייט דערקלערט:

„מיר, מאָדערנע, האָבן אַן אינטערעס אין אונדזער מאַכט, וואָס קיין גריך און קיין רוימער האָבן נישט געקאָנט, און צו וועלכן דער פּאַטריאָטישער אינטערעס קאָן ווייט נישט פאַרגליכן ווערן. דאָס לעצטע איז איבערהויפּט וויכטיק נאָר פאַר אומרייפע פעלקער, פאַר דער יוגנט פון דער וועלט. אַ גאַנץ אַנדערער אינטערעס איז פאָרצושטעלן פאַר די מענטשן ווי וויכטיק ס'איז יעדע מערקווירדיקע פּאַסירונג, וועלכע איז זיך פאַרלאָפן מיט מענטשן. ס'איז אַ נעבעכדיק־קליינלעכער אידעאַל צו שרייבן פאַר איין פאָלק; פאַר אַ פילאָ־זאָפישן גייסט איז דידאָזיקע גרענעץ דורכויס אומדערטרעגלעך. ביי אַזאַ זיך ענדערנדיקער, צופעליקער און ווילקירלעכער פאָרעם פון דער מענטשהייט,

ביי אַ פראַגמענט (און וואָס דען אַנדערש איז די וויכטיקסטע נאַציע?) קאָן זיך דערדראָזיקער גייסט נישט אָפּשטעלן. ער קאָן זיך נישט ענטוזיאַזמירן אַזוי שטאַרק פאַר דעם, סיידן אויף אַזוי ווייט, אויף וויפל ער באַטראַכט די דאָזיקע נאַציע אָדער נאַציאָנאַלע פאַסירונג פאַר וויכטיק פאַרן פּראָגרעס פונעם מין״.

וועגן געטען, וועלכער האָט וועגן זיך אַליין באַהויפּטעט: „דער זין און באַדייט פון מיינע שריפטן און פון מיין לעבן איז דער נצחון פונעם ריין־מענטשלעכן״ און וועמען מ׳האָט נאָך אַפילו היינט נישט מוחל געווען זיין דוחק אין פּאַטריאָטישע סענטימענטן אין דער צייט פון די „פרייהייטס־מלחמות״, איז דאָך שוין אָפּגערעדט.

ווען די פלייסיקע פּראָקלאַמירער פון דריטן רייך פאַרמשפּטן היינט בקולות וברקים דעם ליבעראַליזם ווי „אַ נישט־דייטשן פּראָדוקט״ און חזרן־איבער צוזאַמען מיטן הער מעללער וואָן דען ברוק מיט אַ גראַמאַפאָנישער אויסדויערלעכקייט: „דער ליבעראַליזם איז די פרייהייט נישט צו האָבן קיין איבערצייגונג און בדרך־אגב צו באַהויפּטן, אַז דאָס איז טאַקע איבערצייגונג״, קאָן מען זיי נאָר ענטפערן, אַז דער־דאָזיקער „נישט־דייטשער פּראָדוקט״ איז אַמאָל געווען דער געמיינזאַמער גייסטיקער קנין פון יענע אַלע, וועלכע האָבן פון דייטשלאַנד ווידער אויסגעשטאַלטיקט אַ קול־טורגעמיינשאַפט, נאָכדעם ווי פּאָליטישע און סאָציאַלע באַרבאַריע האָבן דערשטיקט דאָס גייסטיקע לעבן פון לאַנד אויף אַ משך פון יאָרהונדערטער. פון יענער „איבער־צייגונגסלאָזיקייט״ איז ערשט דייטשלאַנד ווידער פונדאַסניי געבוירן געוואָרן.

דאָס, וואָס האָט צום טיפסטן אויפגעטרייסלט די נייע באַשאַפער פון דער דייטשער ליטעראַטור און דיכט׳נג, האָט ווילהעלם פאָן הומבאָלדט סאָ־ציאַלפילאָזאָפיש כולל געווען אין זיין שריפט „אידעען צו איינעם פערזוך, די גרענ־צען דער ווירקזאַמקייט דעס שטאַטעס צו בעשטיממען״. דאָס ווערקל איז אָנגע־שריבן געוואָרן אין 1792 אונטערן אוממיטלבאַרן איינדרוק פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין פראַנקרייך, אָבער בלויז אייניקע פראַגמענטן זיינע זענען דעמאָלט אָפּגעדרוקט געוואָרן אין פאַרשידענע דייטשע צייטשריפטן; ווי אַ גאַנצקייט איז די־דאָזיקע גייסטרייכע אַרבעט פאַרעפנטלעכט געוואָרן ערשט אין 1851, ווען איר מחבר איז שוין געווען געשטאָרבן. וועגן דער כוונה פון זיין פרואוו האָט הומבאָלד אין יוני 1782 געשריבן צו דעם אים גייסטיק נאָנטן געאָרג פאָרסטער: „איך האָב געפּרואווט אַרויסצוטרעטן קעגן דער תאווה צו רעגירן און איך האָב אומעטום ענגער געשלאָסן די גרענעצן פון דער ווירקזאַמקייט פון שטאַט״.

הומבאָלדט איז קודם־כל אַרויסגעטראָטן קעגן דעם גרונטלאָזן רעיון, אַז די מלוכה קאָן פון זיך אַליין דעם מענטשן עפּעס געבן, וואָס זי האָט פון אים אַליין פריער נישט באַקומען. באַזונדערס איז אים געווען דערווידער דער געדאַנק, אַז די שטאַטלעכע מאַכט איז ראוי צו הייבן די מאָראַלישע אייגנשאַפטן פונעם מענטשן, אָן אַבערגלויבן, וועלכער האָט שפּעטער, אונטער העגעלס איינפלוס, פאַרנעפּלט דייטשלאַנדס בעסטע קעפּ. ווי אַ געשוואוירענער קעגנער פון יעדער גלייכפאָרמיקייט אינעם דענקען, האָט הומבאָלדט גרונטזעצלעך אָפּגעוואָרפן יעדן מין איינפאָרמיקייט פון די מאָראַלישע באַגריפן און האָט מוטיק דערקלערט: „דער העכסטער און לעצטער

צוועק פון יעדן מענטשן איז די אויסבילדונג פון זיינע כוחות אין זייער פערזענלעכער אייגנטימלעכקייט". דעריבער איז פאַר אים די פרייהייט געווען די איינציקע גאַראַנטיע פאַרן קולטורעלן און גייסטיקן אויפשטייג פונעם מענטשן און פאַר דער אַנטוויקלונג פון זיינע בעסטע מאָראַלישע און געזעלשאַפטלעכע פעאיקייטן. ער האָט געוואָלט פאַרהיטן דעם מענטש פונעם טויטן רעדערגעווערק פון דער פּאָליטישער מאַשין, אין וועמעס אומעמפינדלעכע אָרעמס מיר זענען אַריינגעפאַלן; פון דאַנען זיין ווידערווילן קעגן אַלץ מעכאַנישע און געקינצלטע, צו וועלכן ס'האָט נישט קיין דריסת הרגל קיין שום גייסטיקע באַפרוכפּערונג און אונטער וועמעס אויטאָמאַטישער לאָגיק יעדער לעבעדיקער אָטעם מוז דערשטיקט ווערן.

„אַוודאי — זאָגט הומבאָלדט — איז די פרייהייט דער נויטווענדיקער תנאי, אָן וועלכער אַפילו די צאַרטסטע און האַרציקסטע אונטערנעמונג איז נישט אימשטאַנד צו ברענגען צו קיין שום הייל־זאַמע רפואה פון דעם מין. דאָס, וואָס ווערט נישט אויסגעווייל̈ט פונעם מענטשן גופא, דאָס, אין וועלכן ער ווערט איינגעצאַמט און וואו ער ווערט געפירט, דאָס דרינגט נישט אריין אין זיין מהות, דאָס בלייבט אים תמיד פרעמד, דאָס פירט ער נישט דורך מיט מענטשלעכער קראַפט, נייערט מיט מעכאַנישער רגילות".

דעריבער האָט הומבאָלדט געוואָלט, אַז די טעטיקייט פון דער מלוכה זאָל באַשרענקט ווערן נאָר אויף דעם אומבאַדינגט נייטיקן און אַז מ'זאָל איר אָנפאַרטרויען בלויז אַזעלכע געביטן, וועלכע האָבן אַ שייכות צו דער פערזענלעכער זיכערקייט פונעם אינדיווידואום פון דער געזעלשאַפט ווי אַ גאַנצער. אַלץ, וואָס איז אַרויס פון דידאָזיקע ראַמען, האָט זיך אים אויסגעוויזן שלעכט און ווי אַ געוואַלטזאַמע אַריינמישונג אינעם רעכט פון דער פערזענלעכקייט, וואָס קאָן בלויז זיין שעדלעך. פּרייסן האָט אים אין דאָזיקן פּרט געגעבן די בעסטע אָנשוילעכע לעקציע, מחמת אין קיין שום לאַנד האָט די שטאַטלעכע אַפּיטרופּסות נישט געהאַט אָנגענומען אַזעלכע פּחדימדיקע פאָרמען ווי דאָרט, וואו אונטער דער אייגנוויליקער הערשאַפט פון גייסטלאָזע דעספּאָטן איז דער שטעקן פונעם קאַפּראַל אויך געווען דער סצעפּטער אין ציווילע ענינים. ס'איז אַוועק אַזוי ווייט, אַז אונטער פרידריך ווילהעלם זענען אַפילו די שוישפּילער פונעם קעניגלעכן טעאַטער אין בערלין געווען אויסגעשטעלט צו מיליטערישער דיסציפּלין און ס'איז געווען אין קראַפט אַ געוויסע ספּעציעלע פאַראָרדענונג, „לויט וועלכער די קינסטלער, אָן אַ חילוק פון ראַנג אָדער מין, זענען געשיקט געוואָרן אין דער פעסטונג פאַרן עובר זיין אויף איר, גלייך ווי דאָס וואָלטן געווען זעלנער אָדער מורדים"*).

דערזעלביקער גייסט, וועלכער האָט אין דער האָפענונגסלאָזער הכנעה פונעם מענטשן צו דער טויטער מאַשין איינגעזען די העכסטע חכמה פון יעדער שטאַטלעכער קונסט און די וויסט־און־פינצטערע מעכאַנישע געהאָרכיקייט געלויבט ווי די העכסטע טוגנט, פייערט היינט זיין אומפאַרשעמטן תחית־המתים אין דייטשלאַנד

*) Eduard Vrehse, Geschichte des preusischen Hofes. Hamburg 1851.

און פאַרסמט די הערצער פון דער יוגנט, וועמעס געוויסן ער דערשלאָגט אויף טויט, וועמעס מענטשלעכקייט ער וואַרפט פאַר די הינט.

אויך אין פראַנקרייך זענען די באַנייער פונעם גייסטיקן לעבן פאַרן אויסברוך פון דער גרויסער רעוואָלוציע גאַנץ שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן פון די אידעען פונעם פאָליטישן ראַדיקאַליזם. מאָנטעסקיו, וואָלטער, העלוועטיוס, האָלבאַך, דידעראָ, קאָנדאָרסעט און אייניקע אַנדערע זענען געגאַנגען צו די ענגלענדער אין שול אַריין. יעדנפאַלס האָבן די איבערגענומענע געדאַנקען באַקומען ביי די פראַנצויזן אַ באַזונדערן קאָלאָריט, וואָס דאַרף צוגעשריבן ווערן על־פּי־רוב צו די באַזונדערע געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען פונעם לאַנד, וועלכע זענען געווען וועזנטלעך אַנדערש פון די צושטאַנדן אין ענגלאַנד. מיטן אויסנאַם פון דידעראָ און קאָנדאָרסעט איז דער רוב פון די פּאָליטישע באַנייער אין פראַנקרייך געשטאַנען נענטער צו דער דעמאָקראַטישער אידעאָלאָגיע איידער צום אייגנטלעכן ליבעראַליזם און נישט געקוקט אויף זייערע שאַרפע אַטאַקעס אויפן אַבסאָלוטיזם האָבן זיי דאָך פונדעסטוועגן צוגעטראָגן אַ חלק צו שטאַרקן די מאַכט פון שטאַט דערמיט, וואָס זיי האָבן אונטערגעהאַלטן יענעם בלינדן גלויבן אין דער אַלמעכטיקייט פון די געזעצגעבערישע קערפּערשאַפטן און די געשריבענע געזעצן, וועלכער האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן אַזוי אומגליקלעך אין זיינע קאָנסעקווענצן.

ביי וואָלטערן, וועמען ס׳איז בעיקר געגאַנגען אין אַ מעגלעך ברייטפאַרנעמיקער „פרייהייט פונעם גייסט", האָט די פראַגע וועגן דער רעגירונגס־פאָרעם געשפּילט אַ היפּש אונטערגעאָרדנטע ראָל. אַן אויפגעקלערטער מאָנאַרך, אַרומגערינגלט פון דער גייסטיקער אַריסטאָקראַטיע פון לאַנד, וואָלט געווען פולשטענדיק גענוג פאַר זיינע פאַרלאַנגען. וואָלטער איז אַפילו געווען אַ קעמפערישע נאַטור, שטענדיק גרייט, אין איינצלנע פאַלן, אַרויסצוטרעטן קעגן איבערגענומענע פאַראורטיילן און באַגאַנגענע אומרעכט, אָבער אַ רעוואָלוציאָנער אין אייגנטלעכן זין איז ער נישט געווען. קיין שום זאַך איז אים נישט געווען פרעמדער ווי אַ געזעלשאַפטלעכע איבערקערעניש, הגם ער געהערט צו די באַדייטנדיקסטע קעפּ, וועלכע האָבן גייסטיק צוגעגרייט די גרויסע רעוואָלוציע אין פראַנקרייך. צומווינציקסטן איז ער געווען דער וואָרטזאָגער פון אַ באַשטימטן פּאָליטישן סיסטעם; דעריבער האָט ער אויף דער סאָציאַלפּאָליטישער געשטאַלטיקונג פון דער אַנקומענדיקער רעוואָלוציע בשום אופן נישט געקאָנט האָבן דעמזעלביקן איינפלוס, וואָס רוסאָ אָדער גאָר אַפילו מאָנטעסקיו.

דאָסזעלביקע איז אויך חל אויף דידעראָן, וועלכער איז אַפילו געווען דער אַלצ־אַרומנעמענדיקסטער גייסט פון זיין צייט, אָבער טאַקע דערפאַר איז ער געווען דער צומווינציקסטנס פאַסיקער ווי אַן אויטאָריטעט פאַר אַ פּאָליטישן פּראָגראַם פון אַ פּאַרטיי. און פונדעסטוועגן איז דידעראָ אין זיינע סאָציאַל־קריטישע אויספירן געגאַנגען פיל ווייטער ווי וועלכער־נישט־איז פון זיינע צייט־חברים. אין אים האָט זיך דער ליבעראַלער גייסט אין פראַנקרייך אַמריינסטן פאַרקערפּערט. אַ באַגייסטערטער אַנהענגער פון די אויפקומענדיקע נאַטורוויסנשאַפטן, איז אים און זיין אופן דענקען

געווען שטאַרק דערווידער יעדע קינסטלעכע שאַפּונג, וועלכע איז געשטאַנען אין וועג פון דער נאַטירלעכער גשטאַלטיקונג פון די סאָציאַלע לעבנספאָרמען. אויפן סמך פון דאָזיקן באַנעם האָט זיך אים די פרייהייט אויסגעוויזן ווי דער אָנהייב און דער סוף פון אַלע זאַכן; אָבער פאַר דידעראָן איז פרייהייט געווען „די מעגלעכקייט צו קע־נען אָנהייבן אַ האַנדלונג אינגאַנצן פון זיך גופא, אומאָפּהענגיק פון יעדער פאַר־גאַנגענהייט", ווי ער האָט דאָס אַזוי גייסטפול פאָרמולירט אין זיין „שמועס מיט ד'אַדאַלבערט". די גאַנצע נאַטור האָט לויט אים, עקזיסטירט פאַרן צוועק צו לאָזן אַרויס־זען די געשטאַלטיקונג פון די דערשייַנונגען פון זיך גופא. אָן פרייהייט וואָלט די געשיכטע פון דער מענטשהייט לגמרי נישט געהאַט קיין שום באַדייט, מחמת די פרייהייט איז עס געווען, וועלכע האָט באַווירקט יעדע נייע געשטאַלטיקונג פון דער געזעלשאַפט און אויסגעלייגט אַ וועג פאַר יעדן אורשפּרינגלעכן געדאַנק.

ביי אַזאַ באַנעם האָט שוין געמוזט קומען דערצו, אַז דער פראַנצויזישער דענ־קער זאָל דערגיין צו ענלעכע מסקנות ווי וויליאַם גאָדווין נאָך אים. און הגם ער האָט זיינע אידעען נישט כולל געווען אין אַ באַזונדער ווערק ווי גאָדווין, זענען זיי אָבער אומעטום פונאַנדערגעשפּרייט אין זיינע שריפטן און ווייזן בולט, אַז עס האַנדלט זיך ביי דידעראָן נישט וועגן אייניקע צופעליקע באַמערקונגען, וועמעס טיפערער זין איז אים אַליין נישט געקומען צום באַוואוסטזיין; ניין, ס'איז געווען דער טיפסטער תוך פון זיין אייגענעם מהות, וועלכער האָט אים אַזוי געמאַכט רעדן. וועלכעס ווערק זיינס מ'זאָל נעמען אין דער האַנט אַריין, פון איבעראַל ווייט־אָן מיט פרייען גייסט, וועלכער איז נישט איינגעצאַמט אין קיין שום דאָגמע און ער האָט דערפאַר נישט אָנגעוואוירן זיין אומבאַגרענעצטע אַנטוויקלונגס־פעאיקייט. גענוג צו לייענען זיין "Pensées sur l'interpretation de la nature" און מ'פילט תיכף, אַז דערדאָזיקער וואונדערבאַרער הימן צו דער נאַטור און צו אַלץ לעבעדיקע האָט געקאָנט געשריבן ווערן נאָר פון אַזאַ מענטשן, וועלכער האָט זיך אַליין באַ־פרייט פון יעדער אינערלעכער איינגעצוימטקייט. דערדאָזיקער טיפסטער מהות אין דידעראָס פערזענלעכקייט איז עס געווען, וועלכער האָט געטען, צו ווען ער איז געווען אַ גייסטיקער מקורב אין העכסטן גראַד, סוגערירט די ווערטער אין זיין באַקאַנטן בריוו צו צעלטערן:

> „דידעראָ איז דידעראָ, אַן איינציקער אינדיווידואום; ווער עס קרי־טיקירט אים און זיינע זאַכן, איז אַ פיליסטער, און אַזעלכע זענען דאָ מחנות גאַנצע. די מענטשן פאַרשטייען דאָך נישט אויפצונעמען מיט דאַנקבאַרקייט נישט פון גאָט, נישט פון דער נאַטור, נישט פון זייערס גלייכן דאָס, וואָס איז אומאָפּשאַצבאַר".

אין זיינע קלענערע שריפטן בעיקר קומט צומטרעפלעכסטן צום אויסדרוק דער פרייהייטלעכער כאַראַקטער פון דידעראָס דענקען; אַזוי צ. ב. אין „ענטרעטיען ד'ען פער אַוועק סע ענפאַנטס", וועלכעס אַנטהאַלט אַ סך פון דידעראָס אייגענער יוגנט;

גאַנץ באַזונדערס אין „סופּלעמאַן אַ וואָיאַזש דע ביגענוויל“ און אין דער פּאָעמע „לעס עלעוטעראָמאַנס אָ אַבדיקסיאָן ד'און רואַ דע לאַ פעווו“*)

אויך אין אַ סך מאמרים פון דער מאָנומענטאַלער ענציקלאָפּעדיע, וועמעס פאַרענדיקונג מ'האָט צו פאַרדאַנקען נאָר דידעראָס האַרטנעקיקער ענערגיע און פאַר וועלכער ער אַליין האָט צוגעשטעלט איבער טויזנט מיטאַרבעטונגען, טרעטן אָפט זייער באַשיימפּערלעך אַרויס די עיקרדיקע אידעען פון זיין דענק־אופן, הגם די אַרויסגעבער האָבן געמוזט אָנווענדן די גאַנצע כיטרעקייט, בכדי אָפּצונאַרן דאָס וואַכזאַמע אויג פון דער קעניגלעכער צענזור. אַזוי האָט ער צ. ב. דערקלערט אינעם מאמר „אויטאָריטעט“, וואָס שטאַמט פון זיין פען, אַז „פון דער נאַטור איז קיין שום מענטשן נישט געגעבן געוואָרן דאָס רעכט צו געוועלטיקן איבער אַנדערע“ און ער האָט יעדע מאַכטפאַרהעלטעניש מאָטיווירט מיט געוואַלטזאַמער אונטערדריקונג, וועלכע האַלט־אָן אַזוי לאַנג, כל־זמן די שררות פילן זיך שטאַרקער ווי די קנעכט, אָבער וועלכע צעפאַלט זיך אין שטויב, ווען עס אַנטשטייט אַ פאַרקערטע סיטואַציע. אין דעם פאַל האָבן די פריערדיקע אונטערדריקטע צו זייער גונסטן דאָסזעלביקע רעכט, וועלכעס האָט פריער געמוזט דינען זייערע געוועזענע האַרן זיי אויסצושטעלן צו דער אייגנמעכטיקייט פון זייער טיראַניע.

פּונקט ווי וואָלטער, אַזוי איז אויך מאָנטעסקיו געשטאַנען אונטערן שטאַרקן איינפלוס פון דער ענגלישער קאָנסטיטוציע און פון די אידעען, וועלכע האָבן דערפירט צו איר בהדרגהדיקער אויסגעשטאַלטיקונג. אָבער אין היפּוך צו לאָקן און זיינע נאָכגייער, איז ער נישט אַרויסגעגאַנגען פון שטאַנדפּונקט פון נאַטירלעכן רעכט,

---

*) דידאָזיקע פּאָעמע האָט צו פאַרדאַנקען איר אַנטשטייאונג אַ פריילעכער פאַסירונג. אין אַ פריילעכער געזעלשאַפט פון מענער און פרויען איז דידעראָ אויסגעקליבן געוואָרן ווי אַן אַזויגערופענער „קעניג פונעם באָב“, און על־פי צופאַל האָט פאַסירט, אַז ער האָט דריי יאָר נאָכאַנאַנד ביי דערזעלבער געלעגנהייט געפונען דעם איינגעבאַקענעם באָב אין זיין שטיק קוכן. דאָס ערשטע מאָל האָט ער, בהסכם מיט ראַבעלעס גייסט, אַרויסגעגעבן אַט דאָס געזעץ צו זיינע אונטערטאַנען: „זאָל יעדער זיין גליקלעך אויף זיין אייגענעם שטייגער!“ אָבער אין דריטן יאָר האָט ער געשילדערט אין דער דיכטונג „לעס עלעוטעראָמאַנס“ ווי אַזוי ער איז מיד געוואָרן פון זיין קעניגרייך און אָוועקגעלייגט די קרוין, ביי וואָס דעם מחברס פרייהייטסליבע קומט אויפן שענסטן אופן צום אויסדרוק. די פאָלגנדע שטעלע באַווייזט דאָס צום בעסטן:

> Jamais au public avantage.
> L'homme n'a franchement ses droits!
> La nature n'a fait ni serviteur ni maitre.
>
> Je ne veux ni donner ni recevoir des lois!
> Et ses mains curdiraient du pretre,
> Au defaut d'un cordon pour etrangler les rois.

די פרייע איבערזעצונג:

קיינמאָל איז נישט אויסגעפאַלן לטובת דעם מענטשן אויפצוברענגען פאַר אַ קרבן זיינע רעכטן. די נאַטור האָט נישט באַשאַפן נישט קיין קנעכט און נישט קיין האַרן. איך וויל נישט נישט אַרויסגעבן, נישט אָננעמען קיין געזעצן. נישט האָבנדיק קיין שטריק, וואָלט דער מענטש מיט זיינע הענט אַרויסבאַקומען די אינגעווייִדן פונעם גלח, בכדי צו דערשטיקן דעם קעניג.

ווען מען קען כאַטש אַפּשאַצן דעם ווערט פון זייער אויפטו אין דעם פּראָצעס, הגם עס איז שווער צו זאָגן ווי ווייט זייער פּערזענלעכע איניציאַטיוו האָט קענען באַמערקט די באַוועגונג פון זייער צייט.

וועמעס שוואַכע זייטן זענען פאַר אים נישט פאַרביי אומבאַמערקט, נייערט ער האָט געפּרוּווט צו דערקלערן די אַנטשטייאונג פונעם שטאַט געשיכטלעך, ביי וואָס ער האָט פאַרטראָטן דעם שטאַנדפּונקט, אַז דאָס נאָכזוכן אַן אידעאַלע שטאַטספאָרעם, וועלכע זאָל האָבן דיזעלביקע גילטיקייט פאַר אַלע פעלקער, איז אַן אילוזיע, ווייל יעדע פּאָליטישע קערפּערשאַפט געשטאַלטיקט זיך אויס פון באַשטימטע נאַטירלעכע תנאים און מוז אין יעדן לאַנד אָננעמען אַזעלכע פאָרמען, וועלכע זענען פאַר איר באַשטימט דורך דער נאַטירלעכער סביבה. אַזוי האָט ער צום ביישפּיל מיט אַ זעל־טענער שאַרפזיניקייט אויסגעפירט אין זיין הויפּטווערק „ל׳עספּרי דע לואַ“, אַז די איינוואוינער פון אַ פרוכפּעריקער געגנט, וועלכע איז לייכט אויסגעשטעלט צו פאַר־וויסטונג דורך קריגערישע אָנפאַלן פון דרויסן, שאַצן ווייניקער אָפּ דעם ווערט פון זייער פרייהייט און וואַרפן זיך לייכטער אונטער צו אַ דעספּאָט, וועלכער זאָגט זיי צו שוץ קעגן פרעמדע אַטאַקעס, ווי דאָס דאַרף זיין דער פאַל ביי איינוואוינער פון אומפרוכפּערדיקע בערגיקע געגנטן. און ער באַרעכטיקט זיינע מיינונגען מיט פאַר־שידענע אינטערעסאַנטע ביישפּילן פון דער געשיכטע.

מאָנטעסקיוס אייגנטלעכער פּאָליטישער אידעאַל איז געווען די קאָנסטיטוציאָ־נעלע מאָנאַרכיע לויטן ענגלישן מוסטער, באַגרינדעט אויפן פאַרטרעטונגס־סיסטעם און פונאַנדערטיילונג פון דער מאַכט, כדי נישט אויסצושטעלן צו קיין שטענדיקע סכנות די רעכטן פונעם בירגער און די עקזיסטענץ פון דער מלוכה דורך דער קאָנ־צענטרירונג פון דער גאַנצער מאַכט אין איין האַנט. דער פראַנצויזישער דענקער מאַכט אַ חילוק צווישן דעספּאָטיעס, וואו יעדע שטאַטלעכע אַקטיוויטעט איז באַ־דינגט דורך דער אייגנווילליקער אַנטשיידונג פונעם געוועלטיקער, און אמתע מאָ־נאַרכיעס אָדער אַפילו רעפּובליקן, וואו אַלע פראַגן פונעם עפנטלעכן לעבן ווערן אַנטשיידט דורך געזעצן. געזעצן זענען פאַר מאָנטעסקיון נישט פּראָדוקטן פון וויל־קיר, נאָר שייכותן פון די זאַכן צווישן זיך און זייערע באַציאונגען צום מענטשן. הגם ער אַליין האָט אויסגעפירט, אַז מ׳דאַרף זוכן דעם באַדייט פונעם געזעץ נישט אין זיין אויסערלעכן צוואַנג, נאָר אינעם גלויבן פון די מענטשן אין זיין ניצלעכקייט, קאָן מען אָבער נישט פאַרלייקענען, אַז זיינע אידעען, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויפן דענק־אויפן פון זיין צייט, האָבן צוגעטראָגן אַ גרויסן חלק צו אַנט־וויקלען יענעם בלינדן גלויבן אינעם געזעץ, וועלכער איז געווען אַזוי כאַראַקטעריס־טיש פאַר דער תקופה פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און פאַר די דעמאָקראַטישע שטרעבונגען פון 19־טן יאָרהונדערט. מאָנטעסקיו איז אַזוי צו זאָגן דער איבערגאַנג פון ליבעראַליזם צו דעמאָקראַטיע, וועלכע האָט אין רוסאָ פערזאָן געזאָלט געפינען איר איינפלוסרייכסטן פאַרטרעטער.

# X

# ליבעראַליזם און דעמאָקראַטיע

די באַציונגען פון ליבעראַליזם צו דער דעמאָקראַטיע. — רוסאָס אידעע וועגן כלל-ווילן. — רוסאָ און האָבס. — רוסאָ ווי דער באַשאַפער פון דער מאָדערנער שטאַטס-רעאַקציע. — דער סאָציאַלער קאָנטראַקט און די גלייכהייט פאַרן געזעץ. — רוסאָס באַגריף וועגן רעכט. — דעמאָקראַטיע און דיקטאַטור. — רוסאָס איינפלוס אויף דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. — די יאַקאָבינער ווי די דורכפירער פון דער צוואה פון דער מאָנאַרכיע. — דער צענטראַליזם. — דער „זונקעניג" און די „זון־נאַציע". — נאַציאָנאַליזם און דעמאָקראַטיע. — די נאַציע ווי די טרעגערן פונעם „כלל-ווילן". — דער נייער סואווערען. — דער נאַציאָנאַליזם ווי אַ קולט פונעם נייעם שטאַט. — דער „נאַציאָנאַלער ווילן". — נאַפּאָלעאָן ווי דער יורש פון דער נייער שטאַטסאידעע. — דער חלום מכוח דער נאַציאָנאַלער אַלמעכטיקייט פונעם שטאַט. — די איבערגעשטאַלטיקונג פון דער געזעלשאַפט. — דער בירגער ווי אַ זעלנער. — דער נייער חלום וועגן מאַכט.

צווישן ליבעראַליזם און דעמאָקראַטיע איז פאַראַן אַן עסענציעלער אונטערשייד, וועלכער איז באַגרינדעט אין צוויי פאַרשידענע אינטערפּרעטאַציעס מכוח די פאַרהעלטענישן צווישן יחיד און געזעלשאַפט. מיר מערקן אָן פון פאָרויס, אַז מיר האָבן דאָ בלויז אין אויג די סאָציאַלפּאָליטישע אידעען־שטרעמונגען פונעם ליבעראַליזם און פון דער דעמאָקראַטיע, נישט די אַספּיראַציעס פון די ליבעראַלע און דעמאָקראַטישע פאַרטייען, וועלכע האָבן אָפט אַ בערך ענלעכע שייכות צו זייערע אורשפּרינגלעכע אידעאַלן ווי די רעאַל־פּאָליטישע פּרואוון פון די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פאַרטייען אין באַצוג צום סאָציאַליזם. אָבער קודם כל דאַרף מען זיך היטן נישט צו פאַרמישן אין איין טאָפּ דעם ליבעראַליזם מיט די עקאָנאָמישע קאָנצעפּציעס פונעם אַזויגערופענעם מאַנטשעסטערטום, ווי דאָס פּאַסירט אַזוי אָפט.

אויך פאַרן ליבעראַליזם איז גילטיק דער אַלטער כלל פון פּראָטאַגאָראַסן, אַז דער מענטש איז די מאָס פון אַלע זאַכן. אַרויסגייענדיק פון אָט דער דערקענטעניש, אורטיילט ער די סאָציאַלע סביבה לויט דעם ווי זי איז גינציק פאַר דער נאַטירלעכער אַנטוויקלונג פונעם יחיד אָדער זי שטייט אין וועג פון זיין פּערזענלעכער פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט. זיין באַנעם פון דער געזעלשאַפט איז דער באַנעם פון אַן אָרגאַנישן פּראָצעס, וועלכער דרינגט אַרויס פון דער נאַטירלעכער באַדערפעניש פון די מענטשן און דערפירט צו פרייוויליקע פאַראייניקונגען, וועלכע עקזיסטירן

אַזוי לאַנג, כל־זמן זיי פירן דורך זייער אויפגאַבע, און זיי לייזן זיך אויף, ווען זייער אויפגאַבע איז אומנייטיק געוואָרן. וואָס ווייניקער דידאַזיקע נאַטירלעכע אויס־וויקלונג פון די געשעענישן ווערט געשטערט דורך געוואַלדזאַמע אַריינמישונגען און מעכאַנישע רעגולאַציעס פון דרויסן, אַלץ לייכטער און מיט אַזויפיל ווייניקער רייבונגען וויקלען זיך אויס די געזעלשאַפטלעכע פּאַסירונגען און אין אַזאַ העכערער מאָס איז דער מענטש אימשטאַנד צו געניסן פונעם גליק פון זיין פּערזענלעכער פרייהייט און פון זיין אומאָפּהענגיקייט.

פון דעמדאָזיקן שטאַנדפּונקט האָט אויך דער ליבעראַליזם געאורטיילט דעם שטאַט און יעדע מין פאָרעם פון ממשלה. זיינע פּאַרטיידיקער האָבן געהאַלטן, אַז אַ רעגירונג איז נישט אינגאַנצן איבעריק ביי געוויסע זאַכן, אָבער זיי האָבן קלאָר פאַרשטאַנען, אַז יעדע רעגירונגס־פאָרעם באַדראָט די פרייהייט פונעם מענטשן, צוליב וואָס זיי האָבן תמיד געזוכט צו פאַרהיטן דעם יחיד פון די אוזורפּאַציעס פון דער רעגירונגס־מאַכט און געזוכט איר איבערצוענטפערן אַ וואָס מעגלעך־שמעלערן טעטיקייטסגעביט. די אַדמיניסטראַציע פון די זאַכן האָט זיי אינטערעסירט מער ווי די הערשאַפט איבער די מענטשן. דער שטאַט האָט, בכן, פאַר זיי בלויז געהאַט עקזיסטענצבאַרעכטיקונג נאָר ווען זיינע אָרגאַנען האָבן פאַרטיידיקט די פּערזענלעכע זיכערקייט פונעם בירגער קעגן געוואַלטזאַמע אַטאַקעס, די שטאַטלעכע קאָנסטיטור־ציע פונעם ליבעראַליזם איז, בכן, געוועזן פון אַ נ ע ג א ט י ו ו ע ר נ א ט ו ר; אויפן העכסטן פונקט פון אַלע סאָציאַלפּאָליטישע באַטראַכטונגען פון זיינע פאַר־טרעטער איז געשטאַנען די מעגלעך־גרעסטע פרייהייט פונעם אינדיווידד.

אין היפּוך צום ליבעראַליזם איז דער אַרויסגאַנגספּונקט פון דער דעמאָקראַטיע געווען דער קאָלעקטיווער באַגריף: דאָס פאָלק, דער כלל. אָבער דווקא דידאָזיקע אַבסטראַקטע פאַרשטעלונג, אויף וועלכער עס האָט זיך סומך געווען דער דעמאָ־קראַטישער געדאַנק, האָט בלויז געקענט דערפירן נאָר צו אַזעלכע רעזולטאַטן, וועל־כע האָבן געמוזט האָבן אַן אומגליקלעכע ווירקונג אויפן יחידישן לעבן פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט; און אַ פּשיטה שוין דערפאַר, וואָס זי איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַן אַורעאָל פון אַ צוגעטראַכטן פרייהייטסבאַגריף, וועמעס ווערט אָדער מאַנגל אין ווערט ס'האָט ערשט געדאַרפט באַוויזן ווערן. רוסאָ, דער אייגנטלעכער נביא פון דער מאָדערנער אידעע פון דעמאָקראַטישן שטאַט, האָט אין זיין „סאָציאַלן קאָנטראַקט" אַקעגנגעשטעלט די „סוּאווערעניטעט פון פאָלק צו דער סוּאווערעניטעט פון קעניג"; אַזוי אַרום איז פאַרוואַנדלט געוואָרן די סוּאווע־רעניטעט פון פאָלק אין אַ פרייהייטסלאָזונג קעגן דער טיראַניע פון אַלטן רעזשים. בלויז דאָס האָט געמוזט געבן דעם דעמאָקראַטישן געדאַנק אַ מעכטיקע השיבות, מחמת קיין שום מאַכט איז נישט שטאַרקער ווי די, וועלכע פּרעטענדירט זיך צו שטיצן אויף די פּרינציפּן פון דער פרייהייט.

אויך רוסאָ איז אין זיינע פילאָזאָפיש־סאָציאַלע באַטראַכטונגען אַרויסגעגאַנגען פון שטאַנדפּונקט פון סאָציאַלן קאָנטראַקט, וועלכן ער האָט גענומען ביי די רע־

פּרעזענטאַנטן פון פּאָליטישן ראַדיקאַליזם אין ענגלאַנד, און דידאַזיקע לערע איז דאָס געווען די־יעניקע, וועלכע האָט זיין ווערק געגעבן יענע קראַפט אויף צו פאַר־אורזאַכן אַזעלכע שרעקלעכע וואונדן דעם קעניגלעכן אַבסאָלוטיזם פון פראַנקרייך. דאָס איז טאַקע די סיבה, וואָס נאָך ביז צום היינטיקן טאָג אַפילו צירקולירן אַזויפיל זיך סותר זייענדיקע מיינונגען וועגן רוסאָן און זיין לערע. אַלע ווייסן, אין וואָס פאַרא מאָס זיינע אידעען האָבן בייגעשטייערט צום פאַלן פונעם אַלטן רעזשים און ווי שטאַרק עס זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן פון זיינע לערעס די מענטשן פון דער גרויסער רעוואָלוציע. טאַקע צוליב דעם פאַרזעט מען שוין צו אָפט, אַז רוסאָ איז אין דער זעלבער צייט געווען אַן אַפּאָסטאָל פון אַ נייער פּאָליטישער רעליגיע, וועל־מעס קאָנסעקווענצן פאַר דער פרייהייט פונעם מענטשן האָבן געמוזט זיין נישט ווייניקער שעדלעך ווי פריער דער גלויבן אין דער גאָטסגנעדיקייט פון די קעניגן. אין דער ווירקלעכקייט איז רוסאָ געווען איינער פון די דערפינדער פון דערדאַזיקער אַבסטראַקטער שטאַטס־אידעע, וועלכע האָט זיך באַוויזן אין אייראָפּע נאָכדעם ווי דער פעטישיסטישער פעריאָד פונעם שטאַטיזם, אויסגעדריקט אין דער פּערזאָן פון־נעם אַבסאָלוטן מאָנאַרך, איז דערגאַנגען צו איר סוף. נישט אָן רעכט האָט באַקונין אָנגערופן רוסאָן „דער אמתער באַשאַפער פון דער מאָדערנער רעאַקציע". ער איז געווען איינער פון די גייסטיקע אָבות פון דער מאָנסטערעזער אידעע מכוח אַן אַלץ באַהערשנדיקער, אַלץ אַרומנעמענדיקער פּאָליטישער השגחה, וועלכע לאָזט דעם מענטשן קיינמאָל נישט אָפּ פונעם אויג, און לייגט אַרויף אויף אים אומברחמנות־דיק דעם חותם פון איר העכערן ווילן. רוסאָ און העגעל זענען — יעדער איינער אויף זיין שטייגער — די צוויי וועכטער פון דער מאָדערנער שטאַטס־רעאַקציע, וועלכע גרייט זיך היינטצוטאָג צו געפינען אין פאַשיזם די העכסטע קאַטעגאָריע פון איר אַלמעכטיקייט. דער חילוק איז בלויז דער, וואָס דער איינפלוס פונעם „גענפער בירגער" אויפן פּראָצעס פון דערדאַזיקער אַנטוויקלונג איז געווען גרע־סער, מחמת זיין ווערק האָט טיפער אויפגעטרייסלט די עפנטלעכע מיינונג פון אייראָפּע ווי דאָס האָט געקענט טאָן העגעלס פינצטערער סימבאָליזם.

רוסאָס אידעאַלער שטאָט איז אַ קינסטלעך־געשאַפענע קערפּערשאַפט. ער האָט זיך אַפילו אויסגעלערנט ביי מאָנטעסקיוען צו דערקלערן די פאַרשידענע שטאַטלעכע סיסטעמען לויט דער ספּעציעלער קלימאַטישער סביבה פון יעדן פאָלק; אָבער פונדעסטוועגן איז ער געגאַנגען אין די וועגן פון די פּאָליטישע אַלכעמיסטן פון זיין צייט, וועלכע האָבן מיט די „אומאַיידעלע עלעמענטן פון דער מענטשלע־כער נאַטור" געפּראָוועט כלערליי מינים פאַרשטעלבאַרע עקספּערימענטן, מיט דער באַשטענדיקער האָפענונג צו קענען ווען עס איז אַריינבכאַפּן דאָס ריינע גאָלד פונעם אַבסאָלוטן פאַרנונפט־שטאָט אין דער נעץ פון זייערע פוסטע שפּעקולאַציעס. איז ער דאָך געווען פעלזנפעסט איבערצייגט, אַז עס האַנדלט זיך בלויז וועגן דער גערעכטער רעגירונגס־פאָרעם און וועגן דעם בעסטן אופן פון לעגיסלאַציע, בכדי צו מאַכן פון די מענטשן פּערפעקטע באַשעפענישן.

אַזוי האָט ער דערקלערט אין זיין ווידוי:

„איך האָב אויסגעפונען, אַז דאָס ערשטע מיטל פון פּראָגרעס פון דער מאָראַל איז די פּאָליטיק, אַז, מעג מען אַטאַקירן די זאַך, ווי אַזוי מ'וויל, דער כאַראַקטער פון אַ פאָלק וועט זיך תמיד פאָרמירן בהסכם מיט אַ רעגירונגס־פאָרעם, וואָס איז אים אייגנטימלעך. אין אָט דעם פּרט האָט זיך מיר אויסגע־וויזן צו רעדוצירן דאָס גרויסע פּראָבלעם מכוח דער בעסטער פאָרעם פון שטאַט צו אָט וואָס: ווי אַזוי דאַרף זיין דער מהות פון אַ רעגירונגס־פאָרעם, בכדי אַ פאָלק זאָל ווערן דאָס טוגנטהאַפטיקסטע, געלערנטסטע, קליגסטע,— מיט איין וואָרט: דאָס בעסטע פאָלק אינעם פולשטענדיקסטן זין פון וואָרט".

דערדאָזיקער באַנעם איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן טעאָרעטישן אַרויסגאַנגס־פונקט פון אַלע דעמאָקראַטישע אידעאָלאָגיעס אין אַלגעמיין און פאַר רוסאָס מענטאַליטעט בפרט. און ווייל די דעמאָקראַטיע איז אַרויסגעגאַנגען פון אַ קאָ־לעקטיוון באַגריף און האָט דערנאָך לויט אים אָפּגעשאַצט דעם אינדיוויד, האָט זיך דער מענטש פאַר אירע רעפּרעזענטאַנטן פאַרוואַנדלט אין אַן אַבסטראַקטער ממשות, מיט וועלכער מ'האָט געקענט אַזוי לאַנג פּראָווען עקספּערימענטן, ביז זי זאָל באַקומען די געווינטשטע גייסטיקע נאָרמע און זיך צופּאַסן ווי אַ מאָדעל־בירגער צו די פאָרמען פון שטאַט. נישט אומזיסט האָט רוסאָ באַטראַכט דעם לעגיסלאַטאָר ווי דעם „מעכאַניקער, וועלכער דערפינדט די מאַשין"; אין דער ווירקלעכקייט הויערט אויף דער דעמאָקראַטיע עפּעס מעכאַניסס, הינטער וועמעס רעדערוועדק עס פאַרשווינדט דער מענטש. אָבער היות אויך די דעמאָקראַטיע קאָן, לויט רוסאָס געדאַנקענגאַנג, נישט אויסקומען אָן דעם מענטשן, פאַרפעסטיקט זי אים פריער צו אַ סדום־בעטל, כדי ער זאָל אָננעמען די גייסטיקע פאָרעם, וואָס דער שטאַט דאַרף האָבן.

אויב האָבס האָט געוואָלט זען פאַרקערפּערט אין דער פּערזאָן פונעם מאָ־נאַרך די אַבסאָלוטע מאַכט פונעם שטאַט, לגבי וועלכן דאָס רעכט פונעם יחיד קאָן נישט עקזיסטירן, האָט רוסאָ אויסגעטראַכט אַ סכעמע, ווען ער האָט צוגע־געבן דאָזעלבע אַבסאָלוטע רעכט. דער ל ו י ת ן , וועלכן ער האָט געהאַט אין געדאַנק, האָט באַקומען זיין מאַכט־שלימות פון אַ קאָלעקטיוון קאָנצעפּט, דעם אַזויגערופענעם „ אַ ל ג ע מ יי נ ע ם ו ו י ל ן " , — דער „וואָלאָנטע זשע־נעראַל". אָבער רוסאָס אַלגעמיינער ווילן איז נישט עפּעס אַזעלכעס ווי דער ווילן פון אַלעמען, וועלכער אַנטשטייט פונעם צוזאַמענלייג פון יעדן באַזונדערן אינדיווידועלן ווילן מיט די אַנדערע ווילנס און מען דערגייט אַזוי אַרום צו דער אַבסטראַקטער קאָנצעפּציע וועגן אַ געזעלשאַפטלעכן ווילן; ניין, רוסאָס כלל־ווילן איז דער אוממיטלבאַרער רעזולטאַט פונעם „סאָציאַלן קאָנטראַקט", פון וועלכן ס'איז, לויט זיין באַנעם, אַרויסגעקומען די פּאָליטישע געזעלשאַפט, דער שטאַט. דעריבער איז דער אַלגעמיינער ווילן תמיד אַ ריכטיקער, שטענדיק אַן אומפעל־באַרער, מחמת זיין טעטיקייט האָט אין אַלע פאַלן אַלס באַדינג דעם אַלגעמיינעם וואוילשטאַנד.

רוסאָס אידעע שטאַמט אָפּ פון אַ רעליגיעזער איינבילדונג, וועלכע האָט איר שורש אינעם באַגריף וועגן אַ פּאָליטישער השגחה און אַלס אַזעלכע איז זי באַשענקט מיט דער גאָב פון דער אַלצוויסנדיקייט און פון דער פולשטענדיקער שלימות, און דעריבער קאָן זי קיינמאָל נישט אַראָפּ פונעם דרך הישר. יעדע פּערזענלעכע איינווענדונג קעגן די טועניש פון אַזאַ מין השגחה איז דאָסזעלבע ווי אַ פּאָליטישע לעסטערונג. אוודאי קאָנען די אינדיווידן זיך טועה זיין אין דער אינטערפּרעטאַציע פונעם אַלגעמיינעם ווילן, מחמת „דאָס פאָלק לאָזט זיך קיינמאָל נישט אונטערקויפן — ווי רוסאָ האָט געהאַלטן — אָבער אָפּטמאָל לאָזט עס זיך אַראָפּפירן פון וועג". אָבער דער אַלגעמיינער ווילן גופא בלייבט אומבאַרירלעך לגבי יעדן פאַלשן אויסטייטש און ער שוועבט, אַזוי ווי גאָטס גייסט, אויפן אויבערפלאַך פון די וואַסערן פון דער עפנטלעכער מיינונג. ווייל בלויז די לעצטע קאָן פון צייט צו צייט זיך פאַרנעמען אויף קרומע וועגן; אָבער זי וועט זיך ווידער אומקערן צום צענטער פון יעדן סאָציאַלן גלייכגעוויכט ווי די פאַרפירטע יידן צו יעהאָוואַן. אַרויסגייענדיק פון אָט דעם צוגעטראַכטן קוקווינקל וואַרפט רוסאָ אָפּ יעדן מין באַזונדערע פאַראייניקונג אינערהאַלב דעם שטאַט, מחמת דורך איר ווערט פאַרטונקלט די לויטערע דערקענונג פונעם אַלגעמיינעם ווילן.

האַלטנדיק זיך אויף אָט דעם דרך האָבן די יאַקאָבינער דעריבער געסטראַשעט מיט טויט־שטראָף קעגן די ערשטע פּרואוון פון די פראַנצויזישע אַרבעטער זיך צו גרופּירן אין פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און זיי האָבן דערקלערט, אַז די נאַציאָנאַלע רעפּרעזענטאַציע קאָן נישט פאַרטראָגן קיין „שטאַט אינערהאַלב דעם שטאַט", מחמת מיט דידאָזיקע פאַראיינען ווערט געשטערט דער ריינער אויסדרוק פון אַלגעמיינעם ווילן. היינט פאַראייגענען זיך דער באָלשעוויזם אין רוסלאַנד און דער פאַשיזם אין דייטשלאַנד און איטאַליע דיזעלבע לערע און זיי שאַפן־אָפּ אַלע פאַר זיי אומבאַקוועמע באַזונדערע פאַראיינען, און די, וועלכע זיי לאָזן יאָ איבער, פאַרוואַנדלען זיי אין אָרגאַנען פון שטאַט.

אַזוי איז פון דער אידעע פונעם כלל־ווילן אויפגעקומען אַ נייע טיראַניע, וועמעס קייטן זענען געווען אויף אַזוי פיל דויערהאַפטיקער, אויף וויפל מ'האָט זיי באַפּוצט מיטן פליטערגאָלד פון אַן איינגעבילדעטער פרייהייט, דער רוסאָאישער פרייהייט, וועלכע איז געווען פונקט אַזוי אוממשותדיק און סכעמאַטיש ווי דער באַרימטער באַגריף וועגן כלל־ווילן. רוסאָ איז געוואָרן דער באַשאַפער פון אַ נייעם געץ, פאַר וועלכן דער מענטש האָט מיט דערזעלביקער התלהבות מקריב געווען זיין פרייהייט און לעבן ווי ער האָט דאָס געטאָן פאַר די געפאַלענע געטער פון די פאַרגאַנגענע צייטן. כלפי דער אומבאַגרענעצטער מאַכטפולקאָמענהייט פון אַן אויסגעטראַכטן כלל־ווילן איז יעדעס זעלבסטשטענדיקע דענקען געוואָרן אַ פאַרברעכן, יעדע פאַרנונפט איז געוואָרן „דעם טייוולס זונה", ווי ביי לוטערן. אויך פאַר רוסאָן איז דער שטאַט געוואָרן דער שעפער און אויפהאַלטער פון יעדער מין

זיטלעכקייט, לגבי וועלכער ס'האָט נישט געקאָנט האָבן קיין קיום קיין שום אַנ־דערער מאָראַלישער באַגריף. ס'איז בלויז געווען אַן איבערחזרונג פון דערזעל־ביקער אוראַלטער בלוטיקער טראַגעדיע: גאָט אַלץ, דער מענטש גאָרנישט!

ס'איז פאַראַן אַ סך אומאויפריכטיקייט און אויגנפאַרבלענדנדיקע מיסטיפי־קאַציע אין רוסאָס לערע, וועלכע קאָן אפשר דערקלערט ווערן נאָר מיט דער דער־שרעקנדיקער ענגהאַרציקייט און קראַנקהאַפטיקן אומצוטרוי פון דעמדאָזיקן מענטשן. וויפל אומהיילבאַרע ביטערקייט און אָפּשטויסנדיקע צביעות פאַרבאַהאַלטן זיך אויס אין אָט־די ווערטער:

„און בכדי דער סאָציאַלער קאָנטראַקט זאָל נישט זיין קיין פּוסטע פאָרעם, אַנטהאַלט ער שטילשווייגנדיק אָט־די נאָכקומענדיקע פאַרפּליכטונג, וואָס נאָר זי קאָן אַזוי אַרום געבן קראַפט די איבעריקע; זי באַשטייט אין דעם, אַז יעדער, וואָס עס זאָגט זיך אָפּ צו זיין געהאָרכיק צום אַלגעמיינעם ווילן, דאַרף פון דער גאַנצער קערפּערשאַפט דערצו געצוואונגען ווערן; דאָס האָט נישט קיין אַנדערן באַדייט ווי נאָר דאָס, אַז מ'וועט אים צווינגען צו זיין פריי"*).

„אַ ז מ ' וו ע ט א י ם צ וו י נ ג ע ן צ ו ז י י ן פ ר י י !" — די פרייהייט אינעם צוואַנגסהעמד פון דער שטאַטלעכער מאַכט! איז דער פאַראַן אַן ערגערע פאַראַדיע אויף יעדן פרייהייטלעכן געפיל ווי דידאָזיקע? און אָט דעם מענ־טשן, וועמעס קראַנקער מוח האָט אויסגעוואָרעמט אַזאַ מין פאַרזעעניש, לויבט מען נאָך היינט ווי אַן אַפּאָסטאָל פון דער פרייהייט. אָבער סוף־כל־סוף איז דאָך רוסאָס גאַנצער באַנעם נישט עפּעס אַנדערש ווי דער רעזולטאַט פון אַ דורך־און־דורך דאָק־טרינערן אופן דענקען, וועלכעס איז מקריב אַלעס לעבעדיקע צו דער טויטער מע־כאַניק פון אַ טעאָריע און וועמעס פאַרטרעטער שפּרייזן אַריבער מיט פאַרביסנקייט פון אַ חסר־דעהגיק איבער די מענטשלעכע גורלות גלייך ווי דאָס וואָלטן געווען זייפנבלאָזן. פאַרן ווירקלעכן מענטשן האָט רוסאָ געהאַט פונקט אַזוי וויי־ניק פאַרשטענדעניש ווי העגעל. ז יי ן מענטש איז געווען אַ קינסטלעכער פּראָ־דוקט, וועלכער איז באַשאַפן געוואָרן אינעם דעסטיליר־אַפּאַראַט, דער האָמונקולוס פון אַ פּאָליטישן אַלכעמיסט, וועלכער איז בהסכם מיט אַלע פאָדערונגען, וועלכע דער כלל־ווילן האָט פאַר אים צוגעגרייט. ער איז נישט קיין האָר פון זיין אייגענעם לעבן, אַ פשיטה שוין פון זיין אייגענעם דענקען; ער פילט, דענקט, איז זיך נוהג מיט דער מעכאַנישער פּרעציזיע פון אַ מאַשין, וועלכע איז געלאָזט געוואָרן אין גאַנג דורך אַ פיקסער אידעע. אויב ער לעבט איבערהויפּט, אַזוי פּאַסירט דאָס נאָר דורך דעם חסד פון אַ פּאָליטישער מאַשין, כל־זמן זי האָט גאָרנישט וואָס אויסצוזעצן קעגן זיין פערזענלעכער עקזיסטענץ.

„מחמת דער „סאָציאַלער קאָנטראַקט" איז אויסן די דערהאַלטונג פון די קאָנטראַקטירער. ווער עס וויל דעם צוועק, דער איז אויך מסכים מיט די מיט־לען, און דידאָזיקע מיטלען לאָזן זיך לחלוטין נישט אָפּטיילן פון אייניקע

*) זש. זש. רוסאָ, „דער סאָציאַלער קאָנטראַקט" אָדער די יסודות פונעם שטאַטלעכן רעכט", ערשט בוך, זיבעט קאַפּיטל.

סכנות, יאָ, אַפילו פון אייניקע אַבידות. ווער עס וויל אויפהאַלטן זיין לעבן אויפן חשבון פון אַנדערע, מוז עס, ווייבאַלד דאָס איז נייטיק, אויך מקריב זיין פאַר זיי. דער בירגער פון דער מלוכה איז טאַקע דעריבער נישט קיין שופט וועגן דער סכנה, צו וועלכער ער דאַרף זיך אויסשטעלן אויפן פאַרלאַנג פונעם געזעץ; און ווען דער פירשט (די מלוכה) זאָגט אים: „דיין טויט איז נייטיק פאַרן שטאַט, מוז ער שטאַרבן, מחמת נאָר אויפן סמך פון אָט־דעם תנאי האָט ער ביז אַהער געלעבט אין זיכערקייט און זיין לעבן איז שוין נישט בלויז אויסשליסלעך אַ וואוילטאַט פון דער נאַטור, נאָר אויך אַ קאָנדיציאָנעלן אויפן באַווויליקטע מתנה פון דער מלוכה"*).

דאָס, וואָס רוסאָ האָט אָנגערופן פרייהייט, איז די פרייהייט צו מוזן טאָן דאָס, וואָס דער שטאַט, ווי אַ שומר פונעם כלל־ווילן, הייסט דעם בירגער טאָן, ס'איז דאָס אָנשטעלן אַלע מענטשלעכע געפילן אויף איין טאָן, די באַזייטיקונג פון דער גאַנצער רייכער פאַרשידנאַרטיקייט פונעם לעבן, די מעכאַנישע איינשטעלונג פון גאַנצן שטרעבן אויף איין באַשטימטער נאָרמע. דאָס צו דערגרייכן, איז די העכסטע אויפגאַבע פונעם געזעצגעבער, וועלכער שפילט ביי רוסאָן די ראָל פון אַ פּאָליטישן כוהן־גדול, וועלכע איז פאַר אים באַשטימט געוואָרן דורך דער הייליקייט פון זיין כהונה. ס'איז זיין חוב אויסצובעסערן די נאַטור און דעם מענטשן איבערצוגעשטאַלטיקן אין אַזאַ ספּעציפיש פּאָליטיש באַשעפעניש, וועלכעס זאָל נישט האָבן קיין שום שייכות מיט זיין התחלהדיקער וועזנטלעכקייט.

„ווער ס'האָט דעם קוראַזש צו געבן אַ פאָלק אינסטיטוציעס, דער מוז זיך אויך פילן ביכולת אין דער זעלבער צייט אומצווואַנדלען די מענטשלעכע נאַטור; איבערצומאַכן יעדן יחיד, וועלכער איז פאַר זיך גופא אַ פערפעקט און ביחידות עקזיסטירנדיקע גאַנצקייט אָדער איינס, אין אַ טייל פון אַ גרעסערער גאַנצקייט, פון וועלכן דערדאָזיקער יחיד באַקומט ערשט אויף אַ געוויסן אופן לעבן און מהות; צו ענדערן די אייגנאַרטיקייט פונעם מענטשן פאַר זיין אייגענער קרעפטיקונג און אויפן אָרט פונעם פיזישן און אומאָפּהענגיקן קיום, וועלכן מיר אַלע האָבן באַקומען פון דער נאַטור, אַוועקשטעלן אַ נאָר טיילווייזן און מאָראַלישן קיום. בקיצור, ער מוז צונעמען ביים מענטשן די אים אייגנטימלעכע כוחות, בכדי אים צו באַשטאַטן מיט אַנדערע, וועלכע זענען פרעמד צו זיין נאַטור און וועלכע ער פאַרשטייט נישט צו באַנוצן אָן דער הילף פון אַנדערע. וואָס מער דידאָזיקע נאַטירלעכע כוחות ווערן אָפּגעטייט און פאַרטיליקט, וואָס גרעסער און דויערהאַפטיקער עס זענען די דערוואָרבענע, אַלץ זיכער און פולקאָמער איז די קאָנסטיטוציע**).

אין דידאָזיקע ווערטער אַנטפּלעקט זיך נישט נאָר דער גאַנצער מענטשנפיינטלעכער כאַראַקטער פון דערדאָזיקער לערע; דאָ שטעלט זיך אויך צומשאַרפסטן אַרויס דער אומפאַראייינבאַרער קעגנזאַץ צווישן די אורשפּרינגלעכע אידעען פונעם ליבעראַליזם און רוסאָס און זיינע נאָכקומערס דעמאָקראַטיע. דער ליבעראַליזם, וועלכער האָט זיך באַזירט אויפן יחיד און וועלכער האָט געזען אין דער אָרגאַנישער אויסגעשטאַלטיקונג פונעם מענטשנס אַלע נאַטירלעכע פעאיקייטן און

*) „סאָציאַלער קאָנטראַקט", צווייט בוך, פינפט קאַפּיטל.
**) „סאָציאַלער קאָנטראַקט", צווייט בוך, זיבעט קאַפּיטל.

אייגנשאַפטן דעם אייגנטלעכן עלעמענט פון דער פרייהייט, האָט געשטרעבט צו אַזאַ צושטאַנד, וועלכער זאָל נישט זיין קיין שטרויכלונג פאַר דעמדאָזיקן נאַטירלעכן פראָצעס און זאָל אויפן ברייטסטן אופן רעספּעקטירן דאָס יחידישע לעבן פונעם אינדיווידו. כלפּי דעמדאָזיקן געדאַנק האָט רוסאָ אַרויסגעשטעלט דעם גלייכהייטס־פּרינציפּ פון דער דעמאָקראַטיע, וועלכער האָט אויסגערופן די גלייכהייט פון אַלע בירגער פאַרן געזעץ. און היות ער האָט אין דער פּילזייטיקייט און אין די פאַרשידן־אַרטיקע אייגנשאַפטן פון דער מענטשלעכער נאַטור מיט רעכט געזען אַ סכּנה פאַר דער געהעריקער פונקציאָנירונג פון זיין פּאָליטישער מאַשין, האָט ער געוואָלט פאַר־שטויסן דעם נאַטירלעכן מהות פונעם מענטשן און אים פאַרבייטן דורך אַ קינסטלעכן סובסטיטוט, וועלכער זאָל צושטעלן דעם בירגער די פעאיקייט צו ווירקן בהסכם מיטן ריטם פון דער מאַשין.

דידאָזיקע פּחדימדיקע אידעע, וועלכע איז נישט בלויז אויסן געווען די פּול־שטענדיקע צעשטערונג פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט, נייערט האָט בכלל באַדייט דאָס אָפּזאָגן זיך פון יעדן אמתן הומאַניזם, איז געוואָרן די ערשטע הנחה פון אַ נייער שטאַטסראַזאָן, וועלכע האָט געפונען איר מאָראַלישע רעכטפאַרטי־קונג אינעם באַגריף פונעם כּלל־ווילן. אַלעס לעבעדיקע ווערט דאָ פאַרשטאַרט אין אַ טויטער סכעמע; יעדער אָרגאַנישער פּראָצעס ווערט פאַרביטן דורך דער רוטין פון דער מאַשין. די פּאָליטישע טעכניק צעפרעסט יעדעס יחידישע לעבן, פּונקט ווי די טעכניק פון דער מאָדערנער עקאָנאָמיע צעפרעסט די נשמה פונעם פּראָדוצירער. דאָס שרעקלעכסטע איז, וואָס מ׳האָט דאָ נישט צו טאָן מיט די נישט־פאַרויסגעזע־ענע רעזולטאַטן פון אַ לערע, וועמעס עפעקטן דער דערפינדער גופא האָט נישט גע־קאָנט פאָרויסזען. ביי רוסאָן פאַסירט אַלעס באַוואוסט און בהסכם מיט אַן אינער־לעכער לאָגיק. ער רעדט וועגן דידאָזיקע ענינים מיט דער זיכערקייט פון אַ מאַטע־מאַטיקער. דער נאַטירלעכער מענטש עקזיסטירט פאַר אים נאָר ביז צום שליסן דעם סאָציאַלן קאָנטראַקט. דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט זיין תקופה. דאָס אַלץ, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט זינט דאַן, איז געווען בלויז אַ קינסטלעכער פּראָדוקט פון דער גע־זעלשאַפט, וועלכע איז געוואָרן שטאַט — דער פּאָליטישער מענטש.

„דער נאַטירלעכער מענטש איז פאַר זיך אַ גאַנצקייט, ער איז די נומע־רישע איינהייט, די אַבסאָלוטע גאַנצקייט, וועלכע האָט אַ שייכות נאָר צו זיך און צו אירס גלייכן. דער בירגערלעכער מענטש איז נאָר אַ געבראָ־כענע איינהייט, וועלכע האָט אַ שייכות מיט איר צאָל און וועמעס ווערט ליגט אין די באַציאונגען צום גאַנצן, וועלכעס בילדעט דעם סאָציאַלן קערפּער״*).

ס׳איז איינע פון די משונהדיקסטע דערשיינונגען, אַז דערזעלביקער מאַן, וועלכער האָט כּלומרשט זיך באַצויגן מיט פאַראַכטונג צו דער קולטור און גע־פּרעדיקט דעם „צוריקקער צו דער נאַטור״, דער מאַן, וועלכער האָט אָפּגעוואָרפן

*) רוסאָ, „עמיל״, אָדער וועגן דערציאונג, ערשט בוך.

דעם געדאַנקען־בנין פון די ענציקלאָפּעדיסטן צוליב געפילס־מאָטיוון און וועמעס שריפטן האָבן ביי די מענטשן פון זיין צייט אַרויסגערופן אַזאַ טיפע לעכצעניש צו אַן איינפאַכן נאַטירלעכן לעבן, ס'איז מאָדנע, אַז דערזעלביקער מענטש האָט, ווי אַ שטאַטסטעאָרעטיקער, פיל ערגער פאַרגוואַלדיקט די מענטשלעכע נאַטור ווי דער אכזריותדיקסטער דעספּאָט און זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט, בכדי זי איינצושטעלן בהסכם מיט דער טעכניק פון די געזעצן.

מ'וואָלט געקאָנט טענהן, אַז אויך דער ליבעראַליזם האָט זיך סומך געווען אויף אַ פיקטיווער הנחה, מחמת ס'איז שווער אויסצוגלייכן די לערע מכוח דער פערזענלעכער פרייהייט מיטן באַשטייענדיקן עקאָנאָמישן סיסטעם. אָן ספק, אַז די היינטיקע אומגלייכהייט פון די עקאָנאָמישע אינטערעסן און די קלאַסנקעגנזאַצן אין דער געזעלשאַפט, וועלכע קומען דערפון אַרויס, איז אַ באַשטענדיקע סכנה פאַר דער פרייהייט פונעם יחיד און זי פירט אומפאַרמיידלעך צו אַ כסדר שטייגנדיקער פאַרקנעכטונג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן. אָבער דאָסזעלביקע איז אויך חל אויף דער באַרימטער „גלייכהייט פאַרן געזעץ", אויף וועלכער די דעמאָקראַטיע איז זיך סומך. שוין אָפּגעזען פון דעם, אַז די באַזיצנדיקע געפינען שטענדיק מיטלען צו קאָרומפּירן די יוסטיץ און זי מאַכן דינען פאַר זייערע צוועקן, זענען עס אויך די רייכע און פּריווילעגירטע, וועלכע מאַכן היינט די געזעצן אין יעדן לאַנד. אָבער נישט אין דעם גייט עס דאָ; אויב דער ליבעראַליזם איז פּראַקטיש דורכגעפאַלן אין אַן עקאָנאָמישן סיסטעם, וועלכער איז באַזירט אויף מאָנאָפּאָליזם און קלאַסנצעשיידונג, איז דאָס נישט געווען דערפאַר, ווייל ער האָט זיך טועה געווען אין דער ריכטיקייט פון זיין אַרויסגאַנגספּונקט, נייערט דערפאַר, ווייל ס'איז סתם אוממעגלעך אַן אימגעשטערטע און נאַטירלעכע אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט אין אַ סיסטעם, וועלכער האָט זיין מקור אין דער אומפאַרשעמטער עקספּלואַטאַציע פון דער ברייטער מאַסע פון די מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט. נישט פּאָליטיש און אַ פשיטה שוין פערזענלעך קאָן מען זיין פריי, כל־זמן מ'שטייט עקאָנאָמיש אונטער דער ממשלה פון אַן אַנדערן און מ'קאָן זיך נישט באַפרייען פון אָט־דעם צושטאַנד. דאָס האָבן נאָך פריער איינגעזען אַזעלכע מענער ווי גאָדווין, וואָררען, פּרודאָן, באַקונין און אַ סך אַנדערע, וואָס צוליב דעם זענען זיי געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די הערשאַפט פונעם מענטשן איבערן מענטשן וועט נישט פאַרשווינדן, כל־זמן ס'וועט נישט געמאַכט ווערן אַ סוף צו דער עקספּלואַטאַציע פונעם מענטשן איבערן מענטשן.

אָבער אַן „אידעאַלער שטאַט", צו וועלכן רוסאָ שטרעבט, וואָלט די מענטשן קיינמאָל נישט געמאַכט פריי, ווען אַפילו זיי וואָלטן גענאָסן פון דער גרעסטער גלייכהייט פון די עקאָנאָמישע באַדינגונגען, וועלכע מ'קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן. מ'באַשאַפט נישט קיין פרייהייט, ווען מ'איז אויסן צוצונעמען ביים מענטשן זיינע נאַטירלעכע אייגנשאַפטן און באַדערפענישן און זיי פאַרבייטן דורך פרעמדע, בכדי ער זאָל ווירקן ווי אַן אויטאָמאַט פונעם כלל־ווילן. פון דער גלייכהייטס־ספערע

פון אַ קאַזאַרמע וועט קיינמאָל נישט אויפקומען קיין פרייער רוח־חיים. רוסאָס טעות — אויב מ׳קאָן ביי אים איבערהויפּט רעדן וועגן אַ טעות — ליגט אינעם סאַמע תוך פון זיין סאָציאַלער טעאָריע. זיין פאָרשטעלונג מכוח אַ צוגעטראַכטן כלל־ווילן איז געווען דער מולך, וועלכער האָט פאַרשלונגען דעם מענטשן.

אויב לאָקס און מאָנטעסקיוס פּאָליטישער ליבעראַליזם האָט געשטרעבט צו אַ טיילונג פון די מאַכטפונקציעס אין דער מלוכה, בכדי איינצוצאַמען די מאַכט פון דער רעגירונג און צו באַשירעמען דעם בירגער פון אוזורפּאַציעס, האָט רוסאָ פּרינציפּיעל אָפּגעוואָרפן דעמדאָזיקן רעיון און אָפּגעחוזקט פון די פילאָזאָפן, וועל־כע, ווייל זיי „קענען נישט צעטיילן די סאָוועריניטעט פונעם שטאַט אין זיין פּרינציפּ, ווילן זיי אים דעריבער צעטיילן בנוגע זיין קעגנשטאַנד". די יאַקאָבינער האָבן זיך דאָך בעצם אויך נוהג געווען אין זעלבן זין, ווען זיי האָבן בטל געמאַכט די אין דער קאָנסטיטוציע אָנגעצייכנטע צעטיילונג פון די מאַכטפונקציעס און איבערגעגעבן דעם קאָנווענט אויך די פאַרוואַלטונג פון דער יוסטיץ, חוץ דער לעגיסלאַציע, וואָס ער האָט געהאַט פון פריער, אַדאַנק וואָס ס׳האָט לייכטער גע־קאָנט פאַרקומען דער איבערגאַנג צו ראָבעספּיערס און זיינע אָנהענגערס דיק־טאַטור.

אויך די שטעלונג פונעם ליבעראַליזם צו די „איינגעבוירענע און אומרע־נונסירבאַרע רעכטן", אַזוי ווי לאָק האָט זיי פאָרמולירט און אַזוי ווי זיי זענען שפּעטער געקומען צום אויסדרוק אין דער „דערקלערונג פון די מענטשנרעכט", אונטערשיידט זיך גרונדזעצלעך פון רוסאָס דעמאָקראַטישע באַגריפן. פאַר די פאַר־טרעטער פונעם ליבעראַליזם האָבן אָט־די רעכטן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ באַזונ־דערע ספּערע, אין וועלכער קיין שום רעגירונג האָט נישט געקאָנט אַריינדרינגען; דאָס רעכט פונעם מענטשן איז עס געווען, וואָס האָט געדאַרפט געשיצט ווערן פון יעדער שטאַטלעכער רעגלאַמענטאַציע. דערמיט האָט מען געוואָלט באַטאָנען, אַז חוץ דער מלוכה איז פאַראַן נאָך עפּעס אַנדערש און אַז דאָסדאָזיקע אַנדערע איז דער ווערטפולסטער און אייביקער באַשטאַנדטייל פונעם לעבן.

גאַנץ פאַרשידנדיק איז געווען רוסאָס שטעלונג און די שטעלונג פון די דעמאָקראַטישע באַוועגונגען אין אייראָפּע, וועלכע האָבן זיך סומך געווען אויף זיין לערע, אינבוויוויטט זיי זענען נישט געמילדערט געוואָרן דורך ליבעראַלע אידעאַלן, ווי דאָס איז געווען דער פאַל בעיקר אין שפּאַניע און ביי די דרום־דייטשע דע־מאָקראַטן פון די יאָרן 1948־49. אויך רוסאָ האָט גערעדט וועגן די „נאַטירלעכע רעכטן פונעם מענטשן", אָבער דידאָזיקע רעכטן האָבן, לויט זיין באַנעם, געהאַט דעם גאַנצן מקור זייערן אין דער מלוכה און זיי זענען פאַראָרדנט געוואָרן פאַרן מענטשן דורך דער רעגירונג.

„מ׳גיט־צו, אַז דורכן סאָציאַלן קאָנטראַקט גיט יעדער אַוועק נאָר יענעם טייל פון זיין מאַכט, פון זיין פאַרמעג און פון זיין פרייהייט, וועלכע די עדה דאַרף האָבן; אָבער מ׳מוז אויך צוגעבן, אַז נאָר דער ראש פון דער

מלוכה אליין דארף באשטימען די נייטיקייט פונעם טייל, וועלכן מ׳דארף אוועקגעבן*).

לויט רוסאָן איז, בכן, דאָס נאַטירלעכע רעכט לגמרי נישט דעם מענטשנס אחוזה, וועלכע ליגט מחוץ דעם שטאַטס ווירקונגס־ספערע; דאַסדאָזיקע רעכט עקזיס־טירט גיכער בלויז אויף אַזוי ווייט, אויף וויפל די מלוכה האָט גאַרנישט וואָס אויסצוזעצן קעגן אים, און זיינע גרענעצן זענען שטענדיק אויסגעשטעלט געענדערט צו ווערן מצד דעם ראש פון דער מלוכה. אַ פּערזענלעך רעכט עקזיסטירט, בכן, אי־בערהויפּט נישט; דאָס ביסל פּריוואַטע פרייהייטן, וואָס דער יחיד באַזיצט יאָ, האָט ער זיי אַזוי צו זאָגן אין אַרענדע פון דער מלוכה, און מ׳קאָן זיי אים צו יעדער צייט קינדיקן און צונעמען. ס׳האָט אַ קליינע ווערט, ווען רוסאָ איז זיך מכוון צו פּאַרזיסן דעם בראָוון בירגער די ביטערע פּיל, ווען ער דערקלערט:

„אַלערליי מינים טועניש, וועלכע דער שטאַטסבירגער איז אימשטאַנד צו לייסטן פאַר דער מלוכה, איז ער איר שולדיק, ווייבאַלד דער ראש פון דער מלוכה פאַרלאַנגט דאָס; אָבער פון דער אַנדערער זייט קאָן נישט דער ראש פון דער מלוכה אַרויפלייגן אויף די אונטערטאַנען קיין שום פאַר דער גע־מיינשאַפט אומניצלעכע לאַסט, ער קאָן עס אפילו נישט וועלן, מחמת לויט די געזעצן פון דער פאַרנונפט, פּונקט ווי לויט די געזעצן פון דער נאַטור, קומט נישט פאַר קיין שום זאַך אָן אַ סיבה".

קיין ערגערן פּילפּול, פון וועלכן מ׳זעט אַרויס די אינערלעכע נישט אויפריכ־טיקייט אויפן ערשטן בליק, איז שוין מסתמא נישט מעגלעך געווען אויסצומוחן, בכדי צו געבן דעם בפירושן דעספּאָטיזם דעם גלאַנץ פון פרייהייט. אַז לויטן געזעץ פון דער פאַרנונפט פאַסירט קיינמאָל גאָרנישט אָן קיין סיבה, איז באמת טרייסטנדיק; ערגער איז אָבער דער ענין, אַז נישט דער בירגער, נאָר דער ראש פון דער מלוכה איז דער, וואָס דאַרף זיך אַרויסזאָגן וועגן דערדאָזיקער סיבה. ווען ראָבעספּיער האָט געלאָזט איבערשיקן די קרבנות הויפּנוויין צום תליון, האָט ער עס זיכער נישט געטאָן, כדי צו געבן די בראָווע פּאַטריאָטן אָן אַגשויאונגס־לעקציע וועגן ד״ר גיליאָטינס דער־פינדונג. אָן אַנדערע סיבה איז עס געווען, וועלכע האָט באַוואויגן זיין מוח; אַלס ציל פון יעדער שטאַטקונסט האָט ער געהאַט פאַר זיינע אויגן דעם „גענפער בירגערס" אידעאַלע סטרוקטור, און היות ביי די לעבנסלוסטיקע פּאַריזער האָט זיך פון זיך אַליין נישט געוואָלט אָננעמען די רעפּובליקאַנישע טוגנט, האָט ער געפּרואווט איר צוצוהעלפן מיט מעטר סאַנסאַנס מעסער. האָט זיך די טוגנט נישט געוואָלט באַווייזן פרייוויליק, האָט מען זי געמוזט שטעלן אויף די פיס דורכן טעראָר. דער אַדוואָקאַט פון אַראַס האָט, בכן, זיכער געהאַט זיינע סיבות, וועלכע זענען ווערט געווען דעם ציל, און בכדי צו דערגרייכן דעמדאָזיקן ציל, האָט ער — בהסכם מיטן אַרגומענט וועגן כלל־ווילן — צוגענומען ביים מענטשן דאָס ערשטע און וויכטיקסטע רעכט, וועלכעס איז כולל אין זיך אַלע אַנדערע רעכטן, — דאָס רעכט צו לעבן.

---

*) רוסאָ, „סאָציאַלער קאָנטראַקט", צווייט בוך, פערט קאַפּיטל.

רוסאָ, וועלכער האָט שטאַרק געהאַלטן פון קאַלווינען און אים באַטראַכט ווי אַ גרויסן מלוכה־מאַן, פון וועמעס דאָקטרינערן גייסט ער האָט אין זיך געהאַט אַ סך, האָט ביי דער צוגרייטונג פון זיין „סאָציאַלן קאָנטראַקט" בלי שום ספק אין זינען געהאַט זיין געבוירנשטאָט גענף. נאָ־ אין אַ קליינער קהילה לויטן שטייגער פון די שווייצאַרישע קאַנטאָנען איז געווען דורכפירבאַר, אַז דאָס פאָלק זאָל זיך, ביי התחלה־דיקע פאַרזאַמלונגען, אַליין אַרויסזאָגן וועגן אַלע געזעצן און אַ פאַרטרעטונג זאָל זיין געדאַכט נאָר פאַר די אויספירנדיקע אָרגאַנען פון דער מלוכה. רוסאָ האָט אַליין זייער גוט אַנערקענט, אַז אַזאַ פאָרעם פון רעגירונג ווי ער האָט געוואָלט, איז נישט צוגעפּאַסט פאַר גרעסערע מלוכות. ער האָט אַפילו געהאַט די כוונה אָנצושרייבן אַ צווייט ווערק נאָכן „סאָציאַלן קאָנטראַקט", וועלכעס זאָל זיך פאַרנעמען מיט דער־דאָזיקער פראַגע, אָבער ס'איז אים נישט אויסגעקומען. אין זיין ווערק „קאָנסידעראַ־סיאָנס סיר ל'גואווערנעמאַן דע פאָלאָניע" לאָזט ער אויך צו דעפּוטאַטן ווי פאַרטרע־טער פונעם פאָלקסווילן, אָבער ער גיט זיי בלויז די ראָלן ווי פונקציאָנאַרן אין רייך־טעכנישע ענינים, וועלכע קאָנען נעבן דעם כלל־ווילן נישט לאָזן גילטן קיין שום אויסדרוק פון אַ באַזונדערן ווילן. בכלל האָט ער געמיינט דורך אָפטער באַנייאונג פון די פאַרטרעטנדיקע קערפּערשאַפטן צו קענען מילדערן אַ ביסל די צרה פון דער פאַרטרעטערשאַפט גופא.

ווען רוסאָ פאַררופט זיך אין זיינע באַטראַכטונגען וועגן דעם פאַרטרעטונגס־סיסטעם, וועלכע אַנטהאַלטן אייניקע גוטע געדאַנקען, גאָר באַזונדערס אויף די רעפּו־בליקאַנישע קהילות פונעם אַלטערטום, דאַרף מען דערפון נישט שליסן, אַז די אַנטיקע דעמאָקראַטיע איז נאָענט צו זיינע אייגענע אָנשויאונגען. אַפילו דאָס ציווילע רעכט פון די רוימער האָט אָנערקענט אַ גאַנצע ריי פּערזענלעכע פרייהייטן, וועלכע זענען נישט באַרירט געוואָרן פון דער שטאַטלעכער אַפּיטרופּסות. אין די גריכישע שטאָט־רעפּובליקן וואָלט מען אַזאַ מין שרעקלעכע אידעע ווי די טעאָריע וועגן כלל־ווילן לגמרי נישט פאַרשטאַנען. דער געדאַנק, אַז ס'איז דעם געזעצגעבערס אויפגאַבע צו־צונעמען ביים מענטשן זיינע נאַטירלעכע אייגנשאַפטן און זיי צו פאַרבייטן דורך פרעמדע, וואָלט זיך די גריכן געווען אויסגעוויזן ווי אַ קראַנקע יצירה פון אַ צעטרייסלטן מוח; לאָזט זיך דאָך די אומאויסשעפּלעכע פאַרשידנאַרטיקייט פון זייער אַזוי רייכער קולטור דערקלערן בעיקר דערמיט, וואָס דער יחיד האָט געהאַט די ברייטסטע מעגלעכקייטן צו אַנטוויקלען זיינע נאַטירלעכע כוחות און זיך אויס־צולעבן שעפעריש. ניין, דערדאָזיקער מאָוימדיקער רעיון איז דאָס אָריגינעלע באַשע־פעניש פונעם „בירגער פון גענף" און ער האָט שפּעטער, דורכן איינפלוס פון די פראַנצויזישע יאַקאָבינער, געפונען זיין וועג צו אַנדערע לענדער. אין דעם זין איז די מאָדערנע דעמאָקראַטיע, להפוך צום ליבעראַליזם, אַ פּאָזיטיווע, מלוכה־אויפהאַל־טנדיקע קראַפט.

דאָס איז אויך די סיבה, פאַרוואָס פון דער דעמאָקראַטיע פירן אָן אַ שיעור וועגן צו דער דיקטאַטור, בעת פון ליבעראַליזם קיין איינער נישט. רוסאָ האָט דאָך

אויך מלמד זכות געווען אויף דער דיקטאטור ביי געוויסע אומשטענדן און איינגע־גאנגען אויף איר אין אינטערעס פונעם כלל־ווילן. דעריבער האט ער געווארנט קעגן א צו שטארקער אומבייגזאמקייט פון די געזעצן, וועלכע קאנען ביי געוויסע אומ־שטענדן אויספאלן צום שאדן פון דער מלוכה. ווער עס מאכט דעם כלל־ווילן פארן אומבאשרענקטן אויבערהערשער, ווער עס זעט אין דער פרייהייט נישט עפעס אנ־דערש ווי נאר די פליכט אויסצופאלגן די געזעצן און זיך צו אונטערווארפן דעם כלל־ווילן, דער זעט אויך נישט קיין שום אפשרעקנדיקס אינעם געדאנק וועגן דיק־טאטור; אינערלעך האט ער דעם מענטשן שוין לאנג מקריב געווען פאר א געשפענסט און האט נישט קיין שום פארשטענדעניש פאר דער פרייהייט פונעם יחיד. און וואו עס שאפט זיך אזא לאגע, דארט צעבליט זיך דאס ווילדגראז פון יעדער מין טיראניע.

די גוטע תלמידים האבן גענומען דעם מייסטער ביים ווארט. אזעלכע טרוקענע פעדאנטן ווי ראבעספיער און ענגהארציקע פאנאטיקער ווי סען זשוסט, קוטאן און זייער גלייכן האבן זיך גענומען צו דער ארבעט, צו „איבעראנדערשן" די מענטשן אין זייער זין און זיי האבן אויפגעשטעלט יענעם מעכטיקן מלוכה־אפאראט, וועלכער האט דערשטיקט אין ווארצל יעדעס געפיל פון אומאפהענגיקייט און אין נאמען פון דער פרייהייט די מענטשן אריינגעקוועטשט אין א נייעם יאך. פאקטיש איז דער פרייהייטס־באגריף פונעם יאקאבינערטום קיינמאל נישט געווען עפעס אנדערש ווי די מעכאנישע איינגלידערונג פונעם יחיד אינעם אבסטראקטן באגריף פון דער נאציע, די אומקאנדיציאנעלע אונטערווארפונג פון יעדן מין פערזענלעכן ווילן אונטערן מאכטגעבאט פונעם נייעם שטאט. ס'איז קיינמאל פריער אין פראנקרייך נישט געווען אזא געזעצליבנדיקע צייט ווי דאס איז געווען די תקופה פון דער גרויסער רעוואלוציע. דאס געזעץ איז געווארן דאס הייליקטום פון דער אומה, דער טויטער פעטיש, אין וועלכן מ'האט איינגעשלאסן דעם גייסט, דאס וואונדערלעכע מיטל, דורך וועלכן עס דארפן מקוים ווערן אלע פארלאנגען. דער „גייסט פון די געזעצן" האט פאקטיש אראפגענידערט אויף דער נאציע. די מענער פונעם קאנווענט האבן זיך געפילט ווי פארשיכורט פון זייער ראל ווי געזעצגעבער פונעם לאנד. „דער גע־זעצגעבער גיט געבאטן דער צוקונפט, — האט סען זשוסט דעקלאמירט, בהסכם מיט רוסאס געדאנקענגאנג, אין קאנוועגט — זיין ענין איז עס צו וועלן דאס גוטע, זיין אויפגאבע, — די מענטשן צו געשטאלטיקן אזוי, אז עס זאל זיין אין איינקלאנג מיט זיין ווילן".

מ'האט געגלייבט צו קענען היילן אלע צרות פון דער מענטשהייט דורך געזעצן און מ'האט דערמיט אוועקגעלייגט די יסודות פאר א נייעם וואונדערגלויבן אין דער אומפעלבארקייט פון דער אויטאריטעט, א גלויבן, וועלכער איז אין זיינע קאנסע־קווענצן געווען נאך שעדלעכער ווי די רעאקציאנערע דאגמאטיק פון די באנאלדס, שאטאבריאנס און דע מעסטרס. די לעצטע האבן זיך אומזיסט באמיט אריינצובלאזן לעבן אין א טויטער סכעמע און לאזן אויפשטיין תחית־המתים אן עבר, וועלכער איז שוין אויף לעולם ועד געלעגן באגראבן אינעם חורבן פון דער צייט; אבער די מענער

פון קאָנווענט האָבן אויסגעלייגט דעם וועג פאַר אַ נייער רעאַקציע, און זיי האָבן עס נישט געטאָן אין נאָמען פון דער לעגיטימיטעט, נייערט אונטער דער לאָזונג פון דער פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט. דער אומגליקלעכער גלויבן אין דער אַלמעכטיקייט פונעם געזעץ און איז דער כמעט איבערמענטשלעכער שליחות פונעם געזעצגעבער ציט זיך ווי אַ רויטער פאָדעם דורך אַלע רעדעס און עפנטלעכע מאַני־פעסטירונגען פון די יאַקאָבינישע שטאַטסלייט און מאַכט זיי אומדערטרעגלעך פאַר יעדן איינעם, וועלכער האָט אַ חוש פאַר פרייהייטלעכע פּילונגען. און צוזאַמען מיטן גלויבן אין דער וואונדערקראַפט פון די געזעצן האָט זיך אַנטוויקלט די שטרעבונג צו אונטערוואַרפן יעדן אויסדרוק פון יחידישן און סאָציאַלן לעבן. אַלעס האָט מען צענטראַליזירט: די רעגירונג, די געזעצגעבונג, די עפנטלעכע פאַרוואַלטונג, די רע־ליגיע, די שפּראַך און דעם געזעצלעכן מאָרד אין דער געשטאַלט פונעם „רעוואָלו־ציאָנערן טעראָר".

די רעוואָלוציאָנערע כוחות פונעם פאָלק אין די שטעט און גאָר באַזונדערס אין די דערפער האָבן זיך טאַקע מיט שטאַרקער ענערגיע קעגנגעשטעלט דערדאָזיקער אַלגעמיינער גלייכמאַכונג, און דער קאַמף פון דער צענטראַלער רעגירונג מיט די געמיינדעס האָט אָפט אָנגענומען אַ העפטיקן כאַראַקטער, באַזונדערס אין פּאַריז, וואו די פאַרוואַלטונג פון דער קאָמונע האָט געהאַט אַ שטאַרקע השפעה אויפן גאַנג פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן. דעמדאָזיקן ווידערשטאַנד פון די קאָמונאַלע קערפּערשאַפטן קעגן דער נאַציאָנאַלער פאַרטרעטערשאַפט דאַרף מען טאַקע פאַר־דאַנקען, וואָס די רעוואָלוציע איז נישט געבליבן שטיין אינמיטן וועג און וואָס זי האָט פון גרונט אויס צעשטערט דעם אַלטן רעזשים. אָבער מיטן שטייגנדיקן איינפלוס פונעם יאַקאָבינערטום האָט מען בהדרגהדיק גובר געווען יעדן ווידערשטאַנד קעגן דער צענטראַלער מאַכט. דער קאָנווענט האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער אַריינגע־מישט אין אַלע ענינים פון דער לאָקאַלער פאַרוואַלטונג און האָט אַרונטערגעוואָרפן אַלע פאָסירונגען פונעם געזעלשאַפטלעכן פּראָצעס אונטער זיין אויפזיכט. יעדע לאָקאַלע זעלבסטשטענדיקייט איז סיסטעמאַטיש געשטערט אָדער פּלאַנמעסיק פאַר־ווערט געוואָרן. אַלע פּראָווינציעלע און קאָמונאַלע רעכטן זענען פאַרשוואונדן גע־וואָרן אָדער זיי זענען דערפירט געוואָרן צו אַ געוויסער גלייכמעסיקייט. די אַלטע פאַרוואַלטונגען פון די געמיינדעס זענען פאַרביטן געוואָרן דורך דער מלוכהשער פּרעפעקטור, וועלכע האָט פון פּאַריז גופא אָנגעפירט מיט אַלץ און פּאַראַליזירט יעדע לאָקאַלע איניציאַטיוו.

אַזוי אַרום איז פרייד און לייד פון מיליאָנען איבערגעענטפערט געוואָרן צו דער העכערער איינזעעניש פון אַ צענטראַלער קערפּערשאַפט, וועמעס רעפּרעזענ־טאַנטן האָבן זיך געפילט ווי די „מעכאַניקער פון דער מאַשין" — כדי צו רעדן מיט רוסאָס ווערטער — און זיי האָבן דעריבער לגמרי פאַרגעסן, אַז דאָס זענען געווען לעבעדיקע מענטשן, וועלכע האָבן זיי געמוזט דינען ווי עקספּערימענטיר־קרוליקעס, בכדי אויסצופּרוּוון די פּאָליטישע חכמה פונעם „בירגער פון גענף". און היות ווי

דאָס אייגנטלעכע שאַלטן און וואַלטן פון דידאָזיקע אויסדערווײלטע בלײַבט תמיד פֿאַרבאָרגן פֿאַרן פּשוטן באַנעם פֿונעם דורכשניטלעכן בירגער. פֿאַרוואַנדלט זיך טאַקע אַזוי אַרום דידאָזיקע פֿאַרבאָרגענע ווירקזאַמקייט אין אַן אומאויסשעפּבאַרן קוואַל פֿון יעדן מין בלינדער אמונה אין דער אומפֿאַרענדערלעכקייט פֿון אַ פּאָליטישער השגחה, וועלכע ווערט אויף אַזוי פֿיל שטאַרקער, אויף וויפֿל מער עס פֿאַרשווינדט דער צוטרוי פֿון די מענטשן אין זייער אייגענער קראַפֿט. דאָס ריין־מענטשלעכע ווערט פֿאַרבלאַסט אינעם הייליקייטסשײַן פֿון דער פּאָליטישער אינסטיטוציע. פּונקט ווי דער מאַמין זעט נישט אינעם גלח דעם מענטשן, נייערט ער זעט אים פֿאַר זיך באַשטראַלט מיטן אָפּגלאַנץ פֿון דער גאָטהייט, פּונקט אַזוי דערשײַנט אויף דער געזעצגעבער פֿאַרן פּשוטן בירגער אינעם הייליקייטסשײַן פֿון דער ערדישער השגחה, אויף וועלכער ס'איז חל צו אַנטשיידן וועגן אַלעמענס גורל.

דערדאָזיקער גלויבן ווערט אַן אומגליק נישט בלויז פֿאַרן פּשוטן מענטש פֿון פֿאָלק, ער לייגט אויך אַרויף זײַן אומאָפּמעקבאַרן חותם אויפֿן וואָרטזאָגער און באַרופֿענעם פֿרעדיקער פֿונעם כלל־ווילן. דווקא די ראָל, וועלכע איז אויף אים אַרויפֿגעלייגט געוואָרן, איז גורם, אַז ער זאָל וואָס ווייטער אַלץ מער אָפּגעפֿרעמדט ווערן פֿונעם ווירקלעכן לעבן. און היות זײַן גאַנץ טוען און טראַכטעניש איז אָריענטירט אויפֿן גלייכקלאַנג פֿון אַלע געזעלשאַפֿטלעכע ענינים, ווערט פֿאַר אים דאָס טויטע רעדערווערק פֿון דער מאַשין, וועלכעס טוט אַלעס בהסכם מיטן קוועטש אויפֿן קנעפּל, בהדרגההדיק דער סימבאָל פֿון יעדער פֿולקאָמענהייט, הינטער וועלכן עס ווערט לגמרי פֿאַרשווינדן דאָס אייגנטלעכע לעבן מיט זײַנע אומענדלעכע פֿאַרשידנקייטן. מהאי טעמה נעמט ער אויף יעדן זעלבסטשטענדיקן באַוועג, יעדן אימפּולס, וועלכער קומט פֿון פֿאָלק גופֿא, ווי פֿײַנטלעכע אומקאָנטראָלירטע קראַפֿט, וועלכע שטעלט אין סכנה זײַנע קינסטלעך־אָנגעצייכנטע קרייזן. ווײַבאַלד דידאָזיקע אומקאָנטראָלירטע קראַפֿט, וועלכע רײַסט זיך אַרויס פֿונעם קרייז פֿון אַלע שטאַטסמענערישע חשבונות, וויל נישט זײַן פֿאַרשטענדיק אָדער זי בונטעוועט זיך גאָר קעגן דער געהעריקער געפֿאָלגעוודיקייט, צו וועלכער זי איז מחויב לגבי דעם געזעצגעבער, נו, מוז מען זי מיט געוואַלט דערפֿירן צו שטילשווייגעניש, און טאַקע אין נאָמען פֿון יענע „העכערע אינטערעסן", וועלכע שטייען שטענדיק אין קאָן, ווען עס פּאַסירט עפּעס מחוץ דער ספֿערע פֿון די ביוראָקראַטישע דרכים. מ'פֿילט זיך ווי דער באַרופֿענער שומר פֿון יענע אינטערעסן, ווי די לעבעדיקע פֿאַרקערפּערונג פֿון יענעם מעטאַפֿיזישן כלל־ווילן, וועלכער האָט געפּראַוועט זײַנע אויסטערלישע שטיק אין רוסאָס מוח; דערמיט, וואָס מ'זוכט אַנצושטעלן אַלע דערשיינונגען פֿונעם סאָציאַלן לעבן אויפֿן אייגנטאָניקן קלאַנג פֿון דער מאַשין, ווערט מען ביסלעכווייז אַליין פֿאַרוואַנדלט אין אַ מאַשין. דער מענטש ראָבעספּיער האָט זיך אַמאָל באַנוצט מיט דערהויבענע ווערטער קעגן דעם שרעקלעכן אײַנפֿיר פֿון טויטשטראָף; דער דיקטאַטאָר ראָבעספּיער האָט פֿאַרוואַנדלט די גיליאָטינע אין „מזבח פֿון פֿאָטערלאַנד", אינעם רייניקונגסמיטל פֿון דער פּאַטריאָטישער טוגנט.

אינדערעמתן זענען די מענער פונעם קאָנווענט נישט געווען די דערפינדער פון דער פּאָליטישער צענטראַליזאַציע, זיי האָבן נאָר אויף זייער שטייגער געצויגן דעם המשך פון דעם, וואָס די מאָנאַרכיע האָט זיי איבערגעלאָזט בירושה, און דער־פירט ביז צום עקסטרעם די שטרעבונג צו נאַציאָנאַלער איינהייט. דאָס פראַנצויזישע קעניגטום האָט זינט פיליפּ דעם שיינעם נישט דורכגעלאָזט אומאויסגעפּרואווט קיין איין מיטל צו באַזייטיקן אַלע אומבאַקוועמע אָפּאָזיציאָנעלע כוחות, בכדי אַוועקצו־שטעלן די פּאָליטישע איינהייט פון לאַנד אונטער דער פאָן פון דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע. די פאַרטרעטער פון דער קעניגלעכער מאַכט האָבן זיך דערביי נישט אָפּגעשראָקן פאַר קיין שום מיטל, און פאַרראַט, מאָרד, פעלשונג פון דאָקומענטן און ענלעכע פאַרברעכנס זענען געווען גענוג גוט, כל־זמן זיי האָבן צוגעזאָגט הצלחה. די רעגירונגען פון קאַרל דעם פינפטן, קאַרל דעם זיבעטן, לודוויק דעם עלפטן, פראַנץ דעם ערשטן, היינריך דעם צווייטן זענען די וויכטיקסטע מיילשטיינער פון דערדאָזיקער אַנטוויקלונג צו דער אומבאַשרענקטער מאָנאַרכיע, וועלכע האָט, נאָך מאַזאַרינס און רישעליוס צוגרייטונגס־אַרבעטן, זיך צעבליט אין פולסטן גלאַנץ אונטער לודוויק דעם פערצנטן.

דער גלאַנץ פונעם „זונקעניג" האָט אַנגעפילט אַלע לענדער. אַ מחנה פאַר־קויפטע הויפליַיט, בדחנים, קינסטלער, וועלכע האָבן געלעבט פונעם הויפס חסדים, האָבן געהאָט די ספּעציעלע אויפגאַבע צו מאַכן בלישטשען דעם שם פונעם גרויס־קייטמאַניאַקישן דעספּאָט אין אַלערליי קאָלירן. אין יעדן הויף האָט מען געריידט פראַנצויזיש, געזוכט זיך צו האַלטן גייסטרייך אויפן פאַריזער שטייגער און אָפּגע־היט די מנהגים און צערעמאָניעס פון פראַנצויזישן הויף. דער אומבאַדייטנדיקסטער ווינקלדעספּאָט אין אייראָפּע איז צעפּרעסן געוואָרן פונעם איינציקן באַגער צו קאָנען נאָכטאָן ווערסייל כאָטש אין קליינעם פאַרנעם. איז דעריבער נישט קיין חידוש, וואָס דער מושל, וועלכער איז נישט געווען באַהערשט פון קיין שום מינדערווערטיקייטס־קאָמפּלעקס, האָט זיך אַליין באַטראַכט ווי אַ האַלבגאָט און זיך פאַרשיכורט מיט זיין אייגענער גרויסקייט. אָבער דידאָזיקע בלינדע קעלבערנע התפעלות צום קעניגס פּער־זאָן האָט אויך ביסלעכווייז פאַרשיכורט די גאַנצע „נאַציע"; זי האָט זיך אַליין פאַר־געטערט אין דער פּערזאָן פון איר קעניג, ווי גאָבינאָ האָט טרעפלעך אויסגעפירט:

„פראַנקרייך איז אין אירע אייגענע אויגן געוואָרן די זוננאַציע. דער גאַנצער אוניווערז איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּלאַנעט־סיסטעם, אין וועלכן פראַנקרייך, לויט איר מיינונג לפּחות, האָט אומאָפּפרעגבאַר פאַר־נומען דעם ערשטן פּלאַץ. מיט די אַנדערע פעלקער האָט זי נישט געוואָלט האָבן קיין שום אַנדערע מגע ומשע ווי נאָר זיי באַשענקען מיט איר ליכט לויטן אייגענעם קאַפּריז; זי איז מיט זיך אַליין געוואָרן שווה בשווה, אַז אַלע טאָפּטשען זיך אין נעפּל פון דער געדיכטסטער חשכות, בעת פראַנק־רייך איז געווען פראַנקרייך, און היות די אַנדערע טיילן פון דער וועלט זענען פאַר אירע אויגן מיט יעדן טאָג מער פאַרזונקען געוואָרן אין אַ קלאָ־געדיקן מרחק, האָט זי זיך אומבאַמערקטערהייט וואָס ווייטער אַלץ מער

דורכגענומען מיט אמת־כינעזישע אידעען — איר פוסטע גאווה איז פאַר איר געוואָרן אַ גרויסע מויער".*)

די מענער פונעם קאָנווענט האָבן, בכן, איבערגענומען פון דער מאָנאַרכיע נישט בלויז דעם געדאַנק וועגן דער פּאָליטישער צענטראַליזאַציע; אויך דער קולט, וועלכן זיי האָבן געפּראַוועט מיט דער נאַציע, געפינט דאָ זיינע ערשטע התחלות. יעדנפאַלס האָט מען אין לודוויק דעם פערצנטנס תקופה פאַרשטאַנען אונטער נאַציע נאָר די פּריווילעגירטע שטאַנדן: דעם אַדל, דעם קלער און דאָס גוטשטייענדיקע בירגערטום; די ברייטע פויערן־מאַסן און די שטאָטישע אַרבעטער זענען נאָך נישט אַריינגעקומען אין חשבון.

מ׳דערציילט, אַז באַנאַפּאַרט האָט אייניקע טעג פאַרן שטאַטסקלאַפּ געהאַט אַ שמועס מיטן אַבאַט סיעזשעס — דעמאָלט איינער פון די פינף מיטגלידער פונעם דירעקטאָריום — און אַז ער האָט דעם דורכגעטריבענעם טעאָלאָג, וועלכער האָט זיך מזלדיק דורכגעשלאָגן דורך אַלע שטורמען פון דער רעוואָלוציע, צוגעוואָרפן אָט־די ווערטער: „א י ך האָב געמאַכט די גרויסע נאַציע!" אויף דעם האָט אים סיעזשעס שמייכלענדיק געענטפערט: „יאָ, ווייל מיר האָבן פריער געמאַכט די נ אַ צ י ע !" דער קלוגער אַבאַט האָט געהאַט רעכט און האָט זיכער גערעדט מיט מער אויטאָריטעט ווי באַנאַפּאַרט. קודם־כל האָט געמוזט געבוירן ווערן, אָדער — ווי סיעזשעס האָט אַזוי צוטרעפנדיק געזאָגט — „געמאַכט" ווערן די נאַציע, איידער זי האָט געקאָנט ווערן די „גרויסע".

דווקא סיעזשעס איז עס געווען דער, וועלכער האָט ביים אָנהייב פון דער רעוואָלוציע געגעבן דעם באַגריף „נאַציע" זיין מאָדערנעם תוכן. אין זיין באַרימטן מאמר „וואָס איז דער דריטער שטאַנד?" האָט ער אַוועקגעשטעלט דריי פראַגן פון אַנטשיידנדיקן באַדייט: וואָס איז דער דריטער שטאַנד? — אַלעס. — וואָס איז ער געווען אין דער פּאָליטישער אָרדענונג פון די ענינים ביז איצט? — גאָרנישט. — וואָס וויל ער ווערן? — עפּעס. אָבער בכדי דער דריטער שטאַנד זאָל קאָנען ווערן עפּעס, האָבן פריער אין פראַנקרייך געמוזט געשאַפן ווערן גאַנץ נייע פּאָליטישע באַדינגונגען. דאָס בירגערטום האָט זיך געקאָנט דורכשלאָגן נאָר בתנאי, ווען די אַזוי־גערופענע פאַרטרעטונג פון די שטאַנדן זאָל פאַרביטן ווערן דורך אַ נאַציאָנאַלפאַרזאַמלונג, וועלכע זאָל האָבן איר יסוד אין דער קאָנסטיטוציע. דעריבער איז די פּאָליטישע איינהייט פון דער נאַציע געווען די ערשטע פאָדערונג פון דער אויפקומענדיקער רעוואָלוציע קעגן דער צעשפּליטערונג פון די שטאַנדן. דער דריטער שטאַנד האָט זיך שוין געפילט מוכן ומזומן און לאַקלאָ האָט דערקלערט אין די „דעליבעראַציאָנס", אויף וועלכן דער הערצאָג פון אָרלעאַנס האָט בלויז אַרויפגעשטעלט זיין נאָמען: „דער דריטער שטאַנד, — דאָס א י ז די נאַציע!".

סיעזשעס האָט אין זיין מאמר באַצייכנט די נאַציע ווי אַ „געמיינשאַפט פון

---

*) פון אַן איבערגעלאָזענעם, נישט פאַרענדיקטן מאַנוסקריפּט. דייטשע איבערזעצונג פון רודאָלף שלעססער: „פראַנקרייכס שיקזאַל אין יאָר 1870", זייט 34, דעקלאַם־פאַרלאַג.

פאַראייניקטע יחידים", "וועלכע געפינען זיך אונטער אַ בשותפותדיקן געזעץ און ווערן פאַרטראָטן דורך דערזעלביקער געזעצגעבערישער קערפּערשאַפט". אָבער באַאיינפלוסט פון רוסאָס גייסט, האָט ער אויסגעבערייטערט דעם זין פון דערדאָזיקער רייך־טעכנישער דערקלערונג און די נאַציע געמאַכט פאַרן אורשפּרינגלעכן יסוד פון אַלע פּאָליטישע און סאָציאַלע אינסטיטוציעס. אַזוי אַרום איז די נאַציע ביי אים געוואָרן די אייגנטלעכע טרעגערן פונעם כלל־ווילן אין רוסאָס זין. "איר ווילן האָט תמיד די קראַפט פון געזעץ, מחמת זי אַליין איז די פאַרקערפּערונג פונעם געזעץ".

פון דאָזיקן באַנעם זענען שוין פון זיך אַליין אַרויסגעקומען אַלע ווייטערדיקע מסקנות. וויבאַלד די נאַציע איז געוואָרן די טרעגערן פונעם כלל־ווילן, האָט זי שוין לויט איר מהות געמוזט זיין איינהייטלעך און אומצעטיילבאַר. אין דעם פאַל אָבער האָט שוין אויך די נאַציאָנאַלע פאַרטרעטונג געמוזט זיין איינהייטלעך און אומצעטיילבאַר, מחמת נאָר זי אַליין האָט געהאַט די הייליקע אויפגאַבע צו אינטערפּרעטירן דעם ווילן פון דער נאַציע און אים מאַכן פאַרשטענדלעך פאַר די בירגער. לגבי דער נאַציע ווערן בטל אַלע באַזונדערע שטרעבונגען פון די שטאַנדן; קיין שום זאַך קאָן נישט האָבן קיין קיום נעבן איר, אַפילו נישט די באַזונדערע אָרגאַניזאַציע פון דער קירך. אַזוי האָט מיראַבאָ דערקלערט בלויז אייניקע טעג נאָך דער דענקווירדיקער נאַכט פון 4־טן אויגוסט אין דער נאַציאָנאַלפאַרזאַמלונג:

"קיין שום נאַציאָנאַל געזעץ האָט נישט איינגעפירט דעם קלער ווי אַ באַשטענדיקן קערפּער אין דער מלוכה. קיין שום געזעץ האָט נישט באַרויבט די נאַציע פונעם רעכט צו אונטערזוכן, אויב ס'איז צוועקמעסיק, אַז די דינער פון דער רעליגיע זאָלן צונויפשטעלן אַ פּאָליטישע קערפּערשאַפט, וועלכע עקזיסטירט פאַר זיך אַליין, און איז אימשטאַנד צו דערווערבן און באַזיצן. צי וואָלטן פּשוטע בירגער אים אויך געגעבן דאָס רעכט צו שאַפן אַ מלוכה אין אַ מלוכה דערמיט, וואָס זיי זאָלן אַוועקגעבן דעם קלער זייער פאַרמעגן און ער וואָלט עס צוגענומען? צי וואָלטן זיי געקאָנט באַרויבן די נאַציע פונעם רעכט אים אויפצולייזן? אַלע מיטגלידער פון דער גייסטלעכקייט זענען נאָר באַאַמטע פונעם שטאַט; דער דינסט פונעם קלער איז אַן עפנטלעכע פונקציע: אַזוי ווי דער באַאַמטער און דער זעלנער, אַזוי שטייט אויך דער גלח אין דינסט פון דער נאַציע".

נישט אומזיסט איז דעם קעניגס ברודער, דער גראַף ד'אַרטואַ, צוזאַמען מיט די איבעריקע קעניגלעכע פּרינצן, אַרויסגעטראָטן אין אַ "מעמואַר פּרעזאַנט אַ רואַ" א. אַ. וו. קעגן דער נייער ראָל, וואָס מ'האָט צוגעשריבן דער נאַציע, און געוואָרנט דעם קעניג, אַז זיין הסכמה צו אַזעלכע אידעען מוז אומפאַרמיידלעך פירן צום אונטערגאַנג פון דער מאָנאַרכיע, פון דער קירך און פון אַלע פּריווילעגיעס. פּאַקטיש זענען די באַשיינפּערלעכע מסקנות פון דעמדאָזיקן נייעם באַנעם געווען צו דייטלעך, אַז מ'זאָל זיי געווען קאָנען פאַרשטיין פאַלש. וויבאַלד די נאַציע, ווי די פאַרטרעטערן פונעם כלל־ווילן, איז געשטאַנען איבער אַלץ און אַלעמען, איז דאָך דער קעניג געווען נישט מער ווי דער העכסטער באַאַמטער פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט. אויב אַזוי איז שוין אויך איין פאַר אַלע מאָל געווען אַריבער די צייט, ווען אַן "אַלקריסטלעכער קעניג" האָט זיך געקאָנט פאַרגינען צו זאָגן מיט לואי דעם

פּערצנטנס מויל: „די נאַציע שטעלט מיט זיך אין פראַנקרייך נישט פאַר קיין קער־פּערשאַפט; זי עקזיסטירט אויסשליסלעך אין דער פּערזאָן פונעם קעניג".

דער הויף האָט טאַקע זייער גוט איינגעזען די סכנה, פון וועלכער ער איז געווען באַדראָט, און געפּרואווט מאַכן אייניקע דראָענדיקע זשעסטן. אָבער ס'איז שוין גע־ווען צו שפּעט. דעם 16־טן יוני 1789 האָבן זיך די פאַרטרעטער פון דריטן שטאַנד, צו וועלכע עס האָבן זיך אויך אָנגעשלאָסן די גייסטלעכע פון נידעריקן ראַנג, פּראָ־קלאַמירט ווי אַ נאַציאָנאַלפאַרזאַמלונג, אויפן פאַרשלאַג פונעם אַבאַט סיעזשעס, מיט דער מאָטיווירונג, אַז ס'ווי פאַרטרעטן זיי דאָך 96 פּראָצענט פון דער נאַציע און אַז די איבעריקע 4 פּראָצענט קאָן זיך צו יעדער צייט אָנשליסן צו זיי. די באַ־צווינגונג פון דער באַסטיליע און דער מאַרש קיין ווערסייל האָבן דערדאָזיקער דער־קלערונג באַלד נאָכדעם געגעבן דעם געהעריקן רעוואָלוציאָנערן דרוק. דערמיט איז געוואָרפן געוואָרן דער גורל. אַן אַלטער גלויבן איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה, בכדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר אַ נייעם; די „סואווערעניטעט פונעם קעניג" האָט געמוזט אָראָפּציען די פאָן פאַר דער „סואווערעניטעט פון דער נאַציע". דערמיט איז גע־טויפט געוואָרן די מאָדערנע נאַציע און זי איז געזאַלבט געוואָרן מיט דעמאָקראַטישן שמן־זית, מחמת נאָר אַזוי אַרום האָט זי געקאָנט דערגרייכן יענע באַדייטונג, וועלכע איז פאַר איר געווען רעזערווירט פון דער ניי־צייטיקער געשיכטע פון אייראָפּע.

ס'איז אמת, אַז די לאַגע איז נאָך אויך איצט נישט געווען פולשטענדיק אויפ־געקלערט, מחמת אין דער נאַציאָנאַלפאַרזאַמלונג איז געווען אַן איינפלוסרייכע ריכ־טונג, וועלכע האָט אין מיראַבאָן געזען איר שעף און צוזאַמען מיט אים זיך אַרויס־געשטעלט פאַר אַן אַזויגערופן „פּאַלקסקעניגטום", און אַזוי אַרום זיך באַמיט צו ראַ־טעווען פון דער קעניגלעכער סואווערעניטעט אַזוי פיל וויפיל ס'איז ביי די געגעבענע אומשטענדן געווען מעגלעך. דאָס איז באַזונדערס געקומען צום אויסדרוק ביי די באַ־ראַטונגען וועגן דער פאָרמולירונג פון די „מענטשן־ און בירגער־רעכטן", וואו מאָנ־טעסקיוס און רוסאָס תלמידים זענען אָפט געשטאַנען אין שאַרפער אָפּאָזיציע צווישן זיך. וויבאַלד די ערשטע האָבן געהאַט צו פאַרצייכענען אַ דערפאָלג דערמיט, וואָס די מערהייט פון דער פאַרזאַמלונג האָט זיך אַרויסגעזאָגט לטובת דעם פאַרטרעטונגס־סיסטעם און דער פונאַנדערטיילונג פון דער מאַכט, האָבן רוסאָס אָנהענגער געהאַט די סאַטיספאַקציע, אַז דער דריטער אַרטיקל פון דער דערקלערונג האָט געלאָזט ווייסן:

> „דער פּרינציפּ פון יעדער סואווערעניטעט ליגט לויט זיין מהות אין דער נאַציע. קיין שום קערפּערשאַפט און קיין שום יחיד קאָן נישט דורכ־פירן קיין אויטאָריטערע פונקציע, וועלכע קומט נישט אויסדריקלעך פון איר".

לכל הדעות האָבן די ברייטע מאַסן פון פאָלק געהאַט ווייניק פאַרשטענדעניש פאַרן טיפערן זין פון דידאָזיקע חלוקי־דעות אין דער נאַציאָנאַלפאַרזאַמלונג, פּונקט ווי ס'זענען זיי ביז איצט תמיד געווען גלייכגילטיק די פּרטים פון פּאָליטישע טעאָ־ריעס און פּראָגראַמען. אַזוי האָבן טאַקע אויך אין דעם פאַל די געשעענישן גופא, און

באַזונדערס די מיט יעדן טאָג בולטער ווערנדיקע געמיינהייטן פונעם הויף, פיל מער צוגעהאָלפן צו דער ענדגילטיקער לייזונג פון דער פראַגע ווי דער טרוקענער דאָקטרי־נאַריזם פון רוסאָס אַנהענגער וואָלט דאָס ווען עס איז געווען אימשטאַנד צו טאָן. פונדעסטוועגן איז דאָס שלאָגוואָרט מכוח דער „סאָוועראַניטעט פון דער נאַציע״ געווען קורץ און איינדרינגלעך; באַזונדערס אָבער האָט עס אַרויסגעשטעלט אין פאָ־דערגרונט פון אַלע באַטראַכטונגען דעם היפוך צווישן דער נייער אָרדענונג פון די זאַכן און דעם אַלטן רעזשים, וואָס דאָס איז אין רעוואָלוציאָנערע צייטן פון גרויסן באַדייט.

ווען די אינערלעכע לאַגע האָט זיך נאָכן קעניגס דורכגעפאַלענעם אַנטלויפן אַלץ מער פאַרשאַרפט, נישט געקוקט אויף אַלע כוונות פון די אומאַנטשלאָסענע צו פאַרמיטלען, ביז דער שטורעם אויף די טוליערן האָט געמאַכט אַ סוף צו אַלע האַלב־קייטן און קווענקלעענישן און די פאַלקספאַרזאַמלונג איז צוגעטראָטן צו די באַראַ־טונגען מכוח דער אָפּשאַפונג פונעם קעניגטום, איז עס געווען מאַנועל, וועלכער האָט דאָס גאַנצע פראָבלעם צוזאַמענגענומען אין איין זאַץ: „ס׳איז נישט גענוג זיך צו האָבן אַרויסגעזאָגט פאַר דער הערשאַפט פון איינציקן און אמתן סאָוועראַן, דער נאַציע; מ׳מוז זי אויך באַפרייען פון איר קאָנקורענט, דעם פאַלשן סאָוועראַן, דעם קעניג״, און דער אַבאַט גרעגואַר האָט אים אונטערגעשטיצט דערמיט, וואָס ער האָט באַצייכנט די דינאַסטיעס ווי „גענעראַציעס, וועלכע לעבן פון מענטשנפלייש״ און ער האָט דערקלערט:

> „מ׳מוז ענדלעך די פריינט פון דער פרייהייט געבן אַ פולשטענדיקע זי־כערקייט. מ׳מוז צעשטערן דידאָזיקע קמיע, וועמעס מאַגישע קראַפט וואָלט נאָך אַלץ געקאָנט פאַרנעפּלען דעם גייסט פון פיל מענטשן. איך פאַרלאַנג אָפּצושאַפן דאָס קעניגטום דורך אַ פייערלעך געזעץ״.

דער גרימצאָרנדיקער אַבאַט איז נישט געווען אומגערעכט; ווי אַ טעאָלאָג האָט ער געוואוסט וואָס פאַר אַן ענגע שייכות רעליגיע און פאָליטיק האָבן צווישן זיך. אוודאי האָט מען געמוזט צעברעכן די אַלטע קמיע, בכדי זי זאָל אויף ווייטער נישט קענען שטעלן פאַר אַ נסיון די פשוטע בשר־ודמס. אָבער דאָס האָט געקאָנט געשען נאָר בתנאי, ווען מ׳האָט איר מאַגישן איינפלוס אַריבערגעטראָגן אויף אַן אַנדערן אָפּגאָט, וועלכער זאָל זיין מער בהסכם מיט דער באַדערפעניש ביי די מענטשן אין עפּעס צו גלייבן און וועלכער זאָל זיך אין זיינע פּראַקטישע ווירקונגען אַרויסווייזן שטאַרקער ווי די אָפּשטאַרבנדיקע גאָטסגנעדיקייט פון די קעניגן.

אינעם קאַמף קעגן דעם אַבסאָלוטיזם איז די לערע וועגן דעם כלל־ווילן, וועל־כע האָט געפונען איר אויסדרוק אינעם גלויבן אין דער „סאָוועראַניטעט פון דער נאַציע״, געווען אַ געווער פון גרויסן רעוואָלוציאָנערן פאַרנעם; טאַקע דערפאַר פאַר־געסט מען אַזוי אָפט, שוין צו אָפט, אַז די גרויסע רעוואָלוציע איז געווען דער אַריינ־פיר אין אַ נייער תקופה פון רעליגיעז־פאָליטישער אָפּהענגיקייט, וועמעס גייסטיקע וואָרצלען זענען נאָך אַלץ נישט אויסגעטריקנט. היות זי האָט די אַבסטראַקטע פאַר־

שטעלונג װעגן „פּאָטערלאַנד״ און „נאַציע״ אַרומגערינגלט מיט אַ מיסטישן אײַנגלױ־
בעניש, האָט זי געשאַפֿן אַ נײַע אמונה, װעלכע האָט װידער געקענט באַװײַזן מופתים.
דער אַלטער רעזשים איז שױן נישט געװען אימשטאַנד פאַר קײן ניסים ונפלאות,
מחמת דער רוח אלוהים, װעלכער האָט אים אַמאָל אַרומגערינגלט, האָט זיך פון אים
אָפּגעטאָן, האָט ער פאַרלױרן זײַן צוציאונגסקראַפט און האָט שױן מער נישט געקאָנט
אָנצינדן די הערצער מיט קײן רעליגיעזער התלהבות.

אָבער די פּאָליטיש־אָרגאַניזירטע נאַציע איז געװען אַ נײַער גאָט, װעמעס
כּישופדיקע כּוחות זענען נאָך נישט געװען אױסגענוצט, מחמת איבער זײַן טעמפּל
זענען געהאָנגען די בטחונפולע װערטער „פרײַהײט, גלײַכהײט, ברידערלעכקײט״,
װעלכע האָבן בײַ די מענטשן אױפגעװעקט דעם גלױבן אין אַ קומענדיקער מלוכה,
װעלכע דאַרף זײ ברענגען די ישועה. פאַר אָט דער נײַער גאָטהײט האָט פראַנקרײַך
געפירט צו דער עקידה אירע בעסטע זין, אירע עקאָנאָמישע אינטערעסן, איר אַלעס.
די נײַע אמונה האָט צעברױזט די נשמות פון אירע בירגער און זײ אָנגעפילט מיט
אַזאַ געװאַלדיקער באַגײַסטערונג, װעלכע האָט באַװיזן גרעסערע װאונדער װי די
בעסטע סטראַטעגיע פון אירע אַרמײ־פירער.

דער רעליגיעזער כאַראַקטער פון דערדאָזיקער מעכטיקער באַװעגונג, אונטער
װעמעס שטורעם־אָנגריף די אַלטע אײראָפּע האָט צוזאַמענגעבראָכן, האָט זיך אַרױס־
געשטעלט אין זײַן גאַנצער קראַפט ערשט דעמאָלט, װען דאָס קעניגטום איז אײַנגאַנצן
באַזײַטיקט געװאָרן און די „סואװערעניטעט פון דער נאַציע״ האָט שױן מער נישט
געהאַט קײן קאָנקורענטן, װעלכער האָט זיך געקאָנט פאַררופן אױף אַלטע טראַדי־
ציעס. דער פראַנצױזישער געשיכטע־שרײַבער מאַטיע האָט אױף אַן איבערצײַגנדיקן
אופן פאָרגעשטעלט אַלע פרטים פון דעםדאָזיקן נײַעם קולט און אָנגעװיזן װי ענג ער
האָט זיך אין אַ סך פון זײַנע מאַניפעסטירונגען אָנגעשפאַרט אינעם ריטואַל פונעם
קאַטאָליציזם*).

„דער פראַנצױז האָט נישט קײן אַנדער גאָטהײט װי די נאַציע, דאָס פאָטער־
לאַנד!״ זאָגט זיך אין אַ װענדונג פון יאַקאָבינער־קלוב צו דער מוטער־געזעלשאַפט אין
פאַריז. אָבער דאָס פאָטערלאַנד איז געװען דער „נײַער קעניג מיט די 749 קעפּ״,
װי פרודאָן האָט געזאָגט, דער נײַער שטאַט, פאַר װעמען די נאַציע האָט געדינט װי
אַן אָנגעפילעכץ. פאַרן יאַקאָבעניזם איז דער שטאַט געװאָרן די נאַציאָנאַלע השגחה;
פון דאַנען האָט זיך גענומען זײַן פאַנאַטיש אײַנשטעלן זיך פאַר אַן „אײנציקער
און אומצעטײלבאַרער רעפּובליק״, מחמת ס׳איז נישט געװען דערלאָזבאַר, אַז אַנ־
דערע זאָלן זיך אַרײַנמישן אין די עסקים פון דער נײַער השגחה.

„מ׳זאָגט, אַז ס׳זענען צװישן אונדז פאַראַן פערזאָנען, װעלכע װאָלטן אױסן
געװען צו צעפיצלען פראַנקרײַך, — האָט דערקלערט דאַנטאָן פון דער טריבונע
פון קאָנװענט אין סעפּטעמבער 1793, — מאַכן מיר פאַרשװינדן דידאָזיקע
אױסטערלישע אידעען דערמיט, װאָס מיר גיבן אַרױס אַ טױטשטראָף קעגן

*) A. Mathies, Les Origines des Cultes Révolutionaires, Paris 1904.

זייערע גורמים. פראַנקרייך מוז זיין אַן אומצעטיילבאַרע גאַנצקייט. ס'מוז זיין איינהייט פון דער פאַרטרעטונג. די בירגער פון מאַרסייל ווילן דערלאַנגען די האַנט די בירגער פון דונקערק. איך פאַרלאַנג דעריבער טויטשטראָף קעגן יעדן, וועלכער זאָל וועלן צעשטערן פראַנקרייכס איינהייט און איך לייג פאָר, אַז דער קאָנווענט זאָל אַוועקלייגן ווי אַ יסוד פון דער רעגירונג די איינהייט פון דער פאַרטרעטערשאַפט און פון דער פאַרוואַלטונג".

געזעצגעבונג, אַרמיי, פאָלקס־דערציאונג, פרעסע, קלובן, פאַרזאַמלונגען, — אַלעס דאַרף דינען פאַרן צוועק צו פאַרפולקאָמען די גייסטיקע דרעסירונג פון די בירגער און יעדן מוח צוצופאַסן צו דער נייער פּאָליטישער רעליגיע. קיין איין ריכטונג איז דערביי נישט געווען קיין אויסנאַם, אַפילו נישט די זשיראָנדיסטן, וועלבע מ'האָט אָן יעדן מאָטיוו פאַרשריגן ווי פעדעראַליסטן, מחמת זייערע קעגנער האָבן געוואוסט, אַז אַזאַ באַשולדיקונג וועט אַמשטאַרקסטן אויפברויזן די פאַטריאָטן קעגן זיי. די זשיראָנדיסטן האָבן צוגעטראָגן נישט קיין קלענערן חלק פאַר דער פאַרגעטערונג פון דער נאַציע ווי די מענער פון באַרג; האָט זיך דאָך איינער פון זייערע באַקאַנטסטע פירער, איזנאַרד, פאַרגאַלאָפּירט צום אויסדרוק: „די פראַנצויזן זענען געוואָרן דאָס אויסדערוויילטע פאָלק פון דער וועלט; לאָמיר, בכן, זען, אַז זייער האַלטונג זאָל רעכטפאַרטיקן דידאָזיקע נייע באַשטימונג זייערע!". דער נישט־גוטער פון דער „גראַנד נאַסיאָן" האָט זיך שוין געהאַט אַריינגעכאַפּט אין די „עפ פון זייערע פאַרטרעטער אין אָנבליק פון נאַפּאָלעאָנס זיגן.

אַ נייע כהונה איז אויפגעטראָטן — די מאָדערנע פאָלקספאַרטרעטונג, וועלכער ס'איז צוגעפאַלן די אויפגאַבע איבערצוגעבן דעם פאָלק דעם „ווילן פון דער נאַציע", פונקט ווי דער גלח האָט אים פריער איבערגעגעבן „גאָטס ווילן". אַוודאי האָט די רעוואָלוציע אויסגעקערט מיט אַן אייזערנעם בעזעם אַ געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, וועלכע איז געווען אינגאַנצן צעפוילט, און געעפנט פאַר אייראָפּעס פעלקער אַ געוויסן ליכטיקן אויסבליק אין דער צוקונפט אַריין; אָבער אויפן פּאָליטישן געביט זענען אירע רעזולטאַטן געווען פון דורכויס רעאַקציאָנערן כאַראַקטער, נישט געקוקט אויף דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער פראַזעאָלאָגיע; זי האָט פונדאָסניי געשטאַרקט דעם רעיון מכוח מאַכט, אַריינגעבלאָזן ניי לעבן אין דער געפאַלענער אויטאָריטעט און דעם פרייהייטסווילן פון די מענטשן צוגעקאָוועט צו אַ נייער רעליגיעזער דאָגמע, ביי וועלכער ער האָט זיך געמוזט צעשמעטערן די יונגע פליגל זיינע.

דער אַבסאָלוטיזם פון קעניג איז געווען געפאַלן, אָבער נאָר כדי אָפּצורוימען דאָס פּלאַץ פאַר אַ נייעם אַבסאָלוטיזם, וועלכער האָט זיך אַרויסגעוויזן נאָך אומברחמנותדיקער ווי דער גאָטס־גענאָד־פּרינציפּ פון דער מאָנאַרכיע. דער אַבסאָלוטער פּרינציפּ פון דער מאָנאַרכיע איז געלעגן מחוץ דער טעטיקייטס־ספערע פון די אונטערטאַנען און זיך געשטיצט רק אויף „גאָטס חסד", וועמעס ווילן ער האָט מכלומרשט געזאָלט ברענגען צום אויסדרוק. דער אַבסאָלוטער פּרינציפּ פון דער נאַציע האָט אָבער געמאַכט אַלעמען, אַפילו דעם מינדסטן פון די שטערבלעכע,

פאַר אַ מיט־שותף פונעם כלל־ווילן, ווען אַפילו ס׳איז אים געבליבן פאַרווערט אים אויסצוטייטשן אין זיין אייגענעם זין. באַהערשט פון אַט־די געדאַנקען, האָט יעדער בירגער כסדר איינגעשמידט זיין אייגענעם רינג אין דער קייט פון דער אָפּהענגי־קייט, וועלכן ס׳האָט פריער אַן אַנדערער געשמידט פאַר אים. די סואווערעניטעט פון דער נאַציע האָט אַלעמען געפירט אויף דיזעלביקע דרכים, פאַרשלונגען יעדע אייגענע אָפּשאַצונג און פאַרביטן די פערזענלעכע פרייהייט מיט דער גלייכהייט פאַרן געזעץ.

נישט אומזיסט זענען אין קאָנווענט אָוועקגעשטעלט געוואָרן די לוחות פון משהס עשרת הדברות ווי אַ סימבאָל פון נאַציאָנאַלן ווילן; נישט אומזיסט האָט פון די ווענט פון זיין זיצונגס־זאַל געסטראַשעט דאָס בינטל ריטלעך מיט דער האַק פון די ליקטאָרן ווי דער אָפּצייכן פון דער איינציקער און אומצעטיילבאַרער רעפּובליק. אַזוי אַרום איז דער מענטש אויפגעבראַכט געוואָרן ווי אַ קרבן צום בירגער, דער אייגענער ישוב־הדעת צום מכלומרשטן ווילן פון דער נאַציע. דערמיט, וואָס די פירנדיקע מענער פון דער רעוואָלוציע האָבן זיך מכוון געווען, בהסכם מיט רוסאָס גייסט, אונטערצוגראָבן דעם באָדן פון אַלערליי נאַטירלעכע פאַראייניקונגען, וועלכע זענען אַרויסגעקומען פון די מענטשנס אייגענע החלטות און באַדערפענישן, האָבן זיי חרוב געמאַכט די וואָרצלען פון יעדער אמתער געמיינשאַפט, פאַרוואַנדלט פאָלק אין מאַסע און אָנגעהויבן איינפירן יענעם טויטלעכן פּראָצעס פון סאָציאַלער אַנטוואָרצלונג, וועלכער איז שפּעטער נאָך אונטערגעיאָגט געוואָרן און דערפירט געוואָרן צום עקסטרעם דורך דער שטייגנדיקער אויסגעשטאַלטיקונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקאָנאָמיע.

פונקט ווי „גאָטס ווילן" איז תמיד געווען דער ווילן פונעם גלח, וועלכער האָט אים איבערגעבראַכט און אויסגעטייטשט פאַר די מענטשן, פונקט אַזוי האָט אויך דער „ווילן פון דער נאַציע" געקאָנט זיין נאָר דער ווילן פון יענע, וועלכע האָבן פונקט געהאַלטן די לייצעס פון דער מאַכט אין זייערע הענט און זיי זענען דעריבער געווען אימשטאַנד אויסצוטייטשן דעם כלל־ווילן אין זייער זין. אַט־די דערשיינונג מוז נישט לאוו דווקא צוריקגעפירט ווערן צו אינערלעכער צביעות; גיכער קאָן מען אויך אין דעם פאַל רעדן וועגן „באַשווינדלטע שווינדלער"; מחמת וואָס טיפער די פּראָקלאַמירער פונעם נאַציאָנאַלן ווילן זענען איבערצייגט אין דער הייליקייט פון זייער מיסיע, אַלץ אומגליקלעכער זענען די רעזולטאַטן, וועלכע קומען אַרויס פון זייער אינערלעכער ערלעכקייט. עס ליגט אַ טיפער זין אין סאָרעלס באַמערקונג: „ראָבעספּיער האָט גענומען ערנסט זיין ראָל, אָבער זיין ראָל איז געווען געקינצלט".

אין נאָמען פון דער נאַציע האָט דער קאָנווענט מחרים געווען די זשיראָנדיסטן און געשיקט זייערע וואָרטזאָגער אויפן עשאַפאָט; אין נאָמען פון דער נאַציע האָט ראָבעספּיער מיט דאַנטאָנס הילף באַזייטיקט די הערבערטיסטן און די אַזויגערופענע „ענראַזשעס" (גרימצאָרנדיקע); אין נאָמען פון דער נאַציע האָבן ראָבעס־

פיער און סען זשוסט געלאָזט די דאַנטאָניסטן „ניסן אין זאַק"; אין נאָמען פון דער נאַציע האָבן די מענטשן פון טערמידאָר צורעכטגעמאַכט ראָבעספּיערן און זיין מחנה; אין נאָמען פון דער נאַציע איז באָנאַפּאַרט געוואָרן קייזער פון די פראַנצויזן.

אויב ווערניאָ האָט זיך אויסגעדריקט וועגן דער רעוואָלוציע, אַז זי „איז געגליכן צום סאַטורן, וועלכער האָט פאַרשלונגען זיינע אייגענע קינדער", האָט מען דעמדאָזיקן זאָג מיט פיל מער רעכט געקאָנט אָנווענדן אויף יענעם מיסטישן פּרינציפּ וועגן דער סואווערעניטעט פון דער נאַציע, צו וועמען זיינע פּריסטער האָבן כסדר אויפגעבראַכט נייע קרבנות. פאַקטיש איז די נאַציע געוואָרן דער מאָלאָך, וועלכער האָט קיינמאָל נישט געקאָנט אָנגעזעטיקט ווערן. פונקט ווי ביי אַלע געטער, אַזוי האָט אויך דאָ די רעליגיעזע פאַרערונג דערפירט צו דיזעלביקע רעזולטאַטן: די נאַציע — אַלץ, דער מענטש — גאָרנישט!

אַלעס, וואָס איז געווען נוגע דער נאַציע, האָט באַקומען אַ הייליקן כאַראַקטער. אין די קלענסטע ערטער זענען אויפגעשטעלט געוואָרן מזבחות לכבוד דעם פאָטערלאַנד און ס'זענען אויפגעבראַכט געוואָרן קרבנות. די פייערטעג פון די פאַטריאָטן האָבן באַקומען דעם כאַראַקטער פון רעליגיעזע יום־טובים. ס'זענען געווען הימנען, תפילות, געהייליקטע אָפּצייכנס, פייערלעכע פּראָצעסיעס, פאַטריאָטישע רעליקוויעס, ערטער, וואוהין עולה רגל צו זיין, וועלכע האָבן פּראָקלאַמירט דעם שם פונעם פאָטערלאַנד. מ'האָט כסדר גערעדט וועגן דעם „כבוד פון דער נאַציע", ווי מ'פלעגט פריער רעדן וועגן דעם „כבוד פון גאָט". איינער אַ דעפּוטאַט האָט פייערלעך אָנגערופן די „דעקלאַראַציע פון מענטשנרעכט" דער „קאַטעכיזם פון דער נאַציע"; רוסאָס „סאָציאַלער קאָנטראַקט" איז געוואָרן די „ביבל פון דער פרייהייט"; באַגייסטערטע מאַמונים האָבן פאַרגליכן דעם באַרג פון קאָנווענט מיטן באַרג סיני, וואו משה האָט באַקומען די הייליקע לוחות מיט די עשרת הדברות. די מאַרסעליעזע איז געוואָרן דער טעדעאום פון דער נייער רעליגיע. אַ שיכרות פון אמונה האָט אַרומגעכאַפּט דאָס לאַנד; יעדער קריטישער ישוב־הדעת איז אונטערגעגאַנגען אין דער פאַרפלייצונג פון געפילן.

דעם 5־טן נאָוועמבער 1793 האָט גערעדט מאַרי דזשאָזעף שעניע, דער ברודער פונעם אומגליקלעכן דיכטער אַנרי שעניע, צום פאַרזאַמלטן קאָנווענט:

> „אויב איר האָט זיך באַפרייט פון אַלע פּאַראורטיילן, בכדי זיך אַרויסצווייזן ווירדיק לגבי דער פראַנצויזישער נאַציע, וועמעס פאָרטרעטער איר זענט, ווייסט איר ווי אויף די חורבות פונעם אַראָפּגעוואָרפענעם אָבערגלויבן קאָן געגרינדעט ווערן די איינציקע נאַטור־רעליגיע, וועלכע ווייסט נישט פון קיין סעקטן און האָט ניט קיין מיסטעריעס. די איינציקע דאָגמע איז די גלייכהייט. אירע פּרעדיקער זענען אונדזערע געזעצגעבער, אירע גלחים — די אויספירנדיקע אָרגאַנען פונעם שטאַט. אינעם שוים פון דערדאָזיקער רעליגיע וועט די מענטשן־פאַמיליע דעמפן איר קטורת בלויז אויפן מזבח פון פאָטערלאַנד, אונדזער אַלעמענס מוטער און גאָטהייט".

אין דער דושנער אַטמאָספער פון דערדאָזיקער נייער אמונה איז געבוירן געוואָרן דער מאָדערנער נאַציאָנאַליזם, דעמאָלט די רעליגיע פון דער דעמאָקראַטישער מלוכה. און וואָס העכער ס'איז אַרויפגעשטיגן די פאַרערונג פון דער אייגענער נאַציע, אַלץ גרעסער איז געוואָרן דער תהום, וועלכער האָט זי אָפּגעטיילט פון די אַנדערע נאַציעס, אַלץ גרינגשעצנדיקער האָט מען געקוקט אויף אַלע, וועלכע האָבן נישט געהאַט דאָס מזל צו געהערן צו די „אויסדערוויילטע". פון דער נאַציע ביז צו דער „גרויסער נאַציע" איז נאָר איין שפּאַן, נישט נאָר אין פראַנקרייך.

די נייע רעליגיע האָט נישט נאָר געהאַט איר אייגענעם ריטואַל, אירע אומבאַריבאַרע דאָגמעס, איר הייליקע שליחות, זי האָט אויך געהאַט איר פּהדימדיקע אָרטאָדאָקסיע, וועלכע איז אייגנטימלעך יעדן דאָגמאַטיזם און וועלכע לאָזט נישט אויפקומען קיין שום אַנדערע מיינונג נעבן דער אײנציקער, מחמת דער ווילן פון דער נאַציע איז גאָטס אַנטפּלעקונג, וועלכע לאָזט נישט צו קיין שום ספיקות. ווער אָבער עס צווייפלט פונדעסטוועגן יאָ און האַלט זיך ביי חקירות, וועלכע זענען אין סתירה צום אויסטייטש פונעם נאַציאָנאַלן ווילן, יענער איז אַ ווידערשפּעניקער און ער מוז אַרויסגעשטויסן ווערן פון דער עדה פון די מאַמינים.

„מ'דאַרף נישט האָפן, אַז ס'וועט ווערן בעסער — זאָגט סען זשוסט מיט פינצטערער אַנטשלאָסנקייט פאַרן קאָנווענט — כל־זמן עס אָטעמט נאָך איין שונא פון דער פרייהייט. נישט נאָר די פאַררעטער מוזט איר ציכטיקן, נייערט אויך די לעפּלעכע און גלייכגילטיקע, יעדן איינעם, וועלכער נעמט נישט קיין אַנטייל אין דער רעפּובליק און רירט נישט מיט קיין פינגער פאַר איר. נאָכדעם ווי דאָס פראַנצויזישע פאָלק האָט געלאָזט וויסן זיין ווילן, שטייט אַלעס, וואָס איז להיפּוך צום דאָזיקן ווילן, מחוץ דער סואווערעניטעט פון דער נאַציע; און ווער ס'שטייט מחוץ דעם סואווערען, איז זיין שונא".

און דער יונגער פאַנאַטיקער, וועלכער האָט געהאַט אַזאַ שטאַרקע השפּעה אויף ראָבעספּיערן, האָט ביי קיינעם נישט איבערגעלאָזט קיין ספיקות, וואָס עס באַדייט דידאָזיקע פיינטשאַפט. „מ'מוז הערשן מיט אייזן איבער יענע, וועלכע מ'קאָן נישט באַהערשן מיט גערעכטיקייט". אָבער מיט גערעכטיקייט האָט מען נישט געקאָנט הערשן איבער מענטשן, וועלכע האָבן דעם ווילן פון דער נאַציע באַנומען נישט אַזוי ווי ראָבעספּיער און די יאַקאָבינער האָבן אים אויסגעטייטשט; האָט מען שוין, במילא, געמוזט אָנקומען צום אייזן. שווער אויספּירלעכער צו רעכטפאַרטיקן די שאַרפע לאָגיק פון דער גיליאָטינע.

סען זשוסטס פאַנאַטישע לאָגיק איז בלויז געווען די אומפאַרמיידלעכע קאָנסעקווענץ פון זיין אַבסאָלוטיסטישן אופן דענקען; יעדער אַבסאָלוטיזם איז רק איינגעשטעלט אויף פעסטע נאָרמען; טאָקע דערפאַר מוז ער קומען צום אויסדרוק ווי אַ געשוואוירענער שונא פון יעדער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, וועלכע צעעפנט כסדר נייע פּערספּעקטיוון פאַרן לעבן און ברענגט אַרויס נייע פאָרמען פון דער געמיינשאַפטלעכער עקזיסטענץ. הינטער יעדער אַבסאָלוטיסטישער אידעע לויערט די העוויה פונעם אינקוויזיטאָר און פונעם אַפּיקורסים־ריכטער.

די טואווערעניטעט פון דער נאַציע האָט דערפירט צו דערזעלביקער טיראַניע ווי די סואווערעניטעט פון גאָט אָדער די סואווערעניטעט פון די קעניגן. אויב פריער איז דאָס ווידערשפּעניקן קעגן דער געהייליקטער פּערזאָן פון מאָנאַרך געווען דאָס אומווירדיקסטע פון אַלע פאַרברעכנס, איז איצט יעדע איינווענדונג קעגן דער געהייליקטער מאַיעסטעט פון דער נאַציע געוואָרן די גרעסטע עבירה קעגן דעם הייליקן גייסט פונעם כלל־ווילן. אָבער איןביידע פאַלן איז דער תליון געווען דער אויספירנדיקער אָרגאַן פון אַ דעספּאָטישער מאַכט, וועלכע האָט זיך געפילט באַרעכטיקט צו וואַכן איבער אַ טויטער דאָגמע, ביי וועלכערס נשמהלאָזער אַכזריות עס האָט געמוזט צעזעצט ווערן יעדער שעפּערישער געדאַנק, פאַרבלוטיקט ווערן יעדעס מענטשלעכע געפיל.

ראָבעספּיער, וועגן וועמען קאָנדאָרסע האָט באַהויפּטעט, אַז ער האָט נישט געהאָט „נישט קיין געדאַנק אין זיין געהירן און נישט קיין געפיל אין זיין האַרץ", איז געווען דער מאַן פון די טויטע פאָרמולעס, וועלכער האָט אויפן אָרט פון דער נשמה געהאַט זיינע „עקרים". צומליבסטן וואָלט ער געוואָען אָוועקגעשטעלט די גאַנצע רעפּובליק אויף דער איינציקער פאָרמול פון דער טוגנט. אָבער זיין טוגנט האָט נישט געהאַט דעם מקור אין דער פערזענלעכער ישרנות פונעם יחיד; זי איז געווען אַ בלוטלאָזער געשפּענסט, וועלכער האָט געשוועבט איבער די מענטשן ווי דער רוח אלוהים איבער דער יצירה. קיין שום זאַך איז נישט אַזוי אַכזריותדיק און אַזוי האַרצלאָז ווי די טוגנט, אָבער צומאַכזריותדיקסטן און אומברחמנותדיקסטן איז יענע אַבסטראַקטע טוגנט, וועלכע קומט נישט אַרויס פון אַ לעבעדיקער באַדערפעניש, נייערט האָט איר מקור אין „פּרינציפּן" און מוז כסדר באַשיצט ווערן מיט כעמישע מיטלען קעגן די מילבן.

דער יאַקאָביניזם האָט טאַקע אַראָפּגעוואָרפן די מאָנאַרכיע, אָבער ער האָט זיך פאַרליבט ביז איבער די אויערן אינעם מאָנאַרכיסטישן געדאַנק און אים שטאַרק געשטיצט דערמיט, וואָס ער האָט אים פאַראַנקערט אין רוסאָס פּאָליטישער טעאָלאָגיע. רוסאָס לערער האָט געהאַט איר קלימאַקס אין דער פולשטענדיקער אויפלייזונג פונעם מענטשן אין דער העכערער גויטוועגדיקייט פון אַ מעטאַפיזישער אידעע. דער יאַקאָביניזם האָט זיך אונטערגענומען איינצופירן דידאַזיקע משונה־דיקע לערער אין לעבן און ער איז לאָגישערווייז דערגאַנגען צו דער דיקטאַטור פון דער גיליאָטינע, וועלכע האָט אויסגעלייגט דעם וועג פאַר דער שווערט־דיקטאַטור פון גענעראַל באָנאַפּאַרט, וועלכער האָט פון זיין זייט געטאָן אַלעס, בכדי אויסצוצייטיקן די נייע שטאַט־אידעע צו דער העכסטער פולקאָמענהייט. „דער מענטש אַ מאַשין", אָבער נישט אין זין פון לאַמעטערי, נאָר ווי דער לעצטער סך־הכל פון אַ פּאָליטישער רעליגיע, וועלכע האָט זיך פאַרמאָסטן אויסצוגעשטאַלטיקן אַלעס מענטשלעכע לויטן זעלבן שאַבלאָן און וועלכע האָט אין נאָמען פון דער גלייכהייט געמאַכט די גלייכפאָרמיקייט פאַר אַ פּרינציפּ.

נאַפּאָלעאָן, דער לאַכנדיקער יורש פון דער גרויסער רעוואָלוציע, וועלכער

האָט איבערגענומען פון די יאַקאָבינער די מענטשן־פרעסנדיקע מאַשין פונעם צענ־טראַלן שטאַט און די לערע מכוח דעם ווילן פון דער נאַציע, האָט געפּרואווט פון די שטאַטלעכע אינסטיטוציעס אויסצובויען אַ פּעלערלאָזן סיסטעם, אין וועלכן דער צופאַל זאָל נישט האָבן קיין שום אָרט. וואָס ער האָט גענוצט האָבן זענען נישט געווען קיין מענטשן, נייערט שאַכפיגורן, וועלכע זאָלן אויספאָלגן יעדן צוג פון זיין געמיטסשטימונג און זיך אומקאָנדיציאָנעל אונטערוואַרפן אונטער יענער „העכסטער נויטווענדיקייט”, אַלס וועמעס אויספירנדיקע אָרגאַנען זיי האָבן זיך געפילט. מענטשן אין געוויינלעכן זין האָט מען נישט געקאָנט אויסניצן צו דעם, נאָר בירגער, באַשטאַנדטיילן פון דער מלוכה, טיילן פון דער מאַשין. „דאָס דענקען איז דער הויפּט־שונא פון די מושלים!” האָט נאַפּאָלעאָן איינמאָל געזאָגט; דאָס איז ביי אים נישט געווען קיין צופעליקער אופן פון רעדן, מחמת ער האָט באַגריפן דעם אמת פון דידאָזיקע ווערטער ביז אין די טיפסטע טיפענישן. וואָס ער האָט גענוצט האָבן, זענען נישט געווען קיין מענטשן, וועלכע דענקען, נאָר אַזעלכע, וועלכע ווערן צוגעטראַכט, מענטשן, וועלכע זאָגן זיך אָפּ פון זיך גופא, ווען דער „גורל” רעדט.

נאַפּאָלעאָן האָט אויסגעחלומט אַ שטאַט, אין וועלכן ס'דאַרף לחלוטין נישט זיין קיין חילוק צווישן דער ציווילער און מיליטערישער מאַכט. די גאַנצע נאַציע — אַן אַרמיי; יעדער בירגער — אַ זעלנער. אינדוסטריע, לאַנדווירטשאַפט, אַד־מיניסטראַציע זענען בלויז באַטראַכט געוואָרן ווי גלידער פון דעמדאָזיקן ריזיקן שטאַטלעכן קערפּער, וועלכער, איינגעטיילט אין רעגימענטן און קאָמאַנדירט פון אָפיצירן, האָט געדאַרפט דורכפירן דעם לייכטסטן דרוק פונעם קייזערס ווילן אָן רייבונג, אָן ווידערשפעניקייט. דידאָזיקע פאַרוואַנדלונג פון דער „גרויסער נאַציע” אין אַ גיגאַנטישער איינהייט, אין וועלכער ס'זאָל נישט זיין קיין פּלאַץ פאַר דער זעלבסטשטענדיקער טעטיקייט פונעם יחיד, זאָל אַרבעטן מיט דער עקזאַקטקייט פון אַ מאַשין און בלויז זיך האַלטן ביים טויטן ריטם פון איר אייגענער באַוועג־גונג, אויספאָלגנדיק געפּיללאָז דעם ווילן פון דעם, וועלכער לאָזט זי אין גאַנג — דאָס איז געווען נאַפּאָלעאָנס פּאָליטישער ציל, פאַר וועלכן ער האָט געאַרבעט מיט אַן אייזערנער לאָגיק און געוואָלט איינפירן אין לעבן. אינגאַנצן באַהערשט פון אָט־דעם קאָשמאַר, האָט ער זיך באַמיט צו באַזייטיקן יעדע מעגלעכקייט, וועלכע זאָל קאָנען גורם זיין דעם אויפקום פון אַ באַזונדערער מיינונג נעבן זיינער. פון דאַנען קומט דאָס זיין פאַרביסענער קאַמף קעגן דער פּרעסע און אַלע אַנדערע אויס־דרוקסמיטלען פונעם עפנטלעכן דענקען.

„די דרוקמאַשין — האָט ער געזאָגט — איז אַן אַרסענאַל; זי טאָר נישט ווערן צוגענגלעך פאַרן כלל. ביכער דאַרפן געדרוקט ווערן נאָר פון אַזעלכע פּערזאָנען, וועלכע געניסן פון דער רעגירונגס צוטרוי”.

אַלעס האָט זיך אין מוח פון דאָזיקן שרעקלעכן מענטשן פאַרוואַנדלט אין ציפערן. נאָר די צאָל אַנטשיידט; די סטאַטיסטיק ווערט דער יסוד פון דער נייער

מלוכה־קונסט. דער קייזער פאַרלאַנגט פון זיינע ראַטמענער נישט בלויז אַ גענויע רשימה און פאַרשרייבונג פון אַלע מאַטעריעלע און טעכנישע הילפסקוואַלן פונעם גאַנצן לאַנד; ער וויל אויך, אַז מ׳זאָל פירן אַ „סטאַטיסטיק פון דער מאָראַל״, בכדי ער זאָל זיין צו יעדן מאָמענט אינפאָרמירט וועגן די פאַרבאָרגנסטע געפילן פון זיינע אונטערטאַנען. און פאַש, דערדאַזיקער פחדימדיקער, געשפּענסטערהאַפּ־טיקער שפּיאָן, וועלכער האָט געזען מיט טויזנט אויגן און געהערט מיט טויזנט אויערן, ווּעמעס נשמה איז געווען פונקט אַזוי פאַרפרוירן ווי די נשמה פון זיין האַר, ווערט דער „סטאַטיסטיקער פון דער עפנטלעכער מאָראַל״, וועלכע ער פאַררעגיס־טרירט פּאָליציייאיש און ער ווייס דערביי זייער גוט, אַז אויך זיינע אייגענע באַ־וועגונגען ווערן איבערוואַכט פון אומבאַקאַנטע ספּערן און ווערן פאַרשריבן אין אַ ספּעציעלן רעגיסטער.

אַז נאַפּאָלעאָן האָט קיינמאָל נישט געקאָנט דערגרייכן ווי עס געהער צו זיין דעם לעצטן ציל פון זיין אינערלעכער פּאָליטיק; אַז די גאַנצע רעגירונגסטעכ־טיק זיינע האָט ביי יעדן מאָל פונדאַסניי זיך געמוזט אָנשטויסן אינעם מענטשן, דאָס איז מסתמא געווען דער האַרבסטער ווייטאָג פון זיין מאַכטגיריקער נשמה, די גרויסע טראַגעדיע פון זיין אויסטערלישן לעבן, וועלכע האָט אים נאָך אַפילו אין סאַן העלען אינערלעך צעפרעסן. אָבער די מאַניאַקישע אידעע, צו וועלכער ער האָט זיך געיאָגט, איז נישט אָפּגעשטאָרבן צוזאַמען מיט אים, און נאָך היינט גע־פינט זי זיך אין יסוד פון יעדן ווילן צו מאַכט, וועלכער באַווייזט זיך אומעטום, וואו די ליבע צום מענטש איז געשטאָרבן און פולסירנדיק לעבן ווערט אויפגע־בראַכט ווי אַ קרבן צו די בלאַסע שאָטנדיקע געשטאַלטן פון טיראַנישע תאוות. ווייל יעדע מאַכט איז אַכזריש־קאַלט און לויט איר מהות אוממענטשלעך און פאַר־וואַנדלט די הערצער פון אירע טרעגער אין חיהשע הייזלן פון שנאה און פון קאַל־טער פאַראַכטונג צום מענטשן. אַקוראַט ווי אַלבעריך מוז זיך אָפּזאָגן פון דער ליבע, ווייל זיין האַרץ איז צוגעקאָוועט צום גאָלד, אַזוי דערשטיקט די מאַכט־משוגעת אַלע מענטשלעכע געפילן און לאָזט דעם דעספּאָט זען זיינע מיטמענטשן בלויז ווי אַבסטראַקטע ציפערן, מיט וועלכע ער מוז זיך רעכענען ביי דער דורכפירונג פון זיינע פּלענער.

נאַפּאָלעאָן האָט פּרינציפּיעל פיינט געהאַט די פרייהייט ווי יעדער געוואַלט־הערשער, וועלכער איז ביי זיך געווען גוט קלאָר וואָס אַזוינס ס׳איז מאַכט, אָבער ער האָט אויך געוואוסט דעם מקח, וועלכן ער וועט מוזן צאָלן פאַר איר. ער האָט גוט געוואוסט, אַז ער מוז דערשטיקן דעם מענטשן אין זיך, בכדי צו קענען באַ־הערשן די מענטשן. ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, אַז ער, וועלכער האָט וועגן זיך אַליין געזאָגט: „איך האָב ליב די מאַכט ווי דער קינסטלער, ווי דער פידלער האָט ליב זיין פידל. איך האָב זי ליב, בכדי פון איר אַרויסצובאַקומען טענער, וואוילקלאַנג, האַרמאָניע״, — ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דערזעלביקער מאַן, וועלכער האָט,

ווען ער איז נאָך געווען כמעט אַ קינד, שוין געשפּינט מאַכטפּלענער אין זיין מוח, האָט שוין אין זיין פריער יוגנט אַרויסגעזאָגט אָט־די גורל־שווערע ווערטער״:

„איך מיין, אַז די ליבע איז שעדלעך פאַר דער געזעלשאַפט און פאַרן פער־זענלעכן גליק פונעם מענטשן. ווען די געטער וואָלטן באַפרייט די וועלט פון דער ליבע, וואָלט דאָס געווען די גרעסטע טובה״.

דאָסדאָזיקע געפיל האָט אים קיינמאָל נישט פאַרלאָזט און ווען ער האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן צוריקגעקוקט אויף די איינצלנע פאַזן פון זיין לעבן, איז אים געבליבן אָט־די טרייסטלאָזע איינזעעניש:

„פאַראַן בלויז צוויי שטאַבעס, בכדי צו באַוועגן דעם מענטשן: מורא און אינטערעס. ליבע איז אַ נאַרישע פאַרבלענדונג, איר מעגט זיך פאַרלאָזן אויף דעם. פריינטשאַפט איז אַ פּוסט וואָרט. איך האָב קיינעם נישט ליב. אַפילו נישט מיינע ברידער, אפשר דזשאָזעפן אַ ביסל צוליב געוואוינהייט און ווייל ער איז עלטער פון מיר. און דוראָקן האָב איך אויך ליב, אָבער פאַרוואָס?— ווייל זיין כאַראַקטער געפעלט מיר; ער איז ערנסט און אַנטשלאָסן, און איך מיין, אַז דער יאַט האָט נאָך קיינמאָל נישט פאַרגאָסן קיין טרער. איך פון מיין צד ווייס, אַז איך האָב נישט קיין אמתע פריינט״.

ווי אויסגעליידיקט האָט געדאַרפט זיין דאָסדאָזיקע האַרץ, וועלכעס האָט זיך במשך פון אַלע יאָרן נאָכגעיאָגט נאָך אַ געשפּענסט און געווען באַהערשט נאָר פון איין פאַרלאַנג — צו הערשן! דערדאָזיקער מאַנקאַליע האָט ער מקריב געווען די מענטשנס לייב־און־לעבן, נאָכדעם ווי ער האָט פריער געפּרוּאווט צוצופּאַסן זייער געמיט צום טויטן רעדערווערק פון אַ פּאָליטישער מאַשין. ביז ס׳איז אים לסוף קלאָר געוואָרן, אַז די תקופה פון די אויטאָמאַטן איז נאָך נישט געקומען. נאָר אַ מענטש, אין וועמעס נשמה ס׳האָט געפייפט אַ פּוסטקע, האָט געקאָנט אַרויסזאָגן אַזעלכע ווערטער: „אַ מאַן ווי איך פייפט אויפן לעבן פון אַ מיליאָן מענטשן!״.

נאַפּאָלעאָן האָט געטענהט, אַז ער פאַראַכטעט די מענטשן, און זיינע קריטיק־לאָזע באַוואונדערער האָבן אים דאָס כמעט אויסגעטייטשט ווי אַ פאַרדינסט. ער האָט מסתמא געהאַט אָפטע און גענוג געלעגנהייטן און מאָטיוון דערפאַר, מחמת נישט די ווערטפולסטע מענטשן זענען עס יענע, וועלכע שטופּן זיך צו צו די מעכ־טיקע. פאַרטראַכט מען זיך טיפער וועגן דידאָזיקע ענינים, באַקומט מען דעם איינ־דרוק, אַז זיין דעמאָנסטראַטיווו פאַר אַלעמען אַרויסגעשטעלטע פאַראַכטונג צום מענטשן איז על־פּי־רוב געווען אָנשטעל, איינגעשטודירטע פּאָזע, אויסגערעכנט פאַר זיין אַרומיקער וועלט און פאַרן עבר, בכדי אַזוי אַרום נאָך העלער לאָזן אַרויס־שטראַלן זיינע מעשים. מחמת דערדאָזיקער מכלומרשטער מענטשנהאַסער איז גע־ווען אַן ערשטקלאַסיקער שוישפּילער, וועמען ס׳איז לגמרי נישט געווען גלייכגילטיק דער אורטייל איבער אים מצד דער נאָכקומענדיקער וועלט, און טאַקע צוליב דעם האָט ער נישט אויסגעלאָזט קיין איין מיטל צו באַאיינפלוסן די מיינונג פון די קומענדיקע גענעראַציעס און ער האָט זיך אַפילו נישט אָפּגעשראָקן פאַר פעל־שונגען פון אַלעמען באַקאַנטע פאַקטן, בכדי צו דערגרייכן דעמדאָזיקן ציל.

ניין, נישט דער אינערלעכער עקל איז עס געווען, וואָס האָט אים אָפּגעטיילט פון די מענטשן, נייערט זיין אומדערגרינטלעכער עגאָאיזם, וועלכער האָט נישט געוואוסט פון קיין גרענעצן און האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר קיין שום ליגנט, פאַר קיין שום נידערטרעכטיקייט, פאַר קיין שום נבזהדיקייט, פאַר קיין שום פאַרברעכן, ווי געמיין ער זאָל זיין, בכדי זיך אַרויפצוצווינגען. שוין עמערסאָן האָט מיט רעכט געזאָגט: „באָנאַפּאַרט איז אויף אַ גאַנץ אומגעוויינלעכן אופן געווען אויסגעליידיקט פון יעדן מין האַרציק־פּריינטשאַפטלעכן געפיל... ער האָט אַפילו נישט געהאַט דעם זכות פון געוויינלעכער וואָרהאַפטיקייט און ערלעכקייט". און אויף אַן אַנדערער שטעלע פון זיין עסיי וועגן נאַפּאָלעאָנען האָט ער אויסגעפירט: „זיין גאַנצע עקזיסטענץ איז געווען אַן עקספּערימענט, וועלכער איז דורכגעפירט געוואָרן ביי די בעסטע אומשטענדן, בכדי צו זען, צו וואָס ס'איז פעאיק אַן אינטעלעקט אָן געוויסן". נאָר ווען מ'האָט פאַר די אויגן דעם נעבעכדיקן אינערלעכן צושטאַנד פון אַ מענטשן, ביי וועמען דאָס געיעג נאָך רום האָט גרינטלעך צעפרעסן יעדעס סאָציאַלע געפיל, קאָן מען פאַרשטיין אָט־די ווערטער נאַפּאָלעאָנס:

„דער ווילדער ווי דער ציוויליזירטער מענטש דאַרף האָבן אַ האַר און אַ מייסטער, אַ כישופמאַכער, וועלכער זאָל האַלטן אין שפּיל זיין פאַנטאַזיע, אים האַלטן אין אַ שטרענגער דיסציפּלין, אים אַרויפלייגן די קייט, אים נישט לאָזן בייסן פאַר דער צייט, אים דערלאַנגען מיטן שטעקן און פירן אויף געיעג; צו פאָלגן איז זיין גורל, ער פאַרדינט נישט עפּעס בעסערס און האָט נישט קיין שום רעכט".

אָבער דער האַרצלאָזער ציניקער, וועלכער האָט זיך אין דער יוגנט פאַרשיכורט ביים לייענען דעם „סאָציאַלן קאָנטראַקט", האָט אויך דערקענט אַמטיפסטן דעם גאַנצן אומגליקלעכן באַדייט פון דערדאָזיקער נייער רעליגיע, אויף וועלכער עס האָט זיך דאָך, סוף־כל־סוף, סומך געווען זיין גאַנצע הערשאַפט. אַזוי האָט זיך ביי אים אין איינעם פון יענע אומגעדאַכטע אויגנבליקן פון אינערלעכער וואָרהאַפטיקייט, וועלכע זענען ביי אים געווען אַזעלכע זעלטענע, אַרויסגעריסן אָט־דער אויספיר: „אייער רוסאָ איז אַ משוגענער און ער האָט אונדז צוגעפירט צום דאָזיקן צושטאַנד". און ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט נאָכדענקלעך: „די צוקונפט וועט ווייזן, אויב עס וואָלט פאַר דער מנוחה פון דער וועלט נישט געהאַט געווען בעסער, אַז נישט רוסאָ און נישט איך וואָלטן געווען געלעבט".

XI

# די דייטשע פילאָזאָפיע און דער שטאַט

דער אויטאָריטעטספּרינציפּ אין דער דייטשער פילאָזאָפיע. — קאַנט אַלס פאַרטרעטער פון דער אַבסאָלוטער מאַכט פון שטאַט. — קאַנטס זיטן־געזעץ. — קאַנטס שיטה וועגן דער געזעלשאַפט. — די אידעע וועגן „אייביקן פרידן” און דער אינטערנאַציאָנאַלער בונד פון די מלוכות. — קאַנט און הערדער. — פיכטע און די לערע וועגן דער איינגעבוירענער רשעות ביים מענטשן. — פיכטע און מאַקיאַוועלאָ. — דער „געשלאָסענער האַנדלס־שטאַט”. — פיכטע און דער מלוכה־סאָציאַליזם. — פיכטעס „רעדעס צו דער דייטשער נאַציע”. — פיכטע און די נאַציאָנאַלע דערציאונג. — די אידעע וועגן דער „היסטאָרישער מיסיע פון די דייטשן”. — העגעלס איינפלוס אויף זיין תקופה. — העגעלס דיאַלעקטיק. — דאָס דענקען און קאַטעגאָריעס. — העגעלס געשיכטספילאָזאָפיע. — בעבעל און די מלוכה. — די אמונה אין גורל. העגעל און דער פּראָטעסטאַנטיזם. — דער פּרייסישער שטאַטספילאָזאָף. — העגעל און דער סאָציאַליזם.

אין היפּוך צו די פאָרשטייער פון דער דייטשער ליטעראַטור און פּאָעזיע, האָט זיך די דייטשע פילאָזאָפיע פאַרנומען אויף גאַנץ אַנדערע וועגן. דייטשלאַנדס קלאַסישע פילאָזאָפיע איז קיינמאָל נישט געווען קיין פרייהייטסגעביט, ווען אַפילו עס פעלן אין איר נישט אייניקע ליכטיקע אַספּעקטן. אירע באַרופנסטע פאַרטרעטער האָבן אַפילו צומאָלס קאָקעטירט מיט דער פרייהייט, אָבער ס׳איז קיינמאָל נישט געוואָרן פון דעם קיין ערנסטע פאַרהעלטעניש. מ׳האָט תמיד דעם איינדרוק, אַז דאָס האָט פּאַסירט נאָר דערפאַר, בכדי פונדאָסניי צורעכטצומאַכן דאָס געשטערטע גלייכגעוויכט און דעם אויפוואַכנדיקן געוויסן צו מאַכן געוויסע נישט־קאָמפּראָמעטירנדיקע קאָנצעסיעס, ווען די ברוטאַלעווירקלעכקייט פון לעבן האָט זיך געמאַכט גאָר שטאַרק פילבאַר. פאַקטיש האָט די דייטשע פילאָזאָפיע געטאָן נישט עפּעס אַנדערש ווי צונויפצוגלידערן די אומפרייהייט אין פאַרשידענע סיסטעמען און פון דער קנעכטשאַפט געמאַכט אַ טוגנט, וועלכע האָט באַקומען איר קדושה ערשט דורך דער באַרימטער „אינערלעכער פרייהייט”.

וואָס הייסט עס, ווען קאַנט רעדוצירט זיין באַרימט זיטנגעזעץ אויף דער פאָרמול: „זיי זיך נוהג אַזוי, אַז די רעגל פון דיין ווילן זאָל צו יעדער צייט קאָנען גילטן גלייכצייטיק ווי אַ פּרינציפּ פון אַן אַלגעמיינער געזעצגעבונג?” צי הייסט דאָס נישט רעדוצירן דאָס עטישע געפיל פונעם מענטשן צו דער נעבעכדיקער יורידישער

שיטה פון אַ רעגירונג? לכל הדעות איז אַזאַ צוגאַנג נישט קיין חידוש פאַר אַ מענטשן, וועלכער איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז דער מענטש איז שלעכט פון דער מוטערס טראָכט גופא. נאָר אַ מענטש מיט אַזאַ איבערצייגונג האָט געקאָנט באַהויפּטן:

„דער מענטש איז אַ חיה, וועלכע מוז האָבן אַ האַר, ווען זי לעבט צוזאַמען מיט אַנדערע פון איר מין. מחמת ער מיסברויכט זיכער מיט זיין פרייהייט לגבי אַנדערע פון זיינס גלייכן; און הגם ווי אַ פאַרנינפטיק באַשעפעניש וויל ער אַ געזעץ, פאַרפירט אים אָבער זיין עגאָיסטישע היהשע נטויה זיך גופא אויסצושליסן פון אים, ווען ער דאַרף דאָס. ער באַדאַרף, בכן, אַ האַר, וועלכער זאָל ברעכן זיין אייגענעם ווילן און אים צווינגען אויסצופאָלגן אַן אַלגעמיין־גילטיקן ווילן, בעת יעדער איינער קאָן דערביי זיין פריי אויסצופאָלגן".

אין תוך איז דאָס נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַן אַנדערע פאָרמולירונג פון דער אַלטער און פּחדימדיקער דאָגמע מכוח דער אורשפּרינגלעכער זינד מיט אירע אומפאַרמיידלעכע קאָנסעקווענצן. און דווקא דאָס האָט געמוזט אויפרודערן די פרייערע פּערזענלעכקייטן קעגן קאַנטן. אַזוי האָט געטע געשריבן צו הערדערן:

„קאַנט דאַרף רייניקן זיין פילאָזאָפישן מאַנטל, נאָכדעם ווי ער האָט אים באַנוצט במשך פון אַ גאַנצן מענטשלעכן לעבן, פון אייניקע פוילע פאַראורטיילן. ער האָט אים אויף אַ רשעותדיקן אופן באַלאַסטעט מיטן שאַנדפלעק פון דער אורשפּרינגלעכער זינד, בכדי אויך קריסטן זאָלן ווערן פאַרלאָקט צו קושן דעם זוים".

אַפילו שילער, וועלכער איז שטאַרק געווען באַאיינפלוסט פון קאַנטן, האָט נישט געקאָנט פאַרנעמען דעם תוך פון זיין עטיק. דעם דיכטער און אידעאַליסט, וועלכער האָט שטאַרק געגלייבט אינעם גוטן פונעם מענטשן, האָט זיך קאַנטס שטייפע השגה וועגן פליכט, וועלכע האָט לחלוטין נישט געהאַט קיין פאַרשטענדעניש פאַרן באַטייט פון סאָציאַלע אינסטינקטן, געמוזט אויסווייזן אָפּשטויסנדיק. אין דעם זין האָט ער אויך געשריבן צו געטען, אַז ביי קאַנטן איז שטענדיק נאָך פאַראַן עפּעס, וועלכעס „דערמאָנט, ווי ביי לוטערן, אין אַ מאָנאַך, וועלכער האָט טאַקע געעפנט זיין קלויסטער, אָבער נישט געווען ביכולת גענצלעך אויסצוואַרצלען די שפּורן זיינע".

מ'האָט קאַנטן גאַנץ אָפט אָנגערופן רעפּובליקאַנער דעמאָקראַט. דידאָזיקע באַגריפן זענען זייער בייגעוודיק און באַווייזן גאָרנישט, מחמת זיי האָבן נישט איין מאָל אין דער געשיכטע געמוזט דינען ווי אַ דעקמאַנטל פאַר דער ברוטאַלסטער געוואַלט. דערדאָזיקער אויסטערלישער רעפּובליקאַנער איז געווען אַן אומבייגזאַמער מליץ־יושר פון דער אומבאַשרענקטער מאַכט פון דער מלוכה, וואָס זיך בונטעווען קעגן איר איז אין זיינע אויגן געווען אַ שווערער פאַרברעכן אַפילו דעמאָלט, ווען די אויספירנדיקע אָרגאַנען פונעם שטאַט זאָלן האַנדלען להיפוך צו די געזעצן און זיך לאָזן פאַרשלעפּן אַפילו צו די טיראַנישסטע מעשים. אַזוי האָט קאַנט אויסדריקלעך דערקלערט אין זיין „רעכטסלערע":

> „דער אורשפּרונג פון דער אויבערשטער מאַכט איז פאַרן פאָלק, וועלכעס לעבט אונטער איר, בפועל ממש אומדערגרינטלעך מיט אַ פּראַקטישער כוונה, דאָס הייסט, אַז דער אונטערטאַן דאַרף זיך נישט שטאַרק חקרענען וועגן דעמדאָזיקן אורשפּרונג, ווי וועגן אַ רעכט (יוס קאָנטראָווערסום), וואָס ער מעג שטעלן אין ספק די געהאָרכיקייט, וואָס ער איז איר שולדיק. ווייל היות דאָס פאָלק, בכדי מיט יורידישן רעכט צו אורטיילן וועגן דער העכערער שטאַטסמאַכט (סוממום אימפּעריאַנס), מוז שוין באַטראַכט ווערן ווי אַ פאַראייניקטס אונטער אַן אַלגעמיינעם געזעצגעבנדיקן ווילן, קאָן עס און דאַרף עס במילא נישט אורטיילן אַנדערש, ווי נאָר אַזוי ווי דאָס פאַרלאַנגט דער איצטיקער שעף פון דער מלוכה (סוממום אימפּעריאַנס). אויב אורשפּרינגלעך איז געווען אַ ווירקלעכער אָפּמאַך וועגן אונטערגעוואָרפנקייט צווישן זיי (פּאַקטום סוביעקטיאָנים ציווילים) ווי אַ פאַקט אָדער אויב פריער איז געווען די געוואַלט און דאָס געזעץ איז געקומען ערשט נאָכדעם, דאָס זענען פאַרן פאָלק, וועלכעס ליגט שוין איצט אונטערן געזעץ, אומניצלעכע און פּוסטע גריבלערייען, וועלכע קאָנען אָבער, פונדעסטוועגן, זיין סכנהדיק פאַרן שטאַט; ווייל זאָל דער אונטערטאַן, וועלכער האָט זיך דערגריבלט צום לעצטן מקור, זיך וועלן אַרויסשטעלן קעגן דער איצט הערשנדיקער אויטאָריטעט, וועט ער, לויט די געזעצן פון דער זעלבער, ד. ה. מיטן גאַנצן רעכט, באַשטראָפט, פאַרטיליקט אָדער אַרויסגעשטויסן ווערן מחוץ למחנה. אַ געזעץ, וועלכעס איז אַזוי הייליק, אַזוי אומבאַרירלעך, אַז דאָס בלויזע פּראַקטישע צווייפלען אין אים, ד. ה. פאַר איין אויגנבליק אָפּשטעלן זיין ווירקזאַמקייט, איז שוין אַ פאַרברעכן, ווערט פאָרגעשטעלט אַזוי, גלייך ווי עס וואָלט געקומען נישט פון מענטשן, נייערט פון אַ העכסטן אומפעלבאַרן געזעצגעבער, און דאָס איז טאַקע דער באַטייט פונעם זאַץ „יעדע אויטאָריטעט קומט פון גאָט", וועלכער איז נישט אויסן איבערצוגעבן קיין היסטאָרישן עיקר פון דער בירגערלעכער קאָנסטיטוציע, נייערט אַן אידעע ווי אַ פּראַקטישן פאַרנונפט־פּרינציפּ: צו זיין געהאָרכיק צו דער איצט הערשנדיקער מאַכט, נישט קיין נפקא מינה וועלכער ס'איז איר אורשפּרונג".

ווען מען פאַרגלייכט קאַנטס אָט־די דורך־און־דורך רעאַקציאָנערע שיטה מיט די אידעען פון דער ליבעראַלער רעכט־שול אין ענגלאַנד, וועלכע ציען זיך ביז צו לאָקן, באַגרייפט מען די חרפּהדיקע הינטערשטעליקייט פון דאָזיקן באַנעם, מיט וועלכן מ'האָט געוואַגט אַרויסצוקומען אין אַ צייט, ווען פון יענער זייט פון די דייטשע גרענעץ־סלופּעס האָט זיך דער אַלטער רעזשים פאַרוואַנדלט אין חורבות. אין זיין מאמר „וואַס איסט אַופקלערונג?", וועלכער איז דערשינען אין 1784, האָט שוין קאַנט געהאַט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר פרידריך דעם צווייטנס דעספּאָטיזם און די געהאָרכיקייט פון די אונטערטאַנען געלויבט ווי דעם ערשטן עיקר פון דער פּאָליטישער מאָראַל; אָבער זיין לערע וועגן רעכט האָט ער אַנטוויקלט ערשט אין איינעם פון זיינע לעצטע ווערק, — אַ סימן, אַז ער האָט זיינע אידעען בנוגע דעם פּונקט קיינמאָל נישט געענדערט. דער „דעמאָקראַט" קאַנט איז אַפילו דערגאַנגען דערצו מלמד זכות צו זיין אויף דער קנעכטשאַפט און זי צו באַרעכטיקן ווי צוועקמעסיק ביי געוויסע תנאים; ער האָט אַפילו פאַרטראָטן דעם שטאַנדפּונקט, אַז קנעכטשאַפט איז פּאַסיק פאַר מענטשן, וועלכע האָבן צוליב זייערע אייגענע פאַרברעכנס דערפירט דערצו, אַז זיי זאָלן פאַרלירן זייערע שטאַטסבירגערלעכע רעכט. אַזאַ מענטש קאָן, לויטן איינזען פון אונזער פילאָזאָף, „פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ חשוטן ווערקצייג פון אַן אַנדערן" (פון דער מלוכה אָדער פון אַן אַנדערן בירגער).

דער קאָנסערוואַטיווער שטאַטלעכער באַנעם און דער יראת הכבוד פונעם אונ־טערטאַן זענען ביי קאַנטן פּאַקטיש געלעגן אין בלוט. ווען ער האָט אין יאָר 1794 באַקומען אַ פאַרוואורף פונעם קעניגס רעגירונג צוליב מכלומרשטער מינדערשעצונג פון דער ביבל און דער קריסטלעכער לערע, האָט ער זיך נישט באַנוגנט דערמיט, וואָס ער האָט פרידריך ווילהעלם דעם צווייטן געגעבן דעם שריפטלעכן צוזאָג זיך אָפּצו־האַלטן להבא פון יעדן עפנטלעכן מינדלעכן און שריפטלעכן מיינונגס־אויסדרוק וועגן דער קריסטלעכער רעליגיע. ביי די דעמאָלטיקע קלעגלעכע אומשטענדן אין פּרייסן איז אַזאַ האַנדלונג נישט נאָר דערקלערלעך, נאָר אַפילו צו אַנטשולדיקן. אָבער אין קאַנטס איבערגעבליבענע שריפטן האָט מען אויך געפונען יענע כאַראַקטעריסטישע שורות, וועלכע האָבן זיך באַצויגן צום צוזאָג, וואָס ער האָט געגעבן דעם קעניג און וועלכע האָבן זיך געלייענט: „הכחשה און פאַרלייקענונג פון זיין אינערלעכער אי־בערצייגונג איז נידערטרעכטיק; אָבער שווייגן אין אַ פאַל ווי אין איצטיקן, איז די פליכט פונעם אונטערטאַן".

קאַנט, וועמעס באַקוועמע פיליסטערישע עקזיסטענץ איז קיינמאָל נישט אַרויס פון די פאַרגעשריבענע דרכים פון דער שטאַטלעכער אַפּיטרופּסות, האָט נישט גע־האַט קיין געזעלשאַפטלעכע נאַטור און ס'איז אים אַנגעקומען שווער גובר צו זיין דעם איינגעבוירענעם ווידערווילן קעגן יעדער פאָרעם פון געמיינשאַפטלעכקייט. אַזוי ווי אָבער ער האָט נישט געקאַנט פאַרלייקענען די נויטווענדיקייט פון דער געזעל־שאַפטלעכער פאַראייניקונג, האָט ער עס אַנגענומען ווי מ'נעמט אָן עפּעס אַ בייטיקע צרה. בהסכם דערמיט האָט ער באַנומען די געזעלשאַפט ווי אַ געצוואונגענע פאַר־אייניקונג, וועלכע האַלט זיך אויף בלויז דורך דער פליכט צום שטאַט. קאַנט האָט פאַקטיש פיינט געהאַט יעדע פרייוויליקע פאַראייניקונג, פּונקט ווי ס'איז געווען דער־ווידער יעדע גוטע טואונג, וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרן מיטן אייגענעם ווילן. ער האָט נישט געוואוסט פון עפּעס אַנדערש ווי נאָר פונעם האַרטן, אומברחמנותדיקן „דו זאָלסט!".

נו, אַ מענטש מיט אַזעלכע נטיות איז נישט געווען די פּאַסיקע פערזאָן צו פאָרמולירן די גרויסע עיקרים פון אַ געזעלשאַפטלעכער עטיק, וועלכע זענען דאָך בעצם נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר דער פּועל־יוצא פונעם געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענ־לעבן, וועלכעס געפינט זיין אויסדרוק אין יעדן מענטשן און ווערט פון דער געמייג־שאַפט שטענדיק פונדאַסניי באַפרוכפּערט און באַשטעטיקט. פּונקט אַזוי איז קאַנט נישט געווען אימשטאַנד צו אַנטדעקן פאַר די מענטשן קיין גרויסע סאָציאַל־טעאָרע־טישע חידושים, מחמת אַלעס, וואָס ער האָט געשאַפן אויף אָט־דעם געביט, איז שוין פון לאַנג געהאַט איבערגעשטיגן געוואָרן פון די גרויסע אויפקלערער אין פראַנקרייך און ענגלאַנד, איידער עס האָט דערזען אין דייטשלאַנד דאָס ליכט פון דער וועלט.

דאָס, וואָס מ'האָט קאַנטן אָקאָרשט אַרויסגעשטעלט ווי דעם גייסטיקן איני־ספּיראַטאָר פונעם אַזויגערופענעם „פעלקערבונד", אויפן סמך פון זיין שריפט „צום אייביקן פרידן" און פון אַ נאָך פריער דערשינענעם מאמר „אידעע צור אַלגעמיינער

געשיכטע איז וועלטבירגערליכער אַבזיכט", איז דאָך געווען צו דערוואַרטן פון אַ דור, וועלכער האָט שוין לאַנג געהאַט פאַרגעסן אין לעסינגן, הערדערן און זשאַן פּאָלן, און באַוויזט, אַז די מכלומרשטע „פאַרשטעער פונעם דייטשן גייסט" האָבן אויך אין דעם פּרט גאָרנישט געלערנט. צו וואָס קאַנט האָט אינדעראמתן גע־שטרעבט, איז נישט געווען קיין בונד פון די פעלקער, נאָר אַ בונד פון מלוכות, וועלכער האָט שוין טאַקע מהאי טעמה בשום אופן נישט געקאָנט דערפילן די אויפ־גאַבע, וועלכע ער האָט פאַר אים צוגעטראַכט. די דערפאַרונגען, וועלכע מ'האָט איצט פונדאַסניי געהאַט מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ אין גענף, וואָלטן גע־מוזט עפענען די אויגן פון יעדן איינעם, וועלכער האָט דעם ווילן צו זען.

דאָס האָט הערדער שוין געהאַט קלאָר איינגעזען, ווען ער האָט, זיך האַלטנדיק ביי לעסינגס שפּורן, זיך אַרויסגעזאָגט קעגן קאַנטס פאָרשלאָג און אָנגעוויזן, אַז אַ פאַרשטענדיקונג צווישן די פעלקער קאָן דערגרייכט ווערן נאָר אויפן אָרגאַנישן וועג, ד. ה. קולטורעל, און נישט אויפן מעכאַנישן וועג, ד. ה. דורך דער טעטיקייט פון „פּאָליטישע מאַשינען". הערדער האָט אויסגעפירט, אַז די געוואַלט־אָרגאַניזאַציע פונעם שטאַט באַשטייט דערפאַר, וואָס זי שאַפט כסדר כלפי חוץ ספּעציעלע אינטע־רעסן, וועלכע זענען להיפוך די אינטערעסן פון די אַנדערע שטאַטן און טאַקע מהאי טעמה איז זי ווייניק צוגעפּאַסט אויפצוטרעטן ווי אַן אויסגלייכער און פאַרמיטלער. דעריבער האָט ער קעגן דער אידעע פון אַן אינטערנאַציאָנאַלן בונד פון מלוכות, פאַר וועלכער קאַנט האָט זיך אַרויסגעזאָגט, אַרויסגעשטעלט זיין „געזעלשאַפט פון אַלע דענקענדיקע מענטשן אין אַלע טיילן פון דער וועלט", מחמת ער איז אַרויסגעגאַנגען פון דער ריכטיקער מסקנה, אַז אַ קעגנזייטיקע פאַרשטענדיקונג צווישן די מענטש־לעכע גרופּירונגען פון פאַרשידענע לענדער קאָן נישט דערגרייכט ווערן דורך דיק־טירן זי פון אויבן אַראָפּ, נייערט פון אונטן אויף אַרויף, דורכן ווילן פון די פעלקער גופא, דערמיט „וואָס עס וועלן געמילדערט, איינגעצוימט און אומשעדלעך געמאַכט ווערן אַלע פאָראורטיילן וועגן שטאַטאינטערעס, איינגעבוירענער רעליגיע און דער נאַרישסטער פאָראורטייל פון צווישן אַלע וועגן ראַנג און שטאַנד". אָבער „אַזעלכע נצחונות איבערן פאָראורטייל מוזן — ווי הערדער האָט געזאָגט — אויסגעקעמפט ווערן פון אינעווייניק אויף אַרויס און נישט פונדרויסן אויף אינעווייניק".

ווי אַ כאַראַקטער פון אַ גאַנץ אַנדערן קאַליבער איז געווען פיכטע, וועלכער האָט געהאַט אַ רעוואָלוציאָנערן אָדער, וועלכער האָט קאַנטן לגמרי געפעלט. פאַק־טיש איז פיכטע פון אַלע פאָרטרעטער פון דער דייטשער פילאָזאָפיע פון יענע טעג געווען דער איינציקער, וועלכער האָט גענומען דעם שטאַרקסטן אָנטייל אין פּאָלי־טישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון זיין צייט. אָבער אַ רעוואָלוציאָנערער טעמפּע־ראַמענט איז נאָך נישט קיין באַוויז פאַר קיין פרייהייטלעכן אַרט דענקען. אויך קראָמוועל, ראָבעספּיער, מאַדזיני, לענין, מוסאָליני און מיט זיי אַלע פאַרטיידיקער פון דער שטאַטלעכער דיקטאַטור פון רעכטס און לינקס זענען געווען רעוואָלוציאָ־נערן. אָבער דאָס אמתע רעוואָלוציאָנערע ווייזט זיך אַרויס אין די צילן, צו וועל־

כע דער מענטש שטרעבט, און נישט בלויז אין די מיטלען, מיט וועלכע ער באַנוצט זיך און וועלכע זענען כמעט שטענדיק אָפּהענגיק פון די אומשטענדן.

ס׳איז אמת, אַז פיכטע האָט אויך אין זיין לערע וועגן רעכט אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז „דער לעצטער צוועק פון יעדער רעגירונג איז צו מאַכן איבערפליסיק די רעגירונג״; ער האָט אָבער תיכף פאַרזיכטיק צוגעגעבן, אַז „ס׳וועלן אפשר מוזן פאַרבייגיין מיריאַדן יאָרן״, ביז דער מענטש וועט זיין צייטיק פאַר אַזאַ צושטאַנד. דערווייל זענען אַלע זיינע מעשים געשטאַנען אין שאַרפסטן היפוך פון יענעם ווייטן ציל, מחמת פיכטע איז געווען אַ שררישע, דורך־און־דורך אויטאָריטער־איינגעשטעלטע נאַטור, אַ מאַן, וועלכער האָט טאַקע שטענדיק געהאַט די פרייהייט אויף זיינע ליפּן, אָבער בלויז דעם נאָמען פון דער פרייהייט, מער נישט. פונקט ווי קאַנט, אויף וועמעס שיטה ער האָט זיך לכתחילה געשטיצט, אַזוי האָט אויך פיכטע געגלייבט אינעם „איינגעבוירענעם רשעות״ ביים מענטשן. ער האָט שפּעטער עפּעס געענדערט אין זיין שיטה, אָבער אויף אָט־דעם פונקט איז ער זיך תמיד געבליבן געטריי. ס׳איז אַפילו מעגלעך פעסטצושטעלן, אַז דערדאָזיקער באַנעם האָט זיך ביי אים שפּעטער אַרויסגעוויזן אַלץ שטאַרקער, וואָס מער ער איז אין בערלין אַרונטערגעפאַלן אונטער דער פּאָליטישער השפּעה פון דער נייער ראָמאַנטיק, אַלס וועמעס ראשי המדברים ס׳זענען דעמאָלט אָנגעגאַנגען שליירמאַכער און די ברידער שלעגעל. אַזוי האָט ער נאָך אין יאָר 1812 געשריבן אין אַן אָפּהאַנדלונג וועגן מאַקיאַוועלאַ, דורך וועלכן ער האָט — לכל־הדעות אומזיסט — זיך מכוון געווען צו באַוועגן דעם קעניג פון פּרייסן צו אַן אַנטשיידנדיקן שריט:

> „דער הויפּט־פּרינציפּ פון יעדער שטאַטסלערע, וועלכע פאַרשטייט זיך אַליין, געפינט זיך אין אָט־די ווערטער מאַקיאַוועלאָס: יעדער איינער, וועלכער שטעלט־אויף אַ רעפּובליק (אָדער איבערהויפּט אַ מלוכה) און גיט איר געזעצן, מוז פאָרויסזען, אַז אַלע מענטשן זענען רשעותדיק און אַז זיי וועלן, אָן יעדן אויסנאַם, אויסלאָזן אָט־די רישעותדיקייט ווי נאָר זיי וועלן דערצו געפינען אַ זיכערע געלעגנהייט״.

ווער עס דענקט אַזוי, האָט אַפילו נישט קיין שפּור פון קיין פרייהייטלעכן גייסט. איז דאָך דאָס יענער אומגליקלעכער גלויבן מכוח דער „איינגעבוירענער רישעות, דעם „כי יצר לב האדם רק רע מנעריו״, וועלכער איז אַרויסגעקומען פונעם טעאָלאָגישן באַגריף וועגן דער „ירושהדיקער זינד״, וועלכע האָט ביז היינטצוטאָג געמוזט דינען ווי אַ מאָראַלישע רעכטפאַרטיקונג פאַר יעדער טיראַניי.

זיין באַנעם וועגן דער באַציאונג פונעם מענטשן צום שטאַט האָט פיכטע אַמבעסטן אויסגעדריקט אין זיין שריפט „דער געשלאָסענער האַנדעלסשטאַט״, וועלכע ער אַליין האָט שפּעטער באַצייכנט ווי דאָס „דורכגעטראַכטסטע ווערק״ זיינס. די דאָזיקע שריפט, וועלכע איז געווען געווידמעט דעם פּרייסישן מיניסטער פאָן שטרינזע, אַנטהאַלט דעם פּלאַן פון אַן אַזויגערופענעם „פאַרנונפטשטאַט״, אין וועלכן דאָס לעבן פון די בירגער ווערט גערעגלט און פאַרגעשריבן ביז צו די

קלענסטע פּרטים, אַזוי אַז זיי פילן איבער זיך אומעטום און צו יעדער צייט די ערדנדיקע האַנט פון אַ פּאָליטישער השגחה. דאָס איז אַ פּאָליציי־שטאַט אין ערגסטן זין, אין וועלכן ס׳איז קוים־קוים פאַראַן פּלאַץ פאַר וועלכער נישט איז מינדסטער פּערזענלעכער פרייהייט. פּיכטעס אידעאַל־שטאַט איז צוזאַמענגעגלי־דערט פון פאַרשידענע שטאַנדן, וועלכע זענען שטרענג פונאַנדערגעטיילט צווישן זיך און וועמעס נומערישע קראַפט ווערט באַשטימט פון דער רעגירונג. די אַרבעט ווערט צוגעשריבן יעדן בירגער בהסכם מיט זיין שטאַנד און דאָס אויף אַזאַ אופן, אַז ער קאָן נישט בייטן זיין באַשעפטיקונג ווען אים ווילט זיך דאָס. לויטן פּרינ־ציפּ, אַז „די ערד איז דעם שררהס״ און דער מענטש האָט בלויז די פליכט זי „צוועקמעסיק צו באַאַרבעטן און צו באַנוצן״, איז די גאַנצע ערד דעם שטאַטס אייגנ־טום און ער גיט זי אַזוי אַרום איבער אין אַרענדע דעם איינצלנעם בירגער. די אויפ־גאַבע פון שטאַט איז נישט נאָר צו באַשיצן דאָס פאַרמעג פון זיינע בירגער, ער דאַרף אויך זען, אַז יעדער בירגער זאָל באַקומען דעם חלק, וועלכער איז אים צוגע־זאָגט געוואָרן דורכן געזעץ. אין דעם, וואָס דעם בירגערס פאַרמעג געפינט זיך אונטער דער שטענדיקער שמירה פונעם שטאַט, איז פאַראַן די ערבות, אַז קיינער וועט נישט ווערן צו רייך, אָבער אַז קיינער וועט אויך נישט אומקומען אין עלנט.

אויפן אָרט פון דער איינגעפירטער גאָלד־ און זילבער־מטבע, וועלכע ווערט פון דער מלוכה צוריקגעצויגן, ווערט איינגעפירט לאָקאַל געלט פון פּאַפּיר אָדער לעדער, וועלכעס פאַרמיטלט דעם אויסטויש אין לאַנד גופא. דאָס איז דערפאַר נאָך לייכטער דורכצופירן, מחמת די גרענעצן זענען געשלאָסן און יעדן בירגער איז שטרענג פאַרווערט דער פאַרקער מיט אויסלאַנד, אַזוי אַז ער קאָן אָנהאַלטן געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען נאָר מיט זיינע אייגענע מיטבירגער, וועגן וועמעס כאַראַקטער בלויז די מלוכה האָט די דעה. נאָר די מלוכה האָט דאָס רעכט דורכ־צופירן דעם נויטיקן אויסטויש מיט די אַנדערע לענדער.

מ׳באַגרייפט, ווי אַזוי אַזאַ פאַנאַטישער פאַרערער פונעם שטאַט ווי לאַסאַל האָט זיך אַזוי שטאַרק געקאָנט באַגייסטערן אין פיכטען; מ׳באַגרייפט אויך, אַז שוין די בלויזע פאַרשטעלונג פון אַזאַ מאָנסטעריעזער באַאַמטן־ און פּאָליציי־מאַשין, ווי פיכטע האָט אָנגעוואָרפן, האָט געמוזט צעהיצן די פאַנטאַזיע פון די פאַרלויפער פון דריטן רייך און אַז זיי האָבן, צוליב מאַנגל אין אייגענע געדאַנ־קען, געזוכט צו דעקן זייער גייסטיקן דוחק הויפּטזעכלעך ביי פיכטען. פיכטעס טעאָ־ריע וועגן שטאַט אַנטהאַלט אַלע נייטיקע פאַרויסזעצונגען פאַר אַ שטאַטקאַפּיטאַ־ליסטישער ווירטשאַפטס־אָרדענונג אונטער דער פּאָליטישער פירונג פון אַ רעגי־רונג לויטן מוסטער פונעם אַלפּרייסישן שטאַנדן־שטאַט, וועלכע מ׳זוכט היינט צו פאַרפעלשן ווי „סאָציאַליזם״. דעם בירגער זאָל טאַקע פאַרזיכערט ווערן די מאַטעריעלע עקזיסטענץ, אָבער נאָר אויפן חשבון פון יעדער פּערזענלעכער פרייהייט און פון יעדער קולטורעלער באַציאונג מיט אַנדערע פעלקער. אויך ביי פיכטען האָט זיך באַשטעטיקט דער אַלטער אמת, אַז קיין שום יצירה פון

געזעלשאַפטלעכער אונטערדריקונג וואָלט פון די מענטשן נישט באַטראַכט געוואָרן אַפילו בלויז בערך אַזוי אומדערטרעגלעך ווי אַ פאַרווירקלעכונג פון די שטאַטספילאָזאָפישע „פאַרנינפטיקע" פלענער פון אונדזערע חכמים.

פיכטע גייט־אָן אין דייטשלאַנד ווי דער אמתער נביא פונעם עכטסטן דייטשטום. מ׳פּרייזט אים ווי די לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פונעם פּאַטריאָטישן אַרט דענקען און זיינע „רעדען אַן די דייטשע נאַציאָן" זענען היינט ווידער אין אַלעמענס מיילער. אין אינטערעס פון געשיכטלעכן אמת מוז דאָ געזאָגט ווערן, אַז פיכטעס פאַרוואַנדלונג אין אַ דייטשן פּאַטריאָט און אין אַ שומר פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן איז פאָרגעקומען היפּש פּלוצלינג. ער איז אין דעם פּרט געווען פונקט אַזוי פאַרענדערלעך ווי אין זיין אַמאָליקן אַטעאיזם און רעפּובליקאַניזם, וועלכע ער האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן לחלוטין פאַרוואָרפן. נאָך אין זיין „גרונדציגען דעס געגענווערטיגען צייטאַלטערס" האָט ער זיך בשום אופן נישט געקאָנט באַגייסטערן פאַר קיין נאַציאָנאַלע אידעען און אויף דער פראַגע: „וועלכעס־זשע איז דאָס פאָטערלאַנד פונעם אמת־געבילדעטן קריסטלעכן אייראָפּעער"? האָט ער געפּונען דעם ענטפער: „בדרך כלל איז עס אייראָפּע, בפרט איז עס אין יעדער תקופה יענע מלוכה אין אייראָפּע, וועלכע שטייט אויפן ניווא פון דער קולטור".

אַזוי האָט פיכטע געשריבן נאָך אין יאָר 1805; אין דעצעמבער 1807 האָט ער אָנגעהויבן אין זאַל פון דער בערלינער אַקאַדעמיע זיינע „רעדעס צו דער דייטשער נאַציע", וועלכע מ׳דאַרף אָפּשאַצן נישט נאָר ווי אַ מעכטיקן ווערטערלעכן אויסדרוק פון זיין פילאָזאָפישן באַנעם, נאָר אויך ווי אַזעלכעס, וועלכעס האָט צום ערשטן מאָל אַרויסגערוקט צום פאָדערגרונט דעם דייטשן פּאַטריאָט אין אים. זיין אינערלעכער איבערקער איז בכן פאָרגעקומען גאַנץ שנעל און געוויזן, אַז דאָס „טיפסטע געפיל פאַר דער הייליקער זאַך פון דער אומה" איז ביי אים נישט געווען קיין איינגעבוירנס*).

*) אין זיין גרויסן ווערק „דער אַטעיזמוס אונד זיינע געשיכטע אים אַבענדלאַנדע" (באַנד 4, ז. 73) גיט פריץ מאַוטנער אַ זייער אינטערעסאַנטע באַשרייבונג פון פיכטען, ביי וואָס ער באַמערקט צווישן אַנדערס: „ווען ער (פיכטע), אַ באַשולדיקטער אין אַטעאיזם, האָט אין מערץ 1799 געשיקט צו דער וויימאַרער רעגירונג דעם דראָאונגסבריוו, אַז ער וועט, אַפילו אין פאַל פון בלויז אַן עפנטלעכן פאַרוואורף, פאַרלאָזן יענאַ און ער וועט, צוזאַמען מיט איניקע אַזוי ווי ער דעקנדיקע פּראָפעסאָרן זוכן אַן אַנדערן, שוין פאַרזיכערטן ווירקונגסקרייז, דעמאָלט איז עס נישט געווען קיין פּוסטע באַרימערייַ; אין מאַינץ, וואו פאָרסטער און די אַנדערע קלוביסטן האָבן זיך באַגייסטערט פאַר דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואו ס׳איז נאָך דער צווייטער דעראָבערונג ווידער געווען אַ ריינישע רעפּובליק און וואו די פראַנצויזישע רעגירונג האָט ווידער געוואָלט אויפלעבן די אַמאָליקע אוניווערזיטעט, האָט פיכטע געזאָלט — אפשר איז די אָנרעגונג געקומען פון גענעראַל באָנאַפּאַרט — מיטאַרבעטן אויף אַן אָנגעזעענער פּאָזיציע.

פאַר פיכטעס דעמאָלטדיקן קוק אויף זאַכן איז אויך כאַראַקטעריסטיש זיין בריוו צום פּראָפ׳ ריינהאָלד פון 22־טן מאַי 1733, וואו מ׳קאָן לייענען: „אין סך־הכל: נישט פאַראַן קיין זיכערס ווי דאָס זיכערסטע, אַז אויב די פראַנצויזן וועלן נישט אויסקעמפן די אומגעהייערע איבערמאַכט און דורכפירן אין דייטשלאַנד, לפּחות אין אַ באַדייטנדיקן טייל זיינעם, אַן ענדערונג, וועט אין איניקע יאָר אַרום קיין שום מענטש, וועלכער איז

פיכטעס רעדעס זענען געווען אַ מוטיקע טאַט, מחמת זיי זענען געהאַלטן געוואָרן, אַזוי צו זאָגן, אין שאָטן פון די פראַנצויזישע באַגנעטן און דער רעדנער האָט זיך אויסגעשטעלט צו דער געפאַר פאַרנומען צו ווערן פון נאַפּאָלעאָנס יוצר־משרתים. אַז נאַפּאָלעאָן האָט נישט געלאָזט פירן קיין קאַטאָוועסן מיט זיך האָט באַוויזן עד־לרוב די אויספירונג פון טויטאורטייל אויפן בוכהענדלער פּאַלם. אָבער אַנדערע האָבן אַרויסגעוויזן דעמזעלביקן און אַ סך מער קוראַזש און צומאָלס פאַר אַ נישט בערך ווירדיקערער זאַך. וועלכער איז דען דער תוכן פון יענע רעדעס, אויב נישט אַן איינציקע פאַרהערלעכונג פון דער אַלמעכטיקייט פון נאַציאָנאַלן שטאַט? זייער סאַמע עיקר איז די נאַציאָנאַלע דערציאונג פון דער יוגנט, לויט פיכטען דער ערשטער און וויכטיקסטער תנאי פאַר דער באַפרייאונג פון לאַנד פון יאָך פון דער פרעמדער הערשאַפט, און בכדי באַקאַנט צו מאַכן דעם נייעם דור מיט דער הייליקער שליחות פון דער נאַציע. דעריבער האָט די דערציאונג פון דער יוגנט נישט געדאַרפט איבערגעגעבן ווערן דער קירך, מחמת דאָס קעניגרייך פון דער קירך איז נישט פון דער דאָאיקער וועלט און איז פאַרגלייכבאַר מיט אַן אויסלענדישער מלוכה, וועמעס פאַרטרעטער זענען אינטערעסירט בלויז אין איין זאַך: צו ראַטעווען דעם מענטשנס נשמה נאָך זיין טויט.

פיכטעס בליק איז געווען געווענדט צו דער ערד, זיין גאָט איז געווען דער גאָט פון דער דאָאיקער וועלט. דעריבער האָט ער נישט געוואָלט אַרויסגעבן די יוגנט צו די גלחים, אָבער צו דער מלוכה יאָ, ווען אַפילו זי האָט בלויז איבערגעטראָגן די אויפגאַבן פון דער קירך אויפן פּאָליטישן געביט און געשטרעבט צום זעלבן ציל וואָס יענע: די פאַרקנעכטיקונג פונעם מענטשן אונטערן יאָך פון אַ העכערער מאַכט. וועט מען דאָ קאָנען אַרויס מיט איינווענדונגען, אַז פיכטעס דערציאונגס־לערעס האָבן אויך אייניקע ברייט־פאַרנעמיקע אַספּעקטן, דערהויפּט, וואו ער האַלט זיך ביי פּעסטאַלאָציס שפּורן; דאָס אַלעס פאַרלירט אָבער זיין ווערט, ווען מ׳האָט אין זינען די כוונות, וועלכע ער האָט געהאַט. דערציאונג איז אַנטוויקלונג פון כאַראַקטער, האַרמאָנישע אויסגעשטאַלטיקונג פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט. אָבער דאָס, וואָס די מלוכה טוט־אויף אויפן דאָזיקן געביט, איז פּוסטע בילדונגס־דרעסירונג, פאַרטיליקונג פון די נאַטירלעכע

---

באַקאַנט, אַז ער האָט ווען-עס-איז אין זיין לעבן געהאַט אַ פרייען געדאַנק, נישט געפינען קיין מנוחהדיק אָרט".

ווי קלאָר פיכטע האָט דעמאָלט געזען, האָבן גענוג דייטלעך באַוויזן די געשעענישן נאָך די אַזויגערופענע „באַפרייאונגס-מלחמות": די הייליקע אַליאַנץ, די קאַרלסבאַדער באַשלוסן, די רדיפות אויף די דעמאַגאָגן, קורץ — מעטערניכס סיסטעם, די אָפענע רעאַקציע אין פולן פאַרויסמאַרש אויף דער גאַנצער ליניע, די ברוטאַלע העצע קעגן אַלעמען, וועלכע האָבן אַמאָל גערופן דאָס פאָלק צום קאַמף קעגן נאַפּאָלעאָנען. וואָלט די טויטלעכע מגפה נישט געווען אַוועקגעלייגט פיכטען באַצייטנס, וואָלט מען זיך זיכער נישט געווען באַנוגנט מיטן בלויזן פאַרווערן זיינע „דערעס צו דער דייטשער נאַציע", ווי מ׳האָט עס טאַקע געטאָן. מ׳וואָלט אים זיכער נישט געווען באַהאַנדלט בכבודיקער ווי מ׳האָט באַהאַנדלט אַרנדטן, יאַנען און אַ סך אַנדערע, וועמעס פּאַטריאָטישע טעטיקייט האָבן אָנגערעגט און אַרויסגערופן די „באַפרייאונגס-מלחמות".

געפילן, פאַרשמעלערונג פונעם גייסטיקן אויסבליק, צעשטערונג פון דעם מענטשנס אַלע טיפערע כאַראַקטעראייגנשאַפטן. די מלוכה קאָן אויסהאָדעווען אונטערטאַנען אָדער — ווי פיכטע האָט עס אָנגערופן — בירגער, זי איז אָבער לגמרי נישט אימ־שטאַנד אויסצובילדן פרייע מענטשן, וועלכע זאָלן איבערנעמען זייערע ענינים אין די אייגענע הענט אַריין, ווייל זעלבסטשטענדיק דענקען איז די גרעסטע סכנה, פאַר וועלכער זי דאַרף מורא האָבן.

פיכטע האָט געמאַכט פון דער נאַציאָנאַלער בילדונג אַ פאָרמעלן קולט. און בכדי די נאַציאָנאַלע אויסבילדונג זאָל נישט זיין אויסגעשטעלט צו קיין שום קעגנ־שטראָם, האָט ער געוואָלט צונעמען די קינדער פון דער היים פון זייערע עלטערן. הגם ער איז געווען איבערצייגט, אַזאַ אַזאַ מיטל וועט זיך מוזן אָנשטויסן אויף גרויסע שוועריקייטן, האָט ער זיך אָבער געטרייסט דערמיט, וואָס ווען עס וועלן זיך סוף־כל־סוף געפינען שטאַטסמענער, וועלכע „וועלן אַליין זיין טיף איבערצייגט אין דער אומפעלבאַרקייט און זיכערקייט פון די פאָרגעשלאָגענע מיטלען", „וואָלט אויך געווען פון זיי צו דערוואַרטן, אַז זיי זאָלן גלייכצייטיק פאַרשטיין, אַז די מלוכה, ווי דער העכסטער פאַרוואַלטער פון די מענטשלעכע עסקים און ווי דער בלויז פאַר גאָט און פאַר זיין געוויסן פאַראַנטוואָרטלעכער אַפּיטרופּס פון די מינדעריעריקע, האָט דאָס פולשטענדיקע רעכט זיי אַרויפצוצווינגען זייערע אייגענע ישועה. איז דען פאַראַן ערגעצוואו אַ מלוכה, וועלכע זאָל צווייפלען, צי זי האָט דאָס רעכט צו צווינגען אירע אונטערטאַנען צו גיין אין מלחמה און צוצונעמען ביי די עלטערן די קינדער פאַרן דאָזיקן צוועק, אויב בלויז איינער פון זיי אָדער ביידע ווילן יאָ אָדער ווילן נישט?"

דאָס גיט דאָך די אָפּשפּיגלונג פונעם מענטשן, וועלכער האָט אין זיין לערע וועגן רעכט פאַרטראָטן דעם געדאַנק, אַז „מחוץ דעם שטאַט איז נישט פאַראַן קיין רעכט" און פאָרמולירט אָט־די ווערטער: „רעכט איז פרייהייט בהסכם מיט אַ געזעץ". עס פאַרשטייט זיך, אַז ביי פיכטען קומט אַלעס פאַר לטובת דעם מענטשן, אָבער זאָל אונדז דער גורל אויסהיטן פאַר אַזעלכע טובות, וועלכעס ברענגט אונדז אומווילנדיק אַרויס אין געדעכעניש דעם זאָג פונעם פּעסטאַלאָצי־פאָרשער הונצי־קער וועגן דער „פון דער מלוכה איינגעפירטער דרעסירונג פאַרן גליק פונעם פאָלק".

אויך די אַנדערע אידעען, וועלכע פיכטע האָט אַרויסגעבראַכט אין זיינע רע־דעס צו דער נאַציע, אַנטהאַלטן נישט קיין שפּור אַפילו פון אַן אמת פרייהייטלעכן גייסט, ווען אַפילו עס ווערט דאָרט זייער אַ סך גערעדט וועגן פרייהייט. אָבער דאָס איז געווען בלויז יענע פרייהייט, וועלכע פיכטע האָט געמיינט און דאָס איז געווען אַ פרייהייט פון אַ גאָר באַזונדערן מין. אָבער אויף איין אופן האָבן דידאָזיקע רעדעס געווירקט און ווירקן נאָך היינט: זיי האָבן גאַנץ היפּש צוגע־טראָגן זייער חלק אויסצואוואַרעמען אין דייטשלאַנד יענע פונקט אַזוי קינדישע ווי חוצפּהדיקע אַראָגאַנץ, וועלכע איז ווייט נישט לשבח דעם דייטשן נאָמען. מיר רעדן דאָ וועגן דעם פוסטן גלויבן אין דער „היסטאָרישער מיסיע פון די דייטשן", וועלכע

שפּראַצט הײַנט װידער אַרױס אַזױ בשפעדיק בײַ אונדז: פון זינט לוטערן פּראַװועט דידאַזיקע מאַנקאָליע אירע מאָדנע שטיק אין דער גאַנצער דײַטשער געשיכטע, אָבער בײַ פיכטען און העגעלן*) שטעלט זיך די דאָזיקע קראַנקע מאַנקאָליע אַרױס באַזונ־דערס בולט און זי האָט אַפילו איר װעג אין דער ליטעראַטור פונעם דײַטשן סאָציאַ־ליזם און איז מיט באַזונדערער ליבע געפּלעגט געװאָרן מצד לאַסאַלן. הוסטאָן סטיו־אַרט טשעמבערליין און זײַנע אַן אַ שיער נאָכגײַער, װעלכע האָבן מיט זײַער משוגעת פאַראומרײניקט דאָס דײַטשע גײַסטיקע לעבן, זענען פאַר דער מלחמה געװען די פּרעדיקער פון דער „דײַטשער מיסיע”, און זײ האָבן זיך אַרײַנגענומען אין זײַער קאָפּ צו באַװײַזן דעם אמת פון גײַבעלס באַקאַנטן זאָג:

„אונד עס מאַג אַן דויטשען װעזען
אײנמאַל נאָך די װעלט גענעזען”.

פיכטע איז געװען דער עלטערזײדע פון די טשעמבערלײַנס, װאָלטמאַנס, האַר־זעו׳ס, ראָזענבערגס, גינטערס און פון אַ סך אַנדערע, װעלכע גריבלען זיך הײַנט אין דער ראַסנטעאָריע און פּראָקלאַמירן די „עפּאָכע פונעם בלוט”. לכל־הדעות דאַרף מען אים נישט שטעלן אויף אײנאונדערזעלבער מדרגה מיט זײ, מחמת ער איז דאָך יעדנפאַלס געװען אַ מענטש פון גײַסטיקן פאַרנעם, װאָס דאָס קאָן מען װעגן זײַנע פּוסטע נאָכלויפער נישט זאָגן.

אין זײַנע רעדעס צו דער דײַטשער נאַציע האָט פיכטע פאַרטראָטן מיט אַ באַזונדערער לײַדנשאַפט און אויפן שטײַגער פון אַ ביבלישן נביא דעם גלויבן אין דער „װעלטגעשיכטלעכער מיסיע פון די דײַטשן”. דערהויפּט די פאָרעם און דער שפּראַכלעכער ריטם פון זײַנע רעדעס זענען דאָס געװען, װעלכע האָבן געהאַט אַזאַ טיפן אײַנפלוס אויף דער דײַטשער יוגנט. ער האָט באַצײכנט דאָס דײַטשע פאָלק װי דאָס פאָלק, װעלכעס איז באַשטימט פון גורל צו זײַן די „באַנײַאיקע געװינערן און באַנײַאיקע באַשאַפערן” פון דער מענטשהײט. „צװישן אַלע נײַערע פעלקער זענט איר עס, אין װעמען עס ליגט צומשטאַרקסטן דער שפּראָץ פון דער מענטש־לעכער פּערפעקציע און װעמען ס׳איז איבערגעגעבן געװאָרן דער פּראָגרעס פון איר אַנטװיקלונג”. אָבער אָט־די אמונה איז פאַר אים נישט גענוג; ער האָט פאַר־שאָלטן און מחרים געװען אַלץ און אַלעמען, װער ס׳איז נישט מסכים געװען מיט

*) שוין הערדער האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט אויפן דאָזיקן משונה־מאָדנעם קאַפּריז, װעלכער איז מיט דער צײַט געװאָרן אַ גײַסטיקער דעפעקט, װען ער האָט אַרײַנ־געלײגט אָט־די װערטער אין מויל פון יענעם עקסטראַװאַגאַנטן רעאַליסט דע װײַנאַ: „דײַטשלאַנדס מעלה באַשטײט פון אָט־די פיר פּרטים: װאָס זי האָט אין דער לאַנגער נאַכט פון דער גראָבער אומװיסנהײט געהאַט די ערשטע, די מערסטע, די גרעסטע דערפינדער און אין הונדערט יאָר אַרויסגעװיזן מער פאַרשטאַנד װי די אַנדערע פיר מײסטער־פעלקער צוזאַמען אין פיר טויזנט יאָר. מ׳קאָן מיט אַן אמת זאָגן: גאָט האָט געװאָלט קלוג מאַכן די װעלט דורך צװײ פעלקער — פאַר קריסטוסעס געבורט, דורך די גריכן, נאָך קריסטוסן, דורך די דײַטשן. די גריכישע חכמה קאָן מען אָנרופן דער אַלטער טעסטאַמענט. די דײַטשע — דער נײַער”. (הערדער, „בריפע צור בעפערדערונג דער הומאַניטעט”; 4־טע זאַמלונג, 1794).

זיין שיטה וועגן דער „דויטשהייט“, וואָס איז דאָך געווען נישט מער ווי נאַטירלעך פאַר אַזאַ אייגנווייליקן און אויטאָריטערן כאַראַקטער ווי זיינער. דערביי האָט ער אָבער אויך נישט פאַרגעסן צו פראָקלאַמירן זיין אייגענע לערע נישט נאָר ווי די עיקרדיקע און דווקא ווי די איינציקע פילאָזאָפיע פון די דייטשן און אָפּפאַרטיקן ווי נישט דייטשע די אידעען פון זיינע גרויסע קעגנער קאַנט און העגעל. דאָס איז אַ מעטאָד, וועלכער האַלט זיך נאָך ביז היינט צו טאָג אויף אין דייטשלאַנד, ווי די נייסטע געשיכטע באַווייזט דאָס אַזוי בולט. ס׳איז תמיד דיזעלבע געשיכטע: דער מענטש שאַפט זיך זיין גאָט לויט זיין אייגענעם געשטאַלט. פיכטע איז נישט געווען אומגערעכט, ווען ער האָט געזאָגט: „וואָס פאַר אַ פילאָזאָפיע מ׳קלויבט אויס פאַר זיך, איז געווענדט אין דעם, וואָס פאַר אַ מענטש מ׳איז“. אָבער ווען ער האָט געוואַגט צו מאַכן דעם פרואוו איבערצוטראָגן די ריין־פערזענלעכע אָפּשאַצונג אויף דער גאַנצער נאַציע, איז ער דערגאַנגען צו די מאוימדיקסטע סאָפיזמען, וועמעס טראַגישע ווירקונגען זענען נאָך אַפילו היינט נישט בייגעקומען געוואָרן.

פון די גרויסע פאַרטרעטער פון דער קלאַסישער פילאָזאָפיע אין דייטשלאַנד איז העגעל געווען דעריעניקער, וועלכער האָט צומטיפסטן באַאיינפלוסט זיינע צייט־חברים. במשך פון זיינע לעצטע יאָרן האָט ער געהערשט ווי אַן אַבסאָלוטער מאָנאַרך אינעם קעניגרייך פונעם גייסט, און קיינער האָט נישט געוואַגט זיך צו בונטעווען קעגן אים. מענער אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך שוין געהאַט דערוואָרבן אַ שם אויף די פאַרשידנדיקסטע געביטן, און אַזעלכע, פאַר וועמען ס׳איז געווען רעזערווירט אַ פירנדיקע ראָל אין דער צוקונפט, זענען געלעגן ביי זיינע פיס און אויפגעכאַפּט זיינע ווערטער ווי זיי וואָלטן געקומען פון אַן אָראַקל. זיינע געדאַנקען האָבן באַאיינפלוסט נישט בלויז די בעסטע קעפ פון דייטשלאַנד, אויך אין רוסלאַנד, פראַנקרייך, בעלגיע, דענעמאַרק און איטאַליע האָבן זיי געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג. ס׳איז אונדז היינט נישט גרינג ריכטיק אָפּצושאַצן יענע מעכטיקע אויסשטראַלונג פון אידעען; און נאָך מאָדנער ווערט דער אומשטאַנד, וואָס העגעלס השפעה האָט זיך געקאָנט אויסשפּרייטן אויף מענטשן פון אַלע פּאָליטישע און סאָציאַלע ריכטונגען — פאַרביסענע רעאַקציאָנערן און מיט צוקונפט־חלומות זיך אַרומטראָגנדיקע רעוואָלוציאָנערן; קאָנסערוואַטאָרס און ליבעראַלן; אַבסאָלוטיסטן און דעמאָקראַטן, מאָנאַרכיסטן און רעפּובליקאַנער, באַקעמפער און אָנהענגער פונעם אייגנטום — זיי אַלע האָבן געקלעפּט ווי פאַרכישופטע ביי די ברוסטן פון זיין חכמה.

ביים רוב פון זיי לאָזט זיך דידאָזיקע איבערראַשנדיקע ווירקונג דערקלערן נישט דווקא דורכן אינהאַלט פון דער העגעליאַנישער לערער; ס׳איז געווען דער אייגנאַרטיקער דיאַלעקטישער אופן פון זיין דענקען, וועלכער האָט זיי פאַרכאַפּט. קעגן די שטייפע באַגריפן פון זיינע פאָרגייער האָט העגעל אַרויסגעשטעלט די אידעע מכוח אַן אייביקן ווערן, און עס האָט אים דערביי ווייניקער אינטערעסירט

אָנצוכאַפּן די זאַכן אָן און פאַר זיך, ווי נאָכצוגיין זייערע באַציאונגען מיט אַנדערע דערשיינונגען. ער האָט אויסגעטייטשט אויף זיין אופן העראַקליטס טעזע וועגן דעם אייביקן שטראָם פון די זאַכן און אָנגענומען אַן אינערלעכן צוזאַמענהאַנג פון די דערשיינונגען, וועלכער מאַניפעסטירט זיך דורך דעם, וואָס יעדע איינע האָט אין זיך איר אייגענעם קעגנזאַץ, וועלכער מוז זיך אויסדריקן מיט אינערלעכער נויטווענדיקייט, בכדי צו מאַכן פלאַץ פאַר אַ נייער דערשיינונג, וועלכע איז אין איר מין פערפעקטער ווי ביידע ערשטע פאָרמען פון דאָזיקן ווערן. העגעל האָט דאָס אָנגערופן די טעזע, די אַנטיטעזע און די סינטעזע. אָבער היות ביי אים ווערט יעדע סינטעזע ווידער פאַרוואַנדלט אין אַ טעזע פון אַ נייעם פּראָצעס, אַנטשטייט אַזוי אַרום אַן אומאונטערבראָכענע קייט, וועמעס אייַנצלנע רינגען זענען פעסט איינגעקלאַמערט איינע אין די אַנדערע לויט אַן אייביקן געטלעכן פּלאַן.

אַדאַנק דערדאָזיקער שיטה האָט מען העגעלן אָנגענומען ווי איינעם פון די גרויסע פאָרלויפער פון דער אַנטוויקלונגס־לערע; מיט אומרעכט, מחמת דידאָזיקע ריין־ספּעקולאַטיווע אָנשויאונג האָט מסתמא קוים עפּעס אַ שייכות מיט דער אייגנטלעכער אַנטוויקלונגס־לערע. די גרויסע באַגרינדער פון דער אַנטוויקלונגס־טעאָריע האָבן מיטן דאָזיקן רעיון פאַרבונדן די פאָרשטעלונג, אַז אַלע אָרגאַנישע פאָרמען עקזיסטירן נישט יעדע פאַר זיך ווי אַ באַזונדערע איינהייט, אַז גיכער שטאַמען זיי אָפּ איינע פון די אַנדערע און טאַקע אויף אַזאַ אופן, אַז אַלע העכערע באַשעפענישן זענען אַרויסגעקומען פון די איינפאַכע פאָרמען. דערדאָזיקער פּראָצעס שטעלט צונויף אַזוי צו זאָגן דעם גאַנצן אינהאַלט פון דער געשיכטע פון דער אָרגאַניזירטער וועלט און פירט צו דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון די פאַרשידענע מינים אויף דער ערד, וועמעס בהדרגהדיקע אָדער אַפילו אין שנעלערן טעמפּאָ פאָרקומענדיקע טראַנספאָרמאַציע ווערט פאַראורזאַכט דורך די פאַרענדערונגען פון דער סביבה און פון די אויסערלעכע לעבנסבאַדינגונגען. קיין שום ערנסטן פאָרשער איז אָבער נישט איינגעפאַלן זיך פאָרצושטעלן דעמדאָזיקן פּראָצעס אין העגעלס זין; ווי אַן אייביקע איבערחזרונג פון דערזעלביקער דרייגלידערדיקער סכעמע, בהסכם מיט וועלכער די ערשטע פאָרעם מוז זיך מיט אַן אומברחמנותדיקער נויטווענדיקייט שטענדיק פאַרוואַנדלען אין איר היפּוך, בכדי דער אַלגעמיינער פּראָצעס פון דער אַנטשטייאונג זאָל קאָנען גיין אויף זיין נאַטירלעכן וועג. דערדאָזיקער אויסגעקליגלטער געדאַנק, וועלכער איז בלויז געווען אימשטאַנד צו אַרבעטן מיט טעזע און אַנטיטעזע, האָט נישט נאָר נישט קיין שום שייכות צו די ווירקלעכע דערשיינונגען פון לעבן, נייערט ער שטייט אין דער שרייענדיקסטער סתירה מיט דער אייגנטלעכער אַנטוויקלונגס־אידעע, וועלכע איז זיך סומך אויפן קאָנצעפּט פון אַן אָרגאַנישער אַנטשטייאונג און מוז שוין מהאי טעמה אָפּוואַרפן יעדע מעגלעכקייט, אַז איין מין קאָן זיך פאַרוואַנדלען אין זיין היפּוך און אים באַטראַכטן ווי אַ פּוסטע שפּעקולאַציע פון אַ פאַרבלאָנדזשעטער איינבילדונג.

אָבער העגעל איז אויך געווען יענער, וועלכער האָט אונדז געבראַכט דאָס

דענקען אין קאַטעגאָריעס, וועלכעס האָט אָנגעמאַכט און מאַכט נאָך אַלץ אָן אַזאַ געוואַלדיקע קאָנפוזיע אין די מוחות. דערמיט, וואָס ער האָט פאַר גאַנצע פעלקער צוגעטראַכט באַשטימטע אייגנשאַפטן און כאַראַקטער־שטריכן, וועלכע מ׳האָט אין בעסטן פאַל געקאָנט פעסטשטעלן נאָר ביי יחידים, אָבער פאַראַלגעמיינערטע מוזן זיי דערפירן צו די אומזיניקסטע קאָנקלוזיעס, האָט ער אַזוי אַרום אויסגעלייגט דעם וועג פאַר די משונה־ווילדע באַגריפן פון אונדזערע מאָדערנע ראַסן־טעאָרע־טיקער און פאַר די קאָלעקטיווע אורטיילן מכוח דעם ווערט פון אַן אָרגאַנטער „פעלקער־פסיכאָלאָגיע" און אַרויסגעבראַכט יענעם קאַשמאַרישן רוח, וועלכער פאַר־ראַליזירט דאָס דענקען און שטופּט עס אַראָפּ פון זיין נאַטירלעכן דרך־הישר. וואָס העגעל האָט חוץ דעם געשריבן, איז היינט שוין לאַנג פאַרגעסן, אָבער זיין מעטאָד וועגן דער אַנטשטייאונג פון די קאָלעקטיווע באַגריפן פּראַווועט נאָך ווילדע שטיק אין די מוחות פון די מענטשן און פאַרפירט זיי נישט זעלטן צו די געוואַגטסטע באַהויפּטונגען און משונהדיקסטע קאָנקלוזיעס, וועמעס דערגרייכונגען דער רוב מענטשן קאָן זיך קוים פאָרשטעלן.*)

העגעל האָט באַגליקט יעדעס פאָלק, וועלכעס האָט אין לויף פון די געשעע־נישן געשפּילט אַ וועלטגעשיכטלעכע ראָל, מיט אַ באַזונדערן גייסט, וועמעס אויפ־גאַבע ס׳איז געווען דורכצופירן גאָטס פּלאַן. אָבער יעדער פאָלקסגייסט איז דאָך בלויז „אַן אינדיווידואום אין לויף פון דער וועלטגעשיכטע", וועמעס העכערן צוועק ער דאַרף דערפילן. פאַרן מענטשן בלייבט אין דערדאָזיקער וועלט פון גייסטער ווייניק פּלאַץ. ער עקזיסטירט נאָר אויף אַזוי ווייט, אינוויווייט ער דאַרף דינען אַלס אויסדרוקסמיטל פאַר עפּעס אַ קאָלעקטיוון גייסט. זיין ראָל איז פאַר אים דעריבער אָנגעצייכנט קלאָר אין פאָרויס:

„די שייכות פונעם יחיד דערצו (צום פאָלקס־גייסט) איז, אַז ער זאָל זיך אָנאייגענען דידאָזיקע סובסטאַנציעלע וועזנטלעכקייט, אַז דאָס זאָל ווערן זיין אייגנאַרט און מהות, בכדי ער זאָל זיין עפּעס. ווייל ער געפינט פאַר זיך

---

*) אין זיין אויסגעצייכנט ווערקל „ראַסע און פּאָליטיק" באַמערקט יוליוס גאָלדשטיין זייער ריכטיק: „די פּוסטע סכעמע פון זיין (העגעלס) דענקען האָט ווייטער אָנגעמאַכט אַ חורבן ביי יענע מענער, — מערקווירדיקערווייז זענען עס על־פּי־רוב אויסלענדער — וועלכע האָבן געדעכנט צו געפינען דעם שליסל פאַר דער פאַרשטענדעניש פון דער וועלט אין דער ראַסע. גאָבינאָ, לאַפּוזש, טשעמבערליין, וואָלטמאַן שטייען אין גדר פון אַ העגעל־יאַניזם מיט נאַטוראַליסטישע פּליטערלעך; העגעליאַניזם איז עס, ווען אָנשטאָט דעם גייסט פון יחיד, ווערט אַריינגעצויגן דער גייסט פון שטאַט פאַר דער דערקלערונג פון גייסטיקע שאַפונגען; העגעליאַניזם איז עס, ווען יעדע קאָנטינגענץ ווערט פאַרטריבן פון דער געשיכטע און די גורלות פון די פעלקער ווערן קאָנסטרואירט בהסכם מיט אין פאָרויסגענו־מענע אידעען וועגן דעם, וואָס אַ ראַסע קאָן יאָ אָדער נישט לייסטן; העגעליאַניזם איז עס, ווען גערמאַנענטום און סעמיטנטום ווערן אַרויסגעשטעלט אין לאָגישער אויסשליסלעכקייט איינס קעגן אַנדערן און מיט האַרטער ראַציאָנאַליסטישער פאָרמול ווערט געלייקנט יעדע טיפערע לעבנס־שייכות צווישן זיי. העגעליאַניזם איז עס, לסוף, ווען די ביזאַנטיקע און די קומענדיקע אויסוויקלונג פון דער געשיכטע דאַרף דערקלערט ווערן אומעטום בהסכם מיטן איינאיינציקן אַנטשיידנדיקן פאַקטאָר, דער ראַסע, אָן איינזעעניש אויף פאַרשידנאַר־טיקייט פון די אין די פאַרשידענע עפּאָכן ווירקזאַמע כוחות".

די וועזנטלעכקייט פונעם פאָלק ווי אַ שוין פאַרטיקע, פעסטע וועלט, אין וועלכער ער האָט זיך אַריינגעשטעלט. אין אָט־דעם ווערק זיינעם, אין זיין וועלט, לעבט זיך אויס און באַקומט אַ תיקון דער פאָלקס־גייסט און איז באַ־פרידיקט*).

אַזוי ווי העגעל האָט געהאַלטן, אַז היות דער „וועלטגייסט" האָט זיך געשאַפן אַ ווערקצייג פאַר דער דורכפירונג פון זיינע געהיימענישפולע פּלענער, לעבט אין יעדן פאָלק אַ ספּעציעלער גייסט, וועלכער מאַכט עס ערשט פּעאיק פאַר זיין צוגעטראַכטער אויפגאַבע, איז פון דעם געדרונגען, אַז אויף יעדן פאָלק איז אַרויפגעלייגט אַ „היסטאָרישע מיסיע", וועלכע באַשטימט פון פאַרויס יעדן אויס־דרוק פון זיין געשיכטלעכער אַקטיוויטעט. דידאָזיקע מיסיע איז זיין גורל, זיין באַ־שטימונג, וועלכע איז רעזערווירט נאָר פאַר אים אַליין און נישט פאַר קיין שום אַנדער פאָלק און וועלכע ער איז מיט זיין אייגענעם כוח נישט אימשטאַנד צו ענדערן.

פיכטע האָט געפּרואווט צו דערקלערן די פון אים געפּרעדיקטע „מיסיע פון די דייטשן" דורך דער באַזונדערער אַרט פון זייער געשיכטע. ער האָט דערביי אָוועק־געשטעלט די געוואָגטסטע באַהויפּטונגען, איבער וועלכע די צייט האָט שוין לאַנג אַריבערגעשפּאַנט; יעדנפאַלס האָט ער געזוכט פאַרשטענדלעכע סיבות, בכדי צו רעכטפאַרטיקן יענע מכלומרשטע מיסיע. לויט העגלען אָבער איז די מיסיע פון זיין פאָלק נישט דער רעזולטאַט פון זיין געשיכטע; די מיסיע, מיט וועלכער ס'איז פאַרטרויט געוואָרן פונעם וועלטגייסט, שטעלט גיכער צוזאַמען דעם אינ־האַלט פון זיין געשיכטע; און דאָס אַלעס פּאַסירט, בכדי דער גייסט זאָל דערגיין „צום באַוואוסטזיין פון זיך גופא".

דערמיט איז העגעל געוואָרן דער מאָדערנער באַשאַפער פון יענער בלינדער טעאָריע וועגן פאַטאַליזם, וועמעס פאַרטרעטער זעען אין יעדן געשעעניש אין דער געשיכטע אַ „היסטאָרישע נויטווענדיקייט", אין יעדן ציל, וועלכע מענטשן האָבן זיך געשטעלט, אַ „געשיכטלעכע מיסיע". אין אָט־דעם זין איז העגעל נאָך אַלץ אַקטועל, מחמת אויך היינט רעדט מען דאָך נאָך מיט דער גאַנצער ערנסטקייט וועגן דער היסטאָרישער מיסיע פון אַ ראַסע, פון אַ נאַציע אָדער פון אַ קלאַס, און ס'פאַלט אַפילו נישט איין דעם רוב, אַז יעדער איינער פון דידאָזיקע פאַטאַליסטישע באַ־גריפן, וועלכע ווירקן אַזוי פאַראַליזירנדיק אויף דער טעטיקייט פון די מענטשן, ליגט פאַרוואָרצלט אין העגעלס אופן פון דענקען.

און פונדעסטוועגן איז עס בלויז אַ בלינדער גלויבן, וועלכער קומט דאָ צום אויסדרוק, אַ גלויבן, וועלכער האָט נישט קיין שום שייכות צו דער ווירקלעכקייט פון לעבן און וועמעס מסקנות מ'קאָן מיט גאַרנישט באַווייזן. די גאַנצע גערעדעריי וועגן דער „אומבאַדינגטער נויטיקייט פון די היסטאָרישע פּאַסירונגען" און וועגן די „געשיכטלעך באַדינגטע נויטווענדיקייטן" פונעם גוזעלשאַפטלעכן לעבן —

*) העגעל, „פאָרלעזונגען איבער די פילאָזאָפי דער געשיכטע".

פּוסטע פאָרמולעס, וועלכע זענען פון די אָנהענגער פון מאַרקסיזם איבערגעחזרט געוואָרן ביז צו איבערדריסיקייט — וואָס איז זי דען, אויב נישט אַ נייע אמונה אין גורל, וועלכע איז אַרויסגעדרונגען פון העגעלס גייסטערוועלט, מיטן בלויזן חילוק, וואָס אין אָט־דעם פאַל האָבן די „פּראָדוקציע־פאַרהעלטענישן" איבערגע־נומען די ראָל פונעם „אַבסאָלוטן גייסט"? און פונדעסטוועגן ווייזט אונדז דאָס לעבן צו יעדן מאָמענט, אַז דידאַזיקע אַלע „היסטאָרישע נויטווענדיקייטן" האָבן נאָר אַזוי לאַנג אַ קיום, כּל־זמן די מענטשן נעמען זיי אָן און שטעלן קעגן זיי נישט אַרויס קיין ווידערשטאַנד. אין דער געשיכטע זענען לגמרי נישט פאַראַן קיין בעל־כּרחודיקע פּאַסירונגען, נאָר צושטאַנדן, וועלכע מ'טאָלערירט און וועל־כע פאַרשווינדן וויבאַלד די מענטשן פאַרשטייען זייערע סיבות און בונטעווען זיך קעגן זיי.

העגעלס באַרימטער זאָג: „וואָס ס'איז פאַרנינפטיק, דאָס איז ווירקלעך און וואָס ס'איז ווירקלעך, דאָס איז פאַרנינפטיק" — ווערטער, וועמען קיין שום דיאַ־לעקטישע סאָפיסטיק איז נישט אימשטאַנד צוצונעמען זייער אמתן זין — זענען טאַקע דערפאַר געוואָרן דער לייטמאָטיוו פון יעדער רעאַקציע, ווייל זיי שטעלן אַוועק ווי אַ באַזישן פּרינציפּ די הסכּמה אויף די עקזיסטירנדיקע אומשטענדן און פּרוּוון צו באַרעכטיקן יעדע נידערטרעכטיקייט, יעדן מענטשנאומווירדיקן מצב מיט דער אומפאַרענדערבאַרקייט פון דעם „היסטאָריש נויטווענדיקן". ס'איז בלויז אַ נאָכמאַכונג פונעם העגלישן סאָפיזם, ווען די פירער פונעם דייטשן סאָציאַליזם זענען ביז איצט תּמיד געווען געניגט צו זען אין יעדער געזעלשאַפטלעכער צרה אַ פּועל־יוצא פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפטסאָרדענונג, וועלכער מ'מוז, ווילנדיק צי נישט־ווילנדיק, אָננעמען באהבה, ביז די צייט וועט זיין פּאַסיק פאַר אַן ענדערונג אָדער — כּדי צו רעדן מיט העגעלס ווערטער — ביז די טעזע וועט זיך פאַרוואַנדלען אין דער אַנטיטעזע. איז דען אין תּוך פון דאַזיקן באַנעם פאַראַן עפּעס אַנדערש ווי העגלישער פאַטאַליזם, אָנגעווענדט אויפן עקאָנאָמישן געביט? מ'גייט־איין אויף די הערשנדיקע צושטאַנדן און מ'פילט נישט, אַז מ'דערשלאָגט דעם גייסט, וועלכער בונטעוועט זיך קעגן דעם עקזיסטירנדיקן אומרעכט.

קאַנט האָט אַוועקגעשטעלט ווי אַן עיקר־פּרינציפּ פון דער געזעלשאַפטלעכער מאָראַל די אונטערוואַרפונג פונעם אונטערטאַן אונטער דער מאַכט פון שטאַט; פיכטע האָט געוואָלט האָבן, אַז יעדער מין רעכט שטאַמט־אָפּ פונעם שטאַט און אים געוואָלט איבערענטפערן די גאַנצע יוגנט, בכדי ס'זאָל די דייטשן סוף־כּל־סוף באַוויליקט ווערן „צו זיין דייטשן אין אמתן זין, נעמלעך שטאַטסבירגער". העגעל האָט אָבער אַרויסגעשטעלט דעם שטאַט ווי אַ זעלבסטצוועק, ווי „די ווירקלעכקייט פון דער זיטלעכער אידעע", ווי דעם „גאָט אויף דער ערד". קיינער האָט נישט גע־מאַכט אַזאַ קולט פונעם שטאַט, קיינער האָט נישט פאַרוואָרצלט אַזוי טיף דעם גייסט פון דער פרייוויליקער קנעכטשאַפט אין די מוחות פון די מענטשן ווי ער. ער האָט דערהויבן די שטאַטס־אידעע צו אַ רעליגיעזן פּרינציפּ און אַוועקגעשטעלט

אין איין ליניע די אַנטפּלעקונגען פונעם נייעם טעסטאַמענט און די אין פּאַראַגראַפן איינגעראַמטע יורידישע באַגריפן פונעם שטאַט. „מחמת ס׳איז איצט באַוואוסט, אַז דאָס מאָראַלישע און רעכטלעכע אינעם שטאַט איז אויך דאָס געטלעכע און גאָטס געבאָט און אַז לויטן תוכן איז נישט פאַראַן קיין העכערס און הייליקערס״.

העגעל האָט אויף פאַרשידענע אופנים באַטאָנט, אַז זיין באַנעם פונעם שטאַט האָט ער צו פאַרדאַנקען די פאַרצייטיקע, בעיקר פּלאַטאָן; אָבער וואָס עס איז באמת געשטאַנען פאַר זיינע אויגן, איז געווען דער אַלטער פּרייסישער שטאַט, יענץ פאַרזעניש, וועלכעס איז אויסן געווען צו פאַרבייטן דעם מאַנגל אין גייסט מיט קאַזאַרמעדיקער דרעסירונג און ביוראָקראַטישער טעמפּקייט. רודאָלף האַים איז נישט געווען אומגערעכט, ווען ער האָט באַמערקט מיט בייסנדיקער איראָניע, אַז ביי העגלען „האָט די שיינע געשטאַלט פונעם אַנטיקן שטאַט באַקומען אַ שוואַרצווייסע קאָליר״. פאַקטיש איז העגעל געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי דער שטאַטס־פילאָזאָף פון דער פּרייסישער רעגירונג, און ער האָט קיינמאָל נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט צו רעכטפאַרטיקן אַלע אירע מעשים תעתועים. די הקדמה צו זיין „רעכטספילאָזאָפי״ איז אַ פאַרביסענע פאַרטיידיקונג פון די מיזעראַבלע פּרייסישע צושטאַנדן, אַ חרם־קללה קעגן אַלע, וועלכע האָבן געוואַגט צו פּרואוון צעטרייסלען דאָס טראַדיציאָנעלע. אַזוי איז ער אַרויסגעטראָטן מיט אַ שאַרפקייט, וועלכע איז געווען גלייך צו אַן עפנטלעכער דענונציע, קעגן דעם פּראָפעסאָר י. פ. פריס, וועלכער איז ביי דער יוגנט געווען שטאַרק באַליבט צוליב זיינע ליבעראַל־פּאַטריאָטישע אידעען, דערפאַר, וואָס ער האָט אין זיין עסיי „פאָם דויטשען בונד אונד דויטשער שטאַטספערפאַסונג״ זיך נישט אָפּגעהאַלטן צו באַהויפּטן, אַז אין אַן אמתער געזעלשאַפט „קומט דאָס לעבן פון אונטן״ — פונעם „אַזויגערופענעם פאָלק״, ווי העגעל האָט איראָניש באַמערקט. אַזאַ באַנעם איז אין זיינע אויגן נאַטירלעך געווען הויכפאַרראַט, הויכפאַרראַט קעגן דער „אידעע פונעם שטאַט״, וועלכע איז, לויט אים, די איינציקע, וועלכע איז אימשטאַנד צו געבן לעבן אַ פאָלק און זי איז דעריבער העכער איבער יעדער קריטיק; ווייל דער שטאַט פאַרקערפּערט דאָך אין זיך די „מאָראַלישע שלימות״, במילא איז ער אויך „דער מאָראַלישער אין זיך״ אויב האַים האָט קוואַליפיצירט די דאָזיקע איינפאַלן העגעלס ווי אַ „וויסנשאַפטלעכע רעכטפאַרטיקונג פונעם קאַרלסבאַדער פּאָליציי־סיסטעם און פון די רדיפות אויף די דעמאַגאָגן, האָט ער נישט געזאָגט אַפילו איין וואָרט צופיל*).

דער פּרייסישער שטאַט האָט געהאַט אַ ספּעציעלע צוציאונג פאַר העגלען קודם־כל דערפאַר, ווייל אים האָט זיך אויסגעוויזן צו האָבן געפונען אין אים יענע אַלע נייטיקע תנאים וועלכע זענען איבערהויפּט אַנטשיידנדיק פאַרן וועזן פונעם שטאַט. פּונקט ווי דע מעסטר און באָנאַל, די גרויסע נביאים פון דער רעאַקציע אין פראַנקרייך, אַזוי האָט אויך העגעל דערקלערט, אַז יעדער מין אויטאָריטעט

*) רודאָלף האַים, העגעל און זיין צייט, בערלין 1857.

האָט זיין שורש אין דער רעליגיע. דעריבער איז דער העכסטער ציל פון זיין לעבן געווען צוזאַמענצוגיסן אויפן ענגסטן אופן דעם שטאַט מיט דער רעליגיע, ביידע צונויפצושמעלצן אַזוי צו זאָגן אין איין גרויסער איינהייט, וועמעס איינצלנע טיילן זאָלן זיין אָרגאַניש צונויפגעוואָקסן צווישן זיך. דער קאַטוילִיציזם האָט זיך אים אויסגעוויזן ווייניק צוגעפּאַסט פאַר אָט־דער אויפגאַבע און, כאַראַקטעריסטיש, דערפאַר נישט, ווייל ער דערלאָזט צופיל שפּילפּלאַץ פאַרן געוויסן פונעם מענטשן.

„אין דער קאַטוילישער קירך דאַגעגן — זאָגט זיך אין דער „פילאָזאָפיע פון דער געשיכטע" — קאָן דאָס געוויסן זייער לייכט אַרויסגעשטעלט ווערן קעגן די געזעצן פונעם שטאַט. קעניגסמאָרדן, פאַרשווערונגען קעגן שטאַט א. ד. גל. זענען גאַנץ אָפט געשטיצט און דורכגעפירט געוואָרן דורך די גלחים".

דאָס איז דער אמתדיקסטער העגעל, און מ'פאַרשטייט, פאַרוואָס זיין ביאָגראַף, ראָזענקראַנץ, זאָגט וועגן אים, אַז זיין אַמביציע איז געווען צו ווערן דייטשלאַנדס מאַקיאַוועלאָ. אַוודאי איז עס געפערלעך פאַרן שטאַט, ווען זיינע בירגער האָבן אַ געוויסן; אין וואָס ער נייטיקט זיך, זענען מענטשן אָן געוויסן, אָדער, בעסער געזאָגט, מענטשן, וועמעס געוויסן איז אידענטיפיצירט מיטן שטאַטס־ראַזאָן און ביי וועמען דאָס געפיל פון פערזענלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט ווערט פאַרביטן דורכן אויטאָמאַטישן באַוואוסטזיין צו האַנדלען אין אינטערעס פונעם שטאַט.

פאַר דערדאָזיקער אויפגאַבע איז, לויט העגלען, בלויז באַרופן דער פּראָטעס־טאַנטיזם, מחמת דורך דער פּראָטעסטאַנטישער קירך „איז צושטאַנדגעקומען דאָס איבערבעטן זיך פון דער רעליגיע מיטן רעכט. ס'איז נישט פאַראַן קיין הייליק, קיין רעליגיעז געוויסן, וועלכעס זאָל זיין אָפּגעזונדערט אָדער גאָר פיינטלעך צום וועלט־לעכן רעכט". אויפן דאָזיקן וועג איז דער ציל קלאָר אָנגעצייכנט געוואָרן: פון דער איבערבעטונג פון דער רעליגיע מיטן וועלטלעכן רעכט ביז צו דער פאַרגעטלעכונג פונעם שטאַט איז געווען בלויז איין שריט און העגעל האָט געמאַכט דעמדאָזיקן שריט מיטן פולן באַוואוסטזיין פון זיין אינערלעכער לאָגיק.

„ס'איז גאָטס חסד אויף דער וועלט, וואָס דער שטאַט עקזיסטירט; זיין פונדאַמענט איז די געוואַלט, וועלכע דריקט זיך אויס ווי אַ ווילן פון פאַרוויר־קלעכנדיקער פאַרנונפט. ביי דער אידעע פונעם שטאַט מוז מען נישט אינזינען האָבן באַזונדערע שטאַטן, נישט באַזונדערע אינסטיטוציעס; מ'דאַרף גיכער באַטראַכטן די אידעע פאַר זיך, דעמדאָזיקן ווירקלעכן גאָט".

און פונדעסטוועגן האָט דערדאָזיקער כהן־גדול פון דער אויטאָריטעט פאַר יעדן פרייז באַוויזן אין לעצטן קאַפּיטל פון זיין „פילאָזאָפיע פון דער געשיכטע" אָנצושרייבן פאָלגנדיקע ווערטער: „מחמת די וועלטגעשיכטע איז דאָך נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר די אַנטוויקלונג פונעם באַגריף פון דער פרייהייט". ס'איז, יעדנ־פאַלס, געווען די העגעלשע פרייהייט, וועגן וועלכער ער האָט גערעדט, וועלכע האָט

אויסגעזען פונקט אַזוי ווי די באַרימטע איבערבעטונג פון דער רעליגיע מיטן רעכט. פאַר דער באַרואיקונג פון שוואַכע הערצער האָט ער טאַקע באַלד צוגעגעבן:

„די אָביעקטיווע פרייהייט אָבער, די געזעצן פון דער רעאַלער פרייהייט, פאַרלאַנגען די אונטערוואַרפונג פונעם צופעליקן ווילן, מחמת ער איז בכלל פאָרמעל. אויב דאָס אָביעקטיווע איז אין זיך גופא פאַרנינפטיק, מוז דאָך אויך דער באַנעם פון דערדאָזיקער פאַרנונפט זיין אַן אַנטשפּרעכנדיקער, און דעמאָלט איז אויך פאַראַן דער עסענציעלער עלעמענט פון דער סוביעקטיווער פרייהייט".

דער זין פון דער רעדע איז היפּש טונקל, ווי אַלעס, וואָס העגעל האָט געשריבן, אָבער אין תוך באַדייט עס נישט עפּעס אַנדערש ווי דאָס אָפּזאָגן זיך פונעם פערזענלעכן ווילן אין נאָמען פון דער פרייהייט; ווייל איז דאָך די פרייהייט, וועלכע העגעל האָט געמיינט, נישט געווען עפּעס אַנדערש ווי אַ פּאָליצייאישער באַגריף. נישט ווילנדיק דערמאָנט מען זיך ראָבעספּיערס ווערטער: „די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג איז דער דעספּאָטיזם פון דער פרייהייט קעגן דער טיראַניי". דער אַדוואָקאַט פון אַראַס, וועלכער פלעגט זיך לייגן שלאָפן מיט דער „פאַרנונפט", בכדי אויפצושטיין מיט דער „טוגנט", וואָלט געווען העגעלס אַ גוטער תלמיד.

מ׳האָט אָפט אָנגעוויזן אויפן סאָציאַלקריסטלעכן כאַראַקטער פון די יונג־העגעליאַנער, בכדי דערמיט צו באַווייזן, אַז אַזאַ אידעען־טענדענץ קאָן אַרויסקומען נאָר פון אַ רעוואָלוציאָנערן קוואַל. פונדעסטוועגן וואָלט מען מיט פיל מער רעכט געקאָנט ענטפערן דערויף, אַז אַ גאַנצע מחנה האַרטנעקיקסטע און פאַרביסנסטע רעאַקציאָנערן זענען אַרויסגעקומען פון העגעלס שול. מ׳דאַרף אויך נישט פאַרגעסן, אַז דווקא דער יונגהעגעליאַניזם האָט אַריבערגעטראָגן אַ היפּשן סכום רעאַקציאָנערע באַשטאַנדטיילן אין אַנדערע לאַגערן אַריין, וואו ער בליט נאָך טיילווייז ביז צום היינטיקן טאָג.

העגעלס שפּיל מיט פוסטע ווערטער, וועמעס אינהאַלטסלאָזיקייט ער האָט פאַרשטאַנען צו פאַרבאַרגן דורך פונקט אַזאַ אָנגעדראָלענער ווי אומפאַרשטענדלעכער סימבאָליק, האָט במשך פון צענדליקער יאָרן קינסטלעך געמאַכט שווער דעם אינערלעכן דראַנג צו אמתן וויסן און נישט איין פעאיקן קאָפּ פאַרפירט נאָכצויאָגן זיך נאָך די שאָטנבילדער פון פוסטע שפּעקולאַציעס, אַנשטאָט זיך מער צו דערנענטערן צו דערווירקלעכקייט פונעם לעבן און צו אָריענטירן האַרץ און מוח פאַר דער רעקאָנסטרוקציע פון די געזעלשאַפטלעכע לעבנסבאַדינגונגען.

איך זאָג עס דיר: אַ מענטש, וואָס שפּעקולירט,
איז ווי אַ בהמה אויף אַ טרוקענעם פעלד
פון אַ בייזן גייסט אין קרייז אַרומגעפירט,
און אַרום און אַרום ליגט אַ שיינע גרינע וועלט.

דער פּרייסישער שטאַטס־פילאָזאָף העגעל האָט געקאָנט האָבן געדינט געטען

ווי אַ מאָדעל ביים אָנוואַרפן דעמדאָזיקן קרעפטיקן אמת. פאַקטיש איז ער במשך פון זיין גאַנץ לעבן אַרומגעפירט געוואָרן אין אַ קרייז פון יענע געשפּענסטער, וועלכע ער אַליין האָט אַרויסגערופן. טויזנטער זענען אים נאָכגעגאַנגען ווי אַ פאַנענטרעגער פון דערקענטעניש און זיי איז אַפילו נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן, אַז ס'איז נישט מער ווי אַ פאַרבלענדעניש, אַ פאַלש ליכט, וועלכעס האָט געבלישטשעט איבער זומפּן, וועלכעס האָט זיי אַריינגענאַרט אַלץ טיפער אינעם נעפּלדיקן קעניגרייך פון אַן אומפּרוכפּעריקער מעטאַפיזיק.

אויף דער גרויסער באַוועגונג פונעם סאָציאַליזם האָט די „העגעליי" געווירקט אין דער געשטאַלט פונעם מאַרקסיזם ווי דער שימל אויף דער יונגער זריע. זי האָט באַדעקט מיט שאַנד סען סימאַנס לעבנסברויזנדיקע ווערטער: „געדענק, מיין זון, אַז מ'מוז זיין באַגייסטערט, בכדי אויפצוטאָן גרויסע זאַכן" דערמיט, וואָס זי האָט געלערנט די מענטשן צו צוימען זייער לעכצעניש און זיך אויפמערקזאַם צוצוהערן צום מאָנאָטאָנעם טיקטאַק פונעם זייגער, וועלכער ברענגט צום אויסדרוק דאָס שטורמע געוועלטיקן פון די אומפאַרענדערלעכע געזעצן, בהסכם מיט וועלכע עס וויקלט זיך מכלומרשט אויס יעדער אויפקום און אומקום אין דער געשיכטע. אָבער דער פאַטאַליזם איז דער קבֿרן פון יעדער פלאַקערנדיקער גאַרעניש, פון יעדער אידעאַלער שטרעבונג, פון יעדער איבערפלייצנדיקער קראַפט, וועלכע ראַנגלט זיך צו באַקומען אויסדרוק און זיך פאַרוואַנדלען אין שעפערישער טאַט. ווייל ער טויט־אָפּ דעם אינערלעכן ביטחון און די טיפע אמונה אין דער גערעכטיקייט פון אַן אידעאַל, וועלכער איז גלייכצייטיק די אמונה אין דער אייגענער קראַפט. ווען פרידריך ענגלס האָט זיך באַרימט: „מיר, דייטשע סאָציאַליסטן, זענען שטאָלץ אויף דעם, וואָס מיר שטאַמען־אָפּ נישט נאָר פון סען סימאָן, פוריע און אָוען, נאָר אויך פון קאַנט, פיכטע און העגעל", איז עס דאָך אייגנטלעך נישט געווען דערדאָזיקער אָפּשטאַם, וועלכער האָט דעם סאָציאַליזם אין דייטשלאַנד געגעבן יענעם וויסטן און פוסטן אויטאָריטערן כאַראַקטער. בלי שום ספק וואָלט דער דייטשער סאָציאַליזם געווען מער באַפרוכפּערט געוואָרן, ווען ער וואָלט געווען באַקומען מער אינספּיראַציע פון לעסינגן, הערדערן און זשאַן פאַולן, אַנשטאָט צו גיין אין דער שול פון קאַנט, פיכטע און העגעל.

זיין רעוואָלוציאָנער הייסט דורך באַנוץ פון דער אייגענער קראַפט אויסצוקעמפן געזעלשאַפטלעכע ענדערונגען. פאַטאַליזם ווידער איז עס שלום צו מאַכן מיט די זאַכן אַזוי ווי זיי זענען, ווייל מ'האַלט, אַז מ'איז נישט אימשטאַנד זיי צו ענדערן. נאָר אַ פאַטאַליסט אינעם ערגסטן זין פון וואָרט האָט געקאָנט אַרויסברענגען די ווערטער: „וואָס ס'איז פאַרנינפטיק, דאָס איז ווירקלעך, און וואָס ס'איז ווירקלעך, דאָס איז פאַרנינפטיק". שלום מאַכן מיט דער וועלט אַזוי ווי זי איז, איז דער גייסטיקער פאַרבאַדינג פון יעדן מין רעאַקציע; **מחמת רעאַקציע איז נישט עפּעס אַנדערש ווי שטילשטאַנד בהסכם מיט אַ פּרינציפּ.** העגעל איז געווען רעאַקציאָנער פון קאָפּ ביז צו די פיס; יעדעס פרייהייטלעכע געפיל איז אים געווען לגמרי פרעמד, ווייל ס'האָט זיך

נישט אַריינגעפּאַסט אין די ענגע ראַמען פון זיינע פּאַטאַליסטישע באַגריפן. ער איז געווען דער שטייפער, אומברחמנותדיקער פאַרטיידיקער פון אַ גייסטלאָזן אויטאָרי־טעטספּרינציפּ, נאָך ערגער ווי באָנאַל און דע מעסטר, מחמת זיי האָבן בלויז אין דער פּערזאָן פונעם מאָנאַרך געזען די לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פון יעדער הער־שאַפט, בעת העגעל אָבער האָט גענומען אַ פּאָליטישע מאַשין, וועלכע צעמאָלט און צעקוועטשט מיט אירע אומברחמנותדיקע גלידער די מענטשן און דערנערט זיך פון זייער שווייס און בלוט, אַזן זי אַרויסגעשטעלט ווי אַ כלי פון יעדער מין מאָראַל, פון איר געמאַכט אַ „גאָט אויף דער ערד״. דאָס איז זיין ווערק פאַר דער געשיכטע.

## XII

# די דעמאָקראַטיע און דער נאַציאָנאַלער שטאַט

דאָס פאַרהעלטעניש צווישן געזעלשאַפט און שטאַט. — פאָלק און נאַציע. — דער שטאַט ווי אַ פּאָליטישע קירכלעכע אָרגאַניזאַציע. — די נאַציאָנאַלע אָנגעהעריקייט ווי אַ פּאָליטישע באַקענטעניש צו אַ רעליגיע. — די דעמאָקראַטיע ווי אַ פאָרויסגייערן פונעם מאָדערנעם נאַציאָנאַלבאַוואוסטזיין. — לאַסאַל וועגן דעמאָקראַטיע און נאַציע. — נאַציע און נאַציאָנאַליטעט. — אַן אָפּקלאַנג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אין דייטשלאנד. — סאָציאַלע צושטאַנדן. — די פרעמדהערשאַפט. — פּרייסנס צוזאַמענברוך. — די אַנטשטייאונג פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. — אַרנדט און פיכטע. — שאַרנהאָרסט און גנייזענאַו. — די שטרעבונגען פון פרייהער פאָן שטיין. — אינטריגעס פונעם פּרייסישן יונקערטום. — פירשטלעכע צוזאָגענישן. — דער דייטשער חלום וועגן איינהייט און די דייטשע פירשטן. — פאַרראַטן און פאַרקויפט. — געטעס אורטייל וועגן די אַזויגערופענע „פרייהייטס־מלחמות”.

מיר האָבן געזען, ביי וועלכע אומשטענדן דער נאַציאָנאַלער שטאַט האָט זיך באַוויזן און ווי אַזוי ער האָט ביסלעכווייז באַקומען יענעם דעמאָקראַטישן אויסזען, וועלכער האָט געשאַפן דעם מאָדערנעם באַגריף וועגן דער נאַציע. נאָר ווען מ׳גייט נאָך מיט אַ וואַכזאַמען אויג די פאַרשידנדיקע פאַרצווייגונגען פון אָט־דער באַדייטזאַמער געזעלשאַפטלעכער טראַנספאָרמאַציע אין איראָפּע, איז מען אימשטאַנד קלאָר צו ווערן וועגן דעם אייגנטלעכן מהות פון דער נאַציע. די אַלטע באַהויפּטונג, וועלכע פירט צוריק די אַנטשטייאונג פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט אויפן דערוואַכנדיקן נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין פון די פעלקער, איז נישט מער ווי אַ מעשהלע, וועלכעס איז די פאַרטרעטער פון דער נאַציאָנאַלער שטאַטס־אידעע גאָר גוט צונוצגעקומען, אָבער זי איז צוליב דעם נישט ווייניקער פאַלש. *די נאַציע איז נישט די סיבה, נייערט דער פּועל־יוצא פונעם שטאַט. דער שטאַט איז דער, וועלכער באַשאַפט די נאַציע, נישט די נאַציע דעם שטאַט.* באַטראַכט דעם ענין פון אָט־דעם שטאַנדפּונקט, איז צווישן פאָלק און נאַציע פאַראַן דערזעלביקער חילוק ווי צווישן געזעלשאַפט און שטאַט.

יעדע געזעלשאַפטלעכע פאַרבינדונג איז אַ נאַטירלעכער באַשאַף, וועלכער געשטאַלטיקט זיך אויס האַרמאָניש פון אונטן אויף אַרויף אויפן סמך פון געמיינזאַמע

באַדערפעֿנישן און קעגנזייטיקן אָפּמאַך, בכדי צו שיצן און האַלטן אין אויג די אַלגע־מיינע אינטערעסן. אַפילו ווען געזעלשאַפטלעכע איינפירן ווערן ביסלעכווייז פאַר־שטאַרט אָדער רודימענטער, קאָן מען אין רוב פאַלן דייטלעך דערקענען דעם צוועק פון זייער אָפּשטאַם. אָבער יעדע שטאַטלעכע אָרגאַניזאַציע איז אַ קינסטלעכער מע־כאַניזם, וועלכער ווערט אַרויפגעצוואונגען אויף די מענטשן פון אויבן אַראָפּ פון עפּעס אַ מושל און וועלכער איז קיינמאָל נישט אויסן קיין שום צוועק ווי נאָר צו פאַרטיידיקן און צו פאַרזיכערן די ספּעציעלע אינטערעסן פון פּריווילעגירטע מינ־דערהייטן אין דער געזעלשאַפט.

אַ פאָלק איז דער נאַטירלעכער פּועל־יוצא פון געזעלשאַפטלעכע פאַראייניקונ־גען, אַ כולל פון מענטשן, וועלכער אַנטשטייט דורך אַ געוויסער גלייכאַרטיקייט פון אויסערלעכע לעבנס־פאַרהעלטעניש, דורך דער געמיינזאַמקייט פונעם לשון און דורך באַזונדערע אייגנשאַפטן, וועלכע נעמען זיך פון קלימאַטישע און געאָגראַפישע לעבנסבאַדינגונגען. אויף אַזאַ אופן אַנטשטייען געוויסע געמיינזאַמע שטריכן, וועלכע זענען לעבעדיק אין יעדן גליד פונעם פאָלקספאַרבאַנד און זיי זענען אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל פון זיין געזעלשאַפטלעכער עקזיסטענץ. דידאָזיקע אינערלעכע קרוֹ־בעשאַפט קאָן פּונקט אַזוי נישט געשאַפן ווערן קינסטלעך, ווי זי קאָן נישט ווילקיר־לעך צעשטערט ווערן, סיידן מ׳זאָל אַלע טיילן פון אַ פאָלקסגרופּע געוואַלטזאַם פאַרטיליקן און אָפּווישן פון דער ערד. אַ נאַציע אָבער איז תמיד דער קינסטלעכער רעזולטאַט פון מאַכטפּאָליטישע שטרעבונגען, פּונקט ווי דער נאַציאָנאַליזם איז קיינ־מאָל נישט געווען עפּעס אַנדערש ווי די פּאָליטישע רעליגיע פונעם מאָדערנעם שטאַט. דאָס געהערן צו אַ נאַציע ווערט קיינמאָל נישט באַשטימט דורך טיפערע נאַטיר־לעכע אורזאַכן, ווי דאָס איז דער פאַל ביים פאָלק; דאָס איז תמיד אָפּהענגיק פון די אויסרעכענונגען פון פּאָליטישן כאַראַקטער און פון די סיבות פון שטאַטס־אינטע־רעסן, הינטער וועלכע עס באַהאַלטן זיך שטענדיק די ספּעציעלע אינטערעסן פון פּריווילעגירטע מינדערהייטן אינעם שטאַט. אַ גרופּקעלע דיפּלאָמאַטן, וועלכע זענען נישט עפּעס אַנדערש ווי די געשעפטספירער פון פּריווילעגירטע קאַסטעס און קלאַסן אינערהאַלב דער שטאַטלעכער אָרגאַניזאַציע, אַנטשיידט גאַנץ אָפט אויף אַ ווילקיר־לעכן אופן וועגן דער נאַציאָנאַלער צוגעהעריקייט פון באַשטימטע גרופּעס מענטשן, וועלכע מוזן זיך אונטערוואַרפן זייערע מאַכטגעבאָטן, ווייל זיי האָבן נישט קיין אַנדער ברירה, בפרט, אַז מ׳האָט זיך ביי זיי אַפילו נישט אָנגעפרעגט וועגן זייער הסכמה.

פעלקער און פעלקערגרופּן האָבן עקזיסטירט אַ סך פריער איידער דער שטאַט האָט זיך באַוויזן; זיי עקזיסטירן נאָך היינט און אַנטוויקלען זיך אָן דער אַריינמישונג פונעם שטאַט. זיי ווערן געשטערט אין זייער נאַטירלעכער אַנטוויקלונג ערשט דעמאָלט, ווען עפּעס אַ דרויסנדיקע מאַכט מישט זיך געוואַלטזאַם אַריין אין זייער לעבן און צווינגט אַרויף אויף דעמדאָזיקן לעבן אַזעלכע פאָרמען, וועלכע זענען זיי ביז דעמאָלט געווען לגמרי פרעמד. אָבער די נאַציע איז אָן דעם שטאַט אומדענקבאַר; זי איז מיט

אים געקנופּט און געבונדן אויף לעבן און טויט און איר לעבן האָט זי צו פאַרדאַנקען רק בלויז זיין עקזיסטענץ. דעריבער וועט פאַר אונדז דער מהות פון דער נאַציע תמיד זיין אומבאַנעמבאַר, ווען מיר פּרואוון זי אָפּצוזונדערן פונעם שטאַט און איר געבן אַן אייגן לעבן, וועלכעס זי האָט קיינמאָל נישט געהאַט.

אַ פאָלק איז שטענדיק אַ היפּש ענגבאַשרענקטע געמיינשאַפט; אַ נאַציע אָבער געמט־אַרום בדרך כלל אַ גאַנצע ריי פעלקער און פעלקערשאַפטן, וועלכע זענען דורך מער אָדער ווייניקער געוואַלטזאַמע מיטלען אַריינגעפּרעסט געוואָרן אין די ראַמען פון אַ געמיינזאַמער שטאַטספאַרעם. אינדערעמתן איז אין גאַנץ אייראָפּע נישט פאַראַן קיין איין שטאַט, וועלכער זאָל נישט באַשטיין פון אַ גאַנצער ריי פאַרשידענע פעלקערשאַפטן, וועלכע זענען אורשפּרינגלעך געווען פונאַנדערגעטיילט צווישן זיך דורך אָפּשטאַם און שפּראַך און בלויז צוליב דינאַסטישע, ווירטשאַפטלעכע אָדער מאַכטפּאָליטישע אינטערעסן זענען זיי איבערגעוואַלט צונויפגעקאָוועט געוואָרן אין אַ נאַציע.

אַפילו דאָרט, וואו די שטרעבונגען פאַר נאַציאָנאַלער איינהייט זענען, אונטערן איינפלוס פון דעמאָקראַטישע אידעאָלאָגיעס, געטראָגן געוואָרן פון גרויסע פאָלקס־באַוועגונגען, ווי דאָס איז געווען דער פאַל אין דייטשלאַנד און אין איטאַליע, איז אין תוך פון דידאָזיקע שטרעבונגען פון דער התחלה אָן געלעגן אַ רעאַקציאָנערער קערן, וועלכער האָט נישט געקאָנט דערפירן צו קיין גוטע רעזולטאַטן. די רעוואָלוּ־ציאָנערע אַקטיוויטעט פון מאַדזינין און פון זיינע אָנהענגער פאַרן אויפבוי פונעם איינהייטלעכן נאַציאָנאַלן שטאַט האָט אומפאַרמיידלעך געמוזט ווערן אַ מיכשול פאַר דער סאָציאַלער באַפרייאונג פונעם פאָלק, וועמעס אמתע צילן זענען פאַרשלייערט געוואָרן דורך דער נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע. צווישן דעם מענטשן מאַדזיני און דעם היינטיקן איטאַליענישן דיקטאַטאָר איז פאַראַן אַ גאַנצער תהום, אָבער די אַנטוויקלונג פון דער נאַציאָנאַליסטישער אידעענוועלט פון מאַדזיניס „פּאָליטישער טעאָלאָגיע״ ביז צום פאַשיסטישן טאָטאַליטאַרן שטאַט באַוועגט זיך אין אַ גראָדער ליניע.

אַ בליק אויף די נייגעבאַקענע נאַציאָנאַלע שטאַטן, וועלכע זענען אויפגעקומען אַלס קאָנסעקווענץ פונעם וועלט־קריג, גיט אונדז אַן אָנשוילעכע לעקציע, וועלכע קאָן נישט לייכט מיספאַרשטאַנען ווערן. דיזעלביקע נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע האָבן זיך פאַר דער מלחמה געהאַלטן אין איין בונטעווען קעגן דער געוואַלט, וועלכע איז אויף זיי אַרויפגעצוואונגען געוואָרן פון פרעמדע באַדריקער, ווייזן זיך אַרויס היינט, ווען דער ציל פון זייערע וואונטשן איז דערפילט געוואָרן, ווי די ערגסטע אונטער־דריקער פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין זייערע לענדער און צווינגען אַרויף אויף זיי די זעלביקע ברוטאַלע מעטאָדן פון מאָראַלישער און גייסטלעכער אונטעריאָכונג, וועלכע זיי האָבן פריער, ווען זיי אַליין זענען נאָך געווען די אונטערגעדריקטע, מיט רעכט אַזוי ביטער באַקעמפט. דאָס זאָל אַפילו די בלינדסטע עפענען די אויגן און זיי אויפקלערן, אַז אין די ראַמען פונעם היינטיקן שטאַטסיסטעם איז לחלוטין נישט מעג־לעך קיין האַרמאָניש צוזאַמענלעבן פון די פעלקער. אָבער יענע פעלקער, וועלכע האָבן

אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם יאָך פון אַ פאַרהאַסטער פרעמדער הערשאַפט, האָבן דורך דעם אויך גאָרנישט געוואונען: אינעם רוב פאַלן האָבן זיי אַרויפגענומען אויף זיך אַ נייעם יאָך, וועלכער איז אָפט פיל באַדריקנדיקער ווי דער אַלטער. פּוילן, אונגאַרן, יוגאָסלאַוויע און די ראַנד־מלו־כות צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד זענען קלאַסישעביישפּילן פאַר דעם.

די פאַרוואַנדלונג פון מענטשלעכע גרופּירונגען אין נאַציעס, דאָס הייסט אין שטאַטספעלקער, האָט פאַר דער אַלגעמיינער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון אייראָפּע נישט געעפנט קיין נייע פּערספּעקטיוון; זי האָט זיך גיכער אומגעוואַנדלט אין איינער פון די שטאַרקסטע פעסטונגען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעאַקציע און איז היינט איינע פון די געפערלעכסטע שטרויכלונגען פאַר דער סאָציאַלער באַ־פרייאונג. די אייראָפּעאישע געזעלשאַפט איז דורך דעמדאָזיקן פּראָצעס צעפּיצלט געוואָרן אין פיינטלעכע גרופּעס, וועלכע באַטראַכטן זיך תמיד אומצוטרוילעך און שטייען אָפט איינע קעגן די אַנדערע פול מיט שנאה; און דער נאַציאָנאַליזם אין יעדן לאַנד וואַכט מיט אַרגוס־אויגן, אַז דערדאָזיקער קרענקלעכער צושטאַנד זאָל אָנהאַלטן. וואו נאָר עס ווערט אויסגעלייגט אַ וועג פאַר קעגנזייטיקער התקרבות פון די פעל־קער, דאָרט הויפּן־אָן פונדאַסניי די פירער פונעם נאַציאָנאַליזם נייעם אויפרייסשטאָף, בכדי צו פאַרטיפן די נאַציאָנאַלע סתירות. ווייל דער נאַציאָנאַלער שטאַט לעבט פון דידאָזיקע סתירות און ער וואָלט געמוזט פאַרשווינדן אינעם מאָמענט, ווען עס זאָל אים מער נישט געלינגען אויף ווייטער אויפצוהאַלטן דידאָזיקע קינסטלעכע פאַר־נאַנדערטיילונג.

דער באַגריף מכוח דער נאַציע איז זיך, בכן, סומך אויף אַ ריין־נעגאַטיוון פּרינ־ציפּ, הינטער וועלכן עס באַהאַלטן זיך בלי שום ספק שטאַרק פּאָזיטיווע צילן. ווייל הינטער אַלץ, וואָס איז „נאַציאָנאַל", שטייט דער מאַכטווילן פון קליינע מינדער־הייטן און דער ספּעציעלער אינטערעס פון פּריווילעגירטע קאַסטן און קלאַסן אינעם שטאַט. זיי באַשטימען אין דער ווירקלעכקייט דעם „ווילן פון דער נאַציע"; מחמת „די שטאַטן ווי אַזעלכע האָבן להלוטין נישט קיין ציל — ווי מענגער האָט ריכטיק באַמערקט — נאָר בלויז זייערע מושלים". בכדי אָבער דער ווילן פון די ווייניקע זאָל ווערן דער ווילן פון אַלע — ווייל נאָר אַזוי אַרום קאָן ער זיך אויסוויקלען מיט זיין גאַנצער ווירקזאַמקייט — מוזן אָנגעווענדט ווערן אַלע מיטלען פון דער גייסטיקער און מאָראַלישער דרעסירונג, בכדי אים צו פאַרגרונטפעסטיקן אי־נעם רעליגיעזן באַוואוסטזיין פון די מאַסן און אים אויסצוגעשטאַלטיקן און פאַרוואַנד־לען אין אַן ענין פון אמונה. די אמתע שטאַרקייט פון יעדער אמונה ליגט טאַקע אין דעם, אַז אירע פּריסטער זאָלן אַזוי געגוי ווי דאָס איז נאָר מעגלעך אויסאַרבעטן די צעשיידונגס־ליניעס, וועלכע זונדערן אָפּ די „אָרטאָדאָקסן" פון די חסידים פון אַנדע־רע רעליגיעזע קהילות. אָן דעם שטנס רשעות וואָלט דער ענין פון גאָטס גרויסקייט געשטאַנען שלעכט. נאַציאָנאַלע שטאַטן זענען קירכלעכע פּאָליטישע אינסטיטוציעס. דאָס אַזוי־גערופענע

נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין, וועלכעס איז ביים מענטשן נישט קיין איינגעבוירנס, נאָר אַן אַרויסגערופֿנס דורך דער דערציאונג, איז אַ רעליגיעזער באַגריף. מ׳איז אַ דייטש, פראַנצויז, אָדער איטאַליענער, פונקט ווי מ׳איז אַ קאַטאָליק, אַ פראָטעסטאַנט, אָדער אַ ייד.

מיט דער אויסשפרייטונג פון די דעמאָקראַטישע אידעען אין אייראָפּע הייבט זיך אָן דער אויפשטייג פונעם נאַציאָנאַליזם אין די פאַרשידענע לענדער. ערשט דורכן אויפקום פונעם נייעם שטאַט, וועלכער פאַרזיכערט — אין דער טעאָריע לפחות — יעדן איינעם פון זיינע בירגער דאָס רעכט, וואָס עס גיט אים די קאָנסטיטוציע, זיך צו באַטייליקן אין פּאָליטישן לעבן פון זיין לאַנד און אָנטיילצונעמען אין די וואַלן פון זיין רעגירונג, האָט דאָס נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין געקאָנט שלאָגן וואָרצלען צווישן די מאַסן און ביים יחיד באַפעסטיקן די איבערצייגונג, אַז ער איז אַ גליד פון יענער גרויסער פּאָליטישער געמיינשאַפט, מיט וועלכער ער איז אומאָפּטיילבאַר צוזאַמענגעוואָקסן און אַז זי איז דאָס יענע, וועלכע גיט אַ צוועק און אַן אינהאַלט זיין פערזענלעכער עקזיסטענץ. אינעם פאַרדעמאָקראַטישן פעריאָד האָט זיך אַזאַ מין גלויבן געקאָנט אָננעמען נאָר אין די ענגע קרייזן פון די פּריווילעגירטע שטאַנדן, בעת ער האָט פאַרן גרויסן רוב פון דער באַפעלקערונג געמוזט בלייבן פרעמד. מיט רעכט האָט לאַסאַל באַמערקט:

„דער פּרינציפּ פון די פרייע, אומאָפּהענגיקע נאַציאָנאַליטעטן איז דער יסוד און דער קוואַל, די מוטער און דער שורש פונעם באַגריף פון דער דעמאָקראַטיע בכלל. די דעמאָקראַטיע קאָן נישט צעטרעטן מיט די פיס דעם פּרינציפּ פון די נאַציאָנאַליטעטן, נישט אָנגרייפנדיק זעלבסטמערדעריש איר אייגענע עקזיסטענץ, נישט אונטערגראָבנדיק אונטער זיך אַליין דעם באָדן פון יעדער טעאָרעטישער באַרעכטיקונג, נישט פאַרראַטנדיק זיך אַליין אין איר סאַמע תוך און יסוד. מיר חזרן עס איבער: דער פּרינציפּ פון דער דעמאָקראַטיע האָט זיין יסוד און זיין לעבנסקוואַל אינעם פּרינציפּ פון די פרייע נאַציאָנאַליטעטן. אָן דעם הענגט ער אין דער לופטן*).

אויך אין אָט־דעם פּונקט אונטערשיידט זיך די דעמאָקראַטיע וועזנטלעך פונעם ליבעראַליזם, וועמעס אויפפאַסונג האָט אַרומגענומען די מענטשהייט ווי אַן איינהייט אָדער לפחות יענעם טייל פון דער מענטשהייט, וועלכער האָט געהערט צום אייראָפּעאיש־אַמעריקאַנישן קולטורקרייז און וועלכער האָט זיך אַנטוויקלט אונטער ענלעכע געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען. בעת דער ליבעראַליזם איז אין זיין אופן צו באַטראַכטן די זאַכן אַרויסגעגאַנגען פונעם יחיד און די געזעלשאַפטלעכע סביבה באַטראַכט לויט דעם אינוויווייט אירע אינסטיטוציעס זענען געווען שעדלעך אָדער ניצלעך פאַרן מענטשן, האָבן די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס פאַר זיינע פאָרשטייער געשפּילט בלויז אַ צווייטראַנגיקע ראָל, אַזוי אַז זיי האָבן צוזאַמען מיט פעיִגן

*) פערדינאַנד לאַסאַל, דער איטאַליענישער קריג און פּרייסנס אויפגאַבע.

געקאָנט אויסרופן: „די וועלט איז מיין פאָטערלאַנד, די מענטשן מיינע ברידער!״ די דעמאָקראַטיע אָבער, וועלכע האָט זיך געשטיצט אויפן קאָלעקטיוון קאָנצעפּט מכוח דעם אַלגעמיינעם ווילן, איז געווען אַ נאָנטער מקורב מיטן באַגריף וועגן דער נאַציע און אים פאַרוואַנדלט אינעם טרעגער פונעם אַלגעמיינעם ווילן.

די דעמאָקראַטיע האָט נישט בלויז געהאָלפן אויפלעבן דעם „נאַציאָנאַלן גייסט״, זי האָט אויך דעם באַגריף וועגן דעם נאַציאָנאַלן שטאַט אָנגעצייכנט שאַרפער ווי דאָס האָט ווען עס איז געקאָנט געטאָן ווערן אונטער דער הערשאַפט פונעם אַב־סאָלוטיזם. אונטער דער הערשאַפט פון דער אַלטער מאָנאַרכיע איז יעדע פּאָליטישע אויסרעכענונג און אָפּשאַצונג געשטאַנען אונטערן צייכן פון די דינאַסטישע אינטע־רעסן. ס׳איז טאַקע אמת, אַז אירע פאַרשטייער האָבן זיך מכוון געווען — ווי דאָס איז באַזונדערס בולט אַרויסצוזען פון דער פראַנצויזישער געשיכטע — צוזאַמענצו־נעמען וואָס ענגער די נאַציאָנאַלע כוחות, און די גאַנצע פאַרוואַלטונג פונעם לאַנד אַוועקצושטעלן אונטער איין צענטראַלער אָנפירונג, אָבער פונדעסטוועגן האָבן זיי שטענדיק געהאַט אין זין די אינטערעסן פון דער דינאַסטיע, אַפילו אויך דאָרט, וואו זיי האָבן געהאַלטן פאַר פּאַסיק צו פאַרדעקן זייערע אמתע כוונות.

מיטן אָנהויב פונעם דעמאָקראַטישן פּעריאָד פאַלן אַוועק אַלע דינאַסטישע הנחות און די נאַציע ווי אַזעלכע שטייט אין צענטער פון די פּאָליטישע געשעענישן. דערמיט באַקומט דער שטאַט גופא אַ נייעם אויסדרוק, — ערשט איצט ווערט ער נאַציאָנאַלער שטאַט אין פולסטן זין דערמיט, וואָס ער נעמט אַרום און שמידט צונויף פּאָליטיש אַלע איינוואוינער פון אַ לאַנד ווי גלייכבאַרעכטיקטע מיטגלידער פון אַ גאַנצן געזאַמל.

אינספּירירט פון די יסודות פון אַן אַבסטראַקטער פּאָליטישער גלייכהייט, האָבן די פאַרטרעטער פון דעמאָקראַטישן נאַציאָנאַליזם געמאַכט אַ חילוק צווישן נאַציע און נאַציאָנאַליטעט. די נאַציע איז פאַר זיי געווען אַ פּאָליטישע גרופּירונג, וועלכע — פאַראייניקט דורך דער שותפותדיקייט פון אַ שפּראַך און קולטור — האָט זיך צוזאַמענגענומען אין אַ זעלבסטשטענדיקן שטאַטלעכן אָרגאַניזם. אָבער ווי נאַציאָנאַ־ליטעט האָט מען באַטראַכט יענע פעלקערגרופּן, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון אַ פרעמדן שטאַט און זיי האָבן געאַרבעט פאַר זייער פּאָליטישער און נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט. דער דעמאָקראַטישער נאַציאָנאַליזם האָט גע־זען אין די קאַמפן פון די אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע האָבן געשטרעבט זיך צו פאַרוואַנדלען אין אַ נאַציע, אַן אומפאַרגוואַלדיקבאַר רעכט און ער האָט אין דעם זין געהאַנדלט. פּונקט ווי דער איינצלנער בירגער פון אַ נאַציע האָט געדאַרפט אין זיין אייגענעם לאַנד אומבאַשרענקט געניסן פון אַלע רעכטן און פרייהייטן, וועל־כע זענען אים פאַרזיכערט געוואָרן דורך דער קאָנסטיטוציע, פּונקט אַזוי טאָר אויך די נאַציע אַלס גאַנצע נישט אונטערגעוואָרפן ווערן קיין שום פרעמדער מאַכט אין איר אייגענעם לעבן לגבי דרויסן און זיין גלייך מיט אַלע אַנדערע נאַציעס אין איר פּאָליטישער אומאָפּהענגיקייט.

ס׳איז אָן ספק, אַז דידאַקטיק שטרעבונגען האָבן געהאַט אַ גערעכטן פּרינציפּ אין זייער יסוד — די טעאָרעטישע גלייכבאַרעכטיקונג פון יעדער נאַציע און נאַציאָנאַליטעט אָן אונטערשיד פון איר פּאָליטישן און סאָציאַלן באַדייט. אָבער דווקא דאָ האָט זיך פון אָנהויב אָן באַלד אַרויסגעוויזן, אַז אַזאַ גלייכבאַרעכטיקונג קאָן בשום אופן נישט זיין בהסכם מיט די מאַכטפּאָליטישע שטרעבונגען פונעם שטאַט. וואָס מער די מושלים פון די איינצלנע מלוכות אין איראָפּע האָבן איינגעזען, אַז זיי זענען נישט אימשטאַנד צו פאַרשפּאַרן זייערע מדינות קעגן דעם אַריינדרינגען פון די דעמאָקראַטישע אידעען, אַלץ בולטער איז עס אויך געוואָרן פאַר זיי, אַז דער נאַציאָנאַליטעטס־פּרינציפּ קאָן און דאַרף זיין אַן אויסגעצייכנט מיטל, בכדי אונטער זיין שלייער צו באַגינציקן זייערע אייגענע אינטערעסן. אָט טאַקע נאַפּאָלעאָן דער ערשטער, וועלכער איז אַדאַנק זיין אָפּשטאַם געווען ווייניקער געפּלאָגט מיט פאַלשע פאָראורטיילן ווי די פאַרטרעטער פונעם לעגיטימען קעניגטום, האָט פאַרשטאַנען אויסגעצייכנט ווי אַזוי אויסצונוצן דעם נאַציאָנאַליטעטספּרינציפּ פאַר זיינע געהיימע פּלענער. אַזוי האָט ער אין מאַי 1809 אַרויסגעלאָזט אין שענברון זיין באַקאַנטן אויפרוף צו די אונגאַרן, אין וועלכן ער האָט זיי אויפגעפאָדערט אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון דער עסטרייכישער הערשאַפט. „איך פאַרלאַנג גאָרנישט פון אייך, — זאָגט זיך אין יענעם קייזערלעכן מאַניפעסט — איך וואָלט אייך נאָר געוואָלט זען ווי אַ פרייע און אומאָפּהענגיקע נאַציע”.

מ׳ווייסט, וואָס פאַר אַ פּרצוף דידאַקטיקע אומפאַראינטערעסירטקייט האָט געהאַט. פאַר נאַפּאָלעאָנען איז די אונגאַרישע נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט געווען פּונקט אַזוי גלייכגילטיק ווי ס׳זענען אים אין תוך פון זיין האַרץ געווען גלייכגילטיק די פּראַנצויזן, וועלכע האָבן אים, טראָץ זיין פרעמדן אָפּשטאַם, פאַרוואַנדלט אין אַ נאַציאָנאַלן העלד. וואָס אים איז באמת געלעגן אין זין, זענען געווען זיינע מאַכטפּאָליטישע פּלענער. בכדי זיי צו פאַרווירקלעכן, האָט ער געשפּילט מיט די איטאַליענער, איליריער, פּאָלאַקן און אונגאַרן דיזעלביקע קאָמעדיע, וועלכע ער האָט במשך פון לאַנגע פערצן יאָר געשפּילט מיט דער *גרויסער נאַציע*. ווי קלאָר נאַפּאָלעאָן האָט אַרויסגעזען דעם באַדייט פונעם נאַציאָנאַליטעטס־פּרינציפּ פאַר זיינע אייגענע פּאָליטישע צוועקן קאָן מען אַרויסזען פון זיין מיינונגס־אויסדרוק, וועלכן איינער פון זיינע באַגלייטער אויף דער אינדזל סען העלען האָט פון אים איבערגעגעבן. ער האָט נעמלעך נישט געקאָנט באַנעמען, פאַרוואָס ס׳האָט זיך צווישן די דייטשע פירשטן נישט געפונען קיין איינער, וועלכער זאָל געווען האָבן גענוג שכל אויסצונוצן ווי אַ שלייער דעם רעיון וועגן דייטשלאַנדס נאַציאָנאַלער איינהייט, וועלכער איז געווען אַזוי שטאַרק פאַרשפּרייט צווישן פאָלק, בכדי צו פאַראייניקן די דייטשע פעלקערשאַפטן אונטער איין באַשטימטער דינאַסטיע.

פון דעמאָלט אָן האָט דער פּרינציפּ פון די נאַציאָנאַליטעטן פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער איראָפּעאישער פּאָליטיק. אַזוי האָט ענגלאַנד נאָך די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות בדרך־כלל געשטיצט דאָס רעכט פון די אונטערדריקטע פעלקער־

שאַפֿטן אויפֿן קאָנטינענט אויסשליסלעך דערפֿאַר, בכדי צו מאַכן שוועריקייטן דער קאָנטינענטאַלער דיפּלאָמאַטיע, וואָס דאָס האָט געמוזט אויספֿאַלן לטובה ענגלאַנדס פּאָליטישן און עקאָנאָמישן אויפֿשוואונג. בעת מעשה האָבן די ענגלישע דיפּלאָמאַטן, נאַטירלעך, אַפֿילו נישט געטראַכט צו געבן די אירלענדער דיזעלביקע רעכטן. לאָרד פּאַלמערסטאָן האָט איינגעשטעלט זיין גאַנצע אויסערלעכע פּאָליטיק אויף אָט־דעם מעטאָד; אָבער ס'איז דעם דורכגעטריבענעם ענגלישן שטאַטסמאַן קיינמאָל אַפֿילו נישט איינגעפֿאַלן צו קומען צו הילף די אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן, ווען זיי האָבן זיך צום שטאַרקסטן געגייטיקט אין איר. אַדרבא, ער האָט זיך מיט זיין גאַנצער עז־נפֿש צוגעקוקט ווי זייערע פּרואוון זיך צו באַפֿרייען ווערן דערשטיקט אונטער די נעגל פֿון דער הייליקער אַליאַנץ.

נאַפּאָלעאָן דער דריטער האָט זיך געהאַלטן ביי דערזעלביקער כיטרער פּאָליטיק און זיך אַרויסגעשטעלט ווי דער פּאַרטיידיקער פֿון די אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן, בעת ער האָט תמיד געהאַט אין זינען נאָר די אינטערעסן פֿון זיין אייגענער דינאַסטיע. זיין ראָל אין דער איטאַליענישער איינהייטס־באַוועגונג, וועלכע האָט געהאַט אַלס פּועל־יוצא די אַנעקסיע פֿון ניצאַ און סאַוואָיאַ מצד פֿראַנקרייך, איז אַן איבערצייגנדיקער באַווייז דערפֿאַר.

קאַרל אַלבערט פֿון סאַרדיניע האָט אונטערגעשטיצט מיט אַלע מיטלען איטאַליעס נאַציאָנאַלע איינהייטס־באַוועגונג, מחמת ער האָט מיט אַ קלוגער אייגזעעניש דערקענט, וואָס פֿאַר אַ נוצן עס קאָנען דערפֿון אַרויסקומען פֿאַר זיין דינאַסטיע. מאַדזיני און גאַריבאַלדי, די אַנטשלאָסנסטע פֿאַרטרעטער פֿונעם רעוואָלוציאָנערן נאַציאָנאַליזם, האָבן זיך שפּעטער געמוזט רואיק צוקוקן, ווי דער נאָכפֿאָלגער פֿונעם סאַרדינישער האָט איינגעזאַמלט פֿאַר זיך די פּרוכטן פֿון זייער גאַנצער לעבנסלאַנגער טעטיקייט און געוואָרן קעניג פֿונעם פֿאַראייניקטן איטאַליע, וועלכעס זיי האָבן זיך געהאַט אויסגעמאָלט ווי אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק.

דער פֿאַקט, וואָס אין פֿראַנקרייך האָט זיך דאָס נאַציאָנאַלע געפֿיל בשעת דער רעוואָלוציע אַזוי גיך געקאָנט פֿאַרוואָרצלען און באַקומען אַזאַ מעכטיקן אויפֿלעב, לאָזט זיך דערקלערן בעיקר דערמיט, וואָס די רעוואָלוציע האָט געשאַפֿן צווישן די פּראָווינצן און דעם אַלטן אייראָפּע אַזאַ טיפֿן תהום, וועלכער איז דורך די כסדרדיקע מלחמות אַלץ גרעסער געוואָרן. פֿונדעסטוועגן האָבן די בעסטע און ווערטפֿולסטע קעפּ פֿון אַלע לענדער באַגריסט מיט אָפֿענער באַגייסטערונג די „דערקלערונג פֿון די מענטשנרעכט” און זיי האָבן באמונה שלימה געגלייבט, אַז ס'הייבט זיך אָן אין אייראָפּע אַ תקופֿה פֿון פֿרייהייט און גערעכטיקייט. אַפֿילו אַ סך פֿון די מענטשן, וועלכע האָבן שפּעטער איינגעשטעלט אַלעס, בכדי אין דייטשלאַנד צו צעפֿלאַקערן דעם נאַציאָנאַלן אויפֿשטאַנד קעגן נאַפּאָלעאָנס ממשלה, האָבן באַגריסט די רעוואָלוציע מיט אינערלעכער יובלעניש. פֿיכטע, געררעס, האַרדענבערג, שלייערמאַכער, בענצענבערג און אַ סך אַנדערע זענען פֿון אָנהויב פֿולשטענדיק געשטאַנען אונטערן כישוף פֿון די רעוואָלוציאָנערע אידעען, וועלכע פֿראַנקרייך האָט אַרויסגעשטראַלט

פון זיך. אדרבא, דווקא די ביטערע אַנטוישונג פון אַט־דער לעכצעניש נאָך פרייהייט איז דאָס געווען דער אומשטאַנד, וועלכער האָט באַוואויגן אַזעלכע מענער ווי זשאַן פּאַל, בעטהאָווען און אַ סך אַנדערע, וועלכע האָבן פריער געהערט צו די אייפריקסטע פאַרערער פונעם גענעראַל באָנאַפּאַרט, אין וועלכן זיי האָבן געזען דאָס וועדקצייג פון אַן אָנקומענדיקער סאָציאַלער טראַנספאָרמאַציע אין גאַנץ אייראָפּע, זיך אָפּצוקערן פון אים, נאָכדעם ווי ער האָט זיך פראָקלאָמירט אַלס קייזער און וואָס ווייטער אַלץ באַשיינפערלעכער אַרויסגעוויזן זיינע דעראָבערישע כוונות.

מ׳קאָן לייכט פאַרשטיין דידאַזיקע איבערפלייצנדיקע באַגייסטערונג פון אַ סך פון דייטשלאַנדס בעסטע קעפּ פאַר די פראַנצויזן, ווען מ׳האָט אין זין די האָפּענונגסלאָזע פּאָליטישע און סאָציאַלע צושטאַנדן, וועלכע די דייטשע ווירקלעכקייט האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט ערב דער רעוואָלוציע. דאָס דייטשע רייך איז געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ מאַסע לענדער, וועלכע האָבן געפוילט אין זייער אייגענעם מיסט, וועמעס הערשנדיקע קאַסטן און שטאַנדן זענען שוין מער נישט פעאיק געווען צו קיין שום אינערלעכן אויפשוואונג און זיי האָבן זיך דעריבער נאָך מער און נאָך פעסטער אָנגעקלאָמערט צום אַלטן. דאָס מוראַדיקע אומגליק פונעם דרייסיקיעריקן קריג, וועמעס קוים פאַרהיילטע וואונדן זענען פונדאַסניי אויפגעריסן געוואָרן דורך פרידריך דעם צווייטנס דעראָבערונגס־מלחמות, האָט אַרויפגעלייגט אויף דער באַפעלקערונג פונעם צעטראָמפּלטן לאַנד אַן אייגנאַרטיקן חותם.

„אַ גענעראַציע פול מיט אומבאַשרייבלעכע יסורים — זאָגט טרייטשקע אין זיין „דויטשע געשיכטע" — האָט געבראָכן דעם בירגערלעכן מוט, צוגעוויינט דאָס קליינע מענטשל צו קריכן פאַרן מעכטיקן. אונדזער פריימוטיקע שפּראַך האָט געלערנט צו שטאַרבן אין דער אונטערטעניקסטער רעזיגנאַציע און געשאַפן יענעם איבערפליסיקן ווערטער־אוצר פון קנעכטישע רעדנס־אופנים, וועלכע זי האָט נאָך ביז היינט צו טאָג נישט גענצלעך אָפּגעטרייסלט פון זיך".

צוויי דריטל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג האָט בעתן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע געלעבט אין צושטאַנד פון קנעכטשאַפט ביי אומבאַשרייבלעך־קלעגלעכע באַדינגונגען. דאָס לאַנד האָט געקרעכצט אונטערן שווערן יאָך פון אַן אַ שיער ווינקלדעספּאָטן, וועמעס הערצלאָזע אייגנליבע האָט זיך אַפילו נישט אָפּגעשטעלט פאַרן פאַקט צו פאַרשאַכערן די קינדער פון אייגענעם לאַנד ווי קאַנאָנענפלייש צו פרעמדע מלוכות, בכדי אָנצופילן זייערע שטענדיק־ליידיקע קאַסעס מיטן פאַרבלוטיקטן געלט, וואָס איז זיי געצאָלט געוואָרן פאַר די לעבנס פון אָט־די אָרעמסטע פון די אָרעמע. אַלע פאַרשטענדיקע היסטאָריקער זענען צווישן זיך אייניק מכוח דעם, אַז פאַר אָט־דעם אומגליקלעכן לאַנד האָט נישט געקאָנט קומען קיין דערלייזונג פון אינעווייניק. אַפילו אַזאַ ביטערער שונא פון די פראַנצויזן ווי ערנסט מאָריס האָט נישט געקאָנט שטעלן אין ספק דידאַזיקע באַהויפּטונג.

דעריבער האָט די פראַנצויזישע אינוואַזיע פון אָנהויב געווירקט ווי אַ רייניקנדיקער שטורעם, מחמת די פראַנצויזישע אַרמייען האָבן אַריינגעבראַכט אַ רעוואָלו־

ציאָנערן גייסט אין לאַנד אַריין און האָבן אויפגעוועקט אין די נשמות פון זיינע איינוואוינער דאָס געפיל פון דער מענטשלעכער חשיבות, וועלכעס זיי האָבן ביז דעמאָלט נישט געקאַנט. די פאַרשפרייטונג פון רעוואָלוציאָנערע אידעען אין אויסלאַנד איז געווען איינע פון די וואָפן פון דער פראַנצויזישער רעפובליק, פאַר וועלכע מ׳האָט אַמיינסט מורא געהאַט, אין אירע פאַרצווייפלטע קאַמפן קעגן דעם אייראָפּעאישן אַבסאָלוטיזם, מחמת דערמיט איז מען אויסן געווען אָפּצושיידן דעם אינטערעס פון די פעלקער פונעם אינטערעס פון די פירשטן. אויך נאַפּאָלעאָן האָט אַפילו קיין איין אויגנבליק נישט געטראַכט וועגן אויפגעבן דאָסדאָזיקע אומאָפּשאַצבאַרע געווער; דעריבער האָט ער איינגעפירט אומעטום, וואו נאָר ס׳האָבן געפלאַטערט זיינע זיגערישע פאָנען איבער פרעמדע לענדער, וויטגייענדיקע רעפאָרמען, בכדי צוצובינדן צו זיך די איינוואוינער פון די באַזעצטע געביטן.

דער פרידן פון לונעוויל אין 1801 האָט געצוואונגען דעם דייטשן קייזער אָנצוערקענען דעם טייך ריין ווי די גרענעץ צווישן פראַנקרייך און דייטשלאַנד. בהסכם מיט די געשלאָסענע אָפּמאַכן האָבן די מושלים פונעם לינקן ברעג ריין געדאַרפט אַנטשעדיקט ווערן דורך פאַרמעגנס פון אינלאַנד פון דער אימפּעריע. האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן יענער שענדלעכער שאַכערמאַכער פון די דייטשע פירשטן מיטן „אייביקן שונא״ וועגן יעדן שטיקל באָדן, וועלכן יעדער באַזונדער האָט געוואָלט באַקומען אויפן חשבון פונעם אַנדערן און אַלע צוזאַמען האָבן געזוכט אויסצונאַרן אויפן חשבון פון זייערע פעלקער. די „נאָבלסטע פון דער נאַציע״ האָבן געיאָמערט ווי געשלאָגענע הינט פאַר נאַפּאָלעאָנען און זיינע מיניסטאָרן, בכדי אָפּצושניידן אַזוי גוט ווי מעגלעך ביי דער געפּלאַנטער טיילונג. ס׳איז שווער צו געפינען אין דער געשיכטע אַן ענלעכן ביישפּיל פון אַזאַ מין דערנידעריקונג און דעגראַדאַציע פון כאַראַקטער. מיט רעכט האָט דער פרייהער פאָן שטיין געזאָגט צו דער רוסישער קייזערן, אין אָנוועזנהייט פון דער גאַנצער סוויטע, אַז דייטשלאַנדס חורבן איז געקומען נאָר פון דער נעבעכדיקייט פון זיינע פירשטן. שטיין איז דאָך בלי שום ספק נישט געווען קיין רעוואָלוציאָנער, אָבער ער איז געווען אַן אויפריכטיקער מענטש, וועלכער האָט געהאַט דעם מוט אַרויסצוזאָגן אַן אמת, וועלכער איז אַלעמען געווען באַקאַנט. און דער דייטשער פּאַטריאָט ערנסט מאָרריס אַרנדט האָט געשריבן מיט ביטערער פאַראַכטונג:

„יענע, וועלכע האָבן געקאָנט העלפן, האָבן זיך צוריקגעצויגן, די אַנדערע זענען צעטראָטן געוואָרן; אַזוי איז דער בונד פון די מעכטיקערע געשטאַנען מיט די שונאים, און קיין שום אָפּענע חרפּה האָט נישט מאַרקירט מיט קיין פייערצייכן די אומפאַרשעמטע, וועלכע האָבן נאָך געהאַט די חוצפּה זיך אַרויסצושטעלן ווי די באַפרייער, זיי, וועלכע האָבן פּחדנותדיק געטריבן מסחר מיטן אייגענעם און פרעמדן כבוד. מ׳האָט זיך געדונגען וועגן דעם שלום. ס׳האָט זיך גערעדט גאָר אַ סך וועגן דייטשע פירשטן, אָבער קיינמאָל נישט און אינערגעץ נישט וועגן דייטשן פאָלק... קיינמאָל זענען די פירשטן, ווי אַן אָפּגעזונדערטע פּאַרטיי, נישט געשטאַנען אַזוי ווייט פון דער נאַציע, בעסער געזאָגט: קעגן דער נאַציע; זיי זענען נישט רויט

געוואָרן אין אָנבליק פון אַ שטאַרק, מוטיק און העלדיש פאָלק, וועלכעס זיי האָבן געלאָזט באַהאַנדלען ווי אַן אונטערגעיאָכט פאָלק, בכדי זיך צו קאָנען טיילן מיטן רויב... אומגערעכטיקייט ווערט געבוירן פון אומגערעכטיקייט, געוואַלט פון געוואַלט, שאַנד פון שאַנד און פונקט ווי די מאָנגאָלישע אימ־פּעריע, אַזוי וועט אייראָפּע צוזאַמענברעכן אויף אירע אייגענע בראָכשטיקער. אַזוי זענט איר דאָ געשטאַנען און אַזוי שטייט איר ווי די קרעמער, נישט ווי די פירשטן; ווי די יידן מיטן זעקל און נישט ווי די ריכטער מיט דער וואָג און אוודאי נישט ווי די מאַרשאַלן מיט דער שווערט".*)

נאָך דער שלאַכט פון אַוסטערליץ (1805) און דער גרינדונג פונעם ריינישן בונד האָט דער קייזער פראַנץ נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה ווי צו דערקלערן די דייטשע אימפּעריע ווי אויפגעלייזט; פאַקטיש האָט זי שוין פון לאַנג מער נישט עקזיסטירט. זעכצן דייטשע פירשטן האָבן זיך אונטערגעוואָרפן אונטער נאַפּאָלעאָנס פּראָטעקטאָראַט און זיי האָבן פאַר אָט־דעם מוסטער־ביישפּיל פון פּאַטריאָטישער שטימונג אַראָפּגענומען אַ רייכע געראַטעניש. אָבער ווען פּאַטריאָטישע היסטאָרי־קער שטעלן אַוועק דעם ענין אין אַזאַ ליכט, אַז ס'קומט אויס גלייך ווי נאָך אָט־דעם אָפענעם פאַראַט קעגן לאַנד וואָלט די פּרייסישע מאָנאַרכיע געוועזן די לעצטע פעסטונג פון די דייטשע פעלקערשאַפטן קעגן דער פרעמדער הערשאַפט פון די פראַנצויזן, איז דאָס נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ באַוואוסטזיניקע פעלשונג פון גע־שיכטלעכע פאַקטן. פּרייסן איז אינערלעך געווען פונקט אַזוי פאַרפּעסטעט און מאָראַליש צעפרעסן ווי אַלע אַנדערע טיילן פונעם רייך. דער צוזאַמענברוך פון 1806; די שרעקלעכע מפּלות פון די פּרייסישע חיילות ביי יענאַ און אַוערשטעט; דאָס שענדלעכע איבערגעבן די פעסטונגען צו די פראַנצויזן אויף אַזאַ אופן, אַז די אַריסטאָקראַטישע קאָמאַנדאַנטן האָבן אַפילו נישט געשטעלט קיין באמת־ערנסטן ווידערשטאַנד, דעם קעניגס פּליטה ביז צו דער רוסישער גרענעץ און די שענדלעכע מאַכינאַציעס פון די פּרייסישע יונקערס, וועלכע האָבן בעת אָט־דער פּחדימדיקער קאַטאַסטראָפע נישט געטראַכט וועגן עפּעס אַנדערש ווי נאָר וועגן דעם ווי אַזוי צו ראַטעווען זייערע מיזעראַבלע פּריווילעגיעס, באַצייכענען שוין די דעמאָלטיקע פּריי־סישע צושטאַנדן עד לרוב. די גאַנצע קלאָגעדיקע געשיכטע פון די באַציאונגען צווישן רוסלאַנדס „היכע פאַרבינדעטע", עסטרייך און פּרייסן, פון וועלכע יעדער איינער, אַמאָל דער און אַמאָל יענער, האָט געאַרבעט הינטער די פּלייצעס פון די אַנדערע פאַר אָדער קעגן נאַפּאָלעאָנען, איז אַן אמתער מכשפים־טאַנץ פון פּחדנותדיקער נעבעכדיקייט אַ־ן מיאוסן פאַרראַט, וואָס נאָך איינעם אַזעלכן איז נישט לייכט צו געפינען אין דער געשיכטע.

נאָר אַ קליינע מינדערהייט פון אויפריכטיקע מענער, וועמעס פּאַטריאָטיזם איז געווען עפּעס מער ווי בלויז רייד, האָט געמוטיקט דורך געהיימע געזעלשאַפטן און אָפענער פּראָפּאַגאַנדע דעם נאַציאָנאַלן ווידערשטאַנד אין לאַנד, וואָס דאָס איז פאַר זיי געוואָרן אויף אַזויפיל לייכטער, אינוויפוויית נאַפּאָלעאָנס מיליטערישע

*) ע. מ. אַרנדט, „גייסט דער צייט", ערשטער טייל, קאַפּיטל 7.

הערשאַפט האָט זיך וואָס ווייטער געלייגט אַלץ שווערער אויף דער באַפעלקערונג פונעם עקספּלואַטירטן לאַנד, וועמעס זין זענען נאָך דערצו געצוואונגען געוואָרן אויסצופולן די בלויזן, וועלכע די מלחמה האָט געשאַפן צווישן די פראַנצויזישע חיילות. נישט די פּרייסישע מאָנאַרכיע און נישט דאָס פּרייסישע קרויט־יונקערטום זענען געווען פעאיק פאַר אַזאַ אַרבעט. אדרבא, זיי האָבן זיך אַרויסגעשטעלט קעגן אַלע ערנסטע פּרוואַון, וועלכע האָבן געקאָנט שטעלן אין סכנה זייערע פּריווילע־גיעס, און באַהאַנדלט אַזעלכע מענער ווי שטיין, גנייזענאַו, שאַרנהאָרסט, פיכטע, אַרנדט, יאַן און אַפילו בליכער מיט אומפאַרבאַרגענעם אומצוטרוי; נאָר ווען זיי זענען געצוואונגען געוואָרן דערצו, האָבן זיי נאָכגעגעבן די פאַרלאַנגען זייערע, בכדי ביי דער קומענדיקער געלעגנהייט ווידער אָנצופאַלן אויף זיי פון הינטן אַרום. פרידריך ווילהעלם דעם דריטנס כאַראַקטעריסטישער אויפפיר לגבי שטיינען און די פחדנותדיקע אינטריגעס, דורך וועלכע דאָס אָפיציעלע פּרייסנטום איז תמיד אויסן געווען צו דערפירן צו אַ דורכפאַל די באַמיאונגען פון די דייטשע פּאַטריאָטן, רעדן אַ גאַנץ סוגעסטיווע שפּראַך. די פּרייסישע מאָנאַרכיע איז אַזוי אַרום לגמרי נישט געווען קיין יוצא מן הכלל אין אָט־דער טרויעריקער העלדנגעשיכטע פון־נעם דייטשן פּירשטנטום און זוימע איז זיכער געווען גערעכט, ווען ער האָט גע־שריבן:

„דאָס, וואָס מ'וואָלט געקאָנט דערוואַרטן פון דער נאַציע און פאַר דער נאַציע, דאָס מאַכן זיכער חרוב די פירשטן און די אַריסטאָקראַטן, בכדי צו ראַמעווען זייערע אומזיניקע פּריווילעגיעס. נאַפּאָלעאָנס בעסטע יוצר־משרתים זענען דאָך איצט די דייטשע פירשטן און אַדללייט... מיר געפינען זיך איצט באמת אויף יענעם פּונקט, וואו מיר ווייסן נישט, פּונקט ווי ציצעראָ, צו מיר זאָלן ווינטשן דעם ניצחון אונדזערע פריינט אָדער אונדזערע שונאים. דאָ זענען פאַראַן בייטשן און דאָרט עקדישן".

און פונדעסטוועגן זענען די מענער, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַרן נאַציאָ־נאַלן אויפשטאַנד פון דייטשלאַנד און וועלכע האָבן גענומען אַזאַ שטאַרקן אָנטייל אין די אַזויגערופענע „פרייהייטס־מלחמות", לחלוטין נישט געווען קיין רעוואָלו־ציאָנערן, הגם זיי זענען מצד די פּרייסישע יונקערס גאַנץ אָפט בייזוויליק באַ־צייכנט געוואָרן ווי „יאַקאָבינער". כמעט יעדער איינער פון זיי איז געווען גע־טריי צום קעניג ביז צום עקסטרעם און ווייט־ווייט פון יעדן מין אמתע פריי־הייטלעכע אידעען. איין זאַך אָבער האָבן זיי באַנומען: אויב מ'וויל פון רעכט־לאָזע קנעכט און אונטערטעניקע פון דור־דורות פאַרמירן אַ נאַציע און אויפטרייס־לען די ברייטע מאַסן פון פאָלק צום קאַמף קעגן דער פרעמדער הערשאַפט, מוז מען קודם־כל אָנהייבן מיטן אָפּשוואַכן די אויפרעגנדיקע פּריווילעגיעס פונעם אַדל און פאַרזיכערן דעם פאָלקסמענטשן בירגערלעכע רעכטן, וועלכע מ'האָט אים ביז איצט נישט געוואָלט באַוויליקן.

„מ'מוז די נאַציע דורכדרינגען מיטן געפיל פון זעלבסטשטענדיקייט, — האָט שאַרנהאָרסט געזאָגט — מ'מוז איר געבן אַ געלעגנהייט, אַז זי זאָל זיך

באַקענען מיט זיך אַליין, אַז זי זאָל זיך אָננעמען פאַר זיך אַליין: ערשט דע־מאָלט וועט זי זיך אַליין אַכטן און פאַרשטיין ווי אַזוי אַרויפצוווינגען דורך אַרץ ביי אַנדערע. צו אַרבעטן פאַר דעם צוועק, דאָס איז אַלעס, וואָס מיר קאָ־נען טאָן. אויפבינדן די קניפּ פונעם פאַראורטייל, אָנפירן מיטן אויפלעב, אים אָפּהיטן און נישט שטערן אין זיין פרייער אַנטוויקלונג, — ווייטער גרייכט נישט אונדזערער העכערער ווירקונגסקרייז".

אויך גנייזענאו האָט אין זיין מעמאָראַנדום פון יולי 1807 אָנגעוויזן אויף דעם, אַז וועגן אַ גלייכגעוויכט אין אייראָפּע וועט ערשט דאַן קאָנען זיין די רייד, ווען מ'וועט זיין אַנטשלאָסן נאָכצוטאָן די פראַנצויזן און דורך אַ קאָנסטי־טוציע און דער גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע שטאַנדן באַפרייען אַלע נאַטירלעכע כוחות פון דער נאַציע.

„וואָלטן די איבעריקע מלוכות געוואָלט באַניים אוועקשטעלן אָט־דעם גלייכגעוויכט, דאַן וואָלטן זיי פאַר זיך געמוזט עפענען דיזעלביקע הילפס־קוואַלן און זיי באַנוצן. זיי וואָלטן געמוזט מאַכן פאַר זייערע אייגענע די רע־זולטאַטן פון דער רעוואָלוציע און זיי וואָלטן אַזוי אַרום געהאַט דעם טאָפּלטן נוצן, וואָס זיי וואָלטן געווען אימשטאַנד אַרויסצושטעלן דעם גאַנצן נאַציאָ־נאַלן כוח קעגן אַ פרעמדער מאַכט און זיין אויסגעהיט פון די סכנות פון אַ רעוואָלוציע, פון וועלכער זיי זענען נישט אויסגעהיט טאָקע דערפאַר, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט דורך אַ פרייוויליקער פאַרענדערונג פאַרהיטן פון אַ גוואַלדזאַמער".

נאָך קלאָרער איז געווען האַרדענבערג, וועלכער איז אין דער צייט פון טילסיטער פרידן אויף נאַפּאָלעאָנס פאַרלאַנג באַזייטיקט געוואָרן מצד פרידריך וויל־העלמען. אין זיין „מעמאַריאַל וועגן דער רעאָרגאַניזאַציע פונעם פּרייסישן שטאַט" פון 12־טן סעפּטעמבער 1807 האָט ער דערקלערט:

„די אילוזיע, אַז מ'קאָן זיך צומבעסטן אַרויסשטעלן קעגן דער רעוואָלוציע דורכן האַלטן זיך שטייף ביים אַלטן און דורך דעם שטרענגן רודפן די פּרינ־ציפּן, וועלכע ווערן פון איר אַרויסגערוקט, האָט ספּעציעל צוגעהאָלפן צו באַ־גינציקן די רעוואָלוציע און איר צו געבן אַן אַלץ גרעסערן אויסשפרייט. דער כוח פון אָט־די פּאָסטולאַטן איז אַזוי גרויס, זיי זענען אַזוי שטאַרק אָנערקענט און אַלגעמיין פאַרשפּרייט, אַז דער שטאַט, וועלכער נעמט זיי נישט אָן, מוז זיך גרייטן צום אומקום אָדער צום אַרויפגעצוואונגענעם אָננעמען זיי".

און ער קומט צום אויספיר:

„דעמאָקראַטישע פּרינציפּן אין אַ מאָנאַרכיסטישער רעגירונג — דאָס ווייזט זיך מיר אויס די פּאַסיקע פאָרם פאַרן איצטיקן צייטגייסט".

דאָס זענען געווען די אידעען, וועלכע זענען דעמאָלט געווען פאַרשפּרייט אין די קרייזן פון די דייטשע פּאַטריאָטן. אַפילו אַרנדט, וועמען מ'קאָן דאָך בשום אופן נישט חושד זיין, אַז ער זאָל געווען האָבן סימפּאַטיעס צו פראַנקרייך, אַפילו ער האָט געמוזט איינזען, אַז די גרויסע רעוואָלוציע איז געווען אַ געשעעניש פון אייראָפּעאישן באַטייט און ער איז געקומען צום אויספיר: „אַלע שטאַטן, אַפילו יענע, וועלכע זענען נאָך נישט קיין דעמאָקראַטיעס, וועלן פון דור צו דור ווערן מער דעמאָקראַטיש".

אויך באַראָן פאָן שטיין, אַ דורך און דורך קאָנסערוואַטיווער גייסט און אַן אויס־געשפּראָכענער קעגנער פון אַלערליי רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען, האָט געמוזט קומען צום אויספיר, אַז דער אויפלעב פונעם שטאַט און די באַפרייאונג פונעם פרעמדן יאָך וועט מעגלעך זיין נאָר בתנאי, אויב מ׳וועט זיך אַנטשליסן אָפּצושאַפן דאָס לייבאייגנ־טום און איינפירן אַ נאַציאָנאַלע פאַרטרעטערשאַפט. יעדנפאַלס האָט שטיין נישט פאַר־געסן תיכף פאַרזיכטיק צוצוגעבן אין דער שריפט, וועלכע שיין האָט צוגעגרייט ווי זיין „פּאָליטישן טעסטאַמענט":

> „הייליק איז פאַר מיר געווען און בלייבט פאַר אונדז דאָס רעכט און די מאַכט פון אונדזער קעניג. אָבער בכדי דאָסדאָזיקע רעכט און דידאָזיקע אומ־באַשרענקטע מאַכט זאָלן קאָנען אַרויסגעבן דאָס גוטע, וואָס איז פאַראַן אין זיי, האָט זיך מיר אויסגעוויזן פאַר נייטיק צו געבן דער העכסטער מאַכט אַ מיטל, דורך וועלכן זי זאָל זיין אימשטאַנד צו דערגיין דעם פאָלקס פאַרלאַנגען און קענען געבן לעבן אירע באַשטימונגען".

דאָס זענען דאָך זיכער נישט געווען קיין רעוואָלוציאָנערע אידעען, און פונדעסט־וועגן איז שטיינען אויסגעקומען צו קעמפן מיט די גרעסטע שוועריקייטן, בכדי צו קאָנען דורכפירן אַפילו בלויז די באַשיידנסטע רעפאָרמען. ס׳איז באַקאַנט ווי דווקא די „איידלסטע פון דער נאַציע" זענען אויף אים כסדר אָנגעפאַלן היינטנאַרום און זיך אַפילו נישט אָפּגעשראָקן פאַר אָפענעם פאַראַט קעגן לאַנד, בכדי צו צעשטערן זיינע פּאַטריאָטישע פּלענער. דער פאַקט איז, אַז דער באַרימטער „באַפרייאונגס־עדיקט" פון אָקטאָבער 1807 האָט אָפּגעשאַפט בלויז פאָרמעל די פּערזענלעכע קנעכטשאַפט, דאָס לייבאייגנטום, אָבער היות די מחברים פונעם „עדיקט" האָבן נישט געוואַגט צו באַ־רירן מיט גאָרנישט דעם יונקערישן באָדן־אייגנטום, זענען די געוועזענע לייבאייגענע איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין לוינשקלאַפן פון די גרויסע ערדאייגנטימער און זיי האָבן צו יעדער צייט געקאָנט אַראָפּגעטריבן ווערן פונעם באָדן, אויב זיי האָבן זיך נישט אונטערגעוואָרפן אומקאָנדיציאָנעל אונטער זייער ווילן.

אויך דער אַזויגערופענער „רעגולירונגסעדיקט" פון 1811, וועלכער איז אַרויס־געגעבן געוואָרן אונטער האַרדענבערגן, איז געווען אויסגערעכנט בעיקר אויף צו צע־בונטעווען די דאָרפישע באַפעלקערונג צום ווידערשטאַנד קעגן די פראַנצויזן. דערמיט, וואָס מ׳האָט געגעבן אָנצוהערן, אַז מ׳וועט דורכפירן אַ רעפאָרם אינעם רעכט אויף באָדן, וועלכער וועט דערמעגלעכן די פריערדיקע לייבאייגענע צו ווערן אייגנטימער פון זייער באָדן, איז מען אויסן געווען זיי צו מאַכן געשמאַקער דעם קאַמף קעגן דער פרעמדער הערשאַפט. אָבער נאָכדעם ווי די פראַנצויזישע חיילות האָבן געהאַט עוואַ־קואירט דאָס לאַנד, האָט די רעגירונג אויף אַ פאַרעטערישן אופן געבראָכן אַלע געגע־בענע צוזאָגן און האָט איבערגעלאָזט די באַפעלקערונג פון די דאָרפישע געגנטן אין דער גרעסטער נויט און צו דער קנעכטשאַפט פון די יונקערס.

די נויט פון די פאַרהעלטענישן איז דאָס געווען, וואָס האָט באַוואויגן די דייַ־טשע פירשטן צו מאַכן פאַרשידענע שיינע צוזאָגן זייערע אונטערטאַנען און זיי געבן

אַנצוהערן וועגן אַ קאָנסטיטוציע, פון וועמעס איינפיר דאָס אויפקומענדיקע בירגער־טום האָט זיך געמאַכט וואונדערלעכע אילוזיעס. מ׳איז געפאַלן אויפן געדאַנק, אַז נאָך אַ „פאָלקסקריג״ איז אימשטאַנד צו באַפרייען דייטשלאַנד פון דער פראַנצויזישער הערשאַפט, נישט געקוקט דערויף, וואָס באַזונדערס עסטרייך האָט זיך שטאַרק אַרויס־געשטעלט קעגן אָט־דעם רעיון. די געשעענישן אין שפּאַניע האָבן גערעדט קלאָרע די־בורים אין דעם זין. אַזוי אַרום האָבן די גרויסע שררות מיטאַמאָל אויפגעדעקט זייער פאָלקספריינטלעך האַרץ און זיי האָבן אייגגעזען — געצוואונגען פון דער נויט און נישט צוליב זייער אייגענעם יצר־טוב — אינעם אויפשטאַנד פון די מאַסן דאָס לעצ־טע מיטל, וועלכעס איז ביכולת אונטערצוהאַלטן זייערע וואַקלענדיקע טראָנען.

אינעם קאַלישער אויפרוף איז דער רוסישער צאַר אַרויסגעטראָטן ווי אַ געשוואוי־רענער עדות פאַר אַ צוקונפטיק פריי און געאייניקט דייטשלאַנד און דער קעניג פון פרייסן האָט צוגעזאָגט זיינע געטרייע אונטערטאַנען אַ קאָנסטיטוציע. אויף די ברייטע מאַסן, וועלכע האָבן וועגעטירט אין גייסטיקער טעמפּקייט, האָבן אויך דידאָזיקע צו־זאָגענישן נישט געמאַכט קיין באַזונדערן איינדרוק, אָבער דאָס בירגערטום און באַ־זונדערס די יוגנט זענען באַהערשט געוואָרן פון דער פּאַטריאָטישער באַגייסטערונג און געחלומט וועגן באַרבאַראָסאָס תחית־המתים און וועגן דעם באַנייאיקן אויפקום פון דער אימפּעריע אין איר אַלטער פּראַכט און גלאַנץ.

נישט געקוקט אויף דעם אַלעם האָט זיך פרידריך ווילהעלם נאָך אַלץ גע־קווענקלט און געזוכט זיך צו באַשירעמען פוןביידע זייטן. אַפילו שוין דעמאָלט, ווען דער רוסישער ווינטער און די מאָסקווער שריפה האָבן שוין געהאַט פאַרטיליקט נאַ־פּאָלעאָנס ריזיקע אַרמיי און ער איז אין אַ משוגע־ווילדער פליטה צוריקגעלאָפן קיין פראַנקרייך, אַפילו דעמאָלט האָט זיך דער קעניג נאָך אַלץ נישט געקאָנט צוזאַמענ־נעמען, בכדי עפּעס צו באַשליסן; מחמת די אינטערעסן פון דער פרייסישער דינאַס־טיע זענען אים געלעגן מער אין זינען און אין האַרץ איידער עפּעס אַ פאַרנעפּלט דייטש־לאַנד, פאַר וועלכן נישט ער און נאָך ווייניקער זיינע מזרח־עלבישע יונקערישע מיוּ־חסים האָבן געהאַט אַ פאַרשטענדעניש. ערשט אונטערן כסדר שטייגנדיקן דרוק פון די פּאַטריאָטישע ליידנשאַפטן האָט ער זיך סוף־כל־סוף אַנטשלאָסן צום קריג, מחמת ער האָט שוין פּאַקטיש נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה. ווי ס׳האָט דעמאָלט אויס־געזען די שטימונג צווישן די פּאַטריאָטן, קאָן מען אַרויסזען פון אײנעם פון בליכערס אייגנאַרטיקע בריוו צו שאַרנהאָרסטן, וועלכער האָט די דאַטע פון 5־טן יאַנואַר 1813 און וואו עס זאָגט זיך צווישן אַנדערן:

„איצט איז באַניים די צייט צו טאָן דאָס, וואָס איך האָב שוין געעצהט אין יאָר 1809; נעמלעך, אויפצורופן די גאַנצע נאַציע צום געווער און ווען די פירשטן וועלן נישט וועלן און זיך קעגנשטעלן, זיי אָוועקצויאָגן צוזאַמען מיטן באָנאַפּאַרט, מחמת נישט פרייסן אַליין, נייערט דאָס גאַנצע דייטשע פאָטער־לאַנד מוז פונדאָסניי אויפגעריכט און די נאַציע פאַרגרונטפעסטיקט ווערן״.

אָבער געקומען איז לגמרי עפּעס אַנדערש ווי דאָס, וואָס די פּאַטריאָטישע פאַר־

שטייער פונעם דייטשן איינהייטסגעדאַנק האָבן זיך פאַרגעשטעלט. אַלע צוזאָגענישן פון די גדולים איז אַוועק מיטן רויך ווי נאָר נאַפּאָלעאָן איז געווען אַ געשלאָגענער און ס׳איז געווען באַזייטיקט די סכנה פון אַ נייער אינוואַזיע. אַנשטאָט דער קאָנ־סטיטוציע איז געקומען די „הייליקע אַליאַנץ״; אַנשטאָט דער דערוואַרטער בירגערלע־כער פרייהייט, זענען געקומען די קאַרלסבאַדער באַשלוסן און די רדיפות קעגן די דעמאַגאָגן. דאָס פאַרזעעניש, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „דויטשער בונד״ — יאַן האָט אים אָנגערופן „דויטשער בונט״ — האָט געמוזט גילטן ווי אַ דערגענצונגס־מיטל פון דער געשטרעבטער איינהייט פון דער אימפּעריע. דער געדאַנק וועגן איינ־הייט איז פון די רעגירונגען אַריינגעלייגט געוואָרן אין חרם, פאַרשטויסן געוואָרן; מעטטערניך האָט אויסגעדריקט די מיינונג, אַז „ס׳איז נישט פאַראַן קיין רשעותדי־קערער געדאַנק ווי דער רעיון צו וועלן פאַראייניקן די אַלע דייטשע פעלקער אין איין דייטשלאַנד״, און די אונטערזוכונגס־קאָמיסיע אין מאַינץ האָט באַזונדערס שטאַרק פאַרגעוואָרפן דעם לערער פון גימנאַסטיק יאַן, אַז ער איז עס געווען דעריעניקער, וועל־כער „האָט דער ערשטער אַרויסגעבראַכט די העכסטגעפערלעכע דאָקטרין וועגן דער איינהייט פון דייטשלאַנד״, וואָס דאָס איז, אַגב, לחלוטין נישט אמת.

פיכטעס „רעדעס צו דער דייטשער נאַציע״ זענען פאַרווערט געוואָרן, די גרויסע פּאַטריאָטן זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן צו די טעמפּע נאָכלויפער פון דער רעאַקציע. אַרנדט איז באַשטראָפט געוואָרן דיסציפּלינאַריש און אָנגעקלאָגט געוואָרן אין גע־ריכט. שלייערמאַכער האָט געקאָנט פּרעדיקן נאָר אונטער פּאָליציייאישער אויפזיכט. יאַן איז געשלאָסן געוואָרן אין קייטן, אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין תפיסה און שוין אַפילו נאָך זיין באַפרייאונג איז ער נאָך במשך פון אַ סך יאָרן געווען באַרויבט פון זיין פרייהייט. געררעס, וועלכער האָט מיט זיין „ריינישע מערקור״, וועלכע נאַפּאָלעאָן האָט אָנגערופן די „פינפטע גרויסמאַכט״, אַזוי שטאַרק צוגעהאָלפן צום נאַציאָנאַלן אויפשטאַנד קעגן די פראַנצויזן, האָט געמוזט אַנטלויפן און זוכן שוץ אין לאַנד פונעם „ירושהדיקן שונא״ קעגן די רוצחים פון דער פרייסישער רעאַקציע. גנייזענאַו האָט זיך צוריקגעצויגן, באָיען, הומבאָלדט און אַנדערע האָבן געטאָן דאָסזעלביקע. די „בור־שענשאַפטן״ (יוגנטלעכע פאַראיינען) זענען אויפגעלייזט געוואָרן, די אוניווערזי־טעטן זענען געשטעלט געוואָרן אונטער דער מאָראַלישער אַפּיטרופּסות פון דער פּאָ־ליציי.

נאָך קיינמאָל איז אַ פאָלק נישט באַרויבט געוואָרן אַזוי אומפאַרשעמט, אַזוי גרינטלעך פון די פרוכטן פון זיין ניצחון; יעדנפאַלס דאַרף מען דערביי נישט פאַר־געסן, אַז ס׳איז געווען בלויז אַ קליינע מינדערהייט, וועלכע האָט געלייגט אַזעלכע גרויסע האָפענונגען אויף דער מפּלה פון דער פראַנצויזישער הערשאַפט און באמת געגלייבט, אַז ס׳איז שוין געקומען פאַר דייטשלאַנד די צייט פון פאַראייניקונג אונ־טערן צייכן פון דער בירגערלעכער פרייהייט. די ברייטע מאַסן זענען, ווי תמיד, אַריינ־געשלעפּט געוואָרן איבערגעוואָלט אינעם אַזויגערופענעם „פרייהייטסקריג״ און דאָס איינציקע, וואָס זיי האָבן געטאָן, איז געווען אויסצופאָלגן דעם באַפעל פון זייערע

ירושהדיקע פירשטן, וועמען זיי האָבן געמוזט פאָלגן. אַנדערש קאָן מען זיך נישט דערקלערן די אומקאָנדיציאָנעלע אונטערגעוואָרפנקייט פון דער באַפעלקערונג אונטער דער טעראָר־הערשאַפט פון דער אויפקומענדיקער רעאַקציע. היינע איז זיכער גערעכט, ווען ער שרייבט אין זיינע עסייען וועגן דער ראָמאַנטישער שול:

„ווען גאָט, דער שניי און די קאָזאַקן האָבן געמאַכט אַ חורבן פון נאַפּאָלעאָנס בעסטע חיילות, האָבן מיר, דייטשן, באַקומען דעם באַפעל פון דער העכסטער קאָמאַנדע זיך צו באַפרייען פונעם פרעמדן יאָך, און מיר האָבן אויפגעפלאַמט אין העכסטן גרימצאָרן צוליב דער אַזוי לאַנג איבערגעטראָגענער קנעכטשאַפט, און מיר האָבן זיך באַגייסטערט מיט די גוטע מעלאָדיעס און שלעכטע פערזן פון קערנערס לידער, און מיר האָבן אויסגעקעמפט די פרייהייט, מחמת מיר טוען אַלעס, וואָס ווערט אונדז פון אונדזערע פירשטן באַפוילן".

אויך געטע, וועלכער האָט מיטגעלעבט די פרייהייטס־מלחמות און וועלכער איז געווען געוואוינט אַריינצודרינגען טיפער אין די זאַכן ווי דער אייביקער אָפּשפּאָטער היינע, האָט בנוגע דעם פּונקט געהאַט דיזעלביקע מיינונג. אַזוי האָט ער זיך טאַקע אויסגעדריקט אין זיין שמועס מיט לידענען, באַלד נאָך דער בלוטיקער פעלקערשלאַכט ביי לייפּציק:

„איר רעדט וועגן דעם אויפוואַך, דער דערהויבונג פונעם דייטשן פאָלק און מיינט, אַז דאָסדאָזיקע פאָלק וועט זיך לאָזן צוריק אַרויסרייסן דאָס, וואָס עס האָט דעראָבערט און פאַר וואָס עס האָט טייער באַצאָלט מיט פאַרמעג און מיט בלוט, נעמלעך די פרייהייט. איז דען באמת דאָס פאָלק אויפגעוואַכט? ווייס עס. וואָס עס וויל און וואָס עס איז בכוח?... און איז דען יעדע באַוועגונג אַן אויפשטאַנד? רעבעלירט יענער, וועלכער ווערט מיט געוואַלט אויפגעטרייסלט? מיר רעדן נישט וועגן די טויזנטער געבילדעטע בחורים און מענער; מיר רעדן וועגן המון, וועגן די מיליאָנען. און וואָס איז דען דערגרייכט אָדער געוואונען געוואָרן? איר זאָגט, די פרייהייט; אָבער אפשר וואָלט געווען בעסער ווען מיר רופן עס אָן באַפרייאונג; נעמלעך באַפרייאונג נישט פונעם יאָך פון די פרעמדע, נייערט פון אַ פרעמדן יאָך. ס'איז אמת: פראַנצויזן זע איך שוין מער נישט און אויך נישט קיין איטאַליענער, דערפאַר זע איך אָבער קאָזאַקן, באַשקירן, קראָאַטן, מאַדזשיאַרן, קאַסובן, זאַמלענדער, ברוינע און אַנדערע הוזאַרן. מיר האָבן זיך פון זינט אַ לאַנגער צייט צוגעוואוינט צו ווענדן אונדזער בליק צו מערב און פון דאָרט זיך צו ריכטן אויף אַלע סכנות; אָבער די ערד שפריי זיך אויך אויס ווייטער־צו צום מזרח".

געטע איז געווען גערעכט: פון מזרח איז טאַקע נישט געקומען קיין רעוואָלוציע, ס'איז אָבער יאָ געקומען די „הייליקע אַליאַנץ", וועלכע האָט במשך פון צענדליקער יאָרן געהויערט ווי אַן אַלפּנבאַרג אויף אייראָפּעס פעלקער און געדראָט צו דערשטיקן יעדן מין גייסטיק לעבן. קיינמאָל איז דייטשלאַנד נישט אויסגעקומען אויסצושטיין גאָרנישט ענלעכס אונטער דער פרעמדער הערשאַפט פון די פראַנצויזן ווי דאָס, וואָס עס האָט געהאַט צו ליידן שפּעטער אונטער דער שענדלעכער טיראַניי פון זיינע פירשטלעכע „באַפרייער".

# XIII

## ראָמאַנטיציזם און נאַציאָנאַליזם

קולטורנאַציאָנאַליזם. — די דייטשע ראָמאַנטיק. — די „פאַרלוירענע היימאַט". — די משיח-אידעע. — די לערע וועגן „אורפאָלק". — די שאָטנס פונעם געוועזענעם. — אַרנדס שנאה צו די פראַנצויזן. — קלייסטס „קאַטעכיזם פון די דייטשן". — לודוויג יאַן, אַ פאָרלויפער פונעם היטלעריזם. — דער געטומל מיטן דייטשטום. — גערמאַנישער גייסט פונעם אורוואַלד. — די „בורשענשאַפטן". — רוימס השפעה אויף דער ראָמאַנטיק. — קיין דמשק. — פרידריך פאָן גענץ. — אַדאַם מילער און די ראָמאַנטישע שטאַטס-אידעע. — לודוויג פאָן האַללער און דער נייאַבסאָלוטיזם. — פראַנץ פאָן באַדער, אַ נאָכקומער פון דער דייטשער מיסטיק. — דייטשלאַנדס איינהייט אין חלום און ווירקלעכקייט.

יעדער נאַציאָנאַליזם איז לויט זיין נאַטור רעאַקציאָנער, ווייל ער איז אויסן אַרויפצוצווינגען אויף די איינצלנע טיילן פון דער גרויסער מענטשלעכער פאַמיליע אַ באַשטימטן כאַראַקטער, בהסכם מיט אַ פון פאָרויס אָנגענומענעם גלויבן. אויך אין אָט־דעם פונקט ווייזט זיך אַרויס די אינערלעכע קרובעשאַפט פון דער נאַציאָנאַליסטישער אידעאָלאָגיע מיטן אַני־מאמין פון יעדער אַנטפּלעקונגס־רעליגיע. דער נאַציאָנאַליזם שאַפט קינסטלעכע צעשיידונגען און שפּאַלטונגען אינערהאַלב יעדער אָרגאַנישער איינהייט, וועלכע געפינט איר אויסדרוק אינעם מין מענטש; אין דער־זעלביקער צייט שטרעבט ער צו אַ פיקטיווער איינהייט, וועלכע האָט איר שורש אין אַ באַגער, און זיינע פאָרשטייער וואָלטן צומבעסטן געוואָלט אָנשטעלן אַלע גלידער פון אַ באַשטימטער מענטשנגרופּע אויף איין טאָן, בכדי ס׳זאָל זיך וואָס שאַרפער מערקן דאָס, וואָס שיידט זיי אונטער פון אַנדערע מענטשנגרופּעס. אין דעם פרט אונטערשיידט זיך דער אַזוי גערופענער „קולטורנאַציאָנאַליזם" לגמרי נישט פונעם פּאָליטישן נאַציאָנאַליזם, פאַר וועמעס מאַכטפּאָליטישע שטרעבונגען ער מוז בדרך כלל דינען ווי אַ פייגנבלאַט. ביידע זענען גייסטיק אומאָפּטיילבאַר איינער פונעם אַנדערן און זיי שטעלן מיט זיך פאָר צוויי פאַרשידענע פאָרמען פון דיזעלביקע שטרעבונגען.

דער קולטורנאַציאָנאַליזם טרעט־אַרויס אַמרייינסטן דאָרט, וואו פעלקער זענען אויסגעשטעלט צו אַ פרעמדער הערשאַפט און זיי קאָנען מהאי טעמה נישט דורכפירן קיין אייגענע מאַכטפּאָליטישע פּלענער. אין דעם פאַל באַשעפטיקט זיך דער „נאַציאָ־

נאַלער געדאַנק״ אַמליבסטן מיט קולטורשעפערישער טעטיקייט פונעם פאָלק און זוכט אויפצוהאַלטן לעבעדיק דעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין דורך דעם דערמאָנען דעם אַמאָליקן גלאַנץ און די פאַרגאַנגענע גרויסקייט. אַזעלכע פאַרגלייכענישן צווישן אַן עבר, וועלכער איז שוין כמעט געוואָרן לעגענדע, און אַ פאַרשקלאַפטן הווה, מאַכן פאַרן פאָלק טאָפּלט פילבאַר דאָס לגבי זיי באַגאַנגענע אומרעכט, מחמת קיין שום זאַך ווירקט נישט אַזוי שטאַרק אויפן מענטשן ווי די טראַדיציע. באַווייזן אָבער אַזעלכע אונטערדריקטע פעלקערגרופּעס פריער צי שפּעטער אַראָפּצוטרייסלען פון זיך דעם פרעמדן יאָך און אויפצוטרעטן דערנאָך אַליין ווי אַ נאַציאָנאַלע מאַכט, דעמאָלט רוקט זיך באַלד אָפּ אין הינטערגרונט די קולטורעלע זייט פון זייערע שטרעבונגען, בכדי צו לאָזן פריי דאָס פעלד פאַר דער ניכטערער ווירקלעכקייט פון די מאַכטפּאָלי־טישע אויסרעכענונגען. די ערשטיקע געשיכטע פון די נאָך דער פאַריקער מלחמה אויפגעקומענע מלוכות אין אייראָפּע גיט אונדז אַ פּילזאַגנדיקן באַווייז פאַר דעם.

אויך אין דייטשלאַנד זענען די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פאַר און נאָך די „פריי־הייטס־מלחמות״ שטאַרק באַווירקט געוואָרן פון דער ראָמאַנטיק, וועמעס פאַרשטייער ס׳האָבן זיך באַמיט באַנייס אויפצולעבן אין פאָלק די טראַדיציעס פון אַ לאַנגפאַר־גאַנגענער צייט און פאַרצושטעלן פאַר אים די פאַרגאַנגענהייט אין אַ גלאָריפיצירט ליכט. ווען ס׳האָבן שפּעטער געפּלאַצט די זייפנבלאָזן, די לעצטע האָפענונגען, וועל־כע די דייטשע פּאַטריאָטן האָבן געלייגט אויף דער באַפרייאונג פונעם יאָך פון דער פרעמדער הערשאַפט, דעמאָלט האָט זיך דער גייסט אַמליבסטן אויסגעזוכט אַ באַ־העלטעניש אין די כישופדיקע, מיט לבנה־שיין באַלייכטע נעכט און אין דער פאַר־חלומטער, מיט גאַרענישן אָנגעפילטער לעגענדאַרישער וועלט פון דער ראָמאַנטיק, בכדי דאָרט צו געפינען פאַרגעסנהייט פאַר דער גרויער ווירקלעכקייט פונעם לעבן און זיינע שענדלעכע אָנטוישונגען.

ביים קולטורנאַציאָנאַליזם קומען זיך בדרך כלל צונויף צוויי באַזונדערע סענ־טימענטן, וועלכע האָבן אין תוך נישט קיין שום שייכות צווישן זיך. מחמת דאָס גע־פיל פאַר היים איז נישט פּאַטריאָטיזם, איז נישט ליבע צום שטאַט, איז נישט ליבע, וועלכע געפינט איר שורש אין דער אַבסטראַקטער פאַרשטעלונג וועגן דער נאַציע. ס׳זענען נישט נייטיק קיין ברייטפאַרנעמיקע דערקלערונגען צו באַווייזן, אַז דאָס שטיקל ערד, אויף וועלכן דער מענטש האָט אָפּגעלעבט די יאָרן פון זיין יוגנט, איז טיף פאַרוואָקסן מיט זיינע אינערלעכע געפילן. מחמת די איינדרוקן פון דער קינד־הייט און פון דער ערשטער יוגנט זענען דאָס יענע, וועלכע גראָבן זיך אַמשטאַרקסטן איין אין געמיט און פאַרבלייבן צום לענגסטן אין דעם מענטשנס נשמה. די היים איז אַזוי צו זאָגן דאָס אויסערלעכע מלבוש פונעם מענטשן, אין וועלכן יעדער קנייטש איז אים היימיש־נאָענט. פון אָט־דעם היים־געפיל שטאַמט אויך יענע אין די שפּע־טערדיקע יאָרן אויפקומענדיקע שטומע בענקעניש צו אַ פאַרגאַנגענהייט, וועלכע ליגט שוין לאַנג באַגראָבן אונטער די חורבות און וועלכע האָט דערמעגלעכט די ראָמאַנטי־קער אַריינצודרינגען אַזוי טיף אינעווייניק מיט זייער בליק.

מיטן אַזויגערופענעם „נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין" האָט דאָס היימגעפיל נישט קיין שום קרובעשאַפט, הגם מ'וואַרפט זיי אַזוי אָפט אַריין צוזאַמען אין איין טאָפ און אויפן שטייגער פון די פאַלשמינצער לאָזט מען זיי צירקולירן מיטן זעלבן ווערט. ווייל דווקא דאָס „נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין" איז טאַקע יענץ געפיל, וועלכעס צע־פרעסט די צאַרטע בליטן פונעם אמתן היימגעפיל, מחמת ס'איז שטענדיק אויסן צו ניוועלירן, גלייכצושטאַלטן אַלע איינדרוקן, וועלכע דער מענטש באַקומט דורך דער אומדערשעפּלעכער פאַרשידנאַרטיקייט פון דער היימישער ערד, און זיי אַלע אַריינ־קוועטשן אין איין באַשטימטער פאָרעם. דאָס איז דער אומפאַרמיידלעכער פּועל־יוצא פון יענע מעכאַנישע שטרעבונגען צו איינהייט, וועלכע זענען אינדערעמתן נאָר די שטרעבונגען פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט.

דער פּרואוו צו וועלן פאַרבייטן די נאַטירלעכע נטיה פונעם מענטשן צו דער היים מיט דער אָבליגאַטאָרישער ליבע צו דער נאַציע — אַ באַשאַף, וועלכע האָט צו פאַרדאַנקען זיין אַנטשטייאונג אַלערליי מעגלעכע צופעליקייטן און אין וועלכן ס'זענען מיט דער ברוטאַלער פויסט צוזאַמענגעשמידט געוואָרן אַזעלכע עלעמענטן, וועלכע קיין שום אינערלעך באַדערפעניש האָט נישט צונויפגעפירט — איז איינע פון די אַמיינסט גראָטעסקע דערשיינונגען פון אונדזער צייט. ווייל דאָס אַזויגערו־פענע נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין איז נישט עפּעס אַנדערש ווי אַן אמונה, וועלכע איז פאַרשפּרייט געוואָרן צוליב מאַכטפּאָליטישע אויסרעכענונגען, אַן אמונה, וועלכע איז געקומען פאַרבייטן דעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם פון די פאַרגאַנגענע דורות און איז זיך היינט צו טאָג צעוואָקסן אין דער גרעסטער שטרויכלונג פאַר יעדער קולטורעלער אַנטוויקלונג. מיט דער ליבע צו דער היים האָט דידאָזיקע בלינדע פאַרערונג פון אַן אַבסטראַקטן פאָטערלאַנדס־באַגריף נישט קיין שום שייכות. ליבע צו היים ווייסט נישט וואָס דאָס איז אַזוינס „ווילן צו מאַכט", איז פריי פון יענער פּוסטער און גע־פערלעכער אַראָגאַנטישער סופּעריאָריטעט לגבי דעם שכן, וואָס דאָס זענען די איי־ביקע כאַראַקטערשטריכן פון יעדן מין נאַציאָנאַליזם. ליבע צו היים פירט נישט קיין רעאַל־פּאָליטיק און נאָך ווייניקער איז זי אויסן צילן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט אויפ־האַלטן די מלוכה. זי איז נישט עפּעס אַנדערש ווי דער אויסדרוק פון אַן אייגנאַרטלעכן געפיל, וועלכעס ווייזט זיך אַרויס פּונקט אַזוי פריי און אומגעצוואונגען ווי די פרייד פונעם מענטשן מיט דער נאַטור, פון וועלכער די היימישע געגנט איז אַ טייל. באַ־טראַכטנדיק דעם ענין אין אַזאַ ליכט, איז דער פאַרגלייך פונעם היימגעפיל צו דער שטאַטלעך־געבאָטענער ליבע צו דער נאַציע ווי דער פאַרגלייך פון אַן עכטן, נאַ־טירלעכן פּראָדוקט צו אַ כעמישן, וועלכער איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אין אַ לאַ־באָראַטאָריע.

דער אימפּולס צו דער דייטשער ראָמאַנטיק איז געקומען פון פראַנקרייך. רוסאָס פאָראָל „צוריק צו דער נאַטור!"; זיין באַקאַנטער בונט קעגן גייסט פון אויפקלערונג; זיין שטאַרקע באַטאָנונג פונעם ריין־געפילמעסיקן קעגן דער כיטרער סיסטעמאַטיק פונעם פאַרשטאַנד, קעגן ראַציאָנאַליזם, האָבן געהאַט אַ באַדייטנדיקן אָפּקלאַנג אויך

אויפן אַנדערן ברעג פונעם ריין, באַזונדערס ביי הערדערן, וועמען די ראָמאַנטיקער, וועלכע זענען פריער כמעט אַלע געווען אינעם לאַגער פון דער אויפקלערונג, האָבן געהאַט אַ סך צו פאַרדאַנקען. הערדער גופא איז נישט געווען קיין ראָמאַנטיקער; זיין בליק איז געווען צו קלאָר, זיין קאָפּ צו לויטער, אַז ער זאָל זיך געווען קאָנען באַגייסטערן מיט די עקסטראַוואַגאַנצן פונעם ראָמאַנטישן באַנעם וועגן דער „צוועק־לאָזיקייט פון אַלע פּראָצעסן". פונדעסטוועגן האָט אים זיין ווידערווילן קעגן יעדער סיסטעמאַטישקייט, זיין פריידֿ מיט דער אורשפּרינגלעכקייט פון די זאַכן, זיין באַ־נעם וועגן דער טיף־אינערלעכער שייכות פון דער מענטשלעכער נשמה מיט דער מוטער נאַטור און בעיקר זיין טיפע פעאיקייט צו קענען פילן און אַריינדרינגען אין דער גייסטיקער קולטור פון פרעמדע פעלקער און פון פאַרגאַנגענע צייטן — דאָס אַלעס האָט אים געמאַכט שטאַרק נאָענט צו די פאָרשטייער פון דער ראָמאַנטיק. פּאַקטיש קאָן מען די גרויסע פאַרדינסטן, וועלכע די ראָמאַנטיקער האָבן צו פאַר־צייכענען דורך דער אַנטפּלעקונג און דערקלערונג פון פרעמדע ליטעראַטורן און דורך זייער באַנייאיקער אַנטדעקונג פון דער דייטשער לעגענדאַרישער וועלט, על פי רוב צוריקפירן צו הערדערס אינספּיראַציעס, וועלכער האָט זיי אָנגעוויזן דעם וועג.

אָבער הערדער האָט אין אַלץ, וואָס ער האָט געטראַכט, געהאַט פאַר די אויגן די מענטשהייט ווי אַ גאַנצן געזאַמל. ער האָט געזען — ווי היינע האָט אַזוי שיין געזאָגט — „די גאַנצע מענטשהייט ווי אַ גרויסע האַרף אין דער האַנט פונעם גרויסן מייסטער". יעדעס פאָלק איז פאַר אים געווען אַ סטרונע, און פונעם האַרמאָנישן אַקאָרד פון אַלע סטרונעס איז פאַר אים אויפגעקומען די אייביקע מעלאָדיע פונעם לעבן. אינספּירירט אין אַט־די געדאַנקען האָט ער הנאה געהאַט פון דער אומענדלע־כער פאַרשידנאַרטיקייט פונעם לעבן פון די פעלקער און ער האָט מיט אַ ליבנדיקן בליק נאָכגעפאָלגט אַלע אויסדרוקן פון זייער קולטורעלער אַקטיוויטעט. ער האָט נישט אָנערקענט קיין אויסדערוויילטע פעלקער און ער האָט פאַרן נעגער און דעם מאָנגאָל געהאַט דאָסזעלביקע פאַרשטענדעניש ווי פאַר די גלידער פון דער ווייסער ראַסע. ווען מען לייענט, וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן וועגן דעם פּלאַן פון אַ „נאַ־טורגעשיכטע פון דער מענטשהייט אין ריין מענטשלעכן זין", באַקומט מען דעם איינדרוק גלייך ווי ער וואָלט געווען פאַרויסגעפילט די אומזיניקייטן פון אונדזערע מאָדערנע ראַסן־טעאָרעטיקער און נאַציאָנאַל־פעטישיסטן

„ראשית־כל דאַרף מען זיין אומפּאַרטייאיש, ווי דער געניוס פון דער מענטשהייט גופא; מ'דאַרף נישט האָבן קיין ליבלינגס־שטאַם, קיין פאַוואָריטן־פאָלק אויף דער ערד. אַזאַ מין פרעפערענץ פאַרפירט לייכט אין דעם זין, אַז דער באַגינציקטער נאַציע שרייבט מען צו צו פיל גוטס, אַנדערע צו פיל שלעכטס. וואָלט דאָס געליבטע פאָלק געווען לגמרי בלויז אַ קאָלעקטיווער נאָ־מען (קעלטן, סעמיטן, כושיטן, א. א. וו.), וועלכער האָט אפשר אינערגעץ נישט עקזיסטירט, וועמעס אָפּשטאַם און קאָנטינואיטעט ס'קאָן נישט באַוויזן ווערן, אין דעם פאַל וואָלט עס געווען דאָסזעלביקע ווי האָבן געשריבן אויפן זאַמד".

פאָרשטייער פון דער ראָמאַנטיק האָבן זיך לכתחילה געהאַלטן ביי אַט־די שפּורן און האָבן אַנטוויקלט אַ שלל פּרוכפּערדיקע שפּראַצן, וועלכע האָבן געהאַט אַ סטי־

מולירנדיקע השפעה אויף די פֿאַרשידנדיקסטע אידעאָלאָגישע ריכטונגען. אָבער אונדז אינטערעסירט דאָ בלויז דער איינפֿלוס, וועלכן זיי האָבן געהאַט אויף דער אַנטוויקלונג פֿון דער נאַציאָנאַלער אידעע אין דייטשלאַנד. די ראָמאַנטיקער האָבן אַנטדעקט פֿאַר די דייטשן די דייטשע פֿאַרגאַנגענהייט און אַרויסגעבראַכט פֿון דאָרט געוויסע פּרטים, וועלכע מ׳האָט פֿריער קוים באַמערקט. זיי האָבן לגמרי געשוועבט אין אָט דער פֿאַרגאַנגענהייט און אין זייערע כוונות אויפֿצולעבן פֿונדאַסניי דאָס געוועזענע, האָבן זיי אַנטדעקט געוויסע פֿאַרבאָרגענע אוצרות; ווידער געלאָזט הערן די וויבראַציע פֿון געוויסע שוין פֿאַרגעסענע סטרונעס. און היות דער רוב פֿון זייערע גייסטיקע פֿאַרטרעטער זענען אויך געווען געניגט צו פֿילאָזאָפֿישע מעדיטאַציעס, האָבן זיי געחלומט וועגן אַ העכערער איינהייט פֿון לעבן, אין וועלכער עס זאָלן צוזאַמענגענומען ווערן אַלע געביטן פֿון דער מענטשלעכער טעטיקייט — רעליגיע, שטאַט, קירך, וויסנשאַפֿט, קונסט, פֿילאָזאָפֿיע, עטיק און טאָגטעגלעכקייט — ווי אַ הויפֿן שטראַלן אין אַ ברענגלאָז.

די ראָמאַנטיקער האָבן געגלייבט אין אַ „פֿאַרלוירענער היימאַט״, אין אַ געוועזענעם צושטאַנד פֿון גייסטיקער שלימות, אין וועלכן ס׳האָט אַמאָל עקזיסטירט די לעבנסאיינהייט, צו וועלכער זיי האָבן געשטרעבט. פֿון דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן אַזאַ מין צושטאַנד פֿון זינדיקייט; די מענטשהייט איז אַריינגעפֿאַלן אין אַ כאַאָס פֿון פֿיינטלעכע סתירות, דורך וועלכן ס׳איז חרוב געוואָרן די אינערלעכע געמיינשאַפֿט צווישן אירע איינצלנע טיילן און יעדער באַזונדער איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָפּגעריסענעם טייל, וועלכער האָט פֿאַרלוירן זיינע טיפֿערע באַציאונגען צום כלל. די פֿרואוון פֿונדאַסניי צו פֿאַראייניקן די מענטשן אין אַן איינהייט האָבן ביז איצט בלויז דערפֿירט צו מעכאַנישע פֿאַרבינדונגען, ווען עס האָט געפֿעלט דער אינערלעכער אימפּולס פֿונעם אייגענעם וואַקסן און צייטיקן. דעריבער האָבן זיי בלויז פֿאַרגרעסערט די צרה און אָפּגעטויט די פּילקאַלירקע פֿאַרשידנאַרטיקייט פֿון די אינערלעכע און אויסערלעכע באַציאונגען. אין דעם זין האָט פֿראַנקרייך פֿיגורירט ביי די ראָמאַנטיקער ווי אַן אָפּשרעקנדיקער ביישפּיל, ווייל פֿון זינט דורות האָט מען זיך דאָרט באַמיט אַריינצוקוועטשן אַלע דערשיינונגען פֿון לעבן אין אַ גייסטלאָזן פּאָליטישן צענטראַליזם, וועלכער האָט פֿאַרפֿעלשט די עיקרדיקייט פֿון די געזעלשאַפֿטלעכע באַציאונגען און זיי בכיוון באַרויבט פֿון זייער אמתן כאַראַקטער.

בהסכם מיטן ראָמאַנטישן באַנעם איז נישט מעגלעך פֿונדאַסניי איינצושטעלן די פֿאַרלוירענע איינהייט דורך אויסערלעכע מיטלען; זי וואָלט גיכער געדאַרפֿט אַרויסוואַקסן און צייטיק ווערן פֿון אַן אינערלעכער געמיטשטימונג פֿון די מענטשן. די ראָמאַנטיקער זענען געווען שטאַרק איבערצייגט אין דעם, אַז אין דער נשמה פֿונעם פֿאָלק דרימלט שטיל די דערמאָנונג אין יענעם צושטאַנד פֿון אַמאָליקער שלימות. אָבער דער אינערלעכער קוואַל איז געווען פֿאַרשטאָפּט און ער האָט געדאַרפֿט פֿאַמעלעך באַנייס צעעפֿנט ווערן, איידער יענע שטילע געפֿיל וועט ווידער קענען ווערן

לעבעדיק אינעם באַוואוסטזיין פונעם מענטשן. האָבן זיי זיך געגריבלט אין די פאַר־באַרגענע קוואַלן און אַריינגעפאַלן אַלץ טיפער אינעם מיסטישן בין־השמשות פון אַ פאַרגאַנגענהייט, וועמעס וואונדערלעכער צויבער האָט פאַרשיכורט זייער גייסט. דער דייטשער מיטלאַלטער מיט זיין פילקאָליריקער פאַרשידנאַרטיקייט און מיט זיין אומ־דערשעפלעכער שאַפונגסקראַפט איז פאַר די ראָמאַנטיקער געוואָרן ווי אַ נייע אַנט־פלעקונג; זיי האָבן געגלייבט דאָרט צו האָבן געפונען די גרויסע לעבנסאיינהייט, וועלכע די מענטשן האָבן פאַרלוירן. די אַלטע שטעט און די גאָטישע דאָמען האָבן איצט גערעדט אַ ספּעציפישע שפּראַך און זענען געווען עדות פון יענער „פאַרלוירע־נער היימאַט״, נאָך וועלכער ס׳איז דער ראָמאַנטיק אויסגעגאַנגען דאָס חיות. דער ריין מיט זיינע לעגענדאַרישע שלעסער, קלויסטערס און בערג איז געוואָרן דייטש־לאַנדס הייליקער טייך; אַלעס פאַרצייטיקע האָט באַקומען אַן אַנדערן כאַראַקטער, אַ פאַרהייליקטן שיין.

אַזוי האָט זיך ביסלעכווייז אַנטוויקלט אַזאַ מין קולטור־נאַציאָנאַליזם, וועמעס אינערלעכער אינהאַלט איז געווען קאָנצענטרירט אינעם געדאַנק, אַז אויפן סמך פון זייער גלענצנדיקער פאַרגאַנגענהייט, וועלכע דאַרף איצט פונדאָסניי אויפגעלעבט ווערן צווישן פאָלק, זענען די דייטשן דערצו באַרופן צו ברענגען דער קראַנקער מענטשהייט די לאַנג־געגאַרטע גענעזונג. אַזוי זענען די דייטשן אין די אויגן פון די ראָמאַנטיקער פאַרוואַנדלט געוואָרן אינעם אויסדערוויילטן פאָלק פון דער היינטי־קער צייט, וועמען די השגחה גופא האָט אויסגעקליבן דורכצופירן אַ געטלעכע שלי־חות. דערדאָזיקער געדאַנק האָט זיך אויך כסדר איבערגעחזרט ביי פיכטען, וועמעס פילאָזאָפישער אידעאַליזם האָט צוזאַמען מיט שעלינגס נאַטורפילאָזאָפיע געהאַט אויף די ראָמאַנטיקער דעם שטאַרקסטן איינפלוס. פיכטע האָט באַצייכנט די דייטשן ווי אַן „אורפאָלק״, וואָס נאָר פאַר אים אַליין איז רעזערווירט דער גורל צו באַ־פרייען די מענטשהייט. דאָס, וואָס איז לכתחילה אפשר אויפגעקומען פון דער נאַ־איווער באַגייסטערונג פון אַן עקזאַלטירטן געמיט פון אַ דיכטער און איז דעריבער מסתמא אַן און פאַר זיך געווען גאַנץ פּשוט און אומשעדלעך, באַקומט שוין ביי פיכטען דעם כאַראַקטער פון אַ קאָנסטרואירטער אַנטיטעזע, וועלכע איז טאַקע דער שטאַרקסטער יסוד פון יעדן נאַציאָנאַליזם און אַנטהאַלט שוין אין זיך די פאַרסמטע זריעה פון פעלקער־שנאה. פון דער נאַציאָנאַלער מערוועדטיקייט ביז צו דער פאַר־לוימדונג און דערנידעריקונג פון אַלעם פרעמדן איז בדרך כלל נישט מער ווי איין שפּאַן, וועלכער ווערט אין צערודערטע צייטן געמאַכט גאַנץ שנעל.

און אויב די דייטשן זענען טאַקע געווען אַן „אורפאָלק״, ווי פיכטע האָט גע־האַלטן און ווי אַנדערע האָבן אים נאָכגעזאָגט, אַ פאָלק, וועלכעס האָט געטראָגן אין זיך מער פון דער „פאַרלוירענער היימאַט״ ווי אַלע אַנדערע פעלקער, האָט זיך שוין קיין שום אַנדער פאָלק נישט געקאָנט פאַרמעסטן מיט זיי אָדער אַפילו בלויז אויס־האַלטן אַ פאַרגלייך מיט זיי. בכדי צו פאַרשטאַרקן דידאָזיקע באַהויפּטונג, האָט מען געמוזט איינטיילן פעלקער אין קאַטעגאָריעס, זיי באַהאַנדלען ווי איינצלנע וועזנס,

בכדי צו די ווירקלעכע אָדער כלומרשטע אונטערשיידן צווישן זיי צושרייבן דעם באַדייט, וועלכן מ׳האָט געדאַרפט האָבן. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דאָס ווערק פון דער פוסטער שפּעקולאַציע און קאָנסטרוקציע, אין וועלכע פיכטע האָט אַזאַ אויסער־געוויינלעכן חלק. זענען דאָך פאַר אים די דייטשן געווען דאָס איינציקע פאָלק, וועל־כעס האָט געהאַט כאַראַקטער; „מחמת האָבן כאַראַקטער און זיין דייטש איז בלי שום ספק איינסאונדאָסזעלביקע". האָט שוין פון דעם נאַטירלעכערווייז אַרויסגעדרונגען, אַז אַנדערע פעלקער, און בפרט די פראַנצויזן, זענען געווען כאַראַקטערלאָז. מ׳האָט אַנטדעקט, אַז אין דער פראַנצויזישער שפּראַך איז נישט פאַראַן קיין וואָרט פאַר „געמיט", וואָס דערמיט איז געגעבן צו באַווייזן, אַז גאָט האָט נאָר די דייטשן אַליין באַשאָנקען מיט אַזאַ איידעלער גאָב.

פון אַזעלכע און ענלעכע הנחות איז מען ביסלעכווייז דערגאַנגען צו די עזות־דיקסטע אויספירן: היות ווי דער פראַנצויז האָט נישט קיין געמיט, איז במילא זיין גייסט אָריענטירט נאָר אויפן זינלעכן און מאַטעריעלן, זאַכן, וועלכע זענען נאַטיר־לעך דערווידער דער אינערלעכער צניעות פון די געמיטפולע דייטשן. מיטן געמיט האָט מען אויך דערקלערט די איינגעבוירענע „ערנהאַפטיקייט און טרייהייט" פון דייטש; און דאָרט, וואו ס׳איז נישט פאַראַן קיין געמיט, דאָרט הויערט די כיט־רעקייט און רשעות אויפן גרונט פון דער נשמה, אייגנשאַפטן וועלכע דער דייטש פאַרגינט אָן קנאה די אַנדערע פעלקער. אמתע רעליגיע האָט איר מקור אין דער טי־פעניש פונעם געמיט. דאָס האָט דערקלערט, פאַרוואָס ס׳האָט זיך ביי די פראַנצויזן געמוזט אַנטוויקלען דער „גייסט פון אויפקלערונג", וועלכער האָט זיך לסוף פאַר־ענדיקט מיט דער וויסט־פוסטער פריידענקעריי. דער דייטש אָבער האָט באַנומען דעם גייסט פונעם קריסטנטום אין זיין גאַנצער טיפקייט און אים געגעבן אַ ספּעציפישן זין, אַן אויסטייטש בהסכם מיט זיין גאַנצן אינערלעכן מהות.

פיכטע האָט גערעדט וועגן דער „אורשפּראַך" פון די דייטשן און ער האָט דערמיט געמיינט „אַ שפּראַך, וועלכע האָט פונעם ערשטן קלאַנג אָן, וועלכער איז אַרויסגעקומען ביי דעמזעלביקן פאָלק, זיך אַנטוויקלט אומאיבערגעריסן פונעם ווירק־לעכן געמיינזאַמען לעבן פון דעמדאָזיקן פאָלק". אַזוי איז ער געקומען צו דער מסקנה, אַז נאָר ביי אַן „אורפאָלק", וועלכעס באַזיצט אַן „אורשפּראַך", לייגט די גייסטיקע אויסבילדונג אַרויף אַ חותם אויפן לעבן, בעת ביי אַנדערע פעלקער, וועלכע האָבן פאַרגעסן זייער „אורשפּראַך און אָנגענומען אַ פרעמדע שפּראַך — צו זיי האָבן, פאַר־שטייט זיך, ראשית כל, געהערט די פראַנצויזן — גייען די גייסטיקע בילדונג און דאָס לעבן יעדער איינער זיין באַזונדערן וועג. פון אָט־דער מכלומרשטער הנחה האָט פיכ־טע דעדוצירט באַשטימטע פּאָליטישע און סאָציאַלע דערשיינונגען פונעם לעבן פון די פעלקער, ווי ער טוט דאָס אין זיין פערטער רעדע צו דער דייטשער יוגנט, וואו ער פירט אויס:

„אין אַ נאַציע פון ערשטן מין איז דאָס גרויסע פאָלק דערציבאַר און די דערציער פון אַזאַ פאָלק פרואוון־אויס זייערע אַנטדעקונגען בייס פאָלק און ווילן

עס באַווירקן. דאַקעגן אין אַ נאַציע פון צווייטן מין טיילן זיך די געבילדעטע שיכטן אָפּ פונעם פאָלק און באַטראַכטן עס נישט ווי עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַלס בלינדן וועדקצייג פון זייערע פּלענער".

און דידאָזיקע אייגנוויליקע באַהויפּטונג, וועמעס אומזין ווערט באַוויזן יעדן טאָג דורכן לעבן גופא, ווערט גראָד היינטצוטאָג צומערסט קאָמענטירט און ווערט אונטערגעטראָגן דער דייטשער יוגנט ווי די טיפסטע חכמה פון אירע אָבות. וואָס העכער צום הימל מ'האָט געלאָזט וואַקסן די אייגענע נאַציע, אַלץ נעבעכדיקער און אומבאַדייטנדיקער האָבן אַלע אַנדערע געמוזט אויסזען אין פאַרגלייך צו איר. מ'האָט די אַנדערע פעלקער אַפילו אָפּגעזאָגט יעדע שעפערישע באַגאַבונג. וועגן די פראַנצויזן האָט פיכטע אויסגעפירט, „אַז זיי אַליין זענען נישט אימשטאַנד זיך צו דערהייבן צום רעיון פון פרייהייט און פונעם לעגאַלן שטאַט, ווייל זיי זענען דורך זייער אַרט דענקען אַריבערגעשפּרונגען איבערן גדאַנק פונעם פּערזענלעכן ווערט, דעם ריין־שעפערישן; זיי קאָנען אויך בשום אופן נישט באַנעמען אַז וועלכער ס'איז אַנדערער מענטש אָדער פאָלק זאָל אַזעלכעס וועלן אָדער טראַכטן".*) פאַר דער פרייהייט זענען, פאַרשטייט זיך, נאָר די דייטשן געווען ראוי, ווייל זיי האָבן געהאַט געמיט און געווען אַן „אורפאָלק". צום באַדויערן רעדט מען נאָך היינט אַפילו אַזוי אָפט און אַזוי צודרינגלעך וועגן דער „דייטשער פרייהייט" און דער „דייטשער טרייהייט", אַז ס'וואָלט געמוזט אַרויסרופן אַ שטאַרקן חשד, ווען דאָס דריטע רייך וואָלט אונדז נישט געוועזן געגעבן אַזאַ קלאָרע אַנשויאונגסלעקציע, וואָס פאַר אַ פּנים ס'האָט דידאָזיקע מכלומרשטע פרייהייט און טרייהייט.

דער רוב פון די מענער, וועלכע האָבן געשפּילט אַן אָנפירנדיקע ראָל אין דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג פאַר און נאָך 1813 אין דייטשלאַנד, זענען געווען שטאַרק באַאיינפלוסט פונעם גייסט פון ראָמאַנטיציזם, פון וועמעס שילדערונגען וועגן „הייליקן רוימישן רייך פון דער דייטשער נאַציע", וועגן דייטשן מיטלאַלטער, וועגן דער לעגענדאַרישער וועלט פון דער דייטשער פאַרגעשיכטלעכער צייט און וועגן דעם צויבער פון דער היימישער ערד זייער פּאַטריאָטיזם האָט באַקומען גוטע דערנערונגסשטאָפן. אַרנדט, יאַן, געררעס, שענקענדאָרף, שלייערמאַכער, קלייסט, אייכענדאָרף, גענץ, קערנער זענען געווען טיף דורכגעדרונגען מיט ראָמאַנטישע אידעען, און אַפילו שטיין איז, וואָס עלטער ער איז געוואָרן, אַלץ טיפער אַריינגעפאַלן אינעם צויבערקרייז פונעם ראָמאַנטיציזם. מ'האָט געחלומט וועגן אומקער פון דער אַלטער אימפּעריע אונטער עסטרייכס קייזערלעכער פאָן; בלויז אַ קליינע צאָל האָט צוזאַמען מיט פיכטען געזען אינעם פּרייסישן קעניג דעם „צווינגער צור דויטשלאַנד", דעם באַצווינגער פונעם גערמאַניזם, און געצווייפלט, צי ס'איז פּרייסנס אויפגאַבע דורכצופירן די איינהייט פונעם רייך.

ביים רוב פון דידאָזיקע מענער איז די נאַציאָנאַליסטישע אידעע דערגאַנ־

*) פיכטע, „איבער דעם בעגריף דעס וואַרהאַפטען קריגעס אין בעצוג אויף דען קריג 1813", דריטע אויפלאַגע.

געגן צו איר לאַגישן סוף. זי האָט זיך אָנגעהויבן ווי אַ פאַרלאַקנדיקע בענקעניש נאָך אַ „פאַרלוירענער היימאַט" און מיט דער פּאָעטישער גלאָריפיקאַציע פונעם דייטשן עבר; נאָכדעם איז אירע פאַרשטייער איינגעפאַלן דער געדאַנק מכוח דער גרויסער היסטאָרישער שליחות פון די דייטשן; מ'האָט געמאַכט פאַרגלייכן צווישן אייגע־נעם פאָלק און אַנדערע פעלקער און מ'האָט פאַרנוצט פאַר דער אויסמאָלונג פון די אייגענע מעלות אַזוי פיל פאַרב, אַז ס'איז פאַר די אַנדערע קוים נאָך עפּעס גע־בליבן. דער פועל יוצא איז געווען אַ ווילדער פראַנצויזן־האַס און אַן אידיאָטישע עקזאַלטאַציע פונעם דייטשטום, וועלכע האָט זיך אָפּט געגרענעצט מיט גייסטי־קער פאַרווירונג.

דעמזעלביקן אַנטוויקלונגסגאַנג קאָן מען, אַגב, אָבסערווירן ביי יעדן מין אַנ־דערן נאַציאָנאַליזם, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער ער זאָל נישט טראָגן, אַלצאיינס צי זיינע פאַרשטייער זענען דייטשן, פּאָלאַקן אָדער איטאַליענער; בלויז דער „ירושהדי־קער שונא" האָט ביי יעדער נאַציע אַן אַנדערן נאָמען. און זאָל מען נישט זאָגן, אַז די שווערע דערפאַרונגען פון דער פרעמדער הערשאַפט און די מלחמה, וועלכע צעבושעוועט די ערגסטע ליידנשאַפטן פון די מענטשן, האָבן די דייטשע פּאַטריאָטן דערפירט צו אַזעלכע איינזייטיקע און מיט שנאה־אָנגעפילטע אופנים פון דענקען. דאָס, וואָס האָט זיך בעת און נאָך די „פרייהייטס־מלחמות" צעלייגט אין דער לענג און ברייט ווי דייטשער פּאַטריאָטיזם, איז געווען מער ווי דער באַרעכטיקטער אויפברויז קעגן פרעמדן יאָך, ס'איז געווען די אָפענע קריגסדערקלערונג קעגן דעם תמצית, שפּראַך און גייסטיקער קולטור פון אַ שכניש פאָלק, וועלכעס — ווי געטע האָט געזאָגט — האָט געהערט צו „די קולטיווירטסטע פון דער ערד", וועמען ער גופא „האָט צו פאַרדאַנקען אַ גרויסן טייל פון זיין אייגענער בילדונג".

אַרנדט, וועלכער האָט געהערט צו די איינפלוסרייכסטע מענער פון פּאַטריאָ־טישן אויפשטאַנד קעגן נאַפּאָלעאָנס הערשאַפט אין דייטשלאַנד, האָט לגמרי נישט געוואוסט פון קיין גרענעצן אין זיין פראַנצויזן־האַס.

„שנאה קעגן די פרעמדע, שנאה קעגן די פראַנצויזן, קעגן זייער פּוסטקייט, זייער גאווה, זייער פאַרשייטקייט, זייער לשון, זייערע מנהגים, יאָ, ברענענ־דיקע שנאה קעגן אַלץ, וואָס קומט פון זיי, דאָס מוז צוזאַמענגעמען פעסט און ברידערלעך אַלע דייטשן, און דייטשע בראַווקייט, דייטשע פרייהייט, דיי־טשע קולטור, דייטשע ערע און גערעכטיקייט מוזן שוועבן איבער אַלץ און פונ־דאָסניי באַקומען די אַלטע חשיבות און הערלעכקייט, מיט וועלכער אונדזערע אָבות האָבן אַרויסגעשטראַלט פאַרן רוב פעלקער פון דער ערד... דאָס, וואָס האָט אייך דערפירט צו שאַנד, מוז אייך ווידער דערפירן צו כבוד. נאָר אַ בלו־טיקער פראַנצויזן־האַס קאָן פאַראייניקן די דייטשע קראַפט, ווידער אויפלעבן די דייטשע הערלעכקייט, אַרויסברענגען אַלע איידלסטע אינסטינקטן און פאַרטי־ליקן אַלע נידעריקסטע; דיזאַזיקע שנאה, איבערגעגעבן בירושה די קינדער און אייניקלעך ווי אַ באַשירעמער פון דייטשער פרייהייט, מוז אין דער צוקונפט זיין גערמאַניעס זיכערסטער גרענעץ־וועכטער ביי דער שעלדע, ביים וואָגעזום און די אַרדעננען*).

*) ע. מ. אַרנדט, „אַן די פּרויסען", יאַנואַר 1813.

ביי קלייסטן איז די שנאה קעגן אַלעס, וואָס איז געווען פראַנצויזיש, דערגאַנגען צו בלינדער ווילדקייט. ער האָט אָפּגעחוזקט פון פיכטעס רעדעס צו דער נאַציע און ער האָט אין אים געזען נישט מער ווי אַ שוואַכווילִיקן שול־לערער, וועמען אימפּאָטענטע ווערטער מוזן פאַרבייטן דעם מוט צו מעשים. וואָס ער האָט פאַרלאַנגט איז געווען אַ פאַלקסקריג, ווי עס האָבן אים געפירט די שפּאַניער אונטער דער קאָמאַנדע פון פאַנאַטישע גלחים און מאַנאַכן. אין אַזאַ מלחמה, האָט ער געהאַלטן, זענען אַלע מיטלען דערלויבט: סם און שטילעט, וואָרטברוך און פאַרראַט. זיין „קאַטעכיזם פון די דייטשן פאַרפאַסט לויטן שפּאַנישן פאַר קינדער און אַלטע", וועלכער איז אויף אַ כאַראַקטעריסטישן אופן אָנגעשריבן אין דער פאָרעם פון אַ שמועס צווישן אַ פאָטער און זיין קינד, געהערט מסתמא צו די ווילדסטע אויסדרוקן פון אַן אומגעצוימטן נאַציאָנאַל־פאַנאַטיזם, וועלכער צעטרעט מיט די פיס יעדעס מענטשלעכע געפיל מיט זיין אימהדיקער אומטאָלעראַנץ. אפשר קאָן מען טיילווייז דערקלערן דעמדאָזיקן פּחדימדיקן פאַנאַטיזם מיטן קראַנקהאַפטיקן גייסטיקן צושטאַנד פונעם אומגליקלעכן דיכטער; אָגב גיט אונדז די היינטצייטיקייט די בעסטע אָנשויאונגסלעקציע וועגן דעם ווי אַזוי אַזאַ גייסטיקער צושטאַנד קאָן קינסטלעך אויסגעהאָדעוועט ווערן און זיך אויסשפּרייטן אינעם גאַנצן אַרום מיט אַן אָפּשרעקנדיקער געוואַלט, ווען ער ווערט נאָך דערצו באַגינציקט דורך באַזונדערע געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן.

לודוויג יאַן, וועלכער איז נאָך פיכטעס טויט געוואָרן דער גייסטיקער פירער פון דער דייטשער יוגנט, און זי האָט אים געאָכפּערט מיט געצנדינערישן יראת־הכבוד, האָט די פראַנצויזן־פרעסעריי און די נאַציאָנאַליסטישע ווילדקייט געבראַכט אַזוי ווייט, אַז ער האָט אַפילו אויפגעברויזט קעגן זיך אַ סך פון זיינע פאַטריאָטישע מיטקעמפער. דעריבער האָט אים שטיין אָנגערופן „גרימאַסנמאַכנדיקער רעטזעלהאַפטער שוטה" און אַרנדט — אַ „געריייניקטער אוילענשפיגל" (זשוליק, כיטראַק). יאַן האָט אַליין געלעסטערט און אומעטום דערשמעקט פרעמדע מנהגים און פראַנצויזישע שטותעריי. ווען מ'לייענט די ביאָגראַפיע פון אָט־דעם משונה־מאָדנעם הייליקן, באַקומט מען דעם איינדרוק צו האָבן פאַר זיך אין דעמדאָזיקן „אַלטן מיט די ווידערהאַטשיקלעך" אַ פריצייטיקן פאָרגייער פונעם מאָדערנעם היטלעריזם. זיין רויער פרעטענציעזער אופן פון רעדן, זיין אומגלויבלעכע גאווה און פוסטע באַרימעריי, זיין פרייען זיך מיט די גייסטיקע פילפּולים, זיין געוואַלטזאַמער טעמפּעראַמענט, זיין חוצפּהדיקע צודרינגלעכקייט און בעיקר זיין גרענעצלאָזע אומטאָלעראַנץ, וועלכע האָט נישט רעספּעקטירט קיין שום אַנדערע מיינונג, און יעדן געדאַנק, וועלכער איז אים נישט געווען געפעלן, פאַרשריגן ווי אַ נישט־דייטשן, — דאָס אַלעס שטעלט אים אַרויס ווי אַ פאָרגייער פונעם היינטיקן נאַציאָנאַלסאָציאַליזם.

יאַן האָט לגמרי נישט געהאַט קיין אייגענע פּאָליטישע געדאַנקען. דאָס, וואָס האָט אים צומייסט געלאָקט, איז נישט געווען דער דייטשער מיטלאַלטערטום, נייערט די דייטשע פאָרגעשיכטלעכע תקופה; דאָרט איז ער געווען ווי ביי זיך אין דער היים

און אָנגעקוואָלן דווקא אין גערמאַנישער אורשפּרינגלעכקייט. ער האָט פאַרגעלייגט, אַז צווישן דייטשלאַנד און פראַנקרייך זאָל געשאַפן ווערן אַ „האַממע", אַזאַ מין באַריער אין דער געשטאַלט פון אַן אורוואַלד, אין וועלכן ס'זאָלן הויזן ווילדע חיות. אַ ספּעציעלע גרענעצוואַך זאָל האָבן די אויפגאַבע נישט צו דערלאָזן צו קיין שום פאַרקער צווישן ביידע לענדער, בכדי די דייטשע מידות טובות־דיקייט זאָל נישט אָנגעגריפן ווערן דורך דער גאַלישער פאַרדאָרבנקייט. אין זיין אײַבערגעטריבענער שנאה צו די פראַנצויזן איז יאַן אַוועק אַזוי ווייט, אַז ער האָט עפּנטלעך געפּרעדיקט, אַז „דיזעלביקע זאַך טוט יענער, וועלכער לערנט זיינע טעכטער די פראַנצויזישע שפּראַך אָדער זיך צו ווידמען צו זנות". אין די געהירן פון אָט־דעם משונה־מאָדנעם נביא איז אַלעס פאַרקריפּלט געוואָרן און אַמייסט די דייטשע שפּראַך, וועלכע ער האָט באַהאַנדלט שרעקלעך אין זיין ווילדן רייניקונגס־פאַנאַטיזם.

נישט געקוקט אויף דעם אַלעם האָט יאַן געהאַט הינטער זיך נישט בלויז די אומגעצוימטע באַוואונדערונג פון דער דייטשער יוגנט, בייערט די אוניווערזיטעט פון יענאַ האָט אים באַשטימט פאַר אַן ערנדאָקטאָר און פאַרגליכן זיינע וויסטע פּלאַפּלערייען מיט לוטערס עלאָקוועניץ. אַזאַ פאַרדינסטפּולער שפּראַכפאָרשער ווי טירש האָט אים געווידמעט זיין דייטשע פינדאַר־אויסגאַבע און פראַנץ פּאַססאָוו, פּראָפעסאָר פון דער גריכישער ליטעראַטור אין ווייפאַר, האָט אַפילו דערקלערט, אַז זינט לוטערן איז נישט אָנגעשריבן געוואָרן גאָרנישט, וואָס זאָל זיין אַזוי אויסגעצייכנט גוט ווי יאַנס „טויטשע טורנקונסט". וואָלט אונדז דאָס היינטיקע דייטשלאַנד נישט געגעבן אַזאַ אָפּשרעקנדיקן ביישפּיל ווי אַזוי אַ פּוסטע און גייסטלאָזע פראַזעאָלאָגיע קאָן, אונטערן דרוק פון ספּעציעלע פאַרהעלטענישן און באַקרעפטיקט מיט אַן אומברחמנותדיק־אומלאָגישער אומקלאָרקייט, אַרומכאַפּן ברייטע קרייזן פון אַ נאַציע און זי שטויסן אין אַ באַשטימטער ריכטונג, וואָלט די השפּעה פון אַזאַ צעדולטן קאָפּ ווי יאַנס געווען שווער צו פאַרשטיין. דאָס, וואָס אָט־דער מענטש האָט געדאַרפט איבערנעמען ביי דער יוגנט פיכטעס ירושה, לאָזט זיך דערקלערן בלויז מיטן נידעריקן גייסטיקן צושטאַנד פונעם יונגן דור גופא. אַפילו אַזאַ דורך און דורך נאַציאָנאַלגעשטימטער היסטאָריקער ווי טריטשקע האָט באַמערקט אין זיין דייטשער געשיכטע: „ס'איז געווען אַ קראַנקהאַפטער צושטאַנד, אַז די זין פון אַ גייסטרייך פאָלק האָבן פאַרערט אַ ליאַרעמדיקן באַרבאַר ווי זייער פירער".

דאָס האָט זיך גענומען דערפון, וואָס די ענגהאַרציקע טומלעניש מיטן דייטשטום, וואָס איז אין דייטשלאַנד געוואָרן אַ מאָדע נאָך די באַפרייאונגס־מלחמות, האָט געמוזט פירן צו גייסטיקן באַרבאַריזם. דער קראַנקער באַגער נאָך „אויסדערוויילטקייט" האָט לאָגישערווייז געשטויסן צו דער גייסטיקער פאַרפרעמדקייט און דערווייטערונג פון דער אַלגעמיינער קולטור פון דער צייט און צו אַ פולשטענדיקער פאַרלייקענונג פון אַלע מענטשלעכע באַציאונגען. ס'איז געווען די צייט, ווען לעסינגס און הערדערס גייסט האָט שוין מער נישט געקאָנט אינספּירירן דעם יונגן דור; ווען געטע האָט געלעבט  ג ע ב ן ,  אָבער נישט  א י ן  דער נאַציע. וואָס ס'איז

פון דעם אַרויסגעקומען איז געווען יענער ספּעציפישער דייטשער פּאַטריאָטיזם, וועל־כער באַשטייט, לויט היינען, אין דעם, וואָס ביי זיינע פאָרשטייער „ווערט דאָס האַרץ ענגער, אַז עס ציט זיך צוזאַמען ווי לעדער אין די פרעסט, אַז זיי באַקומען פיינט דאָס פרעמדלענדישע, אַז זיי ווילן מער נישט זיין קיין וועלטבירגער, קיין אייראָ־פּעער, נאָר באַשרענקטע דייטשן".

ס׳איז אַן אַבסורד צו וועלן זען אין די מענטשן פון 1813 היטער פון דער פריי־הייט; קיין איינער פון זיי איז נישט געווען באַהויכט מיט אמת־פרייהייטלעכע גע־דאַנקען. כמעט יעדער פון זיי איז געווען גייסטיק פאַרוואָרצלט אין אַ לאַנגפאַרגאַנ־גענער צייט, וועלכע איז נישט געווען אימשטאַנד צו צעעפענען קיין שום נייע פּער־ספּעקטיוון פאַרן הווה. דאָס איז אויך חל אויף דער „בורשענשאַפט", דעם סטודענ־טישן פאַרבאַנד, וואָס איר שענדלעכע אונטערדריקונג מצד דער זיגערישער רעאַקציע איז מסתמא די הויפּט־סיבה דערפון, וואָס נאָך היינט שרייבט מען איר צו פרייהייט־לעכע אידעען. אַז ביי די „בורשענשאַפטן" איז געווען אַן אידעאַליסטישער שטריך, דאָס וועט קיינער נישט אָפּפרעגן, אָבער דאָס איז נישט קיין ראיה פאַר איר פרייהייט־לעכער געזינונג. זייער קריסטלעך־גערמאַנישער מיסטיציזם, זייער גראָטעסקער אַרויסטריט קעגן אַלץ, וואָס זיי האָבן אָנגערופן „פרעמדער תמצית" און „פרעמדער גייסט", זייערע אַנטיסעמיטישע טענדענצן, וועלכע האָבן אין דייטשלאַנד פון קדמו־נים געהערט צום ירושהדיקן פאַרמעג פון אַלע רעאַקציאָנערע אידעאָלאָגיעס, און די אַלגעמיינע צעשוואומענקייט פון זייערע אָנשויאונגען, דאָס אַלעס האָט זיי געמאַכט פאַר פאַרטרעטער פון אַ מיסטישן גלויבן, אין וועלכן ס׳האָבן זיך צונויפגעגאָסן באַ־שטאַנדטיילן פון די פאַרשידנדיקסטע קאָנצעפּציעס אין אַ קאָלירפולער מישונג, אָבער בשום אופן נישט ווי פאָנענטרעגער פון אַ נייער צוקונפט. ווען די רעאַקציע האָט, נאָך קאָצעבועס דערמאָרדונג דורכן סטודענט קאַרל זאַנד, זיך פאַרנומען צו דער־לאַנגען אַ פאַרלענדנדיקן קלאַפּ און דורך די שענדלעכע קאַרלסבאַדער באַשלוסן אונ־טערדריקט אַלע פאַראיינען פון דער יוגנט, דעמאָלט האָט די „בורשענשאַפט" נישט געהאַט עפּעס אַנדערש אַרויסצושטעלן קעגן מעטערניכס קרעאַטורן ווי נאָר יענע בינצערס הילפלאָזע און אונטערטעניקע סטראָפן, וועלכע האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אָט־די ווערטער:

Das Band ist zerschnitten, war schwarz, rot und gold,
Und Gott hat es gelitten, wer weiss, was er gewollt!
Das Haus mag zerfallen — was hat's den für Not?
Der Geist lebt in uns allen, und nus're Burg ist Gott!

אמתע רעוואָלוציאָנערן וואָלטן געווען געפונען אַנדערע ווערטער קעגן יענער ברוטאַלער פאַרגוואַלטיקונג פון זייער טיפסטער מענטשלעכער חשיבות. ווען מען פאַרגלייכט די מוטיקע התחלות פון דער דייטשער אויפקלערונג מיט איר גרויסער אַלץ באַהערשנדיקער אידעע פון דער מענטשנליבע און דער פרייהייט פון געדאַנק

מיט יענעם נעבעכדיקן רעזולטאַט פון אַ „נאַציאָנאַלען באַוואוסטזיין", וואָס איז אַרויס פון די כלים, ערשט דעמאָלט באַגרייפט מען די געוואַלטיקע גייסטיקע ירידה, צו וועלכער דייטשלאַנד איז דערגאַנגען און מ'איז אימשטאַנד אָפּצושאַצן דעם גאַנצן גרימצאָרן, וועלכער ליגט אין היינעס באַקומענדיקע ווערטער:

„דאָ זענען מיר די גאַנצע אידעאַליסטישע גראָביאַנסטווע, וועלכע דער הער יאַן האָט אויסגעסדרט אין אַ סיסטעם; אָנגעהויבן האָט עס' זיך ווי אַ שוואַכלעכע, מגושמדיקע און נאַרישע אָפּאָזיציע קעגן אַ געדאַנקענגאַנג, וועל־כער איז גראָד דאָס העכסטע און הייליקסטע, וואָס דייטשלאַנד האָט אַרויסגעבראַכט, דהיינו קעגן יענער הומאַניטעט, קעגן יענער אַלגעמיינער מענטשן־פאַרברידערונג, קעגן יענעם קאָסמאָפּאָליטיזם, וועלכן אונדזערע גרוי־סע גייסטער לעסינג, הערדער, שילער, געטע, זשאַן־פּאָל און אַלע געבילדעטע אין דייטשלאַנד האָבן תּמיד פאַרערט".

ס'איז אַ כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג, אַז די באַקאַנטסטע פאָרטרעטער פון דער ראָמאַנטישער שול, וועלכע האָבן צוגעטראָגן אַזאַ גרויסן חלק פאַר דער אויס־געשטאַלטיקונג פון יענעם מיסטישן נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין אין דייטשלאַנד, זענען כמעט אַלע אָן אויסנאַם אַריבער אינעם לאַגער פון דער אָפענער פּאָליטישער און קלעריקאַלער רעאַקציע. דאָס איז אויך אַזוי פיל מער אויפפאַלנדיק, אויף וויפל דער רוב פון זיי האָט אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע קאַריערע ווי פאַרשפּרייטער פון אויפקלערונג און פרייהייט פון געדאַנק און באַגריסט מיט באַגייסטערונג די רעוואָ־לוציע אינעם שכנישן לאַנד. און אויב ס'איז געווען שטוינענדיק, וואָס אַזאַ געווע־זענער יאַקאָבינער ווי געררעס, וועלכער האָט מיט ווילדער פרייד אויפגענומען די צעגלידערונג פונעם דייטשן רייך, האָט זיך אַזוי איבערראַשנדיק־שנעל פאַרוואַנדלט אין איינעם פון די אומגעצוימטסטע קעגנער פונעם פראַנצויזנטום, איז עס געווען נאָך אומבאַגרייפלעכער, וואָס דערזעלביקער געררעס, וועלכער האָט נאָך אין זיין שריפט „טויטשלאַנד אונד די רעוואָלוציאָן" (1820) געוויזן די ציין מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט דער בושעווענדיקער רעאַקציע, האָט זיך גאָר באַלד געוואָרפן אין די אָרעמס פונעם פּויפּסטום און אין זיין קלעריקאַלן פאַנאַטיזם דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט זיך פאַרדינט דזשאָזעף דע מעסטערס אָנערקענונג.

ווילהעלם און פרידריך שלעגל, סטעפפענס, טיק, אַדאַם מיללער, ברענטאַנאָ, פאָקע, צאַכאַריאַס ווערנער און אַ סך אַנדערע זענען אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון דער רעאַקציאָנערער כוואַליע. הונדערטער יונגע קינסטלער זענען עולה־רגל געווען קיין רוים און זענען צוריק אַריינגעטראָטן אין שויס פון דער קאַטוילישער קירך, וועלכע האָט דעמאָלט געהאַט אַ גוט געררעטעניש. ס'איז געווען אַן אמתער מכשפים־טאַנץ פון תשוקהדיקן שמד־געיעג און ליאַרעמדיקער התלהבות, וועלכער ס'האָט לכל הדעות געפעלט די אינערלעכע איבערצייגונגסקראַפט פונעם מיטלאַלטערלעכן מענטשן. דאָס איז געווען דער סוף פון יענעם קולטור־נאַציאָנאַליזם, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן ווי אַ ברענענדיקער באַגער צו דער „פאַרלוירענער היימאַט", בכדי זיך אַריינצוגיסן אין

דער בלאָטע פון דער טיפסטער רעאַקציע. געאָרג בראַנדעס האָט נישט מגזם געווען, ווען ער האָט געזאָגט:

„וואָס איז נוגע זייער רעליגיעזן פאַרהעלטעניש, רוקן די אַלע ראָמאַנטיקער, וועלכע זענען אַזוי שטאַרק רעוואָלוציאָנער אין דער פּאָעזיע, אונטערטעניק אַריין דעם האַלדז אינעם יאָך, ווי נאָר זיי זעען אים אָן. און אין דער פּאָליטיק זענען עס טאַקע זיי, וועלכע פירן אָן מיטן ווינער קאָנגרעס און זיי זענען עס געווען יענע, וועלכע האָבן אָנגעשריבן זיינע מאַניפעסטן פאַר דער אָפּשאַפונג פון דער פרייהייט פון געדאַנק צווישן די פעלקער און געטאָן האָבן זיי דאָס צווישן אַ פייערלעכער יום־טוב־צערעמאָניע אין דער סטעפאַנס קירך און אַ נאַכטמאָל מיט אויסטערן ביי פּאַני עלסלערן".

און פונדעסטוועגן דאַרף מען דעם רוב פון דידאָזיקע מענער נישט אַוועקשטעלן אויף דערזעלביקער מדרגה מיט אַ גענץ, אויף וועמען בראַנדעס באַציט זיך אין זיינע ווערטער. גענץ, וועלכער איז, צוזאַמען מיט מעטערניכן, ביי וועמען ער איז געווען אָנגעדונגען אויף לוין, געווען אַממייסט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די שענדלעכע באַשלוסן, איז געווען אַ „פאַרפוילטער כאַראַקטער", ווי שטיין האָט אים אָנגערופן, אַ גייסטרייכער שרייבער אויף לוין, וועלכער האָט פאַרדונגען זיין פּען יעדן איינעם, ווער ס'האָט אים דערפאַר באַצאָלט. פאַרן ענגלישן סאָציאַליסט ראָבערט אָוען האָט ער אין אַ מאָמענט פון ציניששער אָפנהאַרציקייט מיט קורצע ווערטער אויפגעקלערט דעם גאַנצן לייטמאָטיוו פון זיין נעבעכדיקן לעבן. און דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען אָוען, וועלכער האָט נישט געקאָנט זיין אמתן כאַראַקטער, האָט געזוכט אים צו קאָנען געווינען פאַר זיינע סאָציאַלע רעפאָרם־פּלענער. גענץ האָט זיך אויסגעדריקט: „ס'איז נישט אונדזער וואונטש, אַז די ברייטע מאַסע זאָל קאָנען לעבן אין וואוילשטאַנד און ווערן אומאָפּהענגיק; ווי אַזוי וועלן מיר זי דעמאָלט קאָנען באַהערשן?" צו גענצן קאָן מען נאָך העכסטנס צוגלייכן פרידריך שלעגעל, וועלכער האָט זיך אויך דערנידעריקט צו ווערן ביי מעטערניכן אַן אָנגעדונגענער שרייבער. די אַנדערע גדולים פון דער ראָמאַנטישער שול זענען פון זיך אַליין אַרויף אויף די רעלצן פון דער רעאַקציע, מחמת אין סאַמע שורש פון זייער גאַנצן וועלטבאַנעם איז געלעגן אַ רעאַקציאָנערער יאָדער, וועלכער האָט זיי דערצו געשטויסן. דער פאַקט, וואָס כמעט אַלע זענען אַוועק אויפן נעמלעכן וועג, קאָן דאָך זיכער דינען ווי אַ באַווייז, אַז אויף דערדאָזיקער גאַנצער ריכטונג איז געווען אָנגעהאָנגען עפּעס אומגעזונטס, וועלכעס זיי האָבן נישט געקאָנט בייקומען און וועלכעס האָט באַשטימט דעם וועג פון זייער אַנטוויקלונג.

דער רעאַקציאָנערער תוך פון דייטשן ראָמאַנטיציזם דרינגט אַרויס ראשית־כל פון זיין אופן, ווי אַזוי ער איז תופס דעם שטאַט, וואָס דאָס פירט גלייך און דירעקט צום טעאָרעטישן אַבסאָלוטיזם. נאָוואַליס איז דאָס געווען דער, וועלכער האָט אָנגעהויבן מיט דעם און געטאָן האָט ער עס דערמיט, וואָס ער האָט דעם שטאַט צוגעשריבן אַ באַזונדער אינדיווידועל לעבן. ער האָט אים באַטראַכט ווי אַ

„מיסטישעס אינדיווידואום". און דערפון האָט ער דעדוצירט: „דער פערפעקטער בירגער לעבט אינגאַנצן אין שטאַט". אינגאַנצן אין שטאַט קאָן אָבער לעבן נאָר י ע נ ע ר מענטש, וועלכן דער שטאַט פילט אויס גענצלעך. אַזאַ באַנעם איז נאַטירלעך נישט געווען בהסכם מיטן ליבעראַלן געדאַנקענגאַנג פונעם אויפקלערונגס־פעריאָד; ער איז געווען זיין בולטסטער היפוך.

אַדאַם מיללער, דער אייגנטלעכער שטאַטס־טעאָרעטיקער פונעם ראָמאַנטי־ציזם, האָט זיך טאַקע אַרויסגעזאָגט מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט קעגן דער „כימערע פונעם נאַטורדרעכט", אויף וועלכן ס'האָבן זיך סומך געווען דער רוב פון די אידעאָלאָגישע שטרעמונגען פונעם ליבעראַליזם. אין זיין „עלעמענטען דער שטאַטסקונסט" טרעט ער אַרויס מיט דער שטאַרקסטער באַטאָנונג קעגן דער לי־בעראַלער אויפפאַסונג, וועמעס פראָמינענטסטער פאַרטרעטער אין דייטשלאַנד ס'איז געווען ווילהעלם פאָן הומבאָלדט, און ער פירט אויס, אַז „דער שטאַט איז נישט בלויז אַ מאַנופאַקטור, אַ פאַרם, אַ פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט אָדער אַ מער־קאַנטיליסטישער פאַראיין, נייערט „די אינטימסטע פאַרבינדונג פונעם גאַנצן פי־זישן און גייסטיקן עשירות, פונעם גאַנצן אינערלעכן און אויסערלעכן לעבן פון אַ נאַציע אין איין גרויסן, ענערגישן, אומענדלעך־אַקטיוון און לעבעדיקן געזאַמל". במילא האָט דער שטאַט לחלוטין נישט געקאָנט ווערן קיין מיטל פאַר וועלכן נישט איז ספּעציפישן צוועק אָדער בכלל פאַר עפּעס אַ באַשטימטן צוועק, ווי דער לי־בעראַליזם האָט אים אינטערפּרעטירט; ער איז גיכער געווען אַ זעלבסטצוועק אין זיין העכסטער פאָרעם; אַ צוועק, וועלכער קאָן באַשטיין פאַר זיך אַליין, זיך אַליין געניגן און וועלכער האָט זיין שורש אין דער איינהייט פון רעכט, נאַציאָנאַליטעט און רעליגיע. און ווען אַפילו ס'קאָן זיך אָפּט אויסווייזן, אַז דער שטאַט שטייט אין דינסט פון עפּעס אַ באַזונדערער אויפגאַבע, איז דאָס, לויט מיללערס אויסטייטש, בלויז אַן אָפּטישע אילוזיע פון די טעאָרעטיקער, ווייל אינדעראמתן דינט דער שטאַט נאָר זיך אַליין און איז נישט קיין מיטל פאַר קיינעם.

קאַרל לודוויג פאָן האַללערס פונקט אַזוי פלאַכע ווי אומפאַרשעמטע מאַכע־רייקע, וועלכע האָט דעם לאַנגאַטעמדיקן טיטל „רעסטאַוראַציע פון דער שטאַטס־וויסנשאַפט אָדער טעאָריע פונעם נאַטירלעך־געזעלשאַפטלעכן צושטאַנד, אַרויס־געשטעלט קעגן דעם קינסטלעך־בירגערלעכן", איז בלויז געווען אַ פראָסטע און פּוסטע איבערחזרונג פונעם זעלביקן געדאַנקענגאַנג, מיטן בלויזן חילוק, וואָס ביי האַללערן איז די רעאַקציאָנערע טענדענץ אַרויסגעשטעלט פיל באַשיינפערלעכער און דעמאַנסטראַטיווער. האַללער האָט פּרינציפּיעל אָפּגעוואָרפן דעם געדאַנק, אַז די בירגערלעכע געזעלשאַפט האָט געקאָנט האָבן בכלל אַרויסגעקומען פון אַ גע־שריבענעם אָדער אומגעשריבענעם אָפּמאַך צווישן די בירגער און דעם שטאַט. דער נאַטורצושטאַנד, פון וועלכן ס'זענען ביסלעכווייז אַרויסגעקומען אַלע אינסטיטו־ציעס פון דער פּאָליטישער געזעלשאַפט, איז גלייכבאַדייטנדיק מיט גאָטס אָרדע־

נונג, וועלכע איז דער אורשפּרונג פון אַלע זאַכן. דער ערשטער רעזולטאַט פון אַזאַ צושטאַנד איז אָבער געווען, אַז דער שטאַרקער האָט געהערשט איבער אַלע אַנדערע; דרינגט פון דעם אַרויס, אַז יעדער מאַכט קומט אַרויס פון אַ נאַטורגעזעץ. וועלכעס איז באַגרינדעט אין גאָטס אָרדענונג. דער מעכטיקער רעגירט, גרינדעט דעם שטאַט, באַשטימט דאָס רעכט און דאָס אַלעס בלויז אויפן סמך פון זיין שטאַרקייט און אומאיבערטרעפלעכקייט. די מאַכט, וועלכע ער באַזיצט, איז גאָטס גאָב, וועלכע איז טאַקע דערפאַר אומבאַרירבאַר, ווייל זי קומט פון גאָט. פון דעם דרינגט אַרויס, אַז דער קעניג איז נישט דער דינער פונעם שטאַט, נייערט ער מוז זיין זיין האַר. שטאַט און פאָלק זענען זיין אייגנטום, זיין פון גאָט באַקומענע רעכט־לעכע ירושה, מיט וועלכן ער קאָן שאַלטן און וואַלטן לויט זיין קאַפּריז. אויב דער קעניג איז אומגערעכט און שטרענג, איז דאָס, פאַרשטייט זיך, אַן אומגליק פאַר די אונטערטאַנען, אָבער פונדעסטוועגן געהערט עס נישט צו זייער רעכט צו דער־פירן צו אַן ענדערונג דורך זעלבסטהילף. דאָס איינציקע, וואָס זיי מעגן אין אַזאַ פאַל טאָן, איז תפילה צו טאָן צו גאָט, אַז ער זאָל אויסשטראַלן זיין חכמה אויפן הערשער און אים פירן אויפן דרך הישר.

ס׳איז לייכט צו פאַרשטיין, ווי שטאַרק געפעליק אַזאַ מין לערע האָט גע־דאַרפט זיין פאַר די געקרוינטע קעפּ. אַ גאַר באַזונדערן נחת־רוח האָט האַללער אָנגעטאָן דעם פּרייסישן שני למלך, דעם שפּעטערדיקן פרידריך ווילהעלם דעם פערטן, וועמען מ׳האָט באַצייכנט ווי דעם „ראָמאַנטיקער אויפן קעניגלעכן טראָן". העגעלס פאַרגעטערונג פונעם שטאַט איז בלויז געווען איין שריט ווייטער אין דער זעלביקער ריכטונג און טאַקע דערפאַר האָט זי געהאַט אַזאַ גוטוויליקן אויפנעם אין דייטשלאַנד, ווייל דער באַגריף וועגן שטאַט פון די ראָמאַנטיקער האָט שוין געהאַט אויסגעלייגט אַ וועג פאַר זיינע אידעען.

דער איינציקער זיך אַרויסזעענדיקער קאָפּ פון צווישן די ראָמאַנטיקער, וועל־כער איז אויך דאָ געגאַנגען מיט זיינע אייגענע דרכים, איז געווען דער קאַטולי־שער פילאָזאָף פראַנץ פאָן באַדער, וועמעס „טאַגעביכער" אַנטהאַלטן אַ שלל מיט טיפע רעפלעקציעס וועגן שטאַט און געזעלשאַפט. באַדער, וועלכער האָט זיך אין זיין לערע סומך געווען אויף דער אורשפּרינגלעכער ריינקייט פונעם מענטשן, האָט צושטאַרקסטן באַקעמפט קאַנטס קאָנצעפּט מכוח דעם „איינגעבוירענעם רשעות" און גאַר באַזונדערס איז ער אַרויסגעטראָטן קעגן דער מאַנקאָליע צו רע־גירן, וועלכע דערשטיקט אינעם מענטשן די בעסטע אייגנשאַפטן און מאַכט אים אומפעאיק צו יעדער זעלבסטשטענדיקער טעטיקייט. מהאי טעמה האָט ער געלויבט די אַנאַרכיע און זי אַרויסגעשטעלט ווי אַ הייליקן כוח פון דער נאַטור קעגן דעם דעספּאָטיזם, ווייל זי צווינגט דעם מענטשן צו שטיין אויף די אייגענע פיס. באַדער האָט צוגעגליכן דעם מענטשן, וועלכער איז דורכן כסדרדיקן רעגירן געוואָרן מינ־דעריעריק, מיט יענעם שוטה, וועלכער האָט זיך איינגערעדט אַז ער קאָן אַליין

נישט גיין און זיך נישט געוואָלט רירן פון אָרט, ביז אַן אויסגעבראָכענע שריפה האָט אים געשטעלט אויף די פיס.

„טעות און זינד באַקומען זייער גרויסע קרעפטיקייט דורך מאַטעריאַליזי־רונג, אויטאָריזירונג ביי אינסטיטוציעס, אַלס געזעץ, צ. ב. און אָט־דאָס לעצ־טע איז דער גרויסער שאָדן, די גרויסע שטרויכלונג פאַר אונדזער פעאיקייט זיך צו פערפעקציאָנירן, וועלכע נאָר רעגירונג קאָן אַרויסברענגען. זי איז, בכן, נישט אימשטאַנד צו טאָן עפּעס גוטס. אָבער זי איז שוין יאָ אימשטאַנד צו טאָן שלעכטס דערמיט, וואָס זי מאַכט טפּשות און זינד אומשטערבלעך אַזוי צו זאָגן און גיט זיי אַ באַשטאַנד, וואָס זיי קאָנען פאַר זיך אַליין בשום אופן נישט האָבן".

באַדערס קריטישער באַנעם פונעם שטאַט האָט זיין מקור נישט אינעם ליבעראַ־ליזם, נאָר אין דער דייטשער מיסטיק. ער איז געגאַנגען אין שול פון מייסטער עק־האַרדט און יאַקאָב בעמע און ער איז דערגאַנגען צו אַזאַ מין טעאָזאָפיע, וועלכע האָט זיך באַצויגן סקעפּטיש צו אַלע וועלטלעכע צוואַנגסמיטלען. דאָס, וואָס האָט אים צומשטאַרקסטן צוגעצויגן צום קאַטאָליציזם, איז געווען די אוניווערזאַלישקייט פון דער קירך און די אידעע פון דער קריסטלעכקייט ווי אַ וועלטאַרומנעמענדיקע געמיינ־שאַפט, וועלכע האַלט זיך צוזאַמען בלויז דורכן אינערלעכן צונויפבונד פון דער רע־ליגיע און דאַרף דעריבער נישט האָבן קיין שום דרויסנדיקע שוץ. באַדער איז געווען אַן אַליינשטייענדיקער, איינזאַמער און זיך טיפגריבלענדיקער גייסט, וועלכער האָט עמעצן אינספּירירט, אָבער נישט געהאַט קיין שום איינפלוס אויפן אַלגעמיינעם גאַנג פון דער דייטשער אַנטוויקלונג.

אַזוי אַרום איז נישט דער ראָמאַנטיציזם און אויך נישט זיין אוממיטלבאַרער רעזולטאַט, די נייאָנטשטאַנענע נאַציאָנאַלע באַוועגונג, וועלכע האָט דערפירט צו די באַפרייאונגס־מלחמות, נישט געווען אימשטאַנד צו געבן דייטשלאַנד קיין נייע גייס־טיקע פערספעקטיוון פאַר דער פרייהייטלעכער אַנטוויקלונג פון אירע שבטים און פעלקער. אַדרבא, די שטאַטס־פילאָזאָפישע שיטה פונעם ראָמאַנטיציזם איז דאָך גע־ווען אַן אויסגעצייכנטע מאָראַלישע רעכטפאַרטיקונג פאַר דער אויפקומענדיקער רע־אַקציע, בעת דער אַבסורדער געטומל פון דער דייטשער יוגנט וועגן דייטשטום האָט געמוזט דערוויטערן פון איר אַלע אַנדערע פעלקער. דערביי האָט פּאַסירט דאָס מערקווירדיקע, אַז אַ סך פון די פאָרשטייער פון דער דייטשער נאַציאָנאַלער אידעע האָבן זיך אַפילו נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, אַז זיי האָבן די מכלומרשטע באַפריי־אונג צו פאַרדאַנקען נישט זייער דייטשער אויסשליסלעכקייט, ביירערט דווקא יענע „פרעמדלענדישע איינפלוסן", קעגן וועלכע זייער „דייטשטום" האָט זיך געבונטעט־וועט מיט אַזויפיל גאווה. ניט יאַנס ,,הזירניסלעך־פרעסנדיק גערמאַנענטום" מיט זיין באַגייסטערונג פאַרן אורוואַלד, נישט אַרנדטס ראָמאַנטישע חלומות וועגן אַ נייעם אָרדן פון דייטשע ריטער ביי די מערבדיקע גרענעצן פון לאַנד און אויך דער פאַר־בענקטער רוף פונעם קייזערלעכן שליח, שענקענדאָרף, לטובת דעם שייגענדיקן אומ־קער פון דער אַלטער אימפעריע וואָלטן נישט געווען אימשטאַנד צו דערפירן צו נאַ־

פּאַלעאַנס מפּלה. ס׳איז געווען די ווירקונג פון פרעמדע אידעען און פון אויסלאַנד איבערגענומענע איינפירן, וועלכע האָבן באַוויזן דעמדאָזיקן נס. בכדי אַראָפּצוטרייסלען פון זיך די פרעמדע הערשאַפט האָט דייטשלאַנד געמוזט איבערנעמען לפּחות אַ טייל פון יענע אידעען, וועלכע די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט אַרויסגעבראַכט אין לעבן. שוין דער פאַקט, וואָס ס׳איז געווען אַ „פאָלקסקריג״, אין וועלכן נאַפּאָלעאָנס מאַכט האָט געמוזט אָפּגיין אין בלוט, ווייזט, ווי טיף די דעמאָקראַטישע אידעען זענען אַריינגעדרונגען אין דייטשלאַנד; מחמת יעדער נאַציאָנאַלער אויפשטאַנד האָט אין זיין יסוד, באַוואוסט אָדער אומבאַוואוסט, אַ דעמאָקראַטישן געדאַנק. טאַקע אָט־די פאָרעם פון קריגספירונג איז עס געווען, וועלכע האָט דערמעגלעכט פראַנקרייך זיך צו קאָנען האַלטן קעגן גאַנץ אייראָפּע. דערפאַר זענען דאָס די דייטשע פירשטן און באַזונדערס עסטרייך כמעט ביז צום סוף געווען די ביטערסטע קעגנער פון אַ נאַציאָנאַלן אויפשטאַנד, הינטער וועלכער זיי האָבן געזען לויערן די שלאַנג פון דער רעוואָלוציע; האָבן זיי דאָך, צוזאַמען מיט געגנצן, זיך געשראָקן, אַז אַ נאַציאָנאַלער באַפרייאונגסקריג וואָלט זיך לייכט געקאָנט פאַרוואַנדלען אין „אַ פרייהייטסקריג״. די גרינדונג פון דער „לאַנדוועהר״, בכלל די גאַנצע רעפאָרם פון דער אַרמיי, וועלכע שאַרנהאָרסט האָט דורכגעפירט אין פּרייסן, איז געמאַכט געוואָרן לויטן פראַנצויזישן מוסטער. אָן דעם וואָלטן די פראַנצויזן, אפילו שוין נאָך דער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע אין רוסלאַנד, נאָך אַלץ געווען גלייכווערטיק מיט זייערע קעגנער.

אויך די אידעע וועגן דער נאַציאָנאַלער דערציאונג, וועלכע פיכטע האָט אַזוי שטאַרק אַרויסגערוקט צום פאָדערגרונט, דער געצוואונגענער מיליטערדינסט, די יורידישע אָבליגאַטאָרישקייט פאַר יעדן בירגער אָנצונעמען אַ געוויסן אַמט אָדער דורכצופירן געוויסע התחייבותן, ווען דער שטאַט פאַרלאַנגט דאָס פון אים, און אַ סך אַנדערע פּרטים זענען איבערגענומען געוואָרן פון דער דעמאָקראַטישער אידעאָלאָגיע פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. דער דייטשער פּאַטריאָטיזם האָט איבערגענומען אָט־דעם פרעמדן גייסטיקן קנין און געמיינט, אַז עס איז ריין־דייטשע פּראָדוקציע. ווי דאָס האָט פּאַסירט מיט יאַנען, וועלכער האָט געוואָלט מיט אייזערנע בעזעמס אויסרייניקן די דייטשע שפּראַך פון אַלע פרעמדע באַשטאַנדטיילן און דערביי לגמרי נישט באַמערקט, אַז ער האָט ביי דער שאַפונג פונעם „קערנדויטשען״ וואָרט „טורנען״ באַנוצט אַ רוימישן שורש.

די דייטשע איינהייטס־באַוועגונג פון 1813 און 1848־49 איז ביידע מאָל דורכגעפאַלן צוליב דעם פאַראַט פון די דייטשע פירשטן; אָבער ווען די איינהייטלעכקייט פון דער אימפּעריע איז דורכגעפירט געוואָרן אין 1871 דורך אַ פּרייסישן יונקער, דעמאָלט האָט די ניכטערע ווירקלעכקייט אויסגעזען היפּש אַנדערש ווי ס׳איז געווען דער ברילִיאַנטענער חלום, וועלכן מ׳האָט אַמאָל געחלומט. דאָס איז נישט געווען דער „אומקער פון דער אַלטער אימפּעריע״, וועלכע האָט אַזוי שטאַרק אינספּירירט די בענקעניש פונעם ראָמאַנטיציזם. מיט יענער אימפּעריע האָט ביסמאַרקס קרעאַציע

געהאַט בערך „אַזוי פיל ענלעכקייט ווי אַ בערלינער קאַזאַרמע מיט אַ גאָטישער קאַטעדראַלע", ווי דער מערב־דייטשער פעדעראַליסט פראַנץ האָט זיך אַזוי דראַסטיש אויסגעדריקט. פונקט אַזוי ווייניק שייכות האָט זי געהאַט מיט די ליבעראַלע פאָרשטעלונגען וועגן אַ פרייען דייטשלאַנד, וועלכע זאָל זיין אַ מוסטער פאַר דער אייראָפּעאישער פעלקער־פאַמיליע מיט איר גייסטיקער קולטור, ווי האָפמאַן פאָן פאַללערסלעבען און די פאָרויסגייער פון דער דייטשער איינהייט פון 1848 האָבן אַמאָל נביאות געזאָגט. ניין, אָט־דאָס פּאָליטישע פאַרזעעניש, וועלכעס אַ פּרייסישער יונקער האָט באַשאַפן, איז געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ צו דער מאַכט געקומענע גרויסע פּרייסן, וועלכע האָט פאַרוואַנדלט דייטשלאַנד אין איין ריזיקער קאַזאַרמע, און מיט זיין ביז צום עקסטרעם צוגעפירטן מיליטאַריזם און זיינע קלאָר־דעפינירטע וועלט־פּאָליטישע שטרעבונגען צו מאַכט, האָט זי איצט איבערגענומען די זעלביקע פּאַטאַלע ראָל, וועלכע ס׳האָט ביז אַהער געשפּילט אין אייראָפּע דער באָנאַפּאַרטיזם. דער אומשטאַנד גופא, וואָס דווקא פּרייסן, דאָס רעאַקציאָנערסטע אין זיין קולטור און געשיכטע צוריקגעשטאַנענסטע לאַנד, האָט איבערגענומען די גייסטיקע פירונג איבער אַלע דייטשע פעלקער, האָט נישט געלאָזט אויפקומען קיין שום ספק וועגן דעם, וואָס פון אַזאַ „שאַפונג" וועט מוזן אַרויסקומען. דאָס האָט אַמבעסטן פאַרשטאַנען ביסמאַרקס באַדייטנדיקסטער קעגנער קאָנסטאַנטין פראַנץ, וועמעס ווערטפולע שריפטן זענען, אַגב, די דייטשן היינטצוטאָג פונקט אַזוי אומבאַקאַנט ווי די כינעזישע שפּראַך, ווען ער האָט אויסגעדריקט אָט־די מיינונג:

„מהמת דאָס מוז דאָך יעדער איינציקער צוגעבן, אַז ס׳איז אַן אומנאַטירלעך פאַרהעלטעניש, ווען דאָס אַלטע מערבדיקע דייטשלאַנד, וועלכעס האָט נאָך מיט הונדערטער יאָרן צוריק, נאָך איידער ס׳איז אַפילו געווען די רייד וועגן אַ פּרייסן, שוין געהאַט אַ געשיכטע, אין פאַרגלייך צו וועלכער די פּרייסישע שטאַטסגעשיכטע קומט אויס גאָר קליינטשיק; וועלכעס האָט עקזיסטירט, ווען די מאַרק בראַנדענבורג איז נאָך געווען אַ האַלבווילדע לאַנד אין די ווענדן, — אַז דאָסדאָזיקע אַלטע דייטשלאַנד מיט זיינע קערנדיקע שבטים: די בייערן, זאַקסן, פראַנקן און שוואַבן, די טירינגער און העסן, זאָל איצט באַהערשט ווערן פון יענער מאַרק"*).

דער רוב פון די דייטשע פּאַטריאָטן פון יאָר 1813 האָט אַפילו נישט געוואָלט הערן וועגן אַ פאַראייניקט דייטשלאַנד אונטער פּרייסנס אָנפירונג, און געררעס האָט אין דער צייט פון ווינער קאָנגרעס געשריבן אין זיין „ריינישן מערקור", אַז די זאַקסן און ריינלענדער קאָנען נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס פיר פינפטל פון די דייטשע מענטשן זאָלן זיך דאַרפן אָנרופן לויט איינעם אַ וויטסטן פינפטל, וועלכעס איז נאָך דערצו האַלב סלאַוויש. פאַקטיש האָט זיך דער סלאַווישער באַשטאַנדטייל פון דער פּרייסישער באַפעלקערונג גאַנץ באַדייטנדיק פאַרגרעסערט נאָך דער דעראָבערונג

*) Constantin Frantz, "Der Federalismus als das leitende Prinzip für die soziale staatliche und internationale Organisation, unter besonderer Bezugnahme auf Deutschland"; S. 253 - MAINZ 1879.

פון שלעזיע און נאָך דער צעטיילונג פון פוילן אונטער פרידריך דעם צווייטנס ממשלה, און האָט איצט באַטראָפן מער ווי צוויי פינפטל פון דער גאַנצער באַפעל־קערונג פונעם לאַנד. דעריבער זעט עס אויס נאָך קאָמישער, וואָס דווקא פרייסן האָט זיך שפּעטער אָמהילכיקסטן אַרויסגעשטעלט ווי דער באַרופענער היטער פון עכטדייטשע אינטערעסן.

וויליאַם פּירזאָן, וועלכער איז אַליין געווען פעסט איבערצייגט אין פרייסנס היסטאָרישער שליחות אויפצושטעלן די דייטשע איינהייט, האָט אין זיין „פּרויסישע געשיכטע" זייער אָנשוילעך געשילדערט די פאַרדינסטן פונעם פרייסישן קעניגטום פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער „פּרויסישער נאַציאָנאַליטעט" און קעגן זיין ווילן באַווייזט ער דעם אַלטן אמת, אַז דער שטאַט שאַפט די נאַציע און נישט די נאַציע דעם שטאַט.

„דער שטאַט האָט באַקומען זיין אייגענע נאַציאָנאַליטעט; די אָפּגעזונדערטע שבטים, וועלכע האָבן צו אים געהערט, זענען לייכטער און שנעלער צונויפגעגאָסן געוואָרן אין איין גאַנצער קערפּערשאַפט, זינט אַלע האָבן געהאַט דעמזעלביקן נאָמען אַלס פּרייסן און גענוצט דיזעלביקע פאַרבן, די שוואַרץ־ווייסע פאָן. און דאָס פּרייסנטום האָט זיך טאַקע אויך איצט אַנטוויקלט, אין היפּוך צום איבעריקן דייטשלאַנד, אויף אַזוי פיל באַשטימטער ווי אַן אייגן וועזן; דער פּרייסישער שטאַט איז אויך אַזוי פיל אַנטשלאָסענער אויפגעטראָטן ווי עפּעס אייגנס, באַזונדערס".

אַז אונטער אָט־די אומשטענדן האָט די פון ביסמאַרקן געשאַפענע נאַציאָנאַלע איינהייט פון די דייטשן בשום אופן נישט געקאָנט פירן צו קיין „גערמאַניזירונג פון פּרייסן", נאָר גיכער און אומפאַרמיידבאַר צו אַ „פאַרפּרייסונג פון דייטשלאַנד", — דאָס איז געווען פאַרויסצוזען און דאָס איז טאַקע אין פאַרלויף פון דער דייטשער געשיכטע פון זינט 1871 לכל הדעות באַשטעטיקט געוואָרן.

# XIV

## דער סאָציאַליזם און דער שטאַט

סאָציאַליזם און זיינע פאַרשידענע שטרעמונגען. — איינפלוס פון דעמאָקראַטישע און ליבעראַלע אידעען אויף דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. — באַבעוויזם און יאַקאָבינערטום. — צעזאַריסטישע און טעאָקראַטישע אידעען אינעם סאָציאַליזם. — פּרודאָן און דער פעדעראַליזם. — די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־אַסאָסיאַציע. — באַקונין קעגן דער צענטראַליזער מאַכט פונעם שטאַט. — די פּאַריזער קאָמונע און איר איינפלוס אויף דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. — די פּאַרלאַמענטאַרישע טעטיקייט און דער אינטערנאַציאָנאַל. — דער דייטש־פראַנצויזישער קריג און די פּאָליטישע ענדערונג פון אייראָפּע. — די מאָדערנע אַרבעטערפּאַרטייען און דער קאַמף פאַר דער מאַכט. — סאָציאַליזם און נאַציאָנאַלע פּאָליטיק. — אויטאָריטערער אָדער פרייהייטלעכער סאָציאַליזם. — רעגירונג אָדער פאַרוואַלטונג.

צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פונעם סאָציאַליזם און דער מאָדערנער אַרבעטערבאַוועגונג אין אייראָפּע האָט זיך אָנגעהויבן מערקן אינעם לעבן פון די פעלקער אַ נייע גייסטיקע שטרעמונג, וועלכע איז נאָך ביז איצט נישט פאַרענדיקט געוואָרן, אָבער וועמעס גורל וועט באַשטימט ווערן לויט דעם, צי וועלן ביי אירע פאַרטרעטער באַקומען און אָנהאַלטן די אויבערהאַנט פרייהייטלעכע אָדער אויטאָריטערע טענדענצן. די סאָציאַליסטן פון אַלע ריכטונגען זענען צווישן זיך איינשטימיק, אַז דער איצטיקער צושטאַנד פון דער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע איז אַ כסדרדיקע סיבה פון די געפערלעכסטע סאָציאַלע צרות און אַז דאָס קאָן אַזוי אויף ווייטער נישט אָנהאַלטן. ביי אַלע סאָציאַליסטישע ריכטונגען איז אויך פאַראַן די איבערצייגונג, אַז ס׳איז נישט מעגלעך צו שאַפן קיין בעסערע אָרדענונג דורך בלויזע ענדערונגען פון ריין פּאָליטישן כאַראַקטער; אַז דאָס איז מעגלעך בלויז דורך אַ גרינטלעכער טראַנספאָרמאַציע פון די עקזיסטירנדיקע עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן און דאָס באופן, אַז די ערד און אַלע אַנדערע מיטלען פון דער געזעלשאַפטלעכער פּראָדוקציע זאָלן מער נישט זיין דאָס פערזענלעכע אייגנטום פון פּריווילעגירטע מינדערהייטן, נאָר זאָלן איבערגיין אין רשות און צו דער פאַרוואַלטונג פונעם כלל. נאָר אַזוי אַרום וועט זיין מעגלעך, אַז דער צוועק און ציל פון יעדער פּראָדוקטיווער טעטיקייט זאָל נישט זיין דער אויסקוק אויף פערזענלעכע רווחים, נאָר די סאָלידאַרישע

שטרעבונג צו באַפרידיקן די נייטיקע באַדערפענישן פון אַלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט.

אָבער ווען ס'קומט צו רייד וועגן דער ספּעציעלער פאָרעם פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט און וועגן די מיטלען און אופנים צו דערגיין צו איר, טאָ זענען די מיינונגען פון די פאַרשידענע סאָציאַליסטישע ריכטונגען גאָר שטאַרק מחולק צווישן זיך. נישטאָ זיך דערביי וואָס צו חידושן, מחמת פּונקט ווי יעדע אַנדערע אידעע, איז אויך דער סאָציאַליזם נישט אַראָפּגעקומען צו די מענטשן ווי אַן אַנטפּלעקונג פונעם הימל; ער האָט זיך, אדרבא, אַנטוויקלט אינערהאַלב די עקזיסטירנדע סאָציאַלע פאָרמען און זיך אויף זיי ענג אָנגעשפּאַרט. איז שוין דעריבער געווען אומפאַרמיידלעך, אַז זיינע פאָרשטייער זאָלן בערך שטאַרק באַאיינפלוסט ווערן פון די פּאָליטישע און סאָציאַלע שטרעמונגען פון דער צייט, בהסכם דערמיט, וועלכע פון אָט־די שטרעמונגען האָט זיך אָנגענומען אין יעדן רעספּעקטיוון לאַנד. ס'איז באַקאַנט, וואָס פאַר אַ גרויסן איינפלוס העגעלס אידעען האָבן געהאַט אויף דער געשטאַלטיקונג פונעם סאָציאַליזם אין דייטשלאַנד. דער רוב פון זיינע פאָרויסגייער — גרין, העס, לאַסאַל, מאַרקס, ענגעלס — זענען אַרויסגעקומען פון די אינטעלעקטועלע קרייזן פון דער דייטשער פילאָזאָפיע. בלויז וויטלינג איז אָנגערעגט געוואָרן פון אַן אַנדערער זייט. אין ענגלאַנד איז אומבאַשטרייטבאַר די דורכדרינגונג פון די סאָציאַליסטישע שטרעבונגען דורך ליבעראַלע אידעען. אין פראַנקרייך זענען עס די גייסטיקע שיטות פון דער גרויסער רעוואָלוציע; אין שפּאַניע זענען עס די השפּעות פונעם פּאָליטישן פעדעראַליזם, וועלכע טרעטן אַרויס שאַרף אין די סאָציאַליסטישע טעאָריעס. דאָס נעמלעכע וואָלט מען געקאָנט באַווייזן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון יעדן לאַנד.

אָבער היות ווי אין אַזאַ געמיינשאַפטלעכן קולטורקרייז ווי אייראָפּע בלייבן נישט די אידעען און סאָציאַלע באַוועגונגען באַשרענקט אויף איין באַשטימטן לאַנד, נייערט זיי כאַפּן נאַטירלעכערווייז אויך אַרום אַנדערע לענדער, פּאַסירט, אַז זיי קאָנסערווירן נישט זייער ריין־לאָקאַלן קאָלאָריט, נאָר זיי באַקומען גיכער פון דרויסן די פאַרשידנדיקסטע אָנרעגונגען, וועלכע דרינגען אַריין כמעט אומבאַמערקבאַר אין דער אייגענער געדאַנקען־עשירות, און באַפרוכפּערן זי אויף אַ ספּעציעלן אופן. ווי שטאַרק אָט־די אויסערלעכע איינפלוסן לאָזן זיך מערקן, איז על־פּי־רוב אָפּהענגיק פון די אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן. לאָמיר זיך טאָקע אַ דערמאָנטאָן וועגן דעם מעכטיקן איינפלוס פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און אירע גייסטיקע אָפּקלאַנגען אין רוב אייראָפּעאישע לענדער. ס'איז דעריבער בלי שום ספק קלאָר, אַז אַזאַ באַוועגונג ווי דער סאָציאַליזם גייט־איין אין יעדן לאַנד אויף די פאַרשידנדיקסטע אידעאָלאָגישע פאַרבינדונגען און אַז ער באַגרענעצט זיך איבערגעץ נישט אויף בלויז איינער, אַ גאַנץ באַשטימטער און ספּעציעלער פאָרעם פון אויסדרוק.

באַבעף און די קאָמוניסטישע שול, וועלכע האָט אָנגענומען זיינע אידעען, זענען אַרויסגעקומען פונעם אידעען־קרייז פונעם יאַקאָבינערטום, פון וועמעס פּאָליטי־

שער אָנשויאונג זיי זענען לגמרי באַהערשט געוואָרן. זיי זענען געווען איבערצייגט, אַז ווען מ׳נעמט איבער די פּאָליטישע מאַכטמיטלען פון דער מלוכה, איז מען אים־שטאַנד צו געבן דער געזעלשאַפט וועלכע נאָר פאָרעם מ׳וואָלט געוואָלט. און אַזוי ווי צוזאַמען מיט דער אויסברייטערונג פון דער מאָדערנער דעמאָקראַטיע אין רוסאָס זין האָט זיך אויך טיף איינגעניסטיקט אין די מענטשנס באַגריפן דער אויסטערלי־שער גלויבן אין דער אַלמעכטיקייט פון די געזעצן, האָט דאָס דעראָבערן די פּאָלי־טישע מאַכט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ דאָגמע פון יענע סאָציאַליסטישע שיטות, וועל־כע האָבן זיך געהאַלטן ביי באַבעפס אידעען און זיך געהאַלטן ביים נוסח פון די אַזויגערופענע „גלייכע”. דער גאַנצער וויכוח פון אָט־די ריכטונגען צווישן זיך האָט זיך בעיקר געדרייט אַרום דער פראַגע ווי אַזוי צו קאָנען אַמבעסטן און צום זיכערסטן איבערנעמען אין אייגענעם רשות די מאַכט פון דער מלוכה. בעת באַבעפס דירעקטע נאָכפאָלגער, די אַזויגערופענע „באַבעוויסטן”, האָבן זיך געהאַלטן ביי די אַלטע טראַ־דיציעס און זענען געווען איבערצייגט, אַז זייערע געהיימע פאַראיינען וועלן אין אַ שייגעם טאָג אויסקעמפן די מאַכט דורך אַ רעוואָלוציאָנערן קלאַפּ און מיט דער הילף פון אַ פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אייגפירן אין לעבן דעם סאָציאַליזם, האָבן אַזעלכע מענטשן ווי לואי בלאַנק, פּעקער, ווידאַל און אַנדערע פאַרטראַטן דעם שטאַנדפּונקט, אַז מ׳וואָלט ווי ווייט מעגלעך געדאַרפט אויסמיידן אַ געוואַלטזאַמען איבערקער, בתנאי אַז דער שטאַט זאָל באַגרייפן דעם גייסט פון דער צייט און אַליין, מיטן אייגענעם ווילן, נעמען אַרבעטן פאַר אַ פולשטענדיקער רעאָרגאַניזאַציע פון דער סאָציאַלער עקאָנאָמיע. אָבער ביידע שיטות האָבן זיך געהאַלטן ביי דער מיינונג, אַז דער סאָציאַליזם איז דורכפירבאַר נאָר מיט דער הילף פון דער מלוכה און דורך אַן אַנטשפּרעכנדיקער געזעצגעבונג. פּעקער האָט שוין אַפילו געהאַט צוגעגרייט פאַר דעם צוועק אַ גאַנצן קאָדעקס — אַזאַ מין סאָציאַליסטישן „קאָד נאַפּאָלעאָן” — וועלכער האָט געדאַרפט דינען ווי אַן עמוד האש פאַר אַ ווייטבליקנדיקער רעגירונג.

כמעט אַלע גרויסע פאָרויסגייער פונעם סאָציאַליזם אין דער ערשטער העלפט פונעם פאַריקן יאָרהונדערט זענען געווען מער אָדער ווייניקער שטאַרק באַאיינפלוסט פון אויטאָריטערע באַגריפן. דער געניאַלער סען־סימאָן האָט אַפילו אָנערקענט מיט גרויסער חריפות, אַז די מענטשהייט דערנענטערט זיך צו אַ פּעריאָד, „אין וועלכן די קונסט צו רעגירן מענטשן וועט פאַרביטן ווערן דורך דער קונסט צו פאַר־וואַלטן מיט זאַכן”; אָבער זיינע תלמידים האָבן זיך שוין געהאַלטן און אויפגעפירט דורך און דורך אויטאָריטער און זענען לסוף דערגאַנגען צו אַ באַגריף פון אַ סאָציאַ־ליסטישער טעאָקראַטיע, ביז זיי זענען אינגאַנצן אַראָפּ פון דער אַרענע.

פוריע האָט אַנטוויקלט אין זיין „חברה־סיסטעם” פרייהייטלעכע געדאַנקען, וועלכע זענען וואונדערלעך און אומפאַרגעסלעך אין זייער באַדייט. זיין טעאָריע וועגן דער „אַטראַקטיווער אַרבעט” ווירקט גראָד היינט, אינעם פּעריאָד פון דער קאַפּיטאַ־ליסטישער „ראַציאָנאַליזאַציע פון דער ווירטשאַפט”, ווי אַן איבערלעבכע אַנטפּלע־קונג פון אמתן הומאַניזם. אָבער אויך ער איז געווען אַ קינד פון זיין צייט און פונקט

ווי ראָבערט אָוען האָט אויך ער זיך געווענדט צו אַלע גייסטלעכע און וועלטלעכע מושלים פון אייראָפּע, מיט דער האָפענונג, אַז מ׳וועט אים העלפן דורכפירן זיינע פּלענער. וועגן אמתן תמצית פון דער סאָציאַלער באַפרייאונג האָט ער קוים געהאַט אַן אַנונג און דער רוב פון דער גרויסער צאָל תלמידים זיינע — כמעט נאָך ווייני־קער. קאַבעס „איקאַריאַנישער קאָמוניזם" איז געווען דורכגעדרונגען מיט צעזאַ־ריסטישע און טעאָקראַטישע אידעען; בלאַנק און באַרבע זענען געווען קאָמוניסטי־שע יאַקאָבינער.

אין ענגלאַנד, וואו ס׳איז אין 1793 דערשינען גאָדווינס טיפע און גרינטלעכע ווערק „פּאָליטישע גערעכטיקייט", האָט דער סאָציאַליזם פון דער ערשטער תקופה געהאַט אַ פיל פרייהייטלעכערן כאַראַקטער ווי אין פראַנקרייך, מחמת דאָרט האָט אים אויסגעלייגט דעם וועג דער ליבעראַליזם און נישט די דעמאָקראַטיע. אָבער די שריפטן פון וויליאַם טאָמפּסאָן, דזשאָן גריי און אַנדערע זענען אויפן קאָנטינענט געבליבן כמעט אומבאַקאַנט. ראָבערט אָוענס קאָמוניזם איז געווען אַ מאָדנער סאָרט געמיש פון פרייהייטלעכע אידייען און טראַדיציאָנעלע אויטאָריטערע באַגריפן פור־נעם עבר. זיין איינפלוס אויף דער פּראָפעסיאָנעלער און קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג פון ענגלאַנד איז געווען במשך פון אַ געוויסער צייט זייער באַדייטנדיק, ער איז אָבער, באַזונדערס נאָך זיין טויט, אַלץ מער אָפּגעשוואַכט געוואָרן און פריי געמאַכט דאָס אָרט פאַר פּראַקטישערע אָפּשאַצונגען, וועלכע האָבן בהדרגהדיק געמאַכט פאַר־געסן דעם התחלהדיקן גרויסן ציל פון דער באַוועגונג.

צווישן די ווייניק סאָציאַליסטישע דענקער פון יענעם פּעריאָד, וועלכע האָבן געפּרואווט אַוועקשטעלן זייערע סאָציאַליסטישע שטרעבונגען אויף אַן אמת־פריי־הייטלעכן יסוד, איז פּרודאָן בלי שום ספק געווען דער וויכטיקסטער. זיין צעשמע־טערנדיקע קריטיק אויף די יאַקאָבינישע טראַדיציעס, אויף דעם מהות פון רעגירונג און דער בלינדער אמונה אין דעם וואונדער־כוח פון די געזעצן און דעקרעטן, האָט געווירקט ווי אַ באַפרייענדיקע טאַט, וועלכע איז נאָך אַפילו היינט נישט אָפּגעשאַצט געוואָרן אין איר גאַנצער גרויס. פּרודאָן האָט קלאָר תופס געווען, אַז דער סאָציאַ־ליזם מוז זיין פרייהייטלעך, אויב מ׳זאָל זיך מיט אים בכלל קאָנען רעכענען ווי מיט אַ שעפער פון אַ נייער סאָציאַלער קולטור. אין אים האָט געברענט דער לעבע־דיקער פלאַם פון אַ נייער צייט, וועלכע ער האָט פאָרגעפילט און וועמעס סאָציאַ־לע פורעמונג ער האָט פאַר זיך געזען קלאָר אין זיין דמיון. ער איז געווען איינער פון די ערשטע, וועלכע האָבן קעגנגעשטעלט דער פּאָליטישער מעטאַפיזיק פון די פּאַרטייען די ממשותדיקע פאַקטן פון דער עקאָנאָמיק. די עקאָנאָמיע איז ביי אים געווען דער אמתער יסוד פון גאַנצן געזעלשאַפטלעכן לעבן. און ווייל ער האָט מיט טיפער חריפות איינגעזען, אַז דווקא דאָס עקאָנאָמישע איז צום פילבאַרסטן קעגן יעדן אויסערלעכן דרוק, האָט ער דערפאַר מיט אַן אינערלעכער לאָגישער קאָנסעק־ווענץ צונויפגעפּאָרט דאָס אָפּשאַפן די עקאָנאָמישע מאָנאָפּאָלן מיט דער באַזייטי־קונג פון יעדער מין רעגירונג פונעם לעבן פון דער געזעלשאַפט. פאַר אים האָט דער

קולט פאַר די געזעצן, אונטער וועלכן ס׳זענען געווען אונטערגעוואָרפן מיט אַן אמתן פאַנאַטיזם אַלע פאַרטייען פון יענער צייט, נישט געהאַט דעם מינדסטן שעפעריישן באַדייט, מחמת ער האָט דאָך געוואוסט, אַז אין אַ געמיינשאַפט פון פרייע און גלייכע מענטשן קאָן בלויז די פרייע איינפאַרשטענדעניש זיין דער איינציקער מאָראַלישער קנופּ פון אַלע סאָציאַלע באַציאונגען פון די מענטשן צווישן זיך.

„ווילט איר, הייסט עס, אָפּשאַפן די רעגירונג? — האָט מען אים געפרעגט. — איר ווילט נישט קיין שום קאָנסטיטוציע? ווער־זשע וועט אויפהאַלטן די אָרדענונג אין דער געזעלשאַפט? וואָס וועט איר אוועקשטעלן אויפן אָרט פון דער מלוכה? אויפן אָרט פון דער פּאָליציי? אויפן אָרט פון דער גרויסער פּאָליטישער מאַכט?"

„גאָרנישט! — האָט ער געענטפערט. — די געזעלשאַפט איז די אייביקע באַוועגונג. זי דאַרף נישט, מ׳זאָל זי אָנדרייען און ס׳איז אויך נישט נייטיק איר צו געבן דעם ריטם; איר פּענדל און איר פעדער זענען תמיד אָנגעצויגן. אַן אָרגאַניזירטע געזעלשאַפט דאַרף פּונקט אַזוי נישט האָבן קיין געזעצן ווי קיין געזעצגעבער. די געזעצן זענען פאַר דער געזעלשאַפט פּונקט ווי דאָס שפּינוועבס אינעם בינשטאָק. זיי דינען בלויז צו פאַנגען די בינען".

פּרודאָן האָט באַגריפן דאָס שלעכטס פונעם פּאָליטישן צענטראַליזם אין אַלע פּרטים. דעריבער האָט ער פּראָקלאַמירט ווי אַ געבאָט פון דער שעה די פּאָליטישע דעצענטראַליזאַציע און די אויטאָנאָמיע פון די קאָמונעס. ער איז געווען דער אָנגעזעענסטער פון אַלע מענטשן פון זיין צייט, וועלכע האָבן פונדאַסניי אויפגעשריבן אויף זייער פאָן דעם פּרינציפּ פונעם פעדעראַליזם. אַ קלאָרער קאָפּ, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז די היינטיקע מענטשן וועלן נישט קאָנען מיט איין שפּרונג אַריינקומען אינעם קעניגרייך פון דער אַנאַרכיע. ער האָט געוואוסט, אַז די אָריענטאַציע פון די מענטשן פון זיין צייט, וועלכע האָט זיך אויספאָרמירט פאַמעלעך אין לויף פון לאַנגע פעריאָדן, וועט נישט פאַרשווינדן אין איין הרף־עין. דעריבער האָט זיך אים די פּאָליטישע דעצענטראַליזאַציע, וועלכע דאַרף וואָס ווייטער אַלץ מער אָפּרוקן דעם שטאַט פון זיינע פונקציעס, אויסגעוויזן ווי דאָס פּאַסיקסטע מיטל אָנצוהייבן אויסלייגן אַ וועג פאַר דער אָפּשאַפונג פון יעדער הערשאַפט פונעם מענטש איבערן מענטש. ער האָט געמיינט, אַז אַ פּאָליטישע און סאָציאַלע רעקאָנסטרוקציע פון דער אייראָפּעאישער געזעלשאַפט אין דער פאָרעם פון אומאָפּהענגיקע קאָמונעס, וועלכע זאָלן זיין פאַרבונדן צווישן זיך אויפן יסוד פון פרייע אָפּמאַכן, וואָלט געקאָנט קעגנווירקן דער פאַטאַלער אַנטוויקלונג פון די גרויסע מאָדערנע מלוכות. בהסכם מיט אָט־דעם רעיון האָט ער אַרויסגעשטעלט קעגן מאַדזיניס און גאַריבאַלדיס שטרעבונגען צו נאַציאָנאַלער איינהייט די פּאָליטישע דעצענטראַליזאַציע און דעם פעדעראַליזם פון די קאָמונעס, מחמת ער איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז בלויז אויף דעם וועג איז מעגלעך אַ העכערע אייראָפּעישע קולטור פון דער אייראָפּעאישער געזעלשאַפט.

ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דווקא די מאַרקסיסטישע קעגנער פונעם גרויסן פראַנצויזישן דענקער ווילן אין אָט־די אַספּיראַציעס פּרודאָנס געפינען אַ באַוויז

פאַר זיין „אוטאָפּיזם". זיי ווייזן אָן, אַז די געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונג האָט זיך, נישט געקוקט אויף אַלץ, פאַרנומען אויפן וועג פון דער פּאָליטישער צענטראַליזאַציע. גלייך ווי דאָס וואָלט געווען אַ באַווייז קעגן פּרודאָנען! צי האָט מען דען דורך דער דאָזיקער אַנטוויקלונג, וועלכע פּרודאָן האָט פאָרויסגעזען אַזוי קלאָר און ווע־מעס סכנות ער האָט באַשריבן אַזוי מייסטערהאַפט, באַזייטיקט די שאָדנס פונעם צענטראַליזם, אָדער צי זענען זיי פון זיך אַליין בייגעקומען געוואָרן? ניין און טויזנט מאָל ניין! דידאָזיקע שאָדנס זענען זינט דעמאָלט געוואַלדיק פאַרגרעסערט געוואָרן און זיי דאַרפן פאַררעכנט ווערן צו די הויפּט־סיבות, וועלכע האָבן דערפירט צו דער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע פון דער וועלט־מלחמה, פונקט ווי זיי געהערן היינט צו די גרעסטע שטרויכלונגען פאַר אַ שכלדיקער לייזונג פון אינטערנאַציאָנאַלן עקאָנאָמישן קריזיס. אייראָפּע קאָרטשעט זיך אין טויזנט קרעמפּן אונטער אַן אייזערנעם יאָך פון אַ טויטן ביוראָקראַטיזם, וועלכער באַטראַכט יעדע זעלבסטשטענדיקע אקציע ווי אַ גרויל און וועלכער וואָלט צום גערנסטן געוואָלט איינפירן איבער די פעלקער די אַפּיטרופּסות פונעם קינדערצימער. דאָס זענען די פרוכטן פון דער פּאָליטישער צענ־טראַליזאַציע. ווען פּרודאָן וואָלט געווען אַ פאַטאַליסט, וואָלט ער אָט־די אַנטוויקלונג פון די געשעענישן געווען אויפגענומען ווי אַ „היסטאָרישע נויטווענדיקייט" פון דער געשיכטע און געעצהט די מענטשן פון זיין צייט זיי אָנצונעמען באהבה, ביז ס'וועט קימען דער באַרימטער „אומבייט פונעם פּאָזיטיוון אין נעגאַטיוון". אָבער ווי אַן אמתער קעמפער איז ער שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דעם שלעכטס און געזוכט צו באַוועגן זיינע צייטמענטשן קעגן דעם צו קעמפן.

פּרודאָן האָט געזען פאָרויס אַלע קאָנסעקווענצן פון אַ גרויסמלוכהשער אַנט־וויקלונג און געצייגן די אויפמערקזאַמקייט פון די מענטשן אויף דער סכנה, וואָס באַ־דראָט זיי; גלייכצייטיק האָט ער זיי אָנגעוויזן אַ וועג, אויף וועלכן זיי זאָלן זיך פאַרנעמען און קענען אַוועקשטעלן אַ צוים דער רשעות. נישט זיין שולד איז עס געווען, ווען צו זיין וואָרט האָט מען זיך ווייניק צוגעהערט און וואָס עס האָט לסוף אָפּגעקלונגען ווי אַ קול אין דער מדבר. רופן אים דערפאַר „אוטאָפּיסט" איז פונקט אַזאַ ביליק ווי אַ טעמפּ פאַרגעניגן. אויב אַזוי, איז דאָך אויך אַן אוטאָפּיסט דער דאָקטאָר, וועלכער זאָגט פאָרויס די פאָלגן פון אַ קראַנקייט לויט די פאַראַנענע סימפּ־טאָמען, און ווייזט־אָן דעם פּאַציענט אַ וועג ווי אַזוי זיך צו באַשיצן קעגן דער צרה. צי איז דען דער דאָקטאָר שולדיק, ווען דער חולה הערט אים ווי די וואַנט און באַ־מיט זיך אַפילו נישט זיך אויסצוהיטן פון דער סכנה?

פּרודאָנס פאָרמולירונג פון די עיקרים פונעם פעדעראַליזם איז געווען אַ פּרואוו פון דער פרייהייט אַרויסצושטעלן זיך קעגן דער אָנקומענדיקער רעאַקציע און זיין היסטאָרישער באַדייט באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט אַרויפגעלייגט אויף דער אַרבעטערבאַוועגונג פון פראַנקרייך און פון אַלע איבעריקע ראָמאַנישע לענדער דעם חותם פון זיין גייסט און זייער סאָציאַליזם געפּרואווט פירן אויפן וועג פון פרייהייט און פעדעראַליזם. ווען מ'וועט שוין האָבן דעפיניטיוו איבערגעקומען די אידייע פונעם

שטאַטסקאַפּיטאַליזם אין אַלע זיינע פאַרשידענע פאָרמען און שאַטירונגען, וועט מען ערשט דעמאָלט זיין ביכולת ריכטיק אָפּצושאַצן פּרודאָנס גייסטיקן אויפטו.

ווען ס׳איז שפּעטער אַנטשטאַנען די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטעראַסאָציאַציע, איז עס געווען דער פעדעראַליסטישער גייסט פון די סאָציאַליסטן פון די לאַטייניש לענדער, וועלכער האָט געגעבן דעם אמתן באַדייט דערדאָזיקער גרויסער אָרגאַניזאַציע און זי געמאַכט פאַרן וויגל פון אייראָפּעס מאָדערנער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. דער אינטערנאַציאָנאַל גופא איז געווען אַ פאַרבאַנד פון פראָפעסיאָנעלע קאַמפּסאָרגאַניזאַציעס און פון סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגישע גרופּעס, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען אויף פעדעראַליסטישע יסודות. פון זיינע רייען זענען אַרויסגעקומען די גרויסע שעפערישע געדאַנקען וועגן אַ געזעלשאַפטלעכן רעגעסאַנץ אויף דער באַזע פון אַ סאָציאַליזם, וועמעס פרייהייטלעכע שטרעבונגען זענען אַרויסגעקומען אַלץ בולטער און קלאָרער אויף יעדן איינעם פון זיינע קאָנגרעסן און וועלכע זענען געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן גרויסן אַרבעטער־פאַרבאַנד. עס זענען געווען כמעט אויסשליסלעך די סאָציאַליסטן פון די לאַטייניש לענדער, וועלכע האָבן סטימולירט און באַפרוכפּערט אָט־די אידעען־אויסוויקלונג. בעת די דייטשע סאָציאַלדעמאָקראַטן פון יענעם פעריאָד האָבן געזען זייער פּאָליטישן צוקונפטס־אידעאַל אינעם אַזויגערופענעם „פאָלקסשטאַט” און האָבן בזה האופן ווייטער געצויגן די בירגערלעכע טראַדיציעס פונעם יאַקאָבינערטום, האָבן די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן פון די ראָמאַנישע לענדער זייער גוט איינגעזען, אַז אַ נייער עקאָנאָמישער סדר אינעם סאָציאַליסטישן זין מוז אויך האָבן אַ נייע פאָרעם פון דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, בכדי זיך צו קאָנען אַנטוויקלען אומגעשטערט. אָבער זיי האָבן אויך פאַרשטאַנען, אַז אָט־די פאָרעם פון דער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע קאָן נישט האָבן קיין שום שותפותדיקס מיטן היינטיקן שטאַטלעכן סיסטעם און אַז זי דאַרף גיכער באַדייטן זיין היסטאָרישע אויפלייזונג. אַזוי אַרום איז אינעם אינטערנאַציאָנאַל גופא אויפגעקומען דער געדאַנק וועגן אַן אַלזייטיקער אַדמיניסטראַציע פון דער געזעלשאַפטלעכער פּראָדוקציע און פונעם אַלגעמיינעם קאָנסום דורך די פּראָדוצירער גופא און דאָס אין דער פאָרעם פון פרייע עקאָנאָמישע גרופּעס, פאַראייניקטע צווישן זיך אויפן יסוד פון פעדעראַליזם, צו וועמען ס׳וואָלט אויך גלייכצייטיק באַלאַנגט די פּאָליטישע פאַרוואַלטונג פון די געמיינדעס. אויף דעם אופן האָט מען גערעכנט צו פאַרבייטן די קאַסטע פון די היינטיקע פאַרטייאישע און פּראָפעסיאָנעלע פּאָליטיקער דורך טעכניקער אָן פּריווילעגיעס און צו פאַרשטויסן די מאַכט־פּאָליטיק פונעם שטאַט דורך אַ פרידלעכן עקאָנאָמישן סדר, וועלכער זאָל האָבן זיין פונדאַמענט אין דער גלייכהייט פון די אינטערעסן און אין דער קעגנזייטיקער סאָלידאַריטעט פון מענטשן, וועלכע זענען פאַרבונדן צווישן זיך דורך פרייהייט.

אין דערזעלבער צייט האָט מיכאַל באַקונין שאַרף דעפינירט דעם פּרינציפּ פונעם פּאָליטישן פעדעראַליזם אין זיין באַקאַנטער רעדע אויפן קאָנגרעס פון דער „פרידנס־ און פרייהייטס־ליגע” (1867) און באַזונדערס אונטערגעשטראָכן זיין באַ־

דייט פאַר די פרידלעכע באַציאונגען פון די פעלקער צווישן זיך. ער האָט געזאָגט:

„יעדע צענטראַליסטישע מלוכה, ווי ליבעראַל זי זאָל זיך נישט וועלן אַרויסווייזן, וואָס פאַר אַ רעפּובליקאַנישע פאָרעם זי זאָל אפילו האָבן, איז ווילנדיק־נישט־ווילנדיק אַן אונטערדריקער, אַן עקספּלואַטאַטאָר פון די אַרבעטזאַמע פאָלקסמאַסן לטובת די פּריווילעגירטע קלאַסן. זי דאַרף אַן אַרמיי צו האַלטן אָט־די מאַסע אין צוים און די עקזיסטענץ פון אָט־דער באַוואָפנטער מאַכט שטויסט זי צו מלחמה. דערפאַר קום איך צום אויספיר, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער שלום איז אוממעגלעך, כל־זמן מ׳וועט נישט האָבן אָנגענומען פאָלגנדיקן פּרינציפּ מיט אַלע זיינע קאָנסעקווענצן: יעדעס פאָלק, אַ שוואַכס צי אַ שטאַרקס, אַ קליינס צי אַ גרויס, יעדע פּראָווינץ, יעדע געמיינדע האָט דאָס אַבסאָלוטע רעכט צו זיין פריי, אויטאָנאָם, צו לעבן און זיך פירן לויט זיינע באַזונדערע אינטערעסן און הצטרכותן און אין דאָזיקן רעכט זענען אַלע געמיינדעס סאָלידאַריש ביז צו אַזאַ מדרגה, אַז ס׳איז נישט מעגלעך צו פאַרגוואַלטיקן אָט־דעם פּרינציפּ בנוגע איין געמיינדע אפילו, נישט שטעלנדיק גלייכצייטיק אין סכנה אַלע אַנדערע".

דער אויפשטאַנד פון דער פאַריזער קאָמונע האָט געגעבן אַ מעכטיקן שטויס פאָרויס די אידעען פון לאָקאַלער אויטאָנאָמיע און פון פעדעראַליזם אין די רייען פונעם אינטערנאַציאָנאַל. דערמיט, וואָס פאַריז האָט זיך פרייוויליק אָפּגעזאָגט פון איר צענטראַלער זכות יתירה איבער אַלע אַנדערע געמיינדעס פון פראַנקרייך, איז די קאָמונע פאַר די סאָציאַליסטן פון די לאַטייניש לענדער געוואָרן דער אַרויסגאַנגספּונקט פון אַ נייער באַוועגונג, וועלכע האָט אַרויסגעשטעלט די פעדעראַציע פון די קאָמונעס קעגן דעם צענטראַלן איינהייטספּרינציפּ פונעם שטאַט. די קאָמונע איז פאַר זיי געוואָרן די פּאָליטישע איינהייט פון דער צוקונפט, דער יסוד פאַר אַ נייער געזעלשאַפטלעכער קולטור, וועלכע אַנטוויקלט זיך אָרגאַניש פון אונטן אויף אַרויף און ווערט נישט אויטאָמאַטיש אַרויפגעצוואונגען אויף די מענטשן דורך אַ צענטראַלער מאַכט פון אויבן אַראָפּ. אַזוי איז אויפגעקומען ווי אַ סאָציאַלער מוסטער פאַר דער צוקונפט אַ נייער באַגריף פון דער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט פאַרזיכערט דאָס גרעסטע אָרט פאַר דער אייגענער איניציאַטיוו פון פערזאָנען און גרופּן און אין וועלכער ס׳זאָל גלייכצייטיק לעבן און ווירקן דער קאָלעקטיווער גייסט און דער סאָלידאַרישער אינטערעס פאַרן וואוילשטאַנד פון אַלעם און פון יעדן מיטגליד פונעם געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד. מ׳דערקענט דייטלעך, אַז די פאָרשטייער פון אָט דעם רעיון האָבן געהאַט פאַר זייערע אויגן פּרודאָנס אָט־די ווערטער: „די פּערזענלעכקייט איז פאַר מיר דאָס קריטעריום פון דער סאָציאַלער אָרדענונג. וואָס פרייער, אומאָפּהענגיקער, אונטערנעמערישער ס׳איז די פּערזענלעכקייט אין דער געזעלשאַפט, אַלץ בעסער איז עס פאַר דער געזעלשאַפט".

בעת דער אויטאָריטער אָריענטירטער פליגל פונעם אינטערנאַציאָנאַל האָט אויך ווייטער אָנגעהאַלטן די מיינונג מכוח דער נויטווענדיקייט פון דער מלוכה און אַרויסגעטראָטן לטובת דעם צענטראַליזם, איז פאַר די פרייהייטלעכע סעקציעס אינעם זעלביקן אינטערנאַציאָנאַל דער פעדעראַליזם געווען נישט בלויז אַ פּאָליטישער אידעאַל פון דער צוקונפט, ער האָט זיי אויך געדינט ווי אַ יסוד אין זייערע אייגענע

אָרגאַניזאַטאָרישע שטרעבונגען. האָט דאָך לויט זייער באַנעם דער אינטערנאַציאָנאַל — אינוויווייט אַזעלכעס איז בכלל מעגלעך געווען ביי די עקזיסטירנדיקע פאַרהעל־טענישן — געדאַרפט שוין היינט פאָרשטעלן מיט זיך פאַר דער וועלט אַ בילד פון אַ פרייער געזעלשאַפט. אַט־דער אופן פון דענקען האָט דאָס טאַקע געבראַכט צו יענע אינערלעכע קאַמפן צווישן פעדעראַליסטן און צענטראַליסטן, וועלכע האָבן דערפירט דערצו, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל זאָל אונטערגיין.

די באַמיאונגען פונעם לאָנדאָנער גענעראַלראַט, וועלכער איז געשטאַנען אונ־טער מאַרקס און ענגעלסעס אוממיטלבאַרן גייסטיקן איינפלוס, צו פאַרגרעסערן זיין מאַכט און דעם אינטערנאַציאָנאַלן פאַרבאַנד פון דער אויפוואַכנדיקער אַרבעטער־שאַפט צו שטעלן אין דינסט פון דער פאַרלאַמענטאַרישער פּאָליטיק פון באַשטימ־טע פאַרטייען, האָט זיך לאָגישערווייז געמוזט אָנשלאָגן אָן דעם שטאַרקסטן ווידער־שטאַנד פון די פרייהייטלעך־אָריענטירטע פעדעראַציעס און סעקציעס, וועלכע זענען געבליבן געטריי צו די אַלטע פּרינציפּן פונעם אינטערנאַציאָנאַל. אַזוי איז פאַרגעקו־מען די גרויסע שפּאַלטונג אין דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, פון וועלכער מ׳האָט נאָך ביז היינט נישט געקאָנט קומען צו זיך, מחמת אין דידאַזיקע מחלוקת האָט זיך געהאַנדלט וועגן אינערלעכע ווידערשפּרוכן מיט אַ פונדאַמענטאַ־לער באַדייטונג, וועמעס אויסגלייך האָט געדאַרפט האָבן אַנטשיידנדיקע קאָנסע־קווענצן נישט בלויז פאַר דער שפּעטערדיקער אויסוויקלונג פון דער אַרבעטערבאַ־וועגונג, נייערט אויך פאַר דער אידייע פונעם סאָציאַליזם גופא. דער אומגליקלע־כער קריג פון 71 - 1870 און די רעאַקציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין די לאַ־טייניש לענדער נאָכן פאַלן פון דער פּאַריזער קאָמונע און נאָך די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין שפּאַניע און איטאַליע, וועלכע האָט דורך אויסנאַם־געזעצן און ברו־טאַלע רדיפות געבראַכט צום דורכפאַל פון יעדער עפנטלעכער אַקטיוויטעט און גע־צוואונגען דעם אינטערנאַציאָנאַל צו זוכן אַן אויסבאַהעלטעניש אין די געהיימע פאַרבאַרגנסטע ווינקלען, האָבן שטאַרק באַגינציקט די נייע אַנטוויקלונג פון דער אייראָפּעאישער אַרבעטערבאַוועגונג.

דעם 20־טן יולי 1870 האָט קאַרל מאַרקס געשריבן צו פרידריך ענגעלסן די פאָלגנדיקע ווערטער, וועלכע זענען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין פּערזאָן און זיין גייסטיקן מהות.

„די פראַנצויזן דאַרפן באַקומען שמיץ. וויבאַלד עס זיגן די פּרייסן, וועט די צענטראַליזאַציע פונעם „סטייט־פּאַוער" (מלוכה־מאַכט) אויספאַלן לטובת דער צענטראַליזאַציע פון דייטשן אַרבעטערקלאַס. די דייטשע אויבערהער־שאַפט וועט דערנאָך אַריבערטראָגן דעם שווערפּונקט פון דער מערב־אייראָ־פּעאישער אַרבעטערבאַוועגונג פון פראַנקרייך קיין דייטשלאַנד. מ׳דאַרף בלויז פאַרגלייכן די באַוועגונג פון 1866 ביז היינט איןביידע לענדער, בכדי איינ־צוזען, אַז דער דייטשער אַרבעטערקלאַס איז טעאָרעטיש און אָרגאַניזאַטאָריש העכער פונעם פראַנצויזישן. זיין איבערגעוויכטיקייט איבערן פראַנצויזישן

אויף דער וועלט־סצענע וואָלט גלייכצייטיק געווען די איבערגעוויכטיקייט פון אונדזער טעאָריע איבער פּרודאָנס״*).

מאַרקס איז געווען גערעכט. דייטשלאַנדס ניצחון איבער פראַנקרייך איז אינ־דעראמתן געווען אַ ווענדפּונקט אין דער געשיכטע פון דער אייראָפּעאישער אַרבע־טערבאַוועגונג. דער פרייהייטלעכער סאָציאַליזם פונעם אינטערנאַציאָנאַל איז אָפּגע־שטופּט געוואָרן אין הינטערגרונט און ער האָט געמוזט אָפּטרעטן דאָס פעלד פאַר די אַנטיפרייהייטלעכע אידעאָלאָגיעס פונעם מאַרקסיזם. די לעבעדיקע, שעפערישע, אומבאַגרענעצטע אַנטוויקלונגס־פעאיקייט פון די סאָציאַליסטישע שטרעבונגען איז פאַרביטן געוואָרן אויף אַן איינזייטיקן דאָקטרינאַריזם, וועלכער האָט זיך פּרעטענ־ציעז אַרויסגעשטעלט ווי אַ נייע וויסנשאַפט, אינדעראמתן אָבער האָט ער זיך גע־שטיצט אויף אַ היסטאָרישן פאַטאַליזם, וועלכער האָט דערפירט צו די ערגסטע סאָפיזמען, און האָט ביסלעכווייז געמוזט דערשטיקן יעדן אמת־סאָציאַליסטישן גע־דאַנק. ס׳איז אמת, אַז אין זיין יוגנט האָט מאַרקס אַפילו געהאַט אָנגעשריבן אַט־די ווערטער: „די פילאָזאָפן האָבן די וועלט בלויז פאַרשידנדיק אויסגעטייטשט; עס גייט אָבער אין דעם זי צו פאַרענדערן״. ער אַליין האָט אָבער במשך פון זיין גאַנצן לעבן נישט געטאָן קיין אַנדערע זאַך ווי אויסצוטייטשן די וועלט און די געשיכטע. ער האָט אַנאַליזירט די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט אויף זיין שטייגער און אין דעם אַריינ־געלייגט אַ סך גייסט און געוואַלטיק וויסן, אָבער דער שעפערישער כוח פון אַ פּרו־דאָן איז פאַר אים פאַרבליבן אומצוגענגלעך. ער איז געווען און פאַרבליבן בלויז אַן אַנאַליטיקער, אַ גייסטרייכער אַנאַליטיקער און מיט אַ ברייטן וויסן, אָבער נישט מער. מהאי טעמה האָט ער נישט באַרייכערט דעם סאָציאַליזם מיט קיין איינאיינציקן שע־פערישן געדאַנק, ער האָט אָבער אַריינגעפּלאָנטערט דעם גייסט פון זיינע נאָכגייער אין דער דינער נעץ פון אַ כיטרער דיאַלעקטיק, וועלכע לאָזט כמעט נישט זען אין דער געשיכטע קיין שום אַנדערע זאַך ווי נאָר די עקאָנאָמיע און פאַרשטעלט פאַר זיי יעדן טיפערן אַריינבליק אין דער וועלט פון די געזעלשאַפטלעכע געשעענישן. ער האָט אַפילו קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן יעדן פּרואוו קלאָר צו ווערן וועגן דער היפּאָ־טעטישער געשטאַלטונג פון אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט און האָט עס אַלץ אָפּ־געפטרט ווי אוטאָפּיזם. גלייך ווי ס׳וואָלט געווען מעגלעך צו שאַפן עפּעס נייעס איידער מ׳ווערט קלאָר ביי זיך גופא מכוח די פרטים פון דעם, וואָס מ׳וויל. די אמונה אין אַ געצוואונגענעם, פונעם ווילן אומאָפּהענגיקן גאַנג פון אַלע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען האָט אים דערפירט דערצו, אַז ער זאָל אָפּוואַרפן יעדן געדאַנק וועגן דעם צוועקמעסיקן פונעם געזעלשאַפטלעכן פּראָצעס; און פונדעסטוועגן איז עס דאָך דווקא אַט־דער דאָזיקער געדאַנק, וועלכער איז דער יסוד פאַר יעטוועדער שעפערישער טעטיקייט.

מיט די אידייען האָבן זיך אויך געענדערט די מעטאָדן פון דער אַרבעטער־באַ־

*) דער בריוואויסטויש צווישן מאַרקס און ענגעלס, באַנד 4, שטוטגאַרט 1913.

ווענונג. אויפן אָרט פון די סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגישע גרופּעס און עקאָנאָמישע קאָמפּאָרגאַניזאַציעס אין אַלטן זין, אין וועלכע די מענער פונעם אינטערנאַציאָנאַל האָבן געזען די קעמערלעך פון דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט און די נאַטירלעכע אָרגאַנען פאַר דער רעקאָנסטרוקציע און פאַרוואַלטונג פון דער פּראָדוקציע, האָבן זיך באַוויזן די איצטיקע אַרבעטער־פּאַרטייען און די פּאַרלאַמענטאַרישע אַקטיוואַציע פון די אַרבעטנדיקע מאַסן. די אַלטע סאָציאַליסטישע טעאָריע, וועלכע האָט גערעדט וועגן דער דעראָבערונג פון די פאַבריקן און פונעם באָדן, האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער אָפּגערוקט אין הינטערגרונט; אנשטאט דעם האָט מען גערעדט בלויז וועגן דער דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט און אַזוי ארום איז מען פולשטענדיק אַריינגעשוואומען אינעם שטראָם פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט.

אין דייטשלאַנד, וואו ס׳איז לגמרי נישט געווען באקאנט קיין אַנדערע פאָרעם פון דער באַוועגונג, איז די דאָזיקע עוואָלוציע פאָרגעקומען גאָר באַזונדערס שנעל און פון דאָרט האָט זי, דורך אירע וואַל־זיגן, געווירקט אויף דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון רוב אַנדערע לענדער. לאַסאַלס מעכטיקע טעטיקייט אין דייטשלאַנד האָט אויסגעלייגט דעם וועג פאַר דער דאָזיקער נייער פאַזע פון דער באַוועגונג. לאַסאַל איז זיין גאַנץ לעבן לאַנג געווען אַ ליידנשאַפטלעכער חסיד פון פיכטעס און העגעלס שטאַטסאידייע און ער האָט זיך נאָך צוגעאייגנט די אַנשויאונגען פונעם פראַנצויזישן שטאַטסאָציאַליסט לואי בלאַנק וועגן די סאָציאַלע אויפגאַבן פון דער רעגירונג. אין זיין „אַרבעטערפּראָגראַם” האָט ער דערקלערט די אַרבעטנדיקע קלאַסן אין דייטשלאַנד, אַז די געשיכטע פון דער מענטשהייט איז געווען אַ באַשטענדיקער קאַמף קעגן דער נאַטור און קעגן די באַגרענעצונגען, וועלכע זי האָט אויף די מענטשן אַרויפגעצוואונגען.

> „אין אָט דעם קאַמף וואָלטן מיר נישט געווען געמאַכט אָדער ווען־עס־איז געווען אימשטאַנד צו מאַכן קיין איין שריט פאָרויס, ווען מיר וואָלטן אים געווען געפירט אָדער געוואָלט פירן יעדער איינער פאַר זיך, יעדער איינער באַזונדער. דער שטאַט איז עס דער, וואָס האָט די פונקציע דורכצופירן די דאָזיקע אנטוויקלונג פונעם מענטשן־מין צו דער פרייהייט”.

זיינע אָנהענגער זענען געווען אַזוי שטאַרק איבערצייגט אין אָט־דער מיסיע פונעם שטאַט, און זייער אמונה אינעם שטאַט האָט אָפּט אָנגענומען אַזעלכע פאַנאַטישע פאָרמען, אַז די ליבעראַלע פרעסע פון יענער צייט האָט גאַנץ אָפט באַשולדיקט לאַסאַלס באַוועגונג אין זיין אויף געהאלט ביי ביסמאַרקן. באַווייזן פאַר אָט־דער באַשולדיקונג האָט מען קיינמאָל נישט געקאנט צושטעלן, אָבער לאַסאַלס מאָדנע קאָקעטירן מיטן „סאָציאַלן קעניגטום”, וואָס איז אַרויסגעטראָטן אַזוי פאַרדעכטיק אין זיין מאמר „דער איטאַליענישער קריג און פּרייסנס אויפגאַבע”, האָט געקאנט לייכט לאָזן אויפקומען אָט־דעם חשד.*)

---

*) די קאָרעספּאָנדענץ צווישן ביסמאַרק און לאַסאַל, וועלכע איז מיט עטלעכע יאָר צוריק באַנייס אַנטדעקט געוואָרן און וועלכע גוסטאַוו מייער האָט פאַרעפנטלעכט אין זיין

דערמיט, וואָס די ניי־געשאַפענע ארבייטער־פּאַרטייען האָבן ביסלעכווייז אָוועק־געשטעלט זייער גאַנצע אַקטיוויטעט אינגאַנצן אויף דער פּאַרלאַמענטאַרישער אַקציע פון די אַרבעטער און אויף דער דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט ווי אַ מכלומרשטער פּאָרויסיקער תנאי פאַר דער פאַרווירקלעכונג פונעם סאָציאַליזם, האָבן זיי מיטן לויף פון דער צייט באַשאַפן אַ גאַנץ נייע אידעאָלאָגיע, וועלכע איז געווען וועזנטלעך אַנדערשדיק פונעם סאָציאַליסטישן געדאַנקענגאַנג פון ערשטן אינטערנאַ־ציאָנאַל. דער פאַרלאַמענטאַריזם וועלכער האָט אין דער נייער באַוועגונג גיך גענומען שפּילן אַ דאָמינירנדיקע ראָל, האָט אַריינגעצויגן אין לאַגער פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אַן ערב־רב פון בירגערלעכע עלעמענטן און קאַריערעזוכנדיקע אינטעלעק־טואַלן, וואָס צוליב דעם האָט דער אומבייט אין דער אָריענטאַציע זיך נאָך מער פאַרגיכערט. אַזוי ארום האָט זיך אויפן אָרט פונעם סאָציאַליזם פונעם אַלטן אינ־טערנאַציאָנאַל אנטוויקלט אַזאַ סובסטיטוט, וועלכער האָט מיט יענעם בלויז געהאַט געמיינזאַם דעם נאָמען. אויף דעם אופן האָט דער סאָציאַליזם וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרלוירן דעם כאַראַקטער פון אַ נייעם קולטור־אידעאַל, פאַר וועמען די קינסט־לעכע גרענעצן פון די מלוכות האָבן נישט געהאַט קיין שום ווערט. אין די קעפּ פון די פירער פון אַט־דער נייער שיטה האָבן זיך צונויפגעמישט די אינטערעסן פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט מיט די גייסטיקע אינטערעסן פון זייער פּאַרטיי, ביז זיי זענען ביסלעכווייז לגמרי מער נישט געווען ביכולת צו קאָנען געפינען אַ גרענעץ צווישן זיי און האָבן זיך צוגעוואוינט צו באַטראַכטן וועלט און זאַכן דורך די ברילן פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט. האָט במילא שוין געמוזט קומען דערצו, אַז די מאָדערנע אַר־בעטער־פּאַרטייען זאָלן זיך ביסלעכווייז איינגלידערן ווי אַ נויטווענדיקער באַשטאַנד־טייל אינעם שטאַטלעכן רעדערווערק און דערמיט האָבן זיי שטאַרק צוגעהאָלפן צו אומקערן דער מלוכה דאָס אינערלעכע גלייכגעוויכט, וואָס זי האָט שוין געהאַט פאַרלוירן.

ס׳וואָלט געווען פאַלש צו וועלן אָפּשאַצן אַט־די משונהדיקע ענדערונג פון די אידעען ווי אַ בכיוונדיקן פאַראַט פון די פירער, ווי מ׳האָט דאָס אָפט געטאָן. אינ־דעראמתן האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ פאַמעלעכער אַריינפּאַסונג פון דער סאָציאַליסטי־שער טעאָריע אין דער געדאַנקען־וועלט פונעם בורזשואַזן שטאַט, וועלכעס איז אַ פּועל־יוצא פון דער פּראַקטישער אַקטואַציע פון די אַרבייטערפּאַרטייען און וואָס האָט במילא געמוזט ווירקן אויף דער גייסטיקער אָריענטאַציע פון זייערע פאָרשטייער. דיזעלביקע פּאַרטייען, וועלכע האָבן זיך פריער פאַרנומען אונטער דער פאָן פון סאָ־ציאַליזם צו דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט, זענען דורך דער אייזערנער לאָגיק פון די אומשטענדן געשטויסן געוואָרן צו פאַרנעמען אַזאַ פּאָזיציע, לויט וועלכער זיי האָבן ביסלעכווייז געמוזט אויפברענגען פאַר אַ קרבן זייער אַמאָליקן סאָציאַליזם

שריפט „ביסמאַרק און לאַסאַל", אַ ביכל, וואָס איז ווערט געלייענט צו ווערן, וואָרפט אַן אייגנאַרטיק ליכט אויף לאַסאַלס פערזענלעכקייט און האָט אויך פון ריין פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט אַ גרויסן אינטערעס.

אויפֿן מזבח פֿון דער בורזשואַזער פּאָליטיק. די פֿאַרשטענדיקערע טייל פֿון זייערע אָנהענגער האָט אַפּילו באַלד איינגעזען די סכּנה און זיך ביי יעדער געלעגענהייט אַרויסגעשטעלט אין אַן אומפּרובפּעריקער אָפּאָזיציע קעגן דער טאַקטישער אָריענ־טאַציע פֿון דער פּאַרטיי. דערדאָזיקער קאַמף האָט אָבער נישט געקאָנט האָבן קיין דערפֿאָלג צוליב דעם פּשוטן טעם, וואָס ער איז געפֿירט געוואָרן בלויז קעגן באַ־שטימטע מכות פֿונעם פּאָליטישן פּאַרטיי־סיסטעם, אָבער איז קיינמאָל נישט אַרויס קעגן דער פּאַרטיי גופֿא. אַזוי אַרום זענען די פּאָליטישע אַרבעטערפּאַרטייען געוואָרן די, וואָס קריגן די פּעטש אינעם קאַמף צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט, פּאָליטישע בליצאָפּלייטער פֿאַר דער פֿאַרזיכערונג פֿונעם קאַפּיטאַליסטישן געזעלשאַפֿטלעכן סדר, און אויף אַזאַ אופֿן, אַז דער גרויסער רוב פֿון זייערע אָנהענגער האָבן זיך אַפּילו נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון.

די פּאָזיציע פֿונעם רוב פֿון אָט־די פּאַרטייען בשעת דעם קריג און באַזונדערס נאָך אים זאָגט געננוג צו באַווייזן, אַז אונדזער באַנעם איז נישט איבערגעטריבן און איז בפֿירוש בהסכּם מיט די פֿאַקטן. אין דייטשלאַנד האָט אָט־די אַנטוויקלונג אָנ־גענומען אַן אויסדריקלעך־טראַגישען כאַראַקטער, וועמענס קאָנסעקווענצן מ׳קאָן נאָך לעת־עתּה נישט פֿאָרויסזאָגן. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פֿון דאָזיקן לאַנד איז במשך פֿון די פֿיל יאָרן פֿון פּאַרלאַמענטאַרישער רוטין גייסטיק פֿולשטענדיק פֿאַר־טעמפּט געוואָרן און איז מער נישט געווען פֿעיק צו קיין שום שעפֿערישע מעשׂים. דאָס איז די סיבה פֿאַרוואָס די דייטשע רעוואָלוציע איז געווען אַזוי נעבעכדיק־אָרעם איןווירקלעכע אידעען. די אַלטע פֿראַזע „דער וואָס עסט ביים פּויפּסט, דער שטאַרבט דערפֿון" איז אויך מקוים געוואָרן ביי דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. זי האָט אַזוי לאַנג געגעסן ביים שטאַט, ביז אירע אינערלעכע לעבנס־כּוחות זענען געבליבן אויסגעשעפּט און זי איז שוין נישט געווען בייכולת דורכצופֿירן וועלכע־ס׳איז וויכטיקע זאַך.

דער סאָציאַליזם וואָלט נאָר דעמאָלט געקאָנט אָנהאַלטן זיין ראָל ווי אַ קול־טוראידעאַל פֿון דער צוקונפֿט, ווען ער וואָלט געווידמעט זיין גאַנצע טעטיקייט אָפּצושאַפֿן צוזאַמען מיטן מאָנאָפּאָל אויף אייגנטום אויך יעדע פֿאָרעם פֿון הער־שאַפֿט פֿון מענטש איבערן מענטש. נישט די דעראָבערונג, נאָר דאָס אָפּשאַפֿן די מאַכט פֿונעם לעבן פֿון דער געזעלשאַפֿט האָט געדאַרפֿט בלייבן דאָס גרויסע ציל, אויף וועלכן ער האָט זיך געדאַרפֿט קאָנצענטרירן און וועלכן ער האָט קיינמאָל נישט געדאַרפֿט אויפֿגעבן, אויב ער וויל זיך אַליין נישט אויפֿגעבן. דער, וואָס מיינט, אַז ס׳איז מעגלעך צו פֿאַרבייטן די פֿרייהייט פֿון דער פּערזענלעכקייט דורך דער גלייכ־הייט פֿון די אינטערעסן און באַזיץ, דער האָט לגמרי נישט באַנומען דעם תּמצית פֿונעם סאָציאַליזם. פֿאַר דער פֿרייהייט עקזיסטירט נישט קיין שום אויסבייט און עס קאָן קיינמאָל נישט זיין קיין אויסבייט. די גלייכהייט פֿון די עקאָנאָמישע באַ־דינגונגען איז בלויז אַ נייטיקער פֿאָרבאַדינג פֿאַר דער פֿרייהייט פֿונעם מענטשן, אָבער בשום אופֿן נישט אַן אויסבייט פֿאַר איר. ווער עס פֿאַרזינדיקט זיך קעגן דער

פרייהייט, פאַרזינדיקט זיך קעגן גייסט פונעם סאָציאַליזם. סאָציאַליזם הייסט סאָ־לידאַרישע קאָאָפּעראַציע פון די מענטשן אויפן יסוד פון אַ געמיינזאַמען ציל און פון דיזעלביקע רעכטן פאַר יעדן איינעם. סאָלידאַריטעט איז זיך אָבער סומך בלויז אויף פרייער החלטה און קאָן נישט ארויפגעצוואונגען ווערן וויבאלד זי וויל נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין טיראַניע.

יעדע אמת־סאָציאַליסטישע טעטיקייט מוז דעריבער אין קלענסטן און אין גרעסטן זיין אינספּירירט פונעם רעיון זיך אַרויסצושטעלן קעגן דעם מאָנאָפּאָליזם אויף אַלע געביטן און ספּעציעל אין דער עקאָנאָמיע און אויסצוברייטערן און פאַר־זיכערן מיט אַלע כוחות, וואָס זי האָט אין איר רשות, דעם סכום פּערזענלעכע פריי־הייט אין די ראַמען פונעם געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד. יעטוועדע פּראַקטישע טע־טיקייט, וועלכע פירט צו אַנדערע רעזולטאַטן, איז אַ טעות׳דיקע און אומאָנעמבאַר פאַר אמתע סאָציאַליסטן. אין דעם זין דאַרף מען אויך אָפּשאַצן די פּוסטע פּלאַפּ־לעריי וועגן דער „דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט" ווי אַן איבערגאַנגסעטאַפּ פונעם קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם. די היסטאָריע ווייסט לגמרי נישט פון אַזעלכע „אי־בערגענג". עס זענען בלויז פאַראַן פּרימיטיווערע און קאָמפּליצירטערע פאָרמען אין די פאַרשידענע אַנטוויקלונגס־פאַזעס פון די געזעלשאַפטלעכע פּראָצעסן. יעדע נייע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג איז נאַטירלעכערווייז אומפּערפעקט אין אירע התחלה־דיקע אויסדרוקספאָרמעס; עס מוזן זיך אָבער פונדעסטוועגן אין יעדער איינער פון אירע ניי־געשאַפענע אינסטיטוציעס געפינען אַלע אַנטוויקלונגסמעגלעכקייטן פאַר איר צוקונפטיקער געשטאַלטיקונג, פונקט ווי אינעם עמבריאָן אין דער מוטערס טראַכט איז שוין פאַראַן דאָס גאַנצע באַשעפעניש. יעדער פּרוּוו אַריינצונעמען אין אַ נייער אָרדענונג עיקרדיקע באַשטאַנדטיילן פון אַן אַלטן, שוין אָפּגעלעבטן און איבערגעקומענעם סיסטעם האָט ביז היינט תמיד דערפירט צו דיזעלביקע נעגאַ־טיווע רעזולטאַטן: אָדער אָט־די פּרוּוון זענען באַלד פון אָנהויב בייגעקומען געוואָרן דורך דער יוגנטלעכער קראַפט פונעם נייעם געזעלשאַפטלעכן איבערבוי, אָדער גאָר די דעליקאַטע זוימען און די האָפענונגספולע התחלות פון די נייע פאָרמען זענען אַזוי שטאַרק איינגעקוועטשט געוואָרן פון די איבערגענומענע פאָרמען פונעם עבר און אַזוי שטאַרק געשטערט געוואָרן אין זייער נאַטירלעכער אַנטוויקלונג, אַז זיי האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן אָפּדאַרן און זייער אינערלעכע לעבנספעיקייט האָט פאַמעלעך געמוזט אומקומען.

ווען אַ לענין — פונקט ווי מוסאָליני — האָט זיך פאַרגאַלאָפּירט צום זאָג, אַז די „פרייהייט איז אַ בורזשואַזער פּאַראָורטייל", באַווייזט דאָס נאָר, אַז זיין גייסט איז לגמרי נישט געווען אימשטאַנד זיך צו דערהייבן צום סאָציאַליזם ביי־ערט אַז ער איז געבליבן שטעקן אינעם קרייז פון די אַלטע באַגריפן פונעם יאַקאָבינער־טום. ס׳איז בכלל אַן אומזין צו רעדן וועגן אַ פרייהייטלעכן און אַן אויטאָריטערן סאָציאַליזם. דער סאָציאַליזם וועט זיין פריי, אָדער ער וועט לגמרי נישט זיין!

די צוויי גרויסע פּאָליטישע אידעען־שטרעמונגען פון ליבעראַליזם און פון דער

דעמאָקראַטיע האָבן געהאַט אַ שטאַרקע השפעה אויף דער אינערלעכער אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אַזאַ באַוועגונג ווי די דעמאָקראַטיע מיט איר פּאָזיטיווער שטעלונג צום שטאַט און מיט איר שטרעבונג אונטערצוואַרפן דעם יחיד אונטער די געבאָטן פון אַ צוגעטראַכטן „כלל־ווילן" האָט געמוזט האָבן אַן אומגליקלעכע ווירקונג אויף אַזאַ באַוועגונג ווי דער סאָציאַליזם, בפרט נאָך, ווען זי האָט איר אַריינגעגעבן דעם געדאַנק איבערצוגעבן דער מלוכה, חוץ די געביטן, וועלכע זי באַהערשט שוין, אויך דאָס אומגעהויער־גרויסע געביט פון דער עקאָנאָמיק און איר דערמיט איבערצוגעבן אַ מאַכט, וואָס זי האָט פריער קיינמאָל נישט געהאַט. היינט ווייזט עס זיך אַרויס אַלע מאָל קלאָרער — די דערפאַרונגען אין רוסלאַנד האָבן עס באַשטעטיקט — אַז אַזעלכע שטרעבונגען קאָנען קיינמאָל און אינערגעץ נישט דערגיין צום סאָציאַליזם, נאָר זיי מוזן פירן אומפאַרמיידלעך צו זיין גראָטעסקער קאַריקאַטור, — דעם מלוכה־קאַפּיטאַליזם.

פון דער אַנדערער זייט האָט דער סאָציאַליזם, וועלכער איז באַאיינפלוסט געוואָרן פונעם ליבעראַליזם, לאָגישערווייז געפירט צו דער אידעאָלאָגישער שיטה פון גאָדווין, פּרודאָן, באַקונין און זייערע נאָכגייער. דער געדאַנק צו באַגרענעצן דאָס טעטיקייטסגעביט פונעם שטאַט ביז צו אַ מינימום האָט שוין אַנטהאַלטן אין זיך דעם שפּראָץ פון אַ נאָך ברייטערן געדאַנק — איינגאַנצן צו פאַרוואַרפן דעם שטאַט און איינגאַנצן אויסצורוימען דעם „ווילן צו מאַכט" פון דער מענטשלעכער געזעל־שאַפט. און אויב דער דעמאָקראַטישער סאָציאַליזם האָט צוגעטראָגן אַ געוואַלדיג־גרויסן חלק צו באַפעסטיקן באַנייס די וואַקלענדיקע אמונה אינעם שטאַט און ער האָט שוין במילא אין זיין ווייטערדיקער אַנטוויקלונג טעאָרעטיש געמוזט דערגיין צום שטאַטקאַפּיטאַליזם, האָט דער סאָציאַליזם, וועלכער האָט זיך אינספּירירט אין דער אידעאָלאָגישער שיטה פונעם ליבעראַליזם, געפירט אין אַ גלייכער ליניע צו דער אידעע פון אַנאַרכיזם, ד. ה. צום באַגריף פון אַ געזעלשאַפטלעכן צושטאַנד, אין וועלכן דער מענטש איז שוין מער נישט אונטערגעוואָרפן אונטער דער אַפּוטרופּסות פון אַ העכערער מאַכט און אין וועלכן ער רעגולירט אַליין אַלע באַציאונגען צווישן זיך און זיינס גלייכן דורכן קעגנזייטיקן אָפּמאַך.

דער ליבעראַליזם גופא האָט נישט געקאָנט דערגיין צו אָט־דער העכסטער פאַזע פון אַ באַשטימטער אידעאָלאָגישער אַנטוויקלונג דערפאַר, ווייל ער האָט גע־שענקט צו ווייניק אויפמערקזאַמקייט דער עקאָנאָמישער זייט פון דער פראַגע, ווי דאָס ווערט שוין געזאָגט אויף אַן אַנדער אָרט פון אָט־דעם ווערק. נאָר אויפן יסוד פון בשותפותער אַרבעט און דער געמיינשאַפטלעכקייט פון אַלע געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן איז מעגלעך אמתע פרייהייט; מחמת ס'איז נישט מעגלעך קיין פרייהייט פאַרן יחיד אָן גערעכטיגקייט פאַר אַלעמען. אויך די פּערזענלעכע פרייהייט האָט איר מקור אין געזעלשאַפטלעכן באַוואוסטזיין פונעם מענטשן און ערשט דורך דעם באַקומט זי איר אמתן זין. די אידעע פונעם אַנאַרכיזם איז דער סינטעז פון ליבע־ראַליזם און סאָציאַליזם; באַפרייאונג פון דער ווירטשאַפט פון אַלע קייטן פון דער

פּאָליטיק; באַפרייאונג פון דער קולטור פון אַלע מאַכטפּאָליטישע השפּעות; באַ־פרייאונג פונעם מענטשן דורך דער סאָלידאַרישער פאַרבונדענקייט מיט זיינס גלייכן אָדער, ווי פּרודאָן האָט געזאָגט: „באַטראַכטנדיק דעם ענין פון סאָציאַלן שטאַנדפּונקט זענען פרייהייט און סאָלידאַריטעט פאַרשידענע אויסדרוקן פונעם זעלביקן באַגריף. כל־זמן יעדן איינעמס פרייהייט געפינט נישט קיין גרענעץ אין דער פרייהייט פון די אַנדערע, ווי עס זאָגט די דעקלאַראַציע פון מענטשרעכט פון יאָר 1793, נאָר אַן אָנשפּאַר, איז דער פרייסטער מענטש דעריעניקער, וועלכער האָט אַמיינסט באַצי־אונגען מיט זיינע מיטמענטשן".

# XV

## דער נאַציאָנאַליזם — אַ פּאָליטישע רעליגיע

דער פאַשיזם אַלס לעצטער רעזולטאַט פון דער נאַציאָנאַליסטישער אידעאָלאָגיע. — זיין קאַמף קעגן דער ליבעראַלער אידעענוועלט. — מוסאָליני אַלס קעגנער פונעם שטאַט. — זיין פּאָליטישער אומבייט. — דזשיאָוואַני דזשענטילע, דער שטאַטס־פילאָזאָף פונעם פאַשיזם. — נאַציאָנאַליזם אַלס ווילן צום שטאַט. — די פאַשיסטישע שטאַטס־אידעע און דער מאָדערנער מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַליזם. — היינטצייטיקע עקאָנאָמישע באַרבאַריע. — דער שטאַט ווי אַ צעשטערער פון דער געמיינשאַפטלעכקייט. — די פריוהייט ווי אַ געזעלשאַפטלעכער בינדמיטל. — די דערציאונג פונעם מאָדערנעם מאַסנמענטש צום מעכאַניש זיך־דרייענדיקן באַנדשנור. — דער קאַמף קעגן דער פּערזענלעכקייט. — דער טאָטאַליטאַרער שטאַט. — נאַציאָנאַליזם און פּאָליטישע אַנטפּלעקונגס־רעליגיע. — אונטערגאַנג פון דער קולטור. — ירידה אָדער עליה?

דער מאָדערנער נאַציאָנאַליזם, וועלכער האָט געפונען זיין פולסטן אויסדרוק אין איטאַליענישן פאַשיזם און אין דייטשן נאַציאָנאַלסאָציאַליזם, איז דער טויטפיינט פון יעדן מין ליבעראַלן דענקען. די פולשטענדיקע פאַדטיליקונג פון אַלע פרייהייטלעכע אידעאָלאָגיעס איז פאַר זיינע פירער דער ערשטער תנאי פאַר דער „דערוואַכונג פון דער נאַציע". אין דייטשלאַנד מישט מען, אגב, צונויף אין איין טאָפּ אויף אַ משונהדיקן אופן ליבעראַליזם און מאַרקסיזם, אַן אומשטאַנד, וועלכער קאָן לכל הדעות נישט שטאַרק איבעראַשן, ווען מ'ווייס, מיט וואָס פאַר אַ געוואַלטזאַמען אימפּעט די פּראָקלאַמירער פונעם דריטן רייך וואַרפן זיך אויף פאַקטן, אידעען און פּערזאָנען. אַז דער מאַרקסיזם, פונקט אַזוי ווי די דעמאָקראַטיע און דער נאַציאָנאַליזם, גייט־אַרויס אין זיינע עיקרדיקע אידעען פון אַ קאָלעקטיוון באַגריף, פונעם ק ל אַ ס נ ש ט אַ נ ד פּ ו נ ק ט, און ער קאָן שוין מהאי טעמה נישט האָבן קיין שום אינערלעכע באַציאונגען מיטן ליבעראַליזם, דאָס מאַכט אָן ווייניק עגמת־נפש זיינע היינטיקע היטלעריסטישע קעגנער.

אַז דער מאָדערנער נאַציאָנאַליזם מיט זיין ביז צום עקסטרעם צוגעפירטן שטאַטספאַנאַטיזם האָט נישט געקאָנט נעמען גאָרנישט פון דער גוטער זייט פון די ליבעראַלע אידעען, איז פאַרשטענדלעך פון זיך גופא. ווייניקער פאַרשטענדלעך איז די באַהויפּטונג פון זיינע אָנפירנדיקע מענער, אַז דער היינטיקער שטאַט איז פון גרונט־אויס אינפעקטירט מיט ליבעראַלע אידעען און מהאי טעמה האָט ער פאַר־

לוירן זיין מאַכטפּאָליטישן באַדייט. דער פאַקט איז, אַז די פּאָליטישע אַנטוויקלונג פון די לעצטע הונדערט און פופציק יאָר איז נישט געגאַנגען אויפן וועג, וועלכן דער ליבעראַליזם האָט דערוואַרט. פון דער אידעע צו פאַרמינערן אויף ווי ווייט מעגלעך די פונקציעס פונעם שטאַט און צו באַגרענעצן זיין טעטיקייטסגעביט ביז צום מיני־מום, איז ווייניק־וואָס מקוים געוואָרן. דאָס טעטיקייטסגעביט פונעם שטאַט איז נישט באַגרענעצט געוואָרן, עס האָט זיך גיכער מעכטיק אויסגעשפּרייט און פאַרפּיל־פאַכיקט, און די אַזויגערופענע ליבעראַלע פּאַרטייען, וועלכע זענען מיט דער צייט אַלץ שטאַרקער מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם פון דער דעמאָקראַטיע, האָבן צו־געטראָגן צו דעם אַ היפּשלעכן חלק. אינדערהאמתן האָט זיך דער שטאַט נישט ליבע־ראַליזירט, נייערט בלויז דעמאָקראַטיזירט; דורך דעם איז זיין איינפלוס אויפן פּער־זענלעכן לעבן פונעם מענטשן נישט פאַרמינערט געוואָרן, נייערט גיכער כסדר געשטיגן.

ס'איז געווען אַ צייט, ווען מ'האָט געקאָנט האָבן די מיינונג, אַז די „סואווע־רעניטעט פון דער נאַציע" קאָן זיך נישט אויסגלייכן מיט דער סואווערעניטעט פון אַ געזעצלעכן קעניג און צוליב דעם מאָטיוו האָט די מאַכטפּאָזיציע פונעם שטאַט געמוזט אָפּגעשוואַכט ווערן. אַזוי לאַנג די דעמאָקראַטיע האָט נאָך געמוזט קעמפן פאַר איר אָנערקענונג, האָט אַזאַ מין מיינונג געקאָנט האָבן אַ געוויסע באַרעכטי־קונג. אָבער דידאָזיקע צייט איז לאַנג שוין פאַרביי. קיין שום זאַך האָט פון דעמאָלט אָן נישט אַזוי שטאַרק פאַרפונדעוועט די אינערלעכע און אויסערלעכע זיכערקייט פונעם שטאַט ווי דער רעליגיעזער גלויבן אין דער סואווערעניטעט פון דער נאַציע, וועלכע ווערט פון צייט צו צייט פונדאָסניי פייערלעך סאַנקציאָנירט דורכן אַלגע־מיינעם שטימרעכט. ס'איז אָבער אומאָפּפרעגבאַר, אַז עס האַנדלט זיך דאָ בלויז וועגן אַ רעליגיעזער פאַרשטעלונג פון פּאָליטישן כאַראַקטער. אויך קלעמאַנסאָ האָט זיך אויסגעדריקט אין זעלביקן זין, ווען ער איז, אַ פאַראייניזאַמטער און פאַרביטער־טער, דערגאַנגען צום סוף פון זיין קאַריערע: „דאָס אַלגעמיינע שטימרעכט איז אַ שפּילעכל, וועלכעס ווערט באַלד פאַרמיאוסט; אָבער מ'טאָר עס נישט זאָגן הויך אויפן קול, מחמת דאָס פאָלק מוז האָבן אַ רעליגיע. אַזוי איז עס... טרויעריק, אָבער אמת". *)

דער ליבעראַליזם איז געווען דער אויסגעשריי פון דער מענטשלעכער פּערזענ־לעכקייט קעגן די אַלץ ניוועלירנדיקע שטרעבונגען פונעם אַבסאָלוטיסטישן רעזשים און שפּעטער קעגן דעם אולטראַצענטראַליזם און דער בלינדער פאַרגלויבטקייט אינעם שטאַט פונעם יאַקאָביניזם און פון זיינע פאַרשידנמיניקע דעמאָקראַטישע אָפּצווייי־גונגען. אין אָט־דעם זין האָט אים אויך תופס געווען מיל, באַקל און ספּענסער. אָבער אַפילו מוסאָליני, וועלכער באַקעמפט היינט דעם ליבעראַליזם מיט אַזאַ גרימצאָרן,

*) זשאָן מאַרטעט, „קלעמאַנסאָ רעדט", בערלין 1930, ז. 151.

איז נאָך ביז מיט נישט לאַנג צוריק געווען אַ ליידנשאַפטלעכער פאַרטרעטער פון ליבעראַלע אידעען, ווען ער האָט געשריבן:

„מיט זיין אומגעהייערער ביוראָקראַטישער מאַשין רופט דער שטאַט אַרויס דאָס געפיל פון דערשטיקונג. דער שטאַט איז געווען דערטרעגלעך פאַרן אינ־דיווידע, כל־זמן ער האָט זיך באַנוגנט דערמיט צו זיין זעלנער און פּאָליציאַנט; היינט אָבער איז דער שטאַט אַלץ: באַנקיר, וואוכערער, אייגנטימער פון שפּיל־הייזלען, באַלעבאָס פון שיפן, שדכן, פּראָסטיטוציע־פאַרמיטלער, פאַרזיכערונגס־אַגענט, בריוטרעגער, אייזנבאַנער, אונטערנעמער, לערער, פּראָפעסאָר, טאַבאַק־פאַרקויפער און נאָך אַ סך מער, חוץ זיין פריערדיקער באַשעפטיקונג ווי אַ פּאָליציאַנט, ריכטער, תפיסה־וועכטער און שטייערן־אויפמאָנער. דער שטאַט, דערדאָזיקער מאַלאָך מיט די שרעקלעכע שטריכן, זעט היינט אַלץ, טוט אַלץ, קאָנטראָלירט אַלעס און רואינירט אַלץ. יעדע פונקציע פונעם שטאַט איז אַן אומגליק. אַן אומגליק די שטאַטלעכע קונסט, דער שטאַטלעכער שיפס־פאַר־קער, די שטאַטלעכע באַזאָרגונג פון לעבנסמיטלען — און דידאָזיקע פּראָצעסיע וואָלט זיך געקאָנט ציען ביז צום אין סוף... וואָלטן די מענטשן געהאַט בלויז אַ שוואַך פאַרגעפיל וועגן דעם תהום, צו וועלכן זיי גייען, וואָלט זיך פאַרמערט די צאָל פון די זעלבסטמאָרדן, מחמת מיר גייען צו דער פולשטענדיקער פאַר־ניכטונג פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט. דער שטאַט איז יענע מאוים־דיקע מאַשין, וועלכע פאַרשלינגט לעבעדיקע מענטשן און שפּייט זיי דערנאָך אויס ווי טויטע ציפערן. דאָס מענטשלעכע לעבן האָט שוין מער נישט קיין סודות, קיין אינטימיטעט נישט אין מאַטעריעלע און נישט אין גייסטיקע ענינים; אַלע ווינקלען ווערן דורכגענישטערט, אַלע באַוועגונגען געמאָסטן, יעדער איינער ווערט איינגעשפּאַרט אין זיין פאַך און נומערירט ווי אין אַ געפענגעניש“ *)

דאָס איז אָנגעשריבן געוואָרן מיט עטלעכע יאָר פאַרן „מאַרש אויף רוים“. די ווייטערע אַנטוויקלונג איז, הייסט עס, געקומען פאַר מוסאָלינין היפּש גיך, ווי אַ סך אַנדערע זאַכן. פאַקטיש איז דער אַזויגערופענער שטאַטלעכער באַנעם פונעם פאַ־שיזם אַרויסגעקומען אין דער עפנטלעכקייט ערשט דעמאָלט, ווען דער „דוטשע“ איז געקומען צו דער מאַכט. ביז דעמאָלט האָט די פאַשיסטישע באַוועגונג שימערירט אין אַלע פאַרבן פונעם רעגנבויגן, פונקט ווי ביז מיט נישט לאַנג צוריק דער נאַציאָ־נאַלסאָציאַליזם אין דייטשלאַנד. זי האָט בכלל נישט געהאַט קיין איינהייטלעכן פּרצוף. איר אידעאָלאָגיע איז געווען אַ פּילקאָליריקער געמיש פון גייסטיקע באַ־שטאַנדטיילן פון אַלע מעגלעכע טענדענצן און אידעען. דאָס וואָס האָט איר געגעבן איינהאַלט, איז געווען די ברוטאַלקייט פון אירע מעטאָדן, איר אומברחמנותדיקע גע־וואַלטזאַמקייט, וועלכע האָט טאַקע דעריבער נישט רעספּעקטירט קיין שום אַנדערע מיינונג, ווייל זי אַליין האָט נישט געהאַט קיין שום אייגענע מיינונג צו פאַרטרעטן. דאָס, וואָס האָט נאָך ביז איצט געפעלט דעם שטאַט, כדי צו זיין אַ פולשטענדיק געפענקעניש, דאָס האָט אים די פאַשיסטישע דיקטאַטור געגעבן עד לרוב. מוסאָליני׳ס ליבעראַלער אויסגעשריי איז באַלד פאַרשטומט געוואָרן, ווי נאָר דער דיקטאַטאָר האָט געפילט פעסט אין זיינע הענט די שטאַטלעכע מאַכטמיטלען. ווען מ׳פאַרטראַכט זיך

*) „פּאָפּאָלאָ ד׳איטאַליאַ“ פון 6־טן אַפּריל 1920.

וועגן דעם ווי מוסאָליני האָט אַזוי גיך געביטן זיין מיינונג וועגן דעם באַדייט פון שטאַט, דערמאָנט מען זיך נישט ווילנדיק אין דעם יונגן מאַרקס אַ זאָג:

„קיין שום מענטש באַקעמפט נישט די פרייהייט; העכסטנס באַקעמפט ער די פרייהייט פון די אַנדערע. יעדער מין פרייהייט האָט דעריבער תמיד עקזיסטירט, אָבער טיילמאָל ווי אַ באַזונדערע פּריווילעגיע, אַנדערע מאָל ווי אַלגעמיין רעכט".

פאַקטיש האָט מוסאָליני געמאַכט פאַר זיך פון דער פרייהייט אַ פּריווילעגיע און איז דערמיט דערגאַנגען צו דער ברוטאַלסטער אונטערדריקונג פון אַלע אַנדערע; מחמת די פרייהייט, וועלכע זוכט צו פאַרבייטן די אחריות פונעם מענטשן צו זיין חבר דורך אַ פּוסטן געבאָט פון דער מאַכט, איז ניבזהדיקע הפקרות, פאַרלייקענונג פון יעדן מין גערעכטיקייט און פון יעדן מין הומאַניזם. אָבער אויך דער דעספּאָטיזם פאַרלאַנגט אַ רעכטפאַרטיקונג פאַרן פאָלק, וועלכעס ער פאַרגוואַלטיקט. פון אַט־דער דאָזיקער באַדערפעניש איז געבוירן געוואָרן דער שטאַטסבאַגריף פונעם פאַשיזם.

אויפן „אינטערנאַציאָנאַלן העגעל־קאָנגרעס" אין בערלין אין יאָר 1931 האָט דזשיאָוואַני דזשענטילע, דער שטאַטספילאָזאָף פונעם פאַשיסטישן איטאַליע, אַנט־וויקלט זיין באַגריף וועגן דעם מהות פונעם שטאַט, וועלכער האָט געהאַט זיין קולמי־נאַציע אין דער אידעע פונעם אַזויגערופענעם „טאָטאַליטאַרן שטאַט". דזשענטילע האָט באַצייכנט העגלען ווי דעם ערשטן און אמתן באַגרינדער פונעם שטאַטסבאַגריף און געמאַכט אַ פאַרגלייך צווישן זיין שטאַטס־טעאָריע און דעם שטאַטס־באַנעם, וועל־כער איז זיך סומך אויפן נאַטוראַלן רעכט און קעגנזייטיקן אָפּמאַך. דער שטאַט — האָט ער אויסגעפירט — איז פאַרן דאָזיקן באַנעם בלויז די גרענעץ, ביי וועלכער די נאַטירלעכע און אוממיטלבאַרע פרייהייט פונעם יחיד דאַרף זיך אָפּשטעלן, בכדי אַזעלכעס ווי אַ געזעלשאַפטלעך צוזאַמענלעבן זאָל בכלל מעגלעך זיין. פאַר דערדאָ־זיקער לערע איז בכן, דער שטאַט נאָר אַ מיטל צו פאַרבעסערן דעם צושטאַנד פון דער מענטשהייט, וועלכע ס'איז נישט מעגלעך אויפצוהאַלטן אין איר נאַטירלעכן מעמד; ער איז, בכן, עפּעס נעגאַטיווס, אַ טוגנט, וועלכע איז געבוירן געוואָרן פון דער נויט. העגעל האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין דערדאָזיקער דורותדיקער לערע. ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט באַטראַכט דעם שטאַט ווי די העכסטע פאָרעם פונעם אָביעקטיוון גייסט. ער האָט דער ערשטער פאַרשטאַנען, אַז נאָר אינעם שטאַט ווערט פאַרווירקלעכט דאָס אמתע עטישע זעלבסטבאַוואוסטזיין. אָבער דזשענטילע האָט זיך נישט באַנוגענט מיט דערדאָזיקער ווירדיקונג פון העגעלס שטאַטס־באַנעם, נייערט ער האָט געזוכט זי נאָך מער צו איבערשטייגן. ער האָט גע־מוסרט העגלען דערפאַר, וואָס הגם ער האָט באַטראַכט דעם שטאַט ווי די העכסטע פאָרעם פונעם אָביעקטיוון גייסט, האָט ער אָבער איבער דעם אָביעקטיוון גייסט נאָך אָוועקגעשטעלט די ספערע פונעם אַבסאָלוטן גייסט, אַזוי אַז קונסט, רעליגיע און פילאָזאָפיע, וועלכע באַלאַנגען, לויט העגלען, צו דער לעצטער גייסטיקער דאָמיניע, מוזן קומען אין ווידערשפּרוך מיטן שטאַט. אַ מאָדערנע שטאַטסטעאָריע, האָט דזשענ־

טילע געהאלטן, דאַרף בייקומען, אויסגלייכן אָט־די סתירות, און דאָס אויף אַזאַ אופן, אַז אויך די ווערטן פון דער קונסט, דער רעליגיע און דער פילאָזאָפיע זאָלן געהערן צום קנין פונעם שטאַט. ערשט דעמאָלט וואָלט דער שטאַט געקאָנט באַטראַכט ווערן ווי די העכסטע פאָרעם פונעם מענטשלעכן גייסט, וועלכער שטיצט זיך נישט אויף אָפּגעזונדערטקייטן, נייערט באַציט זיך אויפן אלגעמיינעם און אייביקן ווילן, אויף דער העכסטער אלגעמיינהייט. *)

ס'איז קלאָר, וואוהין דער פאַשיסטישער שטאַטספילאָזאָף האָט געצילט מיט זיין לעכצעניש — אויב פאַר העגלען איז דער שטאַט געווען בלויז דער „גאָט אויף דער ערד", האָט דזשענטילע אים אַמליבסטן געוואָלט אָפּגעבן דאָס פּלאַץ פון אייביקן און איינציקן גאָט, וועלכער פאַרטראָגט נישט קיין אַנדערע געטער נעבן און איבער זיך און הערשט אַבסאָלוטיסטיש איבער אַלע געביטן פון מענטשלעכן גייסט און מענטשלעכער אַקטיוויטעט. דאָס איז טאַקע דאָס לעצטע וואָרט פון אַ פּאָליטישער אידעען־אנטוויקלונג, וועלכע פאַרלירט לגמרי אין איר אַבסטראַקטן עקסטרעמיזם יעדן מין מענטשלעכן תוכן און פאַר וועלכער דער יחיד עקזיסטירט און קומט אין באַ־טראַכט נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל מ'קאָן אים אַריינוואַרפן אַלס שעיר לעזאזל אין די גליענדיקע אָרעמס פונעם אומדערזעטלעכן מאָלאָך. דער מאָדערנער נאַציאָ־נאַליזם איז אייגנטלעך נישט עפּעס אַנדערש ווי בלויז ווילן צום שטאַט פאַר יעדן פּרייז, פולשטענדיקע אויפלייזונג פונעם מענטשן פאַרן העכערן צוועק פון דער מאַכט. דאָס איז טאַקע דאָס כאַראַקטעריסטישע: דער היינטצייטיקער נאַציאָנאַליזם קומט נישט אַרויס נישט פון דער ליבע צום אייגענעם לאַנד און אויך נישט צו דער אייגענער נאַציע; ער האָט זיין שורש גיכער אין די אַמביציעזע פּלענער פון אַ דיקטאַטורגאַרנדיקער מינדערהייט, וועלכע איז אנטשלאָסן אַרויפצוצווינגען אויפן פאָלק אַ באַשטימטע שטאַטספאָרעם ווען אַפילו דאָס זאָל זיין לגמרי אין ווידער־שפּרוך צום ווילן פון דער מערהייט. דער בלינדער גלויבן, אַז די נאַציאָנאַלע דיק־טאַטור קאָן אויפטון וואונדער, דאַרף ביים מענטשן פאַרבייטן די ליבע צו דער היים, דעם זין פאַר דער גייסטיקער קולטור פון זיין צייט; די ליבע צום מיטמענטשן דאַרף צעריבן ווערן לגבי דער „גרויסקייט פונעם שטאַט", פאַר וועמען די יחידים מוזן דינען ווי פּאַשע.

דאָ ליגט דער חילוק צווישן דעם נאַציאָנאַליזם פון אַ פאַרגאַנגענער צייט, וועלכער האָט געפונען זיינע פאָרשטייער אין אַזעלכע מענער ווי מאַדזיני און גאַרי־באַלדי, און די אויסדריקלעך קאָנטראַרעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען פונעם מאָדערנעם פאַשיזם, וועלכער הייבט היינט אויף דעם קאָפּ וואָס ווייטער אַלץ דרייסטער. אין זיין באַרימטן מאַניפעסט פון 6־טן יוני 1862 האָט מאַדזיני באַקעמפט וויקטאָר־מאַ־נועלס רעגירונג און זי באַשולדיקט אין פאַראַט און אין קאָנטראַרעוואָלוציאָנערע

---

*) מיר האַלטן זיך דאָ ביים קאָנגרעס־באַריכט פון דער אָוונט־אויסגאַבע פון דער „דויטשע אַלגעמיינע צייטונג" פון 21-טן אָקטאָבער 1931.

שטרעבונגען קעגן דער איינהייט פון איטאַליע און ער האָט דערביי דייטלעך אונ־טערגעשטראָכן דעם חילוק צווישן דער נאַציע און דעם עקזיסטירנדיקן שטאַט. זיין פּאַראָל „גאָט און דאָס פאָלק" — מעג מען דעריבער טראַכטן וואָס מ'וויל — האָט געדאַרפט לאָזן וויסן דער וועלט, אַז די אידעען, ביי וועלכע ער האַלט זיך, שטאַ־מען פונעם פאָלק און זיי זענען פון אים אָנגענומען געוואָרן. ס'איז אָן ספק, אַז אויך מאַדזיניס לערע האָט געהאַט אין זיך די זריעה פון אַ נייער פאָרעם פון מענטש־לעכער קנעכטשאַפט; אָבער זיינע מעשים זענען געווען אינספּירירט אין גוטע כוונות און ער האָט נישט געקאָנט פאָרויסזען די ווייטערדיקע געשיכטלעכע רעזולטאַטן פון זיינע נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע שטרעבונגען. ווי ערלעך ער איז זיי געווען איבער־געגעבן ווייזט זיך אַרויס אַמבעסטן אין די חלוקי־דעות צווישן אים און קאַוואורן, וועלכער האָט טאַקע אויך איינגעזען דעם מאַכטפּאָליטישן באַדייט פון דער נאַציאָ־נאַלער איינהייטס־באַוועגונג, און דווקא מהאי טעמה האָט ער פּרינציפּיעל אָפּגע־וואָרפן מאַדזיניס „פּאָליטישן ראָמאַנטיציזם", ווייל ער — ווי קאַוואור האָט גע־זאָגט — „פאַרגעסט אינעם שטאַט צוליב דעם באַשטענדיקן אַרויסשטעלן די פריי־הייט".

זיכער איז, אַז די פּאַטריאָטן פון יענער צייט האָבן געמאַכט אַ בפירושן חילוק צווישן דעם שטאַט און די נאַציאָנאַלע פאָרלאַנגען פונעם פאָלק. דידאַזיקע שטעלונג האָט זיך בלי שום ספק גענומען פון אַ פאַלשער אויסטייטשונג פון די געשיכטלעכע פאַקטן, און פונדעסטוועגן איז עס דווקא דערדאָזיקער טעותדיקער אויספיר, וועלכער מאַכט אונדז מענטשלעך נענטער די מענער פון דער „יונגער אייראָפּע", מחמת קיינער וועט נישט אָפּפרעגן זייער אויפריכטיקע ליבע צום פאָלק. דעם היינטיקן נאַציאָנאַ־ליזם איז אַזאַ ליבע לגמרי פרעמד און אויב זיינע פירער רעדן אַזוי פיל דערפון, פילט מען אָבער נישט ווילנדיק דעם פאַלשן קלאַנג און מ'מערקט, אַז ס'איז הינטער דעם נישט פאַראַן קיין אינערלעך געפיל. דער נאַציאָנאַליזם פון היינט שווערט נאָר ביים שטאַט און שטעמפּלט די אייגענע פאָלקסברידער ווי פאַרעטער פונעם לאַנד, ווען זיי שטעלן זיך אַרויס קעגן די פּאָליטישע צילן פון דער נאַציאָנאַלער דיקטאַטור אָדער זענען בלויז נישט איינשטימיק מיט זיינע פּלענער.

דער איינפלוס פון ליבעראַלע אידעען אין פּאַריקן יאָרהונדערט האָט פונדעסט־וועגן גורם געווען, אַז אַפילו קאָנסערוואַטיוו־אָריענטירטע עלעמענטן זאָלן קומען צו דער איבערצייגונג, אַז דער שטאַט עקזיסטירט פאַרן בירגער. דער פאַשיזם אָבער האָט געלאָזט וויסן מיט ברוטאַלער אָפנהערציקייט, אַז די אויפגאַבע פונעם יחיד באַשטייט אין דעם, אַז ער זאָל אויסגענוצט ווערן פונעם שטאַט. „אַלעס פאַרן שטאַט; גאָרנישט מחוץ דעם שטאַט; גאָרנישט קעגן דעם שטאַט!" — ווי מוסאָליני האָט דאָס פאָרמולירט. דאָס איז דאָס לעצטע וואָרט פון אַ נאַציאָנאַליסטישער מעטאַפי־זיק, וועלכע האָט אין די פאַשיסטישע אַספּיראַציעס פון דער קעגנוואָרט אָנגענומען אַן אָפּשרעקנדיק־ממשותדיקע געשטאַלט. און אויב דאָס איז שטענדיק געווען דער פאַרבאָרגענער מיין פון אַלע נאַציאָנאַליסטישע טעאָריעס, איז עס איצט געוואָרן

זייער בפירושער ציל. דאָס, וואָס זיי האָבן קלאָר דעפינירט דעמדאָזיקן ציל, איז דער איינציקער פאַרדינסט פון זייערע היינטיקע פאַרטרעטער, וועלכע זענען אין איטאַליע און באַזונדערס אין דייטשלאַנד נאָך דערפאַר אַזוי וואַרעם געקעכלט און אַזוי פרייגעביק אונטערגעשטיצט געוואָרן פון די טאָנגעבער פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, ווייל זיי האָבן זיך אַרויסגעשטעלט אַזוי שטאַרק דינסטגרייט לטובת דעם נייעם עקאָנאָמישן מאָנאָפּאָלקאַפּיטאַליזם און העלפן־צו לויט זייערע כוחות אין זיינע פּלענער פאַר דער שאַפונג פון אַ סיסטעם פון אינדוסטריעלער קנעכטשאַפט.

ווייל צוזאַמען מיט די פּרינציפּן פונעם פּאָליטישן ליבעראַליזם דאַרפן אויך אַרויסגעשטויסן ווערן די אידעען פונעם עקאָנאָמישן ליבעראַליזם. פּונקט אַזוי ווי דער פּאָליטישער פאַשיזם באַמיט זיך היינט אַריינצוקלאַפּן אינעם מענטשנס קאָפּ די נייע עוואַנגעליע, אַז ער קאָן פּרעטענדירן אויף אַ לעבנסבאַרעכטיקונג נאָר בתנאַי, אויב ער דינט אַלס אינדוסטריעלער רוישטאָף פאַרן שטאַט, פּונקט אַזוי זוכט איצט דער מאָדערנער עקאָנאָמישער פאַשיזם צו באַווייזן דער וועלט, אַז נישט די עקאָנאָמיע עקזיסטירט פאַרן מענטשן, נייערט אַז דער מענטש עקזיסטירט פאַר דער עקאָנאָמיע און ער איז באַשטימט רק פאַרן צוועק פאַרנוצט צו ווערן פון איר. אויב דער פאַשיזם האָט דווקא אין דייטשלאַנד אָנגענומען די פחדימדיקסטע און אוממענטשלעכסטע פאָרמען, דאַרף מען זיך דאָס דערקלערן אויך דערמיט, וואָס די באַרבאַרישע אידעאָלאָגיעס פון דייטשע ווירטשאַפטס־טעאָרעטיקער און אָנפירנדיקע אינדוסטריאַליסטן האָבן פאַר אים אַזוי צו זאָגן אָנגעצייכנט די וועגן. וועלטבאַרימטע פירער פון דער דייטשער ווירטשאַפט, אַזעלכע ווי הוגאָ שטינעס, פריץ טיססען, ערנסט פאָן באָרסיק און אייניקע אַנדערע האָבן דורך דער ברוטאַלער אָפנהערציקייט פון זייערע מיינונגען פון אייביק־אויף באַוויזן, אין וואָס פאַר אַן אָפּגרונט קאַלטע פאַראַכטונג פונעם מענטשן קאָן אַריינוואַרפן דעם מענטשלעכן גייסט, ווען ס׳איז ביי אים אַוועקגעקומען יעדעס געזעלשאַפטלעכע געפיל און ווען לעבעדיקע מענטשן האָבן ביי אים דעמזעלביקן ווערט ווי טויטע ציפערן. און אין דער וועלט פון די דייטשע געלערנטע האָט מען תמיד געקאָנט געפינען „פאָראורטיילספרייע גייסטער”, וועלכע זענען געווען גרייט צו געבן אַ „וויסנשאַפטלעכע באַזע” די מאַוימדיקסטע און מענטשן־פיינטלעכסטע טעאָריעס.

אַזוי האָט פּראָפעסאָר קאַרל שרעבער פון דער אַכענער טעכנישער הויכשול דערקלערט, אַז פאַרן מאָדערנעם אַרבעטער איז לכל האופן צוגעפּאַסט דער לעבנסניוואָ פונעם פּרעהיסטאָרישן מענטשן פון נעאַנדערטאַל, און אַז פאַר אים קומט לגמרי נישט אין באַטראַכט די מעגלעכקייט פון אַ העכערער אַנטוויקלונג. ענלעכע מיינונגען האָט אַרויסגעזאָגט פּראָפעסאָר ערנסט האָרנעפער, פון דער אוניווערזיטעט אין גיסען, וועלכער פלעגט גאַנץ אָפט אַרויסטרעטן אויף די פאַרזאַמלונגען פון די דייטשע אינדוסט־

ריאַלן מיט וויסנשאַפטלעכע רעפּעראַטן און אויף איינעם פון אָט־דיזוזאַמענקומען האָט ער אויסגעפירט אָט־וואָס:

„די סכנה פון דער סאָציאַלער באַוועגונג קאָן געבראָכן ווערן נאָר דורך דעם, אַז ס׳זאָל פאָרקומען אַ צעטיילונג צווישן די מאַסן. מחמת דער טיש פונעם לעבן איז באַזעצט ביז אויפן לעצטן פּלאַץ. און דעריבער איז די אינדוסטריע קיינמאָל נישט ביכולת צו געבן אירע אָנגעשטעלטע מער ווי די נאַקעטע עקזיסטענץ. דאָס איז אַן אומצעטרייסלבאַר נאַטורגעזעץ. דעריבער איז טאַקע אויך יעדע סאָציאַלע פּאָליטיק אַ נאָמענלאָזע נאַרישקייט”.

הער האָרנעפּפער האָט שפּעטער גרינטלעך קלאָרגעמאַכט זיין מענטשנפריינטלעכע לערע אין אַ ספּעציעלן מאמר „דער סאָציאַליזמוס אונד דער טאָדעסקאַמף דער דויטשען ווירטשאַפט” און ער איז דערביי געקומען צו אָט אַזאַ מסקנה:

„איך האַלט, אַז די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אַרבעטער לאָזט זיך, פונדאַמענטאַל, אין תוך, אין גרויסען און גאַנצן, בשום אופן נישט ענדערן; אַז די אַרבעטער מוזן זיך איין פאַר אַלע מאָל צופרידנשטעלן מיט דערדאָזיקער עקאָנאָמישער לאַגע זייערער, ד. ה. מיט אַזאַ לוין, וועלכער זאָל קוים זיין גענוג פאַר זייערע עלעמענטאַרע באַדערפענישן, מיט וועלכן זיי זאָלן קאָנען דעקן נאָר די אומבאַדינגט־נייטיקסטע, די דרינגנדיקסטע, די אומפאַרמיידלעכסטע לעבנסבאַדערפענישן; אַז ס׳קאָן בשום אופן נישט פאָרקומען קיין פונדאַמענטאַלע ענדערונג אין זייער עקאָנאָמישן מצב, אַן אַרויפשטייג צו אַ וועזנטלעך אַנדערן שטאַנד פון די ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען; אַז דערדאָזיקער וואונטש קאָן קיינמאָל נישט מקוים ווערן”.

כדי צו ענטפערן אויף דער טענה, אַז ביי אַזעלכע אומשטענדן קאָן דאָך לייכט פאַסירן, אַז דער לוין זאָל אַפילו נישט קלעקן פאַר דער באַפרידיקונג פון די אומבאַדינגט־נייטיקסטע באַדערפענישן, האָט דער געלערנטער פּראָפעסאָר מיט אַ זעלטענער רואיקייט אויסגעפירט, אַז אין דעם פאַל דאַרפן די עפנטלעכע צדקה־אַנשטאַלטן אונטערקומען מיט הילף און טאָמער איז דאָס אויך נישט גענוג, דאַרף זיי דער שטאַט, ווי דער פאָרשטייער פונעם עטישן גייסט פון פאָלק, ביישטיין. דר. פּ. גיזע, פון דער טעכנישער הויכשול אין שטוטגאַרט, וועלכער האָט זיך אַרויסגעשטעלט מיטן גאַנצן ברען פאַר דער ראַציאָנאַליזאַציע פון דער ווירטשאַפט לויט „וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן”, איז אָפּגעקומען דעם ענין וועגן דער פריצייטיקער באַזייטיקונג פונעם היינטיקן אַרבעטער פון זיין פאַך מיט אָט־די האַרבע ווערטער:

„די דירעקציע פון דער אינדוסטריע קאָן אָבער זען אין דעם אַ פּשוט ביאָלאָגיש געזעץ, אַז די לייסטונגספעיקייט פונעם מענטשן אינעם קאָנקורענץ־קאַמף מוז זיך היינט אומעטום ענדיקן אין די יינגערע יאָרן. דאָס פאַרבן די האָר איז אַ מנהג אין אַמעריקע; אָבער מיר נעמען דאָס נישט אָן ווי אַ נאַטירלעכע אַנטוויקלונג, לגבי וועלכער דער רחמנות און די גדולה זענען אפשר די ערגסטע איינפירן פון אַ טעכניק פאַר דער באַהאַנדלונג פון מענטשן אין דער אינדוסטריע”.

דאָס וואָרט „מענשענבעהאַנדלונגסטעכניק” איז באַזונדערס באַדייטנדיק און באַווייזט מיט אַן אָפּשרעקנדיקער קלאָרקייט, אויף וואָס פאַר אַ זייטנוועגן דער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריאַליזם האָט אונדז שוין אַוועקגעפירט. ווען מ׳לייענט־

איבער אַזאַ מין האַרצאַראָפּרעדעניש ווי דעם נאָר־וואָס געבראַכטן, באַגרייפט מען ערשט דעם טיפן זין פון דעם, וואָס באַקונין האָט אַמאָל געזאָגט וועגן די אויסזיכטן פון אַ רעגירונג פון לויטער וויסנשאַפטסלייט. די רעזולטאַטן פון אַזאַ פּרואוו וואָלטן אינדעראמתן געווען אומפאַרשטעלבאַר.

אַז אַזאַ פּונקט אַזוי טעמפּע ווי ברוטאַלע געמיטס־אַטלעטיק קאָן זיך היינט צע־לייגן אין דער עפנטלעכקייט אין דער גאַנצער לענג און ברייט ווי אַ וויסנשאַפטלעכער אויספיר, איז אַ באַווייז פאַרן סאָציאַלן גייסט פון אַ צייט, וועלכע האָט דורך אַ ביז צום עקסטרעם דערפירטן סיסטעם פון מאַסן־עקספּלואַטאַציע און דורך איר בליב־דער איינגעגלייבטקייט אינעם שטאַט סיסטעמאַטיש אונטערגעגראָבן אַלע נאַטיר־לעכע באַציאונגען פונעם מענטשן מיט זיינס גלייכן און דעם יחיד מיט געוואַלט ארויסגעריסן פונעם קרייז פון אַ געמיינשאַפט, מיט וועלכער ער איז אינערלעך געווען פאַרוואָרצלט. מחמת די באַהויפּטונג פונעם פאַשיזם, אַז דער ליבעראַליזם און די פרייהייטסבאַדערפעניש פונעם מענטשן, וואָס איז אין אים פאַרקערפּערט, האָט אַטאָמיזירט די געזעלשאַפט און זי צעלייגט, אויפגעלייזט אין אירע איינצלנע באַ־שטאַנדטיילן, בעת דער שטאַט האָט די מענטשלעכע גרופּירונגען ארומגענומען אַזוי צו זאָגן מיט אַ באַשיצנדיקער ראַם און דערמיט פאַרהיט די קאָלעקטיוויטעט פונעם פונאַנדערפאַל, איז פּוסטער שווינדל און שטיצט זיך אין בעסטן פאַל אויף אַ גראָבער זעלבסט־אָפּנאַרעריי.

נישט דאָס פרייהייטסבאַדערפעניש האָט אַטאָמיזירט די געזעלשאַפט און ארויסגערופן ביים מענטשן אַסאָציאַלע אינסטינקטן, נייערט די אויפבראויזנדיקע אומ־גלייכהייט פון די עקאָנאָמישע באַדינגונגען און ראשית־כל דער שטאַט, וועלכער האָט אויפגעהאָדעוועט דעם גרויסקאַפּיטאַליזם און דערמיט צעשטערט, ווי אַן איי־טערנדיקער ראַק־אָנוואוקס, דאָס דעליקאַטע קעמערלדיקע געוועב פון די געזעל־שאַפטלעכע באַציאונגען. וואָלט דער געזעלשאַפטלעכער אינסטינקט נישט געווען קיין נאַטירלעך באַדערפעניש פונעם מענטשן, וועלכן ער האָט באַקומען בירושה פון זיינע קדמונימדיקע אבות, ווען ער איז נאָך געשטאַנען אויף דער שוועל פונעם מענטשטום, און נאָכדעם אים כסדר אנטוויקלט און אויסגעברייטערט, וואָלט אויך דער שטאַט נישט געווען אימשטאַנד צונויפצופירן די מענטשן אין אַן ענגערן פאַר־באַנד. מחמת מ׳שאַפט נישט קיין געמיינשאַפט בלויז דערמיט, וואָס מ׳קייטלט־צונויף איבערגעוואָלט אַזעלכע עלעמענטן, וועלכע זענען אין סתירה צווישן זיך. אוודאי קאָן מען צווינגען מענטשן צו דערפילן געוויסע פליכטן, כל־זמן מ׳האָט פאַר דעם די נייטיקע מאַכטמיטלען, אָבער מ׳וועט קיינמאָל נישט קאָנען פועלן ביי זיי, אַז זיי זאָלן דאָס אַרויפגעצוואונגענע דורכפירן מיט ליבע און פון אינערלעכער באַ־דערפעניש. מחמת ס׳זענען פאַראַן זאַכן, וועלכע קיין שום מלוכה קאָן נישט ארויפ־צווינגען און מעג איר מאַכט זיין נאָך אַזוי גרויס, — פאַר דעם דאַרף מען ראשית־כל האָבן דאָס געפיל פון געזעלשאַפטלעכער פאַרבונ־

דנקייט און די אינערלעכע באַציאונגען פון מענטש צו מענטש. צוואַנג בינדט נישט צונויף, צוואַנג טיילט נאָר פונאַנדער די מענטשן, ווייל עס פעלט אים דער אינערלעכער אימפּולס פון אַלע געזעלשאַפטלעכע פאַראייניקונגען: דער גייסט, וועלכער דערקענט די זאַכן, און די נשמה, וועלכע באַנעמט די געפילן פונעם מיטמענטשן, ווייל זי פילט זיך נאָענט מיט אים. דערמיט, וואָס מ׳וואַרפט אונטער די מענטשן אונטערן זעלביקן צוואַנג, ברענגט מען זיי נישט נענטער צווישן זיך; אדרבא, מ׳שאַפט בלויז פרעמדקייט צווישן זיי און מ׳האָדעוועט גיכער אויס די אינסטינקטן פונעם עגאָאיזם און פון דער אָפּגעזונדערטקייט. געזעלשאַפטלעכע פאַראייניקונגען האָבן אַ קיום און דערפילן זייער צוועק ווי עס געהער צו זיין נאָר דעמאָלט, ווען זיי זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויפן יסוד פון פרייוויליקייט און זיי אַנטשטייען פון דער אייגענער באַדערפעניש פון די מענטשן. נאָר ביי אַזעלכע באַדינגונגען איז מעגלעך אַ פאַרהעלטעניש, אין וועלכן די סאָציאַלע פאַרבינדונג און די פּערזענלעכע פרייהייט פונעם יחיד זאָלן זיין אַזוי ענג צונויפגעוואַקסן צווישן זיך, אַז מ׳זאָל זיי לגמרי מער נישט קאָנען צעטיילן ווי באַזונדערע זאַכן.

פונקט ווי אין יעדער אַנטפּלעקונגס־רעליגיע פאַלט־אויס אויפן יחיד צו פאַרדינען דעם גן־עדן פאַר זיך אַליין, זיך נישט פאַראינטערעסירנדיק שטאַרק מיט דער אויסלייזונג פון די אַנדערע, מחמת ער האָט געננוג צו טון מיט דער אייגענער גאולה, פונקט אַזוי פּרואווט אויך דער מענטש אינערהאַלב דעם שטאַט דורכצוקומען מיט אים אַזוי גוט ווי ער קאָן נאָר, זיך נישט ברעכנדיק דעם קאָפּ וועגן דעם, צי די אַנדערע באַווייזן דאָס יאָ אָדער נישט. דער שטאַט איז עס, וועלכער גראָבט אונטער טיף דאָס געזעלשאַפטלעכע געפיל פונעם מענטשן דערמיט, וואָס ער מישט זיך אַריין אין אַלע ענינים ווי אַ מעקלער און פּרואווט זיי אַלע צו רעדוצירן צו דערזעלבער נאָרמע, וועלכע איז פאַר זיינע פאַרשטייער די מאָס פון אַלע זאַכן. וואָס לייכטער דער שטאַט קאָן ווערן דער באַלעבאָס איבער אַלע פּערזענלעכע באַדערפעענישן פון זיינע בירגער, וואָס טיפער און אומברחמנותדיקער ער דרינגט אַריין אין זייער אינדיווידועלן לעבן און פאַרנאַכלעסיקט זייערע פּריוואַטע אינטערעסן, מיט אַלץ מער דערפאָלג דערשטיקט ער אין זיי דאָס געפיל פון דער געזעלשאַפטלעכער סאָלידאַריטעט, אַלץ לייכטער איז אים צו צעלייגן די געזעלשאַפט אין אירע באַזונדערע חלקים און זיי איינצוגלידערן ווי טויטע צוגאָבטיילן אינעם רעדערווערק פון דער פּאָליטישער מאַשין.

די טעכניק האַלט היינט דערביי צו קאָנסטרואירן דעם „מעכאַנישן מענטש" און מ׳האָט שוין אויף דעם געביט דערגרייכט גאַנץ היפּשע רעזולטאַטן. שוין פאַראַן אויטאָמאַטן אין מענטשלעכער געשטאַלט, וועלכע באַוועגן זיך אויף אייזערנע גלידער פון איין אָרט צום צווייטן, פירן דורך געוויסע טואונגען, בייטן ריכטיק אויס געלט א.ד.גל. פאַראַן עפּעס אומהיימלעכס אין דערדאָזיקער דערפינדונג, וועלכע שאַפט די אילוזיע פון אויסגערעכנטער מענטשלעכער טואונג און איז דאָך נישט

עפּעס אַנדערש ווי אַ פאַרמאַסקירט זייגערווערק, וועלכעס דערפילט אַן אַ ווידער־שטאַנד זיין באַלעבאָס ווילן. ס׳ווייזט זיך אָבער אויס, אַז דער מעכאַנישער מענטש איז נישט בלויז אַ משונהדיקער איינפאַל פון דער מאָדערנער טעכניק. אויב די פעלקער פונעם אייראָפּעאיש־אַמעריקאַנישן קולטורקרייז וועלן זיך נישט אומקערן בערך אינגיכן צו זייערע בעסטע טראַדיציעס, איז זיכער נאָענט די סכנה, אַז מיר דערנענטערן זיך מיט ריזנשפּאַן צו דער תקופה פונעם מעכאַנישן מענטשן.

דער מאָדערנער „מאַסנמענטש״, דערדאָזיקער אויסגעוואָרצלטער מיטבאַגלייטער פון דער מאָדערנער טעכניק אין דער תקופה פונעם קאַפּיטאַליזם, וועלכער ווערט נאָך באַהערשט כמעט בלויז פון אויסערלעכע איינפלוסן און ווערט כסדר צעטרייסלט פון אַלערליי שטימונגען פונעם מאָמענט, מחמת די נשמה איז אים איינגעשרומפּן געוואָרן און ס׳איז ביי אים פאַרלוירן געוואָרן דאָס אינעווייניקסטע גלייכגעוויכט, וועלכעס קאָן אויפגעריכט ווערן נאָר אין אַן אמתער געמיינשאַפט, איז שוין גאַנץ נאָענט צום מעכאַנישן מענטש. די קאַפּיטאַליסטישע גרויס־אינדוסטריע, די צעטיילונג פון דער אַרבעט, וועלכע פייערט היינטצוטאָג אירע גרעסטע ניצחונות מיטן טאַילאָר־סיסטעם און מיט דער אַזויגערופענער ראַציאָנאַליזאַציע פון דער אינדוסטריע, די וויסטע קאַזאַרמע־דיסציפּלין, וועלכע ווערט דעם מיליטערפּליכטיקן בירגער מעטאָדיש אַריינדרעסירט, פאַרבונדן מיט דער מאָדערנער בילדונגס־דרעסירטקייט און צוזאַמען מיט אַלץ, וואָס האָט דערמיט אַ שייכות, זענען דערשיינונגען, וועמעס ערנסטקייט מ׳טאָר נישט גרינגשאַצן, אויב מ׳וויל קלאָר ווערן וועגן די אינערלעכע שייכותן פון די היינטיקע צושטאַנדן. אָבער דער מאָדערנער נאַציאָנאַליזם מיט זיין בפירושער פרייהייטספיינטלעכקייט און מיט זיין טעמפּער, ביז צום עקסטרעם אַנטוויקלטער מיליטערישער אָריענטאַציע, איז נאָר די בריק צו אַ געהירנלאָזן און נשמהלאָזן אויטאָמאַטנטום, וועלכעס וועט מסתמא זיכער דערפירן צום שוין אָנגעזאָגטן „אונטערגאַנג פונעם מערב״, אויב ער וועט נישט אָפּגעשטעלט ווערן באַצייטנס. לעת־עתה גלייבן מיר נאָך נישט אין אַזאַ חושכדיקער צוקונפט; מיר זענען אדרבא, גיכער איבערצייגט אין דעם, אַז די מענטשהייט פאַרמאָגט נאָך אויך היינט אַ שלל פאַרבאָרגענע כוחות און שעפערישע אימפּולסן, וועלכע מאַכן זי פעיק צו קאָנען מיט דערפאָלג גובר זיין דעם אומגליקלעכן קריזיס, וועלכער שטעלט אין סכנה די גאַנצע מענטשלעכע קולטור.

דאָס, וואָס רינגלט אונדז היינטצוטאָג אַרום פון אַלע זייטן, איז געגליכן צו אַ וויסטן כאַאָס, וועלכער האָט דערפירט צו פולער צייטיקייט אַלע שפּראָצן פון דער געזעלשאַפטלעכער ירידה. און פונדעסטוועגן זענען אויך פאַראַן אין אָט־דעם משוגענעם געווירבל פון די פאַסירונגען אַ סך התחלות פון אַ נייער אַנטוויקלונג, וועלכע קומט פאָר מן הצד פון די וועגן פון די פּאַרטייען און דעם פּאָליטישן לעבן און ווייזט־אָן מיט בטחון צו דער צוקונפט. צו שטיצן די דאָזיקע אָנהויבן, זיי אָפּהיטן, צו קרעפטיקן, בכדי זיי זאָלן נישט אומקומען פאַר דער צייט, — דאָס איז היינט די נאָבלסטע אויפגאַבע פון יעדן קעמפערישן מענטש, וועלכער איז איבערצייגט אין

דער אומסטאַביליטעט פון די הערשנדיקע צושטאַנדן, אָבער לאָזט נישט, אין מידער רעזיגנאַציע, די זאַכן גיין אַזוי ווי זיי גייען, נייערט האָט אָפן דעם בליק צו נייע האָריזאָנטן, וועלכע זאָלן שטעלן אין אויסזיכט פאַר דער מענטשהייט אַ נייע עליה פון איר גייסטיקער און געזעלשאַפטלעכער קולטור. אָבער אַזאַ עליה קאָן פאָרקומען נאָר אונטערן צייכן פון דער פרייהייט און פון דער סאָציאַלער אייניקייט, מחמת נאָר פון זיי קאָן אויפקומען יענע טיפסטע און ריינסטע לעכצעניש נאָך אַ צושטאַנד פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, וועלכע געפינט איר אויסדרוק אין דער סאָלידאַרישער צוזאַמענאַרבעט פון די מענטשן און צעעפנט דעם וועג פאַר אַ נייער געמיינשאַפט. דאָס ווייסן זייער גוט די פירער פון דער פאַשיסטישער און נאַציאָנאַליסטישער רעאַקציע; דעריבער טראָגן זיי אַזאַ שינאה צו דער פרייהייט און באַטראַכטן זי ווי די זינד קעגן דעם הייליקן גייסט פון דער נאַציע, וועלכער איז דאָך אינדער־אמתן זייער אייגענע גייסטלאָזיקייט.

„די מענטשן זענען מיד פון דער פרייהייט — האָט געזאָגט מוסאָליני, — זיי האָבן מיט איר געפּראַוועט אַן אָרגיע. די פרייהייט איז שוין היינט נישט די צניעותדיקע און שטרענגע בתולה, פאַר וועלכער די גענעראַציעס פון דער ערשטער העלפט פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָבן געקעמפט און זענען געשטאָרבן. פאַר דער אונטערנעמערישער, אומרואיקער, רויער יוגנט, וועלכע ווייזט זיך ביים אויפגאַנג פון דער נייער געשיכטע, זענען פאַראַן אַנדערע ווערטן, וועלכע טוען זיי אָפּ אַ פיל גרעסערן כישוף: אָ ר ד ע נ ו נ ג, הי י ע ר אַ ר כ י ע, ד י ס צ י פּ ל י ן. מ'מוז איין פאַר אַלע מאָל וויסן, אַז דער פאַשיזם אנערקענט נישט קיין אָפּגעטער, טוט נישט קיין תפילה צו קיין פעטישן. איבער דעם מער אָדער ווייניקער אָפּגעבליאַקעוועטן קערפּער פון דער געטין פרייהייט האָט ער שוין אַריבערגעשפּאַנט און וועט זיך, אויב ס'וועט זיין נייטיק, אומקערן, כדי נאָכאַמאָל אַריבערצושפּאַנען איבער איר... די פאַקטן זענען מער ווערט ווי דאָס בוך, די דערפאַרונג מעהר ווי די דאָקטרין; די גרויסע דערפאַרונגען פון דער נאָך־מלחמה, יענע, וועלכע קומען איצט פאַר פאַר אונדזערע אויגן, ווייזן־אָן אויף דער מפּלה פונעם ליבעראַליזם. אין רוסלאַנד און אין איטאַליע ווייזט זיך אַרויס, אַז מ'קאָן רעגירן אויסער, איבער און קעגן דער גאַנצער ליבעראַלער אידעאָלאָגיע. דער קאָמוניזם און דער פאַשיזם שטייען מחוץ דעם ליבעראַליזם".*)

דאָס זענען קלאָרע דיבורים, וועז אַפילו די מסקנות, וועלכע מוסאָליני ציט פון דערדאָזיקער נייער דערקענטעניש זיינער, זענען שטאַרק דיסקוטירבאַר. אַז מ'קאָן רעגירן „קעגן דער גאַנצער ליבעראַלער אידעאָלאָגיע", וועגן דעם האָט מען געוואוסט נאָך אַ סך פריער פאַר אים, מחמת יעדע געוואַלט־הערשאַפט האָט זיך אָנגעאייגנט דעמדאָזיקן פּרינציפּ. די הייליקע אַליאַנץ איז דאָך געגרינדעט געוואָרן פאַרן צוועק צו פאַרלענדן אין אייראָפּע די ליבעראַלע אידעען פון 1789, וועלכע זענען געווען אויס־געדריקט אין דער ערשטער „דעקלאַראַציע פון די מענטשן־ און בירגער־רעכט", און מעטערניך האָט אויסגעפּרואווט אַלע מיטלען, בכדי אָט־די שטומע גאַרעניש פון די דעספּאָטן צו פאַרווירקלעכן. אָבער ער האָט סוף־כל־סוף מיט זיינע מענטשנפיינט־

*) פון דער פאַשיסטישער צייטשריפט „דזשעראַרקיאַ" פון אַפּריל 1922, וואו ס'איז דערשינען מוסאָליניס אַרטיקל „פאָרצאַ ע קאָנסענסאָ".

לעבע פּרואוון געהאַט פּונקט אַזוי ווייניק דערפאָלג ווי פריער פאַר אים נאַפּאָלעאָן, וועלכער האָט זיך ארויסגעזאָגט וועגן דער פרייהייט גאַנץ ענלעך ווי מוסאָליני, און ווי אַ חסר־דעה געאַרבעט אין אַט־דער ריכטונג, בכדי צוצופּאַסן יעדע מענטש־לעכע תנועה, יעדן האַרצקלאַפּ פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן צום ריטם פון זיין ריזיקער שטאַטסמאַשין.

אָבער אויך דאָס שטאָלצע וואָרט פונעם פאַשיזם, וועלכער „אַנערקענט נישט קיין אָפּגעטער, טוט נישט קיין תפילה צו פעטישן", פאַרלירט יעדן באַדייט, ווייל דער פאַשיזם האָט נאָר דערפאַר אַראָפּגעוואָרפן אַלע אָפּגעטער פון זייערע זיילן, אַלע פעטישן אַריינגעוואָרפן אין מיסט, בכדי אויף זייער אָרט אַוועקצושטעלן אַ ריזיקן מאָלאָך, וועלכער פרעסט־אויף די נשמה פונעם מענטשן און וואַרפט אַרונטער זיין גייסט אונטער אַ קאָודינישן יאָך. דער שטאַט — אַלעס, דער מענטש — גאָרנישט! דער לעבנסצוועק פונעם בירגער איז פאַרנוצט צו ווערן פונעם שטאַט, „פאַרשלינגען צו ווערן ווי אַ טויטע ציפער". מחמת מיט דעם פאַרענדיקט זיך די גאַנצע אויפגאַבע פונעם אַזויגערופענעם „טאָטאַליטעטסשטאַט", וועלכן מ'האָט אַוועקגעשטעלט אין איטאַליע און אין דייטשלאַנד. בכדי צו דערגרייכן אַט־דעם ציל האָט מען פאַרגוואַלטיקט דעם גייסט, האָט מען יעדעס מענטשלעכע געפיל פאַרקאַוועט אין קייטן און צעטרויטן מיט אומפאַרשעמטער ברוטאַליטעט די יונגע זריעה, פון וועלכער ס'האָט געזאָלט אויפגיין די צוקונפט. נישט בלויז די אַרבעטער־באַוועגונג פון אַלע ריכטונגען איז געוואָרן דער קרבן פון דער פאַשיסטישער דיק־טאַטור: יעדער איינער, ווער ס'האָט געוואַגט זיך צו בונטעווען קעגן דער שטעכלקע, אָדער ווער ס'האָט זיך אַפילו בלויז געוואָלט פאַרהאַלטן נייטראַל צו די נייע מושלים, האָט געמוזט דערפילן אויפן אייגענעם לייב ווי אַזוי דער פאַשיזם „שפּאַנט אַריבער איבערן קערפּער פון דער פרייהייט".

קונסט, טעאַטער, וויסנשאַפט, ליטעראַטור און פילאָזאָפיע זענען אַרונטערגע־פאַלן אונטער דער שענדלעכער אַפּיטרופּסות פון אַ רעזשים, וועמעס טעמפּע פירער האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר קיין שום פאַרברעכן, בכדי צו דערגיין צו דער מאַכט און זיך צו פאַרפעסטיקן אויף זייערע נייע פאָזיציעס. די צאָל פון די קרבנות, וועלכע זענען אין יענע בלוטיקע טעג פון דער פאַשיסטישער מאַכטפאַרכאַפּונג און אויך שפּעטער אין איטאַליע און דייטשלאַנד אויסגעמאָרדעט געוואָרן דורך אומ־מענטשלעכע הפקרדיקע סוביעקטן, דערגרייכט צו די טויזנטער. אַ סך טויזנטער אומשולדיקע מענטשן זענען פאַריאָגט געוואָרן פון זייערע היימען און געווען גע־צוואונגען צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד, צווישן זיי אַ גרויסע צאָל אָנגעזעענע און וועלטבאַרימטע געלערנטע און קינסטלער, וועלכע וואָלטן געווען אַ כבוד פאַר יעדער אַנדערער נאַציע. באַרבאַרישע האָרדעס זענען אַריינגעדרונגען אין די וואוינונגען פון פרידלעכע בירגער, האָבן אויסגעפּלינדערט די פריוואַטע ביבליאָטעקן און פאַר־ברענט הונדערטער טויזנטער פון די בעסטע ווערק אויף די עפנטלעכע פּלעצער פון די שטעט. אַנדערע טויזנטער זענען ארויסגעריסן געוואָרן פונעם קרייז פון זייערע

משפחות און פאַרשלעפּט געוואָרן אין די קאָנצענטראַציעלאַגערס, וואו זייער מענטש־לעכע השיבות איז טאָגטעגלעך געטראָטן געוואָרן מיט די פיס און אַ סך פון זיי זענען פון פחדנישע תלינים פּאַמעלעך פאַרפּייניקט געוואָרן צום טויט אָדער גע־טריבן געוואָרן צו זעלבסטמאָרד.

אין דייטשלאַנד האָט דערדאָזיקער שגעון אָנגענומען באַזונדערס בייזוויליקע פאָרמען דורך דעם קינסטלעך־אויסגעהאָדעוועטן ראַסנפאַנאַטיזם, וועלכער האָט זיך בעיקר קאָנצענטרירט קעגן די יידישע בירגער פון לאַנד. דער באַרבאַריזם פון שוין לאַנג־פאַרגעסענע יאָרהונדערטער האָט פּלוצים אויפגעוואַכט צו נייעם לעבן. אַן אמתער מבול פון געמיינע העצשריפטן, וועלכע האָבן אַפּעלירט צו די נידעריקסטע אינסטינקטן פון די מענטשן, איז געקומען אויף דייטשלאַנד און האָט פאַראומריי־ניקט אַלע קאַנאַלן פון דער עפנטלעכער מיינונג*). געביטן, וועלכע אַפילו דער ווילד־סטער דעספּאָטיזם האָט ביז איצט קיינמאָל נישט באַרירט, ווי צום ביישפּיל די באַציאונגען פון די געשלעכטער, שטייען היינט אין דייטשלאַנד אונטער דער השגחה פון דער מלוכה, וועלכע שאַפט ספּעציעלע ראַסנביוראָס, בכדי אויסצוהיטן דאָס פאָלק פון „ראַסנשאַנד”, און חתונות צווישן יידן, קאָלירטע און אַזויגערופענע אַריער צו באַצייכענען ווי אַ פאַרברעכן און געזעצלעך צו באַשטראָפן, וואָס דערמיט איז די סעקסועלע עטיק גליקלעך דערגאַנגען צו דער מדרגה פון דער בהמות־צוכט. דאָס זענען די ברכות פונעם היטלעריסטישן טאָטאַליטאַרן שטאַט.

מ׳האָט דעם פאַשיזם באַצייכנט ווי דעם אָנהויב פון אַן אַנטיליבעראַלער עפּאָכע אין דער געשיכטע פון אייראָפּע, וועלכע וואַקסט אַרויס פון די מאַסן גופא און איז אַ באַווייז, אַז „די צייט פונעם אינדיווידואום” איז אַריבער. אינדעראמתן אָבער שטייען אויך היגטער דערדאָזיקער באַוועגונג נאָר די מאַכטפּאָליטישע אַספּיראַציעס פון אַ קליינער מינדערהייט, וועלכע האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי אויסצונוצן אַן אויס־סערגעוויינלעך גינציגע לאַגע פאַר אירע ספּעציעלע צוועקן. אויך אין דעם פאַל איז מקוים געוואָרן דעם יונגן גענעראַל באָנאַפּאַרטעס זאָג: „מ׳דאַרף געבן דעם פאָלק אַ שפּילעכל, וועט עס דערמיט פאַרטרייבן די צייט און זיך לאָזן פירן, בתנאַי, אויב

*) מיר וועלן דאָ ברענגען בלויז איין קליינעם ביישפּיל צווישן טויזנט אַנדערע: „ס׳זענען פאַראַן צוויי פאַרשידענע מינים אַנטיסעמיטיזם: דער העכערער און דער נידע־ריקערער. דער ערשטער איז אינטעלעקטועל, הומאַן, אַ פּאַליאַטיוו מיטל, און ער באַשטייט אין דעם, אַז ס׳זאָלן געשאַפן ווערן געזעצן, וועלכע זאָלן באַגרענעצן דעם ווירקונגסקרייז פון די יידן. דידאָזיקע געזעצן מאַכן מעגלעך דאָס צוזאַמענלעבן פון יידן און גוים. די־דאָזיקע געזעצן קאָן מען פאַרגלייכן צום ברעט, וועלכעס מ׳בינדט־צו די קי צו די הערנער, אַז זיי זאָלן נישט קאָנען שטויסן די אַנדערע. ס׳איז אָבער פאַראַן דער אַנדערער מין אַנטי־סעמיטיזם, וועלכער באַשטייט אין דעם, אַז די יידן זאָלן פון די גוים, וועלכע זענען דער־גאַנגען ביז צו די גרענעצן פון זייער פּיין, נויט און געדולד, פּשוט אויסגעהרגעט ווערן. דערדאָזיקער אַנטיסעמיטיזם איז אַפילו שרעקלעך, אָבער זיינע פאָלגן זענען אַ ברכה. ער שנײַדט פּשוט איבער דעם קנופּ פון דער יידישער פראַגע דערמיט, וואָס ער ברענגט־אום אַלעם יידישע. ער קומט תמיד פון אונטן, פון די פאָלקסמאַסן, ער איז אָבער געגעבן געוואָרן פון אויבן, פון גאָט אַליין, און זיינע ווירקונגען האָבן די אומגעהייערע קראַפט פון אַ נאַטורקראַפט, וועמעס סודות מיר זענען נאָך נישט דערגאַנגען”. (מאַריאַננע אָבוכאָוו, „די אינטערנאַציאָנאַלע פּעסט”, ז. 22, בערלין, 1933).

מ׳ווייסט ווי אַזוי געשיקט אויסצובאַהאַלטן פאַר אים דעם לעצטן ציל". און בכדי דעמדאָזיקן לעצטן ציל געשיקט אויסצובאַהאַלטן, איז נישט פאַראַן קיין בעסער מיטל ווי אָנצוכאַפּן די מאַסע פון דער רעליגיעזער זייט און איר מאַכן גלייבן, אַז זי איז דאָס אויסדערוויילטע ווערקצייג פון אַ העכערער מאַכט און דינט אַ הייליקן צוועק, וועלכער גיט אַריין אַן אינהאַלט און אַ קלאָר אין איר לעבן. אין דעראָזיקער צונויפמישונג פון דער פאַשיסטישער באַוועגונג מיטן רעליגיעזן געפיל פון די מאַסן ליגט איר אייגנטלעכע שטאַרקייט. ווייל אויך דער פאַשיזם איז נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ רעליגיעזע מאַסנבאַוועגונג אין פּאָליטישן געוואַנד און זיינע פירער לאָזן נישט דורך אומאויסגעפּרוּווט קיין שום מיטל, כּדי אויך אויף ווייטער אויפצוהאַלטן דעמדאָזיקן כאַראַקטער פון דער באַוועגונג.

דער פראַנצויזישער פּראָפעסאָר ווערן, פון דער מעדיצינישער פאַקולטעט ביי דער סאָרבאָן, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אלס דעלעגאַט ביים „אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס פאַרן פּראָגרעס פון די וויסנשאַפטן" אין באָלאָניאַ (1927), האָט באַשריבן אין דער פראַנצויזישער צייטונג „לע קוואָטידיען" די מאָדנע איינדרוקן, וועלכע ער האָט באַקומען אין איטאַליע:

„אין באָלאָניאַ האָבן מיר געהאַט דעם איינדרוק צו האָבן אָנגעקומען אין אַ שטאָט פון מיסטישער שיכּרות... די מויערן פון דער שטאָט זענען געווען פולשטענדיק באַקלעפּט מיט פּלאַקאַטן, וועלכע האָבן איר געגעבן אַ מיסטישן כאַראַקטער: Dio ce l'ha dato, guai a chi lo tocca! (גאָט האָט אים אונדז געגעבן, ווי צו דעם, וועלכער וועט אים אָנרירן!) דעם דוטשעס בילד האָט מען געקענט זען אין אַלע שויפענצטער. דער סימבאָל פונעם פאַטשיאָ, אַ לייכטנדיקער צייכן, איז געווען אַוועקגעשטעלט אויף אַלע מאָנומענטן, אַפילו אויפן באַרימטן טורעם פון באָלאָניאַ".

דידאָזיקע ווערטער פונעם פראַנצויזישן געלערנטן שפּיגלען אָפּ דעם גייסט פון אַ באַוועגונג, וועלכע געפינט איר שטאַרקסטע שטיצע אין דער פּרימיטיווער באַדערפעניש פון די מאַסן עמעצן צו פאַרגעטערן און וועלכע האָט נאָר דערפאַר געקאָנט אַרומכאַפּן אַזוי מעכטיק ברייטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, ווייל זי האָט אַמבעסטן באַפרידיקט זייער גלויבעניש אין וואונדער, נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך געפילט אַנטוישט פון אַלע אַנדערע.

דיזעלביקע דערשיינונג באַמערקן מיר הייַנטצוטאָג אין דייטשלאַנד, וואו דער נאַציאָנאַליזם איז אין אַזאַ איבעראַשנדיק קורצער צייט אויסגעוואַקסן צו אַזאַ ריזיקער באַוועגונג און מיליאָנען מענטשן אַריינגעוואָרפן אין אַ בלינדער שיכּרות, אַז זיי האָפן מיט גלויביקער התלהבות אויפן אויפקום פונעם דריטן רייך, און פון אַ מענטשן, וועמען זיי האָבן ביז מיט עטלעכע יאָר צוריק לגמרי נישט גע־קענט און וועלכער האָט ביז איצט נישט געגעבן דעם מינדסטן באַווייז פון שע־פערישער טעטיקייט, דערוואַרטן זיי דעם סוף פון אַלע צרות. אויך אָט־די באַ־וועגונג איז דאָך אייגנטלעך נאָר אַ ווערקצייג פאַר די מאַכטפּאָליטישע שטרעבונ־גען פון אַ קלענער קאַסטע, פאַר וועלכער אַלע מיטלען זענען כּשר, כּדי צוריק־צוגעווינען די פּאָזיציעס, וועלכע זי האָט פאַרלוירן נאָך דער מלחמה, ביי וואָס זי

האָט פאַרשטאַנען איר „לעצטן ציל קלוג אויסצובאַהאַלטן”, ווי דער כיטרער באַ־
נאַפּאַרט האָט ליב געהאַט זיך אויסצודריקן.

אָבער די באַוועגונג גופא האָט אַלע סימנים פון אַ רעליגיעזן מאַסן־שיגעון, וועל־
כער ווערט באַוואוסטזיניק געשטיצט פון יענע, וועלכע שטייען פון הינטן, בכדי
אָפּצושרעקן דעם קעגנער און אים צו פאַרטרייבן פונעם פעלד. אפילו אַזאַ קאָנ־
סערוואַטיוו־אָריענטירט בלאַט ווי די „טעגליכע רונדשאַו” האָט אַ געוויסע צייט
פאַר היטלערס איבערנעמען די מאַכט כאַראַקטעריזירט דעם רעליגיעזן שיגעון פון
דער נאַציאָנאַליסטישער באַוועגונג מיט אָט־אַזעלכע צוטרעפלעכע ווערטער:

„אָבער וואָס ס'איז נוגע דעם גראַד פון דער פאַרערונג, לאָזט מסתמא
היטלער דעם פּויפּסט שטאַרק הינטערשטעליק. מ'דאַרף בלויז לייענען זיין
אָפיציעלע צייטונג, דעם „פעלקישן בעאָבאַכטער”. טאָגטעגלעך דערקלערן זיך
אים צענדליקער טויזנטער אין טרייהייט און איבערגעבנהייט. קינדישע אומ־
שולד באַשיט אים מיט בלומען. דער הימל שיקט אים צו במתנה „היטלער־
וועטער”. זיין עראָפּלאַן איז גובר געפערלעכע עלעמענטן. יעדער נומער ברענגט
דעם „פירער” אין נייע פאָטאָגראַפישע פּאָזעס. העכסט גליקלעך איז דער,
וועלכער האָט אים געזען מיט זיינע אייגענע אויגן. אין זיין נאָמען ווינטשט
מען דעם איינצלנעם און דייטשלאַנד גליק. „הייל היטלער”. זייגקינדער באַ־
שענקט מען מיט זיין פילצוזאָגנדיקן נאָמען. יאָ, ביי היימישע אַלטאַרן מיט
זיין בילד זוכן צאַרטע נשמות אויפריכטונג. און אין זיין בלאַט לייענט מען
שוין וועגן „אונדזער אויבערשטן פירער!”, באַנוצנדיק בכיוון דעם אויסלייג
מיט גרויסע אותיות אויפן אייגנשאַפטסוואָרט, וואָס באַציט זיך אויף היטלערן.
דאָס אַלעס וואָלט נישט מעגלעך געווען, ווען היטלער וואָלט נישט געשטיצט
דידאָזיקע פאַרגעטערונג... מיט וואָס פאַראַ רעליגיעזער התלהבות זיינע מאַסן
גלייבן אין זיין מיסיע אין זיין קומענדיקן רייך, ווייזט אָט־דידאָזיקע איבער־
דיכטונג פון דער תפילה „אונדזער פאָטער”, וועלכע איז פאַרשפּרייט צווישן
די היטלעריסטישע גרופּירונגען פון מיידלעך: אַדאָלף היטלער, דו ביסט אונ־
דזער גרויסער פירער. דיין נאָמען מאַכט אויפציטערן די שונאים. זאָל קומען
דיין רייך. דיין ווילן זאָל זיין דאָס איינציקע געזעץ אויף דער ערד. לאָז אונדז
טעגלעך הערן דיין שטים און געבאָט אונדז דורך דיינע פירער, וועמען מיר
ווילן פאָלגן דורך איינשטעלן אונדזער לעבן. דאָס זענען מיר מבטיח! הייל
היטלער!”

מ'וואָלט געקאָנט רואיק אַריבערגיין איבער דערדאָזיקער בלינדער אמונה־
התלהבות, וועלכע מאַכט כמעט דעם איינדרוק פון אומשעדלעכקייט אין איר קינ־
דישער הילפסלאָזיקייט. אָבער דידאָזיקע כלומרשטע אומשעדלעכקייט פאַרשווינדט
תיכף, ווען דער פאַנאַטיזם פון די איינגעגלייבטע ענטוזיאַסטן מוז דינען אַלס
ווערקצייג פאַר די געהיימע פּלענער פון די מעכטיקע און צו דער מאַכט גלוסטנ־
דיקע. דעמאָלט דערפירט מען דעם גלויבנס־דיבוק פון די נישט דערוואַקסענע,
נישט רייפע, וועלכער דרינגט אַרויס פון די פאַרבאָרגענע קוואַלן פון זייער רע־
ליגיעזן געפיל, ביז צו דער ווילדסטער משוגעת און מ'שמידט דערפון אויס אַ
געוווער פון געוואַלדיקער קראַפט, וועלכעס צעעפנט דעם וועג פאַר אַלע צרות.
און זאָל מען נישט זאָגן, אַז בלויז די שרעקלעכע מאַטעריעלע נויט פון אונדזער
צייט איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אָט־דעם מאַסן־שיגעון דערפאַר, וואָס זי רויבט־
צו ביי די מענטשן, וועלכע זענען דערשלאָגן פון די לאַנגע יאָרן עלנט און נויט,

דעם שכל הישר און דערפירט זיי דערצו, אַז זיי זאָלן זיך אָנפּאַרטרויען יענעם, וועלכער שפּייזט זייער נאָגענדיקע בענקעניש דורך אויפרייצנדיקע און צוזאָגנ־דיקע בילדער פון דעם, וואָס ער וועט זיי געבן. די מלחמה־משוגעת פון 1914, וועלכע האָט אַריינגעוואָרפן די גאַנצע וועלט אין אַ קרענקלעכן ווירוואַר און פאַר־שלאָסן פאַר די מענטשן אַלע קוואַלן פון דער פאַרנונפט, איז אויסגעבראָכן אין אַ צייט, ווען ס׳איז די פעלקער מאַטעריעל געגאַנגען היפּש בעסער און זיי האָבן נאָך נישט געפילט כסדר אויף זייער רוקן דעם געשפּענסט פון דער עקאָנאָמישער אומזיכערקייט. דאָס איז אַ באַווייז, אַז דידאָזיקע דערשיינונג לאָזט זיך נישט דערקלערן מיט ריין־עקאָנאָמישע מאָטיוון און אַז אינעם אונטערבאַוואוסטזיין פון־נעם מענטשן זענען פאַראַן פאַרבאָרגענע כוחות, וועלכע מ׳קאָן לאָגיש נישט באַ־גרייפן. דער רעליגיעזער דראַנג איז עס, וועלכער איז נאָך אויך היינט לעבעדיק אינעם מענטשן, הגם די פאָרמען פון דער אמונה האָבן זיך געביטן. „ג א ט ו י ל ע ס!‟ פון די קרייצטרעגער וואָלט שוין אין אייראָפּע היינט נישט גע־האַט קיין אָפּקלאַנג, אָבער ס׳זענען נאָך אַלץ פאַראַן מיליאָנען מענטשן, וועלכע זענען גרייט אויף אַלץ, ווען „ד י נ אַ צ י ע ו י ל ע ס‟. דאָס רעליגיעזע געפיל האָט אָנגענומען פּאָליטישע פאָרמען. אָבער דער פּאָליטישער מענטש פון אונדזער צייט שטעלט זיך אַרויס פּונקט אַזוי פיינטלעך צום גלאַט־מענטשן ווי דער מענטש, וועלכער איז צוריק מיט הונדערטער יאָר אַריינגעלייגט געוואָרן אין חרם פון דער קירכלעכער דאָגמאַטיק.

אָן און פאַר זיך וואָלט דער מאַסן־שיגעון פון די מאַמינים געווען אָן סכנות נפשות, מחמת ער דרייט זיך שטענדיק אַרום די קוואַלן פון די ניסים און האָט ווייניק פאַרשטענדעניש פאַר פּראַקטישע אָפּשאַצונגען. דערפאַר זענען אָבער די שטרעבונגען פון יענע, וועמען דערדאָזיקער שיגעון דאַרף דינען ווי אַ מיטל, נאָך אַזוי באַדייטונגספול, ווען אַפילו זייערע געהיימע סיבות זענען פאַרן רוב אינעם מאַסן־געווירבל פון די געשעענישן נישט דערקענבאַר. און טאַקע דאָ ליגט די סכנה. דער אַבסאָלוטיסטישער דעספּאָט פון פאַרצייטנס האָט זיך טאַקע יעדנפאַלס גע־קאָנט פאַרופן אויף דער רעכטלעכקייט פון זיין הערשאַפט דורך גאָטס חסד, אָבער די קאָנסעקווענצן פון יעדער איינער פון זיינע מעשים האָבן זיך שטענדיק קאָנ־צענטרירט אַרום זיין פּערזאָן, ווייל פאַר דער וועלט האָט זיין נאָמען געדאַרפט פאַרדעקן יעדעס רעכט און אומרעכט, מחמת זיין ווילן האָט געגאָלטן ווי דאָס העכסטע געזעץ. אָבער אונטערן דעקמאַנטל פון דער נאַציע קאָן מען באַהאַלטן אַלץ: די נאַציאָנאַלע פאָן פאַרדעקט יעדעס אומרעכט, יעדע אוממענטשלעכקייט, יעדן ליגן, יעדע שאַנדטאַט, יעדעס פאַרברעכן. די קאָלעקטיווע פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט פון דער נאַציע דערשטיקט דאָס גערעכטיקייטסגעפיל פונעם יחיד און דער־פירט דעם מענטשן צו אַזאַ מדרגה, אַז ער פאַרזעט לגמרי באַגאַנגענע אומרעכט, אדרבא, עס ווייזט זיך אים אַפילו אויס ווי אַ פאַרדינסטפולע טאַט, ווען ס׳ווערט באַגאַנגען אין אינטערעס פון דער נאַציע.

„די אידעע פון דער נאַציע — זאָגט דער אינדישער דיכטערפילאָזאָף טאַגאָרע — איז איינס פון די ווירקזאַמסטע באַטויבונגסמיטלען, וועלכע דער מענטש האָט אויסגעפונען. אונטערן איינפלוס פון זיינע ריחות קאָן אַ גאַנץ פאָלק דורכפירן אַ סיסטעמאַטישן פראָגראַם פון ערגסטן עגאָיזם און זיך אפילו נישט אָפּגעבן קיין חשבון פון זיין מאָראַלישער פאַרדאָרבנקייט, — נאָך מער, ס'ווערט געפערלעך צערייצט, ווען מען ווייזט אים אָן אויף דעם".

טאַגאָרע האָט באַצייכנט די נאַציע ווי דעם „אָרגאַניזירטן עגאָיזם". דידאַזיקע באַצייכענונג איז גוט צוגעקליבן, אָבער מ'טאָר קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז דאָ האַנדלט זיך תמיד וועגן דעם אָרגאַניזירטן עגאָיזם פון פּריווילעגירטע מינדערהייטן, וועלכע באַהאַלטן זיך הינטערן פאָרהאַנג פון דער נאַציע, ד. ה. הינטער דער איינגעגלויבטקייט פון די ברייטע מאַסן. מ'רעדט וועגן נאַציאָנאַלע אינטערעסן, נאַציאָנאַלן כבוד און נאַציאָנאַלן גייסט, אָבער מ'פאַרגעסט, אַז הינטער דעם אַלעם האַלטן זיך פאַרבאָרגן די אייגננוציקע אינטערעסן פון מאַכטגיריקע פּאָליטיקער און זאַקרויבגיריקע געשעפטסלייט, פאַר וועמען די נאַציע איז אַ באַקוועם מיטל צו פאַרדעקן פאַר די אויגן פון דער וועלט זייער רויבגיריקייט און מאַכטפּאָליטישע אינטריגעס.

די אומגעדאַכטע אנטוויקלונג פונעם קאַפּיטאַליסטישן אינדוסטריאַליזם האָט באַגינציקט די מעגלעכקייט פון נאַציאָנאַלער מאַסנסוגעסטיע ביז צו אַזאַ מדרגה, וואָס מ'האָט פריער אפילו נישט געקאָנט חלומען. אין די היינטיקע גרויסע שטעט און צענטערן פון אינדוסטריעלער אַקטיוויטעט לעבן מיליאָנען מענטשן ענג צונויפגעקוועטשט און זיי ווערן דורך פּרעסע, קינאָ, ראַדיאָ, דערציאונג, פּאַרטיי און הונדערט אַנדערע מיטלען כסדר און אומאויפהערלעך מאָראַליש און גייסטיק דרעסירט אין אַזאַ זין, אַז זיי זאָלן פאַרלירן זייער פּערזענלעכקייט. אין די פאַבריקן פון דער קאַפּיטאַליסטישער גרויסאינדוסטריע איז די אַרבעט געוואָרן אַ טויטע, אַן אויטאָמאַטישע און האָט פאַרלוירן פאַרן יחיד דעם כאַראַקטער פון דער שעפערישער פרייד. דערמיט, וואָס זי איז געוואָרן אַ פּוסטער זעלבסטצוועק, האָט זי דעם מענטשן דערנידעריקט צו אַן אייביקן קאַטאָרזשניק און ביי אים צוגערויבט דאָס ווערטפולסטע: די אינערלעכע פרייד מיטן געשאַפענעם ווערק, דעם שעפערישן דראַנג פון דער פּערזענלעכקייט. דער יחיד פילט זיך בלויז ווי אַן אומבאַדייטנדער באַשטאַנדטייל פון אַ ריזיקן מעכאַניזם, אין וועמעס איינטאָניקייט עס שטאַרבט אָפּ יעדע פּערזענלעכע נאָטע.

דערמיט וואָס דער מענטש האָט אונטערטעניק געמאַכט די כוחות פון דער נאַטור, אָבער אין כסדרדיקן קאַמף מיט די אויסערלעכע באַדינגונגען פאַרגעסן צו געבן זיינע מעשים אַ מאָראַלישן אינהאַלט. און די דעראָבערונגען פון זיין גייסט שטעלן אין דינסט פונעם כלל, איז ער אַליין געוואָרן דער קנעכט פונעם אַפּאַראַט, וועלכן ער האָט געשאַפן. ס'איז טאַקע אָט־דידאָזיקע באַשטענדיקע אומגעהייערע לאַסט פון דער מאַשין, וועלכע הויערט אויף אונדז און פאַרוואַנדלט אונדזער לעבן אין אַ גיהנום. מיר האָבן פאַרלוירן אונדזער מענטשנטום און גע־

ווערן דערפאַר פאַכמענטשן, געשעפטסמענטשן, פּאַרטיימענטשן. מ׳האָט אונדז אַריינגעשטופּט אינעם צוואַנגסהעמדל פון דער נאַציע, בכדי אויפצוהיטן אונדזער „פעלקישע אייגנאַרטיקייט", אָבער אונדזער מענטשלעכקייט איז געוואָרפן געוואָרן פאַר די הינט און אונדזערע באַציאונגען צו אַנדערע פעלקער האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין שינאה און אומצוטרוי. בכדי צו באַשיצן די נאַציע, זענען מיר יאָריערלעך מקריב אומגעהייערע סומען פון אונדזער הכנסה, בעת די פעלקער זינקען אַלץ טיפער אין נויט און עלנט. יעדעס לאַנד איז ענלעך צו אַ באַוואָפנטן לאַגער און קוקט־נאָך מיט אינערלעכן פּחד און טויטלעכן חשד יעדע באַוועגונג פונעם שכן, איז אָבער תמיד גרייט זיך צו באַטייליקן אין יעדער קאָנספּיראַציע קעגן אים און רייך צו ווערן אויף זיין חשבון. פון דעם איז געדרונגען, אַז עס מוז שטענדיק אינזינען האָבן אַנצופאַרטרויען זיינע ענינים אַזעלכע פערזאָנען, וועלכע האָבן אַן עלאַסטיש געוויסן, מחמת נאָר אַזעלכע האָבן די בעסטע אויסזיכטן זיך דורכצושלאָגן אין די אייביקע אינטריגעס פון דער אינערלעכער און אויסערלעכער פּאָליטיק. סען סימאָן האָט דאָס קלאָר איינגעזען, ווען ער האָט געזאָגט:

„יעדעס פאָלק, וועלכעס וויל מאַכן דעראָבערונגען, איז געצוואונגען אַרויסצוברענגען ביי זיך די ערגסטע לײדנשאַפטן, ס׳איז געצוואונגען איבערצוגעבן די העכסטע אַמטן צו פּערזאָנען מיט אַ געוואַלטזאַמען כאַראַקטער און אַזעלכע, וועלכע ווייזן זיך אַרויס ווי די דורכגעטריבנסטע".

און צו דעם אַלעם קומט נאָך צו די באַשטענדיקע מורא פאַר אַ מלחמה, וועמעס אימהדיקע קאָנסעקווענצן ווערן מיט יעדן טאָג פּחדימדיקער און אומפאָרויסזעבאַר. אפילו אונדזערע קעגנזייטיקע אָפּמאַכן און אויסגלייכן מיט אַנדערע נאַציעס ברענגען אונדז נישט קיין דערלייכטערונג, מחמת בדרך כלל ווערן זיי געשלאָסן מיט באַשטימטע הינטערגעדאַנקען. איז דאָך אונדזער אַזויגערופענע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק באַזירט אויפן געפערלעכסטן עגאָאיזם און שוין מהאי טעמא קאָן זי בשום אופן נישט דערפירן צו קיין אמתער פאַרמיגערונג אָדער גאָר צו אַ פון אַלעמען געגאַרטן אויסגלייך פון די נאַציאָנאַלע חילוקי דעות.

פון דער אַנדערער זייט האָבן מיר אַנטוויקלט אונדזערע טעכנישע פעיקייטן ביז צו אַזאַ מדרגה, אַז עס איז אימשטאַנד צו ווירקן און פאַנטאַסטיש דערמוטיקן אונדזער דימיון, אָבער פונדעסטוועגן איז דער מענטש דערמיט נישט רייכער, נייערט בסדר אָרעמער געוואָרן. אונדזער גאַנצע עקאָנאָמיע געפינט זיך אין אַ צושטאַנד פון באַשטענדיקער אומזיכערקייט, און בעת מ׳לאָזט אויף אַ פאַרברעכערישן אופן פאַרניכטעט ווערן ווערטן אין באַטרעף פון מיליאָנען, בכדי אויפצוהאַלטן די פרייזן אויף דער לוינבאַרער הויך, לעבן אין יעדן לאַנד מיליאָנען מענטשן אין שרעקלעכער נויט און קומען נעבעכדיק אום אין אַ וועלט פון איבערפלוס און דער אַזויגערופענער איבערפּראָדוקציע. די מאַשין, וועלכע האָט געדאַרפט דעם מענטשן פאַרלייכטערן די אַרבעט, האָט זי אים נאָך שווערער געמאַכט און איר דערפינדער גופא ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט אין אַ מאַשין, אַזוי אַז ער מוז יעדע איינע פון זיינע באַוועגונגען

צופּאַסן צו די באַוועגונגען פון די שטאָלענע רעדער און מעכאַניזמען. און פּונקט אַזוי ווי מ׳רעכנט־אויס ביז צו די מינדסטע פּרטים די לייסטונגספעאיקייט פונעם קאָמפּליצירטן מעכאַניזם, אַזוי רעכנט מען אויך אויס די מוסקל־ און נערוון־קראַפט פונעם לעבעדיקן פּראָדוצירער לויט באַשטימטע וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן און מען באַגרייפט נישט, מ׳וויל נישט באַגרייפן, אַז דערמיט רויבט מען ביי אים אַוועק די נשמה און מ׳איז צום שטאַרקסטן מבזה זיין מענטשלעכע חשיבות. מיר זענען וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער אַרונטערגעפאַלן אונטער דער הערשאַפט פון דער מעכאַניק און מיר זענען מקריב לעבעדיקן מענטשלעכן קיום אויפן מזבח פון דער טויטער מאַנאָטאָנישקייט פון דער מאַשין און ס׳פאַלט גאָר נישט איין דעם רוב פון די מענטשן צו זען דאָס מאוימדיקע פון דאָזיקן אָנהויב. דעריבער שפּאַנט מען אַזוי אָפּט אַריבער די דאָזיקע זאַכן מיט אַזאַ גלייכגילטיקייט און קאַלטבלוטיקייט, גלייך ווי ס׳וואָלט זיך דאָ געהאַנדלט וועגן טויטע חפצים און נישט וועגן מענטשלעכן גורל.

און בכדי אויפצוהאַלטן דעם צושטאַנד אַזוי ווי ער איז, שטעלן מיר אַוועק אַלע טעכנישע און וויסנשאַפטלעכע דעראָבערונגען אין דינסט פונעם אָרגאַניזירטן מאַסנמאָרד, דערציען מיר אונדזער יוגנט ווי אוניפאָרמירטע מערדער, גיבן מיר איבער די פעלקער צו דער טעמפּער טיראַניי פון אַ לעבנספרעמדער ביוראָקראַטיע, שטעלן מיר אַוועק דעם מענטשן פונעם וויגל ביז צום קבר אונטער פּאָליצייאישער השגחה, בויען מיר אומעטום אויף געפענקענישן און קאָטאָרגעס און באַפעלקערן יעדעס לאַנד מיט גאַנצע אַרמייען מוסרים און שפּיאָנען. צי מוז דען נישט אַזאַ „אָרדענונג״, פון וועמעס קראַנקער טראַכט עס קומט כסדר אַרויס ברוטאַלע געוואַלט, אומרעכט, ליגן, פאַרברעכן און מאָראַלישע פוילעניש ווי גיפטיקע שפּראָ־צן פון פאַרוויסטנדיקע מגפות, אפילו דעם קאָנסערוואַטיווסטן גייסט ביסלעכווייז איבערצייגן, אַז זי ווערט געקויפט פאַר אַ צו טייערן פּרייז?

דאָס באַלעבאַטעווען פון דער טעכניק אויפן חשבון פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט און באַזונדערס די פאַטאַליסטישע רעזיגנאַציע, מיט וועלכער די גרויסע מערהייט שטעלט זיך צופרידן מיט אָט־דעם צושטאַנד, איז אויך די סיבה דערפון, פאַרוואָס די פרייהייטסבאַדערפעניש איז ביים היינטיקן מענטשן שוואַכער און פאַרוואָס זי האָט ביי אַ סך אָפּגעטראָטן דאָס פּלאַץ פאַר דער באַדערפעניש נאָך עקאָנאָמישער זיכערקייט. נישטאָ זיך וואָס צו חידושן אויף דעם, מחמת אונ־דזער גאַנצע אַנטוויקלונג איז היינט דערגאַנגען צו אַ פּונקט, וואו יעדער מענטש איז אָדער אַ פירער אָדער אַ געפירטער אָדער גאָרביידע זאַכן צוזאַמען. דעריבער איז דער גייסט פון דער אָפּהענגיקייט אַזוי געוואַלטיק געשטאַרקט געוואָרן, מחמת דער אמת־פרייער מענטש פילט זיך נישט גוט נישט אין דער ראָל פון אַ פירער און נישט פון אַ געפירטן און אים גייט אָן בעיקר אַרויסצוברענגען זיין אינערלעכן ווערט און זיינע פּערזענלעכע פעיקייטן אויף אַזאַ אופן, אַז עס זאָל אים מעגלעך זיין צו האָבן אָן אייגענע מיינונג אין אַלע ענינים, וואָס זאָל אים מאַכן פעיק צו

האַנדלען זעלבסטשטענדיק. די כסדרדיקע אַפּוטרופּסות איבער אונדזערע טואונגען און איבער אונדזער אַרט דענקען האָט אונדז געמאַכט שוואַך און אומפאַראַנטוואָרט־לעך. פון דאַנען קומט טאַקע דאָס לעכצעניש צום שטאַרקן מאַן, וועלכער זאָל מאַכן אַ סוף צו נויט און עלנט. דידאָזיקע גאַרעניש צום דיקטאַטאָר איז נישט קיין סימן פון שטאַרקייט, נייערט אַ באַווייז פון אינערלעכער פוסטקייט און שוואַכקייט, ווען אפילו יענע, ביי וועמען דאָס קומט צום אויסדרוק, באַמיען זיך אָפט אויסצוזען פעסט און אַנטשלאָסן. דאָס, וואָס דער מענטש פאַרמאָגט נישט אַליין, דאָס באַ־גערט ער צומייסט. היות מ׳פילט זיך אַליין שוואַך, לייגט מען אַרויף די האָפענונג פון דער אייגענער דערלייזונג אויף יענעמס שטאַרקייט; היות מ׳איז אַליין צו פּח־דנותדיק אָדער צופיל אָפּגעשראָקן עפּעס צו טאָן אַליין, בכדי אַליין אויסצושמידן דעם אייגענעם גורל, גיט מען איבער דעם אייגענעם גורל צו אַנדערע. ווי געהעכט איז געווען זוימע, ווען ער האָט געזאָגט: „די נאַציע, וועלכע קאָן אָדער דאַרף גע־ראַטעוועט ווערן נאָר דורך איינאיינציקן מענטש, פאַרדינט געשמיסן צו ווערן".

ניין, דער וועג צו דער געגעזונג קאָן קומען נאָר אין דער ריכטונג צו דער פרייהייט, מחמת אין תוך פון יעדער דיקטאַטור ליגט אַ ביז צום עקסטרעם צוגעפיר־טע אָפּהענגיקייטס־קאָנדיציע, וועלכע קאָן קיינמאָל נישט באַגינציקן דעם באַפריי־אונגס־אידעאַל. אַפילו דעמאָלט, ווען די דיקטאַטור ווערט באַטראַכט בלויז ווי אַן איבערגאַנגס־שטאַדיום, בכדי צו דערגרייכן אַ געוויסן ציל, פאַסירט, אַז די פּראַק־טישע אַקטואַציע פון אירע פירער — אַנגעמענדיק, אַז זיי האָבן ביכלל געהאַט די ערלעכע כוונות צו דינען די אידעאַלן פונעם פאָלק — שטויסט זי וואָס ווייטער אַלץ מער אַוועק פון אירע התחלהדיקע צילן. נישט בלויז דערפאַר, ווייל יעדע פּראָ־וויזאָרישע רעגירונג, ווי פּרודאָן האָט געזאָגט, איז שטענדיק אויסן צו ווערן פער־מאַנענט, נייערט ראשית־כל דערפאַר, ווייל יעדע מאַכט איז בעצם אומשעפעריש און שוין דערפאַר אַליין רעגט זי אָן צום מיסברויך. מ׳איז אויסן צו באַנוצן די מאַכט ווי אַ מיטל, אָבער דאָס מיטל פאַרוואַנדלט זיך אינגיכן אין אַ זעלבסטצוועק און הינטער איר פאַרשווינדט אַלעס אַנדערע. און ט אַ ק ע ד ע ר פ אַ ר, וואָס די מאַכט איז אומפּרוכפּעריק און זי קאָן פון זיך אַליין נישט אַרויסגעבן גאָר־נישט קיין שעפערישס, איז זי געצוואונגען אַריינצונעמען די שאַפנדיקע כוחות פון דער געזעלשאַפט אין איר דינסט, זיי צו מאַכן אָפּהענגיק פון איר לוין. זי מוז זיך אָנטון אין אַ פאַלשן בגד, בכדי צו פאַרדעקן איר אייגענע שוואַכקייט, און אַט־דער אומשטאַנד פאַרפירט אירע פאַרשטייער צו פאַלשע צוזאָגענישן און בכיוונדיקער אָפּנאַרעניש. אַזוי ווי זי איז אויסן צו געווינען דעם שעפערישן כוח פון דער גע־מיינשאַפט פאַר אירע ספּעציפישע צוועקן, צעשטערט זי אין דערזעלבער צייט די טיפסטע וואָרצלען פון דאָזיקן כוח און פאַרשיט די קוואַלן פון יעדער שעפערישער טעטיקייט, וועלכע קאָן פאַרטראָגן סטימול, אָבער נישט קיין צוואַנג.

מ׳קאָן נישט באַפרייען אַ פאָלק דערמיט, וואָס מ׳וואַרפט עס אַרונטער אונטער אַ נייער און שטאַרקערער געוואַלטמאַכט, אַנהייבנדיק דערמיט באַנייס דעם קרייז פון

דער בלינדקייט. יעדע פאָרעם פון אָפּהענגיקייט פירט אומפאַרמיידלעך צו אַ נייעם סיסטעם פון קנעכטשאַפט, און דאָס טוט די דיקטאַטור מער ווי יעדע אַנדערע רעגירונגס־פאָרעם, דערפאַר, ווייל זי אונטערדריקט געוואַלטזאַם יעדע קעגנערישע מיינונג וועגן דער טעטיקייט פון אירע פירער און דערלאָזט ניט אַזוי אַרום צו קיין שום בעסערער פאַרשטענדעניש. אָבער יעדער צושטאַנד פון אומאָפּהענגיקייט האָט זיין מקור אינעם רעליגיעזן באַוואוסטזיין פונעם מענטשן און פאַראַליזירט זיינע שעפערישע כוחות, וועלכע קאָנען זיך אַנטוויקלען אומגעשטערט נאָר אין אַ צושטאַנד פון פרייהייט. די גאַנצע מענטשלעכע געשיכטע ביז אַהער איז געווען אַן אייביקער קאַמף צווישן די קולטורשאַפנדיקע כוחות פון דער געזעלשאַפט און די שטרעבונגען צו מאַכט פון באַשטימטע קאַסטן, וועמעס פאַרשטייער האָבן אַוועקגעשטעלט שטייפע באַריערן קעגן די קולטורעלע שטרעבונגען אָדער לפּחות זיך באַמיט דאָס צו טאָן. דאָס קולטורעלע גיט דעם מענטשן דאָס באַוואוסטזיין פון זיין מענטשלעכקייט און שעפערישער גבורה, בעת די מאַכט פאַרטיפט אין אים דאָס געפיל פון זיין אָפּהענגיקייט און פון זיין קנעכטישער צוגעבונדנקייט.

ס'איז נויטיק צו באַפרייען דעם מענטשן פון דער קללה פון מאַכט, פונעם קאַניבאַליזם פון דער עקספּלואַטאַציע, בכדי אַרויסצוברענגען ביי אים אַלע שעפערישע כוחות, וועלכע זאָלן זיין ביכולת שטענדיק צו געבן זיין לעבן נייעם תוכן. די מאַכט דערנידעריקט אים צו דער מדרגה פון אַ טויטן שרייפל פון דער מאַשין, וועלכע אַ העכערער ווילן לאָזט אין גאַנג; די קולטור פאַרוואַנדלט אים אין אַ האַר און געשטאַלטיקער פון זיין אייגענעם גורל און פאַרטיפט אין אים דאָס געפיל פונעם כלל, פון וועלכן עס קומט אַרויס אַלעס גרויסע. די אויסלייזונג פון דער מענטשהייט פון דער האַרמאָניזירטער געוואַלט פונעם שטאַט, פון דער ענגער אייבּגעגרענעצטקייט פון דער נאַציע איז דער אָנהייב פון אַ נייעם מענטשנטום, וועלכעס פילט ווי עס וואַקסן זיינע פליגל אין דער פרייהייט און געפינט זיין שטאַרקייט אין דער געמיינשאַפט. אויך פאַר דער צוקונפט איז גילטיק לאַאָ־טסעס חכמה:

הערשן בהסכם מיטן וועג, הייסט הערשן אָן געוואַלט:
דאָס ברענגט אריין אין דער קהילה די ווירקונג פון גלייכגעוויכט.
וואו ס'איז געווען קריג, וואַקסן דערנער
און אָן גערעטעניש איז דאָס יאָר.
ווער ס'איז אַ גוטער דאַרף נישט קיין געוואַלט;
באַשטאַט זיך נישט מיט גלאַנץ;
רימט זיך נישט מיט כבוד;
שטיצט זיך נישט אויף טאַט;
איז זיך נישט סומך אויף שטרענגקייט;
שטרעבט נישט צו מאַכט.
עליה מיינט ירידה,
אויסערן וועג איז אַלעס אויסערן וועג.

# I

## די נאַציע ווי אַ מאָראַלישע עדה

די נאַציע ווי אַ שפּראַכלעכע עדה, פון געוואוינהייטן און אינטערעסן. — דער באַגריף נאַציע אינעם לויף פון דער צייט. — די נאַציע ווי אַן אָפּשטאַמונגס-געמיינשאַפט. — די נאַציע ווי אַן אינטערעסן-געמיינשאַפט. — די פונאַנדערטיילונג פון דער נאַציע אין קאַסטן, שטאַנדן און קלאַסן. — נאַציאָנאַלע אינטערעסן און קלאַסן-אינטערעסן. — דער ביישפּיל פונעם רור-קאָנפליקט. — פּואַנקאַרעס „נאַציאָנאַלע פּאָליטיק". — די פאַרהאַנדלונגען פון דער דייטשער שוועראינדוסטריע מיטן „ירושהדיקן שונא" קעגן דער דייטשער אַרבעטערשאַפט. — די „פאָלקס-געמיינשאַפט" ביי דער אַרבעט. — די פענסיאָניסטן פון דער דייטשער רעפּובליק. — די נאַציע ווי אַ געמיינשאַפט פון די מאָראַלישע אינטערעסן. — רעליגיעזע און פּאַרטייאישע קאַמפן. — וועלטאַנשוילעכע חלוקי-דעות. — די נאַציע ווי אַ געמיינשאַפט פון מינהגים און געוואוינהייטן. — שטאָט און דאָרף. — אָרעמע און רייכע. — די נאַציאָנאַלע טראַדיציע. — דאָס באַלאַנגען צו דער נאַציע ווי אַ פּועל-יוצא פון מאַכטפּאָליטישע שטרעבונגען. — נאַציע און געזעלשאַפט.

די באַגריפן נאַציע און נאַציאָנאַליטעט האָבן אין לויף פון דער צייט דורכגעמאַכט געוויסע ענדערונגען און אפילו היינט נאָך האָבן זיי דעמזעלביקן צווייאיקן זין ווי דער באַגריף ראַסע. אין מיטלאַלטער האָט מען די לאַנדסמאַנשאַפטן פון די סטודענטן אין די אוניווערזיטעטן באַצייכנט ווי נאַציעס. אַזוי איז די באַרימטע אוניווערזיטעט פון פּראָג געווען איינגעטיילט אין „פיר נאַציעס": בייערן, בעמען, פּאָליאַקן און זאַקסן. מ'האָט אויך אָפּט גערעדט וועגן אַ נאַציע פון דאָקטוירים, פון קאָוואַלעס, פון יוריסטן א. א. וו. אויך לוטער האָט נאָך געמאַכט אַ דייטלעכן חילוק צווישן פאָלק און נאַציע און האָט באַצייכנט אין זיין שריפט „אַן דען קריסטליכען אַדעל דויטשער נאַציאָן" אַלס נאַציע רק די פאָרשטייער פון דער פּאָליטישער מאַכט: פירשטן, ריטער און בישאָפן, להיפך צום געוויינלעכן פאָלק. דערדאָזיקער אונטערשייד האָט אָנגעהאַלטן געגוג לאַנג, ביז ס'האָט אין דער שפּראַך אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו פאַרשווינדן די גרענעץ צווישן נאַציע און פאָלק. גאַנץ אָפט איז צום באַגריף נאַציע געווען צוגעטשעפּעט אַן איבלער בייגעשמאַק, אַזוי האָט לודוויג יאַן פּאָלעמיזירט אין זיין „דויטשעס פאָלקסטום":

„אָבער דאָס, וואָס איז אין דער אמתן דאָס העכסטע און וואָס איז אויך אין גריכנלאַנד און רוים אַזוי געגאַנגען ווי אַזעלכעס, איז ביי אונדז נאָך אַלץ

אַ זידלוואָרט: פֿאָלק און נאַציע. „ער איז אַוועק צווישן פֿאָלק“, זאָגט מען וועגן מיזעראַבלע דעזערטירער, וועלכע פֿלעגן אַריבערלויפֿן פֿון איין אַרמיי צו דער אַנדערער צוליב דעם האַנטגעלט, און אין איין פּאָר שיך דינען זיבן פּאָטענטאַטן. „דאָס איז עכטע נאַציע!“ און דער שפּראַך־געברויך מיינט ציגיינער, שווינדלערכאָפּטעס וואַגאַבונדן, און שאַכערמאַכער־יידן“״.

געווען אַ צייט, ווען מ׳האָט זיך באַנוגנט אָנצואווענדן דעם באַגריף נאַציע אויף אַ מענטשלעכער געמיינשאַפֿט, וועמעס מיטגלידער זענען געבוירן געוואָרן אויפֿן זעלבן אָרט, און זיי זענען דעריבער געווען פֿאַרבונדן צווישן זיך דורך געוויסע סאָלידאַרישע באַציאונגען. דערדאָזיקער אינטערפּרעטאַציע אַנטשפּרעכט אויך צום בעסטן דער זין פֿונעם לאַטייניש וואָרט „נאַטיאָ“, פֿון וועלכן ס׳איז אַרויסגעקומען דאָס וואָרט „נאַציאָן“. זי איז אויך אַזוי פֿיל פֿאַרשטענדלעכער, אויף וויפֿל עס ליגט אין איר יסוד דער באַגריף וועגן דער ענגערער היים. אָבער אַט־דער באַגריף גופֿא אַנטשפּרעכט נישט אונדזער הייַנטיקער פֿאָרשטעלונג וועגן דער נאַציע און איז אויך נישט אין איינקלאַנג מיט די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פֿון דער צייט, וועלכע צייכענען־אָן דער נאַציע די מעגלעך ברייטסטע גרענעצן. וואָלט די נאַציע אינדעראמתן אַרומגענומען בלויז דעם ענגערן קרייז, וואו אַ מענטש האָט דאָס ערשטע מאָל געזען דאָס ליכט פֿון דער וועלט, און וואָלט דאָס נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין באַטראַכט געוואָרן ווי דאָס געפֿיל פֿון צוזאַמענגעהעריקייט פֿון מענטשן, וועלכע זענען צונויפֿגעשמידט אין אַ געמיינשאַפֿט דורך זייער געבוירנאָרט, וואָלט לויט אַט־דעם אויסטייטש נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן דייטשן, פֿראַנצויזן, טערקן אָדער יאַפּאַנער; מ׳וואָלט העכסטנס געקאָנט רעדן וועגן האַמבורגער, פּאַריזער, אַמסטערדאַמער אָדער ווענעציאַנער, — אַ צושטאַנד, וועלכער האָט פֿאַקטיש עקזיסטירט אין די שטאָט־רעפּובליקן פֿון אַלטן גריכנלאַנד און אין די פֿעדעראַליסטישע קאָמונעס פֿונעם מיטלאַלטער.

שפּעטער האָט מען טאַקע דעם באַגריף נאַציע באַנומען פֿיל ברייטער און מ׳האָט אין דעם געוואָלט זען אַ מענטשלעכע עדה, וועלכע האָט זיך אַנטוויקלט פֿון בשותּפֿותדיקייט פֿון די מאַטעריעלע און גייסטיקע אינטערעסן, די מנהגים, געוואוינהייטן און טראַדיציעס; זי שטעלט מיט זיך, אַזוי אַרום, פֿאָר אַזאַ מין „גורלדיקע געמיינשאַפֿט“, וועלכע האָט אין זיך די געזעצן פֿון איר אייגנאַרטיק לעבן. דערדאָזיקער באַנעם איז ווייט נישט אַזוי קלאָר ווי דער ערשטער און ער איז נאָך דערצו אין סתירה מיט די טאָגטעגלעכע דערפֿאַרונגען פֿונעם לעבן. יעדע נאַציע נעמט הייַנט אַרום די פֿאַרשידנדיקסטע קאַסטן, שטאַנדן, קלאַסן און פּאַרטייען, וועלכע יאָגן זיך נישט נאָר נאָך זייערע באַזונדערע אינטערעסן, נייערט זיי שטייען אָפֿט איינע קעגן די אַנדערע מיט אַ בפֿירושער שינאה. די רעזולטאַטן דערפֿון זענען אָן אַ שיעור זיך קיינמאָל נישט ענדיקנדיקע קאָנפֿליקטן און אינערלעכע חלוקי־דעות, וועלכע ס׳איז פּונקט אַזוי שווער אויסצוגלייכן ווי די צומאָליקע מחלוקת צווישן די פֿאַרשידענע מלוכות און נאַציעס.

דיזעלביקע נאַציעס, וועלכע זענען נאָך נעכטן געשטאַנען איינע קעגן דער

אַנדערער אויפן „פעלד פון ערע" באַוואָפנט ביז צו די ציין, בכדי צו דערליידיקן זייערע אמתע אָדער כלומרשטע ענינים דורך בלוטיקע מלחמות, שליסן מאָרגן אָדער איבערמאָרגן פאַרטיידיקונגס־ און אַנגריפס־אָפּמאַכן מיט זייערע געוועזענע שונאים קעגן אַנדערע נאַציעס, מיט וועלכע זיי זענען פריער געווען פאַרבונדן דורך האַנדלס־אָפּמאַכן און דורך פאַקטן פון פּאָליטישער אָדער מיליטערישער נאַטור. אָבער דער קאַמף צווישן די פאַרשידענע קלאַסן אינערהאַלב דיזעלביקע נאַציעס קאָן לגמרי נישט אָפּגעשאַפט ווערן כל־זמן די קלאַסן גופא עקזיסטירן און די נאַציע איז אינערלעך צעשפּאָלטן דורך עקאָנאָמישע און פּאָליטישע סתירות. אַפילו דעמאָלט, ווען די קלאַסן־סתירות זענען, אַלס פועל־יוצא פון אויסערגעוויינלעכע פאַרהעלטענישן אָדער קאַטאַסטראָפאַלע פאַסירונגען, לפנים בייגעקומען אָדער צייטווייליק אָפּגערוקט, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיטן פּראָקלאַמירן דעם אַזויגערופענעם „בורגפרידן" אין פאַריקן וועלטקריג, האַנדלט זיך דאָ נאָר וועגן אַ פאַרבייגייענדיקער דערשיינונג, וועלכע קומט אַרויס פונעם צוואַנג פון די אומשטענדן און וועמעס אמתער באַדייט איז נאָך אַלץ נישט קלאָר פאַר די ברייטע מאַסן פון פאָלק. אַזעלכע אָפּמאַכן האָבן אָבער נישט קיין האַפט און ביי דער ערשטער געלעגנהייט צעפאַלן זיי זיך ווידער, מחמת עס פעלט זיי דער אינערלעכער צונויפבונד פון אַן אמתער געמיינשאַפט. אַ טיראַנישער רעגירונגס־סיסטעם קאָן ביי געוויסע אומשטענדן זיין אימשטאַנד צייט־ווייליק צו פאַרווערן דעם אָפענעם אויסברוך פון אינערלעכע קאָנפליקטן, ווי דאָס איז היינט דער פאַל אין איטאַליע און דייטשלאַנד, אָבער מ'שאַפט נישט אָפּ קיין נאַטירלעכע סתירות דערמיט, וואָס מ'פאַרווערט דעם פאָלק צו רעדן וועגן דעם.

די ליבע צו דער אייגענער נאַציע האָט נאָך קיין שום אונטערנעמער נישט אָפּגעהאַלטן דערפון צוצונעמען אויסלענדישע אַרבעטער, ווען זיי זענען געווען ביי־ליקער און זיין השבון האָט אים אַזוי אַרום געשטימט בעסער. אויב די בירגער פון זיין אייגענעם פאָלק האָבן דערפון געליטן, האָט דאָס אים צומווינציקסטן געאַרט. דער פערזענלעכער ריווח איז געווען דער דעציזירנדיקער פאַקטאָר אין דעם פאַל און די אַזויגערופענע נאַציאָנאַלע אינטערעסן קומען נאָר דעמאָלט אין באַטראַכט, ווען זיי שטייען נישט אין ווידערשפּרוך מיט די אייגענע אינטערעסן. וואו דאָס פאַסירט יאָ, ווערט באַלד אויסגעוועפּט די פּאַטריאָטישע באַגייסטערונג. וואָס פאַראַ פנים די אַזויגערופענע „נאַציאָנאַלע אינטערעסן" האָבן, וועגן דעם האָט אונדז דייטש־לאַנד אין די שרעקלעכע יאָרן נאָך דער פאָריקער מלחמה געגעבן אַ לעקציע, וועלכע קאָן נישט לייכט פאַרשטאַנען ווערן פאַלש.

דייטשלאַנד האָט זיך נאָך דער פאַרלוירענער מלחמה פון 18־1914 געפונען אין אַ פאַרצווייפלטער לאַגע; זי האָט געמוזט אויפגעבן שטאַרק וויכטיקע ווירט־שאַפטלעכע געביטן; דערצו האָט זי כמעט אינגאַנצן פאַרלוירן די אָפּזאַצמערק אין אויסלאַנד. און צו דעם אַלעם זענען נאָך צוגעקומען די שטאַרק־אַרויפגעשרויפטע עקאָנאָמישע דיקטאַטן פון די זיגער און דער צוזאַמענברוך פונעם אַלטן רעזשים. אויב די לאָזונג וועגן דער נאַציאָנאַלער געמיינשאַפטלעכקייט האָט בכלל אַ זין, האָט עס

זיך אין אָט־דעם פאַל געמוזט אַרויסוויייזן, צי די נאַציע איז פאַקטיש וויליק אויפ־צונעמען די נייגעשאַפענע אומשטענדן איינהייטלעך און צו פאַרטיילן די לאַסט פונעם אומגליק אויף אַ גערעכטן אופן צווישן אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. אָבער די באַזיצנדיקע קלאַסן האָבן אַפילו נישט געטראַכט וועגן דעם; זיי האָבן, אדרבא, געפרואווט צו באַקומען רווחים פון דער סיטואַציע, מעגן די ברייטע שיכטן פונעם אייגענעם פאָלק צוליב דעם גיין אין דר׳ערד אַריין. זייער פאַטריאָטישער אויפפיר איז געווען אויסגערעכנט רק אויף פּראָפיט. די פאַרטרעטער פונעם פּריי־סישן יונקערטום און פון דער דייטשער שווערראינדוסטריע זענען דאָס געווען יענע, וועלכע זענען אין די שרעקלעכע יאָרן פון דער מלחמה כסדר אַרויסגעטראָטן פאַר דער אומברחמנותדיקער פּאָליטיק פון אַנעקסיעס און זיי האָבן דורך זייער אומדער־זעטלעכער גיריקייט געבראַכט די גרויסע קאַטאַסטראָפע — די מפּלה. נישט צופרידן מיט די פאַנטאַסטישע רווחים, וועלכע זיי האָבן געהאַט בשעת דער מלחמה, האָבן זיי נאָך דער גרויסער פעלקער־שחיטה אַפילו פאַר קיין איין רגע נישט געטראַכט מקריב צו זיין פאַר דער נאַציע אַפילו איין פעניג פון דעם אָנגעהויפנטן. די פאַר־טרעטער פון דער דייטשער שווערראינדוסטריע זענען געווען יענע, וועלכע האָבן זיך געלאָזט באַפרייען פון די שטייערן אין לאַנד, בעת מ׳האָט זיי אַראָפּגענומען אפילוביים אָרעמסטן אַרבעטער פון זיינע שפּאָרלעכע פאַרדינסטן; זיי זענען עס געווען, וועלכע האָבן אַרויפגעשרויפט דעם פּרייז פון די קוילן אויף אַן אומדערהערטן אופן, בעת די נאַציע איז געפרוירן געוואָרן ביי די קאַלטע אויוונס, און זיי זענען עס געווען יענע, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען אַרויסצובאַקומען ריזיקע רווחים פון די פאַ־פירענע קרעדיטן פון דער רייכסבאַנק. דידאָזיקע אוממיטלבאַרע שפּעקולאַציע מיט דער אנטווערטונג פונם געלט, וועלכע איז טאַקע דורך יענע קרייזן גופא פאַראור־זאַכט געוואָרן, האָט ערשט דער שווערראינדוסטריע געגעבן די מאַכט צו פאַרגרונט־פעסטיקן איר ממשלה איבער דער הונגערנדיקער נאַציע. אירע פאַרטרעטער זענען דאָס געווען יענע, וועלכע האָבן אונטער הוגאָ שטינעסעס אָנפירונג גורם געווען די באַזעצונג פונעם רורגעביט, פאַר וועלכער די דייטשע נאַציע האָט געמוזט מקריב זיין פופצן טויזנט מיליאָן גאָלדמאַרק, צו וועלכע זיי האָבן, אגב, נישט צוגעטראָגן קיין צענט אַפילו.

דער רורקאָנפליקט אין זיינע פאַרשידענע פאַזן איז די פּרעכטיקסטע אילוס־טראַציע פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער אינטערעסן־פּאָליטיק ווי אַ הינטערגרונט פון דער נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע. די באַזעצונג פונעם רורגעביט איז בלויז געווען אַ פאָרזעצונג פון דער פאַרברעכערישער מאַכטפּאָליטיק, וועלכע האָט דערפירט צום אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה און וועלכע האָט גורם געווען, אַז די פעלקער זאָלן במשך פון פיר יאָר געשלעפּט ווערן צו דער שחיטה. אין אָט־דעם קאַמף האָט זיך געהאַנדעלט וועגן אינטערעסן־קעגנזאַצן צווישן דער דייטשער און פראַנצויזישער שווערראינדוסטריע. פּונקט אַזוי ווי די פאַרטרעטער פון דער דייטשער שווערראינ־דוסטריע זענען בשעת דער מלחמה געווען די אַנטשלאָסנסטע מליצים פונעם געדאַנק

מכוח אַנעקסיע, און די איינשליסונג פונעם מינענגעביט פון ברי־לאָנגווי אין דייטש־לאַנד איז געווען איינע פון די הויפּטצילן פון דער אַלדייטשער פּראָפּאַגאַנדע, פּונקט אַזוי האָט זיך שפּעטער פּואַנקאַרעס נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פאַרנומען אויף דיזעלביקע דרכים און פאַרטראַכטן די אומפאַרהוילענע אַנעקסיאָניסטישע גלוסטעניש פון דער פראַנצויזישער שווערינדוסטריע און פון איר מעכטיקן אָרגאַן, דעם „קאָמיטע דע פאָרש". דיזעלביקע צילן, נאָך וועלכע ס'האָבן זיך פריער געיאָגט די דייטשע גרויס־אינדוסטריעלער, זענען איצט איבערגענומען געוואָרן פון דער פראַנצויזישער שווער־ער אינדוסטריע, דהיינו די שאַפונג פון געוויסע מאָנאָפּאָלן אויפן קאָנטינענט אונטער דער אָנפירונג פון באַשטימטע קאַפּיטאַליסטישע גרופּן, פאַר וועלכע דער אַזויגערו־פענער „נאַציאָנאַלער אינטערעס" איז נאָך אַלץ געווען דער פראָנטשילד פאַר זייערע עגאָאיסטישע געשעפטלעכע אויסרעכענונגען. דאָס, וואָס די פראַנצויזישע שווער־אינדוסטריע האָט געפּלאַנט, איז געווען די פאַראייניקונג פון די לאָטרינגישע אייזן־מינעס מיט די קוילנגרובנס פונעם רורגעביט אין דער געשטאַלט פון אַ מעכטיקן מינענטראַסט, וועלכער זאָל איר פאַרזיכערן דעם אומבאַשרענקטן מאָנאָפּאָל אויפן קאָנטינענט. און אַזוי ווי די אינטערעסן פון די גרויסאינדוסטריעלער זענען זיך צונויפגעפאַלן מיט די אינטערעסן פון די רעפּאַראַציע־געווינער און זיי זענען אָפן געשטיצט געוואָרן פון דער מיליטערישער קאַסטע, האָט מען דעריבער אויף אָט־די זייט געאַרבעט מיט אַלע מיטלען פאַר דער אָקופּאַציע פונעם רורגעביט.

אָבער נאָך איידער ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, זענען פאָרגעקומען פאַרהאַנד־לונגען צווישן דער דייטשער און פראַנצויזישער שווערינדוסטריע, בכדי צו קומען צו אַ פרידלעכער, ריין־געשעפטלעכער לייזונג פון דער פראַגע, דורך וועלכער ביידע צדדים זאָלן ארויסבאַקומען זייערע רווחים בהסכם מיטן פאַרהעלטעניש פון זייערע כוחות. אַזאַ פאַרשטענדיקונג וואָלט טאַקע געווען פאָרגעקומען, מחמת די דייטשע אינדוסטריאַלן וואָלטן געווען געשיקט צו אַלדי רוחות די דייטשע נאַציאָנאַלע אינ־טערעסן, אַבי נאָר זיי זאָלן זיין אימשטאַנד צו פאַרזיכערן זייערע אייגענע אינטע־רעסן. אָבער אַזוי ווי ס'זענען זיי פון דער ענגלישער קוילן־אינדוסטריע, פאַר וועמען אַ מינענטראַסט אויפן קאָנטינענט וואָלט געווען אַ שווערער קלאַפּ, בלי שום ספק געשטעלט געוואָרן אין אויסזיכט גרעסערע רווחים, האָבן זיי פּלוצים באַנייס אַנט־דעקט זייער פּאַטריאָטיש האַרץ און בעסער איינגעגאַנגען אויף דער אָקופּאַציע. צוזאַ־מען מיט די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, וועלכע האָבן זיך ווידער געלאָזט אָפּנאַרן און מיסברויכן פאַר די אינטערעסן פון זייערע באַלעבאַטים, מחמת ס'זענען זיי געווען פרעמד די אינערלעכע שייכותן, האָבן זיי אָרגאַניזירט דעם פּאַסיוון ווידערשטאַנד און שטינעסעס פרעסע האָט ברויזנדיק געבלאָזן אין די נאַציאָנאַליסטישע טראָמפּייטן, בכדי צו צעפלאַקערן אין לאַנד ביז צום העכסטן גראַד די שנאה קעגן ירושהדיקן שונא. אָבער ווען דער ווידערשטאַנד האָט געליטן אַ מפּלה, האָבן שטינעס און די איבעריקע פאַרטרעטער פון דער דייטשער שווערינדוסטריע נישט געוואַרט אויף שטרעזעמאַנס רעגירונג, נייערט זיי האָבן אונטערגעהאַנדלט מיט די פראַנצויזן אויף

אייגענעם חשבון. דעם 5־טן אָקטאָבער 1923 זענען זיך די הערן שטינעס, קלעקנער, וועלזען און פעגלער צונויפגעקומען מיטן פראַנצויזישן גענעראַל דעגוט און געזוכט אים צו באַוועגן, אַז ער זאָל אַרויפצווינגען אויף די דייטשע אַרבעטער פונעם באַזעצטן געביט דעם צענשעהדיקן אַרבעטסטאָג, דיזעלביקע אַרבעטער טאָקע, וועלכע זענען נאָך מיט אַ טאָג צוריק געווען זייערע פאַרבינדעטע אין פאַסיוון ווידערשטאַנד קעגן פראַנצויזישן קאַבינעט. דאַרף מען נאָך אַ בעסערע אילוסטראַציע פאַר דער נאַציע ווי אַן אינטערעסן־געמיינשאַפט ? *)

פואַנקאַרע האָט באַנוצט דעם תירוץ וועגן דייטשלאַנדס מכלומרשטן נישט מקיים־זיין מיט די קוילנצושטעלונגען, בכדי צו לאָזן אַריינמאַרשירן פראַנצויזישע חיילות אינעם רורגעביט. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, בלויז געווען אַן אָנשטעל, בכדי צו געבען דעם אויסזען פון געזעצלעכקייט אַ באַשיימפערלעכן רויבאיבערפאַל. צום בעסטן קאָן מען דאָס אַרויסזען דערפון, וואָס פראַנקרייך איז דעמאָלט געווען דאָס לאַנד אין אייראָפּע, וואָס האָט, מיטן אויסנאָם פון ענגלאַנד, געהאט צום מייסט קוילן. די פראַנצויזישע רעגירונג האָט זיך אַפילו געזען געצוואונגען אַרויפצולייגן אַ צענפּראָצענטיקן ספּעציעלן שטייער אויפן אַריינפיר פון קוילן פון סאַרגעביט, כדי צו באַשיצן די פראַנצויזישע קוילן אויפן היימישן מאַרק. דער פאַקט איז, אַז צוואַנציק פּראָצענט פון דידאָזיקע קוילן פלעגט מען צוריקברענגען קיין דייטשלאַנד און בכלל איז נאָר פינפאונדרייסיק פּראָצענט פון אָט־די קוילן צוגעשטעלט געוואָרן צו דער פראַנצויזישער אינדוסטריע.

פון דער אַנדערער זייט ווידער האָבן די דייטשע גרויסאינדוסטריאַליסטן און זייערע פאַרבינדעטע, דורך דער אומברחמנותדיקער פאַרטיידיקונג פון זייערע אייגענע אינטערעסן, געטאָן אַלעס, בכדי דער פראַנצויזישער רעגירונג צו פאַרלייכטערן דעם שפּיל. זיי זענען דאָס געווען יענע, וועלכע האָבן זיך צום האַרטנעקיקסטן אַרויסגעשטעלט קעגן אַלע פּרואוון צו דערפירן צו אַ סטאַביליזירונג פונעם מאַרק, ווייל דורך דער אינפלאַציע פונעם געלט האָבן זיי אמבאַקוועמסטן געקאָנט סאַבאָטירן די שטייער־צאָלונג פון דער אינדוסטריע און פון דעם גרויסן באָדנאייגנטום און די גאַנצע לאַסט אַרויפוואַרפן אויף די רוקנס פון די אַרבעטנדיקע פון שטאָט און דאָרף. אויפן סמך פון אָט־די טונקעלע מאַכינאַציעס איז נישט נאָר אויפגעקומען אַ מחנה וואַלוטע־שפּעקולאַנטן און אַנדערע מינים שמוגלער, וועלכע האָט פון דער שרעקלעכער פאַר־

---

*) ווען די ידיעה פון אָט־דעם צוזאַמענקום איז דערגאַנגען צו דער עפנטלעכקייט, און ס׳איז באַקאַנט געוואָרן, אַז גענעראַל דעגוט האָט גערעדט קלאָרע דיבורים צו די שררות, אַז ער איז נישט געגייגט זיך אַריינצומישן אין ענינים פון דער דייטשער אינערלעכער פּאָליטיק, האָבן די דייטשע אַרבעטער־צייטונגען אָנגעקלאָגט די הערן שטינעס און קאָמפּ. אין פאַרראַט קעגן לאַנד. אַריינגעטריבן אין אַן ענגן געסל, האָבן די אונטערנעמער לכתחילה געלייקנט שטיין און ביין. אָבער ביי דער זיצונג פונעם רייכסטאָג דעם 20־טן נאָוועמבער 1923 האָט דער סאָציאַליסטישער דעפּוטאַט וועלס פאָרגעלייענט דעם פּראָטאָקאָל פון יענעם שמועס, וועלכער איז געווען אָנגעשריבן פון די גרויסע אינדוסטריאַלן גופא, צוליב וואָס ס׳איז פאַרשוואונדן יעדער ספק וועגן פאָרגעקומענעם צוזאַמענטרעף.

אָרעמונג פון די ברייטע מאַסן געקאָנט אָנהויפן ריזיקע רווחים, נאָר מ׳האָט אויך דערמיט געגעבן פראַנקרייך די געלעגנהייט אַרויסצוקוועטשן ספּעציעלע פאַרדינסטן פונעם דייטשן וואַלוטע־אומגליק. לויט דער דערקלערונג פונעם געוועזענעם פראַנ־צויזישן פינאַנץ־מיניסטער לאַסערי האָט דייטשלאַנד ביז ענדע סעפּטעמבער 1921 צוגעשטעלט פראַנקרייך ברענשטאָף אין ווערט פון 2.571 מיליאָן פראַנק, פאַר וואָס ס׳איז אויף איר חשבון, אויפן סמך פון דער אנטווערטונג פונעם מאַרק, פאַרשריבן געוואָרן בלויז 980 מיליאָן פראַנק. דער געשעפטלעכער עגאָאיזם פון די גוטע דייטשע פּאַטריאָטן האָט דערמיט פאַרשאַפט דעם „אייביקן שונא״ נאָך אַ באַזונדערע הכנסה־קוואַל אויפן חשבון פון דער מאַנסטערהאַפטער עקספּלואַטאַציע פון דער דייטשער אַרבעטערשאַפט און פונעם אונטערגייענדיקן מיטלקלאַס.

אָבער ווען דער קאַמף אין רורגעביט איז געווען פאַרענדיקט און די אינדוס־טריאַלן פון די באַזעצטע געגענטן האָבן געמוזט שליסן די אַזויגערופענע מיקום־אָפּמאַכן, האָט קיין איינער פון זיי אַפילו קיין איין רגע נישט געטראַכט וועגן די מיליאָניקע פאַרדינסטן, וואָס זיי האָבן אָנגעהויפנט אין משך פונעם אינפלאַציע־פּעריאָד; זיי האָבן, אדרבא, פאַרלאַנגט פונעם רייך אַ געהעריקע אנטשעדיקונג פאַר זייערע הזיקות, און די רעגירונג לוטער־שטרעזעמאַן האָט זיך טאַקע צוגעאיילט, זיך דערביי לחלוטין נישט רעכענענדיג מיטן טאַקסע־רעכט פונעם רייכסטאַג, זיי אויס־צוצאָלן די קליינינקייט פון 706.400.000 גאָלדמאַרק פאַר דעם „מיקום־הזיק״, פון וועלכע ס׳איז דעם רייך אָראָפּגערעכנט געוואָרן בלויז 446.400.000 גאָלדמאַרק אויפן חשבון פון די רעפּאַראַציעס, — אַ טראַנזאַקציע, וועלכע איז מסתמא נישט גאַנץ אָפּט געמאַכט געוואָרן אין דער געשיכטע פון די פּאַרלאַמענטאַרישע מלוכות.

מיט איין וואָרט, די פאַרטרעטער פון דער שווער־אינדוסטריע, פונעם גרויסן באָדן־אייגנטום און פון דער בערזע האָבן קיינמאָל נישט אייגגעלייגט קיין וועלטן לטובת דער מכלומרשטער שותפותדיקייט פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן. ס׳איז זיי גאָר קיינמאָל נישט איינגעפאַלן זיך צו באַנוגענען מיט קלענערע רווחים צוליב דער פאַרלוירענער מלחמה, בכדי די גרויסע מערהייט פונעם פאָלק זאָל נישט מוזן אומ־קומען הילפלאָז אין עלנט און נויט. זיי האָבן צוגערויבט אַלעס, וואָס איז זיי געקומען צו די הענט, בעת דאָס פאָלק האָט זיך קוים געקאָנט דערנערן מיט טרוקן ברויט און קאַרטאָפליעס און הונדערטער טויזנטער דייטשע קינדער זענען אומגע־קומען פון אונטערדערנערונג. קיין איינעם פון דידאָזיקע פּאַראַזיטן איז אַפילו נישט געקומען אין געדאַנק, אַז זייער אומגעצוימטע גיריקייט שטעלט־אויס די גאַנצע נאַציע צום אומקום. און בעת די אַרבעטער און דער מיטלשטאַנד אין די גרויסע שטעט זענען אומגעקומען, איז שטינעס געוואָרן דער אייגנטימער פון פאַנטאַסטישע פאַר־מעגנס. טיסען, וועלכער האָט פאַר דער מלחמה געהאַט אַ פאַרמעג פון בערך 200 מיליאָן, איז היינט דער אייגנטימער פון אַ פאַרמעג פון אַ מיליאַרד גאָלדמאַרק. די אַנדערע פאַרטרעטער פון דער דייטשער שווער־אינדוסטריע זענען רייך געוואָרן אין זעלביקן טעמפּ.

און ווי זעט אויס דער ענין מיט די אַזויגערופענע „איידלסטע פון דער נאַציע״? דאָס דייטשע פאָלק, וועלכעס שמאַכט זינט יאָרן שוין אין אַ מדבר פון האָפענונגס־לאָזער נויט, צאָלט זיינע געוועזענע פירשטן פאַנטאַסטישע סומעס ווי „אַנטשעדי־קונג״, און דינסטגרייטע געריכטן האָבן שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז קיין פעניג זייע־רער זאָל זיי נישט גיין לאיבוד. אָבער דאָ האַנדלט זיך נישט בלויז וועגן אַנטשע־דיקונגען פאַר די „לאַנדטאַטעס״, וועלכע זענען אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן דורך דער רעוואָלוציע פון נאָוועמבער 1918, נייערט אויך וועגן אַזעלכע געלטער, וועלכע ווערן געצאָלט פון זינט יאָרן און יאָרן צו די אָפּשטאַמענדיקע פון קליינע פּאָטענטאַטן, וועמעס מדינות זענען נאָך מיט 130 יאָר צוריק לגמרי פאַרשוואונדן פון דער מאַפּע. צו דידאָזיקע אָפּשטאַמיקע פון געוועזענע ווינקלדעספּאָטן צאָלט דאָס רייך יערלעך די קלייניקייט פון 1.834.139.91 מאַרק. פון די פירשטן, וועלכע האָבן רעגירט ביז צום אויסברוך פון דער רעוואָלוציע, האָבן די האָהענצאָלערן אַליין צוגעשטעלט פאַ־דערונגען אויף 200 מיליאָן גאָלדמאַרק אַנטשעדיקונג. די פּרעטענזיעס פון אַלע פירשטן צוזאַמען באַטרעפן פיר מאָל אַזוי פיל ווי די דייוויס־הלוואה. בעת מ׳האָט ביי די אָרעמסטע פון די אָרעמע כסדר אַראָפּגענומען פון די עטלעכע גראָשנס, וועלכע זענען נישט געווען גענוג צו באַפרידיקן די נייטיקסטע באַדערפעניש, איז קיין אייגנעם פון יענע „אַדעליקע״ אַפילו נישט געקומען אין געדאַנק צו רענונסירן פון אַ פעניק אפילו, בכדי צו פאַרמינערן די נויט. פונקט ווי שיילאָק, האָבן זיי זיך געהאַלטן ביי זייער פונט פלייש און געגעבן דער וועלט דעם קלאַסישן ביישפּיל, וואָס פאַראַ פּנים ס׳האָט די „אינטערעסן־בשותפותדיקייט פון דער נאַציע״.

דאָס איז נישט חל בלויז אויף דייטשלאַנד. די מכלומרשטע בשותפותדיקייט פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן עקזיסטירט נישט אין קיין שום לאַנד און איז אין עצם נישט עפּעס אַנדערש ווי דאָס אונטערטראָגן פאַלשע פאַקטן אין אינטערעס פון קליינע מינדערהייטן. אַזוי איז די פראַנצויזישע פּרעסע בשעת דעם קאַמף אין רור־געביט נישט מיד געוואָרן צו פאַרזיכערן כסדר דעם פאָלק, אַז דייטשלאַנד מוז געצווינגען ווערן צו צאָלן, אויב פראַנקרייך וויל נישט גיין צוגרונט, און ווי אומע־טום, האָט מען אויך דאָרט דידאָזיקע איבערחזרונגען אָנגענומען פאַר גוט געלט. דאָס ענדערט אָבער גאָרנישט אינעם פאַקט, אַז פון די ריזיקע סומעס, וועלכע דייטש־לאַנד האָט געמוזט איבערגעבן פראַנקרייך נאָכן סוף פון דער מלחמה, איז בלויז אַ פאַרשווינדנדיק־קליינער חלק באמת אָנגעקומען צו דער פראַנצויזישער נאַציע ווי אַזעלכער און פאַרוועגדט געוואָרן פאַרן באַנייאיקן אויפבוי פון די צעשטערטע געגנטן. פונקט ווי אומעטום, איז אויך דאָרט דער גרעסטער חלק אַוועק אין די לעכערדיקע קעשענעס פון פּריווילעגירטע מינדערהייטן. פון די 11.400 מיליאָן גאָלד־מאַרק, וועלכע דייטשלאַנד האָט איינגעצאָלט צו פראַנקרייך ביז דעם 31טן דעצעמבער 1921 ווי רעפּאַראַציעס, זענען בלויז 2.800 מיליאָן פאַרוועגדט געוואָרן פאַרן ווי־דעראויפבוי; 4.300 מיליאָן זענען פאַרוועגדט געוואָרן בלויז פאַר דער אָקופּאַציע און פאַר די אינטעראַליִירטע קאָמיסיעס אין דייטשלאַנד.

אין פראַנקרייך, פונקט ווי אין דייטשלאַנד, איז דער ליידנדיקער טייל שטענ־דיק די אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג, פון וועמעס הויט די באַזיצנדיקע קלאַסן פון ביידע לענדער שינדן פּאַסן. בעת די פאַרשטייער פונעם גרויסקאַפּיטאַליזם פון די לענדער, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דער מלחמה, האָבן אָנגעזאַמלט ריזיקע פּראָפיטן און זענען שיער דערשטיקט געוואָרן אין אייגענעם שמאַלץ, האָבן מיליאָנען אומגליק־לעכע מענטשן געמוזט באַמיסטיקן מיט זייערע טויטע לייבער די שלאַכטפעלדער פון דער גאַנצער וועלט. און אויך היינטצוטאָג, ווען די פאַרעם פונעם קריג האָט זיך בלויז געביטן, זענען די אַרבעטנדיקע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט די באמת־ליידנדיקע, בעת די באַלעבאַטים פונעם באַדן, פון דער אינדוסטריע און די האַרן פון דער בערזע שמידן אויס מטבעות פון זייער נויט.

ס'איז גענוג צו וואַרפן אַ בליק אויף די מאָדערנע באַוואָפענונגס־אינדוסטריעס פון די פאַרשידענע לענדער, וועלכע באַשעפטיקן מיליאָנען אַרבעטער און האָבן אין זייער רשות אומגעהויערע קאַפּיטאַלן, און מ'באַקומט אַ מאָדנעם באַגריף וועגן דער „שותפותדיקייט פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן”. אין דידאָזיקע אינדוסטריעס באַ־לאַנגט דער פּאַטריאָטיזם און דער „באַנעם פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן” גאַנץ בפירוש צום געשעפט. די געלטער, וועלכע ווערן אויסגעגעבן דורך אָט־די אינדוסט־ריעס פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון דער נאַציאָנאַלער באַגייסטערונג, ווערן פאַרשריבן, פונקט ווי אַלע אַנדערע אויסגאַבן, פאַר דער אָפּהיטונג פון די אינטערעסן פונעם געשעפט. פונדעסטוועגן האָט דער נאַציאָנאַלער רעיון ביז היינט נישט אָפּגעהאַלטן קיין שום פירמע אין דער באַוואָפענונגס־אינדוסטריע צו פאַרקויפן אירע מאָרד־ און צעשטערונגס־פּראָדוקטן יעדער איינער מלוכה, וועלכע האָט איר געצאָלט די פּאַר־לאַנגטע פּרייזן. וואו דאָס פּאַסירט נישט אַזוי, זענען פאַראַן גוט־אויסגערעכנטע געשעפטס־אינטערעסן אין שפּיל. פונקט אַזוי לאָזט זיך נישט די הויכפינאַנץ פון וועלכן־נישט־איז לאַנד אָפּהאַלטן דורך פּאַטריאָטישע סיבות פון צו לייען פרעמדע מלוכות די נייטיקע געלטער פאַר מלחמה־צוגרייטונגען, ווען אפילו די זיכערקייט פונעם אייגענעם לאַנד ווערט דורך דעם געשטעלט אין סכנה. געשעפט איז גע־שעפט. *)

---

*) געשעפטן פון דעם מין מוזן אַפילו אָפּטמאָל דערפירן צו באַוועגן דעם אייגענעם שטאַט צו מאַכן באַשטעלונגען. אַזוי גיט־איבער וואַלטאָן ניובאָלד אין אַ בוך, וואָס איז ווערט געלייענט צו ווערן, איינצלנע קאָנקרעטע פאַלן פון דער געשעפטלעכער פּראַקטיק פון דער באַקאַנטער באַוואָפענונגס־פירמע „מיטשעל ענד קאָמפּ.” אין ענגלאַנד, וועלכע זענען שטאַרק כאַראַקטעריסטיש פאַר די מעטאָדן פון דער באַוואָפענונגס־אינדוסטריע.

„אַרמסטראָנג איז געווען אַ גאון — שרייבט ניובאָלד. — זיין פירמע האָט געבויט פאַר טשילע אַ זייער גרויסע קרייצערשיף, די „עסמעראַלדאַ”. ווען די שיף איז געווען אויס־געענדיקט, האָט ער זיך געווענדט צו דער בריטישער עפנטלעכקייט און דערקלערט מיט דער גאַנצער שפע פון מאָראַל'ישן אויפברויז, אַז אונדזער (דער ענגלישער) פלאָט האָט נישט אַזאַ שיף, וואָס זאָל די „עסמעראַלדאַ” קאָנען איבעריאָגן, פון איר אַנטלויפן אָדער מיט דערפאָלג זיך מיט איר פאַרמעסטן אין אַ שלאַכט. און ער האָט אָנגעוויזן אויף דער סכנה, וועלכע קאָן אַנטשטיין פאַר אונדזער האַנדל פון אַזעלכע שיפן. די אַדמיראַליטעט איז באַלד נאָכגעקומען דעמדאָזיקן אײדעלן רמז און האָט געקויפט ביי דער סער אַרמ־

ס'איז אַ לגמרי נאָרמאַלע דערשיינונג, אַז די גרויסע אונטערנעמער פון דער באַוואָפענונגס־אינדוסטריע פאַראייניקן זיך געשעפטלעך, בכדי צו באַזייטיקן די קעגנזייטיקע קאָנקורענץ און צו פאַרגרעסערן די פאַרדינסטן. פון דער גרויסער צאָל קערפערשאַפטן פון דעם מין זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן בלויז דער „נאָבעל־דינאַמיט־טראַסט", וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1886 און האָט באַלאַנגט צו די ענגלישע, פראַנצויזישע, דייטשע און איטאַליענישע פירמעס; און גאָר ספּעציעל אָבער די „האַרוויי קאָנטינענטאַל סטיל קאָמפּאַני", וועלכע איז אויפגעקומען אין 1894, נאָכדעם ווי די האַרוויי־שטאָל־פאַבריקן אין ניו זשערסי האָבן אויסגעפונען אַ נייע פּראָצעדור אויסצואַרבעטן דינערע און שטאַרקערע געפּאַנצערטע פּלאַטן, וועל־

סטראָנגס פירמע דעם גרעסטן טייל קאַנאָנען און באַוואָפענונגס־מכשירים פאַר נייע און פאַרבעסערטע „עסמעראַלדאַס". שפּעטער האָט דיזעלביקע פירמע געבויט אַ נאָך בעסערע קרייצערשיף, די „פּיעמאָנטע", פאַר איטאַליע; און ווידער באַנייס האָט אַרמסטראָנג פאַרשטאַנען צו אינטערעסירן די וועלט מיט זיין פירמע און די דרום־אַמעריקאַנישע מלוכות האָבן זיך געריסן צווישן זיך און מיט יאַפּאַן צו באַקומען די ערשטע פאַרבעסערטע „פּיעמאָנטעס" פון עלזוויק. אויך ענגלאַנד האָט צוגעקויפט אייניקע „פּיעמאָנטעס", וועלכע זענען טאַקע אויסגעבויט געוואָרן ערגעץ אַנדערש־וואו, אָבער זיי זענען געווען אויסגעשטאַט מיט קאַנאָנען לויט אַרמסטראָנגס נייסטן מאָדעל".

אויף אַן אַנדער אָרט אינפאָרמירט ניובאָלד:

„קרוב דרייסיק יאָר האָבן זיך באַקעמפט די פירמעס פון סער וויליאַם אַרמסטראָנג און סער דזשאָזעף וויטוואָרט, ביידע פאַבריקאַנטן פון האַרמאַטן, ווי אַ הונט מיט אַ קאַץ און זיך באַמיט מיט אַלע כוחות צו דעספּרעסטיזשירן איינער דעם אַנדערנס פּראָדוקטן. נאָר אויף איין פּונקט האָט ביי זיי געהערשט איינשטימיקייט: ביידע האָבן פאַרטראָטן די מיינונג, אַז אַלע הוצאות פאַר דער פאַבריקאַציע פון געפּאַנצערטע פּלאַטן דאַרפן באַטראַכט ווערן ווי אומניצלעך־צעפּטרט געלט, וועלכעס מ'דאַרף בעסער אויסגעבן אויף קאַנאָנען. ביידע פירמעס האָבן בלויז אויסגעאַרבעט קאַנאָנען און נישט קיין געפּאַנצערטע פּלאַטן. צען יאָר נאָך אָט־דעם מוטיקן קאַמף קעגן די געפּאַנצערטע פּלאַטן, ווען ביידע פירמעס האָבן זיך פאַראייניקט, איז דער ערשטער שריט פון זייערע נאָכקומער געווען די איינאָרדענונג פון אַ וואונדערבאַרער פאַבריק פאַר דער אויסאַרבעטונג פון געפּאַנצערטע פּלאַטן".

(J. T. Walter, Newbold, How Europe Armed for War, London, 1916).

דידאָזיקע פאַלן זענען בשום אופן נישט די ערגסטע און נישט בלויז אין „פּערפידן אַלביאָן" זענען זיי מעגלעך. יעדע געווער־פאַבריק, אָן חילוק צו וועלכער נאַציע זי געהערט, האַלט זיך ביי דיזעלביקע אומריינע מעטאָדן און פאַרשטייט אויסגעצייכנט ווי אַזוי צו „קאָרעגירן" די פאַראַנענע מעגלעכקייטן פאַר אַ גוט געשעפט לטובת אירע רווחים. אָט איז איין ביישפּיל בלויז:

„דעם 19־טן אַפּריל 1913 האָט דער דעפּוטאַט קאַרל ליבקנעכט, געשטיצט פונעם דעפּוטאַט פון צענטרום, פּפייפער, געמאַכט אין רייכסטאַג אַ דערקלערונג, וועלכע האָט אויפגערודערט גאַנץ דייטשלאַנד. אויפן סמך פון אומאָפּפרעגבאַרע דאָקומענטן אין זיין רשות האָט ער אַרויסגעבראַכט דעם באַווייז, אַז דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ געוויסן בראַנדט האָט קרופּ געלאָזט איבערקויפן אַ געוויסע צאָל נידעריקערע באַאַמטע פונעם הויכן גענעראַל־שטאַב און פונעם קריגס־מיניסטעריום, בכדי צו באַקומען אין זיינע הענט וויכטיקע געהיימע אַקטן וועגן בקרובדיקע באַשטעלונגען פון מאַפּו. חוץ דעם האָט קרופּ אַריינגענומען אין זיין דינסט אָפיצירן פון אַלע ראַנגן, אַפילו גענעראַלן און אַדמיראַלן, מיט די העכסטע געהאַלטן, וועלכע דאַרפן אים ברענגען באַשטעלונגען פון דער אַרמיי. און טאָמער איז דאָס אַלעס נישט געווען גענוג, האָט ער, בשותפות מיט אַנדערע קריגס־ליפעראַנטן: מאַוזער, טיסען, דירען, לעווע, אָפּגעקויפט אַ טייל פון דער פּרעסע, בכדי אויפצובראָזן דעם הורא־פּאַטריאָטיזם און די קריגס־שטימונג. בעת אַן איבערפאַל האָט מען געפונען אַ טייל פון אָט־די געהיימע אַקטן ביים וויצע־דירעקטאָר פון די קרופּ־פאַבריקן, הער פאָן דעוויץ. דורך דערדאָזיקער אַגיטאַציע פון די צייטונגען האָט דאָס דייטשע פאָלק

כע זענען תיכף פאַרווענדט געוואָרן פון די פאַרשידענע רעגירונגען פאַר זייערע פלאָנן.
די ערשטע דירעקטאָרן פון יענעם אינטערנאַציאָנאַלן פאַנצער־פלאַטן־טראָסט זענען געווען שאַרל קאַמעל, שאַרל ע. עליס (פירמע דזשאָן בראָון ענד קאָ., ענגלאַנד), עדואַרד מ. פאָקס (האַרוויי סטיל קאָמפּאַני, ניו זשערסי, אַמעריקע), מאָריס זשעני (שניידער אי קאָ., פראַנקרייך), זשאָסעף דע מאָנטגאָלפייער (שיף און אייזנבאַן־געזעלשאַפט, פראַנקרייך), לעאָן לעווי (פאָרזיצער פון דער שאַטיליאָן־קאָמענטרי־קאָמפּאַניע אין פראַנקרייך), יאָזעף אָט (א. ג. דיללינגערס היטטענווערקע, דייטשלאַנד), לודוויג קליפפעל (א. ג. קרופּ, דייטשלאַנד), אַלבערט וויקקערס.

דיזעלביקע מענטשן, וועמעס באַצאָלטע פרעסע האָט יאָר־איין יאָר־אויס געמוזט

---

געדאַרפט דורכגעדרונגען ווערן מיטן געפיל פון דער שטענדיקער סכנה מצד די אַנדערע מלוכות און במילא באַאַרבעט ווערן פאַר דער הסכמה אויף נייע באַוואָפענונגען און העכערע אויסגאַבן פאַר דעמזעלביקן צוועק. לויט דער צייט פון יאָר און! לויט דער באַדערפעניש האָט מען אויסגעביטן דעם נאָמען פונעם דראָענדיקן שונא. ווען קרופּ אָדער טיסען האָבן געדאַרפט האָבן באַשטעלונגען אויף מאַשינגעווערן, איז דער שונא געווען דער רוס אָדער דער פראַנצויז; האָבן די שטעטינער ווערפטן געוואָלט באַשטעלונגען אויף געפּאַנצערטע שיפן, איז דעמאָלט דייטשלאַנד געשטאַנען אין סכנה מצד דעם ענגלענדער. ליבקנעכט האָט געהאַט צווישן זיין באַשולדיקונגס־מאַטעריאַל דעם בריוו פונעם דירעקטאָר פון לעוועס געווער־פאַבריק צו זיין פאַריזער פאַרטרעטערשאַפט אויף דער רוּאַ דע שאַטאָדום:

„וואָלט איך אפשר מעגלעך געווען צו לאָזן פאַרעפנטלעכן אין איינער פון די אַממייסט געלייענטע צייטונגען אין פראַנקרייך, אַמליבסטן אין „פיגאַראָ”, אַן אַרטיקל בערך ווי: „דאָס פראַנצויזישע קריגס־מיניסטעריום האָט באַשלאָסן היפּש צוצואיילן די פאַבריקאַציע פון די מאַשינגעווערן פאַר דער אַרמיי און צו פאַרטאָפּלען די פריער געמאַכטע באַשטעלונגען”. טוט, איך בעט אייך, אַלץ, וואָס איר קאָנט, בכדי צו פאַרשפּרייטן אַזעלכע און ענלעכע ידיעות”.

(אונטערגעשריבן) פאָן גאָנטאַרד, דירעקטאָר

אָבער דער באַריכט איז נישט אויפגענומען געוואָרן אין אַזאַ פאָרעם. דער ליגן איז געווען אַ צו באַשיימפּערלעכער און דאָס קריגס־מיניסטעריום וואָלט אים תיכף געווען אָפּגעלייקנט. דאַקעגן זענען דערשינען אייניקע טאָג נאָכדעם — גאַנץ צופעליק, נאַטירלעך! — אין „פיגאַראָ”, אין „מאַטען” און אין דעם „עקאָ דע פּאַרי” אַרטיקלען וועגן די מעלות פון די פראַנצויזישע מאַשינגעווערן און וועגן דער איבערטרעפלעכקייט. וואָס איז דערמיט דערגרייכט געוואָרן פאַר דער באַוואָפענונג פון דער פראַנצויזישער אַרמיי.

מיט דידאָזיקע צייטונגען אין דער האַנט האָט דער פּרייסישער דעפּוטאַט שמידט, אַ פאַרבינדעטער פון דער דייטשער שווערעאינדוסטריע, אינטערפּעלירט דעם רייכסקאַנצלער און אים געשטעלט די פראַגע, וואָס די רעגירונג דענקט צו טאָן, בכדי קעגנצואווירקן דערדאָזיקער סכנה מצד פראַנקרייך און ווידער אויפצוריכטן דאָס גלייכגעוויכט אין דער באַוואָפענונג. איבעררעשט און גלייכצייטיק אָפּגעשראָקן האָט דער רייכסטאָג מיט אַ גרויסער מערהייט און אָן אַ דעבאַטע באַוויליקט די מיטלען פאַר דער פאַרמערונג פון די מאַשינגעווערן. פראַנקרייך האָט, פאַרשטייט זיך, געענטפערט דערויף מיט אַ ווייטערדיקער פאַרשטאַרקונג פון אָט דעם מין געווער. און בעת דער „פיגאַראָ”, „מאַטען” און „עקאָ דע פּאַרי” האָבן אַריינגעוואָרפן אין אומרו דאָס פראַנצויזישע פאָלק דורך אויסצוגן פון פאַנגערמאַנישע צייטונגען, ספּעציעל פון דער „פּאָסט”, וועמעס הויפּט־אַקציאָנער ס'איז געווען גאָנטאַרד, איז די עפנטלעכע מיינונג אין דייטשלאַנד אויפן זעלבן שטייגער צוגעגרייט געוואָרן פאַר נייע באַוואָפענונגען. די דיווידענדן פון די קרוסאָטס, די מאַוזערס און קרופּס זענען געשטיגן, די דירעקטאָרן האָבן באַקומען גרעסערע לוינען, „פיגאַראָ”, „מאַטען” און „עקאָ דע פּאַרי” האָבן איינקאַסירט אַ געוויסע צאָל טשעקן און דאָס פאָלק האָט געצאָלט, ווי תמיד”. (הינטער די קוליסן פונעם פראַנצויזישן זשורנאַליזם פון אַ פאַריזער שעפרעדאַקטאָר, ז. 129, בערלין 1925).

אָנפירן די אומפאַרשעמטסטע העצע קעגן אַנדערע לענדער און נאַציעס, בכדי צו זען, אַז ס'זאָל שטענדיק זיין וואַכזאַם דער „נאַציאָנאַלער גייסט" אינעם אייגענעם פאָלק, האָבן נישט קיין שום אָפּהאַלט זיך צו פאַרבינדן געשעפטלעך מיט די באוואָפענונגס־אינדוסטריעס פון אויסלאַנד, זאָל זיין אפילו בלויז פאַרן צוועק צו קאָנען אַזוי אַרום נאָך בעסער עקספּלואַטירן דאָס אייגענע פאַטערלאַנד. אַזוי האָט די סענסאַציאָנעלע פּוטילאָוו־אַפערע אין יאַנואַר 1914 קלאָר באַוויזן, אַז אין די פּוטילאָוו־פאַבריקן פון פּעטערבורג אַרבעטן נישט נאָר צוזאַמען אין דער בעסטער האַרמאָניע פראַנצויזישער און דייטשער קאַפּיטאַל, נייערט אַז אויך ערשטקלאַסיקע פאַכלייט פון דער געווער־אינדוסטריע פוןביידע לענדער העלפן־צו די רוסן ביים צוגרייטן זייער שווערע אַר־טילעריע. מיט בייסיקער איראָניע האָט געשריבן דער גוט־אינפאָרמירטער מחבר פון אַ בוך, אין וועלכן ס'ווערט אומברחמנותדיק אויפגעדעקט די מאָנסטערהאַפטע פאַר־קויפלעכקייט פון דער נאַציאָנאַלער פרעסע אין פראַנקרייך, וועגן יענע כאַראַקטער־ריסטישע געשעענישן:

„די פּוטילאָוו־פאַבריקן, נישט זייענדיק אימשטאַנד נאָכצוקומען די באַ־שטעלונגען פון דער רוסישער מלוכה, האָבן אין יאָר 1910 געמאַכט אַ שותפות מיט דער באַנק פון דער „אוניאָן פּאַריסיען", וועלכע האָט זיי געבאָרגט 24 מיליאָנען, אַזוי אויך מיט שניידערן פון די קרעזאָט־פאַבריקן, וועלכער האָט זיי צוגעשטעלט די פּלענער פון די 75־מילימעטערדיקע קאַנאָנען, זיינע אינ־זשעניערן און די נייטיקע טעכניקער, און אויך מיט קרופּן פון עסען, וועלכער האָט צוגעשטעלט די דערפאַרונגען פון דער דייטשער שווערער אינדוסטריע און אויך די עקספּערימענטירטע אויפזעער. מיר זעען דאָ ווי פראַנצויזישע און דייטשע אינזשעניערן אַרבעטן ברידערלעך פאַראייניקט אונטער דער אויפזיכט פון פאַרוואַלטונגס־באַאַמטער און געלטמענטשן, פון וועלכע די ערשטע האָבן באַלאַנגט צו דער גרופּע פון דער „אוניאָן פּאַריסיען" און די צווייטע זענען געווען קרובים פון דער דייטשער באַנק, ביי קאַנאָנען, מיט וועלכע זיי וועלן זיך שפּעטער דאַרפן אויסמאָרדעווען איינע די אַנדערע. באמת וואונדערלעך די דאָזיקע הערשאַפט פונעם אינטערנאַציאָנאַלן קאַפּיטאַליזם. *)

אין יאָר 1906 איז אין ענגלאַנד געשאַפן געוואָרן אַ געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע איבערצונעמען די ענגלישע פיליאַלע פון דער פירמע ווייטעיד ענד קאָ. אין פיומע און זי אָװעקשטעלן אונטער איר פאַרוואַלטונג. אַנדערע ענגלישע באַוואָפענונגס־פאַבריקן האָבן זיך באַטייליקט אין דערדאָזיקער אונטערנע־מונג, וועמעס דירעקטאָריום אין אונגאַרן איז אין 1914 באַשטאַנען פון אָט־די פּער־זאָנען: גראַף עדגאַר האָיאָס, גענעראַלדירעקטאָר, אַלבערט עדוואַרד דזשאָנעס, הענרי ווייטעיד (פירמע אַרמסטראָנג־וויטוואָרט), סעקסטאָן וויליאַם אַרמסטראָנג נאָבלע (געשעפטספירער פאַר אייראָפּע פון דער פירמע וויקערס), אַרטור טרואָר דייווסאָן (געשעפטס־אָנפירנדיקער דירעקטאָר פון דער פירמע וויקערס), און פראָפעסאָר זיגיס־מונד דאָנקל. ווי מיר זעען, כמעט אַלע ענגלישע נעמען און פאַרטרעטער פון די באַקאַנטסטע און מעכטיקסטע פירמעס פון דער ענגלישער באַוואָפנונגס־אינדוסטריע.

און אונטער אָט־דעם דירעקטאָריום און אָט־דער

*) „הינטער די קוליסן פונעם פראַנצויזישן זשורנאַליזם", ז. 252.

קאָמערציעלער געזעלשאַפט איז קאָנסטיטואירט געוואָרן די דייטשע אונטערוואַסערשיף נומער 5, וועלכע האָט אין יאָר 1915 געזונקען אין דעם שמאָלן ים־פּאַס פון אָטראַנטאָ די פראַנצויזישע געפּאַנצערטע שיף „לעאָן גאַמבעטאַ“ מיט 600 פראַנ־צויזן אויפן באָרטן.

מ׳וואָלט נאָך געקאָנט ברענגען אַ שלל ענלעכע ביישפּילן, עס וואָלט אָבער געווען אַ כסדרדיקע איבערחזרונג פונעם זעלביקן בלוטיקן אמת. אַז ס׳האָט זיך אויף דעם געביט אויך נאָכן וועלטקריג גאָרנישט געענדערט, האָט בולט אָנגעוויזן דער באַקאַנטער ענגלישער לאָרד ראָבערט סעסיל נאָך אין יאָר 1932 אויף אַ ריזיקער מאַניפעסטאַציע פון די „פרידנס־קרייצטרעגערנס“ אין לאָנדאָן. לאָרד סעסיל האָט געמאַכט זייער שאַרפע אָנגריפן קעגן דער אינטערנאַציאָנאַלער באַוואָפענונגס־אינ־דוסטריע און באַזונדערס אונטערגעשטראָכן איר טונקעלן איינפלוס אויף דער פּאַריזער פּרעסע. אייניקע פון די גרעסטע פראַנצויזישע צייטונגען זענען, לויט זיינע דאַטן, אָפּגעקויפט געוואָרן דורך די פאַראינטערעסירטע אין דער שטאָל־ און אייזן־אינדוסט־ריע און זיי אַרבעטן טאָג און נאַכט קעגן דער אינטערנאַציאָנאַלער אָנטוואָפענונגס־קאָנפערענץ. ס׳איז אַ סוד פאַר גאַנץ בראַד, אַז די קלאָגעדיקע האַלטונג פונעם אַזוי גערופענעם „פעלקערבונד“ אין דער כינעזיש־יאַפּאַנישער פראַגע האָט טאַקע איר סיבה על־פּי־רוב אין די נידערטרעכטיקע מאַכינאַציעס פון דער אינטערנאַציאָנאַלער באַוואָפענונגסאינדוסטריע. נאַטירלעך, אַז אויך דאָס אינטערנאַציאָנאַלע הויכע פינ־נאַנצוועזן דרייט זיך אינעם זעלביקן קרייז. *)

ס׳האָט דעריבער לחלוטין נישט קיין זין צו רעדן וועגן אַ בשותפותדיקייט פון נאַציאָנאַלע אינטערעסן, ווייל דאָס, וואָס די הערשנדיקע קלאַסן האָבן ביז איצט פאַרטיידיקט אַלס „נאַציאָנאַלע אינטערעסן“, איז קיינמאָל נישט געווען עפּעס אַנ־

*) ס׳איז שוין פאַראַן אַ גאַנצע ליטעראַטור וועגן דאָזיקן טונקעלן קאַפּיטל פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג. חוץ די שוין דערמאָנטע שריפטן זאָלן דאָ נאָך דערמאָנט ווערן: „גענערעלע, הענדלער אונד זאָלדאַטן“ פון מאַקסים ציזע און הער־מאַן ציזע־בערינגער; „דהי דעוולס ביזנעס“ פון אַ פענגער־בראָקוויי; „דאָלאַר דיפּלאָ־מאַסי“ פון סקאָט נירינג און י. פרימאַן; „אויל ענד דהי דזשערם אָוו וואָר“ פון סקאָט נירינג, און בעיקר אָטטאָ לעמאַן־רוסבילדס אויסגעצייכנטע שריפט „די בלוטיקע אינ־טערנאַציאָנאַלע ריסטונגסאינדוסטרי“. ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס הגם ביז איצט איז נישט געמאַכט געוואָרן קיין שום פּרואוו אַפילו בלויז צו שטעלן אין ספק לעמאַן־רוס־בילדס שרעקלעכע פאַקטן, האָט די פריערדיקע דייטשע רעגירונג צוגענומען ביי אָט־דעם אויפריכטיקן מענטשן דעם פּאַספּאָרט, בכדי אים צו מאַכן אוממעגלעך אַרומצופאָרן אין אויסלאַנד, מחמת דערמיט וואָלטן די אינטערעסן פונעם רייך מכלומרשט געקאָנט געשטעלט ווערן אין סכנה. מ׳האַלט עס ווי אַ נאָרמאַלע זאַך אַז ציוויליזירטע קאַניבאַלן זאָלן מאַכן מסחר מיט דער אָרגאַניזירטער אויסמאָרדונג פון פעלקער און אַריינלייגן זייערע קאַפּי־טאַלן אין אונטערנעמונגען, וועמעס אונטערשטע שורה ס׳איז די גרויספאַרנעמיקע שחיטה פון מענטשן, בעת אין דערזעלביקער צייט לייגט מען געזעלשאַפטלעך אַריין אין חרם אַ מענטשן, וועלכער האָט דעם מוט אַרויסצוטרעטן בפרהסיה און דענונצירן די אומפאַר־שעמטע און פאַרברעכערישע מאַכינאַציעס פון גבזהדיקע מנוולים, וועלכע קוועטשן אויס קלינגענדיקע מטבעות פונעם בלוט און פיין פון מיליאָנען מענטשן.

דערש ווי די ספּעציפישע אינטערעסן פון פּריווילעגירטע מינדערהייטן אין דער געזעלשאַפט, אינטערעסן, וועלכע האָבן געמוזט פאַרזיכערט ווערן דורך עקאָנאָמישער עקספּלואַטאַציע און פּאָליטישער אונטערדריקונג פון די ברייטע מאַסן. פּונקט אַזוי ווי דער גרונט און באָדן פונעם אַזויגערופענעם פאָטערלאַנד און זיינע נאַטירלעכע רייכטימער האָבן תמיד געהערט צו יענע קלאַסן, אַזוי אַז מ׳האָט מיט פולן רעכט גערעדט וועגן אַ „פאָטערלאַנד פון די רייכע". וואָלט די נאַציע אינדעראמתן געווען אַ קהילה פון בשותפותדיקע אינטערעסן, אַזוי ווי מ׳האָט זי באַצייכנט, וואָלט עס אין דעם פאַל אין דער מאָדערנער געשיכטע קיינמאָל נישט געווען געקומען צו קיין רעוואָלוציעס און בירגער־מלחמות, מחמת צוליב פּשוטן פאַרגעניגן האָבן מסתמא די פעלקער זיך נישט גענומען צום געווער פונעם אויפשטאַנד; פּונקט ווי די אומ־ענדלעכע און אומאויפהערלעכע לוינקאַמפן, וועלכע זענען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם, קומען דאָך זיכער אויך נישט פאַר דערפאַר, ווייל ס׳גייט צו גוט דער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג.

אויב אָבער ס׳קאָן נישט זיין די רייד וועגן אַ בשותפותדיקייט פון די רייך־מאַטעריעלע און עקאָנאָמישע אינטערעסן בתוך דער נאַציע גופא, איז דאָס נאָך ווייניקער דער פאַל, ווען ס׳קומט צו די „גייסטיקע אינטערעסן". רעליגיעזע פּראָבלע־מען און ענינים פון וועלט־באַנעם האָבן נישט זעלטן אויפגעברויזט און צעטרייסלט נאַציעס אין זייערע טיפסטע טיפעניש און זיי געשפּאָלטן און צעטיילט אין פיינט־לעכע לאַגערן, וואָס מ׳דאַרף, אגב, דערביי נישט פאַרגעסן, אַז אויך אין אַזעלכע קאַמפן האָבן געהאַט אַ חלק עקאָנאָמישע און פּאָליטישע מאָטיוון און נישט זעלטן געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל. ס׳איז גענוג זיך צו דערמאָנען אין די בלוטיקע קאַמפן, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין פראַנקרייך, ענגלאַנד, דייטשלאַנד און אַנדערע לענדער צווישן די אָנהענגער פון דער אַלטער קירך און די פאַרשידענע ריכטונגען פונעם פּראָטעסטאַנטיזם און דורך וועלכע דאָס אינערלעכע גלייכגעוויכט פון דער נאַציע איז צעטרייסלט געוואָרן ביז צו די סאַמע יסודות; און אין די פאַרביסענע און נישט זעלטן טאָקע זייער געוואַלטזאַמע צוזאַמענשטויסן צווישן דעם דעמאָ־קראַטישן בירגערטום און די פאַרשטייער פונעם אַבסאָלוטיסטישן רעזשים; אינעם מערדערישן קריג צווישן די צפונדיקע און דרומדיקע שטאַטן פון נאָרדאַמעריקע פאַר און קעגן דער ווייטערדיקער עקזיסטענץ פון דער נעגער־קנעכטשאַפט און טויזנט אַנדערע דערשיינונגען אין דער געשיכטע פון אַלע פעלקער, און מ׳וועט לייכט איינזען, וואָס פאַראַ ווערט ס׳האָט די טענה וועגן דער נאַציע ווי די אָפּהיטערן פון די גייסטיקע אינטערעסן.

יעדע נאַציע איז היינט געשפּאָלטן אין אַ טוץ פאַרשידענע פּאַרטייען און אידעאָלאָגיעס, וועמעס טעטיקייט צעשטערט דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלער צוזאַ־מענגעהעריקייט און שטעלט אַרויס ווי אַ ליגן דאָס מעשהלע וועגן די גייסטיקע בשותפותדיקע אינטערעסן פון דער נאַציע. יעדע איינע פון די דאָזיקע פּאַרטייען האָט איר אייגענעם פּאַרטיי־ראַזאָן, לויט וועלכן זי באַקעמפט אַלעס, וואָס קאָן שטעלן

אין סכנה איר עקזיסטענץ, און הייבט־אויף ביז צום הימל אַלעס, וואָס פּאַסט אויס לטובת אירע אייגענע אינטערעסן. און היות יעדע ריכטונג קאָן פאַרטרעטן די אָנשויאונגען פון בלויז אַ געוויסער טייל פון דער נאַציע, אָבער קיינמאָל נישט די נאַציע גופא אין איר גאַנצן ארומנעם, דרינגט שוין פון דעם אַרויס, אַז די אַזוי־גערופענע „גייסטיקע אינטערעסן פון דער נאַציע" אָדער דער מכלומרשטער „נאַציאָ־נאַלער רעיון" שימערירט אין אַזוי־פיל פאַרשידענע פאַרבן און קאָלירן וויפיל פאַר־טייען און אידעאָלאָגיעס ס'זענען פאַראַן אין אַ לאַנד. דעריבער טענהט טאַקע יעדע פּאַרטיי וועגן זיך, אַז ביי איר זענען די גייסטיקע אינטערעסן פון דער נאַציע צום בעסטן אויפגעהיט און אין קריטישע צייטן איז דער פּועל־יוצא דערפון, אַז זיי פאַר־שרייען אַלע אַנדערע טענדענצן און שטרעבונגען ווי פיינטלעכע און פאַרעטערישע צום לאַנד, אַ מעטאָד, צו וועלכן מ'דאַרף טאַקע נישט האָבן קיין סך חריפות, הגם ער איז ביז איצט קיינמאָל נישט דורכגעפאַלן ביים דערגרייכן זיין צוועק. דייטשלאַנד און איטאַליע זענען די קלאַסישע עדות פאַר דעם.

אגב געפינט מען דידאָזיקע חלוקי־דעות פון די אידעען און אָנשויאונגען נישט בלויז צווישען פּאַרטייען, וועלכע שטייען איינע קעגן די אַנדערע ווי פאַרטרעטער פון באַשטימטע עקאָנאָמישע פּרינציפּן און מאַכטפּאָליטישע שטרעבונגען; מ'געפינט זיי אויך צווישן ריכטונגען, וועלכע שטייען, לויט זייער וועלט־באַנעם, אויפן זעלביקן שטאַנדפּונקט און זענען מחולק צווישן זיך בלויז אין ענינים פון מינדערוויכטיקער נאַטור. דווקא אין אַזעלכע פאַלן ווערט דער קאַמף צווישן די פאַרשידענע פראַקציעס נאָך פיל פאַרביסענער און אומפאַראייינבאַרער און דערגייט נישט זעלטן צו אַזאַ גראַד פון פאַנאַטיזם, וועלכער איז פאַר יענע, וועלכע באַטייליקן זיך נישט אין אים, אומבאַגרייפלעך. אַ בליק אויף די היינטצוטאָגיקע קאַמפן צווישען די ריכטונגען אין לאַגער פונעם סאָציאַליזם איז אַ באַוויז פאַר דעם. וואָס טיפער מ'דרינגט אַריין אין תוך פון די זאַכן, אַלץ קלאָרער דערקענט מען, אַז ס'האַלט נישט גאַר פויגלדיק מיט דער איינהייטלעכקייט פון די גייסטיקע אינטערעסן אינערהאַלב דער נאַציע גופא. אינדעראמתן איז די אמונה אין דער מכלומרשטער איינהייטלעכקייט פון די גייס־טיקע אינטערעסן פון דער נאַציע נישט מער ווי אַן איינרעדעניש, אַן אילוזיע, וועלכע וועט אַזוי לאַנג אָנהאַלטן, כל־זמן די הערשנדיקע קלאַסן אינעם נאַציאָנאַלן שטאַט וועלן זיין אימשטאַנד אָפּצונאַרן די ברייטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג דורך אויסערלעכער פאַרבלענדונג וועגן די אמתע סיבות פון דער געזעלשאַפטלעכער צע־ריסנקייט.

אָבער די פאַרשידנקייט פון די עקאָנאָמישע אינטערעסן און פון די גייסטיקע שטרעבונגען אינערהאַלב דערזעלביקער נאַציע אנטוויקלט נאַטירלעכערווייז באַזונ־דערע מינהגים און געוואוינהייטן ביי די מיטגלידער פון די פאַרשידענע געזעל־שאַפטלעכע קלאַסן; ס'איז דעריבער אויך שטאַרק איבערגעטריבן צו רעדן וועגן אַ בשותפותדיקייט פון נאַציאָנאַלע מינהגים און געוואוינהייטן. אַזאַ באַנעם האָט בלויז אַ רעלאַטיוון ווערט. אינדעראמתן, וואָס פאַראַ שותפותע שייכות איז מעגלעך צו

געפינען צווישן אַ באַוואוינער פונעם בערלינער „מיליאָנערן־פערטל״ און אַ מינענאַר־בעטער אין רורגעביט ? צווישן אַ האָלצהעקער אין בייערישן האָכוואַלד און אַ מזרח־עלבישן יונקער ? צווישן אַ מאָדערנעם מאַגנאַט פון דער אינדוסטריע און אַ פּשוטן לוינאַרבעטער ? צווישן אַ פּרייסישן גענעראַל און אַ האַלשטייניישן פישער ? צווישן אַ „מאָדערנער״, מיט יעדן לוקסוס ארומגערינגעלטער דאַמע און אַ היימאַרבעטערן אין די שלעזישע אוילענבערג ? יעדעס גרעסערע לאַנד אַנטהאַלט אין זיך אַ שלל אונ־טערשיידן פון קלימאַטישער, קולטורעלער, עקאָנאָמישער און אַלגעמיין־געזעלשאַפט־לעכן כאַראַקטער. ס׳האָט זיינע גרויסע שטעט, זיינע אנטוויקלטע אינדוסטריעלע געגנטן, זיינע איזאָלירטע קליינע דאָרפס־ישובים און טאָלען צווישן בערג, אין וועלכע ס׳איז קוים אַריינגעדרונגען אַן אָפּגלאַנץ פונעם מאָדערנעם לעבן. דידאָזיקע אומ־ענדלעכע פאַרשידנקייט פון די גייסטיקע און מאַטעריעלע לעבנס־באַדינגונגען שליסט שוין אויס יעדע ענגערע געמיינשאַפטלעכקייט פון די מינהגים און געוואוינהייטן.

יעדער שטאַנד, יעדער קלאַס, יעדער שיכט פון דער געזעלשאַפט אנטוויקלט זיינע באַזונדערע לעבנס־געוואוינהייטן, אין וועלכע דעם דרויסנדיקן איז שווער אַריינ־צודרינגען. ס׳איז בשום אופן נישט קיין גוזמא צו באַהויפּטן, אַז צווישן דער אַרבע־טערישער באַפעלקערונג פון די פאַרשידענע נאַציעס איז פאַראַן אַ גרעסערע בשות־פותדיקייט אין די אלגעמיינע מנהגים און לעבנס־געוואוינהייטן ווי צווישן די באַ־זיצנדיקע און באַזיצלאָזע שיכטן פון דערזעלביקער נאַציע. אַן ארבעטער, וועלכער ווערט פאַרוואָרפן קיין אויסלאַנד, וועט זיך באַלד איינלעבן צווישן מענטשן פון זיין פאַך אָדער זיין קלאַס, בעת ס׳זענען פאַר אים הערמעטיש פאַרשלאָסן די טירן צו אַנדערע געזעלשאַפטלעכע קלאַסן פון זיין אייגענעם לאַנד. דאָס איז נאַטירלעך אויך נוגע אַלע אַנדערע קלאַסן און שיכטן פון דער באַפעלקערונג.

די שאַרפע סתירות צווישן שטאַט און דאָרף, וועלכע עקזיסטירן היינט כמעט אין אַלע לענדער, געהערן צו די גרעסטע סאָציאַלע פּראָבלעמען פון אונזער צייט. ביז צו וועלכן גראַד דידאָזיקע סתירות קאָנען דערגיין, ווענן דעם האָט אונדז דייטש־לאַנד אין דער שווערער צייט פון דער אנטווערטונג פונעם געלט געגעבן אַ לעקציע, וועלכע מ׳קאָן נישט לייכט פאַרגעסן, מחמת דאָס האָט פּאַסירט דעמאָלט, ווען ס׳איז פאָרגעקומען די פּלאַנמעסיק־אָרגאַניזירטע אויסהונגערונג פון די שטעט און ס׳איז אויסגעהאַמערט געוואָרן די געפליגלטע פראַזע וועגן דעם „פאָלק, וועלכעס מוז שטאַרבן פון הונגער ביי פולע שייערן״. יעדער אָפּעל צום נאַציאָנאַלן גייסט און די דערמאָנונג וועגן די „כלומרשט־בשותפותדיקע אינטערעסן פון דער נאַציע״ האָבן דעמאָלט אָפּגעהילכט ווי אַ געשריי אין דער מדבר און מיט דער גאַנצער קלאָרקייט באַוויזן, אַז דאָס מעשהלע וועגן דער בשותפותדיקייט פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פּלאַצט ווי אַ זייפנבלאָז, וויבאַלד עס באַווייזן זיך באַזונדערע אינטערעסן פון באַ־שטימטע קלאַסן. אָבער צווישן שטאָט און דאָרף זענען פאַראַן נישט בלויז ריין־עקאָ־נאָמישע סתירות; פאַראַן צווישן זיי אויך אַ ריין סענטימענטאַלער, געפילמעסיקער ווידערווילן, וועלכער איז אויפגעקומען ביסלעכווייז פון דער פאַרשידנקייט פון די

געזעלשאַפטלעכע לעבנס־באַדינגונגען און וועלכער איז היינט פאַרוואָרצלט זייער טיף. פאַראַן ווייניק שטאָטמענטשן, וועלכע זאָלן זיין אימשטאַנד צו באַנעמען און אריינצודרינגען אין דער גערדאַנקענוועלט און לעבנסבאַנעם פונעם פויער. דעם פויער ווידער איז אפשר נאָך שווערער אַריינצודרינגען אינעם גייסטיקן און נשמהדיקן לעבן פונעם שטאָטמענטש, קעגן וועמען ער פילט פון זינט דורות אַ שטומען פאַרדראָס, וועלכער לאָזט זיך דערקלערן נאָר דורך די ביזאיצטיקע געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען צווישן שטאָט און דאָרף.

דער זעלביקער תהום איז אויך פאַראַן צווישן די אינטעלעקטועלע שיכטן פון יעדער נאַציע און די ברייטע מאַסן פון דער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג. אפילו צווישן יענע אינטעלעקטואַלן, וועלכע זענען שוין זינט יאָרן טעטיק אין דער סאָציאַליסטישער אַרבעטערבאַוועגונג, איז פאַראַן גאַנץ ווייניק אַזעלכע, וועלכע זענען באמת אימשטאַנד איינגאַנצן אַריינצודרינגען אין דער אינערלעכער געפילסוועלט און פאַרשטעלונגסקרייז פונעם אַרבעטער. אויף אַ טייל אינטעלעקטואַלן ווירקט דאָס אפילו שטאַרק פיינלעך, אַן אומשטאַנד, וועלכער איז אָפטמאָל אַ סיבה פון טראַגישע אינערלעכע קאָנפליקטן. פאַרשטייט זיך, אַז אין דעם פאַל האַנדלט זיך נישט וועגן איינגעבוירענע פאַרשידנקייטן פונעם דענקען און פילן, נייערט וועגן די קאָנסעקווענצן פון אַ ספּעציעלן לעבנסשטייגער, וועלכע קומען פון די ווירקונגען פון אַן אַנדערן מין דערציאונג און אַן אַנדערער געזעלשאַפטלעכער סביבה. וואָס עלטער עס ווערט אַ מענטש, אַלץ שווערער איז אים זיך צו באַפרייען פון אָט־די ווירקונגען, וועמעס רעזולטאַטן ווערן ביי אים זיין צווייטע נאַטור. דידאָזיקע נישט־אָנזעעוודיקע וואַנט, וועלכע עקזיסטירט היינטצוטאָג צווישן די אינטעלעקטואַלן און די מאַסן אַרבעטנדיקע מענטשן אין יעדן לאַנד, איז איינע פון די הויפּט־סיבות פונעם געהיימען אומצוטרוי, וועלכן ברייטע קרייזן פון דער אַרבעטערשאַפט ווייזן אַרויס, על־פּי־רוב אומבאַוואוסטזיניק, צו די אינטעלעקטואַלן, און וועלכער האָט זיך ביסלעכווייז קאָנדענסירט אין דער באַקאַנטער „טעאָריע פון דער מאַזאָליעדיקער פויסט״.

און פיל שווערער איז עס איינצושטעלן גייסטיקע באַרירונגס־פּונקטן צווישן די פאַרטרעטער פונעם גרויסקאַפּיטאַל און דער אַרבעטערשאַפט פון אַ נאַציע. פאַר מיליאָנען אַרבעטער איז דער קאַפּיטאַליסט נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַזאַ מין פּאַליפּ, וועלכער דערנערט זיך פון זייער שווייס און בלוט; אַ סך באַגרייפן אפילו נישט, אַז הינטער די עקאָנאָמישע פונקציעס קאָנען נאָך אויך זיין ריין־מענטשלעכע קוואַליטעטן. אָבער דער קאַפּיטאַליסט שטייט אין רוב פאַלן הימלווייט פון די שטרעבונגען פון די אַרבעטער, און גאַנץ אָפט אפילו באַציט ער זיך צו זיי מיט יענער בפירושער שטאָלצער פאַראַכטונג, וועלכע ווירקט אויף די אַרבעטער אָפט דערדריקנדיקער און דערנידעריקנדיקער ווי דער עצם פאַקט פון דער עקאָנאָמישער עקספּלואַטאַציע גופא. און בעת ער איז שטענדיק אָנגעפילט מיט אַ געוויסן אומצוטרוי צו דער אַרבעטערשאַפט פונעם אייגענעם לאַנד, אַן אומצוטרוי, צו וועלכן ס׳מישט זיך נישט

זעלטן צו אָפענע שנאה, ווייזט ער שטענדיק אַרויס זיין איבערגעגעבנהייט צו די באַ־זיצנדיקע קלאַסן פון אַנדערע נאַציעס אַפילו דעמאָלט, ווען עס האַנדלט זיך בלויז וועגן ריין־עקאָנאָמישע אָדער פּאָליטישע פראַגן. דאָסדאָזיקע פאַרהעלטעניש מעג אַפילו פון צייט צו צייט אָפּגעשוואַכט ווערן, ווען די אינטערעסן־סתירות שטויסן זיך צו שטאַרק צונויף, אָבער דער אינערלעכער קאָנפליקט צווישן די באַזיצנדיקע און באַזיצלאָזע קלאַסן אינערהאַלב דעמזעלביקן לאַנד פאַרשווינדט קיינמאָל נישט.

אויך מיט דער „בשותפותדיקייט פון דער נאַציאָנאַלער טראַדיציע" קאָן מען ווייט נישט דערגיין. געשיכטלעכע טראַדיציעס זענען דאָך אייגנטלעך נאָך אויך עפּעס אַנדערש ווי דאָס, וואָס ווערט אונדז אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ אין די בילדונגס־אַנשטאַלטן פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט. בכלל איז די טראַדיציע אָן און פאַר זיך נישט דאָס עיקרדיקע; פיל וויכטיקער איז אַזוי ווי דאָס טראַדיציאָנעלע ווערט אויפגענו־מען, אויסגעטייטשט און געפילט פון די פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע שיכטן פון דער נאַציע. דעריבער איז דער באַגריף וועגן דער נאַציע ווי וועגן אַ „גורל־געמיינ־שאַפט" אַזוי טעותדיק און צווייִדייטיק. ס'זענען פאַראַן פּאַסירונגען אין דער געשיכ־טע פון יעדער נאַציע, וועלכע ווערן פון אַלע מיטגלידער אויפגענומען ווי גורלדיקע, אָבער דער אופן ווי אַזוי זיי באַנעמען און פילן דאָס, איז שטאַרק פאַרשידן און עס ווערט אָפּט באַשטימט דורך דער ראָל, וועלכע די אָדער יענע פאַרטיי אָדער קלאַס האָט געשפּילט אין יענע געשעענישן. ווען ס'זענען אין דער צייט פון דער קאָמונע אין פּאַריז אומגעבראַכט געוואָרן 35.000 מענער, פרויען און קינדער פון דער אַר־בעטערשאַפט, איז דידאָזיקע גרויזאַמע מפּלה בלי שום ספק פאַר ביידע צדדים גע־וואָרן פאַטאַל. אָבער בעת איין צד האָט מיט דורכגעשאָסענע ברוסטן און צעשמע־טערטע גלידער באַדעקט די גאַסן פון דער הויפּטשטאָט, האָט זייער טויט געגעבן אַ מעגלעכקייט די אַנדערע צו פאַרפעסטיקן באַנייס זייער הערשאַפט, וועלכע די פאַר־לוירענע מלחמה האָט געהאַט גרינטלעך צעטרייסלט. און אין דעם זין לעבט די פּאַ־ריזער קאָמונע אויך אין די טראַדיציעס פון דער נאַציע. בעת פאַר די רייכע בלייבט דער אויפשטאַנד פון 18־טן מערץ 1871 אַ „הפקרדיקער בונט פון דער קאַנאַליע קעגן געזעץ און אָרדענונג", איז ער פאַר דער אַרבעטערשאַפט אַ „הערלעכער עפּיזאָד אי־נעם באַפרייאונגסקאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט".

גאַנצע ביכער וואָלט מען געקאָנט אָנפילן מיט ענלעכעביישפּילן פון דער געשיכטע פון אַלע נאַציעס. חוץ דעם גיבן אונדז די געשיכטלעכע פּאַסירונגען אין אונגאַרן, איטאַליע, דייטשלאַנד, עסטרייך א. אַנד. די בעסטע לעקציע וואָס פאַראַ פּנים ס'האָט די „גורלדיקע בשותפותדיקייט פון דער נאַציע". ברוטאַלע געוואַלט קאָן אַרויפצווינגען אויף אַ נאַציע אַ בשותפותדיקן גורל, פּונקט ווי זי קאָן אייגנווי־ליק שאַפן און צעשטערן נאַציעס; מחמת די נאַציע איז נישט עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז אַנטשטאַנען אָרגאַניש, נייערט אַזוינס, וואָס איז קינסטלעך געשאַפן געוואָרן פונעם שטאַט, מיט וועמען זי איז ענג צונויפגעוואָקסן, ווי יעדעס בלאַט פון דער געשיכטע ווייזט עס אונדז. אָבער דער שטאַט גופא איז נישט קיין אָרגאַנישע סטרוק־

טור, און די סאָציאָלאָגישע פאָרשונג האָט באַוויזן, אַז ער איז אומעטום און אין אַלע צייטן אויפגעקומען ווי אַ רעזולטאַט פון געוואַלטזאַמען אַריינרייסן זיך פון קריגעריש געשטימטע עלעמענטן אינעם לעבן פון פרידלעכע מענטשלעכע גרופּעס. נאַציע איז, בכן, אַ ריין־פּאָליטישער באַגריף, וועלכער אַנטשטייט בלויז דורך דער צוגעהעריקייט פון די מענטשן צו אַ באַשטימטן שטאַט. אויך אין אַזויגערופענעם פעלקערעכט האָט דאָס וואָרט נאַציע אויסשליסלעך דעמדאָזיקן באַטייט, וואָס דאָס דרינגט אַרויס שוין פון דעם, וואָס יעדער מענטש קאָן דורך נאַטוראַליזאַציע צוגעשריבן ווערן צו יעדער נאַציע.

מיט וועלכער אייגנוויליקייט ס׳איז דורך דער ברוטאַלער געוואַלט פונעם שטאַרקערן באַשטימט געוואָרן די אָנגעהעריקייט פון גאַנצע פעלקערגרופּן צו אַ נאַציע, וועגן דעם גיט אונדז די געשיכטע פון יעדן לאַנד אַ שלל מיט ביישפּילן. אַזוי האָבן זיך די איינוואוינער פון דער היינטיקער פראַנצויזישער ריוויעראַ אין אַ גע־וויסער נאַכט געלייגט שלאָפן ווי איטאַליענער און זענען צומאָרגנס אויפגעשטאַנען ווי פראַנצויזן, ווייל אַ שייקע דיפּלאָמאַטן האָט אַזוי באַשטימט. די העלגאָלענדער זענען געווען אַ גליד פון דער בריטישער נאַציע און געטרייע אונטערטאַנען פון דער ענגלישער רעגירונג, ביז ס׳איז איר איינגעפאַלן איבערצוגעבן די אינדזל צו דייטש־לאַנד, דורך וואָס די נאַציאָנאַלע אָנגעהעריקייט פון אירע איינוואוינער איז אויסגע־שטעלט געוואָרן צו אַ גרינטלעכן אומבייט. און אויב עס איז אַ טאָג פאַר אָט־דער אַנטשיידונג געווען זייער גרעסטע מידה־טובה צו זיין גוטע ענגלישע פּאַטריאָטן, איז זיי דידאָזיקע העכסטע טוגנט נאָכן איבערגעבן די אינדזל צו דייטשלאַנד פאַררעכנט געוואָרן ווי די גרעסטע עבירה קעגן „גייסט פון דער נאַציע". אַזעלכע ביישפּילן זענען פאַראַן אָן אַ שיעור; זיי זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער געשטאַל־טונגסגעשיכטע פון די מאָדערנע שטאַטן. געננג צו וואַרפן אַ בליק אויף די גייסט־לאָזע און טעמפּע באַשטימונגען פונעם ווערסיילער פרידנס־אָפּמאַך, כדי צו באַקו־מען אַ קלאַסישן ביישפּיל, ווי אַזוי נאַציעס ווערן פאַבריצירט קינסטלעך.

און היות דער שטאַרקער קאָן היינט און האָט תמיד געקאָנט דעצידירן אייגנוויליק וועגן דער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט פונעם שוואַכערן, אַזוי איז ער געווען און איז אויך איצט אימשטאַנד אייגנוויליק צו אַנולירן די עקזיסטענץ פון אַ נאַציע, ווען דאָס ווייזט זיך אים אויס לויטן צוליב שטאַטסאינטערעס. גענוג צו לייענען די מאָטיוון, מיט וועלכע פּרייסן, עסטרייך און רוסלאַנד האָבן בשעתו באַגרינדעט זייער אינטערווענץ אין פּוילן און צוגעגרייט די צעטיילונג פון אָט־דעם לאַנד. זיי זענען אָנגעוואָרפן אינעם באַרימטן טראַקטאַט פון 5־טן אויגוסט 1772 און שטעלן מיט זיך פאַר אַן אמתן מוסטערביישפּיל פון באַוואוסטזיניקער ליגנערישקייט, עקלהאַפּ־טער היפּאָקריטסטווע און ברוטאַלער תקיפות. טאַקע דערפאַר, וואָס מ׳האָט זיך ביז איצט אָפּגעגעבן אַזוי ווייניק חשבון וועגן דידאָזיקע דערשיינונגען, האָט מען זיך וועגן דעם אייגנטלעכן מהות פון דער נאַציע געשאַפן אַזעלכע משונה־מאָדנע אילו־זיעס. נישט די „נאַציאָנאַלע אונטערשיידן" פירן דאָס צו דער גרינדונג פון פאַר־

שידענע שטאַט־איינסן, די שטאַטן זענען עס, וועלכע שאַפן קינסטלעך די נאַציאָנאַלע אונטערשיידן און שטיצן זיי פּרינציפּיעל, מחמת זיי דאַרפן זיי דינען ווי אַ מאָראַלישע רעכטפאַרטיקונג פאַר זייער עקזיסטענץ. טאַגאָרע האָט באַקליידט די־דאָזיקע אינערלעכע סתירה צווישן נאַציע און געזעלשאַפט אין אָט־די צוטרעפלעכע ווערטער:

„אַ נאַציע אין זין פון פּאָליטישער און עקאָנאָמישער פאַראייניקונג פון אַ פּאָלק שטעלט מיט זיך פאַר אַ באַפעלקערונג, וואָס אָרגאַניזירט זיך לשם אַ מעכאַנישן צוועק. די מענטשלעכע געזעלשאַפט, ווי אַזעלכע, האָט נישט קיין שום אויסערלעכע צוועקן. זי איז אַ ציל פאַר זיך. זי איז די נאַטירלעכע פאָרעם, אין וועלכער דער מענטש אַלס סאָציאַל וועזן דריקט זיך אויס פון זיך אַליין. זי איז דער נאַטירלעכער סדר פון מענטשלעכע באַציאונגען, וועלכע גיט די מענטשן די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זייערע לעבנסאידעאַלן אין געמיינזאַמען שטרעבן"*).

אַז אַ נאַציע אַנטוויקלט זיך נישט אָרגאַניש פון זיך אַליין, שאַפט זיך נישט אַליין, ווי דאָס ווערט אַזוי אָפט באַהויפּטעט, אַז זי איז גיכער דער קינסטלעכער פּראָדוקט פונעם שטאַט, וועלכע איז מעכאַניש אַרויפגעצוואונגען געוואָרן אויף פאַרשידענע מענטשלעכע גרופּעס, — פאַר דעם גיט אונדז דער היפוך אין דער פּאָליטישער געשטאַלטיקונג פון נאָרד־ און זידאַמעריקע אַן אויסגעצייכנטן ביישפּיל. אין נאָרד־אַמעריקע האָט די „אוניאָן" באַוויזן צונויפצונעמען די גאַנצע טעריטאָריע פון דער קאַנאַדישער ביז צו דער מעקסיקאַנישער גרענעץ און פון אַטלאַנטישן ביז צום פּאַציפישן אָצעאַן אין איין מעכטיקן פעדעראַטיוון שטאַט, אַ פּראָצעס, וועלכער איז באַגינציקט געוואָרן דורך פאַרשידנמיניקע אומשטענדן. און דאָס האָט פּאַסירט, נישט געקוקט דערויף, וואָס די פאַראייניקטע שטאַטן זענען געווען צוזאַמענגעשטעלט פונעם קאָלירקסטן פעלקערגעמיש, צו וועלכן אַלע ראַסן און נאַציעס פון אייראָפּע און אויך פון אַנדערע וועלט־טיילן האָבן צוגעטראָגן זייער חלק, אַזוי אַז מ׳רעדט מיט רעכט וועגן אַ שמעלצטאָפּ פון נאַציעס.

דאַגעגן זיד־ און צענטראַלאַמעריקע זענען זיך צעפאַלן אין זעכצן פאַרשידענע שטאַטן מיט זעכצן פאַרשידענע נאַציעס, הגם די ראַסן־קרובהשאַפט צווישן דידאָזיקע פעלקער איז נישט לפי ערך גרעסער ווי אין נאָרדאַמעריקע און אַלע — מיטן אויסנאַם פונעם פּאָרטוגעזישן אין בראַזיל און די פאַרשידענע אינדיאַנישע שפּראַכן — רעדן אויך דיזעלביקע שפּראַך. אָבער די פּאָליטישע אַנטוויקלונג פון לאַטייןאַמעריקע איז געווען אַן אַנדערע. ס׳איז אמת, אַז סימאָן באָליוואַר, „זידאַמעריקעס באַפרייער" פון שפּאַנישן יאָך, האָט געוואָלט שאַפן אַ פעדעראַטיוון בונד פון שטאַטן פון אַלע זיד־אַמעריקאַנישע לענדער, אָבער ס׳איז אים נישט געלונגען דורכצופירן דעמדאָזיקן פּלאַן, מחמת אַמביציעזע דיקטאַטאָרן און גענעראַלן, אַזעלכע ווי פריעטאָ אין טשילע, גאַמאַרראַ אין פּערו, פלאָרעס אין עקואַדאָר, ראָסאַס אין אַרגענטינע א. אַ. וו. האָבן

*) ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע, „נאַציאָנאַליזם". ניו־יאָרק, 1917. ז. 19.

געאַרבעט מיט אַלע מיטלען קעגן אָט־דעם פּלאַן. באָליוואַר איז פון דידאָזיקע אַלע מאַכינאַציעס פון זיינע קעגנער אַזוי אַנטוישט געוואָרן, אַז ער האָט קורץ פאַר זיין טויט אָנגעשריבן אָט־די ווערטער:

> „אין זידאַמעריקע איז נישט פאַראַן קיין טרייהייט און קיין גלויבן נישט ביי די מענטשן, נישט ביי די פאַרשידענע שטאַטן. יעדער אָפּמאַך איז דאָ בלויז אַ שטיקל פּאַפּיר, און דאָס, וואָס ווערט אָנגערופן קאָנסטיטוציע, איז בלויז אַ קאָלעקציע פון אַזעלכע שטיקלעך פּאַפּיר”.

דער רעזולטאַט פון מאַכטגעיעג פון קליינע מינדערהייטן און דיקטאַטאָריש־געשטימטע אינדיווידן איז געווען די אַנטשטייאונג פון אַ גאַנצער ריי נאַציאָנאַלע שטאַטן, וועלכע האָבן זיך קעגנזייטיק באַקעמפט אין נאָמען פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן און דעם נאַציאָנאַלן כבוד, פונקט אַזוי ווי ביי אונדז. וואָלטן זיך די פּאָליטישע געשעענישן אין נאָרדאַמעריקע געווען אַנטוויקלט ענלעך ווי אין די לענדער צו דרום פונעם קאָנטינענט, וואָלטן אויך היינט דאָרט געווען קאַליפאָרניער, מישיגאַנער, קענטוקער אָדער פּענסילוואַניער, ווי ס׳זענען אין דרומאַמעריקע פאַראַן אַרגענטינער, טשילענער, פּערואַנער אָדער בראַזיליאַנער. דער בעסטער באַווייז, אַז דער מהות פון דער נאַציע איז זיך סומך אויף ריין־פּאָליטישע שטרעבונגען.

ווער ס׳לעבט מיט אילוזיעס און מיינט, אַז די בשותפותדיקייט פון די מאַטעריעלע און מאָראַלישע אינטערעסן און דיזעלביקייט פון די מינהגים, געוואוינהייטן און טראַדיציעס באַשטימט דעם אייגנטלעכן מהות פון דער נאַציע, און פון דערדאָזיקער אייגנוויליקער הנחה זוכט ער צו דעדוצירן די נויטווענדיקייט פון נאַציאָנאַלע שטרעבונגען, דער נאַרט אָפּ זיך אַליין און אַנדערע. פון אַזאַ מין בשותפותדיקייט איז ביי קיין איינער פון די עקזיסטירנדיקע נאַציעס נישט פאַראַן אפילו קיין סימן. די מאַכט פון די סאָציאַלע אומשטענדן איז אויך אין דעם פאַל שטאַרקער ווי אַבסטראַקטע הנחות פון יעדער נאַציאָנאַליסטישער אידעאָלאָגיע.

# II

## די נאַציע ווי אַ שפּראַך עדה

די נאַציע ווי אַ שפּראַכגעמיינשאַפט. — פרעמדע באַשטאַנדטיילן אין דער שפּראַך. — פוריזם און שפּראַכאַנטוויקלונג. — שריפטשפּראַך און פאָלקסשפּראַך. — רעליגיע, וויסנשאַפט, קונסט, פּראָפעסיע אאַ״וו ווי פאַרמיטלער פון נייע שפּראַכווערטן. — שפּראַך און בילד. — דער באַדייט פון אויסגעבאָרגטע ווערטער אין דער אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך. — אָריענטאַלישע סימבאָליק אין דער שפּראַך. — פרעמדער שפּראַכפאַרמעג אין היימישן געוואַנט. — שפּראַך און דענקען. — נאַטור און שפּראַך. — אַרבעט און שפּראַך. — דער סימבאָליזם פון דער שפּראַך. — שפּראַכלעכע אַטאַוויזמען. — די אומלאָגיק אין דער פאָרמירונג פון שפּראַך. — דער כסדרדיקער אומבייט פון שפּראַכלעכע אויסדרוקן. — די אומלאָגישקייט פון פסיכאָלאָגישע שפּראַכטעאָריעס. — דער איינפלוס פונעם קולטורקרייז איז שטאַרקער ווי דער קשר פון בשותּפותדיקייט פון שפּראַך. — דער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון דער ענגלישער שפּראַך. — דיאַלעקטן און שפּראַכן. — דער גלויבן אין דער „אור־שפּראַך״. — מכּוח דעם געמיינזאַמען שטאַמבוים פון די אַרישע שפּראַכן. — פעלקער, וועלכע האָבן געביטן זייערע שפּראַכן. — נאַציעס מיט פאַרשידענע שפּראַכגעביטן.

פון אַלע באַווייזן, וועלכע מ׳האָט צוגעצויגן פאַר דער באַגרינדונג פון דער נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע, איז די בשותּפותדיקייט פון שפּראַך זיכער די וויכטיקסטע. אַ סך זעען אין דער בשותּפותדיקייט פון דער שפּראַך די וועזנלעכסטע כאַראַקטעריסטיק פון דער נאַציע בכלל. פאַקטיש איז די געמיינזאַמע שפּראַך אַ שטאַרקער צונויפבונד פון יעדער מענטשלעכער גרופּירונג און וויקטאָר פאָן הומבאָלדט איז נישט געווען אומגערעכט, ווען ער האָט געזאָגט: „די אמתע היים איז דאָך אייגנטלעך די שפּראַך״. קאַרל יוליוס וועבער האָט געזען אין דער שפּראַך די הויפּטסימנים פון דער נאַציאָנאַליטעט: „אין קיין שום זאַך דריקט זיך נישט אויס אַזוי קלאָר דער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער אָדער דער אייגענער חותם פון דער נשמהדיקער און גייסטיקער קראַפט ווי אין דער שפּראַך פון אַ פאָלק״.

אויך די באַקאַנטסטע פאָרשטייער פון דער נאַציאָנאַליסטישער אידעאָלאָגיע אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, — אַרנדט, שלייערמאַכער, פיכטע, יאַן און די מענער פונעם דייטשן „טוגענדבונד״; מאַדזיני, פיסאַקאַנע, ניעמאָיאָווסקי, דווערניצקי, דאָס „יונגע אייראָפּע״ און די דייטשע דעמאָקראַטן פון 1848 — האָבן באַגרענעצט

זייער באַגריף וועגן דער נאַציע אויפן געמיינזאַמען שפּראַכגעביט. אַרנדטס ליד „וואָס איסט דעס דויטשען פאַטערלאַנד?" איז אַן עדות דערויף. ס'איז דערביי כאַראַקטעריסטיש, אַז סיי אַרנדט און סיי מאַדזיני האָבן באַגרינדעט זייערע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען צו אייגהייט נישט אויף דער פאָלקסשפּראַך, נאָר אויף דער שריפטשפּראַך, בכדי צו דערגיין צו אַ מעגלעך־גרעסערן פאַטערלאַנד.

די געמיינזאַמע שפּראַך האָט זיך די פאַרשטייער פונעם נאַציאָנאַלן געדאַנק געדאַרפט אויסווייזן אַזוי וואָגיק גאַנץ באַזונדערס דערפאַר, ווייל זי איז דאָך דאָס חשובסטע אויסדרוקסמיטל פון אַ פאָלק און מוז אין אַ געוויסן זין באַטראַכט ווערן ווי דער סך־הכלדיקער רעזולטאַט פון זיין גאַנצן גייסטיקן לעבן. די שפּראַך איז נישט די דערפינדונג פון איינצלנע מענטשן. ביי איר אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג האָט מיטגעאַרבעט דער כלל און ער אַרבעט ווייטער מיט אומאויפהערלעך, כל־זמן די שפּראַך לעבט בכלל. דעריבער האָט זיך די שפּראַך אויסגעוויזן פאַר די פּראָפּאַגאַנדירער פונעם נאַציאָנאַלן געדאַנק ווי דער ריינסטער רעזולטאַט פונעם נאַציאָנאַלן שאַפן און איז פאַר זיי געוואָרן דער לויטערסטער סימבאָל פון דער נאַציאָנאַלער אייגהייט. און פונדעסטוועגן איז זיך דערדאָזיקער באַנעם, מעג ער זיך אויסווייזן פאַרן רוב נאָך אַזוי באַצויבערנדיק און אומאָפּפרעגבאַר, סומך אויף אַ גאַנץ אייגנוויליקער השערה. פון די היינט עקזיסטירנדיקע שפּראַכן איז שוין נישט פאַראַן קיין איינע, וועלכע זאָל זיך געוועזן האָבן אַנטוויקלט ביי איין באַשטימטן פאָלק בלויז; ס'איז זייער וואַרשיינלעך, אַז ס'זענען אַמאָל געוועזן האָמאָגענע שפּראַכן, אָבער דידאָזיקע צייט ליגט ווייט הינטער אונדז און פאַרלירט זיך אין דער קדמונים־דיקער תקופה פון דער געשיכטע. די איינהייטלעכקייט פון דער שפּראַך פאַרשווינדט אין יענעם אויגנבליק, ווען עס הייבן זיך אָן קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן פאַרשידענע האָרדעס, שטאַמען און פעלקערשאַפטן. וואָס צאָלרייכער און פאַרשידנאַרטיקער דידאָזיקע באַציאונגען זענען געוואָרן אין משך פון דער צייט, אַלץ גרעסערע הלוואות מאַכט יעדע שפּראַך ביי אַנדערע שפּראַכן, יעדע קולטור ביי אַנדערע קולטורן.

במילא איז קיין שום שפּראַך נישט קיין ריין־נאַציאָנאַלער פּראָדוקט, וועלכער איז אַרויסגעקומען פון אַ באַשטימטן פאָלק אָדער גאָר פון אַ באַשטימטער נאַציע. ביי יעדער איינער פון אונדזערע היינטיקע קולטור־שפּראַכן האָבן מיטגעאַרבעט מענטשן פון פאַרשידענעם אָפּשטאַם, און ס'איז שוין נישט מעגלעך געוועזן צו פאַרהיטן, אַז אַ שפּראַך, כל־זמן זי ווערט בכלל גערעדט, זאָל נישט אויפנעמען אין זיך כסדר פרעמדע שפּראַך־עשירות, נישט געקוקט אויף אַלע געזעצן פון די ריינקונגס־פאַנאַטיקער. איז דאָך יעדע שפּראַך אַ באַשאַף, וועלכער געפינט זיך אין שטענדיקער שטראָמיקייט, האַלט זיך נישט ביי קיין שום פעסטע כללים און לאַכט זיך אויס פון אַלע עיקרים פון דער לאָגיק. נישט בלויז מאַכט זי כסדר די פאַרשידנדיקסטע הלוואות ביי אַנדערע שפּראַכן, אַ דערשיינונג, וועלכע איז באַדינגט דורך די אָן אַ שיעור אייגפלוסן און באַרירונגספּונקטן פונעם קולטורעלן לעבן, נאָר איר שוין פאַראַנענער

שפּראַך־אוצר האַלט זיך אין שטענדיקן אומבייטן. גאַנץ ביסלעכווייז און אומבאַ־מערקבאַר ענדערן זיך די שאַטירונגען און גראַדואַציעס פון די באַגריפן, וועלכע גע־פינען זייער אויסדרוק אינעם וואָרט, אַזוי אַז עס פּאַסירט נישט זעלטן, אַז אַ וואָרט זאָגט אונדז היינט גראָד דעם היפּוך פון דעם, וואָס עס האָט אָנגעדייט דעם מענטשן אין דער התחלה.

ס'איז לגמרי נישט פאַראַן קיין קולטורשפּראַך, וועלכע זאָל נישט אַנטהאַלטן אַ גרויסן שלל פרעמדע שפּראַך־עשירות; זי צו וועלן רייניקן פון דידאָזיקע פרעמדע אַריינדרינגער, וואָלט געמוזט דערפירן צו אַ פולשטענדיקער אויפלייזונג פון דער שפּראַך, בתנאי אויב אַזאַ רייניקונג זאָל בכלל מעגלעך זיין. יעדע אייראָפּעאישע שפּראַך, נישט קיין נפקא־מינה וועלכע, אַנטהאַלט אין זיך אַ גרויסן סכום פרעמדע באַשטאַנדטיילן, מיט וועלכע מ'וואָלט אָפּט געקאָנט אויספילן גאַנצע ווערטערבי־כער. ווי וואָלט, למשל, אויסגעזען די דייטשע אָדער די האָלענדישע שפּראַך, ווען מ'וואָלט ביי זיי צוגענומען אַלע „אויסגעליגענע" פראַנצויזישע און לאַטיינישע ווערטער, שוין נישט צו רעדן פון ווערטער פון אַנדערן אָפּשטאַם? וואָס פאַראַ פּנים וואָלט געהאַט די שפּאַנישע שפּראַך אָן אירע אָן אַ שיער ווערטער־שאַפונגען, געבאָרג־טע פון די גערמאַנען און אַראַבער? און וואָס פאַראַ שלל דייטשע, פראַנצויזישע און אַפילו טערקישע ווערטער זענען אַריינגעדרונגען אין דער רוסישער און פּוילישער שפּראַך! פּונקט אַזוי אַנטהאַלט אין זיך די אונגאַרישע שפּראַך אָן אַ שיער ווערטער פון איטאַליענישן און טערקישן אָפּשטאַם. רומעניש באַשטייט נאָר פון אַ העלפט ווערטער פון לאַטיינישן אָפּשטאַם; דריי אַכטל פון זיין וואָרט־אוצר זיינען גענומען געוואָרן פון סלאַוויש, איין אַכטל פון גאָטיש, טערקיש, מאַדזשיאַריש און גריכיש. אין דער אַלבאַנישער שפּראַך האָט מען ביז איצט געקאָנט פעסטשטעלן נישט מער ווי פינף אָדער זעקס הונדערט אורשפּרינגלעכע ווערטער; אַלעס אַנדערע איז אַ גע־מיש פון די פאַרשידנדיקסטע שפּראַכעלעמענטן. גאַנץ ריכטיק באַמערקט פריץ מאַוטנער אין זיין גרויסן ווערק „בייטרעגע צו איינער קריטיק דער שפּראַכע", אַז בלויז „דעם צופאַל פונעם שטאַנדפּונקט דאַרף מען פאַרדאַנקען, ווען מיר באַצייכע־נען, למשל, די פראַנצויזישע שפּראַך ווי אַ ראָמאַנישע און די ענגלישע ווי אַ גער־מאַנישע". און ס'איז דאָך גוט באַקאַנט, אַז אויך די לאַטיינישע שפּראַך, פון וועלכער ס'שטאַמען אָפּ אַלע ראָמאַנישע שפּראַכן, איז דורכגעדרונגען מיט אַ ריזיקער צאָל ווערטער פון גריכישן אָפּשטאַם, וועלכע באַטרעפן עטלעכע טויזנט.

פאַר דער אַנטוויקלונג פון יעדער שפּראַך איז דערדאָזיקער אויפנעם פון פרעמ־דער שפּראַך־עשירות אַן אומבאַדינגטע באַדערפעניש. קיין שום פאָלק לעבט נישט פאַר זיך. יעדער דויערנדיק־אָנהאַלטנדיקער מגע־ומשא מיט אַנדערע פעלקער איז גורם, אַז מ'זאָל ביי זיי איבערנעמען ווערטער פון זייער שפּראַך, וואָס פון דעם איז זיך לגמרי נישט מעגלעך אויסצוהיטן ביי דער קעגנזייטיקער קולטורעלער באַפרוכ־פערונג. די גרויסע צאָל באַרירונגס־פונקטן, וועלכע די קולטור שאַפט טאָגטעגלעך צווישן פעלקער, לאָזן איבער זייערע שפּורן אין דער שפּראַך. נייע זאַכן, אידעען,

קאָנצעפּטן, רעליגיעזע, פּאָליטישע און אַלגעמיין־געזעלשאַפטלעכע באַגריפן דערפירן צו נייע אויסדרוקן און צו דער שאַפונג פון נייע ווערטער, ביי וואָס די עלטערע און העכער־אַנטוויקלטע קולטור פון אַ פאָלק האָט, נאַטירלעך, אַ שטאַרקערן איינפלוס אויף ווייניקער־אַנטוויקלטע פעלקערגרופּעס און באַפרוכפּערט זיי מיט נייע געדאַנקען, וועלכע געפינען זייער אויסדרוק אין דער שפּראַך.

אַ טייל פון די ניי־אַריינגענומענע שפּראַך־עלעמענטן פּאַסן זיך ביסלעכווייז אַזוי גוט אַריין אין די פאָנעטישע כללים פון דער פרעמדער שפּראַך, אַז ס׳איז שפּעטער לחלוטין נישט מעגלעך צו דערקענען זייער אָפּשטאַם. דער רוב מענטשן וועט אפשר נישט גלייבן, אַז אַזעלכע ווערטער ווי עקזיסטענץ, אידעע, מעלאָדיע, מוזיק, מוזע, נאַטור, נאַציע, רעליגיע און הונדערטער אַנדערע זענען פרעמדע ווערטער אין אונדזער שפּראַך. אויך די שפּראַך פון אונדזער פּאָליטישן לעבן איז פולשטענדיק דורכגעדרונגען מיט פרעמדע ווערטער; יעדער דערקענט דאָך באַלד אויפן ערשטן בליק, אַז אַזעלכע ווערטער ווי בורזשואַזי, (וואָס שרייבט זיך, אַגב, אין דייטש מיטן פראַנצויזישן אויסלייג Bourgeoisie, כאָטש עס לייענט זיך, ווי אין פראַנצויזיש, בורזשואַזי, אָנמ. פונעם איבערז.), פּראָלעטאַריאַט, סאָציאַליזמוס, באָלשעוויזמוס, אַנאַרכי, קאָמוניזמוס, ליבעראַליזמוס, קאָנסערוואַטיזמוס, פאַשיזמוס, טעראָריזמוס, דיקטאַטור, רעוואָלוציאָן, רעאַקציאָן, פּאַרטיי, פּאַרלאַמענט, דעמאָקראַטי, מאָנאַרכי, רעפּובליק א. אַ. וו. געהערן נישט צום דייטשן שפּראַך־עשירות. ס׳איז אָבער, פונדעסטוועגן, פאַראַן אַ גרויסע צאָל ווערטער אין אונדזער שפּראַך פון פרעמדן אָפּשטאַם, וועלכע זענען ביי אונדז אין משך פון דער צייט געוואָרן אַזוי היימיש, אַז מיר האָבן לגמרי פאַרגעסן זייער פרעמדן אָפּשטאַם. ווער וועט הײַנט פילן אין אונדזער שפּראַך ווי פרעמדע אַזעלכע ווערטער ווי:

Abentener, Anker, Arzt, Bezirk, Bluse, Bresche, Brief, Essig, Fenster, Frack, Gruppe, Kaiser, Kantor, Kasse, Keller, Kelter, Kerker, Kette, Kirsche, Koch, Koffer, Kohl, Kreuz, Küche, Lampe, Laune, Markt, Mauer, Meile, Meister, Mühle, Müller, Münze, Oel, Orgel, Park, Pfahl, Pfan, Pfeffer, Pfirsich, Pflanze, Pforte, Pfosten, Pfühl, Pfützer, Pfund, Pöbel, Prinz, Pulver, Radieschen, Rest, Schüssel, Schule, Schwindler, Schreiben, Siegel, Speicher, Speise, Spott, Strasse, Teller, Tisch, Trichter, Vogt, Ziegel, Zirkel, Zoll, Zwiebel און אַ מאַסע אַנדערע ?

גאַנץ אָפט פאַרענדערט זיך דאָס פרעמדע וואָרט אין משך פון דער צייט אַזוי גרינטלעך, אַז נישט ווילנדיק גיבן מיר אים אַ גאַנץ אַנדערן זין, ווייל אין זיין פאַרקריפּלטער פאָרעם קלינגט עס ענלעך צו אַנדערע ווערטער. אַזוי האָט דאָס וואָרט „אַרמברוסט״ נישט קיין שום שייכות נישט מיט אָרעם און נישט מיט ברוסט, נייערט שטאַמט גיכער פונעם לאַטייניש וואָרט „אַקובאַליסטאַ״, וועלכעס באַדייט אַזעלכעס ווי בויגנוואַרפער, וואַרפמאַשין. דאָס וואָרט „עבענהאָלץ״ האָט נישט קיין שום שייכות נישט מיט עבען אָדער גלאַטיק, עס שטאַמט גיכער פונעם גריכיש־לאַטיינישן אויסדרוק „עבענוס״, וועלכעס באַציט זיך צום העברעאישן וואָרט אַבנים,

פון אַבני — שטיינערן. אונדזער „פּילפּראַס“ האָט נישט קיין שום שייכות מיט פּרעסן, מחמת דאָס וואָרט שטאַמט פונעם נאָרוועגישן „פּיעלדפראָס“, אַ באַרגקאַטער. „מורמעלטיר“ קומט נישט פון מורמלען, נייערט האָט זיך געשאַפן אין מיטלאַלטער פון די לאַטײנישע ווערטער „מורען“, דער אַקוסאַטיוו פון „מוס“, און „מאָנטיס“ אָדער „מאָנטאַנון“, אַ באַרגמויז. דאָס וואָרט „טאָלפּאַטש“ איז אויפגעקומען אין 17־טן יאָרהונדערט לכתחילה אין דרום־דײַטשלאַנד. דאָס איז געווען די פאָלקסטימלעכע באַצײכענונג פאַר די אונגאַרישע זעלנער. דאָס וואָרט גופא האָט צו פאַרדאַנקען זײַן אַנטשטייאונג דעם אונגאַרישן וואָרט „טולפּאַס“, וועלכעס באַדײַט פּלאַטפּיס. דאָס וואָרט „אָרפּײַגע“, (אַ פּאַטש) שטאַמט פונעם האָלענדישן veeg, אַ שפּיצל, אַ קאַטאָוועס. „טראַמפּעלטיר“ ציט זײַן שורש פונעם לאַטײנישן „דראָמעדאַריוס“. „הענגעמאַטטע“ קומט פונעם זידאַמעריקאַנישן וואָרט „האַמאַקאַ“, אַ הוידעלקע. דאָס וואָרט „קימעלבלעטכען“ קומט פון דער גנבים־שפּראַך און האָט נישט קיין שום שייכות מיט קימל, נאָר גיכער מיטן העברעאישן וואָרט גימל, ד. ה. דרײַ. אויך דאָס הײַנט אַזוי אָפט באַנוצטע וואָרט „פּלײַטע“ שטאַמט פון העברעאיש און קומט פון „פּליטה“, אַנטלויפן.

אַ סך שפּורן האָט איבערגעלאָזן דאָס פראַנצויזישע אין אונדזער שפּראַך. אַזוי איז אונזער אין זײַן סתירהדיק־צונויפגעטשעפּעטע וואָרט ''mutterseelenallein'', פון וועלכן עס שימערירט צו אונדז די גאַנצע עמפּינדלעכע לייטזעליקייט פונעם „דײַטשן געמיט“, אַנשטאַנען פון moi tout seul (איך לגמרי אַליין). „פּיסימאַטענטען“ קומט פוז „פּילס דע מאַ טאַנטע“. דער שורש פון די דײַטשע ווערטער „פאָרש“ און פאָרשען ליגט אינעם פראַנצויזישן וואָרט ''force''. דאָס פריער שטאַרק גענוצטע וואָרט „שוואַגער“ פאַר פורמאַן נעמט זיך בלי שום ספק פונעם פראַנצויזישן „שעוואַליער“, ד. ה. רײַטער.

אַזעלכע בײַשפּילן קאָן מען געפינען אין די טויזנטער אין יעדער שפּראַך. זיי זענען כאַראַקטעריסטיש פאַרן גייסט פון דער שפּראַך, פאַר דער אַנטוויקלונג פונעם מענטשלעכן דענקען איבערהויפּט. ס׳וואָלט געווען טעותדיק, ווען מ׳זאָל וועלן פאַרשרייבן דעם קרעדיט פאַר אָט־דעם אַרײַנדרינג פון פרעמדער שפּראַך־עשירות בלויז אויפן חשבון פון דער געשריבענער שפּראַך, מחמת אין איר קומט צום אויסדרוק דער אופן פון דענקען פון די געבילדעטע שיכטן פון דער געזעלשאַפט, בעת מ׳האָלט אָפט, לגמרי אומבאַגרינדעט, אַז די פאָלקסשפּראַך איז בעסער באַשיצט קעגן דעם אַרײַנדרינגען פון פרעמדע שפּראַכעלעמענטן און אַז אינסטינקטיוו שטויסט זי זיי אָפּ פון זיך. ס׳איז אמת, אַז אין דער שפּראַך פון די געבילדעטע און באַזונדערס אין דער שפּראַך פון די געלערנטע האָט מען דורך דער אָנווענדונג פון אָן אַ טאָלק אַרײַנגעפירטע פרעמדווערטער אָפט איבערגעטריבן די מאָס, און נישט אײַנגאַנצן מיט אומרעכט האָט מען גערעדט וועגן אַן „אומקלאָרער קאַסטנשפּראַך“. ווען מען דערמאָנט זיך, אַז הייזעס באַקאַנטער „פרעמדווערטערבוך“ אַנטהאַלט נישט ווייניקער ווי הונדערט טויזנט פרעמדע אויסדרוקן, וועלכע זענען גענומען געוואָרן פון

אַ טוץ פאַרשידענע לשונות און וועלכע דאַרפן אַלע גענוצט ווערן אין דער דייטשער שפּראַך, דאַרף מען זיך נישט חידושן, וואָס צוליב אַזאַ איבערפלוס כאַפּט עמעצן אַרום אַ געהיימע שרעק. אָבער נישט געקוקט אויף דעם איז טעותדיק אָנצונעמען, אַז די שפּראַך פונעם פאָלק שטעלט אַרויס אַ שטאַרקערן ווידערשטאַנד קעגן דעם אַריינדרינג פון פרעמדע שפּראַכעלעמענטן. דער פאַקט איז, אַז אין די אַזויגערופענע דיאַלעקטן פון אַלע אייראָפּעאישע קולטורשפּראַכן, אין וועלכע די שפּראַך פונעם פאָלק קומט דאָך אַמרייַנסטן צום אויסדרוק, טומלט אוןווימלט עס פונקט אַזוי מיט פרעמדלענדישע אויסדרוקן. אַזוי זענען פאַראַן אָן אַ שיער דרום־דייטשע דיאַלעקטן, אין וועלכע מ׳קאָן אָן אַ סך מי אויסגעפינען אַ שפּאָרלעך ביסל סלאַווישע, ראָמאַנישע און אַפילו העברעאישע ווערטער־קאָמבינאַציעס. אָט זענען דאָך אויך דעם בערלינער אין זיין דיאַלעקט גוט פאַמיליער אַזעלכע ווערטער ווי גנב, ריווח, גלח, משפחה, טינוף, משוגע א. א. וו. זאָל אויך דערמאָנט ווערן ווילהעלם דעם צווייטנס באַקאַנטע וואָרט: „איך דולדע קיינע מיאוסמאַכער!”. אויך דאָס וואָרט „קאַפּער”, וועלכעס ווערט אין דער פאָלקסשפּראַך אין דייטשלאַנד אומעטום אַ סך גענוצט, בכדי דערמיט צו באַצייכענען אַ שמאָלקעפּיקן אָדער נאַרישעוואַטן מענטשן, האָט נישט קיין שייכות מיטן דרום־אַפריקאַנישן פאָלק, די קאַפערן, נייעָרט האָט גיכער זיין שורש אינעם העברעאישן אויסדרוק כפר, דאָרף.

עס פאַסירט אָפט, אַז דער התחלהדיקער טייטש פון אַן איבערגענומען וואָרט ווערט לגמרי פאַרלוירן און ער ווערט פאַרביטן דורך אַנדערע באַגריפן, וועלכע האָבן כמעט נישט קיין ענלעכקייטן צום פריערדיקן זין פונעם וואָרט. אין אַנדערע פאַלן באַקומט דאָס פרעמדע וואָרט בלויז אַן אַנדערע שאַטירונג, אַזוי אַז ס׳איז נאָך קוים מעגלעך צו דערקענען זיין התחלהדיקן טייטש. מ׳קאָן אויף אָט־דעם געביט מאַכן זייער אינטערעסאַנטע אַנטדעקונגען, וועלכע דערמעגלעכן גאַנץ איבעראַשנדיקע פאַרטיפענישן אינעם אינערלעכן צוזאַמענהאַנג פון די זאַכן. אַזוי באַצייכנט מען אין מיין ריינלענדישער היים אַ מענטשן, וועלכער איז שיקלדיק (קאַסאָקע), אין דער פאָלקסשפּראַך ווי אַ מזיק. דאָס וואָרט שטאַמט פון העברעאיש און איז טייטש אַ שד, אַ רוח. אין דעם פאַל האָט זיך דער התחלהדיקער זין פונעם וואָרט היפּש פאַרענדערט, פונדעסטוועגן דערקענט מען נאָך גאַנץ דייטלעך דעם אינערלעכן שייכות פון דאָזיקן אומבייט, מחמת אַ שיקלענדיקער איז פאַרצייטנס באַטראַכט געוואָרן ווי אייבער, אין וועלכן עס „ליגט אַ רוח” אָדער איז באַהאַפט מיטן אַן „עין־הרע”.

אין דרום־מערב־דייטשלאַנד רופט מען אַן אָנגעשיכורטן ”Scheswui“, לויט דעם פראַנצויזישן je suis: איך בין. עמעצן אָפּזאָגן פון זיין שטעלע, הייסט אַז מ׳האָט אים „געשאַסט”, פונעם פראַנצויזישן casseur — יאָגן, פאַרטרייבן. אַ גאַנצער שלל זייער האַרבע פרעמדלענדישע אויסדרוקן, וועלכע מ׳טרעפט שוין אין די שריפטן פונעם גאַניאַלן שפּראַכשאַפער יאָהאַן פישאַרט, וועלכער האָט זיי אין אַזאַ אָדער אַנדער פאָרעם גענומען ביי ראַבעליין, זענען נאָך היינט לעבעדיק אין דער שפּראַך פונעם פאָלק. חוץ דעם איז נאָך פאַראַן אַ גאַנצע ריי פרעמדע ווערטער פון

יענער געגנט, וועלכע זענען שוין אַפילו אַריינגעדרונגען אין דער געשריבענער שפּראַך און וועלכע זענען שטאַרק פאַרשפּרייט אין דרומדיקן און דרום־מערבדיקן דייטשלאַנד. דאָס זענען: שיקאַנירן, מאַלטרעטירן, אַלטערירן, קויאָנירן, זשעניִרן, פּאַסירן און הונדערט אַנדערע אויסדרוקן. דער מענטש פונעם פאָלק באַנוצט דידאָזיקע ווערטער טאָגטעגלעך און זייער פאַרדייטשונג וואָלט אים געקלונגען פרעמד. ס׳איז דעריבער לגמרי פאַלש, ווען מ׳דערציילט בייקעס וועגן דער נאַטירלעכער ריינקייט פון דער פאָלקסשפּראַך, מחמת זי איז נישט פאַראַן אין ערגעץ.

אַוודאַי דאַרפן מיר ביים אויסדריקן אונדזערע געדאַנקען באַנוצן אַ לויט מעגלעכקייט דייטשע שפּראַך, אינוויווייט דאָס שטייט אין אונדזער רשות. אַפילו דאָס פּשוטע שפּראַכגעפיל פאַרלאַנגט דאָס. אָבער מיר ווייסן אויך, אַז אונדזער בעסטע שפּראַך־עשירות איז דורכגעדרונגען מיט אַ שלל פרעמדע באַשטאַנדטיילן, וועמעס אָפּשטאַם מיר קאָנען שוין היינט אַפילו נישט געוואויר ווערן. און אַגב ווייסן מיר, אַז נישט געקוקט אויף אַלע באַמיאונגען פון די אַזויגערופענע שפּראַכרייניקער, איז נישט מעגלעך צו שטערן, אַז פרעמדע שפּראַך־עשירות זאָל אויך אויף ווייטער האָבן אַ צוטריט צו די פאַרשידענע שפּראַכן. יעדע נייע גייסטיקע דערשיינונג, יעדע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, וועלכע האָט אַן אָפּקלאַנג מחוץ די גרענעצן פונעם אייגענעם לאַנד, יעדע נייע איינאָרדענונג, וועלכע מיר נעמען איבער פון אַנדערע פעלקער, יעדער פּראָגרעס אין דער וויסנשאַפט און זיינע אומיטלבאַרע ווירקונגען אויפן געביט פון דער טעכניק, יעדער אומבייט אין די אַלגעמיינע פאַרהעלטענישן פונעם פאַרקער, יעדע פאַרענדערונג אין דער וועלט־עקאָנאָמיע און אירע פּאָליטישע קאָנסעקווענצן, יעדע נייע אַנטפּלעקונג פון דער קונסט איז גורם די אַריינדרינגונג פון ניי־איבערגענומענע ווערטער אין דער שפּראַך.

אַזוי האָט אונדז דאָס קריסטנטום און די קירך געבּרענגט אַ גאַנצע אינוואַזיע פון גריכישע און לאַטיינישע ווערטער, וועלכע מ׳האָט פריער נישט געקענט. אַ סך פון דידאָזיקע נייע אויסדרוקן האָבן זיך אין לויף פון דער צייט אַזוי גרינטלעך פאַרענדערט, אַז מ׳דערקענט נאָך קוים אין זיי די פרעמדקייט. אָט, למשל, אַזעלכע ווערטער ווי: אַבט, אַלטאַר, ביבעל, בישאָף, דאָם, קאַנטאָר, קאַפּלאַן, קאַפּעלע, קרויץ, מעססע, מענך, מינסטער, נאָננע; פּאַפּסט, פּריסטער, פּראָבסט, טויפּעל און נאָך אַ לאַנגע שורה אַנדערע אויסדרוקן, וועלכע די קאַטוילישע קירך האָט אונדז געבּראַכט. דיזעלביקע דערשיינונג האָט זיך איבערגעחזרט מיט דער אויסשפּרייטונג פונעם רוימישן רעכט אין די גערמאַנישע לענדער. דער אומבייט פון די יורידישע פאַרהעלטענישן לויטן רוימישן מוסטער האָט אונדז געבּרענגט אַ שלל נייע באַגריפן, וועלכע האָבן איבערגעוואַלט געמוזט אַריינגענומען ווערן אין דער שפּראַך. בכלל האָט די באַרירונג מיט דער רוימישער וועלט פולשטענדיק דורכגעדרונגען די שפּראַכן פון די גערמאַנישע פעלקער מיט נייע אויסדרוקן און וואָרטקאָמבינאַציעס, וועלכע די גערמאַנען ווידער האָבן פון זייער זייט אַריבערגעפירט צו זייערע סלאַווישע און פינישע שכנים.

די אַנטוויקלונג פונעם מיליטאַריזם און פון דער אָרגאַניזאַציע פון די אַרמייען האָט אונדז געברענגט אַ גאַנצן מבול נייע ווערטער פון פראַנצויזיש, וועלכע די פראַנצויזן האָבן, אַגב, איבערגענומען פון די איטאַליענער. דער רוב פון די דאָזיקע ווערטער האָבן אויפגעהיט זייער פרעמדלעכן חותם. אָט, למשל, אַרמיי, מאַרינע, אַרטילערי, אינפאַנטערי, קאַוואַלערי; רעגימענט, קאָמפּאַני, שוואַדראָן, באַטאַליאָן, מאַיאָר, גענעראַל, לייטנאַנט, סערזשאַנט; מוניציאָן, פּאַטראָנע, באַיאָנעט, באָמבע, גראַנאַט, שראַפּנעל, קאַזערנע, באַראַק; עקיפּירן, עקזערצירן, פיזילירן, שאַרזשירן, רעקרוטירן, קאָמאַנדירן און אַן אַ שיער אַנדערע ווערטער פונעם מיליטערישן לעבן.

דער איינפיר פון נייע קאָנסומאַרטיקלען האָט באַרייכערט אונדזער שפּראַך מיט אַ גאַנצער שורה פרעמדע אויסדרוקן. אַזעלכע, למשל, ווי: קאַווע און צוקער פונעם אַראַבישן, טיי פונעם כינעזישן, טאַבאַק פונעם אינדיאַנישן, סאַגאָ פונעם מאַלאַישן, רייז פונעם לאַטייניש־גריכישן, קאַקאַאָ פונעם מעקסיקאַנישן א. א. וו. שוין נישט צו רעדן פון די נייע ווערטער, מיט וועלכע די וויסנשאַפט באַרייכערט טאָג־טעגלעך די שפּראַך, און אויך נישט וועגן דער גרויסער צאָל וואָרטגראַווירונגען, וועלכע האָבן זיך איינגעבירגערט אין דער שפּראַך פון דער קונסט. זייער צאָל איז אומבאַרעכנבאַר. היינט איז עס דער ספּאָרט, וועלכער האָט זיך געפּערלעך פאַר־שפּרייט אין דייטשלאַנד און פאַרמיאוסט די שפּראַך מיט אַ שלל ענגלישע און אַמע־ריקאַנישע פאַך־אויסדרוקן, וועלכע זענען זיכער נישט אויסגעפאַלן לטובת דער נאַ־טירלעכער שיינקייט. אַפילו דאָרט, וואו מ׳באַמיט זיך לויט די כוחות אויסצורוימען די פרעמדווערטער און זיי צו פאַרבייטן מיט דייטשע טערמינען, קומען אָפט אַרויס פון דעם דווקא מאָנסטערהאַפטיקייטן.

אָבער עס גייט נישט בלויז וועגן אַזויגערופענע געליגענע ווערטער, וועלכע זענען איבערגענומען געוואָרן פון אַ פרעמדער שפּראַך און אויף אַ געוויסן אופן אַריינ־געפירט געוואָרן אין דער אייגענער. ס׳איז פאַראַן נאָך אַן אַנדערע דערשיינונג אין דער אַנטוויקלונג פון יעדער שפּראַך, פאַר וועלכער מ׳האָט אויסגעאַרבעט די באַ־צייכענונג „איבערזעצונג פון פרעמדווערטער“. ווען וועלכער ס׳איז אומבאַקאַנטער באַגריף פון אַן אַנדערן קולטורקרייז דרינגט אַריין אין אונדזער גייסטיקן און גע־זעלשאַפטלעכן לעבן, פּאַסירט נישט תמיד, אַז מיר זאָלן צוזאַמען מיטן נייעם געדאַנק אויך איבערנעמען דעם פרעמדן אויסדרוק פאַר דעם אין דער אייגענער שפּראַך. עס פּאַסירט אָפט, אַז מיר זעצן איבער דעם ניי־באַקומענעם באַגריף אין דער אייגע־נער שפּראַך, באופן, אַז פונעם פאַראַנענעם שפּראַך־אוצר שאַפן מיר אַ נייעם ביז איצט נישט באַנוצטן וואָרטצוזאַמענשטעל. דאָ באַווייזט זיך פאַר אונדז דאָס פרעמ־דע אַזויצוזאָגן אין דער מאַסקע פון דער אייגענער שפּראַך. אַזוי אַרום זענען אַנט־שטאַנען „האַלבוועלט“ פון דעמימאָנד, „אויסשפּערונג“ פון לאָקאַוט, „האַלבאינדזל“ פון פּענאינסולאַ, „צוויבאַק“ פון ביסקואיט, „וואָלקנקראַצער“ פון סקאַיסקרייפּער און הונדערטער ענלעכע וואָרטצוזאַמענשטעלן. אין זיין שפּראַכקריטישן ווערק צי־טירט מאַוטנער אַ שלל פון אָט־די „ממזרישע איבערזעצונגען“, ווי ער רופט זיי אָן,

ווערטער אַזעלכע ווי אויסדרוק, ביסכען, ריקזיכט, וואָלטאָט און נאָך אַנדערע, וועל־כע זענען אַלע אַנטשטאַנען אויפן זעלביקן שטייגער.

אַזעלכע איבערזעצונגען פון פרעמדע ווערטער איז פאַראַן אַ שלל אין יעדער שפּראַך. זיי ווירקן דווקא רעוואָלוציאָנירנדיק אויפן אַנטוויקלונגסגאַנג פון דער שפּראַך און ווייזן אונדז קודם־כל אָן אויף דער גאַנצער אומהאַפּטבאַרקייט פון יענער טעאָריע, וועלכע פירט אויס, אַז אין יעדער שפּראַך קומט צום אויסדרוק דער גייסט פונעם אייגענעם פאָלק און אַז אין איר לעבט און ווירקט ער. אינדעראמתן איז יעדע איבערצייגונג פון איבערגענומענע ווערטער בלויז אַ באַווייז פאַרן כסדרדיקן אַריינדרינגען פון פרעמדע קולטור־עלעמענטן אין אונדזער אייגענעם קולטורקרייז אינוויווייט אַ פאָלק דאַרף בכלל רעדן וועגן אַן „אייגענער קולטור".

לאָמיר נאָר אַ טראַכט טאָן וועגן דעם, ווי שטאַרק די אָריענטאַלישע איינבילדונגסקראַפט פונעם אַלטן און נייעם טעסטאַמענט האָט געווירקט אויפן ירושהדיקן אוצר פון אַלע אייראָפּעאישע שפּראַכן. מיר האָבן דערביי נישט אין זין בלויז איינצלנע באַגריפן, ווי קינס צייכן, אוריאַס בריוו, שלמה המלכס משפט, זיך טראָגן מיטן צלם, יודאַש־לוין, א. א. וו., וועלכע זענען אונדז גוט היימיש. גאַנצע זאַצן פון דער ביבל זענען אַריינגעדרונגען אין אַלע שפּראַכן און אַזוי טיף, אַז אפילו אין דער טאָגטעגלעכער שפּראַך האָבן זיי זיך איינגעלעבט. אָט לאָמיר נעמען די קומענדיקע ביישפּילן, וועלכע וואָלטן געקאָנט לייכט פאַרצענפאַכט ווערן: פאַרקויפן די בכורה פאַר אַ טאָפּ לינדזן; לאָזן דורכגיין אַ קעמל דורך אַ לאָך פון אַ נאָדל; אָנגורטן די לענדער; אַ וואָלף אין אַ שאָפּנפעלץ; בייער ווייַן אין אַלטע לאָגלען; נישט ווערט זיין עמעצן צו פוצן די שיך; אַ קול קורא במדבר; רייך ווי קורח; געדולדיק ווי איוב; זיך אָפּוואַשן די הענט און אָן אַ שיעור ענלעכע פאַרגלייכענישן.

פאַקטיש געהערט די איבערזעצונג פון די אויבנדערמאָנטע ווערטער צו די וואונדערלעכסטע זאַכן אין דער שפּראַך בכלל. ווער עס וועט זיך דאָ גריבלען טיפער, דער וועט קומען צו אַזאַ איבערצייגונג, וועלכע וועט צו נישט מאַכן די באָבע־מעשה וועגן דער אומבאַפלעקטער מעוברתדיקייט פון דער נאַציאָנאַלער שפּראַך. די איבערזעצונג פון איבערגענומענע ווערטער זענען דער בעסטער עדות פאַר דעם, ווי שטאַרק די קולטור בינדט צונויף די מענטשן. דערדאָזיקער צונויפבונד איז טאַקע דערפאַר אַזוי דויערהאַפט, ווייל ער קניפּט זיך צונויף אַליין, אַזויצוזאָגן, און ווערט נישט אַרויפגעצוואונגען אויף די מענטשן איבער געוואַלט פון דרויסן. אין פאַרגלייך מיט דער קולטור, איז דאָס אַזוי גערופענע נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין נאָר דאָס קינסטלעך־געשאַפענע, וועלכעס דאַרף דינען די מאַכטשטרעבונגען פון קליינע מינדערהייטן ווי אַ רעכטפאַרטיקונג.

די קולטור ווייס נישט פון אַזעלכע הינטערוועגלעך; זי ווייס נישט פון דעם ראשית־כל דערפאַר, ווייל זי איז נישט געשאַפן געוואָרן מעכאַניש, נאָר איז אַנטשטאַנען אָרגאַניש. זי איז דער סך־הכולדיקער רעזולטאַט פון מענטשלעכער טעטיקייט און באַפרוכפּערט אונדזער לעבן אומקאָנדיציאָנעל און אָן פּרעטענזיעס. די

איבערזעצונגען פון די איבערגענומענע ווערטער זענען נישט עפּעס אַנדערש ווי גייסטיקע הלוואות, וועלכע די פאַרשידענע פעלקערגרופּעס פון אַ באַשטימטן קולטורקרייז און אפילו מחוץ אים פלעגן זיך קעגנזייטיק מאַכן. קעגן אָט־דעם אייבּפלוס ראַנגלט זיך אומזיסט דאָס אַזויגערופענע נאַציאָנאַלע געפיל, און פריץ פאָן מאַוטנער באַמערקט מיט פולן רעכט:

„פאַרן אַריינמיש פונעם נאַציאָנאַלן געפיל, פאַרן אָנהויב פון פּוריסטישע באַוועגונגען לייען־אויס די מיטבירגער פונעם פרעמדן שפּראַך־עשירות; נאָכדעם מיידט מען אויס דאָס איבערנעמען פרעמדווערטער, אָבער דערפאַר וואַנדערן אַריבער נאָך מאַסנהאַפטער אין דער שפּראַך אַריין די פרעמדע באַגריפן דורך איבערזעצונגען. פאַראַן מאָדערנע פעלקער מיט אַזאַ עמפּינדלעכן נאַציאָנאַלן געפיל, אַז זיי האָבן דעם פּוריזם דערפירט צום העכסטן עקסטרעם (היינטצייטיקע גריכן און טשעכן). זיי קאָנען אָבער בלויז איזאָלירן זייער פאָלקסשפּראַך, אָבער נישט זייער וועלטבאַנעם דעם באַגריפלעכן נשמה־צושטאַנד". *)

שפּראַך איז דאָך נישט קיין באַזונדערער אָרגאַניזם, וועלכער האַלט זיך ביי זיינע אייגענע געזעצן, ווי מ'האָט אַמאָל געהאַלטן; זי איז די אויסדרוקספאָרעם פון מענטשלעכע יחידים, וועלכע זענען געזעלשאַפטלעך פאַרבונדן צווישן זיך. זי ענדערט זיך צוזאַמען מיט די גייסטיקע און סאָציאַלע לעבנס־באַדינגונגען פון די מענטשן און איז אָפּהענגיק פון זיי אין אַ העכערער מדרגה. אין דער שפּראַך דריקט זיך אויס דאָס דענקען פונעם מענטשן; דאָס דענקען גופא איז אָבער נישט קיין פּערזענלעכער ענין, ווי ס'ווערט אַזוי אָפט אָנגענומען, נייערט אַן אינערלעכער פּראָצעס, וועלכער ווערט כסדר אָנגערעגט און באַאיינפלוסט דורכן געזעלשאַפטלעכן אַרום. אינעם מענטשנס געדאַנק שפּיגלט זיך אָפּ נישט בלויז זיין נאַטירלעכע סביבה, נייערט אויך אַלע באַציאונגען, וועלכע ער האַלט־אָן מיט זיינס גלייכן. וואָס ענגער ס'איז דער פאַרבאַנד, צו וועלכן מיר געהערן, וואָס רייכער און פאַרשידנאַרטיקער ס'זענען די קולטורעלע באַציאונגען, וועלכע מיר האָבן מיט אונדזערע מיטמענטשן, אַלץ שטאַרקער זענען די קעגנזייטיקע ווירקונגען, וועלכע פאַרבינדן אונדז מיט דער געזעלשאַפטלעכער סביבה און וועלכע באַאיינפלוסן כסדר אונדזער דענקען.

דאָס דענקען איז, בכן, בשום אופן נישט קיין פּראָצעס, וועלכער געפינט זיין דערקלערונג רק אינעם נשמהדיקן לעבן פונעם אינדיווידן, עס איז גלייכצייטיק אַ רעפלעקס פון דער נאַטירלעכער און געזעלשאַפטלעכער סביבה, וועלכער קאָנדענסירט זיך אינעם מענטשלעכן געהירן אין באַשטימטע פאָרשטעלונגען. באַטראַכטנדיק דעם ענין פון אָט־דעם שטאַנדפּונקט, איז דער געזעלשאַפטלעכער כאַראַקטער פונעם מענטשלעכן דענקען אַן אומאָפּפרעגבאַרער און היות ווי די שפּראַך איז דאָך דער לעבנסאויסדרוק פון דער געזעלשאַפט, איז אַזוי אַרום איר עקזיסטענץ פאַרקניפּט מיטן לעבן פון דער געזעלשאַפט און באַדינגט דורך איר. דאָס איז, אגב, אַרויס־

*) Fritz Mauthner, Die Sprache, S. 55 Frankfurt a/M. 1906.

צודרינגען פונעם עצם פאַקט, אַז די שפּראַך איז ביים מענטשן נישט קיין איינגע־בוירענע, נייערט זי דאַרף פון אים ערשט דערוואָרבן ווערן אויפן סמך פון זיינע געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען. דערמיט בין איך נישט אויסן אַרויסצורופן דעם איינ־דרוק, אַז מיט אָט־דער מיינונג זענען שוין געלייזט אַלע רעטענישן פונעם דענקען און פון דער שפּראַך גופא. נאָך פאַראַן דווקא אויף דעם געביט אַזוי פיל, פאַר וועל־כן מיר האָבן נישט קיין גענוגנדיקע דערקלערונג, און געטעס באַקאַנטע מיינונג, אַז אינדעראַמתן „פאַרשטייט קיינער נישט דעם אַנדערן און קיינער דענקט נישט ביי די זעלביקע ווערטער דאָס, וואָס עס דענקט דער אַנדערער", האָט זיכער אַ טיפן זין. פאַראַן נאָך אַ סך אומבאַקאַנטע און רעטזעלהאַפטע זאַכן אין אונדז און אַרום אונדז, וועגן וועלכע ס'איז נאָך נישט אַרויסגעזאָגט געוואָרן דאָס לעצטע וואָרט. אָבער נישט וועגן דעם גייט עס דאָ, נייערט בלויז וועגן דעם סאָציאַלן כאַראַקטער פונעם געדאַנק און דער שפּראַך, וועלכער איז, לויט אונדזער מיינונג, אומאָפּפרעג־באַר.

אויך וועגן דעם ווי אַזוי די שפּראַך איז אויפגעקומען האָבן מיר זיך ביז איצט בלויז געקאָנט מאַכן השערות, פונדעסטוועגן זעט אונדז אויס ווייניק וואַרשיינלעך העגעלס השערה, אַז דער מענטש האָט אָנגעהויבן זיין אַנטוויקלונגספּראָצעס ווי אַ שטום באַשעפעניש. ס'איז זיך גיכער משער צו זיין, אַז דער מענטש, וועלכער האָט דעם געזעלשאַפטלעכן אינסטינקט איבערגענומען בירושה פון זיינע פאָרגייער אין דער חיהשער וועלט, האָט שוין ביי זיין באַווייזן זיך אויף דער אויבערפלאַך פון לעבן געהאַט אין זיין רשות געוויסע אויסדרוקסמיטלען, ווי רוי און אומאַנטוויקלט זיי זאָלן געוועזן זיין. איז דאָך די שפּראַך אינעם ברייטערן זין נישט קיין אויסשליס־לעך אייגנטום פונעם מענטשן, נייערט עפּעס אַזעלכעס, וועלכעס מ'קאָן אויפווייזן ביי אַלע געזעלשאַפטלעך־־לעבעדיקע מינים. אַז צווישן דידאָזיקע מינים קומט פאָר אַ קעגנזייטיקע פאַרשטענדיקונג, איז לויט אַלע באַאָבאַכטונגען שווער צו שטעלן אין ספק. נישט די שפּראַך ווי אַזעלכע אונטערשיידט דעם מענטשן פון אַלע אַנדערע מינים, נייערט די באַזונדערע פאָרעם פון דער מענטשלעכער שפּראַך, די אַרטיקו־לירטע שפּראַך, וועלכע שאַפט באַגריפן און איז דעריבער גורם, אַז דאָס דענקען זאָל זיין פעיק צו די העכסטע לייסטונגען.

ס'איז אַ סברה, אַז די מענטשלעכע שפּראַך איז אין דער התחלה געווען באַ־שרענקט בלויז אויף געוויסע קלאַנגען, וועלכע דער מענטש האָט זיך אָפּגעלערנט פון דער נאַטור; צו דעם זענען נאָך אפשר צוגעקומען אַזעלכע קולות, וועלכע האָבן אויסגעדריקט ווייטיק, איבעראַשונג אָדער פרייד. אָט־די קלאַנגען זענען אינערהאַלב דער האָרדע גענוצט געוואָרן צו באַצייכענען געוויסע זאַכן און זיי זענען איבערגע־גאַנגען בירושה צו די נאָכקומענדיקע דורות. מיט דידאָזיקע ערשטע רודימענטאַרע התחלות זענען געשאַפן געוואָרן די נייטיקע פאָרויסיקע תנאים פאַר דער ווייטער־דיקער אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך. אָבער די שפּראַך גופא איז פאַרן מענטשן

געוואָרן אַ ווערטפּול מיטל אינעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, וועלכעס האָט אַמייסט צוגעהאָלפן צום פאַנטאַסטישן אויפשטייג פון זיין מין.

דורך דער בשותפותדיקער אַרבעט, וועלכע איז געווען אָבליגאַטאָריש אין דער האָרדע, זענען ביסלעכווייז אַרויסגעקומען אַ גאַנצע רייע באַזונדערע באַצייכענונגען פאַר די ווערקצייג און קעגנשטאַנדן פון טעגלעכן געברויך. יעדע נייע דערפינדונג, יעדע אַנטדעקונג האָט צוגעטראָגן איר חלק צו באַרייכערן דעם פאַראַנענעם שפּראַך־אוצר, ביז דידאַזיקע אַנטוויקלונג האָט מיט דער צייט דערפירט צו דער אַנטשטייאונג פון געוויסע וואָרטבילדער אָדער סימבאָלן, פון וואָס ס׳האָט געמוזט אַרויסקומען אַ נייער אופן פון דענקען. אויב די שפּראַך איז לכתחילה געווען בלויז אַן אויסדרוק פונעם דענקען, האָט זי איצט אָנגעהויבן צוריקווירקן אויפן דענקען און באַאיינפלוסט זיינע דרכים. דער בילדלעכער אויסדרוק פונעם וואָרט, וועלכער איז לכתחילה אַרויסגעקומען פון ריין זינלעכע אימפּרעסיעס, האָט זיך ביסלעכווייז דערהויבן צום גייסטיקן און געשאַפן דערמיט די ערשטע פאָרויסיקע תנאים פונעם אַבסטראַקטן דענקען. אַזוי אַרום איז אויפגעקומען יענע זעלטענע קעגנזייטיקע ווירקונג צווישן דער שפּראַך און דעם מענטשלעכן דענקען, וועלכע איז דורך דער שטייגנדיקער קול־טורעלער אַנטוויקלונג געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ פאַרשידנאַרטיקער און קאָמפּלי־צירטער, אַזוי אַז מ׳האָט נישט מיט אומרעכט געהאַלטן, אַז „די שפּראַך דענקט פאַר אונדז".

אָבער דווקא דידאַזיקע בילדלעכע אויסדרוקן, די אַזויגערופענע וואָרטסימבאָ־לן, זענען דאָס יענע, וועלכע זענען צומייסטן אויסגעשטעלט אויף די השפּעות אינעם לויף פון די געשעענישן און זיי פאַרענדערן זייערע התחלהדיקן זין אָפט אַזוי גרינט־לעך, אַז זיי פאַרוואַנדלען זיך נישט זעלטן אין זיין היפוך. דאָס פאַסירט בדרך כלל קעגן יעדער לאָגיק; אָבער שפּראַך קאָן מען מיט לאָגיק לגמרי נישט גובר זיין, אַן אומשטאַנד, וועלכער פאַלט די שפּראַכרייניקער קיינמאָל נישט איין. אַ סך ווערטער פאַרשווינדן ביסלעכווייז פון דער שפּראַך, הגם ס׳איז נישט מעגלעך צו געפינען אַ באַשטימטע סיבה דערפאַר, — אַ פּראָצעס, וועלכן מיר קאָנען אויך היינט זייער גוט באַמערקן. אַזוי מוז דאָס אַלטע „גאַססע" ביסלעכווייז אָפּטרעטן דאָס אָרט פאַר „שטראַסע"; אַזוי ווערט „שטובע" וואָס ווייטער אַלץ מער אַרויסגעשטויסן פון „צימער"; אַזוי מוז „קנאַבע" זיך אָפּרוקן פאַר „יונגע", „האַופּט" פאַר „קאָפּף", „אַנטליץ" פאַר „געזיכט", און פון דער אַנדערער זייט ווידער האַלטן זיך אויף אין דער שפּראַך אַ צאָל ווערטער, וועמעס אַמאָליקער זין איז שוין לאַנג פאַרלוירן גע־גאַנגען. אַזוי רעדן מיר נאָך אַלץ וועגן אַ „לינטע", אַ „פעדער", אַ „זילבערגולדן", הגם יענץ שווערע געווער געהערט שוין לאַנג צו דער געשיכטע, הגם מיר האָבן שוין כמעט פאַרגעסן, אַז אונדזערע טאַטעס און זיידעס פלעגן נעמען זייערע שרייב־געצייג פון דער גאַנדזס פעדערן, הגם אַ „גולדן" באַדייט דאָך אינדעראמתן גאָלד. מיר זענען זיך מחיה מיטן „טרוקענעם הומאָר" פון אַ מענטשן און מיר ווייסן לחלו־טין נישט, אַז דאָסדאָזיקע פון לאַטיין גענומענע וואָרט האָט געהאַט דעם טייטש

פון נאַסקייט, פּייכקייט, זאַפט. און די שפּראַך באַווייזט נאָך אַנדערע זאַכן. אַזוי איז אַ ריטער, וועלכער האָט זיך צוריקגעקערט פונעם קאַמף אין זיין שלאָס און אַראָפּגענומען פון זיך זיין געווער, „ענט־ריסטעט״ געוואָרן (אַנטוואָפנט). און היינט פאַלן מיר אַריין אין גרימצאָרן, ווען מיר „ענטריסטען״ זיך (ווערן אויפגעבראַכט). יעדע שפּראַך האָט אַ מאַסע אַזעלכע אַבסורדן, „וועלכע לאָזן זיך דערקלערן נאָר דערמיט, וואָס די מענטשן האָבן ביסלעכווייז געגעבן אַן אַנדערן זין געוויסע זאַכן אָדער פּאַסירונגען און זיך בעת־מעשה נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון פון דעם.

אין אויסגעצייכנטע שריפטן, פון וואַנען מיר האָבן אַרויסגענומען די אויבנגעבראַכטע ביישפּילן, האָט פאַר אונדז דער דייטשער שפּראַכפאָרשער ערנסט וואַססערציער פאַרכאַפּנדיק געשילדערט די סימבאָליק פון דער שפּראַך און אָנגעוויזן אַז מיר רעדן כמעט נאָר אין בילדער, הגם מיר גיבן זיך וועגן דעם נישט אָפּ קיין חשבון.*) ווען אַ זעלנער „פאָרטרעגט״ (טראָגט פאָרויס) די פאָן פאַר זיין רעגימענט, ווען מיר „איבערטרעטען״ (גייען אַריבער) אַ וואַסערל, ווען אונדזער פּיגור „שפּיגלט״ זיך אין וואַסער, זענען דאָס פאַקטישע פּאַסירונגען, וועלכע דאַרפן נישט קיין גענויערע דערקלערונגען. ווען אָבער מיר „פאָרטראָגן״ אַ געדיכט, ווען מיר „איבערטרעטן״ דאָס געזעץ אָדער ווען אין אויג „שפּיגלט״ זיך אָפּ דעם מענטשנס נשמה, איז דאָ ביי דער אַרבעט די סימבאָליק פון דער שפּראַך און שטעלט אונדז אַוועק פאַר די אויגן געוויסע געשעענישן, ביי וועמעס פאַרווירקלעכונג די זינלעכע פעסטשטעלונג האָט אַמאָל געמוזט האָבן צוגעהאָלפן.

דידאַזיקע באַגריפס־שאַפונגען זענען נישט נאָר אויסגעשטעלט צו אַ שטענדיקן אומבייט; יעדע נייע דערשיינונג פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן באַשאַפט אויך נייע וואָרטפאָרמירונגען, וועלכע וואָלטן פאַר די פריערדיקע דורות זיכער געווען אומפאַרשטענדלעך, מחמת ס׳זענען געווען אומבאַקאַנט די סאָציאַלע און גייסטיקע סיבות פון דידאַזיקע נייע שאַפונגען אין דער שפּראַך. די וועלט־מלחמה מיט אירע אוממיטלבאַרע באַגלייטדערשיינונגען אויף אַלע געביטן פון עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און סאָציאַלן לעבן גיט אונדז אַ טרעפלעכן ביישפּיל פאַר דעם. אַ מאַסע נייע ווערטער, וועלכע ס׳האָט פאַרן קריג קיינער נישט פאַרשטאַנען, האָבן דעמאָלט אַריינגעדרונגען אין דער שפּראַך. אָט למשל, טראָמעלפויער, גאַזאַנגריף, פלאַממענוואַרפער, פעלדגראַוער, שטעללונגסקריג, איינבעבעלונג, שפּערגעביט, בעצוגשיין, קריגסגעווינלער; איבערגאַנגסווירטשאַפט און הונדערט אַנדערע. אַזעלכע נייע שאַפונגען קומען־אויף אין משך פון דער צייט אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכער טעטיקייט און זיי פאַרדאַנקען זייער אַנטשטייאונג דעם שטענדיקן אומבייט פון די געזעלשאַפטלעכע לעבנסבאַדינגונגען. אויף דעם אופן ענדערט זיך די שפּראַך במשך פון באַשטימטע תקופות אַזוי גרינטלעך, אַז זי ווייזט זיך אויס די שפּעטערדיקע גענעראַציעס, וועלכע באַטראַכטן רעטראָספּעקטיוו איר אַנטוויקלונגספּראָצעס, אַלץ פרעמ־

*) Ernst Wasserzieher, Bilderbuch der deutschen Sprache. Leben und Weben der Sprache.

דער, ביז זיי דערגרייכן צו אַ פּונקט, ווען זי איז זייער לגמרי אומפאַרשטענדלעך און בלויז דער פֿאַרשער קאָן זיך דאָרט אָריענטירן.

מיר רעדן שוין היינט נישט שילערס און געטעס שפּראַך. פישאַרדס, האַנס זאַקס און לוטערס שפּראַך שטעלט אונדז שוין אַוועק פֿאַר געוויסע רעטענישן און מוז אָפֿט האָבן דערקלערונגען, בכדי צו דערנענטערן צו אונדז די מענטשן פֿון יענער צייט און זייער לעבנסבאַנעם. וואָס ווייטער מיר קוקן צוריק צו דער צייט פֿון וואַלטער פֿאָן דער פֿאָגעלווייד און גאָטפֿרידס פֿאָן שטראַסבורג, אַלץ אומפֿאַרשטענדלעכער און טונקעלער ווערט אונדז דער זין פֿון דער שפּראַך, ביז מיר דערגרייכן סוף־כל־סוף צו אַ פּונקט, ווען די „אייגענע שפּראַך" זעט אונדז אויס ווי אַ פֿרעמדע שאַפֿונג, וועמעס רעטעניש מיר קאָנען אויפֿקלערן נאָר מיט דער הילף פֿון אַן איבערזעצונג. געוווינג צו לייענען אייניקע סטראָפֿן פֿון דער באַרימטער „העליאַנדהאַנטשריפֿט", וועלכע האָט געזאָלט האָבן אָנגעשריבן געוואָרן פֿון אַן אומבאַקאַנטן זאַקסישן דיכטער אויף דער אָנרעגונג פֿון לודוויג דעם פֿרומען נישט לאַנג נאָך דעם איבערגאַנג פֿון די זאַקסן צום קריסטנטום. יענץ דייטש פֿון דער ערשטער העלפֿט פֿון נײַנטן יאָר־הונדערט קלינגט אונדז היינט ווי אַ פֿרעמדע שפּראַך און פּונקט אַזוי פֿרעמד זענען די מענטשן, וועלכע האָבן עס גערעדט.

ראַבעלעס שפּראַך איז הונדערט יאָר נאָך זיין טויט קוים נאָך פֿאַרשטאַנען געוואָרן אין פֿראַנקרייך. דער היינטיקער פֿראַנצויז איז אימשטאַנד צו פֿאַרשטיין דעם אָריגינעלן טעקסט פֿונעם גרויסן הומאַניסט נאָר מיט דער הילף פֿון אַ ספּעציעלן ווערטערבוך. מיטן גרינדן די פֿראַנצויזישע אַקאַדעמיע (1629) איז אויפֿגעקומען פֿאַר דער פֿראַנצויזישער שפּראַך אַ שטרענגע וועכטערין, וועלכע האָט זיך באַמיט לויט אירע כּוחות אויסצורוימען פֿון דער שפּראַך אַלע פֿאָלקסטימלעכע אויסדרוקן און רעדנסאַרטן. מ'האָט דאָס אָנגערופֿן אויסבעסערן די שפּראַך; אין דעראמתן האָט מען ביי איר צוגענומען די אָריגינאַליטעט פֿונעם אויסדרוק און זי אַריינגעצוואונגען אינעם יאָך פֿון אַן אומנאַטירלעכן דעספּאָטיזם, פֿון וועלכן זי האָט זיך שפּעטער געמוזט באַפֿרייען מיט געוואַלט. פֿענעלאָן און אַפֿילו ראַסין האָבן דעמדאָזיקן גע־פֿיל געגעבן אַ פֿאַרשידנאַרטיקן אויסדרוק, אָבער דידעראָ האָט געשריבן אָפֿן און קלאָר:

„מיר האָבן פֿאַראָרעמט אונדזער שפּראַך דורך אַ צו שטרענגער פּוריפֿי־קאַציע; היות מיר האָבן אָפֿט אין אונדזער רשות בלויז איין באַשטימט וואָרט פֿאַר אַ געדאַנק, ווילן מיר ליבער, אַז ס'זאָל צעקראַכן ווערן די קראַפֿט פֿונעם געדאַנק, מחמת מיר דערשרעקן זיך פֿאַרן באַנוץ פֿון אַ נייעם און מכלומרשט אומרייניעם אויסדרוק. אַזוי אַרום האָבן מיר פֿאַרלוירן אַ מאַסע ווערטער, וועלכע מיר באַוואונדערן פֿריידיק ביי אַמיאָ און מאָנטאַין. דער אַזויגערופֿענער גוטער סטיל האָט זיי אַרויסגעשטויסן פֿון דער שפּראַך בלויז דערפֿאַר, ווייל זיי ווערן באַנוצט פֿונעם פֿאָלק. אָבער דאָס פֿאָלק, וועלכעס זוכט שטענדיק צו אימיטירן די גרויסע, וויל זיך נישט באַנוצן מיט דידאָזיקע ווערטער און זיי זענען מיט דער צייט פֿאַרגעסן געוואָרן".

שעקספּירס שפּראַך שטעלט אַוועק אַפילו פאַרן געבילדעטן ענגלענדער געוויסע רעטענישן נישט נאָר דערפאַר, ווייל אין איר איז נאָך לעבעדיק אַ סך שפּראַך־עשי־רות, וועלכעס ווערט אין היינטיקן ענגליש נישט מער באַנוצט, נייערט הויפּטזעכ־לעך דערפאַר, ווייל דער דיכטער האָט נאָך דערצו באַנוצט אַ סך ווערטער אין אַזאַ זין, וועלכער אַנטשפּרעכט נישט מער זייער היינטיקן באַדייט. ווען מיר גייען נאָך ווייטער אויף צוריק, ביז צו זשאָפרי טשאָסער, קענטערבערי טיילס, איז דאָס שוין אַ שווערלעכע רייזע, בעת דער אָרגינעלער טעקסט פונעם ליד פון „באָוואולף" איז פאַרן היינטיקן ענגלענדער אַן אומבאַקאַנט לאַנד. פאַרן היינטיקן שפּאַניער מאַכט דער אָריגינאַל פונעם „דאָן קיכאָטע" געוויסע שוועריקייטן, וועלכע ווערן אויף אַזוי פיל גרעסער און אומבאַזיגבאַר וואָס ווייטער ער דערנעענטערט זיך צום אַלטן טעקסט פונעם „סיד". וואָס טיפער מ'דרינגט אַריין אין דער פאַרגאַנגענהייט פון אַ שפּראַך, אַלץ פרעמדער ווייזט זי זיך אונדז אויס; צו וועלן אויסגעפינען אירע התחלות וואָלט געווען אַן אומזיסטיקע טירחה. ווער צ. ב. וואָלט געקאָנט זאָגן מיט זיכערקייט, ווען מ'האָט אויפגעגעבן אין איטאַליע און אין פראַנקרייך די לאַטייניש שפּראַך און אָנ־געהויבן צו רעדן איטאַליעניש און פראַנצויזיש? ווער וואָלט געוואָלט באַווייזן, ווען דאָס פאַרדאָרבענע לאַטייניש פון דער „לינגוואַ רוסטיקאַ" האָט זיך אויסגעשטאַל־טיקט אין שפּאַניש אָדער, בעסער געזאָגט, אין קאַסטעליאַניש? די שפּראַך ענדערט זיך אַזוי אומבאַמערקבאַר, אַז די דורות, וועלכע קומען איינע נאָך די אַנדערע, מערקן דאָס קוים. דערמיט דערגייען מיר צו אַ פּונקט, וועלכער האָט אַ פונדאַמענטאַלן באַ־דייט פאַר אונדזער אונטערזוכונג.

די ראָשי־המדברים פון דער נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע פאַרטרעטן דעם שטאַנד־פּונקט, אַז די נאַציאָנאַליטעט שטעלט מיט זיך פאָר אַ נאַטירלעכע אינערלעכע איינ־הייט און אַז זי איז אין איר טיפסטן מהות עפּעס פּערמאַנענטס, אומפאַרענדערבאַרס. ס'איז אמת, אַז אויך זיי קאָנען נישט אָפּלייקענען, אַז די גייסטיקע און געזעלשאַפט־לעכע לעבנסבאַדינגונגען פון יעדער נאַציאָנאַליטעט זענען אויסגעשטעלט צו אַ כסדרדיקער ענדערונג, אָבער זיי זוכן זיך אַרויסצודרייען מיט דער באַהויפּטונג, אַז דידאָזיקע ענדערונגען זענען נאָר חל אויף די אויסערלעכע לעבנספאָרמען, אָבער זיי רירן נישט אָן דעם אמתן מהות פון דער נאַציאָנאַליטעט. וואָלט טאַקע די שפּראַך אינדעראמתן געווען דער כאַראַקטעריסטישער קענצייכן פונעם נאַציאָנאַלן גייסט, דעמאָלט וואָלט אויך זי געמוזט פאַרשטעלן מיט זיך אַ באַזונדערע איינהייט, וועל־כע ווערט באַשטימט דורכן מהות פון דער נאַציע גופא און אַנטפּלעקט דעם באַזונ־דערן כאַראַקטער פון יעדן פאָלק. און פאַקטיש האָבן טאַקע אַזעלכע מינים באַהויפּ־טונגען נישט געפעלט.

שוין פיכטע האָט געמאַכט דעם פּרואוו אַרויסצודרינגען פון דער שפּראַך דעם כאַראַקטער פון דער נאַציע. מיט דער גאַנצער גאווה פון זיין צעהיצטער פּאַטריאָטי־שער באַגייסטערונג האָט ער געהאַלטן וועגן דער דייטשער שפּראַך, אַז אין איר אַנט־פּלעקט זיך דער גאַנצער כוח פון אַ נאַטורקראַפט, וועלכער גיט איר לעבן, שטאַרקייט

און אויסדרוק, בעת די פעלקער מיט לאַטייניש שפּראַכן, און גאָר באַזונדערס די פּראַנצויזן, האָבן צו זייער דיספּאָזיציע נאָר אַ קינסטלעכע, ריין קאָנווענציאָנעלע שפּראַך, וועלכע פאַרגוואַלדיקט זייער נאַטור און אין וועלכער עס קומט אַרויס דער אמתער כאַראַקטער פון יענע פעלקער. ווילהעלם פאָן הומבאָלדט האָט שפּעטער אַנט־וויקלט אַ גאַנצע טעאָריע, וועלכע האָט געדאַרפט באַווייזן, אַז אינעם געבוי און אין דער אויסדרוקספּעאיקייט פון אַ שפּראַך אַנטפּלעקט זיך די ספּעציעלע נאַטור פון אַ פאָלק. „די שפּראַך קאָן פאַרגליכן ווערן צו דער אויסערלעכער דערשיינונג פונעם גייסט פון די פעלקער; זייער שפּראַך איז זייער גייסט און איר גייסט איז זייער שפּראַך; וויפל מ'זאָל נישט אַרויסשטעלן זייער אידענטישקייט, וועט עס קיינמאָל נישט זיין גענוג"*).

פון דעמאָלט אָן זענען גאַנץ אָפט אויפגעקומען אַזעלכע און ענלעכע טעאָריעס. די פּרואוון פון פּירקאַנדט, היסינג, פינק און אַנדערע זענען עדות אויף דעם. ביי אָט־די אַלע פּרואוון, פון וועלכע אייניקע זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרן מיט אַ סך חריפות, איז דער וואונטש געווען דער פאָטער פונעם געדאַנק. זיי האָבן דעם חותם פונעם געמלאכהטן אויפן שטערן; מפּילס, וואָס זענען אויפגעהאָדעוועט געוואָרן קינסטלעך. ווירקלעכע און ממשותדיקע באַווייזן פאַר דער ריכטיקייט פון יענע טעאָ־ריעס זענען ביז אַהער אין ערגעץ נישט געבראַכט געוואָרן. דעריבער איז דער באַ־קאַנטער שפּראַכפאָרשער זאַנדפעלד־יענסען בכל אופן גערעכט, ווען ער טרעט אַרויס קעגן פינקס באַהויפּטונג, אַז „דער געבוי פון דער דייטשער שפּראַך דאַרף באַ־טראַכט ווערן ווי דער אויסדרוק פון דייטשן וועלטבאַנעם", און ער האָט דערקלערט, אַז פינק האָט נישט געבראַכט דעם באַווייז פאַר זיין באַהויפּטונג און אַז אַן אַנדערער פאָרשער מיט פונקט אַזאַ גוטער מאָטיווירונג וואָלט געקאָנט דערגרייכן צו גאַנץ אַנ־דערע רעזולטאַטן. „אויף אָט־דעם שווערלעכן געביט — זאָגט זאַנדפעלד־יענסען — וועלכעס ווערט געוויינלעך אָנגערופן פעלקערפּסיכאָלאָגיע, — שטייט מען יעדן אויגנבליק אין סכנה צו פאַרלירן דעם זיכערן באָדן פון אונטער די פיס און זיך צו פאַרלירן אין פוסטע פילאָזאָפירונגען"**).

ניין, די שפּראַך איז נישט דער רעזולטאַט פון אַ באַזונדערער פאָלקס־איינ־הייט, זי איז אַ באַשאַף, וועלכער געפינט זיך אין שטענדיקן אומבייט און אין וועלכן עס שפּיגלט זיך אָפּ די גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע קולטור פון די פאַרשידענע פּאַזן פון אונדזער אַנטוויקלונג. זי איז שטענדיק אין שטראָם און איז געגליכן צום פּראָטעוס, וועלכער איז אומדערמידלעך אינעם אומבייט פון זיינע געשטאַלטן. דער־דאַזיקער אייביקער אומבייט אין דער שפּראַך איז דאָך טאַקע די סיבה דערפון, פאַר־וואָס ס'זענען פאַראַן אַלטע און נייע, לעבעדיקע, אָפּשטאַרבנדיקע און טויטע שפּראַכן.

---

*) W. V. Humboldt, Einleitung über die Verschiedenheit des menschlichen Sprachbaues und ihren Einfluss auf die geistige Entwicklung der Menschheit.

**) K. Sandfeld-Jensen, Die Sprachwissenschaft; Leipzig-Berlin, 1923.

אָבער ווען די שפּראַך ענדערט זיך שטענדיק, ווען זי גיט זיך איבער לייכט צו אַלע פרעמדע איינפלוסן און האָט תמיד אַן אָפענע טיר פאַר אָפּשטאַמיקע פון אַנדערע מינים, איז זי דאָך, אויב אַזוי, נישט נאָר אַ געטרייע אָפּשפּיגלונג פון דער קולטור אין אַלגעמיין, נאָר זי ברענגט אויך דערמיט דעם באַווייז, אַז מיר וועלן מיט איר הילף קיינמאָל נישט קענען אַריינדרינגען אינעם געהיימענישפולן „וועזן פון דער נאַציע", וועלכער דאַרף, הייסט עס, אין עצם זיין שטענדיק דערזעלביקער.

וואָס געוויסנהאַפטער מיר גייען נאָך די התחלות פון אַ שפּראַך, אַלץ ווייני־קער באַציאונגען האָט זי מיטן קולטורקרייז, צו וועלכן מיר באַלאַנגען, אַלץ גרע־סער איז דער שטח, וועלכער טיילט אונדז אָפּ פון די מענטשן פון פאַרגאַנגענע צייטן, ביז אַלעס פאַרלירט זיך, לסוף, אין אומדורכדרינגלעכן נעפּל. ווען אַ פראַנצויז אָדער אַן ענגלענדער, צי דאָס איז אַ דענקער, אַ שטאַטסמאַן, אַ קינסטלער, זאָגט היינט אַרויס פאַר אונדז אַ געוויסן געדאַנק, פאַרשטייען מיר אים אָן שוועריקייטן, הגם מיר באַלאַנגען נישט צו דער זעלביקער נאַציע, אָבער מיר באַלאַנגען יאָ צום זעלבן קולטורקרייז און זענען פאַרבונדן דורך אומזעעוודיקע פעדים מיט די גייס־טיקע שטרעמונגען פון אונדזער צייט. אָבער דאָס פילן און דענקען פון מענטשן פון פאַרגאַנגענע דורות איז אונדז על־פּי־רוב פרעמד און אומדורכדרינגבאַר, ווען אַפילו זיי באַלאַנגען צו דערזעלביקער נאַציע, ווייל זיי האָבן זיך געפונען אונטער אַנדערע קולטורעלע איינפלוסן. בכדי יענע צייטן זאָלן זיין נענטער פאַר אונדז, מוזן מיר האָבן אַן ערזאַצמיטל, וועלכעס מוז אונדז פאַרבייטן די ווירקלעכקייט — די טראַ־דיציע. און וואו עס באַווייזט זיך די טראַדיציע, דאָרט הייבט זיך אָן דאָס באַרייך פון דער דיכטונג. היות די אורגעשיכטע פון יעדן פאָלק פאַרלירט זיך אין דער מי־טאָלאָגיע, שפּילט אויך די אגדה די וויכטיקסטע ראָל אין דער טראַדיציע.

ס׳זענען נישט בלויז די אַזויגערופענע „געשיכטס־אויפפאַסונגען", וועלכע לאָזן אונדז זען די פּאַסירונגען פון די פאַרגאַנגענע צייטן אין אַ „ספּעציעלן ליכט", אויך די מכלומרשטע „אָביעקטיווע געשיכטעשרייבונג" איז קיינמאָל נישט פריי פון מיסטיפיקאַציע און היסטאָרישער פעלשונג. על־פּי־רוב פּאַסירט דאָס אומבאַ־וואוסטזיניק; מחמת ס׳איז געווענדט אין דעם ווי שטאַרק די פּערזענלעכע אָריענטאַ־ציע פונעם געשיכטשרייבער האָט באַאיינפלוסט דאָס בילד, וועלכעס ער האָט זיך געשאַפן וועגן באַשטימטע געשיכטלעכע פּאַסירונגען, און ווי אַזוי ער טייטשט אויס די צו אונדז דערגאַנגענע טראַדיציע. אָבער אין אָט־דער פּערזענלעכער אָריענטאַ־ציע שפּילט אַ ראָל די געזעלשאַפטלעכע סביבה, אין וועלכער ער לעבט, דער שטאַנד, צו וועלכן ער באַלאַנגט, די פּאָליטישע אָדער רעליגיעזע מיינונג, וועלכע ער האָט. די אַזויגערופענע „פּאַטריאָטישע געשיכטע" פון די איינצלנע לענדער איז איין גרויסע פּאַבל, וועלכע האָט קוים וועלכן נישט איז אינערלעכן שייכות מיט די ווירק־לעכע פּאַסירונגען. וועגן דער „געשיכטע" אַזוי ווי זי ווערט געלערנט אין די שול־ביכער פון די פאַרשידענע נאַציעס, לוינט אַפילו נישט צו רעדן, מחמת דאָ איז די היסטאָרישע פעלשונג אָנגענומען ווי אַ פּרינציפּ. מענטשלעכע פּרעדיספּאָזיציע,

געירשנטע פאַראורטיילן און טראַדיציאָנעלע באַגריפן, וואָס זיי צו צעטרייסלען מ׳איז אָדער צו פּחדנותדיק אָדער צו שוואַך, באַאײנפלוסן זייער אָפּט דעם משפּט פון ערנס־טע פאָרשער און פאַרפירן זיי צו אייגנווייליקע קאָנסעקווענצן, וועלכע האָבן אַ קליי־נעם שייכות מיט דער היסטאָרישערווירקלעכקייט. אָבער קיינער איז נישט אַזוי שטאַרק אויסגעשטעלט צו אַזעלכע השפּעות ווי די פאַרטרעטער פון נאַציאָנאַליס־טישע אידעאָלאָגיעס, וועמען אַ וואונטש מוז נאָך גאַנץ אָפּט פאַרבייטן די ניכטערע פאַקטן.

אַז די אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון אַ שפּראַך קומט נישט פאָר בהסכם מיט נאַציאָנאַלע פּרינציפּן און קומט נישט אַרויס פון אַ ספּעציפישער אייגנאַרט פון אַ באַשטימטן פאָלק, איז קלאָר פאַר יעדן איינעם, ווער ס׳וויל זען. געננג צו וואַרפן אַ בליק אויף דער עוואָלוציע פון דער ענגלישער שפּראַך, וועלכע איז היינט די פאַרשפּרייטסטע פון אַלע אייראָפּעאישע שפּראַכן. פון דער שפּראַך פון די קעל־טישע שבטים, וועלכע האָבן באַוואוינט די בריטישע אינדזלען פאַר דער רוימישער אינוואַזיע, האָבן זיך ביז היינט דערהאַלטן פאַרשידענע דיאַלעקטן אין אועלס, איר־לאַנד, אויף דער אינדזל מען, אין די סקאָטלענדישע בערג און אין דער פראַנצויזי־שער ברעטאַניע. פונדעסטוועגן האָט דאָס בריטאַנישע מיטן היינטיקן ענגליש נישט קיין שום קרובעשאַפט. נישט אינעם געבוי פון די זאַצן און נישט אין צוזאַמענשטעל פון די ווערטער. ווען די רוימער האָבן דערנאָך, אין ערשטן יאָרהונדערט, אַרונטער־געוואָרפן דאָס לאַנד אונטער זייער הערשאַפט, האָבן זיי נאַטירלעך געפּרואווט מאַכן אַריינדרינגען זייער שפּראַך אין פאָלק. אַ סברה, אַז דער אויסשפּרייט פון דער לאַ־טייניש‏ער שפּראַך איז געווען באַשרענקט בעיקר אויף די שטעט און די גרעסערע ישובים אין דרומדיקן טייל פונעם לאַנד, וואו די רוימישע הערשאַפט האָט זיך צומ־שטאַרקסטן פאַרגרונטפעסטיקט. יעדנפאַלס האָט דאָך געמוזט פאַסירן, אַז במשך דער כמעט פירהונדערטיאָריקער הערשאַפט פון די רוימער אין לאַנד זאָלן פאַרקו־מען אַ סך שפּראַך־איינפלוסן. ס׳איז אַפילו זייער וואָרשיינלעך, אַז ס׳האָט זיך אויף דעם אופן אין משך פון דער צייט אויסגעבילדעט אַ לאָקאַלער לאַטיין, פון וועלכן, — פונקט ווי אין איטאַליע, פראַנקרייך און שפּאַניע — ס׳איז מסתמא אַרויסגעקו־מען אַ נייע שפּראַך.

אָבער דידאָזיקע אַנטוויקלונג איז שטאַרק געשטערט געוואָרן, ווען נידער־דייטשע שבטים, אַזעלכע ווי די אַנגעלן, זאַקסן און יוטן, זענען אין פינפטן און זעקסטן יאָרהונדערט אַריינגעדרונגען אין בריטאַניע און נאָך לענגערע קאַמפן מיט די קריגערישע פעלקערשאַפטן פונעם צפון דעראָבערט דאָס לאַנד פאַר זיך. אַזוי אַרום איז די שפּראַך פון די נייע דעראָבערער ביסלעכווייז געוואָרן די לאַנדשפּראַך, און אויך אין דעם פאַל האָט מען זיך נישט געקאָנט באַגיין אָן פאַרשידנמיניקע שפּראַך־מישונגען. מיט דער דענישער אינוואַזיע אין אַכטן און צענטן יאָרהונדערט איז אַריינגעדרונגען אַ נייער גערמאַנישער אידיאָם אין דער שפּראַך פונעם לאַנד, וועמעס השפּעה ס׳איז נאָך היינט דייטלעך צו דערקענען. ביז די פאַראַנענע שפּראַך

איז לסוף, נאָכן אַריינרייסן זיך פון די נאָרמאַנען אונטער ווילהעלם דעם דעראָבערער, לגמרי דורכגעדרונגען געוואָרן מיטן נאָרמאַנישן פראַנצויזיש און דאָס האָט פּאַסירט אויף אַזאַ אופן, אַז נישט נאָר איז פאָרגעקומען אַ היפּשע פאַרמערונג פונעם אַלטן שפּראַך־עשירות דורך אַזויגערופענע איבערגענומענע ווערטער, נייערט אויך גרינטלעכע ענדערונגען אינעם גייסט און געבוי פון דער שפּראַך. פון אָט־די פאַרשידנאַרטיקע אומבייטן און שפּראַכמישונגען האָט זיך ביסלעכווייז אַנטוויקלט די היינטיקע ענגלישע שפּראַך.

יעדע שפּראַך האָט אַן ענלעכע אַנטוויקלונג הינטער זיך, ווען אַפילו מ׳קאָן נישט אַזוי גענוי נאָכגיין די באַזונדערע פאַזן פונעם פּראָצעס. נישט נאָר האָט יעדע שפּראַך אין משך פון איר אַנטוויקלונג אויפגענומען אַ מאַסע פרעמדע שפּראַך־עשירות אין איר וואָרט־אוצר, נייערט זייער אָפט זענען אויך פאָרגעקומען גרינטלעכע ענדערונגען אינעם גראַמאַטישן געבוי פון דער שפּראַך דורך דער ענגער באַרירונג מיט אַנדערע פעלקער. דעם בעסטן ביישפּיל פאַר דעם גיבן די היינטיקע באַלקאַנישע שפּראַכן, וועמעס אָפּשטאַמונג ס׳איז צו זוכן אין אַ סך פאַרשידענע שפּראַך־מקורים. נישט געקוקט דערויף האָבן דיזאָזיקע שפּראַכן, לויט דער איינשטימיקער באַשטעטיקונג פון אָנגעזעענע שפּראַכפאָרשער, באַקומען אַ מערקווירדיק איינהייטלעכן חותם און דאָס סיי בנוגע זייער פראַזעאָלאָגיע ווי אויך בנוגע דער אַנטוויקלונג פונעם זאַצבוי. אַזוי איז ביי זיי, צ. ב., מער אָדער ווייניקער פאַרלוירן געגאַנגען דער אינפיניטיוו. איינע פון די משונהדיקסטע דערשיינונגען פון שפּראַכלעכער אַנטוויקלונג ווייזט אונדז דאָס בולגאַרישע. לויט דער איינשטימיקער מיינונג פון באַקאַנטע פילאָלאָגן, אַזעלכע ווי שלייכער, לעסקיען, ברוגמאַן, קאָפּיטאַר און אַנדערע, שטייט דאָס בולגאַרישע נענטער צו דער אַלטסלאַווישער קירכן־שפּראַך ווי אַלע אַנדערע סלאַווישע שפּראַכן פון דער קעגנוואַרט, הגם ס׳האָט חוץ צוויי טויזנט טערקישע און בערך טויזנט גריכישע ווערטער, אויך אויפגענומען אָן אַ שיעור אויסדרוקן פונעם פערסישן, אַראַבישן, אַלבאַנישן און רומענישן. אָבער די גראַמאַטיק פון דער בולגאַרישער שפּראַך האָט אָנגענומען גאַנץ אַנדערע פאָרמען. אַזוי ווערט דער באַשטימטער אַרטיקל צוגעגעבן צום הויפּטוואָרט, ווי אין אַלבאַניש און רומעניש; חוץ דעם איז בולגאַריש די איינציקע פון אַלע סלאַווישע שפּראַכן, וועלכע האָט לגמרי פאַרלוירן אירע זיבן גראַמאַטיקאַלישע פאַלן און זיי פאַרביטן דורך פאָרווערטער, ווי דאָס איטאַליענישע אָדער דאָס פראַנצויזישע.

אַזעלכע ביישפּילן זענען באַקאַנט אַ סך אין דער פאַרגלייכנדיקער שפּראַכוויסנשאַפט. דאָס איז טאַקע די סיבה, פאַרוואָס די מאָדערנע שפּראַכפאָרשונג דערגייט אַלץ מער צו דער איבערצייגונג, אַז אַלע פריערדיקע איינטיילונגען פון די שפּראַכן לויט פאַרשידענע אָפּשטאַם־גרופּן דאַרפן אין בעסטן פאַל באַטראַכט ווערן ווי בלויזע טעכנישע הילפס־מיטלען, אָבער האָבן אַ קליינע שייכות צו דער ווירקלעכקייט. ווייס מען דאָך היינט, אַז אַפילו די טיבעטיש־כינעזישע, די אוראַל־אַלטאַישע און די סעמיטישע שפּראַכן זענען דורכגעדרונגען מיט אַ מאַסע אינדאָגערמאַנישע

שפּראַכעלעמענטן, פּונקט אַזוי ווי דאָס אַלט־עגיפּטישע. וועגן דער העברעאישער שפּראַך האַלט מען אַפילו, אַז לויט איר געבוי איז זי טאַקע סעמיטיש, אָבער לויט איר וואָרט־אוצר איז זי אינדאָגערמאַניש. צ. מיינהאָף, איינער פון די בעסטע קענער פון די אַפריקאַנישע שפּראַכן, פאַרטרעט אַפילו דעם שטאַנדפּונקט, אַז די סעמיטישע, האַמיטישע און אינדאָגערמאַנישע שפּראַכן באַלאַנגען צום זעלביקן שפּראַכקרייז.

מחמת ס׳זענען נישט בלויז פרעמדלענדישע איינפלוסן, וועלכע האָבן משפּיע געווען אויף יעדער שפּראַך. יעדע גרויסע געשעעניש איבעם לעבן פון אַ פאָלק אָדער אַ נאַציע, וועלכע פירט־אַרויף זיין געשיכטע אויף אַנדערע וועגן, לאָזט איבער טיפע שפּורן אין דער שפּראַך. אַזוי האָט די פראַנצויזישע רעוואָלוציע נישט נאָר געבראַכט אַלס רעזולטאַט טיפווירקנדיקע ענדערונגען אין עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און סאָציאַלן לעבן פון פראַנקרייך, נייערט זי האָט אויך געבראַכט אַ פולשטענדיקן איבערקער אין דער שפּראַך און צעריסן די קייטן, אין וועלכע די פּוסטקייט פון דער אַריסטאָקראַטיע און פון די אונטער איר איינפלוס שטייענדיקע ליטעראַטן האָבן זי געשמידט. דווקא אין פראַנקרייך האָט זיך די שפּראַך, וועלכע איז באַנוצט געוואָרן אין הויף, אין די סאַלאָנען און אין דער ליטעראַטור, אַזוי איבערגעטריבן „אויסגעאיידלט״, אַז ס׳האָט אויסגעזען, אַז זי פאַרלירט יעדע קראַפט פון אויסדרוק און זיך בלויז מאַניפעסטירט אין פּיקחותדיקייטן און פּילפּולים. צווישן דער שפּראַך פון די געבילדעטע און דער שפּראַך פונעם פאָלק איז געלעגן אַ תהום, וועלכער איז געווען פּונקט אַזוי אומאיבערשפּאַנבאַר ווי דער שפּאַלט, וועלכער האָט עקזיסטירט צווישן די פּריווילעגירטע שטאַנדן און די ברייטע מאַסן פונעם פאָלק. ערשט די רעוואָלוציע האָט אָפּגעשטעלט דידאָזיקע ירידה פון דער שפּראַך. דאָס נייַ־דערוואַכטע פּאָליטישע און סאָציאַלע לעבן איז באַרייכערט געוואָרן מיט אַ שלל קרעפטיקע און פאָלקסטימלעכע אויסדרוקן, פון וועלכע דער רוב האָט באַקומען בירגעררעכט, הגם מ׳האָט זיך אין די יאָרן פון דער רעאַקציע באַמיט מיט אַלע כוחות צו באַזייטיקן פון דער שפּראַך יעדן אויסדרוק, וועלכער האָט דערמאָנט אין דער רעוואָלוציע. אין זיין „נעאָלאָגיע״, וועלכע איז דערשינען אין 1801, האָט מערסיע אָנגעגעבן איבער צוויי טויזנט נייע ווערטער, וועלכע מ׳האָט אין לודוויג דעם פערצנטנס עפּאָכע נישט געקאָנט, פונדעסטוועגן איז נאָך מיט דעם ווייט נישט געווען פאַרענדיקט די צאָל פון די נייגעשאַפענע ווערטער, וועלכע זענען אַרויסגעקומען פון דער רעוואָלוציע. „ס׳איז געווען אַזוי גרויס די צאָל פון די נייע ווערטער און אויסדרוקן, וועלכע האָבן געשטורעמט די שפּראַך, — האָט געשריבן פאָל לאַפאַרג אין אַ דערמאָנונגסווערטן מאַמר — אַז מ׳האָט די צייטונגען און שריפטן פון יענער צייט געקאָנט מאַכן פאַרשטענדלעך פאַר לואיס דעם פערצנטנס הויפלייט נאָר דורך איבערזעצונגען״*).

*) דערדאָזיקער מאמר, פון וועלכן מיר האָבן ציטירט איניקע שטעלן בנוגע דער אַנטוויקלונג פון דער פראַנצויזישער שפּראַך, איז צוערשט דערשינען אין דער פּאַריזער צייטשריפט „ערע נוועל״. אַ דייטשע איבערזעצונג איז דערשינען ווי אַ צוגאָבהעפט נומער 15 פון „די נויע צייט״ אונטערן טיטל „די פראַנצויזישע שפּראַך פאַר און נאָך דער רעוואָלוציע״.

די פאָלקסשפּראַך איז בכלל אַ קאַפּיטל פאַר זיך. ווען מ׳באַטראַכט די שפּראַך אויבנאויפיק ווי אַ סענסאַציאָנעלע כאַראַקטעריסטיק פון דער נאַציע, פאַרזעט מען דערביי נישט זעלטן, אַז די קעגנזייטיקע פאַרשטענדיקונג צווישן די, וועלכע באַלאַנגען צו דערזעלביקער נאַציע, איז אָפּטמאָל מעגלעך נאָר דורך דער אַלגעמיינער געשריבענער שפּראַך. אָבער די געשריבענע שפּראַך, וועלכע ארבעט זיך אויס אין יעדער נאַציע ערשט ביסלעכווייז, איז לגבי דער פאָלקסשפּראַך תמיד דאָס קינסטלעך־געשאַפענע. דעריבער הערשן צווישן שריפט־ און פאָלקסשפּראַך תמיד אָנגעצויגענע באַציאונגען, מחמת די לעצטע וואַרפט זיך אונטער מיט ווידערווילן קעגן דרויסנדיקער געוואַלט. אַוודאי אַנטוויקלט זיך יעדע געשריבענע שפּראַך קודם־כל פון איין באַשטימטן דיאַלעקט. בדרך־כלל איז דאָס דער דיאַלעקט פון אַן עקאָנאָמיש און קולטורעל פּראָגרעסיווער געגנט, וועמעס באַוואוינער האָבן אויך, אויפן סמך פון זייער העכערער גייסטיקער אַנטוויקלונג, אַ גרעסערע עשירות אין ווערטער, וועלכע דערמעגלעכט זיי ביסלעכווייז צו באַקומען אַן איבערגעוויכט איבער אַנדערע דיאַלעקטן. דידאָזיקע אַנטוויקלונג לאָזט זיך דייטלעך באַמערקן אין יעדן לאַנד. ביסלעכווייז נעמט די שריפטשפּראַך אויך אַריין ווערטער פון אַנדערע דיאַלעקטן, וואָס אַדאַנק דעם ווערט באַגינציקט די מעגלעכקייט פון אַ שפּראַכלעכער פאַרשטענדיקונג אינערהאַלב אַ גרעסערן געביט. אַזוי גֿעפינען מיר שוין אין לוטערס איבערזעצונג פון דער ביבל, וועלכע האָט זיך געשטיצט אויפן אויבערזאַקסישן דיאַלעקט, אַ היפּשן סכום אויסדרוקן, וועלכע זענען גענומען געוואָרן פון אַנדערע דייטשע דיאַלעקטן. אַ סך ווערטער, וועלכע לוטער האָט באַנוצט אין זיין איבערזעצונג, זענען אין דרומדיקן דייטשלאַנד געווען אַזוי אומבאַקאַנט, אַז זיי זענען אַן אַ ספּעציעלער דערקלערונג נישט פאַרשטאַנען געוואָרן. דאָס זענען אַזעלכע ווערטער ווי: פּילען, געהאָרכען, זויכע, טוישען, ליפּפּע, טרענע, קאַהן, אופּער, היגעל, ריגעל א. אַ. וו. פונעם הויכדייטשן דיאַלעקט זענען גענומען: שטאַונען, ענטשפּרעכען, טאַגען, אונביל, אַהנע, דומפּף, בעת דאַם, בויטע, בעשוויכטיגען, פּלאַט, ביסטער, זאַכט זענען פון נידערדייטשן שורש*).

אַזוי אַרום איז עס די שריפטשפּראַך, וועלכע מאַכט מעגלעך אַ פאַרשטענדיקונג אין ברייטערן אַרומנעם, און נישט די פאָלקסשפּראַך. דער דיטמאַרשער אָדער דער מזרח־פּרייסישער געפינט זיך שוין אין אויסלאַנד, ווען ער קומט קיין בייערן אָדער שוואַבן. פאַרן פריזלענדער קלינגט דאָס אַזויגערופענע „שוויצערדיטש“ (שווייצאַרישע דייטש) אַזוי פרעמד ווי פראַנצויזיש, הגם ער האָט דיזעלביקע געשריבענע שפּראַך ווי דער שווייצאַרישער דייטש. ווער ס׳האָט נאָר די מינדסטע דערפאַרונג ווייס, אַז אַ דרומדיקער דייטש איז לגמרי אומבאַהאָלפן לגבי די פאַרשידענע דיאַלעקטן פון נידערדייטשלאַנד. דיזעלביקע דערשיינונג זעען מיר אין דער שפּראַך פון יעדער נאַציע. דער לאַנדאַנער קאָן קוים פאַרשטיין דעם שאָטלענדער, וועלכער רעדט

*) W. Fischer, Die deutsche Sprache von heute; 1918 Berlin - Leipzig.

זיין דיאַלעקט. דעם פּאַריזער איז לגמרי פרעמד דאָס פראַנצויזיש פונעם גאַסקאָן און וואַלאָן, בעת דעם פּראָווענסאַל בלייבן אויף אייביק פאַרהוילן די סודות פונעם פּאַריזער „אַרגאָ“ אָן אַ ספּעציעלן שטודיום. דאָס איטאַליעניש פון די נאַפּאָליטאַנער מאַכט דעם שפּאַניער ווייניקער שוועריקייטן ווי דעם ווענעציאַנער אָדער דעם איטאַליענער פון גענוא. די שפּראַך פונעם אַנדאַלוזיער אונטערשיידט זיך שטאַרק פון דער שפּראַך פונעם קאַסטיליאַנער, — שוין נישט צו רעדן פונעם קאַטאַלאַנער, וועלכער רעדט אַן אייגענע שפּראַך.

ס׳איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן דער שפּראַכפאָרשער, וועלכער זאָל זיין אימשטאַנד צו ציען אַ זיכערע גרענעץ צווישן דיאַלעקט און שפּראַך. אין רוב פאַלן איז לחלוטין אוממעגלעך אָנצוצייכענען, וואו אַ ספּעציעלער אופן רעדן הערט אויף צו זיין אַן אַזויגערופענער דיאַלעקט און מוז אָנגענומען ווערן ווי אַ באַזונדערע שפּראַך. פון דאַנען קומט די אומזיכערקייט מכוח דעם אָנגעבן די גענויע צאָל שפּראַכן אויף דער וועלט, וועלכע ווערן פון אייניקע געשאַצט אין 800 און פון אַנדערע אין 1.500 און 2.000.

אָבער די דיאַלעקט־פרייע שפּראַך, וואָס אַזעלכע ווערט זי ערשט ווען זי ווערט אַ שריפטשפּראַך, איז בשום אופן נישט אימשטאַנד אונדז ריכטיק איבערצוגעבן די באַזונדערע אייגנאַרטיקייט פון אַ דיאַלעקט. די איבערזעצונג פון אַ פרעמדער שפּראַך האָט תמיד אירע חסרונות, וועלכע מ׳קאָן קיינמאָל נישט גובר זיין אין גאַנצן. און פונדעסטוועגן איז לייכטער צו איבערזעצן פון איין שפּראַך אין דער אַנדערער ווי פון איין דיאַלעקט פון אייגענעם לאַנד אין דער געמיינזאַמער שריפטשפּראַך. אוודאי קאָן מען איבערגעבן די טרוקענע פאַסירונגען, אָבער בשום אופן נישט דעם לעבעדיקן גייסט, וועלכער לעבט און קומט־אום צוזאַמען מיטן דיאַלעקט. אַלע פּרוּוון צו איבערזעצן פריץ רויטערן אין הויכדייטש (ליטעראַרישער דייטש) זיינען ביזאַהער דורכגעפאַלן און קאָנען קיינמאָל נישט האָבן קיין דערפאָלג, פונקט ווי ס׳וואָלט געווען פאַרלוירענע האָרעוואַניע צו וועלן איבערזעצן אינעם ליטעראַרישן דייטש העבעלס „אַלעמאַנישע געדיכטע“ אָדער אַזעלכע דיאַלעקט־דיכטער ווי פרידריך שטאָלצע, פראַנץ פאָן קאָבעל אָדער דאַניל הירץ.

נישט זעלטן איז די פראַגע, צי אַ שפּראַך דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַ דיאַלעקט אָדער ווי אַ באַזונדערע שפּראַך, אַ ריין־פּאָליטישער ענין. אַזוי איז האָלענדיש היינט אַ באַזונדערע שפּראַך, ווייל די האָלענדער האָבן אַ באַזונדערע מלוכה; וואָלט דאָס נישט געווען אַזוי, וואָלט מען מסתמא האָלענדיש היינט באַטראַכט ווי אַ נידערדייטשן דיאַלעקט. דאָסזעלביקע פאַרהעלטעניש איז פאַראַן צווישן דעניש און שוועדיש. אין דייטשלאַנד, פונקט ווי אין שוועדן, איז צווישן די פאַרשידענע דיאַלעקטן פון לאַנד נישט פאַראַן קיין גרעסערער אונטערשייד ווי צווישן דייטש און האָלענדיש אָדער שוועדיש און דעניש. אַגב זעען מיר ווי אונטערן איינפלוס פון אַ צעיאָכמערטן נאַציאָנאַליזם ווערן פונדאָסניי אויפגעלעבט טויטע שפּראַכן, ווי דאָס קעלטישע אין אירלאַנד און דאָס העבּרעאישע אין פּאַלעסטינע.

די שפראַך גייט זיך בכלל אויף מאָדנע דרכים און שטעלט אונדז תמיד אַוועק פאַר נייע רעטענישן, וועלכע קיין שום שפּראַכפאָרשער האָט ביז איצט נישט געקאָנט אויספלאָנטערן. ביז נישט לאַנג צוריק האָט מען נאָך געהאַלטן, אַז אַלע עקזיסטירנדיקע און שוין פאַרשוואונדענע שפּראַכן האָבן זייער שורש אין אַ געמיינזאַמער אורשפּראַך. בלי שום ספק, אַז די לעגענדע וועגן פאַרלוירענעם גן־עדן האָט דערביי געשפּילט אַ ראָל. די אמונה אין אַן ערשטן מענטשן־פאָרפאָלק האָט שוין לאָגישערווייז דערפירט צו דער מיינונג וועגן אַ געמיינזאַמער שפּראַך, און ווי אַזעלכע האָט מען נאַטירלעך באַטראַכט די העברעאישע, — דעם „לשון־קודש". אָבער די זיך אַנטוויקלענדיקע וויסנשאַפט וועגן דער אָפּשטאַמונג פונעם מענטשן האָט געמאַכט אַ סוף צו דערדאָזיקער אמונה. אָט־דער אַנטשלאָסענער איבעררייס מיט די אַלטע שיטות האָט ערשט פרייגעמאַכט דעם וועג פאַר דער אַנטוויקלונגס־געשיכטלעכער אויספאָרשונג פון דער שפּראַך. דער פועל־יוצא איז געווען, אַז ס'האָבן געמוזט אויפגעגעבן ווערן אָן אַ שיעור אייגנוויליקע הנחות, וועלכע זענען געשטאַנען אין אומאיבערשפּאַנבאַרער סתירה מיט די רעזולטאַטן פון דער מאָדערנער שפּראַכפאָרשונג. אַזוי איז צווישן אַנדערע אויך אַוועקגעפאַלן די השערה וועגן אַ געזעצמעסיקער אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך לויט באַשטימטע פאָנעטישע דינים, אַ שיטה, וועלכע איז אָנגעהאַלטן געוואָרן פון שלייכערן און זיינע נאָכגייער. ביז מ'איז לסוף געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די פאַמעלעכע פאָרמירונג פון דער שפּראַך איז לגמרי נישט קיין געזעצמעסיקער פּראָצעס און אַז ער קומט פאָר אָן אַ אינערלעכן סדר. ווען ס'איז שפּעטער אין אַ גוטער שעה צעפאַלן די טעאָריע וועגן דער לעגענדאַרישער „אַרישער ראַסע" און צוזאַמען מיט איר דער אויספאַנטאַזירטער פּילפּול, וועלכן מ'האָט צונויפגעקנופּט מיט דער מכלומרשטער עקזיסטענץ פון אַזאַ ראַסע, האָט זיך אויך אָנגעהויבן שטאַרק וואַקלען די השערה וועגן דער געמיינשאַפטלעכער אָפּשטאַמונג פון די אַזויגערופענע אינדאָגערמאַנישע שפּראַכן, וועלכע מ'רופט אָפט די „אַרישע", און ס'איז היינט קוים נאָך מעגלעך זי אָנצוהאַלטן.

„די פאַבל וועגן אַ בשותפותדיקן שטאַם־בוים פון די אַזויגערופענע אַרישע שפּראַכן קאָן שוין היינט, נאָך יאָהאַננעס שמידס סקעפּטישע אַרבעטן, נישט מער האָבן קיין האַפט און זי ווערט אויך פאָרזיכטיק אויסגעלאָזט מצד די אָנפירנדיקע שפּראַכוויסנשאַפטלער. מיר ווייזט זיך אויס, אַז ס'איז שוין נישט ווייט די צייט, ווען מ'וועט שוין לגמרי מער נישט באַנוצן דעם באַגריף שפּראַךקרובשאַפט; ווען מ'וועט די ענלעכקייט פון שפּראַכעלעמענטן פאַרענטפערן אין גרעסטן טייל מיט די אַנטלייאונגען און אין קלענערן טייל לאָזן אומפאַרענטפערט; ווען מ'וועט לסוף זיך אָפּזאָגן פון אָנווענדן די מעטאָדן פון דער היסטאָריע אויף דער פּרעהיסטאָריע; די וויסנשאַפט פון דער טראַדיציע אויף דער תקופה אָן טראַדיציע. אירע נצחונות האָט די אָפּשטאַמבוים־טעאָריע פון די פאַרגלייכנדיקע שפּראַכוויסנשאַפטן געפייערט פאַר צייטן, פון וועלכע ס'זענען צו אונדז טאַקע אָנגעקומען ליטעראַטורקוואַלן, אָבער נישט די היסטאָרישע שייכותן. דאָרט, וואו מיר זענען באַקאַנט מיט די שייכותן אין ליכט פון דער היסטאָרישער צייט, דאָרט זענען מער נישט פאַראַן קיין טאָכטערשפּראַכן, דאָרט זענען בלויז פאַראַן אַנטלייאונגען פון דער שוואַכערער קולטור ביי דער שטאַרקערער קולטור, ביי וואָס מאָדע, רעליגיע אָדער קריגס־

באַרימטקייט האָבן גאַנץ אָפֿט מסתמא געדאַרפֿט אַנטשיידן, וואָס ס׳דאַרף זיין שוואַכער און וואָס שטאַרקער. אינדיווידועלע אַנטלייאונגען און מאַסנ־אַנטלייאונגען, אַנטלייאונגען פֿון באַזונדערע קולטורצווייגן און אַנטלייאונגען פֿון גאַנצע קולטורן״*).

דער מקור און די געשטאַלטונג פֿון די פֿאַרשידענע שפּראַכן איז איינגעהילט אין אַזאַ אומדורכדרינגלעכן נעפּל, אַז נאָר אויפֿן סמך פֿון אומזיכערע השערות קאָן מען זיך אַ ריר טאָן פֿאָרויס. און נאָך אַזוי פֿיל מער פֿאָרזיכטיקייט איז שייך אויף אַ געביט, אויף וועלכן מ׳קאָן אַזוי לייכט אַרויף אויף קרומע און פֿאַלשע וועגן. איינס אָבער איז זיכער: די מיינונג, אַז יעדע שפּראַך איז דער אָריגינעלסטער באַשאַף פֿון אַ באַשטימטן פֿאָלק אָדער פֿון אַ באַשטימטער נאַציע און אַז זי האָט דעריבער אַ ריין־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, האָט נישט קיין שום יסוד און איז נישט עפּעס אַנדערש ווי איינע פֿון די פֿיל איינגערעדטע איינבילדונגען, וועלכע האָבן זיך אַזוי אומאַנגענעם אַרויסגערוקט אין דער תקופֿה פֿון די ראַסנטעאָריעס און פֿונעם נאַציאָנאַליזם.

אויב אָבער מ׳שטייט שוין יאָ אויפֿן שטאַנדפּונקט, אַז די שפּראַך איז דער כאַראַקטעריסטישער אויסדרוק פֿון דער נאַציאָנאַליטעט, מוז מען שוין לאָגישערווייז אַרויסדרינגען דערפֿון, אַז אַ פֿאָלק אָדער אַ נאַציע הערן אויף צו עקזיסטירן ווי אַזעלכע, ווען זיי גיבן אויף, צוליב וואָסער נישט איז סיבה, זייער שפּראַך, אַ דערשיינונג, וועלכע איז אין דער געשיכטע לחלוטין נישט קיין זעלטנהייט. אָדער צי איז מען אפשר מיט דער מיינונג, אַז מיטן אומבייט פֿון דער שפּראַך קומט אויך פֿאָר אַן ענדערונג פֿונעם „נאַציאָנאַלן גייסט״ אָדער פֿון דער „נשמה פֿון דער נאַציע״? וואָלט דאָס געווען אַזוי, וואָלט עס טאַקע באַוויזן, אַז די נאַציאָנאַליטעט איז אַ שטאַרק אומזיכערער באַגריף און אַז זי האָט נישט קיין שום פֿעסטן יסוד הינטער זיך.

פֿעלקער האָבן אין לויף פֿון דער געשיכטע גאַנץ אָפֿט געביטן זייערע לשונות און ס׳איז על־פּי־רוב נאָר אַ פֿראַגע פֿון צופֿאַל, וועלכע שפּראַך אַ פֿאָלק רעדט היינט. די פֿעלקער פֿון דייטשער גזע זענען בנוגע דעם נישט קיין יוצא מין הכלל; נישט נאָר האָבן זיי פֿאַרהעלטענישמעסיק לייכט אָנגענומען מינהגים און געוואוינהייטן פֿון פֿרעמדע פֿעלקער, נאָר אויך זייער שפּראַך, און פֿאַרגעסן די אייגענע. ווען די נאָרמאַנען האָבן זיך אין ניינטן און צענטן יאָרהונדערט באַזעצט אין צפֿונדיקן פֿראַנקרייך, האָט עס געדויערט קוים הונדערט יאָר, ביז זיי האָבן אינגאַנצן פֿאַרגעסן זייער שפּראַך און בלויז נאָך גערעדט פֿראַנצויזיש. ביי דער דעראָבערונג פֿון ענגלאַנד און סיציליע, אין עלפֿטן יאָרהונדערט, האָט זיך דיזעלביקע דערשיינונג נאָכאַמאָל איבערגעחזרט. די נאָרמאַנישע דעראָבערער האָבן פֿאַרגעסן אין ענגלאַנד דאָס איבערגענומענע פֿראַנצויזיש און האָבן ביסלעכווייז אָנגענומען די שפּראַך פֿונעם דעראָבערטן לאַנד, וועמעס אַנטוויקלונג זיי האָבן לכל הדעות שטאַרק באַווירקט. אין סיציליע און דרום־איטאַליע איז אָבער דער נאָרמאַנישער איינפֿלוס לגמרי פֿאַר־

*) Fritz Mouthner, Die Sprache, S. 49.

שוואונדן און קוים איבערגעלאָזט אַ שפור הינטער זיך. די דראָבערער האָבן זיך פולשטענדיק צונויפגעמישט מיט דער היימישער באַפעלקערונג, וועמעס שפּראַך און גאַנץ אָפּט אָריענטאַלישע מנהגים זיי האָבן אָנגענומען. און נישט בלויז די נאָר־מאַנען. אַן אַ שיער גערמאַנישע פעלקערשאַפטן האָבן אויף זייערע וואַנדערונגען און דעראָבערונגס־צוגן אויפגעגעבן די אַלטע שפּראַך און זיך צוגעפּאַסט צו אַנדערע. אַט צ. ב. די לאָנגאָבאַרדן אין איטאַליע, די פראַנקן אין גאַליע, די גאָטן אין שפּאַניע, שוין נישט צו רעדן פון וואַנדאַלן, סועוון, אַלאַנען און אַ סך אַנדערע. נישט נאָר די גערמאַנישע שבטים האָבן דורכגעמאַכט אַזאַ אומבייט פון זייער שפּראַך; פעלקער און שבטים פון פאַרשידנדיקסטן אָפּשטאַם האָבן געמוזט איבערלעבן דעמזעלביקן גורל.

ווען לודוויג יאַן, דער גרויסער דייטשער פּאַטריאָט, וועלכער האָט מחמת פּרינציפּ נישט געקאָנטליידן קיין שום פראַנצויז, האָט אָנגעשריבן די ווערטער: „אין זיין מוטערשפּראַך ווירדיקט זיך יעדעס פאָלק; אינעם שפּראַכס אוצר איז פאַרצייכנט די התחלהדיקע ידיעה פון זיין בילדונגסגעשיכטע; אַ פאָלק, וועלכעס פאַרגעסט זיין אייגענע שפּראַך, גיט־אויף זיין שטימרעכט אין דער מענטשהייט און איז פאַר־משפט צו שפּילן אַ שטומע ראָל אויף דער וועלט־בינע”, האָט ער, צום באַדויערן, פאַרגעסן, אַז דאָס פאָלק, צו וועלכן ער באַלאַנגט, די פּרייסן, געהערן אויך צו די פעלקער, וועלכע האָבן פאַרגעסן זייער שפּראַך און „האָבן אויפגעגעבן זייער שטימ־רעכט אין דער מענטשהייט”. די אַלטע פּרייסן זענען נישט נאָר געווען אַ געמישט פאָלק, אין וועלכן דער סלאַווישער עלעמענט איז זיכער געווען דער שטאַרקסטער, ביירערט זיי האָבן אויך גערעדט אַ שפּראַך, וועלכע איז. געווען נאָענט צו לאָטיש און ליטוויש און וועלכע האָט זיך אויפגעהאַלטן ביז צום 16־טן יאָרהונדערט. דער שפּראַכפאָרשער ד י ר האָט דעריבער מיט רעכט געזאָגט: „ס'איז פאַראַן ווייניק, און אפשר איז גאָר לגמרי נישט פאַראַן, קיין פעלקער, וועלכע האָבן אין משך פון זייער געשיכטע נישט געביטן זייער שפּראַך. און אייניקע אָפילו מער ווי איין מאָל”.

באַמערקנסווערט זענען אין דעם פּרט די יידן. זייער אורגעשיכטע, פּונקט ווי די געשיכטע פונעם רוב פעלקער, איז לגמרי אומבאַקאַנט; פונדעסטוועגן קאָן מען אָננעמען, אַז זיי האָבן זיך באַוויזן אויף דער אַרענע פון דער געשיכטע שוין ווי אַ געמישט פאָלק. בשעת דער יידישער ממשלה אין פּאַלעסטינע זענען דאָרט געווען אין אומגאַנג צוויי שפּראַכן: העברעאיש און אַראַמעאיש, וואָס פון דעם איז געדרונ־גען, אַז די תפילות זענען אָפּגעריכט געוואָרן אין ביידע לשונות. אַ לאַנגע צייט פאַרן חורבן ירושלים איז געווען אין רוים אַ גרויסע יידישע קהילה, וועלכע האָט געהאַט אַ נישט קליינע השפּעה און האָט געהאַט אָנגענומען די לאַטיינישע שפּראַך. אויך אין אַלעקסאַנדריע האָבן געלעבט אַ סך יידן, וועלכע האָבן באַקומען אַ גרויסן צופלוס נאָכן דורכגעפאַלענעם אויפשטאַנד פון די מכבייער. אין מצרים האָבן די יידן אָנגענומען די גריכישע שפּראַך, האָבן איבערגעזעצט זייערע „כתבי הקודש” אויף

גריכיש און האָבן געלערנט זייער טעקסט בלויז נאָר אין אָט־דער איבערזעצונג. זייערע בעסטע קעפּ האָבן אָנטיילגענומען אינעם רייכן גייסטיקן לעבן און האָבן געשריבן כמעט נאָר בלויז אין גריכיש.

ווען די אַראַבער האָבן זיך אין אָנהויב פון אַכטן יאָרהונדערט אַריינגעריסן קיין שפּאַניע, האָבן אַ סך יידן אַריינגעשטראָמט אין לאַנד, וואו ס׳זענען געווען נאָך פון פריער, פּונקט ווי אין צפון־אַפריקע, אַ סך יידישע ישובים. אונטער דער ממשלה פון די מאָרן האָבן די יידן געהאַט גאָר ברייטע פרייהייטן, וועלכע האָבן זיי דער־לויבט זיך שטאַרק און אָנזעעוודיק צו באַטייליקן אינעם קולטורעלן אויפבוי פונעם לאַנד, וועלכעס איז אין יענער תקופה פון גייסטיקער חשכות, אין וועלכער אייראָפּע איז געווען פאַרזונקען, געווען געגליכן צו אַן אָאַזע אין דער מדבר. אַזוי אַרום איז אַראַביש געוואָרן די שפּראַך פון יידישן פאָלק; אַפילו אַזעלכע רעליגיעז־פילאָזאָ־פישע ווערק ווי דער „מורה נבוכים" פון משה בן מימן און דער „כוזרי" פון באַ־רימטן פּאָעט יהודה הלוי זענען געשריבן געוואָרן אין אַראַביש און זענען ערשט שפּעטער איבערגעזעצט געוואָרן אין העברעאיש. נאָכן אַרויסטרייבן די יידן פון שפּאַניע זענען אַ סך יידן אַוועק קיין פראַנקרייך, דייטשלאַנד, האָלאַנד און ענג־לאַנד, וואו ס׳זענען נאָך פון פריער שוין געווען יידישע קהילות, וועלכע האָבן גע־האַט אָנגענומען די שפּראַכן פון זייערע גאַסטגעבערישע פעלקער. ווען ס׳האָבן זיך שפּעטער אָנגעהויבן די אַכזריותדיקע יידן־רדיפות אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד, האָבן מחנות יידישע פליטים מיטגעבראַכט מיט זיך אין זייערע נייע היימען זייער אַלט גוטאַ־דייטש, וועלכעס איז שטאַרק דורכגעדרונגען געוואָרן מיט העברעאישע אויסדרוקן, און אין משך פון דער צייט האָבן זיך אויך פאַרמישט אַ סך סלאַווישע ווערטער אין זייער שפּראַך. אַזוי האָט זיך אַנטוויקלט דאָס אַזויגערופענע יידיש, דאָס היינטיקע לשון פון די מזרח־יידן, וועלכעס האָט אין די לעצטע פערציק יאָר געשאַפן אַ גאַנץ־פאַרנעמיקע ליטעראַטור, וועלכע קאָן אויסהאַלטן אַ פאַרגלייך מיט דער ליטעראַטור פון די אַנדערע קליינע פעלקערגרופּעס אין אייראָפּע. מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ פאָלק, וועלכעס האָט אין משך פון זיין לאַנגער און פיינפולער געשיכטע גאַנץ אָפט געביטן זיין שפּראַך און פונדעסטוועגן נישט פאַרלוירן זיין אינערלעכן צונויפבונד.

און פון דער אַנדערער זייט זענען פאַראַן אָן אַ שיער פאַלן, וואו די שפּראַכגע־מיינשאַפט פאַלט זיך לגמרי נישט צונויף מיט די גרענעצן פון דער נאַציע, און אויך אַנדערע, וואו אינעם זעלביקן שטאַט ווערן גערעדט פאַרשידענע שפּראַכן. דורך דער שפּראַך זענען די איינוואוינער פון רוסיליאָן פיל מער פאַרבונדן מיטן קאַטאַ־לוניער, דער קאָרסיקאַנער מיטן איטאַליענער, דער עלזאַסער מיטן דייטש, נישט געקוקט דערויף, וואָס זיי אַלע באַלאַנגען צו דערזעלביקער פראַנצויזישער נאַציע. דער בראַזיליאַנער רעדט דיזעלביקע שפּראַך וואָס דער פּאָרטוגעזער; אין די איבע־ריקע זידאַמעריקאַנער שטאַטן איז שפּאַניש די לאַנדשפּראַך. די נעגער פון האַיטי רעדן פראַנצויזיש, אַ שטאַרק פאַרקריפּלטן פראַנצויזיש, וועלכעס איז דאָך אָבער

פונדעסטוועגן זייער מוטערשפּראַך, ווייל זיי האָבן נישט קיין אַנדערע. אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן פון נאָרדאַמעריקע רעדט מען דיזעלביקע שפּראַך וואָס אין ענג־לאַנד. אין די לענדער פון נאָרדאַפריקע און קליינאַזיע איז אַראַביש די פאַר־שפּרייטסטע שפּראַך. ענלעכע ביישפּילן זענען נאָך פאַראַן אַ גרויסע צאָל.

און אין אַזאַ קליינעם לאַנד ווי די שווייץ רעדט מען פיר פאַרשידענע לשונות: דייטש, פראַנצויזיש, איטאַליעניש און ראָמאַניש. בעלגיע האָט צוויי לאַנדשפּראַכן: פלעמיש און פראַנצויזיש. אין שפּאַניע נוצט מען אויסער דעם אָפיציעלן קאַסטי־ליאַניש, אויך וואַסקיש, קאַטאַלאַניש און פאָרטוגעזיש. ס׳איז מסתמא נישט פאַראַן קיין איין שטאַט אין אייראָפּע, וועלכער זאָל נישט אַנטהאַלטן, אין גרעסערן אָדער קלענערן פאַרנעם, קיין פרעמדשפּראַכלעכע עלעמענטן.

די שפּראַך איז, בכן, נישט קיין מערקצייכן פאַר דער נאַציע; זי איז אַפילו נישט תמיד אַנטשיידנדיק פאַר דער צוגעהעריקייט צו אַ באַשטימטער נאַציע. יעדע שפּראַך איז דורכגעדרונגען מיט אַ שלל פרעמדע שפּראַך־עשירות, אין וועלכער ס׳איז לעבעדיק דער אופן פון דענקען און די גייסטיקע קולטור פון אַנדערע פעלקער. מהאי טעמה זענען אַלע כוונות צו קאָנצענטרירן דעם אַזויגערופענעם „מהות פון דער נאַציע" אויף דער שפּראַך פאַלשע און אַנטהאַלטן נישט קיין שום טיפערע איבער־צייגונגס־קראַפט.

# III

## די נאַציע אין ליכט פון די מאָדערנע ראַסן-טעאָריעס

ראַסנפאָרשונג און ראַסנטעאָריע. — וועגן דער איינהייט פונעם מין מענטש. — די היפּאָטעטישע אורשפּרינגלעכע ראַסן פון אייראָפּע. — וועגן דעם באַגריף „ראַסע". — די אַנטדעקונג פון די בלוטגרופּן און די ראַסע. — קערפּערלעכע סימנים און גייסטיקע אייגנשאַפטן. — גאָבינאָס טעאָריע וועגן דער אומגלייכהייט פון די מענטשלעכע ראַסן. — דער אַריער. — די געשיכטע פונעם ראַסנקאַמף. — ראַסנטעאָריע און הערנרעכט. — טשעמבערליינס ראַסנטעאָריע. — טשעמבערליין און גאָבינאָ. — דער גערמאַן ווי דער שעפער פון אַלע קולטורן. — קריסטוס אַלס גערמאַן. — דער פּראָטעסטאַנטיזם ווי אַ ראַסנרעליגיע. — גערמאַנענטום און יידנטום ווי פיינטלעכע פאָלן. — טשעמבערליינס פּאָליטישע שטרעבונגען. — לודוויג וואָלטמאַנס טעאָריע. — ראַסנטעאָריע און פאַרירשענונג. — איינפלוס פון דער נאַטירלעכער סביבה. — מאָדערנע ראַסנטעאָריעס. — די „ראַסישע נשמה". — די ראַסישע כאַראַקטערשטריכן פון דייטשע קולטורטרעגער. — די מאַכט פון די דערוואָרבענע אייגנשאַפטן. — הונגער און ליבע. — די ראַסן אין וועלטקריג. — די „נאָרדיזאַציע"-טעאָריע. — דאָס פּסלען אַנדערע ראַסן. — די פּועל-יוצאס פון אַ קאָשמאַרישער איינבילדונג. — די ווידערשפּרוכן אין דער מאָדערנער ראַסנליטעראַטור. — מענטשן און אידעען אינעם ליכט פון דער ראַסנטעאָריע. — ראַסע און מאַכט.

צו די ביז איצט באַהאַנדלטע שיטות וועגן דעם מהות פון דער נאַציע איז צוגעקומען נאָך איינע, וועלכע לאָזט ספּעציעל הערן פון זיך בקולות וברקים און האָט דווקא אין דייטשלאַנד געפונען אַ גרויסע צאָל אָנהענגער. ס'איז דאָ די רייד וועגן דער „בשותפותדיקייט פונעם בלוט", וועגן דעם מכלומרשטן איינפלוס פון דער ראַסע אויף דער געשטאַלטיקונג פון דער נאַציע און אירע גייסטיקע און קולטורעלע שעפערישע פעאיקייטן. מ'מוז דאָ פון אָנהויב אָן אָנצייכענען קלאָרע גרענעצן צווישן ריין-וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען וועגן דער אַנטשטייאונג פון ראַסן און זייער אייגנאַרטיקן מהות און די אַזויגערופענע ראַסנטעאָריעס, וועמעס ראָשי המדברים האָבן זיך חוצפּהדיק פאַרמאָסטן, אויפן סמך פון ווירקלעכע אָדער מכלומרשטע קערפּערלעכע סימנים פון דער ראַסע, צו קומען צום אויספיר וועגן דעם ווערט פון די גייסטיקע, מאָראַלישע און קולטורעלע אייגנשאַפטן פון באַשטימטע מענטשלעכע גרו-

פּעס. אַזאַ מין כוונה זעט דאָך אויס שטאַרק משונהדיק, בפּרט נאָך דערפאַר, וואָס נישט נאָר זענען אונדז ביז היינט נישט קלאָר די פּרטים וועגן דער אַנטשטייאונג פון די ראַסן, נאָר אַפילו וועגן דער אַנטשטייאונג פונעם מענטשן בכלל טאַפּן מיר שטאַרק אין דער פינצטער און מיר קענען זיך סומך זיין בלויז אויף אייניקע השערות, פון וועלכע מיר ווייסן נישט, ביז צו וועלכן גראַד זיי זענען יאָ אָדער נישט בהסכם מיט דער ווירקלעכקייט.

אַזוי איז מען אין די וויסנשאַפטלעכע קרייזן לחלוטין נישט שווה־בשווה וועגן דער סברהדיקער עלטער פונעם מענטשלעכן מין און ס'איז אַריבער אַ היפּשע צייט ביז מ'האָט זיך געוואָגט אַרויסצוזאָגן די מיינונג, אַז דער ערשטער אויפטריט פונעם מענטשן אויף דער ערד האָט געדאַרפט זיין אין דער אייז־עפּאָכע; פונדעסטוועגן פאַרמערן זיך די שטימען, וועלכע דריקן אויס די מיינונג, אַז ס'איז מעגלעך צוריק־צופירן זיין פאַרגאַנגענהייט ביז צו דעם טערציאַרישן פּעריאָד. אויך די פראַגע וועגן דער התחלהדיקער היים פונעם מענטשן איז נאָך פולשטענדיק איינגעהילט אין נעפּל און האָט אַרויסגערופן שטאַרקע חילוקי־דעות צווישן די באַרימטסטע פאַרטרעטער פון די נאַטורוויסנשאַפטן, וועלכע האָבן זיך ווידער שטאַרק אַרויסגערוקט צום פאָ־דערגרונט אין די לעצטע יאָרן דורך די רעזולטאַטן פון דער קאַמעראָן ־ קאַבל ־ עקס־פּעדיציע אין דרום־אַפריקע און פון אַמעריקאַנישע עקספּעדיציעס אין דער אויסער־לעכער מאָנגאָליע אונטער דער אָנפירונג פון ראָי שאַפּמאַן אַנדריו. פונקט אַזוי נישט אויפגעקלערט בלייבט די פראַגע, צי איז די אַנטשטייאונג פונעם מענטשן פאַרגעקומען אין בלויז איין באַשטימטער טעריטאָריע אָדער דער אויפקום פונעם מענטש איז געווען אַ בערך גלייכצייטיקער פּראָצעס אין פאַרשידענע טיילן פון דער ערד. מיט אַנדערע ווערטער: אויב דער מענטש קומט פון איין שטאַם און די פאַרשידנ־קייט פון די ראַסן איז אַ שפּעטערדיקער פּראָצעס, אַ פּועל־יוצא פון וואַנדערונגען און אַ פאַרענדערונג פון די אויסערלעכע לעבנס־באַדינגונגען, אָדער צי דער אונ־טערשייד פון די ראַסן איז אַ התחלהדיקער דורך דער פאַרשידנקייט פונעם אָפּ־שטאַם. דער רוב פאָרשער פאַרטרעט נאָך היינט אויך דעם שטאַנדפּונקט פון דער מאָנאָגענעזיס און זיי זענען ביי דער מיינונג, אַז די מענטשהייט קומט אַרויס פון איין מקור און די דיפערענצירונגען זענען אַנטשטאַנען ערשט שפּעטער, דורך דער פאַרענדערונג פון דער אַרומיקער סביבה. אויך דאַרווין האָט פאַרטראָטן דידאָזיקע מיינונג, ווען ער האָט געזאָגט: „אַלע מענטשנראַסן זענען צווישן זיך אַזוי אומ־ענדלעך נענטער ווי צו וועלכער נישט איז מאַלפּע, אַז איך בין גענייגט זיי אַלע צו באַטראַכטן ווי אָפּשטאַמענדיקע פון איין פאָרעם". דאָס, וואָס האָט גורם גע־ווען, אַז אַזעלכע אָנגעזעענע פאַרטרעטער פון דער וויסנשאַפט זאָלן זיך ביז איצט האַלטן פעסט ביי דער איינהייט פונעם מענטשלעכן מין, איז געווען בעיקר די קאָנסטרוקציע פונעם מענטשלעכן סקעלעט, וועלכער איז מאַסגעבנדיק פאַר דער גאַנצער קערפּערלעכער סטרוקטור און וועלכער האָט ביי אַלע מענטשלעכע ראַסן אַ דערשטוינלעכע ענלעכקייט פונם געבוי.

צו דידאָזיקע אַלע שוועריקייטן קומט נאָך צו דער אומשטאַנד, וואָס ס׳איז נאָך לגמרי נישט פאַראַן קיין קלאָרקייט וועגן דעם באַגריף „ראַסע״, וואָס דאָס קאָן מען זען דערפון, וואָס מ׳איז זיך נוהג גאַנץ היפש אייגנווייליק ביי דער איינ־טיילונג פון די עקזיסטירנדיקע מענטשלעכע ראַסן. אַזוי האָט מען זיך אַ לאַנגע צייט באַנוגנט מיט לינגעאָס פיר ראַסן. נאָכדעם האָט אונדז בלומענטאַל געבראַכט אַ פינפטע און בופפאָן אַ זעקסטע ראַסע, נאָך ווען ס׳זענען נאָכגעקומען פעשעל מיט אַ זיבעטע און אַגאַסיץ מיט אַן אַכטער, ביז ענדלעך העקעל האָט גערעדט וועגן צוועלף, מאָרטאָן וועגן צווייאונצוואַנציק און גראָופאָרד וועגן זעכציק ראַסן, וועלכע זענען שפעטער פאַרמערט געוואָרן אויף טאָפּלט. דעריבער האָט אַזאַ פאַרדינסט־פולער פאָרשער ווי לושאַק מיט רעכט געמעגט באַהויפּטן, אַז ס׳איז פונקט אַזוי אוממעגלעך צו באַשטימען די צאָל פון די עקזיסטירנדיקע ראַסן ווי ס׳איז אומ־מעגלעך איבערצוגעבן די צאָל פאַראַנענע שפּראַכן, מחמת מ׳קאָן פונקט אַזוי נישט אונטערשיידן דעם חילוק צווישן אַ ראַסע און אַ וואַריעטעט פון אַ ראַסע ווי מ׳קאָן נישט אונטערשיידן צווישן אַ שפּראַך און אַ דיאַלעקט. ווען מ׳שטעלט אַוועק אַ ווייסן אייראָפּעער נעבן אַ נעגער און אַ טיפּישן מאָנגאָל, איז אפילו אַ הדיוט תיכף אימשטאַנד צו זען דעם חילוק. אָבער ווען מ׳באַטראַכט גרינטלעך די גרויסע צאָל גראַדואירונגען פון אָט־די דריי ראַסן, דערגייט מען לסוף צו אַ פונקט, ווען מ׳קאָן שוין מער נישט זאָגן מיט זיכערקייט, וואו עס ענדיקט זיך איין ראַסע און וואו עס הייבט זיך אָן די אַנדערע.

דאָס גאָטישע וואָרט "reizza" האָט אייגנטלעך בלויז געהאַט דעם באַ־דייט פון ריס אָדער ליניע*). אין דעם זין איז עס אַריינגעקומען אין רוב אייראָפּעאי־שע שפּראַכן, וואו ס׳איז ביסלעכווייז אַריינגעצויגן געוואָרן צו באַצייכענען אויך אַנדערע זאַכן, וואָס דאָס וואָרט נאָך איצט געטאָן. אַזוי פאַרשטייט מען אין ענג־ליש אונטער "race" נישט נאָר אַ באַזונדערע חיות־ אָדער מענטשנגרופּע מיט באַ־שטימטע פאַרירשנטע קערפּערלעכע סימנים; דאָס וואָרט ווערט אויך באַנוצט פאַר אַ געוויסע פון גיכקייט, ווי צ. ב. אַ פערדגעיעג, פאַר אַן אויגנבליק, אַ שטאַרקער וואַסערשטראָם און נאָך אייניקע. אין פראַנקרייך האָט דאָס וואָרט נעבן אַנדערע אויך באַקומען אַ פּאָליטישן באַדייט, מחמת מ׳האָט עס אָנגעווענדט אויף דער נאָכ־פאָלגערשאַפט פון די פאַרשידענע דינאַסטיעס. אַזוי האָט מען גערעדט וועגן די מעראָווינגערס, קאַראָלינגערס און קאַפּעטינגערס ווי פון דער ערשטער, צווייטער און דריטער ראַסע. אַן ענלעכע פילדייטיקייט האָט אויך דאָס וואָרט אין שפּאַניש און איטאַליעניש. שפּעטער איז עס בעיקר באַנוצט געוואָרן פון פיציכטער, ביז ס׳איז ביסלעכווייז געוואָרן דאָס מאָדע־וואָרט פון באַשטימטע פּאָליטישע ריכטונגען. אַזוי אַז ערשט ביסלעכווייז האָבן מיר זיך געמוזט צוגעוויינען צו פאַרבינדן דאָס וואָרט „ראַסע״ מיט אַ באַשטימטן באַגריף, וועלכער איז אָבער אין עצם נאָך אַלץ אַזוי

*) אייניקע ענגלישע שפּראַך־פאָרשער פירן צוריק דעם ווערב, טו וורייט, שרייבן, מיט רעטצאַ, מחמת לכתחילה האָט ער באַדייט אַזויפיל ווי עפּעס מאַרקירן, אָנצייכענען.

אומקלאָר, אַז אַזאַ אָנגעזעענער אַנטראָפּאָלאָג ווי פּ. פּאָן לושאַן האָט זיך פאַרגור־נען צו זאָגן: „......יאָ, דאָס וואָרט ראַסע גופא האָט וואָס ווייטער פאַלוירן אַלץ מער באַדייט און וואָלט אַמבעסטן אינגאַנצן געווען אויפגעגעבן געוואָרן, ווען ס׳וואָלט געווען מעגלעך עס צו פאַרבייטן דורך וועלכן נישט אַנדערן ווייניקער פּילבאַדייטנדיקן וואָרט".

זינט דער אַנטדעקונג פונעם רעשט פון באַרימטן מענטשלעכן סקעלעט אין נעאַנדערטאַל (1856), האָט די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג געמאַכט בערך הונדערט אַזעלכע אויסגעפינונגען אין פאַרשידענע טיילן פון דער ערד, און מ׳האָט זיי אַלע צונויפגעפירט מיטן אייזפעריאָד. מ׳דאַרף אָבער בשום אופן נישט מגזם זיין די פאַרשטענדעניש, וועלכע מ׳האָט דערמיט געוואונען, מחמת ס׳האָט זיך ביז איצט כמעט תמיד געהאַנדלט וועגן איינצלנע עקזעמפּליאַרן, מיט וועלכע ס׳איז נישט מעגלעך צו מאַכן קיין זיכערע פאַרגלייכענישן; חוץ דעם גיבן אונדז פשוטע רעשטן פון ביינער נישט קיין באַגריף נישט וועגן דעם קאָליר פון דער הויט, נישט וועגן די האָר און נישט וועגן דעם גענויערן געשטאַלט פונעם פּנים פון יענע פאָרגע־שיכטלעכע מענטשן. פון דער פאָרעם פונעם שאַרבן ביי יענע געפינענע מענטש־לעכע עקזעמפּליאַרן ווייזט זיך אויס צו קאָנען אַרויסדרינגען מיט אַ געוויסער זיכערקייט נאָר דאָס אַליין, אַז ביי אָט־די געפינענישן האַנדלט זיך עס לפּחות וועגן דריי פאַרשידענע וואַריעטעטן, וועלכע מ׳האָט באַצייכנט לויט די ערטער, וואו אָט די רעשטן זענען געפונען געוואָרן. אַזוי רעדט מען היינט וועגן אַ נעאַנ־דערטאַל־ראַסע, אַוריגנאַק־ראַסע און אַ קראָ־מאַנגאָן־ראַסע. דער נעאַנדערטאַל־מענטש זעט אויס צו האָבן געווען דער ערשטער פון זיי, בעת דער קראָ־מאַנגאָן־מענטש דאַרף מסתמא זיין, אורטיילנדיק לויט דער פאָרמאַציע פון זיין שאַרבן און אויך לויט די געפונענע מכשירים, דער אַנטוויקלטסטער שפּראָץ פון דער דע־מאָלטדיקער אייראָפּעישער באַפעלקערונג.

וואָס פאַרא שייכות אָט־די דריי ראַסן — אויב עס האַנדלט זיך בכלל וועגן אַזעלכע — האָבן געהאַט צווישן זיך, און פון וואַנען זיי זענען געקומען, דאָס ווייס קיינער נישט. צי די נעאַנדערטאַלער שטאַמען באמת פון אַפריקע און זענען איינ־געוואַנדערט קיין אייראָפּע, צי זיי האָבן במשך פון טויזנטער יאָרן באַפעלקערט אונדזער קאָנטינענט, ביז זיי זענען, בערך מיט 40.000 יאָר צוריק, פאַרטריבן געוואָרן פון דער אַורינאַק־ראַסע, וועלכע איז געקומען פון אַזיע, ווי קלאַטש און היילבאָרן מיינען, איז נאַטירלעך נאָר אַ השערה. פּונקט אַזוי ספקדיק איז עס, צי דער קראָ־מאַנגאָן־מענטש איז פאַקטיש דער פּועל־יוצא פון אַ מישונג צווישן דעם נעאַנדערטאַלער און אוריגנאַקער מענטש, ווי דאָס ווערט אָנגעגעבן פון איי־ניקע פאָרשער. אָבער לגמרי טעותדיק איז די כוונה צו וועלן אַרויספירן דעם אָפּשטאַם פון אייראָפּעס היינטיקע ראַסן פון אָט־יענע „התחלהדיקע ראַסן", מח־מת מיר קאָנען דאָך לחלוטין גאָרנישט וויסן, צי ביי דידאָזיקע וואַריאַציעס האַנדלט

עס זיך טאָקע מכוח אורשפּרינגלעכע ראַסן אָדער נישט. דער היפּוך דערפון איז מסתמא וואָרשיינלעכער.

נישט נאָר אין אייראָפּע זענען נישטאָ קיין ריינע ראַסן, מ׳געפינט נישט אַזעלכע אויך צווישן די אַזויגערופענע ווילדע פעלקערשאַפטן, ווען אפילו זיי האָבן אויפגעשטעלט זייערע היימען אין די אָמווייטסטן־ליגנדיקע טיילן פון דער ערד, ווי למשל די עסקימאָסן אָדער די איינוואוינער פון פייערלאַנד. צי ס׳זענען אַמאָל געווען אַזויגערופענע „אורראַסן״, איז היינט כמעט נישט מעגלעך צו באַשטימען. לפּחות באַרעכטיקט אונדז נישט דער היינטיקער מצב פון אונדזערע קענטענישן אַרויסצוטרעטן מיט באַשטימטע באַהויפּטונגען, פאַר וועלכע מיר האָבן נישט קיין שום ממשותדיקע באַווייזן. פון דעם דרינגט אַרויס, אַז דער באַגריף ראַסע דעפי־נירט נישט גאָרנישט קיין פעסטס און אומפאַרענדערלעכס, נייערט ס׳איז אַן עפּעס, וועלכעס געפינט זיך אין שטענדיק־פליסיקן צושטאַנד, אין באַשטענדיקער ענ־דערונג. אָבער ראשית־כל מוז מען זיך היטן צו פאַרבייטן ראַסע מיט מין אָדער גאַטונג, ווי דאָס פּאַסירט, צום באַדויערן, אַזוי אָפט ביי די היינטיקע ראַסנטעאָרע־טיקער. ראַסע איז נאָר אַ קינסטלעך־געשאַפענער באַגריף פון ביאָלאָגישן כאַ־ראַקטער, וועלכער דינט דער וויסנשאַפט ווי אַ טעכניש מיטל, בכדי צו קאַטאַלאָ־גירן באַשטימטע פאַרפיקסירטע אָבסערוואַציעס אין זייערע רעספּעקטיווע רובריקן. נאָר די מענטשהייט ווי אַ גאַנצע איז אַ נאַטורגעשיכטלעכער איינס, אַ מין. אַן עדות פאַר דעם איז ראשית־כל די אומבאַגרענעצטע מישפּעיקייט אינערהאַלב דעם מין מענטש. יעדע געשלעכטלעכע פאַרבינדונג צווישן די פאַרשידענע ראַסן איז פּרוכפּעריק, פּונקט ווי די מישונג פון זייערע נאָכקומער. דידאָזיקע דערשיינונג איז איינע פון די שטאַרקסטע סיבות פאַרן בשותּפותדיקן אָפּשטאַם פונעם מענטש־לעכן מין.

מיט דער אַנטדעקונג פון די אַזויגערופענע בלוטגרופּן האָט מען לכתחילה געמיינט זיך צו דערנענטערן צום שורש פונעם פּראָבלעם פון דער ראַסע. אָבער אויך דאָ איז באַלד געקומען די אַנטוישונג. ווען ס׳איז קאַרל לאַנדשטיינערן גע־לונגען צו באַווייזן, אַז די מענטשן אונטערשיידן זיך לויט דריי פאַרשידענע בלוט־גרופּן, צו וועלכע יאַנסקי און מאָס האָבן נאָך צוגעגעבן אַ פערטע, האָבן אייניקע געמיינט, אַז אָט־די פאַרשידנקייט פונעם בלוט, וועמעס באַשטעטיקונג האָט געהאַט אַ גאָר גרויסן באַדייט ספּעציעל פאַר דער מעדיצינישער וויסנשאַפט, וועט קאָנען צונויפגעפירט ווערן מיטן געדאַנק וועגן דער עקזיסטענץ פון פיר שורשדיקע ראַסן. עס האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויזן, אַז אָט־די פיר בלוטגרופּן זענען צו באַ־מערקן ביי אַלע ראַסן, ווען אפילו די דריטע בלוטגרופּע איז אַ זעלטענערע ביי עסקימאָסן און אינדיאַנער. אָבער קודם־כל האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ לאַנגקאָ־פּיקער, מיט אַלע סימנים פון דער נאָרדישער ראַסע אויסגעשטאַטער בלאָנדער, קאָן געהערן צו דער זעלביקער בלוטגרופּע ווי אַ טונקלהויטיקער נעגער־בחור אָדער מאָנדלאויגיקער כינעזער. פאַר אונדזערע ראַסנטעאָריקער, וועלכע וויסן צו דער־

ציילן אַזויפיל וועגן דער „שטים פונעם בלוט״, איז דאָס בלי שום ספק געוועזן
אַ טרויעריקער פּאַקט.

דער רוב פון די ראַסנטעאָריקער פאַרטרעט דעם שטאַנדפּונקט, אַז די אַזוי־
גערופענע „ראַסישע סימנים״ זענען פון דער נאַטור גופא געשאַפענע ירושהדיקע
אייגנשאַפטן, וועלכע ווערן נישט באַווירקט דורך די אויסערלעכע לעבנס־
באַדינגונגען און אַז זיי גיבן זיך איבער אומפאַרענדערט אויף די נאָכקומענדיקע
דורות, בתנאי, אַז ביים פריה-ורביה־אַקט זאָל זיך באַטייליקן אַ ראַסן־קרוביש פּאָר־
פאָלק. דעריבער קומט עס, וואָס ראַסע איז גורל, פּאַטום פונעם בלוט, פון וועלכן
קיינער קאָן נישט אַנטלויפן. אונטער ראַסן־כאַראַקטעריסטיק פאַרשטייט מען בעיקר
די פאָרעם פונעם שאַרבן, די קאָליר פון דער הויט, די ספּעציעלע קוואַליטעט
און קאָליר פון די האָר און פון די אויגן, די פאָרעם פון דער נאָז און די גרויס
פונעם קערפּער. צי אָט־דידאָזיקע סימנים זענען טאַקע באמת אַזוי „אומפאַרענ־
דערלעך״, ווי אונדזערע ראַסן־טעאָריקער ווילן מאַכן גלייבן, צי זיי קאָנען פאַר־
ענדערט ווערן נאָר דורך ראַסנמישונג אָדער צי קאָן אפשר אויך ברענגען אַן
ענדערונג פון די ריין־פיזיאָלאָגישע סימנים די נאַטירלעכע און סאָציאַלע סביבה, —
דאָס איז אַ קאַפּיטל, וועלכער איז פאַר דער וויסנשאַפט דערווייל נאָך נישט
פאַרענדיקט.

ווי אַזוי ס׳זענען לכתחילה אַנטשטאַנען די ספּעציעלע סימנים פון די פאַרשידע־
נע ראַסן, וועגן דעם קאָנען מיר היינט בלויז מאַכן השערות, אָבער לויט אַלע וואָר־
שיינלעכקייטן קומט אויס, אַז זיי זענען אַנטשטאַנען אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן
דורך דער פאַרענדערונג פון דער נאַטירלעכער סביבה, אַן אויסטייטש, וועלכן עס
פאַרטרעטן היינט די באַדייטנדיקסטע אַנטראָפּאָלאָגן. אונז זענען שוין באַקאַנט אַן
אַ שיעור פעסט־איינגעשטעלטע פאַקטן, פון וועלכע ס׳דרינגט־אַרויס, אַז קערפּערלעכע
ראַסישע סימנים באַקומען אַנדערע פאָרמען דורך דער פאַרענדערונג פון די דרויסנ־
דיקע לעבנסבאַדינגונגען און דידאָזיקע פאַרענדערונגען גייען דערנאָך אַריבער אויף
די נאָכקומענדיקע דורות. אין זיין אויסגעצייכנטן ווערק „ראַסע און קולטור״ גיט
איבער פרידריך הערץ צווישן אַנדערע זאַכן וועגן די עקספּערימענטן פון די צוויי
פאָרשער שרעדער און פּיקטע, וועלכע האָבן באַוויזן ביי ביינערלאָזע חיות (שנעקן)
און אינזעקטן, דורך דער ענדערונג פון דער סביבה און דעם דערנערונגסאינסטינקט,
צו ענדערן אויף אַזאַ שטאַנדהאַפטיקן אופן דאָס לייגן די אייער, זייער אויסשטייאונג
און אויסוואַרעמונג, דעם אינסטינקט פון דער רעפּראָדוקציע א. א. וו., אַז די ענ־
דערונגען זענען דערנאָך אַריבערגעגאַנגען בירושה, ווען אפילו די געענדערטע באַ־
דינגונגען זענען שפּעטער אַנולירט געוואָרן. ס׳זענען אויך באַקאַנט די עקספּערימענ־
טן, וועלכע דער אַמעריקאַנער געלערנטער טאָוער האָט געמאַכט מיטן זשוק פון
קאָלאָראַדאָ. טאָוער האָט דעם אינזעקט געהאַלטן ביי אַ קעלטערער טעמפּעראַטור
און גורם געווען, אַז דורך אָט־דער און אַנדערע איינפלוסן זאָל פאָרקומען אַן ענ־

דערונג אין געוויסע סימנים, וועלכע זענען אויך אַריבערגעגאַנגען בירושה צו די נאָכקומענדיקע דורות.

ע. פאַטטער האָט איבערגעגעבן וועגן די דערפאַרונגען פונעם רוסישן אַנטראָ־פּאָלאָג איוואַנאָווסקי בעת דעם דריי־יעריקן הונגערפעריאָד אין רוסלאַנד נאָך דער מלחמה. איוואַנאָווסקי האָט דורכגעפירט מעסטונגען ביי 2.114 מענער און פרויען אין פאַרשידענע טיילן פון לאַנד, און געטאָן האָט ער דאָס נאָך אַ האַלביעריקער הפסקה, אַזוי אַז יעדער אינדיווידו איז אונטערגעזוכט געוואָרן זעקס מאָל. האָט זיך דערביי אַרויסגעשטעלט, אַז די גרויסקייט פונעם קערפּער איז דורכשניטלעך פאַר־מינערט געוואָרן פון 4 ביז 5 צענטימעטער, דער האָריזאָנטאַלער אַרומנעם פונעם קאָפּ, פונקט אַזוי ווי דער לענג־ און קווערדורכשניט זענען פאַרקירצט געוואָרן און אַז דער לענג־ און ברייטאינדעקס פונעם שאַרבן זענען געענדערט געוואָרן. ביי די גרויסרוסן איז עס פאַרמינערט געוואָרן, פונקט ווי ביי די ווייס־ און קליינרוסן, סיריענען, באַשקירן, קאַלמוקן און קירגיזן, בעת ביי די אַרמעניער, גרוזינער און קרימער טאָטערן האָט עס זיך פאַרמערט, ד. ה. אַז דער פּראָצענטאַזש פון די קורצ־קעפּיקע איז פאַרגרעסערט געוואָרן. חוצדעם איז דער אינדעקס פון דער נאָז קלענער געוואָרן. לויט איוואַנאָווסקין איז די „אומבאַוועגלעכקייט פון די אַנטראָפּאָלאָגישע טיפּן אַ לעגענדע".*)

פאַרענדערונג פון דער דערנערונג און פונעם קלימאַט, איינפלוס פון הויכע טעמפּעראַטורן, שטאַרקע פייכקייט א. א. וו. האָבן אַלס רעזולטאַט אומאָפּפרעג־באַרע פאַרענדערונגען פון געוויסע קערפּערלעכע כאַראַקטעריסטישע סימנים. אַזוי איז דער באַקאַנטער אַמעריקאַנישער אַנטראָפּאָלאָג פ. באָס געווען אימשטאַנד צו ברענגען דעם באַווייז, אַז די פאָרעם פונעם שאַרבן פון די קינדער פון עלטערן, וועלכע האָבן איינגעוואַנדערט פון אייראָפּע, ווייזט־אָן אויף אַן אויפפאַלנדיקער ענ־דערונג און דאָס אין אַזאַ געשטאַלט, אַז די קינדער און קינדסקינדער פון קורצקע־פּיקע מזרח־אידן זענען געוואָרן לאַנגקעפּיקע און די לאַנגקעפּיקע סיציליאַנער זענען געוואָרן קורצקעפּיקע, ד. ה. אַז די פאַרמירונג פונעם שאַרבן האָט אַ נטויה צו אַ געוויסער דורכשניטלעכער פאָרעם.**) אָט דער רעזולטאַט איז אויך אַזוי פיל באַ־דייטונגספולער, ווייל עס האַנדלט זיך דערביי וועגן אַ פאַרענדערונג פון קערפּער־לעכע סימנים, וועלכע קאָנען דערקלערט ווערן נאָר דורך דרויסנדיקע השפּעות אויף דער אַזויגערופענער „איינהייט פון דער ראַסע". אַ גאָר באַזונדערס ווערטפולן און אין זייערע ווירקונגען דערוויל נאָך אומאָפּשאַצבאַרן באַדייט האָבן די רעזולטאַטן, וועל־כע מ'האָט דערגרייכט אין די לעצטע יאָרן דורך דעם איינפלוס פון די רענטגענשע און קאַטאָדישע שטראַלן. אַזעלכע עקספּערימענטן ווי די, וועלכע ס'האָט דורכגע־

*) Ernst Vatter, Die Rassen und Völker der Erde; S. 37, Leipzig, 1927.

*) פּ. באָס, אין דער צייטשריפט פאַר אַנטאָלאָגיע, 1913, באַנד 45. מ'קאָן אויך פאַר־גלייכן די שריפט פונעם זעלביקן מחבר „קולטור און ראַסע", צווייטע אויפלאַגע, בער־לין 1922.

פירט אין דער טעקסאַסער אוניווערזיטעט דער פּראָפעסאָר ה. י. מיללער, האָבן דער־פירט צו אַזעלכע רעזולטאַטן, וועלכע לאָזן פאַרויסזען אַ פולשטענדיקע רעוואָלוציע אויפן געביט פון די פאַריאַרשענונגס־טעאָריעס, מחמת ס׳איז דורך זיי נישט נאָר באַוויזן געוואָרן, אַז ס׳זענען מעגלעך קינסטלעכע אינטערווענצן אינעם לעבן פון דער ירושההדיקער מאַסע און במילא אויך אַ פאַרגענומענע ענדערונג פון די ראַסישע כאַראַקטעריסטישע סימנים, נייערט אַז דורך אַזעלכע עקספּערימענטן קאָן מען אויך קינסטלעך באַשאַפן נייע ראַסן.

פון דעם אַלעם דרינגט אַרויס, אַז קערפּערלעכע כאַראַקטערשטריכן זענען נישט אַזוי אַבסאָלוט אומפאַרענדלעך און אַז ס׳איז מעגלעך אַן ענדערונג ביי זיי אויך אָן אַ מישונג פון ראַסן. און נאָך מאָנסטערהאַפטער איז עס, ווען מ׳וויל פון ריין פיזישע כאַראַקטערשטריכן דערגיין צו אויספירן מכוח פסיכישע און גייסטיקע אייגנשאַפטן און דערפון זיך צו שאַפן אַ מיינונג וועגן דעם מאָראַלישן ווערט. אויך לינגע האָט אַריינגענומען אין חשבון מאָראַלישע פאַקטאָרן ביי זיינע כוונות אויסצואַרבעטן אַ ראַסנקלאַסיפיקאַציע פון דער מענטשהייט, ווען ער האָט געזאָגט:

„דער אַמעריקאַנער איז רויטלעך, אויפברויזנדיק, גלייך געשטרעקט; דער אייראָפּעער איז וויים, פולבלוטיק, פליישיק; דער אַזיאַט איז געלבלעך, מע־לאַנכאָליש, איינגעשפּאַרט; דער אַפריקאַנער איז שוואַרץ, פלעגמאַטיש, שלאַ־בריק. דער אַמעריקאַנער איז האַרטנעקיק צופרידן, פריי; דער אייראָפּעער איז באַוועגלעך, שאַרפזיניק, דערפינדעריש; דער אַזיאַט איז גרויזאַם, פּראַכט־ליבנדיק, גיריק; דער אַפריקאַנער איז כיטרע, פויל, גלייכגילטיק. דער אַמע־ריקאַנער איז באַלייגט מיט טאַטואירונגען און באַהערשט דורך געוואוינהיי־טן; דער אייראָפּעער איז באַדעקט מיט גוט צוגעפּאַסטע מלבושים און רעגירט דורך געזעצן; דער אַזיאַט איז אַרומגעהילט אין ווייסע געוואַנטן און רעגירט דורך מיינונגען; דער אַפריקאַנער איז געזאַלבט מיט פעטס און רעגירט דורך אייגנווויליקייט".

אָבער לינגע איז מיט זיין סכעמע נישט אויסן געווען קיין פּאָליטישע כוונות. טאָקע די נאַאיוויטעט צו וועלן קומען צו מסקנות פון טאַטואירונגען, מלבושים און געזאַלבטע קערפּערס אויף רעגירונגס־פאָרמען, באַווייזט די פשטות פון זיין כוונה. אָבער ווי מאָדנע די מיינונגען פונעם שוועדישן נאַטורפאָרשער זאָלן אונדז היינט מעגן אויסזען, האָבן מיר אָבער נישט קיין רעכט צו שמייכלען דעריבער אין אָנבליק פונעם חרפּההדיקן פאַקט, אַז אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר איז געקומען אויף אונדז אַ גאַנצער מבול פון אַן אַזויגערופענער ראַסנליטעראַטור, וועלכע האָט אויך נישט געקאָנט אַרויסברענגען גאָרנישט בעסערס פון דעם ווי דאָס, וואָס לינגע האָט געהאַט צו זאָגן מיט 200 יאָר צוריק. ווייל ווען דער שווע־דישער געלערנטער האָט פאַרבונדן טאַטואירונגען, קליידער און געזאַלבטע נעגער־לייבער מיט רעגירונגס־פאָרמען, איז דאָס, לכל הדעות, נישט געווען אַזוי צרהדיק ווי דאָס, וואָס מ׳וויל היינט רעדוצירן די קולטורפעאיקייט, „דעם כאַראַקטער און די מאָראַלישע און גייסטלעכע כאַראַקטער־אייגנשאַפט פון איינצלנע ראַסן פור־

נעם קאָליר פון דער הויט, פון דער געבערגלטער נאָז אָדער פון דער פאָרעם פון שאַרבן.

דער ערשטער, וועלכער האָט זיך פאַרנומען צו דערקלערן די עליה און ירידה פון די פעלקער אין דער געשיכטע ווי אַ שפּיל פון ראַסן־סתירות, איז געווען דער פראַנצויזישער גראַף אַרטור דע גאָבינאָ. גאָבינאָ, וועלכער האָט בעת זיין דיפּלאָמאַ־טישער קאַריערע געזען אייניקע ווייטע לענדער, איז געווען אַ גאַנץ פּרוכפּעריקער שריפטשטעלער. אָבער אונדז אינטערעסירט דאָ בלויז זיין הויפּטווערק "Essai sur l'inegalité des races humaines", וועלכעס איז דערשינען צום ערשטן מאָל אין 1855. לויט זיינע אייגענע דאַטן, האָט אים די פּאַריזער רעוואָלוציע פון פע־ברואַר 1848 געגעבן די ערשטע אָנרעגונג פאַר דער פאָרמולירונג פון זיינע אידעען. אין די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן פון יענער צייט האָט ער געזען בלויז דעם אומפאַרמיידלעכן פּועל־יוצא פונעם גרויסן איבערקער פון 1789־94, אונטער ווע־מעס קאָנוואולסיעס ס'איז געוואָרן אַ חורבן פון דער פעאָדאַלער וועלט. וועגן די סיבות פון אָט־דעם צוזאַמענבראָך האָט ער זיך געשאַפן זיין אייגענע מיינונג. פאַר אים איז די פראַנצויזישע רעוואָלוציע געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי דער אויפ־שטאַנד פון דעם קעלטאָראָמאַנישן ראַסנגעמיש, וועלכער האָט במשך פון די אַלע יאָרן געלעבט אין גייסטיקער און עקאָנאָמישער אָפּהענגיקייט, קעגן דער פרענקיש־נאָרמאַנישער הערן־קאַסטע. דידאָזיקע קאַסטע איז, לויט גאָבינאָ, באַשטאַנען פון די אָפּשטאַמיקע פון יענע נאָרמאַנישע דעראָבערער, וועלכע זענען אַמאָל אַריינגע־דרונגען אין לאַנד און אַרונטערגעוואָרפן די קעלטאָראָמאַנישע באַפעלקערונג אונ־טער איר ממשלה. דאָס איז געווען די ראַסע מיט די העלע אויגן, די בלאָנדע האָר און דער הויכער געשטאַלט, וועלכע איז, לויט אים, געווען דער געזאַמל פון יעדער גייסטיקער און קערפּערלעכער שלימות, וועמעס העכערע אינטעליגענץ און ווילנס־שטאַרקייט האָבן איר פון זיך אַליין באַשטימט די ראָל, פאַר וועלכער זי איז, לויט זיין מיינונג, געווען באַשטימט אין דער געשיכטע.

לגמרי ניי איז דידאָזיקע אידעע לכל הדעות נישט געווען. לאַנג נאָך פאַרן אויסברוך פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט זי שוין געפּראַוועט אירע שטיק אין די קעפּ פון דער פראַנצויזישער אַריסטאָקראַטיע. אַזוי האָט שוין אַנרי דע בולאַנווילער (1658־1722), דער מחבר פון אייניקע היסטאָרישע אַרבעטן, וועלכע זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן ערשט נאָך זיין טויט, געהאַלטן, אַז דער פראַנצוי־זישער אַדל שטאַמט פון דער קאַסטע פון די שררות פון די גערמאַנישע דעראָבע־רער, בעת די ברייטע מאַסע פונעם בירגערטום און פון די פּויערים דאַרף באַטראַכט ווערן ווי די אָפּשטאַמיקע פון דער אונטערגעיאָכטער ראַסע פון די קעלטן און רוימער. אויפן סמך פון אָט־דער טעזע האָט בולאַנווילער זיך מכוון געווען צו רעכטפאַר־טיקן אַלע פּריווילעגיעס פונעם אַדל סיי לגבי דעם פאָלק און סיי לגבי דעם קעניג און געפאָדערט פאַר זיין קלאַס דאָס רעכט, אַז די רעגירונג פונעם לאַנד זאָל שטענ־דיק ליגן אין זיינע הענט. גאָבינאָ האָט אויפגעכאַפּט אָט־די טעזע, אָבער ער האָט

זי היפש אויסגעברייטערט דערמיט, וואָס ער האָט זי אַריבערגעטראָגן אויף דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע. היות אָבער ווי ער האָט געגלייבט —ווי ער אַליין האָט אַמאָל געזאָגט— „נאָר אין דעם, וואָס האָט זיך אים אויסגעוויזן גלויבנס־ווערט״, האָט שוין געמוזט קומען צו דעם, אַז ער זאָל דערגיין צו די געוואַגטסטע קאָנסטרוקציעס.

פונקט ווי דזשאָזעף דע מעסטר האָט זיך אַמאָל אַרויסגעזאָגט, אַז ער האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט באַגעגנט מיט אַ מענטשן, נייערט תמיד מיט פראַנצויזן, דייטשן, איטאַליענער, א. א. וו., אַזוי האָט אויך דערקלערט גאָבינאָ, אַז דער אידעאַלער מענטש עקזיסטירט בלויז אין די קעפּ פון די פילאָזאָפן. אינדעראמתן איז דער מענטש נאָר דער אויסדרוק פון דער ראָסע, צו וועלכער ער באַלאַנגט; מחמת די שטים פונעם בלוט איז די שטים פונעם גורל, פון וועלכן קיין שום פאָלק איז נישט ביכולת צו אַנטרונען. נישט די קלימאַטישע סביבה און אויך נישט די געזעלשאַפט־לעכע לעבנסבאַדינגונגען האָבן אַזאַ איינפלוס אויף דער געשטאַלטונגסקראַפט פון די פעלקער, אַז ס'זאָל לוינען זיי צו דערמאָנען אפילו. דער טרייבנדיקער כוח פון יעדער קולטור איז די ראָסע, און פריער פאַר אַלעמען די אַרישע ראָסע, וועלכע איז אפילו ביי די אומגינציקסטע אויסערלעכע אומשטענדן בכוח צו שאַפן דאָס גרעסטע, כל־זמן זי מיידט־אויס די פאַרבינדונג מיט ראַסיש־מינדערווערטיקע עלעמענטן. זיך האַלטנדיק ביי דער איינטיילונג פונעם פראַנצויזישן נאַטור־פאָרשער קיוויע, אונטערשיידט גאָבינאָ דריי גרעסטע ראָסן־איינסן — די ווייסע, די געלע און די שוואַרצע. יעדע איינע פון דידאָזיקע דריי ראָסן שטעלט־פאָר מיט זיך גאָטס אַ באַזונדערן פּרואוו ביי דער באַשאַפונג פונעם מענטש. גאָט האָט געזאָלט האָבן אָנגעהויבן מיטן נעגער, בכדי לסוף צו געשטאַלטיקן דעם ווייסן מענטש לויט זיין אייגענער תמונה. צווישן אָט־די דריי גרויסע ראָסן־איינסן איז נישט פאַראַן קיין שום אינערלעכע קרובעשאַפט, מחמת זיי זענען פון פאַרשידענעם אָפּשטאַם. אַ קרובעשאַפט אַנטשטייט נאָר דורך אַ ראַסנמישונג. אַלעס וואָס עקזיסטירט מחוץ יענע דריי התחלהדיקע ראָסן, איז ראַסנגעמיש אָדער, לויט גאָבינאָ, מעטיס, וועלכער קומט אַרויס פון פאַרבינדונגען צווישן ווייסע, געלע און שוואַרצע.

עס פאַרשטייט זיך, אַז לויט גאָבינאָ האָט די ווייסע ראָסע ווייט איבערגע־שטיגן די צוויי אַנדערע ראָסן אין אַלע ענינים. זי איז אַן איידעלע ראָסע אינעם בעסטן זין, ווייל חוץ דער קערפּערלעכער שיינקייט באַזיצט זי אויך די העכסטע גייסטיקע אייגנשאַפטן, ראשית כל גייסטיקע פּערספּעקטיוו, אויסגעצייכנטע אָר־גאַניזאַציע פעאיקייט און גאַנץ באַזונדערס דעם אינערלעכן דראַנג פונעם דעראָבע־רער, וועלכער פעלט לגמרי דעם שוואַרצן און דעם געלן, און וועלכער איז דער איינציקער, וואָס גיט דעם אַריער אַליין די קראַפט זיך אַרויסצושטעלן ווי דער גרינ־דער פון גרויסע שטאַט־איינסן און ציוויליזאַציעס אין דער געשיכטע.

גאָבינאָ אונטערשיידט צען גרויסע קולטורפּעריאָדן אין דער געשיכטע, וועל־כע נעמען אַרום אַלע באַדייטנדיקע עפּאָכן פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע

און וועלכע מיר האָבן צו פאַרדאַנקען אויסשליסלעך דער אַקטואַציע פון דער אַרי־שער ראַסע. די אַנטשטייאונג, אַנטוויקלונג און די ירידה פון די דאָזיקע גרויסע עפּאָכן פון מענטשלעכער קולטור שטעלן צונויף, לויט זיין באַנעם, דעם תוכן פון דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע; דערביי זענען ציוויליזאַציע און דעגענעראַ־ציע צוויי פּאָלן, אַרום וועלכע עס דרייט זיך דער גאַנצער פּראָצעס. גאָבינאָ, וועמען דער געדאַנק מכוח אַן אָרגאַנישער אַנטוויקלונג איז געווען לגמרי פרעמד, האָט געפּרואווט דערקלערן די עליה און ירידה פון די גרויסע ציוויליזאַציעס דורך דער דעגענעראַציע פון דער ראַסע און טאַקע דער שררהדיקער ראַסע, מחמת פאַר אים האָט די ברײַטע מאַסע פון מינדערוויכטיקע עלעמענטן, וועלכע באַשטייט פון דער גרויסער מאַסע פון יעדן שטאַט, עקזיסטירט נאָר פאַרן צוועק באַהערשט צו ווערן, פאַר איר אייגענער טובה וועגן, פון די רייןראַסיקע דעראָבערער. אַלע פאַרענדע־רונגען פון די געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן און אַנשטאַלטן האָבן זייער דער־קלערונג רק אין פאַרענדערונגען פון דער ראַסע. די ירידה פון אַן אימפּעריע און פון אַ קולטור קומט פאַר דעמאָלט, ווען עס שטראָמט אַריין אַ גרויסער סכום פרעמד בלוט אין די רייען פון דער הערשערקאַסטע. דורך דעם אַנטשטייט נישט נאָר אַן ענדערונג אין די אויסערלעכע כאַראַקטערשטריכן פון דער ראַסע, ביי־ערט אויך אַן אומבייט אין די פּסיכישע און גייסטיקע באַשטרעבונגען פון דער שררה־דיקער ראַסע, וועלכעס דערפירט צו אַ פאַמעלעכער אָדער ראַשער ירידה. אין אָט־דעם אינערלעכן צעפאַל פון דער איידעלער ראַסע געפינט דער אונטערגאַנג פון אַלע גרויסע קולטורן זיין לעצטע און ענדגילטיקע דערקלערונג.

וואָס שטאַרקער די באַשטאַנדטיילן פון דער ווייסער אורראַסע זענען פאַר־טראָטן אינעם בלוט פון אַ פאָלק, אַלץ פּראָמינענטער געשטאַלטיקט זיך אויס זיין קולטורעלע טעטיקייט, אַלץ גרעסער זענען זיינע שטאַטספאָרמירנדיקע כוחות, בעת אַ צו שטאַרקער צושטראָם פון נעגעריש אָדער מאָנגאָליש בלוט גראָבט־אונטער די קולטורשעפערישע אייגנשאַפטן פון דער אַלטער ראַסע און שטויסט זי ביסלעכוויין צו דער אינערלעכער אויפלייזונג. אין היפוך צו טשעמבערליינען און דעם רוב פאַר־טרעטער פון די מאָדערנע ראַסנטעאָריעס איז גאָבינאָ אין זיינע אויסזיכטן פאַר דער צוקונפט לגמרי פּעסימיסטיש. ער האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון דער איבערצייגונג, אַז די גערמאַנישע ראַסע, דידאָזיקע „לעצטע בליאונג פונעם אַרישן שטאַם", ווי ער האָט זי אָנגערופן, אין וועמעס אָדערן דאָס בלוט פון דער אורראַסע פליסט נאָך אַמשטאַרקסטן, איז באַשטימט צום אומפאַרמיידלעכן אונטערגאַנג. די שטאַרקע פאַרשפּרייטונג פון רעפּובליקאַנישע און דעמאָקראַטישע אידעען האָבן זיך אים אויסגעוויזן ווי אַ סימן מובהק פונעם אינערלעכן צעפאַל; זי האָט כאַראַקטער־ריזירט דעם ניצחון פונעם „געמיש" איבער דער נאָבעלער אַרישער ראַסע. מחמת לויט גאָבינאָ איז נאָר די מאָנאַרכיע געווען ביכולת צו שאַפן עפּעס דויערנדיקס, ווייל זי אַנטהאַלט דאָס עיקרדיקע געזעץ פון איר עקזיסטענץ אין זיך גופא, בעת די דעמאָקראַטיע איז תמיד אָפּהענגיק פון דרויסנדיקע כוחות און מהאי טעמה קאָן

זי נישט שאַפן גאָרנישט טראַנסצענדענטאַלס. נאָר דאָס דעגענערירטע בלוט פון דער מישונגסראַסע לעכצט נאָך דעמאָקראַטיע און רעוואָלוציע. אין דעם פּרט קומט זיך גאָבינאָ צונויף מיט די אָנשויאונגען פון דזשאָזעף דע מעסטר, דעם גייסטיקן פאָנענ־טרעגער פון דער רעאַקציע, מיט וועמען ער האָט נאָך אייניקע אַנדערע זאַכן בשותּפות, אַזוי צ. ב. די סקאַנדאַליעזע פאַרדרייאונג פון געשיכטלעכע פאַקטן און די קוים באַגרייפּבאַרע נאַיוויטעט פון די אידעאַלע אינטערפּרעטאַציעס. דער חילוק איז בלויז געווען, וואָס דע מעסטר האָט געזען דעם מקור פון אַלע צרות אינעם פּראָטעסטאַנטיזם, וואָס איז דאָך סוף־כּל־סוף דאָסזעלביקע, מחמת די דעמאָקראַטיע איז פאַר גאָבינאָן געווען נאָר אַ פּאָליטישע וואַריאַציע פונעם פּראָטעסטאַנטיזם.

אין איין פּונקט האָט זיך גאָבינאָ גאַנץ שאַרף אונטערשיידט פון אַלע שפּע־טערדיקע פאָרטרעטער פון דער ראַסנטעאָריע: ער האָט נישט געהאַט קיין פאַר־שטענדעניש פאַר נאַציאָנאַליסטישע שטרעבונגען און ער האָט זיך באַצויגן מיט בפירושער שנאה צום באַגריף „פאָטערלאַנד”. ביי זיין ווידערווילן קעגן אַלץ, וואָס האָט אויף וועלכן נישט איז אופן דערמאָנט אין דער דעמאָקראַטיע, איז נישט מעגלעך געווען קיין אַנדערע שטעלונג. האָט דאָך די אידעע פונעם פאָטערלאַנד און פון דער נאַציע באַקומען איר ספּעציעלן כאַראַקטער, וועלכער איז איר הייגט אייגנטימלעך, ערשט דורך דער גרויסער רעוואָלוציע. דאָס איז שוין געווען גענוג פאַר גאָבינאָ אויסצולאַכן דאָס פאָטערלאַנד ווי אַ „כנענישע מאָנסטעראַפּטיקייט”, וועלכע די אַרישע ראַסע האָט קעגן איר ווילן איבערגענומען פון די סעמיטן. כּל־זמן דער העלעניזם איז געווען אַריש, איז די אידעע פונעם פאָטערלאַנד געווען לגמרי פרעמד די גריכן. ווען אָבער די בלוטמישונג מיט די סעמיטן האָט זיך אַלץ מער אויסגעברייטערט, האָט די מאָנאַרכיע געמוזט אָפּטרעטן דאָס אָרט פאַר דער רע־פּובליק. דער סעמיטישער עלעמענט האָט געשטויסן צום אַבסאָלוטיזם, ווי גאָבינאָ האָט זיך אויסגעדריקט; אָבער דאָס אַרישע בלוט, וועלכעס איז אין דער געמישטער ראַסע פון די שפּעטערדיקע גריכן נאָך אַלץ געווען לעבעדיק, האָט זיך אַרויסגע־שטעלט קעגן דעם פּערזענלעכן דעספּאָטיזם, ווי ער איז געווען איינגעפירט אין אַזיע, און עס איז לאַגישערווייז דערגאַנגען צום דעספּאָטיזם פון אַן אידעע — דער אידעע פונעם פאָטערלאַנד.

אין דעם פּרט איז גאָבינאָ געווען דורך און דורך קאָנסעקווענט: זיין פאָטער־לאַנד איז דער אוממיטלבאַרער און באַוואוסטזיניק־באַנומענער רעזולטאַט פון זיין ראַסנטעאָריע. וואָלט די נאַציע אינדעראמתן געווען אַן אָפּשטאַמונגס־געמיינשאַפט, אַ ראַסנאיינס, וואָלט דעמאָלט דער ראַסנאינסטינקט געמוזט ווירקן ווי דאָס שטאַרק־סטע פאַרבינדונגסמיטל פאַר איר. אויב אָבער זי באַשטייט פון פאַרשידענע ראַסישע באַשטאַנדטיילן — אַ פאַקט, וועלכן קיין שום ראַסנטעאָריקער וואַגט נישט אָפּצו־פרעגן — דעמאָלט מוז דער געדאַנק וועגן דער ראַסע ווירקן ווי אויפרייסשטאָף אויפן באַגריף וועגן דער נאַציע און מאַכן אַ חורבן פון אירע שטאַרקסטע פונדאַ־מענטן. באַגאַבט מיט מער פּיקחות און מיט אַ רייכערער פאַנטאַזיע ווי אַלע זיינע

שפּעטערדיקע נאָכגייער צונויפגענומען, האָט גאָבינאָ קלאָר איינגעזען דעם היפּוך צווישן ראַסע און נאַציע און געצויגן אַ שאַרפע אָפּשייד־ליניע צווישן דער ריינ־ראַסיקער פירערגעשיכטע פון דער נאַציע און דער „געמישטקייט" פון די ברייטע מאַסן, אַ ליניע, איבער וועלכער אונדזערע נאַציאָנאַליסטיש־אָריענטירטע ראַסנטעאָ־רעטיקער זוכן אומזיסט אַריבערצושפּאַנען. דער רעיון, אַז די ברייטע מאַסן פון דער נאַציע זענען בלויז העלאָטן, וועלכע דאַרפן זיך ווילנלאָז אונטערוואַרפן אונ־טערן געבאָט פון אַ פּריווילעגירטער קאַסטע, וועלכע איז דורך איר בלוט באַשטימט צו הערשן, איז פּאַקטיש די גרעסטע סכנה פאַר דער נאַציאָנאַלער אַחדות.

גאָבינאָס חסידים האָבן זיך געוואָלט דערקלערן זייער מייסטערס פּאַטערלאַנד־לאָזיקייט דערמיט, אַז ער האָט זיך אין זיין דמיון געשאַפן אַן „אידעאַל פּאַטער־לאַנד", וועלכעס איז געווען אין איינקלאַנג מיט זיינע אינטימסטע געפילן און גלייכצייטיק באַפרידיקט דאָס פּאַטריאָטישע באַדערפעניש, וועלכעס דאַרף, ווי עס הייסט, עקזיסטירן ביי יעדן איינעם. אָבער אַזאַ דערקלערונג איז נישט ווערט אפילו קיין אויסגעבלאָזן איי. אויב דער מענטש קאָן זיך אייגנוויליק שאַפן די פיקציע פון אַן אידעאַלן פּאַטערלאַנד, באַווייזט דאָס בלויז, אַז די באַגריפן וועגן פּאַטער־לאַנד און וועגן דער נאַציע זענען אַליין אויך פיקטיווע באַגריפן, וועלכע ווערן דעם יחיד אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ און זיי קאָנען צו יעדער צייט פאַרשטויסן ווערן דורך אַנדערע פיקציעס. גאָבינאָ איז געווען אַ פאַנאַטישער קעגנער פון דער מענטש־לעכער גלייכבאַרעכטיקונג; דעריבער האָט זיך אים די רעוואָלוציע אויסגעוויזן ווי אַ פאַרשוועכונג פון דער אָרדענונג, וועלכע איז איינגעפירט געוואָרן דורך גאָט. זיין גאַנצע ראַסנאידעאָלאָגיע איז געווען בלויז דער פועל־יוצא פון אַ טיפערן באַ־גער: איינצופלאַנצן אינעם מענטשן די אמונה וועגן דער אומפאַרענדלעכקייט פון דער געזעלשאַפטלעכער אומגלייכהייט. פונקט ווי מאַלטוס האָט דערקלערט דעם „איבערפליסיקן", אַז דער טיש פון לעבן איז נישט געגרייט פאַר אַלעמען, אַזוי האָט אויך גאָבינאָ געוואָלט באַווייזן דער וועלט, אַז די פאַרשקלאַפונג פון די ברייטע מאַסן איז אַן ענין פון גורל און אַ געזעץ פון דער נאַטור. ערשט ווען די אינסטינקטן פונעם מינדערווערטיקן ראַסנגעמיש הייבן אָן ווירקן אינעם בלוט פון דער שררהשער קאַסטע, דעמאָלט קומט־אויף די אמונה אין דער גלייכהייט פון דעם אַלעם, וואָס האָט אַ מענטשלעכן פּרצוף. לויט גאָבינאָ איז אָבער אָט־די אמונה געווען נישט מער ווי אַן אילוזיע, וועלכע האָט אומפאַרמיידלעך געמוזט דערפירן צום פולשטענדיקן צעפאַל פון יעדער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג.

בעת גאָבינאָ האָט אין זיין פראַנצויזישן היימלאַנד נישט געהאַט קיין שום אַנערקענונג און אפילו זיינע ריין־ליטעראַרישע ווערק זענען דאָרט אָפּגעשאַצט גע־וואָרן נידעריקער ווי זיי האָבן דאָס פאַרדינט, האָט ער אָבער געהאַט אַזאַ גרויסע ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פונעם ראַסנגעדאַנק, באַזונדערס אין דייטשלאַנד, וועלכע מ׳קאָן נישט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט. דורך זיין באַקאַנטשאַפט מיט ריכאַרד וואַגנער, אין וועמעס הויז ס׳האָט זיך אויך באַקענט מיט אים צום ערשטן

מאָל שעמאַן, גאָבינאָס דייטשער ביאָגראַף און איבערזעצער, איז שפּעטער גע־גרינדעט געוואָרן די אַזויגערופענע „גאָבינאָ־געזעלשאַפט", וועלכע האָט זיך אָפּגע־געבן מיטן פאַרשפּרייטן זיינע ווערק וועגן די ראַסן און בכלל געאַרבעט איבערן גייסט פון דעם מיט פאַנטאַזיע באַשאָנקענעם פראַנצויז, ווען מ'קאָן, טראָץ זיין ווּיסנשאַפטלעכער נישט געניגנדיקייט, פונדעסטוועגן נישט פאַרלייקענען אַ געוויסע גרויסקייט, וועלכע זיינע שפּעטערדיקע נאָכגייער האָבן לגמרי נישט.

אַ פיל שטאַרקערן איינפלוס ווי גאָבינאָ אויף דער אַנטוויקלונג פון דער ראַסנטעאָריע אין דייטשלאַנד און מחוץ איר האָט געהאַט דער ענגלענדער האַוס־טאָן סטיוּאַרט טשעמבערליין, וועמעס ווערק „די גרונדלאַגען דעס 19־טן יאָרהונ־דערטס" איז גאַנץ היפּש פאַרשפּרייט געוואָרן. טשעמבערליין האָט געגאָסן פון ווילהעלם דעם צווייטנס ספּעציעלער וואוילגעפעליקייט, מחמת ער האָט פאַרשטאַנען אים צו טרעפן דאָרט, וואו ער איז געווען אַמייסנסט עמפּינדלעך. ער האָט פאַרגליכן זיין רעגירונג מיט אַן „אויפגייענדיקן מאָרגנשטערן" און אים אויסגעשטעלט אַ צייגעניש, אַז ער איז „בכלל דער ערשטער קייזער". פאַר אַזעלכע אומגעלומפּערטע חניפות האָט דער איצטיקער שררה פונעם דאָרנער פּאַלאַץ געהאַט אַן עמפּינדלעך אויער און אַזוי אַרום האָט עס שוין געמוזט דערגיין צו דעם, אַז טשעמבערליין זאָל אויף אַ באַפעל פון אויבן אַוועקגעשטעלט ווערן אין די רייען פון די גרויסע מענטשן פון זיין צייט. די „גרונדלאַגען" האָבן אין די רייען פון דער הערשנדיקער קאַסטע אין דייטשלאַנד געהאַט אַ שטאַרקן פאַרשפּרייט. בכדי צו פאַרזיכערן דעם ווערק אַ ווי מעגלעך גרויסע הצלחה, איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער פאָנד; דער קייזער אַליין, בכבודו ובעצמו, האָט עס פּראָטעזשירט און דערמיט באַשאָנ־קען אַ סך דייטשע פּריוואַטע און שטאַטישע ביבליאָטעקן און אַלע שולן פונעם לאַנד. לויט בילאָווס בייזוויליקע דאַטן פלעגט ווילהעלם דער צווייטער פאָרלייענען פאַר זיינע הויפדאַמען גאַנצע שטיקער פונעם בוך, ביז זיי זענען דערביי אַנט־שלאָפן געוואָרן.

בדרך כלל זעט מען אין טשעמבערליינען נאָר דעם משלים פון גאָבינאָס ראַסנטעאָריע און מ'פאַרגעסט נישט דערביי אויסדריקלעך צו באַטאָנען זיין גייס־טיקע מערוועֿרטיקייט. ווי שאַרף מ'זאָל נישט אַרויסטרעטן קעגן אַזאַ באַנעם, ווערט עס אַלץ נישט זיין צופיל. טשעמבערליין איז נאָר געווען גאָבינאָס אויס־נוצער. זיינע „גרונדלאַגען" וואָלטן אָן אים געווען אוממעגלעך. ווער ס'האָט אויף אַן ערנסטן אויפן געמאַכט אַ פאַרגלייך צווישן אָט־די צוויי ווערק, קאָן נישט אָפּלייקענען דידאָזיקע מסקנה. טשעמבערליין האָט זיך באַקענט מיט גאָבינאָס ראַסנאידעאָלאָגישער געשיכטספילאָזאָפיע ערשט אין הויז פון זיין שווער ריכאַרד וואַגנער און ער האָט זיך אנגעאייניגנט די עיקרדיקע פּרטים פאַר זיין אייגן ווערק.

וועגן דעם, וואָס דאָס איז אַזוינס „ראַסע", ווערן מיר ביי טשעמבערליינען געוואויר פונקט אַזוי ווייניק ווי ביי גאָבינאָן. ער איז דער פולשטענדיקסטער מיסטיקער פונעם ראַסנגעדאַנק, וועלכער קריסטאַליזירט זיך ביי אים אין אַ רע־

ליגיעז־באַנומענער ראַסנמיטאָלאָגיע. אויסערלעכע סימנים, אַזעלכע ווי די פאַרעם פונעם שאַרבן, די קוואַליטעט און דער קאָליר פון די האָר, פון דער הויט, פון די אויגן אאַ״וו האָבן פאַר אים נאָר אַ קאָנדיציאָנעלע באַדייטונג; אויך די שפּראַך איז נישט מאַסגעבנדיק. מאַסגעבנדיק איז בלויז דאָס אינסטינקטיווע געפיל פון צונויפגעהעריקייט, וועלכעס ווייזט זיך אַרויס דורך דער „שטים פונעם בלוט״. דאָסדאָזיקע „געפיל פון דער ראַסע אין אייגענעם בוזעם״, וועלכעס איז יעדנפאַלס נישט אונטערגעוואָרפן קיין שום קאָנטראָל און איז וויסנשאַפטלעך אומבאַגרייפלעך, איז אין תוך אַלעס, וואָס טשעמבערליין האָט אונדז צו זאָגן וועגן דער ראַסע.

פונקט ווי גאָבינאָ, אַזוי זעט אויך טשעמבערליין אין יעדן גרויסן קולטור־פעריאָד אַן אומאָפּפרעגבאַרן רעזולטאַט פון גערמאַנישן גייסט און מיט קאָלטער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט קאָנפיסקירט ער דאָס קולטור־עשירות פון אַלע פעלקער און פון אַלע גרויסע פערזענלעכקייטן, וועלכע די מענטשהייט האָט אַרויסגעגעבן, פאַר זיין נאָבעלער ראַסע. די גערמאַנער זענען דאָס זאַלץ פון דער ערד, מחמת זיי זענען פון דער נאַטור גופא אויסגעשטאַט געוואָרן מיט אַלע גייסטיקע און פסיכישע אייגנשאַפטן, וועלכע באַשטימען זיי צו זיין די „האַרן פון דער וועלט״. דידאָזיקע מכלומרשטע היסטאָרישע מיסיע פון די גערמאַנען ווייזט זיך אַרויס פאַרן מחבר פון די „גרונדלאַגען״ אַזוי קלאָר פון דער גאַנצער ביזאַנטיקער געשיכטע, אַז יעדער ספק וועגן דעם מוז פאַרשטומט ווערן. מחמת גערמאַנען זענען דאָס געווען, וועלכע האָבן געשפּילט אַן איבערגעוויכטיקע ראָל ווי אַ פּירערקאַסטע אויך ביי נישט־גערמאַנישע פעלקער, אַזעלכע ווי פראַנצויזן, איטאַליענער, שפּאַניער, רוסן א. א. וו.; נאָר זייער השפּעה דאַרף מען פאַרדאַנקען, וואָס ס׳האָט זיך אין יענע לענדער בכלל געקאָנט אַנטוויקלען אַ קולטור. אויך די גרויסע קולטורן פונעם מזרח זענען אַנטשטאַנען אויפן זעלביקן אופן; אונטערן איינפלוס פון גערמאַנישן בלוט זענען זיי אויסגעוואַקסן און דערגאַנגען צו אַן אומגעריכטער גרויסקייט און זענען אונטערגעגאַנגען, ווען ס׳איז לויז געוואָרן די גייסטיקע שפּאַנונג אַלס רעזולטאַט פון בלוטמישונג פון מינדערוויכטיקע ראַסן און דער ווילן צו מאַכט ביי דער באַרג־אַראָפּגייענדיקער הערשערקאַסטע איז פאַרלאָשן געוואָרן.

אַז ראַסנמישונג קאָן זיין גינציק פאַר דער קולטורעלער אַנטוויקלונג, וועגן דעם האָט אויך טשעמבערליין נישט געצווייפלט, כל־זמן ס׳האַנדלט זיך וועגן דער מישונג פון קרובישע ראַסן; מחמת אַן איידעלע ראַסע אַרבעט זיך אויס ערשט בהדרגהדיק דורך מישונג מיט מער אָדער ווייניקער גלייכווערטיקע ראַסן. אויף דעם פּונקט גייען זיך פאַנאַנדער טשעמבערליינס און גאָבינאָס מיינונגען. פאַר גאָבינאָ שטייט די ראַסע ביים אָנפאַנג פון יעדער מענטשלעכער געשיכטע. זי האָט אירע באַשטימטע קערפּערלעכע און גייסטיקע סימנים, וועלכע גייען איבער בירושה און קאָנען דורכמאַכן אַן ענדערונג נאָר דורך מישונג מיט אַנדערע ראַסן. און היות ער איז געווען איבערצייגט, אַז דאָס בלוט פון דער איידעלער ראַסע איז אין משך פון די טויזנטער יאָרן, דורך מישונגען מיט געלע און שוואַרצע

ראַסנעלעמענטן, געוואָרן אַלץ מינדערוועדטיקער און פאַרלוירן זיינע טייערע אייגנ־שאַפטן, האָט ער דעריבער מיט פאַרזאָרגטע בליקן באַטראַכט די צוקונפט. טשעמ־בערליין, אויף ווענען דאַרווינס לערע איז נישט אַריבער אָן שפורן, האָט געזען אין דער ראַסע נישט קיין אַרויסגאַנגספּונקט, נייערט אַ רעזולטאַט פון דער אַנט־וויקלונג. לויט זיין באַנעם אַנטשטייט די ראַסע דורך נאַטירלעכן אָפּקלייב אינעם קאַמף פאַרן קיום, וועלכער פאַרטיליקט די אומפעיקע און לאָזט איבער בלויז די שטאַרקע, פאַר דער רעפּראָדוקציע פונעם מין פּאַסיקע אינדיווידן. דעריבער איז די ראַסע דער פינאַלער רעזולטאַט פון אַ כסדרדיקן טיילונגספּראָצעס פון אַ קרובי־שער גאַטונג.

אויב אָבער די ראַסע איז אַ פּועל־יוצא און נישט דער אַרויסגאַנגספּונקט פון דער אַנטוויקלונג, איז אויך פאַר דער צוקונפט פאַרזיכערט די אַנטשטייאונג פון איידעלע ראַסן, בתנאי, אַז די הערשנדיקע אויבערשטע שיכט פון אַ נאַציע זאָל נעמען ערנסט די לערע פון דער געשיכטע און פאַרהיטן פונעם דראָענדיקן „ראַסנכאַאָס״ דורך דער געהעריקער ראַסנהיגיענע. כדי צו פאַרשטאַרקן זיין באַ־הויפּטונג נעמט טשעמבערליין אַלס ראיה די דערפאַרונגען פונעם פּיציכטער און וויזט־אָן, ווי אַזוי עס אַנטשטייט אַן איידעלע ראַסע פערד, הינט אָדער חזירים. ער פאַרגעסט אָבער דערביי, אגב, דאָס עיקרדיקסטע, דהיינו: אַז די מישונגען צווי־שן די מענטשלעכע ראַסן זענען אין משך פון די טויזנטער יאָרן פאַרגעקומען ביי גאַנץ אַנדערע אומשטענדן ווי די אַזויגערופענע „אויסאיידעלונגס־עקספּערימענטן״ אין דער שטאַל פונעם פּיציכטער. פאַר גאָבינאָ איז אָבער געווען גילטיק די פראַזע: אין אָנהויב איז געווען די ראַסע. דעריבער האָט פאַר אים די נאַציע נישט געהאַט קיין שום באַדייט, האָט זיך אים דער רעיון וועגן פּאַטערלאַנד אויסגעוויזן ווי אַ כיטרע דערפינדונג פונעם סעמיטישן גייסט. טשעמבערליין אָבער, וועלכער האָט געגלייבט אין דער מעגלעכקייט אויסצוהאָדעווען אַן איידעלע ראַסע, האָט גע־וואָלט דערציען די נאַציע צו ווערן אַ רייןראַסיקע. און אַזוי ווי די דייטשע נאַציע האָט זיך אים פאַר אַט־דעם צוועק אויסגעוויזן די פּאַסיקסטע, ווייל אין איר האָט נאָך, לויט זיין מיינונג, דאָס גערמאַנישע בלוט צום שטאַרקסטן צירקולירט אין אירע אָדערן, איז פאַר אים דער טעוטאָן געוואָרן דער טרעגער פון דער צו־קונפט.

נאָכדעם ווי טשעמבערליין האָט, אויפן גרויספאַרנעמיקן שטייגער, אויסגעצ־שטאַט די איידעלע גערמאַנען מיט אַלע מעגלעכע פיזישע, גייסטיקע און מאָראַ־לישע מעלות, איז שוין פאַר די פעלקער פון אַנדערן אָפּשטאַם נישט געבליבן קיין אַנדערע ברירה ווי נאָר זיך אונטערצוּוואַרפן אומקאָנדיציאָנעל אונטער דער שטאָל־צער הערנראַסע און צו פירן אַ באַשיידענע עקזיסטענץ אינעם שאָטן פון איר אַלצ־אַרומנעמענדיקער גרויסקייט. זענען זיי דאָך נישט מער ווי די קולטורבאַמיסטיקער פון דער געשיכטע; און טאָמער ווילן זיי דאָס נישט פאַרשטיין, איז נאָך מער אָך און וויי צו זיי.

לויט טשעמבערליינען באַשטייט דער גאַנצער אינהאַלט פון דער מאָדערנער געשיכטע אין דער סתירה צווישן ראָמאַנען און גערמאַנען. און היות די ראָמאַנישע וועלט, וועלכע איז אַרויסגעקומען פונעם גרויסן פעלקערכאַאָס, האָט זיך פאַרבונדן אויף לעבן און טויט מיט די „מאַטעריאַליסטישע שטרעבונגען" פון דער קאַטוילישער קירך, זיך געמוזט פאַרבינדן, מחמת די שטים פונעם בלוט האָט איר נישט איבערגעלאָזט קיין אַנדערע ברירה, ווערט פאַר אים דער פּראָטעסטאַנטיזם די העלדנטאַט פון דער גערמאַנישער קולטור. דער דייטש איז דער באַרופענער טרעגער פון דער פּראָטעסטאַנטישער שליחות, דורך וועלכן דאָס קריסטנטום באַקומט ערשט זיין אמתן תיקון. דאָס, וואָס די קריסטן האָבן דווקא אויסגעקליבן דעם ייד יעזוס פאַר זייער דערלייזונג, איז טאַקע ביטער, אָבער ס'איז שוין נישט מעגלעך גאָרנישט צו טון צו דעם. אָבער איז דען נישט אָנגעשריבן אין וואַנגעליום, אַז קריסטוס האָט דערזען דאָס ליכט פון דער וועלט אין גליל? האָט זיך ביי טשעמבערליינען תיכף באַוויזן דער „אינסטינקט פון דער ראַסע" און אים געלאָזט זאָגן, אַז דווקא אין יענעם טייל פון פּאַלעסטינע זענען פאָרגעקומען גרויסע ראַסנמישונגען און בעיקר, אַז אין גליל האָבן זיך אָפּגעזעצט גערמאַנישע שטאַמען. נו, מעג מען דאַן נישט אָננעמען, אַז קריסטוס איז געווען אַ גערמאַן? מחמת ס'איז דאָך געווען אומגלייבלעך, אַז פונעם „מאַטעריאַליסטיש פאַרפעסטעטן יידנטום" זאָל געווען קאָנען אַרויסקומען אַ לערע, וועמעס מאָראַלישער תוכן איז לגמרי סותר דעם יידישן גייסט.

טשעמבערליין האָט אַרויסגעוויזן אַ באמת־קראַנקהאַפטן ווידערווילן קעגן אַלץ, וואָס איז געווען יידיש. ער איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט געוואַגט איינצורעדן זיינע איינגעגלייבטע לייענער, אַז אַ גערמאַניש קינד, וועמעס חושים זענען נאָך נישט פאַרדאָרבן און וועלכעס איז נאָך נישט פאַרטעמפּט דורן די פאָראורטיילן פון די דערוואַקסענע, פילט אינסטינקטיוו, ווען אַ ייד האַלט זיך אויף נאָענט פון אים. פונדעסטוועגן האָט ער באַוויזן אויסצושטעלן פאַר די שפּאַנישע יידן, די אַזויגערופענע ספרדים, דאָס בעסטע צייגעניש, בעת פאַר די אשכנזים, די יידן פון די צפונדיקע לענדער, האָט ער נישט געפונען קיין וווערטער, מיט וועלכע זיי צו דערנידעריקן. יעדנפאַלס האָט זיך זיין פרעפערענץ פאַר די ספרדים סומך געווען אויף דער השערה, אַז אינדראמתן זענען זיי געווען גאָטן, וועלכע האָבן זיך אין אַ גרויסער צאָל באַקערט צום יידנטום, אַן אַנטפּלעקונג, וועלכע איז דורך דעם גרויסן ווירטואָז פון אומבאַוויזענע באַהויפּטונגען געמאַכט געוואָרן ערשט שפּעטער, מחמת זי געפינט זיך ערשט אין דער דריטער אויפלאַגע פון זיין בוך. ווי אַזוי די גאָטן, דידאַזיקע אויטענטישע שפּראָצונגען פונעם איידעלען בוים פונעם גערמאַנערטום, האָבן זיך, נישט געקוקט אויף זייער „מיסטישער געמיטשטימונג" און זייער איינגעבוירענעם חוש פאַר „רעליגיעזער פאַרטיפונג", וועלכע איז, לויט טשעמבערליינען, דער ירושהדיקער אוצר פון זייער ראַסע, וויאַזוי זיי האָבן זיך געקאָנט אַריינוואַרפן אין די אָרעמס פונעם „מאַטעריאַליסטישן יידנטום" מיט זיין „טויטן ריטואַל", זיין „קנעכטישער געהאָרכיקייט", זיין „דעספּאָטישן גאָט", — דאָס פאַרבלייבט אַן אומ־

באַגרייפלעכע מיסטעריע. אין דעם פאַל איז מסתמא די „ראַסע אינעם אייגענעם בוזעם” גענצלעך דורכגעפאַלן; אַנדערש לאָזט זיך נישט דערקלערן דאָס אומדערהערטע. מיט אַזעלכע באַהויפּטונגען שווינדלט און גריבלט עס אין טשעמבערליינס ראַסנווערק. ס׳איז מסתמא נישט פאַראַן נאָך איין ווערק, וועלכעס זאָל האָבן אויפצואווייזן אַזאַ אומפאַרגלייכלעכע אומצופאַרלעסיקייט פונעם פאַרווענדטן מאַטעריאַל און אַזאַ חוצפּהדיק זשאָנגלירן מיט פּוסטע השערות פון געוואַגטסטן מין. וועגן דעם זענען צווישן זיך שווה־בשווה נישט נאָר די קעגנער, נייערט אויך די בפירושע אָנהענגער פון דער ראַסנטעאָריע, אַזעלכע ווי אַלבערטווירט, אויגען קרעצער און אייניקע אַנדערע. אפילו אַזאַ זעלבסטצופרידענער פון דער ראַסנטעאָריע ווי אָטאָ האַוזער רעדט וועגן טשעמבערליינס ווערק ווי פון „די גרונדלאַגע פונעם 19־טן יאָרהונדערט, וועלכעס איז אַזוי פּילפּאַליק אויסגעהוילט פון פאַקטישע גרונטלאַגן”.*)

פונקט ווי גאָבינאָ, אַזוי איז אויך טשעמבערליין אַ פאַנאַטישער קעגנער פון יעדן מין ליבעראַלע און דעמאָקראַטישע אידעען און ער זעט אין זיי אַ סכנה, וועלכע איז אָנגעשטעלט רק קעגן גערמאַניזם. פאַר אים זענען פרייהייט און גלייכהייט אַזעלכע באַגריפן, וועלכע שליסן זיך אויס קעגנזייטיק! ווער ס׳וויל די גלייכהייט, מוז אויפברענגען פאַר איר די פּערזענלעכקייט, מחמת נאָר זי אַליין קאָן זיין דער יסוד פון דער פרייהייט. אָבער אפילו טשעמבערליינס פרייהייט איז פון אַ גאַנץ באַזונדערן מין. דאָס איז די „פרייהייט, וועלכע דער שטאַט איז אימשטאַנד צו באַשיצן נאָר בתנאי, אויב ער וועט אָנצייכענען אירע גרענעצן”. „דער מענטש ווערט נישט פריי דורך דעם, וואָס מ׳גיט אים פּאָליטישע רעכטן; גיכער דאַרפן אים פון שטאַט געגעבן ווערן פּאָליטישע רעכט, ווען ער פילט זיך אינערלעך דורכגעדרונגען מיט פרייהייט; אַנדערש וועלן אָט־די פרייהייטן בלויז דינען פאַרן מיסברויך דורך אַנדערע”.**)

אָט־דער זאָג באַווייזט, אַז טשעמבערליין האָט לחלוטין נישט באַנומען נישט דעם מהות פון דער פרייהייט און נישט דעם מהות פונעם שטאַט. ווי קומט דאָס צו אים? איז דאָך דער פאַטאַליזם דער פולשטענדיקער היפּוך פונעם פרייהייטסבאַגריף; אָבער קיין שום אַנדערער פאַטאַליזם טראָגט נישט אַזוי שטאַרק דעם קין־צייכן פון זיין פרייהייטספיינטלעכן רעיון ווי דער פאַטום פון דער ראַסע. טשעמבערליינס באַגעם פון דער פרייהייט איז דער באַגעם פונעם זאַטן פיליסטער, פאַר וועמען די אָרדענונג איז די ערשטע פליכט פונעם בירגער און וועלכער אַקצעפּטירט זיינע רעכטן אַזוי ווי דער שטאַט שניידט זיי אים צו. פאַר אַזאַ מין פרייהייט האָט נאָך קיין שום דעספּאָט זיך נישט אָפּגעשראָקן; אָבער יעדעס קווינטעלע רעכט, וועלכעס דער מענטש האָט געמוזט דעראָבערן פאַר זיך אין אַ אָפּעגעם קאַמף קעגן דער טיראַניי פונעם טראַדיציאָנעלן, האָט געמאַכט אַרויסשלאָגן

*) Otto Hauser, Die Germanen in Europa; S. 5, Dresden, 1916.
*) H. S. Chamberlein, Demokratie und Freiheit, München 1917.

אַנגסטן אויפֿן שטערן פֿון די דעספּאָטן. טשעמבערליינס „אינערלעכע פֿרייהייט" איז נישט מער ווי אַ פּוסט וואָרט; נאָר דאָרט, וואו דאָס אינערלעכע דורכפֿילן די פֿרייהייט פֿאַרוואַנדלט זיך אין רעטנדיקער טאַט, האָט דער פֿרייהייטס־גייסט זיין אמתע היים. „...ווער ס'איז אַריינגעפּלאָנטערט אין נאַטור און „קראַפֿט און שטאָף", דער מוז, אויב ער איז אויפֿריכטיק, לאָזן לויפֿן די פֿרייהייט" — מיינט טשעמבערליין. מיר אָבער מיינען, אַז ווער עס שטרענגט זיך נישט אָן צו פֿאַרוואַנדלען די פֿרייהייט אין „קראַפֿט און שטאָף", דער מוז פֿאַר אַלע צייטן פֿאַרבלייבן אַ קנעכט. אַן אַבסטראַקטער באַגריף וועגן פֿרייהייט, וועלכער איז נישט בכוח צו באַגייסטערן זיינע טרעגער אַרויסצוטרעטן בפרהסיה פֿאַר זייער רעכט, איז געגליכן צו דער פֿרוי, ווען די נאַטור האָט נישט געגעבן די גאָב פֿון פּרוכ־פּעריקייט. טשעמבערליינס פֿרייהייטסבאַגריף איז די אילוזיע פֿון דער אימפּאָטענץ, אַ כיטרע פֿאַרקריפּלטער אויסטייטש פֿונעם אינערלעכן קנעכטשאַפֿט־געפֿיל, וועל־כער איז נישט פֿעיק צו קיין שום מעשים. איבסען האָט אַן אַנדערן באַגריף וועגן דער פֿרייהייט, ווען ער זאָגט:

„איך וועל קיינמאָל נישט געהערן צו יענע, וועלכע באַטראַכטן פֿריי־הייט גלייכבאַדייטנדיק מיט פּאָליטישער פֿרייהייט. וואָס זיי רופֿן אָן פֿרייהייט, רוף איך אָן פֿרייהייטן; און וואָס איך רוף אָן קאַמף פֿאַר פֿרייהייט, איז דאָך נישט עפּעס אַנדערש ווי די שטענדיקע, לעבעדיקע פֿאַראייגענונג פֿון דער פֿריי־הייטס־אידעע. ווער עס באַנעמט די פֿרייהייט אַנדערש ווי דאָס, נאָך וואָס מ'דאַרף גאָרן, דער באַנעמט זי ווי אַ טויט און גייסטלאָז באַשעפֿעניש, מחמת דער פֿרייהייטסבאַגריף האָט דאָך די אייגנשאַפֿט זיך תמיד אויסצוברייטערן בעת דער פֿאַראייגענונג. און ווען עס פּאַסירט, אַז עמעצער בלייבט בעתן קאַמף שטיין און זאָגט: איצט האָב איך זי! — ווייזט ער טאַקע דערמיט אַרויס, אַז ער האָט זי פֿאַרלוירן. אָבער דווקא אָט־דער מין — צו האָבן אַ געוויסן פֿעסט־אָנגעצייכנטן פֿרייהייטס־שטאַנדפּונקט — איז טאַקע כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די שטאַטלעכע אָרגאַניזאַציעס, און טאַקע דאָס האָב איך געמיינט, ווען איך האָב געזאָגט, אַז ס'איז גאָרנישט קיין גוטס".*)

טשעמבערליין האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגעשטעלט אויפֿן וועג צו דער פֿרייהייט, מחמת ער האָט זיך קיינמאָל נישט געפֿונען אויף אָט־דעם וועג. זיין קריטיק פֿון דער דעמאָקראַטיע שטעקט אין דער פֿאַרגאַנגענהייט; ער איז דער מענטש מיטן רעטראָספּעקטיוו, וועמען יעדער רעזולטאַט פֿון דער רעוואָלוציע איז פֿאַרהאַסט ספּעציעל דערפֿאַר, ווייל ער טראָגט דעם צייכן פֿון זיין רעוואָלוציאָ־נערן אָפּשטאַם אויפֿן שטערן. דאָס, וואָס רופֿט זיך היינט אָן דעמאָקראַטיע, קאָן איבערגעשטיגן ווערן נאָר דורך אַזעלכע כוחות, וועלכע זאָלן נישט שטעקן אין דער פֿאַרגאַנגענהייט, נאָר אין דער צוקונפֿט. נישט אין געוועזענעם ליגט די רעַ־טונג, נייערט אין דער באַשטענדיקער אויסברייטערונג פֿונעם פֿרייהייטסבאַגריף און פֿון זיין געזעלשאַפֿטלעכער אָנווענדונג. אויך די דעמאָקראַטיע האָט נישט

*) היינריך איבסענס געזאַמלטע ווערק אין דער דייטשער שפּראַך; צענטער באַנד, בער־לין 1905. בריוו צו געאָרג בראַנדעס פֿון פֿעברואַר 1871.

בייגעקומען דעם „ווילן צו מאַכט", ווייל זי איז געווען פאַרקאָוועט צום שטאַט און נישט געוואָגט צו צעטרייסלען די פּריווילעגיעס פון די באַזיצנדיקע קלאַסן. טשעמבערליינן האָט נישט געשטעקט אין דער צוקונפט; זיין בליק איז געווען אָנגעשטעלט אומפאַרענדערלעך אויפן עבר. דעריבער האָט ער אָפּגעוואָרפן אפילו די קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע, זי באַטראַכטנדיק ווי לגמרי פרעמד צום גער־מאַנישן גייסט, און געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון אַן אַבסאָלוטיסטישן קע־ניגטום איבער אַ „פרייען פאָלק", פריי, וואָס ער האָט זיך נאַטירלעך פאָרגע־שטעלט אונטער אַט־דעם באַגריף. ער איז געווען איינער פון די חוצפּהדיקסטע פערזאָנען, וועלכע האָבן זיך ביז צום סוף אַרויסגעשטעלט קעגן יעדער באַגרענע־צונג פון דער מאָנאַרכיסטישער מאַכט אין פּרייסן און ער איז געשטאַנען, צוזאַ־מען מיט אַלע זיינע פאָרויס־ און נאָכגייער בתוך דער ראַסנטעאָריע, מיט ביידע פיס אינעם לאַגער פון דער אומפאַרהוילענער פּאָליטישער און סאָציאַלער רעאַקציע.

וואָלט געווען לאָגיש אָנצונעמען, אַז אַזאַ ווערק ווי די „גרונדלאַגען", וועל־כעס האָט נישט אפילו דעם מינדסטן שטיצפּונקט פאַר אַן ערנסטער איבערצייגונג, וועלכעס נעמט נישט אין באַטראַכט נישט קיין געזעלשאַפטלעכע פאַר־העלטענישן און נישט דעם פאַמעלעכן פּראָצעס פון גייסטיקע אַנשטרענגונגען און אין וועלכן עס ווייזט זיך אינדעראמתן נאָר אַרויס די געוואַלטזאַמע אייגנווי־ליקייט פונעם מחבר, זאָל דורכפאַלן אין זיינע משוגענע ווידערשפּרוכן. ס'איז אָבער נישט אַזוי געווען. ס'איז פאַר די הערשנדיקע קאַסטעס אין דייטשלאַנד געוואָרן ווי אַ גורלדיקער גזר־דין. די פאַרבלענדונג, וועלכעס דאָסדאָזיקע בוך האָט אָנגעמאַכט, איז געוואָרן אַזוי שטאַרק, אַז דער געוועזענער קייזער האָט נאָך אין זיינע „לעבענסערינערונגען" געקאָנט שרייבן:

> „דאָס גערמאַנענטום אין זיין גאַנצער הערלעכקייט איז פאַרן דערשטוינ־טן דייטשן פאָלק באַלויכטן און געפּרעדיקט געוואָרן ערשט דורך טשעמבער־ליינען אין זיינע „גרונדלאַגען דעם 19־טען יאָרהונדערטס". אָבער אַן דער־פאָלג, ווי דער צוזאַמענבראָך פונעם דייטשן פאָלק באַווייזט".

אַז דער אַראָפּגעזעצטער פאַרטרעטער פון גאָטס גענאָד אויף דער ערד מאַכט נאָך היינט פאַראַנטוואָרטלעך דאָס דייטשע פאָלק פאַרן חורבן, איז פּונקט אַזאַ געשמאַקפולע רעוואָלאַציע פונעם „הערלעכן גערמאַנענגייסט"" ווי די טרויע־ריקע ראָל פון יענע, וועלכע האָבן פריער מיט אַזאַ קריכערישער קנעכטישקייט געחנפעט דעם „האָפענונגסלאָזן טיפש" אַלס „גערמאַנענקייזער", כדי אים נאָך זיין מפּלה דערלאַנגען אַ קאָפּע און אים אַפילו פאַרלוימדן ווי אַ „יודענשטעמלינג" (אָפּשטאַמיקער פון יידן).

דאָס, וואָס טשעמבערליין האָט אַזוי הערלעך אָנגעהויבן, איז פאָרגעזעצט געוואָרן אין זעלביקן גייסט פון אַזעלכע מענער ווי וואָלטמאַן, האַוזער, גינטער, קלאַוס, מיידיסאָן גראַנט, ראָזענבערג און אַ סך אַנדערע. וואָלטמאַן, דער געוועזענער מאַרקסיסט און סאָציאַלדעמאָקראַט, וועלכער האָט אין אַ שיינעם טאָג

אויפגעהאָנגען אויף אַ נאָגל דעם קלאַסנקאַמף און זיך באַקערט צום ראַסנקאַמף, האָט געפּרואווט ברענגען דעם געשיכטלעכן באַוויז פאַר דעם, וואָס גאָבינאָ און טשעמבערליין האָבן געהאַלטן וועגן דעם אורשפּרונג און כאַראַקטער פון פרעמדע קולטורן. ער האָט פאַר דעם צוועק אָנגעזאַמלט אַ גרויסע מאַסע מאַטעריאַלן, פון וועלכע ס'האָט געזאָלט אַרויסדרינגען, אַז אַלע באַדייטנדיקע פּערזענלעכקייטן אין דער קולטורגעשיכטע פון פראַנקרייך און איטאַליע זענען געווען פון גערמאַנישן אָפּשטאַם. בכדי צו דערגיין צו אַזאַ מסקנה, האָט ער אונטערזוכט די פּאָרטרעטן פון אייניקע הונדערט אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן פונעם רענעסאַנס־פּעריאָד בהס־כם מיט זייערע גערמאַנישע ראַסישע כאַראַקטערשטריכן, בכדי דערנאָך צו לאָזן וויסן דער דערשטוינטער וועלט, אַז דער רוב פון זיי האָט געהאַט בלאָנדע האָר און בלויע אויגן. וואָלטמאַן איז געווען אַרומגעכאַפּט מיטן דיבוק פון בלוי־בלאָנד־טעאָריע און ביי יעדן מאָל, ווען ער האָט געמיינט, אַז ער האָט אַנטדעקט אַ נייעם „בלאָנדלינג״, איז ער פונדאַסניי אַריינגעפאַלן אין התפעלות. *)

ס'שטעלט זיך צומאָלס אַוועק די פראַגע, וואָס ס'האָט אייגנטלעך געדאַרפט באַוויזן ווערן מיט אַזעלכע טענות און טרעפּעניש. ס'האָט נאָך קיין שום מענטש נישט געשטעלט אין ספק, אַז אין פראַנקרייך און איטאַליע זענען פאַראַן גער־מאַנישע ראַסנעלעמענטן.ביידע פעלקער זענען טאַקע פונקט אַזוי פון געמישטע ראַסן ווי די דייטשן, ווי אַלע אַנדערע פעלקער אין אייראָפּע. פראַנקרייך און איטאַליע זענען כסדר פאַרפלייצט געוואָרן פון גערמאַנישע שבטים, פּונקט ווי פעלקערכוואַליעס פון סלאַווישן, קעלטישן און מאָנגאָלישן אָפּשטאַם האָבן זיך אָפּטער צעשפּרייט איבער דייטשלאַנד. אָבער אויף ווי ווייט, ביז צו וועלכן גראַד די קולטור פון אַ פאָלק ווערט באַשטימט דורך דער ראַסע, איז אַ פראַגע, אויף וועלכער קיין שום וויסנשאַפט האָט נאָך נישט געפונען און וועט מסתמא נישט געפינען קיין ענטפער. מיר זענען דאָ אָנגעוויזן בלויז אויף השערות, וועלכע קאָ־נען אונדז אָבער נישט פאַרבייטן דעם ווערט פוןווירקלעכע פאַקטן. ווייסן מיר דאָך נאָך אַפילו גאָרנישט באַשטימטס וועגן די סיבות פון דער אַנטשטיי־אונג פון אַזעלכע ריין־אויסערלעכע ראַסן־מינים ווי דער קאָליר פון די האָר, פון די אויגן א. א. וו.

אגב איז דער גאַנצער פּאָרטרעט־דיאַגנאָז פון וואָלטמאַן און זיין נאָכגייער אָטאָ האַוזער נישט ווערט קיין אויסגעבלאָזן איי, מחמת ער איז דאָס אומבאַגלויבט־סטע מיטל, וואָס קאָן בכלל צוגעצויגן ווערן פאַרן באַוויז פון באַשטימטע כאַראַק־טעריסטישע סימנים. אין די בילדערביכער פון אונדזערע ראַסנאַסטראַלאָגן ווערן אַזעלכע „באַווייזן״ געמאַכט זייער גוט און זיי דערפילן אפילו דאָרט זייער צוועק, אָבער דעם ערנסטן פאָרשער גיבן זיי קוים עפּעס אַ שטיצפּונקט. דעם קינסטלערס ווערק איז נישט קיין פאָטאָגראַפיע, וועלכע גיט־איבער

*) Ludwig Woltmann, Die Germanen und die Renaissance in Italien; 1905 Die Germanen in Frankreich, 1907.

געטריי דאָס, וואָס ס׳איז. ראשית־כל דאַרף עס באַטראַכט ווערן ווי אַן איבערשאַ־פונג פון דעם, וואָס דער קינסטלער זעט מיטן אינערלעכן אויג. דאָס אינערלעכע בילד, וועלכעס שוועבט פאַרן קינסטלער און אַן וועלכן אַ קונסטווערק וואָלט קיינ־מאָל נישט געשאַפן געוואָרן, באַווירקט אָבער נישט זעלטן אין אַ גאָר הויכער מאָס די ענלעכקייט פונעם ווערק מיטן אָריגינאַל. אויך דער פּערזענלעכער סטיל און די שול, צו וועלכער דער קינסטלער באַלאַנגט, שפּילן דערביי אַ וויכטיקע ראָל. וועלכן ערנסטן פאָרשער וועט עס גאָר איינפאַלן צו וועלן אויספאָרשן די סמנים פון עמעצנס ראַסנאַנגעהעריקייט פון די פּאָרטרעטן פון אונדזערע היינטיקע קוביסטן און פוטו־ריסטן? חוץ דעם גיבן דיזעלביקע פּאָרטרעטן, וועלכע האָבן פאַר וואָלטמאַנען גע־מוזט דינען ווי באַווייזן פאַרן גערמאַנישן אָפּשטאַם פון דער פראַנצויזישער און איטאַליענישער קולטור, אַנדערע פּאָרטרעטער פונעם ראַסנגעדאַנק מאָטיוון פאַר גאַנץ אַנדערע מסקנות. אַזוי האָט למשל דערקלערט אַלבערט ווירט, וועלכער וויל אַליין אויך געפינען אין דער ראַסע דעם אַנטשיידנדיקן פאַקטאָר פון דער געשיכט־לעכער אַנטוויקלונג, אַט־וואָס אין זיין ווערק „ראַסע און פאָלק״:

„אַ משונהדיקער טעות פון דער אָבסערוואַציע איז עס געווען, ווען וואָלט־מאַן און זיינע אָנהענגער האָבן אין אַזוי פיל זשעניען און טאַלענטן פון איטאַליע און פראַנקרייך אַנטדעקט גערמאַנישע שטריכן. פאַר אויגן, וועלכע זענען פריי פון פאָראורטיילן, באַווייזן די בילדער, וועלכע וואָלטמאַן אַליין האָט צוגעגעבן אַלס דערקלערונג, פּונקט דעם היפּוך: באַשקירישע, מיטללענ־דישע, נעגערישע טיפּן״.

פאַקטיש איז נישט פאַראַן אין דער לאַנגער פּאָרטרעטן־גאַלעריע, וועלכע וואָלטמאַן פירט־אַרויס פאַר די אויגן פון דער וועלט פאַר דער באַקרעפטיקונג פון זיין טעזע, קיין איין טיפּ, וועלכער זאָל קאָנען גילטן ווי אַן אומגעפעלשטער טרע־גער פון דער גערמאַנישער ראַסע. אויפן שטערן פון יעדן איינעם פון זיי זענען אָנגעצייכנט מער אָדער ווייניקער דייטלעך די אומאָפּלייקנבאַרע סימנים פונעם מענטש פון אַ געמישטער ראַסע. אויב ס׳זאָל פון וואָלטמאַנס און האָוזערס אונ־טערזוכונגען בכלל מעגלעך זיין אָפּצולערנען אַ ,,געזעץ פון דער געשיכטע״, וואָלט עס געקאָנט זיין נאָר דאָס און נישט קיין אַנדערס: אַז די ראַסן־ריינקייט גראָבט־אונטער ביסלעכווייז די גייסטיקע קראַפט און ברענגט אַלס רעזולטאַט די פאַמע־לעכע ירידה, בעת ראַסנמישונג גיט דער קולטורעלער פעיקייט אַלץ נייע לעבנס־כוחות און באַגייַסטערט דאָס אַרויסברענגען געניאַלע פּערזענלעכקייטן. דאָסזעלביקע איז אויך חל אויף די דייטשע קולטורטרעגער און נישט מיט אומרעכט האָט מאַקס פאָן גרובער געזאָגט:

„און ווען מיר באַטראַכטן די פיזישע כאַראַקטערשטריכן פון אונדזערע גרעסטע מענער בנוגע זייער ראַסן־אָנגעהעריקייט, געפינען מיר אַפילו ביי אַ סך פון זיי נאָרדישע סימנים, אָבער ביי כמעט קיין איינעם נישט פון זיי נאָר בלויז נאָרדישע. דער ערשטער בליק ווייזט דעם מבין, אַז נישט פרידריך דער גרויסער, נישט באַראָן פאָן שטיין, נישט ביסמאַרק זענען געווען ריינע

נאָרדישע. דאָס זעלביקע איז חל אויף לוטערן, מעלאַנכטאָנען, לייבניצן, קאַנטן, שאָפּענהויערן, פּונקט ווי אויף ליביג און יוליוס ראָבערט מייער און העלמהאָלץ, געטע, שילער און גרילפּאַרצער, דירער און מענצעל און פויער־באַך און אַוודאַי אויך אויף די גרעסטע זשעניען פון דער דייטשסטער פון אַלע קונסטן, פון דער מוזיק, אויף באַך און גלוק און היידן ביז ברוקנער. אַלע זענען זיי געווען מישונגען; דאָס איז נוגע די גרויסע איטאַליענער. מי־קעלאַנדזשעלאָ און גאַלילעאָ זענען דאָך זיכער נישט געווען, אויב זיי זענען עס בכלל געווען, קיין ריינע נאָרדישע. צו די אייגנשאַפטן פון די נאָרדישע האָבן מן הסתם געדאַרפט האָבן צוגעגעבן געוואָרן באַשטאַנדטיילן פון אַנדערע ראַסן, בכדי צו באַשאַפן דעם גליקלעכן צוזאַמענשטעל פון כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן". *)

מעג טאַקע וואָלטמאַן האַלטן, אַז „דאַנטע, ראַפאַעל, לוטער א. א. וו. זענען געווען זשעניען נישט **ווייל**, נאָר **נישט געקוקט דערויף**, וואָס זיי זענען געווען מישונגען", און אַז „זייערע זשעניאַלע אייגנשאַפטן זענען געווען דער ירושהדיקער טייל פון דער גערמאַנישער ראַסע", אָבער סיי־ווי בלייבט עס בלויז פּוסטע רייד, כל־זמן מ'איז נישט אימשטאַנד אומאָפּפרעגבאַר פעסטצו־שטעלן די ווירקונג פון דער ראַסע אויף די גייסטיקע פעיקייטן און זיי וויסנשאַפט־לעך צו פאַרשטאַרקן. מיט דערזעלביקער לאָגיק וואָלט מען געקאָנט באַהויפּטן, אַז דאָס זשעניאַלע ביי אַזעלכע מענער ווי לוטער, געטע, קאַנט אָדער בעטהאָווען נעמט זיך פונעם „אַלפּינישן" אָדער „מזרחדיקן" בלוט. באַוויזן געוואָרן וואָלט מיט דעם אויך גאָרנישט, אָבער די וועלט וואָלט דערמיט רייכער געוואָרן מיט אַ באַהויפּ־טונג. פאַקטיש זענען געווען בשעת דער מלחמה אויף יענער זייט פון די וואָגעזן אַזעלכע מענטשן ווי פאָל סודאַי און אַנד., וועלכע האָבן דערקלערט, אַז אַלע באמת־גרויסע פערזענלעכקייטן, וועלכע דייטשלאַנד האָט אַרויסגעבראַכט, זענען געווען פון קעלטישן און נישט פון גערמאַנישן אָפּשטאַם. פאַרוואָס נישט?

די ייִנגסטע פאַרטרעטער פון דער אַזויגערופענער ראַסן־שיטה שטרענגען זיך שטאַרק אָן צו געבן זייערע אנשויאונגען אַ וויסנשאַפטלעכן אויסזען און זיי פאַר־רופן זיך בעיקר אויף די געזעצן פון דער פאַריאַרשענונג, וועלכע שפּילט אַזאַ גרויסע ראָל אין דער נאַטורוויסנשאַפט און וועגן וועלכע מ'איז נאָך אַזוי שטאַרק מחולק. אונטער פאַריאַרשענונג פאַרשטייט די ביאָלאָגיע קודם־כל דעם דורך דער אַלגעמיי־נער באַאָבאַכטונג פעסטגעשטעלטן פאַקט, אַז פלאַנצן און חיות זענען ענלעך צו זייערע אַרויסברענגער און אַז אָט־די ענלעכקייט לאָזט זיך אויגנשיינלעך דערקלערן דערמיט, וואָס די נאָכקומער אַנטשטייען פון טיילעכלעך פון דעמזעלביקן פּראָטאָ־פּלאַזם און אנטוויקלען זיך פון די זעלביקע אָדער ענלעכע ירושהדיקע אייגנשאַפטן. פון דעם דרינגט אַרויס, אַז אינעם פּראָטאָפּלאַזם זענען פאַראַן ספּעציעלע כוחות, וואָס ווען אפילו מ'טיילט זיי פונאַנדער אין קלענסטע טיילכעלעך, גיבן זיי איבער די אייגנשאַפטן פונעם גאַנצן אויף די נאָכקומענדיקע. אַזוי אַרום איז מען דערגאַנ־גען צו דער איבערצייגונג, אַז די אייגנטלעכע סיבות פון דער פאַריאַרשענונג דאַרפן

*) מאַקס פאָן גרובער, „פאָלק אונד ראַססע" אין „זידדויטשע מאָנאַטסהעפטע", 1927.

געזוכט ווערן אין אַ באַשטימטן צושטאַנד פון דער לעבעדיקער קעמערלדיקער סובּ־סטאַנץ, וועלכן מיר רופן פּראָטאָפּלאַזם.

ווי ווערטפול דידאַזיקע דערקענטעניש זאָל נישט זיין, האָט זי אונדז אָבער קוים געבראַכט עפּעס נענטער צו דער אייגנטלעכער לייזונג פון דער פראַגע. האָט זי דאָך אָוועקגעשטעלט די וויסנשאַפט אוממיטלבאַר פאַר אַ גאַנצער ריי גייע פּראָבּלעמען, וועמעס לייזונג איז נישט געווען ווייניקער שווערלעך. קודם־כל האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם, פעסטצושטעלן די פּראָצעסן, וועלכע האָבן אינעם פּראָטאָפּלאַזם גורם געווען די פאַריאַרשענונג פון די באַשטימטע סימנים, אַן אויפגאַבע, וועלכע איז פאַרבונדן מיט אומאיבערשפּאַנבאַרע שוועריקייטן. פונקט אַזוי זענען נאָך איינגעהילט אין פולשטענדיקער טונקלקייט די אינערלעכע פּראָצעסן, וועלכע גייען פאָרויס דער פאַריאַרשענונג. ס'איז טאַקע דער וויסנשאַפט געלונגען פעסטצושטעלן די עקזיסטענץ פון אַזויגערופענע כעמישע מאָלעקולן אין דעם באַשטאַנד פון שוין היפּש אַנטוויקלטע אָרגאַנען אינערהאַלב די קעמערלדיקע געוועבן, אָבער די באַזונדערע גרופּירונג פון די מאָלעקולן און די אינערלעכע סיבות, לויט וועלכע מ'דאַרף דערקלערן דעם אונטערשייד פון די פּראָטעין־גרופּעס אין דער טויטער און לעבעדיקער סובסטאַנץ, איז אונדז ביז היינט געבליבן אומבאַקאַנט. מ'קאָן רואיק זאָגן, אַז מיר זענען אויף אָט־דעם שווערלעכן געביט נאָך אַלץ אָנגעוויזן אויף השערות, מחמת קיין איינע פון דער גרויסער צאָל טעאָריעס מכוח דער ירושה־דיקייט איז נישט געווען אימשטאַנד ביז איצט אויפצודעקן דעם מאַיאַ־שלייער, וועלכער איז דערוויל אויסגעשפּרייט געוואָרן איבער די אייגנטלעכע פּראָצעסן פון דער פאַריאַרשענונג. דעריבער זענען מיר ביי דער באַאָבּאַכטונג פון די ראַסנמי־שונגען און זייערע רעזולטאַטן באַדייטנדיק מזלדיקער. יעדנפאַלס האַנדלט זיך דאָ ווייניקער וועגן אַ דערקלערונג פון סיבות ווי וועגן אַ פעסטשטעלונג פון פאַקטן.

שוין מיט זיבעציק יאָר צוריק האָט דער אויגוסטינער מאָנאַך גרעגאָר מענ־דעל דורכגעפירט אין זיין שטילן קלויסטער־גאָרטן אין ברין קרייצונגען מיט צוויי־אונצוואַנציק פאַרשידענע סאָרטן אַרבעס־פלאַנצן און איז דערגאַנגען צו אָט־דעם רעזולטאַט: די קרייצונג פון אַ געלער מיט אַ גרינער סאָרט האָט געהאַט דעם רע־זולטאַט, אַז דער המשך האָט געהאַט בלויז געלע זריעה און דאָס גרינס האָט אויס־געזען לגמרי באַזייטיקט. אָבער ווען ער האָט באַשטויבט די געלע געמישפלאַנצן מיט זייער אייגענעם בלומענשטויב, האָט זיך ביים המשך פונדאַסניי באַוויזן דאָס פאַרשוואונדענע גרינס און טאַקע אין אַ באַשטימטער פּראָפּאָרץ: פון יעדע פיר פלאַנצן פון דער צווייטער גענעראַציע האָבן דריי געהאַט געלע זריע און איינע גרינע. דער שטריך פונעם גרינעם סאָרט איז אַזוי אַרום נישט פאַרשוואונדן גע־וואָרן; ס'איז בלויז געהאַט פאַרדעקט געוואָרן דורכן שטריך פונעם געלן סאָרט. מענדעל רעדט דעריבער וועגן רעצעסיוון אָדער פאַרדעקטע און דאָמינאַנטן אָדער פאַרדעקנדיקע שטריכן. די רעצעסיווע פלאַנצן — אין דעם פאַל די מיט דער גרי־נער זריעה — האָבן זיך ביי אַ באַנייטער באַפרוכפערונג אַרויסגעוויזן ווי ירושה־

דיק־אַנהאַלטנדיקע, כל־זמן די זעלבסטבאַפרוכפערונג איז געני אָפּגעהיט געוואָרן און ס׳איז נישט אַריינגעמישט געוואָרן קיין נייע קרייצונג. אָבער די דאָמינאַנטן־פלאַנצן האָבן זיך ביי יעדער וויטערדיקער גענעראַציע רעגלמעסיק געשפּאָלטן. איין דריטל פון זייער המשך איז ווידער געווען ריינע דאָמינאַנטן, וועלכע האָבן אויפגעהיט בירושה זייערע ספּעציעלע שטריכן; די אַנדערע צוויי דריטל האָבן „געמענדלט״, ד. ה. זיי האָבן זיך ביי דער רעפּראָדוקציע פונדאַסניי געשפּאָלטן אין דאָמינאַנטישע און רעצעזיווע עקזעמפּליאַרן און טאַקע אין דערזעלביקער פּראָפּאָרץ: דריי אויף איינס. אין זעלביקן פאַרהעלטעניש האָט זיך דער פּראָצעס שטענדיק איבערגעחזרט פונדאַסניי.

אַ גרויסע צאָל עקספּערימענטן פון באַרימטע באָטאַניקער האָבן פון זינט דעמאָלט פולשטענדיק באַשטעטיקט מענדעלס כללים; זיי האָבן אויך איינגאַנצן מסכים געווען מיט די רעזולטאַטן פון דער מאָדערנער ציטאָלאָגיע אָדער מיט דער לערע וועגן די קעמערלעך, אינוויוווייט זי איז אימשטאַנד צו אָבסערווירן דעם וואוקס און פונאַנדערטיילונג פון די קעמערלעך. מ׳קאָן אָבער אָננעמען, אַז דידאָזיקע כללים זענען גילטיק פאַר אַלע אָרגאַנישע באַשעפענישן ביז אַרויף צום מענטשן און אַז אין דער גאַנצער נאַטור קומט־פאָר אַן איינהייטלעכער פּראָצעס פון דער פאַריאַרשעונג; אָבער דידאָזיקע דערקענטעניש באַזייטיקט נישט די גרויסע צאָל שוועריקייטן, וועלכע האָבן אונדז ביז איצט נישט געלאָזט טיפער אַריינדרינגען אין אָט־דעם געהיימנישפולן פּראָצעס. פון די מענדלשע כללים וועגן ירושהדיקייט איז קלאָר אַרויסצוזעען, אַז די כאַראַקטערשטריכן פון ביידע עלטערן גייען אַריבער צום המשך אין אַ באַשטימטער פּראָפּאָרץ. פון דער אַנדערער זייט האָט די פאָרשונג פון די קעמערלעך געבראַכט דעם באַווייז, אַז די ירושהדיקע אייגנשאַפטן פון אַ לעבעדיק באַשעפעניש דאַרף מען זוכן אין די געניי פונאַנדערגעטיילטע שטיקעלעך פונעם יאָדער פונעם שפּראָצקעמערל, וועלכעס מיר רופן אַן קראָמאָסאָם. פון דעם אַלעם, וואָס די וויסנשאַפט האָט ביז איצט געקאָנט פעסטשטעלן מיט מער אָדער ווייניקער זיכערקייט, איז מעגלעך אַרויסצודרינגען, אַז אין באַפרוכפערטן שפּראָצקעמערל געפינען זיך פאַרלעכוויז אַלע ירושהדיקע אייגנשאַפטן און דאָס אויף אַזאַ אופן, אַז איין פּאָרל קומט פונעם פאָטערס זאָמענקעמערל און דאָס אַנדערע פון דער מוטערס אייערקעמערל.

אַזוי ווי אָבער מ׳קאָן נישט אָננעמען, אַז די ירושהדיקע אייגנשאַפטן פון ביידע עלטערן גייען איבער אין זייער גאַנצן געזאַמל אויף יעדן קינד, ווייל אין אַזאַ פאַל וואָלט זייער צאָל מיט יעדן נייעם דור געוואָרן אַלץ גרעסער, איז מען דערגאַנגען צו דער השערה, אַז נאָר אין יאָדער פון דעם סאָמאַ־ אָדער קערפּערקעמערל געפינען זיך אַלע פאַריאַרשנטע אייגנשאַפטן פון אַ לעבעדיקן באַשעפעניש, אָבער דאָס שפּראָצקעמערל מוז לסוף דורכמאַכן נאָך איין ספּעציעלע טיילונג, אַזוי אַרום, אַז עס באַקומט נאָר די העלפט פון אַלע אייגנשאַפטן, ד. ה. נאָר איין פּאָרל פון יעדן פּאָרל מיט די כאַראַקטערשטריכן. מ׳איז זיך משער, אַז אין געוויינלעכן

קערפּערקעמערל פונעם מענטשן זענען פאַראַן 48 קראָמאָסאָמען, אָבער אַז אינעם באַפרוכפּערונגספּעיקן שפּראָצקעמערל זענען נישט פאַראַן מער ווי 24 פון זיי. דאָס וויל אָבער נישט זאָגן, אַז דער מענטש האָט נישט מער ווי פיראונצוואַנציק פאַר־לעך מיט כאַראַקטערשטריכן, וועלכע קומען אין באַטראַכט ווי טרעגער פון דער פאַריאַרשענונג. אין יעדן קראָמאָסאָם קאָנען זיין עטלעכע פאַרלעך פון פאַרשידענע פאַרלעך מיט כאַראַקטערשטריכן, וואָס דורך דעם קאָנען זיך באַווייזן די פאַרשידנ־אַרטיקסטע מישונגספאַרהעלטנישן ביי די נאָכקומער. אָבער אַזוי ווי יעדע באַפרוכ־פּערונג איז דאָך אייגנטלעך אַ קרייצונג, ווען אפילו ס׳האַנדלט זיך וועגן באַשע־פענישן פון דערזעלביקער ראַסע, מחמת ס׳איז נישט פאַראַן אין דער נאַטור קיין צוויי יחידים, וועלכע זאָלן זיין לגמרי גלייך צווישן זיך, דרינגט פון דעם אַרויס, אַז פון יעדער באַפרוכפּערונג קאָנען אַרויסקומען די פאַרשידנדיקסטע רעזולטאַטן. אַזוי פּאַסירט, אַז ביי נאָר צוויי פאַרשידענע ירושהדיקע פאַקטאָרן באַווייזן זיך שוין אין צווייטן דור פיר סאָרטן, ביי דריי — אַכט, ביי פיר — זעכצן, ביי צען — 1.024 און אַזוי כסדר. דורך אָט־די שיר נישט אומפאַראויסזעבאַרע קאָמבי־נאַציע־מעגלעכקייטן ווערט נישט נאָר אַלץ שווערער דער איבערבליק וועגן די רע־זולטאַטן פונעם פאַריאַרשענונגס פּראָצעס, נאָר דווקא אוממעגלעך.

און פונדעסטוועגן איז דאָ געווען די רייד בלויז וועגן רייך־פיזישע כאַראַק־טער־שטריכן. אָבער וואו עס קומען אַרויף גייסטיקע און פּסיכאָלאָגישע אייגנ־שאַפטן, ווערן די פּראָצעסן נאָך קאָמפּליצירטער, ווייל דאָ איז לחלוטין נישט מעג־לעך קיין אָפּקלייב אָדער פיקסירונג פון די איינצלנע אייגנשאַפטן. זיינען מיר דאָך נישט אימשטאַנד פונאַנדערצוּלייגן קיין גייסטיקע כאַראַקטער־שטריכן אין זייערע איינצלנע באַשטאַנדטיילן און אָפּצוזונדערן יעדן טייל פון די איבעריקע. גייסטיקע און פּסיכאָלאָגישע אייגנשאַפטן ווערן נאָר אָפּגעשאַצט ווי אַ גערזאַמל; אַפילו ווען מיר זאָלן אָננעמען, אַז די מענדלשע כללים וועגן ירושהדיקייט זענען אויך דאָ חל, פעלט אונדז דאָך אָבער יעדעס מיטל צו באַווייזן זייערווירקזאַמקייט דורך דער וויסנשאַפטלעכער באַאָבאַכטונג.

אויב מ׳מאַכט זיך דערנאָך קלאָר, אַז היינט זענען אינערגעץ נישט פאַראַן קיין ריינע ראַסן, אַז זיי האָבן מסתמא קיינמאָל נישט עקזיסטירט; אַז אַלע אייראָ־פּעאישע פעלקער שטעלן פאַר מיר זיך אַ געמיש פון אַלערליי מינים ראַסן, וועלכע אונטערשיידן זיך צווישן זיך כלפּי חוץ, אָבער אויך כלפּי פּנים פון יעדער נאַציע בלויז דורך דער פּראָפּאָרץ פון די איינצלנע באַשטאַנדטיילן, דעמאָלט באַקומט מען ערשט אַ באַגריף וועגן די שוועריקייטן, וועלכע קומען־אויף פאַר יעדן ערנסטן פאָר־שער אויף יעדן שריט און טריט. און האָט מען נאָך חוץ דעם אין זין, ווי אומזיכער ס׳זענען נאָך היינט די רעזולטאַטן פון דער אַנטראָפּאָלאָגישער פאָרשונג בנוגע די פאַרשידענע ראַסן און באַזונדערס ווי קנאַפּ ס׳זענען נאָך היינט צו טאָג אונדזערע ידיעות וועגן די אינערלעכע פּראָצעסן פון דער פאַריאַרשענונג, קאָן מען זיך נישט אויסבאַהאַלטן פון דער מסקנה, אַז יעדער פּרואוו אויף אַזעלכע אומזיכערע יסודות

אויסצובויען אַ טעאָריע, וועלכע זאָל פאַר אונדז אויפדעקן דעם טיפסטן זין פון דער גאַנצער היסטאָרישער אַנטוויקלונג און דערמעגלעכן אירע טרעגער אַרויסצוגעבן אַן אומפעלבאַרן משפט וועגן דעם ווערט פון די מאָראַלישע, גייסטיקע און קולטורעלע קוואַליטעטן פון די פאַרשידענע מענטשנגרופּן, אַז יעדער פּראָוו אַזעלכער מוז אויפגענומען ווערן אָדער ווי אַ זינלאָזער שפּיל אָדער ווי אַ גראָבע בייזוויליקייט. אַז אַזעלכע טעאָריעס האָבן ספּעציעל אין דייטשלאַנד געקאָנט האָבן באַקומען אַזאַ אויסשפּרייט איז אַן ערנסטער סימן פאַר דער גייסטיקער ירידה פון אַ געזעלשאַפט, וועלכע האָט פאַרלוירן יעדן אינערלעכן מאָראַלישן אַנהאַלט און באַמיט זיך דעריבער צו פאַרבייטן פריערדיקע עטישע ווערטן דורך עטנישע באַגריפן.

פון די הייַנטצייטיקע פאַרטרעטער פון דער ראַסנטעאָריע איז דר. האַנס גינטער דער באַקאַנטסטער און אָמיינסט דעבאַטירטער. זיין גרויסע צאָל שריפטן און באַזונדערס זיין „ראַססענקונדע דעס דויטשען פאָלקעס" האָבן אין דייטשלאַנד באַקומען אַן אויסערגעוויינלעכע פאַרשפּרייטונג און געוואונען אַן איינפלוס אויף ברייטע קרייזן, וועלכן מ׳טאָר נישט מינדערשעצן. דאָס, וואָס שיידט אונטער גינטערן פון זיינע פאָרגייער, איז נישט דער אינהאַלט פון זיין לערע, נאָר זיין באַמיאונג זי איינצוהילן אין אַ וויסנשאַפטלעכן מאַנטל און כלפּי חוץ איר צו געבן אַן אויסזען, וועלכן זי האָט נישט. פאַר דער באַגרינדונג פון זיין באַנעם האָט ער צוגעצויגן אַ גרויסן שלל מאַטעריאַלן, און דאָס איז אַלעס. דאָרט, וואו עס האַנדלט זיך וויסנשאַפטלעך צו באַגרינדן אַ געדאַנקענגאַנג פון אַנטשיידנדיקער באַדייטונג, דאָרט פאַלט ער געגנצלעך דורך און קערט זיך אום צו גאָבינאָס און טשעמבערליינס מעטאָדן, וועלכע האָבן זיך שטענדיק סומך געווען אויף אַ וואונטש, אויף אַן איינבילדונג. דער אַריער רוקט זיך ביי אים אָפּ געגנצלעך אין הינטערגרונט, אויך דער גערמאַנישער מענטש האָט אָפּגעשפּילט זיין ראָל; גינטערס אידעאַל איז די „נאָרדישע ראַסע", וועלכע ער שטאַט־אויס פרייגעביק מיט דיזעלביקע פּרעכטיקסטע פאַריאַרשנטע אייגנשאַפטן, מיט וועלכע גאָבינאָ האָט אויסגעשטאַט דעם אַריער און טשעמבערליין דעם גערמאַן. חוץ דעם האָט ער אייראָפּעס ראַסנאיינטיילונג באַרייכערט מיט אַ נייעם באַשטאַנדטייל און געגעבן אַנדערע נעמען די שוין פאַראַנענע איינטיילונגסבאַגריפן, הגם אונדזער וויסן האָט פון דעם גאָרנישט געוואונען.

דער אַמעריקאַנישער געלערנטער ריפּלי, וועלכער איז געווען דער ערשטער צו פּרואוון אָנשרייבן אַן אַנטראָפּאָלאָגישע געשיכטע פון די אייראָפּעאישע פעלקער, האָט זיך באַנוגנט מיט דריי הויפּטטיפּן, וועלכע ער האָט באַצייכנט ווי די טעוטאָנישע, די קעלטיש־אַלפּינישע און מעדיטעראַנישע ראַסע. שפּעטער האָט מען צו אָט־די דריי צוגעגעבן אַ פערטע, די דינאַרישע ראַסע, און מ׳האָט געמיינט, אַז מיט אָט־די פיר פונדאַמענטאַלע טיפּן איז מען כולל די וויכטיקסטע באַשטאַנדטיילן פון אייראָפּעס ראַסנמעסיקן צוזאַמענשטעל. חוץ אָט־די פיר הויפּטראַסן זענען נאָך פאַראַן אין אייראָפּע פאָדעראַזיאַטישע, סעמיטישע, מאָנגאָלישע און נעגערישע ראַסנמישונגען. נאַטירלעך דאַרף מען זיך אָט־די פיר טיפּן נישט פאָרשטעלן ווי

ראַסנריינע; ראשית כל האַנדלט זיך דאָ מכוח אַן אַרבעטס־היפּאָטעזע פאַר דער וויסנשאַפט, בכדי בכלל צו קאָנען מאַכן אַ קלאַסיפיקאַציע פון דער אייראָפּעאישער באַפעלקערונג לויט מער אָדער ווייניקער באַשטימטע ליניעס. די מאַסע פון די אייראָפּעאישע פעלקער באַשטייט נאָר פון רעזולטאַטן פון מישונגען פון אָט־די „ראַסן". אָבער זיי גופא זענען בלויז רעזולטאַטן פון באַשטימטע מישונגען, וועלכע האָבן מיט דער צייט אָנגענומען געוויסע פאָרמען, ווי דאָס פּאַסירט ביי יעדער פאָרמירונג פון ראַסן. גינטער האָט צו דידאָזיקע פיר ראַסן אומנייטיקערווייז צוגעגעבן נאָך אַ פינפטע, די אַזויגערופענע „אָסטבאַלטישע ראַסע"; חוץ אָט־דער נייער אַנטדעקונג האָט ער אָפּגעשמדט די אַלפּינישע ראַסע, וועלכע הייסט ביי אים די „אָסטישע" (מזרחדיקע). ס'איז לחלוטין נישט געווען קיין שום גרונט פאַר אָט־דער ענדערונג און זיין ביטערסטער קעגנער אינעם ראַסישן לאַגער, דר. מערקענשלאַגער, איז מסתמא גערעכט, ווען ער נעמט אָן, אַז גינטער איז מיט אָט־דעם נאָמענאומבייט פון די אַלפּינען אויף מזרחדיקע ראַסע אויסן געווען זי „פאַרצושטעלן פאַרן סענטימענט פון דער לייענערמאַסע ווי שוין „באַלאַסטעטע" און פאַר די מאַסן אָן אַ קריטעריום פאַרלייכטערן דעם אויסטייטש אויף „אָסט־יידיש" (מזרח־יידיש).

פונקט ווי כמעט אַלע היינטיקע ראַסנטעאָרעטיקער, גייט אויך גינטער אין זיינע אָפּשאַצונגען אַרויס פון שטאַנדפּונקט פון די מאָדערנע ראַסנטעאָריעס; ס'זענען בעיקר די היפּאָטעטישע הנחות פונעם נעאָמענדעליזם, וועלכע מוזן אים דערביי דינען ווי אַ יסוד. לויט אָט־די אויפפאַסונגען זענען די ירושהדיקע כאַראַקטעראייגנשאַפטן נישט אונטערגעוואָרפן צו קיין שום דרויסנדיקע השפעות, אַזוי אַז אַן ענדערונג אין די ירושהדיקע פאַקטאָרן קאָן פאָרקומען נאָר דורך ראַסנמישונג. דערפון דאַרף אַרויסדרינגען, אַז דער מענטש און יעדעס אַנדערע לעבעדיקע באַשעפעניש דאַרפן באַטראַכט ווערן בלויז ווי דער פּועל־יוצא פון באַשטימטע ירושהדיקע אייגנשאַפטן, וועלכע זיי האָבן באַקומען נאָך פאַרן געבוירן ווערן און זיי קאָנען נישט אַראָפּגעשטופּט ווערן פון זייער פונעם גורל אָנגעצייכנטן וועג נישט דורכן אייגנפלוס פון דער נאַטירלעכער און סאָציאַלער סביבה און אויך נישט דורך וועלכע ס'איז אַנדערע ווירקונגען.

דאָ ליגט דער עיקרדיקער טעות פון אַלערליי מינים ראַסנטעאָריעס, די סיבה פון זייערע אומפאַרמיידלעכע פאַלשע מסקנות. גינטער און צוזאַמען מיט אים אַלע אַנדערע פאַרטרעטער פון דער ראַסנטעאָריע גייען אַרויס פון הנחות, וועלכע זענען דורך גאָרנישט צו באַווייזן, און דורך ביישפּילן פון טאָגטעגלעכן לעבן און פון דער געשיכטע קאָן צו יעדן מאָמענט אויפגעדעקט ווערן זייער אינערלעכע פּוסטקייט און גרונטלאָזיקייט. מ'וואָלט געקאָנט נעמען ערנסט דידאָזיקע באַהויפּטונגען נאָר דעמאָלט, ווען זייערע פאַרטרעטער וואָלטן געווען אימשטאַנד צו ברענגען ענדגילטיקע באַווייזן פאַר אָט־די דריי פונקטן: ערשטנס, אַז ירושהדיקע טבע איז פאַקטיש אומפאַרענדערלעך און ווערט נישט באַווירקט פון די איינפלוסן פון דער סביבה; צווייטנס, אַז קערפּערלעכע כאַראַקטער־שטריכן מוזן באַטראַכט ווערן ווי

אומפארפעלשטע סמנים פאַר באַשטימטע פסיכאָלאָגישע און גייסטיקע אייגנשאַפ־טן; דריטנס, אַז דאָס לעבן פונעם מענטשן ווערט באַשטימט בלויז דורך זיין מיטגע־בוירענער נאַטור, און דערוואָרבענע אָדער דורך דערציאונג באַקומענע אייגנשאַפטן קאָנען נישט האָבן קיין עיקרדיקן איינפלוס אויף זיין גורל.

וואָס ס'איז נוגע די ערשטע פראַגע, איז שוין פריער אויסגעפירט געוואָרן, אַז דער וויסנשאַפט זענען באַקאַנט אַ סך זיכערע פאַקטן, פון וועלכע ס'דרינגט אַרויס אומאָפּפרעגבאַר, אַז השפעות פון דער אַרומיקער וועלט ווירקן יאָ אויף ירושהדיקער טבע און קאָנען האָבן אַלס רעזולטאַט זייער ענדערונג. דער אומשטאַנד, וואָס אַ סך פאָרשער איז געלונגען צו ז'ערפירן צו אַן אומבייט אין דידאָזיקע ירו־שהדיקע כאַראַקטערשטריכן דורך באַשטראַלונגען, טעמפעראַטור־ענדערונגען א. ד. גל. איז אַן עדות דערויף. דאָ קומען נאָך צו די איינפלוסן פון דאָמעסטיקאַציע, וועמעס איינפלוס איז באַזונדערס שטאַרק אַרויסגעשטעלט געוואָרן דורך עדוואַרד האַן און אויגען פישער און דעם לעצטן באַוואויגן צו זאָגן: „דער מענטש איז אַ דאָמעס־טיקאַציע־פאָרעם און טאַקע די דאָמעסטיקאַציע איז עס, וועלכע האָט גורם געווען זיין שטאַרקע וואַריאַביליטעט אָדער צוגעהאָלפן צו איר".

בנוגע דער צווייטער פראַגע וועט נישט העלפן קיין שום פּילפּול. מחמת ס'איז דאָך נישט מעגלעך צו ברענגען אַפילו דעם שאָטן פון אַ באַווייז, אַז אויס־סערלעכע ראַסישע שטריכן, אַזעלכע ווי די פאָרעם פונעם שאַרבן, דער קאָליר פון די האָר, אַ געשטרעקטער אָדער אַ געבוקטער קערפּער־געבוי א. אַ. וו. האָבן וועלכן ס'איז שייכות צו די גייסטיקע, פסיכאָלאָגישע אָדער מאָראַלישע אייגנשאַפטן פונעם מענטשן, אַזוי אַז אַ הויכגעוואַקסענער, למשל, אַ בלאָנדהאָריקער און בלויאויגיקער נאָרדישער זאָל אויפן סמך פון זיינע אויסערלעכע קערפּערלעכע סמנים האָבן אין זיך אייגנשאַפטן פון עטישער און גייסטיקער נאַטור, וועלכע מ'זאָל ביי אָפּשטאַ־מיקע פון אַנדערע ראַסן נישט קאָנען געפינען. אונדזערע ראַסנאידעאָלאָגן באַ־הויפטן דאָס טאַקע, אָבער די גאַנצע אומהאַפטבאַרקייט פון זייער לערע ליגט דאָך אין דעם, וואָס זיי שטעלן אַרויס זאַכן, פאַר וועמעס ריכטיקייט ס'איז נישט מעגלעך צו ברענגען אַפילו דעם שוואַכסטן באַווייז.

ס'איז שוין פריער באַטאָנט געוואָרן, אַז אין דער לאַנגער ריי פון די זשעניאַ־לע פערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן געהאַט גרויסע פאַרדינסטן אין דייטשלאַנדס גייסטיקער קולטור, איז שווער צו געפינען אַפילו איינעם, וועמעס אויסזען זאָל אַפילו בלויז בערכדיק זיין בהסכם מיט דער אידעאַלער פאָרשטעלונג פונעם „נאָר־דישן מענטשן". און דווקא די גרעסטע פון צווישן זיי שטייען פיזיש אַמווייטסטן פון די פאַנטאַזיע־געשטאַלטן, וואָס די גינטערס, האַוזערס, קלאַוס און אַנדערע, האָבן פון זיי אָנגעצייכנט. זאָל מען אַ טראַכט טאָן וועגן לוטער, געטע, בעטהאָווען, וועמען עס פעלן כמעט לגמרי די אויסערלעכע שטריכן פון דער אַזויגערופענער נאָרדישער ראַסע און וועלכע ווערן אַפילו פון די אָנגעזעענסטע פאַרטרעטער פון דער ראַסנטעאָריע באַצייכנט ווי בפירושע מישלינגען מיט מזרחדיקן, פאָדעראַזיאַ־

טישן און נעגעריש־מאַלאַיִשן בלוט־צוגאָב אין זייערע אָדערן. נאָך ערגער וואָלט עס אויסגעזען, ווען מ׳זאָל זיך נעמען צו די „קאַמפּיאָנען" אויף דער סצענע פונעם „ראַסנקאַמף", די היטלערס, אַלפרעד ראָזענבערגס, געבעלס, שטרייכערס א. אַנד, און ביי זיי דורכפירן דעם בלוטאַנאַליז, בכדי צו געבן די געלעגנהייט דידאָזיקע חשובע פּאָרטרעטער פון דער נאָרדישער ראַסע און פונעם נאַציאָנאַלן אינטערעס צו באַקרעפטיקן אויך דורך בלוט זייער רעכט אויף פירערשאַפט פונעם דריטן רייך.*)

אויב ס׳איז אומדיסקוטירבאַר, אַז אַזעלכע מענער ווי סאָקראַטעס, האָראַציאָ, מיקעלאַנדזשעלאָ, דאַנטע, לוטער, גאַלילעאָ, רעמבראַנדט, גאָיאַ, רוסאָ, פּעסטאַלאָצי, הערדער, געטע, בעטהאָווען, בייראָן, פּושקין, דאָסטאָיעווסקי, טאָלסטאָי, באַלזאַק, דיומאַ, פּאָ, סטרינדבערג, איבסען, זאָלאַ און הונדערטער אַנדערע זענען געווען מיש־לינגען, איז דאָך שוין דערמיט פאַראַן אַ באַווייז, אַז אויסערלעכע ראַסישע כאַראַק־טערשטריכן קומען בכלל נישט אין פראַגע פאַר די גייסטיקע און פּסיכאָלאָגישע פעאיקייטן פונעם מענטשן. עס מאַכט דאָך פריילעך אויפן געמיט, ווען מ׳זעט, מיט וואָס פאַרא תירוצים אונדזערע מאָדערנע ראַסנפעטישיסטן קומען אָפּ אָט־די שווע־רע ענינים. אַזוי איז דר. קלאַוס אָפּגעקומען דעם אומבאַקוועמען ענין מיט בעטהאָ־ווענס ראַסנאַנגעהעריקייט גאַנץ פּשוט דערמיט, וואָס ער האָט דערקלערט:

„בעטהאָווען איז געווען, וואָס איז נוגע זיין מוזיקאַלישער באַגאַבונג, אַ נאָרדישער מענטש. דאָס באַווייזט גענוג קלאָר דער סטיל פון זיין ווערק. עס ווערט אין דעם גאָרנישט געענדערט דורכן פאַקט, וואָס זיין לייב — אַנטראָ־פּאָלאָגיש באַטראַכט, ד. ה. בכן: די מאַסע און די וואָג פון זיין לייב — איז אפשר געווען גאַנץ היפּש ריין מזרחדיק"**).

ווי מיר זעען, דער ריינסטער גלגול־נפש. וועלכע געהיימנישפולע כוחות האָבן דאָ צוגעלייגט אַ האַנט, בכדי בעטהאָווענס „ראַסיש־נאָרדישע נשמה" אַריינצורוקן אין אַ פּראָסטן מזרחדיקן קערפּער? צי האָבן דאָ נישט געהאַט אַ האַנט אינעם שפּיל די יידן אָדער די פריימויערער?

בלייבט נאָך אַלץ די לעצטע פראַגע, צי די אייגנשאַפטן, וועלכע דער מענטש דערוואַרבט זיך ביסלעכווייז במשך פון זיין לעבן אָדער וועלכע ער נעמט איבער אינעם קולטורקרייז, אין וועלכן ער לעבט, האָבן טאַקע נישט קיין איינפלוס אויף זיינע מיטגעבוירענע אייגנשאַפטן. וואָלט מען דאָס געקאָנט באַווייזן, וואָלט מען

*) דער באַקאַנטער מינכענער ראַסנהיגיעניקער מאַקס וו. גרובער, פּרעזידענט פון דער בייערישער אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפטן און איינער פון די פירנדיקע קעפּ פון דער ראַ־סיסטישער באַוועגונג פון דייטשלאַנד, ד. ה. דאָך זיכער אַ נישט פאַרדעכטיקער עדות, האָט אָנגעצייכנט אָט אַזאַ בילד פון היטלערן: „צום ערשטן מאָל האָב איך געזען היטלערן פון דער נאָנט. פּנים און קאָפּ פון שלעכטער ראַסע, מישלינג. נידעריקער, איינגעפאַלענער שטערן, נישט שיינע נאָז, ברייטע באַקנביינער, קליינע אויגן, טונקעלע האָר. אַ קורץ בערשטעלע פון וואָנסעס, נאָר אַזוי ברייט ווי די נאָז, גיט דעם פּנים עפּעס חוצפּהדיקס. אויסדרוק פון פּנים איז נישט ווי פון אַ זיך זעלבסטבאַהערשנדיקן געבילדעטער, נאָר פון אַ עמאָציאָנעל־צערודערטן. כסדרדיקע צוקן פון די מוסקלען פון פּנים. לסוף אַ אויסדרוק פון אַ באַגליקנדיקן זעלבסטגעפיל" („עססענער פאָלקסוואַכט", 9־טן נאָוו. 1929).

*) Dr. L. F. Clauss, Rasse und Seele, S. 60, München 1925.

באמת געמוזט רעדן וועגן „גורל פונעם בלוט״, פון וועלכן קיינער קאָן זיך נישט אַרויסדרייען. אָבער ווי זעט אויס דער ענין אין דער ווירקלעכקייט? די מאַכט פון די דערוואָרבענע אייגנשאַפטן לאָזט זיך באַמערקן טאָגטעגלעך אין אונדזער לעבן און פאַרדעקט כסדר די מיטגעבוירענע שטריכן, מיט וועלכע מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער רייזע אינעם לעבן. אַ ביישפּיל פאַר דעם זענען די צוויי שטאַרקסטע אינסטינקטן, וועלכע מאַניפעסטירן זיך ביי יעדן לעבעדיקן באַשעפעניש און ביי די מענטשן פון אַלע ראַסן און געגנטן אויפן זעלביקן געביטערישן אופן — הונגער און ליבע. דער מענטש האָט דידאַזיקע צוויי מיטגעבוירענע אינסטינקטן, אין וועלכע עס ווערט דערשעפּט די גאַנצע לעבנסקראַפט פונעם יחיד און פון דער ראַסע, אַרומגערינגלט מיט אַזאַ נעץ פון אַלטע מנהגים און געוואוינהייטן, וועלכע האָבן זיך מיטן לויף פון דער צייט אויסקריסטאַליזירט אין באַשטימטע עטישע עיקרים, אַז לגבי דערדאָזיקער פאַרווירונג פון באַגריפן, דערוואָרבענע און אָנגענומענע דורך דערציאונג, באַווייזט זיך שוין מער נישט אין רוב פאַלן דער מיטגעבוירענער אינסטינקט. צי זעען מיר דען נישט יעדן טאָג אין די גרויסע שטעט ווי טויזנטער עלנטע און הונגעריקע מענטשן גייען פאַרביי אָן אויסצורעדן אַ וואָרט, פאַר די רייכע שויפענצטער מיט לעבנסמיטלען? מיט גיריקע בליקן פאַרשלינגען זיי די פּרעכטיקע אַרטיקלען, אָבער זעלטן־ווער עס זאָל וואַגן צו פאָלגן דעם מיטגעבוירענעם אינסטינקט און זיך צונעמען דאָס, וואָס ער דאַרף האָבן פאַר דער באַפרידיקונג פון זיינע דרינגנדיקע באַדערפענישן. די מורא פאַרן געזעץ, דער פּחד פאַר דער עפנטלעכער מיינונג, דער אַריינגעקלאַפּטער דרך־ארץ פאַרן אייגנטום־רעכט פון די אַנדערע ווייזן זיך אַרויס שטאַרקער ווי דער אינערלעכער דראַנג פונעם מיטגעבוירענעם אינסטינקט. און פונדעסטוועגן האַנדלט זיך דאָך אין דעם פאַל וועגן דערוואָרבענע אייגנשאַפטן, וועלכע גיבן זיך דאָך נישט איבער בירושה, פּונקט ווי עס גייען נישט איבער בירושה אויף די קינדער די מאָראַליעדיקע העגט פונעם קאָוואַל. דאָס קינד האָט נישט קיין שום פאַרשטענדעניש פאַר אָט־די ענינים, ביז עס לערנט זיך ביסלעכווייז אויס זיי אָנצונעמען פאַר ליב.

און די ליבע? מיט וויפל פאַרשריפטן, פליכטן, גראָטעסקע געוואוינהייטן האָט דער מענטש איינגערינגלט דעמדאָזיקן עלעמענטאַרסטן פון זיינע אינסטינקטן? אַפילו ביי די פּרימיטיווסטע פעלקער איז פאַראַן אַ מענגע שטרענגע מנהגים און פירונגען, וועלכע ווערן פון דער געוואוינהייט געהייליקט און פון דער עפנטלעכער מיינונג רעספּעקטירט. מענטשלעכע פאַנטאַזיע האָט אויסגעטראַכט דעם קולט צו דער עשתרת אין בבל און דעם קולט פון דער מיליטאַ אין אַשור, די סעקסואַלרעליגיעס פון אינדיע און דעם אַסקעטיזם פון דער קריסטלעכער רעליגיע. זי האָט געשאַפן אַלע פאָרמען פון געשלעכטלעכער אַקטיוויטעט: פּאָליגאַמיע, פּאָליאַנדריע, מאָנאָגאַמיע און אַלע אופנים פונעם פרייען פאַרקער פון דער „הייליקער פּראָסטיטוציע״ פון די סעמיטישע פעלקער ביז צו דער שטאַטלעכער איינקוואַרטירונג פון דער גאַסנפּרוי. זי האָט אַריינגעפירט די גאַנצע סקאַלע פון די סעקסועלע ליידנשאַפטן און

פעסטע כּללים און אַנטוויקלט באַשטימטע באַגריפן, וועלכע זענען היינט טיף פאַר־וואָרצלט אין דער נשמה פון די מענטשן. און פונדעסטוועגן זענען דאָך אויך דאָ אין שפּיל נאָר דערוואָרבענע, באַקומענע באַגריפן, מנהגים, פּירונגען, וועלכע האָבן געפונען זייער סענטימענטאַלן אויסדרוק אין דעפיניטיווע, דורך דערציאונג איבער־גענומענע אייגנשאַפטן. און דווקא זענען עס אָט־די אייגנשאַפטן, וועלכע האָבן אָנ־געצייכנט פאַר דעם מענטשנס ליבעסלעבן זיינע באַשטימטע דרכים און וועלכע צווינגען כּסדר דעם יחיד, אָפט גאַנץ פּיינלעך, גובר צו זיין זיין מיטגעבוירענעם אינסטינקט. אַפילו די ליגנערישסטע סאָפיסטיק קאָן אָט־די פאַקטן נישט אָפּלייקענען.

יעדע פאַזע פון דער מענטשלעכער געשיכטע ווייזט אונדז דעם מעכטיקן איינ־פלוס פון רעליגיעזע, פּאָליטישע און מאָראַלישע אידעען אויף דער געזעלשאַפטלע־כער אַנטוויקלונג פון די מענטשן, די שטאַרקע ווירקונג פון די סאָציאַלע באַדינגונ־גען, אין וועלכע זיי לעבן און ווי אַזוי זיי ווירקן צוריק אויף דער אויסגעשטאַלטי־קונג פון זייערע אידעען און אָנשויאונגען. דידאַזיקע אייביקע קעגנזייטיקע ווירקונג שאַפט דעם תּוכן פון דער גאַנצער געשיכטע. הונדערטער טויזנטער מענטשן זענען געגאַנגען צום טויט פאַר באַשטימטע אידעען, גאַנץ אָפט אונטער די שרעקלעכסטע באַגלייטדערשיינונגען, און זיי האָבן דורך זייער אויפּפיר באַוואוסטזיניק געטראָצט דעם מיטגעבוירענעם אינסטינקט, וועלכער איז פאַראַן אין יעדן לעבעדיקן באַשע־פעניש. און געשען איז דאָס אונטערן אַלמעכטיקן איינפלוס פון דערוואָרבענע באַ־גריפן. אַזעלכע רעליגיעס ווי דער איזלאַם, דאָס קריסטנטום און אַנדערע האָבן אַריינ־געצוויגן פעלקער פון אַלע ראַסן אין זייער כּישוף־קרייז. דאָסזעלביקע קאָן געזאָגט ווערן וועגן אַלע גרויסע פאָלקסבאַוועגונגען פון דער געשיכטע. אָט למשל די קריסט־לעכע באַוועגונג אין דער באַרגאַראָפּגייענדיקער רוימישער אימפּעריע, די גרויסע באַוועגונגען אין דער תּקופה פון דער רעפאָרמאַציע, אַזעלכע אינטערנאַציאָנאַלע אידעענשטרעמונגען ווי דער ליבעראַליזם, די דעמאָקראַטיע אָדער דער סאָציאַליזם, וועלכע האָבן אויסגעשפּרייט זייערע אַקטואירנדיקע כּוחות אויף מענטשן פון די פאַר־שידנדיקסטע ראַסן און באַוויזן צונויפצוזאַמלען אַרום זייערע פאָנען מענער און פרויען פון אַלע געזעלשאַפטלעכע קלאַסן. די פעלקער פון דער אַזויגערופענער נאָר־דישער ראַסע זענען דאָ נישט געווען קיין יוצאים מן הכּלל.

אונזערע ראַסנאַלכעמיסטן זוכן זיך אַרויסצוהעלפן דערמיט, וואָס זיי טענהן, אַז די פעלקער פון דער נאָרדישער ראַסע האָבן זיך שוין צו אָפט אַרויסגעשטעלט פאַר אידעען, וועלכע זענען פאַר זיי פון ראַסנשטאַנדפּונקט געווען פרעמד און צו וועלכע זיי האָבן נישט געהאַט קיין אינערלעכע באַציאונגען. מ׳באַצייכנט אַפילו דאָסדאָזיקע אומבאַגרייפלעכע אַרויסשטעלן זיך פאַר „פרעמדער אַרט״ און „פרעמדן וועזן״ ווי איינע פון די באַדויערנסווערטסטע זייטן פונעם גערמאַנענטום און פון דער נאָרדלעכער ראַסע בכלל. אַזעלכע איינפאַלן, וועלכע מ׳באַגעגנט אָפט ביי גינטערן, האַוזערן, נוינערן א. אַנד., מאַכן אַ ביסל אַ מאָדנעם איינדרוק. וואָס פאַראַ סאָרט

מערקווירדיקע ראַסע איז זי דאָס, וואָס זי פילט זיך מכלומרשט שטענדיק צוגעצויגן צו פרעמדע אידעען און פרעמדע דרכים ווי דאָס אייזן צום מאַגנעט? דידאָזיקע אומנאַטירלעכע דערשיינונג וואָלט עמעצן געקאָנט אַרויספירן אויפן געדאַנק, אַז מ׳האָט דאָ צו טאָן מיט אַ קראַנקהאַפטער דעגענעראַציע פון דער „נשמה פון דער נאָרדישער ראַסע״, וואָס דאָס דרינגט, אַגב, אַרויס גענוג בולט פון דער גאַנצער ראַסן־פסולת פון אונדזער צייט. נאָך משונהדיקער איז עס, ווען די באַגייסטערטע פאַרגעטערער פון דער נאָרדישער וואונדערבאַרער ראַסע באַמיען זיך כסדר צו פאַרטיליקן אָט־די מאָראַלישע שיינהייטס־חסרונות פון זייער אָפגאָט און ביני לביני לאָזן וויסן, אַז ראַסע איז פאַטאַליטעט, גורל. אויב דאָס איז טאַקע אַזוי, צו וואָס נוצן די אַלע פרואוון צו געבן באַלערנדיקע לעקציעס? צו וואָס נוצט עס, ווען גינטער און זיין „נאָרדישער רינג״ — אַזאַ מין בלוי־בלאָנדער אינטערנאַציאָנאַל — ווילן אָנווענדן אַלעס, בכדי אין דער צוקונפט צו פאַרווערן מלחמות צווישן פעלקער פון דער נאָרדישער ראַסע? אָדער ווען אָטאָ האַוזער לאָזט וויסן דער דערשטוינטער וועלט, אַז די הויפטסטראַטעגן פון דער וועלט־מלחמה זענען געווען אויף ביידע זייטן בלאָנדע נאָרדן און שטעלט אַרויס דעם פראַנצויזישן גענעראַל זשאָפר ווי דעם „בלאָנדן גאָד״? איז עס דאָך נאָך פיל ערגער פאַר זיי, אויב ס׳איז טאַקע אַזוי. מחמת עס באַווייזט דאָך בלויז, אַז בלאָנדע נאָרדן האָבן זיך קעגנזייטיק אויסגעשאָכטן פאַר אַ זאַך, וועלכע איז זיי פון בלוטשטאַנדפונקט געווען פרעמד; אָבער פריער פון אַלץ באַווייזט עס, אַז די איינגעבוירענע „שטים פון בלוט״ קאָן גאָרנישט אויפטאָן קעגן די עקאָנאָמישע און מאַכטפאָליטישע אינטערעסן, וועגן וועלכע ס׳האָט זיך געהאַנדלט אין אָט־דער מלחמה.

מעג דער פראַנצויזישער ראַסנאידעאָלאָג וואַשער דע לאַפוזש כסדר לאָזן וויסן, אַז אין 20־טן יאָרהונדערט „וועט מען זיך אויסשעכטן אין מיליאָנען וועגן איינעם אָדער צוויי גראַד מער אָדער ווייניקער אינעם אינדעקס פונעם שאַרבן״ און „אַז לויט אָט־דעם סימן, וועלכער וועט פאַרבייטן דעם ביבלישן שבולת און די שפראַכפאַרוואַנדשאַפט, וועלן זיך די קרובישע ראַסן דערקענען און די לעצטע סענטימענטאַליסטן וועלן דערלעבן צו זען געוואַלטיקע פאַרלענדונגען פון פעלקער״; אויך אין דעם פאַל איז די ניכטערע ווירקלעכקייט ווייניקער פאַנטאַסטיש ווי די בלוטדורשטיקע פאַנטאַזיע פונעם פראַנצויזישן ראַסנפעטישיסט. מ׳האָט זיך אין דער וועלט־מלחמה נישט געפלעט די שאַרבנס דערפאַר, ווייל זיי זענען געווען עפעס לענגער אָדער עפעס קירצער, נאָר דערפאַר, ווייל די אינטערעסן־קעגנזאַצן אין דער קאַפיטאַליסטישער וועלט זענען דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה, אַז די מלחמה האָט זיך אויסגעוויזן די הערשנדיקע שיכטן ווי דער איינציק־אָננעמבאַרער אויסוועג, דורך וועלכן זיי האָבן געהאָפט צו קאָנען אַרויס פונעם ענגן געסל, אין וועלכן זיי האָבן זיך אַריינגערוקט. אין פאָריקן וועלטקריג האָבן אויף יעדער זייט, פלייצע צו פלייצע, געקעמפט די פאַרשידנסטע ראַסן. אַפילו שוואַרצע און געלע האָט מען אַריינגעצויגן אין דער קאַטאַסטראָפע, און די „שטים פונעם בלוט״ האָט זיי, פונדעסטוועגן, נישט גע־

שטערט זיך צו לאָזן אויסשעכטן פאַר אינטערעסן, וועלכע זענען דאָך זיכער נישט געוועזן זייערע.

פעלקער האָבן נישט זעלטן דורכגעלעבט אַ גרינטלעכן אומבייט פון זייערע מנהגים און געוואוינהייטן, הגם מ׳האָט דידאָזיקע דערשיינונג נישט געקאָנט פאַר־ענטפערן מיט מישונג פון ראַסן. לויט דער איינשטימיקער מיינונג פון אַלע באַ־קאַנטע ראַסנטעאָרעטיקער זענען די מענטשן פון דער נאָרדישער ראַסע אויך היינט נאָך אַממייסט פאַרטראָטן אין די סקאַנדינאַווישע לענדער און דערהויפּט אין שוועדן. אָבער דווקא שוועדן, נאָרוועגער און דענער האָבן אין משך פון זייער געשיכטע דורכגעמאַכט אַ טיפגייענדיקע ענדערונג פון זייערע אַלטע לעבנסגעוואוינהייטן. די־זעלביקע לענדער, וועלכע מ׳האָט אַמאָל געהאַלטן ווי די היים פון די קריגערישסטע שטאַמען אין אייראָפּע, זיי פיינט געהאַט און זיך פאַר זיי געשראָקן, זענען היינט דער האַרבעריק פון דער פרידלעכסטער באַפעלקערונג פונעם קאָנטינענט. דער באַ־רימטער „גייסט פון די וויקינגער״, וועלכער דאַרף דאָך זיין דער שטאַרקסטער סימן מובהק פון דער נאָרדישער ראַסע, איז דווקא אין די סקאַנדינאַווישע לענדער אַזוי גוט ווי פאַרשוואונדן. דער אויסדרוק „געבוירענע פּאַציפיסטן״, וועלכער איז בכיוון צוגעטראַכט געוואָרן פון גינטערן און זיינע נאָכגייער, בכדי מאָראַליש צו דעספּרעס־טיזשירן דעם אַזויגערופענעם „אַסטישן מענטשן״, פּאַסט זיך אויף קיינעם נישט אַזוי גוט ווי אויפן היינטיקן סקאַנדינאַווער. אַזעלכע און ענלעכע ביישפּילן זענען פאַראַן הונדערטער אין דער געשיכטע. זיי באַווייזן בלויז, אַז די נייסטע אמונה אינעם גורל פון דער ראַסע איז דער פלאַכסטער פאַטאַליזם, וואָס איז ווען עס איז אויסגעטראַכט געוואָרן; ס׳איז די נעבעכדיקסטע און אונטערטעניקסטע אונטערוואָרפונג פונעם גייסט אונטער דער קאַניבאַליסטישער פיקס־אידעע וועגן דער „שטים פונעם בלוט״.

כדי צו פאַרהיטן דעם אונטערגאַנג פון דער „איידעלער ראַסע״ איז מען אין דייטשלאַנד געפאַלן אויפן באַרימטן געדאַנק וועגן דער „אַופנאָרדונג״, וועלכער האָט פאַרפירט די שאַרפע קעפּ צו די געוואַגטסטע פאָרשלאָגן. די אַזויגערופענע „אַופּ־נאָרדונגסטעאָרי״ האָט אין משך פון די לעצטע צען יאָר אַרויסגעבראַכט אַ גאַנצן מבול ליטעראַרישע פּראָדוקציעס, וואָס קיין גראָטעסקערס איז נישט לייכט צו געפי־נען. קיין שום אַנדער לאַנד קאָן דאָס אונדז נישט נאָכמאַכן. דער רוב פון די משר־נהדיקע הייליקע, וועלכע רוקן זיך היינט אַרויס אין דייטשלאַנד ווי רעפאָרמאַ־טאָרס פון די געשלעכטלעכע באַציאונגען, ווילן אַוועקשטעלן דאָס פאָרן זיך אונ־טער דער קאָנטראָלירנדיקער האַנט פונעם שטאַט. אַנדערע שטעלן זיך אַרויס בפר־הסיא פאַר דער פּאָליגאַמיע, בכדי שנעלער צו קרעפטיקן די אַביסל שוואַכגעוואָרענע וואונדערבאַרע נאָרדישע ראַסע. און בכדי אויך דער הערן־שטאַנדפּונקט זאָל נישט געמינערט ווערן „אינעם סאַמע צוזאַמענברוך פון דער פעמיניזירטער אַלטער וועלט״ — ווי אַלפרעד ראָזענבערג, היטלערס גייסטיקער בעל־יועץ — האָט זיך אַזוי בילד־לעך אויסגעדריקט, האָט הער ריכאַרד רודאָלף, אין זיין מאמר „געשלעכטסמאָראַל״, פאַרטיידיקט די פּאָליגאַמיע נישט בלויז ווי אַ מיטל כדי צו דערפירן די פּרוכפּערי־

קייט פון דער נאָרדישער ראַסע צו די העכסטע לייסטונגען, נייערט ווייל אַזאַ צו־
שטאַנד איז אויך מער בהסכם מיט די פּאָליגאַמישע אינסטינקטן פונעם מאַנס־
פּערשוין.

באַגייסטערטע אָנהענגער פון דער „נאָרדיפיקאַציע" האָבן אַפילו מיט יאָרן צו־
ריק געשאַפן אַ ספּעציעלע באַוועגונג פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע לטובת דער אַזויגערו־
פענער „מידגאַרד־חתונה". די אָנהענגער פון אָט־דער באַוועגונג האָבן זיך אַרויסגע־
שטעלט לטובת דער גרינדונג און פינאַנצירונג פון באַזונדערע ישובים, וואו ספּע־
ציעל אָפּגעקליבענע נאָרדישע מענער און פרויען זאָלן זיך ווידמען צו דער דערהוי־
בענער אויפגאַבע צו פאַרהיטן דעם אונטערגאַנג פון דער נאָרדישער ראַסע דורך גע־
מיינזאַמער אַקטואַציע אויפן ליבעסגעביט. פאַר יעדן מאַן דאַרפן באַשטימט ווערן
צען פרויען. די חתונה איז געווען אויסגערעכנט ווי אַ מין שוואַנגערשאַפטסבונד,
וועלכע דאַרף דויערן נישט לענגער ווי ביז צו דער געבורט פונעם קינד, סיידן ווען
ביידע צדדים פונעם פאָרפאָלק ווייזן אַליין אַרויס דעם וואונטש צו פאַרלענגערן די
פאַרבינדונג. אין זיין בוך „וועלטאַנשאַואונג אונד מענשענציכטונג" טרעט אַרויס
דער סאַניטעטס־ראַט פ. דופּרע פאַר אַן אַזויגערופענער „צייטווייליקער חתונה",
וועלכע דאַרף דינען אויסשליסלעך פאַרן צוועק צו ברענגען קינדער אויף דער וועלט.
אַ פון שטאַט באַשטימטער „ראַט פון אַלטע" דאַרף האָבן די השגחה איבער דידאָ־
זיקע ענינים. „די פאָרלעך דאַרפן צונויפגעפּירט ווערן בלויז פאַרן צוועק פון פּריה־
ורביה", זאָגט זיך אין אָט־דעם משונהדיקן פּלאַן. „ווען דאָס איז שוין דערגרייכט,
דאַרפן זיי פונאַנדערגעשיידט ווערן... די הוצאות פון דער ציכטערישער פּריה־ורביה
דאַרפן געדעקט ווערן פונעם שטאַט". פּונקט ווי הענטשעל, דער צוטראַכטער פון דער
„מידגאַר־חתונה", האָט זיך אויך וואַלטער באַררע, דער שפּעטערדיקער נאַציאָנאַל־
סאָציאַליסטישער דערנערונגסמיניסטער פון דייטשלאַנד, אַרויסגעזאָגט אין זיין בוך
„נויאַדעל אַוס בלוט אונד באָדען" פאַרן אויסהאָדעווען אַ נייע אַריסטאָקראַטיע אויף
ספּעציעלע ,,העגעהעפען" (אַרומגעצוימטע, באַשיצטע הויפן). דורך דער שאַפונג פון
„צוכטאָפּהיטונגס־שטעלעס" דאַרף די רעפּראָדוקציע פון דער נאַציע זיין אויסגע־
שטעלט צו אַ שטענדיקער איבערוואַכונג. פאַר דעם צוועק דאַרפן איינגעפּירט ווערן
ספּעציעלע ,,הערדענביכער" און ,,שטאַמאַקטען" פאַר אַלע פרויען. אַלע בתולות דאַרפן
איינגעטיילט ווערן אין פיר קלאַסן, און אויפן סמך פון ספּעציעלע „צוכטאַקטן" קאָן
זיי יאָ אָדער נישט דערלויבט ווערן צו האָבן קינדער, בהסכם מיט זייער ראַסנקוואַ־
ליטעט און געבורטספּעאיקייט. דעם 12־טן מערץ 1930 האָבן די נאַציאָנאַל־סאָציאַ־
ליסטן אַריינגעטראָגן אָט־דעם צוגאָב־פאָרשלאָג צום אַרטיקל 218 פונעם שטראָף־
קאָדעקס:

„ווער ס'איז אויסן קינסטלעך צו פאַרהאַלטן די נאַטירלעכע פרוכפּערי־
קייט פונעם דייטשן פאָלק צום שאָדן פון דער נאַציע אָדער שטיצט מיט וואָרט,
שריפט, דרוק, בילד אָדער אויף וועלכן ס'איז אַנדערן אופן אַזעלכע כוונות
אָדער ווער ס'העלפט־צו אָדער סטראַשעט צוצוהעלפן צו דער ראַסיסטישער
פאַרערגערונג אָדער צעפאַל פון דייטשן פאָלק דורך דעם פאַרמיש מיט אָנגע־

העריקע פון דער יידישער בלוטגעמיינשאַפט אָדער מיט קאָלירטע ראַסן, דער ווערט באַשטראָפט מיט תפיסה פאַר ראַסנפאַרראַט".

דעם 31־טן דעצעמבער 1931 האָט די צענטראַלע פאַרוואַלטונג פון די היטלער־ריסטישע ס. ס.־אָפּטיילונגען אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, לויט וועלכן אַלע ס. ס.־לייט, וואָס ווילן חתונה האָבן, מוזן פון 1־טן יאַנואַר 1932 בעטן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש אין אַן אַזויגערופענעם „ראַסנאַמט". דערדאָזיקער מאָדנער דאָקומענט, מיט וועלכן מ'איז אויסן געווען די „ירושהדיק־געזונטהייטלעכע ווערטפולע אויפהיטונג פון דער דייטשער נאָרדיש־באַטראַכטער גאַטונג" און אין וועלכן ס'רעדט זיך וועגן אַ „משפּחה־בוך פון די ס. ס.", האָט אונדז געגעבן דעם ערשטן אָנדייט וועגן דער קומענדיקער הערלעכקייט פונעם דריטן רייך. ס'איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דיזעלביקע לייט, וועל־כע פּעדלען אויף אַזאַ צודרינגלעכן אופן מיט זייער „דייטשן אידעאַליזם" און טרעטן אַרויס עפנטלעך מיטן טיפסטן מאָראַלישן אויפברויז קעגן דער „מאַטעריאַליסטישער פאַרקויטיקונג" פון דייטשלאַנד, שאַצן אָפּ די באַציאונגען פון די געשלעכטער צווישן זיך בלויז לויט די שטאַנדפּונקטן פונעם פּיציכטער און נידערן אַראָפּ דאָס ליבעסלעבן פון די מענטשן צום ניוואָ פון דער פאַרונגס־שטאַל און דעם אויסבריאונגס־אַנשטאַלט. נאָך דער „ראַציאָנאַליזאַציע פון דער ווירטשאַפט", די ראַציאָנירונג פונעם גע־שלעכטלעכן פאַרקער, — וואָס פאַראַ צוקונפט!

אָבער דאָס גאַנצע גערעדעריי וועגן דער „נאָרדיפיקאַציע" איז נישט ווערט קיין גראָשן אַפילו, מחמת עס פעלן אַלע תנאים פאַר אַזאַ פּראָצעס. וואָלט די ראַסע געווען נישט בלויז אַ באַגריף, נייערט אַן אמתער לעבנס־איינס, וועמעס כאַראַקטער־שטריכן טראָגן זיך איבער אויפן המשך ווי אַ גאַנצקייט, וואָלט מען זיך געקאָנט פאַרנעמען וועגן אַזעלכע סאָרטן פּלענער. אַ פויער איז טאַקע ביכולת צו האָדעווען זיינע אָקסן, קי און חזירים מיט דער אויסרעכענונג אויפן פלייש, מילך אָדער פעטס, וואָס ער וועט פון זיי אַרויסבאַקומען, אָבער צי וועלן האָדעווען מענטשן מיט דער אויסרעכענונג אויף באַשטימטע גייסטיקע און פּסיכישע אייגנשאַפטן איז דאָך עפּעס אַנדערש. אַלע פּרואוון, וועלכע מ'האָט ביז איצט דורכגעפירט ביי פלאַנצן און חיות, האָבן באַוויזן, אַז אין דער מישונג האַלט זיך די ראַסע קיינמאָל נישט אויף ווי אַ גאַנצער איינס. כל־זמן מענטשן מיט דיזעלביקע אָדער ענלעכע ראַסנשטריכן האַלטן זיך אויף צווישן זיך און פּאָרן זיך נאָר אין אייגענעם קרייז, ווייזן זיך אַרויס זייערע ספּעציפישע כאַראַק־טערשטריכן מער אָדער ווייניקער פאַראייניקט און אין ענלעכן צוזאַמענשטעל. קומט אָבער פאָר אַ מישונג מיט אַנדערע ראַסן־עלעמענטן, פאַריאַרשנט זיך די ראַסע קיינ־מאָל נישט ווי אַ קאָמפּאַקטע איינהייט, נאָר יעדע איינע פון אירע שטריכן פאַר זיך און אין באַזונדערע צוזאַמענשטעלונגען. דעריבער קאָן מען ביים המשך אויסגעפינען נישט נאָר ריינע און געמישטע כאַראַקטערשטריכן, ס'איז אויך פאַראַן די מעגלעכקייט פאַר די אַלערלייאיקסטע קאָמבינאַציעס פון די ירושהדיקע אייגנשאַפטן, וועלכע מ'האָט איבערגענומען פון די עלטערן.

ס'זענען אָבער מער נישט פאַראַן קיין ריינע ראַסן, לפּחות נישט אין אייראָפּע.

די אַזויגערופענע „גרונדראַסן“ אייראָפּעס זענען היינט אַזוי גרינטלעך דורכגע־
טרייסלט, אַז ריינראַסיקע פעלקער זענען אינערגעץ נישט בנמצא. דאָס איז ספּעציעל
חל אויף דייטשלאַנד, וועלכע איז, דורך איר געאָגראַפישער לאַגע אינעם האַרץ פונעם
קאָנטינענט, געווען ווי ספּעציעל געשאַפן ווי אַ דורכגאַנגס־געביט פאַר די פאַרשי־
דנסטע שטאַמען און פעלקערשאַפטן. אין דער צייט פון דער פעלקער־וואַנדערונג האָבן
נאָרדישע שבטים מחנותווייז פאַרלאָזט די אַלטע היימען און זיך אַוועקגעלאָזט צו
דרום, וואו דאָס נאָרדישע בלוט האָט זיך ביסלעכווייז צונויפגעגאָסן מיטן „ראַסנ־
פרעמדן“ בלוט פון דער איינגעבוירענער באַפעלקערונג. סלאַווישע שטאַמען, וועלכע
האָבן זיך אַריינגעריסן פון מזרח, האָבן באַזעצט די האַלב־פאַרלאָזטע טעריטאָריעס
און זיך פונאַנדערגעשפּרייט אין צפון ביז צו דער עלבע און אין דרום ביז צו רעגניץ.
נאָך ביז צום מיטן פון עלפטן יאָרהונדערט איז דער טירינגער וואַלד אָנגערופן גע־
וואָרן דער סלאַווישער וואַלד, און אַפילו היינט דערקענט מען דאָרט נאָך לויטן
אויסזען פון דער באַפעלקערונג דעם שטאַרקן צופלוס פון סלאַוויש בלוט. דייטש־
לאַנדס אַלטע באַפעלקערונג איז געגצלעך טראַנספאָרמירט געוואָרן דורך אָט־די כסדר־
דיקע בלוטמישונגען. די דייטשן אַנטשפּרעכן שוין לאַנג נישט דער באַשרייבונג, וואָס
טאַציטוס האָט אַמאָל אָנגעוואָרפן פון די גערמאַנען. נישט בלויז די פיזישע כאַראַק־
טער־אייגנשאַפטן האָבן דורכגעמאַכט אַ גרינטלעכן אומבייט. צווישן די זעכציק מי־
ליאָנען, וועלכע באַפעלקערן היינט דייטשלאַנד, איז מסתמא נישט פאַראַן קיין איין
מענטש, וועלכן מ׳וואָלט געקאָנט באַצייכענען ווי אַ ריינעם נאָרדישן. דעריבער איז
עס איינע פון די משונהדיקסטע אילוזיעס, וועלכע מענטשן האָבן ווען עס איז געהאַט,
צו קענען פונדאָסניי אַרויסזייען פון אָט־דעם פּילקאָלירקן געמיש איינע פון די אַלטע
„גרונדראַסן“. מ׳מוז טאַקע זיין אַ ראַסנטעאָרעטיקער, כדי זיך אַזעלכעס פאָרצושטעלן.
די גאַנצע נאָרדיפיקאַציע־אוטאָפּיע איז — ווי ברונהאָלד שפּרינגער האָט גייסטרייך
באַמערקט — „נישט קיין אויפגאַבע, נייערט אַ פאַנגערמאַנישער געזעלשאַפטלעכער
שפּיל“*).

ס׳זענען די עקסטרעמען, וועלכע ציען זיך צו קעגנזייטיק, באַזונדערס אין דער
ליבע פון די געשלעכטער. דער בלאָנדער מענטש וועט זיך תמיד פילן מער צוגעצויגן
פונעם ברונעט איידער פון זיינס גלייכן. ס׳איז דאָס פרעמדע, וועלכעס רייצט און
לאָקט און צעכוואליעט שטאַרקער דאָס בלוט. שוין דער פאַקט, וואָס ס׳זענען נישט
בנמצא קיין ריינע ראַסן און אַלע פעלקער זענען געמישטע סטרוקטורן, באַווייזט,
אַז די שטים פון דער נאַטור איז שטאַרקער ווי די שטים פון דער ראַסע אָדער
פונעם בלוט. אפילו די שטרענגסטע קאַסטנפונאַנדערטיילונג אין אינדיע האָט נישט
געקאָנט ראַטעווען די ריינראַסיקייט. גינטערס און זיינע אָנהענגערס „נאָרדישער
מענטש“ איז נאָר אַ פּראָדוקט פון דער פאַנטאַזיע. די אמונה אין איין ראַסע, וועלכע
זאָל פאַראייניקן אין זיך אַלע שטריכן פון פיזישער שיינקייט מיט די אויסגעצייכנט־

*) B. Springer, Die Blutmischung als Grundgesetz des Lebens. Berlin.

סטע אייגנשאַפטן פונעם גייסט און דער נשמה, איז אַ גלויבן אין ניסים, אַ דמיונ־דיקע פאַרשטעלונג, וועלכע איז נישט אין איינקלאַנג מיט דער פאַרגאַנגענהייט און נישט מיט דער צוקונפט.

וואָלט די נאָרדישע ראַסע אינדעראמתן געווען יענער וואונדערלעכער באַ־שאַף, פון וועלכן ס׳איז אַרויסגעקומען די גאַנצע מענטשלעכע קולטור, ווי־זשע קומט עס, וואָס זי איז אין איר נאָרדישער היים נישט געווען אימשטאַנד אַרויס־צוברענגען קיין שום קולטור, וועלכע ס׳זאָל לויט איר באַדייט ווערט זיין צו דער־מאָנען? פאַרוואָס האָבן זיך זייערע „איינגעבוירענע קולטור־שעפערישע אייגנשאַפטן" פריער אַנטוויקלט אין ווייטליגנדיקע זאָנעס און ווייט פון דער היימישער ערד? פאַרוואָס איז געווען אַ סאָפאָקלעס, אַ פּראַקסיטעלעס, אַ פעריקלעס, אַ דע־מאָסטענעס, אַן אַלעקסאַנדער, אַן אויגוסטוס און הונדערטער אַנדערע, וועלכע ווערן פון גינטערן, וואָלטמאַנען, האַוזערן באַרימעריש אַרויסגעשטעלט ווי טרעגער פון דער נאָרדישער ראַסע, נאָך אין גריכנלאַנד און אין רוים? דער פאַקט איז דאָך, אַז דער נאָרדישער מענטש האָט זיינע אַזוי שטאַרק באַרימטע קולטורשעפערישע פעאיקייטן תמיד געקאָנט אַרויסווייזן ערשט אין אַן אַנדערער סביבה און אין פאַר־בינדונג מיט פרעמדע פעלקער. מחמת די „שטאָלצע וויקינגער־רייזעס", מיט וועלכע ס׳ווערט אַזוי פיל זשאָנגלירט אין די ראַסנביכער, קאָנען דאָך קוים באַצייכנט ווערן ווי קולטורטאַטן. אַדרבא, זיי האָבן שוין צו אָפט געשטעלט אין סכנה די קולטור און געמאַכט אַ חורבן פון ווערטפולע טיילן פון איר, ווי דאָס האָבן גענוג קלאָר באַ־וויזן די רויבצוגן פון די גאָטן, וואַנדאַלן, נאָרמאַנדן און אַנדערע גערמאַנישע שבטים.

אַלע מאָדערנע ראַסנטעאָרעטיקער זענען צווישן זיך איינשטימיק, אַז די פע־איקייט צו שאַפן שטאַטן איז איינע פון די וויכטיקסטע כאַראַקטערשטריכן פונעם נאָרדישן מענטשן, און אַז זי האָט דאָס אים באַשטימט צו זיין מדריך און מנהיג פון פעלקער און נאַציעס. אויב דאָס איז טאַקע אַזוי, ווי קומט עס, וואָס דער נאָר־דישער מענטש האָט דווקא אין די נאָרדישע לענדער נישט געשאַפן קיין גרויסע אימ־פעריע, ווי למשל די אימפעריעס פון אַלעקסאַנדער, פון די רוימישע צעזאַרן אָדער דזשענגיס כאַן, און איז תמיד געבליבן צעבראָקלט אין קליינע פעלקערשאַפטן? עס ווירקט באמת מאָדנע, ווען דיזעלביקע לייט, וועלכע ווייסן אַזויפיל צו דערציילן וועגן דעם שטאַטשאַפנדיקן זשעניע פונעם בלאָנדן נאָרד־מענטש, באַקלאָגן זיך בשעת־מעשה אויף דער אייביקער אומאייניקייט פון די גערמאַנישע שבטים און שטעלן עס אַרויס ווי איינע פון די באַדויערלעכסטע דערשיינונגען פון זייער כאַ־ראַקטער און ווייזן כסדר אָן די היינטיקע דייטשן אויף די אומגליקלעכע קאָנסע־קווענצן פון אָט־דער שלעכטער מידה ביי זייערע מכלומרשטע „אָבות". אַ זעלכע אייגנשאַפטן לאָזן זיך דאָך זיכער נישט צונויפבינדן מיט דער פעאיקייט אויסצושמידן גרויסע אימפעריעס און נאַציעס, וואָס וואָלט, אַגב, לגמרי נישט געווען קיין אומגליק. די שוין שפּריכווערטלעך געוואָרענע ליידנשאַפט פון די דייטשע

שבטים צו צעשפליטערונג פּאַסט זיך אינדעראמתן זייער שלעכט צו צו זייער פּרע־טענדירטער שטאַטלעכער פעאיקייט. זי האָט זיך צו זיי באַוויזן ערשט אין דער פרעמד, ווען דער מאַכט־געדאַנק פון דער רוימישער אימפּעריע איז פאַר זיי אויפגעקומען ווי אַ נייע אַנטפּלעקונג און איז גלייכצייטיק געוואָרן זייער אומגליק.

דאָס הייסט בשום אופן נישט, אַז מ׳דאַרף דעם „נאָרדישן מענטשן״ אָפּזאָגן יעדע קולטורעלע פעאיקייט און אַנדערע ווערטפולע אייגנשאַפטן; מיר זענען זייער ווייט דערפון אַריינצופאַלן אינעם אומגעקערטן טעות פון די ראַסן־אידעאָלאָגן. אָבער מיר באַשיצן זיך מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט קעגן דער העזהדיקער גאַווה פון די לייט, וועלכע האָבן די חוצפּה צו פאַרלייקענען ביי אַלע ראַסן נישט נאָר יעדעס טיפערע קולטור־געפיל, נייערט אַפילו אויך אַלע באַגריפן פון ערע און טרייהייט. סוף־כל־סוף איז דאָך די גאַנצע פלוידעריי וועגן דער „ראַסן־נשמה״ נישט מער ווי אַ פּוסטער שפּיל מיט איינגערעדטע באַגריפן. דער מעטאָד אָוועקצו־שטעלן גאַנצע מענטשלעכע גרופּעס אויף פּסיכיש און גייסטיק אויף איין באַשטימ־טער מדרגה, איז אַ מאָנסטערהאַפטיקייט, וועלכע מוז דערפירן צו די ערגסטע סאָ־פיזמען. מ׳קאָן נישט לייקענען, אַז מענטשן, וועלכע פאָרן זיך צווישן זיך במשך פון דורות אויף דערזעלביקער טעריטאָריע און אונטער דער השפּעה פון דערזעלבי־קער נאַטירלעכער און סאָציאַלער סביבה, האָבן געוויסע געמיינזאַמע אויסערלעכע און אויך אינערלעכע שטריכן. ביי די מיטגלידער פון דערזעלביקער פאַמיליע ווייזט זיך אַרויס דיזאָזיקע ענלעכקייט נאָך פיל שטאַרקער ווי ביי אַ שבט אָדער ביי אַ פאָלקס־גרופּע; אָבער פונדעסטוועגן, וואָס פאַראַ אומאיבערשפּאַנבאַרע קאָנטראַסטן אינעם כאַראַקטער וועט מען געפינען, ווען מ׳וועט זיך טיפער צוקוקן צו די פּסי־כישע און גייסטיקע כאַראַקטערס פון יעדן איינצלנעם מיטגליד פון די פאַמיליעס! אין אַלגעמיין אַנטשפּרעכט דער אַזויגערופענער „קאָלעקטיווער כאַראַקטער״ פון אַ פאָלק, פון אַ נאַציע אָדער פון אַ ראַסע תמיד דעם פּערזענלעכן באַנעם פון יחידים, וועלכער ווערט אויפגענומען פון אַנדערע און נאָכגעזאָגט אָן ישוב הדעת.

וואָס זאָל מען, למשל, זאָגן צו דעם, ווען גינטער ווייס צו דערציילן זיינע לייענער אין זיין „ראַסענקונדע דעס יידישן פאָלקעס״ וועגן דער אַזויגערופענער „אָריענטאַלישער ראַסע״ אָט־וואָס: „דיזאָזיקע ראַסע איז אַרויסגעקומען פון דער מדבר און איר פּסיכישער אויפפיר איז אַזעלכער, אַז ער איז גענייגט באַנייס צו פאַרוואַנדלען אין מדבר דעם פון פריער קולטיווירטן באָדן״. דאָס איז דאָך נישט עפּעס אַנדערש ווי פּוסטע פלוידעריי, וועלכע ס׳לאָזט זיך מיט גאָרנישט באַגרינדן. ווייל ראשית־כל פעלט אונדז יעדער היסטאָרישער יסוד דערפאַר, אַז אָט־די ראַסע איז באמת אַרויסגעקומען פון דער מדבר, און צווייטנס: ווער וואָלט זיך אונטער־גענומען צו ברענגען דעם באַוויז, אַז די מיטגלידער פון אָט־דער ראַסע זענען באמת באַהערשט פונעם אינסטינקט קולטיווירטן באָדן „באַנייס צו פאַרוואַנדלען אין מדבר״? אָבער גינטער דאַרף האָבן אָט־די קאָנסטרוקציע, בכדי זיינע לייענער צו מאַכן פאַרשטענדלעך דעם יידנס פולשטענדיקע ווערטלאָזיקייט. און פונדעסטוועגן

זענען דאָך די יידן פון פּאַלעסטינע געווען אַן ערדאַרבעטער־פאָלק און זייער גאַנצע לעגיסלאַציע איז צוגעפּאַסט צו אַט־דעם פאַקט. די אַראַבער האָבן פאַרוואַנדלט שפּאַניע אין אַ גאָרטן, פון וועלכן גרויסע טיילן זענען נאָך דער פאַרטרייבונג פון די מאָרן ווידער פונדאַסניי געוואָרן מדבר.

די מורא פאַרן ייִד איז זיך ביי די פאַרטרעטער פון דער ראַסנטעאָריע צע־וואַקסן אין אַ פאָרמעלן ראַסן־פחד. מ׳גיט אַפילו צו אויך אין יענע קרייזן, אַז אַזעל־כעס ווי אַ יידישע ראַסע איז לגמרי נישט בנמצא און אַז די יידן, פּונקט ווי אַלע אַנדערע פעלקער, זענען נאָר אַ מישונג פון אַלערליי מעגלעכע ראַסישע באַשטאַנד־טיילן. מאָדערנע ראַסן־טעאָרעטיקער האַלטן אַפילו, אַז חוץ פאָדעראַזיאַטישן, מזרח־דיקן, כאַמיטישן און מאָנגאָלישן בלוט פליסט נאָך אויך אַ טראָפּעלע נאָרדיש בלוט אינעם יידס אָדערן; עס ווייזט אָבער אויס, אַז פון אַלע ראַסן האָט ער גראָד גע־ירשנט דאָס ערגסטע. נישט פאַראַן מסתמא קיין איין שלעכטע מידה, וועלכע מ׳זאָל נישט געווען האָבן צוגעטשעפּעט צום יידן. ער איז דער אייגנטלעכער דערפינדער פונעם סאָציאַליזם און אין דערזעלבער צייט האָט ער אַריינגעפירט אין דער וועלט דעם קאַפּיטאַליזם. מיט זיינע ליבעראַלע אידעען האָט ער פאַרפעסטעט אַלע מדי־נות און לויז געמאַכט אַלע בענדער פון דער אויטאָריטעט, אָבער זיין רעליגיע איז אַן אמונה פון דער שטייפסטער אויטאָריטעט, אַ קולט פונעם פולשטענדיקסטן דעס־פּאָטיזם. ער האָט גורם געווען די מלחמה און אַרויסגערופן די רעוואָלוציע. קאָנטיק, אַז זיי האָבן איבערהויפּט נישט קיין אַנדערע כוונות ווי נאָר אויסצוטראַכטן די גרעסטע געמיינהייטן קעגן דעם איידעלן נאָרדישן מענטשן. מ׳פאַרזיכערט אונדז אַפילו, אַז מישונג פונעם בלוט טייט־אָפּ די פרימיטיווע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן פון אַ ראַסע און בייט אום אירע פסיכישע און גייסטיקע אייגנשאַפטן. ווי־זשע קומט עס, אַז אַזאַ שטאַרק געמישטע מענטשן־גרופּע ווי די יידן היטן אויף במשך פון צוויי טויזנט יאָר זייער רעליגיעזן וועלט־באַנעם, נישט געקוקט אויף די שווי־דערלעכסטע רדיפות, וועלכע זיי האָבן צוליב דעם געמוזט ליידן? צי דאַרף מען, אויב אַזוי, נישט אָננעמען, אַז אין דער געשיכטע זענען פאַראַן נאָך אַנדערע פאַק־טאָרן ווי די ירושהדיקע אייגנשאַפטן פון דער ראַסע? און ווי קומט עס, וואָס די יידן האָבן מיט זייער „מאָדערנעם גייסט״ געקאָנט פאַרגיפטן די גאַנצע וועלט, אויב די אידעען פון די מענטשן זענען נאָר דער רעזולטאַט פון די ירושהדיקע, דורכן בלוט באַדינגטע אייגנשאַפטן? צי מוז מען פון דעם נישט אויספירן, אַז דער ייד איז אונדז אָדער לויט זיין בלוט פיל נענטער ווי אונדזערע ראַסן־אידעאָלאָגן ווילן צוגעבן, אָדער אַז די ירושהדיקע, דורכן בלוט באַדינגטע אייגנשאַפטן פון דער ראַסע זענען צו שוואַך, בכדי צו קאָנען שטעלן אַ ווידערשטאַנד פרעמדע אידעען?

אָבער די אַטאַקע פון דער מאָדערנער ראַסנלערע איז געווענדט נישט נאָר קעגן די יידן; זי איז געווענדט אין אַ נאָך גרעסערער מאָס קעגן אַ טייל פונעם אייגענעם פאָלק, קעגן די אָפּשטאַמיקע פון דער אַזויגערופענער „אַלפּינישער ראַסע״, וועלכע גינטער האָט אָפּגעשמדט ווי „אָסטישע״. ווען גינטער, האַוזער, קלאַוס וחברותו

הייבן־אָן רעדן וועגן די מזרחדיקע, ווערן זיי דירעקט בייזוויליק. דאָס, וואָס די מזרחדיקע ראַסע האָט זיך באַזעצט אין האַרץ פון אייראָפּע, איז, לויט גינטערן, אַ גרויס אומגליק, מחמת מיט איר „אומריינעם בלוט״ שטעלט זי כסדר אין סכנה די דערהויבענע נאָרדן, וועמען די בלוטמישונג מיט אָט־דער „טאַלענטלאָזער״, „אומשעפערישער״ ראַסע פאַלט אויס רק צום שאָדן. דער אָסטישער איז דער פול־שטענדיקער היפּוך פונעם נאָרדישן מענטשן. אויב אינעם לעצטן געפינט זיין חשוב־הטז אויסדרוק דער „הערשער־גייסט״, לעבט אין יענעם בלויז די „טרוקענע נשמה״ פונעם פיליסטער, וועלכער איז נישט פעאיק צו קיין גרויסע זשעסטן. דער מזרחדי־קער איז דער „געבוירענער פאַציפיסט״, דער „מענטש פון דער מאַסע״, וואָס פון דאַנען שטאַמט טאַקע זיין נייגונג צו דער דעמאָקראַטיע, וועלכע קומט אַרויס פון דער באַדערפעניש אַראָפּצוזעצן אַלעס, וואָס איז גרעסער פון אים. ער האָט נישט קיין העלדישן שטריך און האָט לגמרי נישט קיין פאַרשטענדעניש פאַר דער גרויס־קייט פונעם פאָטערלאַנד און פון דער נאַציע. די מזרחדיקע, דאָס זענען „זשאַן פאָלס מענטשן, וועלכע זענען אין דייטשלאַנד שוין געצוג אָדער שוין צו פיל פאַרטראָטן״. זיי זענען גוט ווי אונטערטאַנען, אָבער פירער קאָנען זיי נישט זיין; ווי פירער איז באַרופן נאָר דער נאָרדישער מענטש (זעט היטלער און געבעלס). אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלעס:

„געשלעכטלעכער פאַרקער אינערהאַלב דער ענגער משפּחה, ד. ה. בכן, צווישן שוועסטער און ברידער און צווישן עלטערן און קינדער, זאָלן, ווי עס פאַרזיכערן מיר דאָקטוירים פון יענע קאַנטן, נישט זיין קיין גרגיסע זעלטנהייט אין די מזרחדיקע טעריטאָריעס. די מזרחדיקע נשמה קען אפשר נישט פון איר היים אויס דעם באַגריף וועגן דער גילוי־עריות״*).

צום שרעקלעכסטן איז אָטאָ האַוזער, ווען עס קומט אים אויס צו רעדן וועגן דעם מזרחדיקן מענטשן, וועגן וועמען ער וואַרפט אָן אָט־אַזאַ חנעוודיק בילד:

„צוליב געלט איז אים אַלץ ניחה. ער וואָלט אָן קווענקלעניש פאַרקויפט זיין כבוד, ווען ער וואָלט אַזעלכן געהאַט. ער איז דער געבוירענער דעמאָקראַט און קאַפּיטאַליסט... דער מזרחדיקער איז תאוותדיקער ווי די ריינע און די געמישטע ראַסן. פאַר אים מוזן טאַנצן אויף דער בינע נאַקעטע פרויען און מענער און אויב מעגלעך זיך ראַנגלען; אַמגערנסטן לייענט ער וועגן פער־ווערזיטעטן און פראַקטיצירט זיי, ווען ער האָט גענוג געלט פאַר דעם. ער פאַרשקלאַפט די פרוי און ווערט פון איר פאַרשקלאַפט. ער פאַרטרעט דעם אינדיווידואַליזם אין דעם זין, אַז יעדער איינער מעג טאָן אַלעס, וואָס ער וויל, מעג שענדן מיידלעך און אינגלעך, אַנווענדן אַלע מיטלען אין געזעל־שאַפטלעכן, גייסטיקן און פּאָליטישן קאָנקורענץ־קאַמף. און בעת ס'איז אין אַלגעמיין פאַראַן אַ ספּאָרטלעכער כלל נישט אַנצוכאַפּן בעתן קאַמף דעם קעגנערס געשלעכטלעכע טיילן, טוט ער, ער, וועלכער שטעלט זיך בכלל אַרויס פאַר דער פרייהייט פון אַלע תענוגים, עס דווקא יאָ, ווען ער זוכט אַראָפּצוציען צו זיך די זשעניעס, וועלכע זענען אים, דעם טיפּיש־אומזשע־ניאַלן, אומאַנגענעם, און איז אויסן צו באַזיגן די פּאָליטישע קעגנער, וועלכע ער קאָן אין ערלעכן קאַמף נישט מנצח זיין״.**).

*) L. F. Clauss, Rasse und Seele, S. 118.
**) Otto Hauser, Rasse und Kultur, S. 69, Braunschweig.

און אויף אַן אַנדער שטעלע פון זיין ווערק דערציילט האָוזער זיינע לייענער:

„אין זיין געשלעכטלעכקייט איז דער אַסטישער וואולגאַר. אַפּילו אַ האַלבע שעה בלויז, אַז מ'איז מיט אים צוזאַמען, דערציילט ער נישט נאָר אומאַנשטענדיקע אַנעקדאָטן, נייערט זיינע אייגענע סעקסועלע איבערלעבע־נישן, און אַפּילו אויך זיין פרויס איבערלעבענישן, און די פרויען פאַרווילן די צוהערער מיט זייערע מענסטרואַציע־שוועריקייטן. זיין הויזגעזינט באַ־צירט די וואַנט מיט פּרוויאַישע שיידן און מענלעכע גלידער און אין די עפנטלעכע קלאָזעטן שמועסט מען אָפּ געשלעכטלעכע צוזאַמענטרעפן".

מ'געטרויט נישט די אייגענע אויגן, ווען מ'לייענט אַזעלכעס. דער ערשטער איינדרוק איז, אַז מ'האָט דאָ צו טאָן מיט אַ קראַנקן, מחמת דאָסדאָזיקע שטענדיקע הנאהדיקע גריבלען זיך אין דער איינגעבילדעטער געשלעכטלעכקייט פון אַנדערע קומט זיכער פון אַ פערווערזער נטויה און ווייזט אָן אויף אַ קראַנקהאַפטער פאַנטאַ־זיע, וועלכע ווייסט נישט וואָס דאָס איז אַזוינס אַ געזונטער סענסואַליזם. שטעלט זיך בולט פאַר דאָס מאָנסטערהאַפטע פון אַזעלכע באַשולדיקונגען, וועלכע ווערן דאָ געוואָרפן בפרהסיא פאַר דער גאַנצער וועלט. אָט־דער מענטש באַוואַרפט מיט זיין שמוץ [illegible] גאַנצע גרופּע מענטשן, וועמעס צאָל אין אייגענעם לאַנד באַטרעפט מיליאָנען, און טראַכט אויף איר אויס מכלומרשטע „כאַראַקטער־שטריכן", וועלכע זענען געבוירן געוואָרן בלויז אין זיין קראַנקער און אומריינער איינבילדונגס־קראַפט. אַזאַ מין „דעמאָנסטראַציע" איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די מעטאָדן פון די היינטיקע ראַסן־אידעאָלאָגן, אָבער זיי זענען אויך טיפּיש פאַרן נידעריקן גייס־טיקן צושטאַנד פון מענער, וועלכע שעמען זיך נישט צוצוציען אַפּילו די סודות פון די קלאָזעטן, כדי עפּעס צוצוטשעפּען דעם „ראַסן־שונא" און אַזוי אַרום צו שאַפן באַפרידיקונג פאַר זייערע אייגענע מוטנע אינסטינקטן. און אָט־דער סם צירקולירט זינט יאָרן שוין אין אַן אַ שיער ביכער, בראָשורן און צייטונגס־אַרטיקלען אין גאַנצן לאַנד. נישטאָ זיך וואָס צו וואונדערן, ווען אָט־די שלאַנגען־זריע וועט אין אַ שיינעם טאָג אויפגיין. מחמת דאָס איז דאָך דאָס אומזיניקע פון דער היינטיקער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין דייטשלאַנד, וואָס זי איז זיך סומך אויף דער ראַסן־לערע און אַז אירע פאַרטרעטער באַגרייפן נישט אין זייער בלינדקייט, אַז זיי אַליין צעשטערן מיט זייערע אייגענע הענט די שטאַרקסטע פעסטונג פון דער נאַציע, דאָס אַנגעאייגנטע געפיל פון נאַציאָנאַלער צוזאַמענגעהעריקייט.

און אויב מ'שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר דער אַזוי שרעקלעכער פאַרלוימדונג און באַשמוצונג פון צוגעהעריקע צו דערזעלביקער נאַציע, קאָן מען זיך שוין פאָר־שטעלן ווי אַזוי דער ראַסן־פאַטאַליזם ברעכט אויס קעגן אַנדערע פעלקער. פונעם נאַרישן גלויבן אין דער געטלעכער העכערקייט פון דער איידעלער ראַסע אַנטשטייט לאָגישערווייז די אמונה אין איר „היסטאָרישער מיסיע". ראַסע ווערט אַן ענין פון גורל, חלום וועגן באַנייאונג פון דער וועלט דורכן באַוואוסטזיניקן ווילן פונעם גער־מאַנענטום. און אַזוי ווי מ'קאָן דאָך נישט אָננעמען, אַז אַנדערע פעלקער זאָלן באַ־טראַכטן די קומענדיקע געשעענישן פונעם זעלביקן שטאַנדפּונקט, ווערט שוין במילא

די מלחמה די איינציקע לייזונג. די דערפאַרונג האָט אונדז באַוויזן, וואוהין דאָס דערפירט. די אמונה, אַז „אַם דויטשען וועזען איינמאַל נאָך די וועלט גענעזען״, אַז די וועלט וועט ווען עס איז גענעזן ווערן דורך דייטשן מהות, האָט ביי די שיכטן, וועלכע האָבן געהאַט דעם גרעסטן איינפלוס אויף דער דייטשער געשיכטע, געשאַפן די איבערצייגונג וועגן דער אומפאַרמיידלעכקייט פונעם „דייטשן קריג״, וועגן וועלכן ס׳איז אין טשעמבערליינס קרייזן אַזוי אָפט געוועזן די רייד. אָטמאַר שפּאַן האָט דערקלערט אין אַ שטאַרק־פאַרשפּרייטער אַרבעט, אין וועלכער די מלחמה איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן ווי דער „צוהעלפער ביי דער געבורט פון יעדער קולטור״, אָט־וואָס:

„מיר מוזן אויף אָט־דעם קריג אַרויסקוקן און אים פאַרלאַנגען, באַזונדערס בכדי צו באַווייזן, אַז אויף אונדז אַליין וועט ליגן זיין לאַסט, אַז מיר אַליין מוזן אים אויסקעמפן מיט דער גאַנצער קראַפט, וועלכע די גערמאַנישע הערשער־ראַסע האָט במשך פון די טויזנטער יאָרן אויפגעהיט״*).

אָט־דער גייסט איז במשך פון צענדליקער יאָרן קינסטלעך געהאָדעוועט געוואָרן און ער האָט זיך ביסלעכווייז אויסקריסטאַליזירט אין יענעם פּאַטאַליסטישן קאָשמאַר, וועלכער זעט און באַטראַכט די גאַנצע געשיכטע אונטערן אַספּעקט פון דער ראַסע. שפּאַן איז נישט געווען דער איינציקער, וועלכער האָט זיך געשפּילט מיטן ראַסנקריג פון דער צוקונפט. ביי דער פאַרוואַלטונגס־זיצונג פונעם „אַלדויטשען פערבאַנד״ פון 30־טן נאָוועמבער 1912 האָט די פראַגע וועגן קומענדיקן קריג פאַרנומען דעם וויכטיקסטן פּלאַץ. מ׳האָט גערעדט וועגן דעם „אַנטשיידונגסקאַמף פונעם גאַנצן סלאַווענטום קעגן דעם גערמאַנענטום״, ווי דאָס האָבן געטאָן באַראָן פאָן שטעסעל און אַנדערע; און דר. רויטער־האַמבורג האָט דערקלערט, אַז „ס׳איז אונדזער ווירדיקסטע אויפגאַבע אויפצוקלערן דעם פאָלק די אמתע סיבה פונעם וואָרשיינלעך־קומענדיקן קריג״, וועלכער דאַרף באַטראַכט ווערן נאָר ווי אַ „קאַמף פונעם פאַראייניקטן סלאַווענטום קעגן דעם דייטשטום״. ווען די דייטשע רעגירונג האָט אין אַפּריל 1913 אַריינגעטראָטן די נייע פאַרטיידיקונגס־פאָרשלאַגן, האָט בעטמאַן־האָלוועג באַגרינדעט די נייע פאָדערונג דערמיט, וואָס ער האָט אָנגעוויזן אויף דער דראָענדיקער געפאַר פון אַ נייעם צוזאַמענשטויס צווישן סלאַוון און גערמאַנען. און כאָטש די קאָנסטעלאַציע פון די מאַכטן ביים אויסברוך פון דער מלחמה האָט יעדן פאַרשטענדיקן מענטש געמוזט איבערצייגן, אַז דאָ האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן קיין „מלחמה פון ראַסן״, האָבן פונדעסטוועגן נישט געפעלט קיין שטימען, וועלכע האָבן אין דער מוראדיקער קאַטאַסטראָפע דווקא געוואָלט זען נאָר דעם אומפאַרמיידלעכן צוזאַמענשטויס פון די ראַסן. אַפילו אַן אַזוי גוט באַקאַנטער געשיכטעשרייבער ווי קאַרל לאַמפּרעכט האָט פאַרעפנטלעכט אין „בערלינער טאַגעבלאַט״ פון 23־טן אויגוסט 1914 אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער האָט גערעדט וועגן „קאַמף פונעם גערמאַנענטום און פונעם לאַטייניש (קאַטוילישן) סלאַווענטום קעגן דער אַריינדרינגענדיקער מזרחדיקער באַרבאַריע״.

*) Othmar Spann, Zur Soziologie und Philosophie des Krieges, 1913.

„דערנאָך האָט לאַמפּרעכט אַנטדעקט, אַז סקאַנדינאַוויע, האָלאַנד, די שווייץ און אַמעריקע האָבן, אַדאַנק זייער ראַסנגעפיל, אָנגענומען אַ שטע־לונג לטובת דייטשלאַנד, און ער האָט יובלענדיק געלאָזט וויסן: „דאָס בלוט רייסט זיך דורך!“ די אילוזיע, אַז אַמעריקע וועט זיין אַ שותף אין דער מלח־מה, האָט אים אַפילו פאַרפירט דערצו, אַז ער זאָל „מבשר זיין די לעבעדיקע צוקונפט פון אַ טעוטאָניש־גערמאַנישער ראַסע!“ און היות ענגלאַנד האָט זיך נישט אַריינגעפּאַסט אין אָט־דער סכעמע, האָט דער גרויסער היסטאָריקער באַטאָנט: „ס׳איז גוט צו באַטראַכטן פון וואָס פאַראַ שוין נישט ריין־גער־מאַנישן, נייערט פיל גיכער קעלטישן גייסט דאָס צענטראַלע לאַנד פון דער בריטישער וועלט־אימפּעריע איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן“*).

**אויב די ראַסנטעאָריע איז אימשטאַנד אָנצומאַכן אַזאַ אומהיילבאַרע פאַר־ווירונג אינעם מוח פון אַזאַ וועלטבאַרימטן געלערנטן, איז זיך דען פאַראַן וואָס צו חידושן פון דער מטורפדיקער גאַווה פון אַן עקאָנאָמיסט ווי זאָמבאַרט, וועלכער האָט אין יענע טעג געלאָזט וויסן דער וועלט:**

„פונקט אַזוי ווי דער דייטשער פויגל, דער אָדלער, שוועבט איבער אַלע בריאות פון דער ערד, אַזוי זאָל דער דייטש זיך פילן דערהויבן איבער אַלע פעלקער, וועלכע רינגלען אים אַרום און וועלכע ער דערזעט אונטער זיך אין גרענעצלאָזער טיפקייט“**)

מיר האַלטן נישט, אַז נאָר דער דייטש איז פעאיק צו אַזעלכע קאָשמאַרישע איינבילדונגען. יעדער גלויבן אין אַן אויסדערוויילטער רעליגיע, נאַציע אָדער ראַסע דערפירט צו ענלעכע מאָנסטערהאַפטיקייטן. אָבער עס זאָל אויך נישט געלייקנט ווערן, אַז דער ראַסנגעדאַנק האָט אין קיין שום לאַנד נישט באַקומען אַזאַ פאַר־שפּרייטונג און אַרויסגעלאָזט אין צירקולאַציע אַזויפיל ליטעראַטור ווי דווקא ביי אונדז. עס מאַכט דעם איינדרוק גלייך ווי דאָס דייטשלאַנד פון 1871 וואָלט גע־וואָלט אונטעריאָגן, אָפּנעמען דאָס, וואָס זיינע גרויסע מורי־דרך פון זינט דער גרינדונג פון דער אימפּעריע האָבן אויפן סמך פון זייער הומאַניסטישן וועלט־באַנעם צום גליק פאַרשפּעטיקט.

די פאַרטרעטער פון דער ראַסנלערע געפינען זיך אין דער גליקלעכער לאַגע, מיט וועלכער מ׳מעג זיי מקנא זיין, אַז זיי קאָנען אַרויסקומען אין דער עפנטלעכקייט מיט די עקסטראַוואַגאַנטסטע באַהויפּטונגען און מוזן זיך נישט באַמיען צו ברענגען קיין ממשותדיקע באַווייזן. און היות זיי ווייסן אַליין, אַז דער רוב פון אָט־די באַ־הויפּטונגען האָבן נישט קיין שום האַפּט, אויב מ׳זאָל זיי אַנאַליזירן לויט זייער וויסנשאַפטלעכן ווערט, פאַררופן זיי זיך אויף דער אומפעלבאַרקייט פון דעם ראַסן־אינסטינקט, וועלכער זעט מכלומרשט קלאָרער ווי עס דערלויבט דאָס די אַרבעטס־זאַמע פראָצעדור פון דער וויסנשאַפטלעכער חקירה. וואָלט אָט־דער באַרימטער אינסטינקט פון דער ראַסע טאַקע באמת עקזיסטירט און קודם־כל געווען בפירוש באַווייזבאַר, דעמאָלט וואָלט ער זיך רואיק געקאָנט פאַרמעסטן מיט דער וויסנשאַפט,

*) מיר נעמען אָט־די שטעלע פונעם ווערק „ראַססע אונד קולטור“ פון פרידריך הערץ.
**) Patriotische Besinnungen, S. 143, München 1915.

מחמת די „אינערלעכע שטימע" אָדער די „ראַסע אינעם אייגענעם בוזעם" וואָלט דאָך דעם מענטשן פאַרשאַפט זיכערקייט אין אַלע שווערלעכע ענינים, אַפילו אויך דאָרט, וואו די וויסנשאַפט פאַלט דורך. אָבער אין דעם פאַל וואָלטן לפחות די אָנגעזעענסטע פאַרטרעטער פון דער ראַסנטעאָריע געדאַרפט זיין בהסכם צווישן זיך אין די עיקרדיקסטע פונקטן פון זייער לערע און ספּעציעל אַרויסווייזן אַ געוויסע איינהייטלעכקייט פונעם באַנעם אין זייערע מסקנות. אָבער דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן. ס'איז מסתמא נישט פאַראַן קיין איין פראַגע פון פונדאַמענטאַלן באַדייט, וועגן וועלכער מ'זאָל אינעם לאַגער פון די ראַסן־אידעאָלאָגן אַפילו נאָר לפּי־ערך זיין אייניק צווישן זיך. גאַנץ אָפט גייען זיך די מיינונגען אַזוי שטאַרק פונאַנדער, אַז ס'קאָן אַפילו בכלל נישט זיין די רייד וועגן אַ מעגלעכקייט בייצוקומען די קאָנטראַסטן צווישן זיי. אָט וועלן מיר ברענגען בלויז אייניקע ביישפּילן פון צווישן טויזנטער:

אין זיין ווערק „ראַססע אונד קולטור" קנעלט מיט אונדז אָטאָ האַוזער, אַז די גריכן זענען געווען אַ „שטרענג דעפינירט בלאָנד פאָלק, וועלכעס איז פון זיך אַליין דערגאַנגען צו אַזאַ הויכער קולטור, וועמעס ניוואָ ווערט תמיד באַוואונדערט ווערן, וועלכעס ווערט תמיד דינען ווי אַ מוסטער, כל־זמן ס'וועט אין אַ פאָלק, אין אַ מענטשן פליסן קרוביש נאָרדיש בלוט". וואָלטמאַן, גינטער און אַנדערע האָבן אונדז געזאָגט דאָסזעלביקע אין אַנדערע ווערטער, בלי שום ספק אויפן סמך פונעם זעלביקן „נאָרדישן אינסטינקט", וועלכער דרינגט־דורך דאָס קרובישע בלוט במשך פון די טויזנטער יאָרן. אָבער גאָבינאָ, דער אייגנטלעכער באַגרינדער פון דער ראַסןטעאָריע, האָט נישט געהאַט קיין איין גוט וואָרט פאַר די גריכן, וועלכע ער האָט בכל אופן מינדערגעשעצט צוליב זיין פאַרביסענער שנאה קעגן דער דעמאָקראַטיע. אין זיין גראָבן, 1200 זייטיקן ווערק „היסטואַר דע פּערס" פאַרהערלעכט ער די קולטור פון די פּערסער אויף אַ גוזמאדיקן אופן און שילדערט פאַר אונדז גריכנלאַנד ווי אַ האַלב־באַרבאַרישע מדינה אָן אַן אייגענער קולטור, וועלכע ס'זאָל אַפילו ווערט זיין צו דערמאָנען. גאָבינאָ לייקנט אַפילו אָפּ אַלע מאָראַלישע קוואַליטעטן פון די גריכן און האַלט, אַז זיי האָבן נישט געהאַט קיין שום פאַרשטענדעניש פאַרן ערנגעפיל. ווי מיר זעען, די ריינסטע „אָסטישע".

פאַר טשעמבערליינען איז דאָס קריסטנטום דער העכסטער אויסדרוק פונעם אַרישן גייסט; אין דער קריסטלעכער אמונה האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט די גערמאַנישע נשמה אין איר גאַנצער טיפקייט און זי שיידט זיך אָמקלאָרסטן אונטער פון יעדן סעמיטישן באַנעם פון דער רעליגיע. מחמת דאָס יידנטום איז דער פולשטענדיקסטער קאָנטראַסט פון דער קריסטלעכער רעליגיע; יעדער פילאָזאָפישער סינטעז צווישן יידישן און גערמאַנישן גייסט איז אומדענקבאַר אויך אין דער רעליגיע. אַלברעכט ווירט דאַקעגן זעט אינעם קריסטנטום אַ פּראָדוקט פון יידישהעלענישן גייסט, וועלכער איז צייטיק געוואָרן, ווען די „פאַראַכטעטע יידן האָבן זיך צוריקגעצויגן פונעם עלנט פון דער אויסערלעכער וועלט, בכדי אויסצובויען

פאַר זיך אַ העכערע אינערלעכע וועלט*). אויגען דירינג אָבער וואַרפט אָפּ פּרינציפּיעל דאָס קריסטנטום, ווייל דורך זיין איינפלוס איז פאַרגעקומען די פאַריידישונג פונעם אַרישן גייסט**). לואיס נוינער באַשולדיקט די פראַנקישע קעניגן, אַז זיי האָבן ביי אונדזערע אָבות צוגערויבט זייער אַלטע, אייגענע, פון דער קינדישער נאַטור־באַטראַכטונג אַרויסגעקומענע אמונה און זי גרינטלעך צעשטערט און אויף זיי דערפאַר אַרויפגעצוואונגען „אַ האַרטן רעליגיעזן סיסטעם פון אַ בפירושן אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער" („דויטשע גאָט־נאַטור־קונדע"), אָבער עריך מאַלמייסטער דערקלערט אונדז אין זיין מאמר „פיר דויטשע גייסטעספרייהייט": „צוליב זיין נישט־מענלעכן, קנעכטישן כאַראַקטער שטייט דאָס קריסטנטום דירעקט אין סתירה צום דייטשן מהות". און וועגן קריסטוסעס פּערזאָן גופא גיט דער מחבר אַרויס אָט־דעם משפט: „דער פאַרשטויסענער פאַרעטער פון אַ לאַנד פון אַ פאַרהאַסטער ראַסע איז דער גאָט, פאַר וועלכן דער דייטש דאַרף בייגן זיין קני".

גינטער, האַוזער, קלאַוס זעען אינעם פּראָטעסטאַנטיזם אַ גייסטיקע באַוועגונג פון דער נאָרדישער ראַסע, און אויך לאַפּוזש דערקענט אין אים „דעם פּרואוו צוצופּאַסן דאָס קריסטנטום צו דער אייגנאַרטיקייט פון דער אַרישער ראַסע". פּונקט אַזוי איז טשעמבערליין אַן אויסגעשפּראָכענער קעגנער פון דער קאַטוילישער קירך און אין זיינע „גרונדלאַגען" ווייזט ער כסדר אָן אויפן סעמיטישן אָפּשטאַם פונעם פּויפּסטום. ער זעט אין אים דעם בפירושן אַנטיפּאָד פונעם גערמאַנישן גייסט, וועלכער אַנערקענט נישט קיין אָרגאַניזירטע קאַסטע פון גלחים און שטייט געפילמעסיק ווייט פונעם רעיון וועגן אַ וועלט־היעראַרכיע. דעריבער באַטראַכט ער די רעפאָרמאַציע ווי דעם אויפשטאַנד פונעם נאָרדישן מענטש קעגן רוימס סעמיטישן צעזאַריזם און איינע פון די גרעסטע גייסטיקע אויפטוען פונעם גערמאַניזם בכלל. קומט אָבער וואָלטמאַן און שטעלט־אַרויס דאָס פּויפּסטום ווי דעם פּרעכטיקסטן אויפטו פונעם גערמאַנענטום און ער שטרענגט זיך אָן מיט אַלע כוחות צו באַווייזן דעם גערמאַנישן אָפּשטאַם פונעם רוב פּויפּסטן. באַזונדערס איז אים געווען צום האַרצן דער „שפּראָצאויפגאַנג פון די גאָטן" הילדעבראַנדט, וועלכער איז געזעסן אויפן פּויפּסטלעכן טראָן אַלס גרעגאָר דער זיבעטער און איז געווען דער פּאַקטישער גרינדער פון דער וועלטמאַכט פונעם פּויפּסטום. אָטאָ האַוזער ווידער דערקלערט אָט־די בפירושע בלאָנדזשעניש פונעם גערמאַנישן גייסט אויף אַזאַ אופן: „אינעם מאַכט־הונגער פונעם נאָרדישן מענטש, אין זיין ווילן צו קאָנען אַרבעטן מיט אַלע זיינע כוחות, איז פאַראַן עפּעס אַזעלכעס, וואָס באַוועגט אים אומבאַטראַכט זיך אָנצוכאַפּן אין יעדן מיטל. מ'ווייסט ווי שטאַרק לייכטזיניק אייניקע פּויפּסטן האָבן זיך אַרויסגעזאָגט וועגן פּויפּסטום און קריסטנטום. אַזוי אַרום ווערט דאָס פּויפּסטום,

---

*) Albrecht Wirth, Das Auf und Ab der Völker, S. 84, Leipzig 1920.

**) Eugen Dühring, Die Judenfrage als Frage der Rassenschädlichkeit für Existenz, Sitte und Kultur; auch: "Sache, Leben und Feinde".

טאַקע צייטווייליק, פאַרטראָטן אין אַ כמעט אומאיבערגעריסענער רײ דורך גערמאַ־נען, אָבער פונדעסטוועגן ווי אַן אומגערמאַנישע, אומנאָרדישע אידעע״*).

ווער זאָל זיך, בכן, דאָ נאָך קאָנען אָריענטירן? וואָס פאַראַ מין משונהדיקע זאַך איז דאָס טאַקע דידאַזיקע „נאָרדישע ראַסישע נשמה״? זי שימערירט אין אַלע קאָלירן ווי אַ כאַמעלעאָן. זי איז פויפסטלעך און אַנטיפויפסטלעך, קאַטוילִיש און פּראָטעסטאַנטיש. די שטים פונעם בלוט בונטעוועט זיך קעגן דער הערשאַפט פון אַ פּריווילעגירטער קאַסטע גלחים און וואַרפט־אָפּ פון זיך דעם רעיון וועגן אַ וועלט־היעראַרכיע, אָבער אין דערזעלביקער צייט טוען אירע טרעגער אַלעס מעגלעכע, בכדי מיט געוואַלט איינצושפּאַנען די וועלט אינעם יאָך פונעם פויפסטום, וועמעס פאַר־מען זענען נאָכגעמאַכט דעם „אָריענטאַלישן דעספּאָטיזם פון די סעמיטן״. און דער ענין ווערט נאָך אינטערעסאַנטער, ווען מיר ווערן געוואויר, אַז אויך איגנאַסיאָ לאָיאָלאַ, דער גרינדער פונעם יעזואיטן־אָרדן, איז געווען אַ בלאָנדהאָריקער גערמאַ־נישער שפּראָץ, ווי וואָלטמאַן און האַוזער ווילן האָבן. דאָ האָט אין דער נאַטור געדאַרפט האָבן פאָרגעקומען אַ נאָך גרעסערער פאַרזען ווי אין בעטהאָווענס פאַל. וואָרן שטעלט זיך פאָר: לאָיאָלאַ אַ בלאָנדהאָריקער, בלויאויגיקער גערמאַן, ער, דער קעמפערישער העראָלד און באַוואוסטזיניקער אָנזאָגער פון דער קעגנרעפאָרמאַציע, און מאַרטין לוטער, די „נשמה פון דער דייטשער רעפאָרמאַציע״, — אַ טונקלהאָ־ריקער מענטש מיט אַ געפּאַקטער פיגור און ברוינע אויגן, וועלכער טראָגט אַזוי אָפן און דייטלעך די אויסערלעכע שפּורן פונעם „אָסטישן״, אַז אַפילו די גינטערס, האַוזערס און וואָלטמאַנס קאָנען זיי נישט אָפּוועקמאַכן מיט דער האַנט. דאָס, וואָס גאָבינאָ זאָגט זיך אַרויס מיט לויב אין זיין ראַסנווערק און אויך ערגעץ אַנדערש וועגן דער אָרדענירנדיקער האַנט פון דער קאַטוילישער קירך און אין זיין „אַטאַר יאָרל״ פאַרוואַרפט ער אַנטשידן יעדן מין כפירה קעגן דער הייליקער מוטער קירך, מאַכט דעם ענין נישט פשוטער. און טאָמער איז דאָס אַלעס נישט גענוג, פאַרזי־כערט אונדז האַוזער, אַז די רעפאָרמאַציע איז געווען אַ „בלוטלעכע באַוועגונג״ און באַטייט „דאָס אָפּשטופּן דעם מישראַסיקן גייסט דורך דעם נאָרדישן״ („ראַססע אונד קולטור״, ז. 331). און דאָס זאָגט ער נאָכדעם ווי ער האָט אויף אַ פריערדיקן זייטל אָנגעוואָרפן אָט־אַזאַ בילד פונעם מענטשן פון דער רעפאָרמאַציע־צייט: „דאָס איבעריקע דייטשלאַנד האָט געהאַט דעם טיפסטן פונקט פון זיין ראַסישער און קולטורעלער ירידה אַרום יאָר 1500. די דייטשן פון יענער תקופה זענען בכלל גע־נומען אַזוי העסלעך, אַז דירער, זייבע פאָרגייער און די מענטשן פון זיין צייט, זע־נען אין זייערע שילדערונגען פון דערווירקלעכקייט קוים געווען אימשטאַנד ווען עס איז צו ברענגען אַ שיין, פיין מאָדעלירט, איידל פּנים, נאָר העוויות מיט אַ דורכויס חיהשער מיאוסקייט, און אַפילו אין זייערע פאָרשטעלונגען פון די געטלעכע פּערזאָנאַזשן פון דער הייליקער געשיכטע זענען זיי זעלטן־ווען געווען אין דער לאַגע

*) Otto Hauser, Die Germanen in Europa, S. 112.

צו שאַפן אַפילו בלויז בערך שיינע מענטשן, ווייל עס האָבן זיי געפעלט די פאַסיקע מאָדעלן". אָבער אָט־די מענטשן פונעם „ראַסנאָפּפלוס" האָבן דאָך דורכגעפירט די רעפאָרמאַציע. ווי אַזוי־זשע דערקלערט עס זיך, אַז אָט־די „בלוטלעכע באַוועגונג", וועלכע האָט אָפּגעוואָרפן דעם „מישראַסיקן גייסט", איז פאָרגעקומען דווקא אין אַ צייט, ווען „דייטשלאַנד האָט, לויט האַוזערס אייגענער באַהויפּטונג, דערגרייכט דעם טיפסטן פונקט פון איר קולטורעלן און ראַסישן אָפּפלוס"?

זאָל מען נעמען וועלכע ס'איז עפּאָכע פון דער מענטשלעכער געשיכטע און אומעטום טרעפט מען זיך צונויף מיט דיזעלביקע ווידערשפּרוכן. אָט איז דער ביי־שפּיל פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. דאָס, וואָס מ'געפינט נישט ביי די פאַרטרעטער פון דער ראַסנטעאָריע אַפילו קיין שפּור פון פאַרשטענדעניש פאַר די עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע סיבות פון יענער גרויסער אייראָפּעישער איבערקערעניש, איז דאָך אייגנטלעך זעלבסטפאַרשטענדלעך. פונקט ווי די ציגיינער לייענען אַרויס פון די שטריכן פון דער האַנט דעם גורל פון אַ מענטשן, אַזוי לייענען אַרויס די שוואַרצקינסטלער פון דער ראַסנטעאָריע די גאַנצע געשיכטע פון דער רעוואָלוציע און אירע „דורכן בלוט באַדינגטע" סיבות פון די פאָרטרעטן פון די פירנדיקע פערזענלעכקייטן פון יענער צעשטורעמטער צייט. „מיר זעען, אַז אַ מענטש מוז איבערגעוואַלט זיך אויפפירן בהסכם מיט זיין אויסזען און אַז דאָסדאָזיקע געזעץ קאָן זיך מאַניפעסטירן סיי אין דער פרימיטיווסטער ווי אין דער קאָמפּליצירטסטער און בלבול־המוחדיקסטער שפע פון אויסדרוק, אָבער אַז שטענדיק און אומעטום מוז עס בלייבן דאָזעלביקע אויסערצייטלעכע און אומצע־טרייסלבאַרע געזעץ פון דער פאַרירשענונג פונעם לעבן"*).

אָט־די מייסטערהאַפטע דערקלערונג, וועלכע אַנטהאַלט אין זיך אַן אַנט־שיידונג וועגן די שווערסטע פּראָבלעמען, וועלכע באַשעפטיקט די וויסנשאַפט זינט צענדליקער יאָרן, גלייך ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן דער זעלבסטפאַרשטענד־לעכסטער זאַך פון דער וועלט, איז באמת איבערראַשנדיק. „מיר ווייסן!" ווער ווייס? פונוואַנען ווייס מען? ווער האָט פעסטגעשטעלט יענץ „געזעץ", וועגן וועלכן דער מחבר רעדט? קיין שום מענטש נישט! קיין שום וויסנשאַפט נישט! ס'האַנדלט זיך בלויז וועגן אַ פּוסטער באַהויפּטונג, וועלכע האָט אַפילו נישט דעם ווערט פון אַ פאַלשן גראָשן. פאַקטיש האָט דער פאַרפאַסער זיך מכוון געווען פון די פאָרטרעטן פון לודוויג דעם זעכצעטן, מיראַבאָ, מאַדאַם ראָלאַן, ראָבעספּיער, דאַנטאָן, מאַראַט א. אַ. וו. זיך צו דערגרונטעוועון צום אינערלעכן געזעץ פון זייער אויפפיר און אויך צו דעדוצירן דעם גראַד פון זייער ראַסנמישונג. צום באַדויערן ליגט אינעם יסוד פון אָט־דער „דערקענטעניש" נישט קיין שום געזעץ, נייערט בלויז אַן איינבילדונג, וועלכע נישט זי איז „אויסערצייטלעך" און נישט „אומצעטרייסלבאַר". עס מעגן טאַקע עקזיסטירן מענטשן, וועמעס כאַראַקטער ס'איז אָנגעשריבן אויפן שטערן

*) A. Harrar, Rasse — Menschen von Gestern und Morgen; S. 86, Leipzig.

זייערן, אָבער קיין סך פון זיי איז מסתמא נישט בנמצא, מחמת אַזעלכע טיפּן ווי קאַרל און פראַנץ מאָר לעבן נאָר אין די ווערק פון דער פאַנטאַזיע, אָבער אין לעבן גופא באַגעגנט מען זיי נישט גאַנץ אָפט. קיינער איז נישט אימשטאַנד צו דערקענען פון די אויסערלעכע שטריכן די פּסיכישע און גייסטיקע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן פון אַ מענטשן; ביים גרעסטן רוב פון אַלע גרויסע פערזענלעכקייטן אין דער געשיכטע וואָלט אַפילו דער דערפאַרנסטער פיזיאָנאָם נישט געקאָנט אַזוי לייכט אַרויסלייענען פון זייער פּנים זייער ווערט און באַדייט. אַזעלכע פעאיקייטן קאָן מען געוויינלעך אַרויסזאָגן ערשט דעמאָלט, ווען מ׳ווייסט, מיט וועמען מ׳האָט צו טאָן, וועגן וועמען ס׳האַנדלט זיך, און ס׳וואָלט דעם מחבר פונעם דערמאָנטן מאַמר נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט אַרויסצוטראָגן אַ מיינונג וועגן אַזעלכע פערזאָנען ווי מיראַבאָ, ראָבעספּיער, מאַראַט אָדער דאַנטאָן, ווען זיי וואָלטן נאָך געהאַט פּ אַ ר און נישט ה י נ ט ע ר זיך זייער היסטאָרישע ראָל.

גאָבינאָ האָט אין דער גרויסער רעוואָלוציע געזען נאָר דעם אויפברויז פונעם „קעלטאָ־ראָמאַנישן געמיש״ קעגן דער גערמאַנישער פּירערגעשיכטע פונעם פראַנצויזישן אַדל און ער האָט פאַרדאַמט די גאַנצע גראַנדיעזע באַוועגונג מיט דער פאַרביסענער שנאה פונעם ראַיאַליסט, וועלכער זאָגט זיך אַרויס פּרינציפּיעל קעגן יעדן פּרוּוו צו צעשטערן די פון גאָט־איינגעשטעלטע אָרדענונג. די רעוואָלוציע איז פאַר אים געווען דער שקלאַפנאויפשטאַנד פון די מינדערווערטיקע, וועלכע ער האָט שוין דערפאַר פאַראַכט פון דער טיפעניש פון זיין נשמה, ווייל זיי זענען געווען די טרעגער פון די מאָדערנע רעוואָלוציאָנערע און דעמאָקראַטישע אידעען אין אייראָפּע, וועלכע האָבן דער אַלטער הערשערקאַסטע דערלאַנגט דעם טויטקלאַפּ. טשעמבערליין האָט זיך אַרויסגעזאָגט וועגן דער רעוואָלוציע, באַטראַכטנדיק זי פון זעלביקן שטאַנדפּונקט, מחמת אויך ער, פּונקט ווי גאָבינאָ, האָט געזען אין דער דעמאָקראַטיע און אינעם ליבעראַליזם דעם טויטלעכן שונא פונעם גערמאַנישן גייסט. דערפאַר אָבער האָט וואָלטמאַן געזען אין דער רעוואָלוציע אַן אויסדרוק פונעם זעלביקן גערמאַנישן גייסט און ער האָט געזוכט צו באַגרינדן זיין מיינונג דערמיט, וואָס ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו באַווייזן, אַז דער רוב פון די אָנפירנדיקע קעפּ פון דער רעוואָלוציע זענען געווען פון גערמאַנישן אָפּשטאַם. און אויב פאַר גאָבינאָ איז דער פּאַראָל פון דער רעוואָלוציע „פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט״ געווען נאָר אַן אויסדרוק פון אַ ראַסנגעמיש, וועלכע געפינט זיך אין צושטאַנד פון תּולן צעפאַל, קנעלט אָבער מיט אונז האַוזער: „די פאָדערונג נאָך פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט איז עכט פּראָטעסטאַנטיש, אָבער זי איז גילטיק נאָר פאַר דער סעלעקציע, וועלכע עס שאַפט דער פּראָטעסטאַנטיזם גופא, נאָר פאַר ענלעכע גרופּן״. און אויף אַן אַנדער אָרט פונעם זעלביקן ווערק זאָגט זיך: „די רעוואָלוציע הייבט זיך אָן ווי דאָס ווערק פון גערמאַנען און גערמאַנאָידן און אויפן סמך פון אַ גערמאַנישער אידעע; זי געפינט איר אָפּקלאַנג ביי אַלע העכערראַסיקע, אָבער זי פאַרענדיקט זיך מיטן מכשפים־טאַנץ פון די באַפרייטע אינסטינקטן פונעם מינדער־

ראַסיקן המון, וועלכער פאַרווענדט דאָס גערמאַנישע „ליכט פון הימל" נאָר פאַרן צוועק, בכדי צו זיין חיהשער ווי יעדע חיה" („די גערמאַנען אין עוראָפּאַ", ז"ז 149־150). צי מיינט דאָס, אַז דער גערמאַנישער אָפּשטאַם פונעם פראַנצויזישן אַדל, וועגן וועלכן גאָבינאָ אינפאָרמירט אונדז, איז געווען פּוסטע באַרימערייי אָדער האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט אַ פּאַרטיליקונגסקאַמף פון גערמאַנען קעגן גערמאַנען, ד. ה. מיט אַזאַ סאָרט ראַסנזעלבסטמאָרד?

אַזוי ווי מאַרקס און לאַסאַל זענען לויט זייער אָפּשטאַם געווען יידן, איז דאָס פּאָר אַזעלכע מענער פונעם שניט פון פיליפּ שטאַוף און טעאָדאָר פריטש און זייערס גלייכן דער בעסטער באַווייז, אַז די סאָציאַליסטישע לערע איז באַגרינדעט אין יידישן גייסט און פרעמד דעם ראַסנגעפיל פונעם נאָרדישן מענטש. דאָס, וואָס די גאָר גרויסע מערהייט פון די באַגרינדער פון סאָציאַליזם זענען געווען נישט־יידן און וואָס די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז אין די אַזויגערופענע גערמאַנישע לענדער פונקט אַזוי גוט אַריינגעדרונגען ווי אין די ראָמאַנישע, האָט פאַר דידאַ־זיקע הערן פונקט אַזאַ קליינעם באַדייט ווי דער פאַקט, וואָס מאַרקס און לאַסאַל זענען אין זייער גייסטיקער אַנטוויקלונג זיכער נישט באַאיינפלוסט געוואָרן אַמ־טיפסטן און אַמדויערנדיקסטן נישט פון דער אידעאָלאָגיע פון יידנטום, נאָר דווקא פון העגעלס פילאָזאָפיע. וואָס איז נוגע דער עצם אידעע פונעם סאָציאַליזם, האָט וואָלטמאַן דערקלערט, אַז זי האָט דווקא אין די גערמאַנישע שיכטן פון דער פּראָ־לעטאַרישער באַפעלקערונג אירע בעסטע און איבערצייגטסטע אָנהענגער, דערפאַר, ווייל אינעם גערמאַנישן עלעמענט געפינט דער דראַנג צו פרייהייט צוליב מאָטיוון פון בלוט דעם שטאַרקסטן אויסדרוק. דאַקעגן גאָבינאָ האָט אינעם סאָציאַליזם גע־זען די טיפּישע כאַראַקטעריסטיק פונעם מאָנגאָלטום און די תשוקה פונעם געבוי־רענעם קנעכט; פון דאַנען שטאַמט זיין בפירושע פאַראַכטונג צו די אַרבעטער, ביי וועמען ער האָט פאַרלייקנט יעדע קולטורעלע אַמביציע. דרוזמאַן האָט באַצייכנט די סאָציאַליסטן ווי „קעלטאָמאָנגאָלן". טשעמבערליין האָט אומעטום אין דער סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג דערשמעקט די יידישע אידעאָלאָגיע, וועלכע איז מיט אָט־דער באַוועגונג לגמרי אויסן חרוב צו מאַכן דעם גערמאַנישן גייסט ביים דייטשן פאָלק. דירינג ווידער האָט דערקלערט קורץ און קאַטעגאָריש: „די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז אין תוך געווען אַ רעאַקציאָנערע באַנדע, וועמעס אַקטיוויטעטן לטובת דעם שטאַטלעכן צוואַנג זענען נישט געווען אויסגערעכנט אויף פרייהייט און גוטער ווירטשאַפט, נייערט אויף דער פאַראַלגעמיינערונג פון דער קנעכטשאַפט און אויף עקספּלואַטאַציע דורך געצוואונגענער דינסט פאַרן שטאַט אין אינטערעס פון אָנפירנדיקע יידן און יידישע פאַראייניגן" („זאַכע, לעבען אונד פיינדע", ז. 207). און בכדי ס'זאָל אין אָט־דעם משוגענעם „פּאָטפּורי" גאָרנישט פעלן, האָבן די „רויע רייטער" פון דער ראַסנטעאָריע אין דייטשלאַנד פּראָקלאַמירט דעם הייליקן קריג קעגן דעם פאַריידישטן מאַרקסיזם און אַוועקגעשטעלט אַן אַזויגערופענעם נאַציאָ־נאַלסאָציאַליזם, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרויזאַמען געמיש פון קאַפּיטאַ־

ליסטישע וואולגאַריטעטן מיט אויסגעדראָשענעם סאָציאַליסטישן ווערטער־פּילפּול, וואָס אַזעלכעס איז נאָך קיינמאָל נישט געדאַכט געוואָרן. אונטער אָט־דער פאָן און אונטער דעם ליבלעכן פּאַראָל: „דייטשלאַנד דערוואַך! יודאַ פּעררעקקע!"(נעם איין אַ סוף) האָט מען געפונען דעם וועג צום דריטן רייך.

אָבער נאָך ווילדער ווערט דאָס בילד, ווען די מורי־דרך פון דער ראַסן־טעאָריע נעמען זיך גרייטן אונטערצוואַרפן די גרויסע פּערזענלעכקייטן פון דער געשיכטע אונטער דער נאָרדישער בלוט־פּראָבע. דאָס, וואָס קומט פון דעם אַרויס, מעג אַפילו נישט אויסגיין צום קאָפּ פון אַ קו, מעג עס אַפילו זיין דער קאָפּ פון דער באַרימטער וואָלקנקו אַודומלאַ פון דער נאָרדישער לעגענדע. קודם־כל קומט געטע, וועמעס כאַראַקטער־בילד אין די ראַסנביכער וואַקלט זיך מסוכנדיק. דער אויסזען פונעם „דייטשסטן פון אַלע דייטשן" איז יעדנפאַלס געווען זייער ווייניק אין איינקלאַנג מיט די פאָרשטעלונגען פונעם גערמאַנישן מענטשן. דערצו האָבן אים קודם־כל געפעלט די „בלויע שטראַלנדיקע הימלאויגן", די בלאָנדע האָר און נאָך פאַרשידענע אַנדערע פּרטים, וועלכע זענען ערשט משלים דעם הונדערט־פּראָצענטיקן נאָרדישן טיפּ. נישט געקוקט דערויף לויבט אים טשעמבערליין ווי דעם פּערפעקטסטן זשעניע פון דער גערמאַנישער ראַסע און אַנערקענט אין געטעס „פאַוסט" דעם רייפסטן פּראָדוקט פון גערמאַנענטום. אַלברעכט ווירט איז מיט דער מיינונג, ביי וועלכער, אַגב, עס האַלטן זיך כמעט אַלע אַנטראָפּאָלאָגן, אַז געטע איז אַ נישט־גערמאַנער און דער רוב זעט אין אים אַן אויסוואוקס פון דער אַלפּינער ראַסע. לענץ זעט אין געטען אַ פּאָדעראַזיאַטיש־גערמאַנישן געמיש. דירינג שטעלט אין ספק געטעס אַרישן אָפּשטאַם און גלייבט צו אַנטדעקן ביי אים סעמיטישע נטיות. צומווייטסטן איז אַוועק האַנס הערמאַן, וועלכער צייכנט־אָן אין זיין שריפט „דאַס סאַנאַטאָריום דער פרייען ליבע" אָט־אַזאַ בילד וועגן דעם גרעסטן פון די דייטשע דיכטער: „וואַרפט נאָר אַ בליק אויף געטען: דידאָזיקע אַרויסשטאַרטשענדיקע ברוינע אויגן, דידאָזיקע ביים שפּיץ אויסגעקרימטע נאָז, דערדאָזיקער לאַנגער גוף מיט די קורצע פיס און אים גופא פעלט, אַגב, נישט אַ לייכטער „מעלאַנכאָלישער" שטריך, און מיר האָבן איינגאַנצן דאָס אורבילד פון אַברהמס אַ יורש פאַר זיך".

לעסינג, וועמעס שעפעריש ווערק האָט געהאַט אַזאַ אַנטשיידנדיקן און טיפגייענדיקן באַדייט פאַר דייטשלאַנדס גייסטיקער אַנטוויקלונג, ווערט אַוועקגעשטעלט פון דריזמאַנען ווי די לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פון דייטשן גייסט. דאַקעגן דירינג האָט געפּרוּווט ברענגען דעם באַווייז, אַז דער דיכטער פונעם „נתן" האָט געהאַט יידיש בלוט אין זיינע אָדערן. אַפילו שילערס נאָז און אויך ריכאַרד וואַגנערס האָט אַרויסגערופן דעם חשד ביי די ראַסן־גריבלער, און שילער האָט נאָך גוט אָפּגעשניטן, ווען אַדאָלף באַרטעלס, דער פּויפּסט פון דער ליטעראַטור אין היינטיקן היטלעריסטישן דייטשלאַנד, האָט פאַרענטפערט דאָס „אומגערמאַנישע" און „אומדייטשע" אין שילערס ווערק מיטן געמיש פון קעלטישן בלוט.

פאַר טשעמבערליינען איז נאַפּאָלעאָן דער ערשטער געווען די לעבעדיקע

פאַרקערפּערונג פון אַלעם נישט גערמאַנישן. אָבער וואָלטהאַם האָט אין אים אַנט־דעקט אַ בלאָנדהאָריקן גערמאַן און האָט ווידער מיינט: „אויב מ׳זעט אין אים אַ „קאָרסיק״, שטעלט מען אים צו צו אַ גרופּע, אין וועלכער ער איז אַן אויסנאַם; אָבער אין צפון־איטאַליענישן אַדל, צו וועלכן ער געהער, געפינט מען די אַלע אויס־געצייכנטע „קאָנדאָטיערי״ פונעם רענעסאַנץ און מ׳דערקענט תיכף, אַז ער געהערט צו זיי״ („ראַססע און קולטור״, ז. 14). צו דעם קאָן מען בלויז באַמערקן, אַז די באַהויפּטונג, אַז נאַפּאָלעאָן זאָל שטאַמען פון אַ קאָנדאָטיערי־משפּחה איז בלויז אַ פּוסטע איבערחזרונג פון טענס אַ באַהויפּטונג. דער פאַקט איז, אַז צו דער גאַנצער משפּחה פון די באָנאַפּאַרטעס, נישט פון דער ליניע פון טרעוויסיאָ און אויך נישט פון דער ליניע פון פלאָרענץ, האָט נישט באַלאַנגט קיין איין קאָנדאָטיערי, אָבער ס׳האָט יאָ באַלאַנגט דער הייליקער בענאַווענטוראַ. דעריבער איז גערעכט מערעשקאָווסקי, ווען ער באַמערקט: „פאַרוואָס זאָל דאָס בלוט פונעם קיינמאָל נישט געוועזענעם „רויבער״ (קאָנדאָטיערי) זיך האָבן אַרויסגעוויזן שטאַרקער ווי דאָס בלוט פונעם ווירקלעך פאַראַנענעם הייליקן?״

אָבער גענוג מיטן אַכזריותדיקן שפּיל, וועלכן מ׳וואָלט געקאָנט פאָרזעצן ביז צום אין סוף, און לגמרי דערפון נישט ווערן קליגער. נישט קיין וויסנשאַפטלעכע מאָטיוון און נישט די שטים פונעם בלוט זענען דאָס געווען די סיבות, וועלכע האָבן די גרינדער פון דער ראַסנטעאָריע סוגערירט זייערע געדאַנקען, נייערט זייער גע־וואַלטזאַמע אַסאָציאַלע אידעע, וועלכע טרעט מיט די פיס יעדן מין סענטימענט פון מענטשלעכער חשיבות. צו קיינעם איז נישט אַזוי צוגעפּאַסט ווי צו זיי געטעס אַלטער זאָג: „ריכטיק וויסן ווי אַזוי עמעץ דענקט וועגן אַ געוויסן פאַל ווערט מען קאָנען ערשט דעמאָלט, ווען מ׳ווערט וויסן ווי אַזוי ער איז בכלל געשטימט״. נישט די לערע איז עס געווען, וועלכע האָט פאָרמירט זייער אָריענטאַציע, ס׳איז געווען די אָריענטאַציע, וועלכע האָט געגעבן פאָרעם און אינהאַלט זייער לערע. אָבער אָט־די אָריענטאַציע איז פאַרוואָרצלט אין טיפסטן מהות פון יעדער גייסטיקער, פּאָלי־טישער און סאָציאַלער רעאַקציע — אין דעם אופן, ווי אַזוי דער האָר טראַכט וועגן זיין קנעכט. יעדער שיכט, וועלכער איז ביז איצט געקומען צו דער מאַכט, האָט געהאַט דאָס באַדערפעניש אַרויפצולייגן אויף איר ממשלה דעם חותם פונעם אומ־פאַרענדערלעכן און פאַראורזאַכטן פונעם גורל, ביז דאָס איז, לסוף, ביסלעכווייז, ביי די הערשנדיקע קאַסטן גופא, געוואָרן אַן אינערלעכע זיכערקייט. מ׳פילט זיך ווי אַן אויסדערוויילטער און מ׳גלייבט אויך אויסערלעך צו האָבן אַנטדעקט ביי זיך די כאַראַקטער־שטריכן פונעם פּריווילעגירטן מענטשן. אַזוי איז אין שפּאַניע אויפ־געקומען די אמונה אינעם „סאַנגרע אַסול״, דעם „בלויען בלוט״ פונעם אַדל, וועגן וועלכן ס׳רעדט זיך צום ערשטן מאָל אין די מיטלאַלטערלעכע כראָניקן פון קאַס־טיליע. היינט פאַרופט מען זיך אויפן בלוט פון דער „איידעלער ראַסע״, וועלכע איז דאָס מכלומרשט באַרופן צו הערשן איבער אַלע פעלקער אויף אָט־דער ערד. ס׳איז דער אַלטער געדאַנק וועגן מאַכט, דאָס איצטיקע מאָל פאַרמאַסקירט אין גע־

וואַנט פון דער ראַסע. אַזוי דערקלערט טאַקע מיט איידעלער זעלבסטפאַרשטענדלעכ־
קייט איינער פון די באַקאַנטסטע פאַרטרעטער פון דער מאָדערנער ראַסנטעאָריע:

„די גאַנצע נאָרדישע קולטור איז מאַכט־קולטור, די גאַנצע נאָרדישע באַ־
גאַבונג איז פאַר ענינים פון מאַכט, פאַר ענינים פון אונטערנעמונג און וועלט־
געשטאַלטיקונג, סיי אין רוימלעכן, סיי אין גייסטיקן באַרייך, אין דער קונסט,
אין דער פאָרשונג"*).

אַלע פאַרטרעטער פון דער ראַסנלערע זענען געווען און זענען שטענדיק פאַר־
בינדעטע און פאַרטיידיקער פון יעדער פאָליטישער און סאָציאַלער רעאַקציע, פאַר־
טרעטער פונעם מאַכט־פרינציפּ אין זיין ברוטאַלסטער פאָרעם. גאָבינאָ איז געשטאַ־
נען מיטביידע פיס אין לאַגער פון דער קאָנטראַרעוואָלוציע און ער האָט אַפילו
נישט געמאַכט דעם קלענסטן סוד דערפון, אַז ער איז מיט זיין לערע אויסן צו
טרעפן „די דעמאָקראַטיע און איר כלי־זין, די רעוואָלוציע". און די שקלאַפן־אייגנ־
טימער פון בראַזיל און פונעם נאָרדאַמעריקאַנישן דרום האָבן זיך פאַרופן אויף זיין
ווערק, בכדי צו רעכטפאַרטיקן די קנעכטשאַפט פון די נעגער. טשעמבערליינס
„גרונדלאַגען" זענען געווען אַן אָפענע מלחמה־דערקלערונג קעגן אַלע דעראָבערונגען
פון די לעצטע הונדערט יאָר אין דער ריכטונג פון פערזענלעכער פרייהייט און צו
סאָציאַלער גלייכבאַרעכטיקונג פון די מענטשן. ער האָט פיינט געהאַט אַלעס, וואָס
איז געבוירן געוואָרן פון דער רעוואָלוציע, מיט גרימצאָרנדיקער פאַרביסנהייט און
ער איז געבליבן ביז צום סוף דער מורה־דרך פון דער פאָליטישער און סאָציאַלער
רעאַקציע אין דייטשלאַנד. אין דעם פּרט אונטערשיידן זיך די טרעגער פון דער מאָ־
דערנער ראַסנטעאָריע אַפילו נישט מיט קיין האָר פון זייערע פאָרגייער; זיי זענען
בלויז טעמפּער, אומגעלומפּערטער און ברוטאַלער און מהאי טעמה — געפערלע־
כער אין אַ צייט, ווען דאָס גייסטיקע אינעם פאָלק איז געליימט און זיינע געפילן
זענען, אַלס פועל־יוצא פונעם קריג און זיינע שרעקלעכע נאָכווייענישן, געוואָרן
פאַרהאַרטעוועט און שטומפּיק. אַזעלכע פאַרשוינען פונעם שניט ווי אַממאָן, גינטער,
האַוזער, ראָזענבערג א. אַ. וו. זענען לויט זייערע אַלע אַספּיראַציעס אומברחמנות־
דיקע און פאַרביסענע רעאַקציאָנערן. וואָזהין דאָס דערפירט, ווענגן דעם גיט אונדז
דאָס דריטע רייך פון די היטלערס, גערינגס, געבעלס אַן אָנשוילעכע לעקציע. ווען
גינטער רעדט אין זיין „ראַססענקונדע דעס דויטשען פאָלקעס" וועגן אַ „מדרגה־
קלאַסיפיקאַציע פון די דייטשן לויט זייער בלוט", פאַלט זיך אַט־דער באַגריף צונויף
מיטן באַגריף פון אַ שקלאַפן־פאָלק, וועלכעס איז סאָרטירט לויט אַ באַשטימטן סדר
פון העכערע און נידעריקערע מדרגות, וועלכעס דערמאָנט אינעם קאַסטן־סיסטעם
פון די אינדיער און עגיפּטער. פאַרשטייט מען שוין דעריבער, פאַרוואָס די דאָזיקע
טעאָריעס באַקומען גראָד צווישן די גרויסאינדוסטריאַליסטן דאָס טיפסטע פאַר־

*) L. F. Clauss, Rasse und Seele, S. 81.

שטענדעניש. אַזוי האָט די „דויטשע אַרבייטגעבערצייטונג" געשריבן וועגן גינטערס בוך:

„וואו בלייבט דער חלום וועגן דער מענטשלעכער גלייכהייט, ווען מ'וואַרפט בלויז אַ בליק אין אָט־דעם ווערק? מיר באַטראַכטן דעם שטודיום פֿון אַזאַ ווערק נישט נאָר ווי אַ קוואַל פֿון איידלסטער אונטערהאַלטונג און באַלערונג, נייערט מיר גלייבן אויך, אַז קיין שום פּאָליטיקער איז נישט אימשטאַנד זיך צו שאַפֿן אַ ריכטיקע מיינונג, אויב ער פֿאַרנעמט זיך נישט גרינטלעך מיט דעם דאָ באַהאַנדלטן פּראָבלעם".

נאַטירלעך! בעסער איז נישט מעגלעך מאַראַליש צו רעכטפֿאַרטיקן די אינדוסטריעלע לייבאייגנשאַפֿט, וועלכע שוועבט פֿאַר די אויגן פֿון אונדזערע אינדוסטריע־מאַגנאַטן ווי אַ צוקונפֿטס־בילד.

די ראַסנטעאָריע האָט זיך קודם־כל באַוויזן ווי אַן אויפֿפֿאַסונג פֿון דער געשיכטע, אָבער מיט דער צייט האָט זי באַקומען אַ פּאָליטישן באַדייט און הייַנט קריסטאַליזירט זי זיך אויס אין דייטשלאַנד אין אַ נייע, רעאַקציאָנערע אידעאָלאָגיע, וועלכע אַנטהאַלט אין זיך אומאָפּשאַצבאַרע סכנות פֿאַר דער צוקונפֿט. ווער עס מיינט צו זען אין אַלע פּאָליטישע און סאָציאַלע סתירות די בלויז פֿון בלוט פֿאַראורזאַכטע דערשיינונגס־פֿאָרמען פֿון דער ראַסע, יענער פֿאַרלייקנט יעדן שלום־מאַכנדיקן איינפֿלוס פֿון די אידעען, יעדע געמיינשאַפֿט פֿונעם עטישן סענטימענט און ער מוז ביי יעדער אַנטשיידונג אָנקומען צו דער ברוטאַלער געוואַלט. פֿאַקטיש איז די ראַסנטעאָריע נישט עפּעס אַנדערש ווי דער קולט פֿון דער געוואַלט. ראַסע ווערט גורל, קעגן וועלכן מ'קאָן זיך נישט אַרויסשטעלן, דעריבער איז יעדעס פֿאַררופֿן זיך אויף די עיקרים פֿון מענטשלעכקייט נישט מער ווי פּוסטע רייד, וועלכע קאָנען נישט לאָזן מאַכן אָפּשטעלן די געזעצן פֿון דער נאַטור. אָט־די קאַשמאַרישע אמונה איז נישט בלויז אַ דויערנדיקע סכנה פֿאַר די פֿרידלעכע באַציאונגען פֿון די פֿעלקער צווישן זיך; זי טייט אויך אָפּ יעדעס מיטגעפֿיל אין אייגענעם פֿאָלק און פֿאַרענדיקט זיך לאָגישערוויַיז מיט אַ צושטאַנד פֿון דער ברוטאַלסטער באַרבאַריע. וואוהין אָט־דער וועג פֿירט, דאָס ווייַזט אונדז ערנסט מאַנס מאַמר „מאָראַל דער קראַפֿט", וואו מיר לייענען:

„אַפילו דער, וואָס האָט אַלס קאָנסעקווענץ פֿון זיין בראַווקייט אינעם קאַמף פֿאַרן טובת הכלל באַקומען אַ שווערע וואונד אָדער אַ קראַנקייט, האָט אויך נישט קיין רעכט צו פֿאַלן צו לאַסט זיינע מיטמענטשן אַלס קריפּל אָדער חולה. אויב ער איז געווען גענוג מוטיק איינצושטעלן זיין לעבן אינעם קאַמף, דאַרף ער אויך באַזיצן די לעצטע מוטיקייט אַליין צו פֿאַרענדיקן מיטן ווערטלאָזן רעשט פֿון זיין לעבן. זעלבסטמאָרד איז די איינציקע העלדנטאַט, וועלכע פֿאַרבלייבט נאָך פֿאַר די קרענקלעכע און שוואַכלעכע".

אַזוי אַרום וואָלטן מיר זיך גליקלעכערוויַיז צוריק אומגעקערט צום קולטור־ניוואָ פֿון די פּאַפּואַס. אַזעלכע אידעאָלאָגיעס פֿירן צו אַ פֿולשטענדיקער פֿאַרווילדערונג און פֿאַראורזאַכן יעדן מענטשלעכן געפֿיל גרעסערע וואונדן ווי מ'שטעלט

זיך פאַר. די ראַסנטעאָריע איז דער לייטמאָטיוו פון אַ נייעם באַרבאַרנטום, וועלכעס שטעלט אין סכנה דעם גאַנצן גייסטיקן און פסיכישן ווערט פון דער קולטור און דורך דער שטים פונעם בלוט דראָט זי צו דערשטיקן די שטים פונעם גייסט. אַזוי אַרום ווערט דער גלויבן אין דער ראַסע פאַרוואַנדלט אינעם ברוטאַלסטן רעכט פון דער פויסט קעגן דער פּערזענלעכקייט פונעם מענטשן, אין דער אומווירדיקער פאַר־לייקענונג פון יעדער סאָציאַלער גערעכטיקייט. פונקט ווי יעדער אַנדערער פאַטאַליזם, אַזוי באַדייט אויך דער ראַסן־פאַטאַליזם דאָס אָפּזאָגן זיך פונעם גייסט, די דערני־דעריקונג פונעם מענטשן צום איינפאַכן בלוטגעפעס פון דער ראַסע. אָנגעווענדט אויפן באַגריף פון דער נאַציע, באַווייזט די ראַסנלערע, אַז די נאַציע איז נישט קיין אָפּשטאַמונגס־געמיינשאַפט, ווי דאָס ווערט אַזוי אָפט אַרויסגעזאָגט; און דערמיט, וואָס זי צעלייגט די נאַציע אין אירע איינצלנע באַשטאַנדטיילן, צעשטערט זי די יסודות פון איר עקזיסטענץ. און אויב די אָנהענגער פון דער נאַציע שטעלן זיך היינט פונדעסטוועגן אַזוי ליאַרעמדיק אַרויס ווי די פאַרטרעטער פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן, קאָן מען זיי אָנווייזן אויף גרילפּאַרצערס זאָג: „דער וועג צו דער נייער בילדונג גייט פון הומאַניטעט דורך נאַציאָנאַליטעט צו בעסטיאַליטעט״.

# IV

## די פּאָליטישע איינהייט און די עוואָלוציע פון דער קולטור

וועגן דעם באַגריף קולטור. — קולטור ווי אַן עטישע מאָס ביי קאַנטן, הערדערן און אַנדערע. — קולטור און ציוויליזאַציע. — קולטור ווי אַ באַוואוסטזיניקע מרידה קעגן דעם נאַטירלעכן גאַנג. — נאַטורפעלקער און קולטורפעלקער. — די קולטור אינעם קאַמף קעגן הערנטום און תשוקה צו מאַכט. — סאָלידאַריטעט ווי אַ וויכטיקסטער אָנרעגער פון קולטור. — פאַרהעלטעניש פון באַזונדערע מענטשנגרופּן צום אַלגעמיינעם גאַנג פון די קולטורעלע געשעענישן. — קולטורעלע באַפרוכפערונג דורך פרעמדע איינפלוסן. — נאַציע און קולטור־קרייז. — דער ניצחון פון דער העכערער קולטור איבער פּאָליטישער אונטעריאָכונג. — קולטורעלע צופּאַסונג און שטאַטלעכע אַסימילאַציע.

איידער מיר וועלן נעמען באַטראַכטן אויספירלעכער די באַציאונגען פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט צו דער אַלגעמיינער אויסוויקלונג פון דער קולטור, איז נייטיק קודם־כל צו דעפינירן דעם באַגריף קולטור אַזוי שאַרף ווי מעגלעך, בכדי אויסצומיידן יעדן מין אומקלאָרקייט. דאָס וואָרט קולטור, ווערמעס אַלגעמיינער באַנוץ איז נאָך אַ פאַרהעלטנישמעסיק ערשטיקער, פאַרקערפּערט בשום אופן נישט קיין קלאָר דעפינירטן באַגריף, ווי מ׳וואָלט געקאָנט לאָגיש אָננעמען לויט דער אָפטקייט פון זיין אָנווענדונג. אַזוי רעדט מען וועגן אַ באָדן־קולטור, וועגן אַ פיזישער, פּסיכישער און גייסטיקער קולטור, וועגן דער קולטור פון אַ ראַסע אָדער פון אַ נאַציע, פון אַ מענטשן, וועלכער באַזיצט קולטור, און נאָך אַזעלכע ענינים און אין יעדן פאַל פאַרשטייט מען עפּעס אַנדערש. ס׳איז נאָך גאָר נישט לאַנג אין דעם, ווי מ׳האָט דעם באַגריף קולטור אויסגעטייטשט אין אַ כמעט ריין עטישן זין. מ׳האָט גערעדט וועגן דער זיטלעכקייט פון די פעלקער, אַקוראַט אַזוי ווי מיר רעדן היינט וועגן זייער קולטור. פאַקטיש פלעגט מען ביז צום סוף פון 19־טן יאָרהונדערט און נאָך שפּעטער אָנווענדן דעם באַגריף „הומאַניטעט״, וועלכער איז דאָך אַ ריין־מאָראַלישער באַגריף, אין זעלביקן זין ווי היינט דאָס וואָרט קולטור, און ס׳וואָלט דאָך נישט געווען לייכט צו באַהויפּטן, אַז יענע באַצייכענונג איז געווען ערגער אָדער אומקלאָרער.

מאָנטעסקיו, וואָלטער, לעסינג, הערדער און אַ סך אַנדערע האָבן באַנומען

קולטור בכלל ווי אַן עטישן באַגריף. אין זיינע „אידעען צור פילאָזאָפי דער געשיכטע דער מענשהייט" האָט הערדער אַוועקגעשטעלט דעם פּרינציפּ, אַז די קולטור פון אַ פאָלק שטייט אויף אַזוי פיל העכער, אויף ווי ווייט עס קומט ביי אים צום אויסדרוק דער גייסט פון דער הומאַניטעט. אַגב גילט נאָך אויך היינט פאַר אַ סך מענטשן דאָס עטישע געפיל ווי דער כלל־באַגריף פון יעדער קולטור. אַזוי דערקלערט ווערא שטראַסער אין אַ גרויספּאַרנעמיקן ווערק, „אַז דער פּראָגרעס פון דער קולטור באַשטייט אין דעם, אַז יעדער איינער זאָל אונטערדריקן דאָס חיהשע און סטימולירן דאָס גייסטיקע", וואָס פונעם אויסגעוויילטן קאָנטראַסט דרינגט שוין בולט אַרויס, אַז דאָס גייסטיקע ווערט באַטראַכט ווי אַן אויסדריקלעך מאָראַלישער באַגריף"*).

אויך קאַנט האָט געזען אין דער מאָראַל דעם עיקרדיקן כאַראַקטערשטריך פון דער קולטור. אַרויסגייענדיק פונעם שטאַנדפּונקט, אַז דער מענטש איז אַ באַשעפעניש, ביי וועלכן די נטיה צו אָפּזונדערונג גייט צוזאַמען מיט דער נטיה צו געזעלשאַפטלעכקייט, האָט ער געגלייבט צו זען אין אָט־דעם ווידערשטרייט פון די דאָזיקע צוויי נטיות דעם „גרויסן אינסטרומענט פון דער קולטור" און דעם אייגנטלעכן מקור פון די עטישע געפילן ביים מענטשן. ערשט אַזוי אַרום איז דער מענטש געוואָרן פעאיק גובר צו זיין זיין נאַטירלעכע רויהייט און דערגיין צו דער מדרגה פון דער קולטור, וועלכע באַשטייט, לויט קאַנטס אייגענעם זאָג, „אינעם געזעלשאַפטלעכן ווערט פונעם מענטש". די קולטור האָט זיך אים אויסגעוויזן ווי דער ענדצוועק פון דער נאַטור, וועלכע דערגייט ביים מענטשן צום באַוואוסטזיין פון זיך גופא. לויט קאַנטס באַנעם אַנטהאַלט די קולטור גופא אַ סך שטרויכלונגען אין זיך, וועלכע פאַרהאַלטן אַנזעעוודיק דעם פרייען וואוקס פון דער מענטשהייט, אָבער אין תוך פאַלן זיי איר אויס לטובה. אין דעם זין האָט ער געגלייבט צו זען אין יעדער אויסדרוקספאָרעם פון דער קולטור אַ רמז, וועלכער ווייזט־אָן אויפן גרויסן ענדציל, צו וועלכן די מענטשהייט שטרעבט.

מ'האָט שפּעטער געפּרואווט צו מאַכן אַ חילוק צווישן קולטור און ציוויליזאַציע און געוואָלט האָט מען דאָס טאָן אויף דעם אופן, אַז אונטער ציוויליזאַציע האָט מען געוואָלט פאַרשטיין בלויז די צוימונג פון דער דרויסנדיקער נאַטור דורכן מענטשן, בעת קולטור האָט געדאַרפט אָפּגעשאַצט ווערן ווי די פאַרגייסטיקונג און פסיכישע פאַרפיינערונג פון דער פיזישער עקזיסטענץ. אין דעם זין האָט מען דורכגעפירט באַשטימטע איינטיילונגען פון די געזעלשאַפטלעכע לעבנס־דערשיינונגען און אינטערפּרעטירט קונסט, ליטעראַטור, מוזיק, רעליגיע, פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט ווי באַזונדערע געביטן פון דער קולטור, בעת די טעכניק, דאָס עקאָנאָמישע לעבן און די פּאָליטישע געשטאַלטיקונג האָט מען אַוועקגעשטעלט אונטערן באַגריף ציוויליזאַציע. אַנדערע ווילן אויך אין דער וויסנשאַפט זען בלויז אַ דערשיינונגס־פאָרעם פון דער ציוויליזאַציע, מחמת אירע פּראַקטישע ווירקונגען באַאיינפלוסן און ענדערן

---

*) Vera Strasser, Psychologie der Zusammenhänge und Begenbenheiten, Berlin, 1921.

כסדר דעם מאַטעריעלן לעבנס־אופן פונעם מענטשן. דידאַזיקע אַלע פּרואוון האָבן זייערע באַשטימטע מעלות, אָבער אויך זייערע חסרונות, מחמת ס׳איז נישט אַזוי פּשוט דאָ אָנצוצייכענען באַשטימטע גרענעצן, ווען אַפילו מ׳זאָל ביי זיך זיין פּאָזי־טיוו זיכער, אַז עס האַנדלט זיך בלויז וועגן אַזעלכע פונאַנדערטיילונגען, וועלכע דאַרפן אונדז פאַרלייכטערן די אויספאָרשונג פון די ווירקלעכע פּאַסירונגען.

דאָס לאַטיינישע וואָרט „קולטורא״, וועלכעס איז כמעט פאַרגעסן געוואָרן, איז לכתחילה אָנגעווענדט געוואָרן כמעט בלויז אויף דער אַגריקולטור, פּיצוכט און ענלעכע ענינים, וועלכע האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ באַוואוסטזיניקע אינטערווענץ פונעם מענטשן אין די נאַטירלעכע פּראָצעסן, און האָט געהאַט דעם באַדייט פון אָפּ־היטונג, קולטיווירן. אַזאַ מין אינטערווענץ אַנטהאַלט נישט אין זיך קיין שום קעגנ־זאַץ; מ׳קאָן עס אויך באַנעמען ווי אַ באַזונדערע געשטאַלטיקונג פון די פּאַסירונגען, וועלכע גלידערן זיך איין אין דער לאַנגער שורה פון די נאַטירלעכע געשעענישן. ס׳איז זייער וואַרשיינלעך, אַז ערשט דער קריסטלעך־טעאָלאָגישער אופן פון דענקען איז געווען דער אוממיטלבאַרער גורם איינצושטעלן סתם אַזוי אַ קינסטלעכע סתירה צווישן נאַטור און קולטור און געטאָן האָט ער עס דערמיט, וואָס ער האָט געשטעלט דעם מענטשן א י ב ע ר דער נאַטור און אים געמאַכט גלייבן, אַז זי איז גע־שאַפן געוואָרן נאָר פון זיינעטוועגן.

ווען מ׳גייט־איין אויף אָט־דעם אויסטייטש, צו פאַרשטיין אונטער קולטור נאָר די באַוואוסטזיניקע אינטערווענץ פונעם מענטשן אינעם בלינדן גאַנג פון די נאַטור־כוחות, ביי וואָס מ׳קאָן, אַגב, מאַכן אַ חילוק צווישן נידעריקערע און העכערע פאָרמען פון די קולטורעלע פּראָצעסן, האָט מען שוין דערמיט געפונען אַ דערקלע־רונג, וועלכע קאָן מסתמא נישט זיין קיין מאָטיוו פאַר פאַלשע אויסטייטשונגען. בהסכם דערמיט, איז קולטור דער באַוואוסטזיניקער ווידערשטאַנד פונעם מענטשן קעגן דעם נאַטירלעכן גאַנג פון די זאַכן, וואָס נאָר אים אַליין האָט ער צו פאַרדאַנ־קען דעם קיום פון זיין מין. אַ גרויסע צאָל גאַטונגען, וועלכע האָבן אַמאָל באַפעל־קערט די ערד, זענען אומגעקומען אינעם פריען אייזפעריאָד, ווייל די נאַטור האָט ביי זיי צוגענומען די געוויינלעכע שפּייז און די אַלטע לעבנס־באַדינגונגען. אָבער דער מענטש האָט געקעמפט קעגן די אומגעביטענע באַדינגונגען פון דער עקזיסטענץ און געזוכט מיטלען און אופנים זיך אַרויסצודרייען פון אירע פאַרלענדנדיקע ווירקונ־גען. אין דעם זין איז זיין גאַנצע אַנטוויקלונג און זיין אויסשפּרייט אויף דער ערד אַ באַשטענדיקער קאַמף קעגן די נאַטירלעכע באַדינגונגען פון זיין סביבה, וועלכע ער האָט געזוכט צו ענדערן אויף זיין אופן און צו זיין גונץ. ער האָט זיך געשאַפן קינסטלעכע מכשירים, געווער און ווערקצייג, זיך געמאַכט נוצבאַר דאָס פייער און דורך פּאַסיקער הלבשה און וואוינונג האָט ער זיך צוגעפּאַסט צו די פאַרהעלטענישן, אין וועלכע ער איז געווען געצוואונגען צו לעבן. אַזוי האָט ער זיך אַזויצוזאָגן גע־שאַפן זיין אייגענעם קלימאַט, וועלכעס האָט אים געמאַכט פּעאיק צו בייטן דאָס אָרט און צו ווידערשפּעניקן די נאַטירלעכע לעבנס־באַדינגונגען. בהסכם דערמיט

איז דאָס אָנהייבן ווערן מענטש די התחלה פון יעדער קולטור און דאָס מענטשלעכע לעבן איז סתם איר אינהאַלט. אַן אילוסטרירטע פאָרשטעלונג פון די צוויי סתירה־דיקע באַגריפן נאַטור און קולטור האָט געגעבן לודוויג שטיין, ווען ער האָט געזאָגט:

„די אַן אויסנאַמלעכע רעגלמעסיקייט אינעם גאַנג פון אַלע געשעענישן, אַזוי ווי זיי וויקלען זיך אויס אָן געוויסע ענדציל, ד. ה., בכן, אָן מענטשלעכער מיטאַרבעט, רופן מיר נאַטור. דאַקעגן דאָס פון מענטשן צוועקמעסיק און פּלאַנמעסיק באַאַרבעטע, געשטרעבטע, פּראָיעקטירטע, דערגרייכטע און פאָרמירטע רופן מיר קולטור. דאָס, וואָס שפּראָצט אַרויס אַליין פונעם באָדן, אָן דעם אָנווענד פון מענטשלעכער אַרבעטס־קראַפט, איז אַ נאַטור־פּראָדוקט; אָבער דאָס, וועלכעס באַקומט פאָרעם און געשטאַלט ערשט דורך דעם צולייגן מענטשלעכע אַרבעטס־קראַפט, דאָס איז אַן אַרטעפאַקט אָדער קולטור־פּראָדוקט. די מענטשלעכע אַרבעטס־קראַפט בעסערט אויס די אומבאַוואוסטצוועקמעסיקע שעפערישע טעטיקייט פון דער נאַטור און זי טוט דאָס דורך באַוואוסטזיניקער צוועקמעסיקייט און כוונה און דורך אַן אויסגעאַרבעטן סיסטעם פון צופּאַסן די צוועקן צו זייערע מיטלען. מיט דער הילף פון די מכשירים, וועלכע דער מענטש, ווי אַ נאָכמאַכנדיק באַשעפעניש, שאַפט זיך איין אין בהדרגהדיקער נאָכמאַכונג פון זיינע אייגענע אָרגאַנען, און מיט דער הילף פון אינסטיטוציעס און אַרבעטס־שפּאָרנדיקע אינסטרומענטן, וועלכע ער טראַכט אויס, יאָגט דער מענטש אונטער דעם איינטאָניק־פאַמעלעכן גאַנג פונעם נאַטור־פּראָצעס און פאַרשטייט ווי אַזוי אים צו מאַכן דינסטבאַר פאַר זיינע אייגענע צוועקן. דער טיפּ פונעם נאַטור־צושטאַנד איז בכן: באַהערשונג פונעם מענטשן מצד זיין סביבה; דער מהות פונעם קולטור־צושטאַנד דאַקעגן פאַרלאַנגט: באַהערשונג פון דער סביבה דורך דעם מענטשן*).

דידאָזיקע דעפיניציע פונעם באַגריף איז פשוט און קלאָר; זי האָט נאָך, חוץ־דעם, די מעלה, וואָס זי שטעלט פאָר בלויז דאָס פאַרהעלטעניש צווישן נאַטור און קולטור, נישט אַוועקשטעלנדיק קיין בפירושן קאָנטראַסט צווישן זיי. דאָס איז וויכטיק, מחמת אויב מ׳האַלט זיך ביי דער מיינונג, אַז אויך דער מענטש איז נאָר אַ טייל פון דער נאַטור, איינס פון אירע באַשעפענישן, וועלכעס שטייט נישט איבער איר און נישט מחוץ איר, אין דעם פאַל גייט אויך זיין אַקטואַציע נישט אַרויס פון די ראַמען פון דער נאַטור, מעגן מיר עס אָנרופן קולטור, ציוויליזאַציע אָדער אַנדערש. אין אָט־דעם זין איז די קולטור נאָר אַ באַזונדערע דערשיינונגס־פאָרעם פון דער נאַטור, וועמעס התחלות זענען געקנופּט און געבונדן מיטן מענטשנס באַווייזן זיך אויף דער ערד. *זיין* געשיכטע איז די געשיכטע פון דער קולטור אין אירע פאַרשידנדיקע גראַדואַציעס, און פונדעסטוועגן באַלאַנגט ער, פּונקט ווי אַלע אַנדערע באַשעפענישן, צו דערזעלביקער אַלגעמיינהייט, וועלכע מיר רופן נאַטור. ס׳איז טאַקע די קולטור, וועלכע ווייזט אים אָן זיין פּלאַץ אינעם גרויסן באַרייך פון דער נאַטור, וועלכע איז אויך *זיין* מוטער. נאַטירלעך קאָן מען שטענדיק רעדן נאָר וועגן אַ רעלאַטיווער באַהערשונג פון דער נאַטור דורכן מענטש, מחמת אַפילו די פּראָגרעסיווסטע קולטור איז ביז איצט נישט געווען אימשטאַנד פולשטענדיק גובר צו זיין די נאַטור. אַ שטורמישער צופלוס פון וואַסער איז גענוג צו צעשטערן זיינע

*) Dr. Ludwig Stein, Die Anfänge der menschlichen Kultur, S. 2, Leipzig 1906

קינסטלעך־פאַרלייגטע דאַמבעס, צו פאַרפלייצן זיינע פאַרזייטע פעלדער או צו פאַרזינקען אין די טיפעניש פון ים זיינע קונסטפול־אויסגעאַרבעטע שיפן. אַן ערדציטער פאַרלענדט אין אייניקע מינוט בלויז די שווערפאַרהאָרעוועטע רעזולטאַטן פון אַ דורותדיקער שעפערישער טעטיקייט. דער אַנטוויקלונגס־גאַנג פון דער קולטור איז בלויז אַ בהדרגהדיקע באַהערשונג פון דער נאַטור דורכן מענטשן, וועלכע ווערט, דורך דער פּראָגרעסירנדיקער אַנטוויקלונג, געשטאַלטיקט אַלץ פּלאַנמעסיקער און זיכערער אין איר ציל, הגם זי איז קיינמאָל נישט קיין אַבסאָלוטע.

דערמיט פאַלן אויך אַוועק די קינסטלעכע גרענעצן, וואָס מ׳האָט אָנגעצייכנט צווישן אַזויגערופענע „נאַטורפעלקער" און „קולטורפעלקער". אַזאַ מין פונאַנדערשייד איז בשום אופן נישט בהסכם מיט די ווירקלעכע פאַקטן, מחמת ס׳זענען לחלוטין נישט פאַראַן קיין שבטים און פעלקער, וועלכע האָבן לגמרי נישט קיין שום קולטור. שוין פרידריך ראַצעל, דער אייגנטלעכער באַגרינדער פון דער אַנטראָפּאָגעאָגראַפישער אינטערפּרעטאַציע פון דער געשיכטע, האָט באַמערקט אין זיין „פעלקערקונדע", אַז ס׳איז נישט פאַראַן קיין וועזנטלעכער חילוק צווישן נאַטור־ און קולטור־פעלקער; ס׳איז בלויז פאַראַן אַ חילוק אינעם גראַד פון זייער קולטור, אַזוי, אַז אינדעראמתן קאָן מען נאָר רעדן וועגן קולטור־אָרעמערע און קולטור־רייכערע פעלקער.

די פאַרשידענע פאָרמען פונעם קולטורעלן לעבן האָבן פון זיך אַליין דערפירט צו געוויסע אונטערשיידן, און ווען אַפילו ס׳איז קוים מעגלעך צו ציען באַשטימטע גרענעץ־ליניעס צווישן די באַזונדערע אַקטואַציע־געביטן פון דער מענטשלעכער קולטור, קאָנען מיר זיך אָבער, פונדעסטוועגן, נישט באַגיין אָן אַזעלכע ליניעס, מחמת אונדזער געהירן איז שוין אַזוי איינגעשטעלט, אַז מיר קאָנען זיך אַ ריר־טאָן פאָרויס נאָר אויף די קוליעס פון די באַגריפן. אַזוי האָט די שילדערונג פון דער ריין־פּאָליטישער געשיכטע פון די איינצלנע מלוכות, וועמעס תוכן האָט זיך באַשרענקט כמעט אויסשליסלעך אויף דער אויסרעכענונג פון די דינאַסטיעס, אויף דער פאַרצייכענונג און באַשרייבונג פון די מלחמות און דעראָבערונגען און אויף אַ דערקלערונג פון די פאַרשידענע רעגירונגס־סיסטעמען, אָן ספק ערשט געגעבן דעם אמתן שטויס צו טיפערע קולטור־היסטאָרישע אָפּשאַצונגען. מ׳האָט אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז מיט אָט־די איינזייטיקע שילדערונגען איז נאָך לאַנג נישט אויסגעשעפּט די אומבאַגרענעצטע שפע פון די קולטורעלע געשעענישן, אַז זיי צעלייגן זיך גיכער אויף אַן אומגעהעריקן אופן מיט די אומפּרוכפּעריקע זייטן. ווייל פונקט ווי נישט אַלע כוחות פון דער נאַטור זענען צוועקמעסיק און ניצלעך פאַרן מענטשן, פונקט אַזוי זענען אויך נישט אַלע רעזולטאַטן פון דער סאָציאַלער סביבה, וועלכע ער האָט געשאַפן, גינציק פאַר זיין העכערער אַנטוויקלונג; אייניקע פון זיי ווירקן אַפילו ווי געפערלעכע שטרויכלונגען פאַר אָט־דער אַנטוויקלונג.

אויך קנעכטשאַפט און דעספּאָטיזם זענען דערשיינונגס־פאָרמען פון די אַלגעמיינע קולטורעלע געשעענישן, מחמת אויך זיי שטעלן מיט זיך פאָר אַ באַוואוסטזי־

ניקן אַריינמיש אינעם נאַטירלעכן גאַנג פון די זאַכן. אָבער זיי זענען סוף־כל־סוף נאָר די קרענקלעכע אויסוואוקסן פון דער געזעלשאַפטלעכער קולטור, וועגן וועמעס אומגליק־ברענגענדיקע רעזולטאַטן דער מענטש האָט זיך אין משך פון דער צייט אַלץ מער איבערצייגט. די גרויסע צאָל געזעלשאַפטלעכע איבערקערענישן און די אומציילִיקע בונטן קעגן אַלטע און נייע הערשאַפטס־סיסטעמען זענען עדות אויף דעם. אַזוי ווי דער מענטש איז זיך מכוון איבערצוגעבן צו זיין נאַטירלעכער סביבה וואָס מער פון זיין אייגענעם מהות, אַזוי שטויסט אים אויך זיין אייגענע אַנטוויקלונג וואָס ווייטער אַלץ מער אויסצוראָמען דאָס בייזס פון זיין סאָציאַלער סביבה, בכדי צו באַגינציקן די גייסטיקע אַנטוויקלונג פון זיין מין און דערגיין צו אַן אַלץ גרעסער־רער שלימות. דער עיקר העיקרים פון יעדער קולטור איז, אַז דער מענטש זאָל זיך נישט אונטערוואַרפן בלינדערהייט דער רויער ווילקירלעכקייט פון די נאַטירלעכע פאַסירונגען, נייערט קעמפן קעגן זיי, בכדי צו געשטאַלטיקן זיין גורל לויט זיין אייגענעם איינזען. אַזוי אַרום וועט ער אויך צעברעכן די קייטן, וועלכע ער האָט זיך אַליין אויסגעשמידט, ווען אומוויסנהייט און אַבערגלויבישקייט האָבן אים פאַרנעפּלט זיין בליק. וואָס טיפער זיין גייסט דרינגט אַריין אין די פאַרפלאָנטערטע וועגן פון זיין סאָציאַלער אַנטוויקלונג, אַלץ ברייטער און פאַרנעמיקער ווערן די צילן, וועלכע ער שטעלט זיך, אַלץ באַוואוסטזיניקער און אויסדריקלעכער וועט ער פּרואוון צו ווירקן אויפן גאַנג פון דערדאָזיקער אַנטוויקלונג און זען, אַז אַלע געזעלשאַפט־לעכע געשעענישן זאָלן שטיין אין דינסט פון די העכערע צוועקן פון דער קולטור.

אַזוי אַרום, געטריבן פון אַן אינערלעכער לעכצעניש און אָנגערעגט דורכן אייב־פלוס פון די געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן, אין וועלכע מיר לעבן, דערנענטערן מיר זיך צו אַ סאָציאַלער קולטור, וועלכע וועט מער נישט וויסן פון קיין שום פאָר־מען פון עקספּלואַטאַציע און קנעכטשאַפט. און אָט־די צוקונפטיקע קולטור וועט אין איר ווירקונג זיין אויף אַזוי פיל מער מזלדיק, אויף וויפל קלאָרער אירע טרעגער וועלן זען אין דער פערזענלעכער פרייהייט פונעם יחיד און אין אַלעמענס אַחדות צווישן זיך, דורך די סאָלידאַרישע פעדים פון אַ סאָציאַלן גערעכטיקייטס־געפיל, די אמתע סיבות פון זייער געזעלשאַפטלעכער אַקטואַציע. פרייהייט נישט אין העגעלס אַבסטראַקטן זין, נאָר באַנומען ווי אַ פּראַקטישע מעגלעכקייט, וועלכע זאָל גאַראַנ־טירן יעדן מיטגליד פון דער געזעלשאַפט צו קאָנען אַנטוויקלען אין זייער גאַנצער שלימות אַלע זייערע כוחות, פעאיקייטן און אייגנשאַפטן, וועלכע ער האָט באַקו־מען פון דער נאַטור, נישט ווערנדיק געשטערט דורכן צוואַנג פון אויטאָריטערע באַ־שטימונגען און דורך די אומפאַרמיידלעכע ווירקונגען פון אַן אידעאָלאָגיע פון ברוּ־טאַלער געוואַלט־מאַכט. פרייהייט פון דער פערזאָן אויפן געביט פון עקאָנאָמישער און סאָציאַלער גלייכבאַרעכטיקונג. נאָר אויף אָט־דעם דרך גיט מען דעם מענטשן די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען ביז צו דער העכסטער מדרגה דאָס באַוואוסטזיין פון זיין פערזענלעכער אַחריות, וועלכע איז דער אייזערנער יסוד פון יעדן מין פרייהייט, און אַנטוויקלען דאָס לעבעדיקע געפיל פון דער אינערלעכער צוזאַמענגעהעריקייט

מיט זיינסגלייכן ביז צו אַזאַ גראַד, וואו די וואונטשן און די באַדערפעינישן פונעם אינדיוויד דרינגען אַרויס פון דער גאַנצער טיפעניש פון זיינע סאָציאַלע געפילן.

פונקט ווי אין דער נאַטור איז דער ברוטאַלער קאַמף, וועלכער ווערט אויסגעקעמפט מיט נעגל און ציין, נישט די איינציקע פאָרעם פונעם לעבנס־אויפהאַלט, מחמת נעבן אָט־דער רויער דערשיינונגס־פאָרעם איז פאַראַן נאָך איינער, און אַ פיל ווירקזאַמערער אופן אינעם קאַמף פאַרן קיום, וועלכער געפינט זיין אויסדרוק אין געזעלשאַפטלעכן צונויפנעמען זיך פון די שוואַכערע מינים און אין זייער אַנווענדונג פון קעגנזייטיקער הילף צווישן זיך, פונקט אַזוי זענען אויך אין דער קולטור פאַראַן פאַרשידענע פאָרמען פון מענטשלעכער טעטיקייט, וועלכע ברענגען אַרויס אירע פרימיטיווערע און דעליקאַטערע זייטן. און פונקט ווי אין דער נאַטור איז יענער אַנדערער אופן אינעם קאַמף פאַרן קיום פון יחיד און פונעם מין פיל ווירקזאַמער ווי די ברוטאַלע מלחמה פון די אַזויגערופענע שטאַרקע קעגן די שוואַכע — אַ פאַקט, וועלכער דרינגט אַרויס גאַנץ בולט פון דער אויפפאַלנדיקער ירידה פון יענע מינים, וועלכע האָבן נישט פראַקטיצירט קיין געזעלשאַפטלעך לעבן און וועלכע האָבן זיך אינעם קאַמף מיט דער סביבה געמוזט פאַרלאָזן בלויז אויף זייער ריין־פיזישער קרעפטיקייט איבער די אַנדערע*), — אַזוי זיגט אויך אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער מענטשהייט ביסלעכווייז די העכערע פאָרעם פון גייסטיקער און פסיכישער אַנטוויקלונג איבער דער ברוטאַלער געוואַלט פון פאָליטישער פאָרעם פון רעגירן, וועלכע האָט ביז איצט געווירקט רק פאַראַליזירנדיק אויף יעדער העכערער קולטור־געשטאַלטיקונג.

אויב אָבער די קולטור איז נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ כסדרדיק גובר זיין די פרימיטיווע נאַטור־פראָצעסן און אַ שטענדיק בייקומען די מאַכט־פאָליטישע שטרעבונגען אין דער געזעלשאַפט גופא, וועלכע באַשרענקען דעם מענטשנס לעבנס־אַנטוויקלונג און וואַרפן אַרונטער זיין שעפערישע טעטיקייט אונטערן צוואַנג פון פאַרשטייפטע פאָרמען, דעמאָלט איז זי, לויט איר אינערלעכן מהות, אומעטום דיזעלביקע, נישט געקוקט אויף דער כסדר־וואַקסנדיקער צאָל און דער אומענדלעכער פאַרשידנדיקייט פון אירע באַזונדערע אויסדרוקס־פאָרמען. דעריבער איז אויך דער באַגריף וועגן דער מכלומרשטער עקזיסטענץ פון ריין־נאַציאָנאַלע קולטורן, פון וועלכע יעדע איינע איז אַ געשלאָסענער איינס פאַר זיך, וועלכער אַנטהאַלט אין זיך די געזעצן פון זיין אייגענעם אָפּשטאַם, נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ שיינער וואונטש, וועלכער האָט נישט קיין שום שייכות מיט דער ווירקלעכקייט פונעם לעבן. דאָס בשותפותדיקע, וועלכעס איז דער יסוד פון יעדער מין קולטור, איז אומענדלעך גרעסער ווי די פאַרשידנדיקייט פון אירע אויסערלעכע פאָרמען, וועלכע ווערן על־פּי־רוב באַשטימט דורך דער סביבה. קומט דאָך יעדער מין קולטור אַרויס פונעם זעל־

*) פעטער קראָפּאָטקין, „קעגנזייטיקע הילף ביי חיות און מענטשן אַלס פאַקטאָר פון אַנטוויקלונג”, ייד. אויסגאַבע אין דר. י. א. מעריסאָנס איבערזעצונג, אַרויסגעגעבן פון דער נ. יאָרקער קראָפּאָטקין־ליטעראַטור־געזעלשאַפט.

ביקן באַגער און שטרעבט מיט לאַגישער קאָנסעקווענץ צום זעלביקן ציל. זי הייבט זיך אָן אומעטום קודם־כל ווי אַ ציוויליזאַטאָרישע אַקטואַציע, וועלכע שטעלט אַוועק קינסטלעכע באַריערן דעם שאַלטעווען פון דער רויער, אומגעצוימטער נאַטור און דאָס דערלויבט דעם מענטשן לייכטער און אומגעשטערטער צו באַפרידיקן זיינע נויטווענדיקע באַדערפענישן. פון דעם קומט דערנאָך אַרויס פון זיך אַליין די שטרע־בונג צו אַ העכערער איינשטעלונג און פאַרגייסטיקונג פונעם געזעלשאַפטלעכן און אינדיווידועלן לעבן, וועלכעס איז פאַרוואָרצלט טיף אינעם סאָציאַלן געפיל פונעם מענטשן, און מוז באַטראַכט ווערן ווי די אָנרעגנדיקע קראַפט פון יעדער העכערער קולטור. וויל מען זיך שאַפן אַ קלאָר בילד וועגן דעם פאַרהעלטעניש און די אי־נערלעכע באַציאונגען פון די פאַרשידענע מענטשלעכע גרופּעס צו דעם, וואָס מיר רופן אָן קולטור, וואָלט מען געקאָנט אַוועקשטעלן אָט־דעם פאַרגלייך:

דער אָצעאַן שפּרייט זיך אויס מיט זיין אין־סופיקן פאַרנעם און קלאַמערט אַרום מיט זיינע פייכטע אָרעמס די קאָנטינענטן. איבער די וויטע און ברייטע פלאַכקייטן גליט און בריט די זון און אויסגעפּאַרעט וואַסער שטייגט כסדר פּאַמע־לעך אַרויף צום הימל אין אייביקן געדראַנג. אופן הימלגעוועלב אַנטשטייען וואָלקנס, און געטריבן פונעם ווינט ציען זיי זיך צו דער יבשה, וואו זייער אָנגעפולטע טראַכט ווערט אויסגעלאָדנט און פאַלט אויף דער ערד ווי פרוכפּעריקער רעגן. אויף מיליאָ־נען ערטער זאַמלען זיך די טראָפּנס אין דער טראַכט פון דער גרויסער מוטער פון יעדן מין לעבן און געלייטערטע שפּרודלען זיי ווידער אַרויס אויף דער אויבערפלאַך אין אָן אַ שיער קוואַלן. עס אַנטשטייען טייכלעך, זיי שניידן דורך די יבשה אין אַלע ריכטונגען, פאַרייניקן זיך אין טייכן, אין שטראָמען. און דער שטראָם פליסט מיט זיין וואַסער באַנייס צום זעלביקן ים, וועמען ער האָט סוף־כל־סוף צו פאַרדאַנקען זיין עקזיסטענץ. פון זינט קדמונימדיקע צייטן קומט פאָר אָט־דער גלגל החוזר מיט דערזעלביקער אומאָפּהאַלטבאַרער זיכערקייט, אומפאַרענדערלעך ווי דאָס גאַנצע לעבן אויף דער ערד און עס וועט שוין אַזוי פאָרקומען אויך ווייטער מיט אָן אומ־איבערגעריסענעם סדר, כל־זמן די קאָסמישע באַדינגונגען פון אונדזער פּלאַנעט־סיס־טעם וועלן בלייבן דיזעלביקע.

נישט אַנדערש איז עס מיטן קולטורעלן שאַפן פון די פעלקער, מיט יעדער שע־פערישער טעטיקייט פונעם יחיד. דאָס, וואָס מיר באַצייכענען בכלל ווי קולטור, איז אין תוך נאָר אַ גרויסע אַלעס־אַרומנעמענדיקע איינהייט פונעם גאַנג פון די געשעענישן, וועלכער געפינט זיך אין צושטאַנד פון רולאָזער, אומאיבערגע־ריסענער איבערשאַפונג, און אַנטפּלעקט זיך אין אָן אַ שיער פאָרמען און געשטאַלטן. ס׳איז תמיד און אומעטום דערזעלביקער שעפערישער דראַנג, וועלכער לעכצט נאָך אַקטיוויטעט, און פאַרשידן איז בלויז דער אויסדרוק, אַ צוגעפּאַסטער צו דער ספּעצי־פישער סביבה. פונקט ווי יעדעס קוואַלעכל, יעדעס טייכל און יעדער טייך איז אין תוך פאַרבונדן מיטן ים, מיט וועמעס כוואַליעס ער איז זיך כסדר פונדאַסניי מתחתן, אַזוי איז אויך יעדער קולטורקרייז נאָר אַ חלק פונעם זעלביקן אַלץ־אַרומנעמענדיקן

איינס, פון וואַנען ער שעפּט זיינע טיפסטע און התחלהדיקע כוחות און אין וועמעס שויס זיין אייגענע שעפערישע טעטיקייט געפינט פונדאַסניי איר אינספּיראַציע. צו די טייכלעך און טייכן זענען געגליכן די אָן אַ שיער קולטור־פאָרמען, וועלכע זענען געקומען איינע נאָך די אַנדערע, אָדער עקזיסטירט איינע נעבן די אַנדערע, אין משך פון די טויזנטער יאָרן. זיי אַלע זענען פאַרוואָרצלט אין זעלבן אורשפּרינג־לעכן מקור, מיט וועמען זיי זענען אַמטיפסטן פאַרבונדן, ווי אַלע וואַסערן מיטן ים.

קולטורעלע איבערגעשטאַלטונג און געזעלשאַפטלעכע באַפרוכפּערונג קומען פאָר שטענדיק, ווען פאַרשידענע פעלקער און ראַסן קומען אין נענטערן באַריר צווישן זיך. יעדע נייע קולטור האָט איר אָנהויב אין אַזאַ מין צונויפגיסן זיך פון פאַרשידענע פעלקער־עלעמענטן און פון אים באַקומט זי איר ספּעציפישע געשטאַלטיקונג. דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך, ווייל נאָר דורך פרעמדע השפעות אַנטשטייען נייע באַדערפע־נישן, נייע דערקענטענישן, וועלכע ראַנגלען זיך כסדר אויף אַלע געביטן פון קולטור־רעלער טעטיקייט, זוכנדיק פאָרעם און אויסדרוק. וועלן אָפּהיטן די „ריינקייט פון דער קולטור" פון אַ פאָלק דורך דער פּלאַנמעסיקער אויסטיליקונג פון פרעמדע אייג־פלוסן — אַ געדאַנק, וועלכער ווערט היינט צו טאָג מיט שטאַרקער התמדה גע־פּרעדיקט פון עקסטרעמע נאַציאָנאַליסטן און אָנהענגער פון דער ראַסנטעאָריע — איז פּונקט אַזוי אומנאַטירלעך ווי אומפרוכפּעריק און ווייזט נאָר, אַז אַט־די משונה־דיקע טרוימער וועגן אַ נאָרדישער קולטור־אויטאַרקיע האָבן בכלל נישט פאַרשטאַנען דעם טיפן זין פונעם גאַנצן קולטור־פּראָצעס. אַזעלכע צעדרייטע אידעען קאָנען האָבן בערך דעמזעלביקן באַדייט ווי ווען איינרעדן אַ מאַנסביל, אַז ער קאָן דערגרייכן דעם העכסטן גראַד פון זיין מענלעכקייט נאָר בתנאי, אויב ער וועט אויסשליסן די פרוי פון דער ספערע פון זיין לעבן. דער רעזולטאַט וואָלט אין ביידע פאַלן געווען דערזעלביקער.

ניי לעבן אַנטשטייט נאָר דורך דער פאַראייניקונג פון מאַן און ווייב. פּונקט אַזוי ווערט געבוירן אָדער פונדאַסניי באַפרוכפּערט אַ קולטור דורך דער צירקולאַציע פון פרישע זאַפטן אין די אָדערן פון אירע טרעגער. פּונקט ווי פון דער באַהעפטונג קומט אַרויס דאָס קינד, אַזוי אַנטשטייען נייע קולטור־פאָרמען דורך קעגנזייטיקער באַ־פרוכפּערונג פון פאַרשידענע פעלקער און גייסטיקן אַריינדרינג און באַנעם פון פרעמדער טעטיקייט און קאַפּאַציטעט. מ'דאַרף שוין טאַקע האָבן אַ גאָר באַזונדערע פּאָרציע פון גייסטיקער שמאָלקעפּיקייט היינט נאָך צו חלומען, אַז ס'איז מעגלעך אַ גאַנץ לאַנד אָפּצוזונדערן פון די גייסטיקע איינפלוסן פונעם ברייטערן קולטור־קרייז, צו וועלכן עס באַלאַנגט, היינט, ווען די פעלקער זענען מער ווי תמיד אָנגעוויזן אויף אַ קעגנזייטיקער דערגאַנצונג פון זייערע קולטורעלע שטרעבונגען.

אָבער ווען אַפילו ס'וואָלט יאָ געווען די מעגלעכקייט פאַר דעם, וואָלט דע־מאָלט ביי אַזאַ פאָלק בשום אופן נישט פאַרגעקומען קיין שטייגערונג פון זיין קול־טורעלן לעבן, ווי די ראשי־המדברים פון דער קולטורעלער אויטאַרקיע רעדן זיך משונהדיקערווייז איין. אַלע דערפאַרונגען ווייזן גיכער אָן אויף דעם, אַז אַזאַ מין אי־

זאָלאַציע וואָלט גיכער געמוזט דערפירן צו אַן אַלגעמיינער ירידה, צו אַ פּאַמעלעכן אומקום פון זיין קולטור. מיט פעלקער איז אויף דעם געביט נישט אַנדערש דער ענין ווי מיט פּערזאָנען. ווי אָרעם וואָלט דער מענטש געווען, ווען ער וואָלט אין זיין קול־טורעלער אַנטוויקלונג געווען אַנגעוויזן בלויז אויף די שאַפונגען פונעם אייגענעם פאָלק! שוין נישט צו רעדן דערפון, אַז וועגן אַזאַ מעגלעכקייט קאָן לחלוטין נישט זיין קיין רייד, מחמת אַפילו דער קליגסטער וואָלט נישט געווען אימשטאַנד צו זאָגן מיט זיכערקייט, וועלכעס פון די קולטור־עשירות פון אַ פאָלק איז באמת דער־וואָרבן געוואָרן זעלבסטשטענדיק אָדער איז אויף אַ וואָסער נישט איז אופן איבער־גענומען געוואָרן פון אַנדערע.

וואַקסט דאָך די אינערלעכע קולטור פון אַ מענטשן בהסכם דערמיט אינווי־ווייט ער באַקומט די פעאיקייט זיך אַנצואייגענען די דעראָבערונגען פון אַנדערע פעלקער און באַפרוכפּערן דערמיט זיין אייגענעם גייסט. וואָס לייכטער ער איז אימ־שטאַנד דאָס צו טאָן, אַלץ בעסער שטייט עס מיט זיין גייסטיקער קולטור, אַלץ מער רעכט האָט ער אויפן נאָמען קולטורמענטש. ער פאַרטיפט זיך אין לאַאָ־טסעס מיל־דער לעבנס־חכמה און קוויקט זיך מיט דער שיינקייט פון וועדישער פּאָעזיע. פאַר זיין גייסט צעעפענען זיך די לעגענדאַרישע וואונדער פון „טויזנט און איין נאַכט" און מיט אינערלעכע התפעלות איז ער זיך מחיה מיט די קלוגע משלים פונעם פריי־לעכן וויינטרינקער אָמאַר קאַיאַם, אָדער שלינגט פירדוסיס מאַיעסטעטישע סטראָפן. זיין נשמה קוויקט זיך מיט דער טיפקייט פונעם ספר איוב און שוועבט מיטן ריטם פון דער איליאַדע. ער לאַכט מיט אַריסטאָפאַנעסן, וויינט מיט סאָפאָקלעסן, לייענט מיט נחת־רוח די שפּאַסיקע איינפאַלן אין אַפּולעיוס „גאָלדענעם אייזל" און האָרכט זיך צו מיט אינטערעס צו פּעטראָניוסעס שילדערונגען וועגן די צושטאַנדן אינעם דעקאַדענטישן רוים. צוזאַמען מיטן מייסטער ראַבעלע שפּאַנט ער איבער די מיט קונסט באַצירטע האַלעס פון גליקלעכן טעלעמאַער קלויסטער און וואַנדערט מיט פּראַנסואַ וויליאָן פאַרביי דעם ראַבענשטיין. ער זוכט זיך צו דערגריבלען צי האַמלעטס נשמה און פרייט זיך מיט דאָן קיכאָטס באַגער צו מעשים. ער דרינגט אַריין אין אַלע פּחדים פון דאַנטעס גיהנום און טרויערט צוזאַמען מיט מילטאָנען צוליב דעם פאַר־לוירענעם גן־עדן. מיט איין וואָרט: ער איז אומעטום אין דער היים און ער איז דער־ריבער אימשטאַנד נאָך גערעכטער אָפּצושאַצן דעם חן פון דער אייגענער היים. מיט פאָראורטיילספרייע בליקן אַנאַליזירט ער די קולטור־אוצרות פון אַלע פעלקער און בעת מעשה באַנעמט ער וואָס ווייטער אַלץ טיפער די גרויסע איינהייט פון אַלע גייסטיקע פּראָצעסן. און אָט־די אוצרות קאָן ביי אים קיינער נישט צורויבן; זיי שטייען העכער ווי די יוריסדיקציע פון די רעגירונגען און זיי קאָנען נישט אַרונטער־פאַלן אונטערן ווילן פון די מעכטיקע פון אָט דער ערד. אוודאי איז דער געזעצגעבער אימשטאַנד צו פאַרמאַכן די טויערן פון זיין לאַנד פאַרן פרעמדן, אָבער ער קאָן נישט שטערן, אַז יענער זאָל מיט דערזעלביקער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט ווי יעדער גע־

בוירענער אין לאַנד איבערנעמען פאַר זיך די אוצרות פונעם פרעמדן פאָלק, זיין גייסטיקע קולטור.

אָט־דאָ איז דער פונקט, וואו מ׳קאָן אַמבעסטן דערקענען דעם געוואַלדיקן באַדייט פון דער קולטור לגבי אַלע פּאָליטיש־נאַציאָנאַלע אָפּגרעניצונגען. ווייל קולטור בינדט־אויף אַלע קייטן, וועלכע דער טעאָלאָגישער גייסט פון דער פּאָליטיק האָט אַרויפגעלייגט אויף די פעלקער. אין דעם זין איז זי אין איר טיפסטן תוך רעוואָלוציאָנער. מיר לאָזן זיך אַריין אין טיפזיניקע באַטראַכטונגען וועגן דער הבל־הבלימדיקייט פון דער גאַנצער עקזיסטענץ און מיר קאָנסטאַטירן, אַז אַלע גרויסע אימפּעריעס, וועלכע האָבן אין דער געשיכטע געשפּילט אַ וועלט־הערשערישע ראָל, זענען אומאָפּעלירבאַר געווען פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג, ווי נאָר זיי זענען דערגאַנגען צום „העכסטן שפּיץ פון זייער קולטור״. אַ היפּשע צאָל באַרימטע היסטאָריקער פאַרטרעט אַפילו דעם שטאַנדפּונקט, אַז מ׳האָט דאָ צו טאָן מיט די אומפאַרמיידלעכע ווירקונגען פון אַ באַשטימטן געזעץ, צו וועלכן אַלע היסטאָרישע פּאַסירונגען זענען אונטערגעוואָרפן. אָבער דער עצם פאַקט, אַז דער אונטערגאַנג אָדער אומקום פון אַן אימפּעריע איז בשום אופן נישט גלייכבאַדייטנדיק מיטן אונטערגאַנג פון אַ קולטור, מעג אונדז דינען ווי אַ רמז, וואו מ׳דאַרף זוכן די אייגנטלעכע סיבות פונעם אומקום. אַ פּאָליטישע הערשאַפטס־פאָרעם קאָן אונטערגיין, נישט איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַפילו קיין שפּור פון איר געוועזענער עקזיסטענץ. מיט אַ קולטור איז עס אַנדערש. זי קאָן פאַרוועלקן אין אַ לאַנד, ווען זי ווערט דורך וואָסערע ס׳איז סיבות געשטערט אין איר נאַטירלעכער אַנטוויקלונג; אָבער אין דעם פאַל זוכט זי זיך נייע אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן מחוץ פון איר אַלטן ווירקונגס־קרייז, כאַפּט ביסלעכווייז אַרום אַנדערע געביטן און באַפרוכפּערט דאָרט אַזעלכע שפּראַצן, וועלכע האָבן אויף אַ געוויסן אופן געוואַרט אויף דער באַפרוכפּערונג. דורך דעם אַנטשטייען נייע פאַרמען פונעם קולטור־פּראָצעס, וועלכע אונטערשיידן זיך בלי שום ספק פון די אַלטע, אָבער זיי טראָגן אין זיך, פונדעסטוועגן, זייערע שעפערישע כוחות. זיכער האָבן די מאַצעדאָנישע און רוימישע דעראָבערער געקאָנט מאַכן אַ סוף צו דער פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקייט פון די קליינע גריכישע שטאָט־רעפּובליקן, אָבער פונדעסטוועגן האָבן זיי נישט געקאָנט שטערן, אַז די גריכישע קולטור זאָל זיך פאַרפלאַנצן ביז טיף אין די אַזיאַטישע מדינות, אין עגיפּטן זיך צעוואַקסן אין אַ נייעם בליעכץ און אַפילו רוים גופא גייסטיק באַפרוכפּערן.

דאָס איז טאַקע די סיבה, פאַרוואָס פעלקער מיט אַ שוואַכער אַנטוויקלטער קולטור האָבן קיינמאָל נישט געקאָנט ווי געהעריק אונטעריאָכן קולטורעל העכער־שטייענדיקע פעלקער, ווען אַפילו מיליטעריש זענען זיי געווען פיל שטאַרקער פון זיי. אַ פולשטענדיקע אונטעריאָכונג איז מעגלעך געווען נאָר ביי גאָר קליינע פעלקער־שאַפטן, וועלכע האָבן צוליב זייער נומערישער שוואַכקייט געקאָנט לייכט פאַרלענדט ווערן, אָבער זי איז אומדענקבאַר ביי אַ גרעסערן פאָלק, וועלכעס איז אין משך פון אַ סך דורות צונויפגעשמידט געוואָרן דורך אַ בשותּפותער קולטור. די מאָנגאָלן האָבן

זיך לייכט געקאָנט אַפּפּאַרטיקן מיליטעריש מיט די כינעזער; זיי זענען אַפילו געווען אימשטאַנד צו מאַכן אַ מאַן פון זייער שטאַם ווי אַ זעלבסטהערשער פונעם הימלישן קעניגרייך, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט דעם מינדסטן איינפלוס אויף דער אינער־לעכער געשטאַלטיקונג פונעם געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן פון די כינע־זישע פעלקער, וועמעס אייגנאַרטיקייט איז דורך דער אינוואַזיע קוים באַרירט גע־וואָרן. אַדרבא, די פרימיטיווע קולטור פון די מאָנגאָלישע דעראָבערער האָט זיך נישט געקאָנט קעגנשטעלן דער ווירקונג פון דער פיל עלטערער און דער נישט אין ערך פיינערער קולטור פון די כינעזער און זי איז פון איר אַזוי פולשטענדיק איינ־געזאַפּט געוואָרן, אַז ס׳איז פון איר נישט געבליבן אַפילו קיין שפור. צוויי הונדערט יאָר איז געווען גענוג צו פאַרוואַנדלען די מאָנגאָלישע אַריינדרינגער אין כינעזער. די העכערע קולטור פון די „באַזיגטע" האָט זיך אַרויסגעוויזן שטאַרקער און ווירק־זאַמער ווי די ברוטאַלע מיליטערישע מאַכט פון די „זיגער".

און ווי אָפט איז די אַפּענינישע האַלבאינדזל, די היינטיקע איטאַליע, איבער־געפאַלן און פאַרפלייצט געוואָרן פון פרעמדע פעלקערשאַפטן. פון זינט די צייטן פון דער פעלקער־וואַנדערונג, יאָ, נאָך לאַנג פאַר איר, ביז צו די אינוואַזיעס פון די פראַנצויזן אונטער קאַרל דעם אַכטן און פראַנץ דעם ערשטן, איז איטאַליע געווען דער שטענדיקער אָביעקט אָנגעגריפן צו ווערן מצד אָן אַ שיער שבטים און פעלקער־שאַפטן, וועמען ס׳האָט געשטויסן צום דרום די אַלטע בענקשאַפט און קודם־כל די אויסזיכט אויף גוטן זאַקרויב. קימברערן און טעוטאָנען, לאַנגאָבאַרדן און גאָטן, הור־נען און וואַנדאַלן און צענדליקער אַנדערע שבטים האָבן געפירט זייערע רויע מחנות איבער די פרוכפּעריקע פעלדער פון דער האַלבאינדזל, וועמעס איינוואוינער ס׳איז אויסגעקומען שווער צו ליידן פון אָט־די כסדרדיקע אָנפאַלן. אָבער קעגן דער העכע־רער קולטור פונעם לאַנד האָבן זיך אַפילו די מעכטיקסטע און אַכזריותדיקסטע דער־אָבערער נישט געקאָנט אַרויסשטעלן, הגם זיי האָבן זיך פון אָנהייב באַצויגן צו איר מיט בפירושער שנאה און פאַראַכטלעכער גרינגשאַצונג*). ביז זי האָט זיי ביס־לעכווייז אַרומגעכאַפּט און זיי אַריינגעצוואונגען אין אַנדערע לעבנס־פאָרמען. זייער פרימיטיווע קראַפט האָט צוגעטראָגן איר חלק דערצו, אַז זיי זאָלן צושטעלן נייע באַפרוכפּערונגס־עלעמענטן פאַר יענער אַלטער קולטור און אַריינפּלומפּן פריש בלוט אין די אָדערן.

ענלעכע ביישפּילן זענען פאַראַן אַ גרויסע צאָל אין דער געשיכטע. זיי ווייזן אונדז ביי יעדן מאָל פונדאָסניי אויף דער אומענדלעכער העכערקייט פונעם קולטו־רעלן פראָצעס איבער דער דורכויס קלעגלעכער פושעריי פון די מאַכט־פּאָליטישע

*) אַזוי גיט־איבער פּראָקאָפּיוס אין זיין כראָניק וועגן דער מלחמה פון די גאָטן און וואַנדאַלן וועגן לואיטפּראַנדס אַ כאַראַקטעריסטישן אויסדרוק: „אויב מיר ווילן באַליי־דיקן אַ שונא בפרהסיא און אים אַרויסשטעלן צו פאַראַכטונג, רופן מיר אים רוימער". די גערמאַנישע שבטים זענען באַזונדערס געווען פיינטלעך קעגן יעדן מין דערציאונג און בילדונג, ווייל זיי האָבן געזען אין דעם, ווי פּראָקאָפּיוס מיינט, אַן אַנטשפּאַנונג פון זייער קריגערישער ענערגיע.

שטרעבונגען. אַלע פּרואוון פון זיגערישע מלוכות צו פאַרשלינגען די באַפעלקערונג פון ניי־דעראָבערטע געביטן דורך ברוטאַלע געוואַלט־מיטלען, אַזעלכע ווי אונטערדריקונג פון דער מוטער־שפּראַך, איבערגעוואַלדיקע אָפּווישונג פון טראַדיציאָנעלע אינסטיטוציעס א. ד. גל., זענען נישט נאָר געבליבן אָן דערפאָלג, נייערט זיי האָבן אין רוב פאַלן געבראַכט פּונקט דאָס פאַרקערטע פון דעם, וואָס די באַצווינגער זענען אויסן געווען. ענגלאַנד האָט קיינמאָל נישט געקאָנט געווינען די סימפּאַטיע פון די אירלענדער; אירע געוואַלט־מעטאָדן האָט נאָך טיפער און נאָך אומאיבערשפּאַנבאַר געמאַכט דעם תהום צווישן די ביידע פעלקער און נאָך מער געשטייגערט די שנאה פון די אירלענדער קעגן די ענגלענדער. די „גערמאַניזירונגס־פּרואוון" פון דער פּרייסישער רעגירונג מיט די פּאָלאַקן האָבן די לעצטע בלויז פאַרביטערט און שווער געמאַכט דאָס לעבן, אָבער זיי זענען נישט געווען ביכולת צו ענדערן זייער שטימונג און צו מאַכן זיי פריינטלעכער צו די דייטשן. הײַנט זעען מיר די פּירות פון אָט־דער טעמפּער פּאָליטיק. די רוסיפיצירונגס־פּאָליטיק פון דער צאַרישער רעגירונג אין די באַלטישע פּראָווינצן האָט דערפירט צו אַ שענדלעכער פאַרגוואַלטיקונג פון יעדער מענטשלעכער חשיבות, אָבער זי האָט די באַפעלקערונג נישט דערנענטערט צו רוסלאַנד און זי האָט העכסטנס געניצט די דאָרטיקע דייטשע באַראָנען, וועמעס ברוטאַלע עקספּלואַטאַציע פון די ברייטע מאַסן זי האָט באַגינציקט. די טרעגער פון דער קייזערלעכער פּאָליטיק אין דייטשלאַנד האָבן זיך געמעגט ווען איינרעדן, אַז זיי וועלן זיין אימשטאַנד אַרויסצורופן ביי די עלזאַסער ליבע צום דייטשטום דורך די „דיקטאַטאָריעלע דעקרעטן", הגם די באַפעלקערונג איז סיי לויט איר שפּראַך און סיי לויט אירע מנהגים אַ דייטשע; זיי האָבן נישט געהאַט קיין דערפאָלג. פּונקט אַזוי וועלן די הײַנטיקע אַסימילירונגס־פּרואוון פון די פראַנצויזן אין עלזאַס נישט זיין אימשטאַנד אַרויסצורופן ליבע ביי דער באַפעלקערונג צו פראַנקרייך. כמעט יעדער גרעסערער שטאַט האָט אין זיינע גרענעצן אַזויגערופענע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן און באַנעמט זיך מיט זיי אויפן זעלבן שטייגער; אָבער דער פּועל־יוצא איז אומעטום דערזעלביקער. ליבע און איבערגעגעבנקייט קאָן מען נישט אַרויפצווינגען; זיי דאַרפן דערוואָרבן ווערן; אָבער געוואַלט און אונטערדריקונג זענען די אומפּאַסיקסטע מיטלען פאַר דעם צוועק. די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונגס־פּאָליטיק פון די גרויסע שטאַטן פאַר דער מלחמה האָט אַנטוויקלט ביי די אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן אַן איבערגעשפּאַנטן נאַציאָנאַליזם, וועלכער געפינט הײַנט זיין אויסדרוק אין דעם, וואָס מ׳באַהאַנדלט הײַנט די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין די ניי־אויפגעקומענע מלוכות פּונקט אַזוי ווי זיי אַליין זענען פריער באַהאַנדלט געוואָרן פון די אַנדערע — אַ דערשיינונג, וועלכע איז צום גוט באַדויערן צו באַגרייפלעך, מחמת די קליינע שטאַטן גייען אין די פוסטריט פון די גרויסע און טוען נאָך דאָס, וואָס יענע האָבן געטאָן.

מ׳קאָן נישט אַרויפצווינגען אויף קיין שום פאָלק קיין פרעמדע מנהגים, געוואוינהייטן און געדאַנקען, פּונקט ווי מ׳קאָן נישט אַריינקוועטשן קיין מענטש אין קיין

פרעמדער אינדיווידואַליטעט. אַ צונויפגיסונג פון פאַרשידענע פאָלקס־שטאַמען און ראַסן איז מעגלעך נאָר אויפן געביט פון דער קולטור, ווייל זי אַנטשטייט אין דעם פאַל נישט פון אויסערלעכן צוואַנג, נאָר פון אינערלעכער באַדערפעניש, ביי וואָס יעדער טייל קאָן זיך האַלטן ביי זיינע אייגענע דרכים. קולטור שטיצט זיך נישט אויף ברוטאַלער מאַכט און נישט אויף בלינדער איינגעגלייבטקייט אין אויטאָרי־טעט; דער יסוד פון איר ווירקזאַמקייט ליגט אין דער פרייער איינפאַרשטענדעניש פון אַלעמען, וועלכע קומט אַרויס פון די געמיינשאַפטלעכע שטרעבונגען צו גייסטיקן און מאַטעריעלן וואוילשטאַנד. דאָ איז אַנטשיידנדיק די נאַטירלעכע באַדערפעניש און נישט דער בלינדער געבאָט פון אויבן. מהאי טעמה גייען אַלע גרויסע קולטור־עפּאָכן האַנט ביי האַנט מיט פרייוויליקע פאַראייניקונגען און צונויפגיסונגען פון פאַרשידענע מענטשלעכע גרופּעס; נאָך מער, — איינע איז גורם די אַנדערע. נאָר די פרייוויליקע החלטה, וועלכע ווערט אין רוב פאַלן אַנגענומען גאַנץ אומבאַוואוסטזיניק, איז אימ־שטאַנד צו פאַראייניקן מענטשן פון פאַרשידענעם אָפּשטאַם אין זייער קולטורעלער אַקטיוויטעט און אַזוי אַרום צו שאַפן נייע פאָרמען פון דער קולטור.

אויך אין אַט־דעם פאַל איז דאָס פאַרהעלטעניש דאַסזעלביקע ווי ביים יחיד. ווען איך נעם אין דער האַנט אַריין אַ ווערק פון אַ פרעמדן מחבר, וועלכער דעקט פאַר מיר אויף נייע זאַכן און רעגט אָן מיין גייסט, צווינגט מיך דאָך קיינער נישט צו לייענען דאָס בוך און זיך אָנצואייגענען זיינע אידעען. ס׳איז בלויז דער גייסטי־קער איינפלוס, וועלכער ווירקט אויף מיר און וועלכער וועט אפשר שפּעטער באַנייס פאַרביטן ווערן דורך איינפלוסן פון אַן אַנדערן סאָרט. גאָרנישט צווינגט מיך אָנצו־נעמען אַ באַשלוס, וועלכער זאָל זיין דערווידער מיין סאַמע טיפסטן מהות אָדער וועלכער זאָל פאַרגוואַלדיקן מיין גייסט. איך אייגן מיר אָן דאָס פרעמדע, ווייל עס פאַרשאַפט מיר פרייד און עס ווערט אַזוי אַרום אַ שטיק פון מיין אייגענעם יש; איך אַסימיליר עס אויף אַזוי ווייט, אַז ס׳ווערט לסוף אָפּגעווישט די גרענעץ צווישן דעם פרעמדן און מיין אייגענעם. אויף אַזאַ אופן קומען פאָר אַלע קולטורעלע און גייס־טיקע פּראָצעסן.

און אַט־די נאַטירלעכע אַסימילאַציע קומט פאָר אָן יעדן רושם און אָן עפנט־לעכע חלוקי־דעות, מחמת עס קומט אַרויס פונעם פערזענלעכן באַגער פונעם יחיד און איז אין איינקלאַנג מיט זיינע פּסיכישע און גייסטיקע געפילן. יעדער קולטור־רעלער פּראָצעס קומט פאָר אויף אַזוי פיל פרייער פון מחלוקת און אויף אַזוי פיל פרידלעכער, אויף וויפל ווייניקער עס טרעטן דערביי אַרויס אין פאָדערגרונט מאַכט־פּאָליטישע מאָטיוון, מחמת פּאָליטיק און קולטור זענען קאָנטראַסטן, וועלכע ס׳איז אין תוך קיינמאָל נישט מעגלעך צונויפצופירן, היות יעדע פון זיי שטרעבט אין אַן אַנדערער ריכטונג, וועלכע בלייבן תמיד אָפּגעפרעמדט צווישן זיך דערפאַר, וואָס זיי זענען געבונדן צו אַנדערע וועלטן.

# V

# די פּאָליטישע דעצענטראַליזאַציע אין גריכנלאַנד

פּאָליטיש־נאַציאָנאַלע איינהייט ווי אַ שטרויכלונג פאַר קולטורעלער אַנטוויקלונג. — די באַנייאיקע אַנטדעקונג פון גריכנלאַנד. — די פּאָזיציע פון דער רעליגיע אין גריכנלאַנד. — וועגן דעם אָפּשטאַם פון די העלענען. — גריכישער נוסח אין דענקען. — באַגריפן וועגן מענטש און וועלט. — וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע. — אַלזייטיקייט פון דער העלענישער קולטור. — פּאָעזיע. — דראַמע. — קאָמעדיע. — דאָס טעאַטער ווי אַ באַראָמעטער פון דער פּערזענלעכער פרייהייט. — פיזישע קולטור. — אַרכיטעקטור. — גריכישער סטיל. — סקולפּטור. — מאָלעריי. — קונסט ווי אַ לעבנספּרינציפּ. — גריכנלאַנדס נאַציאָנאַל־פּאָליטישע צעריסנקייט. — איינפלוס פון דער נאַטירלעכער סביבה אויף דער פילגעשטאַלטיקייט פון דער העלענישער קולטור. — כאַראַקטער פון דער גריכישער שטאָט. — אייגנאַרטיקייט פון דער גריכישער קאָלאָניזאַציע. — באַטייליקונג פונעם יחיד אינעם עפנטלעכן לעבן. — דער אָלימפּ ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון די פּאָליטישע צושטאַנדן. — די מלחמות פון די פּערסער. — די סיבה פון די העלענישע נצחונות. — קולטורעלע איינהייט און פּאָליטישע איינהייט. — דער פּעלאָפּאָנעזישער קריג און די פראַגע פון דער נאַציאָנאַלער איינהייט. — סימנים פון ירידה. — אַלעקסאַנדער שאַפט די נאַציאָנאַלפּאָליטישע איינהייט פון גריכנלאַנד און צעשטערט די קוואַלן פון דער העלענישער קולטור.

מיר האָבן אין ערשטן טייל פון אָט־דעם ווערק אָנגעוויזן אויף די אומאויסגלייכבאַרע סתירות צווישן די מאַכט־פּאָליטישע שטרעבונגען פון קליינע מינדערהייטן אין דער געשיכטע און דער קולטור־שעפערישער טעטיקייט פון געזעלשאַפטלעך־פאַראייניקטע מענטשלעכע גרופּעס און זיך באַמיט צו באַווייזן פאַרן לייענער אַזוי קלאָר ווי נאָר מעגלעך די רעזולטאַטן פון אָט־דער אינערלעכער סתירה. אַלעס אַנדערע קומט שוין פון זיך אַליין אַרויס פון דעם; עס דרינגט אַרויס ראשית־כל, אַז אין פּעריאָדן, ווען עס באַקומט די אויבערהאַנט אין דער געזעלשאַפט די מאַכט־פּאָליטישע אָריענטאַציע און אַקטואַציע, ווערט אין זעלבן גראַד אָפּגעשוואַכט און גייט־אונטער דאָס קולטורעלע שאַפן, ספּעציעל זיינע העכערע פאָרמען. וואָלט עס געווען אַנדערש, וואָלט די קולטור געווען אַמשטאַרקסטן צעוואָקסן און צעבליט אין תקופות פון העכסטער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער מאַכט־פולקאָמענהייט און געמוזט אומקומען

אין פעריאָדן פון פּאָליטישן און נאַציאָנאַלן צעפאַל. אָבער די געשיכטע ווייזט אונדז אומעטום דעם היפוך דערפון. רוים און גריכנלאַנד זענען קלאַסישע ביישפּילן דער־פאַר, כאָטש נישט די איינציקע; די געשיכטע פון אַלע צייטן און פעלקער ברענגט אונדז איבערצייגנדיקע באַווייזן פאַר דעם. אויך ניטשע האָט דאָס זייער גוט דער־קאָנט, ווען ער האָט אין זיין זאָג וועגן תחית־המתים פונעם גייסט פאַרצייכנט אָט־די ווערטער:

„אויפן פּאָליטישן קראַנקנבעט מאַכט געוויינלעך אַ פאָלק זיך אַליין יינ־גער און געפינט צוריק זיין נשמה, וועלכע עס האָט פאַרלוירן ביים זוכן און פאַרפעסטיקן די מאַכט. די קולטור פאַרדאַנקט דאָס העכסטע, וואָס זי פאַר־מאָגט, די פּאָליטיש־אָפּגעשוואַכטע צייטן".

וועגן דעם געוואַלדיקן באַדייט פון דער אַלטער גריכישער קולטור איז מען גאַנץ היפּש איינשטימיק צווישן זיך. ווען אַפילו מ'איז מיט דער מיינונג, אַז די־דאָזיקע קולטור איז פון די באַגייסטערטע אָנהענגער פונעם קלאַסישן אַלטערטום שטאַרק אידעאַליזירט געוואָרן, קאָן מען נישט שטעלן אין ספק איר מאָנומענטאַלן באַדייט. אַגב לאָזט זיך די גוזמאדיקע איבערראַשונג, וואָס מ'האָט שפּעטער גע־מאַכט פונעם קלאַסישן אַלטערטום, זייער לייכט דערקלערן. מ'דאַרף קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז מיט דער אַנטוויקלונג פון דער קריסטלעכער קירך האָט אייראָפּע פאַר אַ משך פון הונדערטער יאָרן געהאַט כמעט פולשטענדיק פאַרלוירן דעם קאָנ־טאַקט מיטן גריכישן גייסטיקן לעבן, וועלכעס האָט זיך פאַרן קריסטלעכן אַרט דענ־קען געמוזט אויסווייזן אָפּשטויסנדיק און פרעמד אין סאַמע תוך. דורך דער באַ־נייאיקער אַנטדעקונג פון דער גריכישער שפּראַך און דעם אַלגעמיינעם אויפוואַך פון די מוחות ביים סוף פונעם מיטלאַלטער האָט זיך דער מענטש פונדאָסניי געפילט גייסטיק פאַרבונדן מיטן אַלטן העללאַס. אויף די הומאַניסטן פון זעכצעטן יאָרהונדערט האָט דידאָזיקע אַלטע וועלט, וועלכע איז אַזוי פּלוצלים אויפגעגאַנ־גען פאַר זיי פון דער פאַרגעסנהייט און זעענדיק זי פון פערספּעקטיוו, האָט זי שי־מערירט אין טויזנטערליי קאָלירן, טאַקע געמוזט מאַכן אַ פאַרכישופנדיקן איינדרוק, בפרט נאָך ווען זי האָט אָנגערעגט צו אוממיטלבאַרע פאַרגלייכענישן מיט דער קעגנוואַרט, ווען די קירך האָט זיך נאָך אַלץ קעגנגעשטעלט דער אויסשפּרייטונג פון דעם נייעם וועלטבאַנעם מיט טאָרטורן און שייטערהויפנס.

ס'איז אָן ספק, אַז די גריכישע קולטור האָט חוץ אירע ליכטיקע און רייצנ־דיקע זייטן געהאַט אויך אירע טיפע סאָציאַלע חסרונות, וועלכע מ'דאַרף נישט פאַרקוקן, אויב מ'וויל זיך שאַפן אַ קלאָר בילד וועגן איר אַלגעמיינעם כאַראַקטער. אַזוי דאַרף מען, קודם־כל, נישט פאַרגעסן, אַז אויך אין גריכנלאַנד האָט עקזיס־טירט, פּונקט ווי אין אַלע אַנדערע פאַרצייטיקע מלוכות, די קנעכטשאַפט, הגם, מיטן אויסנאַם פון ספּאַרטאַ — די באַהאַנדלונג פון די קנעכט איז געווען פיל מענטשלעכער ווי למשל אין רוים. אין אייניקע גריכישע קהילות איז אַפילו געווען אַ מנהג צו באַפרייען יענע קנעכט, וועלכע האָבן באַוויזן צו באַקומען העלענישע

בילדונג; ס'האָט אויך פּאַסירט, אַז ביי אויסערגעוויינלעכע געשעענישן פלעגט אַ טייל פון די קנעכט אַריינגענומען ווערן אינעם קלאַס פון די האַרן. דאָס האָט פּאַסירט אין ספּאַרטאַ אין דער צייט פונעם אַרכידאַמישן קריג, ווען די פּריווילעגירטע קאַסטע איז געווען אָפּגעשוואַכט דורך די גרויסע אבידות און מורא געהאַט פאַר אַן אויפשטאַנד פון די העלאָטן. ענלעכס האָט אויך פּאַסירט אין אַטען.

די געשיכטע פון גריכנלאַנד איז אויך לגמרי נישט פריי פון רדיפות צוליב אידעען. סאָקראַטעס האָט געמוזט אויסטרינקען דעם כוס מיט סם. פּראָטאַגאָראַס האָט געמוזט אַנטלויפן און זיין ווערק „וועגן די געטער" איז עפנטלעך פאַרברענט געוואָרן. דיאַגענעס פון אַפּאָלאָניאַ און טעאָדאָראָס „דער אַטעיסט" האָבן געהאַט אויסצושטיין רדיפות. אפילו פּאָעטן, אַזעלכע ווי דיאַגאָראַס פון מעלאָס און עסקילאָס, זענען געווען אין סכנה צו פאַרלירן דאָס לעבן, און עוריפּידעס איז געשטאַנען אין סכנה אָנגעקלאָגט צו ווערן בפרהסיא צוליב זיינע „גאָטלאָזע אידעען". יעדנפאַלס קאָן מען לגמרי נישט פאַרגלייכן דידאָזיקע געלעגנהייטלעכע רדיפות מיט די פאַרפאָלגונגען פון די כופרים אין מיטלאַלטער. נישט ס'איז דאָרט געווען אַן אָרגאַניזירטע קאַסטע גלחים און אויך קיין קירך איז נישט געווען. ס'האָט אויך געפעלט יענעם לאַנד יעדער יסוד פאַר אַ פּאָליטישער איינהייט, וועמעס פאַרטרעטער זענען תמיד געניגט צו אונטערדריקן די פרייהייטלעכע געפילן און צו פאַרוואַנדלען אין אַ סיסטעם די פאַרפאָלגונג פון געוויסע אידעען. ס'האָבן טאַקע עקזיסטירט צווישן פאָלק גופא אַן אַ שיער פאַרשידנדיקע מינים אבערגלויבנס, און אין אייניקע ערטער, באַזונדערס אין דעלפי, האָט זיך אונטער דער השפעה פון די פּריסטער אַנטוויקלט אַ פאַנאַטישע אָרטאָדאָקסיע, וועלכע האָט אָבער געהאַט בלויז אַ לאָקאַלן באַדייט, מחמת ס'האָט איר געפעלט יעדע אָרגאַניזירטע פאַרבינדונג מיט אַנדערע לאַנדסלייט.

פונדעסטוועגן בלייבט די גרויסקייט פון דער גריכישער קולטור אומדיסקוטירבאַר. אַ קולטור, וועלכע האָט אַזוי לאַנג געקאָנט באַאיינפלוסן אַלע אייראָפּעישע פעלקער אויף די פאַרשידנסטע געביטן און וועמעס אומאיבערטרעפלעכע קראַפט איז נאָך אפילו היינט נישט אויסגעשעפּט, הגם אירע טרעגער זענען שוין זינט צוויי טויזנט יאָר פאַרשוואונדן פון דער געשיכטע, קאָן טאַקע לייכט איבערגעשאַצט אָבער שווער פאַרלייקנט ווערן אין איר אַלגעמיינעם באַדייט.

ס'וועט מסתמא קיין שום מענטשן מיט אַ טיפערן באַנעם נישט איינפאַלן צו גלייבן, אַז אַלע אויפטועז אויף די פאַרשידענע געביטן פון קולטורעלן לעבן איז געקומען צו די גריכן פון זיך אַליין. דאָס איז טאַקע דאָס גרויסע און כאַראַקטעריסטישע אין יעדער קולטור, אַז זי קאָן נישט באַשרענקט ווערן אין איר גייסטיקער און געזעלשאַפטלעכער ווירקזאַמקייט דורך קיין שום פּאָליטישע אָדער נאַציאָנאַלע גרענעצן. מיט דער שווערד קאָן מען טאַקע באַשאַפן מלוכות, אָבער נישט קיין קולטור, מחמת זי שטייט העכער איבער אַלע מלוכהשע פאָרמען און איבער אַלע הערשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און איז לויט איר אינערלעכסטן מהות אַנאַרכיש.

הגם מ׳דאַרף אויך לגמרי נישט פאַרלייקענען, אַז פּאָליטישע התחייבותדיקייט איז ביז איצט געווען דער גרעסטער מכשול פאַר יעדער העכערער קולטורעלער אַנט־וויקלונג. אַז גריכנלאַנד איז אין איר אַנטוויקלונג באַאיינפלוסט געוואָרן פון אַנ־דערע קולטורן, איז אַזוי קלאָר ווי דער טאָג און נאָר אַ ראַסנטעאָרעטיקער מוז מען זיין, בכדי דאָס צו שטעלן אין ספק. אגב גיט דאָך איבער די מיטאָלאָגיע גופא פון די גריכן וועגן אָט־די פרעמדע השפעות, ווי דאָס באַווייזן די לעגענדעס פון קאַדמאָס, קעקראָפּס, דאַנאַאָס און אַנדערע. עס גייט היינטצוטאָג זעלטן אַרי־בער אַ יאָר, אַז די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג זאָל נישט אַרויסברענגען נייע מאַ־טעריאַלן, פון וועלכע עס ווייזט זיך אַרויס אַלץ בולטער דער אָריענטאַלישער און עגיפּטישער איינפלוס אויף דער געשטאַלטיקונג פון דער גריכישער קולטור. אַזוי ווערן גאַנץ אָפט אַרויסגערוקט די סעמיטישע עלעמענטן אין האָמערס פּאָעזיע. אַ גאַר באַזונדערן באַדייט האָבן געהאַט היינריך שליימאַנס אויסגראָבונגען אין קליינאַזיע, דורך וועלכע ס׳זענען אַנטדעקט געוואָרן די רעשטן פון אַן אַלטער קול־טור, וועלכע מיר באַצייכענען היינט ווי די מיקעמישע. נאָכדעם זענען אין יאָר 1900 געקומען די אויסגראָבונגען פונעם ענגלישן געלערנטן עוואַנס, אויפן אינדזל קריט, וועלכע האָבן אַרויסגעבראַכט די רעשטן פון אַ נאָך עלטערער קולטור, וועלכע מ׳קאָן צוריקפירן ביז די צוויי טויזנט יאָר פאַר אונדזער היינטיקער צייטרעכענונג.

אָט־די גלענצנדע רעזולטאַטן פון דער אַרכעאָלאָגישער פאָרשונג האָבן טאַקע פונאַנדערגעעפנט פאַר דער היסטאָריאָגראַפיע גאַנץ נייע, ביז איצט אומבאַקאַנטע געביטן, זיי האָבן אָבער אויך אָנגעוואָרפן אַ גאַנצע ריי נייע פּראָבלעמען, פאַר וועמעס לייזונג די וויסנשאַפט האָט נאָך ביז היינט נישט געפונען קיין ענטפער. אַזוי איז ביז היינט נאָך נישט אַנטשידן געוואָרן דער ענין, צו זענען צווישן דער קרעטישער און דער מיקענישער קולטור פאַראַן טיפע אינערלעכע שייכותן אָדער צו האַנדלט זיך דאָ וועגן צוויי באַזונדערע שאַפונגען. אינגאַנצן אָן אַ לייזונג בלייבט די פראַגע, צי דאַרף מען די שאַפער פון אָט־דיביידע קולטורן בכלל באַטראַכטן ווי גריכן. ס׳איז אמת, אַז מ׳האָט אין קריט געפונען טויזנטער טאָוולען באַדעקטע מיט זעלטענע שריפטן, אָבער די וויסנשאַפט האָט ביז איצט נישט באַוויזן צו קאָ־נען לייענען אָט־די אויפשריפטן, וועלכע וואָלטן אונדז דאָך געקאָנט געבן אַזוי־פיל ידיעות. אַז מ׳האָט אין גריכנלאַנד פריער גערעדט אויך אַנדערע שפּראַכן, דאָס איז שוין לאַנג באַוויזן געוואָרן. אָן אַ שיער נעמען פון ערטער, אַזעלכע ווי אַטען, טעבען, קאָרינט, אָלימפּ, פּאַרנאַס א.א.וו. זענען נאָך אַלץ איינגעהילט אין טיפער השכות און האָבן נישט קיין שום שייכות צו דער גריכישער שפּראַך, באַלאַנגען בכלל נישט צו קיין אינדאָגערמאַנישער שפּראַך. אגב גיט אויך איבער הערעדאָט, אַז ער האָט בעת זיינע רייזעס באַזוכט פאַרשידענע שטעט, וואו די פּעלאַזגער האָבן גערעדט אַ באַזונדער לשון, וועלכעס ער האָט באַצייכנט ווי אַ „באַרבאַריש".

לויט מאָריץ הערנעס שאַרפזיניקע אויסטייטשונגען איז די קרעטיש־מיקענישע קול־טור די פאַרבינדונגסבריק, אַזוי צו זאָגן, צווישן די אַלטע קולטורן פון מזרח און

מצרים מיט דער קולטור פון גריכנלאַנד, *) אַן אויסטייטשונג, וועלכע ווערט היינט אַלץ מער אָנגענומען. אַ פאַקט איז, אַז דאָס אַקטיווע גייסטיקע לעבן פון גריכנלאַנד האָט זיך פריער אַנטוויקלט אין מזרח, וואו ס׳איז אַמשטאַרקסטן אָנגעגאַנגען דער פאַרקער מיט עגיפּטן, פעניציע און פּערסיע.

אָבער פאַר אונדז גייט דאָ נישט וועגן דער פראַגע, ביז צו וועלכן גראַד די גריכישע קולטור איז אין איר אַנטוויקלונג באַאיינפלוסט געוואָרן פון אַנדערע קולטורן, נאָר בלויז וועגן דעם פאַקט, וואָס זי איז געווען איינע פון די בריליאַנטענדיקסטע און אַלצאַרומנעמענדיקסטע קולטורן, וועלכע די מענטשהייט האָט ווען־ס׳איז אַרויסגעבראַכט. זי האָט געווירקט אויף דער גאַנצער שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג פון די אייראָפּעישע פעלקער פיל טיפער און דויערנדיקער ווי אַלע אַנדערע קולטורן און אירע ווייטערדיקע ווירקונג זענען נאָך אַלץ גוט און בולט אָנזעעוודיק. ס׳איז קודם־כל דער אופן פון דענקען, וועלכער מאַכט אונדז די גריכן נעענטער ווי אַלע אַנדערע פעלקער פונם אַלטערטום. זייער ספּעציעלע פעיקייט פאַר וויסנשאַפטלעכע באַאָבאַכטונגען און דעדוקטיווע מסקנות, וועלכע האָבן זיי דערמעגלעכט איינצוזען זאַכן, וועלכע האָבן ערשט מיט אַ סך דורות שפּעטער געקאָנט פעסטגעשטעלט ווערן וויסנשאַפטלעך, האָט מער קרובעשאַפט מיט אונדזער היינטיקן אופן דענקען ווי די מיסטעריעס פון די עגיפּטער און באַביליאַניער. און ווען אפילו ס׳איז היינט אויסער ספק, אַז די גריכן האָבן זייערע אַסטראָנאָמישע און אַנדערע ידיעות איבערגענומען פון די מזרחדיקע פעלקער, האָבן זיי אָבער די־דאָזיקע קענטעניש אויסגעאַרבעט מיט אַזאַ פאַרשטענדלעכער קלאָרקייט און אַנטוויקלט צו אַזאַ הויכער מדרגה ווי דאָס איז נישט געווען ביכולת צו טאָן קיין שום אַנדער פאָלק פון דער אַלטער געשיכטע. זייער הויכאַנטוויקלטע מאַטעמאַטיק איז אַ באַרימטער עדות דערויף. שוין דער פאַקט גופא, וואָס ביי די עגיפּטער, כאַלדעער, פּערסער א. אנד. זענען אַלע ידיעות וועגן דער נאַטור געלעגן אין די הענט פון די פּריסטער און הרטומים, בעת אין גריכנלאַנד זענען די וויסנשאַפטן און דאָס דערקענטעניש־טעאָרעטישע דענקען קולטיווירט געוואָרן פון מענער, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין שום באַציאונגען מיט דער פּריסטער־קאַסטע, איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן אַלגעמיינעם צושטאַנד פונעם גייסטיקן לעבן.

הגם פון די אידעען פון די גריכישע דענקער זענען צו אונדז דערגאַנגען בלויז פראַגמענטן און אַ סך פון דעם איז אָנגעקומען צו אונדז ערשט פון דער צווייטער האַנט, על־פּי־רוב דורך דער פאַרמיטלונג פון אַריסטאָטעלעס און ציצעראָ, ביי וואָס ס׳איז מסתמא נישט אויסגעהיט געוואָרן פון צעדרייענישן פונעם אָריגינעלן טעקסט, גיט אונדז אָבער דאָס ביסל, וואָס מיר האָבן נאָך היינט אין אונדזער רשות, אַ דייטלעכן, ווען אפילו נישט פולקאָמען, באַגריף וועגן זייער גייסטיקער פּרוכפּעריקייט. שוין ביי די אַלטע יאָנישע נאַטורפילאָזאָפן געפינט מען יענע לויטערע שאַרפקייט

*) Hörnes, Kultur der Urzeit, B. II, 1912.

פון דער באַאָבאַכטונג, געפּאָרט מיט דער קלאָרקייט פונעם אויסדרוק, וועלכעס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן שטייגער דענקען פון די גריכן. טאַלעס, אַנאַקסימאַנדער, פערעקידעס, אַנאַקסימענעס און אַנדערע האָבן זיך אַלע געווידמעט צום שטודיום פון דער נאַטור, מחמת וואָס זייער לערע האָט פון פאָרויס באַקומען אַ ספּעציעלן חותם. אויפן יסוד פון אַנאַקסימענעס באַגריפן, וועלכער האָט שוין געהאַט דערקענט די באַוועגונג פון די קאָנסטעלאַציעס און פונעם פּלאַרשטערן, און פון די שפּעטערדיקע באַגריפן פון די פּיטאָגאָרעער, איז אַריסטאַרך פון סאַמאָס לסוף דערגאַנגען צו דער איינזעעניש, אַז די ערד דרייט זיך איינמאָל אין משך פון מעת־לעת אַרום איר אייגענער אַקס און איינמאָל אין יאָר צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע פּלאַנעטן אַרום דער זון, בעת זי אַליין און די פיקסע שטערן פאַרבלייבן אינעם רוים אומבאַוועגלעך. זיכער האָט די גריכישע דענקער געפעלט יעדע וויסנשאַפטלעכע הנהה פאַר דער באַגרינדונג פון זייערע טעאָריעס, ווי מיר האָבן זי היינט אין אונדזער רשות. ס׳איז אָבער כאַראַקטעריסטיש דער אופן, ווי אַזוי זיי האָבן זיך אַליין געשאַפן אַ בילד פון דער וועלט, וועלכעס שטעלט אַוועק ווייט אין שאָטן דאָס אַלעס, וואָס איז במשך פון אַנדערהאַלבן יאָרטויזנטער באַטראַכט געוואָרן פונעם מענטשן פון אַ שפּעטערדיקן פּעריאָד ווי אַן אומבאַרירלעכער אמת.

דעמזעלביקן אינטערעס האָבן די אַלטע חכמים אַרויסגעוויזן צו די ענדערונגען פון דער מאַטעריע. די באַקאַנטע איינטיילונג פון דער מאַטעריע אין פיר גרונטעלעמענטן: ערד, וואַסער, לופט און פייער, וועלכע מ׳שרייבט־צו עמפּעדאָקלעסן, האָט באַהערשט דעם מענטשנס מוח במשך פון אַ סך דורות און איז אייבערגעשטייגט געוואָרן ערשט דורך די רעזולטאַטן פון דער מאָדערנער כעמיע. אַן אַנטשיידנדיקן שריט פאַר דער געשטאַלטיקונג פונעם וועלטבילד אויפן נאַטירלעכן יסוד האָבן געמאַכט די „אַטאָמיסטיקער״, מחמת זיי האָבן געזוכט פעסטצושטעלן דעם מהות פון דער מאַטעריע. אוודאי קאָן מען נישט אַזוי־זיך מיר־נישט דיר־נישט אַוועקשטעלן אין איין ליניע די לערעס פון אַ דעמאָקריטאָס אָדער אַ לעוקיפּאָס מיט דער היינטיקער לערע וועגן די אַטאָמען פון אַ דאַלטאָן אָדער אַוואָגאַדראָ; דערצו האָט די אַלטע געפעלט, קאָן מען זאָגן, אַזוי גוט ווי אַלע נייטיקע תנאים. אָבער דאָס, וואָס איבעראַשט אונדז נאָך היינט אפילו, ווען מיר באַטראַכטן זייערע טעאָריעס, איז די גרויסאַרטיקייט פונעם פּרואוו, דאָס אַלצאַרומנעמענדיקע פון אַ באַגריף אין אַ תקופה, ווען ס׳זענען געווען לגמרי אומבאַקאַנט אפילו די פּרימיטיוווסטע יסודות פון אונדזערע היינטיקע קענטענישן אין דער פיזיק און כעמיע. דערמיט, וואָס די אַטאָמיסטיקער האָבן צוריקגעפירט יעדע דערשיינונג צו אירע נאַטירלעכע סיבות, האָבן זיי אויסגעשיידט דעם צופאַל און די מוטוויליקייט פון זייער וועלטבאַנעם און במילא אויך יענעם אופן פונעם דענקען, וועלכער זוכט אין יעדער זאַך אַ באַזונדערן צוועק. מ׳באַגרייפט דעריבער דעם מאָטיוו, פאַרוואָס באַקאָ פון ווערולאַם האָט אַרויסגעוויזן אַ באַוואונדערונג

צו דעמאָקריטאָסן און אַרויסגעשטעלט זיין לערע קעגן דער לערע פון אַריסטאָ־טעלעס און זיינע בלינדע קריסטלעכע נאָכלויפער.

פון עמפּעדאָקלעסעס גרויסער דידאַקטישער פּאָעמע וועגן דער נאַטור איז צו אונדז אָנגעקומען בסך־הכל פיר הונדערט שורות. מ׳באַצייכנט אים ווי דעם פריסטן פאָרגייער פון דער לאַמאַרק־דאַרוויניסטישער טעאָריע וועגן דעם אָפּ־שטאַם. מיט די נייטיקע באַשרענקונגען קאָן מען לאָזן גילטן אָט־די באַהויפּטונג. עמפּעדאָקלעס האָט געזען אין ליבע און דערווידערלעכקייט די ביידע התחלהדיקע כוחות, וועלכע מאַניפעסטירן זיך דורך צוזאַמונג און אָפּשטויסונג און צו וועמעס ווירקונגען מ׳דאַרף צושרייבן דאָס אייביקע אַנטשטייען און אומקומען פון אַלע זאַכן. מענטשן, חיות און פלאַנצן זענען צוזאַמענגעשטעלט פון די זעלביקע שטאָפן, נאָר די מישונג איז ביי יעדן מין אַן אַנדערע. דורך אַ שיער פאַר־בינדונגען און צעשיידונגען זענען אין משך פון אַן אומאויסרעכנבאַרער צייט אַנט־שטאַנען בהדרגהדיק די פלאַנצן, נאָכדעם די חיות; קודם כל האָט די נאַטור אַרויסגעבראַכט יעדן אָרגאַן באַזונדער: אָרעמס אָן אַקסלען, קעפּ אָן העלדזער א. אַ. וו., ביז ס׳האָבן זיך, לסוף, אָפּגעשטעלט נאָר אַזעלכע פאָרמען, וועלכע זענען דורך זייער פולקאָמער סטרוקטור געווען פעיק צו אַ דויערנדיקער עקזיסטענץ.

וועגן קסענאָפאַנעסן, דעם מכלומרשטן גרינדער פון דער עלעאַטישער פילאָ־זאָפישער שול, ווערט אפילו באַהויפּטעט אַז ער האָט געפּרואווט צו דערקלערן די פאָסילע אָפּגעקוועטשטע פאָרמען פון פלאַנצן און חיות אין שטיינער, ווי רעשטן פון אַמאָל לעבעדיק געוועזענע און אין משך פון דער צייט אויסגעשטאָר־בענע רעשטן. קסענאָפאַנעס האָט אויך איינגעזען דאָס אַנטראָפּאָמאָרפע, וועלכעס איז פאַראַן אינעם יסוד פון יעדן גלויבן אין געטער און מיט אַ סך דורות פאַר פייערבאַכן האָט ער באַהויפּטעט, אַז אין גאָט פאַרערט דער מענטש זיין איי־גענעם מהות.

ס׳איז אָבער נישט געווען בלויז דער באַנעם וועגן וועלט און זאַכן; אויך דער אופן פון דענקען האָט שוין באַצייטנס אָנגערעגט די אויפמערקזאַמקייט פון די אַלטע דענקער און זיי דערפירט צו דער איבערצייגונג, אַז נאָר דורך באַ־אָבאַכטונג און דערפאַרונג קאָן מען דערגיין צו באַשטימטע כללים און פאַראַלגע־מיינערונגען. אָט־דער מעטאָד האָט זיך פאַר זיי אַרויסגעוויזן ווי דער ערשטער פאָרויסיקער תנאי פון יעדן וויסן בכלל. ביי אַזאַ מין אופן פון דענקען האָבן זיך אויך די פּראַקטישע וויסנשאַפטן געמוזט אַנטוויקלען צו זייער העכסטן בלי. פּאָק־טיש איז עוקלידס געאָמעטריע דערגאַנגען צו אַזאַ שלימות, אַז זי האָט געקאָנט באַשטיין במשך פון איבער צוויי טויזנט יאָר, אַז איר אינהאַלט זאָל נישט אײַ־בערגעטראָפן, איר פאָרעם נישט געענדערט ווערן. ערשט פאַר דער מאָדערנער עפּאָכע איז עס געבליבן רעזערווירט אויך אויף דעם געביט צו צעעפענען נייע וועגן. דאָסזעלביקע איז חל אויף אַרכימדעסעס וויסנשאַפטלעכע עקספּערימענטן;

מיט זיין טעאָריע מכות די געזעצן פון דער הייבשטאַנג א. אַ. וו. האָט ער ערשט אַוועקגעלייגט די יסודות פאַר אַ וויסנשאַפט וועגן דער מעכאַניק.

דיזעלביקע פרייהייט פונעם באַנעם איז אויך געווען צו באַמערקן אויף אַלע אַנדערע געביטן. מיר באַגעגענען זי אין די פילאָזאָפישע שולן פון די סאָפיסטן, פון די ציניקער, פון די מעגאַריקער און שפּעטער פון די סטאָאיקער, וועלכע האָבן זיך בעיקר באַשעפטיקט מיט די באַציאונגען פונעם מענטשן צו דער געזעלשאַפט און אירע פאַרשידענע אינסטיטוציעס. דורך דער שנעלער אנטוויקלונג פונעם גייס־טיקן און סאָציאַלן לעבן אין די גריכישע שטעט זענען ביסלעכווייז אויפגעקומען גאַנץ נייע באַגריפן וועגן די סיבות פונעם עטישן געפיל און וועגן די באַציאונגען פון די מענטשן צווישן זיך. די אַלטע אמונה אין די געטער, וועלכע האָט אין האָמערס פּאָעמעס געפונען אַ פּונקט אַזאַ קינדישן ווי נאַטירלעכן אויסדרוק, האָט געהאַלטן ביים פאַרשווינדן ווערן. די פילאָזאָפיע האָט צעעפנט פאַר די מענטשן גאַנץ נייע פּערספּעקטיוון פונעם דענקען און זיי אַנגעוויזן צו ווערן באַלעבאַטים פון זייער אייגענעם גורל. אַזוי איז אַנטשטאַנען אַן איבערשאַצונג פון אַלע בירור־שהדיק איבערגענומענע מאָראַלישע באַגריפן, וועלכע איז באַזונדערס פון די ציני־קער און סאָפיסטן דערפירט געוואָרן צו די ווייטסטע גרענעצן, ביז סאָקראַטעס האָט פעסטגעשטעלט דעם אמתן יסוד פון אַלע עטישע געפילן אינעם סאָציאַלן צוזאַמענלעבן. „די טוגנט — האָט ער געזאָגט — איז נישט קיין גאָב פון די גע־טער, נייערט דאָס באַגרינדעטע וויסן מכוח דעם, וואָס ס'איז באמת גוט און מאַכט פעאיק דעם מענטשן צו לעבן אַזוי, אַז ער זאָל נישט שעדיקן די אַנדערע, זיי צו באַהאַנדלען גערעכט און דינען נישט זיך אַליין, נאָר דער געמיינשאַפט. אָן דעם אַלעם איז אַ געזעלשאַפט נישט דענקבאַר". אויף אָט־דעם פונדאַמענט האָבן דערנאָך די עפּיקורעער און די סטאָאיקער ווייטער געבויט און אַנטוויקלט זייערע לערעס וועגן דעם עטישן באַוואוסטזיין אינעם מענטשן.

אויך די פראַגע וועגן דער עפנטלעכער ווירטשאַפט און דער פּאָליטישער געשטאַלטונג פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט באַשעפטיקט אַ גאַנצע ריי גרי־כישע דענקער, ביי וואָס איינצלנע פון צווישן זיי זענען דערגאַנגען צו די ווייט־גרייכנדיקסטע מסקנות. דערביי האָבן די אַלטע מסורות וועגן אַ „גאָלדענער תקו־פה", וועלכע איז אויפגעהאַלטן געוואָרן לעבעדיק אין פאָלק דורך דער פּאָעטי־שער קונסט, געשפּילט אַ נישט צום אונטערשאַצנדיקע ראָל און זיי האָבן זיך בהדרגההדיק אויסקריסטאַליזירט אין דער לערע וועגן „נאַטוררעכט", וועלכע איז מיט אַ באַזונדערער התמדה אָנגעהאַלטן געוואָרן פון די ציניקער. דורך אָט־די אידעען האָט זיך ביסלעכווייז אַנטוויקלט אַ גאַנץ אַנדערע שטעלונג צו די געזעל־שאַפטלעכע אינסטיטוציעס און צו פרעמדע פעלקער, וועלכע האָט געפונען איר צייטיקסטן אויסדרוק אין דער לערע פון זענאָן, דעם תלמיד פונעם ציניקער קראַטעס און פונעם מעגאַריקער סטילפּאָ, און איר העכסטן פּונקט אין אַ פול־

שטענדיקער אָפּוואָרפונג פון אַלע אַרויפגעצוואונגענע איינפירונגען אין דער געזעלשאַפט.

ס'איז מסתמא נישט פאַראַן נאָך אַ פּעריאָד אין דער געשיכטע, וועלכער זאָל האָבן צו פאַרצייכענען אַזאַ הויך און אַזאַ פילזייטיק גייסטיק לעבן. אָבער אונדזער באַוואונדערונג ווערט נאָך גרעסער, ווען מיר ווענדן אונדזער בליק צו דער אַלגעמיינער ליטעראַטור פון די העלענען. שוין די עלטסטע פּאָעטישע ווערק פון די גריכן, וועלכע זענען צו אונדז אָנגעקומען, די „איליאַדע" און די „אָדיסעע", אַנטפּלעקן אַזאַ שיינקייט און קראַפט פון דער פּאָעטישער שלימות, אַז מיט רעכט האָט מען זיי באַצייכנט ווי אַזעלכע, וואָס זענען כולל אין זיך אַלץ פון דער עפּישער דיכטונג אין אַלגעמיין. די טיפע פאַרוועבטקייט פון אַ זינלעך־נאַאיוון וועלט־באַנעם מיט די טיפסטע רעגונגען פונעם מענטשלעכן האַרץ, די פאַרכאַפּנדיקע קלאָרקייט פון דער לאַנדשאַפט און די אינערלעכע צונויפגעוואַקסנקייט פון דער מענטשלעכער נשמה מיט דער דרויסנדיקער נאַטור, אָבער קודם־כל די לעבעדיקע פריילעכקייט פון די שילדערונגען דערגרייכן דאָ אַזאַ גראַד פון שלימות, וועלכער איז שפּעטער זייער זעלטן און נאָר פון גאָר גרויסע דערגרייכט געוואָרן. נאָכן עפּאָס איז געקומען די דידאַקטישע פּאָעמע, פאַר וועמעס מחבר די אַלטע האָבן אַרויסגעשטעלט העסיאָדאָס פון אַסקראַ. אויפן אָרט פונעם וואונדערבאַרן און אַוואַנטוריסטישן אין דער עלטערער עפּישער פּאָעזיע איז געקומען די צוגעבונדנקייט צום היימישן ווינקל, דער זין פאַר דער נוצלעכער אַקטיוויטעט אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן, די פלאַנפולע באַטראַכטונג פון די זאַכן.

דער טיף־פאַרוואָרצלטער חוש פון די גריכן פאַר דער ראָמאַנטישסטער פון אַלע קונסטן, די מוזיק, וועלכער געפינט אַזאַ באַצויבערנדיקן אויסדרוק שוין אין די אַלטע לעגענדעס פון אַמפיאָן און אָרפעוס, האָט שוין באַצייטנס אַנטוויקלט די לירישע דיכטונג צו אַן אומגעריכטער הויך. אויב די עפּישע פּאָעטישע ווערק האָבן זיך באַשרענקט אויף דער באַשרייבנדיקער שילדערונג פון דעם שוין פאַרגאַנגענעם, האָט די לירישע פּאָעזיע געשעפּט איר טעמאַטיק פון די אינערלעכע איבערלעבונגען פונעם דיכטער און צונויפגעפּאָרט די פּאָעזיע מיט די קלאַנגען פון דער לירע און פלייט, וועלכע האָבן געגעבן אויסדרוק פאַר יעדער שטימונג פון געמיט. אַזוי אַרום איז דער דיכטער געוואָרן דער אומבאַדינגטער גאַסט אויף אַלע עפנטלעכע יום־טובים און אַלע שטעט האָבן קאָנקורירט צווישן זיך אים אויפצונעמען אין זייערע מויערן. אַ גאַנצע ריי פון אירע באַרימטסטע פאַרטרעטער האָט די לירישע דיכטונג געהאַט אויף דער אינדזל לעזבאָס, וועלכע מ'באַצייכנט אָפט ווי די היים פון דער ליריק אינעם ענגערן זין. דאָרט האָט געלעבט טערפּאַנדראָס, דער אייגנטלעכער שעפער פון דער מעלישער פּאָעזיע, וועלכער האָט געקאָנט צונויפגיסן די מוזיק מיט די פערזן אויף אַזאַ קינסטלערישן אופן, אַז די לעגענדע דערציילט וועגן אים, אַז ער האָט צוריקגעפונען אָרפעוס לירע. איר העכסטן פונקט האָט די ליריק אין לעזבאָס דערגרייכט אינעם נאָבעלן דיכטער־פּאָרל

אַלקעאָס, דעם ווילדן האַסער פון טיראַנען, און אין סאַפּאָ, דער גרויסער דיכטערין, וועמעס פאַרשיכורנדיקע ליבעספּאָעזיע געהערט צו די שענסטע, וואָס איז ווען־ס׳איז געשאַפן געוואָרן. אויך אַריאָן, דער זינגער אויף די דיאָנישע פייערונגען און שאַפער פון די דיטיראַמבן, האָט געשטאַמט פון לעזבאָס. אין אַנאַקרעאָן פון טעאָס, דעם באַגייסטערטן באַזינגער פון דער ליבע און דעם וויין, האָט די ליריק פון די זקנים געפונען איר גראַציעזסטן און לעבנספרייידיקסטן פאַרטרעטער. נעבן אים האָבן זיך געלאָזט הערן איביקאָס פון רעגיום, סימאָנידעס פון קעאָס און בעיקר פּינדאַראָס פון טעבען, וועמען קווינטיליאַן האָט אַרויסגעשטעלט ווי דעם „פירשט פון די ליריקער". פּינדאַר איז אויך געווען באַרימט אין גאַנץ גריכנלאַנד ווי אַ סקאָליען־דיכטער. די סקאָליען אָדער טישגעזאַנגען האָבן געהאַט דעם צוועק צו געבן אַ העכערן רייץ די תענוגיםביים טיש און זיי זענען געווען פאַרשפּרייט איבער גאַנץ העללאַס.*) אויך זאָל דאָ דערמאָנט ווערן דער געוויזענער קנעכט עזאָפּ, דער בורלעסקער דיכטער פון די פאַבלען וועגן חיות, וועמעס שפּאַסיקע מעשהלעך זענען געגאַנגען פון מויל צו מויל. יעדע שטאָט האָט געהאַט אירע זינגער און דיכטער און ס׳איז מסתמא נישט פאַראַן נאָך אַ פּעריאָד אין דער געשיכטע, ווען אין אַזאַ קליינעם לאַנד און אין אַזאַ רעלאַטיוו קורצער צייט זאָלן זיך באַוויזן אַזאַ גרויסע צאָל דיכטער און דענקער ווי דאָס איז געווען דער פאַל אין דער קליינער קהילה פון די גריכן.

דעם העכסטן פונקט פון זייער פּאָעטישער קונסט האָבן די גריכן דערגרייכט אין דער דראַמע, וועלכע האָט זיך אַרויסגעשיילט פון די אַלטע יום־טוב־שפּילן לכבוד דיאָניסיאָס אָדער באַקכוס. די דראַמאַטישע דיכטונג האָט געהאַט אַ גאַנצע ריי מער אָדער ווייניקער אויסגעצייכנטע פאָרגייער, פון וועלכע ס׳האָבן זיך אַרויסגערוקט אויפן ערשטן פּלאַץ עפּיגענעס פון סיקיאָן, טעספּיס פון איקאַריאָן און גאָר באַזונדערס פריניכאָס, דער מחבר פון דער טראַגעדיע „דאָס איינגעמען מילעטאָס". אָבער צו איר העכסטער שלימות איז די דראַמע דערגאַנגען אין דער צייט נאָך די פּערסישע מלחמות, אין דער עפּאָכע פון אַטענס בליען, ווען די דריי שטערן: עסכילאָס, סאָפאָקלעס און עוריפּידעס האָבן אָנגעפילט מיט זייער גלאַנץ גאַנץ העללאַס, אַרומגערינגלט מיט אַזעלכע פּאָעטן ווי פילאָקלעס, עופאָריאָן,

*) אין די סקאָליעס זענען אויך אָפט געקומען צום אויסדרוק פּאָליטישע מאָטיוון, אַזעלכע ווי די פיינטשאַפט קעגן דער טיראַניע א. אַ. וו. דאָ ברענגען מיר אַ סטראָף פונעם נצחון־געזאַנג לכבוד די טיראַנען־מערדער האַרמאָדיאָס און אַריסטאָגעיטאָן, וועלכן מען שרייבט צו קאַליסטראַטאָסן:

אין גרינס פון הדסים וויל איך טראָגן מיין שלאַכט־שווערט
ווי האַרמאָדיאָס און אַריסטאָגעיטאָן,
ווען זיי האָבן אויף דער הייליקער שמחה אין פּאַללאַס
דערשלאָגן דעם טיראַן היפּפּאַרכאָס.
שטענדיק וועט בליען אייער שם אויף דער ערד,
פילגעליבטע האַרמאָדיאָס און אַריסטאָגעיטאָן;
מחמת דורך אייך איז אומגעקומען דער טיראַן
און מחמת איר האָט אַטען ווידער געמאַכט גלייך און פריי.

קסענאָקלעס, ניקאָמאַכאָס און אַ סך אַנדערע. פון עסכילאָסעס צוויי־און־זיבעציק פיעסן זענען בלויז זיבן אָנגעקומען צו אונדז, צווישן זיי זיין גרעסטע טראַגעדיע „דער געבונדענער פּראָמעטעאָ״, אין וועלכער עס מאַניפעסטירן זיך אַמשטאַר־סטן דער דרייסטער חוש, די גיגאַנטישע קראַפט און די גרויסאַרטיקייט פון די אידעען. וועגן סאָפאָקלעסן זאָגט מען, אַז ער האָט געשאַפן אַ סך מער ווי הונדערט דראַמעס, אָבער בלויז זיבן פון זיינע ווערק זענען אויפגעהיט געוואָרן, און זיי גיבן אונדז אַ באַגריף וועגן דער גרויסקייט פון זיין גאונות, וועלכע קומט באַ־זונדערס צום פּערפעקטסטן אויסדרוק אין זיין „אַנטיגאָנע״. פון וועמעס ווערק ס׳איז צום מייניסטן אויפגעהיט געוואָרן, איז פון עוריפּידעס, דעם „דיכטער פון אויפקלערונג״, ווי מ׳האָט אים גערופן, און פון זיין אידעען־חבר סאָקראַטעס. פון די צוויי־און־צוואַנציק דראַמען, וועלכע מ׳שרייבט אים צו, זענען נייַנצן דערגאַנגען ביז צו אונדז. זיין קונסט איז געווען ניכטערער ווי עסכילאָסעס און סאָפאָקלעסעס קונסט און נאָך אין די צייטן ווען ער האָט געלעבט האָט מען געזאָגט, אַז בעת סאָפאָקלעס שילדערט די מענטשן ווי זיי וואָלטן געדאַרפט זיין, האָט זיי עורי־פּידעס געשילדערט אַזוי ווי זיי זענען געווען אינדערעמתן. אַז ער האָט געהאַט די קראַפט צו צעטרייסלען דורך זיין פאַרשטעלונג, באַווייזט זיין דעמאָנישע גע־שטאַלט פון דער ליידנשאַפט, אין וועלכער ער איז פון קיין שום אַנדערן נישט איבערגעטראָפן געוואָרן.

די גריכישע קאָמעדיע האָט זיך אַנטוויקלט פון דיזעלביקע התחלות ווי די טראַגישע פּאָעזיע; אויך זי איז אַרויסגעקומען פון די אַלטע יום־טוב־שפּילן און האָט זיך בעיקר געצויגן פון די פאַלישע געזאַנגען. אָבער ערשט אין אַטען איז די קאָמעדיע דערגאַנגען צו איר העכסטער אַנטוויקלונג. דאָרט האָבן געלעבט קראַטינאָס, וועגן וועמען מ׳דערציילט, אַז זיין בייסנדיקע איראָניע האָט אפילו נישט רעספּעקטירט פּעריקלעסן, גריכנלאַנדס גרעסטן שטאַטסמאַן; נעבן אים זענען געווען קראַטעס, עופּאָליס, פערעקראַטעס און אַנדערע, וועלכע זענען אָבער אַלע אָפּגערוקט געוואָרן אין שאָטן דורך אַריסטאָפאַנעסן, דעם „פאַרשייטן ליבלינג פון די גראַציעס״. פון אַריסטאָפאַנעסעס פיר־און־פופציק קאָמעדיעס זענען בלויז עלף אָנגעקומען צו אונדז, אָבער זיי זענען גענוג, כדי זיך צו שאַפן אַ באַגריף וועגן דעם באַרימטן דיכטער, וועלכער האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי צו פאַרבינדן אין זיינע ווערק דעם צאָרנדיקסטן שפּאָט מיט דער חנעוודיקסטער צאַרטקייט. זיין בייסיקער וויץ האָט נישט געוואוסט פון קיין גרענעצן: ער האָט געשמיסן מענטשן און אַנ־שטאַלטן מיט דער דרייסטסטער העזהדיקייט און אָן יעדער באַפּוצונג. הגם לויט זיין אָריענטאַציע איז ער געווען גיכער קאָנסערוואַטיוו, האָט זיך זיין איראָניע נישט אָפּגעשטעלט נישט פאַר די געטער און נישט פאַר די רעגירונגען און לוס־טיק האָט ער געפּאַכעט מיטן מיצל מיט גלעקלעך איבער אַלע הייליקטימער.

ס׳איז נישט קיין צופאַל, וואָס די קאָמעדיע און די דראַמע זענען דערגאַנגען צום העכסטן פּונקט פון זייער שלימות דווקא אין דער צייט, ווען ס׳האָט געבליט

די אַטענישע דעמאָקראַטיע. די ווייטגרייכנדיקסטע אומבאַשרענקטקייט פון דער פאָרשטעלונג אין דער קאָמעדיע פון יענער צייט גיט אונדז אַ בעסערן באַגריף וועגן דער פערזענלעכער פרייהייט פונעם מענטשן ווי די שענסטע באַשרייבונגען פון דער רעפּובליקאַנישער קאָנסטיטוציע. ווערט דאָך דער גייסט פון אַ תקופה באַשטימט נישט דורכן טויטן אות פון די געזעצן, נייערט דורך די לעבעדיקע מעשים פון די מענטשן, וועלכע לייגן ערשט אַרויף אויף אים זייער חותם.

און ווען מיר וואַרפן לסוף אַ בליק אויף דעם, וואָס די גריכן האָבן אויפגעטאָן אין דער אַרכיטעקטור, סקולפּטור און מאָלעריי, זענען מיר ערשט אימשטאַנד אָפּצושאַצן די גאַנצע גרויסקייט און טיפקייט פון זייער קולטור. אין דער געשיכטע פיגורירן אייניקע פעלקער, וועלכע האָבן אויף באַשטימטע געביטן פון זייער קולטורעלן שאַפן אויפגעטאָן גרויסע און זעלטענע זאַכן, אָבער פונדעסטוועגן זענען די גריכן אפשר דאָס איינציקע פאָלק, וועלכעס איז געווען אימשטאַנד אויף אַ ל ע געביטן פון דער קולטור צו שאַפן יענעם אינערלעכן גלייכגעוויכט, וועלכע האָט אין משך פון די לעצטע טויזנט יאָר כסדר אַרויסגערופן די שטוינענדיקע באַוואונדערונג פון די גרעסטע פערזענלעכקייטן. מ׳פאַרשטייט, פאַרוואָס געטע האָט באַהויפּטעט וועגן דער גריכישער קונסט: „אַלע אַנדערע קינסטלער דאַרף מען עפּעס צוגעבן, אָבער בלויז דער גריכישער בלייבט מען תמיד עפּעס שולדיק”.

פאַר די גריכן איז די קונסט נישט געווען קיין פּריוואַט באַדערפעניש פון יחידים, מיט וועלכער מ׳גיט זיך אָפּ ווי מיט וועלכן ס׳ביט־איז ספּאָרט, נייערט אַ שעפערישע טעטיקייט, וועלכע איז ענג צונויפגעוואַקסן מיט זייער גאַנצן גע־זעלשאַפטלעכן לעבן און אָן וועלכער מ׳קאָן זיך לחלוטין נישט פאָרשטעלן די עקזיסטענץ. די העלענען זענען אפשר געווען דאָס איינציקע פאָלק, וועלכעס האָט פאַרשטאַנען צו מאַכן פונעם לעבן גופא אַ קונסט; לפּחות איז אונדז נישט באַקאַנט קיין שום אַנדער פאָלק, ביי וועמען ס׳זאָל זיך אַזוי בולט און אַזוי אויסדריקלעך געווען אַרויסווייזן דער ענגער צוזאַמענהאַנג פון דער קונסט מיט אַלע אַנדערע זייטן פונעם פערזענלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. דער פאַקט, וואָס אַזאַ ישוב ווי אַטען, וועלכער האָט פאַרן בלויזן אויסהאַלט און שטיצע פון זיין טעאַטער און זיין שוישפּילקונסט אויסגעגעבן גרעסערע סומעס ווי פאַר די מלחמות מיט די פּערסער, וועמעס איבערפאַלן האָבן געשטעלט אין סכנה די גאַנצע פּאָליטישע עקזיסטענץ פון די אַלטע העללאַס, איז פאַר אונדז קוים באַגרייפבאַר היינט, אין דער צייט פון דער מאָדערנער שטאַטסבאַרבאַריע, ווען ביוראָקראַטיע און מיליטאַריזם פאַרשלינגען דעם גרעסטן טייל פון די נאַציאָנאַלע הכנסות פון אַלע אַזויגערופענע ציוויליזירטע פעלקער. אָבער טאַקע נאָר אין אַזאַ קהילה קאָן זיך די קונסט אַנטוויקלען צו אַזאַ הויך.

דאָס איז באַזונדערס נוגע די אַרכיטעקטור; איז זי דאָך די סאָציאַלסטע פון אַלע קונסטן, וועמעס אַנטוויקלונג איז פולשטענדיק אָפּהענגיק פונעם פאַרשטענדעניש, וואָס מ׳ווייזט איר אַרויס געזעלשאַפטלעך. נאָר אין אַ לאַנד, אין וועלכן

דער יחיד האָט כסדר גענומען דעם לעבעדיקסטן אָנטייל אין די ענינים פונעם עפנטלעכן לעבן און ער האָט אָט־די ענינים לייכט געקאָנט אַרומנעמען, איז געווען מעג־לעך, אַז דאָס אַרכיטעקטאָנישע קונסטווערק זאָל זיך קאָנען אַנטוויקלען צו אַזאַ הערלעכער שלימות. ביי די באַבילאָניער, עגיפּטער, פּערסער און אַנדערע פעלקער פונעם אַלטערטום האָט זיך די אַרכיטעקטור אַלס קונסט באַשרענקט בלויז אויף די פּאַלאַצן און מצבות פון די קעניגן און טעמפּלען פון די געטער. ביי די גריכן זעען מיר צום ערשטן מאָל איר אָנווענדונג פאַר אַלע באַדערפנישן פונעם עפנטלעכן לעבן און פונעם פּערזענלעכן באַנוץ.

דעריבער ווייט פונעם גריכישן טעמפּל מיט אַ גאַנץ אַנדערן גייסט ווי פון די טעמפּל־בנינים פון די אָריענטאַלישע פעלקער, וועמעס אומגעלומפּערטע מאַ־סיווקייט ברענגט צום אויסדרוק די גאַנצע שווערע און דערדריקנדיקע געוויכטי־קייט פון וויסטע רעליגיעזע סיסטעמען און שטייפע פּריסטערלעכע דאָגמעס. אי־בער די רעליגיעזע אידעען פון די העלענען האָט געשוועבט דער פּאָעטישער גלאַנץ פון אַ פריילעכן לעבנסבאַנעם, און זיי האָבן זיך אפילו די געטער פאָרגעשטעלט מענטשלעך און נישט געווען באַלייגט מיט קיין שום לעבנספיינטלעכע דאָגמעס. אַ געזונטע סענסואַליטעט האָט באַהערשט דאָס לעבן פון די גריכן און האָט אויך אויף דער פאָרשטעלונג פון דער גאָטהייט אַרויפגעלייגט איר חותם. דער גריך איז פאַר קיין שום גאָט נישט געפאַלן אויף די קני. דער באַגריף מכוח עבירות איז אים געווען לגמרי פרעמד; ער האָט קיינמאָל נישט געלעסטערט זיין מענטשלעכ־קייט. אַזוי אַרום איז דער קולט ביי אים געוואָרן זיין וועלטלעכער יום־טוב פון דער לעבנספרייד. געזאַנגען, טענץ, פאַרווײַלנדיקער שפּיל, פאָרשטעלונגען מיט אַ טראַגישן אינהאַלט, אַטלעטישע קאַמפן און פאַרמעסטן, פאַרבונדן מיט פריילעכע יום־טובים, ביי וועלכע וויין און ליבע האָבן נישט געשפּילט קיין קליינע ראָל, האָבן זיך געביטן אין קאָלירקע רייען און געגעבן אַן אייגנאַרטיקן כאַראַקטער די רעליגיעזע פייערונגען. און דאָס אַלעס איז נישט פאָרגעקומען הינטער גראָבע ווענט פון טעמפּלען, נייערט זיך פאַרלאָפן אונטערן בלויען הימל, אין אַ ליבלעכער נאַ־טור, וועלכע האָט אָנגעבאָטן אירע ראַמען פאַר דידאַזיקע מיט פרייד אָנגעפולטע פאַרווײַלונגען. און אָט־דער גייסט פון דער לעבנספרייד האָט זיך אַנטפּלעקט אינעם מענטשס ווערק. טען האָט באַשריבן די אייגנאַרטיקייט פון די אַרכיטעק־טאָנישע קונסטווערק אין העללאַס מיט אָט־די ווערטער:

„גאָרנישט לעסטיקס, משונהדיקס און געצוואונגען־קינסטלערישס איז פאַראַן אין אָט־דעם בנין; ס'איז אַ רעקטאַנגל, וועלכער איז אַרומגענומען פון אַ ריי זיילן; דריי אָדער פיר פונדאַמענטאַלע געאָמעטרישע פאָרמען האַלטן־אונטער דעם גאַנצן געזאַמל און די סימעטריע ווערט איבערגעהזרט און קעגנאיבערגעשטעלט איינע לגבי דער אַנדערער. די קרוינונג פונעם שפּיץ, די פאַלבונג פון די זיילשטאַנגען, די צודעקפליטן פון די זיילקרוינען, אַלע צוגאַבן און אַלע פּרטים אַנטפּלעקן גלייכצייטיק אַמקלאָרסטן דעם אייגנ־טלעכן כאַראַקטער פון יעדן גליד, און די פאַרשידנדיקייט פון דער פּילקאָ־

לירקייט דערפירט דאָס לייגן דעם טראָפּ און די פּאַרטייטשונג פון אָט־די אַלע ווערטן ביז צו שלימות".*)

דידאָזיקע ספּעציעלע אייגנאַרטיקייט פונעם אַרכיטעקטאָנישן קונסטווערק, זיין גראַציעזע, פלינקע שיינקייט, אין וועלכן יעדע ליניע פאַראייניקט זיך אין איין האַרמאָנישער ליכטיקער גאַנצקייט, באַגעגנט מען אין העלאַס כסדר פונדאָסניי: אין צעוסעס טעמפּל אויפן אָלימפּ, אינעם אַפּאָלאָ־טעמפּל אין פיגאַליאַ, אינעם טעסעוס, אינעם פּאַרטענאָן, אין די פּראָפּילעען פון דער אַבראָפּאָליס ביז צו די הערלעכע ווערק פון איקטינאָס, קאַליקראַטעס און אַזוי פיל אַנדערע מייסטער.

קיין שום קונסט איז נישט געווען אַזוי שטאַרק פאַרשפּרייט צווישן די העלענען ווי די סקולפּטור. זי שטייגט פּאַקטיש איבער אַלץ, וואָס פעלקער האָבן ווען עס איז געשאַפן אויף אָט־דעם געביט און פילט אונדז שטענדיק אָן מיט שטוינען צוליב דער פּאַבלהאַפטיקער שפע פון זייער שאַפן. אין דער צייט פון דער רוימישער אינוואַזיע האָבן די רוימישע אַרמיי־אָנפירער אויסגעפּלינדערט אויף אָן אומדערהערטן אופן גריכנלאַנדס קונסט־אוצרות. דערציילן דאָך די באַריכטן, אַז אין רוים און אין די אַרומיקע געגנטן זענען אויפגעשטעלט געוואָרן נישט ווייניקער ווי זעכציק טויזנט גריכישע סטאַטועס. און פונדעסטוועגן איז פּאַוסאַניאַס, וועלכער האָט געלעבט אין צווייטן יאָרהונדערט נאָך קריסטוסן, אין דער צייט פון די רוימישע אימפּעראַטאָרס אַדריאַן, אַנטאָניוס פּיוס און מאַרקוס אַורעליוס, געווען אימשטאַנד צו באַריכטן, נאָך זיין גרויסער רייזע דורך העלאַס, אַז דאָס גאַנצע לאַנד פון ברעג צו ברעג איז ענלעך צו אַ מוזעום פון קונסטווערק. לויט ווינקעלמאַנס דאַטן האָט פּאַוסאַניאַס איבערגעגעבן וועגן 20.000 סטאַטועס, וועלכע ער אַליין האָט געזען**). פון אָט־דער ציפער קאָן מען זיך שאַפן אַ בערכדיקן באַגריף וועגן דער פאַרשוווּנדערישער שפע פון דער גריכישער סקולפּטורקונסט און וועגן דער פאַרשפּרייטונג פון זייערע ווערק. דידאָזיקע הויכע אַנטוויקלונג פון דער סקולפּטור האָט בלי שום ספק איר דערקלערונג אינעם עפנטלעכן לעבן פון די גריכן. די קולטיווירונג פונעם נאַקעטן קערפּער האָט זיך אין העללאַס אויסגעשטאַלטיקט אין אַ פאָרמעלן קולט. אַלע עפנטלעכע יום־טובים זענען געווען פאַרבונדן מיט שפּילן און אַטלעטישע קאַמפן און אַרויסגעשטעלט פאַרן קינסטלערס אויג דעם מענטשלעכן קערפּער אין אַלע זיינע מעגלעך־געדאַכטע פּאָזיציעס, צוליב וואָס זיין שאַפונגסקראַפט האָט כסדר באַקומען נייע אינספּיראַציעס.

נעבן איינצלנע מייסטערס האָבן זיך שפּעטער אַנטוויקלט אין אַטען, קאָרינט, אַרגאָסא, סיקיאָן א. א. וו. גאַנצע שולן פון דער סקולפּטאָרישער קונסט. און אויף וואָס פאַר אַ גרויסער צאָל קינסטלער טרעפן מיר זיך דאָ אָן! אַגעלאַדעס, וועלכער איז טעטיק אין אַרגאָס, ווערט באַצייכנט ווי דער לערער פון די דריי גרויסע מייסטער פידיאַס, מיראָן און פּאָליקלעט. פידיאַס איז באַקאַנט ווי דער באַשאַפער פון

*) היפּאָליט טען, „פילאָזאָפיע פון דער קונסט".
**) J. J. Winkelmann, Geschichte der Kunst des Altertums, 1764.

צעוסעס סטאַטוע, פון פערציק פוס די הויך, אין טעמפל פון אָלימפּיאַ. אויך די קאָלאָסאַלע קופערנע סטאַטוע פון אַטענע פּראָמאַכאָס אויפן אַטענער אַקראָפּאָליס, וועלכע מ׳האָט געקאָנט זען פון די שיפן פון ים פון אַ ווייטן מהלך, איז געווען זיין באַשאַף. וועגן דער ריזיקער סטאַטוע פון דער אַטענע פונעם פּאַרטענאָן, וועלכע פידיאַס האָט געשאַפן, קאָנען מיר זיך מאַכן בלויז אַן אומפולקאָמענע פאָרשטעלונג, מחמת זי איז, פונקט ווי אַ סך אַנדערע ווערק פון יענער צייט, פאַרשוואונדן געוואָרן. שפּעטער האָט זיך אַנטוויקלט די נייע אַטטישע שול, וועלכע איז דערגאַנגען צום העכסטן פונקט פון איר שאַפונגס־פעיקייט אין די ווערק פון סקאָפּאַס פון פּאַראָס און בעיקר אין די ווערק פון פּראַקסיטעלעס פון אַטען. די צוריקגעפונענע סטאַטוע פון הערמעס, צו צפון פונעם טעמפּל פון אָלימפּיאַ, גיט אונדז אַ באַגריף וועגן פּראַקסיטעלעסעס פערפעקטער קונסט. עס דאַרפן אויך נישט בלייבן אומדערמאָנט די גרויסע סקולפּטאָרן עופראַנאָר פון קאָרינט און ליסיפּאָס פון סיקיאָן. פון די הונדערטער און הונדערטער ווייניקער באַקאַנטע מייסטער זענען אין רוב פאַלן צו אונדז אפילו זייערע נעמען נישט דערגאַנגען.

פון די ווערק פון דער גריכישער מאַלעריי איז נאַטירלעך נאָך ווייניקער קאָנסערווירט געוואָרן. פון די באַריכטן פון די אַלטע דרינגט אַרויס, אַז אין אַלע טיילן פון לאַנד האָבן עקזיסטירט אַן אַ שיער באַרימטע שולן, אַזעלכע ווי די יאָנישע שול פאַר מאַלעריי אין קליינאַזיע, ספּעציעל אין עפעסאָס, וואו ס׳זענען געווען טעטיק זעוקסיס און פּאַררהאַסיאָ, די שולן פון סיקיאָן, פּעסטום א. א. וו. ווי דער ערשטער מאָלער פון באַרימטן באַדייט ווערט געוויינלעך אַרויסגעשטעלט פּאָליקנאָט, אויף דער אינדזל טאַסאָס; אויפן ערשטן פּלאַץ שטייט אָבער אַפּעלעס, וועלכער האָט געזאָלט האָבן געשאַפן דאָס גרעסטע אויפן געביט פון מאַלעריי, מחמת די פּאַרצייטיקע זענען פול מיט שבחים וועגן אים.

די קונסט פון די גריכן האָט געפונען איר אויסדרוק אין יעדן קעגנשטאַנד פון טאָגטעגלעכן באַנוץ; זי האָט געשוועבט ווי אַ רוח קדושה איבער אַלע דערשיינונגען פונעם עפנטלעכן און פּריוואַטן לעבן, און אונדז קומט־אויס דאָס כסדר רק צו באַוואונדערן ביים אָנבליק פון די אָן אַ שיער וואַזעס מיט זייערע רייצנדיקע מאָלערייען און אויף די פאַרשידנערלייאיקסטע אויסגעגראָבענע דימענטן און אויסגעאַרבעטע איידלשטיינער. מ׳קאָן קוים אָפּשאַצן זייער געוואַלדיקע גרויס און אומבאַגרענעצטע פילזייטיקייט, ווען אפילו מ׳פאַרלירט קיינמאָל נישט פון אויג זייערע שאָטנדיקע זייט און מ׳נעמט זיי אַריין אין חשבון. קיין שום אַנדער פאָלק פון דער אַלטער געשיכטע איז נישט געווען אימשטאַנד צו האָבן אַפילו בלויז אַן ענלעכע צוציאונגסקראַפט אויף די באַדייטנדיקסטע קעפּ פון די שפּעטערדיקע דורות. וועגן יעדן באַזונדערן צווייג פון זיין רייכער שעפערישער טעטיקייט זענען אָנגעשריבן געוואָרן אומצייליקע ביכער אין אַלע שפּראַכן און אַפילו היינט גייט זעלטן־ווען אַריבער אַ יאָר, אַז ס׳זאָל נישט אַרויסגעבראַכט ווערן באַנייס נייער און וויכטיקער מאַטעריאַל וועגן דער קולטור פון די אַלטע העלאַס.

קוקט מען זיך אָבער צו ווי אַזוי ס׳האָט אויסגעזען דער ענין מכוח דער נאַציאָנאַלער און פּאָליטישער איינהייט פון די גריכן, וועגן וועלכער מ׳זאָגט דאָך, אַז זי איז דער ערשטער און אומבאַדינגטער נייטיקער תנאי פאַר דער אנטוויקלונג פון יעדן מין קולטור פון אַ פאָלק, דערגייט מען צו מסקנות, וועלכע זענען דווקא צעשמעטערנדיקע פאַר די פאַרטרעטער פון אָט־דעם אויסטייטש. דאָס אַלטע העלאַס האָט לגמרי נישט געוואוסט, וואָס דאָס איז אַזוינס נאַציאָנאַלע איינהייט און ווען מ׳האָט אים ביים סוף פון זיין געשיכטע אַרויפגעצוואונגען פון דרויסן אײַבערגעוואַלט די נאַציאָנאַלפּאָליטישע איינהייט, איז דעמאָלט געוואָרן אַ סוף צו דער גריכישער קולטור, וועלכע האָט זיך געמוזט זוכן נייע היימען פאַר איר שעפערישער טעטיקייט. דער גריכישער גייסט האָט פשוט ניט געקאָנט פאַרטראָגן דעם נאַציאָנאַלפּאָליטישן עקספּערימענט און איז ביסלעכווייז אויסגעגאַנגען אינעם לאַנד, אין וועלכן ער האָט במשך פון דורות אַרויסגעגעבן פון זיך זיינע שטאַרקסטע כוחות.

דאָס, וואָס האָט פאַראייניקט די גריכישע שבטים און פעלקערשאַפטן, איז געווען די בשותפותדיקע קולטור, וועלכע האָט זיך אויף יעדן אָרט באַזונדער אנטפּלעקט אין טויזנטערליי פאַרשידענע פאָרמען, אָבער בשום אופן נישט דער קינסטלעך געשנורעוועטער באַנד פון אַ נאַציאָנאַלפּאָליטישער געמיינשאַפט, פאַר וועלכער ס׳האָט זיך אין גריכנלאַנד נישט אינטערעסירט קיין איין מענטש און וועמעס מהות ס׳איז די העלענען תמיד געבליבן פרעמד. גריכנלאַנד איז פּאָליטיש געווען דאָס צעשפּליטערטסטע לאַנד אויף דער ערד. יעדע שטאָט האָט אָפּגעהיט מיט דער אייפעריקסטער התמדה, אַז איר פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט זאָל נישט באַרירט ווערן, אַ זעלבסטשטענדיקייט, פון וועלכער די איינוואוינער זענען נישט געווען ווילליק אויפצוגעבן גאָרנישט. יעדע איינע פון אָט־די קליינע שטאָטרעפּובליקן האָט געהאַט איר אייגענע קאָנסטיטוציע, איר אייגן געזעלשאַפטלעך לעבן מיט זיין קולטורעלער אייגנאַרטיקייט, וועלכע האָט טאַקע געגעבן דעם אַלגעמיינעם אַספּעקט פונעם העלענישן לעבן יענע פילקאָלירטע עשירות אין באַשטאַנד פון אמתע קולטורווערטן. זייער ריכטיק האָט באַמערקט אַלבערט ווירט:

„די אויפטועך פון די גריכן זענען אויף אַזוי פיל דערשטוינלעכער, אויף וויפל מער צעריסן און צעשליסן ס׳איז געווען זייער פאָלקסטום. ס׳האָט קיינער נישט באַוויזן צוזאַמענצונעמען די אַלע אומענדלעך גרויסע צאָל פאַרשידענע שבטים פאַר איין קאָלעקטיווער טאַט, פאַר איין איינהייטלעכער אָריענטאַציע... אַלע האָבן געהאַלטן און האַלטן טאַקע הויך זייער פאָלקסטום, אָבער זיי האָבן נישט גענוג פעאיקייט פאַר קרבנותגרייטקייט, נישט גענוג פּאָליטישן חוש, בכדי זיך איינצוראַמען אין א״ין גרויסן גאַנצן איינס און אים אונטערוואַרפן די אייגענע וואונטשן״.*)

אָבער טאַקע אָט־דער גרויסער דוחק אין „פּאָליטישן חוש״ איז עס געווען, וואָס האָט געגעבן פליגל דער קולטורעלער טעטיקייט פון די גריכן, טאַקע זיי ערשט

*) Albrecht Wirth, Volkstum und Weltmacht in der Geschichte, S. 18, Leipzig.

געמאַכט גייסטיק עמפינדלעך פאַר איר. ווען אַריסטאָטעלעס האָט צונויפגעזאַמלט דעם מאַטעריאַל פאַר זיין ווערק וועגן די קאָנסטיטוציעס פון די העלענען, איז ער געווען געצוואונגען אויסצושפרייטן זיינע חקירות איבער הונדערט און פופציק קהי־לות, פון וועלכע יעדע איינע איז געווען אַ פּאָליטישער איינס פאַר זיך גופא און אויפן סמך פון איר אויטאָנאָמיע געהאַט איר אייגנאַרטיקן געזעלשאַפטלעכן כאַראַק־טער. אפילו דער כאַראַקטער פון באָדן פון דער גאַנצער האַלבאינדזל איז געווען דורכויס גינציק פאַר אַזאַ אנטוויקלונג פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. דאָס לאַנד איז צום טייל בערגיק און האָט אַ הערלעכן און מילדן קלימאַט, וואָס האָט בלי שום ספק געהאַט אַן אומאָפּפרעגבאַרן איינפלוס אויפן געמיט און נשמה פון זיינע איינ־וואוינער. חנעוודיקע און פרוכפעריקע טאָלן שניידן דורך די לאַנדשאַפט אין אַלע ריכטונגען. אין אַן אַ שיער בוכטעס דרינגט דער ים אַריין טיף אין דער יבשה און שאַפט אַזוי אַרום אויף דריי זייטן איינעם פון די וואונדערבאַרסטע ים־ברעגעס, וועלכע מ׳קאָן זיך נאָר אויסמאָלן. חוצדעם קומען נאָך צו אַ היפּשע צאָל קלענערע און גרעסערע אינדזלען, וועלכע פאַרבינדן די האַלבאינדזל מיט קליינאַזיע ווי מיט אַ בריק. אָט־די גאַנצע רייכע נאַטור איז געווען אויסערגעוויינלעך פאַרשידנאַרטיק און האָט געמוזט די מענטשן אָנרעגן צו מעדיטאַציעס, וואָס ערגעץ אַנדערש וואָלט צו דעם נישט געווען געקומען. יעדע טייל פון לאַנד האָט געהאַט זיין באַזונדערע אייגנאַרט, וועלכע האָט צוגעטראָגן איר חלק אַרויפצולייגן אַ באַשטימטן חותם אויף דער טעטיקייט פון אירע איינוואוינער. אַזוי אַרום איז געוועקט און אָנגע־רעגט געוואָרן די רייכע פאַרשידנאַרטיקייט פונעם גייסטיקן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, וועלכעס איז פאַר די אַלטע העלאַס אַזוי כאַראַקטעריסטיש.

וואָס ס׳איז שייך די גריכן גופא, ווערט עס היינט פאַר אונדז קלאָרער, אַז זיי זענען נישט געווען נישט קיין איינהייטלעך פאָלק און אויך נישט קיין איינ־הייטלעכע ראַסע. אַלעס ווייזט גיכער אָן אויף דעם, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ בפירוש גליקלעכער מישונג פון עלעמענטן פון פאַרשידענע פעלקער און ראַסן, וועלכן האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין אַ גייסטיקער איינהייט דורך אַ בשותפותדיקער קולטור. די באַהויפּטונג, אַז די העלענען זענען געווען אַ פאָלק פון גערמאַנישער ראַסע, וועלכע זענען אַריינגעדרונגען אין דער האַלבאינדזל פון צפון און בהדרגה־דיק אונטערגעיאָכט די דאָרטיקע באַפעלקערונג, לאָזט זיך אין אַלגעמיין נישט באַשטעטיקן מיט קיין ממשותדיקע באַווייזן. וואָס מער די ויסנשאַפטלעכע פאָר־שונג באַמיט זיך אויפצוקלערן אָט־די אומקלאָרקייטן, מיט וועלכע גריכנלאַנדס התחלהדיקע געשיכטע איז נאָך אַלץ אַרומגעהילט, ווערן אויפגעדעקט אַלץ מער דערשיינונגען, וועלכע ווייזן־אָן פונקט דעם היפוך דערפון. אַז די האַלבאינדזל פלעגט גאַנץ אָפט איבערגעפאַלן ווערן פון פרעמדע שבטים, וועלכע פלעגן זיך אַריינרייסן פון צפון, וועגן דעם איז נישט פאַראַן קיין שום ספק. אָבער דערמיט באַקומען מיר נאָך נישט קיין קלאָר בילד וועגן דעם ראַסנאָפּשטאַם פון יענע שבטים, וועמעס שורש ס׳פאַרלירט זיך גענצלעך אין דער פאַרנעפּלטקייט פון די

פאָרגעשיכטלעכע צייטן. דער רוב פון אָט־די איבערפאַלן זענען נאָך פאָרגעקומען אין אַ פּרעהיסטאָרישער תקופה און האָבן געהאַלטן גרויסע טיילן פון לאַנד אין שטענדיקער יערונג, ווי דאָס איז אַרויסצוזען פון די מסורות פון די גריכן גופא. גאַנצע פעלקערשאַפטן זענען דורך אָט־די וואַנדערונגען און באַשטענדיקע צוזאַמענשטויסן פאַרטריבן געוואָרן פון זייערע אַלטע היימען און זיי זענען אַנטלאָפן צו די אינדזלען פונעם עגעישן ים אָדער זיך באַזעצט לענגאויס דעם ברעג פון קליינאַזיע. די גרעסטע פון אָט־די וואַנדערונגען איז געווען די פליטה פון די דאָריער, וועלכע האָט געדאַרפט האָבן פאָרגעקומען, לויט מ׳איז זיך משער, בערך 1.100 יאָר פאַר אונדזער היינטיקער צייטרעכענונג און געווען אַ גורם פון גרויסע ענדערונגען פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אין לאַנד.

אָבער אָט־די וואַנדערונגען פון צפון־זייט זענען זיכער נישט געווען די איינציקע. פאַראַן אַ סך מאָטיוון, וועלכע שטיצן די השערה, אַז נאָך פיל פריער פאַר דידאָזיקע אינוואַזיעס האָבן זיך אַזיאַטישע שבטים אַריינגעריסן אין דער שפּעטערדיקער היים פון די העלענען. אָן אַ שיער שפּורן פון אַזיאַטישער השפעה אין דער מיטאָלאָגיע פון די גריכן און גאָר באַזונדערס די נעמען פון אַ סך שטעט און ערטער, וועמעס באַדייט ס׳איז היינט נישט מעגלעך אויפצוקלערן, זענען עדות אויף דעם. ס׳איז נאָך ביז היינט נישט מעגלעך געווען צו באַווייזן אָן חלוקי־דעות ווי ווייט ס׳איז דערגאַנגען דער איינפלוס פון די סעמיטישע פעניציער אויף דער גריכישער טעריטאָריע; אָבער אַז דערדאָזיקער איינפלוס איז נישט געווען קיין שוואַכער איז אַרויסצוזען פון דעם, אַז אָן אַ שיער פון די שפּעטערדיקע גריכישע אינדזלען, אַזעלכע ווי די ציקלאַדן, די ספּאָראַדן, די ראָדאָס, ציפּערן, קריט א. א. וו. זענען נאָך לאַנג פאַרן אויפקום פון דער גריכישער געזעלשאַפט שוין געווען קאָלאָניזירט פון די פעניציער. אויך דאָס קליינאַזיאַטישע פאָלק פון די קאַרער האָט איבערגעלאָזט היפּש־אַנזעעוודיקע שפּורן אין גריכנלאַנד. דער נאָמען פון דער פעסטונג קאַריאַ אין מעגאַראַ און פונעם דאָרטיקן לעגענדאַרישן קעניג קאַר דאַרף מען מסתמא זוכן אין יענע מקורות.

פון די דאָריער, עאָליער און יאָניער, וועלכע מ׳באַצייכנט בדרך כלל ווי די דריי הויפּט־שבטים פון די גריכן, ווייזט אויס, אַז דווקא דער פעאיקסטער און אין דער קולטור דער פּראָגרעסיווסטער שבט פון צווישן זיי, די יאָניער, האָט געדאַרפט האָבן דעם קלענסטן העלענישן צומיש. אַ היפּשע צאָל באַרימטע היסטאָריקער האָט שוין אָנגעוויזן אויף אַ שטאַרקן פאַרמיש פון די יאָניער מיט סעמיטישע און אַנדערע אָריענטאַלישע פעלקער. ערנסט קורטיוס און מיט אים אייניקע אַנדערע האָבן אפילו פאַרוואָרפן די אורשפּרינגלעכע היים פון די יאָניער קיין קליינאַזיע. קורטיוס האָט זיך דערביי בעיקר געשטיצט דערויף, וואָס אַ לאַנד מיטן נאָמען יאָניע קאָן היסטאָריש אויסגעפונען ווערן נאָר אין קליינאַזיע. לכל הדעות איז נאָך דערמיט נישט באַוויזן, אַז די יאָניער שטאַמען טאַקע באמת פון דאָרטן; זיי קאָנען אויך

האָבן אַריינגעוואַנדערט קיין קליינאַזיע און דאָרט געגרינדעט אַ ישוב.*) אויך העראָדאָט האָט ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן אָנגעוויזן אויפן נישט־העלענישן שורש פון די יאָניער און באַזונדערס פון די אַטענער און זיי באַצייכנט ווי די אָפשטאַמיקע פון די פעלאַזגער, וועלכע האָבן ערשט שפעטער אָנגענומען די גריכישע שפראַך.

פון דעם אַלעם דרינגט אַרויס מיט זיכערקייט נאָר דאָס איינע, אַז נישט נאַציאָנאַלפּאָליטיש און נישט לויט זייער ראַסע און אָפשטאַם שטעלן די גריכן מיט זיך פאָר אַ באַזונדערע איינהייט און אַז די פאַרקערטע באַהויפטונגען זענען זיך סומך נאָר אויף מטושטשע השערות און אומבאַשטימטע וואונטשן און איינריידענישן. איינהייטלעך, און דאָס טאַקע אינעם זין פון אונדזערע פריערדיקע אויספירן, איז געווען בלויז די גריכישע קולטור, וועלכע האָט זיך אויסגעשפרייט פון קליינאַזיעס מערבדיקן ברעג און די אינדזלען פונעם עגעישן ים ביז קיין סיציליע און דרום־איטאַליע. חוצדעם זענען צוגעקומען איינצלנע ישובים אין קרים, ביים מזרחדיקן ברעג פונעם שוואַרצן ים און ביים אויסגוס פונעם ראָדאָס.

האָבן מסתמא געדאַרפט זיין אַנדערע סיבות, דורך וועלכע ס'איז באַגיציקט געוואָרן די אַנטוויקלונג פון אַזאַ רייכער און בריליאַנטענער קולטור ווי די העלענישע און מיר מיינען נישט צו האָבן קיין טעות, ווען מיר זעען די גאָר וויכטיקסטע און אַנטשיידנדיקסטע פון דידאָזיקע סיבות אין דער פּאָליטישער צעשפּליטערונג און נאַציאָנאַלער צעריסנקייט פונעם לאַנד. טאַקע אָט־דידאָזיקע אינערלעכע צעשפּליטערטקייט גריכנלאַנדס אין הונדערטער קליינע ישובים איז עס געווען, וועלכע האָט נישט דערלאָזט אויפקומען קיין איינפאָרמיקייט און שטענדיק אָנגערעגט דעם מוח צו נייע זאַכן. יעדע גרעסערע פּאָליטישע סטרוקטור פירט אומפאַרמיידלעך צו אַ פאַרשטאַרונג פונעם קולטורעלן לעבן און טויט־אָפּ יענעם פרוכפּערדיקן קאָנקורענץ־פאַרמעסט צווישן די איינצלנע ישובים, וועלכער איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן גאַנצן לעבן פון די גריכישע שטעט. טען שילדערט אָט־דעם פּאָליטישן מצב אינעם אַלטן העלאַס אויף אַ שטאַרק אָנשוילעכן אויפן:

> „פאַר היינטיקע אויגן זעט אויס אַ גריכישער שטאָט ווי אַ מיניאַטור־בילדל. אַרגאָליס האָט געהאַט אַ לענג פון אַכט ביז צען און אַ ברייט פון פיר ביז פינף מייל; לאַקאָניע איז בערך אויך אַזוי גרויס; אַכאַיאַ איז אַ שמאָלער לאַנדפּאַס ביי די זייטן פון אַ באַרגקייט, וועלכע ציט זיך אַריין אין ים. גאַנץ אַטטיקאַ קאָן זיך אפילו נישט צוגלייכן צו אַ העלפט פון אונדזערע (פראַנצויזישע) דעפּאַרטאַמענטן; די טעריטאָריע פון קאָרינט, סיקיאָן און מעגאַראַ פאַרנעמט נישט מער ווי אַ שעה גאַנג; בכלל און בעיקר אויף די אינדזלען און אין די קאָלאָניעס איז דער שטאָט נישט מער ווי אַ שטאָט ביים ברעג און אַ קרייז פון פאַרמהייזער. פון אַן אַקראָפּאָליס זעט מען דעם שכנס אַקראָפּאָליס אָדער בערגלעך. אויף אַזאַ רעדוצירטן שטח איז אַלץ קלאָר און דייטלעך פאַרן שכל; אינעם גייסטיקן פאָטערלאַנד איז נישטאָ גאָרנישט קיין ריזיקס, אַבסטראַקטס און אומבאַשטימטס ווי ביי אונדז; מיט די חושים

*) Ernst Curtius, Geschichte Griechenlands und die Jonier vor der jonischen Wanderung.

קאָן מען עס אַרומנעמען, ס׳איז אין איינקלאַנג מיטן פיזישן פאַטערלאַנד; ביידע זענען זיי מיט קלאָרע שטריכן פאַרוואָרצלט אינעם בירגערס גייסט. בכדי זיך פאַרצושטעלן אַטען, קאָרינט, אַרגאָס אָדער ספאַרטאַ, טראַכט ער וועגן די שפּיצן פון זיין טאָל אָדער וועגן סילועט פון זיין שטאָט. ער קאָן אַלע בירגער דאָרט, פונקט ווי ער שטעלט זיך פאָר אַלע דאָרטיקע שטריכן, און די קליינקייט פון זיין פּאָליטישן שטח גיט אים שוין פון פאָרויס סיי די געשטאַלטיקונג פון זיין קערפּערלעכן שטח און סיי דעם מיטעלן און באַגרענעצטן טיף, אין וועלכן עס זענען איינגעשלאָסן אַלע זיינע גייסטיקע באַגריפן״. *)

דידאַזיקע ווערטער אַנטפּלעקן פאַר אונדז דעם גאַנצן מהות פון דער גריכישער שטאָט. אין אַזאַ מיניאַטורשטאָט איז די ליבע צו דער היים ביים מענטשן לגמרי בהסכם מיט זיין ליבע צו דער געמיינשאַפט. היימלאַנד און פאָטערלאַנד זענען נאָך איינס און דאָסזעלביקע און האָבן נישט קיין שום שייכות מיט דער אַבסטראַקטער אידעע פונעם מאָדערנעם פאָטערלאַנד. דעריבער איז טאַקע די גריכן די אַזויגערופענע נאַציאָנאַלע אידעע געבליבן פולשטענדיק פרעמד און אַפילו אין די צייטן פון ערנסטער סכנה האָט זי זיך ביי זיי נישט געקאָנט פאַרוואָרצלען. ביי האָמערן איז נישט פאַראַן אפילו דער מינדסטער סימן פון אַ נאַציאָנאַלער צונויפגעהערי־קייט און ס׳איז נישט פאַראַן אפילו קיין רמז, אַז אין בליפעריאָד פון זייער קולטור איז דער „נאַציאָנאַלער געדאַנק״ געוואָרן פאַר די גריכן אַ געשמאַקערער ביסן. בלויז דער באַוואוסטזיין צו באַלאַנגען צום בשותפותדיקן קולטורקרייז איז דאָס געווען דער רעיון, וועלכער האָט צונויפגעבונדן די גריכישע שטעט צווישן זיך. דאָס איז אויך די סיבה, פאַרוואָס די קאָלאָניזירונגען פון די גריכן האָבן געטראָגן אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער פונעם מיטלאַלטער. פאַר די פעניציער זענען די קאָלאָניעס געווען אויסגערעכנט בעיקר ווי פיליאַלעס פונעם האַנדל. ביי די רוימער האָבן זיי געשפּילט די ראָל פון אונטערגעיאָכטע געביטן. וועלכע זענען עקאָנאָמיש עקספּלואַטירט געוואָרן פונעם מוטערלאַנד און געווען פולשטענדיק אָפּהענגיק פון דער רוימישער אימפּעריע. ביי די גריכן האָט אַזעלכעס נישט עקזיסטירט. זיי האָבן געגרינדעט זייערע קאָלאָניעס ביי דיזעלביקע תנאים ווי זייערע שטעט אינעם ענגערן היימלאַנד, ווי זעלבסטשטענדיקע יצירות, וועלכע זענען טאַקע געווען פאַרבונדן מיטן מוטערלאַנד דורך דערזעלביקער קולטור, אָבער אין אַלע אַנדערע פּרטים האָבן זיי געפּילט קלאַפּן אין זיך דעם דופק פון זייער אייגענעם לעבן. אויך די קאָלאָניע האָט געהאַט איר אייגענע קאָנסטיטוציע, איז געווען אַ פּאָליס פאַר זיך און זיך פאַרמאָסטן מיט די שטעט פונעם היימלאַנד אין דער זעלבסטשטענדיקער אַנטוויקלונג פון איר אייגענעם קולטורעלן לעבן.

היות דער שטח פון דער גריכישער קהילה איז געווען אויסגעשפּרייט בלויז אויף אייניקע קוואַדראַטמייל, איז יעדער בירגער געווען אימשטאַנד אַרומצונעמען דאָס גאַנצע עפנטלעכע לעבן און וועגן אַלע ענינים זיך שאַפן אַן אייגענע מיינונג,

*) היפּאָליט טען, „פילאָזאָפיע פון דער קונסט״.

אָן אומשטאַנד, וואָס איז שטאַרק וויכטיק און וועלכער איז לגמרי אומדענקבאַר און אוממעגלעך אין אונדזערע היינטיקע שטאַטלעכע אָרגאַניזמען מיט זייער שטאַרק־פאַרצווייגטן רעגירונגסמעכאַניזם און זייער קאָמפּליצירטן לאַבירינט פון ביוראָקראַטישע אינסטיטוציעס. פון דאַנען שטאַמט די נעבעכדיקע הילפלאָזיקייט פונעם מאָדערנעם בירגער, זיין געוואַלדיקע איבערשאַצונג פון די רעגירונגסאָרגאַנען און פון דער פּאָליטישער פירערשאַפט, וועלכע באַרויבט אים פון יעדער פּריוואַטער איניציאַטיוו. היות ער איז לחלוטין נישט אימשטאַנד אַרומצונעמען אַלע טעטי־קייטסגעביטן פונעם מאָדערנעם שטאַט און זיין אינערלעכע און אויסערלעכע פּאָלי־טיק און ער איז, אגב, אַזוי שטאַרק איבערצייגט וועגן דער אומבאַדינגטער נויט־וועגדיקייט פון אַט־די אַלע פונקציעס, אַז ער האָט מורא אַריינצופאַלן אין אַ תהום, ווען דער פּאָליטישער גלייכגעוויכט זאָל געשטערט ווערן, דרינגט ביי אים דעריבער דער געדאַנק וועגן זיין פּערזענלעכער מינדערוויכטיקייט און וועגן זיין אָפּהענגי־קייט פונעם שטאַט נאָך פיל שטאַרקער אַריין אין זיין מוח און פאַרטיפט זיין גלויבן אין דער אומפאַרמיידלעכקייט פון דער פּאָליטישער אויטאָריטעט, וועלכער איז ביים היינטיקן מענטשן פאַרוואָרצלט טיפער ווי די אמונה אין גאָטס אויטאָריטעט. אַזוי אַרום חלומט ער העכסטנס וועגן אַ בייט פון פּערזאָנען, וועלכע זאָלן שטיין בראש פון דער מלוכה, און ער באַנעמט נישט, אַז די אַלע מאַנגלען און חסרונות פון דער פּאָליטישער מאַשין, וועלכע באַדריקן אים כסדר, ליגן אינעם סאַמע מהות פונעם שטאַט און זיי קערן זיך דעריבער תמיד אים פונדאַסניי אין פאַרשידענע געשטאַלטן.

אַנדערש איז עס אָבער געווען ביים גריך. היות ער האָט זיך לייכטער געקאָנט אָריענטירן אינעם אינערלעכן מעכאַניזם פון דער פּאָליס, איז ער אויך בעסער גע־ווען אימשטאַנד צו שאַפן זיך אַ מיינונג וועגן די מעשים פון די אָנפירנדיקע פּער־זאָנען. ער האָט תמיד געהאַט פאַר זיינע אויגן זייער פיזישע פּערזענלעכקייט און ער איז דעריבער לייכטער געווען געניגט אַליין צו טאָן, מחמת זיין גייסטיקע רירעוודיקייט איז נאָך נישט געווען פּאַראַליזירט דורך בלינדער אמונה אין אוי־טאָריטעט. אין קיין שום לאַנד זענען די אַזויגערופענע גרויסע מענער נישט געווען אַזוי שטאַרק אויסגעשטעלט אויפן משפּט פון דער עפנטלעכער מיינונג ווי דווקא אין גריכנלאַנד אין דער צייט פון זיין העכסטער קולטורעלער אנטוויקלונג. אפילו די גרעסטע און אומאָפּפרעגבאַרסטע פאַרדינסטן האָבן אויף דעם געביט נישט גע־געבן קיין שוץ. דאָס האָבן געמוזט פילן מענער פון אַזאַ קאַליבר ווי מילטיאַדעס און טעמיסטאָקלעס און אייניקע אַנדערע אויפן אייגענעם לייב. אויף דעם אופן איז דאָס עפנטלעכע לעבן אין די גריכישע שטעט געווען אין שטענדיק שטראָמיקן צושטאַנד און קיינמאָל נישט געלאָזט, אַז ס׳זאָל זיך איינשטעלן פאַר אַ לענגערער צייט אַ פעסטער סדר פון די זאַכן. אָבער דורך דעם זענען אַמבעסטן געשיצט און באַשירעמט געוואָרן די פּערזענלעכע פרייהייט און די אַנטוויקלונגס־מעגלעכ־

קייטן פונעם יחיד; זיין איניציאַטיוו איז נאָך נישט אָפּגעטויט געוואָרן דורך די שטייפע פאָרמען פון אַ צענטראַלער מאַכט פון דער מלוכה.

פון אָט־דעם צושטאַנד פון גייסטיקער פרייהייט האָבן דאָס אַרויסגעשטראָמט די רייכע קוואַלן פון יענער גראַנדיעזער קולטור, וועמעס מעכטיקע אַנטוויקלונג לאָזט זיך לגמרי נישט דערקלערן אַנדערש. סער פראַנסיס גאַלטאָן האָט מיט רעכט אָנגעוויזן אויף דעם, אַז אַטען אַליין, די באַדייטנדיקסטע פון די גריכישע שטאָט־רעפּובליקן, אין וועלכער ס'האָט אויך געהערשט דער פרייסטער גייסט, האָט אין משך פון איינאַיינציקן יאָרהונדערט, פון 530 ביז 430 פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכענונג, אַרויסגעגעבן נישט ווייניקער ווי פערצן פון די באַרימטסטע מענער פון דער געשיכטע, דהיינו: מילטיאַדעס, טעמיסטאָקלעס, אַריסטידעס, קימאָן, פּע־ריקלעס, טוקידידעס, סאָקראַטעס, קסענאָפאָן, פּלאַטאָן, עסכילאָס, סאָפאָקלעס, עורי־פּידעס, אַריסטאָפאַנעס און פידיאַס. און דער ענגלישער געלערנטער באַמערקט דער־צו, אַז נאָר פלאָרענץ, וואו ס'האָט זיך ביי די ענלעכע באַדינגונגען אַנטוויקלט אַ פונקט אַזאַ רייכע, כאָטש אַן אַנדערש געשטאַלטיקטע קולטור, קאָן זיך אין אָט־דעם פּרט פאַרגלייכן צו אַטען. *)

אין יעדער שטאָט פון גריכנלאַנד האָט דערדאַזיקער גייסט פון שעפערישער אַקטיוויטעט דערגרייכט זיין העכסטע שלימות, מיטן אויסנאַם פון ספּאַרטאַ, וועלכע האָט זיך קיינמאָל נישט באַוויזן צו באַפרייען פון דער הערשאַפט פון דער אַריסטאָ־קראַטיע, בעת אַלע אַנדערע שטעט האָבן געפונען דעם וועג צו דער דעמאָקראַטיע. טאָקע דעריבער האָט אין ספּאַרטאַ די הויפּטראָל געשפּילט דער רעיון וועגן דער פּאָליטישער אויבער־ממשלה, נעבן וועמען אַלעס אַנדערע איז געווען טפל. ס'איז אמת, אַז ס'זענען אויך אין אַטען, טעבען און קאָרינט געווען כסדר כוחות, וועלכע האָבן געזוכט צו באַקומען די פּאָליטישע אויבערהערשאַפט אין לאַנד; אָבער דאָס באַווייזט נאָר, אַז יעדע פאָרעם פונעם שטאָט איז אַ מכשול אויפן וועג פון דער קולטור, אפילו דעמאָלט, ווען איר מאַכט איז נאָך שטאַרק באַשרענקט. אָבער די פולשטענדיקע פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע צעשפּליטערונג פון גריכנלאַנד האָט צו־גענומען ביי אָט־די שטרעבונגען צו דער אויסברייטערונג פון דער מאַכט אַ סך פון זייער שאַרפקייט. אפילו דאָרט, וואו זיי האָבן פאַרבייגייענדיק געהאַט דער־פאָלג, איז עס נאָר געווען אַ מאָמענטאַנער דערפאָלג, וועלכער האָט קיינמאָל נישט דערמעגלעכט די איינריכטונג פון אַ פעסטגעשטעלטער פּאָליטישער אָרדענונג, ווי דאָס איז אייגנטימלעך פאַר אַלע גרויסע מלוכות. אַגב האָט שוין ניטשע דערקענט דעם אינערלעכן קעגנזאַץ צווישן פּאָליס און קולטור און באַצייכנט ווי אַ פאַלשן דעם כלומרשט־נייטיקן צוזאַמענהאַנג צווישן זיי ביידע.**)

גריכנלאַנד האָט אָבער נישט בלויז נישט געוואוסט פון קיין אייגהייטלעכן נאַציאָנאַלן שטאָט, זי האָט אויך קיינמאָל נישט געוואוסט, וואָס דאָס איז אַזוינס

*) Francis Galton. Hereditary Genics, its Laws and consequences; 1869.

**) ניטשע, „מענטשלעכעס, אַלצו מענטשלעכעס״, אַכטע קאַפּיטל.

אַ ממלכת כוהנים, ווי בבל, מצרים אָדער אַשור, לויט וועמעס מוסטער ס׳האָט זיך שפּעטער אויסגעשטאַלטיקט דאָס פּויפּסטום. און היות ס׳איז נישט געווען קיין קירך, איז אויך נישט געווען קיין טעאָלאָגיע און קיין קאַטעכיזם. די רעליגיע פון די העלענער איז געווען אַ פּאַנטאַסטישער באַשאַף, אין וועמעס אַנטשטיי דער פּאָעט האָט געהאַט אַ גרעסערן חלק ווי דער פּריסטער. די רעליגיעזע באַגריפן זענען נישט געווען אונטערגעוואָרפן דעם דאָגמאַטיזם פון אַ טעאָלאָגישער קאַסטע און זענען קוים געווען אַ שטרויכלונג פאַר דער פרייהייט פון געדאַנק. דער גריך האָט זיך פאָרגעשטעלט זיינע געטער אנדערש ווי דער רוב פון די מזרחדיקע פעלקער. ער האָט זיי באַקליידט מיט אַלע אייגנשאַפטן פון מענטשלעכער גרויסקייט און מענטשלעכער שוואַכקייט און ער איז דעריבער געשטאַנען פאַר זיי מיט יענער וואוילגעפעליקער פשטות, וועלכע האָט זיינע רעליגיעזע באַגריפן געגעבן אַן אייגנאַרטיקן טאָן, וועלכן מ׳געפינט נישט ביי קיין שום פאָלק פון אַלטערטום. דאָס איז טאַקע די סיבה, וואָס ס׳איז די גריכן תמיד געבליבן פרעמד דער באַגריף וועגן דער ירושהדיקער זינד. שילער איז זיכער געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז דערפאַר, וואָס אין גריכנלאַנד איז די פאָרשטעלונג וועגן די געטער געווען מענטשלעכער, האָט זיך דער מענטש געמוזט פילן געטלעכער. דער גאַנצער אָלימפּ איז געווען אַ געטרייע אָפּשפּיגלונג, אַזויצוזאָגן, פונעם רייכן העלענישן קולטורלעבן מיט זיין אינערלעכער פּאָליטישער צעשפּליטערטקייט, זיין קאָליריקער פאַרשידנאַרטיקייט און געשטאַלטיקונגס־קראַפט, זיין שטענדיקן פאַרמעסט און זיין גאַנצער מענטשלעכקייט און איבערמענטשלעכקייט. אויך אין העלאַס האָט זיך דער מענטש אָפּגעשפּיגלט אין זיינע געטער. ערשט ווען מ׳פאַרשטייט, וואָס פאַרן פּאָלאַריזירנדיקן איינפלוס די קריסטלעכע קירך האָט במשך פון דורות געהאַט אויף אייראָפּעס גאַנצן גייסטיקן לעבן, ווי אַזוי זי האָט געשטיצט יעדן דעספּאָטיזם און איז ביז היינט געבליבן די פעסטונג פון יעדער גייסטיקער און סאָציאַלער רעאַקציע, ערשט דעמאָלט באַגרייפט מען וואָס פאַראַ געוואַלדיקער תהום עס ליגט צווישן דעם רעליגיעזן געפיל פון די גריכן און די טויטע, דעם גייסט פאַרקנעכטנדיקע דאָגמעס פון דער קריסטלעכער קירך.

פאַראַן ווייניק תקופות אין דער געשיכטע, אין וועלכע ס׳זאָלן געווען האָבן עקזיסטירט אַזוי בשפע אַלע נייטיקע תנאים פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ גרויסער קולטור ווי אין אַלטן העלאַס. דווקא דאָס, וואָס קאָן זיך דעם מאָדערנעם מלוכה־מאַן אויסווייזן ווי דער גרעסטער חסרון פון דער העלענישער וועלט, די ביז צום עקסטרעם דערפירטע פּאָליטישע צעשפּליטערונג פונעם לאַנד, איז געווען די גרעסטע ברכה פאַר דער רייכער און אומגעצאַמטער אַנטוויקלונג פון זיינע קולטורעלע כוחות. ווי שוואַך ס׳איז ביי די גריכן געווען אַנטוויקלט דאָס נאַציאָנאַלע איינהייטס־געפיל, האָט זיך אַמבולטסטן אַרויסגעוויזן אין דער צייט פון דער מלחמה מיט די פערסער. אויב עס האָט ווען ס׳איז עקזיסטירט אַ פעריאָד, וועלכער איז געווען פאַסיק צו וועקן דאָס נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין צווישן די גריכישע שבטים, איז עס געווען די צייט, ווען דער

פּערסישער דעספּאָטיזם האָט זיך פאַרנומען צו מאַכן אַ סוף צו דער פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט פון די גריכישע שטעט. די סכנה, וועלכע האָט דעמאָלט גע־לויערט אויף די העלענען, איז געווען פאַר אַלעמען גלייך געפערלעך. אין דעם פּרט האָט זיך קיינער נישט געקאָנט מאַכן קיין שום אילוזיעס; אַלע האָבן געוואוסט, וואָס פאַראַ באַדייט פּערסיעס נצחון האָט פאַר יעדער איינער פון די גריכישע קהי־לות. אָבער דווקא אין יענער צייט פון דער גרעסטער סכנה האָט זיך אַמשטאַרקסטן געלאָזט מערקן די נאַציאָנאַל־פּאָליטישע צעריסנקייט פון די העלענען.

שוין בעת דעם זיגערישן אַריינדרינגען פון האַרפּאַגאָנס חיילות, וועלכע האָבן אויפן באַפעל פון פּערסישן קעניג קיראָס אַרונטערגעוואָרפן דעם רוב פון די גריכישע שטעט אין קליינאַזיע אונטער דער פּערסישער ממשלה (545 - 546 פאַר דער קריסט־לעכער צייטרעכענונג), און שפּעטער, בעתן יאָנישן אויפשטאַנד (494 - 499 פאַר קר.), וואָס זענען געווען צוויי פּאַסירונגען פון אויסערגעוויינלעכן באַדייט, וועלכע מ׳דאַרף באַטראַכטן ווי דער ערשטער אָנזאָג צו די שפּעטערדיקע מלחמות מיט די פּערסער, האָט זיך אַרויסגעוויזן דער פולשטענדיקער מאַנגל פון אַן איינהייטלעכער נאַציאָנאַלער שטרעבונג אויף אַזאַ אומאָפּלייקנבאַרן אופן, אַז ס׳איז קיינמאָל נישט פאָרגעקומען קיין בשותפותדיקער אַרויסטריט קעגן די פּערסער. מילעט, וועלכע איז בעת דער בלוטיקער אונטערדריקונג פונעם יאָנישן אויפשטאַנד אַזוי אַכזריותדיק געשטראָפט געוואָרן, האָט בעת האַרפּאַגאָנס קריגס־עקספּעדיציע בכלל איבערגעלאָזט אויף הפקר די אַנדערע שטעט, בכדי צו קענען שליסן מיט די פּערסער אַ גינציקערן פרידן. בלויז ווייניק שטעט האָבן געפירט דעם קאַמף ביז צום ביטערן סוף. דער רוב פון זיי האָט בעסער געוואָלט פאַרלאָזן זייער באָדן און אין מרחקים גרינדן אַ נייע היים, ווען זיי האָבן איינגעזען, אַז יעדער ווייטערדיקער ווידערשטאַנד איז אַן אומ־זיסטיקער. די ספּאַרטאַנער האָבן די אויפשטענדישע גריכישע שטעט אין קליינאַזיע בכלל אָפּגעזאָגט יעדע מין הילף, וואָס דאָס איז דאָך זיכער נישט קיין רמז אויף קיין שטאַרק אַנטוויקלט נאַציאָנאַל געפיל. וואָס שייך די אַטענער האָבן זיי אונטערגע־שטיצט דעם יאָנישן אויפשטאַנד בעיקר דערפאַר, ווייל דער דורך זיי פאַרטריבענער טיראַן היפּיאַס האָט באַקומען אַ מקום מקלט אין פּערסישן הויף און פון דאָרט האָט ער כסדר געפירט אינטריגעס קעגן זיין פאָטערלאַנד. אָט־די קליינע מושלים, וועלכע האָבן זיך פאַרן איינפיר פונעם רעפּובליקאַנישן שטאָט־סיסטעם באַזעצט אין כמעט אַלע גריכישע שטעט, האָבן זיך דאָך זיכער נישט געלאָזט פירן פונעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין און זיי זענען שטענדיק געווען גרייט זיך צו שטעלן אין פאַרברעכערישן דינסט פונעם פּערסישן דעספּאָטיזם, בכדי מיט זיין הילף צו דערשלאָגן די פרייהייט־לעכע שטרעבונגען פון די אייגענע פאָלקסברידער. די מאַכינאַציעס פון די פּיסיס־טראַטידן אין אַטען, פון די אַלעוטן אין טעסאַליע און פונם ספּאַרטאַנישן קעניג דע־מאַראַטאָס זענען די בעסטע עדות דערפאַר.

ווען דער פּערסישער קעניג דאַריוס האָט לסוף באַקומען פרייע הענט, האָט ער געשיקט אַ גרעסערע אַרמיי קעגן ערעטריאַ און אַטען, וועלכע ער האָט באַזונדערס

געהאַסט צוליב זייער אונטערשטיצונג פונעם יאָנישן אויפשטאַנד; ס׳איז אָבער גע־
ווען קלאָר, אַז זיין אָנפאַל איז געווען געווענדט קעגן גאַנץ גריכנלאַנד, מחמת ער
האָט פאַרשטאַנען, אַז כל־זמן די העלענען וועלן נישט באַרויבט ווערן פון דער מעג־
לעכקייט צו באַקומען הילף און שטיצע פון די שטעט פונעם מוטערלאַנד, אַזוי לאַנג
וועט די פּערסישע מאַכט אין קליינאַזיע נישט זיין געזיכערט. די סכנה איז געווען
גרויס, בפרט נאָך דערפאַר, וואָס צווישן די פּערסישע חיילות האָט זיך אויך געפו־
נען דער טיראַן היפּיאַס, וועלכער איז געווען אימשטאַנד, אַלס גריך, צו ברענגען
גרויסע נוצן די פּערסן. פונדעסטוועגן איז נישט געווען צו מערקן קיין שום סימן
פון אַן אויפברויז פונעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין ביי די העלענען. ספּאַרטאַס
שטעלונג איז געווען אַ צווייִדייטיקע, ווי תמיד, הגם מ׳האָט דאָרט די פּערסישע
שליחים, וועלכע האָבן פאַרלאַנגט די ערד און דאָס וואַסער ווי אַ סימן פון אונ־
טערוואַרפונג, אַריינגעוואָרפן אין אַ ברונעם, אַז זיי זאָלן זיך דאָרט אַליין נעמען דאָס
פאַרלאַנגטע. אַ סך שטעט אויף די אינדזלען און אויף דער יבשה האָבן זיך אונטער־
געגעבן כמעט אָן אַ ווידערשטאַנד, צווישן זיי דער גרעסטער טייל פון בעאָטיע. אַפילו
די נאָענטסטע שכנים פון די אַטענער, די באַוואוינער פונעם אינדזל איגינאַ, האָבן
זיך נישט געוואַגט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד די פּערסישע חיילות און האָבן בעסער
געוואָלט דאָס אונטערגעבן זיך איידער דעם וואַרשיינלעכן אומקום.

ווען ס׳איז ענדלעך ביי מאַראַטאָן געקומען צו אַן אַנטשיידנדיקן צונויפטרעף
צווישן די חיילות פון די פּערסער און די גריכן, ביי וואָס די לעצטע האָבן געהאַט
קעגן זיך אַ געוואַלדיקע אויבערמאַכט, זענען די אַטענער געווען כמעט אַליין אויפן
פעלד, מחמת חוץ טויזנט האָפּליטן, וועלכע די פּלאַטעער האָבן געשיקט, איז קיין
שום אַנדערע הילף נישט אָנגעקומען. אויך די ספּאַרטאַנער, וועלכע האָבן אויפגענו־
מען דעם קאַמף מיט די פּערסער, האָבן זיך באַוויזן אויפן פעלד ערשט נאָך דער
שלאַכט און זיי האָבן מיט גאָרנישט צוגעהאָלפן צום גרויסן ניצחון פון מילטיאַדעס
און זיינע מחנות. דורכן ניצחון ביי מאַראַטאָן איז פאַרלויפיק אָפּגעווענדט געוואָרן
די סכנה, וועלכע האָט געלויערט אויף די העלאַס, און די פּערסישע מלחמה־פירער
האָבן זיך מיט זייערע חיילות געמוזט צוריקציען קיין אַזיע. נישט געקוקט דערויף
האָט אָבער ביי אַלעמען געמוזט זיין קלאָר, אַז די סכנה איז טאַקע אָפּגעשטעלט אויף
אַ געוויסער צייט, אָבער נישט באַזייטיקט, מחמת ס׳איז נישט געווען קיין שום ספק,
אַז דער פּערסישער דעספּאָטיזם וועט אָנשטרענגען אַלע זיינע כוחות, בכדי זיך צו
רעהאַביליטירן פון זיין געליטענער מפּלה. די גאַנצע לאַגע איז געווען אַזוי קלאָר,
אַז ס׳האָט זי אין העלאַס קיינער נישט געקאָנט אויסטייטשן פאַלש. האָט מען דע־
ריבער געקאָנט דערוואַרטן, אַז די גריכן וועלן אויסנוצן די קורצע הפסקה, בכדי זיך
צוצוגרייטן און וואָס בעסער צו קאָנען אַרויסטרעטן קעגן דער אָנקומענדיקער סכנה.
וואָלט אין גריכנלאַנד געווען עקזיסטירט אַפילו בלויז אַ סימן פון יענעם „נאַציאָנאַלן
גייסט״, וועגן וועלכן קריטיקלאָזע היסטאָריקער ווייסן אַזוי פיל צו דערציילן, וואָלט
ער זיך ביי אַזאַ געפערלעכער לאַגע לכל הדעות געווען געמוזט אַנטפּלעקן. אָבער

ס׳איז נישט געשען גאָרנישט פון דעם, וואָס מ׳וואָלט געקאָנט אויסטייטשן ווי אַ פאַר־שטאַרקונג פונעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין. די אינערלעכע צושטאַנדן אין גריכנ־לאַנד זענען געבליבן דיזעלביקע, און באַזונדערס האָט ספּאַרטאַ, וועמעס מיליטע־רישער און פּאָליטישער פּרעסטיזש איז שטאַרק געמינערט געוואָרן דורכן ניצחון פון די אַטענער ביי מאַראַטאָן, איצט אייננגעשטעלט איר גאַנצע פּאָליטישע טעטיקייט נאָר אויף צו שטערן מיט אַלע מיטלען אַטענס שנעלע אַנטוויקלונג. אַט־דער ענין האָט פאַר דער ספּאַרטאַנישער אַריסטאָקראַטיע געשפּילט אַ פיל וויכטיקערע ראָל ווי די פּערסישע סכנה.

ווען דער פּערסישער קעניג הערקסעס האָט אין יאָר 480 פאַר קר., צען יאָר נאָך דער שלאַכט ביי מאַראַטאָן, געדראָט גריכנלאַנד מיט אַ גרויסער אַרמיי אויף דער יבשה און מיט אַ מעכטיקן פלאָט ביים ברעג, איז דער אַלגעמיינער מצב ביי די גריכן נישט געווען בעסער אַפילו מיט קיין האָר ווי ביים ערשטן אַריינרייסן זיך פון די פּערסער, מחמת אויך איצט, אין אָנבליק פון דער מוראדיקער סכנה, וועלכע האָט געלויערט אויף אַלעמען גלייך, איז נישט געווען צו מערקן אַפילו קיין שפּור פון אַ נאַציאָנאַלער אחדות. לכתחילה איז אויסגעבראָכן אַן אַלגעמיינע פּאַניק, אָבער וועגן דער בשותּפותדיקער פאַרטיידיקונג פון די אַזויגערופענע „נאַציאָנאַלע אינטע־רעסן" האָט קיינער נישט געטראַכט. טעבען, אין וועמעס מויערן די אַזויגערופענע מעדישע פּאַרטיי, וועלכע איז בלי שום ספק געשטיצט געוואָרן פון די פּערסישע דעספּאָטן, האָט זיך אונטערגעגעבן דעם שונא אָן אַ ווידערשטאַנד און אַ סך שבטים אינעם מיטעלן טייל פונעם לאַנד האָבן נאָכגעטאָן איר ביישפּיל. באָאָטיער, טעסאַ־ליער און אַכעער האָבן געפּרואווט זיך אויסצוהיטן פון דער סכנה, וואָס האָט אויף זיי געלויערט, דורך אונטערגעבן זיך.

אָבער אַפילו דער באַרימטער צוזאַמענקום אויפן איסטמאָס, צו וועלכן ס׳האָבן געשיקט פאַרטרעטער די קליינע צאָל שטעט, וועלכע זענען געווען גרייט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד, בכדי צו קומען צו אַ הסכם וועגן אַ בשותּפותדיקער פאַרטיידיקונג, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַלץ וואָס איר ווילט נאָר אַליין, אָבער נישט קיין בילד פון נאַציאָנאַלער אייניקייט. קודם־כל האָט מען נישט געקאָנט פועלן ביי די ספּאַר־טאַנער, אַז זיי זאָלן אַריבערוואַרפן זייער גאַנצן מיליטערישן כוח אין צפונדיקן טייל פונעם לאַנד, בכדי אַוועקצושטעלן אַ באַריער קעגן די אַריינדרינגענדיקע פיינטלע־כע חיילות. עס האָט זיי, קענטיק, גאַנץ ווייניק געאַרט, אַז די צענטראַלע טייל פון גריכנלאַנד זאָל חרוב ווערן און ס׳איז מסתמא נישט פאַראַן קיין שום ספק, אַז די רעגירנדיקע קאַסטע אין ספּאַרטאַ וואָלט גאָר געווען הנאה געטאָן, ווען אַטען זאָל צעשטערט ווערן דורך די פּערסער, בכדי זי זאָל אַזוי אַרום פּטור ווערן פון אַן אומבאַ־קוועמען קאָנקורענט. די גאַנצע ראָל פון די ספּאַרטאַנער איז געווען פּונקט אַזוי צוויי־דייטיק ווי מיט צען יאָר צוריק בעת דער מלחמה קעגן דאַריוסן. ווען זיי האָבן זיך לסוף געמוזט דעצידירן אַרויסצוטרעטן קעגן די פּערסער ביי די טערמאָפּילן, בכדי ס׳זאָלן זיך נישט אַרויסווייזן אַזוי אָפן זייערע באַהאַלטענע כוונות, האָבן זיי גע־

שיקט לעאָנידאַסן מיט בלויז 300 ספּאַרטאַנישע בירגער און בערך 1.000 פּעריאָקן, צו וועלכע ס׳האָבן זיך אָנגעשלאָסן נאָך אייניקע אַנדערע שבטים. אַרום און אַרום האָט די צאָל פון די שווער־באַוואָפנטע אפילו נישט באַטראָפן קיין פיר טויזנט מאַן, אַ לעכערלעך־קליינע צאָל אין פאַרגלייך מיט דער ריזיקער אַרמיי פון די פּערסער. ווען גראָטע און אַנדערע אָנגעזעענע באַשרייבער פון דער גריכישער געשיכטע דריקן אויס זייערע ספיקות מכוח דער אויפריכטיקייט פון די ספּאַרטאַנער, איז דאָס לגבי די היסטאָרישע פאַקטן נישט מער ווי פאַרשטענדלעך.

אָבער אויך שפּעטער, ווען קסערקסעס איז נאָך דער קאַטאַסטראָפאַלער מפּלה פון זיין פלאָט ביי סאַלאַמיס געצוואונגען געוואָרן זיך צוריקצוציען מיטן גרעסטן טייל פון זיין חייל איבערן העלעספּאָנט, האָט ספּאַרטאַ נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן דיזעלביקע טאָפּלזייטיקע טאַקטיק. קסערקסעס האָט זיך טאַקע צוריקגעצויגן קיין אַזיע, אָבער ער האָט איבערגעלאָזט אין טעסאַליע אַ שטאַרקע אַרמיי אונטער דער אָנפירונג פון זיין גענעראַל מאַרדאָניאָס, וועלכע האָט דאָרט איבערגעווינטערט, בכדי אין פרילינג באַנייס אָנצוהייבן די מלחמה. אָבער דווקא בעת אָט־דעם לעצטן אַנטשיידונגס־קאַמף האָט דער ספּאַרטאַנישער קעניג פּאַוסאַניאַס, וועלכער איז געווען הויפּט־קאָמאַנדאַנט איבער די העלענישע חיילות, אַרויסגעוויזן אַזאַ אויפפאַלנדיקע ווילן־שוואַכקייט, אַז עס רופט אַרויס אַ חשד. דער סוף, וועלכן פּאַוסאַניאַס, וועלכער איז ביי אַ שפּעטערדיקער געלעגנהייט באַשולדיקט געוואָרן אין אָפענעם פאַרראַט קעגן די גריכישע אינטערעסן, האָט געהאַט, באַרעכטיקט דעם חשד, אַז ער האָט שוין דער־מאָלט געהאַט געשלאָסן אַ שטילן אָפּמאַך מיט מאַרדאָניאָסן. דידאָזיקע השערה זעט אויס צו זיין וואָרשיינלעך נאָך מער דערפאַר, ווען מ׳האָט אין זין, אַז פאַרן אָנהויב פון דער שלאַכט האָט מאַרדאָניאָס געמאַכט די אַטענער אַ געהיימען פאָרלייג זיך צו פאַרבינדן מיט אים און ער האָט זיי טאַקע צוגעזאָגט, אַז זייער אומאָפּהענגיקייט וועט חלילה נישט געמינערט ווערן. די אַטענער האָבן מיט שטאָלץ אָפּגעוואָרפן אָט־דעם פאָרלייג, און עס לייגט זיך דעריבער אויפן שכל, אַז מאַרדאָניאָס האָט דערנאָך אויסגעפּרואווט זיין מזל מיט פּאַוסאַניאַסן און ביי אים, קענטיק, אָנגעטראָפן אויף אַ בעסער פאַרשטענדעניש. יעדנפאַלס באַרעכטיקט פּאַוסאַניאַסעס גאַנצע האַלטונג בעת דער שלאַכט ביי פּלאַטעאַ אַזאַ אויסטייטש.

אויב די פּערסער האָבן דערנאָך, נישט געקוקט אויף זייערע שטאַרקערע כוחות און אַלע זייערע געהיימע מאַכינאַציעס, פאָרט געליטן אַן אַנטשיידנדיקע מפּלה, איז דאָס געווען דערפאַר, וואָס די אַנטשלאָסענע מחנות פון די העלענען, וועלכע האָבן געקעמפט פאַר זייער אומאָפּהענגיקייט און פרייהייט און זענען געשטאַנען אין סכנה צו פאַרלירן נישט ווייניקער ווי אַלעס, זענען געווען באַהויכט פון אַ גאַנץ אַנדערן גייסט ווי די ריזיקע אַרמיי פון די פּערסער, וועלכע איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן דורכן ווילן פון אַ דעספּאָט און וועלכע איז באַשטאַנען פון גרויסע טיילן פון פרעמ־דע פעלקערשאַפטן, געצוואונגענע פשוט צו גיין אין קריג. מהאי טעמה האָבן די

גריכן געזיגט, טראָץ זייער נאַציאָנאַלער צעשפּליטערונג און פּאָליטישער צעריסנ־הייט, וועלכע זיי האָבן, אַגב, לגמרי נישט געפילט ווי אַ שוואַכקייט.

אויך דער פּרואוו פון אייניקע היסטאָריקער אויסצוטייטשן דעם שפּעטערדיקן פּעלאָפּאָנעזישן קריג ווי אַ קאַמף פאַר גריכנלאַנדס נאַציאָנאַלער איינהייט, האָט נישט די מינדסטע טיפערע באַגרינדונג. זייער טרעפלעך האָט מאַוטנער אָנגעוויזן אויף דער זינלאָזיקייט פון אַט־דער באַהויפּטונג:

„ס'איז גענוג, צום ביישפּיל, בלויז צו טראַכטן וועגן דעם, אַז במשך דעם כמעט דרייסיקיעריקן פּעלאָפּאָנעזישן קריג האָט זיך דער רעיון וועגן דער נאַציאָנאַליטעט פון די העלענען כמעט ווי נישט אַרויסגערוקט צום פאָדער־גרונט; בלויז אַזאַ מאַן ווי אַלקיביאַדעס, וועלכער האָט אין שטורעם און דראַנג פון זיין קאָמפּסווילן אָנגעבאָטן זיין קעמפּעררישקייט אַמאָל זיינע אַטעני־שע פּאָלקסברידער, אַמאָל די פיינטלעכע ספּאַרטאַנער און אַמאָל אַפילו די איי־ביקע שונאים, די פּערסער, איז דעמאָלט געווען אַן אויסנאַם; אָבער אויך צווישן די פּשוטע גריכן זענען געווען אַ זעלטנהייט יענע, וועלכע האָבן זיך געשאַפן אַ באַגריף וועגן זייער נאַציאָנאַליטעט און וועלכע האָבן געוואָלט פאַרענדיקן די מלחמה ווי באַוואוסטזיניקע פאַנהעלענער אָדער אַלגריכן. די אידעע מכוח דער נאַציאָנאַליטעט איז נאָך נישט געווען אָנגענומען, נישט געקוקט אויף דער ליבע צום היימלאַנד, צו דער שטאָט.“ *)

אין יענעם לאַנגן און בלוטיקן קאַמף, אין וועלכן גריכנלאַנד איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט און פאַרצערט איר אינערלעכע לעבנסקראַפט, האָט זיך נישט געהאַנדלט וועגן דער נאַציאָנאַלפּאָליטישער איינהייט פון די גריכישע שבטים, נייערט וועגן אַן אַנדערער פראַגע: אויטאָנאָמיע אָדער העגעמאָניע? און דערביי האָט געדאַרפט אַנטשיי־דן ווערן, וועלכע פון די גרעסערע שטעט ס'זאָל איבערנעמען די אויבערהערשאַפט: אַטען, ספּאַרטאַ, טעבען אָדער קאָרינט. נאָך די פּערסישע מלחמות האָט זיך באַ־זונדערס אין אַטען די קולטור אַנטוויקלט צו איר העכסטן אויפבלי; אָבער דער נצחון איבער פּערסיע האָט אויך צוגעטראָגן אַ שטאַרקן חלק צום אויסשפּרייט פונעם פּאָלי־טישן מאַכט־באַוואוסטזיין. אַטען, וועלכע האָט צוזאַמען מיט אירע פאַרבינדעטע ווייטער געפירט די מלחמה קעגן פּערסיע און אויך געוואָלט פאַרזיכערן די באַפריי־אונג פון פּערסישן יאָך פאַר די גריכישע שטעט אין קליינאַזיע, איז דערביי נישט אָנגערעגט געוואָרן פון ריין־עקאָנאָמישע מאָטיוון. דער הויפּט־מאָטיוו פון איר האַנדלונג איז בלי שום ספק געווען די איבערצייגונג, אַז אַ בונד פון פרייע שטעט אין קליינאַזיע וואָלט געמוזט פאַרשטעלן מיט זיך אַ שטאַרקע פעסטונג קעגן נייע אָנגריפן פונעם פּערסישן דעספּאָטיזם. בעת די ספּאַרטאַנער און די אַנדערע פּעלאָ־פּאָנעזישע שטעט האָבן זיך געהאַט צוריקגעצויגן פונעם קאַמף, האָט אַטען און די שטעט, וועלכע זענען מסכים געווען מיט אירע שטרעבונגען, געשאַפן דעם דעליש־אַטטישן בונד, וועלכער איז לכתחילה געווען אַ פרייע פעדעראַציע פון זעלבסט־שטענדיקע געמיינדעס, אין וועמעס ראַמען יעדע שטאָט האָט געהאַט דיזעלביקע רעכטן. אָבער דאָס האָט זיך געביטן מיט דער אַנטוויקלונג פון דער העגעמאָניע,

*) Fritz Mauthner, Der Atheismus, B. I, S. 102.

וועלכע האָט בהדרגהדיק געגעבן אַטען אַלץ גרעסערע פּריווילעגיעס, וועלכע האָבן געקאָנט דערגרייכט ווערן נאָר אויפן חשבון פון אירע פאַרבינדעטע. אַזוי אַרום האָט זיך דער מאַכט־פּאָליטישער מאָטיוו אַלץ שטאַרקער אַרויסגערוקט צום פאָדערגרונט פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן.

דאָס איז דאָך טאַקע די קללה פון יעדן מין מאַכט, וואָס זי ווערט מיסגעברויכט פון אירע טרעגער. קעגן אַט־דער דערשיינונג העלפט נישט קיין שום רעפאָרם, קיין שום זיכערקייטס־מיטל אין דער קאָנסטיטוציע, מעג עס זיין פאָרמולירט נאָך אַזוי פאָרזיכטיק, מחמת זי דרינגט אַרויס פונעם אינערלעכן מהות פון דער מאַכט און זי איז דעריבער אומפאַרמיידלעך. נישט די אויסערלעכע פאָרעם, נייערט די מאַכט גופא ווי אַזעלכע איז עס, וועלכע פאַרפירט צום מיסברויך; שוין דער עצם יאָגן זיך נאָך מאַכט צעעפנט אַלע טיר און טויער פאַר אַלע מוטנע און אומגליקלעכע ליידנשאַפטן פון די מענטשן. ווען געטע האָט אַמאָל גערעדט וועגן דעם, אַז די פּאָליטיק פאַרדאַרבט דעם כאַראַקטער, האָט ער זיכער אינזינען געהאַט יענע מאַכט־משוגעת, וועלכע געפינט זיך אין סאַמע תוך פון יעדער פּאָליטיק. אַלעס, וואָס ווייזט זיך אונדז אויס ווי נידעריק און אומווירדיק אינעם פּריוואַטן לעבן, ווערט עס, —ווען דאָס ווערט געטון פון שטאַטסמענער— פאַרוואַנדלט אין אַ טוגנט, בתנאי, פאַרשטייט זיך, אויב זיי האָבן דערפאָלג. און היות מיט דער אויסברייטערונג פון דער מאַכט פאַלן אויך אַריין אין דער שויס פון אירע טרעגער אַלץ גרעסערע עקאָנאָמישע מיטלען, אַנטוויקלט זיך אַזוי אַרום אַ סיסטעם פון קאָרופּציע און פאַרקויפטקייט, וועלכעס גראָבט ביסלעכווייז אונטער יעדע געזעלשאַפטלעכע מאָראַל, וואָס אָן איר קאָן קיין שום געזעלשאַפטלעכקייט נישט עקזיסטירן פאַר אַ לענגערער צייט. אַזוי אַרום ווערט די מאַכט די שרעקלעכע מכה פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן און פון זיינע שעפערישע קולטורעלע כוחות. אויך די גריכישע פּאָליס איז דאָ נישט געווען קיין יוצא מן הכלל און איז אַריינגעפאַלן אין צושטאַנד פון אינערלעכער ירידה בהסכם דערמיט ווי ס'האָבן אין איר געוואונען די אויבערהאַנט די מאַכט־פּאָליטישע שטרעבונגען.

דערביי האָט זיך שוין דעמאָלט אַרויסגעוויזן דאָס, וואָס האָט זיך זינט דעמאָלט כסדר פונדאָסניי באַשטעטיקט, אַז די רעזולטאַטן פון דער מלחמה, וועלכע די אומהיילבאַרע טפשים באַטראַכטן ווי אַ פאַרייניגערונג פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, זענען אין רוב פאַלן פאַר די זיגער נאָך אומגינציקער ווי פאַר די באַזיגטע. דערמיט, וואָס צוליב אירע קאָנסעקווענצן ווערן געוויסע שיכטן פון דער געמיינשאַפט אויף אַן אויסערגעוויינלעכן אופן באַרייכערט, רוקט זי איבער די פריערדיקע גרענעצן פונעם וואוילשטאַנד און דערמיט צעשטערט זי דעם געזעלשאַפטלעכן גלייכגעוויכט אין אַזאַ מאָס, אַז ס'קאָן וואָס ווייטער אַלץ ווייניקער זיין די רייד וועגן אַ בשותפותדיקייט פון די סאָציאַלע אינטערעסן און עס רוקן זיך אַרויס וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער און אומפאַרהוילענער צום פאָדערגרונט די קלאַסן־סתירות אין דער געזעלשאַפט. דאָס נעמלעכע האָט אויך פּאַסירט אין אַטען. צוזאַמען מיטן

אויפבלי פון דער געלט־אָליגאַרכיע איז געקומען די פאַראָרעמונג פון די אונטערשטע פאָלקסשיכטן און האָט חרוב געמאַכט די אַלטע יסודות פון דער געזעלשאַפט. צוליב דעם און צוליב דער שקלאַפן־ווירטשאַפט האָט גריכנלאַנד סוף־כל־סוף געמוזט גיין צו גרונט.

דער קאַמף פאַר דער העגעמאָניע, וועלכער האָט אין פעלאָפאָנעזישן קריג געהאַט אַזאַ פאַרוויסטנדיקן אויסדרוק, איז גלייכצייטיק געווען דער אָנהויב פון דער ירידה פון דער גריכישער קולטור און פאַרן מאַצעדאָנישן קעניגטום אויסגעלייגט דעם וועג פאַר דער אונטעריאָכונג פון גריכנלאַנד, מחמת ער האָט אומעטום דערפירט צום זעלביקן אומפאַרמיידלעכן רעזולטאַט, — אין אַטען, אין ספאַרטאַ, אין טעבען. די איינציקע דערפרייענדיקע דערשיינונג אין אָט־דעם געראַנגל פאַר דער אויבערהערשאַפט איז דער פאַקט, אַז קיין איינע פון די גרעסערע שטעט איז נישט געווען אימשטאַנד פאַר אַ משך פון אַ לענגערער צייט אָנצוהאַלטן די אויבערהערשאַפט, מחמת דער חוש פאַר פרייהייט פון די העלענען האָט כסדר פונדאָסניי אָנגערעגט די איינצלנע שטעט צו מרידה און צו דער אָפטרייסלונג פונעם אַרויפגעצוואונגענעם יאָך. אָבער אויך דער קריג האָט געדויערט צו לאַנג און ער האָט אונטערגעגראָבן אַלע יסודות פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. נאָכן פאַרענדיקן די מלחמה־אַקציעס זענען די שטעט געווען אַזוי דערשעפט, אַז זיי זענען מער נישט געווען אימשטאַנד זיך קעגנצושטעלן דער זיך אָנרוקנדיקער מאַצעדאָנישער סכנה. צו דעם איז נאָך צוגעקומען דער אומשטאַנד, וואָס צוליב דעם חורבן אין די מנהגים און דער צעשטערונג פון אַלע מאָראַלישע יסודות, וועלכעס איז געקומען ווי אַ פועל־יוצא פון דער מלחמה און פון שטרעבן צו מאַכט, איז דאָס מאַצעדאָנישע קעניגטום געווען ביכולת צו האַלטן אין אַלע שטעט זיינע אַגענטן, וועלכע האָבן געאַרבעט לטובת זיינע פלענער. פאַקטיש איז די מאָראַלישע ירידה געווען צום שטאַרקסטן דווקא אין יענער צייט, ווען דעמאָסטענעס האָט זיך אומזיסט באַמיט אויפצורודערן העלאַס צו אַ בשותפותער פאַרטיידיקונג קעגן דער מאַצעדאָנישער סכנה.

לסוף האָט אַלעקסאַנדער מוקדון געשאַפן גריכנלאַנדס נאַציאָנאַל־פאָליטישע איינהייט מיטן שווערט. און געטאָן האָט ער דאָס באופן, וואָס ער האָט דאָס גאַנצע לאַנד אונטערגעיאָכט אונטער זיין ממשלה. ער איז געווען דער אמתער שאַפער פונעם אַזויגערופענעם „העלעניזם“, וועלכן דינסט־גרייטע היסטאָריקער שטעלן אַרויס ווי דעם אַפאָגיי פון דער גריכישער קולטור. אינדעראמתן איז עס אָבער געווען אַ גייסטיקע ירידה, וועלכע איז שוין מער נישט געווען פעאיק צו קיין באַנייאונג פונעם לעבן. אַלעקסאַנדער האָט אַוועקגעלייגט די יסודות פאַר אַן איינהייטלעכן גריכישן קעניגרייך און דערמיט האָט ער צעשטערט יענץ רייכע קולטורלעבן, וועלכעס איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גריכישער עדה אין דער צייט פון איר בלי. די פריערדיקע בירגער פון פרייע שטעט האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אונטערטאַנען פונעם נאַציאָנאַלן איינהייטלעכן שטאַט, וועלכער

האָט אָריענטירט אַלע זיינע כוחות אַראָפּצודריקן אַלע דערשיינונגען פונעם סאָ־ציאַלן לעבן צום דורכשניטלעכן ניוואָ פון זיינע פּאָליטישע שטרעבונגען. דער אַזוי־גערופענער העלעניזם איז געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ סובסטיטוט פאַר אַ קולטור, וועלכער האָט געקאָנט געדייען נאָר אין פרייהייט; ס׳איז געווען דער ניצחון פון אומשעפערישע אויסנוצער איבערן שעפערישן גייסט פון דער גריכישער שטאָט.

דער רוב היסטאָריקער שטעלן אַרויס אַלעקסאַנדערן ווי דעם גרויסן פאַר־שפּרייטער פון דער העלענישער קולטור איבערן ריזיקן געביט פון זיין אימפּעריע. זיי פאַרזעען בלויז, אַז נישט געקוקט אויף זיינע ניצחונות איבער די פּערסישע חיילות איז ער אין זיין אופן דענקען און אין זיינע מעשים אַלץ טיפער אריינגעזונקען אינעם כישוף־קרייז פון די פּערסישע הערשאַפטס־באַגריפן און זיך פאַר־נומען דיזעלביקע אַריבערצופלאַנצן קיין אייראָפּע. גראָטע איז בפירוש גערעכט, ווען ער פאַרטרעט אין זיין „געשיכטע פון גריכנלאַנד״ דעם שטאַנדפּונקט, אַז אַלעקסאַנדער האָט נישט געמאַכט פּערסיע גריכיש, אָבער ער האָט יאָ געמאַכט גריכנלאַנד פּערסיש און דערמיט האָט ער אויף אייביק געמאַכט אַ תל פון דער גריכישער קולטור; נאָך מער: זיין אייגנטלעכער ציל איז געווען צו פאַרוואַנדלען העלאַס אין אַ סאַטראַפּיע, פּונקט ווי זי איז שפּעטער פון די רוימער געמאַכט גע־וואָרן פאַר אַ פּראָווינץ פון זייער וועלט־אימפּעריע. אונטער זיין ממשלה און אונ־טער דער הערשאַפט פון זיינע נאָכגייער זענען פאַרשטאָפּט געוואָרן די קוואַלן פון דער אַלטער גריכישער קולטור. מ׳האָט נאָך אַ געוויסע צייט געזויגן פון איר עודף, אָבער זי האָט שוין מער נישט אַרויסגעגעבן קיין נייע פּראָדוקטן. די נאַציאָ־נאַל־פּאָליטישע אייגהייטלעכקייט האָט דערפירט דעם שעפערישן כוח פון דער הע־לענישער קולטור צום טויט.

# VI

## די רוימישע צענטראַליזאַציע און איר איינפלוס

רוימס פאָרגעשיכטע. — די עטרוסקער. — די גרינדונג פון דער שטאָט רוים. — פּאַטריציער און פּלעבעיער. — רוים ווי אַ מיליטערישער און פּאָליטישער צענטער. — די דעראָבערונג ווי אַ שטאַטספּרינציפּ. — דער מהות פונעם רוימישן שטאַט. — דיקטאַטור און צעזאַריזם. — פון דער נאַציאָנאַלפּאָליטישער איינהייט צו דער וועלטאימפּעריע. — די רעליגיע אין דינסט פונעם שטאַט. — רוים און די קולטור. — דער קאַמף פונעם „עכטן רוימערטום" קעגן דעם העלענישן גייסט. — קאַטאָ און סאָקראַטעס. — די גריכישע קולטוראינוואַזיע. — אַ פאָלק פון אימיטאַטאָרס. — די קונסט אין רוים. — פאַראַכטונג פון דער אַרבעט. ליטעראַטור ווי אַ צוועק פונעם שטאַט. — דאָס טעאַטער אין רוים און אין אַטען. — די „גאָלדענע תקופה". — ווירגילס „ענעידאַ". — האָראַציוסעס קלאָגן זיך. — פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט אין רוים. — דעראָבערונג ווי אַ געלטגעשעפט. — רוים ווי אַ וואַמפּיר פון דער וועלט. — וועגן דעם אונטערגאַנג פון רוים. — וואַקסנדיקע השפּעה פון די מיליטערישע פירער. — מיליטערוועזן און פּויערטום. — דאָס רוימישע רעכט. — דער פּראָלעטאַריאַט. — אויפשטאַנדן פון די קנעכט. — כאַראַקטערלאָזיקייט און קנעכטשאַפט ווי אַ פּרינציפּ. — צעזאַריזם און פּרעטאָריאַנערטום. — דעגענעראַציע פונעם קריסטנטום. — די ענדע פון דער אימפּעריע.

ווען ס'קומט צו רייד וועגן גריכנלאַנד, טראַכטן מיר וועגן רוים, אַן אַסאָציאַציע פון אידעען, וועלכע איז באַגרינדעט אין אונדזער שול־חכמה. אונדזער באַגריף פונעם „קלאַסישן אַלטערטום" נעמט אַרום גריכן און רוימער ווי פעלקער פונעם זעלבן קולטור־קרייז; מיר רעדן וועגן אַ „גריכיש־רוימישער קולטור־תקופה" און מיר פאַרבינדן מיט אָט־דער פאָרשטעלונג טיפערע אינערלעכע שייכותן, וועלכע האָבן קיינמאָל נישט עקזיסטירט, האָבן קיינמאָל נישט געקאָנט עקזיסטירן. ס'איז אמת, אַז מ'האָט אונדז יאָ געלאָזט וויסן וועגן געוויסע כאַראַקטעריסטישע אונטערשיידן צווישן גריכן און רוימער; קעגן דער אויפגעלייגטער אָפנהערציקייט פון די העלענען האָט מען אַרויסגעשטעלט דאָס שטרענגע פליכט־געפיל פון די רוימער; די אין דער רויער טאָגאַ איינגעהילטע „רוימישע טוגנט" האָט געגאָלטן פאַר אונדז אין אַ געוויסן זין ווי אַן אַנטיטעזיס צו דער פראַנק און פרייער לעבנספרײדיקייט פון העלאַס. אָבער פריער פון אַלץ האָט מען פאַר אונדז אויסגעליובט דעם הויך־אַנטוויקלטן חוש פון די רוימער, וועלכער האָט זיי געמאַכט צוגויפשמידן די גאַנצע איטאַליענישע האַלבאינדזל אין איין פעסטן פּאָליטישן איינס, וואָס אַזעלכעס האָבן די גריכן אין זייער לאַנד קיינמאָל נישט באַוויזן דורכצופירן. דאָס אַלעס

איז אונדז איבערגעגעבן געוואָרן אויף אַזאַ מין אופן, אַז ס׳האָט ביי אונדז געמוזט שאַפן די איבערצייגונג, אַז דאָס רוימערטום איז אייגנטלעך געווען אַ נויטווענדי־קע דערגענצונג צום גריכישן לעבנס־באַנעם און ערשט דערמיט האָט זי אים אין אַ געוויסער מאָס דערפירט צום אָפּשלוס. ס׳זענען בלי שום ספק פאַראַן געוויסע שיי־כותן צווישן דער העלענישער און דער רוימישער קולטור, אָבער זיי זענען בלויז פון ריין אויסערלעכן כאַראַקטער און זיי האָבן נישט די מינדסטע בשותפותדיקייט נישט מיטן ספּעציפישן אופן פון דענקען פון דיביידע פעלקער און אויך נישט מיט דער ריכטונג פון זייערע גייסטיקע און קולטורעלע שטרעבונגען. ווען אַפילו מ׳זאָל קאָנען ברענגען דעם באַווייז מכּוח דער ריכטיקייט פונעם באַנעם פון יענע פאָרשער, לויט וועלכן גריכן און רוימער דאַרפן באַטראַכט ווערן ווי די אָפּשטאַ־מיקע פונעם זעלביקן פאָלק, וועלכעס האָט אין פּרעהיסטאָרישע צייטן געהאַט זיין וואוינאָרט אין מיטעלן דוניי־בעקן און פון וועלכן איין טייל האָט געזאָלט האָבן איינגעוואַנדערט אין די באַלקאַנען, בעת דער אַנדערער טייל איז אַריינגעדרונגען אין דער אַפּעונינישער האַלבאינדזל, וואָלט נאָך אויך דערמיט נישט געבראַכט גע־וואָרן די ראיה פאַר דער אינערלעכער צוזאַמענגעהעריקייט פון דער גריכישער מיט דער רוימישער קולטור. דער טיפער אונטערשייד אין דער געזעלשאַפטלעכער אַנט־וויקלונג פון ביידע פעלקער וואָלט אין דעם פאַל נאָר באַוויזן, אַז אַן אַנדערע סביבה האָט אַנטשיידנדיק באַווירקט די איינגעבוירענע אייגנשאַפטן פון די גריכן און רוימער און געשטויסן אויף פאַרשידנדיקע דרכים די אויסגעשטאַלטיקונג פון זייער געזעלשאַפטלעך לעבן.

וועגן דער אורגעשיכטע פון די רוימער ווייסן מיר נישט מער ווי וועגן דעם אָפּשטאַם פון די גריכישע שבטים. אויך ביי זיי פאַרלירט זיך אַלץ אינעם געדיכטן נעפּל פון מיטאָלאָגישע מסורות. באַרימטע היסטאָריקער פון דער רוימישער גע־שיכטע, אַזעלכע, צום ביישפּיל, ווי טעאָדאָר מאָמזען, פאַרטרעטן אַפילו דעם שטאַנדפּונקט, אַז אייניקע פון אָט־די לעגענדעס און באַזונדערס דער מיטאָס וועגן דער גרינדונג פון רוים דורך די ברידער ראָמולוס און רעמוס, זענען ערשט פיל שפּע־טער צוגעטראַכט געוואָרן מיט דער באַוואוסטזיניקער פּאָליטישער כוונה אַרויפצו־לייגן אַ נאַציאָנאַל־רוימישן חותם אויף די אינסטיטוציעס, וועלכע מ׳האָט איבער־גענומען פון די עטרוסקן, און מאַכן גלייבן דאָס פאָלק אינעם געדאַנק וועגן אַ גע־מיינזאַמען אָפּשטאַם. אַז די האַלבאינדזל איז נאָך אין די פּרעהיסטאָרישע צייטן בסדר פאַרפלייצט געוואָרן פון גערמאַנישע און קעלטישע שבטים, אין דעם איז היינט שווער נאָך צו צווייפלען; אָבער לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן זענען אויך פאָרגעקומען איינוואַנדערונגען פונעם דרום, דורך די ימישע וועגן פון אַפריקע און פאָדעראַזיע, און דאָס נאָך אַ סך פריער פאַר דער קאָלאָניזאַציע פון סיציליע און דרום־איטאַליע דורך די פעניציער און אייניקע הונדערטער יאָר שפּעטער דורך די גריכן.

ס׳איז זיכער, אַז די אַזויגערופענע איטאַליקער האָבן נישט באַלאַנגט צו די

התחלהדיקע איינוואוינער פון דער האַלבאינדזל, ווי מ'האָט פריער אָפּט געהאַלטן. די איטאַליקער זענען גיכער געווען אַ פאָלק פון אינדאָגערמאַנישן אָפּשטאַם, וועלכעס האָט אין די פּרעהיסטאָרישע צייטן אַריבערגעשפּאַנט די אַלפּן און זיך באַזעצט אינעם טאָל פּאָ. זיי זענען שפּעטער פאַרשטויסן געוואָרן דורך די עטרוסקער און זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן אינעם מיטעלערן און דרומדיקן טייל פון לאַנד, וואו זיי האָבן זיך, קענטיק, פאַרמישט מיט די יאַפּיגאָ־מעסאַפּיער. אין וועלכער תקופה זיי האָבן איינגעוואַנדערט איז לחלוטין אומבאַקאַנט. זיי האָבן זיך ביי זייער באַוויזן צונויפגעטראָפן מיט די ליגורער, וועלכע זענען מסתמא געקומען פון פּאַדראַזיע. די ליגורער זענען דערנאָך לגמרי פאַרשוואונדן פון דער סצענע. אָבער פריער האָט זיך זייער שטח אויסגעשפּרייט אויפן גאַנצן דרומדיקן טייל פונעם האַלבאינדזל, די אַלפּן, דרום־פראַנקרייך ביז קיין צפון־שפּאַניע, וואו זיי האָבן זיך פאַרמישט מיט די איבעריער.

אָבער פון אַלע פעלקער, וועלכע האָבן געשפּילט אַ ראָל פאַר דער גרינדונג פון רוים און וועלכע האָבן געהאַט די שטאַרקסטע השפּעה אויף דער אַנטוויקלונג פון דער רוימישער ציוויליזאַציע, פאַרנעמען דעם ערשטן פּלאַץ די עטרוסקער. וועגן דעם אָפּשטאַם פון אָט־דעם מערקווירדיקן פאָלק טאַפּן מיר לגמרי אין דער פינצטערניש, מחמת די וויסנשאַפטלעכע חקירה האָט ביז איצט נישט באַוויזן צו אַנטציפערן זייער שריפט. די טעריטאָריע פון די עטרוסקער האָט זיך אין פריערדיקע צייטן אויסגעשפּרייט פון צפון ביז לענגאויס דעם ברעג פונעם טיבער, וועלכער ווערט דורך די פאַרצייטיקע באַצייכנט ווי דער עטרוסקישער שטראָם. זייער איינפלוס איז במשך פון הונדערטער יאָרן געבליבן אומצעטרייסלט און ער איז געבראָכן געוואָרן ערשט שפּעטער דורך דער וואַקסנדיקער מאַכט פון די רוימער. פונדעסטוועגן האָבן זיי נאָך בעת דער גרינדונג פון רוים געשפּילט אַ היפשע ראָל. צווישן רוימס מלכים ווערט טאַרקיניוס סופּערבוס אויסדריקלעך באַצייכנט ווי אַן עטרוסקער, בעת נומאַ פּאָמפּיליוס און אַנקוס מאַרציוס ווערן פון די רוימישע היסטאָריקער באַטראַכט ווי סאַבינער.

ס'איז אָן ספק, אַז די גרויסע קאָנסטרוקציעס פונעם אַלטן רוים, די „קלאָאַקאַ מאַקסימאַ", דער קאַפּיטאָלינישער טעמפּל א. אַ. וו., זענען דורכגעפירט געוואָרן פון עטרוסקישע בוי־מייסטער, מחמת קיין איינער פון די לאַטייניש שבטים איז קולטורעל נישט געווען גענוג הויך אַנטוויקלט דורכצופירן אַזעלכע אַרבעטן. מ'נעמט היינט אָן בדרך־כלל, אַז דער נאָמען רוים איז פון עטרוסקישן שורש און האָט מסתמא אַ שייכות צום שבט פון די רומאַס. אין די האַלב־געשיכטלעכע מסורות פון די רוימער ווערן די עסטרוסקער, אַגב, דערמאָנט ווי איינס פון די דריי שטאַמפעלקער, וועמען מ'האָט צוגעשריבן די גרינדונג פון דער שטאָט רוים. פון דעם אַלעם דרינגט אַרויס, אַז די אייגנטלעכע רוימער זענען אַריינגעטראָטן אין דער געשיכטע שוין אַלס געמישט פאָלק, אין וועמעס אָדערן עס האָט געפלאָסן דאָס בלוט פון פאַרשידענע ראַסן.

די געגויערע פּרטים, וועלכע האָבן געפירט צו דער גרינדונג פון דער שטאָט רוים, זענען לחלוטין אומבאַקאַנט. אייניקע היסטאָריקער מיינען, אַז די גרינדונג פון דער שטאָט דאַרף האָבן אַ שייכות מיטן „ווער סאַקרום", דעם „הייליקן פרילינג", אַ מנהג, וועלכער איז געווען פאַרשפּרייט צווישן די לאַטייַנישע שבטים, לויט וועלכן די יונגע, צוואַנציקיעריקע מענער פלעגן אין געוויסע צייטן פאַרלאָזן זייערע אַלטע וואוינערטער, בכדי זיך ערגעצאַנדערשוואו צו גרינדן אַ נייע היים. אייניקע שטעט זענען טאַקע אַנטשטאַנען אַדאַנק דעמדאָזיקן מנהג און ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז אויך רוים האָט געהאַט צו פאַרדאַנקען איר אַנטשטייאונג דעם „ווער סאַקרום". פון די מסורות דרינגט, אַגב, בולט אַרויס, אַז קודם־כל איז באַזעצט געוואָרן בלויז דאָס פּאַלאַטינישע בערגל, בעת די איבעריקע זעקס בערגלעך זענען באַזעצט געוואָרן ערשט שפּעטער און דאָס פון פאַרשידענע שבטים. דער צונויפבונד פון אָט־די ישובים אין דער שטאָט רוים איז פאָרגעקומען ערשט פיל שפּעטער, הגם מיר זענען נישט אימשטאַנד צו קענען היסטאָריש פעסטשטעלן דעם אוממיטלבאַרן מאָטיוו דערפון. וואַרשיינלעך האָט דערביי געשפּילט אַ געוויסע ראָל די געוואַלט, וואָס דאָס ווייזט זיך אונדז אויס אויף אַזוי פיל גלויבנסווירדיקער אויף וויפיל ס'קומט אויס לויט די אַלטע מסורות, אַז די דערמאָנטע אָבות פון דער שטאָט רוים האָבן גרופּירט אַרום זיך אַלערליי מינים פּליטים, פאַר וועמען דער יונגער ישוב איז געווען אַן עיר־מקלט. אויך גיט אונדז די לעגענדע וועגן דעם רויב פון דער סאַבינערן אַ רמז אויף דעם, אַז די ערשטע קאָלאָניסטן זענען דווקא נישט געווען קיין אָנגענעמע שכנים.

וועגן דער התחלהדיקער געשיכטע פון די רוימער ווייסן מיר ווייניק, אָבער פון דעם ווייניקן זעט זיך אַרויס גענוג קלאָר, אַז זיי זענען לכתחילה געווען אַ פאָלק פון פויערן און פיציכטער. זייער געזעלשאַפטלעך לעבן האָט זיך סומך געווען אויף דעם אַזויגערופענעם דזשענטיל־סדר. די איינציקע משפּחהדיקע גרופּן האָבן זיך ביסלעכווייז צונויפגענומען מיט אַנדערע, פון וועלכע ס'זענען געוואָרן שבטים־אָרגאַניזאַציעס און מיט דער צייט איז פון זיי אַנטשטאַנען אַ פעדעראַציע פון שבטים, וועלכע האָבן זיך פאַראייניקט אין אַ פאַרבאַנד פאַר שוץ און אָנגריף. די געמיינשאַפט, פון וועלכער ס'איז שפּעטער אַרויסגעוואָקסן רוים, האָט שוין דעמאָלט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ פּאָליטישן איינס, אין וועלכן ס'האָבן, — פונקט אַזוי ווי ביי די גריכן, — נעבן די פּאָליטישע פאָרמען במשך פון אַ לאַנגער צייט נאָך עקזיסטירט שטאַרקע רעשטן פונעם אַלטן דזשענטיל־סדר. בכלל איז דער איבערגאַנג פון איינפאַכן געזעלשאַפטלעכן צונויפבונד צו דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פאָרגעקומען בהדרגהדיק און בהסכם דערמיט ווי ס'זענען, דורכן פּריוואַט־אייגנטום, לויזער געוואָרן די נאַטירלעכע צונויפבינדונגען און דער פאַרבאַנד פון פאַמיליעס האָט געוואונען מער איינפלוס, פאַראייניקנדיק אין די הענט פונעם פאַמיליען־שעף די גאַנצע מאַכט. אַזוי אַרום איז דאָס אַלטע געוואוינהייטס־רעכט אַלץ מער אָפּגעשטויסן גע־

וואָרן דורך די תקנות פונעם שטאַט, תקנות, וועלכע זענען זיך ביסלעכווייז צעוואָקסן אינעם רוימישן רעכט.

דערדאָזיקער אינערלעכער אומבייט האָט נאַטירלעך אויך געמוזט האָבן אַ ווירקונג אויף די באַציאונגען צו די שכנישע קהילות. מ׳מעג זיך משער זיין, אַז ביים שנעלן וואוקס פון דער שטאַט איז דער באָדן מיט דער צייט שוין נישט געווען גענוג, בכדי ווי געהעריק צו קאָנען דערנערן אירע איינוואוינער, וואָס צוליב דעם זענען מסתמא אויסגעבראָכן די ערשטע קאָנפליקטן מיט די שכנים. אַזוי אַרום איז עס דערגאַנגען צו די ערשטע קאַמפן, וועלכע זענען געווען אינספּירירט פונעם באַגער צו פאַרכאַפּן דעם באָדן פון די שכנישע קהילות און זיי אונטערטעניק מאַכן צו רוים. אָבער דאָס דעראָבערטע געביט האָט געמוזט איינגעהאַלטן און געשיצט ווערן קעגן בונטן פון דער פריערדיקער באַפעלקערונג און דאָס האָט געקאָנט געטאָן ווערן נאָר דורך אַ שטאַרקער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע, אויף וועמעס אַנטוויקלונג דער רוימישער שטאַט האָט זיך ביסלעכווייז אינגאַנצן גענומען שטיצן. אַזוי אַרום איז אויפגעקומען אַ נייער סיסטעם פון בפירוש־מיליטערישן כאַראַקטער. האָט זיך דער שווערגעוויכט פונעם עפנטלעכן לעבן פריער סומך געווען אויף דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג, דער „קאָמיטיאַ קוריאַטאַ”, וועלכע איז נאָך געווען צוגעשניטן לויט דעם אַלטן ז׳ושענטיל־סדר, האָבן זיך שוין אונטער דער ממשלה פון נומאַ, ראָמולוס נאָכגייער, אָנגעהויבן לאָזן פילן טענדענצן, וועלכע האָבן געפירט צו היפּש־אַנטשיידנדיקע ענדערונגען אינעם סדר און זענען אויסן געווען אים צו געבן אַ ריין־פּאָליטישן כאַראַקטער. די פאָרויסיקע תנאים פאַר אָט־דעם אומבייט דאַרף מען זוכן אין דער אינערלעכער קלאַסן־צעטיילונג פון דער רוימישער געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן מאַכן באַמערקבאַר שוין אונטער דער ממשלה פון די ערשטע מלכים. ס׳איז בכלל קעגן יעדן שכל־הישר צו וועלן זען אין די פּאַטריציער און פּלעבעער אָפּשטאַמיקע פון צוויי פאַרשידענע ראַסן, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר אין אַ געוויסער מאָס דאָס פאַרהעלטעניש צווישן זיגער און באַזיגטע, ווי דאָס איז אַזוי אָפט געטאָן געוואָרן. שוין דער פאַקט, אַז אָפּשטאַמיקע פון דיזעלביקע משפחות האָבן טיילווייז געהערט צו די פּאַטריציער, בעת אנדערע האָבן געהערט צו די פּלעבעער, לייקנט אָפּ אָט־די באַהויפּטונג. אינדעראמתן האַנדלט זיך דאָ וועגן צוויי פאַרשידענע שטאַנדן, וועלכע זענען אויפגעקומען ווי אַ פועל־יוצא פונעם סיסטעם פונעם פּריוואַטן אייגנטום און פון דער אומגלייכהייט פון די עקאָנאָמישע באַדינגונגען. אין דעם זין דאַרפן די פּאַטריציער באַטראַכט ווערן ווי די פאַרטרעטער פון די גרויסע ערד־אייגנטימער, בעת די פּלעבעער זענען באַשטאַנען פון דער מאַסע אָרעמע פויערן, וועלכע זענען, ווי אַ פועל־יוצא פון דער אומגלייכהייט אינעם אייגנטום, אַלץ מער אַרונטערגעפאַלן אונטערן יאָך פון זייערע רייכע מיטבירגער.

די געזעלשאַפט פונעם קדמונימדיקן רוים איז געווען איינגעטיילט אין שטאַמגרופּעס, אין וועמעס שפּיץ ס׳איז געשטאַנען אַ שעף אָדער אַ מלך, וועלכער האָט גלייכצייטיק פאַרנומען די פונקציעס פון אַן אויבערפּריסטער און אַרמייפירער.

ביים מלכס זייט איז געשטאַנען אַ ראַט פון פאַרשטעער פון די שטאַמגרופּעס, אויף וועמען ס'איז אויסגעפאַלן די אייגנטלעכע אָנפירונג מיט דער קהילה. אַדאַנק דעם ענגן פאַרהעלטעניש, וועלכעס האָט עקזיסטירט צווישן דעם קעניג און דעם ראַט פון די פאַרשטעער, איז געווען נאַטירלעך, אַז ער זאָל אויסקלייבן זיינע באַאַמטע פון די רייען פון די פאַרשטעער. די עקאָנאָמישע שטאַרקייט פון די רייכע פּויערן האָט שוין במילא גורם געווען, אַז זיי זאָלן בהדרגהדיק באַזעצן אַלע וויכטיקע אַמטן און זיי האָבן דאָס אויסגענוצט פאַר דער פאַרטיידיקונג און אויסברייטערונג פון זייערע אייגענע אינטערעסן און פּריווילעגיעס, אַזוי אַז די אָרעמערע באַפעלקערונג האָט וואָס ווייטער אַלץ מער געמוזט אַרונטערפאַלן אונטער זייער איבערהערשאַפט. פון אָט־די פאַרהעלטענישן האָבן זיך אויסגעוויקלט די ערשטע התחלות פון אַן אַדע־ליקער קאַסטע, וועלכע האָט זיך אָנגעשטרענגט צו באַזייטיקן דעם אַלטן דזשענטיל־סדר, בכדי וואָס פּלאַנמעסיקער צו קאָנען דעראָבערן פרעמדע געביטן. שוין אונ־טער נומאַס ממשלה ווייזן זיך אַרויס אָט־די שטרעבונגען מיט דער גאַנצער קלאָר־קייט; אָבער דער גרויסער אומבייט איז פאַרגעקומען ערשט אין די צייטן פון סערוויוס טוליוס. דורך אָט־דעם אומבייט האָט די רוימישע געזעלשאַפט באַקומען יענע אייגנאַרטיקע פּאָליטישע געשטאַלט, וועלכע האָט באַשטימט איר אייגנטלעכן כאַראַקטער. די שטאָט רוים איז געוואָרן דער צענטער פון אַלע אַרומיקע און דעראָ־בערטע געביטן. אויפן אָרט פון די אַלטע אינסטיטוציעס איז אויפגעקומען אַ פּאָ־ליטיש־מיליטערישע פאָרמאַציע, וועלכע האָט זיך סומך געווען אויף פינף קלאַסן מיט אומגלייך פאַרטיילטע רעכטן. דער ראַט פון די פאַרשטעער איז פאַרביטן גע־וואָרן דורכן סענאַט, אין וועלכן ס'האָבן געקאָנט פאַרנעמען אַן אָרט און זאָגן אַ דעה נאָר די פּאַטריציער און אַזוי אַרום זענען זיי געוואָרן אַ בירושה איבערגייענ־דיקע אַריסטאָקראַטיע. די פאַרשידענע קלאַסן זענען איינגעטיילט געוואָרן אין מי־ליטערישע צענטוריעס, וועלכע זענען שטענדיק געווען גרייט צום קריג. אויפן אָרט פון דער אַלטער „קאָמיטיאַ קוריאַטאַ״ איז געקומען די „קאָמיטיאַ צענטוריאַטאַ״, וועלכע איז געווען אין הסכם מיט דער נייער איינטיילונג. יעדער קלאַס האָט גע־האַט זיינע באַזונדערע צענטוריעס; דאָס שטימען־פאַרהעלטעניש איז אַנטשיידן געוואָרן דורכן פאַרמעג.

אָן ספק, אַז דאָס פאָלק איז ביי דערדאָזיקער נייער איינטיילונג אָפּגענאַרט געוואָרן אויף אַ שענדלעכן אופן. אָבער היות מ'האָט אין דער נייער אָרדענונג אויף אַ כיטרען אופן אַריינגענומען און צוגעמישט רעשטן פונעם אַלטן סדר, האָט זיך דער רוב כמעט נישט געכאַפּט. אויף דעם אופן איז אויפגעקומען יענער אַריסטאָ־קראַטיש־דעמאָקראַטישער שטאַטסוועזן, וועמעס אינערלעכע אָרגאַניזאַציע איז געווען אָזיעקגעשטעלט אויף דעראָבערונג און אויספּלינדערונג. דאָס גאַנצע פאָלק איז צונויפגעשמידט געוואָרן אין אַן אַרמיי, אָבער די רעגירונג האָט זיך מיט פעסטער קאָנסעקווענץ אָריענטירט אויפן ציל אַרונטערצוואַרפן די גאַנצע האַלבאינדזל אונ־טער רוימס ממשלה און זי צונויפגיסן אין איין גרויסן פּאָליטישן איינס. נאָר ווען

מ׳באַטראַכט דעם ענין פון אָט־דעם קוקווינקל, איז מעגלעך ריכטיק צו אורטיילן וועגן דעם פאַרהעלטעניש צווישן פּאַטריציער און פּלעבעער. ס׳וואָלט געווען לגמרי פאַלש צו וועלן זען אין די פּלעבעער רק אַן אונטערדריקטן קלאַס, וועמעס טענדענצן האָבן זיך אָריענטירט אויף דער אָפּשאַפונג פון די פּריווילעגיעס און אויפן איינשטעל פון אַ נייעם עקאָנאָמישן סדר. וועגן דעם האָבן זיי לחלוטין נישט געטראַכט; זיי איז גיכער געגאַנגען אין דעם צו באַקומען דיזעלביקע פּריווילעגיעס, וואָס יענע האָבן געהאַט, און צו באַקומען דעמזעלביקן חלק פונם זאַקרויב פון די מלחמות. קיין פונדאַמענטאַלע אונטערשיידן איז נישט געווען צווישן ביידע שטאַנדן; ביידע זענען געווען באַהערשט און באַהויכט אויפן זעלבן שטייגער פון „רוימס גייסט״; ביידע זענען געווען גרייט צו פאַרקנעכטן און אונטערדריקן אַנדערע פעלקער; ביידע האָבן זיך געיאָגט נאָך דיזעלביקע עקספּלואַטאַציע־מעגלעכקייטן.

אָבער דער מיליטערישער כאַראַקטער פונעם רוימישן שטאַט, מיטן שטענדיקן אויסבליק אויף דעראָבערונגען, האָט אויך גורם געווען דערצו, אַז די פּאַטריציער האָבן זיך בהדרגהדיק געזען געצוואונגען נאָכצוגעבן די פאַרלאַנגען פונעם פּלעבעער־המון. דאָס איז נישט געשען פרייוויליק; זיי האָבן פאַרטיידיקט זייערע פּריווילעגיעס מיט ציין און נעגל און אפילו פאַרוועדט חתונות צווישן פּאַטריציער און פּלעבעער. אָבער ווי אַ פועל־יוצא פון דער אומברחמנותדיקער דעראָבערונגס־פּאָליטיק פונעם שטאַט זענען, באַזונדערס אין דער צייט פון דער רעפּובליק, אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַלץ גרעסערע פאָדערונגען צו דער אָרעמערער באַפעלקערונג, וועלכע האָבן כסדר אַלץ מער פאַרטיפט די קעגנזאַצן צווישן ביידע שטאַנדן. די רוימישע פּאָליטיק האָט געמוזט האָבן זעלנער, און אָט־די באַדערפעניש איז עס געווען, וועלכע האָט ביסלעכווייז געצוואונגען די פּאַטריציער צו טיילן זייערע פּריווילעגיעס מיטן פּלעבעער־המון און צוזאַמען מיט אים צו בילדן אַ נייעם אַדל, וועלכער איז געוואָרן דער טרעגער פון דער אימפּעריאַליסטישער וועלטפּאָליטיק, וועלכע האָט איבערגעענטפערט צו רוים די מאַכט איבער אַלע וויכטיקע לענדער פון דער דעמאָלט באַקאנטער ערד און פאַרוואַנדלט דעם רוימישן שטאַט אין יענער גרויליקער מאַשין פון גזילה, וועלכע האָט נישט איר גלייכן אין דער געשיכטע פון אַלע פעלקער.

פאַראַן היסטאָריקער, וועלכע באַהויפּטן, אַז רוים איז ערשט אין דער צייט פון די אימפּעראַטאָרס געוואָרן די הייל פון גזלנים פון דער וועלט, אין וועמעס אומדערזעטלעכן פּיסק ס׳איז פאַרשוואונדן געוואָרן די פרייהייט און די עשירות פון די פעלקער. ס׳איז בלי שום ספק, אַז דאָס, וואָס מ׳האָט אָנגערופן „רוימס גייסט״, האָט זיך צום שטאַרקסטן געלאָזט פילן און מערקן אונטער דער ממשלה פון די אימפּעראַטאָרס, אָבער מ׳מוז זיין בלינד נישט צו זען און צו לייקענען, אַז די שלאַנגישע זריעה פונעם צעזאַריזם האָט שוין אַרויסגעגעבן אירע גיפטיקע שפּראָצן נאָך אין דער תקופה פון דער רעפּובליק און אַז דווקא דעמאָלט זענען געשאַפן געוואָרן די אומבאַדינגט־נייטיקע פאָרויסיקע תנאים פאַר די ווייטערדיקע אנטוויקלונגסמעגלעכקייטן אין דער ריכטונג צו דער אומבאַגרענעצטער מאַכט. אין דער

צייט פון דער רעפּובליק איז אַנטשטאַנען דער אומגליקלעכער איינפיר פון דער דיק־טאַטור, וועלכע האָט פּרינציפּיעל גערעכטפאַרטיקט יעדן מיסברויך פון דער מאַכט און יעדע פרייהייט פונעם מענטשן דערשטיקט אין איר שורש. די קאָנסטיטוציע פון דער רעפּובליק האָט אַוועקגעשטעלט צוויי קאָנסולן בראש פון דער מלוכה, וועל־כע זענען געווען פאַרזען מיט אַלע רעכטן פון די פריערדיקע קעניגן. ביי אויסער־אָרדנטלעכע געלעגנהייטן האָט איינער פון די קאָנסולן, מיט דער הסכמה פונעם סע־נאַט, געקאָנט באַשטימען אַ דיקטאַטאָר, וועלכער איז געווען פאַרזיכערט מיט אומ־באַשרענקטער מאַכט־אויטאָריטעט. דער דיקטאַטאָר האָט געהאַט דאָס רעכט בטל צו מאַכן אַלע עקזיסטירנדיקע געזעצן; אַלע באַאַמטע פונעם שטאַט זענען געווען פאַרפליכטעט צו אומקאָנדיציאָנעלער געהאָרכיקייט לגבי אים; אַלע רעכטן פון דער קאָנסטיטוציע בנוגע די רעכטן אויף פרייהייט און זיכערקייט פון די בירגער האָבן דורך זיין וואָרט געקאָנט אַנולירט ווערן. נאָר אַ מלוכה, וועלכע איז פון אויבן ביז אַראָפּ אַוועקגעשטעלט אויפן יסוד פון קריג און אונטערדריקונג פון אַנדערע פעל־קער, האָט געקאָנט באַשאַפן אַזאַ גרויליקע אינסטיטוציע.

פון דער דיקטאַטור צום צעזאַריזם איז נאָר איין שפּאַן. דאָס קייזערטום איז בלויז געווען די צייטיקע פרוכט פון אַ צושטאַנד, וועלכער האָט פאַרוואַנדלט דעם מאַכט־פּרינציפּ אינעם עיקרדיקן אַני־מאַמין פונעם לעבן. גערעכט איז טאַקע געווען העגעל, ווען ער האָט געזאָגט, אַז „רוים איז פון אָנהויב אָן עפּעס קינסטלעכס, אי־בערגעוואַלטיקס, נישט־אורשפּרינגלעכס" און אַז „סיי געאָגראַפיש און סיי היסטאָ־ריש איז זיך די רוימישע אימפּעריע סומך אויפן פּרינציפּ פון דער געוואַלטזאַמקייט". דער ווילן צו מאַכט, אין וועלכן „רוימס גייסט" האָט זיך אַזוי ריכטיק פאַרקערפּערט, האָט געשאַפן יענע אַכזריותדיקע אידעאָלאָגיע, וועלכע האָט פאַרוואַנדלט דעם יחיד אין אַ נשמהלאָזן װערקצייג פונעם שטאַט, וואָס דערנידעריקט צו אַ געפיללאָזן אויטאָמאַט פון אַ העכערער קראַפט, וועלכע רעכטפאַרטיקט יעדעס מיטל, בכדי דורכ־צופירן אירע כוונות. די אַזוי שטאַרק אַרויסגעשטעלטע „רוימישע טוגנט" איז קיין מאָל נישט געווען עפּעס אַנדערש ווי די אין אַ פּרינציפּ פאַרוואַנדלטע שטאַטלעכע קנעכטשאַפט און אַ טעמפּער עגאָאיזם, וועלכע זענען נישט געמילדערט געוואָרן דורך קיין שום געפיל. ביידע האָבן זיי געבליט אינעם רעפּובליקאַנישן רוים פּונקט אַזוי בשפע ווי אינעם רוים פון די צעזאַרס. אַפילו ניבור, וועלכער איז בכלל געווען אַן אומגעצוימטער באַוואונדערער פון דער רוימישער שטאַטספּאָליטיק, האָט דערקלערט אין זיין „רוימישער געשיכטע", אַז אין רוים „האָבן פון די עלטסטע צייטן אָן גע־הערשט די גרויליקסטע זינדיקייט, אומדערזעטלעכע גיריקייט נאָך מאַכט, געוויסנ־לאָזע פאַראַכטונג צום פרעמדן רעכט, געפיללאָזע גלייכגילטיקייט לגבי פרעמדע ליידן, קמצנות, רויבגיריקייט און אַ שטענדיקע אָפּזונדערונג, פון וועלכער ס'האָט זיך געשאַפן אַן אוממענטשלעכע האַרטהערציקייט נישט נאָר לגבי דעם קנעכט אַליין, נייערט אויך לגבי דעם אייגענעם מיטבירגער". די טרעגער פונעם רוימישן שטאַט זענען געווען אויסגערעכנט און מעטאָדיש אין זייער פּאָליטיק; אָבער זיי האָבן זיך

אויך נישט אָפּגעשראָקן פאַר קיין שום נידערטרעכטיקייט, פאַר קיין שום שענדלעכ־קייט, פאַר קיין שום פאַרראַט און פאַר קיין שום פאַרברעכן, בתנאי אויב ס׳האָט נאָר געשטעלט אין אויסזיכט דעם דערפאָלג פון זייערע פּלענער. זיי זענען דאָס געווען די אייגנטלעכע אַנטדעקער פונעם „שטאַטס־אינטערעס״, וועלכער האָט אין משך פון די צייטן געווירקט ווי אַ גרויליקע קללה קעגן יעדן פּרינציפּ פון מענטשלעכ־קייט און גערעכטיקייט. נישט אומזיסט איז אַ וואָלפיכע געווען רוימס סימבאָל; די רוימישע מלוכה האָט פּאַקטיש געהאַט בלוט פון אַ וואָלף אין אירע אָדערן.

אויב פון אָנהויב איז דער אוממיטלבאַרער ציל פון דער רוימישער פּאָליטיק געווען די אונטעריאָכונג פון דער גאַנצער האַלבאינדזל, האָט זיך לאָגישערווייז נאָך דער דערגרייכונג פון אָט דעם ציל אָנגעהויבן מערקן דער חשק צו וועלט־הערשאַפט, וועלכער האָט פאַר יעדן שטאַט, וואָס האָט אין זיין רשות גרעסערע מאַכט־מיטלען, אַן אומפאַרלייקנבאַרע אָנציאונגס־קראַפט. די איטאַליענישע האַלבאינדזל מיט איר לאַנגן אומבאַשיצטן ברעג איז געווען צו שטאַרק אויסגעשטעלט אויפן אָנגריף פון פיינטלעכע כוחות און ס׳איז נישט געווען מעגלעך זיך צו נעמען פאַרווירקלעכן גרויסע פּלענער כל־זמן דאָס לאַנד איז נישט געווען פּאָליטיש פאַראייניקט און מיליטעריש פאַרפעסטיקט. די גאַנצע יבשה איז לויט איר נאַטור אַ גרויסער געאָ־גראַפישער איינס און דער עיקרדיקסטער ציל פון דער ביטרער רוימישער פּאָליטיק איז געווען אויסגערעכנט אויף דעם, אָט־די געאָגראַפישע איינהייט צו מאַכן אויך פאַר אַ פּאָליטישער. דורך אַ ריי אינערלעכע מלחמות איז איין פאָלק נאָכן אַנדערן אונטערגעיאָכט געוואָרן דורכן רוימישן שטאַט. בכלל זענען די איטאַליענישע שטאָ־מען פון די זיגער באַהאַנדלט געוואָרן מילדער ווי זיי פלעגן שפּעטער באַהאַנדלען אַנדערע אונטערגעיאָכטע פעלקער און דאָס האָבן זיי געטאָן צוליב גוט־אויסגערע־כנטע פּאָליטישע מאָטיוון, מחמת די רוימישע מלוכה־לייט האָבן נישט געטאָרט שטעלן אין סכנה זייער הערשאַפט איבער דער איטאַליענישער יבשה דורך כסדרדיקע אויפשטאַנדן פון די באַזיגטע פעלקערשאַפטן, אויב זיי האָבן געוואָלט וויטער אָנ־גיין מיט זייערע גרויספאַרנעמיקע פּלענער; פון דאַנען האָט געשטאַמט זייער מילד־קייט. די אָנפאַלן פון די גאַליער האָבן נאָך צוגעהאָלפן דערדאָזיקער קלוגער פּאָלי־טיק דערמיט, וואָס די איבערגעפאַלענע געביטן זענען נאָך שטאַרקער אויסגע־שטעלט געוואָרן אויף רוימס שוץ. אַזוי אַרום האָט זיך מיטן גאַנג פון דער צייט אַנטוויקלט דאָס געפיל פון אַן ענגערער צוגעהעריקייט, וועלכעס האָט זיך ביסלעכ־ווייז אויסקריסטאַליזירט אין דער „נאַציאָנאַלער אידעע״; נישט בלויז אין רוים, נייערט אויך אויף דער גאַנצער האַלבאינדזל האָט מען זיך געפילט ווי רוימער.

ערשט נאָכדעם ווי ס׳איז געווען איינגעשטעלט די פּאָליטישע איינהייט אויפן קאָנטינענט, האָט זיך די רוימישע פּאָליטיק געקאָנט שטעלן גרעסערע אויפגאַבן, נאָך וועלכע אירע טרעגער האָבן זיך געיאָגט מיט געוויסנלאָזער גיריקייט און פאַר־ביסענער קאָנסעקווענץ און זיך לגמרי נישט געלאָזט אָפּשרעקן דורך צייטווייליקע דורכפאַלן. מיט אָט־די ברייטערע צילן פאַר די אויגן איז ביי די רוי־

מער געוואַקסן די זעלבסט־זיכערקייט פון זייער שטאַרקייט און אַנטוויקלט ביי זיי יענעם ספּעציפישן מין אַראָגאַנץ לגבי אַנדערע פעלקער, וועלכער איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע וועלט־דעראָבערער. רוים איז פאַר זיי געוואָרן דער מיטלפּונקט פון דער וועלט און זיי האָבן געהאַלטן, אַז על־פּי־יושר זענען זיי באַרעכטיקט אַרויפצוצווינגען זייער ממשלה אויף אַלע פעלקער פון דער וועלט. זייערע דערפאָלגן האָבן ביי זיי געשאַפן די מיינונג מכוח זייער „היסטאָרישער מיסיע" א סך פריער נאָך איידער העגעל האָט אַוועקגעלייגט ווי אַ יסוד פון זיין געשיכטס־באַנעם די קאַטעגאָריע פון די היסטאָרישע שליחות. אין דער „ענעידאַ", דעם נאַציאָנאַלן עפּאָס פון די רוימער, האָט ווירגיל געגעבן אַ פּאָעטישן אויסדרוק אָט־דער פיקסער אידעע:

אַנדערע וועלן מסתמא מיט מער געשיקטקייט באַאַרבעטן דעם אָטעמענדיקן בראָנדז;
זיי וועלן, איך ווייס, אַרויסברענגען פונעם מאַרמאָר לעבעדיקע פיגורן;
זיי וועלן זיין באַריידעוודיקער פאַרן געריכט און מיטן גנאָם
מעסטן די וועגן פונעם הימל און לאָזן וויסן וועגן אויפגאַנג פון די שטערן.
דו, אָ רוימער, גיב זיך אָפּ מיטן פאַרוואַלטן די וועלט־באַהערשנדיקע מאַכט!
אָט־די קונסט איז דיין; און דערנאָך איינצושטעלן פרידלעכע מנהגים און צו פאַרשוינען די,
וועלכע גיבן זיך אונטער, און צו דערשלאָגן די מורדים!

נאָכן פאַל פון קאַרטאַגאָ און קאָרינט זענען אָט־די אידעען געוואָרן פאַר די רוימער אַזוי ווי אַן איבערלעכע איבערצייגונג, אַזאַ אַרט פּאָליטישע רעליגיע; אַזוי אַרום איז בהדרגהדיק אַנטשטאַנען יענער מאָנסטערהאַפטער, אויף געוואַלט און גזילה זיך שטיצנדיקער מעכאַניזם פונעם רוימישן שטאַט, וועלכן קראָפּאָטקין כאַראַקטעריזירט מיט אָט־די טרעפלעכע ווערטער:

„די רוימישע אימפּעריע איז געווען אַ שטאַט אינעם אמתן זין פונעם וואָרט. נאָך ביז אויפן היינטיקן טאָג איז ער געבליבן דער אידעאַל פון די געזעצגעבער און יוריסטן. זיינע אָרגאַנען האָבן אַרומגענומען אַ געוואַלדיק־גרויס געביט ווי מיט אַן ענגאַוויגלדיקן נעץ. אַלצדינג האָט זיך קאָנצענטרירט אין רוים: דאָס עקאָנאָמישע לעבן, דאָס מיליטערישע לעבן, די יורידישע באַציאונגען, די עשירות, די דערציאונג, אַפילו די רעליגיע. פון רוים זענען אַרויסגעקומען די געזעצן, די ריכטער, די לעגיאָנען צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד, די שטאַטהאַלטער, די געטער. דאָס גאַנצע לעבן פונעם לאַנד האָט געפונען זיין העכסטן אויסדרוק אינעם סענאַט, שפּעטער אין דער פּערזאָן פונעם קייזער, דעם אַלמעכטיקן און אַלצווויסנדיקן, דעם גאָט פון דער אימפּעריע. יעדע פּראָווינץ, יעדע טייל פונעם לאַנד האָט געהאַט איר קאַפּיטאָל אין קליינעם מאָסשטאַב, איר שטיקעלע פונעם רוימישן מושל, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט זייער גאַנץ לעבן. אַן איינאיינציק געזעץ, דאָס געזעץ, וועלכעס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין רוים, איז געווען גילטיק אין דער אימפּעריע. אָט־די אימפּעריע איז לגמרי נישט געווען קיין געמיינשאַפטלעכער פאַרבאַנד פון בירגער, נאָר אַ סטאַדע פון אונטערטעניקע"[*]).

פאַקטיש, רוים איז געווען דער שטאַט פאַר עקסעלאַנס, דער שטאַט, וועלכער

*) פּיאָטר קראָפּאָטקין, מאָדערנע וויסנשאַפט און אַנאַרכיע; דריטער טייל, דער שטאַט און זיין ראָל אין דער געשיכטע. יידיש. לאָנדאָן 1913.

איז געווען אײַנגאַנצן, פון אויבן ביז אַראָפּ, אָוועקגעשטעלט אויפן יסוד פון אַ רײ־זיקער צענטראַליזאַציע פון אַלע געזעלשאַפטלעכע כוחות. קיין שום אַנדער אימפּעריע איז נישט געווען אימשטאַנד אָנצוהאַלטן אַזוי לאַנג איר וועלט־באַהערשנדיקע מאַכט, קיין שום אימפּעריע האָט נישט געהאַט אַזאַ בולט־אָנזעעוודיקן אײַנפלוס אויף אײראָפּעס שפּעטערדיקער פּאָליטישער אַנטוויקלונג און אויף דער אויסגעשטאַלטיקונג פון אירע יורידישע פאַרהעלטעניש. און אָט־דער אײַנפלוס איז נאָך אויך הײַנט נישט פאַרשוואונדן; ער איז אין די יאָרן נאָכן וועלט־קריג נאָך גרעסער געוואָרן; די „אידעע פון רוים", ווי שלעגעל האָט עס אָנגערופן, איז נאָך הײַנט אויך דער פונ־דאַמענט פון דער פּאָליטיק פון אַלע מאָדערנע גרויסע מלוכות, ווען אַפילו די פאַר־מען פון אָט־דער פּאָליטיק האָבן באַקומען אַן אַנדערן אויסזען.

בעת פון דער געשיכטע פון גריכנלאַנד באַווײַזט זיך פאַר אונדז כסדר פונ־דאַסניי דער גײַסט פון דער אויטאָנאָמיע און די פולשטענדיקע נאַציאָנאַלע צערי־סנקייט פון די העלענען, האָט אָבער רוים פון אָנהויב אָן זיך אָריענטירט לויט דער אידעע פון אַן אַלך־אַרומנעמענדיקער פּאָליטישער אײנהייט, וועלכע האָט געפונען איר פערפעקטסטן אויסדרוק אינעם רוימישן שטאַט. קיין שום אַנדערע אימפּעריע האָט נישט אַנטוויקלט דעם רעיון וועגן דער פּאָליטישער אײנהייט צו אַזאַ מדרגה און קיינער האָט אים נישט אַזוי אײַנגעפירט אין דערווירקלעכקייט ווי די רוימער. ער ציט זיך ווי אַ רויטער פאָדים דורך דער גאַנצער רוימישער געשיכטע און איז אַזויצוזאָגן דער לײַטמאָטיוו פון איר גאַנצן תוכן.

יעדנפאַלס האָט מען אין רוים קיינמאָל נישט געטראַכט וועגן געבן די מדינות מחוץ דער איטאַליענישער האַלבאינדזל, וועלכע מ'האָט אַרײַנגענומען אין דער אימ־פּעריע ווי פּראָווינצן, וואָסערע ס'איז פּאָליטישע אָדער נאַציאָנאַלע רעכטן. דער פרעמדער, — ווען אַפילו זײַן לאַנד איז געווען אונטערגעיאָכט אונטער די רוימער,— איז אין רוים געווען לחלוטין רעכטלאָז. ס'איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן באַנעם פון די רוימער, אַז פאַרן באַגריף „פרעמדער" און „שונא" האָט זייער שפּראַך געהאַט בלויז איין וואָרט: „האָסטיס". ס'איז אויך אַ לגמרי פאַלשע מיינונג, אַז דער רוי־מישער שטאַט האָט בלויז געהאַט אין זין די עקאָנאָמישע עקספּלואַטאַציע פון די אונ־טערגעיאָכטע פעלקער און אין אַנדערע אַספּעקטן האָט ער זיך לגבי די באַזיגטע פעלקער געלאָזט פירן פון קאָסמאָפּאָליטישע אידעען. האַנט־בײַ־האַנט מיט דער מי־ליטערישער און פּאָליטישער אונטעריאָכונג איז געגאַנגען די ראָמאַניזירונג פון די אונטערגעוואָרפענע געביטן, וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרן מיט אַן אומברחמנות־דיקער גראַדלייניקייט. בלויז לגבי די רעליגיעס האָבן די רוימער אַרויסגעוויזן אַ גע־וויסע ווייכהאַרציקייט, כל־זמן זיי זענען נישט געוואָרן סכנהדיק פאַר זייער אַלמעכ־טיקייט. מ'דאַרף אָבער דערבײַ קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז אין רוים איז אויך די רעליגיע געווען פולשטענדיק אונטערגעוואָרפן אונטער די אינטערעסן פונעם שטאַט. דעריבער טאַקע האָט דאָרט נישט עקזיסטירט קיין קירך, וועלכע זאָל קאָנען פיגו־רירן ווי דעם שטאַטס אַ קאָנקורענט. דער קולט איז געשטאַנען אונטער דער אויפ־

זיכט פונעם שטאַט; דער שטאַט האָט געהאַט די דעה איבער די רעליגיעזע ענינים, וואָס דאָס איז בולט אַרויסצוזען פון אָן אַ שיער דעקרעטן. די פּריסטער זענען גע־שטאַנען אונטער דעם שטאַטס השגחה; חוצדעם איז דאָס העכסטע פּריסטערטום געלעגן אין די הענט פון אָנפירנדיקע שטאַטסמענער און פונעם סענאַט.

פאַר אַזאַ וועלט־אימפּעריע ווי רוים האָט, אַגב, יעדער מין קולט געדאַרפט זיין גלייך אָננעמבאַר, כל־זמן ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אונטערן רשות פונעם שטאַט. האָט דאָך שוין אַלעקסאַנדער מוקדון אין דעם פּרט געגעבן אַ באַלערנענדיקן ביישפּיל דערמיט, וואָס ער האָט די טאָלעראַנץ צו פרעמדע רעליגיעזע סיסטעמען געמאַכט פאַר אַ מיטל פון זיין פּאָליטיק און דעם גאָט אַפּיס פון די עגיפּטער אָדער דעם גאָט פון די יידן אָפּגעגעבן דעמזעלביקן כבוד ווי צעאוסן פון די גריכן. „אַזאַ מין טאָלעראַנץ — באַמערקט מאָנטער — וועלכע איז פּאָקטיש געווען גלייכגילטיקייט, האָט זיך טאַקע באַלד פאַרוואַנדלט ביי די רוימער אין אַ מיטל פאַר זייער אָנהאַל־טנדיקן אימפּעריאַליזם, פאַר זייער פּאָליטיק צו דעראָבערן די וועלט". וויבאַלד אָבער אַ רעליגיע איז געוואָרן אַ מכשול פאַרן שטאַט אָדער גאָר געפערלעך, האָט טאַקע באַלד אויפגעהערט די טאָלעראַנץ און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די רדיפות. דאָס איז געווען דער פאַל מיט די ערשטע קריסטן, וועמעס לערע איז געווען געווענדט קעגן די יסודות פון דער אימפּעריע און וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָפּצוגעבן געטלעכן כבוד דער פּערזאָן פונעם קייזער. רעליגיעזע רדיפות אין רוים זענען תמיד אַרויסגע־קומען פון פּאָליטישע מאָטיוון.

אַגב האָט די רעליגיע פון די רוימער אָנצואווייזן אויף ווייניק אָריגינעלקייט. זיי האָבן ביי אַלערליי פעלקער גענומען עלעמענטן פונעם רעליגיעזן גלויבן און זיי פאַרמישט מיט זייער אייגענעם אופן דענקען. ס'איז שוין היינט כמעט נישט קיין ספק, אַז אַ גרויסער טייל פון זייער אַלטן קולט שטאַמט פון די עטרוסקער. דאָס איז באַזונדערס חל אויפן גלויבן אין שדים און רוחות און אויפן צערעמאָניאַל פון זייע־רע תפילות, אָן אויסגעסדרטן מיט אַלע פּרטים, וועלכער חזרט זיך איבער אין אַלע פאַזן פון זייער טעגלעכן לעבן. גאַנץ טרעפלעך באַמערקט דעריבער רעקלו:

„דער צערעמאָניאַל פון די געריכטן, פון די רעגירונגס־פּאַלאַצן, פון די טעמפּלען, פון די פּריוואַטע היימען, ביי וועלכן די רוימער האָבן זיך במשך פון הונדערטער יאָרן געהאַלטן כמעט אומפאַרענדערט, איז אויך געווען גענומען ביי די עטרוסקער. מ'מעג עס באַטראַכטן פון וועלכן קוקווינקל מ'וויל, מ'קאָן אָבער נישט לייקענען, אַז דאָס רוימישע פאָלק האָט זיך געשפּייזט מיט עטרוס־קישער סובסטאַנץ, פּונקט אַזוי ווי יענע אינזעקטן, וועלכע געפינען שוין זייער שפּייז פּיקס און פאַרטיק אינעם בלוט־קעמערל, וועלכעס מ'האָט פאַר זיי צוגעגרייט*).

מ'טאָר, אַגב, בשום אופן נישט אידענטיפיצירן די רעליגיע פון די רוימער מיט דער רעליגיע פון די העלענען, ווי מ'טוט עס אָפט. אַוודאי איז אין זייער קולט

*) עליזע רעקלו, דער מענטש און די ערד, צווייטער באַנד.

פאַראַן אָן אַ שיער פּרטים, וועלכע זענען גענומען ביי די גריכן; דאָס נעמלעכע איז אויך נוגע פאַר אַ געוויסער צאָל פון זייערע געטער. אָבער פון דעם דאַרף מען נישט אַרויסדרינגען קיין וועזנטלעכע קרובעשאַפט צווישן ביידע רעליגיעס. אַזאַ ניכטערן און אומפּאָעטיש פאָלק ווי די רוימער האָט בכלל נישט געהאַט קיין שום פאַרשטענדעניש פאַר די אויפגעלייגטע פאַסירונגען אויפן גריכישן אָלימפּ. דער פרייער אויפפיר פון די העלענישע געטער האָט נישט אַזוי לייכט געקאָנט האַרמאָנירן מיטן זין פאַר אָרדענונג פון די רוימער. פאַר די רוימער איז דער פּשט פון רעליגיע גייסטיקע התחייבות, ווי דאָס דרינגט־אַרויס פונעם שורש פונעם וואָרט. אָבער פאַרפּליכטונג איז געווען בפירוש פרעמד פאַר די העלענען; אין דעם זין זענען זיי קיינמאָל נישט געווען רעליגיעז. צעאוס איז ביי זיי געווען בלויז דער פאָטער פון די געטער, אָבער בכלל איז ער געווען באַלייגט מיט דיזעלביקע מעלות און חסרונות ווי אַלע אַנדערע געטער. דאַקעגן אָבער איז דער חשובער יופּיטער פון די רוימער ראשית־כל געווען דער באַשיצנדיקער גאָט פונעם קאַפּיטאָליום, דער באַשירעמדיקער גאָט פון דער רוימישער מלוכה.

דער פּאָליטעאיזם פון די גריכן איז געווען דער רעזולטאַט פון אַ פּאָעטישפאַרהייליקטער מיסטיק, אין וועלכער די פאַרשידענע נאַטור־כוחות האָבן זיך פאַרקערפּערט אין די איינצלנע גאָטהייטן. ביי די רוימער אָבער האָט זיך אין דער גאָטהייט אָפט פאַרקערפּערט נישט עפּעס אַנדערש ווי אַן אַבסטראַקטער פּרינציפּ מיט אַ פּראַקטישער פאַרווענדונג. אַזוי זענען ביי זיי געווען גאָטהייטן פון דער גרענעץ, פון אַחדות, פון וואוילשטאַנד, פון גניבה, פון מגיפה, פון פיבער, פון רו, פון דאגה א. אַ. וו., צו וועלכע דער מאַמין האָט זיך אין יעדן באַזונדערן פאַל געקאָנט ווענדן. דער זיצאָרט פון די געטער איז געווען איינגעאָרדנט פונקט אַזוי ווי דאָס איז געווען די רוימישע מלוכה; יעדע גאָטהייט האָט געהאַט איר באַזונדערן פּלאַץ, צו וועלכן קיין שום אַנדערע האָט נישט געהאַט קיין שייכות. אויך אין דער רעליגיע איז ביי די רוימער אַלעס געווען צוגעשניטן בהסכם מיטן פּראַקטישן און צוועקמעסיקן; דעריבער האָט זיך דער גאַנצער קולט זייערער אויסגעשעפּט מיט אַ טויטן ריטואַל, וועלכער איז געווען פונקט אַזוי שטייף ווי פּוסט. אַפילו די קולטן פון די עגיפּטער, סיריער, פּערסער און אַנדערע, וועלכע האָבן זיך איינגעבירגערט ביי די רוימער אין שפּעטערדיקע צייטן, האָבן זיך דערביי געמוזט צופּאַסן צום ספּעציפישן כאַראַקטער פונעם רוימישן שטאַט. דער געדאַנק וועגן דער פּאָליטישער איינהייט איז דאָך ביי די רוימער געשטאַנען אין פאָדערגרונט פון אַלע זייערע אויסרעכענונגען און האָט זיך ביי זיי פאַרוואַנדלט אין אַ שטייפן אַני־מאַמין, וועגן וועלכן מ׳טאָר זיך נישט פּילפּלען און אים נישט אויסטייטשן.

וואָלט געווען ריכטיק די באַהויפּטונג, אַז די נאַציאָנאַלע אָדער פּאָליטישע איינהייט איז אַן אומבאַדינגטער פאָרויסיקער תנאי פאַר דער אומגעצאַמטער אַנטוויקלונג פון אַ פאָלק, וואָלטן די רוימער געווען געמוזט ווייט שטעלן אין שאָטן מיט זייער שעפערישער קראַפט און קולטורעלער אַקטואַציע די אַנדערע פעלקער פון דער

געשיכטע, מחמת ביי קיין שום פאָלק איז דערדאָזיקער פּאָרויסיקער תנאי נישט גע־וועזן דורכגעפירט אין אַזאַ הויכער מאָס ווי ביי זיי. רוימס הערשאַפט האָט זיך אויס־געשפּרייט איבער אַ תקופה פון צוועלף יאָרהונדערטער; קיין שום אַנדערער וועלט־מאַכט איז נישט געווען באַשערט אַזאַ לאַנג לעבן. מ׳קאָן דעריבער אויך נישט זאָגן, אַז די רוימער האָבן נישט געהאַט גענוג צייט צו קאָנען אַנטוויקלען זייערע קולטור־רעלע פעאיקייטן. פונדעסטוועגן ווערט אַפילו דער פאַנאַטישסטער באַוואונדערער פון דער רוימישער שטאַטס־אידעע און פון דער „פּאָליטישער זשעניאַליטעט" פון די רוימער נישט וואַגן צו באַהויפּטן, אַז זיי זענען געווען אַ קולטור־שעפערייש פאָלק, וועלכעס מ׳וואָלט געקאָנט אַפילו אין דער פאַנטאַזיע פאַרגלייכן מיטן פּאָליטיש און נאַציאָנאַל לגמרי צעריסענעם העלענטום. דער בלויזער רעיון וועגן אַזאַ פאַרגלייך וואָלט געווען דאָסזעלביקע ווי הויכפאַרראַט לגבי דער קולטור בכלל. אַלע אָנגע־זעענסטע פּערזענלעכקייטן, ביי וועמען דער ווילן צו מאַכט האָט נישט פאַרנעפּלט די גייסטיקע וויזיע, זענען איינשטימיק צווישן זיך וועגן דעם, אַז אין תוך זענען די רוימער געווען אַ פאָלק אָן פאַנטאַזיע, אָריענטירט בלויז אויף דער פּאָליטיק און טאָקע אַדאַנק אָט־דער ריין פּאָליטישער אָריענטאַציע האָבן זיי לגמרי נישט געהאַט קיין פאַרשטענדעניש פאַרן טיפערן באַדייט פון דער קולטור. זייערע פאַקטישע קול־טור־אויפטוען האָבן געהאַט אַ קליינעם באַדייט; זיי האָבן אויך קיין שום געביט פון דער קולטור נישט אַרויסגעבראַכט גאָרנישט, וואָס זאָל זיך געווען האָבן אויסגע־צייכנט, זיי זענען תמיד געבליבן אַ פאָלק פון נאָכמאַכער. יעדנפאַלס האָבן זיי פאַר־שטאַנען זיך אָנצואייגענען די שעפערישע רעזולטאַטן פון אַנדערע און זיי צו עקס־פּלואַטירן פאַר זייערע באַזונדערע צוועקן, אָבער זיי האָבן זיי אין דערזעלבער צייט אויך אַריינגעשפּריצט טויטלעכע שפּראָצן, מחמת מ׳קאָן נישט אומבאַשטראָפט אַריינקוועטשן די קולטורעלע טעטיקייט אין פּאָליטישע פאָרמען.

יעדעס פאָלק באַזיצט געוויסע שעפערישע נטיות און פעאיקייטן און ס׳וואָלט געווען אומגערעכט אַזעלכע אָפּצוזאָגן די רוימער. אָבער אָט־די נאַטירלעכע נטיות ווערן באַווירקט פון די אויסערלעכע לעבנסבאַדינגונגען פון דער סאָציאַלער סביבה און אַריינגעשטויסן אין געוויסע ריכטונגען אָדער, בכדי צו רעדן מיט ניטשעס ווער־טער: יעדעס פאָלק — פּונקט ווי יעדער מענטש — האָט אין זיין רשות בלויז אַ געוויסן סכום שעפערישע כוחות און פעאיקייטן, און דאָס, וואָס ווערט פון אָט־דעם סכום אויסגעגעבן פאַר וועלט־הערשאַפט און מאַכט־פּאָליטישע שטרעבונגען, מוז איבערגעוואָלט אַראָפּגעצויגן ווערן פון דער קולטורעלער אַקטיוויטעט. דאָס איז דאָך דערזעלביקער געדאַנק, וועלכן העגעל האָט איינגעוויקלט אין אָט־די ווערטער: „דער רוימישער פּרינציפּ האָט זיך סומך געווען אינגאַנצן אויף דער הערשאַפט און אויף דער מיליטערישער געוואַלט. ער האָט נישט געהאַט אין זיך אַלס צוועק קיין שום גייסטיקן צענטער, פאַר דער באַשעפטיקונג און גענוס פונעם גייסט". די שטייפע איינהייט פון די רוימער איז נישט געווען מסוגל צו אינספּירירן די קולטורעלע פעאיקייטן פון די רוימער; אַדרבא, — זייער גאַנצע צוועלף יאָרהונדערטדיקע געשיכ־

טע האָט געבראַכט דעם בפירושן באַווייז, אַז נאַציאָנאַל־פּאָליטישע איינהייט איז איין זאַך און קולטור־שעפערישע אַקטואַציע — אַן אַנדערע.

די רוימער האָבן זייערע נאַטירלעכע נטיות אַריינגעקוועטשט אינעם סדום־בעטל פון דער פּאָליטישער איינהייט און זיי דאָרט פאַרפּייניקט צום טויט; יעדער שעפע־רישער געדאַנק האָט זיך אָנגעשטויסן מיט זיינע פליגל אין די שטייפע ראַמען פון זייער מיליטערישער און ביוראָקראַטישער מאַשין און איז אַזוי אַרום געליימט גע־וואָרן. דעם שטאַט האָבן זיי פאַרוואַנדלט אין דער ערדישער השגחה, וועלכע פירט אָן מיט אַלץ און אַלעמען, באַשטימט און אַנטשיידט אַלץ און זיי האָבן אַזוי אַרום דערשטיקט אין סאַמע וואָרצל יעדן דראַנג צו זעלבסטשטענדיקער טעטיקייט און צו דער אייגענער דערקענטעניש פון די זאַכן. פאַר אָט־דעם מאָלאָך האָבן זיי אויפגע־בראַכט אַלס קרבן די גאַנצע וועלט און זיך אַליין אויך. וואָס שטאַרקער און מעכ־טיקער דער רוימישער שטאַט איז מיטן גאַנג פון די דורות געוואָרן, אַלץ מער האָט דער מענטש פאַרלוירן פון זיין גייסטיקער השיבות און סאָציאַלן באַדייט; אַלץ מער איז איינגעשרומפּן געוואָרן דאָס געפיל פאַר זיין פּערזענלעכקייט און צוזאַמען מיט אים דער אימפּולס פאַר קולטורעלער שעפערישקייט, וועלכע קאָן נישט פאַרטראָגן קיין געוואַלט איבער זיך.

צום בעסטן זעט מען דאָס אַרויס פון דער קונסט פון די רוימער, וועלכע שטעלט מיט זיך פאַר ביי יעדן פאָלק די קרוין פון זיין קולטורעלער שעפערישקייט. ביז צו דער פולשטענדיקער אונטעריאָכונג פון אַלע לענדער אַרום מיטללענדישן ים קאָן מען בכלל נישט רעדן וועגן קיין רוימישער קונסט. אַלעס, וואָס איז ביז דע־מאָלט אויפגעטאָן געוואָרן אין רוים אויפן געביט פון דער פּלאַסטישער קונסט, איז געווען אָדער פון עטרוסקישן אָדער פון גריכישן אָפּשטאַם. בעת די השפעה פון די עטרוסקער האָט זיך שוין אינעם גאָר אַלטן רוים געלאָזט שטאַרק באַמערקן, איז שפּע־טער געקומען פון די גריכישע ישובים פון דרום פון דער האַלבאינדזל יענע אַנדערע שטרעמונג, וועלכע האָט די איטאַליענער צום ערשטן מאָל געשטעלט אין נענטערן באַריר מיט דער קונסט פון די העלענען. דורך דער דעראָבערונג פון גריכנלאַנד נאָכן צווייטן פונישן קריג און נאָך דער איבערגעוואַלטיקער אַריינצווינגונג פון אָט־דעם לאַנד אין דער רוימישער אימפּעריע איז פאָרגעקומען יענע אוממיטלבאַרע פאַרבינ־דונג, וועלכע איז טאַקע געווען דאָס אומגליק פאַר די העלענען פון דער שפּעטערדי־קער צייט, אָבער אין רוים האָבן זיך אַדאַנק דעם אָנגעהויבן אויסגעשטאַלטיקן די ערשטע התחלות פון אַ העכערער קולטור. די רוימישע אַרמיי־פירער האָבן באַרויבט די גריכישע שטעט פון זייערע הערלעכסטע ווערטפולע קעגנשטאַנדן און אַלעס, וואָס מ׳האָט נאָר געקאָנט אַריבערפירן, האָבן זיי אַוועקגעשלעפּט קיין רוים. וועגן דעם פאַנטאַסטישן שלל פון די גרויבטע קונסט־אוצרות איז אונדז שווער זיך צו מאַכן אַ ריכטיקן באַגריף, אָבער אונדזער בליק איז כסדר אָנגעשטעלט מיט שטומער אַכפּע־רונג אויפן קליינעם גריכנלאַנד, וועמעס שעפערישער זשעניע האָט אַרויסגעבראַכט אָט־די אַלע ווערק. אַזוי גיט־איבער טען אין זיין „פילאָזאָפיע פון דער קונסט״:

„ווען רוים האָט שפּעטער אויסגעפּלינדערט די גריכישע וועלט, האָט די אומגעהויערע שטאָט געהאַט אַזאַ סכום סטאַטועס, וועלכער איז געווען כמעט אַזוי גרויס ווי איר באַפעלקערונג. מ׳שאַצט היינט די צאָל פון די סטאַטועס, וועלכע זענען נאָך געפונען געוואָרן אין רוים און אין איר אומגעגנט, נאָך אַזויפיל צעשטערונגען און נאָך אַזויפיל יאָרהונדערטער, אין מער ווי זעכציק טויזנט".

אָבער די רוימער האָבן פאַר אָט־דער קונסט נישט געהאַט קיין שום אינערלעך פאַרשטענדעניש. זיי האָבן באַצירט זייערע הייזער און שטעט מיט גריכישע קונסט־ווערק, פונקט ווי בערך היינט קויפן אויפגעקומענע אַמעריקאַנער גבירים רעמבראַנדטס און וואַן דיקס בילדער, ווייל זיי מיינען, אַז צוליב זייער איצטיקן שטאַנד דאַרפן זיי דאָס טאָן. זיי זענען קיינמאָל נישט דורכגעדרונגען געוואָרן מיטן טיפערן זין פון דער גריכישער קונסט. און פון וואַנען האָט צו זיי געקאָנט האָבן געקומען אַזאַ פאַרשטענדעניש?

„דער פריילעכער לעבנסגענוס פון די מזרחדיקע אַריער, די פרייד פון די העלענען אין דער נאַקעטקייט, אין דער שיינקייט פון דער מענטשלעכער נאַטור איז פאַר די רוימער פון אַלטן שניט געווען לגמרי פרעמד. ער ווייסט נישט וואָס דאָס איז אַזוינס פראַכטפולער יום־טוב־שפּיל, ער באַערט נישט קיין פּאָעטן און שרייבער און דערגייט אַזוי ווייט אין זיין צניעות, אַז ער פאַרוווערט דעם איידעם זיך צו באָדן צוזאַמען מיט זיין שווער. דאָס, וואָס כאַראַקטעריזירט דעם רוימער, איז זיין שטייפקייט, זיין מעטאָד. ער וויל, אַז זיין הויז און זיין שטאָט זאָלן זיין אין אָרדענונג. זיין פאַמיליען־לעבן איז שטרענג רעגולירט און דעריבער שטרענג־ניכטער, טרוקן. זיינע טעכטער רופט ער אָן „פינפטע" און „זעקסטע" און ער ברענגט־אום זיין זון, ווען ער איז אומגעהאָרכיק. אין היפּוך צום רוב אַריער שטעלט ער זיך אויסערגעוויינלעך שטאַרק אָפּ אויפן אויסערלעכן אַספּעקט, אויפן חשובן אויסזען. גראַוויטעט, דיגניטעט, אָנשטענדיקייט — דאָס זענען זיינע ליבלינגס־אויסדרוקן, ווערטער, וועלכע קלינגען אין מויל פונעם לייכטזיניקן און אומווירדיקן ציצעראָ טאָפּלט אויפפאַלנדיק"*).

בײַ אַזאַ מין לעבנס־באַנעם איז נישטאָ זיך וואָס צו חידושן, ווען די אַזויגערופענע „אמתע רוימער" האָבן זיך באַצויגן בפירוש מיט ווידערווילן און אַפילו פיינטלעך צו דער אַריינדרינגונג פונעם גריכישן לעבנסשטייגער. בײַ אייניקע פון זיי האָט דידאָזיקע קעגנערשאַפט אָנגענומען אויסטערלישע פאָרמען. אַזוי האָט דער עלטערער קאַטאָ געוואָרנט זיין זון פאַר די גריכישע דאָקטוירים און אויסגעפירט, אַז די גריכן זאָלן האָבן פאַרטראַכט אַ פאַרשווערונג קעגן די רוימער, בײַ וואָס ס׳איז די דאָקטוירים אָנגעזאָגט געוואָרן צו פאַרסמען אַלע רוימישע בירגער מיט זייערע מעדיקאַמענטן**).

דערזעלביקער קאַטאָ האָט דערקלערט סאָקראַטעסן ווי אַ פלאַפּלערישן און בונ־

*) Albrecht Wirth, Volkstum und Weltmacht. S. 40.

*) נישטאָ קיין נייעס אונטער דער זון. היינט טענהט יוליוס שטרייכער, היטלערס בוזעמפריינט, בײַ וועמען דער אַנטיסעמיטיזם האָט אָנגענומען אַזעלכע פּאַטאָלאָגישע פאָרמען, אַז די יידישע דאָקטוירים האָבן געזאָלט געפּלאַנט אַ פאַרשווערונג, בכדי צו פאַרסמען דאָס דייטשע פאָלק.

טאַרישן אַגיטאַטאָר, וועלכער האָט זיך גוט פאַרדינט זיין גורל. ער האָט אויך נביאות געזאָגט, אַז אויב רוים וועט זיך לגמרי דורכדרינגען מיט דער גריכישער פילאָזאָפיע, וועט זי פאַרלירן די ממשלה איבער דער וועלט. אָט־דער האַרטהויטיקער שקלאַפן־שינדער און האַרצלאָזער פּראַצענטניק האָט אינסטינקטיוו פאַרויסגעפילט, אַז קולטור און וועלט־הערשאַפט זענען אומפאַראייניקבאַרע קעגנזאַצן, פון וועלכע די ערשטע קאָן זיך האַלטן נאָר אויפן חשבון פון דער צווייטער.

ווי שטאַרק שטומפּיק און טעמפּ די רוימער האָבן זיך ביז צום צווייטן פּונישן קריג באַצויגן צו יעדן העכערן באַגריף פון קולטור, באַווייזט די אַכזריותדיקע און טאָקע אוממענטשלעכע צעשטערונג פון קאָרינט, גריכנלאַנדס הערלעכסטער שטאָט, דורכן רוימישן אַרמיי־פירער לוציוס מומיוס. נישט צופרידן דערמיט, וואָס ער האָט די גאַנצע קאָמפּספעאיקע באַפעלקערונג אומבררחמנותדיק אויסגעשאָכטן, פרויען און קינדער פאַרקויפט אין קנעכטשאַפט און די שטאָט איבערגעענטפערט צו דער אויס־פּלינדערונג פון אַ רויער זעלדאַטשינע, האָט מען זי נאָך דערצו אונטערגעצונדן און נישט איבערגעלאָזט אַ שטיין אויף אַ שטיין. אַ קורצע צייט פאַר דעם דעם האָט מען געהאַט אויסגעשטעלט צום זעלביקן גורל קאַרטאַגאָ, וועלכע איז במשך פון זיבעציק טעג געווען אַ קרבן פון די פלאַמען און איבער וועמעס פאַרוויסטן באָדן מ׳האָט אַריבערגעפירט דאָס אַקעראייזן ווי סימן פון רוימישער אומבררחמנותדיקייט.

אָבער פונדעסטוועגן האָט זיך רוים דאָך נישט געקאָנט אויסהיטן פונעם איינפלוס פון דער העלענישער קולטור, און אַלע וואָרענונגען קאַטאָס און זיינע פריינטס זענען אַוועק ווי מיטן ווינט. רוימישע אַרמייען האָבן געקאָנט מיליטעריש צעברעכן גריכנלאַנד ביז אַראָפּ און פאַרוואַנדלען העלאַס אין אַ רוימישע פּראָווינץ, אָבער פונדעסטוועגן האָבן זיי נישט געקאָנט אַוועקשטעלן קיין דאַמבע קעגן דער אַריינדרינגונג פון דער העלענישער קולטור אין רוים גופא. דער רוימישער דיכטער האָראַץ האָט אָט־דעם פאַקט אויסגעדריקט אין פאָלגנדיקע ווערטער:

> העלאַס, אַ באַצוואונגענע, האָט גובר געווען דעם אין בילדונג נצרחדיקן זיגער,
> אַריינברענגענדיק אין לאַטיומס פּוסטע פעלדער באַזאָנפטיקנדיקע קונסט.
> אַזוי אַרום איז אַוועקגעקומען דער רויער סאַטורנישער פערז און פיינער געשמאַק
> האָט פאַרטריבן מגושמדיקס און דערווידערדיקס; אָבער לאַנג נאָך האָבן אָנגעהאַלטן
> די שפּורן פון אונזער פריערדיקער האַרבקייט און זיי זענען נישט פאַר־שוואונדן אינגאַנצן,
> ווייל שפּעט ערשט האָט דער רוימער אָנגעשטעלט זיין גייסט אויף גריכישע שריפטן,
> און אויסגערוט פון די פּונישע מלחמות, האָט ער אָנגעהויבן צו פאָרשן,
> וואָס אַזעלכעס ס׳לאָזט זיך אויסנוצן פון סאָפאָקלעס, טעספּיס און עסכילאָס,
> און דערנאָך האָט ער געפּרואווט דאָס אַלעס ווירדיק צו באַקליידן אין לאַטיומס לשון.

ניין, רוים האָט זיך נישט געקאָנט אויסהיטן פון אָט־דער פרידלעכער אינוואַזיע פון אַ העכערער קולטור, וועלכע איז פאַרן „רוימישן גייסט" געוואָרן געפערלע־

כער ווי האַניבאַל און די אַנפאַלן פון די באַרבאַרן. דער אין רוים אויפקומענדיקער פאַנהעלעניזם האָט גאָר אינגיכן אָפּגעשטופּט אין אַ זייט די נעבעכדיקע אָנהייבן פון דער פּרימיטיווער רוימישער פּאָעזיע. גאַנצע מחנות גריכישע בוי־מייסטער, מאָלער, סקולפּטאָרן, גאָלדשמידן, בראָנדזגיסער, שניצער פון העלפאַנטביין א. אַ. וו. האָבן געאַרבעט אין די פּאַלאַצן פון דער רוימישער אַריסטאָקראַטיע, צווישן זיי אַסך קנעכט, וועלכע מ׳האָט איבערגעוואָלט פאַרשלעפּט קיין רוים. צווישן זיי איז געווען אַ גרויסע צאָל, וועלכע האָבן געהאַט מיט זיך די גאַנצע עשירות פון דער העלענישער קולטור און זיי זענען קענטיק געווען באַרופן איבערצוגעבן זייערע האַרן אַ העכערע גייסטיקע קולטור. פונדעסטוועגן זענען די רוימער, אין זייער ווידמונג צו דער קונסט, קיינמאָל נישט אַרויסגעוואַקסן העכער פון קנעכטישער נאָכמאַכונג פון פרעמדע מוס־טערן. און ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די גאַנצע רוימישע געשיכטע, אַ געשיכטע פון מער ווי 1.200 יאָר, האָט נישט צו פאַרצייכענען אַפילו קיין האַלב טוץ באמת גרויסע, פון אייגענע אידעען אינספּירירטע קינסטלער, בעת יעדע גריכישע שטאָט — מיטן אויסנאַם פון ספּאַרטאַ — קאָן אָנווייזן אויף אַ גרויסער צאָל פון זיי.

אויך די קונסט פון דער אַזוי גערופענער „גאָלדענער תקופה" האָט ווייניק־וואָס אויפצואווייזן, וועלכעס מ׳וואָלט געקאָנט באַצייכענען ווי באמת רוימישע קונסט. יוזעף שטשיגאָווסקי האָט אויף אַן איבערצייגנדיקן אופן באַוויזן, אַז די רוימישע קונסט אין דער צייט פון דער קייזערלעכער אימפּעריע איז אינדערעמתן געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי די לעצטע פאַזע פונעם דעקאַדענטישן העלעניזם, וועמעס דעמאָלט־דיקע צענטערס האָבן זיך געפונען אין פּאָדעראַזיע, סיריע און עגיפּטן. צו יענער צייט האָבן זיך אינעם העלעניזם געלאָזט מערקן שטאַרקע מזרחדיקע השפּעות, וועלכע האָבן ביסלעכווייז דערפירט צו דער אויסגעשטאַלטיקונג פון דער אַזויגערופענער ביזאַנטי־שער קונסט, וועלכע איז לויט איר תוך נישט רוימיש*). בלויז אין דער אַרכיטעקטור האָבן די רוימער אַרויסגעבראַכט אַ נייעם מין סטיל. פונדעסטוועגן דאַרף מען אויך דאָ נישט פאַרגעסן, אַז דער רוב פּרעכטיקע בנינים זענען אין דער צייט פון דער צע־זאַרישער אימפּעריע אויפגעבויט געוואָרן פון פרעמדע בוימייסטער. לכתחילה האָבן די רוימער איבערגענומען די בוי־קונסט ביי די עטרוסקער, וואָס דאָס איז בולט אַרויסצוזען פון דער כאַראַקטעריסטישער פאָרעם פון זייערע עלטערע טעמפּלען. שפּע־טער, ווען ס׳האָט זיך אין רוים אָנגעהויבן מערקן אַלץ שטאַרקער דער איינפלוס פון דער שפּעט־העלענישער קולטור, האָט דער גריכישער גייסט זיך אָנגעהויבן באַווייזן בולטער אויך אין דער אַרכיטעקטור, הגם דער עטרוסקישער טאָן איז נאָך במשך פון אַ לאַנגער צייט געווען גוט אָנזעעוודיק. פון די עטרוסקער האָבן די רוימער אויך אי־בערגענומען די קונסט פונעם בויגן־ און געוועלב־פאָרמיקן סטיל אין דער אַרכיטעק־טור, וועלכע זיי האָבן מיטגעבראַכט פון מזרח. נאָר אַדאַנק דער פּראַקטישער פאַר־ווענדונג און ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון אָט־דער קונסט זענען זיי שפּעטער גע־

*) Josef Strzygowski, Orient oder Rom? 1901.

ווען אין דער לאַגע אויפצושטעלן יענע עפּנטלעכע בנינים, וועלכע רופן נאָך היינט אַרויס אונדזער דערשטוינונג. די קונסט פונעם געוועלב־פּאַרמיקן סטיל האָט דעמאָלט אין איר ווייטערדיקער אַנטוויקלונג דערפירט צום קופּאָל־סטיל, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר אַ נייעם פּרינציפּ אין דער בוי־קונסט. די פּראַכטפולע ווירקונג פון אָט־דעם סטיל קומט אַמטרעפלעכסטן צום אויסדרוק אינעם רוימישן פּאַנטעאָן, וועמעס אָוועקשטעל מ׳שרייבט־צו צו אַפּאָלאָ פון דמשק.

אַז אין דער מאָלעריי זענען די רוימער נישט דערגאַנגען ווייטער ווי צו מיטל־מעסיקע שאַפונגען, איז דאָך באַקאַנט פאַר יעדן. פאַר דער מוזיק האָבן זיי קיינ־מאָל נישט געהאַט קיין טיפער פאַרשטענדעניש. נאָך אין יאָר 115 פאַר דער קריסט־לעכער צייטרעכענונג האָבן די אַלטרוימישע פּאַטריאָטן אין סענאַט דורכגעפירט אַ פאַרבאָט קעגן אַלערליי מוזיקאַלישע אינסטרומענטן. בלויז די פּרימיטיווע איטאַליע־נישע פלייט האָט געפונען חן און חסד אין זייערע אויגן. יעדנפאַלס האָט דערדאָזיקער פאַרבאָט נישט געקאָנט זיין גילטיק אויף אייביק. מיטן אַריינדרינגען פונעם העלע־ניזם איז ער פאַרשוואונדן, אָבער די מוזיק איז אויך שפּעטער אייננגעשטאַנען אויס־שליסלעך אין די הענט פון גריכישע קנעכט. און ס׳איז טאַקע כאַראַקטעריסטיש, אַז אויפן געביט פון דער פּלאַסטיק איז עס ביי די רוימער כמעט לגמרי נישט געגאַנגען און הגם זיי האָבן באַצירט זייערע שטעט מיט די גערויבטע פּראַכטן פון גריכנלאַנד, האָבן זיי די סקולפּטור־קונסט אויך אויף ווייטער איבערגעלאָזט אין די הענט פון הע־לענישע קינסטלער, וועלכע מ׳פלעגט ברענגען קיין רוים ווי קנעכט. אַזוי אַרום האָט זיך אין רוים אַנטוויקלט די ניי־אַטטישע שול, וועלכע האָט אַרויסגעבראַכט באַדיי־טנדיקע שאַפונגען. אַלע וועלט־באַרימטע ווערק פון יענער תקופה, די קאַריאַטידן פונעם פּאַנטעאָן, דער באַרדזשעסישער פעכטער, די ווענוס פון מעדיטשיס, דער פאַרנע־זישער הערקולעס א. א. וו. זענען געשאַפן געוואָרן פון גריכן. מיר ווייסן טאַקע נישט, ווער ס׳איז געווען דער באַשאַפער פונעם אַפּאָלאָ פון בעלוועדערע, ס׳איז אָבער אָן יעדן ספק, אַז ער איז געווען אַ גריך; די אומגעלומפּערטע פּרוואוון פון די רוימער אין דער פּלאַסטיק דערלאָזן נישט צו קיין אַנדערן אויספיר.

קיין שום פאָלק איז נישט לחלוטין אָריגינעל אין זיינע קינסטלערישע שאַפונ־גען. אויך די גריכן זענען אָנגערעגט און אינספּירירט געוואָרן פון אַנדערע קולטורן, אָבער זיי האָבן אויסגעאַרבעט דאָס פרעמדע אויף זייער שטייגער, אַז ס׳איז געוואָרן אַ שטיק פון זייער אייגן דענקען און פילן. דאָס איז טאַקע די סיבה, וואָס ביים באַ־טראַכטן גריכישע קונסטווערק, ווען וועלכע מיר ווייסן, אַז זיי זענען געשאַפן גע־וואָרן אונטער פרעמדער השפּעה, פילן מיר לגמרי נישט אַרויס דאָס פרעמדע און מיר קאָנען אַפילו נישט באַמערקן דעם מינדסטן שטער אין דער אינערלעכער געשלאָסנ־קייט פונעם ווערק. מ׳פילט ביי די גריכן קיינמאָל נישט די נאָכמאַכונג פון פרעמדע שטאַפן; אַלעס איז אינערלעך דורכגעלעבט און דורכגעפילט. ביי די רוימער קאָן מען אין רוב פאַלן די נאָכמאַכונג אָנטאַפּן מיט די פינגער. דאָס קאָן נישט פאַרענטפערט ווערן בלויז מיטן מאַנגל אין טעכנישער קענטעניש; עס באַווייזט גיכער, ווי שטאַרק

ס׳האָט די רוימישע קינסטלער געפעלט אינערלעכע פאַרשטענדעניש פאַרן אָנבליק פונעם פרעמדן מוסטער. אַפילו אין דער בליאונגס־צייט פון דער רוימישער קולטור האָט זיך דער געבילדעטער רוימער קיינמאָל נישט צוגערוקט נענטער צום מהות פון דער גריכישער קונסט און מיטן גאַנצן רעכט באַמערקט פרידלענדער אין זיין „זיט־טענגעשיכטע ראָמס״:

„אַז פאַקטיש, נישט געקוקט אויף רוימס גאַנצער אַלטער און נייער קונסט־פּראַכט, האָט די פּלאַסטישע קונסט קיינמאָל נישט געהאַט קיין איינ־פלוס אויפן געזאַמל פון דער רוימישער באַפעלקערונג, ברענגט אונדז די רוי־מישע ליטעראַטור באַטראַכט אַלס גאַנצע אַן איבערצייגנדיקן און אומאָפּפרעג־באַרן באַווייז. פון אַזאַ גרויסער צאָל דיכטער און שריפטשטעלער פון די פאַר־שידענע פּעריאָדן, וועלכע זענען על־פּי־רוב געשטאַנען אויף דער הויך פון דער קולטור פון זייער צייט און דאַרפן פאַר אונדז גילטן ווי פולבאַרעכטיקטע פאַר־טרעטער אירע, ווייזט אפשר איינער אַרויס אינטערעס און פאַרשטענדעניש פאַר דער פּלאַסטישער קונסט. אין דערדאָזיקער אַזוי פאַרשידנאַרטיקער ליטע־ראַטור, וועלכע נעמט־אַרום אַ פּעריאָד פון הונדערטער יאָרן, וועלכע איז נוגע אַלע ריכטונגען און אינטערעסן, וועלכע גיט זיך אָפּ אין די ערשטע נאָכקריסט־לעכע יאָרהונדערטער (ד. ה. אין פּעריאָד פון דער קייזערלעכער אימפּעריע פאַר דער הערשאַפט פונעם קריסטנטום) גאַנץ באַזונדערס מיט דער באַטראַכ־טונג פון דער קעגנוואַרט און דערמאָנט אויך אָפט לויבנדיק אָדער קריטיקירנ־דיק די גייסטיקע צושטאַנדן, געפינט זיך נישט אַפילו קיין סימן פון פאַרשטענ־דעניש פאַרן אמתן מהות פון דער קונסט און קיין שום אויסדרוק פון אַן אמתער התלהבות פאַר דער הערלעכקייט פון אירע ווערק. און אויב עס ווערט ערגעצ־וואו וועגן איר גערעדט, פאַסירט עס אָדער מיט אומפאַרשטענדעניש אָדער יעדנפאַלס אָן אינטערעס און אָן וואַרעמקייט. ווי גרויס ס׳זאָל געווען זיין די צאָל פון איינצלנע רוימער, וועלכע האָבן באַוויזן אַריינצודרינגען אינעם וועזן פון דער גריכישער קונסט, אָבער דער רוימישער קולטור אין גרויסן און גאַנצן איז זי שטענדיק געבליבן פרעמד און ווייט״.

דידאָזיקע גרינגשעצונג פון דער קונסט, וועלכע האָט זיך ביי קאַטאָן און ביי דער אַלטרוימישער פּאַרטיי פאַרוואַנדלט אין בפירושער פאַראַכטונג, קאָן מען גע־פינען אומעטום. ציצעראָס שריפטן זענען אָנגעשפּיקעוועט מיט פאַראַכטלעכע באַ־מערקונגען וועגן קונסט און קינסטלער. די געוואַלדיקע אַנטוויקלונג פון קנעכטשאַפט אין רוים האָט נאַטירלעכערווייז געפירט צו פולשטענדיקער פאַראַכטונג פון דער אַרבעט, צו וועלכער דער פּראַזאַאישער רוימער האָט אויך צוגערעכנט די קונסט. אַגב פּלוטאַרכס אַ באַקאַנט וואָרט איז אין דעם פּרט דורכויס כאַראַקטעריסטיש. אַגב איז דערדאָזיקער מכלומרשטער דערציער פונעם קייזער אַדריאַן געווען אַ געבוירע־נער גריך, אין וועמעס ווערק עס איז אָבער פונדעסטוועגן געקומען אָפט איבעראַשנ־דיק־קלאָר צום אויסדרוק דער רוימישער שטייגער פון דענקען:

„קיין שום אָנשטענדיקער יונגער מענטש, וועלכער באַטראַכט דעם צעאוס אין פּיסאַ אָדער די הערא אין אַרגאָס, וועט פונדעסטוועגן צוליב דעם נישט וועלן זיין אַ פידיאַס אָדער אַן אַפּעלעס, ווייל ווען אַפילו אַ ווערק איז אונדז אָנגענעם און וואוילגעפעליק, הייסט דאָס נאָך בשום אופן נישט, אַז דער באַ־שאַפער זיינער פאַרדינט זיך, אַז מיר זאָלן אים מקנא זיין אָדער אים וועלן נאָכטאָן״.

דיזעלביקע דערשיינונגען זענען אויך באַמערקבאַר אין דער ליטעראַטור פון די רוימער. נישט געקוקט אויף איר פּילזייטיקייט, איז זי אָבער פונדעסטוועגן געבליבן אַ ליטעראַטור פון די נאָכמאַכונגען. אומזיסט זוכט מען אַ סאָפאָקלעס, אַן עסכילאָס, אַן אַריסטאָפאַנעס; נישט רעדנדיק וועגן אייניקע אויסנאַמען, אָטעמט אַלעס מיטן גייסט פון דער פלאַכסטער מיטלמעסיקייט. בכלל איז די ליטעראַטור פון רוים תמיד געווען בלויז אַ לוקסוס־אַרטיקל פאַר פּריווילעגירטע מינדערהייטן, וועלכע האָט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרוואָרצלען צווישן פאָלק. אויך די אַזויגערופענע „גאָלדענע תקופה" (פון יאָר 80 ביז 20 פאַר קריסטוסן) איז דאָ נישט קיין יוצא מן הכלל. אין אַטען איז די אויפפירונג פון סאָפאָקלעסעס אָדער אַריסטאָפאַנעסעס אַ פּיעסע געווען אַ געשעעניש, וועלכע האָט אויפגערודערט די גאַנצע באַפעלקערונג; אין רוים האָט מען פאַר אַזעלכע ענינים לחלוטין נישט געהאַט קיין פאַרשטענדעניש און האָרעץ קלאָגט ביטער אויף דעם, אַז דאָס פאָלק פאַרוויילט זיך בעסער ביי די קונצן פון די שטריק־טענצער און מאַרק־לייצים ווי זיך צו בילדן און אויסאיידעלן ביי דער אויפפירונג פון אַ דראַמע. פּונקט ווי אַלעס אין רוים, אַזוי האָט אויך די ליטעראַטור קודם־כל געדינט פאַר די צוועקן פון דער מלוכה. דער עלטערער קאַטאָ האָט דאָס אָפן אַרויסגעזאָגט און זיין גאַנצע אַקטואַציע קאָנצענטרירט אויף דעם. אין דער צייט פון דער רעפּובליק איז נאָך די ליטעראַטור ווייניק געקומען צום אויסדרוק; אונטערן צעזאַריזם איז זי געשטאַנען אין דינסט פונעם הויף. קיין שום אַנדערע ליטעראַטור אַנטהאַלט טאַקע אויך נישט אַזוי פיל דערווידערלעכע חניפה כלפּי די גדולים פון דער ערד ווי די רוימישע. אין קיין שום אַנדערער ליטעראַטור ווייזט זיך נישט אַרויס אַזוי אָפן און אַזוי אומפאַרשעמט דער גייסט פון קנעכטישקייט און קריכערישקייט ווי אין דער רוימישער. ס'איז קיינמאָל נישט געווען אַ צייט, ווען דיכטער און קינסטלער זאָלן זיך געווען אַזוי טיף וואַלגערן אין שטויב ווי דווקא אין דער „גאָלדענער תקופה".

אַן אמתע ליטעראַטור איז אין רוים געשאַפן געוואָרן ערשט דורך גריכישן איינפלוס, וואָס צוליב דעם האָט מען טאַקע מיט רעכט באַצייכנט די רוימישע ליטעראַטור ווי אַן אָפּגלאַנץ פונעם אָפּשטאַרבנדיקן העלעניזם. דאָס, וואָס האָט פריער עקזיסטירט אין רוים ווי ליטעראַטור, פאַרדינט קוים דעם נאָמען. דאָס איז ראשית־כל חל אויף די סאַטורנישע פערזן, געמלאכהטע פאַראַדנע שירים מיט פוסטן אינהאַלט און האַרטע ווי די קלעצער. וועגן אַן עפּאָס, אַזעלכן ווי דער רוב פעלקער באַזיצן, האָבן די רוימער לגמרי נישט געוואוסט. צווישן רוימס לעגענדאַרישער געשיכטע און דער רוימישער ליטעראַטור איז נישט פאַראַן קיין שום שייכות. דער פּרוּוו צו שאַפן אַן עפּאָס איז געמאַכט געוואָרן ערשט אין דער צייט פון דער אימפּעריע, בכדי צו באַפרידיקן די גייציקייט נאָך כבוד פון די צעזאַרן. ס'האָבן עקזיסטירט די פעסצענינען, מימישע חתונה־זמירות, וועלכע פלעגן רעציטירט ווערן אימפּראָוויזירטערהייט, און דערנאָך די אַטעלאַנען, אַזוי אָנגערופן לויט דער אָסקישער שטאָט אַטעלאַ, אין וועלכע ס'איז געווען צו מערקן אַ שטאַרקער גריכישער איינפלוס. אָבער אָט־די ערש־

טע התחלות פון אַ פּרימיטיווער ליטעראַטור זענען פולשטענדיק פאַרשוואונדן פון דער אַרענע, ווען דער העלעניזם האָט זיך אין רוים דורכגעבראָכן אַ וועג און גריכישע קולטור איז געוואָרן די לאַזונג פון די פּריווילעגירטע קאַסטן.

די ערשטע פּאָעטן, וועלכע ווערן בכלל באַטראַכט ווי די באַגרינדער פון דער רוימי־שער ליטעראַטור, זענען געווען ליוויוס אַנדראָניקוס, גנעוס נעוויוס און קינטוס ענניוס, דריי געבוירענע גריכן, דער ערשטער פון זיי אַ באַפרייטער קנעכט, וועלכער האָט איי־בערגעזעצט האָמערן אין לאַטייניש. ס'איז אַ מאָדנע דערשיינונג, אַז אַ פאָלק, וועל־כעס האָט אין דער געשיכטע געשפּילט אַזאַ לאַנגע און וועלט־באַהערשנדיקע ראָל, האָט צו פאַרדאַנקען דעם אָנהויב פון זיין ליטעראַטור צו פרעמדע. אויך די אוממיטל־באַרע נאָכגייער פון יענע דריי, פּלאַוטוס און טערענטיוס, זענען געווען אינגאַנצן דורכגעדרונגען פון העלענישן גייסט און זיי האָבן אין זייערע ווערק בעיקר געגעבן באַאַרבעטונגען פון גריכישע מוסטערן. אַגב איז טערענטיוס געווען פון קאַרטאַגאָ און ער איז פאַרשלעפּט געוואָרן ווי אַ קנעכט קיין רוים, וואו ער איז שפּעטער באַ־פרייט געוואָרן פון זיינע הארן ווי אַן אָנערקענונג פאַר זיינע פאַרדינסטן.

אָבער די אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן פון דער דראַמאַטישער קונסט זענען אין רוים נישט געווען דיזעלביקע ווי אין גריכנלאַנד, און באַזונדערס אין אַטען. אין העלאַס האָט זיך די דראַמע געקאָנט אַנטוויקלען צו אַזאַ הויכער מדרגה נאָר דערפאַר, וואָס איר נאַטירלעכע אַנטוויקלונג איז נישט געשטערט געוואָרן דורך קיין שום אויי־סערלעכע שטרויכלונגען. יעדע קונסט מוז האָבן די מעגלעך־גרעסטע פרייהייט, בכדי זיך צו קאָנען אויסלעבן אין איר גאַנצער גרויסקייט, און די דראַמאַטישע קונסט מער ווי וועלכע־ס'איז אַנדערע. אַזאַ פרייהייט האָט אָבער אין רוים קיינמאָל נישט עקזיס־טירט. אין אַטען איז צווישן דעם טעאַטער און דעם עפנטלעכן לעבן פונעם ציבור געווען אַ נאָענט־אינטימע באַציאונג און אַפילו אַ פּעריקלעס האָט געמוזט טאָלערירן די אַטאַקעס אויף אים פון דער בינע ווי יעדער אַנדערער. אין רוים וואָלט אַזאַ געוואַגט־קייט באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אָנפאַל אויף דער הייליקייט פון דער מלוכה. ווען איי־נער פון די ערשטע דראַמאַטיקער פון דער רוימישער ליטעראַטור, דער גריך נעוויוס, האָט אין זיינע קאָמעדיעס געוואַגט אָפּצוחוזקן פון אייניקע אָנגעזעענע פּאַטריציער, איז ער געצוואונגען געוואָרן צו בעטן עפנטלעכע פאַרגעבונג און ער איז פאַרשיקט געוואָרן פון רוים און טאַקע אין פאַרשיקונג געשטאָרבן. מהאיטעמה האָט זיך די דראַמע קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרוואָרצלען צווישן פאָלק. וואָס פאַר אַן אינטערעס האָט דער דורכשניטלעכער רוימער געקאָנט געפינען אין איר? די טעמאַטיק, וועל־כע איז פאַר אים אַרויסגעפירט געוואָרן אויף דער בינע, איז געווען גענומען פונעם לעבן פון אַ פרעמד פאָלק, אין וועמעס גייסטיקן און פסיכישן באַנעם ער איז נישט געווען אימשטאַנד זיך איינצולעבן. דאָס, וואָס וואָלט יאָ געווען אימשטאַנד צוצוציען זיין אויפמערקזאַמקייט, — די שילדערונג פון די אוממיטלבאַרע געשעענישן פונעם עפנטלעכן לעבן, אין וועלכן ער גופא איז געווען אויסגעבונדן, איז געווען אויסגע־שלאָסן פון דער בינע.

די פּאָעטן פונעם פּעריאָד פון דער רעפּובליק זענען לגמרי געשטאַנען אונטערן
איינפלוס פון דער העלענישער ליטעראַטור און דער גרעסטער טייל פון זייער אַקטי־
וויטעט האָט זיך באַשרענקט אויף די מער־ווייניקער פרייע איבערזעצונגען פון די
אַלטע גריכישע טעקסטן. דער איינציקער מין ליטעראַטור, וועלכער האָט שוין דע־
מאָלט און אויך שפּעטער אַרויסגעוויזן אַ געוויסע זעלבסטשטענדיקייט, איז געווען
די סאַטירע. באַזונדערס נאָכדעם ווי לוציליוס האָט איר געגעבן די פאָרעם פון אַ
שפּאָט־געדיכט, ביי וואָס ער האָט נאַטירלעך געהאַט פאַר די אויגן אַלס מוסטער אַ
גריכישן מאָדעל. אָבער בעת דער אימפּעריע איז די ליטעראַטור אינגאַנצן אַרונטערגע־
פאַלן אונטער דער קנעכטשאַפט פונעם הויף. אַפילו אירע אָנגעזעענסטע פאַרטרע־
טער ווירגיל, האָראַץ, אָוויד, טיבול, פּראָפּערץ, האָבן זיך נישט געקאָנט באַפרייען
פון אָט־די אומווירדיקע קייטן און נישט געקוקט אויף זייערע קענטענישן און פּעאי־
קייטן זענען זיי געווען געצוואונגען צו לויבן דעם קייזער און זיינע מקורבים און צו־
טראַכטן פאַר זיי געטלעכע מעלות. אַזוי וואָלט מסתמא ווירגילס באַרימטע און גוז־
מאדיק געלויבטע „ענעידאַ", אין וועלכער דער מחבר האָט געפּרואווט, — נאָכמאַ־
כנדיק האָמערן — צו שאַפן אַ נאַציאָנאַלן עפּאָס, קיינמאָל נישט געווען געשריבן
געוואָרן, ווען ס'וואָלט דעם דיכטער נישט געווען געגאַנגען אין אַרויסשטעלן דעם
טראָיאַנער ענעאַס ווי דעם שטאַמפאָטער פון דער יוליאַנישער משפחה, פון וועלכער
ס'איז אַרויסגעקומען דער קייזער אַוגוסטוס. פונעם פאַקט, וואָס ווירגיל האָט אין זיין
צוואה פאַרלאַנגט, אַז זיין נאָך נישט פאַרענדיקטע העלדן־געדיכט זאָל אַריינגע־
וואָרפן ווערן אין פייער, קאָן מען כמעט קומען צום אויספיר, אַז אין אַן אָנפאַל פון
זעלבסטווירדע האָט זיך דער פּאָעט געשעמט מיט זיין דערנידעריקונג. די פּאָעטן פון
דער „גאָלדענער תקופה" זענען אַלע ווי איינער געווען אָפּהענגיק פון די רייכע און
מעכטיקע אינעם שטאַט, וועמעס געפעליקייט מ'האָט געקאָנט קויפן נאָר דורך
זעלבסטדערנידעריקונג און חשיבותלאָזער חניפה. היות ווי מעסאַלאַ, מעצענאַס און
אויגוסטוס האָבן גרופּירט אַרום זיך גאַנצע דיכטער־סוויטעס, איז עס ביסלעכווייז
אַריין אין דער מאָדע, אַז יעדער אַרויפגעאַרבעטער גביר זאָל האָבן זיינע אייגענע
פּאָעטן, פאַר וועמעס פּרנסה ער האָט געדאַרפט זאָרגן און וועלכע האָבן אים דערפאַר
געמוזט לויבן ביז צום הימל. האָראַץ, וועלכער האָט יעדנפאַלס געפּרואווט זיך קע־
גנצושטעלן אויגוסטוסעס פאַרלאָקונגען, וועמען ער האָט פונדעסטוועגן פאַרגעטערט
אויף אַן אומווירדיקן אופן, האָט אונדז אין איינעם פון זיינע „עפּיסטעלס" פאַרטרויט,
ווי אַזוי די פּשוטע פּרנסה איז געוואָרן דער סטימול פון זיין פּאָעטישן שאַפן. נאָכ־
דעם ווי דער דיכטער האָט אונדז דערציילט ווי אַזוי דער גורל האָט אים פון זיין
„גוטן אַטען" פאַרוואָרפן קיין רוים, דערגייט ער דערצו זיך מודה צו זיין:

> נאָכדעם ווי פיליפּי האָט מיך, נאָכדעם ווי ער האָט מיך גאַנץ קליינלעך
> פאַרטריבן פון מיין היימישן ווינקל און צוגערויבט מיין באָדן, מיט אונטער־
> געשניטענע פליגלען, פאַרשלעפּט, האָט מיך גרויליקע דחקות באַוואויגן צו מאַ־
> כן פערזן. איצט, ווען איך האָב שוין דאָס נויטבאַדערפטיקע, וואו וואָלט געווען

צו געפינען גענוג סיקוטאַ, בכדי מיך צו קאָנען רייניקן, ווען ס׳וואָלט זיך מיר נישט אויסגעוויזן בעסער דער שלאָף, ווי צו מאַכן פערזן?

דידאַקטיקע אייגנאַרטיקע ווידוי פון איינעם פון די גרעסטע רוימישע פּאָעטן, אין וועלכער ס׳פעלט נישט קיין אינערלעכע טראַגיק, איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די דעמאָלטדיקע צושטאַנדן. צו פּאַקן אַ דיכטערישע שטעלע איז געווען דאָס העכסטע ציל פון אַ מחנה פון הונגער פאַרפייניקטע עקזיסטענצן, וועלכע האָבן זיך געהאַט צוגעגרייט מיט אַ מער אָדער ווייניקער גוטער גריכישער בילדונג. זיי האָבן איצט געפּרוּאווט אָנצוקומען מיט איר צום באַטרעפנדיקן רייכן בעלן און זי אויסנוצן דורך זאָגן אים פאַר באַלוינונג געגראַמטע לויבגעזאַנגען. אין דער „גאָלדענער תקופה״ איז עס כמעט געווען די פּראָפעסיע פונעם דיכטער זיך אָפּצוזאָגן פון זיין מענטש־לעכער חשיבות און צו ווערן אַ באַצאָלטער חונף פון די רייכע און מעכטיקע. ס׳איז גענוג צו לייענען די דערווידערדיקע לויבגעזאַנגען פון אַ מאַרטיאַל און פון אַ סטאַ־טיוס פאַר זייערע ברויט־געבער, צו מערקן זייערע נעבעכדיקע העוויות, בכדי דערפון אַרויסצובאַקומען קליינע נוצן, אויף צו פאַרשטיין אין וואָס פאַר אַ מצב ס׳האָט גע־מוזט אַריינפאַלן אַ ליטעראַטור אין אַ צייט, ווען אַלעס איז געווען צו קויפן און צו פאַרקויפן. ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דווקא די העסלעכסטע און אַכזריותדיקסטע דעספּאָטן זענען פון זייערע דיכטער צוממייסטן פאַרהערלעכט געוואָרן. דער צעזאַ־ריזם האָט געהויערט ווי אַ שווערער באַרג אויפן גאַנצן עפנטלעכן לעבן; די גאַנצע נאַציע האָט ער פאַרוואַנדלט אין אַ מחנה לאָקייען, בראש פון וועמען די דיכטער האָבן פאַרנומען דאָס ערשטע פּלאַץ. וואָס מער ס׳האָט זיך אויסגעשפּרייט דער אי־נערלעכער חורבן אונטער דער אומפאַרשעמטער הערשאַפט פונעם צעזאַריזם, אַלץ נעבעכדיקער און אָפּשטויסנדיקער איז געוואָרן דאָסדאָזיקע פאַרהעלטעניש. פּערסיוס, פּעטראָניוס און ספּעציעל יוניוס יואווענאַליס האָבן פאַר אונדז געשילדערט די גאַנ־צע פאַרפוילטקייט פון זייער צייט. ספּעציעל איז יואווענאַליס געווען אַ זיטן־שילדע־רער פון ערשטער מדרגה, און אייניקע פון זיינע סאַטירעס, — בעיקר די זעקסטע — באַווייזן אויף אַ באמת אויסטערלישע שילדערונגס־קראַפט.

באַטראַכט מען די ליטעראַטור פון די רוימער אַלס גאַנצע, קומט מען צו דער איבערצייגונג, אַז בנוגע זעלבסטשטענדיקן שאַפן איז זי אָרעמער ווי יעדע אַנדערע און קאָן נישט אויסהאַלטן אַפילו דעם מינדסטן פאַרגלייך מיט דער רייכער און שע־פערישער ליטעראַטור פון די העלענען. זי איז געוועזן אָפּהענגיק פון איר, און אירע ראשי המדברים — נישט רעדנדיק וועגן ווייניק אויסנאַמען — האָבן געפּרוּאווט מיט אַ בפירושער קנעכטישער געטרייקייט נאָכצומאַכן די גריכן. אַפילו אַזאַ פּרעכ־טיק ווערק ווי אַפּולעיוסעס „דאָס גאָלדענע אייזל״, וועלכעס געהערט בלי שום ספק צו די קרוינווערק פון דער רוימישער ליטעראַטור, וואָלט קיינמאָל נישט געווען גע־שאַפן געוואָרן אָן דער גייסטיקער אָנרעגונג און שאַפנדיקער קראַפט פונעם גריכנטום. דאָס באַווייזט באַזונדערס מיט דער גאַנצער קלאָרקייט דער שענסטער טייל פונעם ווערק, דער חנעוודיקער עפּיזאָד פון קופיד און פּסיכע. נאָר אין דער היסטאָריע, וועל־

כע איז פֿאַר די פּראַקטישע רוימער געווען נענטער ווי יעדער מין געפֿליגלטע שפּראַך פֿון דער פּאָעזיע, קאָן מען באַמערקן אַ געוויסע זעלבסטשטענדיקייט אין דער שילדע־רונג, בפרט דאָרט, וואו עס האַנדלט זיך וועגן אייגענע איבערלעבענישן פֿונעם שיל־דערער. פֿונדעסטוועגן דאַרף מען אויך דאָ נישט פֿאַרגעסן, אַז די „רוימישע אידעע" איז אַוועקגעלייגט ווי אַ יסוד פֿון כמעט אַלע שילדערונגען פֿון רוימישע היסטאָרי־קער.

אין דער פֿילאָזאָפֿיע זענען די רוימער נאָך מער געווען אָפּהענגיק פֿון די גריכן ווי אין אַלע אַנדערע ענינים. זיי האָבן די וועלט נישט באַרייכערט אַפֿילו מיט קיין איינציקן געדאַנק און זיי האָבן זיך באַנוגנט נאָכצומאַכן און זיך צו האַלטן ביי די אַלטע אידעען און זיי איבערצוגעבן אין אַן אָפּגעשוואַכטער פֿאָרעם. דערביי דאַרף מען, אגב, נישט אינזינען האָבן די פֿילאָזאָפֿישע שולן פֿון אַטען און פֿון אַנדערע גריכישע שטעט. אַזעלכע דערשיינונגען זענען אין רוים געווען אומבאַקאַנט. דאָ האָט קיין סאָקראַטעס נישט געערעדט בפרהסיא צו זיינע מיטבירגער; די פֿילאָזאָפֿיע איז געווען היימיש נאָר אין די פּאַלאַצן פֿון רייכע, פֿאַר וועמען זי האָט געדאַרפֿט דינען ווי אַ מאָדע־אַרטיקל, ווי קונסט און ליטעראַטור. מצד די פּאַטריאָטן פֿון דער אַלט־רוימישער פּאַרטיי איז די פֿילאָזאָפֿיע לכתחילה באַקעמפֿט געוואָרן מיט דערזעלבי־קער פֿאַרביסנקייט ווי די העלענישע קונסט. אין יאָר 173 פּ. קר. האָט מען די פֿאַר־טרעטער פֿון עפּיקורס לערע אַרויסגעשיקט פֿון רוים; צוועלף יאָר שפּעטער האָט מען פֿאַרטריבן פֿון דער הויפּטשטאָט אַלע פֿילאָזאָפֿן און רעטאָרן, מחמת מ׳האָט אין זייערע לערעס דערזען אַ סכנה פֿאַרן שטאַט. דער אַריינדרינג פֿונעם העלעניזם אין רוים האָט אויך דער פֿילאָזאָפֿיע געגעבן מער שפּילפּלאַץ, אָבער פֿונדעסטוועגן האָט מען שטענדיק געקוקט מיט אַ געוויסן אומצוטרוי אויף אירע טרעגער, און רדיפֿות קעגן פֿילאָזאָפֿן, באַזונדערס קעגן די סטאָאיקער, זענען פֿאָרגעקומען כמעט אונטער דער ממשלה פֿון אַלע רוימישע מלכים.

פֿון די פֿילאָזאָפֿישע סיסטעמען פֿון די גריכן האָבן זיך ביי די געבילדעטע רוי־מער אויסגעשפּרייט בלויז דער עפּיקוריזם, דער סטאָאיציזם און דער סקעפּטיציזם. אָבער פֿונדעסטוועגן האָבן די רוימישע אָנהענגער פֿון אָט־די לערן לחלוטין נישט באַפּרוכפּערט די אידעען פֿון די גריכן מיט אייגענע געדאַנקען; דאָרט, וואו זיי האָבן זיך מכוון געווען צו געבן אייגנס, האָבן זיי זיך פֿאַרלוירן אין אַ פּוסטן עקלעקטיציזם, וועמען ס׳האָט געפֿעלט יעדע אינערלעכע איבערצייגונגס־קראַפֿט. ס׳איז געווען אַ צייט, ווען מ׳האָט ציצעראָן פֿאַרערט ווי אַ טיפּן דענקער; היינט אָבער ווייס מען שוין פֿון לאַנג, אַז ער האָט נישט אַרויסגעבראַכט קיין איינציקן אייגענעם געדאַנק און ער האָט זיך באַשרענקט רק אויף צוגרייטן די ווי מעגלעך־אויבערפֿלעכלעכסטע קאָמפּילאַציעס פֿון די שריפֿטן פֿון די גריכישע דענקער, אַדאַנק וואָס אַ סך פֿון זיי זענען, ווען אַפֿילו אין אַ היפּש־אָפּגעשוואַכטער פֿאָרעם, אונדז באַקאַנט געוואָרן. מיט רעכט זאָגט דעריבער מאָמזען:

„אין אַ געשיכטע פון דער פילאָזאָפיע וואָלט זיך ציצעראָ נישט פאַרדינט קיין אָרט, סיידן אפשר אין אַ געשיכטע פון דער געשיכטע פון דער פילאָזאָ־פיע און אין אַ געשיכטע פון די פילאָזאָפישע קונסט־אויסדרוקן; ער, וואָס זיין איינגעבילדעטקייט איז געווען נאָך גרעסער ווי דער שם, וואָס איז נאָך אים געבליבן, האָט זיך דאָך מודה געווען, אַז ער איז געווען אָפּהענגיק פון די גריכן, אָרעם אין אייגענע געדאַנקען, רייך בלויז אין נישט־אויסגעדריקטע ווער־טער*).

לוקרעציוס קאַרוסעס אילוסטראַטיווע דידאַקטישע פּאָעמע „דע רערום נאַטוראַ" (מכוח דער נאַטור פון די זאַכן) איז בלי שום ספק אַ גלענצנדיקע שילדערונג פון עפּיקורס לערע, אָבער טאַקע נישט מער ווי דאָס. דאָס איז אויך חל אויף די אידעען פון די פּיליניוסעס, לוציאַנס און אַנדערע רוימישע עפּיקורעער. דאָס נעמלעכע קאָן אויך געזאָגט ווערן וועגן די רוימישע סטאָאיקער; אויך זיי האָבן צו דער לערע נישט צוגעגעבן קיין איין נייעם געדאַנק און דער גרעסטער באַדייט זייערער איז געלעגן אויפן געביט פונעם פּאָליטישן לעבן. צווישן די סטאָאיקער האָבן זיך געפונען דער רוב סאַטיריקער און די סאַטירע איז אין רוים געווען דאָס איינציקע מיטל, פון אַ באַ־האַלטענער פּאָזיציע זיך צו צילעווען אין די הויכע פענצטער. די סטאָאיקער האָבן גע־שטרעבט צו אַ רעפאָרם פון די געזעלשאַפטלעכע צושטאַנדן; מהאי טעמא האָבן זיי גאַנץ אָפט אַרויסגערופן קעגן זיך דעם גרימצאָרן פון די דעספּאָטן, אַ צאָרן, וועל־כער פלעגט זיך גאַנץ אָפט פאַרוואַנדלען אין שטרענגע רדיפות. אייניקע פון זיי זענען אין זייערע אַנשויאונגען געגאַנגען היפש ווייט, אַזוי ווי למשל סענעקאַ, וועל־כער האָט באַקעמפט די קנעכטשאַפט, און אין אייניקע פון זיינע בריוו — ספּעציעל אין נייִנציקסטן, אַפילו דערגאַנגען צו סאָציאַליסטישע מסקנות. יעדנפאַלס דאַרף דאָ נישט דורכגעלאָזט ווערן צו דערמאָנען, אַז סענעקאָס לעבן איז ווייט נישט געווען אין איינקלאַנג מיט זיין לערע; האָט ער דאָך אין סענאַט געמוזט אויסהערן דעם פאַרוואורף, אַז ער האָט זיין פאַרמעג (ער האָט איבערגעלאָזט 300 מיליאָן סעסטערצן, וואָס באַטרעפט בערך 15 מיליאָן דאָלער) אָנגעזאַמלט דורך אויסנאַרן ירושות און דורך נידערטרעכטיקן וואוכער.

ס'איז בכלל נישט פאַראַן קיין געביט פונעם גייסטיקן לעבן, אויף וועלכן די רוימער זאָלן זיך געווען האָבן אויסגעצייכנט דורך דער זעלבסטשטענדיקייט פונעם דענקען; מ'וואָלט זיי אָבער געדאַרפט צורעכענען ווי אַ ספּעציעלן פאַרדינסט זייער פעאיקייט זיך אָנצואייגענען די אַנטדעקונגען און דערפינדונגען פון אַנדערע און זיי אויסצונוצן פאַר זייערע אייגענע צוועקן. זייער גייסטיקע אָפּהענגיקייט פון די גריכן ווייזט זיך אַרויס בולט אויף אַלע געביטן פון זייער וויסנשאַפטלעכער טעטיקייט. אויף קיין שום פונקט האָבן זיי זיך נישט אַרויסגעהויבן איבער די עלעמענטאַרע כללים פון דער גריכישער וויסנשאַפט; אין אַ סך פּרטים זענען זיי אַפילו געבליבן שטאַרק הינטערשטעליק לגבי איר. דאָס איז באַזונדערס נוגע די אַסטראָנאָמיע און זייער באַנעם פונעם אויסזען פון דער וועלט. פון אַלעקסאַנדריע האָבן זיי איבערגע־

*) F. Mauthner, Der Atheismus usw, B. 1, S. 161.

נומען דעם פּראָבלעמאַטישן וועלט־סיסטעם, דורך וועלכן אַריסטאַרכאָס פון סאַמאָסעס געניאַלע אויפפאַסונג איז צוריקגעשטויסן געוואָרן אין הינטערגרונט אויף אַ גאַנצן יאָרהונדערט, ביז קאָפּערניק האָט דעם מענטשלעכן גייסט פונדאָסניי אַרויפגעפירט אויף דעם ריכטיקן דרך. נאַטירלעך האָט אויך די וויסנשאַפט אין רוים געדינט אויסשליסלעך די אינטערעסן פון דער מלוכה. בהסכם דערמיט איז אויך איינגעשטעלט געוואָרן די דערציאונג, וועלכע האָט זיך אונטער דער קייזערלעכער אימפּעריע אַנטוויקלט צו יענער געשמאַקלאָז־פּוסטער טעמפּקייט, וועלכע שלאָסער האָט געשילדערט מיט אָט־די טרעפלעכע ווערטער:

„די אַלגעמיינע גייסטיקע אָריענטאַציע האָט פאַרטריבן יעדע קראַפט און נאַטור פונעם לעבן; די וויסנשאַפט איז געוואָרן אַ דינערן פון פּוסטע און געמיינע צוועקן; אין די פיל שולן זענען לערער און שילער אויפן זעלביקן הויכן שטייגער באַהערשט געוואָרן פון פּוסטער איינבילדונג, פון גרענעצלאָזער גאווה, פון פאַלשן געשמאַק און גייסטיקער אויסגעליידיקטקייט. הינטער דער אויסגעזוונגענער עלעגאַנץ פון דער קאָנווערסאַציע און פונעם גייסטרייכן שפּיל מיט באַגריפן, אידעען און קענטענישן האָט זיך באַהאַלטן רויקייט פונעם האַרץ, פּוסטקייט פון דער נשמה, אייגננוציקייט פון דער מחשבה און אַן על פּי רוב אויבערפלעכלעך וויסן".

אַ פאָלק, ביי וועלכן די מאַכט־פּאָליטישע שטרעבונגען האָבן לגמרי פאַרפלייצט אַלע אַנדערע אויסדרוקן פונעם גייסט, האָט נישט געקאָנט דערגיין צו קיין אַנדערע מסקנות. פּונקט ווי די רעליגיע איז פאַר די רוימער קיינמאָל נישט געווען עפּעס אַנדערש ווי דער געזאַמל פון גייסטיקער התחייבות, פּונקט אַזוי האָבן זיי אינעם שטאַט פאַרערט דעם פּרינציפּ פון פּאָליטישער און סאָציאַלער התחייבות, וועלכע דערגייט צו איר העכסטן אויסדרוק אין דער פולשטענדיקער אונטערוואַרפונג פונעם מענטשן אונטערן רעדערווערק פון דער פּאָליטישער מאַשין. דאָס, וואָס די שטאַטס־אידעע, וועלכע איז ביי זיי פון אָנהויב אָן אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף מיליטערישע יסודות, האָט זיך ביסלעכווייז פונאַנדערגעוואָקסן אין צעזאַריזם און האָט דערגרייכט איר העכסטן פּונקט אין דער דערהויבונג פונעם קייזער צו אַווירקלעכן גאָט, איז דאָך אייגנטלעך געווען דער פּועל־יוצא פון יענעם טויטן אויטאָריטעטס־פּרינציפּ, וועלכער טאָלערירט נישט קיין שום חקירה ודרישה און איז אומצוגענגלעך פאַר אַלערליי מענטשלעכע אַנאַליזן. דער באַקאַנטער יוריסט רודאָלף פאָן איערינג האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג וועגן די רוימער אין אָט־די ווערטער:

„דער רוימישער כאַראַקטער מיט זיינע מעלות און חסרונות קאָן באַצייכנט ווערן ווי דער סיסטעם פונעם דיסציפּלינירטן עגאָאיזם. דער עיקרדיקער יסוד פון אָט־דעם סיסטעם איז, אַז דאָס נידעריקערע מוז אויפגעבראַכט ווערן פאַר אַ קרבן צום העכערן, דער יחיד, — צום שטאַט, דער איינצלנער פאַל צו דער אַבסטראַקטער רעגל, דער מאָמענט צום דויערנדיקן צושטאַנד. אַ פאָלק, ביי וועמען די טוגנט צו זעלבסטבאַהערשונג איז, נעבן זיין העכסטער ליבע צו פרייהייט, געוואָרן זיין צווייטע נאַטור, אַזאַ פאָלק איז באַרופן צו הערשן איבער אַנדערע. אָבער דער פּרייז פון דער רוימישער גרויסקייט איז בלי ספק געווען אַ טייערער. דער אומדערזעטלעכער שד פון דער רוימישער זעלבסטזיכטיקייט האָט אַלעם מקריב געווען פאַר זיין צוועק; דאָס גליק און בלוט פון די אייגענע בירגער, פּונקט אַזוי ווי די נאַציאָנאַליטעט פון פרעמדע

פעלקער. די וועלט, וועלכע געהערט צו אים, איז אַ נשמהלאָזע, אַ באַרויבטע פון די שענסטע אוצרות, אַ וועלט נישט פון מענטשן, נייערט אַ באַהערשטע פון אַבסטראַקטע אַני־מאַמינס און כללים — אַ גרויסאַרטיקע מאַשינעריע, וועלכע איז ווערט באַוואונדערט צו ווערן צוליב איר פעסטקייט, דער גלייכמעסיקייט און זיכערקייט, מיט וועלכער זי אַרבעט, צוליב. דער קראַפט, וועלכע זי ברענגט אַרויס, צעמאַלנדיק אַלעס, וואָס שטעלט זיך איר אַקעגן, אָבער טאַקע אַ מאַשין, וועמעס האַר איז גלייכצייטיק געווען איר קנעכט*).

אַ שטאַט, וועמעס גאַנצע געשיכטע איז געווען באַזירט אויפן פרינציפ פון דער דעראָבערונג און וועלכער האָט זיך געהאַלטן ביי אָט־דעם פרינציפ מיט אַ לאָגישער און אומאָפּווייכבאַרער קאָנסעקווענץ במשך פון אַלע פאַזן פון זיין לאַנגער היסטאָרישער אַנטוויקלונג, האָט געמוזט דערגיין דערצו לגמרי אויפצוגעבן יעדן מין מענטשלעכע איינזעעניש. די מלחמה איז געווען זיין אייגנטימלעכער עלעמענט, ברוטאַלער רויב — זיין לעבנס־צוועק, וועמען אַלעס אַנדערע האָט געמוזט אונטערגעוואָרפן ווערן ווי אַ מיטל. אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען יענער שענדלעכער צושטאַנד פון קנעכטישער אונטערגעיאָכטקייט, וועלכער איז דאָס טאַקע געווען דער טיפסטער כאַראַקטער־שטריך פונעם „אמתן רוימערטום". אַ מלוכה, אין וועלכער יעדער בירגער האָט לכתחילה געמוזט זיין אַ זעלנער און אין וועלכן קיין שום בירגער האָט נישט געקאָנט פאַרנעמען קיין עפנטלעכן אַמט, אויב ער האָט זיך פריער נישט געהאַט באַטייליקט אין לפחות צען שלאַכטן, אַזאַ מלוכה האָט נישט געקאָנט ווירקן אַנדערש אויף איר באַפעלקערונג ווי נאָר זי פאַרברוטאַליזירנדיק. פאַקטיש זענען טאַקע די רוימער לויט זייער געמיטצושטאַנד געווען אַ רוי פאָלק. אויך די אינוואַזיע פונעם העלעניזם האָט אין דעם פרט ווייניק־וואָס געקאָנט ענדערן, מחמת זיין איינפלוס האָט זיך אויסגעשפרייט בלויז אויף אַ קליינער פריווילעגירטער מינדערהייט און כמעט נישט באַרירט די ברייטע מאַסן*).

---

*) Rudolf v. Ihring. Geist des Römischen Rechts; B. 1, S. 298, Leipzig 1852.

*) ריכאַרד וואַגנער, וועלכער האָט אין זיינע רעוואָלוציאָנערע טעג זייער גוט פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן דעם באַדייט פון דער פריוהייט פאַר דער קולטור אין אַלגעמיין און פאַר דער קונסט באַזונדערס, האָט זיך אין זיין שריפט „קונסט אונד רעוואָלוציאָן" אויסגעדריקט בזה הלשון וועגן דער אינערלעכער רויהייט פונעם רוימערטום: „די רוימער, וועמעס נאַציאָנאַלע קונסט האָט זיך באַצייטנס אָפּגערוקט אין אַ זייט לגבי דעם איינפלוס פון די שוין אויספאָרמירטע גריכישע קונסטן, האָבן זיך געלאָזט באַדינען פון גריכישע אַרכיטעקטן, סקולפטאָרן, מאָלער; זייערע עסטעטן האָבן זיך איינגעאיבט אין גריכישער רעטאָריק און פערזן־קונסט; אָבער די גרויסע פאָלקס־בינע האָבן זיי נישט צעעפנט פאַר די געטער און העלדן פון מיטאָס, נישט פאַר די פרייע טענצער און זינגער פונעם הייליקן כאָר; נאָר ווילדע חיות, לייבן, פאַנטערן און העלפאַנטן האָבן זיך געמוזט צערייסן אויף שטיקער אינעם אַמפיטעאַטער, בכדי צו קוויקן דאָס רוימישע אויג; גלאַדיאַטאָרן — קנעכט, דערצויגענע צו שטאַרקייט און געשיקטקייט — האָבן געמוזט מיט זייערע גסיסה־כאָרכלען דערקוויקן דאָס רוימישע אויער. די דאָזיקע ברוטאַלע וועלטבאַזיגער האָבן געפונען זייער געשמאַק נאָר אין דער פאָזיטיווער רעאַליטעט. זייער איינבילדונגס־קראַפט האָט געקאָנט באַפרידיקט ווערן נאָר אין דער מאַטעריעלסטער פאַרווירקלעכונג. די ענוות־דיקע, פונעם עפנטלעכן לעבן צוריקגעצויגענע פילאָזאָפן, האָבן זיי געלאָזט רואיק זיך אַיבערגעבן צום אַבסטראַקטן דענקען; אין דער עפנטלעכקייט האָבן זיי ליב געהאַט צו האָבן פאַר די אויגן די ממשותדיקסטע מאָרד־אַקטן, צו זען פאַר זיך פאַרגעשטעלט די מענטשלעכע ליידן און פיין אין אַ ממשותדיקער פיזישער ווירקלעכקייט".

אָבער אויף צוויי געביטן האָבן פונדעסטוועגן די רוימער יאָ באַוויזן אַן אָריגי־נאַליטעט פון געדאַנק און פון דער פּראַקטישער ניצלעכער פאַרווענדונג, וועלכע עס קאָן זיי, למען האמת, קיינער נישט אָפּלייקענען; לכל הדעות האַנדלט זיך דאָ וועגן סאָציאַלע אינסטיטוציעס, וועלכע קאָנען שווערלעך באַצייכנט ווערן ווי פּראָגרעסיווע פאַקטאָרן פון דער קולטור. די רוימער זענען געווען די אמתע שעפער פונעם מיליטאַ־ריזם און די דערפינדער פון יענער ברוטאַלער און נשמהלאָזער אויפפאַסונג, וועלכע מיר באַצייכענען ווי דאָס „רוימישע רעכט" און וועלכע איז נאָך היינט דער טעאָרע־טישער יסוד פון די געזעצלעך־רעכטלעכע באַשטימונגען פון אַלע אַזויגערופענע „צי־ווילייזירטע שטאַטן". דאָס רוימישע רעכט, אין וועמעס יסוד ס'איז געווען אַוועק־געלייגט נאָר די קאַלטע אויסרעכענונג פון די ממשותדיקסטע מאַטעריעלע אינטערעסן און ביי וועמעס פאָרמולירונג ס'זענען לחלוטין נישט געקומען אין באַטראַכט קיין שום עטישע אַרגומענטאַציעס, איז געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר דער נאַטיר־לעכער פּועל־יוצא פונעם רוימישן באַגריף וועגן שטאַט. דער רוימישער שטאַט איז געווען אַ קריגס־שטאַט, אַ געוואַלט־שטאַט אינעם אויסדריקלעכסטן זין פונעם וואָרט; ער האָט געוואוסט בלויז וועגן איין מין רעכט — דאָס רעכט פונעם שטאַרקערן. דעריבער האָט דאָס רוימישע רעכט קיינמאָל נישט געקאָנט זיין עפּעס אַנדערש ווי נאָר די ברוטאַלע פאַרגוואַלטיקונג פון אַלע נאַטירלעכע באַגריפן מכוח רעכט. ער האָט צוגעשטעלט דעם יסוד פאַר דער וויסט־פינצטערער פאַראַגראַפן־חכמה פון אונדזערע מאָדערנע געזעץ־קאָדעקסן, דורך וועלכע דער לעבעדיקער יש ווערט דער־שלאָגן דורך אַבסטראַקטע פאָרמולעס. אויך די אַזויגערופענע „גלייכהייט פאַרן גע־זעץ" ענדערט דאָ גאָרנישט; זי איז אינדעראמתן שטענדיק געווען אַ ליגן און טעאָ־רעטיש האָט זי בלויז געהאַט אין זין די גלייכהייט פון קנעכט, וועלכע האָבן זיך אַלע געפונען אין צושטאַנד פון דערזעלביקער דערנידעריקונג. היינריך היינע, וועמען די ברוטאַלע מענטשנפיינטלעכקייט פונעם רוימישן באַגריף וועגן רעכט איז געווען שטאַרק און טיף דערווידער, האָט אויסגעלאָדנט דעם צאָרן פון זיין נשמה אין אָט־די ווערטער:

„וואָס פאַרא שרעקלעך בוך איז דער „קאָרפּוס יורים", די ביבל פונעם עגאָאיזם! פּונקט אַזוי ווי די רוימער גופא, אַזוי איז מיר תמיד געווען פאַר־האַסט זייער רעכטס־קאָדעקס. די דאָזיקע רויבער האָבן געוואָלט פאַרזיכערן זייער רויב, און דאָס, וואָס זיי האָבן צוגערויבט מיטן שווערט, האָבן זיי גע־זוכט צו באַשיצן דורכן געזעץ. דעריבער איז דער רוימער אין דערזעלביקער צייט געווען אַ זעלנער און אַן אַדוואָקאַט און ס'איז אַנטשטאַנען אַ מישונג פו־נעם דערווידערלעכסטן מין. און טאַקע יענע רוימישע גנבים האָבן מיר צו פאַרדאַנקען די טעאָריע וועגן אייגנטום, וועלכע האָט פריער עקזיסטירט בלויז אַלס פאַקט, און די אויסוויקלונג און דערפירונג פון אָט־דער דאָקטרין צו אירע פאַראַכטלעכסטע קאָנסעקווענצן איז דאָס טאַקע יענץ געלויבטע רוימישע רעכט, וועלכעס איז דער יסוד פון אַלע אונדזערע היינטיקע לעגיסלאַציעס, נישט גע־קוקט דערויף, וואָס ס'איז אין שרייענדיקסטן ווידערשפּרוך מיט דער רעליגיע, מיט דער מאָראַל, מיטן מענטשנגעפיל און מיטן שכל" *).

*) ה. היינע, „מעמואַרן", 1854.

קיינמאָל ביז דעמאָלט האָט קיין שום געזעצגעבונג ניט געהאַט באַקליידט דעם באַגריף וועגן אייגנטום מיט אַזעלכע אוממענטשלעכע, אַכזריותדיקע און עגאָאיסטישע פאָרמען. „אייגנטום איז דאָס רעכט זיין זאַך צו געברויכן און צו מיסברויכן“, — האָט דערקלערט דאָס רוימישע געזעץ. דערדאָזיקער באַנעם, וועלכער איז ביז היינט געבליבן דער רעכטלעכער יסוד פון יעדער עקספּלואַטאַציע און פון יעדער מאָנאָפּאָל־ווירטשאַפט, האָט נאָר דאָרט געפונען אַ באַגרעניצונג און אַ באַשרענקונג, וואו די מאָטיוון פון אינטערעסן פונעם שטאַט האָבן זיי אָנגעצייכנט. אַלע פּרוּוון פון שפּעטערדיקע יוריסטן צו באַפּוצן אָדער אָפּצושוואַכן די צינישע ברוטאַליטעט פון אָט־דער פאָרמולירונג זענען געווען נישט מער ווי פּוסטע אָפּנאַרעריי. פּרודאָן האָט דאָס שוין אויסגעדריקט טרעפלעך, ווען ער האָט געזאָגט:

„מ'האָט געפּרוּווט צו רעכטפאַרטיקן דאָס וואָרט „מיסברויכן“ און געוואָלט טאָן האָט מען עס דורך דערקלערן, אַז דערמיט האָט מען נישט געמיינט דעם אייגנוויליקן מיסברויך, וועלכער איז אין סתירה צו דער מאָראַל, נייערט, אַז מ'דאַרף פאַרשטיין אונטער דעם בלויז די אומבאַשרענקטע דיספּאָזיציע פונעם אייגנטימער איבער זיין זאַך. איז דאָס אַ פּוסטער גאָרנישט־זאָגנדיקער חילוק, וועלכער דאַרף דינען בלויז איין צוועק: דאָס אייגנטום אַרויסצושטעלן ווי הייליק און אינאייינוועגס נישט קאַליע מאַכן און נישט שטערן די פרייד פון זיין געניוס. דער אייגנטימער מעג לאָזן פאַרפוילט ווערן אויף דער פלאַנץ זיינע פּירות; ער קאָן פאַרזייען זאַלץ אויף זיינע פעלדער, די מילך פון זיינע קי אויסגיסן אין זאַמד אַריין, פאַרוואַנדלען אַ ווייַנגאָרטן אין אַ מדבר און אַ פּאַרק אין אַ גאָרטן פאַר גרינוואַרג, לויט ווי אים קאָן וואוילגעפעליק איינפאַלן. צי איז דאָס אַלעס מיסברויך אָדער נישט ביים אייגנטום פאַלן זיך צונויף אין יעדן פּרט געברויך און מיסברויך“*).

ווער ס'האָט דעם אייגנטום געגעבן אַזאַ מאַכט, האָט לאָגישערווייז געמוזט זייער בידעריק אָפּשאַצן דעם ווערט פונעם מענטשן. דאָס ווייזט זיך אַרויס ספּעציעל אינעם רוימישן קאָדעקס וועגן חובות און אין דער פּאָזיציע, וואָס דאָס געזעץ האָט געגעבן דעם שעף פון דער פאַמיליע. לויט דעם צוועלף־טאָוולדיקן געזעץ האָט דער מלווה געהאַט דאָס רעכט צו שלעפּן דעם לווה אין געריכט אַריין און טאָמער האָט פאַר אים קיינער נישט געגעבן קיין גאַראַנטיע — אים צו פאַרקויפן פאַר אַ קנעכט. אויב עטלעכע מלווים האָבן געמאָנט ביים זעלבן לווה, האָט זיי דאָס געזעץ געגעבן די פרייהייט אים צו הרגענען און צו צעשניידן אין שטיקער. אַנטשיידנדיק איז געווען בלויז דער זאַכלעכער באַווייז פונעם חוב און קיין שום מענטשלעכע איינזעעניש האָט לחלוטין נישט געקאָנט אויפקומען. דאָס אייגנטום־רעכט פונעם מאָנער שטייט העכער ווי דאָס לעבן און די פרייהייט פונעם מענטשן.

דעמזעלביקן אומברחמנותדיקן שטריך געפינט מען אויך אינעם רוימישן פאַמיליען־רעכט. דער באַלעבאָס פונעם הויז האָט אויך געהאַט אין זיין רשות דאָס רעכט איבער לעבן און טויט פון די מיטגלידער פון זיין משפּחה. ער האָט גע־

*) P. J. Proudhon, Qu'est-ce la propieté ou recherches sur le principe du droit du gouvernement, Paris, 1840.

קאַנט אַרויסוואַרפן זיין קינד נאָך זיין געבוירן ווערן אָדער עס שפּעטער פאַרקויפן פאַר אַ קנעכט. ס׳איז אים אויך געווען דערלויבט אַרויסצוגעבן אַ טויט־אורטייל איבער די מיטגלידער פון זיין משפחה. דאַקעגן האָט זיך אָבער דער זון קיינמאָל נישט געקאָנט קלאָגן קעגן זיין פאָטער, מחמת ער איז בלויז באַטראַכט און אָפּ־געשאַצט געוואָרן ווי זיינער אַ קנעכט. ערשט די גרינדונג פון אַן אייגענער באַ־לעבאַטישקייט, וועלכע האָט אָבער נישט געקאָנט פאָרקומען אָן דער הסכמה פו־נעם פאָטער, האָט געמאַכט אַ סוף צו אָט־דער לייבאייגנשאַפט. זייער ריכטיק באַ־מערקט העגעל, וועלכער איז אַליין געווען אַן אומקאָנדיציאָנעלער מליץ־יושר פונעם אויטאָריטעטס־פּרינציפּ:

„פאַר דער האַרטקייט, פון וועלכער דער רוימער האָט געליטן מצד דער מלוכה, איז ער אַנטשעדיקט געוואָרן דורך דער האַרטקייט, פון וועלכער ער האָט געגאָסן אין די ראַמען פון זיין פאַמיליע, — קנעכט אויף איין זייט, דעס־פּאָט אויף דער אַנדערער. דאָס שטעלט מיט זיך פאַר די רוימישע גרויסקייט, וועמעס אייגנטימלעכקייט איז געווען די האַרטע פאַרשטייפטקייט אין דער איינהייט פון די אינדיווידן מיטן שטאַט, מיטן געזעץ פונעם שטאַט, מיטן באַפעל פונעם שטאַט“*).

דאָס גאַנצע שטראָף־רעכט פון די רוימער האָט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ בכיוונדיקער ברוטאַליטעט און אַ באַרבאַרישער אַכזריותדיקייט. וואָלט מען גע־קאָנט טענהן, אַז גרויזאַמקייט אין דער דורכפירונג פון דער שטראָף איז אין יענע צייטן געווען אַן אַלגעמיין־גילטיקער איינפיר; אָבער דאָס, וואָס גיט דעם רוימישן שטראָף־רעכט זיין ספּעציעלן שטריך, איז דער אומשטאַנד, אַז אויך דאָ איז יעדע באַשטימונג געווען צוגעשניטן לויט די אינטערעסן פון דער מלוכה און זיך באַצויגן מיט געפּיללאָזער טעמפּקייט צו יעדן מין מענטשלעכער אָפּשאַצונג. אַזוי אַרום האָבן אין אַן אַ שיער פאַלן די קינדער געקאָנט צוגעצויגן ווערן צו אַחריות און צו שטראָף פאַר די זינד פונעם פאָטער, וועגן וואָס דער קלוגער ציצעראָ באַמערקט מיט זיין גאַנצער נשמה־רואיקייט:

„די האַרטקייט פונעם קינדס שטראָף פאַרן פאָטערס זינד פאַרשאַפט מיר צער, פונדעסטוועגן איז עס אַ קלוגע פאַראָרדענונג פון אונדזערע געזעצן, מחמת דורך דעם ווערט דער פאָטער צוגעבונדן צו די אינטערעסן פונעם שטאַט מיט דער הילף פונעם שטאַרקסטן פון אַלע באַנדן — דורך דער ליבע צו זיינע קינדער“.

דידאַזיקע און אַנדערע תקנות זענען אין די שפּעטערדיקע צייטן געמילדערט געוואָרן, אָבער דער אינערלעכער קערן פון זייער מהות איז געבליבן אומפאַרענ־דערט. ווי אַזוי ס׳האָט אויסגעזען דער גורל פון די קנעכט ביי אַזאַ מצב פונעם באַנעם מכוח רעכט, דאָס קאָן מען זיך לייכט אויסמאָלן. דער קנעכט איז געווען לגמרי רעכטלאָז און ער איז כמעט נישט באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מענטש; אין

*) Hegel, Philosophie der Geschichte.

בעסטן פאַל האָט מען אים באַטראַכט ווי אַ געוועזענעם מענטש. די מינדסטע אומ־געהאָרכזאַמקייט, דער לייכסטער סימן פון קעגנערשאַפט, אָדער פאַר זאַכן, פאַר וועלכע ער איז לגמרי נישט געווען פאַראַנטוואָרטלעך, פלעגט ער באַשטראָפט ווערן אויף אַ ממש בעסטיאַלישן אופן. אַזאַ מין אומגליקלעכן אַרויסצורייסן די צונג, אָפּצוהאַקן ביידע הענט, אויסצושטעכן די אויגן, אים אַריינצוגיסן צעלאָזע־נעם בליי אין האַלדז און נאָך אוממענטשלעכע פּורעניות, אים צוצוקלאַפּן צום צלם אָדער אים צוצוואַרפן פאַר די ווילדע חיות — דאָס אַלעס האָט געהערט צום אומבאַשרענקטן רעכט פונעם האַר.

די באַוואונדערער פון דער רוימישער שטאַטס־אידעע זוכן מיט אַלע אופנים צו פאַרדעקן דעם מאַנגל פון יעדן טיפערן קולטור־געפיל ביי די רוימער, וועלכן אויך זיי מוזן אָנערקענען, דערמיט, וואָס זיי קאָנען נישט געפינען גענוג לויב־ווערטער פאַרן „גייסט פון דער רוימישער געזעצגעבונג״, וועלכע זיי שטעלן אַרויס ממש ווי אַ קונסטווערק. אָבער אויך קעגן דעם איז פאַראַן אַ סך מיט וואָס אַרויס־צוטרעטן. נישט קיין קלענערער ווי טעאָדאָר מאָמזען איז עס געווען, וועלכער האָט אין זיין „רעמישע געשיכטע״ אַרויסגעטראָגן אָט־אַזאַ משפּט וועגן רוימישן רעכט:

„מ׳פלעגט רעדן מיט לויב וועגן די רוימער ווי וועגן אַ פאָלק, וועלכעס איז ספּעציאַליזירט אין יוריספּרודענץ, און באַוואונדערן זייער אויסגעצייכנט רעכט ווי אַ מיסטישע גאָב פונעם הימל, מסתמא דערפאַר, כדי זיך איינצו־שפּאָרן די חרפּה צוליב דער נידערטרעכטיקייט פונעם אייגענעם רעכט־צו־שטאַנד. איין בליק בלויז אויפן אומפאַרגלייכלעך זיך וואַקלענדיקן און נישט־אַנטוויקלטן רוימישן קרימינאַל־רעכט וואָלט געווען גענוג צו איבערצייגן אין דער אומקאָנסעקווענץ פון אָט־די אומקלאָרע פאָרשטעלונגען אויך יענע, וועמען ס׳קאָן זיך אויסווייזן צו איינפאַך דער זאַץ, אַז אַ געזונט פאָלק האָט אַ געזונט רעכט, אַ קראַנק פאָלק — אַ קראַנקס״.

נאָר אַזאַ שטאַט האָט געקאָנט דערגיין צו אַזאַ פולשטענדיק אַנטוויקלטן סיס־טעם פונעם מיליטאַריזם. מיליטאַריזם און מיליטערוועזן איז נאָך נישט איינס אונדאָסזעלביקע, הגם די עקזיסטענץ פון אַ שטענדיקער אַרמיי דאַרף באַטראַכט ווערן ווי די ערשטע פאָרויסיקע קאָנדיציע צום מיליטאַריזם. מיליטאַריזם דאַרף קודם־כל אָפּגעשאַצט ווערן ווי אַ פּסיכישער צושטאַנד. ס׳איז די אויסשליסונג פונעם אייגענעם דענקען און ווילן, די פאַרוואַנדלונג פונעם מענטשן אין אַ טויטן אויטאָמאַט, וועלכער ווערט געפירט און געלאָזט אין גאַנג פון דרויסן, בכדי בלינ־דערהייט אויסצופירן יעדן באַפעל, נישט נעמענדיק אויף זיך קיין שום פּערזענלעכע אחריות פאַר זיין טואונג. מיט איין וואָרט: מיליטאַריזם איז די ערגסטע און פאַר־אַכטלעכסטע פאָרעם פונעם קנעכטישן גייסט, אַ פּראָקלאַמירטן ווי אַ נאַציאָנאַלע טוגנט, וועלכער פאַרוואַרפט אַלע געזעצן פונעם שכל־הישר און איז אַנטבלויזט און אויסגעליידיקט פון יעדער מענטשלעכער חשיבות. נאָר אַזאַ מלוכה ווי די רוימישע, וואו דער מענטש איז באַטראַכט געוואָרן נישט מער ווי בלויז אַ מעכאַנישער באַ־

שטאַנדטייל פון אַן אַלצניוועלירנדיקער מאַשין און די ברוטאַלע געוואַלט איז איינ־געפירט געוואָרן ווי דער העכסטער פּרינציפּ פון דער פּאָליטיק. האָט געקאָנט דורכ־פירן אַזאַ אַכזריותדיקע צעקרומונג פונעם מענטשלעכן גייסט און דערמיט אַוועק־לייגן דעם יסוד פון יענעם שענדלעכן סיסטעם, וועלכער הויערט נאָך ביז הייַנט ווי אַ שווערער באַרג אויף די פעלקער און איז ביז היינטצוטאָג געבליבן דער דם־שונא פון יעדער העכערער קולטורעלער אַנטוויקלונג. מיליטאַריזם און רוימיש רעכט זענען די אומפאַרמיידלעכע פּועל־יוצאס פון יענעם באַנעם, וועלכן מ'האָט אָנגע־רופן די „רוימישע אידעע" און וועלכע צעטומלט הייַנט פונדאָסניי און שטאַרקער ווי ווען ס'איז פריער די געמיטער. קיין שום רעוואָלוציע איז ביז איצט נישט געווען אימשטאַנד צוצובינדן צו דער קייט די „רוימישע אידעע" און איבערשניידן דעם נאָפּלשנור, וועלכע האַלט אונדז נאָך אַלץ צוגעבונדן צו יענער שוין לאַנג פאַרגאַנ־גענער צייט. פאַר די גריכן זענען די אַנשטאַלטן פון זייער געמיינשאַפטלעכן לעבן תמיד געווען אַ מיטל צום צוועק. אָבער אין רוים איז דער שטאַט געווען אַ צוועק פאַר זיך; דער מענטש האָט עקזיסטירט נאָר פאַר זיינע אינסטיטוציעס, וועמעס קנעכט ער איז געווען.

ס'איז אַ סך געשריבן געוואָרן וועגן דער ירידה פון דער רוימישער אימפּע־ריע און מ'האָט געפּרואווט אַרויסברענגען אַלערליי מעגלעכע דערקלערונגען, וואָס מ'קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן, בכדי קלאָר צו ווערן מכוח אָט־דער גיגאַנטישער מפּלה. פאַראַן אַזעלכע, וועלכע זעען די סיבה פון אָט־דער דעקאַדענץ אין דער „צו שטאַרק ראַפינירטער קולטור", בעת אַנדערע זעען זי אין דער פולשטענדיקער פאַרוואָרלאָ־זונג פון די זיטן. לעצטנס רעדט מען זייער שטאַרק וועגן אַ „צעשטערונג פון דער ראַסן־נשמה" — וואָס אַזאַ פּוסטע פראַזע קאָן אַלץ וועלן זאָגן — און מ'באַמיט זיך פאַרצושטעלן רוימס אונטערגאַנג ווי אַ „ראַסנקאַטאַסטראָפע", ביי וואָס מ'פאַר־קוקט בכיוון, אַז רוים איז פאַקטיש אַרויסגעקומען פון אַן אַזויגערופענעם ראַסן־כאַאָס, וואָס דאָס האָט פונדעסטוועגן נישט געשטערט די רוימער צו שפּילן זייער וועלט־געשיכטלעכע ראָל ביז צום סוף. און על־כל־פּנים שטעלן זיך אַרויס ביים אונטערגאַנג פון רוים די אמתע סיבות אַ סך קלאָרער ווי ביים רוב אַנדערע גע־שיכטלעכע פּאַסירונגען. אַנאַליזירט מען באַנייס אַלע פּרטים פון דעמדאָזיקן ריזיקן אומקום, זיך דערביי נישט לאָזנדיק פירן פון קינסטלעך־אויפגעבויטע הנחות, מוז מען דערגיין צום זעלביקן אויספיר, וואָס דער ענגלישער היסטאָריקער דזשיבסאָן: „דער נס ליגט נישט אין דעם, וואָס רוים איז אונטערגעגאַנגען, נייערט אין דעם, וואָס דערדאָזיקער אונטערגאַנג האָט אַזוי לאַנג געלאָזט וואַרטן אויף זיך". אָבער אויך פאַר דעם איז פאַראַן אַ דערקלערונג: די רוימישע מלוכה־מאַשין איז געווען אַזוי פעסט געבויט און די מענטשן זענען געווען אַזוי שטאַרק איבערצייגט אין איר אומצעטרייסלבאַרקייט, אַז זי איז אַזוי צו זאָגן געגאַנגען אַליין און איז נאָך במשך פון אַ לאַנגער צייט געווען אימשטאַנד גובר צו זיין אַלע שטרויכלונגען, בעת אירע יסודות זענען שוין פון לאַנג געווען צעפרעסן.

רוים איז געפאַלן אַ קרבן פון איר בלינדער מאַכט־משוגעת און אירע אומפאַר־מיידלעכע באַגלייטנדיקע דערשיינונגען. אין זייער מטורפדיקער פאַרבלענדונג האָבן זיך די פאַרשטעער פונעם רוימישן שטאַט אומאויפהערלעך באַמיט כסדר אויסצו־ברייטערן די גרענעצן פון זייער מאַכטגעביט, און קיין שום מיטל איז פאַר זיי נישט געווען צו ברוטאַל און צו אָפשיילעך, אויב נאָר ס׳האָט געקאָנט דינען ווי אַ ווערק־צייג פאַר זייער תאווה צו מאַכט. זיי אַליין האָבן פראָוואָצירט די קאַטאַסטראָפע, וועלכע האָט זיי פריער אָדער שפּעטער געמוזט פאַרשלינגען. די פאַנטאַסטישע תשוקה צו פאַרשווענדונגען צווישן די פּריווילעגירטע קלאַסן אין דער צייט פון דער ירידה, די געוויסנלאָזע עקספּלואַטאַציע פון אַלע פעלקער, די פולשטענדיקע דע־מאָראַליזאַציע פונעם עפנטלעכן און פּריוואַטן לעבן זענען נישט געווען קיין רע־זולטאַטן פון אַ פיזישער ראַסן־דעגענעראַציע, נייערט די אומפאַרמיידלעכע קאָנ־סעקווענצן פון יענער אַכזריותדיקער אומדערזעטלעכקייט, וועלכע האָט אַ גאַנצע וועלט פאַרקאָוועט אין קייטן און האָט איבערגעוואַלט געמוזט דערפירן צו אַ פול־שטענדיקער צעשטערונג פון אַלע געזעלשאַפטלעכע לעבנסבאַדינגונגען. רוימס מ אַ כ ט איז געווען דער מולך, וועלכער האָט צעריבן אַלעס, מיט וואָס ער איז געקומען אין באַריר, אָן אַ חילוק פון פאָלק אָדער ראַסע. מחמת אויך די נאָרדישע פעלקער האָבן זיך אין דעם פּרט נישט אַרויסגעוויזן ווידערשטאַנדספעאיקער און דאָס „גערמאַנישע בלוט” האָט זיי נישט אָנגעבאָטן קיין שום שוץ קעגן דער אַל־געמיינער קאָרופּציע פון אַן אונטערדריקונגס־סיסטעם, וועלכער איז דערפירט גע־וואָרן ביז צום סאַמע עקסטרעם. אין בעסטן פאַל האָבן זיי געקאָנט צייטווייליק אַריינבנעמען די גרויזאַמע מאַשין אין זייערע הענט, אָבער אין דערזעלביקער צייט זענען זיי געוואָרן אירע באַדינגלאָזע קנעכט און זיי זענען פּונקט אַזוי צעשטערט געוואָרן פונעם אומברחמנותדיקן רעדערווערק ווי אַלע אַנדערע פאַר זיי.

די סימנים פון דער ירידה האָבן זיך געלאָזט בולט מערקן נאָך אין דער צייט פון דער רעפּובליק. די קייזערלעכע אימפּעריע איז בלויז געווען די ירושה פון דער רעפּובליקאַנישער מלחמה־פּאָליטיק און זי האָט זי דערפירט צו פולשטענדיקער אַנט־וויקלונג. כל־זמן ס׳האָט זיך געהאַנדלט בלויז וועגן דער אונטערדריקונג פון די קליינע פעלקערשאַפטן אויף דער איטאַליעַנישער האַלבאינדזל, זענען פאַר די זיגער נישט אַרויסגעקומען קיין צו גרויסע רווחים, מחמת איטאַליע איז געווען אַ רעלאַטיוו־אָרעם לאַנד. אָבער נאָך דער צווייטער פּונישער מלחמה האָט זיך דער אַלטער מצב גרינטלעך אומגעביטן. די אומגעהייערע רייכטימער, וועלכע האָבן געשטראָמט קיין רוים, האָבן דערפירט צו דער אַנטוויקלונג פון אַ ריזיקער קאַפּיטאַליסטישער רוי־בער־ווירטשאַפט, וועלכע האָט פון גרונט־אויס צעשטערט אַלע יסודות פונעם אַלטן געזעלשאַפטלעכן סדר. סאָליוויאַלי, וועלכער האָט אויסגעפאָרשט אַלע פאַרצווייַ־גונגען פון אָט־דעם סיסטעם ביז צו די גענויסטע פּרטים, האָט באַשריבן זיינע קאָנסעקווענצן אויף אַזאַ איבערצייגנדיקן אופן:

„נאָך די גלענצנדיקע נצחונות, וועלכע האָבן צעעפנט פאַר די רוימער אַפריקע און אַזיע, איז די עשירות דערגאַנגען צו איר העכסטער אַנטוויקלונג. ספּעציעל פון אַזיע, דעמדאָזיקן פאַבלהאַפטן לאַנד פון קונסט און אינדוסטריע, פון דערדאָזיקער הויכער שול פון לוקסוס און געשמאַק, פון אַט־דעם אומאויסשעפּלעכן קוואַל פון רייצונג פאַר שטאַטס־אַרענדאַטאָרס און פּראָקאָנסולן, האָט די אומברחמנותדיקסטע, ברוטאַלסטע געוואַלט אַרויסגעפּרעסט אַ שטראָם גאָלד און זילבער. אַט־דער שטראָם האָט נישט אויפגעהערט צו פאַרפלייצן איטאַליע אַזוי לאַנג, ביז די קוואַלן גופא זענען אויסגעשעפּט געוואָרן. די אוצרות, וועלכע זענען געווען אָנגעהויפט אין מזרח, אין גאַליע, אין דער גאַנצער וועלט, און יענע, וועלכע מ'האָט כסדר אַרויסבאַקומען פון די מינעס, — אַלעם איז געפלאָסן קיין רוים ווי זאַקרויב פון דער מלחמה און ווי צינדז, ווי דער רעזולטאַט פון אויספּלינדערונגען און שטייערן; אויך די אַנדערע טיילן פון איטאַליע האָבן באַקומען זייער חלק, ווען אַפילו בלויז אַ באַשיידענעם, פון דער גאַנצער עשירות. רוים איז פאַרן משך פון אייניקע דורות געווען און געבליבן דער גרויסער מאַרק פאַר דער מעטאַלישער עשירות. אַ ווילדע מהומה פון געיעג נאָך הערשאַפט און גיריקייט נאָך עשירות האָט אַרומגעכאַפּט דאָס פּראָסטע קריגער־ און פויערן־פאָלק, אַזוי אַז עס האָט געמאָסטן דעם שם פון זיינע מיליטערישע פירער בלויז לויט דעם סכום גאָלד און זילבער, וועלכע זיי האָבן געבראַנגט פון זייער זיגערישן מאַרש. און די אַרמיי־פירער האָבן זיך טאַקע צוגעוואוינט אויסצוזייגן די באַזיגטע ביז צום לעצטן טראָפּן בלוט און צו פאַרקויפן רוימס חסד צו די פריינטלעכע פעלקער נאָר פאַרן העכסטן פּרייז. פאַר אַט־דער גיריקייט האָט נישט עקזיסטירט קיין שום הייליקייט; רעכט און שכל־הישר זענען אויף אַן אומפאַרשעמטן אופן צעטראָטן געוואָרן אינעם שמוץ. דער קעניג פּטאָלעמעוס פון ציפּערן איז געווען באַקאַנט ווי דער אייגנטימער פון אַ גוט־אָנגעפּולטער שטאַטלעכער שאַצקאַמער און פון הערלעך־פּרעכטיק געפעס. איז אָן קווענקלענישן אָנגענומען געוואָרן אַ געזעץ, וועלכעס האָט דעם רוימישן סענאַט געגעבן דאָס רעכט צו יאַרשענען אַ פאַרמעגלעכן „אַליאירטן" אַפילו ווען ער לעבט נאָך. דער סענאַט האָט באַטראַכט די אוצרות פון דער גאַנצער וועלט פּשוט ווי רוימיש פּריוואַט־אייגנטום; די אונטערגעיאָכטע זענען טאַקע געבליבן אָן גאָרנישט... אַז אַט־דער ריזיקער שטראָם זאָל נישט אָפּגעשטעלט ווערן — פאַר דעם האָבן שוין געזאָרגט די זיגערישע אַרמיי־פירער, די פּראָקאָנסולן און די שטייער־אַרענדאַטאָרס, וועלכע זענען געווען גיריק צו די רייכטימער פון די באַזיגטע קעניגן און פעלקער. טויזנטער סוחרים און אַוואַנטוריסטישע גליקזוכער זענען נאָכגעפאָרן די לעגיאָנען, האָבן דעם זאַקרויב אויסגעביטן אויף געלט, וועלכעס איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן די זעלנער, און צוגענומען ביי די באַצוואונגענע לענדער דאָס לעצטע, וואָס די מיליטערישע פירער האָבן זיי נאָך איבערגעלאָזט"*).

אַזוי אַרום האָט זיך אָנגעהויבן יענער אומגליקלעכער רעזשים פון שפּעקולאַנטן און הויטשינדער, ביי וועמען דער ריווח איז געווען דער איינציקער ציל פון זייער לעבן און וועלכע זענען געווען אויסן פון אַלץ אַרויסצובאַקומען רווחים, זיך לגמרי נישט אינטערעסירנדיק מיט די פאָלגן, וואָס דאָס קאָן ברענגען. דער אומפאַרשעמטער וואוכער האָט זיך אַנטוויקלט צו אַ מערדערישן סיסטעם, וועלכער האָט פּאַמעלעך אָבער זיכער געמוזט אונטערגראָבן אַלע יסודות פונעם גאַנצן עקאָנאָמישן לעבן. אַזוי זענען אויפגעקומען גרויסע קאַפּיטאַליסטן און קאַפּיטאַליסטישע אַקציע־געזעלשאַפטן, וועלכע האָבן גענומען ביי דער מלוכה אין אַרענדע די אויפמאָנונג פון די שטייערן פון גאַנצע מדינות און פּראָווינצן. דער מלוכה האָט דאָס פאַרשפּאָרט

*) J. Salivioli, Der Kapitalismus im Altertum; S. 26, Stuttgart, 1922.

אַ סך אַרבעט און קאָפּברעכעניש, אָבער פון די לענדער, וועלכע זענען אַריינגעפאַלן אין די נעגל פון יענע וואַמפּירן, איז אַרויסגעזויגן געוואָרן דער לעצטער טראָפּן בלוט פון די אָדערן, מחמת זיי האָבן נישט איבערגעלאָזט גאָרנישט פון דעם, וואָס האָט געררייצט זייער גיריקייט. זיי האָבן אויך אָפּגעדונגען אויפן זעלבן אופן פון דער רע־גירונג די שטאָטלעכע דאָמיניעס און די מינעס; זיי האָבן צוגעשטעלט פאַר די לעגיאָנען די נייטיקע באַוואָפענונג און כסדר אָנגעזאַמלט אַלץ גרעסערע קאַפּיטאַלן; זיי האָבן אָרגאַניזירט דעם האַנדל מיט די קנעכט אויף סוחרישע יסודות און באַ־זאָרגט די גרויסע פּאַלוואַרקן מיטן נייטיקן מענטשן־מאַטעריאַל. מיט איין וואָרט— זיי זענען געווען אומעטום, וואו מ׳האָט געקאָנט עפּעס פאַרדינען.

די צניעותדיקע מענער פון דער רעפּובליק האָבן זיך באַטייליקט אין אָט־די אַלע רויבצוגן מיט דער גרעסטער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט און זיי האָבן אָנגעז־זאַמלט גרויסע פאַרמעגנס אַלס פּראָצענטניקעס, שקלאַפן־הענדלער אָדער באָדן־שפּעקולאַנטן. קאַטאָ, וועלכן מ׳לויבט נאָך אַלץ אין אונדזערע שולן, וואו מ׳שטעלט אים אַרויס ווי די פּערזאָניפיצירטע טוגנט פונעם אַלטן רוימערטום, איז אינדער־אמתן געווען אַ העסלעכער היפּאָקריט און אַ האַרטהאַרציקער פּראָצענטניק, פאַר ווע־מען קיין שום מיטל, וועלכעס האָט געקאָנט דינען פאַר זיינע צוועקן, איז נישט גע־ווען אָפּשטויסנדיק. ער האָט זיין צייט געגעבן דעם ריכטיקן טאָן, אַזויצוזאָגן, ווען ער האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער: „ס׳איז די ערשטע און הייליקסטע פליכט פון־נעם מענטשן צו פאַרדינען געלט!״ פּלוטאַרך לייגט אים אַריין אין מויל, ווי דעם לעצטן אויסדרוק, אָט־די כאַראַקטעריסטישע ווערטער: „די זאַך פון די זיגער איז געפעלן געוואָרן די געטער, אָבער די זאַך פון די באַזיגטע — קאַטאָנען״. אָבער קאַטאָ איז נישט געווען קיין יוצא מן הכלל צווישן די „צניעותדיקע רוימער״ פון זיין צייט. אויך דער באַרימטער טיראַנען־מערדער ברוטאָ, וועמען די לעגענדע באַקליידט מיט אַלע מעלות פון שטרענגסטער יושרדיקייט, איז געווען פונקט אַזאַ האַרצלאָזער פּראָצענטניק ווי קאַטאָ און טויזנט אַנדערע און זיינע געשעפטלעכע פּירונגען זענען געווען פון אַזאַ צווייפלהאַפטער נאַטור, אַז אַפילו ציצעראָ, דערדאָזיקער עזותדיקער פאַרטיידיקער פון די פּראָצענטניקעס און שפּעקולאַנטן, האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פאַר־טיידיקן זיין ענין אין געריכט.

אָבער די פיל וויכטיקערע סיבה, וועלכע האָט צוגעהאָלפן פאַרזיגלען רוימס צוזאַמענברוך, איז געווען דער חורבן פונעם קליינעם באָדן־אייגנטום, וועלכער איז פריער געווען די שטאַרקסטע פעסטונג פון רוימישער אויבערהערשאַפט. די כסדר־דיקע און הצלחהדיקע מלחמות האָבן די נאָך פרעמדע רייכטימער גיריקע קליינע לאַנד־באַזיצער כסדר געשטויסן אויף יענעם געפערלעכן וועג, וועלכער איז תמיד גע־ווען אַן אומגליקלעכער פאַר אַלע באַצווינגער. שוין די באַצווינגונג פון די עטרוס־קישע שטעט אין צפון און די דעראָבערונג פון די גריכישע קאָלאָניעס אין דרום פון דער האַלבאינדזל האָט געוואַלטיק אָנגערעגט די גיריקייט פון די רוימער. אָבער ווען זיי האָבן דערנאָך מיט הצלחה אַריבערגעוואָרפן די מלחמה קיין אויסלאַנד און אָנ־

געהויבן פירן וועלטפּאָליטיק, איז שוין אַלעס איבעריקע געקומען פון זיך אַליין. וועלטפּאָליטיק און פּויערטום זענען זאַכן, וועלכע לאָזן זיך נישט אויסגלייכן פאַר אַ לענגערער צייט. דער פּויער, וועלכער באַאַרבעט זיין באָדן, איז צונויפגעוואַקסן מיט דער ערד, וועלכע ער באַאַרבעט. אָבער די אָנהאַלטנדיקע מלחמות, וועלכע האָבן אומ־אויפהערלעך אָפּגעריסן טויזנטער מענטשן פון דער לאַנדווירטשאַפט, האָבן מיטן לויף פון דער צייט געמוזט ווירקן אַלץ צעשטערנדיקער. אַ סיסטעם, אין וועלכן 125 מענטשן פון יעדע 1.000 פון 17־טן ביזן 45־יעריקן עלטער זענען שטענדיק געווען אין מיליטערדינסט, האָט אומפאַרמיידלעך געמוזט דערפירן צו דער ירידה פון יעדן מין פּויערן־ווירטשאַפט. דער שטאַט האָט די רויבערישע פּראַפּעסיע בפירוש גע־מאַכט פאַר זיין פּאָליטיק און אָט־די פּרנסה האָט זיך פאַרן יחיד מיטן גאַנג פון דער צייט אויסגעוויזן צו זיין לוינבאַרער ווי די שווערע האָרעוואַניע צו באַאַרבעטן דעם באָדן. אַזוי אַרום איז דער פּויער ביסלעכווייז אָפּגעפרעמדט געוואָרן פונעם באָדן. אין די לאַנגע מלחמות איז דאָס רוימישע פּויערן־פאָלק ביסלעכווייז אויסגעמאָרזשעט געוואָרן; גיבן דאָך צו שריפטשטעלער פון יענער עפּאָכע, אַז נאָכן צווייטן פּונישן קריג האָט רוים געהאַט פאַרלוירן די העלפט פון איר אַלטער באַפעלקערונג. דער־מיט איז אָבער אויך דער קליינער באָדן־אייגנטום אַלץ שנעלער געגאַנגען צו גרונט און אויף זיין אָרט האָבן זיך אַנטוויקלט די אַזויגערופענע לאַטיפונדיעס, וועגן וועל־כע פּליניוס האָט מיט רעכט באַהויפּטעט, אַז זיי האָבן רואינירט איטאַליע און די פּראָווינצן.

דאָס פּראָבלעם וועגן דעם באָדן האָט נאָך אין אַלטן רוים געשפּילט אַ באַ־דייטנדיקע ראָל, וואָס איז געגוג בולט געקומען צום אויסדרוק אין די לאַנגע קאַמפן צווישן פּאַטריציער און פּלעבעער. אין אָט־דעם האַרטן קאַמף האָבן די פּלעבעער לסוף אויסגעקעמפט די גלייכבאַרעכטיקונג מיט זייערע פריערדיקע קעגנער, און די באַ־רימטע ליציניש־סעקסטישע לעגיסלאַציע, וועמעס אמתער אויסשטעל איז צו אונדז לכל הדעות דערגאַנגען אין אַ צעדרייטער פאָרם, האָט באַשטימט, אַז מהיום והלאה דאַרפן ביידע צדדים באַטראַכט ווערן ווי גלייכע ביים פאַרטיילן מלוכישע לענדע־רייען. דאָס געזעץ האָט אויך באַשטימט, אַז די גרעסערע ערד־אייגנטימער זענען מחויב צו האַלטן אַ געוויסע צאָל פרייע אַרבעטער אין פּראָפּאָרץ צו דער צאָל קנעכט, וואָס זיי האָבן באַשעפטיקט. נאָכן סוף פונעם צווייטן פּונישן קריג זענען אָבער דידאָזיקע באַשטימונגען בכלל באַטראַכט געוואָרן ווי בטל. הונדערטער קליינע פּויע־רישע ווירטשאַפטן זענען געווען חרוב ומוחרב, מחמת זייערע אייגנטימער זענען אומ־געקומען אין קריג. חוץ דעם זענען אַריינגעפאַלן צו דער מלוכה אומגעהייערע שטחים דורך דער קאָנפיסקאַציע פון די גיטער פון האַניבאַלס אָנהענגער אין איטאַליע; אָבער על־פּי־רוב זענען אָט־די לענדערייען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די שפּעקולאַנטן. די באָדן־שפּעקולאַציע האָט אָנגענומען מאוימדיקע פאָרמען. אַלע שריפטשטעלער פון יענער עפּאָכע גיבן־איבער איינשטימיק, אויף וואָס פאַראַ שענדלעכן אופן דער קליינער אייגנטימער איז באַרויבט געוואָרן פון זיין באָדן.

אומדערזעטלעכע גיריקייט נאָך פאַרמעג
רוקט־אָפּ דעם אָפּגרענעץ־שטיין פון יעדער שכנישער נחלה.
און דו שפּרייזסט־אַריבער אומעטום
דעם פויערס גרענעץ־סלופּ. אַרויסגעשטויסענע וואַנדערן
ווייב און מאַן, שלעפּנדיק מיט זיך
די שטוביקע זאַכן און די אָרעמע קינדער*).

און ווען אַפילו אין געוויסע טיילן פון דער אימפּעריע איז דער קליינער ערד־אייגנטום קיינמאָל נישט לגמרי פאַרשוואונדן געוואָרן, זענען אָבער פונדעסטוועגן אַ סך טויזנטער קליינע. באַדן־אייגנטימער רואינירט געוואָרן דורכן פּלאַנטאַציע־סיסטעם פון די לאַטיפונדיעס. די לאַטיפונדיעס, אינוויוויייט זיי האָבן נישט געפּוס־טעוועט אָדער באַנוצט געוואָרן אַלס פּאַשע־פעלד, פלעגן באַאַרבעט ווערן פון די פויערן־קנעכט, וועלכע זענען צווישן די קנעכט געווען פון די צומערגסטן באַהאַנ־דלטע. דורך אַט־דעם מין ווירטשאַפטן זענען די הכנסה־מעגלעכקייטן פון דער לאַנד־ווירטשאַפט כסדר פאַרמינערט געוואָרן, ווי דאָס פּאַסירט ביי יעדער שקלאַפן־אַר־בעט. גרויסע מאַסן פרייע אַרבעטער האָבן דורך דער אַרבעט פון די קנעכט פאַרלוירן זייער פּרנסה, און דער אַריינפיר פון תבואה פון סיציליע און אַפריקע האָט פולשטענ־דיק רואינירט אַ גרויסע צאָל קליינע פויערן.

אין די שטעט האָט מען געקאָנט זען דאָס נעמלעכע בילד. דאָרט האָט די שקלאַפן־אינדוסטריע אין די הייזער פון די רייכע אָפּגעשניטן די חיונה־קוואַלן פון אַ סך קליינע בעל־מלאכות און זיי אַריינגעשליידערט אין זעלבן אָפּגרונט ווי די קליינע פויערן און פעלדאַרבעטער. די לעצטע האָבן טויזנטערווייז אויסגעוואַנדערט אין די שטעט און פאַרגרעסערט די מחנות פונעם בעטלערישן פּראָלעטאַריאַט, וועל־כעס האָט זיך אַזוי אַרום אָפּגעוואוינט פון יעדער פּראָדוקטיווער באַשעפטיקונג און איז געווען ניצלעך דעם שטאַט בלויז דורך ברענגען קינדער אויף דער וועלט. אַט־די זיך אַרומשלענדערנדיקע, פוילע און פּוסטקעפּיקע מאַסע, וועלכע האָט זיך צוגע־וואוינט צו לעבן פון די שיריים פון די רייכע, האָט פאָרמירט די קלאַקע פאַר אַלער־ליי מינים פּאָליטישע אַוואַנטוריסטן און אויפגעקומענע גבירים, וועמעס באַצאָלטע אונטערשטיצונג איז אַזוי גוט צונוצגעקומען זייערע אַמביציעזע פּלענער. נאָך אין דער צייט פון דער רעפּובליק איז דער פאַרקויף פון די שטימען געווען אַ לייכטער קוואַל פון הכנסה פאַרן פּראָלעטאַריאַט פון די שטעט. די רייכע האָבן אָפּגעקויפט די שטימען פון די אָרעמע בירגער און זיי זענען אַזוי אַרום געווען ביכולת צו פאַר־נעמען די וויכטיקסטע שטעלעס און זיי איבערצוגעבן בירושה זייערע קינדער. בזה האופן זענען געוויסע מלוכה־שטעלעס תמיד געלעגן אין די הענט פון דיזעלביקע פאַ־מיליעס. אַ קאַנדידאַטור צו פאַרנעמען אַן עפנטלעכן פּאָסטן האָט נישט געהאַט קיין שום אויסזיכט אויף דערפאָלג, אויב דער קאַנדידאַט איז נישט געווען אימשטאַנד צו

*) האָראַץ, אָדעס, צווייט בוך, 18.

באַאײַנפֿלוסן זײַנע װײַלער דורך פֿאַרטײלונג פֿון מתנות און אײַנאָרדענונג פֿון עפֿנט־לעכע שפּילן, — בדרך־כּלל גלאַדיאַטאָרן־קאַמפֿן.

בײַ אַזאַ מצב איז שױן געװען נישט מער װי לאָגיש, אַז די השפּעה פֿון זי־גערישע מלחמה־פֿירער זאָל װערן װאָס גרעסער אױפֿן פּאָליטישן גאַנג פֿון די געשעענישן, װאָס דערמיט איז ערשט װי געהעריק אױסגעלײגט געװאָרן דער װעג פֿאַרן צעזאַריזם. פּאַקטיש איז דער איבערגאַנג פֿון דער רעפּובליק צו דער מאָנאַרכיע פֿאַר־געקומען אין רוים אָן שװעריקײטן, װעלכע זאָלן װערט זײַן דערמאָנט צו װערן. אַזעלכע מענער װי צעזאַר, קראַסוס, פּאָמפּעיוס האָבן פֿאַרשװענדט ריזיקע סומעס צו באַאַרבעטן דעם דעת־הקהל. די שפּעטערדיקע צעזאַרס האָבן אױסגענוצט אָט־דעם מעטאָד דערמיט, װאָס זײ האָבן דעם פֿאָראָל „פּאַנעם עט צירסענסעם״ (ברױט און שפּיל) פֿאַרװאַנדלט אינעם װינקלשטײן פֿון זײער אינערלעכער פּאָליטיק. בכדי אױפֿצוהאַלטן די גוטע שטימונג פֿון די דעגענערירטע פּראָלעטאַרישע מאַסן אין די שטעט, האָט מען זיך ספּעציעל געמוזט באַנוצן מיטן אַכזרישן מיטל פֿון די גלאַ־דיאַטאָרן־קאַמפֿן. טױזנטער און טױזנטער פֿון די קרעפּטיקסטע קנעכט זענען ספּע־ציעל דערצױגן געװאָרן אין אַזעלכע אײגנאַרטיקע שולן, בכדי פֿאַר די אױגן פֿון אַ צעװילדעװעטן המון זיך קעגנזײַטיק אױסצושעכטן אינעם סטאַדיום אָדער צו פֿאַר־מעסטן זײערע כּוחות מיט אױסגעהונגערטע חיות. „יעדע מאָנסטעריעזקײט — זאָגט פֿרידלענדער — האָט באַקומען איר אָנװענדונג אױף דער אַרענע; מחמת ס׳איז מסת־מא נישט געװען קײן אײן מין יסורים אָדער שרעקלעכער טױט, װעלכע זענען באַ־קאַנט פֿון דער געשיכטע און דער ליטעראַטור, מיט װעלכע דאָס פֿאָלק זאָל נישט געװען האָבן פֿאַרװײלט געװאָרן אינעם אַמפֿיטעאַטער״. דידאַזיקע מאָרדשפּילן האָבן זיך אָפֿט געצױגן במשך פֿון לאַנגע װאָכן. אַזױ װערט איבערגעגעבן, אַז טראַיאַן האָט אײנמאָל געלאָזט צונױפֿטרײַבן צען טױזנט פֿעכטער־קנעכט אױף דער אַרענע, װאו די מאױמדיקע פֿאַרשטעלונג האָט געדױערט 123 טעג. װאָס פֿאַראַ פֿאַר־װיסטנדיקע קאָנסעקװענצן פֿאַרן כאַראַקטער פֿון פֿאָלק דער באַשטענדיקער אָנבליק פֿון אַזעלכע פּחדימדיקע אַכזריותדיקײטן האָט געמוזט ברענגען, דאָס קאָן מען זיך שױן פֿאָרשטעלן.

די שטענדיק־אָנהאַלטנדיקע מלחמות האָבן במילא געמוזט פֿירן צו דעם, אַז רוים איז מיט דער צײַט מער נישט געװען ביכולת צונױפֿצובריענגען די קאַמפּס־פֿעאיקע מענער בלױז פֿון דער פֿרײַער באַפֿעלקערונג. שױן יוליוס צעזאַר האָט אָנגע־הױבן דערמיט, װאָס ער האָט אַרײַנגענומען געדונגענע זעלנער פֿון פֿרעמדע פֿעל־קער. די שפּעטערדיקע מושלים האָבן די געדונגענע זעלנערײַ פֿאַרװאַנדלט אין אַ פֿולשטענדיקן סיסטעם און געשאַפֿן אַזױ אַרום די אמתע מיליטער־מאָנאַרכיע, װע־מעס שפּראַצן ס׳האָט נאָך געהאַט פֿאַרפּלאַנצט די רעפּובליק. אָבער די פֿרעמדע גע־דונגענע זעלנער, װעלכע זענען שפּעטערצו באַשטאַנען על־פּי־רוב פֿון קעלטן, גער־מאַנען און סיריער, האָבן נישט געהאַט די אידעאָלאָגישע יסודות, לױט װעלכע די אַלטע רױמער זענען אױפֿגעהאָדעװעט און דערצױגן געװאָרן. פֿאַר זײ איז די רױ־

בערישע מלאכה געווען נישט מער ווי אַ פּראָפעסיע, וועלכע האָט זיך באַצאָלט; אָבער די „רוימישע אידעע״ איז זיי ווייניק־וואָס אָנגעגאַנגען, מחמת זי איז געווען לגמרי פרעמד צו זייער גאַנצן מהות. דעריבער האָבן די צעזאַרן געמוזט שטענדיק אין זין האָבן צופרידנצושטעלן זייערע פּרעטאָריאַנישע האָרדעס, אויב זיי האָבן נישט גע־וואָלט שטעלן אין סכנה זייער ממשלה. דעם אימפּעראַטאָר סעווערוסעס לעצטע ווערטער צו זיינע צוויי זין: „זעט, אַז אייערע זעלנער זאָל גאָרנישט פעלן און חוץ דעם מאַכט זיך גאָרנישט פון קיינעם אויף דער וועלט!״ זענען געווען דער לייטמאָ־טיוו פון צעזאַריזם איבערהויפּט.

היות אָבער ווי קיין איינער פון די צעזאַרן איז נישט געווען זיכער מיט זיין מאַכט און שטענדיק געמוזט שטיין אויף דער וואַך קעגן קאָנקורענטן פון די רייען פון זיינע אַרמייפירער און מקורבים, איז די אַרמיי דעריבער וואָס ווייטער געוואָרן אַן אַלץ קאָסטשפּיליקער אינסטרומענט, וועמעס אויסהאַלט איז כסדר געוואָרן אַלץ שווערער. אַזוי זענען די פּרעטאָריאַנער ביסלעכווייז געוואָרן דער אַנטשיידנדיקער עלעמענט אינעם שטאַט, און דער צעזאַר איז אָפט נישט געווען עפּעס אַנדערש ווי זייער געפאַנגענער. זיי האָבן אַראָפּגעזעצט מושלים און אַרויפגעזעצט אַנדערע אויפן טראָן, לויט דעם ווי ס׳איז זיי פון איינער אָדער פון דער אַנדערער זייט צוגעזאָגט געוואָרן גרעסערער זאַקרויב. יעדער נייער אויסוואַל פון אַ קייזער איז געווען פאַר־בונדן מיט דער גרינטלעכער אויספּלינדערונג פון דער מלוכישער שאַצקאַמער, וועל־כע האָט דערנאָך געמוזט באַנייס אָנגעפּולט ווערן מיט דער אָנווענדונג פון אַלערליי מינים געוואַלט־מיטלען. דעריבער זענען די פּראָווינצן כסדר און וואָס ווייטער אין אַלץ קירצערע הפסקות אויסגעקוועטשט געוואָרן ווי די שוואָמען און דאָס האָט בהדרגהדיק דערפירט צו אַ פולשטענדיקער אויסשעפּונג פון אַלע עקאָנאָמישע כו־חות. צו דעם איז נאָך געקומען דער אומשטאַנד, וואָס דער רוימישער קאַפּיטאַליזם האָט נישט אַנטוויקלט קיין שום פּראָדוקטיווע טעטיקייט, נאָר בלויז געלעבט פון רויב, און דאָס האָט נאָך געמוזט אונטעריאָגן די קאַטאַסטראָפע.

וואָס ווייטער דער צעזאַריזם האָט זיך פאַרנומען אויף אָט־דעם געפערלעכן וועג, אַלץ גרעסער איז געוואָרן די צאָל פון די פּאַראַזיטן, וועלכע האָבן זיך איינ־געביסן אינעם פאָלקס־קערפּער און זיך דערנערט פון זיינע שטאָפן. ס׳איז דערגאַנ־גען אַזוי ווייט, אַז די צעזאַרן האָבן געמוזט פאַרמשכונען זייערע „פּריוואַטע פאַר־מעגנס״ צום מלוכה־אוצר אָדער צו די פּראָצענטניקעס, בכדי צו שאַפן געלט פאַר זייערע זעלנער. מאַרק אורעליוס איז אַפילו איינמאָל געווען געצוואונגען צו ליצי־טירן עפנטלעך דאָס גאַנצע מעבל זיינס, אַריינגערעכנט די קונסט־אוצרות פון זיינע פּאַלאַצן און די טייערע בגדים פון דער קייזערן, ווען ער האָט זיך געפונען אין נויט און נישט געהאַט קיין געלט. אַנדערע האָבן געהאַלטן פאַר גלייכער אָפּצורוימען פון וועג רייכע פערזאָנען, בכדי צוצונעמען זייער פאַרמעג פאַר דער מלוכישער שאַצקאַ־מער. ווען נעראָן איז געוואויר געוואָרן, אַז די העלפט פונעם באָדן פון דער אַפריקאַ־

נער פּראָווינץ ליגט אין די הענט פון זעקס לאַטיפונדיסטן, האָט ער זיי פּשוט און פּראָסט געלאָזט דערמאָרדן, כדי צו קענען זיי ירשנען.

אַלע פּרואוון, וועלכע זענען פריער געמאַכט געוואָרן, צו מאַכן אַ סוף צו אָט־דער צרה, האָבן נישט געגעבן קיין רעזולטאַט און זיי זענען פון די באַזיצנדיקע קלאַסן דערדריקט געוואָרן מיט בלוטיקער אַכזריות. אַזוי האָבן די צוויי גראַקכוסן געמוזט באַצאָלן מיט זייער לעבן פאַר זייער געוואַגטקייט; נישט קיין בעסערע הצלחה האָבן געהאַט קאַטילינאַ און זיינע מיטבאַטייליקטע אין דער פאַרשווערונג, וועמעס אייגנטלעכע כוונות זענען יעדנפאַלס קיינמאָל נישט אויפגעקלערט געוואָרן. אויך דער גרויסער צאָל אַנדערע אויפשטאַנדן, וועלכע האָבן פון צייט צו צייט אויפגעטרייסלט די אימפּעריע און פון וועלכע ספּעציעל ספּאַרטאַקוסעס אויפשטאַנד האָט געשטעלט רוים אין אַ גרויסער סכנה, איז נישט באַשערט געווען קיין לענגערער דערפאָלג. און אַנדערש האָט דאָס נישט געקאָנט זיין, מחמת דער רוב פון די קנעכט איז געווען באַהערשט פונעם זעלביקן גייסט ווי זייערע הארן. עמערסאָנס זאָג, אַז די קללה פון דער קנעכטשאַפט באַשטייט אין דעם, „וואָס איין עק פון דער קייט איז צוגעפעסטיקט צום פוס פונעם קנעכט, בעת דער אַנדערער עק איז צוגעקאָוועט צום פון פונעם שקלאַפן־טרייבער", האָט אויך דאָ געפונען זיין באַשטעטיקונג. די אויפשטאַנדן פון די קנעכט אין רוים זענען געווען בונטן פון שלעכט־באַהאַנדלטע און פאַרצווייפלטע מענטשן, וועמען ס'האָט אָבער געפעלט יעדעס העכערע ציל. דאָרט, וואו ס'איז די אויפשטאַנדן פון די קנעכט געווען באַשערט אַ קורצער דערפאָלג, האָבן זיי נישט פאַרשטאַנען צו טאָן עפּעס בעסערס ווי נאָכצוטאָן זייערע באַלעבאַטים און שפּילן דיזעלביקע ראָל, וואָס זיי. אַזוי שטאַרק האָט דער גייסט, וועלכער איז אַרויסגעקומען פון רוים, פאַרדאָרבן די מענטשן און זיי אָפּגעפרעמדט פון יעדן מין פרייהייטלעכע געפילן. וועגן אַ קאָנקרעטער פאַרשטענדניש צווישן די אונטערדריקטע האָט אויך נישט געקאָנט זיין קיין רייד, מחמת אויך דער אויף בעטלברויט אויסגעשטעלטער פּראָלעטאַריאַט פון די שטעט האָט אַראָפּגעקוקט אויף די קנעכט ווי אויף מינדערווערטיקע באַשעפענישן. פון דאַנען האָט עס זיך גענומען, אַז די קנעכט האָבן געמוזט העלפן די באַזיצנדיקע שיכטן אונטערצודריקן די באַוועגונג פון די גראַקכוסן און פּראָלעטאַריער האָבן געהאָלפן פאַרחתמענען ספּאַרטאַקוסעס גורל.

וועלכער האָט געקאָנט זיין דער סוף פון אַ צושטאַנד, אין וועלכן אַלע גייסטיקע כוחות זענען געווען געליימט און יעדער עטישער פּרינציפּ איז צעטראָטן געוואָרן אין שמוץ? פאַקטיש איז די גאַנצע געשיכטע פונעם רוימישן צעזאַריזם געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַ לאַנגע קייט פון פּחדימדיקע גרוילטאַטן. פאַרראַט, רציחות, היהשע גרויזאַמקייט, ווילדע צעחושטקייט פון די געדאַנקען און קראַנקהאַפטיקע גיריקייט האָט באַהערשט דאָס אונטערגייענדיקע רוים. די רייכע זענען געווען איבערגעגעבן צו די פאַרשווענדערישסטע גענוסן און די באַזיצלאָזע האָבן אויך נישט געהאַט קיין אַנדערן וואונטש ווי נאָר זיך צו קענען באַטייליקן אין די־דאָזיקע געניסן, ווען אַפילו אויף אַ באַשיידענעם און מעסיקן שטייגער. אַ קליינע

מחנה מאָנאָפּאָליסטן האָט באַהערשט די אימפּעריע און אָרגאַניזירט די עקספּלואַטאַציע פון דער וועלט לויט פעסטגעשטעלטע פּרינציפּן. אינעם הויף פון די צעזאָרן האָט איין פּאַלאַץ־רעוואָלוציע איבערגעיאָגט די אַנדערע, איין בלוטיק פאַרברעכן האָט אומגעבויטן דאָס אַנדערע. אומעטום האָט געוואַכט דאָס אויג פונעם שפּיאָן; קיינער איז שוין נישט געווען זיכער אַפילו מיט זיינע אינטימסטע ענינים. אַן אַרמיי שפּיאָנען האָט באַפעלקערט דאָס לאַנד און פאַרזייט אומצוטרוי און געהיימען חשד אין אַלעמענס נשמות.

קיינמאָל פריער האָט דער גייסט פון אויטאָריטעט נישט געפייערט אַזעלכע נצחונות. רוים איז עס געווען, וועלכע האָט געשאַפן די פאָרויסיקע תנאים פאַר יענעם פאַראַכטלעכן צושטאַנד, וועלכן מ׳וואָלט געקאָנט אָנרופן קנעכטשאַפט ווי אַ פּרינציפּיעלער שטאַנדפּונקט. און בעת דער נידעריקסטער גייסט פון קנעכטשאַפט האָט פולשטענדיק קאַסטרירט די מאַסן פונעם פאָלק, איז געוואָקסן דער גרויסקייטס־שיגעון פון די דעספּאָטן און אָנגענומען אויסערגעוויינלעכע פּראָפּאָרציעס, מחמת קיינער האָט נישט געוואַגט אַרויסצוטרעטן קעגן זייערע אַכזריותדיקע קאַפּריזן. די העכסטע דיגניטאַרן פונעם רוימישן סענאַט האָבן זיך מיט יראת־הכבוד געוואָרפן אין שטויב פאַר די גאָט־הערשער און זיי אַרויסגעוויזן געטלעכן דרך־ארץ. אַ קאַליגולאַ האָט געהייסן באַשטימען זיין פערד ווי אַ מיטגליד פונעם פּריסטלעכן קאָלעגיום; אַ העליאָגאַבאַל ווידער האָט זיין פערד באַשטימט ווי אַ רוימישן קאָנסול. די מענטשלעכע פּחדנות האָט אויך דאָס אַראָפּגעשלונגען.

אויף אָט־דעם וועג איז שוין מער נישט געווען קיין אָפּשטעל. רוים האָט אין משוגע־ווילדער פאַרבלענדונג פאַרטאַכלעוועט די אוצרות פון דער גאַנצער וועלט, און ווען אַלעס איז געווען אויסגעשעפּט, איז איר מאַכט אומגעפאַלן ווי אַ בויפעליקער בנין, אין וועמעס באַלקנס דער וואָרעם פון צעפּרעסעניש איז שוין לאַנג געזעסן. פאַר אַזאַ פאָלק האָט שוין די באַפרייאונג נישט געקאָנט קומען פון זיך גופא, מחמת ס׳איז ביי אים אַוועקגעקומען יעדעס זעלבשטענדיקע געפיל. אונטער דער לאַנגדויערנדיקער הערשאַפט פון אַ געוואַלט־סיסטעם, וועלכעס איז געהאַט דערפירט געוואָרן ביז צום עקסטרעם פון משוגעת, איז ביי אים די קנעכטשאַפט געוואָרן אַ געוואוינהייט, די דערנידערונג, אַ פּרינציפּ. דער אויפשטאַנד קעגן דער „רוימישער אידעע” איז געקומען אין דער געשטאַלט פונעם קריסטנטום. אָבער דאָס אָפּשטאַרבנדיקע רוים האָט זיך נאָך אַפילו אין זיין שעה פון טויט נוקם געווען דערמיט, וואָס עס האָט מיט זיין גיפטיקן אָטעם פאַרפּעסטעט אויך יענע באַוועגונג, פון וועלכער ס׳האָט געזאָלט אַרויסקומען אַ נייע האָפענונג פאַר דער פאַרשקלאַפטער וועלט און זי אומגעביטן אין אַ קירך. אַזוי אַרום האָט זיך פון דער וועלט־הערשאַפט פונעם רוימישן שטאַט אַנטוויקלט די וועלט־הערשאַפט פון דער רוימישער קירך; אין פּויפּסטום האָט דער צעזאַריזם געפייערט זיין תחית־המתים.

# VII

## די נאַציאָנאַלע איינהייט און די ירידה פון דער קולטור

רוים און גריכנלאַנד ווי סימבאָלן. — מערב־גאָטישער פעאָדאַליזם אין שפּאַניע. — די אַראַבישע קולטור. — בליאונגס־תקופה פון די שפּאַנישע שטעט און אויטאָנאָמיע פון די געמיינדעס. — פּאָליטישע ירידה און אַפּאָגיי פון דער מאָרישער קולטור. די מלחמה צווישן צלם און האַלבער לבנה. — די שפּאַנישע „פועראָס" און שטאָט־קאָנסטיטוציעס. — די „קאָרטעס". — שפּאַניעס פעדעראַליסטישער גייסט. — דער ניצחון פונעם נאַציאָנאַלן איינהייטשטאַט. — די אינקוויזיציע ווי אַ פּאָליטישער מאַכט־אינסטרומענט. — די מפּלה פון די „קאָמונעראָס" און „בערמאַניאַס". — די דעקאַדענץ פון דער קולטור אונטערן דעספּאָטיזם. — די תקופה פון די פרייע שטעט אין איטאַליע. — דער אויפוואַך פונעם גייסטיקן לעבן. — אַנטוויקלונג פון קונסט און האַנטווערק. — די גילדן און די צייט פונעם פעדעראַליזם. — די מעגער פון דער נאַציאָנאַלער איינהייט ווי די פאַרביסענע שונאים פונעם פעדעראַליזם. — מאַדזיניס חלום און פּרודאָנס חוש פאַר ווירקלעכקייט. — דער אַבסאָלוטיזם ווי אַ צעשטערער פון דער פּראָווינציעלער פאָלקסקולטור. — ליטעראַטור און שפּראַך אינעם צוואַנגס־העמדל פונעם דעספּאָטיזם. — די רעגלאַמענטירונג פון דער אינדוסטריע. — די נאַציאָנאַלע איינהייט און דער סוף פון דער גייסטיקער קולטור אין דייטשלאַנד. — ביסמאַרקיאַניזם. — אַ בליק אינעם עתיד.

גריכנלאַנד און רוים זענען נישט מער ווי סימבאָלן. זייער גאַנצע געשיכטע איז אַן איינציקע באַשטעטיקונג פונעם גרויסן אמת, אַז וואָס שוואַכער ס'איז ביי אַ פאָלק אַנטוויקלט דער מאַכט־פּאָליטישער רעיון, אַלץ שטאַרקער געשטאַלטיקן זיך אויס די פאָרמען פון זיין קולטורעלן לעבן; און וואָס מער עס נעמען איבער די אויבערהאַנט די מאַכט־פּאָליטישע שטרעבונגען, אַלץ טיפער זינקט דער ניוואָ פון דער גייסטיקער און געזעלשאַפטלעכער קולטור, אַלץ מער שטאַרבט־אָפּ דער נאַטירלעכער דראַנג צו שעפערישקייט און יעדעס טיפע נשמהדיקע געפיל, מיט איין וואָרט — יעדער מין מענטשלעכקייט. דאָס גייסטיקע ווערט אָפּגעשאָפט דורך אַ טויטער טעכניק פון די זאַכן, וועלכע ווייס און פאַרשטייט נאָר אין חשבונות און ציפערן און איז ווייט פון יעדן מין עטישע פּרינציפּן. די קאַלטע מעכאַניזירונג פון די כוחות פאַרנעמט דאָס אָרט פון יעדן מין לעבעדיק־פיזיקער באַוועגלעכקייט פון דער

געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט. די אָרגאַניזאַציע פון די געזעלשאַפטלעכע כוחות איז שוין מער נישט קיין מיטל פאַר די העכערע צילן פונעם כלל, עפּעס אַזוינס, וואָס איז געוואָרן אָרגאַניש און אין שטענדיקער אַנטשטייאונג, זי ווערט אַ פוסטער און וויסטער זעלבסטצוועק און דערפירט בהדרגהדיק צו דער פאַרשטאַרקונג פון אַלע העכערע שעפערישע טעטיקייטן. און וואָס מער דער מענטש ווערט דורכגעדרונגען מיטן געפיל מכוח זיין אינערלעכער אומפעאיקייט, וועלכע איז דאָך בלויז דער פועל־יוצא פון אָט־דער מעכאַניזירונג, אַלץ פאַרצווייפלטער קלאַמערט ער זיך אַרום דער טויטער פאָרעם און זוכט די גאַנצע ישועה זיינע אין דער טעכניק, וועלכע צעפרעסט זיין נשמה און פאַרוואַנדלט זיין גייסט אין אַ פוסטקע. ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע, וועלכער איז, אַלס אַזיאַט, אַ קלענערער נוגע בדבר לגבי דער מערבדיקער ציוויליזאַציע, האָט אייגנעוויקלט דעם טיפערן זין פון אָט־דער דערשיינונג אין אָט־די־אינהאַלטס־פולע ווערטער:

„בעת אָט־די אָרגאַניזאַציע־מאַשין צעוואַקסט זיך, און די מאַשין־אַרבע־טער ווערן אירע חלקים, דעמאָלט בלייבט פון מענטשנס פערזענלעכקייט נאָר אַ שאָטן; אַלץ פאַרוואַנדלט זיך אין פּאָליטיק, וואָס ווערט אויסגעפירט דורך די מענטשלעכע טיילן פון דער מאַשין אָן דעם מינדסטן געפיל פון מיטלייד אָדער זיטלעכער אחריות. ס'טרעפט אפילו, אַז אויך דורך דער נשמהלאָזער מאַשינעריע פּרואווט די זיטלעכע נאַטור פון מענטשן זיך דורכצושלאָגן אַ וועג, אָבער אַלע רעדער און רימענס רוישן און קלאַפּן, אַלע כוחות פון מענטש־לעכן האַרצן פאַרפּענטען זיך אין די כוחות פון דער מענטשלעכער מאַשין און נאָר מיט גרויס מי קאָן דער זיטלעכער רצון זיך פאַרווירקלעכן אין אַ בלאַסן, צרהדיקן שאָטן פון זיין שטרעבן*).

דעריבער איז די נאַציאָנאַל־פּאָליטישע איינהייט, וועלכע באַטייט תמיד טעכניק אויפן חשבון פון קולטור, נישט קיין פּראָגרעסיוו מיטל פאַר דער שעפערישער געשטאַלטיקונגס־קראַפט פון אַ פאָלק, זי פאַרוואַנדלט זיך גיכער אין איינעם פון די גרעסטע שטרויכלונגען פון יעדער העכערער גייסטיקער קולטור. און דאָס איז אַזוי דערפאַר, וואָס זי וואַרפט אַריבער דאָס שווערגעוויכט פון אַלע געזעלשאַפטלעכע גע־שעענישן אויפן פּאָליטישן געביט און שטעלט אַווקע יעדע געזעלשאַפטלעכע טע־טיקייט אונטער דער השגחה פון דער נאַציאָנאַלער מאַשין, וועלכע דערשטיקט אינעם מענטשן יעדע אינערלעכע תשוקה צו העכערע צילן און קוועטשט אַריין אַלע אויס־דרוקן פונעם קולטורעלן לעבן אין באַשטימטע פאָרמען, וועלכע זענען צוגעפּאַסט צו די צילן פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט. די „קונסט צו הערשן איבער מענטשן" איז קיינמאָל נישט געווען די קונסט צו דערציען מענטשן, מחמת אין איר רשות האָט זי בלויז די מיטלען פאַר גייסטיקער דרעסירונג, וועלכע זענען אַוועקגעשטעלט אויף אַזאַ אופן, אַז יעדער מין לעבן אין דער מלוכה זאָל דערפירט ווערן צו אַ באַשטימ־טער נאָרמע. דערציאונג הייסט לאָזן פריי צעוויקלען די נאַטירלעכע אייגנשאַפטן און פעאיקייטן אינעם מענטשן און זיי זאָלן זיין אימשטאַנד זיך צו אַנטוויקלען

*) ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע, נאַציאָנאַליזם, זייט 17.

זעלבסטשטענדיק. אָבער די בילדונגס־דרעסירונג פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט צוימט־איין די נאַטירלעכע אַנטוויקלונג פונעם אינערלעכן מענטשן דורך דעם, וואָס זי שטעלט אים צו פון דרויסן זאַכן, וועלכע זענען אים בטבע פרעמד און וועלכע דאַרפן דאָך פונדעסטוועגן ווערן דער לייטמאָטיוו פונעם לעבן. דער „נאַציאָנאַלער ווילן”, וועלכער איז נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ פאָרזיכטיקע פאַרשלייערונג פונעם ווילן צו דער מאַכט, האָט פון אייביק־אויף געווירקט ווי אַ פּאַראַליזירנדיקער כוח אויף יעדן קולטורעלן פּראָצעס; דאָרט, וואו ער באַקומט די אויבערהאַנט, דאָרט דאַרט־איין די קולטור, ווערן פאַרשטאָפּט די קוואַלן פון דער שעפערישער גאַרעניש, מחמת מ׳נעמט צו ביי איר די חיונה, בכדי מיט איר צו שפּייזן די אַלץ־פאַרשלינגענדיקע מאַשין פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט.

גריכנלאַנד האָט אַרויסגעבראַכט אַ גרויסע קולטור און האָט באַרייכערט די מענטשהייט אויף טויזנטער יאָרן נישט אף־ע ל־פ י־כ ן, נאָר טאַקע דער־פאַר וו יי ל זי איז פּאָליטיש און נאַציאָנאַל געווען צעשפּליטערט. ווייל די פּאָלי־טישע איינהייט איז פאַר איר פאַרבליבן פרעמד, דערפאַר האָבן זיך די איינצלנע גלידער געקאָנט צעעפענען אין פולשטענדיקער פרייהייט און ברענגען צום אויס־דרוק זייער ספּעציפישע אייגנאַרטיקייט. פון דער צעשפּליטערונג פון די גריכישע שטרעבונגען צו מאַכט איז גרויס געוואָרן די גריכישע קולטור.

דערפאַר ווייל די קולטורעלע לעכצעניש צו שעפערישקייט, וועלכע האָט זיך אַזוי מעכטיק צעבליט אין די העלענישע געמיינדעס, האָט במשך פון אַ לאַנגער צייט געהאַט די אויבערהאַנט איבערן ווילן צו מאַכט פון אַ קליינער מינדערהייט, און דאָס האָט דעריבער דערמעגלעכט אַ פיל ברייטערן טעטיקייטס־געביט פאַר דער פּער־זענלעכער פרייהייט און פאַרן זעלבסטשטענדיקן דענקען, אָט דערפאַר און נאָר דערפאַר האָט די רייכע פאַרשידנאַרטיקייט פונעם קולטורעלן גאַרעניש געפונען אַן אומבאַגרענעצט טעטיקייטס־פעלד און זי האָט נישט געמוזט ברעכן רוק און לענד ביי די פאַרשטאַרטע פאַרצוימונגען פון אַ נאַציאָנאַלן איינהייטלעכן שטאַט.

רוים האָט נישט געוואוסט פון אָט־דער אינערלעכער צעשפּליטערונג; דער רעיון מכוח פּאָליטישער אויטאָנאָמיע איז געבליבן לגמרי פרעמד פאַר אירע אָנפּי־רנדיקע מענער, און די אידעע וועגן דער פּאָליטישער איינהייט ציט זיך ווי אַ רויטער פאָדעם דורך אַלע תקופות פון איר לאַנגער געשיכטע. רוים האָט אויפן געביט פון דער פּאָליטישער צענטראַליזאַציע אויפגעטאָן דאָס העכסטע, וואָס אַ מלוכה איז נאָר אימשטאַנד אויפצוטאָן, אָבער טאַקע דערפאַר האָבן די רוימער קולטורעל נישט אַרויסגעבראַכט גאָרנישט ממשותדיקס און זענען אויף אַלע געביטן פון אַ העכערער גייסטיקער קולטור געבליבן אַן אומשעפעריש פאָלק אין העכסטן גראַד, ווען ס׳איז אַפילו פאַרווערט טיפער אַריינצודרינגען אינעם גייסט פון פרעמדע קולטור־שאַפונ־גען. אַלע געזעלשאַפטלעכע כוחות, וועלכע זיי האָבן נאָר געהאַט אין זייער רשות, האָבן זיי לגמרי אויסגעגעבן פאַר פּאָליטישע שטרעבונגען צו מאַכט, שטרעבונגען, וועלכע זענען כסדר, נאָך יעדן נייעם דערפאָלג, געוואָרן שטאַרקער און לסוף גע־

שאַפֿן ביי זיי אַ בפירושע מאַכט־שיכרות, וועלכע האָט מער נישט געגומען אין באַ־טראַכט גאָרנישט מענטשלעכס און האָט זיי נישט איבערגעלאָזט נישט קיין צייט, נישט קיין פֿאַרשטענדעניש פֿאַר אַנדערע שטרעבונגען. די נאַטירלעכע קולטור־פֿעאיקייט פֿון די רוימער האָט געליטן אַ מפּלה ביים רוימישן שטאַט און דאָס צוליב זיין טעטיקייט, וועלכע איז געווען קאָנצענטרירט אויף דער דעראָבערונג און דער אויפֿהאַלטונג פֿון איר וועלט־הערשאַפֿט. די פּאָליטישע טעכניק האָט פֿאַרצערט אַלע התחלהדיקע קולטורעלע נטיות און האָט מקריב געווען אויפֿן מזבח פֿון אַ פּרעסגירי־קער מאַשין אַלע סאָציאַלע כוחות, ביז ס׳איז לסוף נישט געבליבן מער גאָרנישט צו פֿירן צו דער עקידה און דער נשמהלאָזער מעכאַניזם האָט געמוזט צונויפֿברעכן אונטער זיין אייגענער משא. דאָס איז טאַקע דער אומפֿאַרמיידלעכער סוף פֿון יעדער דעראָבערונגס־פּאָליטיק, וועלכע זשאַן פּאָל האָט אַזוי צוטרעפֿלעך אָנגעצייכנט:

„דער דעראָבערער: ווי ענלעך ביסטו אַזוי אָפֿט צו דיין רוים! אַ שלל דעראָבערטע אוצרות פֿון דער וועלט, פֿול מיט אָפּבילדער פֿון געטער און פֿון גדולים, ביסטו אַרומגערינגלט מיט פּוסטקייט און טויט. גאָרנישט גרינט אין רוים חוץ דער גיפֿטיקער זומפּ, אַלעס איז וויסט און ווילד, און קיין שום דער־פּעלע קוקט זיך אַפֿילו נישט אום אויף סאַן פּעטער־קירך. דו אַליין מיט דיינע חטאים ווערסט געשוואָלן אונטערן שטורעם, פּונקט ווי פּגרים ווערן אָנגע־דראָלן בעת אַ געוויטער“.

•

אָבער אָט־די דערשיינונגען באַגרעניצן זיך נישט בלויז אויף גריכנלאַנד און רוים; זיי קערן זיך אום אין אַלע עפּאָכן פֿון דער מענטשלעכער געשיכטע און זיי האָבן אומעטום דערפֿירט צו דיזעלביקע רעזולטאַטן. און דאָס איז אַ סימן, אַז דאָ איז פֿאַראַן אַ געוויסע בעל־כּרחודיקע אויסוויקלונג פֿון די געשעענישן, וועלכע דרינגט אַרויס אויטאָמאַטיש פֿון דער אָפּשאַצונג, וועלכע אַ פֿאָלק מאַכט סיי פֿון דער קולטור־רעלער טעטיקייט אָדער פֿונעם ווידמען זיך צו מאַכט־פּאָליטישע אויפֿגאַבן.

לאָמיר וואַרפֿן אַ בליק אויף דער געשיכטע פֿון שפּאַניע: ווען די אַראַבער זענען פֿון אַפֿריקע אַריינגעדרונגען אין דער איבערישער האַלבאינדזל, האָט זיך שוין די אימפּעריע פֿון די וועסטגאָטן געפֿונען אין מצב פֿון אינערלעכן צעפֿאַל. די גאָטן האָ־בן נאָך דער אונטעריאָכונג פֿונעם לאַנד צוגערויבט ביי די באַזיגטע איינוואוינער צוויי דריטל פֿון זייער גרונט און באָדן און זיי איבערגעגעבן בנדבה אין דער טויטער האַנט פֿון אַדל און קירך. דאָס האָט גורם געווען, אַז ס׳זאָל זיך אַנטוויקלען, באַזונ־דערס אין דרום פֿון לאַנד, אַ הערשאַפֿט פֿון גרויסע ערד־אייגנטימער און נעבן זיי אַ רויער סיסטעם פֿון פֿעאָדאַליזם, אונטער וועמעס ממשלה די הכנסה־פֿעאיקייט פֿו־נעם באָדן איז געווען וואָס ווייטער אַלץ אומגינציקער. דאָס לאַנד, וועלכעס איז אַמאָל געווען דער קאָרן־שפּייכלער פֿון רוים, איז וואָס ווייטער אַלץ מער פֿאַרוויסט געוואָרן און האָט זיך אין משך פֿון עטלעכע יאָרהונדערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ מדבר. דורך די אַכזריותדיקע רדיפֿות אויף די יידן, באַזונדערס אונטער דער ממשלה פֿון סיסעבוטאַ, וועלכער איז געשטאַנען אונטער דער פֿולשטענדיקער השפּעה פֿון דער

קירך, האָט דאָס עקאָנאָמישע לעבן באַקומען אַ שווערן קלאַפּ, מחמת האַנדל און אינדוסטריע זענען על־פּי־רוב געלעגן אין די הענט פון די יידישע קהילות. נאָכדעם ווי סיסעבוטאָ האָט אַרויסגעלאָזט אַ געזעץ, וועלכעס האָט געגעבן די יידן די ברירה אָדער זיך צו באַקערן צום קריסטנטום אָדער סקאַלפּירט און פאַרקויפט צו ווערן אַלס קנעכט, האָבן 100.000 יידן אויסגעוואַנדערט קיין גאַליע און אַנדערע 100.000 קיין אַפריקע, בעת 90.000 האָבן זיך געלאָזט שמדן. חוץ מזה איז נאָך צוגעקומען די איי־ביקע מחלוקות וועגן טראָן, ביי וועלכע ס׳האָבן געשפּילט נישט קיין קליינע ראָל דער סם און דער שטילעט, פאַרראַט און הינטעראַרומיקער מאָרד. נאָר אַזוי אַרום לאָזט זיך דערקלערן, וואָס די אַראַבער האָבן באַוויזן איינצונעמען דאָס גאַנצע לאַנד אין אַזאַ קורצער צייט און אָן אַ וויכטיקן ווידערשטאַנד.

נאָכדעם ווי דער לעצטער גאָטישער קעניג האָט געליטן אַן אַנטשיידנדיקע מפּלה פונעם פירער פון דער אַראַבישער אַרמיי, טאַריק, האָבן די אַראַבער און זייערע פאַרבינדעטע אַריינגעשטראָמט אין גרויסע מחנות אין לאַנד אַריין און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די ערשטע התחלות פון יענער גלענצנדיקער קולטור־תקופה, וועלכע האָט אַרויסגעשטעלט שפּאַניע במשך פון הונדערטער יאָר ווי דאָס ערשטע קולטורלאַנד פון אייראָפּע. בדרך כלל באַצייכנט מען יענע תקופה ווי די צייט פון דער אַראַבישער קולטור אין שפּאַניע, אָבער אָט־די באַצייכענונג איז מסתמא נישט אינגאַנצן קיין ריכטיקע, מחמת די אייגנטלעכע אַראַבער זענען געווען נאָר אַ קליי־נער ברוכטייל פון די אַריינגעדרונגענע מוסולמענער. פיל שטאַרקער זענען געווען פאַרטראָטן די בערבערן און סירער, צו וועמען ס׳איז נאָך צוגעקומען די היפּשע צאָל יידן, וועלכע האָבן גענומען אַ שטאַרק־אָנזעעוודיקן אָנטייל אינעם אויפבוי פון יענער גרויסער קולטור. ס׳איז געווען בעיקר די אַראַבישע שפּראַך, וועלכע האָט פאַראייניקט דידאָזיקע פאַרשידענע ראַסן־ און פעלקער־עלעמענטן.

דאָס לאַנד, וועלכעס איז דורכן גאָטישן פעאָדאַליזם געוואָרן לגמרי חרוב גע־וואָרן, האָט זיך אין אַ קורצער צייט פאַרוואַנדלט אין אַ בליענדיקן גאָרטן. דורכן אויסבוי פון אַן אַ שיער קאַנאַלן און דורך אַ סיסטעם פון קינסטלעכער באַוואַסע־רונג האָט זיך די אַגריקולטור אַנטוויקלט צו אַזאַ גראַד, וועלכן שפּאַניע האָט פריער קיינמאָל נישט געזען און אויך שפּעטער קיינמאָל נישט דערגרייכט. אויף דער פרוכפּעריקער ערד זענען געוואַקסן פאַלמען־ביימער, צוקער־רער, אַניל, רייז און אַ סך אַנדערע שאָר ירקות, וועלכע די אַראַבער האָבן איינגעפירט. אַ סך שטעט און דערפער האָבן באַדעקט דאָס הערלעכע לאַנד. לויט די באַשרייבונגען פון די אַראַבי־שע כראָניקער איז שפּאַניע דעמאָלט געווען דאָס לאַנד, וועלכעס האָט געהאַט צום מייסט שטעט פון גאַנץ אייראָפּע, דאָס איינציקע לאַנד, וואו די רייזנדע האָבן גע־קאָנט אָנטרעפן אויף זייער וועג חוץ אַ סך דערפער אויך צוויי אָדער דריי שטעט אין איין טאָג. אויף ביידע ברעגעס פונעם גוואַדאַלקיוויר איז אין דער בליצייט פון דער מאַרישער קולטור געווען זעקס גרויסע שטעט, דריי הונדערט שטעטלעך און 1200 ישובים.

אין די בערג, וואו ס׳זענען געווען אַ סך קוילן און אַנד. מינעראַלן, האָט די מינען־אינדוסטריע באַקומען אַזאַ פאַרנעם, צו וועלכן זי איז אַפילו היינטצוטאָג נאָך נישט דערגאַנגען. אָבער אין דער גרויסער צאָל שטעט האָבן זיך מעכטיק צע־בליט און צעוואַקסן האַנטווערק און אינדוסטריע און פאַרשפּרייט וואוילשטאַנד און העכערע קולטור־באַדערפענישן אין גאַנצן לאַנד. בלויז די וועבערייען און שפּינע־רייען האָבן באַשעפטיקט איבער צוויי מיליאָן מענטשן. בלויז אין קאָרדאָבאַ האָבן 130.000 פערזאָנען געצויגן חיונה פון דער זייד־אינדוסטריע; דאָס נעמלעכע איז געווען אין סעווילִיאַ. אין אַ גרויסער צאָל ווערקשטאָטן איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דער פיינסטער געוואַנט, אַטלאַס, דאַמאַסק און טייערע טעפּיכער און זיי האָבן ספּע־ציעל אין אויסלאַנד געהאַט אַ גוטן שם. אַראַבישע פיליגראַן־ און עמייל־אַרבעטן זענען געווען וועלטבאַרימט. שפּאַניע האָט דעמאָלט אויסגעאַרבעט די קאָסטבאַר־סטע וואָפן, די פּרעכטיקסטע פּראָדוקטן פון לעדער, די שענסטע פּראָדוקטן פון טע־פּעריי, וועמעס גאָלדפאַרביקע גלאַזור מ׳האָט ביז צום היינטיקן טאָג נישט געקאָנט שאַפן פונדאָסניי. די אַראַבער זענען עס געווען, וועלכע האָבן איינגעפירט אין איי־ראָפּע דאָס פּאַפּיר, וועלכעס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אין שפּאַניע, און פאַר־שטויסן דעם פּאַרמעט, וועלכער איז געווען פיל טייערער. מיט איין וואָרט: ס׳איז קוים געווען איין צווייג פון דער אינדוסטריע, וועלכער זאָל טעכניש נישט געווען דערגיין צום פולקאָמסטן צושטאַנד.

צוזאַמען מיט דערדאָזיקער ברילִיאַנטענער אַנטוויקלונג פונעם האַנטווערק און פון דער אינדוסטריע האָט זיך אַנטוויקלט די קונסט און וויסנשאַפט און זיי זענען דערגאַנגען צו אַזאַ הויך, אַז נאָך היינט רופט עס ביי אונדז אַרויס אַן אמתע באַ־וואונדערונג. בעת אין 10־טן און 11־טן יאָרהונדערט האָט גאַנץ אייראָפּע נישט גע־קאָנט באַרימען זיך מיט קיין איין עפנטלעכער ביבליאָטעק און בלויז געהאַט אין איר רשות צוויי אוניווערזיטעטן, וועלכע האָבן באמת פאַרדינט דעמדאָזיקן נאָמען, האָבן אין שפּאַניע אין דערזעלביקער צייט עקזיסטירט איבער זיבעציק עפנטלעכע ביבליאָטעקן, פון וועלכע די קאָרדאָבער אַליין האָט געהאַט 600.000 מאַנוסקריפּטן. חוץ דעם האָט דאָס לאַנד געהאַט זיבעצן באַרימטע אוניווערזיטעטן, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט די אוניווערזיטעטן פון קאָרדאָבאַ, סעווילִיאַ, גראַנאַדאַ, מאַלאַגאַ, כאַען, וואַלענסיאַ, אַלמעריאַ און טאָלעדאָ. אַ סך סטודענטן זע־נען געקומען פון ווייטע לענדער, בכדי צו שטודירן אין די אַראַבישע הויכשולן און זיי האָבן די ידיעות, וואָס זיי האָבן דאָרט באַקומען, צוריקגעבראַכט אין זייערע היימלענדער, וואָס דאָס האָט צוגעטראָגן נישט קיין קליינעם חלק צום שפּעטערדיקן אויפלעב פון דער וויסנשאַפט אין אייראָפּע. אַסטראָנאָמיע, פיזיק, כעמיע, מאַטע־מאַטיק, געאָמעטריע, שפּראַכוויסנשאַפט, געאָגראַפיע זענען אין שפּאַניע דערגאַנגען צו דער העכסטער מדרגה, וועלכע מ׳האָט דעמאָלט איבערהויפּט געקאָנט דערגרייכן. אַ גאָר באַזונדערן אויפלעב האָט דורכגעמאַכט די מעדיצין, וועלכע האָט אין די קריסטלעכע לענדער נישט געקאָנט פּראָגרעסירן דערפאַר, ווייל די קירך האָט גע־

דראָט מיט טויטשטראָף פאַר פּאַלמעסן די טויטע קערפּערס. קינסטלער און געלערנ־טע האָבן זיך צונויפגענומען אין ספּעציעלע פאַרבאַנדן, כדי אַזוי אַרום אָנצוגיין ווייטער און אָנצורעגן זייער שטודיום. ס׳פלעגן פאַרקומען רעגלמעסיקע קאָנגרעסן אין אַלע צווייגן פון דער וויסנשאַפט, וואו ס׳זענען באַהאַנדלט און דעבאַטירט גע־וואָרן די לעצטע דערגרייכונגען פון דער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג, און דאָס האָט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, געמוזט האָבן אַ גרויסע ווירקונג אויף דער פאַרשפּרייטונג פונעם וויסנשאַפטלעכן דענקען.

גרויסע זאַכן האָבן אויך די אַראַבער אויפגעטאָן אויפן געביט פון דער מוזיק און פון דער פּאָעזיע, וועמעס גראַציעזע פאָרמען האָבן אויך שטאַרק באַאיינפלוסט די פּאָעזיע פונעם קריסטלעכן שפּאַניע. דאָס, וואָס די אַראַבער האָבן געשאַפן אין דער אַרכיטעקטור, איז אַזוי גרויס, אַז עס ווייזט זיך אויס פאַבלהאַפטיק. צום באַ־דויערן איז דער רוב פון זייערע בעסטע ווערק געפאַלן אַ קרבן פון דער אַכזריות פון די קריסטן; אַפילו דאָרט, וואו דער פאַנאַטיזם פון די קרייצטרעגער האָט נישט אויס־געגלייכט אַלעס מיט דער ערד, האָט ער לפּחות געשטילט זיין צעשטערונגס־לוסט דורך ברוטאַלן מאַכן אַ תל פון די הערלעכסטע קונסטווערק. לכל הדעות גיבן אונדז אַזעלכע בנינים ווי דער אַלקאַסאַר פון סעוויליאַ, די גרויסע מאָשעע פון קאָרדאָבאַ און ראשית כל די אַלהאַמבראַ, אין וועלכער דער מאָרישער סטיל האָט דערגרייכט צו זיין העכסטער שלימות, אויך היינט אַ באַגריף וועגן יענער זעלטענער צייט. אין דער מאָשעע פון קאָרדאָבאַ, וועלכע מ׳האָט נאָך דער פאַרטרייבונג פון די מאָרן פאַר־וואַנדלט אין אַ קריסטלעכער קירך, איז דער געוואַלטיקער איינדרוק פון איר אינער־לעכן אויסזען מיט אירע נייגצן בראָנדזענע טויערן און 4.700 לאָמפּן על פּי רוב צעשטערט געוואָרן דורך אַ באַרבאַרישן איבערבוי, אויף אַזוי ווייט, אַז אַפילו קאַר־לאָס דער פינפטער, דער דעמאָלטיקער פאַרוואַלטער פון די קירכן, איז מיט רעכט אַרויס מיטן פאָרוואורף: „איר האָט דאָ געבויט, וואָס מ׳האָט גאַנץ גוט אויך געקאָנט בויען ערגעצאַנדערש, אָבער איר האָט צעשטערט אַזעלכעס, וואָס איז געווען איינ־ציק אין דער וועלט״.

דאָס, וואָס האָט צוגעגעבן דעם מאָרישן סטיל אַן אייגנאַרטיקן כאַראַקטער, איז געווען די שפע פון יענער אויסטערלישער אָרנאַמענטיק פון די ווענט און אינעווייניק־סטע רוימען, וועלכע קומט צום אויסדרוק אין די אַראַבעסקן. אַזוי ווי דער קאָראַן האָט פאַרווערט די מאַמינים פונעם איזלאַם צו מאָלן בילדער פון מענטשן און חיות, האָט זיך די פאַנטאַזיע פון די מאָרן געוואָרפן אויף יענעם סודותפולן שפּיל פון ליניעס, וועלכעס האָט אין זיין צאַרטער און אומדערשעפּלעכער געשטאַלטיקונגס־קראַפט אַזוי שטאַרק אָנגערעגט דעם דמיון, אַז מ׳האָט מיט רעכט געמעגט רעדן וועגן אַ „צויבער־מעשהלע פון דער ליניע״. פאַר דער קונסט פון די אַרכיטעקטן האָט זיך דעמאָלט אָנגעבאָטן אַ פיל ברייטערער שפּילפּלאַץ, מחמת די שטעט זענען דאַן געווען פיל מער באַפעלקערט און אויך היפּש מער פונאַנדערגעשפּרייט אין שטח. אַזוי צ. ב. האָט טאָלעדאָ אין דער בליצייט פון דער מאָרישער קולטור געהאַט

200.000 איינוואוינער, סעוויליאַ און גראַנאַדאַ צו 400.000. פון קאָרדאָבאַ גיבן איבער די אַראַבישע כראָניקער, אַז זי האָט געהאַט אַרומגענומען מער ווי 200.000 הייזער, צווישן זיי 600 מעטשעטן, 900 באָד־אַנשטאַלטן, אַן אוניווערזיטעט און אַ סך פאָלקס־ביבליאָטעקן.

אויך דידאָזיקע קולטור האָט זיך אַנטוויקלט אין אַ צייט פון פּאָליטישער דעצענטראַליזאַציע, וועלכע איז נישט באַאיינפלוסט געוואָרן דורך דער מאָנאַרכיסטישער פאָרעם פון דער מלוכה. אַפילו ווען אַבדעררחמאַן האָט זיך אַרויפגעצוואונגען אַלס קאַליף, האָט ער געמוזט איינגיין אויף די גרעסטע הנחות בנוגע דעם פּערזענלעכקייטס־געפיל און דעם חוש פאַר אומאָפּהענגיקייט פון דער באַפעלקערונג, מחמת ער האָט געוואוסט צו גוט, אַז אַ שטרענגע צענטראַליזאַציע פון די מלוכהשע כוחות וועט תיכף מוזן דערפירן צו אַ קאָנפליקט מיט די אַלטע קדמונותדיקע קאָנסטיטוציעס פון די אַראַבער און בערבערן, וועלכער וואָלט געווען אימשטאַנד צו צעטרייסלען די גאַנצע אימפּעריע. דאָס לאַנד איז געווען איינגעטיילט אין זעקס פּראָווינצן, וועלכע זענען פאַרוואַלטעט געוואָרן פון שטאַטהאַלטער. די גרויסע שטעט האָבן געהאַט זייערע שטאָט־פאַרוואַלטער, די קלענערע קיבוצים — זייער קאַדיס, די דערפער — זייערע צווייטראַנגיקע ריכטער אָדער „האַקימס“.

„אָט־די באַאַמטע — זאָגט פּראָפ׳ דירקס אין זיין שפּאַנישער געשיכטע — זענען פונדעסטוועגן אויף אַ געוויסן אופן געווען בלויז די פאַרמיטלער צווישן דער אימפּעריאַלער רעגירונג און די געמיינדעס. די פאַרוואַלטונג פון די לעצטע איז געווען לגמרי זעלבסטשטענדיק; ספּעציעל אין די ישובים, וואו ס׳האָבן געוואוינט צוזאַמען גאַנצע שבטים אָדער משפּחה־גרופּעס, האָט געהערשט פולשטענדיקע אויטאָנאָמיע. סיי אַראַבער און סיי בערבערן האָבן געלעבט און זיך נוהג געווען בהסכם מיט זייערע אַלטע חוקים ומשפּטים און זיי האָבן נישט דערלאָזט די אַריינמישונג פון די אויטאָריטעטן אין די ענינים פון זייער געמיינדע. די נעמלעכע פרייהייט האָבן אויך געהאַט די קריסטן, וועלכע האָבן פון צווישן זייערע אייגענע רייען אויסגעקליבן זייערע גראַפן. די לעצטע האָבן צוזאַמען מיט די בישאָפן אָנגעפירט מיט דער פאַרוואַלטונג פון דער געמיינדע און זיי זענען לגבי דער רעגירונג געווען פאַראַנטוואָרטלעך סיי פאַר דער דערפילונג פון די בירגערלעכע פליכטן מצד זייער עדה, ווי אויך פאַר דער ריכטיקער איינצאָלונג פון די שטייערן. די בישאָפן זענען אויסגעוויילט געוואָרן פריי פון זייער געמיינדע, זיי האָבן אָבער געמוזט האָבן די באַשטעטיקונג פונעם קאַליף, אויף וועמען ס׳איז געהאַט איבערגעגאַנגען דאָס סואווערענע רעכט פון די גאָטישע קעניגן. אויף אַן ענלעכן אופן זענען געווען אויסגעסדרט די בירגערלעכע פאַרהעלטענישן פון די יידן, וועמעס הויפּט־ראַבינער פלעגן על־פּי־רוב פיגורירן ווי די אָנפירער פון דער געמיינדע“*).

פאַקטיש האָבן די הערשער פון דער אָמיאַדן־דינאַסטיע במשך פון איר דריי־הונדערטיעריקער עקזיסטענץ קיינמאָל נישט באַוויזן אַריינצונעמען פעסטער די לייצעס פון דער מאַכט אין זייערע הענט און צו געשטאַלטיקן איינהייטלעכער די רעגירונג פונעם לאַנד. יעדער פּרוואו אין אָט־דער ריכטונג האָט געפירט צו ענדלאָזע

*) Gustav Dierks, Geschichte Spaniens von den frühesten Zeiten bis auf die Gegenwart, Band II S. 128, Berlin 1895.

מרידות, נעגאַציע צו צאָלן שטייערן, צום צייטווייליקן אָפּרייסן זיך פון איינצלנע פּראָווינצן און אַפילו צום געוואַלטזאַמען אַראָפּוואַרפן פונעם קאַליף. אַזוי אַרום איז די אימפּעריע געווען אַ היפּש לויזער באַשאַף, וועלכער האָט זיך אויפגעלייזט אין זיינע איינצלנע באַשטאַנדטיילן ווי נאָר הישאַם דער דריטער האָט זיך אין יאָר 1031 אָפּגעזאָגט פון זיין קאַליפן־טראָן און פאַרלאָזט די ערטער פון זיין ביז־אַהעריקער אַקטיוויטעט מיט אָט־די יאושדיקע ווערטער: „דידאָזיקע גענעראַציע איז נישט באַשאַפן געוואָרן צו הערשן און נאָך ווייניקער צו פאָלגן". קאָרדאָבאַ איז דעמאָלט געוואָרן אַ רעפּובליק און די געוועזענע אימפּעריע איז זיך פונאַנדער־געפאַלן אין אייניקע טוץ „טאַיפאַס", קליינע מלוכהלעך, וועלכע זענען מער נישט געווען אָפּהענגיק פון קיין צענטראַלער רעגירונגס־מאַכט. און דווקא דעמאָלט איז די מאַרישע קולטור דערגאַנגען צו איר העכסטן צעבלי. די קליינע געמיינדעס האָבן זיך פאַרמאָסטן איינע די אַנדערע איבערצושטייגן און זיך אויסצוצייכענען אויפן געביט פון גייסטיקן לעבן, פון דער קונסט און די וויסנשאַפטן, און דער אומקום פון דער מלוכהשער אויטאָריטעט האָט אָט־די קולטורעלע אַנטוויקלונג לגמרי נישט אָפּגעשטעלט און נישט געשעדיקט, — אדרבא, זי באַגינציקט דערמיט, וואָס זי האָט זי אויסגעהיט פון יעדן מין לעסטיקער פּאָליטישער איינצוימונג.

אויך אין קריסטלעכן שפּאַניע קאָן מען גאָר בולט באַאָבאַכטן ווי דער שטראָם פון דער קולטורעלער אַנטוויקלונג שטייגט אַרויף אָדער נידערט אַראָפּ בהסכם דער־מיט ווי די מלוכהשע מאַכט איז איינגעשרענקט אין באַשטימטע גרענעצן, אָדער באַקומט אַזאַ פאַרנעם, אַז זי באַפרייט זיך פון יעדער איינצוימונג און עס פאַלן אַריין צו איר אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. ווען די וועסטגאָטן האָבן געליטן אַ מפּלה מצד די אַראַבער, האָט זיך אַ טייל פון זייערע צעשלאָגענע חיילות אויסבאַהאַלטן אין די אַסטורישע בערג, וואו זיי האָבן געשאַפן אַ קליין נעבעכדיק מלוכהלע און פון דאָרט געמאַכט כסדרדיקע אָנפאַלן אויף דער טעריטאָריע, וועלכע איז געווען פאַרנומען פון די אַראַבער. אַזוי האָט זיך אַנטוויקלט יענע אומאויפ־הערלעכע מלחמה צווישן דעם צלם און דער האַלבער לבנה, וועלכע האָט געדויערט איבער זיבן הונדערט יאָר און פון וועלכן ס'איז אַרויסגעקומען יענע ענגע צוזאַמענ־אַרבעט צווישן דער קירך מיט די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פונעם שפּאַניערטום, וואָס האָט אַרויפגעלייגט דעם כאַראַקטעריסטישן חותם אויפן שפּעטערדיקן אייני־הייטלעכן שפּאַנישן שטאַט און דעם שפּאַנישן קאַטאָליציזם געגעבן יענעם אויס־טערלישן אויסזען, וועלכן ער האָט נישט געהאַט אין קיין שום אַנדער לאַנד.

ווען די אַראַבער האָבן בעת דער אויסוויקלונג פון אָט־די בלוטיקע און פאַר־ביטערטע קאַמפן וואָס ווייטער פאַרלוירן אַלץ מער באָדן, זענען אין אָנהויב פון 12־טן יאָרהונדערט אויפגעקומען אין צפון און מערב פון דער האַלבאינדזל נאָך אייני־קע קריסטלעכע מלוכות, אַזעלכע ווי אַראַגאָן, קאַסטיליע, נאַוואַרראַ און פּאָרטו־גאַל, וועלכע פלעגן זיך כסדר רייסן פאַר די האָר צוליב די פּרעטענזיעס אויפן כסאַ המלכות און האָבן צוליב דעם קיינמאָל נישט געקאָנט אַרויס פון די אינערלעכע

מחלוקות, ביז פערנאַנדאָ דער קאַטוילישער פון אַראַגאָן און איסאַבעל פון קאַסטי־ליע האָבן באַוויזן ביים סוף פון 15־טן יאָרהונדערט צו רעגירן איבער די אַלע פּאַר־שידענע מלוכות. אין די קלענערע מלוכות איז פריער געווען איינגעפירט די וואַל־מאָנאַרכיע, וועלכע איז ערשט שפּעטער פאַרביטן געוואָרן דורך דעם ירושהדיקן איבערגעבן דעם טראָן. אָבער שוין אַפילו שפּעטער, נאָכדעם ווי דורכן איינגעמען גראַנאַדאָ איז שוין געהאַט געפאַלן די לעצטע פעסטונג פונעם איסלאַם אין שפּאַניע און ס׳איז דורך דער חתונה צווישן פערדינאַנד און איסאַבעל אָוועקגעלייגט געוואָרן דער ערשטער פונדאַמענט פאַרן נאַציאָנאַלן איינהייטלעכן שטאַט, אַפילו נאָכ־דעם איז נאָך אַריבער אַ היפּשע צייט ביז די מאָנאַרכיע איז געווען אימשטאַנד אַרונטערצוואַרפן אונטער איר ממשלה אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פון לאַנד. „ס׳האָט נאָך נישט עקזיסטירט די נאַציע — זאָגט גאַררידאָ — נישט אויפן עקאָנאָמישן, נישט אויפן אַדמיניסטראַטיוון געביט, און אויך נישט אויפן געביט פון דער פּאָליטיק. די איינהייט האָט געהאַט איר אויסדרוק בלויז אין דער פּערזאָן פונעם מאָנאַרך, וועלכער האָט רעגירט איבער אייניקע קעניגרייכן, פון וועלכע יעדעס איינע האָט געהאַט זיין אייגענע קאָנסטיטוציע, זיין קאָדעקס, זיין מטבע און אַפילו זיין סיסטעם פון געוויכט און מאָס”... איידער דער נאַציאָנאַלער שטאַט איז געווען ביכולת אַלץ אַרומצונעמען מיט זיין מאַכט, האָט ער קודם־כל געמוזט מאַכן אַ סוף צו די אַלטע רעכטן פון די געמיינדעס און פּראָווינצן, וועמעס פרייהייטן זענען געלעגן פאַרגרונטפעסטיקט אין די אַזויגערופענע „פועראָס”. און דאָס איז נישט געווען קיין גרינגע אויפגאַבע.

ווען די אַראַבער זענען אָנגעקומען אין לאַנד אַריין, איז אַנטלאָפן בלויז אַ קליינע טייל פון דער באַפעלקערונג, בעיקר די אַריסטאָקראַטיע, וועלכע האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין די ווילדע בערג פונעם צפון. דער גרויסער רוב פון דער איבע־רישער און ראָמאַנישער איינוואוינערשאַפט און אויך אַ גרויסער טייל פון דער אָרעמער גאָטישער באַפעלקערונג איז געבליבן רואיק אין אירע אַלטע ערטער, בפרט ווען זיי האָבן באַמערקט, אַז זיי ווערן פון די זיגער באַהאַנדלט מיט איינזעעניש און מיט חשיבות. אַ סך זענען אַפילו אַריבערגעגאַנגען צום איסלאַם. אָבער אַלע, מאַכמעדאַנער און קריסטן, האָבן גענאָסן פונעם גונץ פון דער פרייער פאַרוואַלטונג פון די געמיינדעס פון די אַראַבער, בערבערן און סיריער, וועלכע האָבן איבערגע־לאָזט אַ פרייען שפּילפּלאַץ פאַר זייער געפיל פון אומאָפּהענגיקייט. נו, ווען די שפּאַ־ניער פלעגן אין משך פון אַט־די אומאויפהערלעכע קאַמפן אַרויסרייסן ביי די אַראַ־בער די אָדער יענע שטאָט אָדער גאָר אַ נייע טעריטאָריע, זענען זיי געווען גע־צוואונגען צו רעספּעקטירן די אַלטע רעכטן פון די געמיינדעס און זיי נישט צו טשע־פּען. אָבער דאָרט, וואו ס׳זענען פאַר דער דעראָבערונג פאָרגעקומען לאַנגע קאַמפן מיט דער באַפעלקערונג, וועלכע האָבן גורם געווען, אַז די איינוואוינער זאָלן מוזן אַנטלויפן אָדער פון די זיגער פאַרטיליקט ווערן, דעמאָלט האָבן זיך די לעצטע געפילט געצוואונגען אַרויסצוגעבן די נייע תושבים אַ „פועראָ”, וועלכע האָט זיי פאַרזי־

בערט ווייטגרייכנדיקע לעגאלע רעכטן און פרייהייטן. דאס איז געווען דער איינ־ציקער אופן ווירקזאם צו באשיצן די צוריק־איינגענומענע טעריטאריע קעגן א נייעם אנגריף פונעם שונא און זי צו דערהאלטן פאר די זיגער. פאראן אין דער שפאנישער ליטעראטור א גרויסע צאל באדייטנדיקע ווערק וועגן דער געשיכטע פון די דיזאזיקע שטאטישע און דארפישע געמיינדעס און זייערע „פועראס", פון וועלכע ס׳דרינגט ארויס, אז די פארוואלטונג פון דער שטאט האט געהאט איר שורש אין דער פאלקס־פארזאמלונג, צו וועלכער די איינוואוינער פלעגן יעדן זונטיק איינגעלאדן ווערן דורכן קלינגען פון די גלאקן, בכדי זיך צו בעראטן וועגן אלע אלגעמיינע ענינים און וועגן זייי אנצונעמען באשלוסן"*).

דער גייסט, וועלכער האט געהערשט אין אט־די געמיינדעס, איז געווען א דורכויס דעמאקראטישער און ער האט אייפערדיק אפגעהיט די לאקאלע רעכטן פון דער געמיינדע, שטענדיק גרייט זיי צו יעדן מאמענט צו באשיצן און באשירעמען מיט אלע פאראנענע מיטלען און זיי צו פארזיכערן קעגן יעדן פרואוו פון דער אריס־טאקראטיע און דער קרוין זיי צו שמעלערן. אין אט־די קאמפן האבן די קארפארא־ציעס פון די שטאטישע האנטווערקער געשפילט א וויכטיקע ראל; זיי זענען בכלל געווען א בוצלעכער עלעמענט אין דער רייכער, פארשידנארטיקער און זיך ענדע־רנדיקער געשיכטע פון די שפאנישע געמיינדעס, אין וועלכע ס׳האט זיך פארקער־פערט דעם פאלקס אינטערעס. אט ווי אזוי עס דריקט זיך אויס סאנקאדא:

„צווישן די פיל פארשידנדיקע פאקטארן, וועלכע האבן שטארק צוגע־האלפן צו דער ווירדיקונג און פארבעסערונג פון דער געמיינדע, פיגורירט א בשותפותדיקער עלעמענט, וועלכער האט שטארק באגינציקט די אנטוויקלונג פון יענע פאלקסטימלעכע ארגאניזאציעס. דערדאזיקער עלעמענט, וועלכער האט געהאט אין זיין רשות ריזיקע ענערגיעס, איז געווען די פראפעסיאנעלע פאראייניקונג פון דער ארבעטנדיקער באפעלקערונג, וועלכע האט געווירקט ווי א קעגנגעוויכט קעגן דער טיראניע פון די פעאדאלע באראנען, און אונ־טער וועמעס שוץ דער האנטווערקער האט באוויזן צו מאכן רעספעקטירן זיינע רעכטן. אט־די ארגאניזאציע איז גלייכצייטיק געווען אן אויסגעצייכנט מיטל צו פארבעסערן דעם עקאנאמישן מצב פון די ארבעטנדיקע אין די רעספעק־טיווע אינדוסטריעס"**).

פונקט ווי אין אנדערע לענדער אין יענער צייט, האבן זיך אויך אין שפאניע די געמיינדעס צונויפגענומען אין גרעסערע און קלענערע פעדעראציעס, בכדי בעסער און ווירקזאמער צו קאנען באשיצן זייערע אלטע רעכטן. פון אט־די פארבינדונגען און פון די שטאטישע „פועראס" האבן זיך אין די איינצלנע קריסט־לעכע מלוכות אנטוויקלט די „קארטעס", די ערשטע פרואוון פון דער פאלקס־פאר־טרעטונג, וועלכע האט זיך אין שפאניע אנגעהויבן מיט א פולן יארהונדערט פריער ווי אין ענגלאנד. פאקטיש איז דער אנדענק פון די פרייע געמיינדעס, די „מוניסי־פיאס ליבערעס", אין שפאניע קיינמאל נישט אינגאנצן פארגעסן געווארן, און אין

*) Eduardo Hinojosa, "El origen del régimen municipal en Castilla y León."
*) Práxedes Zancada, "El obrero en España", pág. 44, Barcelona, 1902.

אַלע אויפשטאַנדן, וועלכע האָבן דאָס לאַנד פון זינט הונדערטער יאָרן פון צייט צו צייט פונדאָסניי אויפגעטרייסלט, פלעגן זיי שטענדיק אַרויסטרעטן צום פאָדערגרונט. אויך די אַזויגערופענע קאַנטאָנאַליסטישע רעוואָלוציע פון 1873 איז געווען באַהויכט מיט אָט־דעם גייסט. היינטצוטאָג איז נישט פאַראַן אין אייראָפּע נאָך איין לאַנד, אין וועלכן דער גייסט פון פעדעראַליזם זאָל אַזוי טיף לעבן אין פאָלק ווי דווקא אין שפּאַניע. דאָס איז אויך די סיבה, פאַרוואָס די סאָציאַלע באַוועגונגען אין אָט־דעם לאַנד זענען ביז צום היינטיקן טאָג באַהערשט פון אַ פרייהייטלעכן גייסט, אויף אַזאַ אופן ווי מ׳מערקט אים שוין נישט אין קיין שום אַנדער לאַנד.

אין די קריסטלעכע מלוכות אין צפון פון דער איבערישער האַלבאינדזל האָט עס געדויערט היפּש לאַנג, ביז ס׳איז לחלוטין געווען צו מערקן סימנים פון עפּעס אַ קולטור. במשך פון 400 יאָר האָט זיך דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן ביי די רעשטן פון דער וועסטגאָטישער באַפעלקערונג געהאַלטן ביי די שטאַרק פרימיטיווע פאָרמען, אַזוי אַז ס׳האָט ביי זיי איבערהויפּט נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן אַ העכערער זעלבסטשטענדיקער קולטור. ווען דירקס באַמערקט אין זיין „געשיכטע שפּאַניענס״: „צפון־שפּאַניעס קולטור איז טאַקע געווען לגמרי אַנדערשדיק פון דער קולטור פונעם דרומדיקן טייל פון דער האַלבאינדזל. אויב מיר זעען דאָ ווי אַלע צווייגן פון דער מאַטעריעלער און גייסטיקער קולטור דערגייען צו זייער בליאונגס־צושטאַנד, בעת די מלוכהשע אָרגאַניזאַציע אַ שטיין־געבליבענע אויף אַ זייער נידעריקע מדרגה און מיט ווייניק פאַרענדערונגען, האָבן אָבער די פאַרהעלטענישן, וועלכע האָבן זיך געשאַפן אין צפון, גורם געווען צו דער אַנטוויקלונג פון שטאַט און צום זאָרגפעליקן קאָנטראָל פון די לעגאַלע אינסטיטוציעס״, — יאָ, ווען דירקס זאָגט דאָס, קאָנסטאַטירט ער בלויז דערמיט אַ פאַקט פון גרעסטער וויכטיקייט, וועמעס באַדייט ס׳איז אים אָבער, קאָנטיק, נישט אינגאַנצן קלאָר געוואָרן. טאַקע דערפאַר וו יי ל די מלוכהשע מאַכט האָט זיך אין אַראַבישן שפּאַניע קיינמאָל נישט געקאָנט קאָנצענטרירן ווי געהעריק, האָט זיך דאָרט די קולטור געקאָנט אַנטוויקלען אומגעשטערט, בעת זי האָט אין צפון במשך פון אַ לאַנגער צייט נישט געקאָנט קומען צום אויסדרוק, ווייל דאָרט האָבן די מאַכט־פּאָליטישע שטרעבונגען פאַרשטויסן אין הינטערגרונט אַלע אַנדערע אינטערעסן. ערשט נאָכן איינגעמען סאַראַגאָסאַ און טאָלעדאָ איז אויך דאָרט פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג, ביי וועלכער דער מאָרישער איינפלוס האָט געהאַט אַן אַנטשיידנדיקן באַדייט.

נאָר קאַטאַלוניע און ראשית כל באַרסעלאָנאַ זענען געווען אַן אויסנאַם, מחמת זיי זענען דערגאַנגען פיל פריער פאַר אַנדערע קריסטלעכע מלוכות אין שפּאַניע צו אַ הויכער מדרגה פון געזעלשאַפטלעכער און גייסטיקער קולטור. דאָס האָט זיך גענומען אַדאַנק די ענגע באַציאונגען מיט דרום־פראַנקרייך, וועלכע האָט פאַרן קרייצצוג קעגן די כופרישע אַלביגענזער באַלאַנגט צו די גייסטיק אַנטוויקלטסטע און קולטורעל צום העכסטן שטייענדיקע טיילן פון אייראָפּע. די קאַטאַלאַנער האָבן אויך נישט געמוזט אויספאָלגן דעם פּויפּסטלעכן פאַרבאָט און זיי האָבן געפירט

גרויספּאַרנעמיקע מסחרים מיט די אַראַבישע מלוכות אין דרום פון לאַנד, און דאָס האָט זיי נאַטירלעכערווייז געמוזט שטעלן אין נאָנטן קאָנטאַקט מיט דער מאַרישער קולטור. אַזוי האָט זיך אין קאַטאַלוניע אַנטוויקלט אַ פרייערע געזינונג און אַ העכערע מדרגה פונעם קולטורעלן לעבן ווי אין אַלע קריסטלעכע מלוכות פון דער האַלבאינדזל. אָט־דער אונטערשייד, וועלכן דער קעניגלעכער דעספּאָטיזם האָט פאַר די קאַטאַלאַנער געמאַכט נאָך בולטער און אים נאָך פילבאַרער אַרויסגעבראַכט אין זייער באַוואוסטזיין, ווען ער האָט ביי זיי דורך געוואַלט צוגערויבט זייערע רעכטן און פרייהייטן, האָט זיי פאַרוואַנדלט אין געשוואוירענע שונאים פון קאַסטיליע און באַשאַפן יענעם אַנטאַגאָניזם, וועלכער איז נאָך היינטצוטאָג אפילו נישט אָפּגעשוואַכט.

כל־זמן די קעניגלעכע מאַכט, וועלכע איז נאָך דער חתונה צווישן פערדינאַנד פון אַראַגאָן מיט איסאַבעל פון קאַסטיליע כסדר שטאַרקער געוואָרן, איז נאָך געווען געצוואונגען צו רעספּעקטירן די אַלטע רעכטן פון די געמיינדעס און פון די פּראָווינצן, האָט נאָך געבליט אין די שטעט אַ רייכע קולטור, וועלכע איז לכתחילה איבערגעגעבן געוואָרן צו די שפּאַניער דורך די אַראַבער און האָט זיי ביסלעכווייז אָנגערעגט צו אייגענעם שאַפן. ביים אָנהויב פון 16־טן יאָרהונדערט האָבן זיך נאָך אַלע אינדוסטריעס געפונען אין מצב פון פולן אויפבלי. די שפּאַניער האָבן זיך אויסגעלערנט פון די אַראַבער, ווי פערנאַנדאָ גאַררידאָ באַווייזט, קעמען און פאַרבן די וואָל, און די שטאָפן פון לעאָן, סעגאָוויאַ, בורגאָס און עקסטרעמאַדוראַ זענען געווען די בעסטע פון דער וועלט. אין די פּראָווינצן קאָרדאָבאַ, גראַנאַדאַ, מורסיאַ, סעווויליאַ, טאָלעדאָ און וואַלענסיאַ האָט אין דער זעלביקער צייט געבליט די זייד־אינדוסטריע און באַזאָרגט מיט חיונה די גרעסטע טייל פון דער דאָרטיקער באַפעלקערונג. דאָס לעבן אין די שטעט איז געווען ענלעך צו דער פלייסיקייט אין אַ בינשטאָק. און נעבן דער מלאכה איז אויך די קונסט, באַזונדער די אַרכיטעקטור, דערגאַנגען צו איר פּרעכטיקער אַנטוויקלונג. די קאַטעדראַלן פון בורגאָס, לעאָן, טאָלעדאָ און באַרסעלאָנאַ זענען די שענסטע עדות פאַר אָט־דער באַהויפּטונג.

דורך דער פאַראייניקונג פונעם לאַנד זענען, פאַרשטייט זיך, די אינערלעכע קעגנזאַצן צווישן די איינצלנע מלוכות, באַזונדערס צווישן קאַסטיליע און די אַנדערע טיילן פונעם לאַנד, נאָך ווייט נישט געווען אויסגעגלייכט. דעריבער האָט טאַקע די קעניגלעכע ממשלה נישט געקאָנט תיכף אַרויסטרעטן מיט אַ קלאַפּ קעגן די געמיינדעס און זי איז אָפּט געווען געצוואונגען זיך אונטערצוּוואַרפן אונטער די באַשלוסן פון די „קאָרטעס״, מחמת נאָר זי האָט איר געקאָנט באַווילִיקן דאָס געלט, אין וועלכן זי האָט זיך געניייטיקט פאַר אירע אונטערנעמונגען. אָבער פונדעסטוועגן האָט שוין דער מעכטיקער קאַרדינאַל כימענעס דע סיסנעראָס, דער קעניגן איסאַבעלס טויפפאָטער, גענומען גרייטן די קאַמפּאַניע קעגן די „ספּעציעלע רעכט״ פון די געמיינדעס. איינס פון די וויכטיקסטע ווערקצייג אין אָט־דעם

קאַמף פאַרן נצחון פונעם קעניגלעכן אַבסאָלוטיזם איז געווען די אינקוויזיציע, וועל־כע מ׳האָט אָפט באַצייכנט ווי די שאַפונג און אינסטרומענט פון דער קירך. דאָס איז אָבער נישט ריכטיק; מחמת די אינקוויזיציע איז בלויז געווען אַ באַזונדערע אָפּטיילונג אינעם רעגירונגס־אַפּאַראַט פונעם קעניגטום, וועלכע איז געווען באַ־שטימט פאַרן צוועק צו שטאַרקן די מאַכט פונעם אַבסאָלוטיזם און אים דערפירן צו זיין פולער אַנטוויקלונג. היות די שטרעבונגען צום איינפירן דעם אייגהייטלעכן נאַציאָנאַלן שטאַט זענען אין שפּאַניע געווען ענג צונויפגעוואַקסן מיט דער אייגהייט פון דער רעליגיעזער אמונה, האָבן קירך און מאָנאַרכיע געאַרבעט צוזאַמען. אָבער פונדעסטוועגן איז די קירך אין אַ פיל גרעסערן פאַרנעם געווען אַ וועקצייג אין דער האַנט פונעם קעניגלעכן דעספּאָטיזם, וועמעס פּלענער זי האָט געהאָלפן דורכפירן און וועמען זי האָט דורך איר ווילדער התמדה אין גלויבנס־ענינים געגעבן יענע אייגנאַרטיקע כאַראַקטעריסטיק, וועלכע זענען געווען פרעמד דעם אַבסאָלוטיזם פון אַלע אַנדערע לענדער. דער אמת איז, אַז די אינקוויזיציע האָט ערשט דורכן שפּאַ־נישן קעניגטום באַקומען דעם פּחדימדיקן באַדייט, וועלכער האָט איר נאָמען באַ־לאַסטעט מיט דער קללה פון אַלע שפּעטערדיקע דורות. אין זיין בוך וועגן היינ־טיקן שפּאַניע ברענגט גאַררידאָ אַ סטאַטיסטיק פונעם אַבאַט מאָנגאַיאַר, לויט וועל־כער ס׳זענען אין שפּאַניע פון 1481 ביז 1781 פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט 31.920 מענטשן; 16.759 זענען פאַרברענט געוואָרן אין בילד. די צאָל פון די שלאַכטאָפּפער, וועמעס פאַרמעג ס׳האָט צוגענומען די מלוכה, באַטרעפט 341.029 און גאַררידאָ איז מוסיף, אַז אַט־די אויסרעכענונג איז אַ זייער מעסיקע.

פערדינאַנד דער קאַטוילישער האָט באַלד גענומען פּרואוון אַרויפצוצווינגען באַשרענקונגען אויפן אַלטן געמיינדע־רעכט אין פאַרשידענע טיילן פונעם לאַנד און ער האָט דערביי אויך געהאַט אַביסל הצלחה, הגם ער האָט נאָך געמוזט זיין זייער פאָרזיכטיק און זיך געמוזט באַמיען צו פאַדעקן זיינע אמתע כוונות מיט פאַרשי־דענע תירוצים. אונטער דער ממשלה פון קאַרלאָס דעם 1־טן (דעם דייטשן קייזער קאַרל דער פינפטער) האָט די קרוין מיט פאַרטאָפּלטער התמדה זיך גענומען ווייַ־טער דורכפירן אירע כוונות אין דעם זין, און דאָס האָט טאַקע דערפירט צום גרויסן אויפשטאַנד פון די קאַסטיליאַנישע שטעט אין יאָר 1521. די מורדים האָבן פון אָנהויב געהאַט אייניקע דערפאָלגן, אָבער באַלד נאָכדעם האָט דאָס חייל פון די „קאָמונעראָס״ געליטן אַ פאַרניכטנדיקע מפּלה ביי וויליאַלאַר, און כואַן דע פּאַדי־ליאַ, דער הויפּטאָנפירער פונעם אויפשטאַנד, איז צוזאַמען מיט אייניקע פון זיינע העלפער אומגעבראַכט געוואָרן. כמעט אין דערזעלביקער צייט איז אויך דערשטיקט געוואָרן נאָך אַ בלוטיקן קאַמף דער אויפשטאַנד פון די אַזויגערופענע „כערמאַ־ניאַס״, די ברידערשאַפטן״ און האַנטווערקער־צעכן פון דער פּראָווינץ וואַלענסיאַ. דורך אַט־דעם נצחון פון דער קרוין איז צוגעגרייט געוואָרן אַ בלוטיקער סוף פאַר די אַלטע מוניציפּאַלע קאָנסטיטוציעס, וועלכע זענען געווען איינגעפירט אין די קריסטלעכע מלוכות פון שפּאַניע זינט דעם אָנפאַנג פון דעם 11־טן יאָרהונדערט.

און ווען ס'איז נאָכדעם, אונטער דער ממשלה פון פעליפּע דעם צווייטן, אויך דער־שטיקט געוואָרן אין בלוט פון די רעבעלן פון סאַראַגאָסאַ די מרידה פון די אַראַ־גאָנעזער און ס'איז דעם הויפּטריכטער לאַנוסאַ אָפּגעהאַקט געוואָרן דער קאָפּ אויפן באַפעל פונעם קאָנסטיטוציע־פאַרגוואַלטיקנדיקן דעספּאָט, איז שוין דער אַבסאָלו־טיזם געזעסן פעסט אין זאָטל און האָט שוין מער נישט געקאָנט ערנסט צעטרייסלט ווערן דורך אויפשטאַנדן אין אַנדערע טיילן פון לאַנד.

דערמיט איז אַריינגעטראָטן אין לעבן דער נאַציאָנאַלער איינהייטלעכער שטאָט אונטער דער אָנפירונג פון דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע. שפּאַניע איז געוואָרן די ערשטע גרויסמאַכט פון דער וועלט און אירע שטרעבונגען האָבן שטאַרק באַאיינ־פלוסט די אייראָפּעאישע פּאָליטיק. אָבער מיטן נצחון פונעם שפּאַנישן איינהייטלעכן שטאָט און דורך דער ברוטאַלער אונטערדריקונג פון אַלע לאָקאַלע רעכטן און פריי־הייטן, זענען אויך פאַרשטאָפּט געוואָרן די קוואַלן פון דער גאַנצער מאַטעריעלער און גייסטיקער קולטור און דאָס לאַנד איז אַריינגעפאַלן אין אַ צושטאַנד פון טרייסט־לאָזער באַרבאַריע. אפילו דער אומאויסשעפּלעכער קוואַל פון גאָלד און זילבער, וועלכער האָט כסדר געשטראָמט אין לאַנד אַריין פון די יונגע שפּאַנישע קאָלאָניעס פון אַמעריקע, האָט נישט געקאָנט אָפּהאַלטן פון דער קולטורעלער ירידה; אַדרבה, ער האָט אים נאָך אונטערגעיאָגט.

דורכן אכזריותדיקן גירוש פון די מאָרן און יידן האָט שפּאַניע פאַרלוירן אירע בעסטע האַנטווערקער און פעלדאַרבעטער; די וואונדערבאַרע באַוואַסערונגס־איינריכטונגען זענען חרוב געוואָרן און די פּרוכפּעריקע געגנטן האָבן זיך פאַרוואַנ־דלט אין מדבריות. שפּאַניע, וועלכע האָט נאָך אין דער ערשטער העלפט פון 16־טן יאָרהונדערט עקספּאָרטירט תבואה אין אַנדערע לענדער, איז שוין אין יאָר 1610 געווען געצוואונגען אַריינצופירן תבואה־קערנער פון אויסלאַנד, נישט געקוקט ־ערויף, וואָס די צאָל פון דער באַפעלקערונג האָט געהאַלטן אין כסדרדיקן פאַלן. נאָכן איינגעמען גראַנאַדאַ האָבן געלעבט אין לאַנד כמעט צוועלף מיליאָן מענטשן. אונטער דער ממשלה פון פעליפּע דעם צווייטן האָט די צאָל פון די איינוואוינער אַראָפּגענידערט צו אַכט מיליאָן בערך. אַ פאַלקסצייילונג, וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרן אין דער צווייטער העלפט פון 17־טן יאָרהונדערט, האָט שוין אָנגעוויזן אויף נישט מער ווי 6.843.672 איינוואוינער. אויב שפּאַניע איז פריער געווען אימ־שטאַנד נישט נאָר צו באַזאָרגן אירע קאָלאָניעס מיט אַלע נייטיקע אינדוסטריעלע פּראָדוקטן און נאָך דערצו אַרויספירן גאַנץ באַדייטנדיקע סכומים זייד, געוואַנט און אַנדערע פּראָדוקטן קיין אויסלאַנד, האָט זיך איצט, ביים סוף פון 17־טן יאָרהונ־דערט, דריי פערטל פון איר באַפעלקערונג געקליידט אין אויסלענדישן שטאָף. די אינדוסטריע איז געווען אין צושטאַנד פון פולשטענדיקער ירידה און אין קאַסטיליע און אַנדערע געגנטן איז די רעגירונג געווען געצוואונגען אָפּצוגעבן די ערד אין אַרענדע צו אויסלענדער. און דער סימן מובהק, וואָס איז געלעגן אויף אָט־דעם גאַנצן צושטאַנד, איז געווען, אַז דער מענטש האָט אַלס פּועל יוצא פון די כסדר־

דיקע רדיפות פאַרלוירן יעדע ליבע צו דער אַרבעט. ווער נאָר ס'האָט געקאָנט, איז געוואָרן אַ גלח אָדער זעלנער און די גייסטיקע חשכות איז געוואַקסן ביז צו מאָנ־סטרואָזישקייט. די אַרבעט איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ בזיון אויף אַזוי ווייט, אַז די אַקאַדעמיע פון מאַדריד האָט אַזוי שפּעט ווי אין יאָר 1761 אָנגעבאָטן אַ פּרע־מיע פאַר אַן אַרבעט, אין וועלכער ס'זאָל באַוויזן ווערן, אַז אַ נוצלעכע מלאכה דערנידעריקט בשום אופן נישט דעם מענטשן און איז נישט קיין מבזהדיקע פאַר זיין פּערזענלעכן כבוד.

„די נויט האָט געמינערט די גאווה און געטייט די פריהייט — זאָגט גאַררידאָ.— דער אָבערגלויבן האָט אַרויסגעבראַכט איינע פון די שרעקלעכסטע מכות, גורם זייענדיק, אַז די גרעסטע טייל פון דער עשירות זאָל אַריינפאַלן אין טויטע הענט, די תשוקה צו שאַפן זכיה־פּריווילעגיעס און איבערענטפּערן דאָס פאַרמעג דער קירך איז דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה, אַז ביים אָנהויב פון דער רעוואָלוציע אין 19־טן יאָרהונדערט איז מער ווי דריי פערטל חלקים פונעם שפּאַנישן באָדן געווען באַלאַסטעט מיט לייבאייגנשאַפט".

וואָלט מען דאָ געקאָנט אַרויסקומען מיט דער טענה, אַז די שפּאַנישע ליטע־ראַטור און מאָלעריי האָבן דערגרייכט זייער אַפּאָגיי דווקא אין דער צייט פונעם אַבסאָלוטיזם. טאָר מען זיך אָבער נישט אָפּנאַרן: דאָס, וואָס איז דעמאָלט גע־שאַפן געוואָרן, איז געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי דער גייסטיקער אָפּזאָץ פון אַ פאַרגאַנגענער צייט, וועלכער האָט באַפליגלט בלויז אַ קליינע צאָל עמינענטע קעפּ, ווענמענס שאַפונג האָט געהאַט אַ צוגאַנג און פאַרשטענדעניש ביי אַ נישט אָנזעעוודיק קלייננער מינדערהייט, בעת אין פאָלק גופא האָט עס שוין מער נישט געקאָנט האָבן קיין שום אָפּקלאַנג. דעריבער שרייבט טאָקע דירקס זייער ריכטיק:

„אינוויוויים ס'איז אמת, אַז צוזאַמען מיט דער שטאַטלעכער ירידה זע־נען אויף אַ סך געביטן פון דער קולטור דערגרייכט געוואָרן באַדייטנדיקע אויפטוען, אַז פּאָעזיע און מאָלעריי האָבן זיך קרעפטיק צעבליט, דאַרף אונדז אָבער אָט־דער פּרט נישט פאַרבלענדן די אויגן בנוגע די אמתע סיבות פון דער אַלגעמיינער ירידה, וועלכע איז דאָך סיי־ווי נישט אָפּגעשטעלט געוואָרן. אויף ענלעכע סתירות ווייזט אויך אָן דאָס קולטורעלע לעבן פון אַנדערע לענדער. די לעבנסקראַפט פון פאָלק, וועלכע איז נאָך פאַראַן געווען אין אים, איז געקומען צום אויסדרוק און זיך מאַניפעסטירט אויף יענע געביטן, אויף וועל־כע זי איז געווען אימשטאַנד צו זיין אַקטיוו אונטערן דרוק פונעם קירכלעכן און ציווילן דעספּאָטיזם".*)

די שטאַרקע אַנטוויקלונג פון דער רוסישער ליטעראַטור אונטערן צאַריזם איז אַן אויסגעצייכנטע אילוסטראַציע פאַר דער ריכטיקייט פון אָט־דער אויפפאַ־סונג. אגב האָט דערדאָזיקער גלענצנדער אויפלעב פון דער שפּאַנישער ליטעראַטור נישט לאַנג געדויערט און די שנעלע ירידה האָט זיך שפּעטער געלאָזט פילן נאָך פיל שטאַרקער.

וואָס שייך די איטאַליענישע קולטור, איז זי קיינמאָל נישט געשטאַנען אויף

*) Gustav Dierks, Geschichte Spaniens, B. II, S. 394.

אַ העכערער מדרגה ווי אין דער צייט פון 12־טן ביז צום 15־טן יאָרהונדערט, ווען די גאַנצע האַלבאינדזל איז געווען צעשפּליטערט אין אַ סך הונדערטער קליינע געמיינדעס, און ס׳האָט לגמרי ניט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן אַ נאַציאָנאַל־פּאָליטישער איינהייט. אין יענער תקופה זענען די פרייע שטעט געווען אמתע אָאַזיסן פון אַ העכערער גייסטיקער און געזעלשאַפטלעכער קולטור, וועמעס נשתוממדיקע פילזייטיקייט און שעפערישע געשטאַלטונגס־קראַפט ס׳איז פון דעמאָלט אָן קיינמאָל מער נישט דערגרייכט געוואָרן. אויב מיר זאָלן נישט האָבן אין אויג די שטאָט־רעפּובליקן פונעם אַלטן העלאַס, מוז מען זאָגן, אַז ס׳איז לחלוטין נישט פאַראַן קיין אַנדערער פּעריאָד אין דער געשיכטע פון די אייראָפּעאישע פעלקער, וועלכער זאָל אין אַזאַ קורצער צייט האָבן אַרויסגעבראַכט אַזאַ שפע אומשטערבלעכע קולטורווערק. שוין דער באַקאַנטער ענגלישער געלערנטער פראַנסיס גאַלטאָן האָט אין זיינע ווערק אָנגעוויזן אויף דעם, אַז פלאָרענץ אַליין האָט אין יענער זעלטענער עפּאָכע אַרויסגעבראַכט מער באַדייטנדיקע פּערזענלעכקייטן ווי אַלע מאָנאַרכיסטישע מלוכות פון דער דעמאָלטדיקער אייראָפּע צוזאַמענגענומען.

פּאַקטיש זענען די שטעט פון איטאַליע פון יענער צייט געגליכן צו פאַרזייעטע פרוכפּעריקע פעלדער פון גייסטיקער און קולטורעלער אַקטיוויטעט און זיי האָבן צעעפנט פאַר דער אייראָפּעאישער מענטשהייט גאַנץ נייע פּערספּעקטיוון פון אַ געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, וועלכע איז שפּעטער, דורכן אויפקום פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט, דורך דער שטייגנדיקער השפּעה פונעם האַנדלס־קאַפּיטאַל און דורך דעם, וואָס די מאַכט־פּאָליטישע תאוות האָבן באַקומען די אויבערהאַנט, אָפּגעשטויסן געוואָרן אויף גאַנץ אַנדערע וועגן. אין די איטאַליענישע שטעט איז געבוירן געוואָרן דער גייסט, וועלכער האָט זיך געבונטעוועט קעגן דער פאַרקנעכטנדיקער השפּעה פון דער קירך. דאָרט האָבן אויך באַקומען זייער ענדגילטיקן אָנרעג די צוויי פילאָזאָפישע שיטות, וועלכע זענען באַקאַנט ווי נאָמינאַליזם און רעאַליזם, נאָכדעם ווי זיי זענען באַפרוכפּערט געוואָרן פונעם אַראַבישן גייסט און האָבן נאָך פאַרן אויפקום פונעם הומאַניזם, אויפן סמך פון די באַקומענע אָנרעגונגען, שוין געגומען זוכן נייע וועגן פון דערקענטעניש. ווייל דער אמתער באַדייט פון אָט־די ביידע שיטות, — בעיקר פונעם נאָמינאַליזם אין דער שפּעטערדיקער פאַזע פון זיין אַנטוויקלונג — באַשטייט דאָך דווקא אין דעם, אַז דאָס פילאָזאָפישע דענקען, וועלכעס איז במשך פון מער ווי טויזנט יאָר געלעגן אונטער דער אַפּיטרופּסות פון דער קירכלעכער טעאָלאָגיע, האָט זיך באַנייס געפּרוּווט שטעלן אויף אייגענע פיס. ווייל ערשט דעמאָלט, ווען מ׳וועט טיף אַריינדרינגען און באַנעמען אינעם אייגענעם באַוואוסטזיין די קרומע און צעדרייטע גענג פון דער קריסטלעכער סכאָלאַסטיק, ערשט דעמאָלט וועט מען זיין אימשטאַנד צו פאַרשטיין און אָפּצושאַצן ווי געהעריק דידאַזיקע אומאָפּלייקנבאַרע ענדערונג אינעם באַנעם פון גייסטיקע ענינים. במשך פון פיר הונדערט יאָר האָט זיך דער געדאַנק פון די סכאָלאַסטיקער געדרייט אַרום די נישטיקסטע פראַגן און זיך פאַר־

לוירן אין אַ טויטן פאָרמאַליזם, וועלכער איז שוין מער נישט געווען אימשטאַנד צו עפענען פאַרן מענטשלעכן גייסט קיין נייע פּערספּעקטיוון. האָט מען זיך דאָך במשך פון צענדליקער יאָרן אַרומגעריסן וועגן דער פּלוגתא וויפל נשמות עס וואָלטן געקאָנט האָבן פּלאַץ אויף אַ שפּיץ פון אַ נאָדל! ווי אַזוי ס'איז דער ענין מיט האָבן אָפּן דעם מאָגן ביי די מלאכים! צי און ווי אַזוי קריסטוס וואָלט געווען דורכגעפירט זיין דערלייזערישע מיסיע, ווען ער וואָלט געווען געקומען אויף דער וועלט ווי אַ קאַבאַק, ווי אַ חיה אָדער ווי אַן אישה! צי אַ מייזל, וועלכעס האָט טועם געווען פון דער קריסטלעכער האָסטיע, האָט טאַקע טועם געווען פון קריסטוסעס קערפּער! און וואָס פאַרא רעזולטאַטן אַזעלכעס קאָן און מוז מיט זיך ברענגען! אַט־די און הונדערט ענלעכע שאלות און פּלוגתות האָבן במשך פון דורות באַשעפטיקט די קעפּ פון די יודע־ספר און די חריפותדיק־פּאַרפּילפּולדיקסטע דערקלערונגען האָבן געגאָלטן ווי אַ סימן פון גרויסער למדנות.

אין די שטעט האָבן זיך געשאַפן די ערשטע תנאים פאַרן באַנייאיקן אויפ־לעב פון דער וויסנשאַפט, פון וועלכער ס'איז לגמרי געוואָרן אַ תל, ווען דער קירכלעכער גייסט האָט איבערגענומען די אויבערהאַנט איבערן דענקען. האָט דאָך אין יאָר 1209 אַ קירכלעכער קאָנציל אין פּאַריז פאַרווערט די גלחים דעם שטו־דיום פון די נאַטורוויסנשאַפטלעכע שריפטן, וועלכע די קריסטלעכע וועלט האָט איבערגענומען בירושה פון דער אַלטער וועלט. שוין אין 10־טן יאָרהונדערט איז אין סאַלערנאָ אַנטשטאַנען אַ הויכשול פאַר וויסנשאַפטן, ספּעציעל פאַר מעדיצין, וואו די לערער זענען געווען בעיקר אַראַבישע און יידישע דאָקטוירים. דידאָזיקע שול האָט פיל צוגעהאָלפן צו פאַרשפּרייטן אַראַביש וויסן און אַראַבישע בילדונג אין איטאַליע און אינאייינוועגס אויך אין גאַנץ אייראָפּע, וואָס אַדאַנק דעם איז באַנייס אָנגערעגט געוואָרן דער אויפלעב פון דער וויסנשאַפט. אַ גאַנצע ריי באַ־דייטנדיקע דערפינדונגען שטאַמען פון יענער גלענצנדיקער עפּאָכע, פון וועלכע אייניקע האָבן געשאַפן די נייטיקע פאַרבאַדינגונגען פאַר די גרויסע אַנטדעקונגס־רייזעס פון סוף פון 15־טן יאָרהונדערט. די באַצויבערנדיקע פּערזענלעכקייט פון לעאָנאַרדאָ דאַווינטשי, וועלכער איז נישט נאָר געווען איינער פון די גרעסטע מייסטערס פון אַלע צייטן אויף די פאַרשידענע געביטן פון דער קונסט, נייערט ער האָט זיך אַרויסגעשטעלט ווי אַ דענקער פון ערשטער קאַטעגאָריע אויף אַלע צווייגן פון דער נאַטורוויסנשאַפטלעכער פאָרשונג און ער האָט באַזונדערס אין דער מעכאַניק אויפגעטאָן גאָר גרויסע זאַכן, איז אין זיין נשתוממדיקער פילזייטיקייט און אין זיין געניאַלער גרויסקייט בלי שום ספק דער סימבאָל פון יענער אויסטערלישער צייט, אין וועלכער דער שעפערישער אימפּולס פונעם מענטשן איז געקומען אַזוי מעכטיק צום אויסדרוק.

אין די שטעט האָט זיך צעבליט דאָס האַנטווערקעריי און דערגאַנגען צו אַ ביז פריער אומבאַקאַנטער אנטוויקלונג. די מענטשלעכע אַרבעט האָט ווידער באַ־

קומען איר חשיבות און איז מער נישט באַטראַכט געוואָרן ווי אַ חרפּה. אין די שטאָטישע געמיינדעס פון צפון־איטאַליע זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן די פיינסטע שטריקערייען, די פּרעכטיקסטע זיידענע שטאָפן. יעדע שטאָט האָט קאָנקורירט מיט די אַנדערע שטעט אין דער אויסאַרבעטונג פון קינסטלעריש־אויסגעפּאַרטיקטע פּראָדוקטן פון שטאָל, פּרעכטיקע אַרבעטן פון גאָלדשמידעריי און קעגנשטאַנדן פון טאָגטעגלעכן באַנוץ; קונסט פון שמידעריי, מעטאַלגיסעריי, מעכאַניק און אַלע אַנדערע צווייגן פון האַנטווערקערלעכער טעטיקייט זענען דערגאַנגען צו אַזאַ שלימות, אַז נאָך היינטצוטאָג רופן זיי אַרויס אונדזער באַוואונדערונג דורך זייער אומדערשעפּלעכער פאַרשידנאַרטיקייט און דער פיינקייט און מאַסיווקייט פון דער אויסענדיקונג.

אָבער דאָס, וואָס איז אין יענער בלי־עפּאָכע פון דער קולטור געשאַפן געוואָרן אויף אַלע געביטן פון דער קונסט, שטייגט איבער אַלעס, וואָס מ'האָט געזען פון זינט דעם אונטערגאַנג פון דער העלענישער וועלט. אָן אַ שיער מאָנומענטאַלע בנינים אין אַלע שטעט פון דער האַלבאינדזל זענען נאָך היינט די עדות פונעם גייסט פון יענער געוואַלטיקער תקופה, ווען דער דופק פון דער געמיינשאַפט האָט געקלאַפּט אַזוי מעכטיק, און קינסטלער, האַנטווערקער און געלערנטע האָבן זיך צונויפגעטראָפן ביים בשותפותדיקן אויפטו, בכדי צו שאַפן דאָס בעסטע, צו וואָס זיי זענען געווען פעאיק. אין די קאַטעדראַלן און ראַטהייזער פון די שטעט, אין זייערע גלאָקן־טורמען און שטאָטטויערן האָט זיך אַנטפּלעקט דער „שעפּערישער זשעניע פון די מאַסן", ווי קראָפּאָטקין האָט עס אָנגערופן, אין זיין גאַנצער גרויס און אומענדלעכער פאַרשידנאַרטיקייט; ער האָט אָנגעפילט יעדעס ווערק מיט זיין גייסט, אַריינגעבלאָזן לעבן אין יעדן טויטן שטיין, האָט פאַרקערפּערט די גאַנצע ברויזנדיקע גאַרעניש און בענקעניש, וועלכע האָט געדרימלט אינעם מענטשן און געלעכצט נאָך אַ תיקון, און צונויפגעקניפּט דעם שנור, וועלכער האָט זיי פאַראייניקט אין אַן עדה. דאָס, וואָס האָט די מענטשן צונויפגעפירט צום בשותפותדיקן ווערק, איז געווען דאָס לעבעדיקע באַוואוסטזיין פון אינערלעכער אחדות און צונויפגעבונדנקייט, וועלכעס האָט געהאַט זיין שורש אין דער געמיינשאַפט, און באַשאַפן יענע אומזעעוודיקע אייניהייט, וועלכע איז נישט אַרויפגעצוואונגען געוואָרן אויפן יחיד פון דרויסן, נייערט איז געווען דער נאַטירלעכער פּועל־יוצא פון אַ סאָציאַלן געפיל. היות דער מענטש פון יענער צייט האָט תמיד געפילט דעם לעבעדיקן באַנד, וועלכער האָט אים צונויפגעקניפּט מיט אַלע אַנדערע מענטשן, האָט דעריבער אויף אים די געזעלשאַפטלעכע אחדות און צונויפגעבונדנקייט נישט געדאַרפט אַרויפגעצווינגען ווערן דורך דרויסנדיקער געוואַלט. נאָר פון אַזאַ גייסטיקן צושטאַנד האָט געקאָנט אַרויסקומען די פרייע שאַפונג, וועלכע האָט באַפרייט אַלע שעפערישע כוחות ביים מענטשן און אַזוי אַרום דערפירט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין די געמיינדעס צו זיין פולשטענדיקער אַנטוויקלונג און

אויסלעב. ערשט אויף דעם אופן זענען געשאַפן געוואָרן די סאָציאַלע יסודות פאַרן גרויסן אַרכיטעקטאָנישן אויפטו פון יענער געוואַלטיקער צייט.

און פונקט אַזוי ווי די אַרכיטעקטור, אַזוי האָבן זיך אויך אויסגעצייטיקט די סקולפּטור און מאָלעריי און דערגאַנגען צו אַזאַ פאַרנעם, אַז מ׳קאָן געפינען זייער גלייכן נאָר אין די געמיינדעס פון די העלענען. פון זינט דער גרינדונג פון דער דרום־איטאַליענישער סקולפּטור־שול, אין דער ערשטער העלפט פון 13־טן יאָר־הונדערט, און די שאַפונגען פון ניקאָלאָ פּיסאַנאָ אין טאָסקאַנאָ, ביז צו די מייס־טערווערק פון דאָנאַטעללאָ, ווערראָקיאָ, סאַנסאָווינאָ און מיקעל אַנדזשעלאָ, האָט כמעט יעדע שטאָט אַרויסגעבראַכט אַ גאַנצע שורה אָנגעזעענע סקולפּטאָרן, וועלכע האָבן זיך אויסגעלעבט און אַקטואירט אינעם גייסט פון דער עדה, וועלכע האָט באַהויכט און באַפליגלט זייער טאַלאַנט. ס׳איז קיינמאָל נישט געווען נאָך אַזאַ תקו־פה אין דער געשיכטע, וועלכע זאָל אין אַזאַ קורצער צייט האָבן אַרויסגעגעבן אַזאַ גרויסע צאָל באַדייטנדיקע מאָלער, וועלכע זאָל אַרויסברענגען אַזאַ רחבותדיקע שפע פון גרויסע און זעלטענע ווערק. פון טשימאַבוע ביז דזשיאָטאָ, פון די פּרעס־קאָ־מאָלער פון שפּעטערדיקן טרעטשענטאָ ביז צו פראַ אַנדזשעליקאָ, מאַסאַטשיאָ און מאַסאָלינאָ, פון פּיסאַנעללאָ און קאַסטאַניאָ ביז פיליפּפּאָ ליפּפּי, פון פּיעראָ דעללאַ פראַנטשעסקאָ און זיין קרייז ביז מאַנטעניאַ און זיינע גרויסע צאָל נאָכ־גייער, פון לאָרענצאָ די קרעדי ביז ווערא גירלאַנדאַדזשאָ און באָטיטשעללי, פון פּערודזשינאָ ביז בעלליני און לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי, פון קאָררעדזשיאָ, דעל סאַר־טאָ ביז טיציאַן, מיקעל אַנדזשעלאָ און ראַפאַעל זענען כמעט אין יעדער שטאָט אויפגעקומען עמינענטע מייסטערס און זיי האָבן געגעבן דער מאָלעריי אַזאַ אויפ־לעב און שוואונג, וועלכע זי האָט ביז דעמאָלט קיינמאָל נישט געהאַט. אַ סך פון די גרויסע מייסטערס זענען געווען באַגאָבט מיט אַן איבערראַשנדיקער פילזייטי־קייט און זיי זענען אין דערזעלביקער צייט געווען טעטיק אַלס מאָלער, סקולפּ־טאָרן, בראָנדזגיסער, אַרכיטעקטן און האַנטווערקער. אַזוי האָט פינדעמאַנטע אָנ־גערופן מיקעל אַנדזשעלאָן „דער מאָן מיט די פיר נשמות״, ווייל ער האָט געמאָלן דעם לעצטן משפט, אויסגעפאַרעמט די סטאַטוע פון משהן, אויסגעאַרבעט דעם קופּאָל פון דער פּעטער־קירך און אויסגעדיכטעט סאָנעטן פון אַ געוואַלדיקער אויס־דרוקס־קראַפט. בזה האופן איז אין די איטאַליענישע שטעט געשאַפן געוואָרן אַ קולטור, וועלכע האָט אין משך פון בלויז אייניקע יאָרהונדערטער געענדערט פון גרונט־אויס דעם גאַנצן אויסזען פונעם לאַנד און געגעבן דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אַזאַ זין, וועלכן ס׳האָט פריער קיינמאָל נישט געהאַט.

אין דערזעלביקער צייט בערך האָט זיך אַנטוויקלט די איטאַליענישע שפּראַך און צוזאַמען מיט איר די ליטעראַטור פונעם לאַנד. אויב פריער האָט די אויבער־האַנט אין דער ליטעראַטור געהאַט דער סטיל פון די סיצילישע טרובאַדורן, האָט זיך איצט וואָס מער אַרויסגערוקט צום פאָדערגרונט דער טאָסקאַנישער דיאַלעקט און ער האָט דורך דער רייכער קולטור פון די טאָסקאַנישע שטעט באַקומען אַן אַלץ

גרעסערן באַדייט. אַזעלכע דיכטער ווי מיניטשעללי און דאַוואַנצאַטי האָבן געשרי־בן אין אָט־דעם דיאַלעקט, אָבער ערשט דאַנטעס גרויספּאַרנעמיקע און מעכטיקע פּאָעזיע האָט געגעבן דער שפּראַך די אומבאַצווינגבאַרע קראַפט פונעם אויסדרוק, די ווייכע פאָרעם און צאַרטן קאָלאָריט, וועלכע האָט דעם דיכטער געמאַכט פעאיק פאַרצושטעלן אַלעס, וואָס האָט באַוועגט די מענטשלעכע נשמה. און נעבן דאַנטען האָבן געשאַפן פּעטראַרקאַ און באָקאַטשיאָ און געשטאַלטיקט דעם אינסטרומענט פונעם גייסט — די שפּראַך.

יענע זעלטענע קולטור, וועלכע האָט זיך פון איטאַליע אויסגעשפּרייט איבערן רוב שטעט פון אייראָפּע און אויך דאָרטן געגעבן אַ שטויס־פאָרויס אין דער רע־קאָנסטרוקציע פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, האָט זיך אַנטוויקלט אין אַ צייט, ווען דאָס לאַנד איז פּאָליטיש געווען לגמרי צעשפּליטערט און דער רעיון וועגן נאַציאָנאַלער אייניקייט האָט נאָך נישט געהאַט אַרומגעכאַפּט די מענטשלעכע מוחות. דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען באַדעקט מיט אַ גאַנצער נעץ זעלבסטשטענדיקע קהילות, וועלכע האָבן באַשיצט און באַשירעמט זייער לאָקאַלע אומאָפּהענגיקייט מיט דערזעלביקער ענערגיע ווי דאָס האָבן געטאָן די שטאָט־רעפּובליקן פונעם אַל־טן גריכנלאַנד. אין די געמיינדעס האָבן זיך קינסטלער און האַנטווערקער צונויפ־געטראָפן בייזאַמען אין זייערע „ברידערשאַפטן” און צעכן אָדער גילדן פאַר דער גע־מיינזאַמער טעטיקייט. די צעכן זענען נישט בלויז געווען די אָנפירער און אַדמיניס־טראַטאָרס פונעם עקאָנאָמישן לעבן, זיי זענען אויך געווען דער אייגנטלעכער פונ־דאַמענט פאַר דער פּאָליטישער ראַם פון דער געמיינדע. קיין פּאָליטישע פּאַרטייען און קיין פּראָפעסיאָנעלע פּאָליטיקער אינעם היינטיקן זין האָבן נישט עקזיסטירט. יעדער צעך האָט אויסגעקליבן זיינע פאָרטרעטער צום געמיינדע־ראָט. זיי האָבן דאָרט געלאָזט הערן די פאַרלאַנגען פון זייערע אָרגאַניזאַציעס און דורך באַראַטונ־גען מיט די דעלעגירטע פון די אַנדערע צעכן פלעגט מען זיך באַמיען צו דערגיין צו אַ פאַרשטענדעניש אין אַלע וויכטיקע פראַגן אויפן יסוד פון פרייע אָפּמאַכן. און היות אַלע צעכן האָבן זיך געפילט גאָר ענג פאַרבונדן מיט די אַלגעמיינע אינ־טערעסן פון דער שטאָט, במילא איז דער אַנטשיידנדיקער פאַקטאָר ביי די אָפּשטי־מונגען געווען די צאָל פון די פאַרטראָטענע קאָרפּאָראַציעס. דערזעלביקער מאָדוס האָט אויך געגאָלטן פאַר דער פעדעראַציע פון די שטעט; די קלענסטע אָרטשאַפט האָט געהאַט דאָס נעמלעכע רעכט ווי די רייכסטע געמיינדע, מחמת זי האָט זיך דאָך אָנגעשלאָסן אינעם בונד מיטן פרייען ווילן און געהאַט דעמזעלביקן אינטערעס אין זיין טעטיקייט ווי אַלע אַנדערע געמיינדעס. אין דערזעלביקער צייט איז יעדער צעך אין דער שטאָט און יעדע שטאָט בתוך דער פעדעראַציע געווען אַ זעלבסט־שטענדיקער אָרגאַניזם, וועלכער איז געווען באַלעבאָס איבער זיינע אייגענע פינאַנ־צן, זיין אייגענעם רעכט זיך צו משפּטן און איבער זיין אייגענער אַדמיניסטראַציע און געקאָנט שליסן אָפּמאַכן מיט אַנדערע גרופּירונגען לויט זיין אייגענעם איינ־זען און זיי אויך קינדיקן. נאָר דאָס בשותּפותדיקע פון דיזעלביקע אויפגאַבן און

דיזעלביקע אינטערעסן האָט צונויפגעפירט די איינצלנע גילדן און געמיינדעס מיט די אַנדערע צו זיי ענלעכע קערפּערשאַפטן, בכדי דורך אַ פאַראייניקונג פון כוחות דורכצופירן פּלענער פון גרעסערן פאַרנעם.

די גרויסע מעלה פון אָט־דעם סיסטעם איז געלעגן אין דעם, אַז סיי די באַזונדערע מיטגלידער פון די צעכן ווי אויך זייערע רעפּרעזענטאַנטן אין דער געמיינדע זענען געווען לייכט ביכולת אַרומצונעמען אַלע פונקציעס. יעדער איינער האָט זיך אַרויסגעזאָגט און אָנגענומען באַשלוסן וועגן ענינים, וועלכע ער האָט געניי געקאָנט און וועגן וועלכע ער האָט זיך געקאָנט אַרויסזאָגן ווי אַ בקוי. ווען מ׳פאַרגלייכט אָט־די אינסטיטוציע מיט די לעגיסלאַטיווע און עקזעקוטיווע קערפּערשאַפטן פון דער היינטיקער מלוכה, זעט מען באַלד אויפן ערשטן בליק איר זיטלעכע העכערקייט און מערווערטיקייט. נישט דער היינטיקער ווילער און אויך נישט די פּערזאָן, וועלכע דאַרף אים מכלומרשט פאַרטרעטן, זענען אימשטאַנד איינגאַנצן אָדער אפילו בלויז טיילוויין אַרומצונעמען דאָס ריזיקע רעדערגעווערק פונעם צענטראַלן פּאָליטישן אַפּאַראַט. יעדער דעפּוטאַט איז כמעט טאָגטעגלעך געצוואונגען אָנצונעמען באַשלוסן וועגן פראַגן, וועגן וועלכע ער איז אַליין, פון זיין אייגענער אנשויאונג, נישט קיין בקוי און וועגן וועמעס מיינונג ער מוז זיך שטענדיק פאַרלאָזן אויף אַנדערע. אַז אַזאַ סיסטעם מוז איבערגעוואַלט דערפירן צו די ערגסטע צרות און אומגערעכטיקייטן, איז אומאָפּפרעגבאַר. און אַזוי ווי דער איינצלנער ווילער איז צוליב דעמזעלביקן טעם אויך נישט אין דער לאַגע צו קאָנען אַרומנעמען און קאָנטראָלירן די טעטיקייט פון זיין אַזויגערופענעם פאַרטרעטער, דעריבער איז די קאַסטע פון די פּראָפעסיאָנעלע פּאָליטיקער, פון וועלכע אַ סך האָבן אין זינען נאָר זייער אייגענעם אינטערעס, אויף אַזוי פיל לייכטער אימשטאַנד צו כאַפּן פיש אין מוטנע וואַסער און דורך דעם ווערט צעעפנט טיר און טויער פאַר דער זיטלעכער קאָרופּציע.

חוץ אָט־די באַשיימפערלעכע צרות, וועלכע מ׳זעט אַזוי בולט און קלאָר דווקא היינט אין אַלע פּאַרלאַמענטאַריש־רעגירטע מלוכות, איז אויך די אַזויגערופענע צענטראַלע פאַרטרעטערשאַפט דער ערגסטער מכשול פאַר יעדן געזעלשאַפטלעכן פּראָגרעס און זי שטייט אין דירעקטן ווידערשפּרוך מיט אַלע כללים פון דער נאַטירלעכער אַנטוויקלונג. די דערפאַרונג ווייזט אונז, אַז יעדע געזעלשאַפטלעכע באַנייאונג דרינגט פריער דורך און אימפּאָנירט זיך אין אַ קליינעם קרייז און ערשט ביסלעכווייז באַקומט זי אַן איינפלוס אויפן כלל. טאַקע דערפאַר איז דער פעדעראַליזם די בעסטע גאַראַנטיע פאַר אַן אומגעשטערטער אַנטוויקלונג פון די זאַכן. ווייל ער גיט יעדער געמיינדע די מעגלעכקייט אָנצונעמען אין איר אייגענעם קרייז אַלע מיטלען, וועלכע זי באַטראַכט פאַר צוועקמעסיק פאַרן וואוילשטאַנד פון אירע מיטבירגער. זי איז דעריבער ביכולת תיכף אָנצוהייבן מאַכן פּראַקטישע עקספּערימענטן, בכדי אויך מיט די פּאָזיטיווע דערפאַרונגען אויסצופּרוּוון נייע אידעען און אַזוי אַרום ווירקן דערמוטיקנדיק און אָנרעגנדיק אויף די שכנישע געמיינדעס,

וועלכע זענען בזה האופן אימשטאַנד זיך צו קאָנען אַליין איבערצייגן וועגן דער צוועקמעסיקייט אָדער אומצוועקמעסיקייט פון די איינגעפירטע באַנייאונגען. ביי די צענטראַלע רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפטן פון אונדזער צייט איז אַזאַ אָנ־שויאונגס־לעקציע לגמרי אויסגעשלאָסן, מחמת עס ליגט אין דער טבע פון דער זאַך, אַז אין אַזעלכע אינסטיטוציעס זאָלן דווקא זיין צום שטאַרקסטן פאַרטראָטן גראַד די צוריקגעשטאַנענסטע טיילן פון לאַנד. אַנשטאָט דעם, אַז די פּראָגרעסיוו־סטע און אינטעלעקטועל רירעוודיקסטע געמיינדעס זאָלן גיין פאָרויס פאַר די אַנ־דערע מיט זייער גוטן ביישפּיל, פּאַסירט דאָ פּונקט דאָס פאַרקערטע, — די פלאַכ־סטע מיטלמעסיקייט געפינט זיך שטענדיק פונאויבנאויף און דערשטיקט אין סאַמע וואָרצל יעדן חשק צו באַנייאונגען; די צוריקגעשטאַנענסטע און גייסטיק פוילסטע טיילן פון לאַנד לייגן אַרויף קייטן אויף די קולטורעל אַנטוויקלטסטע מענטשלעכע גרופּירונגען און פאַראַליזירן זייער איניציאַטיוו דורך זייער אָפּאָזיציע. אין דעם קאָן אפילו דער בעסטער וואַלסיסטעם גאָרנישט ענדערן; אדרבא, עס דערפירט אָפט נאָר צו דעם, די זאַכן צו מאַכן נאָך האָפענונגסלאָזער און נאָך פאַרצווייפלענדיקער, מחמת די רעאַקציאָנערע יאָדרע ליגט אינעם סיסטעם פון דער צענטראַלער פאַר־טרעטערשאַפט און וועט לחלוטין נישט אָנגערירט דורך די פאַרשידענע פאָרמען פונעם וואַלרעכט.

זאָל מען מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן דער הויכשטייענדיקער קולטור פון אי־טאַליעס גרויסער פעדעראַליסטישער עפּאָכע מיט דער נידעריקער קולטור פונעם נאַציאָנאַלן איינהייטלעכן שטאַט, וועלכער האָט במשך פון אַזאַ לאַנגער צייט גע־שוועבט פאַרן דמיון פון די איטאַליענישע פּאַטריאָטן ווי דער העכסטער ציל פון זייערע פאַרלאַנגען, און מ׳וועט באַלד באַגרייפן דעם טיפן חילוק צווישן צוויי געשטאַלטונגען, וועמעס קולטורעלע אויסדרוקן זענען געווען פּונקט אַזוי פאַר־שידנדיק ווי די גייסטיקע פאָרויסיקע תנאים פון זייער גאַנצן געזעלשאַפטלעכן געבוי. די אָנהענגער פון דער נאַציאָנאַלער איינהייט און ספּעציעל מאַדזיני, וועל־כער האָט זיין גאַנצע נשמה קאָנצענטרירט אויף אָט־דעם געדאַנק, זענען געווען פעסט איבערצייגט, אַז אַ פאַראייניקט איטאַליע איז באַשטימט צו מאַרשירן בראש פון אַלע אייראָפּעאישע פעלקער, בכדי אָנצוהייבן אַ נייעם פּעריאָד אין דער מענטש־לעכער געשיכטע. מיט דער גאַנצער פאַנטאַזירנדיקער התלהבות פון זיין פּאָליטישן מיסטיציזם האָט מאַדזיני דערקלערט:

„אין מיר האָט געלעבט די אמונה אין רוים. אין די מויערן פון רוים האָט זיך צוויי מאָל אַנטוויקלט דאָס לעבן ווי אַן איינהייט פון דער וועלט. בעת אַנדערע פעלקער זענען אויף אייביק פאַרשוואונדן געוואָרן, נאָכדעם ווי זיי האָבן פאַרענדיקט זייער קורצע מיסיע, און קיין איינגם פון זיי האָט זיך נישט אומגעקערט צום צווייטן מאָל צום קאַמף, איז דאָרט דאָס לעבן געווען אייביק און דער טויט לגמרי אומבאַקאַנט... פאַרוואָס זאָל נישט פון אַן אי־טאַליענישן פאָלקס דריטן רוים, וועמעס עמבלעמען האָבן געשוועבט פאַר מיי־נע אויגן, אַרויסקומען אַ דריטע גרעסערע איינהייט, וועלכע זאָל מאַכן האַר־מאָניזירן צווישן זיך הימל און ערד, רעכט און פליכט, וועלכע זאָל ברענגען

נישט צו די יחידים, נאָר צו די פעלקער, פרייע און גלייכע, דאָס וואָרט וועגן דער שאַפנדיקער פאַראייניקונג, וועגן זייער מיסיע אין אָט־דעם יאָמערטאָל?״

מאַדזיני האָט געגלייבט אין איטאַליעס געטלעכער מיסיע אין דער צוקונפטיקער געשיכטע פון אייראָפּע און געגלייבט האָט ער אין דעם מיט דער מיסטישער התלהבות פון אַ רעליגיעזן פאַנאַטיקער. זי איז געווען פאַר אים דער גייסטיקער תנאי פון דער „אוניטאַ איטאַליאַנאַ״, מחמת נאָר דורך איר האָט געקאָנט דורכגעפירט ווערן בפועל ממש איטאַליעס „היסטאָרישע מיסיע״. פאַר אים איז די נאַציאָנאַלע איינהייט קודם־כל געווען אַן ענין פון מאַכט, ווייל הגם ער האָט דעם באַגריף פאָלק קיינמאָל נישט אַרויסגעלאָזט פון זיין מויל, איז אָבער פאַר אים דאָסדאָזיקע פאָלק תמיד געווען אַן אַבסטראַקטער באַגריף, וועלכן ער האָט געזוכט צוצופּאַסן צום מהות פון זיין נאַציאָנאַלן שטאַט. נאָר פון דער פּאָליטישער איינהייט האָט געקאָנט געשאַפן ווערן פאַר איטאַליע דער כוח, וועלכער זאָל עס מאַכן פעאיק פאַר דער דערפילונג פון זיין מכלומרשטער מיסיע. פון דאַנען קומט דאָס מאַדזיניס אויסגעשריי קעגן דעם פעדעראַליזם:

„דאָס יונגע איטאַליע איז אוניטאַריש, מחמת אָן איינהייט איז נישט מעגלעך קיין אמתע נאַציע, מחמת אָן איינהייט איז נישט פאַראַן קיין מאַכט, און איטאַליע, וועלכע איז אַרומגערינגלט פון אוניטאַרישע נאַציעס, וועלכע זענען קרעפטיק און אייפערזיכטיק, מוז קודם־כל זיין מעכטיק. דער פעדעראַליזם וועט עס דערפירן צו דער מאַכטלאָזיקייט פון דער שווייץ און זי וועט ווילנדיק־נישט־ווילנדיק מוזן אַרונטערפאַלן אונטערן איינפלוס פון דער אָדער יענער שכנעסדיקער נאַציע. דער פעדעראַליזם וועט אויפלעבן די היינט שוין פאַרגעסענע ריוואַליטעט צווישן די פאַרשידענע אָרטשאַפטן און אַזוי אַרום צוריקשטויסן איטאַליע צום מיטלאַלטער... ווי אַ פּועל־יוצא פון דער צעשטערונג פון דער איינהייט פון דער גרויסער איטאַליענישער משפּחה, וואָלט דער פעדעראַליזם געמאַכט לגמרי דורכפאַלן די מיסיע, וועלכע איטאַליע איז באַרופן דורכצופירן אין דער מענטשהייט. *)

מאַדזיני און זיינע אָנהענגער האָט געהאָפט, אַז דער רעזולטאַט דערפון, וואָס איטאַליע וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן איינהייטלעכן נאַציאָנאַלן שטאַט, וועט זיין אַ שטאַרקער אויפלעב פון דער איטאַליענישער קולטור, וועלכע וועט, נאָכדעם ווי זי וועט זיך באַפרייען פון די קייטן פון דער פרעמדער הערשאַפט, זיך צעבליען צו אַן אומגעדאַכטער גרויס. אָבער קודם־כל האָט די איטאַליענישע איינהייטלעכקייט געדאַרפט פאַרגרונטפעסטיקן די איטאַליענישע פרייהייט און מאַכן אַ סוף צו יעדער מין קנעכטשאַפט. ווי אָפט האָבן די איטאַליענישע פּאַטריאָטן מיט איבערגעטריבענע ליבווערטער פאַרהערלעכט די נאַטירלעכע גאַרעניש נאָך פרייהייט מצד די איטאַליענער און ספּעציעל דאָס אונטערגעשטראָכן מיט אינערלעכער גאווה לגבי די פראַנצויזן. קאַרלאָ פּיסאַקאַנע, דער פייערדיקער סאָציאַליסטישער פּאַטריאָט, וועלכער איז, אַגב, נישט געווען קיין חסיד פון מאַדזיניס פּאָליטישער מעטאַ־

*) Allgemeine Unterweisung für die Verbrüderung des jungen Italiens, 1831; Aus Mazzinis politischen Schriften, B. I. S. 105, Leipzig 1911.

פיזיק, אָבער פון אים שטאַרק געהאַלטן אַלס מענטש, און וועלכער איז געפאַלן פאַר דער באַפרייאונג פון זיין לאַנד אין יאָר 1851, האָט זיך אַרויסגעזאָגט שטאַרק אומגינציק וועגן די פראַנצויזן אין זיין גרויסן ווערק „סאַדזשי סטאָריקאָ־פּאָליטי־טשי־מיליטאַרי סול׳איטאַליאַ”. ער האָט זיי באַצייכנט ווי אַ פאָלק אָן אַ זין פאַר פרייהייט, וועלכעס טראָגט זיך טאָקע שטענדיק אַרום מיט דער פרייהייט אויף די ליפּן, אָבער אינערלעך איז עס לגמרי פאַרשקלאַפט און אין זיין גייעג נאָך באַ־רימטקייט, איז עס גרייט זיך צו וואַרפן יעדן דעספּאָט אויפן האַלדז. לגבי דעם האָט ער אַרויסגעשטעלט די אינסטינקטיווע ליבע צו פרייהייט פון די איטאַליע־נער, וועלכע וואָלטן קיינמאָל און בשום אופן נישט איבערגעגעבן זייער גורל ווי אַן אונטערטעניקע סטאַדע אין די הענט פון וועלכער ס׳איז דינאַסטיע, און ער האָט כסדר איבערגעחזרט, אַז אַ פאַראייניקט איטאַליע וועט קאָנען אויפקומען און האָבן אַ קיום נישט דורכן כוח פון אַ פריווילעגירטער מינדערהייט, נייערט דורך דע־ פרייהייט פונעם פאָלק. מאַדזיני און דער רוב פון זיינע אָנהענגער האָבן אויך נישט געהאַט קיין בעסערע מיינונג וועגן פראַנקרייך און זיי האָבן דאָס לגמרי נישט פאַרהוילן.

דידאָזיקע מענטשן איז לחלוטין נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס, וואָס זיי האָבן געוואָלט און אויסן געווען, וועט בלי שום ספק מוזן פירן צו דעם, וואָס זיי האָבן פאַרגעוואָרפן די פראַנצויזן. קיין שום אייגהייטלעכער שטאַט האָט נאָך ביז היינ־טיקן טאָג נישט צעעפנט קיין ברייטערע פּערספּעקטיוון פאַר די קולטורעלע שטרע־בונגען, נייערט, אדרבא, דערפירט צו אַ פאַראָרעמונג און ירידה פון אַלע העכערע קולטורעלע פאָרמען. דער פּועל־יוצא פון יעדער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אייגהייט איז שטענדיק געווען די אויסברייטערונג פון די מאַכט־פּאָליטישע כוונות פון אַ קליינער מינדערהייט, און דערגרייכט איז דאָס געוואָרן פאַרן פרייז פון דער ירידה פון דער גייסטיקער קולטור. אָבער בעיקר האָט די נאַציאָנאַלע אייגהייט קיינמאָל נישט פאַרגרונטפעסטיקט די פרייהייט פון אַ פאָלק, נייערט תמיד גיכער אָוועקגע־שטעלט די אינערלעכע פאַרקנעכטונג בהסכם מיט באַשטימטע נאָרמען, וועלכע מ׳האָט דערנאָך געלאָזט אויסרופן ווי פרייהייט. פיסאַקאַנע האָט זיך טאָקע געמעגט אַרומטראָגן מיט דער אילוזיע, אַז אַן אמתע נאַציע קאָן אין אירע רייען נישט טאָ־לערירן קיין פריווילעגירטע קלאַסן, שטאַנדן אָדער קאַסטן, אָבער די דערפאַרונג באַווייזט כסדר, אַז דער נאַציאָנאַלער שטאַט איז שטענדיק אויסן צו שאַפן באַ־שטימטע פּריווילעגיעס און איינצוטיילן די באַפעלקערונג אין קאַסטן און שטאַנדן, מחמת די גאַנצע עקזיסטענץ זיינע איז פאַרגרונטפעסטיקט אויף אַט־דער איינ־טיילונג. ווי קלאָר און איבערצייגנדיק האָט פּרודאָן פאָרויסגעזאָגט מאַדזינין און זיינע חסידים, וואָס אַזוינס די איטאַליענישע אייגהייט איז אימשטאַנד צו ברענגען:

„מיט דער צענטראַליזאַציע פונעם עפנטלעכן לעבן — דאָס איז דער נאָ־מען, וועלכער דאַרף אינדעראמתן געגעבן ווערן דער אַזויגערופענער אייגהייט — גייט לאיבוד דער גאַנצער פּרימיטיווער כאַראַקטער פון די פאַרשידנדיק־

סטע געגנטן פון אַ לאַנד. אַ צענטראַליזירטע מלוכה פון זעקסאונצוואַנציק
מיליאָן נפשות, ווי איטאַליע וואָלט געווען, פאַרשלינגט די גאַנצע פרייהייט
פון די פּראָווינצן און געמיינדעס לטובת אַ העכערער מאַכט, — דער רעגי־
רונג. וואָס איז דאָס אַזוינס אינדעראמתן אָט־די איינהייט פון דער נאַציע?
דאָס איז דאָס בטל ומבוטל ווערן פון יעדער באַזונדערער פעלקערשאַפט, אין
וועלכער די מענטשן לעבן און שיידן זיך אונטער פון אַן אַנדער, און זיך
פאַרמישן אינעם אַבסטראַקטן באַגריף פון אַ נאַציע, אין וועלכער קיינער
אָטעמט נישט און איינער קאָן נישט דעם צווייטן... בכדי צו רעגירן איבער
זעקסאונצוואַנציק מיליאָן מענטשן, ביי וועמען מ'האָט צוגערויבט דאָס רעכט
צו האָבן די דעה איבער זיך גופא, מוז מען האָבן אַ ריזיקע מאַשין; בכדי צו
מאַכן אָט־די מאַשין זיך באַוועגן, מוז מען האָבן אַן אומגעהויערע ביוראָקראַ־
טיע, אַ גאַנצע מחנה פונקציאָנאַרן. בכדי זיי צו באַשיצן. לגבי אינעווייניק
און לגבי אויסנווייניק, מוז מען האָבן אַ באַשטענדיקע אַרמיי, אין באַשטאַנד
פון אָנגעשטעלטע, זעלנער און געדונגענע. פון דעם מאָמענט אָן וועט אָט־די
אַרמיי פאַרשטעלן מיט זיך די נאַציע. מיט פופציק יאָר צוריק האָט מען אָפּ־
געשאַצט די צאָל באַאַמטע אין פראַנקרייך אין 600.000. פון זינט דעם שטאַטס־
קלאַפּ האָט זיך אָט־די צאָל נישט פאַרמינערט. די כוחות פון דער אַרמיי און
פלאָט האַלטן זיך אין געהעריקער פּראָפּאָרץ צו אָט־דער צאָל. דאָס אַלעס איז
פאַר דער אייניקייט אַן אומבאַדינגט באַדערפעניש. דאָס זענען די אַלגעמיינע
הוצאות פונעם שטאַט, הוצאות, וועלכע האַלטן זיך אין כסדרדיקן פאַרגרעסערן
אויפן סמך פון דער צענטראַליזאַציע, בעת די פרייהייט פון די פּראָווינצן
האַלטן זיך אין איין פאַרשמעלערן. דידאָזיקע גראַנדיעזע איינהייט דאַרף האָבן
באַרימטקייט, פּראַכט און גלאַנץ, לוקסוס, אַ פאַנטאַסטישע ציווילע ליסטע,
שליחים, אַמבאַסאַדאָרן, פּענסיעס, קצבות א. א. וו. אין אַזאַ מין איינהייטלע־
כער מלוכה שטרעקט יעדער אויס די האַנט. און ווער האַלט־אויס די פּאַראַזיטן?
דאָס פאָלק! ווער עס זאָגט אַרויס איינהייטלעכע נאַציע מיינט דערמיט אַ נאַ־
ציע, וועלכע איז פאַרקויפט צו איר רעגירונג... און דער ריווח פון אַזאַ איינ־
הייטס־רעזשים? דעם ריווח האָט נישט דאָס פאָלק, נייערט די רעגירנדיקע
קלאַסן און שטאַנדן אין דער מלוכה". *)

דער געניאַלער פּראַנצויז האָט קלאָר אייגגעזען די אמתע סיבות פון יעדן
מין שטרעבן צו נאַציאָנאַלער איינהייט. דאָס אַלץ, וואָס ער האָט פאָרויסגעזאָגט
די איטאַליענער, איז מקוים געוואָרן ביז צו אַלע פּרטים. אויב פּיסאַקאַנאָ און זיי־
נע פריינט האָבן געמיינט, אַז נאָר אין פראַנקרייך עקזיסטירט די מעגלעכקייט, אַז
די גאַנצע נאַציע זאָל זיך איבערענטפערן אין די הענט פון וועלכן ס'איז אַוואַנטור־
ריסט, וועלכער זאָגט איר צו דאָס טעלערל פון הימל און באַפרידיקט איר גאַרע־
ניש נאָך רום און גרויסקייטס־מאַניע, אַזוי האָט אונדז איצט מוסאָליניס ביי־
שפּיל באַוויזן, אַז די נאַציאָנאַל־פּאָליטישע איינהייט האָט אויך איטאַליע געמאַכט
צייטיק פאַר די נעמלעכע זאַכן. מחמת אויך דאָס איז אַ פּועל־יוצא פון דער מלו־
כהשער צענטראַליזאַציע. וואָס גרינטלעכער זי דערשטיקט אינעם מענטשן די פּער־
זענלעכע איניציאַטיווע און דעם ווילן צו זעלבסטהילף, אַלץ מער וואַרעמט זי אויס
אין אים די אמונה אינעם „שטאַרקן מאַן", וועלכער זאָל מאַכן אַ סוף צו אַלע צרות.
אויך דידאָזיקע אמונה איז דאָך אייגנטלעך נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַ שטיק

*) P. J. Proudhon, La Féderation et l'Unité en Italie; פּאַריז 1862, זייט 25.

פּאָליטישע רעליגיע, וועלכע פלאַנצט־איין טיף אין דעם מענטשנס נשמה דאָס גע־פיל פון זיין אָפּהענגיקייט פון אַ העכערער מאַכט.

דאָס, וואָס פּרודאָן האָט שוין דעמאָלט אַזוי קלאָר פאָרויסגעזען, דערפאַר ווייל זיין גייסטיקער אויסבליק איז נישט געווען פאַרנעפּלט דורך דער בלינדער איינגעגלויבטקייט אין דער מלוכה, דאָס קאָנען נאָך אַפילו היינט נישט איינזען אונדזערע מאָדערנע שטאַט־סאָציאַליסטן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ביז צו די פאַרשידענע פראַקציעס פונעם רוסישן באָלשעוויזם, מחמת עס האָבן זיך נאָך נישט אָפּגעטשעפּעט פון זיי די אייער־שאָלעכץ פון זייערע יאַקאָבינישע אָבות. דאָס איינציקע, וואָס די נאַציאָנאַלע איינהייט האָט געבראַכט איטאַליע, איז געווען די פאַרביוראָקראַטיזירונג פונעם עפנטלעכן לעבן און די אויסצערונג פון אַלע העכערע קולטורעלע שטרעבונגען לטובת די מאַכט־פּאָליטישע פּלענער פון זיינע מלוכה־מענער און זייערע דעה־זאָגער — דער בורזשואַזיע. ווייל די שמחה פונעם מאָ־דערנעם בורזשוי מיטן איינהייטלעכן שטאַט איז אַזוי גרויס בלויז דערפאַר, ווייל ער שאַפט אים גלענצנדיקע פּערספּעקטיוון פאַר זיין עקספּלואַטאַציע־פּאָליטיק, און אַ פעדעראַציע פון קליינע געמיינדעס וואָלט אים אַזעלכעס לגמרי נישט געקאָנט אונטערטראָגן. פאַר די מאַטעריעלע אינטערעסן פון קליינע מינדערהייטן אין לאַנד איז די נאַציאָנאַלע איינהייטלעכע מלוכה תמיד געווען אַ ברכה, בעת פאַר דער פרייהייט פונעם פאָלק און פאַר דער אַנטשטייאונג פון העכערע פאָרמען פון דער געזעלשאַפטלעכער קולטור איז עס תמיד געווען אַ קללה, אַן אומגליק.

וואָס פאַראַ פּנים ס׳האָט געהאַט דאָס גייעג נאָך דער נאַציאָנאַלער איינהייט אין פראַנקרייך, איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן אין ערשטן טייל פון אָט־דעם ווערק. אויך דאָרט האָט די אָנהויבונג פון אַלע פּאָליטישע מאַכט־מיטלען אין די הענט פונעם קעניג אויפן חשבון פון אַלע לאָקאַלע רעכט און פרייהייטן פון די געמיינדעס און פּראָווינצן דערפירט צו יענער גרענעצלאָזער וועלטמאַכט־פּאָליטיק, וועמעס טיפּישער פאָרטרעטער ס׳איז געווען לודוויק דער 14־טער און וועלכע האָט אַריינ־געשליידערט פראַנקרייך און דעם גאַנצן אייראָפּעאישן קאָנטינענט אין אַ תהום פון עלנט און גייסטיקער באַרבאַריע. אויך דאָ טאָר מען זיך נישט לאָזן פאַרבלענדן די אויגן פון דער פּראַכט און גלאַנץ פונעם פראַנצויזישן הויף. וועלכער האָט צוגעצויגן דיכטער און קינסטלער פון דער גאַנצער וועלט, בכדי צו פאַרגרעסערן זיין פּרעס־טיזש און צו מאַכן פאַרגעטערן די פּערזאָן פונעם מושל. פאַר דער פראַנצויזישער אויטאָקראַטיע איז די קונסט צונוצגעקומען פאַרן נעמלעכן צוועק ווי אַמאָל פאַר די רוימישע צעזאַרס.

דער איינהייטלעכער מאָנאַרכיסטישער שטאַט האָט לגמרי נישט באַגינציקט די אַנטוויקלונג פון אַ פאָלקסטימלעכער ליטעראַטור און קונסט, ווי דאָס ווערט אַזוי אָפט געדאַנקענלאָז נאָכגעזאָגט. אדרבא, ער איז עס געווען יענער, וועלכער האָט באַשאַפן דעם טיפן תהום צווישן דעם פאָלק און דער ליטעראַטור, וועלכער איז אין קיין שום לאַנד נישט געקומען אַזוי שאַרף צום אויסדרוק ווי דווקא אין פראַנקרייך

פונעם „אַנסיען רעזשים”. דאָס האָט זיך גענומען דערפון, וואָס דער פראַנצויזישער דעספּאָטיזם האָט זיך געיאָגט נאָך זיינע צילן מיט אַ זעלטענעם אויסדויער און אַלץ איז געווען אָנגעשטעלט אויף דער כוונה אַרונטערצואוואַרפן אונטער זיין ווילן אַלע געביטן פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, בכדי איינצופלאַנצן אין אַלע שיכטן פונעם פאָלק דעם גייסט פון דער אויטאָריטעט. פאַר דער אינערלעכער פאַרגרונטפעסטיקונג פון דער מאָנאַרכיע האָט אין פראַנקרייכס שטעט געבליט אַ רייכע קולטור, באַזונדערס אין דרום פון לאַנד, וואו דאָס גייסטיקע לעבן איז געווען פרייער און רירעוודיקער ווי אין צפון, וועלכער איז געווען דער וויכטיקסטער שטיצפּונקט פון דער קעניגלעכער מאַכט און דער קירכלעכער סכאָלאַסטיק. די לירישע פּאָעזיע פונעם פראַנצויזישן מיטלאַלטער איז אַן אויסערגעוויינלעך רייכע אין איר אינהאַלט און זי איז שטאַרק באַגינציקט געוואָרן דורך דער גראַציעזער עלאַסטישקייט פון דער פּראָווענסאַלישער שפּראַך. אָבער דאָס אַלעס האָט זי געשעפּט פון די קוואַלן פונעם פאָלקסטום און האָט אין לעבן גופא געפונען איר טיפסטן יסוד. אויף די פּראָווענסאַלישע זינגער פון ליבע־לידער און טרובאַדורן האָט געשוועבט דער פּאָעטישער גייסט פונעם דרום און ער האָט געגעבן פאָרעם און אינערלעכע רירעוודיקייט זייער קונסט. אָבער די טרובאַדורן זענען נישט געווען בלויז זינגער פון ראָמאַנסן און באַלאַדעס, נייערט אויך מבשרים פון דער שטימונג פונעם פאָלק, און זייערע „סירוואַנטעס” אָדער קאַמפּסלידער האָבן גאָר שטאַרק באַאיינפלוסט און באַווירקט די געזעלשאַפטלעכע פּאַסירונגען. זייער שטאַרק איז אין אָט־די לידער אַרויסגעטראָטן די ברענענדיקע שנאה קעגן רוים און דער ממשלה פון דער קירך. נישט אומזיסט איז דער דרום פון לאַנד געווען די געגנט פון די פריידענקער און כופרישע סעקטעס, פאַר וועלכער סיי דער קעניג און סיי דער פּויפּסט האָבן אַזוי שטאַרק מורא געהאַט.

נאָך טיפער אין פאָלק זענען געווען פאַרוואָרצלט די „פּאַבליאָ”, אַ מאָדנער געמיש פון עפּישער און דידאַקטישער פּאָעזיע, וועלכע זענען געזונגען אָדער רעציטירט געוואָרן פון אַרומפאָרנדיקע זינגער (קאָנטורס) און וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט אַלץ, וואָס האָט געגעבן צוועק און אינהאַלט דעם מענטשלעכן לעבן. אין אָט־די לידער האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל די סאַטירע און איז געווען אַ נישט זעלטענער גורם פאַרן אויפברויז פון דער עפנטלעכער מיינונג. אויך די קריסטלעכע מיסטעריען־שפּילן, וועלכע האָבן גאַנץ אָפט געהאַט אַ פאַרבאַהאַלטענעם און גאָט־לעסטערנדיקן אינהאַלט, האָבן אין מיטלאַלטערלעכן פראַנקרייך דערגרייכט זייער ערשטע קינסטלעריש־ריכטיקע פאָרעם, פון וועלכער ס׳האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט די דראַמע. אין יענער צייט האָט נאָך עקזיסטירט אַן אינערלעכע פאַרבונדנקייט צווישן פאָלק און ליטעראַטור. אויך בײַ פראַנסואַ וויליאָן, וועמען מ׳האָט אַוועקגעשטעלט ווי דעם אייגנטלעכן באַשאַפער פון דער פראַנצויזישער פּאָעטישער קונסט, איז אָט־די פאַרבונדנקייט געווען צו מערקן אין יעדן איינעם פון זיינע פערזן; זיין „גרויסער טעסטאַמענט” איז דער בעסטער עדות פאַר אָט־דער באַהויפּטונג.

דאָס נעמלעכע איז אויך חל אויף ראַבעלע, דעם געניאַלן אָפּשפּעטער און אויסדריקלעכן קעגנער פֿונעם ראָמאַנטיציזם, וועלכער האָט צום טיפּסטן תּופֿס געווען זיין תּקופֿה, ווי איינער, וועלכער שטייט מיט ביידע פֿיס אינעם לעבן פֿונעם פֿאָלק. אַזוי זענען אויך ביידע אומשטערבלעכע ווערק זיינע, „גאַרגאַנטואַ" און „פּאַנטאַגרועל", ביז צום היינטיקן טאָג געבליבן עכטע פֿאָלקסביכער.

מיטן נצחון פֿונעם אַבסאָלוטיזם און פֿונעם איינהייטלעכן נאַציאָנאַלן שטאַט האָט זיך דאָסדאָזיקע פֿאַרהעלטעניש לגמרי געענדערט. דאָס האָט זיך טאַקע באַלד אַרויסגעוויזן, נאָכדעם ווי לודוויק דער עלפֿטער, דערדאָזיקער אומהיימלעכער מענטש, וועמען מ'האָט אָנגערופֿן „איראָפּעס שפּין", וועלכער האָט מיט אַ קאָשמאַרישער עקשנות געאַרבעט פֿאַר דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון זיינע פּלענער און זיך נישט אָפּגעשראָקן פֿאַר קיין שום מיטל, וואָס האָט צוגעזאָגט הצלחה, האָט געבראָכן דעם ווידערשטאַנד פֿון די גרויסע וואַסאַלן און דערמיט אַוועקגעלייגט דעם אייגנטלעכן יסוד פֿאַרן אַבסאָלוטיסטישן איינהייטלעכן שטאַט. פֿראַנסואַ דער ערשטער, וועמען מ'זאָגט־נאָך לשבח, אַז ער זאָל דאָס האָבן אַריבערגעבראַכט צו די פֿראַנצויזן די העכערע גייסטיקע קולטור פֿונעם איטאַליענישן רענעסאַנץ, האָט פֿון איר איבערגענומען בעיקר מאַקיאַוועלאָס „פּרינציפּע" אַלס מוסטער, און מיטן באַגינציקן דעם קלאַסישן שטודיום איז ער אויסן געווען אַ בפֿירוש פּאָליטישן צוועק. אין די אַלטע „פֿאַבליאָ", מיסטעריע־שפּילן און פֿאָלקס־געזאַנגען, האָט נאָך געלעבט אַ געדעכעניש פֿון אַן עבֿר, וועלכן דער קעניגלעכער דעספּאָטיזם האָט זיך באַמיט צו פֿאַרטיליקן. דעריבער האָט זיך די פּאָעזיע כּסדר געדאַרפֿט האַלטן ביי קלאַסישע טעמעס, בכדי דעם געדאַנק צוצופֿירן צו רוים, אַנשטאָט זיך צו פֿאַרנעמען מיט די מנהגים און אינסטיטוציעס פֿון אַ תּקופֿה, וועלכע וואָלט געווען אימשטאַנד אַרויסצורופֿן ביים פֿאָלק אַ בענקשאַפֿט נאָך דעם פֿאַרלוירענעם.

דאָס, וואָס פֿראַנסואַ דער ערשטער האָט אָנגעהויבן, האָבן ווייטער אָנגעפֿירט מיט אייפֿעריקער עקשנות זיינע נאָכקומער און זייערע גלחישע סאַטעליטן. אַזוי אַרום איז די ליטעראַטור אינגאַנצן פֿאַרפֿרעמדט געוואָרן פֿון פֿאָלק און זיך פֿאַרוואַנדלט אין הויף־ליטעראַטור. די פּאָעטן האָבן מער שוין נישט געשעפּט פֿון די רייכע קוואַלן פֿונעם פֿאָלקסלעבן, וועלכע זענען אונטער דער ממשלה פֿונעם דעספּאָטיזם אַלץ מער פֿאַרשטאָפּט געוואָרן. פּונקט ווי אַמאָל אין רוים, אַזוי האָט זיך אויך אין ווערסייל און פּאַריז די גאַנצע קונסט געדרייט אַרום דעם קעניגס פּערזאָן און אַרום די פֿאַרהייליקטע אינסטיטוציעס פֿון דער מאָנאַרכיע. מ'האָט געטאָן וואָס נאָר מ'האָט געקאָנט, בכדי די פּאָעטישע שאַפֿונג צוצובינדן צו געוויסע כּללים און מ'האָט אויפֿגעבראַכט דעם לעבעדיקן גייסט אויפֿן מזבח פֿון אַ טויטער ערודיציע, וועלכע האָט פֿאַרלוירן יעדע שייכות צום ווירקלעכן לעבן. אַלעס איז געוואָרן רעגלאַמענטירט און ביוראָקראַטיש אויסגעסדרט, אַפֿילו דאָס לשון. נאָכדעם ווי מ'האָט שוין פֿריער געהאַט אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, בכדי צוזאַמען מיט די אַפּיקורסים פֿונעם דרום אויך צו מאַכן אַ תּל פֿון זייער שפּראַך, די פּראָווענסאַלישע, האָט רײ־

שעליע אין יאָר 1635 געגרינדעט די פראַנצויזישע אַקאַדעמיע, בכדי אַרונטערצוגע־מען שפּראַך און פּאָעזיע אונטער דער אויטאָריטעטער אַפּיטרופּסות פונעם אַבסאָ־לוטיזם. נאָר דאָס, וואָס איז פון אויבן באַטראַכט געוואָרן ווי סטיליסטיש גוט און וואוילגעפעליק, האָט געקאָנט אויפגעהיט ווערן פאַר דער אומשטערבלעכקייט. אַלעס אַנדערע האָט נישט געהאַט קיין רעכט צו עקזיסטירן. בואַלאָ האָט מיט זיין „אַרט פּאָעטיק" אָנגעצייכנט אַ באַשטימטע ריכטונג פאַר דער גאַנצער פּאָעטישער קונסט, ביי וועלכער מ'האָט זיך געהאַלטן נישט נאָר אין פראַנקרייך, נאָר אויך אין אויס־לאַנד איז זי אויסגעפאָלגט געוואָרן מיט אַ קנעכטישער געהאָרכיקייט און אַזוי אַרום איז פאַר אַ משך פון אַ לאַנגער צייט פאַרשטעלט געוואָרן יעדע נייע פּערספּעקטיווע פאַר דער אַנטוויקלונג פונעם ליטעראַרישן קונסט־ווערק. די גאַנצע פראַנצויזישע קלאַסיק ליידט פון אָט־דער איינשרענקונג פונעם גייסט און איר ווירקונג איז דערי־בער אַזוי מאָדנע פרעמד און קאַלט צוליב מאַנגל אין אינערלעכער וואַרעמקייט. ווען קאָרנעיל האָט אין זיין „סיד" געוואַגט נישט צו האַלטן זיך ביי די אָנגעצייכנטע כללים, האָט אים דער אייזערנער קאַרדינאַל באַלד געמאַכט פאַרשטיין, וואָס דאָס הייסט. ער האָט מאָביליזירט די גאַנצע אַקאַדעמיע קעגן אים. אַזוי אַרום איז מען גליקלעך דערגאַנגען צום מעמד צו ביוראָקראַטיזירן שפּראַך, ליטעראַטור און קונסט. איז דען, אויב אַזוי, אַ חידוש, וואָס אַפילו אַ וואָלטער, וועלכער האָט זיך אין זיינע דראַמאַטישע ווערק געהאַלטן אויף דיזעלביקע דרכים, זאָל באַנעמען שעקספּירן ווי אַ „ווילדן"?

בלויז ווייניק פּאָעטן פון יענער פאַרשקלאַפטער צייט זענען געווען אַ בכבודיקער יוצא מן הכלל. ראשית־כל דער יחיד במינו מאָליער, אין וועמען ס'האָט נאָך געלעבט ראַבעלעס גייסט און וועמען זיין זשעניאַליטעט האָט געגעבן דעם כוח דורכצוברעכן די ענגע פאַרצוימונגען און אַראָפּצורייסן פון ליגנערישן פּנים פון זיין צייט די פייער־לעכע מאַסקע פון פּוסטן אָנשטעל. איז דעריבער נישט קיין חידוש, וואָס די פראַנצוי־זישע אַקאַדעמיע האָט נישט אַריינגעשטעלט זיין נאָמען צווישן דער מחנה פון די „אומשטערבלעכע" און דער פּאַריזער ערצבישאָף האָט געסטראַשעט מיט חרם פאַרן לייענען זיין „טאַרטיף". ס'איז אפשר געווען אַ גליק פאַרן דיכטער, וואָס ער איז גע־שטאָרבן יונג, מחמת אַזאַ בונטאַרישער קאָפּ ווי זיינער איז אין יענער צייט פון שטייפע פאָרמען און מאַיעסטעטישער שקרנות געווען אויסגעשטעלט צו געוויסע היפּשע סכנות. אויך לאַפאָנטען און לעסאַזש דאַרפן דאָ דערמאָנט ווערן. די פּרעכטיקע פאַבלען פונעם ערשטן האָבן זיך אויפגעהיט אַזוי פריש ביז היינט נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט אַריבערגעשפּאַנט איבער די שטייפע כללים און זיך אומגעקערט באַנייס צו דער אומדערשעפּלעכער אידעאַישער עשירות פון די אַלטע „פאַבליאָ". לעסאַזש אָבער, וועלכער האָט אַזוי גוט באַוויזן צו קענען זאָגן די מענטשן פון זיין צייט אין זיין „הינקענדיקן טייוול" און אינעם פּרעכטיקן „זשיל בלאַס" אַזעלכע מינים אמתן, איז געוואָרן דער אייגנטלעכער שאַפער פונעם מאָדערנעם ראָמאַן.

אין יענער צייט, ווען אַלערליי מינים אויסדרוקן פונעם לעבן זענען געווען צו־

געפאַסט צום גייסט פון דער אויטאָריטעט און דעם אַבסאָלוטיזם, האָט אויך באַסיע אָנגעשריבן זיינע „דיסקורס סיר ל׳היסטואַר איניווערסעל" און ער איז דערמיט געוואָרן דער באַגרינדער פון דעם טעאָלאָגישן באַנעם פון דער געשיכטע, וועלכער איז אויסן געווען אויסצורופן דעם סיסטעם פון דעם קעניגלעכן דעספּאָטיזם ווי אַ פון גאָט געוואָלטע ווירקלעכקייט, לגבי וועלכער דעם מענטשנס ווילן איז לגמרי נישט אימשטאַנד גאָרנישט צו ענדערן, מחמת זי איז פאַרפונדעוועט אין דער השגחה העליונה גופא. יעדע מרידה קעגן סיסטעם פונעם אַבסאָלוטיזם און דער פאַרהייליקטער פּערזאָן פונעם מאָנאַרך איז אַזוי אַרום געוואָרן אַ בונט קעגן גאָט און ווי אַ פאַרברעכן קעגן גאָט און מלוכה, וועלכער דאַרף באַשטראָפט ווערן מיט טויט. דער גייסטיק־פּוסטער טעאָלאָגיזם, וועלכער איז דעמאָלט געלערנט געוואָרן אין דער סאָרבאָנע, האָט לגמרי נישט צוגעלאָזט קיין וויסנשאַפטלעכע דערקלערונג פאַר די פאַסירונגען. אַזוי אַרום האָט די קירך געבערענגט אומאָפּשאַצבאַרן נוצן דעם וועלטלעכן דעספּאָטיזם, מחמת זי האָט נישט דורכגעלאָזט קיין שום מיטל איינצופלאַנצן דעם אויטאָריטעטס־פּרינציפּ אַזוי טיף ווי נאָר מעגלעך אין די קעפּ פון דעם קעניגס אַלע אונטערטאַנען.

אָבער ניט בלויז שפּראַך, קונסט און ליטעראַטור זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אונטער דער אויטאָריטעט פון אַ ספּעציעלער מאַכט, אויך האַנטווערק און אינדוסטריע זענען אַרונטערגעפאַלן אונטער דער רעגלאַמענטאַציע פונעם שטאַט און זיי האָבן אַליין נישט געקאָנט אָננעמען קיין שום באַשלוס. די גאַנצע אינדוסטריע פונעם לאַנד איז אַרונטערגעוואָרפן געוואָרן אונטער באַשטימטע מעטאָדן, פאָרגעשריבענע פון דער מלוכה, און אַ גאַנצע אַרמיי באַאַמטע האָט געדאַרפט אַכטונג געבן, אַז קיינער זאָל נישט אָפּטרעטן אַפילו אויף אַ האָר פון די אָנגעצייכנטע און באַשטימטע נאָרמען. זשאַן דע שאַפּטאַל האָט אין זיין גרויסן ווערק „ל׳אינדוסטרי פראַנסעז" געשילדערט מיט אַלע פּרטים די מאָנסטרואָזיטעט פון אָט־דעם אומגעלומפּערטן סיסטעם און ער האָט אָנגעוויזן, ווי אַזוי יעדער שעפערישער אינסטינקט איז פּלאַנמעסיק דערשטיקט געוואָרן, יעדער נייער איינפאַל איז געווען פאַרמשפּט צום אומקום. אַזוי האָט מען באַשטימט פאַרן שניידער מיט וויפל נעט ס׳דאַרף איינגענייט ווערן אַן אַרבל אין אַ רעקל; דעם באַנדער — מיט וויפל רייפן ער דאַרף אַרומנעמען אַ פעסל. די מלוכהשע ביוראָקראַטיע האָט נישט נאָר באַשטימט די לענג, ברייט און פאַרב פונעם געוואַנט, וועלכעס דאַרף אויסגעאַרבעט ווערן, נייערט אַפילו די צאָל פון די פעדים אין יעדן געוועב איז געווען גענוי באַשטימט און אָנגעמערקט. און אַן אַרומנעמענדיקער פּאָליצייאישער סיסטעם האָט שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז יעדע תקנה זאָל שטרענג אָפּגעהיט ווערן. פאַר נישט אָפּהיטן די פאַראָרדענונגען איז מען שטרענג באַשטראָפט געוואָרן מיט צונעמען אָדער צעשטערן די סחורה. אין ערנסטערע פאַלן האָט מען זיך אַפילו נישט אָפּגעשטעלט פאַר דער צעשטערונג פון די ווערקצייג און וואַרשטאַט, צעקאַליעטשען און צעהרגענען דעם שולדיקן און אַפילו פאַר טויטשטראָף. אַז ביי אַזעלכע אומשטענדן האָט דאָס גאַנצע אינדוסטריעלע

לעבן פונעם לאַנד געמוזט פּאַראַליזירט ווערן, איז קלאָר ווי דער טאָג. פּונקט אַזוי ווי דורך דער לייבאייגנשאַפט איז די לייסטונגס־פעאיקייט פון דער לאַנדווירטשאַפט־לעכער פּראָדוקציע כסדר געגאַנגען באַרג אַראָפּ, פּונקט אַזוי האָבן די קעניגלעכע אָרדענאַנצן געטריבן די אינדוסטריע פונעם לאַנד צום אָפּגרונט. ערשט די רעוואָלוציע האָט געמאַכט אַ סוף צו אָט־די מטורפדיקע צושטאַנדן.

אָבער איין קייט בלויז האָט אויך די רעוואָלוציע נישט געקאָנט צעררייסן, — די קייט פון דער אויטאָריטעטער טראַדיציע, דעם עיקר־פּרינציפּ פונעם אַבסאָלו־טיזם. זי האָט טאַקע אומגעביטן די פאָרמען פונעם אַלטן, אָבער געלאָזט אומבאַ־רירט זיין טיפסטן תוך און ווייטער געגאַנגען מיטן זעלבן דרך, וועלכן די מאָנאַר־כיע האָט אָנגעהויבן נאָך פון לאַנג, פון פריער. פּונקט ווי היינט אין רוסלאַנד דער־פירט דער באָלשעוויזם דעם אויטאָריטערן באַגריף פונעם שטאַט ביז צום עקסטרעם און ער דערשטיקט אין פאָלק אָן יעדער אייגזעעניש דעם פרייען אויסטויש פון אי־דעען און דערמיט אויך יעדן שעפערישן אָנרעג, אַזוי האָט דער יאַקאָבינער דער־פירט די פּאָליטישע צענטראַליזאַציע פון דער געזעלשאַפט ביז צו דער לעצטער קאָנ־סעקווענץ און איז דורך דעם געוואָרן, פּונקט ווי היינט זיין פאַרשפּעטיקטער נאָכ־גייער אין רוסלאַנד, דער אייגנטלעכער טרעגער פון דער קאָנטראַרעוואָלוציע. די רע־וואָלוציע האָט פראַנקרייך געבראַכט די רעפּובליק, אָבער זי וואָלט נאָר דעמאָלט געהאַט אַ זין, ווען זי וואָלט פאָרגעשטעלט מיט זיך דעם היפּוך פון דער אויטאָקראַ־טיע און וואָלט מיט דערזעלביקער אָנטשלאָסנקייט פאַרטראָטן דעם שטאַנדפּונקט פון רעכט ווי די מאָנאַרכיע האָט ביז איצט פאַרטראָטן דעם שטאַנדפּונקט פון מאַכט. די רעפּובליק האָט געדאַרפט ווערן דער סימבאָל פון דער אמתער פאָלקס־געמיינ־שאַפט, אין וועלכער יעדע איניציאַטיוו קומט טאַקע באמת אַרויס פונעם פאָלק און האָבן זיין שורש אין דער פרייהייט פונעם מענטשן. דעם קעניגלעכן זאָג: „דער שטאַט — דאָס בין איך!" וואָלט געוועזן געדאַרפט אַנטקעגנגעשטעלט ווערן די רע־פּובליקאַנישע לאָזונג: „די געמיינשאַפט — דאָס זענען מיר!". דער מענטש האָט געדאַרפט געוואויר ווערן, אַז ער איז שוין מער נישט צוגעבונדן צום שאָלטן און וואַלטן פון אַ העכערער מאַכט, אַז זיין גורל ליגט פון איצט אָן אין זיינע אייגענע הענט און אין סאָלידאַרישער צוזאַמענאַרבעט מיט זיינסגלייכן. די רעפּובליק האָט געקאָנט ברענגען דעם פאָלק עפּעס באמת נייעס נאָר בתנאי, ווען זי וואָלט געוועזן אויסגעביטן דעם אַלטן פּרינציפּ פון אַפּיטרופּסות אויף דער שעפערישער איניציאַ־טיווע פון דער פרייהייט; דעם פּוסטן צוואַנג דורך דער דערציאונג צו גייסטיקער זעלבסטשטענדיקייט; די מעכאַנישע טעטיקייט פון אַן עקזעקוטיווער מאַכט דורך דער אָרגאַנישער אַנטוויקלונג פון די זאַכן.

די רעוואָלוציע האָט טאַקע באַפרייט דאָס פאָלק פונעם יאָך פון דער קעניג־לעכער מאַכט, אָבער דאָסזעלביקע פאָלק איז דערנאָך אַריינגעפאַלן נאָך טיפער אין דער עבדות פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט. און אָט־די קייט האָט זיך אַרויסגעוויזן ווירק־זאַמער ווי דאָס צוואַנגס־העמדל פון דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע, מחמת זי איז גע־

ווען פאַרגרונטפעסטיקט נישט אין דער פּערזאָן פונעם מושל, נייערט אין דער פאַר־שטעלונג פון אַן אַבסטראַקטן „כלל־ווילן“, וועלכער האָט געוואָלט צופירן אַלע שטרעבונגען פונעם פאָלק צו איין באַשטימטער נאָרמע. אויף דעם אופן איז מען ווידער צוגעקומען גליקלעך צום אַבסאָלוטיזם, וועלכן מ'האָט דאָס געזאָלט האָבן אָראָפּגעוואָרפן. ווי דער קאַטאַרזשניק מיט זיין מעטאַלענעם באַל אויפן פוס, אַזוי האָט זיך דער נייער בירגער געשלעפּט אין לעבן מיט דער אַבסטראַקטער השגה פון דער נאַציע, זי געמאַכט פאַר דער כלי פונעם „כלל־ווילן“ און צוליב דעם פאַרגעסן די קונסט צו שטיין אויף די אייגענע פיס, וועלכע די רעוואָלוציע האָט אים קוים גע־לערנט. די „רעפּובליקאַנער“ האָבן געגעבן דער רעפּובליק אַלס אינהאַלט דעם אַב־סאָלוטיזם אין געוואַנט פון דער נאַציע און זיי האָבן דערמיט חרוב געמאַכט די אמתע פאָלקס־געמיינשאַפט פון דער „רעס פּובליקאַ“. דאָס, וואָס די מענער פונעם קאָנווענט האָבן אָנגעהויבן, דאָס האָבן אויך געטאָן מיט דער גאַנצער ענערגיע זייערע נאָכקומער אין אַלע שפּעטערדיקע פאָלקס־אויפשטאַנדן, — זיי האָבן אויפגעהיט דעם אַבסאָלוטיזם אונטערן נאָמען פון דער פרייהייט און זיך קנעכטיש געהאַלטן ביי די טראַדיציעס פון דער גרויסער רעוואָלוציע, וועמעס פאַלשער גלאַנץ האָט ביז היינט באַשטראַלט אַלע אָפּצייכנס און סימבאָלן פון אַן אמתער באַפרייאונג.

פּרודאָן האָט תופס געווען אָט־דעם אמת אין זיין גאַנצער טיפקייט; דעריבער זענען אַלע פּרואוון פון די פּאָליטישע פּאַרטייען צו באַקומען די מאַכט אין זייערע הענט געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי פאַרשידענע מאַניפעסטירונגען פונעם אַבסאָ־לוטיזם אונטער אַ פאַלשער פאָן. ער האָט זיך אויסגעלערנט פאַרשטיין, אַז יעדער איינער, וועלכער שטרעבט צו אַ סאָציאַלן איבערקער דורך דער דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט, מוז ווערן אַ ליגנער לגבי זיך אַליין און לגבי יענעם. ווייל יעדע מאַכט איז לויט איר עצם און מהות קאָנטראַרעוואָלוציאָנער און ציט איר יניקה פון דער אידעען־וועלט פונעם אַבסאָלוטיזם, אין וועלכער עס געפינט אויך איר שורש יעדער סיסטעם פון עקספּלואַטאַציע. דער אַבסאָלוטיזם איז דער פּרינציפּ פון דער אויטאָריטעט, וועלכער איז צום לאָגישסטן פאַרטראַטן אין דער קירך און אינעם שטאַט. כל־זמן מ'וועט זיך נישט האָבן אויפגעהויבן איבער אָט־דעם פּרינציפּ, וועלן די אַזויגערופענע קולטור־פעלקער אַלץ טיפער פאַרזינקען אינעם זומפּ פון דער מאַכט־פּאָליטיק פון אַ טויטער אינדוסטריעלער טעכניק, און געשען וועט דאָס, אַגב, אויפן חשבון פון זייער פרייהייט און זייער מענטשטום. און נאָר פון זיי קאָן פאַר אונדז אַרויסקומען אַ העכערע געזעלשאַפטלעכע קולטור. דאָס האָט אויך פאַרשטאַנען איבסען, ווען ער האָט געזאָגט:

„דער שטאַט מוז אַוועק! צו דער רעוואָלוציע לייג איך אויך צו אַ האַנט! גראָבט־אונטער דעם שטאַטס־באַגריף, שטעלט־אַוועק די פרייוויליקייט און דאָס, וואָס איז גייסטיק נאָענט צו איר, ווי דאָס, וואָס איז דאָס איינציק־אַנטשיידנדיקע פאַר צונויפגעבונדנקייט. דאָס איז די התחלה פון אַ פרייהייט, וועלכע האָט עפּעס די ווערט! אַ בייט פון די רעגירונגס־פאָרמען איז דאָך אייגנטלעך נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ בהדרגהדיקע קצבה — אַביסעלע מער

אָדער אַביסעלע וויניקער, און אַלעס צוזאַמען — טפשות. יאָ, ליבער פריינט,
עס גייט בלויז אין דעם זיך נישט צו לאָזן אָפּשרעקן פאַר דער חשיבות
פונעם אייגנטום. די מלוכה האָט אירע וואָרצלען אין דער צייט און אין דער
צייט וועט זי האָבן איר העכסטן פונקט. גרעסערע זאַכן ווי זי וועלן פאַלן;
יעדע רעליגיע וועט אָוועקפאַלן".*)

דיזעלביקע דערפאַרונגען ציען זיך ווי אַ רויטער פאָדעם דורך דער געשיכטע פון אַלע פעלקער און זיי האָבן אומעטום דערפירט צו דיזעלביקע רעזולטאַטן: נאַציאָנאַל־פּאָליטישע איינהייט האָט קיינמאָל נישט און אינערגעץ נישט באַפרוכפּערט די אַנטוויקלונג פון אַ גייסטיקער קולטור פון אַ פאָלק; אדרבא, זי האָט איר שטענדיק אָנגעצייכנט גרענעצן, מחמת זי האָט מקריב געווען די בעסטע כוחות פונעם פאָלקס־קיבוץ צו דער גרענעצלאָזער תאווה צו מאַכט פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט און דערמיט האָט זי דערפירט צו דער פאַרשטאָפּונג פון אַלע טיפערע קוואַלן פונעם גייסטיקן פראָגרעס. דווקא די תקופות פון דער אַזויגערופענער „נאַציאָנאַלער צעשפּליטערונג" זענען שטענדיק געווען די גרעסטע קולטור־פּעריאָדן פון דער געשיכטע, בעת די עפּאָכעס פון דער „נאַציאָנאַלער איינהייט" האָבן תמיד דערפירט צו דער ירידה און צעפאַל פון יעדן מין העכערע קולטור־פאָרמען.

אינעם אַלטן דייטשלאַנד איז די קולטור דערגאַנגען צו איר אַפּאָגיי אין די פרייע שטעט פונעם מיטלאַלטער, אַרומגערינגלט פון אַ וועלט פון אומקולטור און באַרבאַריע. דאָס זענען געווען די איינציקע ערטער, וואו די קונסט און די מלאכה האָבן זיך געקאָנט אַנטוויקלען, וואו דער פרייערער געדאַנק האָט נאָך געהאַט עקזיסטענץ־מעגלעכקייט און וואו אַ געזעלשאַפטלעכער גייסט האָט נאָך געהאַלטן די מענטשן צונויפגעבונדן. די מעכטיקע מאָנומענטן פון דער מיטלאַלטערלעכער אַרכיטעקטור און קונסט זענען נאָך אַלץ די גרויסע סימנים פון קולטורעלער אַנטוויקלונג, וועלכע געהערט צו די גלענצנדיקסטע, וואָס די דייטשע געשיכטע האָט צו פאַרצייכענען. אָבער אויך די געשיכטע פון דער שפּעטערדיקער אינטעלעקטועלער קולטור אין דייטשלאַנד איז דאָך אייגנטלעך נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַ באַשטעטיקונג פון יענעם אַלטן אמת, וועלכער איז ביז היינט אַזוי ווייניק פאַרשטאַנען געוואָרן. אַלע גרויסע גייסטיקע דעראָבערונגען אין יענעם לאַנד געהערן צו דער צייט פון דער „נאַציאָנאַלער צעשפּליטערונג". זיין קלאַסישע קולטור, אָנגעהויבן פון קלאָפּשטאָק ביז שילער און געטע, די קונסט פון זיין ראָמאַנטישער שול, זיין קלאַסישע פילאָזאָפיע פון קאַנט ביז פויערבאַך און ניטשע, זיין מוזיק פון בעטהאָווען ביז ריכאַרד וואַגנער — דאָס אַלעס פאַלט־אויס אויף דער צייט ערב דער גרינדונג פונעם רייך. אָבער מיטן ניצחון פונעם דייטשן נאַציאָנאַלן שטאַט הייבט זיך אָן די ירידה פון דער דייטשער קולטור, די דעקאַדענץ פון אירע שעפערישע כוחות און צוזאַמען מיט אָט־דער ירידה — דער ניצחון פונעם „ביסמאַרקיאַניזם", ווי באַקונין

*) בריוו פון געאָרג בראַנדעס פון 17־טן פעברואַר 1873; „בריפע פאָן הענריק איבסען", ז. 159, בערלין 1905.

האָט אָנגערופן די גייסטלאָזע פאַראייניקונג פון מיליטאַריזם און ביוראָקראַטיע. ניטשע איז זיכער געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט:

„אויב די דייטשן האָבן אָנגעהויבן ווערן אינטערעסאַנט פאַר די אַנדערע פעלקער פון אייראָפּע, איז עס געווען אַדאַנק אַ בילדונג, וועלכע זיי האָבן שוין איצט נישט מער, יאָ, פון וועלכער זיי האָבן זיך מיט אַ בלינדן אייפער אָפּגעטרייסלט, גלייך ווי דאָס וואָלט געהאַט געווען אַ קראַנקייט; און פונדעסטוועגן האָבן זיי נישט געפונען קיין בעסערס מיט וואָס עס צו פאַרבייטן ווי נאָר די פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע משוגעת".*)

און קאָנסטאַנטין פראַנץ, דער דרום־דייטשער פעדעראַליסט און ביסמאַרקס קעגנער, האָט געהאַלטן:

„ס'איז גענוג צו באַטראַכטן דאָס בילד, וועלכעס מ'קריגט היינט אין יעדן קונסט־קרעמל, און וועלכעס שטעלט־פאַר די פּראָקלאַמירונג פונעם נייעם קייזערטום אין ווערסייל, און דער מהות פון אָט־דעם נייעם באַשעפעניש שטעלט זיך אַרויס מיט דער גאַנצער ווינטשנסווערטער קלאָרקייט: דאָ זעט מען אַ געזעלשאַפט אין בלישטשענדיקע אוניפאָרמען, אין וועלכער אייניקע הערן אין שוואַרצן פראַק שפּילן אַ גאָר עניוותדיקע ראָל און דאָס גאַנצע איז פונקט אַזוי פראַזאַאיש ווי אומפּאָלקסטימלעך, — די התחלה פונעם מיליטאַריזם האָט זיכער נישט געקאָנט דראַסטישער אויסגעדריקט ווערן"**).

פאַקטיש האָט די נאַציאָנאַלע איינהייט פאַרוואַנדלט דייטשלאַנד אין אַ פאַרגרעסערטן פּרייסן, וועלכע האָט זיך געפילט באַרופן צו פירן וועלטפּאָליטיק. די קאַזאַרמע איז געוואָרן די היוכשול פון דער נייער דייטשער מענטאַליטעט. מיר זענען געוואָרן גרויס אויפן געביט פון דער טעכניק און פון די פּראַקטישע וויסנשאַפטן, אָבער באַשרענקט אין גייסט און אָרעם אין נשמה. אָבער פריער פון אַלץ איז אונדז אַוועקגעקומען די אוניווערזאַלע קאָנצעפּציע פון די לעסינגס, הערדערס, געטעס, שילערס, זשאַן פּאָל, היינע, וועלכע זענען אַמאָל געווען דער שטאָלץ פון די דייטשן. אונדזער כוונה איז דאָ נישט צו רעדן לטובת דעם פּאַרטיקולאַריזם אָדער לטובת דער קליינער מלוכה. וואָס מיר זענען אויסן, צו וואָס מיר שטרעבן, איז די פולשטענדיקע אויסשליסונג פונעם מאַכט־פּרינציפּ פונעם לעבן פון דער געזעלשאַפט און במילא אַרויסוואַקסן פון שטאַט, פאַרבייטן אים דורך אַ העכערער סאָציאַלער קולטור, וועלכע זאָל זיין פאַרגרונטפעסטיקט אויף דעם מענטשנס פרייהייט און אויף דער סאָלידאַרישער אחדות מיט זיינע מיטמענטשן. דאָס ענדערט אָבער נישט דעם פאַקט, אַז וואָס גרעסער ס'איז אַ מלוכה, וואָס גרעסער ס'זענען די מאַכט־מיטלען, וועלכע שטייען אין איר רשות, אַלץ געפערלעכער ווערט זי פאַר דער מענטשלעכער פרייהייט און פאַר די באַדערפעונישן נאָך העכערע פאָרמען פון גייסטיקן און קולטורעלן לעבן. און צום מייסט באַדראָט זענען זיי אין אַ צענטראַלן איינהייטלעכן שטאַט.

*) Nietzsche, Werke, B. 5, S. 179.
*) C. Frantz, Die preusische Intelligenz und ihre Grenzen, S. 53, München, 1874.

דאָס האָט אויך ריכטיק איינגעזען קאַרלאָ פּיסקאַנאַ, ווען ער האָט באַמערקט אין זיין „סאַדזשיאָ סוללאַ ריוואָלוציאָנע":

„יעדע רעגירונג, אַפילו דער דעספּאָטיזם, איז צומאָלם אימשטאַנד צו־צוהעלפן צום פּראָגרעס פון דער וויסנשאַפט און צוציען צו זיך געניאַלע מע־נער און גרויסע קעפּ סיי מיט דער כוונה צו מאַכן דערמיט אַ הנחה דעם גייסט פון דער צייט, סיי דערפאַר, ווייל דאָס איז בהסכם מיט די שטרע־בונגען פונעם מלוכה־שעף. קאָן מען פון דעם אַרויסדרינגען דעם פאַקט, אַז וואָס מער רעגירונגען ס'זענען פאַראַן אין אַ מדינה, אַלץ גרעסער איז די וואַרשיינלעכקייט, אַז די אַלגעמיינע חשכות זאָל באַלויכטן ווערן לפּחות דורך אייניקע פאַקלען פונעם גייסט".

מ'וואָלט דאָ אפשר געקאָנט אַרויסשטעלן ענגלאַנד ווי אַ קעגנבאַווייז, אַז דאָרט איז די קולטור דערגאַנגען צו אַ גאָר הויכער מדרגה, באַזונדערס אין דער עפּאָכע פון דער קעניגין עליזאַבעט, נישט געקוקט אויף דער עקזיסטענץ פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט. דאַרף מען אָבער נישט פאַרגעסן, אַז דאָרט האָט דער אייגנט־לעכער אַבסאָלוטיזם געהאַט אַ צייטווייליקע הצלחה בלויז אונטער די סטיוּאַרדס און אַז די ענגלישע מלוכה האָט קיינמאָל נישט באַוויזן צו צענטראַליזירן דאָס עפנטלעכע לעבן ביז צו אַזאַ מדרגה ווי דאָס איז צ. ב. געשען אין פראַנקרייך. דאָס ענגלישע קעניגטום האָט תמיד געהאַט קעגן זיך אַ שטאַרק־אַנטוויקלטן ליבעראַלן קעגנשטראָם, וועלכער איז געווען טיף פאַרוואָרצלט אין פאָלק און האָט דער גאַנ־צער ענגלישער געשיכטע געגעבן איר ספּעציפישן כאַראַקטער. דער פאַקט איז, אַז אין קיין שום אַנדערן לאַנד איז נישט אויפגעהיט געוואָרן אַזוי פיל פון די אַלטע מוניציפּאַלע קאָנסטיטוציעס און תקנות ווי גראַד אין ענגלאַנד, און אַז דער סדר אין די ענגלישע שטעט, אינוויווייט דאָס איז נוגע די לאָקאַלע זעלבסטשטענדיקייט, איז נאָך אויך הייַנט דער פרייסטער אין גאַנץ אייראָפּע. אָבער אַז אויך אין ענג־לאַנד האָט זיך די שטאַטלעכע צענטראַלע מאַכט תמיד באַמיט אַרויפצולייגן קייטן אויפן עקאָנאָמישן און קולטורעלן לעבן, קייטן, וועלכע האָבן ערשט דורך דער רע־וואָלוציע געקאָנט צעריסן ווערן, דאָס האָבן מיר שוין געענוי באַוויזן אינעם ערשטן טייל פון אָט־דעם ווערק.

אין זיין פּאָליטישן הויפּטווערק „די פּרינציפּ פעדעראַטיף" האָט פּרודאָן אַרויסגעזאָגט אָט־אַזעלכע געדאַנקען:

„אָדער דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט וועט זיין די התחלה פון דער תקופה פון פעדעראַליזם, אָדער די מענטשהייט וועט באַניים אַריינפאַלן אין אַ טויזנטיעריקן גיהנום-פּייער. דאָס אמתע פּראָבלעם, וועלכעס וואַרט אויף אַ לייזונג, איז שוין אינדעראמתן נישט דאָס פּאָליטישע פּראָבלעם, נאָר דאָס עקאָנאָמישע".

נו, דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט האָט אונדז ביז איצט נישט געבראַכט דעם פעדעראַליזם, נאָר אַן אומבאַגרענעצטע פאַרשטאַרקונג פונעם צענטראַליזם. וואוהין אָט־די אַנטוויקלונג פון די געשעענישן האָט אונדז דערפירט, ווייזט אונדז די וועלט־

מלחמה, ווייזט אונדז היינט קודם כל דער פּחדימדיקער כאַאָס פון אונדזערע פּאָלי־
טישע און עקאָנאָמישע צושטאַנדן, די אָפּשרעקנדיקע אומגייסטיקייט פון דער צייט
און די פולשטענדיקע אויסגעליידיקטקייט פון יעדן העכערן געפיל פון קולטור. פּאַק־
טיש געפינען מיר זיך שוין אינעם גיהנום־פייער און קיינער קאָן נישט זאָגן פאָרויס,
ווען ס'וועט קומען פאַר אונדז די שעה פון דערלייזונג. אָבער אַז די לייזונג פונעם
פּראָבלעם, וועגן וועלכן פּרודאָן האָט גערעדט, איז מעגלעך נאָר אין די ראַמען פון
אַ פעדעראַציע פון פרייע געמיינדעס און אויפן סמך פון געמיינשאַפטלעך־געזעל־
שאַפטלעכער טובת הכלל, דאָס ווערט היינטצוטאָג אַן אַלץ גרעסערע אינערלעכע
זיכערקייט פאַר אַלע יענע, וועלכע האָבן איינגעזען די סכנות פון דער נאַנטער צו־
קונפט און ווילן נישט, אַז דער מענטש זאָל פאַמעלעך פאַראידיאָטיזירט ווערן דורכן
שטאַטס־קאַפּיטאַליזם.

# VIII

# די אילוזיע וועגן אַ נאַציאָנאַלער קולטור

די וועזנטלעכע איינהייטלעכקייט פון יעדער מין קולטור. — די סכנה פון די קאָלעקטיווע באַגריפן. — פאַרגלייכנדיקע פעלקער־פסיכאָלאָגיע. — דער איינפלוס פונעם געזעלשאַפטלעכן אינסטינקט. — אינדיווידועלע און מאַסן־פסיכאָלאָגיע. — אָפּשאַצנדיקע מיינונגען וועגן פרעמדע פעלקער. — דאָס בילד פון דער אייגענער נאַציע, ווי אַ וואונטש פונעם געדאַנק. — דער סימבאָל פון דער נאַציע. — די אילוזיע פון דער נאַציאָנאַלער קולטור. — דאָס אומבאַגרענעצטע פון אַלע קולטור־פּראָצעסן. — דער קאַפּיטאַליזם ווי אַ צייט־רעזולטאַט פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. — די ראַציאָנאַליזאַציע פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט. — די „אַמעריקאַניזירונג" פון אייראָפּע. — איינפלוס פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט אויף דער מאָדערנער מלוכה־פּאָליטיק. — די פאָרעם פונעם שטאַט איז נישט קיין אויסדרוק פון ספּעציעלע נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן. — דער מאָדערנער קאָנסטיטוציאָנעלער שטאַט. — דער מהות פון די פּאַרטייען. — די פאַרלאַמענטאַרישע מאַשין. — דער עקאָנאָמישער אינדיווידואַליזם און די קאַפּיטאַליסטישע מלוכה. — דער עקאָנאָמישער נאַציאָנאַליזם. — פּאָליטישע רעקאָנסטרוקציעס פון דער קעגנוואַרט.

נישט פאַראַן קיין שום קולטור, פון וואָס פאַראַ כאַראַקטער זי זאָל נישט זיין, וועגן וועלכער מ׳וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז זי איז אַנטשטאַנען אומאָפּהענגיק און אָן יעדן פרעמדן איינפלוס. ס׳איז אמת, אַז מיר האָבן זיך שוין פון לאַנג צוגעוואוינט „אויסצוסדרן" די אַזויגערופענע קולטור־געשיכטע בהסכם מיט באַשטימטע שטאַנדפּונקטן, אַקוראַט ווי אַן אַפּטייקער טיילט פונאַנדער זיינע שטאָפן אין סלאָיקעס, פלעשלעך און שאַכטלעך, מ׳קאָן אָבער נישט זאָגן, אַז מיר זאָלן דורך דעם האָבן געוואונען אַ סך. דערמיט, וואָס מיר האָבן זיך באַמיט פּלאַסטיש־בולט אַרויסצושטעלן די „אינערלעכע סתירות" צווישן די פאַרשידענע קולטור־פאָרמען, האָבן מיר פאַרלוירן די פעאיקייט ריכטיק אָפּצושאַצן די בשותפותדיקע שטריכן, וועלכע ליגן אין יסוד פון יעדן מין קולטור; היות מיר האָבן געזען בלויז ביימער, האָבן מיר מער נישט געזען דעם וואַלד. שפּענגלערס „אונטערגאַנג פון מערב" איז בלויז אַ פאַר־

שפּעטיקטער אָבער לאָגישער רעזולטאַט פון אַט־דעם אַריינגעדרונגענעם דיבוק. עס האָבן ערשט געדאַרפט קומען די איבעררא‏שנדיקע רעזולטאַטן פון דער מאָדערנער עט־נאָלאָגיע און סאָציאָלאָגיע, וועלכע האָבן אויסגעברייטערט אונדזער פאַרשטענדעניש פאַר דער נשתוממדיקער ענלעכקייט פון די געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אַנט־וויקלונגס־פּראָצעסן פון די פאַרשידענע גרופּעס מענטשן און אַזוי אַרום אויסגעלייגט אַ וועג פאַר אַ רעוויזיע פון אַלע טראַדיציאָנעלע באַגריפן. אומעטום, וואו די וויסנ־שאַפטלעכע פאָרשונג איז צוגעטראָטן אויפצודעקן די סודות פון אַ פאַרגאַנגענער קולטור־עפּאָכע, האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף רעשטן פון עלטערע קולטורן אָדער אויף פאַרבינדונגען און איבערגאַנגען, וועלכע האָבן אָנגעוויזן אויף דייטלעכע סימנים פונעם באַפרוכפּערנדיקן איינפלוס פון פריערדיקע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען.

„פון אַט־דער וועלט קאָנען מיר נישט אַרויספאַלן“, האָט גראַבבע געזאָגט. דערדאָזיקער זאַג דערמאָנט אונדז כסדר אינעם וועזנטלעכן און אַלגעמיינעם, וועל־כעס פאַרבינדט אַלע מענטשן צווישן זיך, און אַז נישט געקוקט אויף אַלע מינים אייגנאַרטיקייטן, וועלכע קומען אַרויס פון דער פאַרשידנקייט פונעם קלימאַט און די אויסערלעכע לעבנס־באַדינגונגען, ענדערט און באַווירקט דאָס קיום דעם אינער־לעכן גלייכגעוויכט צווישן די פאַרשידענע גרופּעס מענטשן. מיר אַלע זענען קינדער פון אַט־דער ערד און מיר זענען אַלע אויסגעשטעלט צו די נעמלעכע געזעצן פונעם לעבן, וועלכע געפינען זייער עלעמענטאַרסטן אויסדרוק אין דער ליבע און אינעם הונגער. און היות אונדזער פיזיאָלאָגישע אייגנאַרטיקייט איז דאָך אייגנטלעך די זעלביקע; היות די נאַטירלעכע סביבה, אין וועלכער מיר לעבן, ווירקט אויף אונדז אויפן זעלביקן אופן, ווען אַפילו די דרויסנדיקע באַדינגונגען זענען נישט אומעטום דיזעלביקע, אַזוי איז אויך דער גייסטיקער און פּסיכישער מהות, וועלכן די דרויסנ־דיקע סביבה איז גורם ביי אונדז, פיל ענלעכער ביי אַלעמען ווי אַ סך שטעלן זיך דאָס פאָר. אומעטום קעמפט דער מענטש פאַרן קיום פון זיין מין און בתוך דעם מין — פאַר זיין פּערזענלעכער עקזיסטענץ; אומעטום זענען די סיבות פון זיין טואונג דיזעלביקע. די נאַטירלעכע סביבה און די מיטגעבוירענע נטיות, וועלכע זענען אים איבערגעענטפערט געוואָרן דורך דער אומאיבערגעריסענער קייט פון זיינע אָבות און וועלכע ווירקן אינעם אונטערבאַוואוסטזיין פון אונדזערע חושים, לאָזן אומעטום אויפקומען דיזעלביקע פּרימיטיווע פאָרמען פונעם רעליגיעזן געפיל. דער קאַמף פאַרן קיום דערפירט אין אַלע מקומות צו באַשטימטע פאָרמען פונעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן, וועלכע ווייזן אָפּט אָן אויף אַן איבעררא‏שנדיקער ענלעכקייט, ווען אַפילו עס האַנדלט זיך וועגן פעלקער פון פאַרשידנדיקע ראַסן, וועלכע זענען אָפּ־געטיילט צווישן זיך דורך קאָנטינענטן און ימען. דאָס אַלעס באַווייזט, אַז אונדזער דענקען און אונדזער אויפפיר זענען צוליב דיזעלביקע פיזיאָלאָגישע אייגנשאַפטן און דער עמפּפינדלעכקייט צו די איינפלוסן פון דער סביבה אויסגעשטעלט צו דיזעלביקע פענאָמענאַלע געזעצן פונעם לעבן, לגבי וועלכע אַלע פאַרשידנדיקייטן פונעם אויס־דרוק שפּילן בלויז אַ מינדערוועדיקע ראָל. אין רוב פאַלן האַנדלט זיך בלויז וועגן

אונטערשיידן אין דער מדרגה, וועלכע קומען אַרויס פון זיך אַליין פון די העכערע אָדער פרימיטיווערע קולטור־באַדערפענישן.

זינט העגעל און די אַנדערע האָבן אונדז צוגעטשעפּעט דאָס דענקען אין אַב־סטראַקטע אַלגעמיינע באַגריפן, איז אַט־דער אופן דענקען אַריין אין דער מאָדע. מ׳האָט זיך צוגעוואוינט צו אָפּערירן מיט פּסיכאָלאָגישע קוואַנטיטעטן און מ׳איז דערביי דערגאַנגען צו די אייגנוויליקסטע פאַראַלגעמיינערונגען, ביי וואָס דעם רוב איז, אַגב, לגמרי נישט איינגעפאַלן, אַז זיי זענען געוואָרן קרבנות פון אייגנוויליקע השערות, וועלכע מוזן דערפירן צו די פאַלשסטע מסקנות. נאָכדעם ווי לאַצאַרוס און שטיינטאַל האָבן, זיך האַלטנדיק ביי הערבאַרטס שפּורן, צונויפגעשטעלט מיט דער גאַנצער חריפות, וואָס מ׳קאָן זיך נאָר אויסמאָלן, די אַזויגערופענע „פאַרגלייכנדיקע פעלקער־פּסיכאָלאָגיע״, איז די רייזע אין אַט־דער ריכטונג וואוילגעפעליק אָנגעגאַנ־גען ווייטער און האָט אונדז מיט אימפּעראַטיווער לאָגיק דערפירט צו דער אַב־סטראַקטער פאָרשטעלונג פון אַ מאַסן־, קלאַסן־, און ראַסן־נשמה און צו ענלעכע באַ־גריפן, אַרויסגעקומענע פון דער אַקראָבאַטיק פונעם גייסט, אונטער וועלכע מ׳האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן אַלעס און גאָרנישט. אַזוי איז דאָסטאָיעווסקי פאַר אונדז געוואָרן דער אַלגעמיינער באַגריף פון דער „סלאַווישער נשמה״, פּונקט ווי געטע איז געוואָרן דער אויסדרוק פון דער דייטשער נשמה. דער ענגלענדער באַווייזט זיך פאַר אונדז ווי די לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פונעם ניכטערנעם שכל, צו וועלכן ס׳איז לגמרי נישט צוטריטלעך די געמיטפולע באַטראַכטונג פון די זאַכן; דער פראַנצויז איז געוואָרן דער טרעגער פון פּוסט־לייכטזיניקן גהיעג נאָך רום און די דייטשן — דאָס „פאָלק פון דיכטער און דענקער״. און מיר פאַרשיכורן זיך מיט אַט־דעם וואָרט־יריד און מיר פרייען זיך קעניגלעך, ווען די שפּראַך ווערט באַרייכערט מיט אַ נייעם וואָרט־פעטיש. רעדן מיר דאָך אַלע מיט דער גאַנצער ערנסטקייט וועגן אַ „פאָלקס־אינדיווידו״, און אַפילו וועגן אַ „שטאַטס־אינדיווידו״, ביי וואָס מ׳פאַרשטייט לגמרי נישט אַ מענטש, וועלכער געהערט צו אַ געוויס פאָלק אָדער איז אַ בירגער פון אַ באַ־שטימטן שטאַט; ניין, מ׳באַהאַנדלט אין דעם פאַל אַ גאַנץ פאָלק אָדער אַ גאַנצע מלוכה, גלייך ווי דאָס וואָלטן געווען יחידים מיט באַשטימטע כאַראַקטעריסטישע נטיות און ספּעציעלע פּסיכישע אייגנשאַפטן אָדער גייסטיקע קוואַליטעטן. אין תוך איז דאָך דאָס נישט עפּעס אַנדערש ווי אַט־וואָס: מ׳באַשטאַט אַן אַבסטראַקט באַ־שעפעניש, אַזאַ ווי מלוכה אָדער פאָלק, וועלכעס שטעלט מיט זיך פאָר רק אַ סאָציאָ־לאָגישן באַגריף, מיט באַשטימטע אייגנשאַפטן, וועלכע מ׳קאָן משיג זיין נאָר ביים יחיד; אָבער ווען מ׳ווענדט עס אָן צו אַ כלל, מוז עס בפירוש דערפירן צו די גרוי־ליקסטע פאַלשע מסקנות.

ווי אַזוי מ׳שטעלט צונויף אַזעלכע בנינים, דאָס האָט אונדז מיט דער גאַנ־צער קלאָרקייט געוויזן לאַצאַרוס אין דער באַגרינדונג פון זיין „פעלקער־פּסיכאָלאָ־גיע״. נאָכדעם ווי ער האָט די אייגנשאַפטן פון יחידים אָן יעדן ישוב הדעת אַרי־בערגעטראָגן אויף גאַנצע פעלקער און נאַציעס, האָט ער טיפזיניק דערקלערט, אַז

דער איינצלמענטש קומט אין באַטראַכט בלויז ווי דער טרעגער פונעם קאָלעקטיוון גייסט און אַז נאָר ווי אַזעלכער איז ער אַ פאַרמיטלער פון אידעען*). זיך האַלטנדיק ביי ווילהעלם פאָן הומבאָלדס געדאַנקענגאַנג, האָבן זיך לאַצאַרוס און שטיינטאַל סומך געווען בעיקר אויף דער פאַרשידנדיקייט פון די שפּראַכן, וועמעס אָרגאַנישן אויפבוי זיי האָבן געפּרואווט דערקלערן מיטן ספּעציעלן גייסטיקן איכות פון יעדן פאָלק. מיט אָט־דעם ספּעציעלן גייסטיקן און פסיכישן מהות האָבן זיי אויך געוואָלט אויסטייטשן דעם חילוק אין די רעליגיעזע פאַרשטעלונגען פון די פעלקער, אין דער פאָרעם פון זייערע רעגירונגען, זייערע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און זייערע מאָראַלישע באַגריפן און זיי האָבן פאַר יעדער נאַציע באַזונדער אָנגעצייכנט אַ ספּעציפישן אופן אינעם דענקען און פילן, וועלכן זי קאָן נישט אייגנוויליק אָננעמען אָדער אָפּוואַרפן.

מיר האָבן זיך פון זינט דעמאָלט אויסגעלערנט פאַרשטיין, אַז די שפּראַך ווי אָן אויסדרוק פאַר אַ באַזונדערן „גייסטיקן און פסיכישן צושטאַנד״ פון אַ פאָלק קומט שוין לגמרי נישט אין באַטראַכט, מחמת ס׳איז שוין לחלוטין נישט פאַראַן קיין שום פאָלק, וועלכעס זאָל זיך געווען האָבן געהאַלטן ביי זיין „אורשפּראַך״ אָדער זאָל נישט געווען האָבן געביטן זיין שפּראַך אין משך פון דער געשיכטע, ווי מיר האָבן דאָס שוין פריער אָנגעוויזן. פונקט אַזוי איז דער ענין מיט די פאַרשידענע רעגירונגס־פאָרמען, געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און רעליגיע־סיסטעמען. פונדעסט־וועגן האָט מען זיך אַלץ ווייטער פאַרנומען אויף אָט־דעם, פון לאַצאַרוס און שטיינ־טאַל אָנגעצייכנטן וועג. גוסטאַוו לע באָן איז געוואָרן דער באַגרינדער פון דער „מאַסנפּסיכאָלאָגיע״, אַנדערע האָבן אַנטדעקט די נשמה פונעם קלאַס, בעת גאָבינאָ, טשעמבערליין, וואָלטמאַן, גינטער א. אַ. וו. האָבן מיט מזל אויסגעפונען די נשמה פון דער ראַסע. דערביי האָבן זיך אַלע געהאַלטן ביים זעלבן מעטאָד: זיי האָבן אַרי־בערגעטראָגן די ספּעציעלע אייגנשאַפטן פונעם יחיד אויף נאַציעס, קלאַסן און ראַסן און זיי האָבן געמיינט, אַז דערמיט האָבן זיי באַוויזן צו פאַרוואַנדלען אָן אַבסטראַקט באַשעפעניש אין אַ פולבלוטיקן לעבעדיקן אָרגאַניזם. דאָס איז דאָך אייגנטלעך דערזעלביקער מעטאָד, לויט וועלכן דער מענטש האָט באַשאַפן זיינע געטער, דער־מיט, וואָס ער האָט אַריבערגעטראָגן זיין אייגענעם מהות אויף דער בלאָסער באַ־שעפעניש פון זיין איינבילדונגס־קראַפט און זי געמאַכט פאַרן האַר פון זיין לעבן. האָט דען געקאָנט זיין אַ ספק, אַז די אַנטדעקער פון די פאַרשידענע קאָלעקטיווע פסיכאָלאָגיעס, וועלכע האָבן אַלע אויפגעבויט זייערע סכעמעס אויפן זעלביקן שטייגער, ווילן אַלע מוזן, ווילנדיק־נישט־ווילנדיק, דערגיין צו דיזעלביקע אויספירן? יע־דער מין פון די אויף אַזאַ אופן אַנטוויקלטע קאָלעקטיווע פאַרשטעלונגען פאַרוואַנ־דלט זיך אין אַ סאַטורן, וועלכער ברענגט אום אין דעם פאַל נישט זיינע אייגענע קינדער, אָבער ער פאַרשלינגט זיינע אייגענע עלטערן.

*) Moritz Lazarus, das Leben der Seele, Berlin 1855-57.

ווען מ׳האָט אָנגעהויבן צו אָפּערירן מיטן באַגריף מכוח דער „מאַסנפּסיכאָלאָגיע״, האָט מען ראשית כל געוואָלט דערמיט אָנווייזן, אַז ווען דער מענטש געפינט זיך צוזאַמען מיט אַ סך פון זיינסגלייכן און ער ווערט דורך וועלכער ס׳איז סיבה אַרומגעכאַפּט און באַהערשט פון זעלביקן אויפברויז, געפינט ער זיך אונטער דער ווירקונג פון אַ ספּעציעלער געמיט־שטימונג, וועלכע איז ביכולת אים צו באַוועגן צו אַזעלכע מעשים, וועלכע ער וואָלט אַליין, פון זיך אַליין, קיינמאָל נישט באַגאַנגען. נו, יאָ, טאַקע אַזוי. בלי שום ספק, אַז ס׳זענען פאַראַן אַזעלכע שטימונגען; פונדעסטוועגן האָבן מיר דאָ אַלץ צו טאָן מיט אַ שטימונג פונעם יחיד און נישט מיט דער שטימונג פון דער מאַסע ווי אַזעלכע. אַזעלכע מינים געמיטס־באַוועגונגען אַנטשטייען בלי שום ספק פונעם געזעלשאַפטלעכן אינסטינקט פונעם מענטשן און זיי באַווייזן נאָר, אַז ער איז אַן עיקרדיקער שטריך פון זיין מענטשלעכער עקזיסטענץ. אויף אַזאַ אופן אַנטשטייען שטימונגען פון אַלגעמיינעם טרויער אָדער אַלגעמיינער פרייד און באַגייסטערונג, טאַקע אַזוי ווי יעדע טיפערע פּסיכישע עמפּינדלעכקייט פונעם יחיד אַנטשטייט דורך דער אוממיטלבאַרער השפּעה פון זיין געזעלשאַפטלעכער סביבה. אַ מאַסן־אויסדרוק פונעם מענטשלעכן געפיל, ווי מיר קאָנען עס זען ביי דעמאָנסטראַציעס פון גרעסערע מחנות מענטשן, איז אַזוי אימפּאָנענט נאָר דערפאַר, ווייל דאָ קומט צום אויסדרוק מיט דער גאַנצער עלעמענטאַרער קראַפט דער סך־הכל פון אַלע אינדיווידועלע פילונגען און מהאי טעמא ווירקט עס אַזוי אויסערגעוויינלעך אויפן געמיט־צושטאַנד פונעם יחיד.

אַגב קאָן מען לייכט באַמערקן ענלעכקייטן פון דער עמפּינדלעכקייט ביי די יחידים נישט בלויז אין שייכות מיט גרויסע מאַסן, נייערט אויך בשייכות מיט אַנדערע באַגלייט־דערשיינונגען, ביי וואָס ס׳קומט שטענדיק באַנייס צום אויסדרוק, אַז ביי די מענטשן, נישט געקוקט אויף אַלע פאַרשידנהייטן, זענען פאַראַן געוויסע בשותפותדיקע באַזישע אינסטינקטן. אַזוי איז גורם אַרויפגעצוואונגענע איינזאַמקייט, פּונקט אַזוי ווי אַרויפגעצוואונגענע געזעלשאַפטלעכקייט, ביי אַ סך אינדיווידן גאַנץ ענלעכע געמיט־שטימונגען, וועלכע ברענגען אַפילו גאַנץ אָפט מיט זיך ווי אַ פּועל־יוצא דיזעלביקע טואונגען. דאָסזעלביקע קאָן מען באַאָבאַכטן ביי געוויסע דערשיינונגען פון קראַנקייטן, ביי סעקסועלער אויפרעגונג און ביי הונדערט אַנדערע געלעגנהייטן. מ׳קאָן דעריבער רעדן בלויז וועגן אַן אינדיווידועלן צושטאַנד פון דער נשמה אָדער גייסט, מחמת נאָר ביים יחיד זענען דאָך פאַראַן די פיזיאָלאָגישע תנאים פאַר וואָסערע ס׳איז געמיט־שטימונגען און גייסטיקע איינדרוקן, אָבער נישט ביי אַבסטראַקטע באַשעפענישן ווי שטאַט, מאַסע, נאַציע אָדער ראַסע. מיר קאָנען זיך נישט פאָרשטעלן די אַנטשטייאונג פון אַ געדאַנק אָן דער פונקציע פונעם געהירן אָדער געפילס־איינדרוקן אָן דער פאַרמיטלונג פון די נערוון, פּונקט אַזוי ווי מיר קאָנען זיך נישט פאָרשטעלן דעם פּראָצעס פון פאַרדייאונג אָן דעם אַנטשפּרעכנדיקן אָרגאַן פאַר אָט־דער פונקציע. און טאַקע מהאי טעמא פעלט פעסטער באָדן אונטער די פיס פאַר יעדער קאָלעקטיווער פּסיכאָלאָגיע און מ׳קאָן אויף איר נישט מאַכן קיין

פאַרגלייכן, וועלכע זאָלן קאָנען ברענגען וועלכן ס'איז נוצן. אָבער די אָנהענגער פון יענע טעאָריעס שטעלן זיך נישט אָפּ אויף דידאָזיקע קליינינקייטן און גענעראַליזירן וויפיל נאָר עס לאָזט זיך. דאָס, וואָס קומט אַרויס פון דעם, איז צומאָלס זייער גייסטרייך אויסגעבויט, אָבער דאָס איז אַלעס; מער נישט.

דאָס באַלאַנגען צו אַ באַשטימטן קלאַס, נאַציע אָדער ראַסע איז נאָך ווייט נישט קיין פּוסק מכוח דעם אַרומאונאַרומדיקן דענקען און פילן פונעם יחיד; פּונקט אַזוי איז נישט מעגלעך אויסצומוחן דעם מהות פון אַ נאַציע, אַ ראַסע אָדער אַ קלאַס פונעם אופן ווי אַזוי עס דענקט און פון דער כאַראַקטעריסטיק פון יעדן יחיד באַזונדער. יעדע קלענערע אָדער גרעסערע סטרוקטור נעמט אַרום מענטשן מיט אַלע דענקבאַר־מעג־לעכע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן, גייסטיקע נטיות און פּראַקטישע טעטיקייטס־אינ־סטינקטן, אין וועלכע עס געפינען זייער אויסדרוק אַלע שאַטירונגען פונעם מענטש־לעכן פילן און דענקען. צווישן די מענטשן, וועלכע באַלאַנגען צו אַזאַ גרופּע, באַ־שטייט בדרך־כלל אַן אומבאַשטימט געפיל פון קרובעשאַפט, וועלכעס איז ביים יחיד, אַגב, נישט קיין איינגעבוירנס, נאָר אַ באַקומענס דורך דער דערציאונג. הגם עס האָט אַ גאַנץ קליינעם באַדייט פאַר דעם אַרויסזאָגן זיך מכוח דעם גאַנצן ענין. דאָס נעמלעכע איז אויך חל אויף די ענלעכקייטן פון פיזישן אָדער גייסטיקן כאַראַקטער, וועלכע האָבן זייער סיבה אין די באַדינגונגען פון דער סביבה. אין יעדן פאַל שטעלן זיך אַרויס די באַזונדערע נטיות פונעם יחיד אין זיין גאַנצער אַנטוויקלונג פיל שאַרפער איידער געוויסע געמיינזאַמע שטריכן, וועלכע בילדן זיך אויס ביי געוויסע גרופּעס מענטשן מיטן לויף פון דער צייט. שאָפּענהויער האָט דאָס שוין, אַגב, געהאַט איינגעזען, ווען ער האָט געזאָגט:

„אַגב שטייגט־איבער די אינדיווידואַליטעט גאַנץ היפּש די נאַציאָנאַלי־טעט, און ביי אַ רעספּעקטיוון מענטשן פאַרדינט די ערשטע טויזנט מאָל מער גענומען צו ווערן אין באַטראַכט ווי די צווייטע. וויל מען זיין ערלעך צו זיך אַליין איז אויפן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, היות ס'האַנדלט זיך דאָ וועגן כמות, נישט פאַראַן צו זאָגן פיל גוטס. דאָ ווייזט זיך גיכער אַרויס די מענטשלעכע באַשרענקטקייט, קאַפּווירדיקייט און רשעות אין יעדן לאַנד אין אַן אַנדערער פאָרעם, און דאָס רופט מען עס אַן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. ווען עס שטויסט אונדז אָפּ פון איינעם פון זיי, לויבן מיר דאָס אַנדערע, ביז עס פּאַסירט אונדז מיט אים פּונקט ווי מיט יענעם. מיין לאַנד שפּעט־אָפּ פון די אַנדערע לענדער און אַלע זענען גערעכט".

דאָס, וואָס שאָפּענהויער זאָגט דאָ וועגן דער נאַציאָנאַליטעט און וועגן נאַציאָ־נאַלן כאַראַקטער קאָן מען גאַנץ זיכער אָנווענדן אויף אַלע ענלעכע קאָלעקטיווע באַ־גריפן. די אייגנשאַפטן, וועלכע די „פּסיכאָלאָגן פונעם המון" שרייבן־צו אָדער טראַכ־טן־צו פאַר זייערע קאָלעקטיווע באַשעפענישן, זענען נאָר זעלטן בהסכם מיט דער ווירקלעכקייט; זיי זענען תמיד דער רעזולטאַט פון פּערזענלעכע וואונטשן און דאַרפן דעריבער אָפּגעשאַצט ווערן בלויז ווי אויסטראַכטענישן פון דער פאַנטאַזיע. די ראַסע אָדער נאַציע, וועמעס כאַראַקטעריסטישן איכות דער ראַסן־ אָדער פעלקער־פּסיכאָלאָג

נעמט זיך אונטער צו שילדערן, וועט תמיד אַרויסקומען בהסכם מיטן בילד, וועלכעס ער האָט זיך פון פריער וועגן איר געשאַפן. בהסכם דערמיט צי ער פילט אין אַ געוויסן מאָמענט אַ סימפּאַטיע אָדער אַנטיפּאַטיע צו איר, וועט אָט־די ראַסע אָדער נאַציע ביי אים אַרויסקומען זשעניאַל, דזשענטלמעניש, געטריי, אידעאַליסטיש, ערלעך אָדער גייסטיק מינדערווערטיק, קליינלעך, פאַלש, מאַטעריאַליסטיש און פאַררעטעריש. ס'איז גענוג צו פאַרגלייכן די פאַרשידענע מיינונגען, וועלכע ס'האָבן בשעתן וועלט־קריג אַרויסגעזאָגט בירגער פון אַלע נאַציעס וועגן אַנדערע נאַציעס, בכדי זיך מער נישט צו מאַכן קיין אילוזיעס וועגן דעם אמתן באַדייט פון אַזעלכע אָפּשאַצונגען. נאָך צעשמעטערנדיקער וואָלט געווען דער איינדרוק, ווען מ'וואָלט דאָ גענומען נאָכקוקן די מיינונגען און אָפּשאַצונגען, וועלכע מ'האָט געמאַכט אין פריערדיקע פּעריאָדן, און זיי פאַרגלייכט מיט די שפּעטערדיקע. צום ביישפּיל דער הימן פונעם פראַנצויזישן ראָמאַנטיקער וויקטאָר הוגאָ צו די דייטשן אָדער די אָדע פונעם ענגלישן פּאָעט טאָמאַס קאַמפּבעל „צו די דייטשן" און אין היפוך צו דעם דער נאַציאָנאַלער השתפכות הנפש פון די בכבודיקע מענטשן פון אונדזער צייט אין ביידע לענדער אויף דיזעלביקע דייטשן. אויב דאָ איז די רייד פון ענגלענדער און פראַנצויזן, הייסט דאָס נישט, אַז ס'דאַרף די דייטשן אַרויסגעגעבן ווערן אַ בעסער צייגעניש. מ'דאַרף נאָר לייענען די פלאַמפייערדיקע מיינונגען פון דייטשע ראַסן־טעאָרעטיקער וועגן דער מכלומרשטער מינדערווערטיקייט פון די בריטן און וועגן דער דעגענעראַציע פון די פראַנצויזן, בכדי אָן שוועריקייטן צו באַגרייפן ניטשעס כלל: „נישט האָבן קיין באַציאונגען מיט קיין שום מענטשן, וועלכער נעמט אָנטייל אינעם ליגנערישן ראַסן־שווינדל".

אויף וואָס פאַראַ מדרגה געענדערטע אומשטענדן און מאָמענטאַנע שטימונגען ווירקן אויף דער מיינונג וועגן פרעמדע נאַציעס, קאָן מען אַרויסזען פון די אויספירונגען פון צוויי פראַנצויזישע מחברים, וועלכע קאַרל לאַם האָט ציטירט אין זיין רעקאָמענדירבאַרן און אָפּנהאַרציקן מאַמר „פראַנצויזן". אַזוי האָט פרעדעריק־קאָנסטאַנדע רוזשעמאָן זיך אָט ווי אַזוי אַרויסגעזאָגט וועגן די דייטשן:

„דער דייטש איז געקומען אויף דער וועלט פאַר אַ גייסטיק לעבן. עס פעלט אים די הילכיקע לייכטע פרייִלעכקייט פונעם פראַנצויז. זיין נשמה איז רייך, זיין נייגונג צאַרט און טיף. ביי דער אַרבעט איז ער אומדערמידלעך, ביים אונטערנעמען עפּעס — אויסדויערלעך. קיין שום פאָלק האָט נישט קיין העכערע מאָראַל, און אינערגעץ דערגייט מען נישט צו קיין העכערן אַריכת־ימים... בעת די איינוואוינער פון אַנדערע לענדער קאָנצענטרירן זייער גאווה אויף דעם, וואָס זיי זענען פראַנצויזן, ענגלענדער אָדער שפּאַניער, נעמט דער דייטש אַריין אין זיין פּאָראורטיילסלאָזער ליבע די גאַנצע מענטשהייט. שוין צוליב איר פּאָזיציע אין סאַמע צענטער פון אייראָפּע, ווייזט אויס די דייטשע נאַציע צו זיין צוגלייך סיי דאָס האַרץ און סיי די דאָמינירנדיקע פאַרנונפט פון דער מענטשהייט".

און איצט זאָל מען פאַרגלייכן אָט־די אויספירן מיט דער מיינונג פונעם דאָמיניקאַנער מאָנאַך דידאָן אין זיין בוך „לעס אַלמאַן" וועגן דיזעלביקע דייטשן:

„איך האָב נישט געקאָנט געפינען ביי די היינטיקע דייטשן, אַפילו נישט ביי יענע, וועלכע זענען אין די יאָרן, ווען קאַוואַלירישע געדאַנקען זענען אַמצוגענגלעכסטן, קיין שום התפּעלותדיקן סענטימענט, וועלכער זאָל זיך אַרויסהייבן איבערן קוקווינקל פונעם דייטשן פּאַטערלאַנד. די גרענעץ קלאַמערט דעם גערמאַן לגמרי איין. די אייגננוציקייט איז דאָס העכסטע געזעץ זיינס. זיינע גרויסע מלוכה־מענער זענען בלויז זשעניאַלע ניצלעכקייטס־מענטשן. זייער עגאָאיסטישע פּאָליטיק, וועלכע יאָגט זיך גיריק מער נאָך נוצן איידער נאָך כבוד, האָט קיינמאָל נישט אַרויסגערופן די מינדסטע אומצופרידנקייט אין לאַנד, וועלכעס נעמט אָן זייער אָראַקל אָן ווידערשטאַנד און בלינד. די דייטשן שאַפן זיך אַליאירטע, אָבער נישט קיין פריינט. יענע, וועלכע זיי בינדן־צו צו זיך, לאָזן זיך כאַפּן אויף דער ווענדקע דורך אינטערעס אָדער דורך מורא, מחמת זיי מוזן טראַכטן וועגן זייער האַרטער צוקונפט. און ווי אַזוי זאָל מען נישט קיין מורא האָבן, ווען מ'איז איבערגעענטפערט אויפן חסד פון אַ מאַכט, וועלכע איז נישט באַהויכט פון קיין גערעכטיקייטס־געפיל און ווען די עגאָאיסטישע קראַפט הערשט אומבאַשרענקט?... דייטשלאַנדס אויבערהערשאַפט אין אייראָפּע איז דאָס נעמלעכע ווי דער נצחון פונעם מיליטאַריזם, די ממשלה פונעם פּחד, פון דער געוואַלט, פון דעם עגאָאיזם. איך האָב אומצייליקע מאָל געפּרואווט אויסצוגעפינען ביי זיי וואָסער ס'איז סימפּאַטיע צו אַנדערע נאַציעס, אָבער כ'האָב נישט געהאַט קיין מזל".

אָט־די צוויי מיינונגען זענען אין פולשטענדיקער סתירה צווישן זיך, הגם זיי האָבן אָן ספק, — יעדע איינע אויף איר שטייגער, — באַאיינפלוסט די עפנטלעכע מיינונג פון פראַנקרייך. ס'איז יעדנפאַלס פאַראַן אַ געוויסע דערקלערונג פאַר דעם טיפן ווידערשפּרוך, וועלכן מיר האָבן דאָ פאַר זיך.ביידע מיינונגען קומען פון צוויי פאַרשידענע מענטשן; איינע איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן פ אַ ר , די אַנדערע נ אָ ך דעם דייטש־פראַנצויזישן קריג פון 1870 ־ 1871. דעמאָלט, אין דער „גרויסער צייט פונעם שקר", וועלכע די שווייצערישע שוטים האָבן באַצייכנט ווי דאָס „שטאָלענע באָד פון דער פעלקער־פאַריינגערונג", איז מען געווען לייכטער און גרייטער גיך אַרויסצוזאָגן אַ מיינונג און מ'האָט זיך אויך אויסגעלערנט צו ענדערן אַ מיינונג, בהסכם מיט די אומשטענדן. אַזוי האָט דער „פּאָפּאָלאָ ד'איטאַליאַ", דער אָרגאַן פונעם שפּעטערדיקן דיקטאַטאָר מוסאָליני, אַרויסגעזאָגט אָט־אַזאַ מין חנעוודיקע מיינונג וועגן די רומענער, איידער זיי זענען אַריין אין מלחמה, בכדי צו קעמפן אויף דער זייט פון די אַליאירטע:

„מ'וואָלט שוין געמעגט אויפהערן צו באַטראַכטן די רומענער ווי אונדזער שוועסטער־נאַציע. זיי זענען נישט קיין ראָמאַנער, ווען אַפילו זיי שלייערן זיך מיט אָט דעם איידעלן נאָמען. דאָס איז אַ געמיש פון באַרבאַרישע אור־פעלקער, וועלכע זענען אונטערגעיאָכט געוואָרן פון די רוימער, צוזאַמען מיט סלאַוון, פּעטשענעגן, כאַזאַרן, אַוואַרן, טאָטערן, מאָנגאָלן, הונען, טערקן און גריכן. קאָן מען זיך שוין לייכט אויסמאָלן, וואָס פאַר אַ לומפּן־געזינדל ס'איז פון דעם אַרויסגעקומען. דער רומענער איז נאָך היינט אַ באַרבאַר און מינדערווערטיקער אינדיווידע, וועלכער שטעלט זיך בלויז אויס צו חוזק ביי די פראַנצויזן מיט זיין נאָכמאַכפּעוועון די פּאַריזער, און כאַפּט פיש אין מוטנע וואַסער, וואו ס'לויערט נישט קיין סכנה, וועלכע ער זוכט אינוויוויייט מעגלעך אויסצומיידן. דאָס האָט ער אַרויסגעוויזן שוין אין יאָר 1913".

וויבאַלד אָבער די רומענער זענען אַריין אין קריג, בכדי צו קעמפן אויף דער זייט די פון אַליאירטע, האָט דיזעלביקע צייטונג מוסאָליניס געשריבן וועגן זיי:

„די רומענער האָבן איצט באַוויזן, אַז זיי זענען ווירדיקע זין פון די אַל־טע רוימער, פון וועלכע זיי שטאַמען, פונקט ווי מיר גופא. ס׳זענען, בכן, אונ־דזערע נאָנטסטע ברידער, וועלכע שליסן זיך איצט אָן מיטן אייגנאַרטיקן מוט זייערן און אַנטשלאָסנהייט צום קאַמף פון דער לאַטייניש ער און סלאַווישער קעגן דער גערמאַנישער ראַסע; זיי שליסן זיך, הייסט עס, אָן צום קאַמף פאַר פרייהייט, קולטור און רעכט קעגן דער פּרייסישער טיראַניע, קעגן הערשאַפט פון ווילקיר, באַרבאַריע און עגאָאיזם. פונקט אַזוי ווי די רומענער האָבן אין 1877 געוויזן, וואָס זיי זענען אימשטאַנד אויפצוטאָן אויף דער זייט פון אונ־דזערע בראַווע רוסישע אַליאירטע קעגן טערקישער באַרבאַריע, פּונקט אַזוי וועלן זיי אויך איצט וואַרפן זייער שאַרפע שווערט אויף דער וואָגשאָל פון דיזעלביקע אַליאירטע קעגן עסטרייכיש־אונגאַריש־דייטשער באַרבאַריע און אומקולטור און זיי דערפירן צו דער מפּלה. און מ׳האָט דאָך טאַקע נישט גע־קאָנט דערוואַרטן עפּעס אַנדערש פון אַ פאָלק, וועלכעס האָט דעם כבוד צו געהערן צו דער לאַטיינישער ראַסע, וועלכע האָט אַמאָל באַהערשט די וועלט״*).

ס׳וואָלט געווען אַ דאַנקבאַרע אויפגאַבע זאַרגפעליק צונויפצוזאַמלען ענלעכע אָפּשאַצונגען, וועלכע זענען בשעת דעם וועלטקריג געמאַכט געוואָרן וועגן די פאַר־שידענע נאַציעס און זיי אַוועקשטעלן איינע קעגן די אַנדערע. אַזאַ זאַמלונג וואָלט געווען אַ בעסערער באַוויז פאַרן אומגייסט פון אונדזער צייט ווי די שענסטע קאָ־מענטאַרן פון אונדזערע היסטאָריקער.

און אויב די מיינונג פון די ראַסן־ און פעלקער־פּסיכאָלאָגן וועגן פרעמדע נאַ־ציעס איז בדרך כלל אומגערעכט, איינזייטיק און קינסטלעך באַגרינדעט, ווירקט אָבער די כסדרדיקע פאַרהערלעכונג פון דער אייגענער נאַציע אויפן חשבון פון אַלע אַנדערע דווקא נאַריש און קינדיש, אויב מ׳האָט נאָך, פאַרשטייט זיך, בכלל אַ געפיל פאַר אַזעלכע זאַכן. ווייל לאָמיר זיך פאָרשטעלן אַ מענטשן, וועלכער לאָזט נישט דורך קיין שום געלעגנהייט זיך אַרויסצושטעלן און צו באַרימען ווי אַ פּראָטאָטיפּ פון דער גאַנצער חכמה, געניאַליטעט און טוגנט און ער זאָל ביי אָט־דער זעלבסט־באַ־רימעריי אַראָפּנידערן אַלע אַנדערע און זיי באַצייכענען ווי מינדערווערטיקע. מ׳וועט אים זיכער האַלטן פאַר אַ פּוסטן שוטה אָדער פאַר אַ קראַנקן און אים טאַקע באַ־האַנדלען ווי אַזעלכן. אָבער ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן דער אייגענער נאַציע, נעמט מען אָן פאַר גוט געלט אָט־דעם ערגסטן ווילדן פּזמון און מ׳שעמט זיך לגמרי נישט זיך באַרימעריש אַרויסצושטעלן מיט אַלע מעלות און די אַנדערע באַטראַכטן ווי מענטשן פון צווייטער קאַטעגאָריע, גלייך ווי ס׳וואָלט געווען אונדזער אויפטו צו האָבן געקומען אויף דער וועלט ווי דייטשן, פראַנצויזן אָדער כינעזער. אַפילו גרויסע קעפּ ליידן פון דערזעלביקער שוואַכקייט און דער ענגלישער פילאָזאָף יום האָט שוין גוט געוואוסט, וואָס ער זאָגט, ווען ער האָט אויסגעפירט:

„ווען אונדזער לאַנד טרעט אַריין אין מלחמה מיט אַן אַנדערן, פאַראַכטן מיר די פיינטלעכע נאַציע פון גאַנצן האַרץ און רופן זי אַן אַכזריותדיק, פאַלש, אומגערעכט און געוואַלטזאַם. זיך גופא און אונדזערע אַליאירטע האַלטן מיר

*) מיר נעמען אָט־די ביידע ציטאַטן פון דעם וואָגיקן און גייסטפולן מאמר פון פּראָפ׳ יוליוס גאָלדשטיין, „ראַסע און פּאָליטיק״, ז. 152.

> פאַר ערווירדיק, פאַרנינפטיק און לייטיש. אונדזערע פאַררעטערישע שטיק באַטראַכטן מיר ווי אַ חכמה, אונדזער אַכזריות איז אַ נויטווענדיקייט. מיט איין וואָרט: אונדזערע חסרונות ווייזן זיך אונדז אויס קליין און אומבאַדייטנדיק און נישט זעלטן באַצייכענען מיר זיי מיטן נאָמען פון דער טוגנט, וועלכע איז צום ענלעכסטן צו זיי".

יעדער מין קאָלעקטיווע פסיכאָלאָגיע ליידט פון אָט־די חסרונות און זי איז געצוואונגען דורך דער לאָגיק פון אירע אייגענע הנחות אַרויסצושטעלן פוסטע וואונטשן ווי קאָנקרעטע פאַקטן. דורך דעם אָבער דערגייט זי פון זיך גופא צו אַזעלכע מסקנות, וועלכע צעעפנט דעם וועג פאַר יעדער זעלבסט־אָפנאַרעריי. אָבער נאָך אומגליקלעכער איז דער ענין, ווען מ׳נעמט רעדן וועגן אַ „נאַציאָנאַלער קולטור", אין וועלכער עס קומט מכלומרשט צום אויסדרוק דער ספעציעלער „גייסט" אָדער די ספעציעלע „נשמה" פון יעדן פאָלק. די אמונה אין דער נאַציאָנאַלער קולטור־נשמה איז זיך סומך אויף דערזעלביקער אילוזיע ווי די „היסטאָרישע מיסיעס" פון די באָסועס, פיכטעס, העגעלס און זייער גרויסע צאָל נאָכגייער.

קולטור ווי אַזעלכע איז קיינמאָל נישט נאַציאָנאַל; און זי איז דאָס נישט בעיקר דערפאַר, ווייל זי וואַקסט אַרויס און גייט אַריבער די פאָליטישע ראַמען פון די שטאַטלעכע מחיצות און ווערט נישט געבונדן דורך קיין שום נאַציאָנאַלע גרענעצן. ס׳איז גענוג צו וואַרפן אַן אויבנאויפיקן בליק אויף די פאַרשידענע געביטן פונעם קולטורעלן לעבן, בכדי דאָס צו זען באַשטעטיקט. מיר וועלן דערביי אַוועקקוקן פון יעדן מין קינסטלעכן פונאַנדערשייד צווישן ציוויליזאַציע און קולטור און דאָס צוליב דיזעלביקע טעמים, וועלכע מיר האָבן שוין פריער אָנגעגעבן. אונדזערע באַטראַכטונגען וועלן זיך גיכער אָפשטעלן אויף די אַלע געביטן, אין וועלכע ס׳קומט צום אויסדרוק דאָס באַוואוסטזיניקע אַריינמישן זיך פונעם מענטשן אין די ריי״ע נאַטור־פראָצעסן, פון דער מאַטעריעלער געשטאַלטיקונג פונעם עקאָנאָמישן לעבן ביז צו די אַנטוויקלטסטע פאָרמען פונעם גייסטיקן שאַפן און קינסטלערישער אַקטיוויטעט, מחמת אויך אויף אונדז איז חל דאָס, וואָס קאַרל טשאַפעק האָט אַזוי שיין באַקליידט אין די ווערטער:

> „יעדע מענטשלעכע טעטיקייט, וועלכע האָט אַלס ציל צו פאַרפולקאָמען, צו פאַרלייכטערן און צו אויססדרן אונדזער לעבן, איז אַ קולטורעלע טעטיקייט. ס׳איז נישט פאַראַן קיין פונאַנדערטיילנדיקע שפאַלטונג צווישן קולטור און אַלעם אַנדערן. איך וואָלט נישט געוואָלט זאָגן, אַז דאָס רוישן פון די מאָטאָרן איז די מוזיק פון דער קעגנוואָרט. אָבער דער רויש פון די מאָטאָרן איז איינע פון די שטימען פון דער פאָליפאָניע פונעם קולטורעלן לעבן, פונקט ווי דער הימלישער קלאַנג פון אַ פידל אָדער די ווערטער פון אַ רעדנער, אָדער דאָס געשריי פונעם ספאָרטפלאַץ זענען שטימען פון דערדאָזיקער פאָליפאָניע. די קולטור איז נישט קיין פראַקציע אָדער אַ ברוכטייל פונעם לעבן, זי איז זיין סך־הכל און זיין מיטלפונקט".

ס׳וואָלט געווען אַן אומזיסטיקע באַמיאונג צו באַהאַנדלען דעם קאַפיטאַליסטישן עקאָנאָמישן סיסטעם, אין וועלכן מיר לעבן, לויט זיין נאַציאָנאַלן אָפשטאַם אָדער נאַציאָנאַלן אינהאַלט. דער מאָדערנער קאַפיטאַליזם, וועלכער האָט אויף אַ

פאַנטאַסטישן אופן אַנטוויקלט די מאָנאָפּאָליזירונג פון די פּראָדוקציע־מיטלען און פון די געזעלשאַפטלעכע עשירות לטובת קליינע מינדערהייטן, און האָט דערמיט אויסגעשטעלט די ברייטע מאַסן פון דער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג צו אַלע אַכ־זריותדיקע פועל־יוצאס פון דער קנעכטשאַפט, איז נישט דער רעזולטאַט פון וועלכע ס׳איז נאַציאָנאַלע שטרעבונגען, פונקט ווי ער האָט אידעאָלאָגיש גאָרנישט בשות־פותדיקס מיט אַזעלכע שטרעבונגען. ס׳איז אמת, אַז די טאָנגעבער פון דער קאַפּי־טאַליסטישער עקאָנאָמיק באַגינציקן נאַציאָנאַלע שטרעבונגען ביי געוויסע אומשטענ־דן און קאָנדיציעס. אָבער אין דעם פאַל איז עס שטענדיק אַ פּשוטע אויסרעכענונג, מחמת די „נאַציאָנאַלע אינטערעסן״, פאַר וועלכע זיי שטעלן זיך אַרויס, זענען תמיד געווען נאָר זייערע אייגענע אינטערעסן. קיין שום עקאָנאָמישע אָרדענונג פון דער פאַר־גאַנגענהייט האָט נישט אַזוי אָפן און אַזוי אומברחמנותדיק מקריב געווען אַלע אַזוי־גערופענע נאַציאָנאַלע פּרינציפּן צו דער רויבגיריקייט פון קליינע מינדערהייטן אין דער געזעלשאַפט ווי דווקא די קאַפּיטאַליסטישע.

די פאַרמירונג פונעם קאַפּיטאַליסטישן עקאָנאָמישן סיסטעם איז פאָרגעקומען אין אַלע לענדער מיט אַזאַ איבערראַשנדיקער ענלעכקייט, אַז מ׳קאָן לייכט פאַרשטיין, פאַרוואָס די עקאָנאָמיסטן און די ווירטשאַפטלעכע פּאָליטיקער שטרייכן כסדר אונ־טער דאָס „געזעצמעסיקע״ פון אָט־דער אַנטוויקלונג און פאַרוואָס זיי זעען אין יעדער דערשיינונגס־פאָרעם פונעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם דעם אומפאַרמיידלעכן רעזולטאַט פון אייזערנע עקאָנאָמישע געזעצן, וועמעס ווירקונגען זענען שטאַרקער ווי דער ווילן פון זייערע מענטשלעכע טרעגער. פאַקטיש האָט דער קאַפּיטאַליזם אויס־געצייטיקט אין אַלע לענדער, וועלכע זענען פון אים אַרומגעכאַפּט געוואָרן, דיזעל־ביקע דערשיינונגען און געהאַט דיזעלביקע ווירקונגען אויפן אַלגעמיינעם לעבן פון די מענטשן, אָן אַ חילוק פון נאַציע און ראַסע. אויב עס זענען ערגעצוואו געווען צו באַמערקן קליינע אונטערשיידן, איז דאָס נישט געווען דער פועל־יוצא פון ספּעציעלע נאַציאָנאַלע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן, נייערט גיכער האַנדלט עס זיך דאָ וועגן אַזעל־כע דערשיינונגען, וועלכע האָבן אַ שייכות מיט דער מדרגה פון דער קאַפּיטאַליסטי־שער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג.

דאָס ווייזט זיך היינט אַרויס זייער קלאָר אין דער אַנטוויקלונג פון די קאַפּי־טאַליסטישע גרויס־אינדוסטריעס אין אייראָפּע און ספּעציעל אין דייטשלאַנד. ס׳איז דאָך גאָרנישט לאַנג אין דעם, ווי מ׳האָט געמאַכט אַלערליי גאַנץ גרינטלעכע אָפּ־שאַצונגען וועגן דער פאַנטאַסטישער אַנטוויקלונג פון דער אַמעריקאַנישער אינדוס־טריע און אירע אַרבעטס־מעטאָדן. מ׳האָט אין אָט־די מעטאָדן געוואָלט אייַנזען די אומפאַרמיידלעכע ווירקונגען פון אַ ספּעציפישן אַמעריקאַנישן גייסט, וועלכן ס׳איז לגמרי נישט מעגלעך אויסצוגלייכן מיטן טעמפּעראַמענט פונעם אייראָפּעער און ספּעציעל מיטן דייטשן. ווער וואָלט נאָך אויך היינט, אין אָנבליק פון די לעצטע רע־זולטאַטן פון אונדזער גאַנצן עקאָנאָמישן לעבן, געהאַט דעם קוראַזש צו פאַרטיידיקן אָט־די אומבאַגרינדעטע ווי אַראָגאַנטע באַהויפּטונג? די באַרימטע, אַזוי שטאַרק

אויסגעלויבטע ראַציאָנאַליזאַציע פון דערווירטשאַפט, מיט דער הילף פונעם טייַלאָר־סיסטעם און דער פאָרדישער אומאונטערבראָכענער אַרבעט, האָט אין דייטשלאַנד אין משך פון ווינציק יאָרן בלויז געמאַכט אַ פיל גרעסערן פראָגרעס ווי אין וועלכן ס'איז אַנדערן לאַנד. מיר האָבן זיך שוין פון זינט לאַנג אויסגעלערנט פאַרשטיין, אַז טיילאָר־סיסטעם און פאָרדיזם זענען בשום אופן נישט קיין ספּעציפישע רעזולטאַטן פונעם אַמעריקאַנישן גייסט, נייערט בפירוש דערשיינונגען פונעם קאַפּיטאַליסטישן עקאָנאָמישן סיסטעם ווי אַזעלכן, פאַר וועמעס לוינבאַרקייט דער געמיטלעכער דייטשער אונטערנעמער איז לפּחות פונקט אַזוי עמפּינדלעך ווי דער טרוקן־אויסגערעכנטער יענקי, פאַר וועמעס ריין־מאַטעריאַליסטישע אָריענטאַציע מען האָט פריער נישט געהאַט גענוג פאַרדאַמונגס־ווערטער.

דער פאַקט, אַז אַט־די מעטאָדן זענען פריער אויפגעקומען אין אַמעריקע, איז נאָך נישט קיין באַווייז, אַז זיי זענען באַגרינדעט אין אַמעריקאַנישן גייסט און דאַרפן אָנגענומען ווערן ווי אַ ספּעציעלע נאַציאָנאַלע כאַראַקטער־אייגנשאַפט. אויך צו פאָרדן און טיילאָרן זענען זייערע מעטאָדן נישט אַראָפּגעקומען ווי אַ גאָב פון הימל; אויך זיי האָבן געהאַט זייערע פאָרגייער און וועג־אויסלייגער, וועלכע זענען אַרויסגעקומען פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקאָנאָמיק און וועלכע זענען זיכער נישט געווען באַשטימט צו אַט־דער ראָל דורך ספּעציעלע נאַציאָנאַלע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן. אומאיבערגעריסענע אַרבעט, סטאַפּזייגער און „סיענטיפיק־מענעדזשמענט", דער נאָמען, מיט וועלכן מ'האָט געטויפט די ראַפינירטע אויסרעכענונג פון יעדן באַוועג פון די מוסקלען ביי דער אַרבעט, זענען אַרויסגעקומען ביסלעכווייז, בהדרגה־דיק פון דער קאַפּיטאַליסטיש־אָריענטירטער עקאָנאָמיק און דורך איר געשטויסן געוואָרן פאָרויס. פאַרן אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון דער מעכאַנישער פּראָדוקציע איז פון גאַנץ קנאַפּן באַדייט, צי די אָדער יענע מאַשין האָט פריער אָנגעהויבן באַנוצט ווערן אין דייטשלאַנד אָדער אין אַמעריקע; דאָס נעמלעכע איז אויך חל אויף די מעטאָדן פון דער אַרבעט, וועלכע זענען אַרויסגעקומען פון דער אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער טעכניק.

די כוונה צו מאַכן די אַרבעט אַזוי שטאַרק לייסטונגס־פעאיק ביים מינדסטן, קנאַפּסטן פאַרנוץ פון כוחות איז גאָר ענג פאַרבונדן מיט דער מאָדערנער מאַשין־פּראָדוקציע און מיט דער קאַפּיטאַליסטישער עקאָנאָמיק בכלל. די וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער פּראָגרעסירנדיקע אַנטדעקונג פון די נאַטור־כוחות און זייער טעכנישע פאַרווענדונג, די כסדרדיקע אויסבעסערונג פונעם מעכאַנישן ווערקצייג, די אינדוסטריאַליזאַציע פון דער לאַנדווירטשאַפט און די כסדרדיקע ספּעציאַליזאַציע פון דער אַרבעט זענען די בעסטע עדות פאַר דעם אויבן געזאָגטן. דאָס, וואָס די מאָדערנסטע דערשיינונגס־פאָרמען פונעם אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם האָבן זיך אַרויסגערוקט צום פאָדערגרונט פריער ווי ערגעץ אַנדערש דווקא אין אַמעריקע, דאָס האָט נישט דעם מינדסטן שייכות מיט נאַציאָנאַלע איינפלוסן. אין אַ לאַנד, וועלכעס איז אויף אַזאַ אויסערגעוויינלעכן אופן געבענטשט געוואָרן פון דער נאַטור און אין

וועלכן די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג האָט אָנגעשלאָגן אַזאַ ריזנשטאַרקן טעמפּאָ, האָבן די עקסטרעמען פונעם קאַפּיטאַליסטישן עקאָנאָמישן לעבן געמוזט פריער דער־גיין צו רייפקייט און אַרויסטרעטן אין שאַרפערע פאָרמען. פרעד טיילאָר, וועלכער איז געווען אויסגעבונדן מיט אָט־די פאַנטאַסטישע אַנטוויקלונגס־פּראָצעדורן און וועמעס גייסט איז נישט געווען געשטערט דורך קיין שום טראַדיציעס, האָט מיט אַ זיכערן אינסטינקט דערפילט די כמעט אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייטן פון דער דאָזיקער אַנטוויקלונג. די כסדרדיקע העכערונג פון דער לייסטונגס־פעאיקייט אין דער פּראָדוקציע איז געוואָרן דאָס שלאָגוואָרט פון דער צייט און האָט געפירט צו אַלץ ווייטערדיקע פאַרבעסערונגען פונעם מעכאַנישן אַפּאַראַט. צי איז עס ביי אַזעלכע אומשטענדן אַזאַ אומדערהערטע דערשיינונג, אַז אַ מענטש איז געפאַלן אויפן שכל צוצופּאַסן די מאַשין פון פלייש און ביינער צום ריטם פון דער מאַשין פון שטאָל און אייזן? פונעם טיילאָר־סיסטעם ביז צום אומאונטערבראָכן זיך דרייענדיקן פּאַס איז געווען בלויז איין שפּאַן. פאָרד איז געווען טיילאָרס אויסנוצער און זיין אַזוי אָפט אויסגעלויבטע געניאַליטעט איז באַשטאַנען בלויז אין דעם, וואָס ער האָט ווייטער אַנטוויקלט יענעמס מעטאָד פאַר זיינע ספּעציעלע צוועקן און אים צוגעפּאַסט צו די נייע באַדינגונגען פון דער מאַסן־פּראָדוקציע.

פון אַמעריקע האָט זיך דערזעלביקער מעטאָד ביסלעכווייז אויסגעשפּרייט אויף גאַנץ אייראָפּע. אין דייטשלאַנד האָט די ראַציאָנאַליזאַציע פון דער ווירטשאַפט אין בלויז ווינציק יאָרן אַרויסגערופן אַ פולשטענדיקע איבערקערעניש אין דער גאַנצער אינדוסטריע. היינט שטייט אונטער איר ווירקונג די פראַנצויזישע אינדוסטריע. דער רעשט לענדער גייען נאָך, ווער פריער און ווער שפּעטער; זיי מוזן נאָכגיין, אויב זיי ווילן נישט, אַז זייער עקאָנאָמיק זאָל אָפּגעשטופּט ווערן אין הינטערגרונט. אַפילו אין באָלשעוויסטישן רוסלאַנד פאַרנעמט מען זיך אויף דיזעלביקע דרכים און מען רעדט מכוח אַ „סאָציאַליזירונג פונעם טיילאָר־סיסטעם” און עס פאַלט אַפילו נישט איין, אַז דערמיט איז שוין פאַרזיגלט דער גורל פונעם סאָציאַליזם, וועלכן די רוסישע רעוואָלוציע האָט דאָס געוואָלט פאַרווירקלעכן.

און דאָס, וואָס איז גילטיק פאַר אָט־דער לעצטער פאַזע פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, איז אויך גילטיק פאַר דער אַנטוויקלונג פונעם קאַפּיטאַליזם בכלל. ער האָט זיך אומעטום דורכגעבראָכן זיין וועג ביי דיזעלביקע כאַראַקטעריסטישע באַגלייט־דערשיינונגען. נישט די נאַציאָנאַלע גרענעצן פון די פאַרשידענע שטאַטן און נישט נאַציאָנאַלע אָדער רעליגיעזע טראַדיציעס האָבן געקאָנט שטערן זיין מאַרש פאָרויס. אין אינדיע, כינע, יאַפּאַן א. אַ. וו. קאָן מען היינט זען דיזעלביקע דערשיינונגען, מיט וועלכע עס האָט אונדז אַמאָל באַגליקט אין אייראָפּע דער פּרימיטיווער קאַפּיטאַליזם, מיטן בלויזן חילוק, וואָס דער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס קומט היינט אומעטום פאָר פיל שנעלער. אין אַלע מאָדערנע אינדוסטריעלע לענדער דערפירט דער גראַנגל פאַר רוישטאָף־געביטן און פאַר מערק, וועלכער איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן מהות פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקאָנאָמיק, צו דיזעלביקע רעזול־

טאַטן און לייגט אַרויף אויף דער אויסערלעכער פּאָליטיק פון די קאַפּיטאַליסטישע מלוכות זיין אייגענעם חותם. אָט־די דערשיינונגען קומען פאַר אומעטום מיט אַ זעלטענער גלייכמעסיקייט און כמעט אין דיזעלביקע פאָרמען. גאָרנישט, בפירוש קיין שום זאַך, ווייזט דאָ נישט אָן, אַז דאָ זענען אַקטיוו כוחות, וועלכע מ׳וואָלט געקאָנט צושרייבן צו די ספּעציפישע נאַציאָנאַלע נטיות פון דעם אָדער פון יענעם פאָלק.

אויך דער איבערגאַנג פונעם פּריוואַטן צום מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַליזם, וועלכן מיר קאָנען היינט באַמערקן אין אַלע אינדוסטריעלע לענדער, קומט אומעטום פאָר מיטן זעלביקן גלייכן טעמפּאָ. אומעטום ווייזט זיך אַרויס, אַז דער קאַפּיטאַליזם איז אַריינגעטראָטן אין אַ נייער פאַזע פון זיין אַנטוויקלונג, וועלכע ברענגט אַרויס נאָך באַשיימפּערלעכער צום אויסדרוק זיין אמתן כאַראַקטער. דער קאַפּיטאַליזם ברעכט היינט דורך אַלע גרענעצן פונעם אַזויגערופענעם נאַציאָנאַלן עקאָנאָמישן געביט און זוכט בפירוש צו דערגיין צו אַ מצב פון אָרגאַניזירטער וועלט־ווירטשאַפט. דאָס קאַפּיטאַל, וועלכעס האָט זיך פריער געפילט צוגעבונדן צו געוויסע נאַציאָנאַלע עקאָנאָמישע אינטערעסן, צעוואַקסט זיך איצט און ווערט אַ וועלט־קאַפּיטאַל און איז אויסן אַוועקצושטעלן די עקספּלואַטאַציע פון דער גאַנצער מענטשהייט בהסכם מיט אייןהייטלעכע פּרינציפּן. שוין היינט זעען מיר, ווי אויפן אָרט פון די פריערדיקע נאַציאָנאַלע עקאָנאָמישע גרופּן הייבן זיך אָן אַלץ דייטלעכער אויסצוקריסטאַליזירן דריי גרויסע עקאָנאָמישע איינהייטן: אַמעריקע, אייראָפּע און אַזיע, און ס׳איז נישט פאַראַן קיין מאָטיוו פאַרוואָס די אַנטוויקלונג אין אָט־דער ריכטונג זאָל נישט קאָנען גיין ווייטער, כל־זמן דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם איז בכלל נאָך ווידערשטאַנדפעאיק.

און אויב פריער איז די פרייע קאָנקורענץ געווען די גרויסע לאָזונג פון די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפטס־פּאָליטיקער, וועלכע האָבן געזען אינעם „פרייען שפּיל פון די כוחות” די אומבאַדינגטע ווירקונג פון אַן אייזערנעם און אומפאַרענדערלעכן עקאָנאָמישן געזעץ, מוז איצט אָט־די פאַרעלטערטע פאָרעם בהדרגהדיק אָפּרוימען און פריי מאַכן דאָס פעלד פאַר דער עקאָנאָמישער סטראַטעגיע פון קאָלעקטיווע קאַפּיטאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע באַמיען זיך, דורך דער אינטערנאַציאָנאַלער פאַרטראָסטונג, צו באַזייטיקן יעדן מין קאָנקורענץ און אַזוי אַרום צו באַקומען אייןהייטלעכע פרייזן. און אויב פריער איז די קעגנזייטיקע קאָנקורענץ צווישן די פּריוואַטע אייגנטימער אין דער אינדוסטריע און האַנדל געווען אַ געוויסע גאַראַנטיע, אַז דער אונטערנעמער און דער סוחר וועלן אין נאָרמאַלע צייטן נישט אַרויפשרויפן צו הויך די פרייזן, זענען היינט די פאַרטרעטער פון די גרויסע עקאָנאָמישע קאַרטעלן לייכט אימשטאַנד אָפּצושטעלן די פּריוואַטע קאָנקורענץ און אַליין, לויט אייגענעם איינזען און ווילן, צו באַשטימען די פרייזן פאַרן קאָנסומענט. אַזעלכע קערפּערשאַפטן ווי די „אינטערנאַציאָנאַלע ראָשטאַלגעמיינשאַפט” און הונדערט אַנדערע ווייזן דייטלעך אָן אויפן וועג, אויף וועלכן אָט־די אַנטוויקלונג פאַרנעמט זיך. צוזאַמען מיטן אַלטן פּריוואַט־קאַפּיטאַליזם פאַרשווינדט אויך זיין פאַראַל פונעם „לעס פער”, בכדי

צו מאַכן פּלאַץ פאַר דער עקאָנאָמישער דיקטאַטור פונעם מאָדערנעם קאָלעקטיוו־קאַפּיטאַליזם.

ניין, אונדזער היינטיקער עקאָנאָמישער סיסטעם האָט אַפילו נישט קיין נאַציאָנאַלן אָדער אין זיך, פּונקט ווי ס'האָבן דאָס נישט געהאַט די עקאָנאָמישע סיסטעמען פונעם עבר, פּונקט ווי די עקאָנאָמיע בכלל. דאָס, וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן וועגן מאָדערנעם אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם, איז אויך חל אויף די אַפּעראַציעס פונעם האַנדלס־ און באַנק־קאַפּיטאַל. זיינע רעפּרעזענטאַנטן און אויסנוצער פילן זיך זיכער אויף אַלע זאַטלען: זיי זענען גורם מלחמות לויט דער באַדערפעניש און אָרגאַניזירן „רעוואָלוציעס”; זיי באַזאָרגן די מאָדערנע פּאָליטיק מיט געהעריקע פּאַראָלן, וועלכע דאַרפן דאָס פאַרדעקן די אַכזריותדיקע און אומדערזעטלעכע גיריקייט פון קליינע מינדערהייטן הינטערן אָפּנאַרערישן שלייער פון פאַרפירערישע אידעען. דורך אַ פאַרקויפטער, דורכויס ליגנערישער פּרעסע באַווירקן זיי און פאַרמירן די אַזויגערופענע עפנטלעכע מיינונג און שפּאַנען־אַריבער מיט אַ קאַלטן ציניזם איבער אַלע געבאָטן פון מענטשלעכקייט און געזעלשאַפטלעכער מאָראַל; מיט איין וואָרט: דער פּערזענלעכער ריווח איז דער פונדאַמענט פון זייער גאַנצן צוגאַנג צו אַלץ און זיי זענען שטענדיק גרייט מקריב צו זיין פאַר אָט־דעם מולך יעדן מין פרייד און לייד פון דער מענטשהייט:

„דאָרט, וואו נאַאיווע מענטשן רעדן זיך איין צו דערקענען טיפע פּאָליטישע אורזאַכן אָדער אויסדרוקן פונעם נאַציאָנאַלן האַס, דאָרט איז פאַראַן נישט עפּעס אַנדערש ווי אויסגערעכנטע קאָמפּלאָטן פון די באַנדיטן פון דער פינאַנץ. זיי באַנוצן זיך מיט אַלעם און פּראָפיטירן פון יעדער זאַך: פון דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער קאָנקורענץ, פון דער נאַציאָנאַלער שנאה, פון דיפּלאָמאַטישע טראַדיציעס און רעליגיעזע שטרייטיקייטן. אין אַלע מלחמות, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין די לעצטע פינפאונצוואַנציק ביז דרייסיק יאָר, קאָן מען דערקענען די האַנט פונעם גרויסקאַפּיטאַל. די דעראָבערונג פון טראַנסוואַאַל און עגיפּטן, די אַנעקסיע פון טריפּאָלי און מאַראָקאָ, די צעטיילונג פון פּערסיע, די הריגות אין מאַנדזשוריע, דאָס אינטערנאַציאָנאַלע בלוטבאָד אין כינע נאָכן אויפשטאַנד פון די באָקסערס, די מלחמות פון יאַפּאַן — אָט־די אַלע פּאַסירונגען זענען די אַרבעט פון די גרויסע בענק... וואָס שייך די הונדערטער טויזנטער מענטשלעכע לעבנס, וועלכע די מלחמה וועט איינשלינגען — האָט זיך די פינאַנץ נישט וואָס צו זאָרגן וועגן דעם. דאָס איז נישט איר פאַך. דער גייסט פונעם פינאַנץ־מאַן רעכנט זיך בלויז מיט ציפערן און זעט, אַז איינע זאָל זיך אויסגלייכן מיט די אַנדערע. אַלעם איבעריקע באַלאַנגט נישט צו אים. ער באַזיצט אַפילו נישט די נייטיקע איינבילדונגס־קראַפט צו רעכענען זיך מיט מענטשלעכע לעבנס אין זיינע קאַלקולאַציעס”*).

דער קאַפּיטאַליזם איז אומעטום דערזעלביקער אין זיינע שטרעבונגען, פּונקט אַזוי ווי אינעם אויסקלייב פון זיינע מיטלען. אויך זיינע פאַרוויסטנדיקע ווירקונגען אויפן גייסטיקן און סענטימענטאַלן לעבן פון די מענטשן זענען אומעטום דיזעלביקע. זיין פּראַקטישע אַקטיוויטעט דערפירט אין אַלע טיילן פון דער וועלט צו די נעמ־

*) פּ. קראָפּאָטקין, „מאָדערנע וויסנשאַפט און אַנאַרכיע”, לאָנדאָן 1913, ז. 319.

לעבע רעזולטאַטן און לייגט אַרויף אויפן מענטשן אַ ספּעציעלן חותם, וועלכן מ׳האָט פריער נישט געקענט. אויב מ׳קוקט מיט אַן אָפן אויג אויף דידאַקטישע דערשיינונגען, איז אוממעגלעך נישט צו קומען צו דער איבערצייגונג, אַז אונדזער מאָדערנער עקאָנאָמישער סיסטעם איז דער היסטאָרישער פּראָדוקט פון אַ באַשטימטער תקופה און בשום אופן נישט דער רעזולטאַט פון באַזונדערע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען. ביים דערפירן צו אַט־דעם צושטאַנד האָבן זיך באַטייליקט כוחות פון אַלע נאַציעס. און וויל מען באמת באַנעמען און תופס זיין דעם אינערלעכן מהות זייער, מוז מען זיך פאַרטיפן אין די גייסטיקע און מאַטעריעלע תנאים פון דער קאַפּיטאַליסטישער תקו־פה; ס׳וואָלט אָבער געווען אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט צו וועלן צוגיין צו די עקאָ־נאָמישע יסודות פון אַט־דער און אַלע פריערדיקע געזעלשאַפטלעכע עפּאָכן לויט די אַזויגערופענע נאַציאָנאַלע שטאַנדפּונקטן.

דאָס איז טאַקע די סיבה, פאַרוואָס דער אַזויגערופענער עקאָנאָמישער נאַציאָ־נאַליזם, וועלכער מאַכט היינט אַזוי פיל רעדן פון זיך און אַפילו בפירושע סאָציאַליס־טן אַריינגעצויגן אין זיין כישוף־קרייז, איז אַזוי האָפענונגסלאָז פאַרקראָכן אין אַן ענגן געסל. פונעם פאַקט, אַז די אַלטע נאַציאָנאַלע עקאָנאָמישע קערפּערשאַפטן ווערן היינט וואָס ווייטער אַלץ מער אָפּגעשטופּט דורך דער וועלט־עקאָנאָמיע פון די אינטערנאַציאָנאַלע טראָסטן און קאַרטעלן, האָט מען געצויגן די איבערגעאיילטע מסקנות, אַז מ׳דאַרף איבערגעשטאַלטיקן און פונדאַסניי רעקאָנסטרואירן די גאַנצע עקאָנאָמיע, און טאָן דאָס אויפן סמך פון די ספּעציעלע נייגונגען און פעאיקייטן פון יעדן פאָלק, וועלכע זענען באַגרינדעט אין זיין נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט. אַזוי האָלט מען, אַז די אַקטיוויטעט אין דער קוילן־אינדוסטריע און אירע פאַרשידענע צווייגן און די באַאַרבעטונג פון די טעקסטיל־פעדים זענען באַשעפטיקונגען, וועל־כע זענען צום בעסטן צוגעפּאַסט צום נאַציאָנאַלן עקאָנאָמישן אינסטינקט פון די ענגלענדער, בעת וועגן די דייטשן זאָגט מען, אַז זיי זענען צום בעסטן צוגעפּאַסט פאַר דער פּאַטאַש־אינדוסטריע, פאַרן קונסט־דרוק, פאַר די כעמישע פּראָפּעסיעס און פאַר דער אָפּטיק. אַזוי האַלט מען פאַר מעגלעך צו קאָנען אָנצייכענען פאַר יעדן פאָלק אַ ספּעציעלע אינדוסטריעלע טעטיקייט, וועלכע זאָל זיין צום בעסטן צוגעפּאַסט צו זיין נאַציאָנאַלן מהות, בכדי אַזוי אַרום צו דערגיין צו אַ רעאָרגאַניזאַציע פונעם גאַנצן עקאָנאָמישן לעבן.

אינדעראמתן זענען אַט־די אידעען בלויז אַ נייע אויפלאַגע פון ענלעכע שיטות, וועלכע האָבן געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל אין די ווערק פון די אַלטע ענגלישע עקאָנאָמיסטן. אויך דעמאָלט האָט מען געהאַלטן, אַז מ׳איז מחויב צו באַווייזן, אַז די נאַטור גופא האָט דאָס באַשטימט געוויסע פעלקער פאַר דער אינדוסטריע און אַנדערע — פאַר דער אַגריקולטור. אַט־די אילוזיע איז שוין לאַנג צעטרייסלט גע־וואָרן און אויך איר נייע אידעאָלאָגישע אויפלאַגע וועט מסתמא נישט האָבן קיין בעסערן סוף. אמת, מ׳קאָן טאַקע די מענטשן ווי יחידים אויסשטעלן צו אַן עקאָנאָ־מישער ספּעציאַליזירונג, אָבער גאַנצע פעלקער און נאַציעס — קיינמאָל נישט. אַט־

די און ענלעכע שיטות ליידן פון דיזעלביקע חסרונות, וועלכע ליגן אין יסוד פון יעדן קאָלעקטיוו־באַגריף. זייער כוונה איז צו נעמען באַשטימטע אייגנשאַפטן, וועלכע מ׳קאָן מער אָדער ווייניקער דייטלעך באַמערקן ביי יחידים, און זיי אַריבערצוטראָגן אויף אַ גאַנצן כלל, וועלכער איז צונויפגעשטעלט פון די פאַרשידנדיקסטע און דיפערענצירטע עלעמענטן. אַ מענטש קאָן טאַקע, אויפן סמך פון געוויסע איינגעבוירענע נייגונגען און פעאיקייטן, זיין שטאַרק צוגעפּאַסט פאַר אַ כעמיקער, אַ פויער, אַ מאָלער אָדער אַ פילאָזאָף, אָבער אַ פאָלק ווי אַ גאַנצער איינס קאָן מען בשום אופן נישט אַרונטערוואַרפן אונטער אַן אַבסטראַקטער הנחה, מחמת יעדער איינער פון זיינע מיטגלידער האָט באַזונדערע נייגונגען און באַדערפענישן, וועלכע קומען צום אויסדרוק אין דער רייכער פאַרשידנאַרטיקייט פון זייערע אַקטיוויטעטן. און טאַקע אָט־די אַלזייטיקייט, אין וועלכער עס זענען זיך קעגנזייטיק משלים די נאַטירלעכע כאַראַקטער־שטריכן, פעאיקייטן און נייגונגען, שטעלט צונויף דעם אייגנטלעכן מהות פון יעדער עדה. ווער עס פאַרזעט דאָס, דער האָט לגמרי נישט קיין פאַרשטענדעניש פאַר דער אָרגאַנישער סטרוקטור פון אַ געזעלשאַפט.

דאָס, וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן וועגן דער עקאָנאָמישער זייט פון דער געזעלשאַפטלעכער קולטור, איז אויך חל אויף די פּאָליטישע פאָרמען פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. אויך וועגן זיי איז מעגלעך זיך אַרויסצוזאָגן און זיי אָפּצושאַצן נאָר ווי דער פועל־יוצא פון באַשטימטע תקופות, אָבער בשום אופן נישט ווי דערשיינונגס־פאָרמען פון אַ וואָסער ס׳איז נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע. ס׳וואָלט געווען אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט, ווען מ׳וואָלט זיך פאַרנומען צו אַנאַליזירן אַלע אַמאָליקע מלוכה־פאָרמען לויט זייער נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. אויך אויף דעם געביט האָבן מיר פאַר זיך אַ געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונג, וועלכע האָט זיך ביסלעכווייז דורכגעשלאָגן אַ וועג אין אַלע טיילן פון אייראָפּעאישן קולטור־קרייז און טאַקע מהאי טעמה איז זי נישט געווען צוגעבונדן צו קיין שום באַשטימטער נאַציאָנאַלער נאָרמע. אַפילו די אַנטשלאָסנסטע פאַרטרעטער פונעם „נאַציאָנאַלן רעיון” קאָנען נישט נעגירן, אַז דער איבערגאַנג פונעם אַזויגערופענעם „אונטערטאַנען־שטאַט” צום „נאַציאָנאַלן קאָנסטיטוציאָנעלן שטאַט” איז פאָרגעקומען אין גאַנץ אייראָפּע ביי דיזעלביקע געזעלשאַפטלעכע תנאים און גאַנץ אָפט אַפילו אויף אַ גאַנץ ענלעכן שטייגער.

דאָס אַבסאָלוטע קעניגטום, וועלכעס איז כמעט אין גאַנץ אייראָפּע פאָרויסגעגאַנגען דעם היינטיקן קאָנסטיטוציאָנעלן שטאַט, איז לכתחילה געווען פונקט אַזוי ענג צונויפגעוואָקסן מיט דער אַלטער פעאָדאַלער עקאָנאָמיע און פאַרבונדן צווישן זיך דורך אַזאַ קעגנזייטיקער ווירקונג, ווי דאָס איז געווען שפּעטער דער פּאַרלאַמענטאַרישער סיסטעם מיטן פּריוואַט־קאַפּיטאַליסטישן עקאָנאָמישן סדר; און פונקט ווי די לעצטע איז נישט צוגעבונדן צו קיין שום נאַציאָנאַלע גרענעצן, אַזוי האָט אויך די פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונגס־פאָרעם געדינט נישט בלויז אַ באַשטימטער נאַציע, נייערט אַלע אַזויגערופענע „קולטור־נאַציעס” ווי אַ פּאָליטישע ראַם פאַר זייער

געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט. אַפילו די דעקאַדענץ־דערשיינונגען פונעם פּאַרלאַמענטאַרישן סיסטעם, וועלכע מ׳קאָן היינט אומעטום באַמערקן, אַפילו זיי קומען אומעטום צום אויסדרוק אין ענלעכע פאָרמען. מעג טאַקע מוסאָליני כסדר טענהן, אַז דער מאָדערנער פאַשיזם איז אַ ריין איטאַליענישער פּראָדוקט, וועלכער קאָן פון קיין שום אַנדערער נאַציע נישט נאָכגעמאַכט ווערן, אָבער די געשיכטע פון די לעצטע צען יאָר האָט אונדז פון זינט דעמאָלט באַוויזן ווי זעלבסטבאַרימעריש און פּוסט דידאָזיקע טענה איז געווען. אויך דער פאַשיזם — נישט געקוקט אויף זיין ביז צום עקסטרעם דערפירטער נאַציאָנאַליסטישער אידעאָלאָגיע — איז נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ גייסטיקער פּראָדוקט פון אונדזער צייט, וועלכער איז געבוירן געוואָרן פון אַ באַשטימטער סיטואַציע און האָט טאַקע אין איר זיין יניקה. די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע לאַגע, וועלכע האָט זיך געשאַפן פון די קאָנסעקווענצן פון דער וועלט־מלחמה, האָט אין אַלע לענדער דערפירט צו ענלעכע שטרעבונגען, און דאָס איז דער בעסטער עדות, אַז אַפילו דער עקסטרעמסטער נאַציאָנאַליזם דאַרף סוף־כל־סוף באַטראַכט ווערן ווי אַ שטרעמונג פון דער צייט, וועלכע אַנטוויקלט זיך ביי באַשטימטע געזעלשאַפטלעכע תנאים און אין וועלכער עס פאַרקערפּערט זיך לגמרי נישט דער ספּעציעלער „נאַציאָנאַלער גייסט" פון אַ באַשטימט פאָלק.

דער מאָדערנער פּאָליטיקער אָריענטירט זיך אין יעדן פּאַרלאַמענטאַריש־רעגירטן לאַנד לויט דיזעלביקע נאָרמען און האָט אומעטום דיזעלביקע כוונות. ער איז אַ טיפּ פאַר זיך, וועלכן מ׳געפינט תמיד אין אַלע מאָדערנע שטאַטן און ער אַרבעט זיך אויס דורך דער אייגנאַרטיקייט פון זיין פּראָפעסיע. ווען ער שטייט בראש פון זיין פּאַרטיי, וועמעס „ווילן" ער ברענגט צום אויסדרוק, באַמיט ער זיך שטענדיק, אַז איר מיינונג זאָל זיין די הערשנדיקע מיינונג און צו פאַרטיידיקן אירע ספּעציפישע אינטערעסן ווי די אינטערעסן פונעם כלל. אויב ער שטייט גייסטיק אַ ביסל העכער ווי דער דורכשניט פון אַ געוויינלעכן פּאַרטיי־פירער, ווייס ער גוט, אַז דער מכלומרשטער ווילן פון זיין פּאַרטיי איז בלויז דער ווילן פון אַ קליינער מינדערהייט. וועלכע באַשטימט די אָריענטאַציע פון דער פּאַרטיי און אויך איר פּראַקטישע אַקטיוויטעט, און איינע פון די כאַראַקטעריסטישסטע דערשיינונגען פונעם מאָדערנעם פּאַרטיי־סיסטעם איז, אַז אָט־די מינדערהייט זאָל האַלטן די פּאַרטיי תמיד אין אירע הענט און די אָנהענגער צו פירן אַזוי, אַז יעדער איינער זאָל מיינען, אַז ער טוט זיין אייגענעם ווילן.

דער מהות פון די פּאָליטישע פּאַרטייען, אויף וועלכער יעדע פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונג שטיצט זיך, איז אין יעדן לאַנד דערזעלביקער. אומעטום אונטערשיידט זיך די פּאַרטיי פון אַנדערע מענטשלעכע אָרגאַניזאַציעס דערמיט, וואָס איר כוונה איז צו קומען צו דער מאַכט און וואָס אויף איר פאָן האָט זי אויפגעשריבן די דעראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט. איר גאַנצער אָרגאַניזאַטאָרישער שטייגער איז נאָכקאָפּירט פונעם שטאַט, און פונקט ווי די רעגירונג פירט זיך אויף שטענדיק

בהסכם מיט מאַטיוון פון שטאַטס־אינטערעס, פונקט אַזוי האַלט זיך די פּאַרטיי ביים אָפּשאַצן זאַכן תמיד ביי די ספּעציעלע פּאַרטיי־אינטערעסן. אַ טוּאונג אָדער בלויז אַן אידעע איז פאַר די פּאַרטיי־אָנהענגער נישט גוט אָדער שלעכט, ריכטיק אָדער פאַלש, ווייל דאָס איז בהסכם מיט דער פּערזענלעכער מיינונג אָדער איבערצייגונג פונעם יחיד, נייערט דערפאַר, ווייל דאָס איז פאַר די צילן פון דער פּאַרטיי ניצלעך אָדער שעדלעך, העלפט־צו דער פּאַרטיי אין אירע כוונות אָדער איז אַ מכשול אויף איר וועג. און דאָ ווייזט זיך אַרויס די פּרייוויליקע דיסציפּלין, וועלכע די פּאַרטיי צווינגט אַרויף אויף אירע אָנהענגער, בדרך כלל פיל ווירקזאַמער ווי די דראָאונג פונעם געזעץ, מחמת די קנעכטשאַפט ווי אַ פּרינציפּ איז שטענדיק טיפער פאַר־וואָרצלט ווי די קנעכטשאַפט, וועלכע ווערט אויף די מענטשן אַרויפגעצוואונגען פון דרויסן דורך געוואַלט.

כל־זמן אַ פּאַרטיי באַקומט נישט דעם עפנטלעכן איינפלוס, צו וועלכן זי יאָגט זיך, שטייט זי אין אָפּאָזיציע צו דער רעגירונג. אָבער די אָפּאָזיציע איז פאַרן פאַר־לאַמענטאַרישן רעגירונגס־סיסטעם אַזאַ נייטיקער איינפיר, אַז וואָלט זי נישט עקזיס־טירט, וואָלט מען זי געמוזט אויסגעפינען, ווי נאַפּאָלעאָן דער דריטער האָט איינ־מאָל ציניש אַ זאָג געטאָן. ווען די פּאַרטיי ווערט שוין שטאַרקער, אויף אַזוי פיל, אַז די פירער פון דער מלוכה מוזן זיך רעכענען מיט איר איינפלוס, מאַכט מען איר דעמאָלט פאַרשידענע הנחות און ביי געוויסע אומשטענדן נעמט מען אירע פאַרטרע־טער אַריין אין דער רעגירונג. אָבער דווקא די עקזיסטענץ פון די פּאָליטישע פּאַר־טייען און זייער השפּעה אויפן עפנטלעכן לעבן לייקנט צום בעסטן אָפּ די אילוזיע וועגן אַ מכלומרשטן „נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין״, מחמת זי ווייזט שוין צו דייטלעך ווי האָפענונגסלאָז צעשפּליטערט און צעשפּאָלטן ס׳איז דער קינסטלעכער צונויפ־שטעל פון דער נאַציע.

און וואָס ס׳איז נוגע די פּאַרלאַמענטאַרישע מלוכה ווי אַזעלכע, זענען אַפילו פאַראַן געוויסע אונטערשיידן אין די איינצלנע לענדער, וועלכע זענען אין עצם בלויז פאָרמעלע דיפערענצירונגען, אָבער ס׳איז לחלוטין נישט פאַראַן צווישן זיי קיין וועזנטלעכע פאַרשידנדיקייט. אומעטום אַרבעט די פּאַרלאַמענטאַרישע מאַשין לויט דיזעלביקע מעטאָדן און מיט דערזעלביקער רוטין. די פאַרהאַנדלונגען אין די געזעצ־געבערישע קערפּערשאַפטן דינען אין אַ געוויסן זין ווי שוישפּילערישע פאַרשטעלונ־גען פאַר דער דרויסנדיקער וועלט און זיי זענען לגמרי נישט אויסן צו איבערצייגן דעם קעגנער אָדער אים צו מאַכן קווענקלען זיך אין זיינע איבערצייגונגען. די פּאָזי־ציע פון די אַזויגערופענע פאָלקס־פאַרטרעטער ביי די אָפּשטימונגען וועגן פאַרשי־דענע פראַגן, וועלכע ווערן דעבאַטירט, ווערט באַשטימט פון פריער אין די פראַק־ציעס פון יעדער פּאַרטיי און אַפילו די רעדנער־פעאיקייט פון אַ דעמאָסטענעס וואָלט נישט געווען אימשטאַנד זיי צו מאַכן דענקען אַנדערש ווי זיי דענקען. וואָלט זיך די טעטיקייט פונעם פּאַרלאַמענט באַשרענקט בלויז אויף די אָפּשטימונגען און ער וואָלט זיך לחלוטין אָפּגעזאָגט פון דיסקוטירן די איינצלנע ענינים, וואָלט דער רע־

זולטאַט אַפילו מיט קיין האָר נישט געווען אַנדערש. די רעדנערישע עקספּאָזיציעס זענען אין תוך נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ נייטיקער צוגאָב־פּליטערל, בכדי די פאַרב זאָל שטיין. דאָס איז אין פראַנקרייך פונקט אַזוי ווי אין ענגלאַנד אָדער אין אַמעריקע און ס'וואָלט געווען אומזיסטיקער צייט־פאַרלוסט צו ווען אויסגעפינען ספּעציעלע נאַציאָנאַלע שטריכן אינעם פּראַקטישן אויפפיר פון די באַזונדערע פּאַרלאַמענטן.

די גאַנצע אַנטוויקלונג פון אייראָפּע ביז צו די מאָדערנע קאָנסטיטוציאָנעלע מלוכות איז אומעטום פאָרגעקומען אויפן סמך פון דיזעלביקע סיבות און אין מער אָדער ווייניקער ענלעכע פאָרמען, ווייל די פאַרהעלטענישן, וועלכע זענען געווען איר באַוועג־מאָטיוו, זענען נישט געווען גילטיק בלויז פאַר איין באַשטימטן לאַנד, נאָר זיי האָבן זיך אַרויפגעצוואונגען אויף אַלע פעלקער פונעם קאָנטינענט מיט דערזעלביקער אימפּעראַטיווער לאָגיק, ווי שטאַרק די טרעגער פונעם אַלטן רעזשים האָבן זיך געמעגט וואַרפן קעגן דעם. זיכער קאָן מען אָנווייזן אויף אונטערשיידן אין דער צייט, מחמת די גרויסע איבעראַנדערשונג איז נישט פאָרגעקומען אין אַלע לענדער אין דערזעלביקער צייט, אָבער זייערע דערשיינונגס־פאָרמען זענען געווען אומעטום דיזעלביקע און זיי זענען אַרויסגערופן געוואָרן דורך דיזעלביקע סיבות. דאָס באַווייזט, אַגב, אויך די אַנטשטייאונג און אויסשפּרייטונג פון די אַזויגערופענע מערקאַנטיליסטישע טעאָריעס, וועלכע האָבן געהאַט אַזאַ אַנטשיידנדיקן איינפלוס אויף דער אינערלעכער און אויסערלעכער פּאָליטיק פון די אבסאָלוטיסטישע מלוכות פון 16־טן, 17־טן און 18־טן יאָרהונדערט. אָט־די טעאָריעס האָבן אין אַלע לענדער פון אייראָפּע געהאַט עמינענטע פאַרטרעטער. אין פראַנקרייך זענען דאָס געווען באָדין, מאָנטרעטיען, דע וואַטערוויל, סיללי, מעלאָן, פאַרבאָנע א. אַנד. אין ענגלאַנד: ריילי, מון, שילד, טעמפּל א. אַ. וו. אין איטאַליע: גאַליאַני, דזשענאָוועסי און זייערע נאָכגייער; אין שפּאַניע: אוסטאַריס און אוליאָאַ; אין האָלאַנד: הוגאָ גראָטיוס און פּיעטער דע קראָט; אין עסטרייך און דייטשלאַנד: בעקער, הרנעק, סעקענדאָרף, יוסטי, זיסמילך, זאָננענפעלס און אייניקע אַנדערע. אויך דאָ האָט זיך עס געהאַנדלט וועגן אַן אלגעמיינער גייסטיקער שטרעמונג, וועלכע איז אַרויסגעקומען פון אייראָפּעס אַלגעמיינער געזעלשאַפטלעכער לאַגע.

וואָס מער דער אַבסאָלוטיסטישער שטאַט האָט זיך אין די איינצלנע לענדער אַרויסגעשטעלט ווי אַן אומאיבערשפּאַנבאַרער מכשול פאַר יעדער ווייטערדיקער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, וואָס קלאָרער ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט דאָס שעדלעכע פון זיינע עקאָנאָמיש־פּאָליטישע טענדענצן, אַלץ אומצווויידייטיקער האָבן זיך אין משך פון דער צייט אָנגעהויבן אַרויסרוקן די שטרעבונגען פאַר אַ פּאָליטישער טראַנספאָרמאַציע און פאַר אַ נייער עקאָנאָמיש־טעאָרעטישער איבערשאַצונג. די משוגענע תאווה צו פאַרשווענדונג מצד די הויפן אין מדינות פון הונגערנדיקע פעלקער, די אומפאַרשעמטע ווירטשאַפט פון די פאַוואָריטן און מעטרעסעס, די ירידה פון דער אַגריקולטור ווי אַ פועל־יוצא פון די פעאָדאַלע פּריווילעגיעס און אומגע־

הויערן שטייערן־סיסטעם, דער דראָענדיקער באַנקראָט פון דער מלוכה, די אומרועז פון די פויערן, וועלכע זענען פון די פּריווילעגירטע שיכטן כמעט נישט באַטראַכט געוואָרן ווי מענטשן, די צעשטערונג פון יעדער מאָראַלישער פאַרבינדנקייט און יענץ געפיל פון אַ האַרצלאָזער גלייכגילטיקייט, וועלכעס האָט באַקומען אַזאַ כאַראַקטעריסטישן אויסדרוק אין פּאָמפּאַדורס אַזוי טרויעריק־באַרימטע ווערטער: „אַפּרע נו לעדעלוזש!“ — דאָס אַלעס האָט געמוזט דערפירן צום צוזאַמענברוך פונעם אַלטן רעזשים און דערפירן צו נייע לעבנס־אַנשויאונגען. צי דאָס איז געקומען פון אינעווייניק, ווי אין האָלאַנד, ענגלאַנד און פראַנקרייך, צי דורך דער ווירקונג פון דרויסן, ווי אין דייטשלאַנד, עסטרייך און פּוילן, האָט דאָ נישט קיין שום וויכטיקייט.

אַזוי זענען אויפגעשטאַנען קעגן אַבסאָלוטיזם קריטיקער און געזעלשאַפטלעכע רעפאָרמער ווי מאָנטעסקיו, רוסאָ, וואָלטער, דידעראָ און אייניקע אַנדערע, וועלכע האָבן נאָך פון פריער געהאַט אַלס פאָרגייער אין האָלאַנד און ענגלאַנד דענקער מיט ענלעכע אידעען. אויך די ריכטונג פון די פיזיאָקראַטן, וועלכע זענען אַרויסגעטראָטן אין קאַמף קעגן מערקאַנטיליזם, באַטראַכט די לאַנדווירטשאַפט ווי דעם אייגנטלעכן קוואַל פונעם פאָלקס־עשירות און געשטרעבט צו דער באַפרייאונג פון דער גאַנצער עקאָנאָמיע פון יעדן מין שטאַטלעכע תקנות און רעגלאַמענטאַציעס, איז אַנטשטאַנען פון דיזעלביקע סיבות. גורניס באַרימטער זאָג „לעסעי פעיר, לעסעי אַללער“, וועלכער האָט שפּעטער געדינט ווי אַ לייטמאָטיוו פאַרן מאַנטשעסטערטום, האָט לכתחילה געהאַט אַ גאַנץ אַנדערן באַדייט. ס׳איז געווען דער אויסגעשריי פונעם מענטשלעכן גייסט קעגן דער אייזערנער געוואַלט פון דער שטאַטלעכער אַפּיטרופּסות, וועלכער האָט געסטראַשעט צו דערשטיקן יעדן אויסדרוק פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. ס׳איז געוואָרן אַלץ שווערער, אַלץ אוממעגלעכער צו אָטעמען פריי און די מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו לעכצן צו זון און לופט. די אידעען פון אַ קיסניי, מירבאָ, באַדאָ, דע לאַ ריוויער, טורגאָ און אַנדערע האָבן אויף אַן איבעראַשנדיקשנעלן אופן באַקומען אַליאירטע אין דייטשלאַנד, עסטרייך, פּוילן, שוועדן, שפּאַניע און אַמעריקע. אונטער זייער השפּעה און אונטערן איינפלוס פון דייוויד יום האָט אַדאַם סמיט אויסגעאַרבעט זיין נייע טעאָריע און ער איז געוואָרן דער באַגרינדער פון דער קלאַסישער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיק, וועלכע האָט זיך באַלד פונאַנדערגעשפּרייט איבער אַלע לענדער, פּונקט אַזוי ווי די קריטיק פונעם סאָציאַליזם, וועלכע האָט זיך געהאַלטן נאָענט הינטער איר.

אויך דאָ האַנדלט עס זיך וועגן דערשיינונגען פון דער צייט, וועלכע זענען געבוירן געוואָרן פון די אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע צושטאַנדן פון אַ באַשטימטער תקופה און וועלכע האָבן דערפירט צו אַ רעקאָנסטרוקציע פונעם שטאַט און צו אַ באַנייאונג פונעם עקאָנאָמישן לעבן. אָבער שוין סען סימאָן האָט איינגעזען, אַז אויך אָט־די פאָרעם פונעם פּאָליטישן לעבן איז נישט די לעצטע, און ער האָט געזאָגט: „דער פּאַרלאַמענטאַרישער און קאָנסטיטוציאָנעלער סיסטעם, וועלכער ווייזט זיך פאַר אַ סך אויס ווי דער לעצטער נס פונעם מענטשלעכן גייסט, איז בלויז אַן אי־

בערגאַנגס־הערשאַפט צווישן דעם פעאָדאַליזם, אויף וועמעס חורבות מיר לעבן און וועמעס קייטן מיר האָבן נאָך נישט אינגאַנצן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך, און אַ הע־כערן לעבנס־סדר". וואָס טיפער מ'אַנאַליזירט די בהדרגהדיקע געשטאַלטיקונג פונעם פאָליטישן און עקאָנאָמישן לעבן, אַלץ קלאָרער זעט מען איין, אַז אירע פאָרמען זענען אַרויסגעקומען פון די אַלגעמיינע פּראָצעסן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנט־וויקלונג און מהאי טעמא קאָן מען זיי נישט מעסטן מיט קיין נאַציאָנאַלע פּרינציפּן.

IX

# דער נאַציאָנאַלער שטאַט און די אַנטוויקלונג פון דער וויסנשאַפט

זשעניע און נאַציע. — געטע וועגן דער אורשפּרינגלעכקייט פון אונדזער דענקען. — פאָרגייער און מיטשאַפער. — דאָס קאָפּערניקאַנישע וועלטבילד און די אַנטוויקלונגס-לערע ווי אַ ביישפּיל. — דאָס העליאָצענטרישע וועלטסיסטעם ביי די פאַרצייטיקע. — פּטאָלאָמעאוסעס וועלטבילד. — קאָפּערניקס טעאָריע. — יאָהאַננעס קעפּלער און גאַליליעאָ. — ניוטאָנס גראַוויטאַציע-געזעץ. — ניוטאָנס פאָרלויפער. — לאַפּלאַס און קאַנט. — די אַנטוויקלונג פון דער אַסטראָפיזיק. — די פאָרבאַדינגונגען פאַר דער רעלאַטיוויטעטס-טעאָריע. — דער אַנטוויקלונגס-געדאַנק ביז ערב דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. — לאַמאַרק און געטע. — דאַרווינס פאָרגייער. — דאַרווינס לערע און וואַליאַס. — דער סאָציאַלער דאַרוויניזם. — קראָפּאָטקינס לערע וועגן דער „קעגנזייטיקער הילף". — דער איצטיקער צושטאַנד פון דער אַנטוויקלונגס-לערע. — דער איינפלוס פונעם אַנטוויקלונגס-גאַנג אויף אַלע צווייגן פונעם מענטשלעכן דענקען.

פונקט אַזוי ווי די געשטאַלטיקונג פון די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען איז נישט געבונדן צו קיין באַשטימטע פעלקער, ראַסן אָדער אומות, פונקט אַזוי קומט אויך נישט פאָר דאָס דענקען און פילן פונעם יחיד לויט באַשטימטע נאַציאָנאַלע נוסחאות, נייערט עס ווערט תמיד באַווירקט פון די אידעען פון דער צייט און פונעם קולטור־קרייז, צו וועלכן עס באַלאַנגט. גרויסע פּיאָנערשע געדאַנקען אויפן געביט פון דער וויסנשאַפט און דעם פילאָזאָפישן דענקען, נייע פאָרמען פונעם קינסטלערישן שאַפן קומען קיינמאָל נישט אויף ביי אַ גאַנץ פאָלק אָדער ביי אַ גאַנצער נאַציע, נייערט תמיד פון דער שעפערישער קראַפט פון קלאָרע קעפּ, אין וועלכע עס אַנטפּלעקט זיך די זשעניאַליטעט. ווי אַזוי עס אַנטשטייט אַ זשעניע, דאָס האָט נאָך ביז איצט קיינער נישט אויסגעפאָרשט; אַ זשעניע קאָן אַרויסקומען פון יעדן פאָלק, אָבער קיינער ווייסט נישט, וואָס פאַר אַ ספּעציעלן זכות עס האָט דערביי אַ פאָלק אָדער אַ נאַציע. עס עקזיסטירט אָבער נישט, ס'האָט קיינמאָל נישט עקזיסטירט, קיין פאָלק, קיין נאַציע, אָדער ראַסע פון זשעניעס; טאַקע דעריבער זענען אַזוי האָפענונגסלאָז און אַזוי זינלאָז אַלע אָנשטרענגונגען פון אונדזערע מאָדערנע ראַסן־פאַטאַליסטן. אָבער דער זשעניע האָט נישט צו פאַרדאַנקען

אַלץ זיין אייגענער קראַפט; אויך דער גרעסטער גייסט שטייט נישט מחוץ פון רוים און צייט און פונקט ווי אַלע אַנדערע איז אויך ער צוגעבונדן צום עבר און צום הווה. דאָס איז דאָך טאַקע דאָס כאַראַקטעריסטישסטע ביים זשעניע, אַז ער גיט שפּראַך און געשטאַלט צו דעם, וואָס געפינט זיך ביי אַ סך אין אַ פאַרשלאָפענעם צושטאַנד, און ער נעמט־צונויף אייגהייטלעך די איינצלנע רעזולטאַטן פון דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון אַ באַשטימטן פּעריאָד. דער זשעניאַלער גייסט איז אַן אוניווערסאַלער גייסט, וועלכער שאַפט אַ ניי וועלטבילד פון דעם אַלעם, וואָס איז געווען פאַר אים, און צעעפנט אַזוי אַרום פאַר דער מענטשהייט נייע פּערספּעקטיוון פונעם לעבן. וואָס טיפער ער איז פאַרפונדעוועט אין זיין סאָציאַלער סביבה, אַלץ באַטעמטער זענען די פּירות, וועלכע ער צייטיקט אויס. קיינער האָט דאָס נישט תופס געווען בעסער ווי געטע, ווען ער האָט געזאָגט:

„אין תוך אָבער זענען מיר אַלע קאָלעקטיווע באַשעפענישן, מעגן מיר זיך אַוועקשטעלן ווי אַזוי מיר ווילן. מחמת ווי ווייניק האָבן מיר און ווי ווייניק זענען מיר פון דעם, וואָס מיר קאָנען אינעם ריינסטן זין אָנרופן אונדזער אייגנטום! אַלע מוזן מיר באַקומען און לערנען סיי פון יענע, וועלכע זענען געווען פאַר אונדז, ווי פון יענע, וועלכע זענען דאָ מיט אונדז. אפילו דער גרעסטער עילוי וועט נישט דערגיין שטאַרק ווייט, אויב ער וואָלט געוואָלט אַלעם פאַרדאַנקען זיין אייגענער אינערלעכקייט. אָבער זייער פיל גוטע מענטשן זענען דאָס נישט משיג און טאַפּטשען זיך במשך פון אַ האַלבן לעבן זייערן אין דער פינצטער מיט זייערע חלומות וועגן אָריגינאַליטעט. איך האָב געקאָנט קינסטלער, וועלכע האָבן זיך באַרימט, אַז זיי גייען נישט נאָך קיין שום מייסטער, אַז זיי האָבן גיכער אַלעם צו פאַרדאַנקען זייער אייגענער זשעניאַליטעט. שוטים, וואָס זיי זענען! גלייך ווי דאָס וואָלט אומעטום געווען גילטיק! און גלייך ווי די וועלט וואָלט זיך נישט אויף יעדן טריט און שריט אַרויפגעצוואונגען אויף זיי און פון זיי עפּעס געמאַכט, נישט געקוקט אויף זייער אייגענער טפּשות!... איך מעג דאָך רעדן וועגן זיך אַליין און מיט עניוות זאָגן וואָס איך פיל. ס'איז אמת, אַז איך האָב אין מיין לאַנגן לעבן דורכגעפירט און אויפגעטאָן עפּעס אַזעלכעס, מיט וועלכן איך וואָלט זיך לכל הדעות געקאָנט באַרימען. אָבער וואָס האָב איך געהאַט אַזעלכעס, ווען מיר ווילן זיין ערלעך, וועלכעס איז אייגנטלעך געווען מיין, חוץ דער פעאיקייט און דער נייגונג צו זען און צו הערן, צו אונטערשיידן און אָפּצוקלויבן און דאָס געזעענע און געהערטע צו באַלעבן מיט אייגענעם גייסט און איבערצוגעבן מיט אַ געוויסער פלינקייט. מיינע ווערק האָב איך לחלוטין נישט צו פאַרדאַנקען בלויז מיין אייגענער חכמה, נייערט טויזנטער זאַכן און פּערזאָנען, מחוץ מיר, וועלכע האָבן מיר פאַר דעם צוגעשטעלט דאָס מאַטעריאַל. עס זענען געקומען טיפּשים און חכמים, קלאָרע קעפּ און פאַרטעמפּטע, קינדהייט און יוגנט, ווי אויך די רייפע עלטער, — אַלע האָבן זיי מיר איבערגעגעבן זייער געמיט, מיר געזאָגט, וואָס זיי האָבן געטראַכט, ווי אַזוי זיי האָבן געלעבט און זיך אויפגעפירט און וועלכע דערפאַרונגען זיי האָבן אָנגעזאַמלט, און איך האָב נישט געדאַרפט טאָן עפּעס אַנדערש ווי נאָר צוצולייגן אַ האַנט און צו שניידן דאָס, וואָס אַנדערע האָבן פאַר מיר געזייט. ס'איז דאָך אין תוך אַ שטות דער ענין, צי עמעצער אַנטהאַלט עפּעס פון זיך אַליין, אָדער ער האָט עס פון אַנדערע; צי ער איז טעטיק פון זיך אַליין אָדער ער טוט וואָס ער טוט דורך אַנדערע, — די הויפּטזאַך איז, אַז מ'זאָל האָבן אַ שטאַרקן ווילן און באַזיצן פעאיקייט און אויסדויערלעכקייט דורכצופירן עס; אַלעם אַנדערע איז נישט וויכטיק"*).

*) J. P. Eckermann, Gespräche mit Goethe in den letzten Jahren seines Lebens, 1823 - 1832.

מחמת מיר זענען זיך תמיד סומך אויף פאָרגייער; טאַקע דערפאַר איז דער באַ־גריף וועגן אַ נאַציאָנאַלער קולטור אַזוי פאַרפּירעריש און פול מיט סתירות, ווייל מיר זענען דאָך קיינמאָל נישט אימשטאַנד צו ציען אַ גרענעץ צווישן דעם, וועלכעס מיר האָבן דערגרייכט מיט אייגענעם כוח, און דעם, וואָס מיר האָבן איבערגענומען פון אַנדערע. יעדע אידעע, נישט קיין חילוק, צי זי האָט אַ רעליגיעזן, עטישן, פילאָ־זאָפישן, וויסנשאַפטלעכן אָדער קינסטלערישן כאַראַקטער, האָט געהאַט אירע פאָר־גייער און פּיאָנערן, אָן וועלכע זי וואָלט געוועזן אומדענקבאַר, און אין רוב פאַלן איז עס בפירוש אוממעגלעך צו אַנטדעקן אירע ערשטע שפּורן; צו איר אַנטוויקלונג האָ־בן כמעט תמיד צוגעטראָגן אַ חלק דענקער פון אַלע לענדער און פעלקער.

לאָמיר נעמען פאַר אַ ביישפּיל אַזעלכע צוויי פאַרפונדעוועטע שיטות, וועלכע האָבן צעטרייסלט ביז צו די סאַמע יסודות אַלע ביז דעמאָלטדיקע השגות, ווי דאָס זענען דאָס קאָפּערניקאַנישע וועלט־סיסטעם און די דאַרוויניסטישע אַנטוויקלונגס־לערע. ביידע שיטות האָבן נישט נאָר פון סאַמע גרונט אויס אומגעביטן דעם קוק פון די מענטשן אויף דער געשטאַלטיקונג פון דער וועלט און וועגן דער אַנטשטיי־אונג פונעם לעבן אויף דער ערד, נייערט זיי האָבן אויך דורך דעם געווירקט באמת רעוואָלוציאָנעריש אויף אַלע אַנדערע געביטן פונעם מענטשלעכן אַרט דענקען און דערפירט צו אַ פולשטענדיקער איבערקערעניש אין אַלע ביז דעמאָלט באַקאַנטע וויסנשאַפטן. אָבער אויך דאָ האָט זיך דער נייער אמת דורכגעבראָכן אַ וועג ביסלעכ־ווייז, בהדרגהדיק, וועז דער באַווייז־מאַטעריאַל איז אין משך פון דער צייט אַזוי קאָנקרעטירט געוואָרן, אַז אַ געניאַלער קאָפּ איז דערפון געוועזן אימשטאַנד אַרויס־צוציען די געהעריקע מסקנות און געבן די נייע אָנשויאונגען אַ קלאָרע באַגרינדונג. ס׳וועט מסתמא קיינמאָל נישט מעגלעך זיין אויסצופאָרשן, ווען, אין וועלכער עפּאָ־כע פון דער געשיכטע, ס׳האָט זיך אָנגעהויבן מאַניפעסטירן דער רעיון, אַז די ערד דרייט זיך אַרום איר אייגענער אַקס און אַז זי באַוועגט זיך צוזאַמען מיט די אַנדערע פּלאַנעטן אַרום דער זון. און אַלבערט איינשטיין, דער באַרימטער באַגרינדער פון דער רעלאַטיוויטעטס־טעאָריע, האָט מיט רעכט באַמערקט, אַז אומעטום, וואו עס האַנדלט זיך וועגן די גרונט־פּרינציפּן פון דער פיזיק, טרעפט מען זיך תמיד אָן אויף אַ פריערדיקן פּרינציפּ, אַזוי אַז ס׳איז כמעט אוממעגלעך נאָכצוגיין די אַנט־דעקונגס־ליניע ביז צו דער ערשטער התחלה. און ווען אַפילו מיר זאָלן זיך אייניקן בנוגע דעם אַרויסצושטעלן אַריסטאַרך פון סאַמאָס ווי דעם ערשטן גרויסן פאָרלוי־פער פונעם קאָפּערניקאַנישן וועלט־סיסטעם, וואָלט דאָ אָבער פאַרבליבן די וואַר־שיינלעכע השערה, אַז ער אַליין האָט געשעפּט פון עגיפּטישע קוואַלן״*). קעגן אָט־דעם באַנעם קאָן מען לחלוטין גאָרנישט איינווענדן און דאָס טאַקע דערפאַר, ווייל ער איז ביז איצטער באַנייס באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער געשיכטע פון יעדער נייער דערפינדונג. אויך פונעם געניאַלסטן מוח קומט נישט אַרויס קיין שום נייע

*) A. Moszkowski. Einstein, Einblick in seine Gedankenswelt, Berlin 1921.

אידעע פאַרטיקערהייט ווי מינערוואַ פון יופּיטערס קאָפּ. ס'איז דעריבער אומאָפּ־פּרעגבאַר, אַז דער רעיון מכוח אַ העליאָצענטרישן וועלט־סיסטעם איז אינטואיטיוו באַנומען געוואָרן פון געוואַגטע דענקער לאַנג פאַר קאָפּערניקוסן און ביי איינצלנע פון זיי אַפילו געהאַט אַ מער אָדער ווייניקער איבערצייגנדיקע באַגרינדונג. דער איטאַליענישער געלערנטער שיאַפּאַרעללי האָט דאָס אַפילו זייער אַנשוילעך פאָרגע־שטעלט אין אַ באַזונדערן מעמאָריאַל „אי פּרעקורסאָרי דעל קאָפּערניקאָ".

אַז די גריכן זענען אין זייערע אַסטראָנאָמישע און פיזיקאַלישע ידיעות שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן פון די באַבילאָניער און עגיפּטער, דאָס שטייט היינט אויסער יעדן ספק. ס'איז דעריביי, אַגב, אומוויכטיק, צי דער יאָנישער נאַטור־פילאָזאָף טאַלעס פון מילעט איז אינדעראמתן יאָ אָדער נישט געווען אַ שילער פונעם באַבילאָנישן דענקער בעראָסוס. ס'איז זיך משער צו זיין, אַז צווישן גריכנלאַנד און די לענדער פון מזרח זענען געווען ענגע באַציאונגען, וועלכע האָבן אויך געמוזט האָבן אַ גייס־טיקע ווירקונג. אַזוי ווערט דערציילט וועגן פּיטאַגאָראַסן, אַז ער האָט דורכגעוואַנ־דערט דעם מזרח און עגיפּטן און אַז דאָרט האָט ער זיך איינגעשאַפּט אַ גרויסן טייל פון זיינע אַסטראָנאָמישע און מאַטעמאַטישע קענטעניש. פאַקטיש האָט זיך טאַקע די שול פון די פּיטאַגאָרעער אויסגעצייכנט מיט איר מוטיקן באַנעם פונעם אוניווערז. וועגן דעם פּיטאַגאָרעער פילאָאָס גיט־איבער פּלוטאַרך, אַז לויט זיין שיטה באַוועגן זיך די ערד און די לבנה אין אַ טיפן קרייז אַרום דעם צענטראַלן פייער.

אָבער וועגן אַריסטאַרך פון סאַמאָס ווייס מען גענוי, אַז ער האָט אַנטוויקלט די טעאָריע וועגן אַ העליאָצענטרישן וועלט־סיסטעם. ס'איז אמת, אַז זיין מאמר וועגן דעם איז פאַרלוירן געוואָרן, אָבער ביי פּלוטאַרכן און אין אַרכימעדעסעס „זאַמד־רעכענונג" זענען פאַראַן קורצע פאַרצייכענונגען וועגן אַריסטאַרכס טעאָריע, פון וועלכע ס'דרינגט אַרויס, אַז ער האָט פאַרטראַטן דעם שטאַנדפּונקט, אַז די ערד דרייט זיך אַרום איר אייגענער אַקס און אַז חוץ דעם דרייט זי זיך נאָך אַרום דער זון, איר מיטלפּונקט, בעת די שטערן און די זון שטייען אומבאַוועגלעך אינעם שטח. מיר ווייסן נישט, ווי שטאַרק פאַרשפּרייט אַזעלכע לערעס זענען דעמאָלט געווען, ס'איז אָבער לייכט צו באַגרייפן, אַז די אָנהענגער פונעם געאָצענטרישן סיסטעם, וועלכע האָבן אַוועקגעשטעלט די ערד אין צענטער פון דער וועלט, זענען געווען אין דער מערהייט, מחמת די בלויזע וואָרשיינלעכקייט איז דאָך אויסגעפאַלן צו זייער גונץ. אָבער אויך דער באַרימטער סיסטעם פונעם אַלעקסאַנדרינער פּטאָלעמעוס, אַזוי ווי ער האָט אים אַנטוויקלט אין זיין „אַלמאַגעסט", און וועלכער האָט במשך פון אַנ־דערהאַלבן טויזנט יאָר געהאַלטן אין געפאַנגענשאַפט די מוחות, אויך ער האָט גע־האַט זיינע פאָרויסגייער און איז בלויז געווען די פאַרענדיקונג פונעם גרויסן ווערק, וועלכעס ס'האָט מיט דריי הונדערט יאָר פריער אָנגעהויבן היפּאַרכאָס פון ניקעאָ. אָבער היפּאַרכאָס גופא האָט אויך געהאַט אַ סך צו פאַרדאַנקען זיינע לערער, די כאַלדעאישע אַסטראָלאָגן.

דאָס, וואָס דער פּטאָלאָמעאישער סיסטעם האָט געקאָנט באַשטיין אַזוי לאַנג,

נישט געפינענדיק קיין קעגנערשאַפט, איז בעיקר געווען צו פאַרדאַנקען דעם אייב־פלוס פון דער קירך. די רעליגיע האָט אָוועקגעשטעלט די ערד אין צענטער פון דער גאַנצער יצירה און דעם מענטשן געמאַכט פאַר דער קרוין פון דער יצירה, באַשאַפן בצלם אלוהים. ס׳האָט זיך, בכן, נישט אַריינגעפּאַסט אין די אינטערעסן פון דער קירך, אַז די ערד זאָל פאַרלירן איר פּריווילעגירטע פּאָזיציע ווי אַ צענטער פונעם אוניווערז און זאָל זיך דרייען אַרום דער זון פּונקט ווי אַלע אַנדערע פּלאַנעטן. אַזאַ מין באַנעם איז געווען אומבאַגרייפלעך פאַרן רעליגיעזן געמיט און האָט געקאָנט זיין אַ מאָטיוו פאַר ערנסטע קאָנסעקווענצן. דאָס איז טאַקע געווען די סיבה, פאַרוואָס די קירך האָט אַזוי לאַנג און אַזוי פאַרביטערט באַקעמפט קאָפּערניקס טעאָריע. אַפילו אין רוים גופא האָט דאָך ביז צום באַשלוס פון די קאַרדינאַלן פון דער אינקוויזיציע, אַ באַשלוס, וועלכן פּיאוס דער זיבעטער האָט סאַנקציאָנירט אין סעפּטעמבער 1832, נישט געקאָנט געדרוקט אָדער עפנטלעך פאַרשפּרייט ווערן קיין שום בוך, אין וועלכן ס׳איז פאַרטראָטן געוואָרן די טעאָריע מכוח דעם העליאָצענטרישן וועלט־סיסטעם. ס׳איז נאַטירלעך נישט מעגלעך צו זאָגן, וויפיל געהיימע קעגנער דאָס פּטאָלאָמע־אישע סיסטעם האָט געהאַט במשך פון דער לאַנגער צייט פון זיין אומבאַשרענקטער ממשלה. ערשט דורך דער השפעה פון די באַנייס־אַנטדעקטע שריפטן פון די פאַרציי־טנדיקע, וועלכע זענען צו די אייראָפּעאישע פעלקער על־פּי־רוב אָנגעקומען דורך דער פאַרמיטלונג פון די אַראַבער, איז אויפגעקומען, ספּעציעל אין די שטעט פון איטאַליע, אַ נייער גייסט, וועלכער האָט זיך געבונטעוועט קעגן דער אויטאָריטעט פון אַריסטאָטעלעס און פּטאָלאָמעוס. אַזעלכע געוואַגטע דענקער ווי דאָמעניקאָ מאַ־ריאַ נאָוואַראַ (1454 ־ 1504) א. אַנד. האָבן באַקאַנט געמאַכט זייערע שילער מיט די „פּיטאַגאָרעאישע לערעס” און אַרויסגעבראַכט די אידעען מכוח אַ נייעם אויסזען פון דער וועלט. קאָפּערניקוס, וועלכער האָט גראָד דעמאָלט שטודירט אין באָלאָניע און פּאַדואַ, איז אינגאַנצן אַרונטערגעפאַלן אונטערן כישוף פון אָט־דער נייער גייס־טיקער שטרעמונג, וועלכע האָט אים בלי שום ספק געגעבן דעם ערשטן שטויס פאַר דער אַנטוויקלונג פון זיין טעאָריע. אינדעראמתן האָט ער שוין צווישן די יאָרן 1506 און 1512 אַוועקגעלייגט די גרונט־יסודות פון זיין טעאָריע, וועלכע ער האָט שפּע־טער משלים געווען אין זיין הויפּט־ווערק „וועגן דעם אַרומקרייז פון די הימלישע קערפּערס”, וועלכעס איז אַרויס אין יאָר 1543. פאַר אָט־דעם ווערק איז אָבער גע־האַט אַרויס אַ במשך פון אַ לאַנגע צייט פאַרלוירן געוועזענע שריפט מיטן נאָמען „קורצע סכעמע מכוח די סברהדיקע הימלישע באַוועגונגען”, וועלכע איז באַנייס אַנטדעקט געוואָרן פונעם קאָפּערניק־פאָרשער ק ו ר צ ע און איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די 70־קער יאָרן. אויב, בכן, דער רעיון וועגן העליאָצענטרישן סיסטעם איז ביי קאָפּערניקוסן נישט אויפגעקומען פון זיך גופא, בלייבט פאַר אים אָבער די אומאָפּפרעגבאַרע זכיה, וואָס ער האָט די נייע קאָנצעפּציע אַנטוויקלט און באַגרינ־דעט בהסכם מיט וויסנשאַפטלעכע פּרינציפּן.

אין זיינע באַרימטע זיבן טעזן האָט קאָפּערניקוס פאַרטיידיקט די קאָנצעפּציע,

אַז ס'איז פֿאַראַן בלויז איין צענטער פֿאַר די שטערן און זייערע גענג; אַז דער ערדי־שער צענטער איז נישט דער צענטער פֿון דער וועלט, נייערט דער צענטער פֿאַרן לבנה־קרייז און פֿאַר איר אייגענער שווערקייט; אַז אַלע פּלאַנעטן דרייען זיך אַרום דער זון, וועלכע שטייט אין צענטער פֿון זייער קרייז; אַז דער מרחק פֿון דער ערד צו דער זון איז אין פֿאַרהעלטעניש צום מהלך פֿונעם פֿירמאַמענט קלענער ווי דער ערדישער דיאַמעטער אין פֿאַרהעלטעניש צום מרחק פֿון דער ערד צו דער זון, און ער פֿאַרשווינדט דעריבער לגבי דער גרויס פֿונעם פֿירמאַמענט; אַז דאָס, וואָס ווייזט זיך אונדז אויס ווי באַוועגונג אויפֿן הימל, נעמט זיך נישט פֿון אים, נייערט פֿון אַ באַוועגונג פֿון דער ערד, מחמת די ערד מיט איר גאַנצער נאָנטער אַרומרינגלונג דרייט זיך אַרום טעגלעך איין מאָל אַרום זיך גופֿא, ביי וואָס ביידע פּאָלן האַלטן זיך תמיד אין דער זעלביקער ריכטונג, בעת אָבער דער הימל בלייבט אומבאַוועגלעך ביז צו זיינע עקסטרעמסטע גרענעצן; אַז דאָס, וואָס אונדז ווייזט זיך אויס ווי די באַוועגונג פֿון דער זון, נעמט זיך אויך נישט פֿון אָט־דעם שטערן, נייערט דאָס קומט פֿון דער ערד און פֿון איר קרייז, אין וועלכן מיר דרייען זיך אַרום דער זון, פּונקט ווי אַלע אַנדערע פּלאַנעטן, ד. ה. אַז די ערד האָט אַ פּילפּאַכיקע באַוועגונג; אַז דאָס פֿאָרויס־רוקן זיך אָדער הינטערשטעליק בלייבן פֿון די פּלאַנעטן איז נישט קיין פּועל־יוצא פֿון זייער באַוועגונג, נייערט פֿון דער באַוועגונג פֿון דער ערד, — די פֿאַר־שידנאַרטיקייט פֿון די הימלישע דערשיינונגען באַקומט, בכן, איר בשפּעדיקע דער־קלערונג בלויז דורך דער באַוועגונג פֿון דער ערד.

קאָפּערניקוס האָט מיט דער נייער טעאָריע זיינער דורכגעפֿירט אַזאַ גייסטיקן איבערקער, וואָס די געשיכטע האָט נישט קיין סך אַזעלכע צו פֿאַרצייכענען; אָבער דער־מיט איז נאָך דער שטאָלצער בנין פֿונעם געאָצענטרישן וועלט־סיסטעם נישט גע־ווען פֿאַרענדיקט. די קאָפּערניקאַנישע לערע האָט טאַקע באַלד פֿון אָנהייב באַקומען אַ מחנה באַגייסטערטע אָנהענגער, אָבער נאָך מער קעגנער, אַזוי אַז ערשט ביסלעכ־ווייז האָט זי זיך געקאָנט דורכברעכן אַ וועג. דעם בעסטן קבלת־פּנים האָט די נייע טעאָריע באַקומען קודם־כל אין דייטשלאַנד, וואו די מאַכט פֿון דער קירך איז געווען שטאַרק צעטרייסלט דורך דער רעפֿאָרמאַציע. מ'דאַרף אָבער פֿון דעם נישט אַרויס־דרינגען, אַז דער פּראָטעסטאַנטיזם איז געווען בעסער געשטימט צו איר. דאָס איז לגמרי נישט געווען אַזוי. לוטער און מעלאַנכטאָן האָבן זיך צו דער נייער טעאָריע באַצויגן פּונקט אַזוי אָן פֿאַרשטענדעניש און פֿול מיט שנאה ווי דער פּויפּסט. אָבער די נייע קירך האָט נאָך נישט געהאַט געגנוג צייט צונויפֿצונעמען אירע כוחות, במילא האָט זי נישט געקאָנט ווערן אַזוי געפֿערלעך פֿאַר די דרייסטע באַנייער ווי די קאַ־טוילישע קירך אין די לאַטייַנישע לענדער. אין איטאַליע אָבער האָט דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ, וועמען דער קאָפּערניקאַנישער וועלט־סיסטעם האָט געדינט ווי אַ גוטער יסוד פֿאַר זיין נאַטור־פֿילאָזאָפֿיע, געמוזט באַצאָלן מיט זיין לעבן אויפֿן שייטערהויפֿן (1600) פֿאַר זיין דרייסטקייט, בעת גאַלילעאָ, דער זשעניאַלסטער פֿאַרשפּרייטער פֿו־נעם נייעם וועלט־באַנעם, האָט זיך געראַטעוועט פֿונעם זעלביקן גורל מסתמא נאָר

דערפֿאַר, וואָס ער האָט זיך געלאָזט צורעדן זיך אָפּצוזאָגן פֿון זיין מכלומרשטער פֿאַלשער לערע פֿאַרן טריבונאַל פֿון דער אינקוויזיציע.

אַ מעכטיקן שטויס פֿאָרויס האָט קאָפּערניקוס טעאָריע באַקומען דורכן דייטשן אַסטראָנאָם יאָהאַננעס קעפּלער, טיכאָ בראַהעס באַדייטנדיקסטער תלמיד, וועמען ער האָט בלי שום ספק געהאָט אַ סך צו פֿאַרדאַנקען. קעפּלער האָט אין זיין „נייער אַסטראָנאָמיע” און אין אַ שפּעטערדיקן ווערק אַנטוויקלט זיינע באַרימטע דריי געזעצן, דורך וועלכע ער האָט מיט אַ נשתוממדיקער חריפות און נאָך לאַנגע אומזיסטיקע פּרוואָון אַרויסגעבראַכט דעם מאַטעמאַטישן באַוויין פֿאַרן קאָפּערניקאַנישן סיסטעם. דער געניאַלער דענקער, וועמען די גייסטיקע גרויסקייט איז ניט געווען אימשטאַנד צו שיצן קעגן דער ביטערסטער נויט, האָט געוויזן די מענטשן פֿון זיין צייט, אַז די דרייאונגען פֿון די פּלאַנעטן זענען נישט קיין אייגנטלעכע קרייזן, נייערט עליפּסן, וועלכע אונטערשיידן זיך פֿונדעסטוועגן ווייניק פֿון אייגנטלעכע קרייזן; קודם־כל אָבער האָט ער באַוויזן, ווי אַזוי מ׳קאָן פֿון דער צייט, וואָס עס דויערט דער אומקרייז פֿון די פּלאַנעטן אַרום דער זון, באַרעכענען זייער מהלך און וואָס פֿאַראַ שייכות ס׳האָט די גיכקייט פֿון זייערע באַוועגונגען אויף די פֿאַרשידענע פּונקטן פֿון זייער אומקרייז מיט זייער דערווייטערונג פֿון דער זון. קעפּלער האָט שוין אינטואיטיוו געהאַט באַנומען די גרויסע איינהייט פֿון די קאָסמישע געזעצן, וועלכע ניוטאָן האָט שפּעטער אַנטוויקלט אויף אַזאַ געניאַלן אופֿן.

כמעט אין דערזעלביקער צייט, אָבער לגמרי אומאָפּהענגיק פֿון קעפּלערן, האָט גאַלילעאָ גאַליליי פֿון פּיסאַ באַוויזן אַריינצודרינגען טיפֿער אין דערווירקזאַמקייט פֿון די מעכאַנישע כוחות און אויסצופֿאָרשן די געזעצן פֿונעם פֿאַלן, פֿון דער פּענדל־באַוועגונג און פֿונעם וואַרפֿן, וואָס אַדאַנק דעם איז ער געווען ביכולת אָפּצולייקענען אַלע פֿיזיקאַלישע טענות קעגן העליאָצענטרישן סיסטעם. אָבער אויך אויף דעם געביט זענען שוין געווען אייניקע פֿאָרלויפֿער. אַזוי האָט דער גענפֿער מישעל וואַראָ נאָך אין יאָר 1585 קלאָר דערקענט דעם אינערלעכן צוזאַמענהאַנג פֿון די מעכאַנישע געזעצן, און סימאָן סטעווין פֿון בריגגע (1548 - 1620) האָט געפּרוווט, אומאָפּהענגיק פֿון יענעם, פּראַקטיש צו באַגרינדן דעם פּרינציפּ פֿון דידאַזיקע געזעצן. חוץ אָט־די צוויי איז געווען נאָך פֿאַראייניצלטע דענקער, וועלכע האָבן זיך פֿאַרנומען מיט דיזעלביקע ענינים מיט מער אָדער מיט ווייניקער דערפֿאָלג. זינט מ׳האָט אָנגעהויבן אויסצוטייטשן ליאָנאַרדאָ דאַ ווינטשיס טאָגביכער, איז געוואָרן אַלץ קלאָרער, אַז אָט־דער באמת־אוניווערסאַלער גייסט איז אין אַ סך זאַכן געווען אַ פֿאָרויסגייער פֿון גאַליליי און פֿון אַ סך אַנדערע, ווי אַ שטייגער די דערקלערונג פֿונעם געזעץ מכוח דער שווערקראַפֿט, די טעאָריע וועגן די כוואַליעס און אייניקע אַנדערע.

מיט דער הילף פֿון דעם דורך אים אַליין קאָנסטרואירטן טעלעסקאָפּ האָט גאַליליי באַוויזן צו מאַכן אַן אַ שיער וויכטיקע אַנטדעקונגען אינעם וועלט־רוים. אַזוי האָט ער אַ שטייגער דורך דער אַנטדעקונג פֿון יופּיטערס לבנות געבראַכט דעם

אָנשוילעכן באַווייז, אַז ס׳זענען פאַקטיש פאַראַן הימלישע קערפּערס, וועלכע דרייען זיך נישט אַרום דער ערד. בכלל האָט די דערפינדונג פונעם טעלעסקאָפּ דערפירט צו אַ גאַנצער ריי ענלעכע אַנטדעקונגען, וועלכע זענען געמאַכט געוואָרן אין פאַר־שידענע לענדער און לחלוטין אומאָפּהענגיק איינע פון די אַנדערע. זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן בלויז די אָבסערוואַציעס פונעם יעזואיטישן מאָנאַך קריסטאָפער שיינער אין אינגאָלשטאַט, פון יאָהאַננעס פאַבריציוס אין אָסטעל, פריזלאַנד, און פון טאָמאַס העריאָט אין איזלעוואָרט, ענגלאַנד*).

נאָכדעם ווי ס׳איז קעפּלערן געלונגען, דורך זיינע דריי גרונט־געזעצן, מאַ־טעמאַטיש צו באַווייזן די באַוועגונגען אינעם רוים און נאָכדעם ווי גאַליליי האָט פאָרמולירט די אַלגעמיינע פּרינציפּן פון דער שווערקראַפט, אַזוי ווי זיי מאַניפעס־טירן זיך אויף דער ערד, איז שוין נישט געווען וויט פונעם געדאַנק, אַז די ענ־לעכע געזעצן זענען גילטיק נישט נאָר אויף אונדזער פּלאַנעט אַליין, נייערט אויך אויפן גאַנצן וועלט־שטח און זיי באַשטימען דאָס די באַוועגונגען פון די הימלישע קערפּערס. שוין פרענסיס בייקאָן (1561־1621), וועלכן מ׳האָט אָנגערופן דער פאָ־טער פונעם אינדוקטיוון מעטאָד, האָט געחלומט וועגן אַ צייט, ווען ס׳וועט דעם מענטשלעכן גייסט געלינגען צו געפינען אַ דערקלערונג פאַר אַלע פּראָצעסן אינעם וועלט־רוים אין דיזעלביקע איינהייטלעכע געזעצן פון דער פיזיק.

געווען אָבער איז עס ערשט ניוטאָן (1621 ־ 1642), דער געניאַלער ענגלישער מאַטעמאַטיקער און נאַטור־פילאָזאָף, וועלכער האָט דערפירט צום ענדגילטיקן נצחון קאָפּערניקס און קעפּלערס טעאָריעס דורך דער פאָרמולירונג פונעם אַזויגערופענעם גראַוויטאַציע־געזעץ. ניוטאָן האָט אויסגעפונען, אַז די קראַפט וועלכע מאַכט אַראָפּ־פאַלן אויף דער ערד אַן עפּל, ווען ער רייסט זיך אָפּ פון בוים, איז דיזעלביקע, וועל־כע צווינגט די שטערן אינעם שטח פון דער וועלט זיך צו באַוועגן אין זייער קרייז. ער האָט איינגעזען, אַז די צוציאונגס־קראַפט, וועלכע איז פאַראַן אין יעדן קערפּער, ווערט גרעסער מיט זיין מאַסע, און דאָס פאַסירט אין אַזאַ גראַד, אַז אַ טאָפּלט אַזוי שווערער קערפּער ציט אויך צו אַ צווייטן מיט אַ פונקט אַזאַ טאָפּלטער קראַפט. בני־בי האָט ער אויך אַנטדעקט, אַז די צוציאונג פון אַ קערפּער פאַרמערט אָדער פאַרמינערט זיך בהסכם מיט זיין גרעסערער אָדער קלענערער דערווייטערונג פון אַן אַנדערן קערפּער און אַז דאָס פאַסירט אין פּראָפּאָרץ מיטן קוואַדראַט פון דער דער־

*) די אַנטוויקלונג און פאַרפּולקאָמונג פונעם טעלעסקאָפּ איז געפעדערט געוואָרן דורך מענטשן פון אַלע נאַציעס. גאַליליי איז לגמרי נישט געווען דער דערפינדער פונעם אַסטראָ־נאָמישן טעלעסקאָפּ, ווי ס׳איז אָפט געזאָגט געוואָרן. האָט ער דאָך אַליין דערציילט, אַז ער איז דורך דער דערפינדונג פון אַ בעלגיער אָנגערעגט געוואָרן צום אויפבוי פון זיין אינס־טרומענט. זיכער איז, אַז דער טעלעסקאָפּ איז דערפונדן געוואָרן אינעם ערשטן צענדליק פונעם 17־טן יאָרהונדערט אין האָלאַנד און אָנגעגעבן ווי די דערפינדער זענען די צוויי ברילן־מאַכער האַנס ליפּפּערשיי און צאַכאַריאַס יאַנסען. איינצלנע, באַזונדערע אינסטרו־מענטן זענען אָבער נאָך פריער געמאַכט געוואָרן. די דערפינדונג האָט, אַזויצוזאָגן, גע־שוועבט אין דער לופט און איז אין איר ווייטערדיקער אַנטוויקלונג באַגינציקט געוואָרן דורך פערזענלעכקייטן פון אַלע אומות ולשונות.

ווייטערונג, אַזוי אַז אַ קערפּער פון דערזעלביקער גרויס ווי די ערד, וועלכער ליגט אָבער טאָפּלט אַזוי ווייט פון דער זון ווי די ערד, ווערט צוגעצויגן פון דער זון בלויז אַ פערט־חלק אַזוי שטאַרק ווי די ערד.

ניוטאָן האָט רעדוצירט דאָסדאָזיקע פּאַרהעלטעניש צו אַ באַשטימטער פאָר־מולע. מיט דער הילף פון אַן אינפיניטעסימאַל־חשבון, אַ מאַטעמאַטישן מעטאָד, וועלכער דערמעגלעכט דאָס חשבונען מיט אומעודלעך־קליינע סכומים, אַ מעטאָד, וועלכן דער ענגלישער דענקער האָט אויסגעטראַכט כמעט אין דערזעלביקער צייט ווי דער דייטשער פילאָזאָף לייבניץ, איז אים, אין זיין ווערק „די מאַטעמאַטישע גרונטלאַגען פון דער נאַטור־דערקענטעניש", געלונגען צו ברענגען דעם באַווייז פאַר דער ריכטיקייט פון זיין אַנטדעקונג, וואָס בדרך אגב האָבן אויך דערין געפונען זייער בעס־טע באַשטעטיקונג קאָפּערניקס העליאָצענטרישע סיסטעם און קעפּלערס דריי גרונט־געזעצן. פון דעמאָלט אָן איז דאָס געזעץ, וועלכעס ווערט אָנגערופן נאָך ניוטאָנען, אַוועקגעלייגט געוואָרן ווי אַ יסוד פאַר אַלע אַסטראָנאָמישע אויסרעכענונגען.

אָבער פּונקט אַזוי ווי ניוטאָנס געניאַלע אַנטדעקונג האָט געהאַט אירע באַ־קאַנטע פאָרגייער, אַזעלכע ווי עדמונד האַללײ, ראָבערק הוק, קריסטאָפער אורען און אַנדערע, וואָס אַלע האָבן זיי זיך באַשעפטיקט מיטן פּראָבלעם פון דער שווער־קראַפט, אַזוי איז זי אויך לגמרי נישט געווען קיין סופיקער פּראָצעס, נייערט האָט, פון איר זייט — פּונקט ווי יעדע גרויסע אַנטדעקונג — אָנגערעגט צו נייע פאָר־שונגען און אָבסערוואַציעס. אויף די רעזולטאַטן פון דער ניוטאָנישער טעאָריע האָבן זיך אָנגעשפּאַרט די גלענצנדיקע אויפטוען פונעם באַרימטן באַזעלער מאַטעמאַטי־קער לעאָנאַרד אוילער און פון די צוויי פראַנצויזן אַלעקס קלייראָל און זשאַן לע ראָן ד'אַלאַמבער. אויך דער דענישער אַסטראָנאָם אָלאַף רעמער זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, וועלכער האָט נאָך אין 1675, ד. ה. נאָך איידער ס'איז דערשינען ניוטאָנס הויפּטווערק, זיך פאַרנומען אויסצומעסטן די שנעלקייט פונעם ליכט בהסכם מיטן קאָפּערניקאַנישן סיסטעם, ביי דער געלעגנהייט פון אַ יופּיטערישער ליקוי־לבנה.

ניוטאָנס גייסטיקער אויפטו האָט געגעבן אַ שטויס פאָרויס צו אַ סך נייע אַנט־דעקונגען און זיי ווידער האָבן פון זייער זייט אויסגעלייגט דעם וועג פאַר יענער גרויסער טעאָריע, וועלכע איז געקומען צום אויסדרוק אין די צוויי ווערק פונעם פראַנצויזישן אַסטראָנאָם פּיער לאַפּלאַס (1749 - 1827): „עקספּאָסיסיאָן די סיס־טעם מאָנד" און „טרעטע דע לאַ מעקאַניק סעלעסט", דערמיט וואָס ער האָט פאָר־מולירט אַ דערקלערונג וועגן דער אַנטשטייאונג פון אונדזער פּלאַנעטן־סיסטעם און אַלע פּראָצעסן אינעם רוים פאַרענטפערט מיט דער ווירקונג פון ריין פיזיקאַלישע כוחות. אָבער אויך זיין טעאָריע איז נישט געווען דער לעצטער שטיין אינעם בנין פונעם נייעם וועלט־באַנעם; זי איז ממשותדיק אויסגעבעסערט, אויסגעברייטערט און דערגענצט געוואָרן דורך אַזעלכע מענער ווי פרידריך גאַוס, י. ל. לאַגראַנזש, פּ. א. האַנסן, א. ל. קאָושי, י. צ. אַדאַמס, ס. ניוקאָמב, ה. דיידלדען, פּ. טיססעראַן און אַן אַ שיער דענקער פון אַלע פעלקער און נאַציעס.

אויך די אַסטראָפּיזיק, וועלכע האָט אין פאַרלויף פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונ־דערט באַקומען אַזאַ גלענצנדיקן אויפשוואונג, האָט זיך אַנטוויקלט אויפן זעלביקן שטייגער. איידער ס׳איז דער גאונות פון גוסטאַוו קירכהאָף געלונגען, דורך דער אַנטדעקונג פון דעם ספּעקטראַל־אַנאַליז, צו באַווייזן דעם כעמישן צונויפשטעל פונעם זון־קערפּער, האָט ער אין פאַרשידענע לענדער געהאַט אַלס פאָרויסגייער אַ גרויסע צאָל דענקער און פאָרשער, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיטן זעלביקן פּראָבלעם. דאָס זענען געווען אַזעלכע מענער ווי וו. ה. אואָלאַסטאָן, יאָזעף פראָוענהאָפער, וו. א. מיללער, ל. פוקאָל, א. י. אַנגסטרעם, באַלפאָר, סטיוארט, ג. סטאָקעס און אייניקע אַנדערע, אויף וועמעס דערפאַרונגען קירכהאָף האָט זיך סומך געווען און וועלכע ער האָט אויף אַ זשעניאַלן שטייגער אויסגעברייטערט און סינטע־טיש צונויפגענומען. און פון דער אַנדערער זייט ווידער האָט די אַנטדעקונג פונעם ספּעקטראַל־אַנאַליז אויסגעלייגט אַ שטעג פאַר אַן אַ שיער דערפינדונגען און אַנט־דעקונגען, וועלכע קאָנען דאָ, צוליב דער גרויסער צאָל זייערער, נישט אויסגערעכנט ווערן.

ס׳איז, בכן, אומאָפּפרעגבאַר, אַז ביי דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פונעם מאָדערנעם אויסזען פון דער וועלט האָבן מיטגעאַרבעט זשעניאַלע קעפּ פון אַלע לענדער, פון וועלכע ס׳האָבן דאָ בלויז בדרך אגב געקאָנט דערמאָנט ווערן נאָר די באַקאַנטסטע נעמען. אויך אַלבערט איינשטיינס רעלאַטיוויטעטס־טעאָריע, מיט וועמעס הילף ער האָט באַוויזן אויף אַ פונקט אַזאַ זשעניאַלן ווי איבעראַשנדיקן שטייגער אויפצוקלערן דעם סוד פון מערקורס באַוועגקרייז, וואָלט נישט געווען מעגלעך געווען אָן אָט־די אומצייליקע פריערדיקע אַרבעטן. מעגן טאַקע אייביקע ראַסן־פאַנאַטיקער זיך אָנטאָן דאָס פאַרגעניגן צו באַווייזן, אויפן סמך פון טראַדי־ציאָנעלע בילדער פון קאָפּערניקוסן, גאַליליין אָדער לאַפּלאַסן, אַז די אַלע מענער האָבן באַלאַנגט צו דער נאָרדישער ראַסע; קיינער וועט זיי צוליב דעמדאָזיקן קינ־דישן שפּיל נישט מקנא זיין. אָבער דאָרט, וואו עס רעדט דער גייסט, פאַרשווינדן נאַציאָנאַליטעט און ראַסע ווי פּליאָווע אויפן ווינט און ס׳וואָלט געווען אַ זינלאָזער פּרואוו צו מעסטן אַ סאָציאַלע אידעע, אַ רעליגיע אָדער אַ וויסנשאַפטלעכע טעאָריע לויט איר נאַציאָנאַלן אינהאַלט אָדער זי צו ווערן אורטיילן לויט די ראַסישע סימנים פון זייערע טאָנגעבער.

מיר האָבן געזען, ווי פּאָלאַקן, דייטשן, איטאַליענער, פראַנצויזן, ענגלענדער, דענעמאַרקער, שוועדן, האָלענדער, בעלגיער, שווייצאַריער א. אַ. וו. האָבן געאַרבעט פּאָרן זיג פונעם העליאָצענטרישן סיסטעם. פון זייער בשותפותדיקער אַרבעט איז אַרויסגעקומען יענער גייסטיקער באַשאַף, צו וועמעס אַנטוויקלונג אַ גאַנצע וועלט האָט צוגעטראָגן אַ חלק און וועמעס כאַראַקטער קאָן נישט באַשטימט ווערן נישט דורך וועלכן ס׳איז רעליגיעזן אַני־מאמין און אויך נישט דורך קיין שום נאַציאָנאַ־לער אייגנאַרטיקייט. דאָרט, וואו ס׳גייט וועגן גייסטיקע דערשיינונגען, דאָרט שטעלט זיך אַרויס צום קלאָרסטן דאָס אַלוועלטלעכע פונעם מענטשלעכן דענקען און לאָזט

זיך נישט איינצאַמען אין קיין שום נאַציאָנאַלע דאַמבעס. אָט־ווי געטע האָט עס אַזוי טרעפלעך פאַרשטאַנען צו פאָרמולירן:

„נישט פאַראַן קיין פּאַטריאָטישע קונסט און קיין פּאַטריאָטישע וויסנשאַפט. ביידע באַלאַנגען זיי, ווי יעדעס דערהויבענע גוטס, צו דער גאַנצער וועלט און זיי קענען פּראָגרעסירן נאָר דורך אַלגעמיינער פרייער קעגנזייטיקער צוזאַמענאַרבעט פון אַלע אין דערזעלביקער צייט לעבנדיקע אין שטענדיקער איינזעעניש אויף דעם, וואָס איז אונדז געבליבן און איז אונדז באַקאַנט פון פאַרגאַנגענע צייטן".

דאָס, וואָס איז דאָ אין קורצע ווערטער געזאָגט געוואָרן וועגן דער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון דער קאָפּערניקאַנישער טעאָריע, איז אין אַ נאָך גרעסערער מאָס גילטיק פאַר דער מאָדערנער אַנטוויקלונגס־טעאָריע, וועלכע האָט אין אַן איבעראַשנדיק קורצער צייט דערפירט צו אַ פולשטענדיקער איבערגעשטאַלטיקונג פון אַלע פון פריער איבערגענומענע באַגריפן און פאַרשטעלונגען. מיטן אויסנאַם פונעם העליאָצענטרישן וועלט־סיסטעם, איז מסתמא נישט צו געפינען נאָך אַ דאָקטרין, וועלכע זאָל געוועזן האָבן אַזאַ דויערנדיקן איינפלוס אויפן גאַנצן מענטשלעכן דענקען ווי דאָס האָט געהאַט דער געדאַנק וועגן אַ בהדרגהדיקער אַנטוויקלונג פון אַלע נאַטירלעכע פאָרמען און לעבנס־דערשיינונגען אונטער דער השפעה פון דער סביבה און פון די אָרומיקע דרויסנדיקע באַדינגונגען. די נייע טעאָריע האָט נישט בלויז געפירט צו אַ פולשטענדיקער איבערקערעניש אויף אַלע געביטן פון די נאַטור־וויסנשאַפטן; זי האָט אויך אַרויסגעבראַכט אַ גאַנץ נייעם צוגאַנג אין דער סאָציאָלאָגיע, אינעם קוק אויף דער געשיכטע און פילאָזאָפיע. אַפילו די פאַרטרעטער פון דער רעליגיע, וועלכע האָבן לכתחילה באַקעמפט די אַנטוויקלונגס־אידעע מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט, זענען גאָר אינגיכן געווען געצוואונגען איר צו מאַכן ווייטגייענדיקע הנחות און זי אויף זייער שטייגער אָנצונעמען באהבה. מיט איין וואָרט: דער אַנטוויקלונגס־געדאַנק האָט אונדז אַלעמען אַזוי שטאַרק אַרומגעכאַפּט און אונדזער גאַנצן שטייגער דענקען משפיע געווען ביז צו אַזאַ מדרגה, אַז מיר קאָנען זיך היינט קוים פאָרשטעלן ווי אַזוי ס׳איז גאָר לחלוטין מעגלעך געווען אַן אַנדערע קאָנצעפּציע.

אָבער אויך אָט־דער געדאַנק, וועלכער ווייזט זיך היינט אויס אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלעך, איז נישט געקומען אויף דער וועלט פּלוצלינג, אומגעריכט, נייערט ער האָט זיך ביסלעכווייז, בהדרגהדיק אויסגעצייטיקט, פּונקט ווי אַלע גייסטיקע דערגרייכונגען, ביז ער האָט זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג. ביז צו וועלכער צייט מ׳קאָן צוריקפירן די התחלות פון דער אַנטוויקלונגס־טעאָריע, דאָס וועט מען מסתמא קיינמאָל נישט קאָנען דערגיין. ס׳איז אָבער זיכער, אַז דער קאָנצעפּט וועגן אַ נאַטירלעכער אַנטשטייאונג פון אַלע זאַכן איז שוין ביי די עלטסטע גריכישע דענקער געווען גאַנץ היפּש פאַרשפּרייט און וואָלט וואַרשיינלעך דאָס גאַנצע גייסטיקע לעבן פון די אייראָפּעאישע פעלקער פון לאַנג שוין געווען געפירט אויף אַנדערע וועגן, ווען די

שריפטן פון די אַלטע וויסנשאַפטסלייט וואָלטן, אונטער דער ממשלה פון דער קירך, נישט געווען געהאַט פאַרשוואונדן געוואָרן אויף אַזאַ לאַנגער צייט, ביז זיי האָבן באַנייס געקאָנט איבערגעבן ווערן צו די מענטשן פון אַ שפּעטערדיקער תקופה, וועלכע איז שוין געווען באַהערשט פון גאַנץ אַנדערע אידעען, אין אַן אָפּגעשוואַכטער פאָרעם און בלויז טיילווייז.

שוין ביים יאָנישן נאַטור־פילאָזאָף און ספּעציעל ביי אַנאַקסימענעסן קאָן מען געפינען דעם געדאַנק וועגן אַן אורשטאָף, אין וועלכן ס'איז פאַרבאָרגן אַ באַשאַפנ־דיקע און אומגעשטאַלטנדיקע קראַפט, וועלכע האָט זיך אַנטפּלעקט אויף דער ערד אין דער אַנטשטייאונג און פאַרענדערונג פון די פאַרשידענע לעבעדיקע באַשעפענישן. קאָנטיק, אַז עמפּעדאָקלעס האָט צום טיפסטן תופס געווען אָט־דעם געדאַנק, ווען ער האָט אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז די פאַרשידענע פאָרמען פונעם לעבן האָבן צו פאַרדאַנקען זייער אַנטשטייאונג די ספּעציעלע מישונגען פונעם אורשטאָף. דערדאָזי־קער מוטיקער און אייגנאַרטיקער דענקער האָט שוין טאַקע דערקלערט די אַנטוויק־לונג פון די אָרגאַנישע באַשעפענישן דורך צופּאַסונג צו זייער סביבה, וואָס נאָר אַזוי האָבן, לויט זיין מיינונג, ווי געהעריק אויסגעשטאַטע באַשעפענישן געקאָנט באַשטיין, בעת די אַנדערע האָבן ווידער געמוזט פאַרשווינדן. אויך ביי הערקליטן און ביי די גריכישע אַטאָמיסטן, אָבער אויך ביי די עפּיקורעער און אַנדערע, געפינען זיך שוין רמזים אויף אַ בהדרגהדיקער אַנטוויקלונג און איבעראַנדערשונג פון אַלע לעבנס־דערשיינונגען, וועלכע לוקרעציאַ האָט שפּעטער פאָרמולירט אין זיין באַ־רימטן דידאַקטישן שיר, און וועלכע זענען אַזוי אַרום אויפגעהיט געוואָרן. פון לו־קרעציאָס ווערק איז קלאָר אַרויסצוזען, אַז ס'האָט זיך ביי די אַלטע דענקער לחלוטין נישט געהאַנדלט וועגן אייניקע אומבאַשטימטע אידעען, וועלכע די שפּעטערדיקע גענעראַציעס האָבן אונטערגערוקט אַ זין, וואָס איז געווען בהסכם מיט זייער אייגענעם אַרט דענקען, נייערט וועגן אַ קלאָרן קאָנצעפּט, וועלכער פלעגט טאַקע על־פּי־רוב באַגרינדעט ווערן מיט אומגעניגנדיקע מיטלען, אָבער אין זיין תוך איז ער פונדעסטוועגן געווען קלאָר ווי דער טאָג.

ערשט דורכן אויפקומען פון דער קריסטלעכער דאָגמאַטיק, וועלכע האָט זיך פאַרפונדעוועט אין דער ביבלישער מעשה־בראשית־לעגענדע און נישט געוואָלט טאָ־לערירן קיין שום אַנדערן אויסטייטש, זענען אָט־די זשעניאַלע התחלות פון דער אַנט־וויקלונגס־לערע אָפּגעשטופּט געוואָרן אין הינטערגרונט פאַר אַ משך פון 1500 יאָר, הגם דער געדאַנק גופא איז קיינמאָל נישט אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן. ער קערט זיך אום אין מיטלאַלטער ביי די אַראַבישע פילאָזאָפן פאַראַבי און אַוויסעננאַ, ווען אַפילו אין אַ שטאַרק אייגנאַרטיקער פאָרעם, אַ שטאַרק באַאיינפלוסטער דורכן נעאָ־פּלאַטאָניזם. ער האָט אויך באַקומען אַן אויסדרוק אינעם מערקווירדיקן בוך פונעם יידישן מקובל אַוויסעבראָן, „מקור־חיים״, וועלכעס איז אויך איבערגעזעצט געוואָרן אין דער לאַטיינישער שפּראַך. דאָס איז אַ פּערזאָן, וועלכער דערמאָנט אין אייניקע פּרטים אינעם דייטשן מיסטיקער יאַקאָב בעמע, וועלכער האָט זיך, ווי באַקאַנט,

אינטואיטיוו שטאַרק דערנענטערט צום געדאַנק וועגן אַן אייביקער אַנטוויקלונג פון אַלע זאַכן*). אויך דער שאָטלענדישער סכאָלאַסטיקער דונס סקאָטוס איז דערגאַנגען גאַנץ נאָענט צום רעיון וועגן דער אַנטוויקלונג פונעם אוניווערז אויפן יסוד פון באַשטימטע פיזישע געזעצן.

אונטער דער השפעה פון די אַנטדעקונגען פון קאָפּערניקוס, קעפּלער, גאַליליי און אַנדערע אויסגעלייטערטע קעפּ פון יענע תקופה האָט דער אַנטוויקלונגס־געדאַנק באַקומען אַ נייע יניקה. בערנאַרדינאָ טעלעסיאָ, דער גרויסער איטאַליענישער געלערנטער און פילאָזאָף, און איינער פון די ערשטע, וועלכע זענען אַרויסגעטראָטן קעגן אַריסטאָטעלעס אידעען, וועלכע האָבן באַהערשט דעם גאַנצן מיטלאַלטער, האָט אין זיין ווערק „דע רערום נאַטוראַ״ זיך פאַרמאָסטן צו דערקלערן אַלע נאַטור־פּראָצעסן מיט דער ווירקונג פון מעכאַנישע געזעצן, און אַלע דערשיינונגען אינעם אוניווערז געפּרואווט פאַרענטפערן מיט דער באַוועגונג פון זיינע עלעמענטן און ער איז אַזוי אַרום לפּחות צוגעקומען גאָר נאָענט צום געדאַנק מכוח אַן אַלגעמיינער אַנטוויקלונג אין דער נאַטור. אָבער קודם־כל מוז דאָ אָנגערופן ווערן דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ, אין וועמעס פאַנטעאיסטישן געדאַנקענגאַנג דער אַנטוויקלונגס־רעיון שפּיגלט זיך אָפּ גאַנץ בחוש. ברונאָ, וועלכער האָט זיך אין דער פאָרמירונג פון זיין שיטה אומגעקערט צו די אידעען פון דעמאָקריט און פון די אַלטע אַטאָמיסטן, האָט פאַרייניקט זייערע אָנשויאונגען מיט קאָפּערניקס וועלט־באַנעם און ער איז אַזוי דערגאַנגען, — נאָכגייענדיק די שפּורן פון די עפּיקורעער — צו דער איבערצייגונג, אַז די וועלט איז אומבאַגרענעצט, אַ געדאַנק, וועלכן קאָפּערניקוס האָט כידוע נישט געקענט, מחמת ער האָט זיך פאָרגעשטעלט די וועלט ווי אַ באַגרענעצטע דורך די שטענדיקע שטערן אויפן הימל. די פאַרשידנאַרטיקייט פון די פאָרמען, אין וועלכע די מאַטעריע באַווייזט זיך, ברענגט זי אַרויס, לויט דער מיינונג פונעם גרויסן איטאַליענישן נאַטור־פילאָזאָף, פון זיך גופא, אָן יעדן פרעמדן אימפּולס. „די מאַטעריע איז נישט פאָרמלאָז — ווי ברונאָ האָט אויסגעפירט — אַדרבא, זי אַנטהאַלט אין איר סאַמע יאָדרע אַלע פאָרמען, און היות זי אַנטוויקלט דאָס, וואָס זי אַנטהאַלט פאַרהוילן אין זיך, איז זי, אינדעראמתן, די נאַטור גופא און די מוטער פון אַלעם לעבעדיקן״.

אויך דער פראַנצויזישער פיזיקער און עמפּיריקער גאַססענדי האָט זיך אָנגעאייגנט די דאָקטרין פון עפּיקורן און פון די גריכישע אַטאָמיקער און ער האָט אויסגעפונען די סיבה פון דעם, וואָס די וועלט עקזיסטירט, אינעם שפּיל פון די אַטאָמען, וועלכע ער האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי באַגאָבטע מיט דער קראַפט פון זעלבסטבאַוועגונג. אין די אַטאָמען האָט ער געזען די אורשפּרינגלעכע טיילן פון אַלע זאַכן, פון וועלכע עס גייט־אויף אַלעס און דערגייט צו זיין שלימות. ס'איז אינטערעסאַנט צו באַאָבאַכטן ווי שטאַרק די אידעען פון די אַלטע גריכישע נאַטור־פילאָזאָפן, וועל־

*) סאַלאַמאָן מונק האָט אין זיין בוך „מעלאַנז דע פילאָזאָפי זשיאיוו עט אַראַב״ אַרויסגעבראַכט דעם באַווייז, אַז אַוויסעבראָן איז נישט געווען קיין אַנדערער ווי דער גרויסער יידישער דיכטער איבן גבירול.

כע זענען פּלוצים אויפגעשטאַנען תּחית־המתים, האָבן שוין אַ היפּשע צייט נאָך פאַר קאָפּערניקס אַנטדעקונג ביז צו דער תּקופה פון די פראַנצויזישע ענציקלאָפּעדיסטן באַאיינפלוסט דאָס דענקען פון די בעסטע קעפּ. אַזוי האָט זיך לוקרעציוס ווערק אין וואָלטערס און דידעראָס צייט געפונען אין די הענט פון אַלע געבילדעטע מענטשן. מ׳קאָן באַווייזן, אַז בעיקר איז דאָס געווען די לערע פון די אַלטע אַטאָמיסטן, וועלכע האָט ביי אַזעלכע דענקער ווי דעסקאַרטעס, גאַססענדי און אַנדערע אַרויסגערופן דעם געדאַנק וועגן אַ בהדרגהדיקער אַנטוויקלונג, וועלכע ליגט אין יסוד פון אַלע נאַטור־פּראָצעסן. אויך דער זשעניאַלער יידישער דענקער ברוך שפּינאָזאַ טאָר דאָ נישט אויסגעלאָזט ווערן, ער, וועלכער האָט דערקלערט אַלע דערשיינונגען פון די וועלט־געשעענישן מיט דער אינערלעכער נויטווענדיקייט און באַנומען דעם אַנט־וויקלונגס־געדאַנק נישט נאָר אין אַלגעמיינע שטריכן, נייערט אַפילו פאַרויסגעפּילט אייניקע פון זיינע פונדאַמענטאַלע השערות, ווי אַ שטייגער דעם אינסטינקט פון זעלבסט דערהאַלטונג.

ערב דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע איז פראַנקרייך געוואָרן דער צענטער פון אַ נייער אַנטוויקלונג פונעם מענטשלעכן דענקען, וועלכע מ׳האָט מיט רעכט באַצייכנט ווי דעם גייסטיקן אַריינפיר פון דער שפּעטערדיקער געזעלשאַפטלע־כער איבערקערעניש. די אַלטע טעאָריעס מכּוח וועלט און מענטש, שטאַט און גע־זעלשאַפט, רעליגיע און מאָראַל האָבן דורכגעמאַכט אַ גרינטלעכע איבעראַנדערשונג. דאָס אַרויסגעבן די באַרימטע „ענציקלאָפּעדיע" איז געווען דער גראַנדיעזער פּרואוו דורכצופירן איבערן גאַנצן מענטשלעכן וויסן אַ שטרענגן אַנאַליז און עס ווידער אויפבויען אויף נייע יסודות. אַזאַ צייט האָט געמוזט זיין שטאַרק גינציק פאַרן פראַ־גרעס פון דער אַנטוויקלונגס־לערע. פאַקטיש זענען טאַקע פאַראַן ביי אַ סך דענקער פון יענער ברויזנדיקער עפּאָכע מער אָדער ווייניקער בולטע התחלות פון דער אַנט־וויקלונגס־אידעע, דורך וועלכער די שפּעטערדיקע פאָרשונגען זענען באַווירקט גע־וואָרן. מאָפּערטויאיס האָט געמאַכט דעם פּרואוו צו דערקלערן די אַנטשטייאונג פו־נעם אָרגאַנישן לעבן דורך אַטאָמען, וועלכע זענען באַגאַבט מיט עמפּינדלעכקייט. דידעראָ, דער אוניווערסאַלסטער גייסט פון יענער עפּאָכע, האָט זיך פאַרמאָסטן פאַר־צושטעלן די אַנטשטייאונג און ווייטערדיקע געשטאַלטיקונג פון די רעליגיעס, זיט־לעכע באַגריפן און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס ווי אַ בהדרגהדיקע אַנטוויקלונג, נאָכדעם ווי אַזעלכע דענקער ווי באָדין, בייקאָן, פאַסקאַל און וויקאָ זענען נאָך פון פריער געווען פאַרגייער אויפן זעלביקן געביט. קאָנדאָרסע, לעסינג און הערדער האָ־בן זיך פאַרנומען אויף דיזעלביקע דרכים און זיי האָבן געזען אין דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע אַ שטענדיקן פּראָצעס פון איבערגעשטאַלטיקונג פון נידערי־קע און פּשוטע צו קאָמפּליצירטערע און העכערע קולטור־פאָרמען.

לאַ מעטערי האָט אַנערקענט, אַז הגם ס׳איז אמת, אַז מיר ווייסן נישט קיין גע־נויע פּרטים וועגן דעם כאַראַקטער פון דער באַוועגונג און פון דער מאַטעריע, איז אָבער דער מענטש פונדעסטוועגן אימשטאַנד אָוועקצושטעלן די באַהויפּטונג, אויפן

סמך פון אָבסערוואַציעס, אַז דער איינציקער חילוק צווישן דער אומאָרגאַנישער און אָרגאַנישער מאַטעריע באַשטייט נאָר אין דעם, אַז די לעצטע רעגולירט זיך אַליין, אָבער טאַקע מהאי טעמא פאַרברויכט זי, נוצט זי אויס אירע כוחות און נאָכן טויט פונעם לעבעדיקן באַשעפעניש צעלייגט זי זיך באַנייס אין אירע אומאָרגאַנישע באַשטאַנדטיילן. פונקט אַזוי ווי פונעם אומאָרגאַנישן קומט אַרויס דאָס אָרגאַנישע, פונקט אַזוי אַנטוויקלט זיך פון דערזעלביקער דאָס גייסטיקע. לויט לאַ מעטערי זענען אַלע העכערע פאָרמען פונעם באַוואוסטזיין אונטערגעוואָרפן די נעמלעכע געזעצן ווי די גאַנצע אָרגאַנישע און אומאָרגאַנישע נאַטור. טאַקע דעריבער האָט ער נישט געמאַכט קיין חילוק צווישן מענטש און חיה און ער האָט איןביידע געזען בלויז פאַרשידענע רעזולטאַטן פונעם זעלביקן נאַטורפּראָצעס. ראָבינע איז דערגאַנגען צו ענלעכע מסקנות און ער האָט פאַרטראָטן דעם שטאַנדפּונקט, אַז אַלע פונקציעס פונעם גייסט זענען אָפּהענגיק פון די פונקציעס פונעם קערפּער. האָלבאַך האָט אין זיין „סיסטעם דע לאַ נאַטור" כולל געווען אָט־די אַלע פאַרשידענע סיסטעמען, און זיך האַלטנדיק ביים ריין־מאַטעריאַליסטישן געדאַנקענגאַנג, האָט ער אַנטוויקלט די אידעע מכוח אַ בהדרגהדיקער אַנטשטייאונג פון די פאַרשידענע לעבנס־פאָרמען אויפן יסוד פון דיזעלביקע אייגהייטלעכע נאַטור־געזעצן.

אין דייטשלאַנד האָט לייבניץ געפּרוווט אַרויסטרעטן קעגן דעם מאַטעריאַליזם פונעם פראַנצויזישן דענקער און ער האָט זיך כסדר אויסגעשטעלט אויף די אָנגריפן פון לאַ מעטערי און זיינע אידעען־חברים; אָבער זיין מאָנאַדן־טעאָריע, וועלכע האָט אומאָפּלייקנבאַרע באַרירונגס־פּונקטן מיט דער מאָדערנער ביאָלאָגיע, האָט אויך אים דערפירט צום רעיון וועגן אַ בהדרגהדיקער געשטאַלטיקונג פון דער וועלט, ווי דאָס איז גאַנץ אָפט באַטאָנט געוואָרן פון די מאָדערנע פאַרטרעטער פון דער אַנטוויקלונגס־טעאָריע. קלאָרער ווי לייבניץ האָט קאַנט תופס געווען די אַנטוויקלונגס־אידעע, ווען ער האָט אין זיין „אַלגעמיינע נאַטורגעשיכטע אונד טעאָרי דעס הימעלס" פאַרטראָטן דעם שטאַנדפּונקט, אַז דער גאַנצער וועלט־סיסטעם האָט זיך אַנטוויקלט פון זיך דרייענדיקע אורשפּרינגלעכע נעפּלען און אַז דערביי האָבן די כאַאָטישע באַוועגונגען פונעם אורשטאָף ביסלעכווייז זיך פאַרנומען אויף פעסטע און דויערנדיקע וועגן. קאַנט האָט אינעם אוניווערז געזען דעם רעזולטאַט פון פיזיש־און מעכאַניש־ווירקנדיקע כוחות און ער איז געווען איבערצייגט, אַז דער קאָסמאָס האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעשטאַלטיקט פונעם תוהו ובוהו, בכדי אין משך פון אומגעהויערע פעריאָדן ווידער אַרייַנצופאַלן אין זעלבן און אָנהייבן דעם פּראָצעס אויפסניי, אַזוי אַז די וועלט אַנטפּלעקט זיך פאַרן מענטשן ווי אַ שטענדיק שפּיל פון אויפקום און אומקום. אויך העגעל האָט געזען אינעם שאַלטן און וואַלטן פון דער נאַטור אַן אומאיבערגעריסענעם אַנטוויקלונגס־פּראָצעס און ער האָט אַריבערגעטראָגן דעמדאָזיקן געדאַנק אויף אַ ביי אים אייגנאַרטיקן שטייגער אויף דער מענטשלעכער געשיכטע; און טאַקע אָט־דעם אומשטאַנד האָט ער בעיקר געהאַט צו פאַרדאַנקען זיין גרויסע השפּעה אויף די מענטשן פון זיין צייט. די אַנטוויקלונגס־טעאָריע האָט שוין

ממש געשוועבט אין דער לופט. עס וועט אונדז פאַרפירן צו ווייט דאָ גענוי זיך אָפּ־צושטעלן אויף די פּרטים ווי אַזוי אַזעלכע דענקער ווי מאַלפּיגי, מאַלעבראַנזש, באָנע און אַנד. — יעדער אויף זיין שטייגער — האָבן געפעדערט אָט־דעם געדאַנק. שוין אין דער ערשטער העלפט פון 18־טן יאָרהונדערט איז דאָס וואָרט „עוואָלוציע" גאַנץ אָפט באַנוצט געוואָרן פון וויסנשאַפטסלייט, וואָס דאָס איז אַ באַווייז, אַז די אַנט־וויקלונגס־אידעע האָט זיך אַלץ מער און מער איינגעבירגערט אינעם מוח פון די מענטשן.

פון די פאָרלויפער פון דער מאָדערנער אַנטוויקלונגס־טעאָריע, אַזוי ווי זי האָט געפונען איר אויסדרוק ביי דאַרווינען און דער גרויסער צאָל נאָכגייער זיינע, פאַר־דינט ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט דער פראַנצויזישער נאַטור־פילאָזאָף בופאָן, מחמת זיינע אַנשויאונגען דאַרפן אָפּגעשאַצט ווערן גיכער ווי אַ פּועל־יוצא פון פּראַק־טישע עקספּערימענטן און ערנסטער פאָרש־אַרבעט איידער ווי אַ רעזולטאַט פון פי־לאָזאָפישן נאָכדענקען. בופאָן איז געווען איינער פון די גייסטרייכסטע מענטשן פון זיין צייט און אייניקע פון זיינע אָנרעגונגען זענען ערשט פיל שפּעטער אָנערקענט געוואָרן אין זייער פולן באַדייט. זיין נאַטור־געשיכטע איז נישט נאָר געווען אַ גרויספאַרנעמיקער פּרוואו פאַר אַ שכלדיקער דערקלערונג פון די געשעענישן אויף דער וועלט, זי האָט אויך אויף אַלע אַנדערע געביטן אַרויסגעבראַכט אַ שלל באַ־פרוכפּערנדיקע געדאַנקען. אַזוי האָט ער אויפן סמך פון פּראַקטישעביישפּילן, וועל־כע ער האָט געבראַכט, באַוויזן, אַז צוליב פיל פאַרשידנדיקע סיבות קאָן ביי חיות און פלאַנצן אַנטשטיין אַ פאַרענדערונג און ער האָט דאָס דערקלערט אויפן זעלבן שטייגער ווי דאָס האָט שפּעטער געטאָן דאַרווין. בופאָן האָט אויך איינגעזען, אַז דער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס דערגייט קיינמאָל נישט צו קיין באַשטימטן סוף און דערפון איז ער געקומען צום אויספיר, אַז דורך עקספּערימענטן און באַאָבאַכטונגען איז די וויסנשאַפט ביכולת אומאָפּפרעגבאַר פעסטצושטעלן געוויסע דערשיינונגען אין דער נאַטור. איז זיך נישטאָ וואָס צו חידושן, וואָס אַזאַ מענטש מיט אַזעלכע גלענצנדיקע פעאיקייטן האָט געקאָנט האָבן אַזאַ גרויסן איינפלוס אויף דענקער ווי געטע, לאַמאַרק און סענט־הילער.

ביים אָנהויב פון 19־טן יאָרהונדערט האָט זיך דער אַנטוויקלונגס־געדאַנק שוין געהאַט דורכגעבראָכן אַ וועג ביי אַלע פאָרזענלעכקייטן, וועלכע זענען געווען פריי פון פאָראורטיילן. זיין פראָמינענטסטער פאָרטרעטער אין יענער צייט איז געווען געטע, אין וועמעס זשעניאַלער פּערזענלעכקייט ס'האָבן זיך אויפן גליקלעכסטן אופן פאַראייניקט דער נביאישער בליק פונעם פּאָעט מיט דער שאַרפער און ניכטערער באַאָבאַכטונגס־פעאיקייט פונעם פאָרשער. געטע איז אין זיינע נאַטור־וויסנשאַפט־לעכע פאָרשונגען געווען שטאַרק באַווירקט פון בופאָנען און ער האָט אין זיין אין יאָר 1780 דערשינענעם מאמר „איבער די מעטאַמאָרפאָזע דער פפלאַנצען" אַרויס־געבראַכט אַזעלכע אידעען, וועלכע האָבן זיך פולשטענדיק געהאַלטן ביים געדאַנקען־קרייז פון דער אָפּשטאַם־טעאָריע. ווען ער האָט פאָרענטפערט די אַנטשטייאונג פון

אַלע אָרגאַנען פון אַ פלאַנץ מיט דער „מעטאַמאָרפאָזע״, דאָס הייסט מיט דער מאָדיפיקאַציע פון אַן איינציקן אָרגאַן, דעם בלאַט, — אַ געדאַנק, וועלכער האָט זיך שפּעטער אומגעקערט ביי לאַמאַרקן, — האָט געטע דעמזעלביקן אַנגעווענדט אויך אויף דער חיות־וועלט און ער האָט אונדז אין זיין טעאָריע פונעם חוט־השדרה געגעבן אַ פּרעכטיקן ביישפּיל פון זיין שאַרפזיניקער באַאָבאַכטונגס־פעאיקייט. אויך זיין קאָנצעפּציע וועגן די געאָלאָגישע פאַרענדערונגען פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד אַנטהאַלט געוויסע אידעען, וועלכע זענען ערשט שפּעטער גענויער אַרויסגעבראַכט און באַגרינדעט געוואָרן דורך לייעל און האָף.

אַן אייגנאַרטיקער פאָרויסגייער פון דער אַנטוויקלונגס־טעאָריע איז געווען עראַסמוס דאַרווין, טשאַרל דאַרווינס זיידע, וועלכער — בלי שום ספק באַאיינפלוסט פון לוקרעציוסן — האָט זיך פאַרמאָסטן אין זיין דידאַקטישן שיר „זאָאָנאָמיאַ״ צו דערקלערן אַנטוויקלונגס־געשיכטלעך די אַנטשטייאונג פון דער וועלט און פון יעדן מין לעבן און ער האָט דערביי אַרויסגעזאָגט אייניקע אידעען, וועלכע זענען איבעראַשנדיק נאָענט צו אונדזער מאָדערנעם באַנעם.

דער דייטשער נאַטור־פילאָזאָף טרעוויראַנוס האָט אין זיין ווערק „ביאָלאָגיע: אָדער די פילאָזאָפיע דער לעבענדען נאַטור״, וועלכעס איז דערשינען אין די יאָרן 1802 ־ 1805, פאַרטראָטן דעם געדאַנק, אַז אַלע העכערע לעבעדיקע באַשעפענישן האָבן זיך אַנטוויקלט פון אַ קלענער צאָל פרימיטיווע אורשפּרינגלעכע פאָרמען און אַז יעדע פאָרעם פון לעבן איז דער רעזולטאַט פון פיזישע איינפלוסן, וועלכע אונטערשיידן זיך צווישן זיך נאָר אינעם גראַד און אין דער ריכטונג פון זייער ווירקזאַמקייט. לאָרענץ אָקען, וועלכער האָט אין דער זעלבער צייט וואָס געטע, אָבער לגמרי אומאָפּהענגיק פון אים, אַרויסגעבראַכט די טעאָריע, אַז דער שאַרבן פון קאָפּ איז צוזאַמענגעשטעלט פון וואַרבלען און איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַ המשך פונעם חוש־השדרה, האָט אויסגעפירט, אַז יעדעס לעבעדיקע באַשעפעניש באַשטייט פון קעמערלעך און אַז דאָס גאַנצע אָרגאַנישע לעבן אויף דער ערד איז אַרויסגעקומען פון אַ פרימיטיוון שליים. אָקען האָט אויך געפּרואווט פונדאָסניי איינצוטיילן די גאַנצע חיות־ און פלאַנצן־וועלט לויט זייער אָפּשטאַם.

אָט־די לאַנגע שורה געוואַגטע דענקער פון אַלע אומה ולשונות, וועלכע קאָנען מיט רעכט באַצייכנט ווערן ווי די פאָרויסגייער פון דער מאָדערנער אַנטוויקלונגס־טעאָריע, איז מיטן פראַנצויזישן זאָאָלאָג לאַמאַרק צוגעקומען צו אַ פאָרלויפיקן אָבער העכסט ווירקזאַמען סוף. אין זיין „פילאָסאָפי זאָאָלאָזשיק״, וועלכעס איז דערשינען אין יאָר 1809, האָט ער צונויפגענומען די מער אָדער ווייניקער אַנטוויקלטע אידעען פון זיינע פאָרגייער מיט זיינע אייגענע געדאַנקען און זיי געגעבן אַ באַשטימטן וויסנשאַפטלעכן יסוד. ער האָט באַקעמפט די דאָקטרין מכוח דער אומפאַרענדערלעכקייט פון די מינים און אויסגעפירט, אַז זיי ווייזן זיך אונדז אויס אומפאַרענדערלעך נאָר דערפאַר, ווייל דער טראַנספאָרמאַציע־פּראָצעס נעמט אַרום גאָר לאַנגע פעריאָדן, און ער קאָן אינעם קורצן שפּאַן פונעם דויער פון אַ מענטשלעך

לעבן נישט אָבסערווירט, נישט באַמערקט ווערן. פונדעסטוועגן זענען אַזעלכע טראַנס־פאָרמאַציעס אומאָפּפרעגבאַר און זיי ווערן אַרויסגערופן דורך פאַרענדערונגען אין־נעם קלימאַט, דורכן אופן פון דערנערן זיך און דורך אַנדערע דערשיינונגען.

„נישט די אָרגאַנען, דאָס הייסט די נאַטור און געשטאַלט פון די פּיזישע טיילן פון אַ חיה — האָט לאַמאַרק אויסגעפירט — האָבן אַרויסגערופן אירע געוואוינהייטן און באַזונדערע פעאיקייטן, נאָר, אדרבא, אירע געוואוינהייטן און באַזונדערע פעאיקייטן, איר לעבנסשטייגער און די פאַרהעלטענישן, ביי וועלכע די אינדיווידן, פון וועלכע זי שטאַמט, זענען געווען געצוואונגען צו לעבן, האָבן מיט דער צייט באַשטימט די געשטאַלט פון איר קערפּער, די צאָל און דעם צושטאַנד פון אירע אָרגאַנען און פעאיקייטן".

די גרויסע רעאַקציע, וועלכע האָט זיך אומעטום אין אייראָפּע מאַניפעסטירט נאָך די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות און אין דער צייט פון דער „הייליקער אַליאַנץ" פון אומווירדיקן אָנדענק, האָט נישט נאָר געהאַט אַ פּאַראַליזירנדיקע השפעה אויפן גאַנצן פּאָליטישן און סאָציאַלן לעבן, נייערט זי האָט אויך פאַרקאָוועט אין קייטן דעם מענטשלעכן געדאַנק, אָוועקגעשטעלט אַ דאַמבע קעגן דער ווייטערדי־קער אַנטוויקלונג פון דער עוואָלוציע־טעאָריע, אַ דאַמבע, וועלכע האָט איצט אויפסניי געמוזט דורכגעריסן ווערן, איידער מ'האָט אַפילו געקאָנט טראַכטן וועגן אַ ווייטערדיקן פּראָגרעס אין אָט־דער ריכטונג. קונסט, וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע זענען אַרונטערגעפאַלן אונטער דער קללה פון די רעאַקציאָנערע אידעען און מ'האָט באַנייס געמוזט וואַרטן אויפן אויפלעב פון אַ נייעם גייסט אין אייראָפּע, וועלכער זאָל אויך דער אַנטוויקלונגס־טעאָריע צופירן נייע יניקה. וויניק ליכטיקע שטראַלן האָבן געגלאַנצט אין יענעם לאַנגן פּעריאָד פון גייסטיקער סטאַגנאַציע, און אויך זיי זענען קוים באַמערקט געוואָרן. אַזוי האָט דער ענגלישער געלערנטער וו. צ. וועלס שוין אין יאָר 1813 געגנוג דייטלעך אַנטוויקלט דעם רעיון וועגן נאַטירלעכן אָפּקלייב, באַווייזנדיק, אַז דער טונקעלער קאָליר פון דער הויט מאַכט דעם מענטשן ווידערשטאַנדספעאיקער קעגן די סכנות פונעם טראָפּישן קלימאַט, און פון דעם האָט ער אַרויסגעצויגן מסקנות, אַז לכתחילה האָבן געקאָנט אויסהאַלטן און באַשטיין אין די טראָפּישע געגנטן נאָר אַזעלכע אינדיווידן, וועלכע זענען פון דער נאַטור באַגינציקט געוואָרן צוליב ווער ווייס וועלכע סיבות מיט אַ טונקעלן הויט־קאָליר. יעדנפאַלס האָט זיך וועלס אין זיינע פאָרשונגען באַשרענקט בלויז אויף באַשטימטע טיפּן און ער האָט נישט געמאַכט קיין פּרוּוו אויסצושפּרייטן דידאָזיקע געדאַנקען בנוגע זייער אַלגעמיינער גילטיקייט.

די וויכטיקסטע דערשיינונג אין יענעם פינצטערן פּעריאָד איז געווען שאַרל לייעלס ווערק „פּרינציפּלס אָוו דזשעאָלאָדזשי", וועלכעס האָט געזען די שיין פון דער וועלט אין 1830 און וועמעס גורל ס'איז געווען צו האָבן אַ פונדאַמענטאַלן באַדייט פאַר דער ווייטערדיקער אויסגעשטאַלטיקונג פון דער אַנטוויקלונגס־לע־רע. דער ענגלישער געאָלאָג האָט אין אָט־דעם ווערק באַקעמפט קוויערס קאַטאַ־

קליזם־טעאָריע, וועמעס אויטאָריטעט אין די נאַטור־וויסנשאַפטן איז ביז דעמאָלט געווען אַן אומאָפּפרעגבאַרע, און ער האָט דערקלערט, אַז אַלע אומבייטן פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד זענען נישט פאָרגעקומען דורך פּלוצימדיקע קאַטאַס־טראָפעס, נייערט דורכן אומאויפהערלעכן ווירקן פון דיזעלביקע כוחות, וועלכע זענען נאָך אויך היינט אומאיבערגעריסן ביי דער אַרבעט. אָט־די טעאָריע, וועלכע געטע האָט שוין געהאַט פאָרויסגעפילט, איז געווען די ביימיקע השערה פונעם גאַנצן עוואָלוציאָניסטיש־געשיכטלעכן אופן דענקען, מחמת נאָר אַזוי אַרום איז ערשט געוואָרן באַגרייפלעך און וויסנשאַפטלעך־דענקבאַר די אידעע וועגן אַ בהדר־גהדיקער טראַנספאָרמאַציע פון די מינים, וועלכע האָבן זיך צוגעפּאַסט צו די פּאַ־מעלעכע פאַרענדערונגען פון דער קאָרע פון דער ערד.

אין זעלביקן יאָר, אין וועלכן לייעלס ווערק איז איבערגעגעבן געוואָרן דער עפנטלעכקייט, איז אין דער פּאַריזער אַקאַדעמיע פאָרגעקומען יענע גדענקווירדיקע דיסקוסיע צווישן קוויערן און סען־הילערן, וועלכער געטע האָט, נישט געקוקט אויף זיין גרייז־גראָער עלטער, געשענקט אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט. קוויע האָט פאַר־טיידיקט די דאָקטרין וועגן דער פּערמאַנענטער געשטאַלט פון די מינים, בעת סען־הילער האָט זיך געהאַלטן ביים שטאַנדפּונקט וועגן זייער פאַרענדערלעכקייט דורך צופּאַסונג צו די באַדינגונגען פון דער סביבה און דאָס געפּרואווט באַווייזן. אָבער דער גייסט פון דער צייט איז געווען קעגן אים, און קוויע, וועמען ס׳האָט נישט געפעלט קיין פלאַכקייטן, איז פאַר דער וויסנשאַפטלעכער וועלט אַרויס ווי דער זיגער פונעם געלערנטן געראַנגל. די גאַנצע פּראָפעסיאָנעלע וויסנשאַפט איז געשטאַנען אויף זיין זייט און געהאַט בלויז חוזק און שפּאָט פאַר זיין קעגנער. ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די אַנטוויקלונגס־טעאָריע איז שוין אַ געשלאָגענע אויף לעולם ועד, מחמת קוויעס טעאָריע איז אין משך פון די קומענדיקע דריי צענדליק יאָרן כמעט נישט באַקעמפט געוואָרן פון קיינעם. שוין אַפילו נאָכן באַווייזן זיך פון דאַרווינס עפּאָכע־מאַכנדיקן ווערק האָבן זיך די פּראָפעסיאָנעל־וויסנשאַפטלעכע אויטאָריטעטן אין פראַנקרייך, דייטשלאַנד און אין אַנדערע לענדער אָפּגעזאָגט אַפילו צו שענקען אויפמערקזאַמקייט און דערמאָנען די געדאַנקען, וועלכע זענען דאָרט אַרויס־געבראַכט געוואָרן, און ס׳איז פאַרביי אַ היפּשע צייט, ביז מ׳האָט זיך געקאָנט דע־צידירן דורכצופירן אַן ערנסטע אונטערזוכונג פון דער נייער טעאָריע. אויך דער גע־דאַנק וועגן אַ נאַטירלעכן אָפּקלייב צווישן די אָרגאַנישע באַשעפענישן, וועלכן עס האָט אַרויסגעבראַכט דער ענגלישער פאַרשער פּאַטריק מאַטיו ווי אַ צוגאָב צו אַ בוך וועגן דער קאָנסטרוקציע פון שיפן און קולטיווירונג פון באַדן, האָט נישט גע־פונען קיין אָפּקלאַנג. די טעאָריע וועגן עוואָלוציע האָט פּאַקטיש אויסגעזען ווי צו זיין טויט. ערשט מיט דער מפּלה פון דער פּאָליטישער און סאָציאַלער רעאַקציע אין אייראָפּע און נאָכן באַנקראָט פון העגעלס שיטה האָט די באַדערפעניש צו דענ־קען וויסנשאַפטלעך ווידער באַקומען איר זכות־הקיום. דערמיט איז אויך די אַנטוויק־לונגס־טעאָריע אויפגעשטאַנען תחית־המתים און נאָך פאַרן באַווייזן זיך פון דאַר־

ווינס ווערק האָט זי געהאַט אירע מוטיקע פאַרטרעטער אין אַזעלכע מענער ווי ספּענסער, האַקסלעי, פאָגט, ביכנער און אַנדערע.

אָבער דעם ענדגילטיקן ניצחון האָט די אַנטוויקלונגס־לערע אויסגעקעמפט ערשט מיט דאַרווינס גרויסן ווערק וועגן דער „אַנטשטייאונג פון די מינים דורך נאַטירלעכן אָפּקלייב" אין יאָר 1859. אָבער דערביי דאַרף מען געדענקען, אַז דאַר־ווין איז נישט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער געלערנטער אינעם דורכשניטלעכן זין פונעם וואָרט, נייערט ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער נאַטורוויסנשאַפט גיכער ווי אַ ליבהאָבער אַזויצוזאָגן. אויך דאָ שטייען מיר פאַר דערזועלביקער דערשיינונג, וועלכע מ׳קאָן אַזוי אָפט באַמערקן ביי גרויסע אַנטדעקונגען און ביי איבערקערעניש־אַנמאַכנדיקע גייסטיקע דעראָבערונגען און וועלכע זענען טאַקע אַ באַווייז פאַר דער באַהויפּטונג, אַז די אויטאָריטעט דערפירט אויף אַלע געביטן צו פאַרקנעכטונג און אומפּרוכפּעריקייט, בעת די פרייע אַנטוויקלונג פונעם געדאַנק אַנטהאַלט אין זיך תמיד שעפערישע כוחות.

אין דערזעלביקער צייט וואָס דאַרווין איז אויך דער ענגלישער זאָאָלאָג אַל־פרעד רוסעל אואַלאַס, וועלכער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט זיינע פאָרש־אַרבעטן אין באָרנעאָ, דערגאַנגען צו די נעמלעכע רעזולטאַטן און ער האָט ספּעציעל די לערע וועגן נאַטירלעכן אָפּקלייב באַגרינדעט אין אירע עיקרדיקע שטריכן אויפן זעלבן אופן ווי דאַרווין. אָבער דאַרווין האָט אין זיין לאַנגער פאָרש־אַרבעט אַנגעקליבן אַזאַ גרויסן שלל מיט מאַטעריאַלן און זיי אויף אַזאַ זשעניאַלן אופן קלאַסיפיצירט און באַאַרבעט, אַז אואַלאַס האָט זיך עניוותדיק צוריקגעצויגן און אים אָן קנאה אי־בערגעלאָזט די בכורה.

מיט די רעזולטאַטן פון זיין רייכער דערפאַרונג, וועלכע ער האָט אָנגעקליבן בעיקר במשך פון יענער געדענקווירדיקער וועלט־רייזע זיינער אויפן באָרט פונעם „ביגל" (1831 - 1836), האָט זיך דאַרווין זייער פאַרזיכטיק גענומען צו דער אַר־בעט און ער האָט זיך געהיט פאַר כלערליי פאַראַלגעמיינערונגען, וועלכע מ׳האָט נישט געקאָנט באַגרינדן מיט דער גאַנצער זיכערקייט. אַזוי אַרום איז אַריבער קרוב צו אַ פערטל יאָרהונדערט איידער ער איז אַרויס מיט זיין אַרבעט אין דער עפנט־לעכקייט. אין דער צווישנצייט האָט ער זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר קיין שום אַנ־שטרענגונג, זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט חיות־ציכטער און לאַנדווירטן, בכדי זיך צו באַקענען מיט זייערע דערפאַרונגען. און טאַקע די פּרואוון, וועלכע זענען גע־מאַכט געוואָרן ביי הויז־חיות און קולטיור־פלאַנצן דורך קינסטלעכער ציכטונג, האָ־בן אים אַלץ שטאַרקער געמאַכט אין זיינע אויסגעאַרבעטע מסקנות, אַז אין דער נאַטור קומען פאָר ענלעכע פּראָצעסן, וועלכע דערפירן צו דער אַנטשטייאונג פון נייע מינים. אַזוי אַרום איז ער געווען אין דער לאַגע אַרויסצוטרעטן מיט דער גאַנצער זיכערקייט פאַר דער וועלט און זי באַקענען מיט די רעזולטאַטן פון זיינע לאַנגע פאָרשונגען און באַגרינדן זיינע אויספירן מיט אַן אומדערשעפּלעכן שלל פון אָנגעקליבענעם מאַטעריאַל.

דאַרווין איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די פאַרענדערונג פון די מינים אין דער נאַטור איז נישט קיין יוצא מן הכלל, נאָר טאַקע דער כלל. זיינע באָאַבאַכ־טונגען האָבן אים געוויזן, אַז אַלע קרובישע מינים שטאַמען פון איין געמיינזאַמער אורשפּרינגלעכער פאָרעם און אַז די אונטערשיידן צווישן זיי זענען אַנטשטאַנען ערשט שפּעטער, אין משך פון דער צייט, דורך איבערגעענדערטע לעבנסבאַדינגונ־גען, אַזעלכע ווי דאָס בייטן פונעם וואוין־אָרט, דער אופן פון דערנערן זיך און דער קלימאַט. ער האָט אָט־דעם באַנעם באַגרינדעט בעיקר דורך עמבריאָלאָגישע אונ־טערזוכונגען, דערמיט, וואָס ער האָט באַוויזן, אַז די אונטערשיידן צווישן די עמ־בריאָנען פון די פאַרשידענע גאַטונגען חיות זענען אַ סך קלענער ווי צווישן די אַנט־וויקלטע אינדיווידן. אַ גאָר באַזונדערע וויכטיקייט האָט דערביי געהאַט די אַנט־דעקונג, אַז די אָרגאַנען, וועלכע דאַרפן דינען דעם נעמלעכן צוועק, האָבן אינעם עמבריאָן גאַנץ ענלעכע פאָרמען, ווען אַפילו זיי געשטאַלטיקן זיך שפּעטער גאַנץ אַנדערש ביי די איינצלנע מינים. דאָס איז צו דערקלערן נאָר דערמיט, וואָס די פאַר־שידענע מינים קומען אַרויס פון איין התחלהדיקער פאָרעם. די פאַרענדערונגען זענען פאָרגעקומען ערשט שפּעטער און ביסלעכווייז איבערגעטראָגן זיך אויפן המשך און דאָס אויף אַזאַ אופן, אַז אינעם עמבריאָן קאָן מען באַמערקן לויט דער ריי די גאַנצע סעריע פון די ביסלעכווייז דערוואָרבענע אייגנשאַפטן.

דאַרווין האָט איינגעזען, אַז די צופּאַסונג פון די פאַרשידענע לעבעדיקע באַ־שעפענישן צו זייער סביבה איז איינע פון די וויכטיקסטע געזעצן פונעם לעבן, און אַז אינעם אַזויגערופענעם „קאַמף פאַרן קיום" זענען די מינים און די אינדיווידן אויף אַזוי פיל פעאיקער אויסצוהאַלטן אויף וויפיל זיי באַזיצן די פעאיקייט זיך צוצופּאַסן צו די באַדינגונגען פון דער סביבה. אַזוי אַרום זענען די אָפּשטאַם־טעאָריע און די לערע וועגן נאַטירלעכן אָפּקלייב געוואָרן די ווינקלשטיינער פונעם מאָדערנעם אַנט־וויקלונגס־געדאַנק און זיי האָבן פאַר איר צעעפנט די ברייטסטע פערספּעקטיוון אויף אַלע שטחים פונעם מענטשלעכן פאָרשן. אָן זיי וואָלטן לגמרי נישט מעגלעך געווען די אויסגעצייכנטע רעזולטאַטן פון דער מאָדערנער אַנטראָפּאָלאָגיע, פון דער פיזיאָ־לאָגיע, פון דער פּסיכאָלאָגיע, פון דער סאָציאָלאָגיע א. אַ. וו. דער איינדרוק פון דאַרווינס ווערק איז געווען אַ קאָלאָסאַלער. דער רעיון וועגן עוואָלוציע איז אין משך פון די לאַנגע יאָרן פון דער פּאָליטישער און גייסטיקער רעאַקציע אַזוי שטאַרק פאַר־פרעמדט געוואָרן פון די מענטשן, אַז ער האָט זיך דעם רוב געלערנטע אויסגעוויזן ווי אַ מעשהלע. בכדי צו קאָנען פאַרשטיין די געוואַלדיקע ווירקונג פון דער דאַרווי־ניסטישער טעאָריע אויף יענער עפּאָכע, מוז מען וויסן, וואָס פּראָמינענטע פאָרשער, וועלכע האָבן אין יענער צייט געלעבט, האָבן וועגן דעם געהאַט צו זאָגן. אַזוי האָט דערקלערט ווייסמאַן אין זיין „פאָרטרעגע איבער די דעסצענדענצטעאָרי" אָט־וואָס:

„מ'קאָן נישט פאַרשטיין די ווירקונג פון שאַרל דאַרווינס בוך וועגן דער אַנטשטייאונג פון די מינים, ווען מ'ווייסט נישט, ווי שטאַרק די ביאָלאָגן פון יענער צייט זענען געווען אָפּגעפרעמדט פון די אַלגעמיינע פּראָבלעמען.

איך קאָן אייך נאָר זאָגן, אַז מיר, די יינגערע דעמאָלט, וואָס האָבן שטודירט אין די פּופּציקער יאָרן, האָבן אפילו נישט געהאַט קיין שום אַנונג, אַז ס׳איז ווען־עס־איז פאָרמולירט געוואָרן אַן אַנטוויקלונגס־טעאָריע, מחמת קיינער האָט צו אונדז וועגן דעם נישט גערעדט און אין קיין שום פאָרלעזונג איז זי אפילו נישט דערמאָנט געוואָרן. ס׳האָט אויסגעזען גלייך ווי אַלע לערער פון אונדזערע אוניווערזיטעטן וואָלטן געווען געלעגן אין הינערפלעט און לגמרי פאַרגעסן, אַז אַזעלכעס איז ווען־עס־איז דיסקוטירט געוואָרן, אָדער גלייך ווי זיי וואָלטן זיך געווען געשעמט מיט אָט־די פילאָזאָפישע פּורצי־גדר פון דער נאַטורוויסנשאַפט און געוואָלט אויסהיטן די יוגנט פון אַזעל־כע זאַכן״.

אינעם ערשטן ווערק זיינעם האָט דאַרווין בכיוון נישט באַרירט די פראַגע וועגן אָפּשטאַם פונעם מענטשן; אָבער אין סאַמע תוך פון זיין טעאָריע איז שוין גע־לעגן דער געדאַנק, אַז דעם מענטשנס פּאָזיציע אין דער נאַטור קאָן נישט זיין קיין אויסנאַמלעכע. איז דעריבער געווען נישט מער ווי לאָגיש, אַז אַזעלכע באַרימטע פאָרשער ווי טאָמאַס האַקסלעי און ערנסט העקעל זאָלן אַרויסציען די אומפאַרמייד־לעכע קאָנסעקווענצן פון די ניי־פאָרמולירטע דערקענטענישן און אַריינרעכענען דעם מענטשן ווי אַ גליד אין דער לאַנגער קייט פון די אָרגאַנישע לעבעדיקע באַשעפע־נישן. זענען, פאַרשטייט זיך, דורך דעם די קעגנער פונעם דאַרוויניזם נאָך מער אויפגעטראָגן געוואָרן קעגן דער נייער טעאָריע, בפרט נאָכדעם ווי האַקסלעי האָט פאַרעפנטלעכט זיין בוך „באַווייזן פאַרן מענטשנס פּאָזיציע אין דער נאַטור״; אָבער קיין שום שטרויכלונג איז שוין נישט געווען ביכולת צו פאַרשפּאַרן דעם וועג פאַרן זיגעריש זיך דורכרייסנדיקן געדאַנק. דאַרווין גופא האָט זיך אַרויסגעזאָגט וועגן די אַלע דיסקוטירטע פּראָבלעמען ערשט אין יאָר 1871, אין זיין גרויסן ווערק „דער אורשפּרונג פונעם מענטשן און דער סעקסועלער אָפּקלייב״ און ער האָט עס געטאָן בהסכם מיט זיין ערשטן ווערק.

אָבער די טעאָריע פונעם גרויסן ענגלישן דענקער האָט זיך נאָך דערמיט נישט געהאַט פאַרענדיקט, פּונקט ווי קאָפּערניקס טעאָריע בשעתו. אדרבא, זי איז געווען אַן אָנרעג צו נייע פאָרשונגען און רעפלעקסיעס, דורך וועלכע דאַרווינס אייניקע שטאַנדפּונקטן זענען טיילוויז אויסגעבעסערט, טיילוויז ווייטער אויסגעברייטערט געוואָרן. ביי דאַרווינען גופא איז, אגב, געווען קלאָר, אַז זיין טעאָריע דאַרף נאָך האָבן אַ ווייטערדיקע אויסבילדונג, מחמת ער האָט געוואוסט צו גוט, אַז אויך איי־דעען זענען געבונדן צו באַשטימטע אַנטוויקלונגס־פּראָצעסן. האָט טאַקע דער געדאַנק וועגן נאַטירלעכן אָפּקלייב, אַזוי ווי ער איז אַנטוויקלט געוואָרן דורך דאַרווינען און וואָלאַסן, אין משך פון דער צייט דורכגעמאַכט אייניקע ענדערונגען, אַדאַנק וועל־כע זיין באַדייט אין פאַרגלייך צו אַנדערע פאַקטאָרן, וועלכע האָבן צוגעהאָלפן ביי דער פאַרענדערונג פון די מינים, איז ערשט אַרויסגעשטעלט געוואָרן אין זיין ריכ־טיקן פאַרהעלטעניש און באַקומען זיין געהעריקע אָפּשאַצונג. אויפן יסוד פון דער דאַרוויניסטישער טעאָריע וועגן אָפּשטאַם האָט ספּענסער געקאָנט ברענגען דעם באַ־ווייז, אַז די גרויסע צאָל מינים חיות און פלאַנצן אויף דער ערד האָט זיך אַנטוויקלט

פון אייניקע פּשוטע אָרגאַניזמען. העקעל האָט זיך אַפילו געקאָנט פאַרמעסטן אויס־צואַרבעטן אַ שטאַמבוים פאַרן גאַנצן היהשן קעניגרייך, דעם מענטשן אַריינגערעכנט בתוכם. אין זיין „נאַטירליכע שעפּפונגסגעשיכטע" האָט דער דייטשער געלערנטער געשענקט אַ ספּעציעלע וויכטיקייט דעם „ביאָגענעטישן גרונדגעזעץ", בהסכם מיט וועלכן די אינדיווידועלע אַנטוויקלונג פון אַ לעבעדיק באַשעפעניש איז אין אַ גאַר היכער מאָס אַ קורצע און זיך גיך רעאַליזירנדיקע איבערחזרונג פון אַלע פאָרעם־פאַרענדערונגען, וועלכע די גאַנצע שורה אָבות פון דער גאַטונג האָט דורכגעמאַכט אין איר נאַטירלעכער אַנטוויקלונג און וועלכע זענען באַדינגט אין די פיזיאָלאָגישע פונקציעס פון דער פאַרירשענונג (רעפּראָדוקציע, פּרה ורבה) און פון דער צופּאַסונג (דערנערונג). אָט־דער נייער אַריינדרינג אין די פּראָצעסן פון דער אַנטוויקלונג האָט ווידער דערפירט צו אַ גאַנצער ריי נייע אינטערפּרעטאַציעס אויף די פאַרשידענע שטחים פון דער וויסנשאַפטלעכער באַאָבאַכטונג, דורך וועלכע די גרענעצן פון אונדזערע קענטענישן זענען היפּש אויסגעברייטערט געוואָרן.

דאַרווין און אוואָלאַס האָבן געהאַלטן, אַז זיי האָבן אינעם מעכאַנישן אָפּקלייב פון די בעסטע געפונען אַ גענוגנדיקע דערקלערונג פאַר די ענדערונגען פון די לע־בנספאָרמען און זיי זענען געווען איבערצייגט, אַז אָט־דער אָפּקלייב קומט פאָר אויפן סמך פון אַ באַשטענדיקן קאַמף צווישן די פאַרשידענע מינים און אויך בתוך פון יעדן מין גופא און אַז בעת אָט־דעם קאַמף קומען־אום די שוואַכע גאַטונגען און אינדיווידן און נאָר די שטאַרקע קאָנען האָבן אַ קיום. מיר ווייסן, אַז ביי דער אַנט־וויקלונג פון אָט־דער טעאָריע איז דאַרווין שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן דורכן לייענען מאַלטוסעס בוך וועגן דעם באַפעלקערונגס־פּראָבלעם. שפּעטער האָט ער דידאָזיקע מיינונג שטאַרק רעווידירט און ער איז, ספּעציעל אין זיין ווערק וועגן דער אַנטשטייאונג פונעם מענטשן, געקומען צו גאַנץ אַנדערע מסקנות. אָבער די טעאָריע מכוח דעם „קאַמף פאַרן קיום" האָט אין איר ערשטער איינזייטיקער פאַר־מולירונג געהאַט אויף אַ היפּשער צאָל פּראָמינענטע פאָרשער, בפרט אויף די באַ־גרינדער פונעם אַזויגערופענעם „סאָציאַלן דאַרוויניזם", אַ מעכטיקן איינפלוס. מען האָט זיך צוגעוואוינט צו באַטראַכטן די נאַטור ווי אַ ריזיק שלאַכטפעלד, אויף וועלכן די שוואַכע ווערן אומברחמנותדיק צעטראָטן פון די שטאַרקע, און מ'האָט באמת געגלייבט, אַז אין יעדן מין גופא קומט פאָר אַ באַשטענדיקער בירגערקריג, וועלכער איז באַדינגט דורך נאַטור־געזעצלעכע באַדערפענישן. אָן אַ שיעור געלערנטע, צווישן זיי אויך האַקסלעי און ספּענסער, האָבן דערנאָך אויך די מענטשלעכע געזעלשאַפט געזען אינעם נעמלעכן ליכט און זיי זענען געווען פעסט איבערגעצייגט, אַז זיי האָבן אויסגעפונען אַ נאַטור־געזעץ מיט אַן אַלגעמיינער גילטיקייט. אַזוי אַרום איז האָבס „קריג פון אַלע קעגן אַלע" באַנייס געוואָרן אַן אומפאַרמיידלעכער נאַטור־פּראָצעס, וועלכער קאָן נישט געענדערט ווערן דורך קיין שום עטישע אָפּשאַצונגען, און די חסידים פונעם „סאָציאַלן דאַרוויניזם" זענען נישט מיד געוואָרן זיך אַרומצוטראָגן מיט מאַלטוסעס זאָג, אַז דער טיש פונעם לעבן איז נישט געגרייט פאַר אַלעמען.

ס׳איז בלי שום ספק, אַז אָט־דער אופן פון באַנעמען זאַכן איז על־פּי־רוב געקומען פון דער בורזשואַזער פּאָזיציע פון די געלערנטע, הגם זיי אַליין האָבן זיך לחלוטין נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון. די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט האָט אַוועקגעשטעלט דעם פּרינציפּ פון דער פרייער קאָנקורענץ ווי דעם פאַרלאָקנדיקן פּונקט פון דער עקאָנאָמיק. דאָס איז, בכן, געווען פּשוטער ווי צו זען אין דעם אַן אויסברייטערונג פונעם זעלביקן קאַמף, וועלכער מאַניפעסטירט זיך, לויט דער מיינונג פון אַ סך פּראָמינענטע דאַרוויניסטן, אומעטום אין דער נאַטור און פון וועלכן אויך דער מענטש קאָן נישט אַנטרונען ווערן. אַזוי אַרום איז מען דערגאַנגען דערצו, אַז מ׳האָט באַרעכטיקט יעדע מענטשלעכע עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג און גערעכטפאַרטיקט האָט מען עס אויפן סמך פון דעם, וואָס מ׳האָט עס פאַרענטפערט מיטן שאַלטן און וואַלטן פון אַן אומברחמנותדיקן נאַטור־געזעץ. אין דעם באַקאַנטן ווערק "Struggle for Existence and its Bearing upon Man" האָט האַקסלעי אַן איינזעעניש פאַרטיידיקט אָט־דעם שטאַנדפּונקט מיט דער קאָנסעקווענץ, וועלכע איז פאַר אים געווען כאַראַקטעריסטיש, און דערמיט האָט ער קעגן זיין אייגענעם ווילן אויסגעשמידט אַ געווער פאַר דער רעאַקציע, וועלכעס קומט איר נאָך היינט אַפילו צונוץ פון צייט צו צייט ווי אַ גייסטיק פאַרטיידיקונגס־מיטל. די דענקער פון אָט־דער תקופה האָבן דידאָזיקע ענינים גענומען אויף אַזוי פיל ערנסטער, אויף וויפל דער רוב פון זיי איז געווען אַזוי שטאַרק איבערצייגט אין דער עקזיסטענץ פון יענעם אומברחמנותדיקן קאַמף אין דער נאַטור, אַז מ׳האָט אים אָנגענומען ווי אַן אומקאָנדיציאָנעלע השערה און מ׳האָט זיך אַפילו נישט גענומען די מי דידאָזיקע השערה ערנסט צו אַנאַליזירן.

ס׳איז דעמאָלט געווען קליין די צאָל פון די פאַרטרעטער פון דער דאַרוויניסטישער טעאָריע, וועלכע האָט געצווייפלט אין דער ריכטיקייט פון אָט־דעם באַנעם. צו דידאָזיקע ווייניקע באַלאַנגט דער רוסישער זאָאָלאָג קעסלער, וועלכער האָט נאָך אין יאָר 1880 אויף אַ נאַטורוויסנשאַפטלעכן קאָנגרעס אין פעטערבורג פאַרטראָטן די מיינונג, אַז נעבן דעם ברוטאַלן קאַמף מיט ציין און נעגל הערשט אין דער נאַטור נאָך אַן אַנדער געזעץ, וועלכעס קומט צום אויסדרוק אין דער קעגנזייטיקער אונטערשטיצונג צווישן די מינים, וועלכע פירן אַ געזעלשאַפטלעך לעבן, און אַז דאָס טראָגט־צו אַ גרויסן חלק צום אויפהאַלט פונ׳ם מין. דערדאָזיקער געדאַנק, וועלכן קעסלער האָט בלויז אָנגעדייט בדרך־אגב, האָט באַקומען די ברייטסטע פאָרמולירונג אין פּיאָטר קראָפּאָטקינס באַקאַנטן ווערק „קעגנזייטיקע הילף ווי אַ פאַקטאָר פון אַנטוויקלונג". אויפן סמך פון אַ שלל מאַטעריאַלן און פאַקטן האָט ער אָנגעוויזן, אַז דער באַגריף פון דער נאַטור ווי אַן אומבאַגרענעצט שלאַכטפעלד איז נישט עפּעס אַנדערש ווי אַן אַכזריותדיק צעקרומט בילד, אַ קאַריקאַטור פונעם לעבן, וועלכע פאַרגוואַלדיקט די אמתע פאַקטן*). פּונקט ווי קעסלער אַזוי האָט אויך קראָפּאָטקין

*) קראָפּאָטקין האָט פריער פאַרעפנטלעכט זיין אַרבעט אין באַזונדערע אַרטיקלען אין דער ענגלישער צייטשריפט „ ניינטינטה סענטשורי" (סעפּטעמבער 1890 ביז יוני 1896).

באַטאָנט דעם באַדייט פונעם געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן פאַרן קיום המין און פון די אינסטינקטן פון קעגנזייטיקער הילף און סאָלידאַריטעט, וועלכע קומען דערפון אַרויס. אַט־די צווייטע פאַרעם אינעם קאַמף פאַרן קיום ווייזט זיך אים אויס פון נישט לפי־ערך גרעסערן באַדייט סיי פאַרן אויפהאַלט פונעם יחיד אַזוי אויך פאַרן קיום פונעם מין איידער די ברוטאַלע מלחמה פון די שטאַרקע קעגן די שוואַכע, וואָס דאָס ווערט, אַגב, באַשטעטיקט דורך דער איבעראַשנדיקער היגטערשטעליקייט פון יענע מינים, וועלכע פירן נישט קיין געזעלשאַפטלעך לעבן און זוכן זיך דורכצושלאָגן בלויז דורך זייער פשוטער פיזישער גבורה. אויב קעסלער האָט געהאַלטן, אַז דער אינסטינקט פון מיטגעפיל איז דער פועל־יוצא פונעם עלטערן־געפיל און פון דער זאָרג פאַרן המשך זייערן, איז קראָפּאָטקין געשטאַנען אויפן שטאַנדפונקט, אַז דאָ האַנדלט זיך סתם וועגן אַ פועל־יוצא פונעם געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן, וועלכעס איז צום מענטשן אַריבערגעקומען בירושה פון זיינע אָבות, וועלכע האָבן, פונקט ווי ער, געלעבט אין געזעלשאַפטן. בהסכם דערמיט איז דער מענטש נישט געווען דער באַשאַפער פון דער געזעלשאַפט, נאָר די געזעלשאַפט די באַשאַפערן פונעם מענטשן. אַט־דער באַנעם, וועלכער איז פון דעמאָלט אָן איבערגענומען געוואָרן פון אַ גרויסער צאָל פאָרשער, האָט אַ גאָר באַזונדערס גרויסן באַדייט פאַר דער סאָציאָלאָגיע, מחמת ער וואַרפט גאָר אַ נייַ ליכט אויף דער גאַנצער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פונעם מענטשן און רעגט־אָן צום שעפערישסטן נאָכדענקען.

עס וואָלט אונדז פאַרפירט צו ווייט צו וועלן נאָכגיין אַלע פּרטים פונעם גאַנצן פאַרשידנאַרטיקן אַנטוויקלונגס־וועג פון דער דאַרוויניסטישער טעאָריע. די טעאָריע וועגן אָפּקליַיב און באַזונדערס דאָס פּראָבלעם וועגן דער פאַרירשענונג זענען געווען די גורמים פון אַ גאַנצער ריי וויסנשאַפטלעכע אונטערזוכונגען, וועלכע האָבן בכלל געפירט צום וויטערדיקן פּראָגרעס פון דער אַנטוויקלונגס־לערע, הגם זיי זענען נישט תמיד געווען מזלדיק אין זייערע רעזולטאַטן. אייניקע טעאָריעס, וועלכע זענען דאָ געשאַפן געוואָרן, ווייזן זיך אפשר אויס צו געוואַגט און צו ווייניק באַגרינדעט, מ׳דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן, אַז ס׳זענען נישט בלויז די פּאָזיטיווע רעזולטאַטן, וועלכע פאַרהעלפן צום פּראָגרעס פון אַן אידעע. אויך השערות קאָנען אָנרעגן צו נייַע רעפלעקסיעס און שטאַרק אויפלעבן די פאָרשונג. דאָס איז גאָר באַזונדערס חל אויף די וויסמאַנישע טעאָריעס וועגן דער פאַרירשענונג און אויף אַלע אויפקלערונגס־פּרואוון, וועלכע זענען אויף אַט־דעם געביט געמאַכט געוואָרן פון אַזעלכע פאָרדינסטפולע פאָרשער ווי מענדעל, נעגלי, דע וורים, רוזש און זייער גרויסע צאָל חסידים, ווי אויך פון די פאַרטרעטער פונעם נעאָלאַמאַרקיזם און פון די אָנהענגער און קעגנער פון דער אַזויגערופענער מוטאַציע־טעאָריע. דער רוב פון אַט די פּרואוון אויפצוקלערן האָבן בלי שום ספק צוגעהאָלפן צו דער ווייטערדי־

אַ וווערטפולע השלמה דערצו איז דאָס לעצטע ווערק זיינס „די עטיק״, וועלכעס איז צום באַדויערן נישט פאַרענדיקט געוואָרן.

קער אויסגעשטאַלטיקונג פון דער אַנטוויקלונגס־לערע, אָבער בפרטיות זענען זיי צו שטאַרק קאָמפּליצירט, אַז מ׳זאָל שוין היינט קאָנען אָפּשאַצן מיט זיכערקייט זייער אמתן ווערט פאַר דער צוקונפט.

ס׳וואָלט געווען פאַרלוירענע מי, ווען מ׳וואָלט געוואָלט ביי אַ גייסטיקער דערשיינונג פון אַזאַ פאַרנעם ווי דאָס איז די מאָדערנע אַנטוויקלונגס־טעאָריע זיך נעמען זוכן נאַציאָנאַלע באַשטאַנדטיילן. אַ גאַנצע מחנה דענקער און פאָרשער פון אַלע פעלקער און נאַציעס, פון וועלכע עס האָבן דאָ געקאָנט דערמאָנט ווערן בלויז די באַקאַנטסטע פון צווישן זיי, האָט צוגעטראָגן אַ חלק צו דער אַלזייטיקער אויסגעשטאַלטיקונג פון דערדאָזיקער טעאָריע און זי גייסטיק באַפרוכפּערט. קיין שום נאַציע האָט זיך נישט געקאָנט אויסהיטן פון איר השפּעה. זי האָט אַרויפגעפירט דאָס גאַנצע דענקען פון די מענטשן פון אונדזער קולטור־קרייז אויף באַשטימטע וועגן, איבערגעשאַצט אַלע ביז־איצטיקע באַגריפן וועגן וועלט און מענטש און געשאַפן אַ גאַנץ נייע אויפפאַסונג וועגן אַלע פּראָבלעמען פונעם לעבן. וואָס פאַר אַ ווערט האָבן די קליינע אייגנטימלעכקייטן, וועלכע ס׳איז צומאָלס מעגלעך אויסצוגעפינען צווישן מיטגלידער פון פאַרשידענע מענטשלעכע גרופּן און וועלכע זענען דאָך, אייגנטלעך, נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר רעזולטאַטן פון די דורך דערציאונג באַקומענע באַגריפן, פאָרשטעלונגען און געוואוינהייטן, אין פאַרגלייך מיט דער איבערמעכטיקער ווירקונג פון אַן אידעע אָדער אַ וועלט־אָנשויאונג, וועלכע צווינגט זיך אַרויף אויף אַלע מענטשן מיט דערזעלביקער קראַפט און שפּרינגט אַריבער איבער אַלע קינסטלעך געצויגענע נאַציאָנאַלע גרענעצן? ניין, דער מענטשלעכער גייסט לאָזט זיך נישט פאַרקאָוועון אין די קייטן פון קינסטלעך־געשאַפענע פאָראורטיילן און ער קאָן נישט פאַרטראָגן די געוואַלד פון נאַציאָנאַלער באַשרענקטקייט. דער איינצלנער מענטש מעג טאַקע פאַרבייגייענדיק אָדער אויף אַ לענגערער צייט אַריינגעפאַלן אין דער פאַרצוימונג פון אַ נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע, פּונקט ווי דער וויסנשאַפטסמאַן קאָן באַאיינפלוסט ווערן פון די באַקומענע פאָראורטיילן פון זיין קלאַס אָדער זיין שטאַנד, אָבער קיין שום מאַכט איז נישט בכוח אַרויפצולייגן אויף דער וויסנשאַפט ווי אַזעלכער אַ נאַציאָנאַלן חותם אָדער אַוועקצושטעלן דעם געדאַנקענגאַנג פון אַ פאָלק אויף די קינסטלעכע נאָרמען פון אַן אַזויגערופענער נאַציאָנאַלער אידעע. וואוהין אַזעלכע כוונות און פּרואוון דערפירן, ווייזן אונדז גאַנץ דייטלעך די היינטיקע צושטאַנדן אין דייטשלאַנד און אין איטאַליע. דער פאַקט גופא, וואָס די נאַציאָנאַל־געשטימטע אין יעדן לאַנד רעדן זיך איין, אַז זיי מוזן אַרויפצווינגען זייער אייגענע אידעאָלאָגיע אויף אַלע אַנדערע, אַפילו קעגן זייער ווילן, ווען דאָס איז נייטיק, דאָס אַליין איז דער סימן מובהק פונעם גייסטיקן באַנקראָט פון יעדן מין נאַציאָנאַליזם. ווייל וואָלט דאָס נאַציאָנאַלע געפיל פאַקטיש געווען אַ בפירוש־ממשותדיקע פּסיכישע דערשיינונג, וועלכע פאַרוואַנדלט זיך ביים מענטשן אין אַזאַ מין אינסטינקט, וואָלט דאָסדאָזיקע געפיל געווען לעבעדיק אין יעדן איינעם פון אונדז און עס וואָלט זיך דורכגעשלאָגן מיט אינסטינקטיווער נויט־

ווענדיקייט און מ׳וואָלט לגמרי נישט באַדאַרפט עס צו באַשאַפן קינסטלעך און לאָזן עס אַריינדרינגען בכיוון אינעם באַוואוסטזיין פונעם מענטשן.

פאַר אונדזערע אָפּשאַצונגען האָבן מיר בכיוון אַריינגענומען דאָס קאָפּערניקאַנישע וועלט־סיסטעם און די אַנטוויקלונגס־טעאָריע, ווייל דאָ אַנטפּלעקט זיך צום קלאָרסטן דער אוניווערסאַלער כאַראַקטער פונעם מענטשלעכן דענקען. אָבער עס וואָלט אויך גענוג געווען צו נעמען פאַר אַ ביישפּיל וועלכן ס׳איז ספּעציעלן צווייג פון דער וויסנשאַפט, אַ פילאָזאָפישע שיטה, אַ סאָציאַלע פאָלקס־באַוועגונג אָדער אַ גרויסע דערפינדונג, בכדי צו דערגיין צו דיזעלביקע רעזולטאַטן. יעדע וויסנשאַפט־לעכע איינזעעניש, יעדע פילאָזאָפישע באַטראַכטונג וועגן וועלט און מענטש, יעדע סאָציאַלע באַוועגונג, וועלכע קומט אַרויס פון די פאַרהעלטענישן פון דער צייט: יעדע פּראַקטישע פאַרוואַרטונג פון דערוואָרבענע קענטענישן אין טעכניק און אינ־דוסטריע, ווערט געשטיצט און פאַרמירט פון מענטשן פון אַלע פעלקער. מ׳קאָן דע־ריבער פונקט אַזוי נישט רעדן וועגן קיין נאַציאָנאַלער וויסנשאַפט ווי מ׳קאָן נישט רעדן וועגן אַ נאַציאָנאַלן וועלט־סיסטעם אָדער וועגן אַ נאַציאָנאַלער טעאָריע מכוח ערדציטערניש. די וויסנשאַפט ווי אַזעלכע האָט נישט קיין שום געמיינזאַמס מיט נאַציאָנאַלע שטרעבונגען, אדרבא, זי איז גיכער אין אָפענער און בולטער סתירה צו זיי, מחמת בעת זי געהערט בלי שום ספק צו די וויכטיקסטע פאַקטאָרן, וועלכע פאַראייניקט און פאַרבינדט די מענטשן צווישן זיך, איז יעדער נאַציאָנאַליזם אַן עלע־מענט, וועלכער פרעמדט זיי אָפּ און באַמיט זיך תמיד צו פאַרשווערן זייערע נאַ־טירלעכע באַציאונגען און זיי מאַכן פיינטלעך געשטימט צווישן זיך. נישט די נאַ־ציע איז עס יענע, וועלכע געשטאַלטיקט אונדזער אופן פון דענקען און מאַכט אונדז פעאיק און רעגט אונדז אָן צו נייע פּרואוון; ס׳איז דער קולטור־קרייז, צו וועלכן מיר געהערן, וועלכער צייטיקט אין אונדז אויס דאָס אינטעלעקטועלע און באַווירקט עס כסדר. קיין שום נאַציאָנאַלע איינגעשלאָסנקייט קאָן אונדז נישט אויסהיטן פון אָט־דעם איינפלוס; דאָס איינציקע, וואָס זי קאָן יאָ אויפטאָן, איז אונדז צו מאַכן קול־טורעל אָרעמער און צו פאַרקריפּלען אונדזערע פעאיקייטן, ווי מיר קאָנען דאָס היינט זען באַזונדערס אין דייטשלאַנד מיט אַ פּחדימדיקער לאָגישער קאָנסעקווענץ.

# X

# אַרכיטעקטור און נאַציאָנאַליטעט

קונסט און נאַציאָנאַליטעט. — קונסטווערק און וועלטאַנשויאונג. — דעם קינסטלערס פּערזענלעכקייט. — סטיל־נוסחאות און סאָציאַלע פאָרמען. — די אייגנוויליקייט ביים באַצייכענען דעם סטיל. — אַרכיטעקטור און געמיינשאַפט. — נוטבאַדערפטיקייט און עסטעטיק. — איינפלוס פונעם מאַטעריאַל אויפן סטיל. — די בריק צווישן מצרים און בבל. — פונעם גריכישן טעמפל ביז צום העלעניסטישן קונסט־נוסח. — פאַרבינדונג פון עטרוסקישע און גריכישע פאָרמען. — די געוועלביקע קאָנסטרוקציע. — איבערגאַנג צום קריסטלעכן קירכנסטיל. — צענטראַלע קאָנסטרוקציע און צעזאַריזם. — דער ביזאַנטישער סטיל. — פעלקער־וואַנדערונג און ראָמאַנישער סטיל אין קאָנסטרוקציע. — איבערגאַנג צו גאָטיק. — די גאָטיק ווי אַ געזעלשאַפטלעכע שאַפונג. — דער רענעסאַנץ. — די אויספאָרמירונג פון פאַרשידענע טיפּן זאַלן. — מיקעלאַנדזשעלאָ און דער איבערגאַנג צום באַראָק. — דער אַבסאָלוטיזם און די אויסגעשטאַלטיקונג פונעם באַראָק. — דער יעזואיטן־סטיל. — דעקאַדענץ פונעם אַלטן רעזשים און די קונסט פונעם ראָקאָקאָ. — די קאַפּיטאַליסטישע וועלט און דער כאַאָס בנוגע סטיל. — פאַבריק. — גרויסע קלייטן.

אָבער די קונסט? — וועט מען טענהן. צי רעדט נישט אין איר די באַזונדערע נשמה פון יעדן פאָלק? צי זענען דען די אונטערשיידן, וועלכע אַנטפּלעקן זיך אין דער קונסט פון די פאַרשידענע פעלקער, נישט קיין פּועל־יוצאס פון זייער נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט און טאַקע דורך איר גורם געוואָרן? צי לעבט נישט אין יעדן קונסטווערק אַ מין עפּעס, וועלכער קאָן באַנומען ווערן נאָר נאַציאָנאַל און וועלכן אַן אָפּשטאַמיקער פון אַן אַנדער פאָלק אָדער פרעמדער ראַסע וועט לגמרי נישט זיין אימשטאַנד תופס צו זיין, ווייל עס פעלט אים דערצו דער ספּעציעלער אָרגאַן צו דער פסיכישער פאַרשטענדעניש? דאָס זענען פראַגן, וועלכע מ׳באַגעגנט אָפט, ווען ס׳איז די רייד „וועגן איכות פון דער נאַציאָנאַלער קונסט“.

נו, לאָמיר זיך קודם־כל אויסמאָלן, ווי אַזוי עס ווערט באַשאַפן אַ קונסטווערק אומעטום, אָן אַ חילוק פון ראַסע און נאַציע. ווען מיר פאַרטיפן, אַ שטייגער, אונדזער בליק אין אַ לאַנדשאַפט, קאָן דאָס געזעענע ביי אונדז גורם זיין פאַרשידענע ווירקונגען. עס קאָן אונדז אָנרעגן אַרומצונעמען די זאַכן, וועלכע דאָס אויג זעט,

איינס ביי איינס, זיי אָפּצושיידן איינס פונעם אַנדערן, בכדי צו פאַרהאַלטן אין זיך זייערע באַזונדערע אייגנשאַפטן און צו דערגרונטעווען זיך צו זייערע באַציאונגען מיט דער אַרומיקער סביבה. מיט אַט־אַזאַ בפירוש ראַציאָנעלער געמיטשטימונג וועט מסתמא אַ נאַטור־פאָרשער לכתחילה צוטרעטן צו די זאַכן און דערביי קומען צו ריין־וויסנשאַפטלעכע באַטראַכטונגען, וועלכע ער היט־אויף אין זיין פסיכיק און באַאַר־בעט זיי. אָבער מיר קאָנען דיזעלביקע לאַנדשאַפט אויפנעמען אין זיך אויך ריין גע־פילסמעסיק, לאָזן ווירקן אין און אויף אונדז די פראַכט פון אירע פאַרבן, פון אירע וויבראַציעס און טענער, און זיך לגמרי נישט אָפּגעבן קיין חשבון וועגן דעם ספּעצי־פישן אופן פון איר מאַטעריעלער כאַראַקטעריסטיק. אין דעם פאַל פילן מיר דאָס געזעענע ריין־עסטעטיש, און ווען די נאַטור האָט אונדז באַשענקט מיט דער געהע־ריקער פעאיקייט צו רעפּראָדוצירן דאָס געזעענע, אַנטשטייט אַזוי אַרום אַ קונסט־ווערק. זיכער איז נישט תמיד אַזוי לייכט פונאַנדערצושיידן אַזוי גרינטלעך די איינ־דרוקן, וועלכע מיר באַקומען ביים זען, ווי דאָס איז דאָ געשילדערט געוואָרן, אָבער וואָס טיפער עס דרינגט אַריין דאָס ריין־געפילמעסיקע, די אַזויגערופענע שטימונג, אינעם קונסטווערק אַריין, אַלץ מער פאַרדינט עס דעמדאָזיקן נאָמען. טאַקע דער־פאַר איז דאָך די קונסט נישט קיין בלויז נאָכמאַכן די נאַטור. דער קינסטלער גיט נישט בלויז איבער דאָס געזעענע, ער באַהאַרצט עס אויך, בלאָזט אין אים אַריין יענץ געהיימע לעבן, וואָס איז ביכולת אַרויסצורופן, אויפצוואַוועקן יענע וואונדער־לעכע שטימונג, וועלכע איז אייגנטימלעך פאַרן קינסטלערישן געפיל. מיט איין וואָרט, דער קינסטלער „ווירקט זעלע אינס אַל" (גיט אַריין נשמה אינעם אוניווערז), ווי דעמעל האָט עס אַזוי טרעפלעך אויסגעדריקט.

אַז אַ קינסטלער קאָן שטעלן זיין קונסט אין דינסט פון אַ באַשטימטער וועלט־אַנשויאונג און אין איר זען זיך אויסלעבן, איז אַזאַ פאַר אַלעמען באַקאַנטער אמת, אַז מ'דאַרף נישט ברענגען קיין באַווייזן דערפאַר. ס'איז דאָ לחלוטין נישט וויכטיק, צי האָט אַט־די אַנשויאונג אַ רעליגיעזן, ריין עסטעטישן אָדער אַלגעמיין־סאָציאַלן כאַראַקטער. במילא קאָן אויך די „נאַציאָנאַלע אידעע" — נישט קיין נפקה־מינא, וואָס מ'קאָן אונטער דעם פאַרשטיין — אָנרעגן דעם קינסטלער און משפיע זיין זיין שאַפונג. אַ קונסטווערק, איז אָבער קיינמאָל נישט דער רעזולטאַט פון אַן איינ־געבוירענעם נאַציאָנאַלן געפיל, וועלכעס זאָל זיין פון מאָסגעבנדיקן באַדייט פאַר זיינע עסטעטישע קוואַליטעטן. אַנשויאונגען באַקומט דער מענטש פון דרויסן, אי־בערגענומענע. ווי אַזוי ער רעאַגירט אויף דעם איז אַן ענין פון זיין פּערזענלעכקייט, אַ פועל־יוצא פון זיין אינדיווידועלן אינערלעכן אופן, אָבער לחלוטין נישט די וויר־קונג פון אַ באַזונדערער נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט. די פּערזענלעכע אייגנאַרטי־קייט פונעם קינסטלער דריקט זיך אויס אינעם סטיל, וועלכער גיט יעדן איינעם פון זיינע ווערק אַ באַזונדערן שטריך, וועלכער אַנטפּלעקט זיך אין אַלץ, וואָס ער שאַפט.

אָבער אויך דער קינסטלער שטייט נישט מחוץ פון רוים און צייט; אויך ער איז נישט מער ווי אַ מענטש ווי דער מינדסטער פון די מענטשן פון זיין צייט. זיין „איך"

איז נישט קיין אַבסטראַקטע שאַפונג, נייערט אַ לעבעדיקער ממשותדיקער יש, אין וועלכן עס שפּיגלט זיך אָפּ יעדע זייט פון זיין געזעלשאַפטלעכער עקזיסטענץ און דריקט־אויס ווירקונג און קעגנווירקונג. אויך ער איז פאַרבונדן מיט טויזנט פאַרביג־דונגס־פעדים מיט די מענטשן פון זיין צייט, אין וועמעס פרייד און לייד ער נעמט אַ פּערזענלעכן אָנטייל און וועמעס שטרעבונגען, פאַרלאַנגען און האָפענונגען געפינען אויך אין זיין האַרץ אַן אָפּקלאַנג. ווי אַ געזעלשאַפטלעך וועזן איז ער אויך באַגאַבט מיטן זעלביקן בשותפותדיקייט־אינסטינקט; אין זיין פּערזאָן שפּיגלט זיך אָפּ די גאַנצע אַרומיקע סביבה, אין וועלכער ער לעבט און ווירקט און וועלכע געפינט אויך בעל־כרחו אַן אויסדרוק אין זיינע ווערק. ווי אַזוי אָט־דער אויסדרוק מאַניפעסטירט זיך, אויף וועלכן ספּעציעלן אופן דעם קינסטלערס נשמה רעאַגירט אויף די איינדרוקן, וועלכע ער באַקומט פון זיין סביבה, וועגן דעם אַנטשיידט סוף־כל־סוף זיין אייגן געפיל, זיין כאַראַקטעריסטישע נאַטור, זיין פּערזענלעכקייט, הייסט עס.

אינוויעווייט די קונסט איז בלויז די העכסטע דערשיינונגס־פאָרעם פון אַ קול־טור־ציבור, ווי ווייניק זי קאָן אָפּגעשאַצט ווערן ווי דער פּועל־יוצא פון אַ מכלומר־שטער ראַסן־געמיינשאַפט אָדער נאַציאָנאַלן געפילס־קאָמפּלעקס,— דאָס ווייזט אונדז די אַרכיטעקטור, וועמעס פאַרשידענע סטיל־נוסחאות זענען תמיד געווען געבונדן צו באַזונדערע תקופות, אָבער קיינמאָל נישט צו אַ באַשטימטער נאַציע אָדער ראַסע. ביי יעדן מאָל, ווען ס׳איז אינעם לעבן פון די איראָפּעאישע פעלקער פאָרגעקומען אַן איבערשיכטונג פון די געזעלשאַפטלעכע פאָרמען און פון זייערע גייסטיקע און מאַטע־ריעלע קאָנדיציעס, זענען אין דער קונסט בכלל און אין דער אַרכיטעקטור בפרט אויפגעקומען נייע סטיל־נוסחאות, וועלכע האָבן געגעבן אַן אויסדרוק די נייע שטרע־בונגען. אָט־די אומוואַנדלונגען אין דער קינסטלערישער שאַפונגס־תשוקה האָבן זיך קיינמאָל נישט באַשרענקט אויף אַ לאַנד אָדער אויף אַ נאַציע, פּונקט אַזוי ווי עס האָבן זיך אויך נישט באַשרענקט די סאָציאַלע פאַרענדערונגען, פון וועלכע זיי זענען אַרויסגעקומען. אַדרבא, זיי האָבן זיך אויסגעשפּרייט אויפן גאַנצן איראָפּעאישן קול־טור־קרייז, צו וועלכן מיר געהערן און פון וועמעס טראַכט זיי זענען אַרויסגעקומען. אַנטיק, גאָטיק, רענעסאַנץ — בכדי דאָ צו דערמאָנען בלויז די באַקאַנטסטע סטיל־נוסחאות — האָבן נישט בלויז פאַרקערפּערט באַזונדערע ריכטונגען אין דער קונסט; זיי דאַרפן אויך אָפּגעשאַצט ווערן ווי די אויסדרוקס־פאָרמען פון דער געזעלשאַפט־לעכער געשטאַלטיקונג און פון דער גייסטיקער מדרגה פון באַשטימטע תקופות.

וואָס קלאָרער דער דענקענדיקער מענטש האָט דערקענט דעם תהום, וועלכער האָט זיך געעפנט צווישן דער אַנטיקער וועלט מיט אירע קלאַסישע קונסט־פאָרמען, און דער שפּעטער אויפגעקומענער קריסטלעכער וועלט מיט דער איר אייגנטימלע־כער שאַפונגס־תשוקה, אַלץ מער האָט עס אים געלאָקט נאָכצוזוכן די עסטעטישע סיבות פון אָט־דעם קאָנטראַסט. און געשען איז דאָס דורך מאַכן פאַרגלייכן צווישן די קונסט־שאַפונגען פון ביידע עפּאָכעס; האָט דאָך די אויפסנייאיקע אַנטדעקונג פון דער אַנטיקער וועלט אוממיטלבאַר אָנגערעגט צו מאַכן פאַרגלייכן. מ׳האָט זיך אָבער

כמעט נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון וועגן די טיפערע אַנטוויקלונגס־פּראָצעסן, וועלכע זענען געלעגן אין יסוד פון די ביידע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס און זייערע גייסטיקע מאַניפעסטירונגען. אַזעלכע פאַרגלייכן פירן תמיד צו באַשטימטע ווערט־אָפּשאַצונגען און שאַפן געוויסע גרענעצן, וועלכע דאַרפן דינען ווי קאָנקרעטע סימ־באָלן פאַרן אַבסטראַקטן דענקען. אָבער מאַכן אַ ווערט־אָפּשאַצונג וויל דאָך תמיד אויסדריקן עפּעס אַ תכליתדיקן באַגריף. ווייל ווען מ׳מאַכט פאַרגלייכן צווישן פאַר־שידענע סטיל־נוסחאות, זאָגט מען זיך אַרויס וועגן זיי בהסכם מיטן גראַד, אויף וויפל אַ געוויסער סטיל־נוסח פּאַסט זיך יאָ אָדער נישט אַריין אין געוויסע פּאָרויסי־קע הנחות. אויף דעם אופן זענען לעסינג, געטע, שילער, ווינקעלמאַן און זייער גרוי־סע צאָל נאָכגייער דערגאַנגען צו זייערע קונסט־טעאָרעטישע ׳מסקנות. מ׳האָט אין דער קונסט געזוכט רק דעם צוועק פאָרצושטעלן דאָס שיינע און היות דער שיינהייטס־אידעאַל פון די גריכן האָט זיך פאַר אונדזערע קלאַסיקער אויסגעוויזן ווי דער פול־קאָמסטער, האָט דאָס פאַר זיי באַקומען אַן אַבסאָלוטן באַדייט; און געמאָסטן מיט אָט־דער מאָס דאָס סתם שיינע, האָט יעדער אַנדערער סטיל־נוסח זיך זיי געמוזט אויסווייזן רוי און אומפּולקאָם. אַזוי אַרום, זוכנדיק די שפּורן פון דער אַנטיקער וועלט, איז מען דערגאַנגען צו געוויסע ווערטפולע אַנטדעקונגען, אָבער דער תוך פון דער פראַגע איז געבליבן אומבאַרירט.

דער באַגריף מכוח דעם שיינעם איז אַ שטאַרק דיסקוטירטער באַגריף, וועלכער האָט אַ ספּעציעלע וויכטיקייט נישט נאָר פאַר פעלקער פון פאַרשידענע ראַיאָנען און קולטור־קרייזן, נאָר אַפילו דער שיינהייטס־אידעאַל פונעם זעלביקן פאָלק אָדער פון דעמזעלביקן קולטור־ציבור — אויב מ׳קאָן בכלל רעדן וועגן אַזאַ — איז כסדר אויס־געשטעלט צו פאַרשידענע וואַקלענישן. דאָס, וואָס ווייזט זיך עמעצן אויס היינט ווי אַ העסלעכער שיגעון, שווימט מאָרגן אַרויף ווי אַ נייער שיינהייטס־באַגריף און דער־אָבערט זיך עקזיסטענץ־רעכט. האַלטן מיר זיך דעריבער ביי דער מיינונג, אַז אין דער קונסט איז לגמרי נישטאָ קיין שום באַשטימטער ציל, עס זענען בלויז דאָ וועגן, אויף וועלכע די שאַפונגס־תשוקה פונעם מענטשן געפינט אַן אויסדרוק. צו דערגיין, אין וועלכע פאָרמען אָט־די תשוקה אַנטפּלעקט זיך, איז אַפילו אַ פאַרלאָקנדיקע אויפ־גאַבע, אָבער נישט מער ווי דאָס. פאַרן מכלומרשטן צוועק פון דער קונסט זענען נישט פאַראַן קיין אָנהאַלטס־פּונקטן, מחמת אויך אויף אָט־דעם שטח האָט דער צוועק תמיד בלויז אַ רעלאַטיוון, אָבער קיינמאָל נישט קיין אַבסאָלוטן באַדייט. דעמדאָזיקן געדאַנק האָט שעפלער זייער שיין אויסגעדריקט מיט אָט־די ווערטער:

„פּונקט ווי קיין שום בשר ודם האָט נישט דעם גאַנצן אמת, ווייל דער אמת איז גיכער פונאַנדערגעטיילט צווישן אַלעמען, אַזוי איז אויך די קונסט גענומען ווי אַ גאַנצע קיינמאָל נישט אין רשות פון איין פאָלק אָדער פון איין באַשטימטער עפּאָכע. אַלע סטילן צוזאַמען זענען ערשט קונסט"*).

*) Karl Schefler, Der Geist der Gotik, S. 14. Leipzig, 1921.

פונקט ווי אין דער נאַטור־וויסנשאַפט איז די אַזויגערופענע קאַטאַסטראָפעס־טעאָריע שוין לאַנג פאַרוואָרפן געוואָרן, אַזוי פאַסירט אויך דאָס נעמלעכע אין דער געשיכטע פון דער קונסט. קיין שום סטיל־נוסח איז נישט אויפגעקומען פלוצלינג, פון זיך אַליין און אָן באַרירונגס־פונקטן מיט פריערדיקע סטיל־נוסחאות. יעדער קונסט־היסטאָריקער איז היינט לייכט ביכולת פאַרצושטעלן אָנשוילעך, ווי אַזוי איין סטיל־נוסח האָט זיך ביסלעכווייז אַרויסגעשיילט פון אַנדערע, און דאָס דווקא אויפן זעלביקן שטייגער ווי די פאַרשידענע פאָרמען פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. דאָס איז אָבער יעדנפאַלס נישט קיין מניעה, אַז די חלוקי־דעות וועגן די פאַרשידענע סטיל־נוסחאות זאָלן אָפט אָננעמען שאַרפע פאָרמען. אַזוי האָט מען זיך לעצטנס באַנייס צוגעוואוינט אַרויסצושטעלן דעם גאָטישן סטיל ווי דעם טרעגער פונעם „גערמאַנישן גייסט״ און אויסצושפּילן זיין באַזונדערע שיינקייט קעגן דער קונסט פון דער אַנטיקער וועלט און פונעם רענעסאַנץ. און אינדעראמתן, ווען מ׳פאַרגלייכט אַ גריכישן טעמפּל מיט אַ גאָטישן דאָם, שטעלט זיך באַלד אַרויס אַ בפירוש גע־וואַלטיקער אונטערשייד צווישן ביידע. ס׳איז אָבער אַ מאָנסטערהאַפטיקייט צו שליסן פון דעם, אַז אָט־דער קאָנטראַסט אינעם סטיל־נוסח האָט אַ שייכות מיט ראַ־סע אָדער נאַציאָנאַליטעט. וואָלט די גאָטיק באמת געווען דער פּועל־יוצא פון באַ־שטימטע ראַסן־אייגנשאַפטן אָדער פון אַ באַזונדערער נאַציאָנאַלער שאַפונגס־תשוקה, טאָ וואָלט דאָך געווען שווער צו באַגרייפן, פאַרוואָס אַזעלכע מענער ווי לעסינג, געטע, שילער, ווינקעלמאַן א. אַנד., וועלכע מ׳האַלט דאָך פאַר די מפורסמדיקסטע רעפּרעזענטאַנטן פון דייטשן מין, האָבן זיך אַרויסגעשטעלט ווי אומקאָנדיציאָנעלע אָנהענגער פון דער קלאַסישער קונסט פון דער אַלטער וועלט. געטע, וועלכער איז דאָך אין זיינע יונגע יאָרן שטאַרק צוגעצויגן געוואָרן צו דער גאָטיק, ווי דאָס קומט צום אויסדרוק אין זיינע מיינונגען וועגן דער שטראַסבורגער קאַטעדראַל, האָט שפּעטער אַלץ אַנטשלאָסענער אָנגענומען דעם שיינהייטס־אידעאַל פון דער אַנטיקער וועלט און לגמרי נישט פאַרהוילן זיין גרינגשעצונג צו אַלץ גאָטישע. קאָן אונדז דען דאָס נישט דינען ווי אַ ראיה, אַז אַלע טעאָריעס, וועלכע ווילן דווקא, אַז דאָס געפיל פאַר קונסט בכלל און די שעפערישע אַקטיוויטעט פונעם קינסטלער בפרט זאָלן אָפּגעשאַצט ווערן רק ווי אויסדרוקן פון דער ראַסע אָדער פונעם נאַציאָנאַלן געניוס, זענען זיך סומך אויף פּוסטע איינרעדענישן, וועלכע האָבן נישט קיין שום שייכות מיט דער ווירק־לעכקייט פונעם לעבן?

דער ענין מיט קונסט־ און סטיל־טעאָריעס איז בכלל אַן אייגנאַרטיקער. זיי האָ־בן די בכורה, אַז זיי פירן אַריין קלאָרער אין אונדזער באַוואוסטזיין די באַשטימטע אונטערשיידן פונעם קינסטלערישן שאַפן, אָבער זייער שוואַכע זייט ליגט אין דעם, אַז אַלע גייען זיי אַרויס פון הנחות, וועלכע זענען אין איינקלאַנג מיטן אייגנוויליקן באַנעם פון זייערע באַגרינדער. דערמיט, וואָס מ׳זוכט אַרויסצושטעלן די בילכערקייט פון אַ באַשטימטן סטיל־נוסח לגבי די אַנדערע, אַנטשטייען נישט זעלטן קעגנזאַצן פון ריין־אַבסטראַקטן כאַראַקטער, וועלכע דערפילן מסתמא די כוונה אַרויסצושטעלן

געוויסע פּרטים, אָבער קומען זייער ווייניק אין באַטראַכט פאַר דער אויפקלערונג פונעם אייגנטלעכן פּראָבלעם. אַפילו די באַצייכענונגען, מיט וועלכע מ׳האָט באַשאַנ־קען די פאַרשידענע סטיל־נוסחאות, זענען אין רוב פאַלן צוגעקליבן גאַנץ אייגנוויליק און נאָר זעלטן־ווען זענען זיי בהסכם מיט דער קלאָר־דעפינירטער פאַרשטעלונג. אַזוי, אַ שטייגער, איז דאָס וואָרט „רענעסאַנץ״ לחלוטין נישט בהסכם מיטן באַגריף, וואָס מיר פאַרבינדן היינט דערמיט; מחמת די קולטור פון יענער עפּאָכע שטעלט מיט זיך פאַר פיל מער ווי דער באַנייאיקער אויפלעב פון דער אַנטיקער וועלט. דאָס איז גע־ווען אַ פולשטענדיקער איבערקער פון אַלע איבערגענומענע באַגריפן און געזעלשאַפט־לעכע פאַרשטעלונגען, וועלכע האָבן זיך נאַטירלעך אויסגעדריקט אין דער קונסט. אויפן אָרט פון דער מיטלאַלטערלעכער געזעלשאַפט מיט אירע אָן אַ שיער רעליגיעזע און סאָציאַלע התחייבותן, מיט איר מיסטיק און איר תשוקה צו יענער וועלט, איז גע־קומען אַ נייע אָרדענונג פון די זאַכן, וועלכע איז שטאַרק באַגינציקט געוואָרן דורך דער ראַשער אומגעשטאַלטונג פון אַלע עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן. דער רענעסאַנץ איז, בכן, לחלוטין נישט געווען קיין איבערחזרונג פון אַנטיקע לעבנס־פאָרמען, נייערט אַ מעכטיקער אַרויספּראַל פון נייע אימפּולסן אויף אַלע געביטן פונעם לעבן. און ער האָט שוין דערפאַר נישט געקאָנט זיין קיין איבערחזרונג פונעם אַלטפאַרצייי־טיקן, ווייל ער האָט נישט געקאָנט אייגנוויליק באַזייטיקן אַנדערטהאַלבן טויזנט־יעריקע טראַדיציעס פונעם קריסטנטום און ווייל אין זיין אַנטוויקלונג איז ער צו זיי געווען באַהעפט.

און נאָך אייגנוויליקער איז די באַצייכענונג „גאָטיק״ פאַר דער קונסט פון דער קריסטלעכער תקופה, אַ נאָמען, וועלכער האָט, כידוע, נישט די מינדסטע שייכות מיטן פאָלק, וועלכעס מ׳האָט אָנגערופן גאָטן. וואָסארי, פון וועמען מיר האָבן אי־בערגענומען אָט־די באַצייכענונג, האָט דערמיט בלויז געוואָלט פאַרשטעלן די קעג־נערישקייט צו דער קונסט פונעם רענעסאַנץ, און זיינע שאַרפע אָנפאַלן קעגן די יסו־דות פון דער גאָטיק ווייזן קלאָר, אַז ער האָט געוואָלט מיט אָט־דעם אויסדרוק פאַר־אייניקן דעם באַגריף פונעם רויען, פּראָסטן און באַרבאַרישן. נישט בעסער איז דער ענין מיט די אויסדרוקן „באַראָק״ און „ראָקאָקאָ״, וועגן וועמעס לכתחילהדיקן באַ־דייט מ׳איז נאָך נישט היינט שווה־בשווה צווישן זיך. ערשט שפּעטער האָבן אָט־די אַלע ווערטער באַקומען אַ מער אָדער ווייניקער באַשטימטן זין, וועלכער איז כמעט שטענדיק געווען וועזנטלעך ווייט פונעם אורשפּרינגלעכן באַדייט. אָבער אַזוי צי אַזוי, די גרויסע מערהייט פון די מאָדערנע סטיל־פּסיכאָלאָגן איז שוין לאַנג געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אַ באַשטימטער סטיל־נוסח איז נישט צוגעבונדן צו קיין שום נאַציע. שעפלער, וועלכער שטייט אויפן שטאַנדפּונקט, אַז „דער גאָטישער גייסט שאַפט אין אַלע זיינע מדרגות די פאָרמען פון אומרו און ליידן, בעת דער גריכישער גייסט שאַפט די פאָרמען פון רו און גליק״, איז מיט דער מיינונג, אַז ביידע סטיל־נוסחאות, דער גריכישער און דער גאָטישער, האָבן זיך באַוויזן ביי אַלע פעלקער אין די פאַרשידנסטע צייטן. אין דעם זין האָט ער קוואַליפיצירט דעם באַגריף גאָטיק ווי

פּרעהיסטאָרישס און עגיפּטישס, אינדישס און באַראָקס, אַנטיקס און מאָדערנס, וויַיטס און נאָנטס. מיר קאָנען שעפּלערס אַלגעמיינע מסקנות נישט אָננעמען, מחמת זיי הינקען פּונקט אַזוי אונטער ווי אַלע אַנדערע סטיל־טעאָריעס: זיי ליַידן פון דער אייגנווילליקייט פון אומבאַוויזענע און אומבאַוויַיזבאַרע פאָרויסיקע השערות. זיַין פאָרמולירונג, אַז דער גריכישער סטיל דאַרף באַטראַכט ווערן ווי דער וויַיבלעכער, בעת דער גאָטישער אָבער ווי דער מענלעכער עלעמענט אין דער קונסט, איז אין בעסטן פאַל אַ חריפותדיקער צונויפשטעל פון אידעען. אין איין פּונקט אָבער איז שעפּלער בפירוש גערעכט: די פאָרשטעלונג, וועלכע מיר פאַרבינדן געוויינלעך מיטן באַגריף מכוח גאָטיק, איז נישט באַגרענעצט בלויז אויף דער קריסטלעכער תקופה, הגם זי האָט אפשר דעמאָלט געפונען איר פולשטענדיקסטן אויסדרוק. ס׳איז בלי שום ספק, אַז אין דער קונסט פון די אַלטע עגיפּטער און אַשורער איז פאַראַן אַ סך גאָטישס. אויך אייניקע אינדישע טעמפּל־בנינים גיבן אונדז איבער דעם איינדרוק פון דעמאָנישן סענטימענט, פון דער אומבאַגרענעצטער עשירות אין פאָרמען און פון געוואַלטיקן רייסן זיך אויף אַרויף, וועלכע זענען אייגנטימלעך דער גאָטיק. פּונקט אַזוי קאָן מען באַמערקן אַן ענלעכן שטריך ביי געוויסע מאָדערנע פאַבריק־בנינים און לאַגערן פון סחורות אָדער גרויסע קלייטן, אַזוי אַז ס׳קומט כמעט אויס צו רעדן וועגן אַ גאָטישן סטיל פון דער אינדוסטריע.

אַגב האָט ניטשע אַנטוויקלט אַן ענלעכן געדאַנק, ווען ער האָט זיך פאַרמאָסטן אויסצוגעפינען אין דער גריכישער קונסט גופא צוויי פאַרשידענע שטרעמונגען, וועלכע חזרן זיך איבער אין אַזאַ אָדער אַנדערער פאָרעם אין אַלע פעריאָדן. איינע פון זיי — ניטשע רופט זי אָן „אַ פּ אָ ל י נ י ש", — וויַיזט זיך אים אויס ווי דער אויסדרוק פון ריין־שעפערישע כוחות, וועלכע זענען באַשטראַלט מיט דער „קדושה פונעם שיינעם שיין" און וועלכע ווירקן אויף אונדז ווי אַ חלום דורך זייער מעסיקער באַגרענעצונג און פילאָזאָפישער שלווה. די אַנדערע שטרעמונג, וועלכע ער באַצייכנט ווי „ד י אָ נ י ז י ש", איז אַרומגערינגלט מיט טויזנט מיסטעריעס און טונקעלע פאָרגעפילן, וועלכע איז ענלעך צו שיכרות, ביי וועמעס אויפשטייג „דאָס סוביעקטיווע פאַרשווינדט אין פולשטענדיקער זעלבסטפאַרגעסנהייט". ניטשע באַמערקט אָט־דעם שטריך נישט בלויז אין דער גריכישער קולטור. „אויך אין דיַיטשן מיטלאַלטער האָבן כסדר גרעסער ווערנדיקע מחנות אַרומגעשלענדערט זינגענדיק און טאַנצנדיק פון אָרט צו אָרט אונטער דערזעלביקער ווירקונג פון דער דיאָנישער מאַכט; אין אָט־די סען־יאָהאַן־ און סען־וויטאָס־טענץ דערקענען מיר ווידער די באַקכישע כאָרן פון די גריכן מיט זייער פאָרגעשיכטע אין קליינאַזיע ביז צו בבל און די אָרגיאַסטישע סאַקעען". ניטשע האָט פאָרמולירט דעמדאָזיקן קאָנטראַסט אין אָט־די פּרעכטיקע ווערטער:

„מיר האָבן ביז איצט באַטראַכט דאָס אַפּאָלינישע און זיַין קאָנטראַסט, דאָס דיאָניזישע, ווי די קינסטלערישע כוחות, וועלכע רייסן זיך אַרויס פון דער נאַטור גופא, אָן דער פאַרמיטלונג פונעם מענטשלעכן קינסטלער, און אין

> וועלכע עס ווערן קודם־כל באַפרידיקט אירע קונסט־באַגערן אויף אַ דירעקטן אופן: צומאָלס ווי די דמיונדיקע וועלט פונעם חלום, וועמעס פּאָלקומענהייט האָט נישט קיין שום שייכות מיט דער אינטעלעקטועלער הויך פון דער קינסט־לערישער אויסבילדונג פונעם יחיד, און פון דער אַנדערער זייט ווי די שיכרות־דיקע ווירקלעכקייט, וועלכע נעמט ווידער נישט אין באַטראַכט דעם אינדיווידי, נייערט איז זיך אַפילו מכוון אים צו פאַרטיליקן און אים אויסלייזן דורך אַ מיסטישן איינהייטס־געפיל"*).

ס׳איז, אין תוך, נישט קיין גרויסע נפקה־מינא, צי ווילן מיר זיך ווייטער באַנוצן מיט די אַלטע באַגריפן פונעם „קלאַסישן" און „ראָמאַנטישן" אָדער צי אַנשטאָט זיי האָבן מיר ליבער צו באַצייכענען יענע מצד אַלעמען געפילטע פּאָלאַריטעט פון די סטיל־נוסחאות ווי „רעאַליסטיש" און „אידעאַליסטיש" אָדער ווי „אימפּרעסיאָניסטיש" און „עקספּרעסיאָניסטיש", אָדער צי מיר גיבן די בכורה וואָררינגערס אויסדרוק־אופן, וועלכער רעדט וועגן דער „קונסט פון אַבסטראַקציע" פונעם צפון און איר היפוך — דער „קונסט פון אינטואיציע" פון די גריכן, אָדער צי מיר זענען גאָר איינשטימיק מיט ניטשען וועגן אַן אַפּאָלינישן און דיאָניזישן געפילס־אויסדרוק. דאָס אָבער, וואָס ניטשע האָט זייער גוט איינגעזען, איז דער פאַקט, אַז יענער שטאַרק דיסקוטירטער קאָנטראַסט, וועלכן ער האָט זיך מכוון געווען איינצושליסן אין די באַגריפן פונעם אַפּאָלינישן און דיאָניזישן, איז לחלוטין נישט קיין פּראָבלעם צווישן צפון און דרום אָדער אַז עס דאַרף גאָר באַנומען ווערן ווי אַ סתירה צווישן ראַסן און נאַציעס, נייערט, אַז עס דאַרף פיל גיכער אָפּגעשאַצט ווערן ווי אַן אינערלעכער דואַליזם פון דער מענטשלעכער נאַטור בכלל, אַ דואַליזם, וועלכן מ׳געפינט שטענדיק ביי אַלע פעלקער און מענטשלעכע גרופּירונגען.

קודם־כל מוז מען זיין געוואָרנט, נישט צו פאַראַלגעמיינערן איינצלנע דערשיינונגען אין דער געשיכטע פון אַ פאָלק אָדער פון אַ תקופה און אויף דעם סמך אויסבויען דעם גאַנצן בנין פונעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער. די גריכן זענען דאָך זיכער געווען אַ פאָלק פול מיט לעבנס־פרייד, ס׳וואָלט אָבער געווען זינלאָז אָנצונעמען, אַז ס׳איז פאַר זיי געווען פאַרהוילן די אינערלעכע טראַגיק פונעם לעבן, אַז דער גריכישער מענטש זאָל לחלוטין גאָרנישט געווען האָבן געוואוסט וועגן פּסיכישע יסורים און פיינפולע געמיט־צעטרייסלונגען. פּונקט אַזוי פאַלש און טעותדיק איז עס, ווען געוויסע קולטור־פּסיכאָלאָגן און סטיל־טעאָרעטיקער שטעלן פאַר אונדז פאַר דעם מיטלאַלטער ווי אַ צייט פון נשמהדיקע יסורים און טייוולאָנישע אימפּולסן, ווען דער מענטש איז רק געווען פאַרנומען מיטן פחד פאַרן טויט און מיטן טרויעריקן פּראָבלעם מכוח דעם שכר ועונש אויף יענער וועלט, במילא, אַז ער איז נישט געווען מסוגל צו זען און אָפּצושאַצן די פריילעכע און פרידלעכע זייטן פונעם לעבן. אויך דער מיטלאַלטער האָט געוואוסט, וואָס דאָס איז אַזוינס פרייד פונעם לעבן, געהאַט זיינע פריילעכע יום־טובים, זיינע ממשותדיק־ערדישע תאוות, וועלכע ווייזן זיך אויך גאַנץ אָפט אַרויס אין זיין קונסט. ס׳איז גענוג זיך צו דערמאָנען אין די אולטראַרעאַ־

*) ניטשעס ווערק, באַנד 1 „די געבורט דער טראַגעדיע".

ליסטישע סקולפּטורן פון אַ סך קירכלעכע און וועלטלעכע בנינים פון יענער צייט, וועלכע זענען אויטענטישע עדות פאַר דעם. יעדע צייט האָט געהאַט איר קאַשמאַר־שגעון, אירע גייסטיקע מגיפות, איר סען־יאָהאַן־ און סען־וויטאָ־טענץ, די קריסטלעכע תקופה איז נישט קיין יוצא מן הכלל. מיר זענען אָבער אָפּט אַזוי שטאַרק באַשעפּטיקט מיט די קאַשמאַרדיקע דערשיינונגען פון די אַנדערע, אַז מיר כאַפּן זיך זעלטן־ווען אָדער לגמרי נישט וועגן אונדזערע אייגענע שטיק, וואָס מיר פּראַווען. און פונדעסטוועגן גיט אונדז דווקא אונדזער צייט אַ גוטע אַנשויאונגס־לעקציע, וועלכע קאָן נישט אַזוי לייכט אויסגעטייטשט ווערן פאַלש.

צער און פרייד זענען קולמינאַציע־פּונקטן פונעם מענטשלעכן געפיל, וועלכע מ׳קאָן באַמערקן אין אַלע צייטן, אונטער יעדן הימל; דאָס זענען די צוויי פּאָלן, אַרום וועלכן עס דרייט זיך אונדזער לעבן און וועלכע לייגן אַרויף, אַמאָל דאָס און אַמאָל יענץ, זייער חותם אויף אונדזער פיזישער עקזיסטענץ. פּונקט אַזוי ווי דער איינצלנער מענטש קאָן נישט תמיד און כסדר זיך האַלטן אין אַ מצב פון טיפסטן עגמת־נפש און התלהבותדיקער גליקזעליקייט, פּונקט אַזוי און נאָך ווייניקער קאָן לעבן אין אַזאַ מצב אַ גאַנץ פאָלק, אַ גאַנצע תקופה. דער גרעסטער טייל פונעם מענטשנס לעבן באַוועגט זיך צווישן צער און פרייד. צער און גליקזעליקייט זענען געגליכן צו אַ צווילינג, וועלכע זענען באַהעפט מיטאַנאַנדער, נישט געקוקט אויף אַלע קעגנזאַצן צווישן זיי, אַזוי, אַז מיר קאָנען זיך נישט פאָרשטעלן איינס אָן דאָס אַנדערע. דאָס איז אויך חל אויפן שעפערישן אויסדרוק פון ביידע עמאָציעס אין דער קונסט. פּונקט ווי יעדער מענטש איז עמפּינדלעך צום סענטימענט פון חדווה און צער, אַזוי געפינען מיר אויך אין דער קונסט פון יעדן פאָלק די באַטייליקונג פון ביידע געפילס־קאָמפּלעקסן, וועלכע בייטן זיך איינס דאָס אַנדערע איבער און דערגענצן זיך. ביידע, צוזאַמען מיט זייערע טויזנטער און טויזנטער שאַטירונגען, מאָדולירונגען און וואַנדלונגען, גיבן אונדז ערשט איבער דעם באַגריף פון דער קונסט ווי אַ גאַנצקייט. דאָס האָט אויך שעפּלער איינגעזען, ווען ער האָט אויסגעפירט:

„פאַר דער קונסט־וויסנשאַפט באַשטייט דאָס אידעאַל אינעם דערנענטערן זיך צו יענעם אימאַזשינערן פּונקט מחוץ פונעם ערדישן געוועלט, וועגן וועלכן אַרכימעדעס האָט געחלומט. פאַר איר דאַרף נישט עקזיסטירן נישט קיין איינזעענישן, נישט קיין גרענעצן; דאָס לעבן, די קונסט מוז פאַר איר ווערן איין אומגעהייער־גרויסע גאַנצקייט און יעדעם שטיק קונסט־געשיכטע מוז זיין ווי אַן אויסגעשניטענער טייל פון אַן אוניווערסאַלער געשיכטע פון קונסט. אויך דער פּאַטריאָטישער שטאַנדפּונקט האָט נישט קיין ווערט. דער נס, ווי אַזוי אַלע ראַסן, פעלקער און יחידים זענען באַטייליקט אינעם אייביקן לעבן פון דער קונסט־פאָרעם, איז צו גרויס, אַז ער זאָל מעגן איינגעצוימט ווערן אין די ענגע גרענעצן פון אַ נאַציאָנאַליזם. מוז אָבער, אַזוי אַרום, דער נאַציאָנאַלער שטאַנדפּונקט פאַרוואָרפן ווערן, טאָר זיך, הייסט עס, דער וויסנשאַפטלעך־צוגייענדיקער אַפילו נישט באַטייליקן אינעם אינסטינקטיוון ווילן פון זיין נאַציע, א פשיטה שוין, אַז ער דאַרף דאָ אַוודאַי נישט פאָלגן זיין קליינעם פערזענלעכן ווילן, דעם אינסטינקט פון זיין נאַטור, און אים פאַרוואַנדלען אין לויטן אויסזען זאַכלעכע אַרגומענטן״.

כל־זמן אונדזערע קענטענישן האָבן זיך באַגרענעצט אויף די סטיל־נוסחאות פון די אייראָפּעאישע פעלקער און זייערע נאָנטע קרובים, איז געווען פאַרהעלטניש־מעסיק לייכט אַרומצונעמען די שיינע קונסטן און בפרט די אַרכיטעקטור ווי איין גאַנצקייט און צו מאַכן באַשטימטע איינטיילונגען. אָבער מיט דער אויסברייטערונג פון אונדזערע קענטענישן, האָט זיך אַ סך געביטן. ס׳איז לעת־עתה נאָך נישט מעג־לעך פעסטצושטעלן אויף זיכער די אינערלעכע שייכותן פון די פאַרשידענע סטיל־נוסחאות אין דער אַרכיטעקטור פון די אַלטע פעלקער, בפרט, ווען זיי באַלאַנגען נישט צום אייראָפּעאישן קולטור־קרייז, הגם ס׳זענען אין דעם פּרט שוין דערגרייכט געוואָרן אייניקע וויכטיקע רעזולטאַטן. אַ גרויסע צאָל צווישנגלידער פונעם טעקטאָ־נישן שאַפן, וועלכע האָבן אַמאָל זיכער עקזיסטירט, זענען אין משך פון די יאָרטוי־זנטער שפּורלאָז פאַרשוואונדן געוואָרן, ווייל דער מאַטעריאַל פון דער צייט איז נישט געווען געצנוג שטאַנדהאַפטיק אויסצוהאַלטן אָדער ווייל אַנדערע מינים איינפלוסן האָבן באַאינציקט דעם צעשטערונגס־פּראָצעס. יעדנפאַלס האָט מען זיך אין דער ווי־סנשאַפט ביסלעכווייז צוגעוואוינט צום פאַקט נישט צו רעדן סתם וועגן אַן עגיפּטי־שער, אַסירישער אָדער פּערסישער קונסט, הגם דאָס פּאַסירט נאָך גאַנץ אָפט אינעם טאָגטעגלעכן לעבן און אינעם שול־לימוד. ביים טיפערן אַריינדרינגען אין דער גע־שיכטע פון גריכנלאַנד, איז באַלד אויפגעקומען דער רעיון, אַז אויך די אַנטיקע וועלט האָט געהאַט איר אַלטערטום, איר מיטלאַלטער, איר נייערע און גאָר נייסטע צייט, וואָס דאָס האָט זיך טאַקע געלייגט לייכט אויפן שכל באַזונדערס דורך דער אַנטוויק־לונג פון דער אַרכיטעקטור פון דער ערב־האַמערישער תקופה ביז צום אויפקום און צוזאַמענבראָך פונעם אַזויגערופענעם העלעניזם. דער סטיל איז עס, אין וועלכן דער קולטור־אינהאַלט פון אַן עפּאָכע שטעלט זיך צום בעסטן אַרויס, מחמת ער שפּיגלט־אָפּ אויף אַ געווויסן אויפן דעם תמצית פון אַלע געזעלשאַפטלעכע שטרעבונגען פון אַ צייט. אָבער ראשית־כל ווייזט זיך אויך דאָ אַרויס דער באַפרוכפּערנדיקער איינפלוס, וועלכער קומט פון דרויסן און רעגט אָפט אָן צו דער שאַפונג פון נייע סטיל־נוס־חאות. אָט־די קעגנזייטיקע באַפרוכפּערונג ציט זיך ווי אַ רויטער פאָדים דורך דער געשיכטע פון אַלע פעלקער און איז בכלל איינס פון די עיקרדיקע געזעצן פון דער קולטורעלער אַנטוויקלונג.

אין דער אַרכיטעקטור לאָזט זיך דאָס באַמערקן בעסער ווי אויף יעדן אַנדערן געביט פון דער קונסט, מחמת זי איז דאָך אייגנטלעך די סאָציאַלסטע פון אַלע קונס־טן, אין וועלכער עס דריקט זיך שטענדיק אויס דער ווילן פון אַ ציבור. אין דער אַר־כיטעקטור איז דאָס צוועקמעסיקע מיטן אַרטיסטישן צום ענגסטן צונויפגעגאָסן. נישט דער קאַפּריז פונעם קינסטלער איז עס געווען, וועלכער האָט געשאַפן אַ פּי־ראַמידע, אַ גריכישן טעמפּל, אַ גאָטישן דאָם, ס׳איז געווען אַן אַלגעמיין־געפילטע אמונה, אַ בשותפותדיקע אידעע, וועלכע האָט געלאָזט אויפקומען יענע ווערק דורכן קינסטלערס האַנט. דער קולט צו די טויטע פון די עגיפּטער איז עס געווען, וועלכער האָט געשטויסן צו דער אויפריכטונג פון די אַזויגערופענע „מוסטאַבאַס" און פון

די פּיראַמידן. איז דאָך די פּיראַמידע נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ גיגאַנטישער מצבה־דענקמאָל, וועמעס אויסערלעכע פאָרעם גיט גלייכצייטיק איבער דעם געזעלשאַפט־לעכן כאַראַקטער פון אַ באַשטימטער עפּאָכע. פּונקט ווי דער לופטיקער טעמפּל פון די גריכן האָט געקאָנט אַנטשטייִן נאָר ביי אַ פאָלק, וועלכעס האָט זיך שטענדיק באַוועגט אונטערן פרייען הימל און זיך נישט געלאָזט איינשליסן אין פאַרמאַכטע לאָקאַלן. דער קריסטלעכער דאָם האָט געדאַרפט אַרומנעמען אַ גאַנצע געמיינשאַפט; אַט־דער צוועק איז געווען דער יסוד פונעם גאַנצן בוי־סטיל און ער איז געבליבן דערזעלביקער, נישט געקוקט אויף אַלע ענדערונגען פון דער אויסערלעכער פאָרעם.

מ׳האָט אָנגערופן די אַרכיטעקטור די קונסט פון די שטימונגען. דאָס איז זי טאַקע אין אַ פיל העכערן גראַד ווי יעדע אַנדערע קונסט. אָבער זי איז דאָס בלויז דערפאַר, ווייל זי ברענגט אַרויס צום אויסדרוק דעם גייסט פון דער געמיינשאַפט אויף אַזאַ איבערמעכטיקן אופן און באַשאַפט אַ קאָלעקטיווע שטימונג, אין וועלכער עס פאַרשווינדט יעדע פּערזענלעכע עמאָציע. שעפלער האָט אויף אַ גייסטרייכן אופן געשילדערט דידאַזיקע ווירקונג פונעם אַרכיטעקטאָנישן קונסטווערק דערמיט, וואָס ער האָט באַוויזן, ווי אַזוי דער ברויז פון אַן אַלגעמיינער אידעע אַנטפּלעקט זיך דאָ ביים צוקוקער. דערדאָזיקער איינדרוק איז דערפאַר אַזוי מעכטיק, ווייל ער גיט נישט איבער דעם מענטשן קיין שום שטימונג, וועלכע זאָל אָנווייזן אויף די אינערלעכע באַציאונגען צווישן דעם ווערק און זיין באַשאַפער, ווען אַפילו ער איז באַקאַנט. ביים באַטראַכטן אַ בילד, אַנטשטייט ביים צוקוקער פון זיך אַליין אַן אינערלעכער קאָנ־טאַקט צווישן דעם קונסטווערק און דעם מייסטער, וועלכער האָט אים געגעבן לעבן. פונעם בילד פילט ער אַרויס אויף אַ געוויסן אופן די פּערזענלעכקייט פונעם קינסט־לער, פילט די וויבראַציע פון זיין נשמה. ביים אַרכיטעקטאָנישן קונסטווערק אָבער בלייבט פאַר אים דער באַשאַפער בלויז אַ נאָמען, מחמת דאָס איז נישט קיין ווילן פון אַ יחיד, וועלכער רעדט דאָ צו אים; דאָ האָט זיך אָנגעהויפט דער ווילן פונעם ציבור, וועלכע באַהויכט און ווירקט ווי אַן אַנאָנימער אור־כוח. די מסקנות, וועלכע שעפלער ציט אַרויס פון דעם, זענען, אַז „דער אַרכיטעקט איז בלויז אַ תלמיד פון די פעאיקייטן פונעם צייטגייסט, בלויז אַ דענקענדיקער אָרגאַן פון פּרוכפּערדיקע טעכני־שע אידעען. ער ווערט מער געפירט ווי ער אַליין איז פירער*).

אָבער די אינערלעכע בענקעניש און דער ווילן פון אַ ציבור, וועלכע דריקן זיך אויס אין זיינע רעליגיעזע באַגריפן, אין זיינע מנהגים און אין זיינע אַלגעמיינע אָנ־שויאונגען, ענדערן זיך נישט פּלוצלינג, נאָר בהדרגהדיק, ווען אַפילו די ענדערונג ווערט אַרויסגערופן דורך קאַטאַסטראָפאַלע דערשיינונגען. אויך רעוואָלוציעס זענען נישט מסוגל צו שאַפן עפּעס נייעס פון זיך אַליין; זיי באַפרייען בלויז די פאַרבאָרגע־נע כוחות, וועלכע האָבן זיך פאַמעלעך אויסגעצייטיקט אין דער טראַכט פונעם אַלטן אָרגאַניזם, ביז זיי קאָנען מער נישט אויסהאַלטן דעם דרויסנדיקן דרוק און ברעכן זיך

*) Karl Schefler, Der Architekt, S. 10. Frankfurt a|M., 1907.

דורך אַ וועג מיט געוואַלט. דיזעלביקע דערשיינונג קאָן מען אויך באַמערקן ביי דער אַנטוויקלונג פון די פאַרשידענע סטיל־נוסחאות אין דער קונסט בכלל און אין דער אַרכיטעקטור בפרט. אויך דאָ קומט מען נישט אָפּ אָן רעוואָלוציאָנערע טראַנספאָר־מאַציעס, אָן לויטן אויסזען פּלוצלינג אויפקומענדיקע נייע פאָרמען אינעם סטיל. ווען אָבער מ״פּאַרטיפט זיך אַ ביסל אין די ענינים, דערקענט מען באַלד דייטלעך, אַז פּאָר די איבערקערענישן זענען געווען פעריאָדן פון פּאַמעלעכער אַנטוויקלונג, אָן וועלכע עס וואָלט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט אויסגעשטאַלטיקן עפּעס נייעס. יעדע נייע פאָרעם אַנטוויקלט זיך אָרגאַניש פון עפּעס שוין פאַראַנענעם און בדרך־כלל טראָגט זי מיט זיך במשך פון אַ לענגערער צייט די אייערשאַלעכץ פונעם געוועזענעם.

ווען מ׳נעמט, אַ שטייגער, צוויי לחלוטין פאַרשידענע סטיל־נוסחאות און מען שטעלט זיי אַוועק אוממיטלבאַר איינעם נעבן אַנדערן, לאָמיר זאָגן דאָס גריכישע נעבן גאָטישן, ליגט, זיכער, אַ וועלט אַ גאַנצע צווישן זייביידן, אין וועלכע מ׳קאָן נישט געפינען קיין באַרירונגס־פּונקטן. ווען מ׳האַלט זיך אָבער נאָענט ביים פּאַמע־לעכן פּראָצעס פון די פאַרשידענע סטיל־נוסחאות און מ׳האָט אויך אין אויג אַלע צווישן־גלידער און איבערגאַנגס־פאָרמען, טאָ דערקענט מען אויך דאָ אַ פּאַמעלעכע אויסצייטיקונג פון פאַרשידענע פאָרמען און געשטאַלטונגען. די דאָזיקע אַנטוויקלונג איז, פּונקט ווי אַלעס אַנדערע, נישט פריי פון פעריאָדן פון שטילשטאַנד און פונעם געוואַלטיקן רייסן זיך פאָרויס, וועלכע זענען אָבער קיינמאָל נישט מסוגל צו צע־טרייסלען אויף אַ לענגערער צייט די אינערלעכע גלייכגילטיקייט פונעם אַלגעמיי־נעם פּראָצעס. דאָס איז דאָך, אַגב, גאַנץ נאַטירלעך, מחמת אויך די קונסט איז בלויז איינע פון די פיל מאַניפעסטירונגען פון דער קולטורעלער פאָרמירונג, וועל־כע קומט בזה האופן צום אויסדרוק. דעריבער זענען אויך דאָ די איינצלנע עטאַפּן פון דער אַנטוויקלונג פון סטיל קירצער־ אָדער לענגער־דויערנדיקע, לויט דעם, צי דער שטראָם פונעם געזעלשאַפטלעכן פּראָצעס ריזלט זיך פויל אָדער וואַקסט פלו־צים אָן און רייסט זיך אַרויס פון זיין בעקן. אָבער דער סדר אין דער אַנטוויקלונגס־ליניע לאָזט זיך קיינמאָל נישט פאַרווישן, פאַרלייקענען; פון יעדער פאָרעם קומט אַרויס אָן אַנדערע; גאָרנישט קומט־אויף פון זיך אַליין, אַלעס פליסט, אַלעס באַ־וועגט זיך.

די פראַגע מכוח סטיל קומט נישט אַרויס פונעם קינסטלערס באַנעם; זי איז אויך על־פּי־רוב אָפּהענגיק פונעם מאַטעריאַל, וועלכער שטייט אין זיין רשות. יעדער מאַטעריאַל, צי דאָס איז האָלץ, ליים אָדער שטיין, פאַרלאַנגט אַ ספּעציעלע באַאַר־בעטונג, האָט אַ ספּעציפישע ווירקונג, וועלכע איז דעם קינסטלער גוט באַקאַנט און וועלכע ער האָט שטאַרק אין זין בעת זיין אַרבעט. מ׳האָט דעריבער, און נישט אָן רעכט, געוועדט וועגן דער נשמה אָדער דעם גייסט פונעם מאַטעריאַל. ס׳זענען פאַ־ראַן קונסט־היסטאָריקער, וועלכע באַטראַכטן פאַר אַזוי שטאַרק וויכטיק דעם גרויסן איינפלוס פונעם מאַטעריאַל אויף דער פאָרמירונג פונעם סטיל, אַז איינער פון זיי, נאַומאַן, האָט געקאָנט אַוועקשטעלן די באַהויפּטונג, אַז דער גאָטישער סטיל האָט צו

פאַרדאַנקען זיין אַנטשטייאונג אין דער ערשטער ריי דעם ווייכן, בייגעוודיקן זאַמד־שטיין פון דער איל דע פראַנס, וואו די גאָטיק האָט לכתחילה אָנגענומען אָנזעעוודיקע פאָרמען. אָט־די באַהויפּטונג קאָן אפשר זיין אַ ביסל אָן איבערגעטריבענע אין איר אויסשליסלעכקייט, מ׳קאָן אָבער, פונדעסטוועגן, נישט לייקענען, אַז אין איר תוך איז פאַראַן אַ היפשער טייל אמת. לאָמיר נאָר אַ קוק טאָן אויף דער בוי־קונסט פון די אַלטע עגיפּטער, אויף דער אַנטשטייאונג פון די פּיראַמידן. צוויי הנחות זענען דערצו געווען אומבאַדינגט נייטיק: דער שטיין־מאַטעריאַל און דאָס גרויסע פלאַכלאַנד, אין וועלכן דער בנין האָט געקאָנט דורכגעפירט ווערן. און איצט, לאָמיר וואַרפן אַ בליק אויף די בוי־אַרבעטן פון די באַבילאָניער און אַסיריער, וועלכע זענען געווען אָנגעוויזן כמעט אויסשליסלעך אויף דער אויסאַרבעטונג פון געטריקנטע אָדער געברענטע ציגל פון ליים צוליב מאַנגל אין האָלץ און שטיין. און דאָס בויען מיט ציגל האָט גורם געווען צו דער אַנטשטייאונג פון גאַנץ אייגנאַרטיקע סטיל־נוסחאות; נאָר אַדאַנק דעם האָט געקאָנט אַנטשטיין פריער דער בויגן־ אָדער געוועלב־אַרטיקער סטיל און ביסלעכווייז די אַזויגערופענע קופּאָל־אויסרונדונג.

ס׳איז נאַטירלעך, אַז די געוואַלטיקע בנינים פון פאַרצייטנס זענען נישט אַנטשטאַנען מיט איין מאָל, נייערט אין משך פון אַ לאַנגער קולטורעלער אַנטוויקלונג, אין וועלכער ס׳האָבן זיך באַטייליקט סיי אין עגיפּטן ווי אין בבל פעלקער פון פאַרשידענעם אָפּשטאַם. אין אַ שטאַרק אָנרעגנדיקן און באַלערנדיקן ווערק פונעם עגיפּטאָלאָג היינריך שעפער ווערט זייער אָנשוילעך פאָרגעשטעלט דער בהדרגהדיקער פּראָצעס ביי די פעלקער פונעם ניל־טאָל*). ער דערציילט אונדז, ווי אַזוי ס׳האָט זיך פונעם בויען כאַטעס פון ליים, ציגל און טשערעט ביסלעכוויין אַנטוויקלט דער געבוי פון שטיינער און ווי אַזוי זיינע דערפינדער האָבן זיך לכתחילה באַמיט נאָכצומאַכן אין שטיין די אַלטע סטיל־נוסחאות. פון די עלטסטע קברים, וועלכע זענען צוליב זייער קאַסטן־ענלעכער פאָרעם שפּעטער פון די אַראַבער אָנגערופן געוואָרן „מוסטאַבאַס”, ד. ה. בענק צום אָפּרוען, זענען ביסלעכווייז אַנטשטאַנען די פּיראַמידן, דורך דעם, וואָס מ׳האָט אָנגעהויבן אָנצוהויפן איינס אויפן אַנדערן יענע שטיין־קאַסטנס. די באַרימטע שטאַפּל־פּיראַמידע פון סאַקקאַראַ און די אַזויגערופענע פלאַכע פּיראַמידן פון דאַשור ווייזן אונדז נאָך היינט די איינציקע איבערגאַנגען, וועלכע האָבן סוף־כל־סוף אונטער דער פערטער דינאַסטיע דערפירט צו די וואונדערבאַרע בנינים פון גיש.

שעפער ווייזט אונדז אויך, ווי אַזוי די גראַנדיעזע בוי־קונסט פון די פעלקער פונעם ניל־טאָל האָט משפּיע געווען אַלע שכנישע פעלקער און זיי געלערנט די קונסט פון רעקטאַנגולאַרן מין בוי און פונעם בוי מיט שטיינער בכלל. עס ווערט שוין היינט נישט אָפּגעלייקנט פון קיין שום אָנגעזעענעם פאָרשער, אַז שוין אין די גאָר אַלטע צייטן האָבן עקזיסטירט קולטורעלע באַציאונגען צווישן עגיפּטן און דער פּרע־

*) Heinrich Schäfer, Die Leistung der ägiptischen Kunst; Leipzig, 1929.

היסטאָרישער באַפעלקערונג פונעם שפּעטערדיקן גריכנלאַנד; אויך די רעזולטאַטן פון די אויסגראָבונגען אין קריט דורך עוואַנס און אַנדערע ווייזן דייטלעך אָן אויף שייכותן מיט אַזיע און עגיפּטן. עס ווערט אויך אַלץ וואָרשיינלעכער, אַז די אייגנאַרטיקע עגיפּטישע פאָרמירונג פון זיילן אין די בנינים פון דיר־על־באַרי און בעני האַססאַן איז נישט געבליבן אָן אַן איינפלוס אויף די אויפטוען פון די גריכן. אָבער אויך די באַציאונגען צווישן עגיפּטן און דער גרויסער צאָל פעלקערשאַפטן פון פאָדער־אַזיע און בפרט מיטן אוראַלטן קולטור־געביט, וועלכעס ווערט דורכגעשניטן פון די טייכן פּרת און חדקל, שטעלן זיך כסדר אַרויס אַלץ דייטלעכער דורך די נייע פאָרשונגען. מיר זענען נאָך לעת־עתה נישט אימשטאַנד צו קענען פעסטשטעלן די איינצלנע פּרטים פון די פאַרשידנאַרטיקע ווירקונגען און קעגנווירקונגען פון יענע באַציאונגען, ס׳איז אָבער נישט טעותדיק, ווען מ׳איז זיך משער, אַז ס׳איז דאָ פאָרגעקומען אַ קעגנזייטיקע השפּעה, וועלכע איז אַרויסגעקומען פון פעלקער פון פאַרשידענע ראַסן און נישט געקאָנט בלייבן אָן אַ ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון די איינצלנע סטיל־פאָרמען. ס׳וואָלט געווען לחלוטין אומדענקבאַר, אַז אַזעלכע צוויי מעכטיקע קולטור־פעלקער ווי מצרים און בבל, וועלכע האָבן זיך אַנטוויקלט אין דערזעלביקער צייט און אין שכנות, זאָלן נישט געווען האָבן קיין באַציאונגען צווישן זיך. אָט־די קעגנזייטיקע באַציאונגען האָבן מסתמא עקזיסטירט נאָך דעמאָלט, ווען מ׳האָט נאָך אַפילו נישט געהאַלטן ביי דער ממשלה פון די פּרעהסביים ניל און ביי דער אימפּעריע פון די בבלישע און אַשורישע קעניגן ביי די טייכן פּרת און חדקל. מ׳מעג זיך משער זיין כמעט מיט זיכערקייט, אַז די גרויסע צונויפמישונג פון פעלקער און ראַסן, וועלכע איז דאָרט, אין יענע מקומות, פאָרגעקומען פון קדמונים מיט אַ גרויסן פאַרנעם, איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע סיבות פאַר דער אַנטשטייאונג פוןביידע קולטורן.

פונקט ווי אין דער עגיפּטישער אַרכיטעקטור, אַזוי איז מען אויך אימשטאַנד צו באַאָבאַכטן אַ בהדרגהדיקע אַנטוויקלונג אין די פאָרמען פונעם סטיל ביי די באַבילאָניער און אַסירייער, וועלכע איז אייגנטלעך על־פּי־רוב פאַראורזאַכט און געפעדערט געוואָרן דורכן אַריינדרינגען פון נייע פעלקערשאַפטן. כל־זמן ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן פּשוטע נאָמאַדן־שבטים, וועלכע האָבן נישט פאַרמאָגט קיין שום קולטור, וועלכע זאָל ווערט זיין צו טראָגן אַזאַ נאָמען, זענען זיי זייער גיך אַסימילירט געוואָרן דורך דער אַלטער קולטור. אַנדערש איז אָבער געווען דער ענין, ווען די אימפּעריע איז אינוואַדירט געוואָרן פון העכער אַנטוויקלטע פעלקער. אין דעם פאַל האָט זיך באַלד נאָכן פאַרענדיקן פונעם מיליטערישן קאָנפליקט אָנגעהויבן באַמערקן דער אַריינדרינג פון נייע קונסט־פאָרמען, וועלכע האָבן זיך ביסלעכווייז צונויפגעגאָסן מיט די עקזיסטירנדיקע פאָרמען און דערפירט צו נייע סטיל־נוסחאות. צום באַדויערן אָבער איז דער בוי־מאַטעריאַל, וועלכער איז געשטאַנען אין רשות פון די פעלקער ביי די טייכן פּרת און חדקל, נישט געווען פון דעם מין, אַז ס׳זאָל זיין מסוגל צו שטעלן דעם נעמלעכן ווידערשטאַנד קעגן די דורות ווי די עגיפּטישע בנינים פון שטיין. ס׳איז דעריבער

נישט לייכט צו שאַפן זיך אַן אַלגעמיין בילד וועגן אַ לאַנג שוין פאַרגאַנגענער קול־טור פון די איבערגעבליבענע חורבות. אָבער פונדעסטוועגן קאָן מען בולט דערקענען די שטאַרקע ווירקונג פון דער פּערסישער אינוואַזיע אויף דער אַנטוויקלונג פונעם סטיל ביי די בנינים. ווען מ׳פאַרגלייכט די חורבות פון די אַלטע קעניגלעכע פּאַלאַצן פון כאָרסאַבאַד מיט די חורבות פון די פּאַלאַצן אין פּערסעפּאָליס, פּאַלט באַלד אויף דער חילוק. די פעלקער פון פּרס און מדי, וועלכע זענען, ווי באַקאַנט, נישט געווען קיין סעמיטישע פעלקער ווי די באַבילאָניער און אַסיריער, האָבן מיטגעבראַכט פון זייער היימלאַנד דעם האָלצסטיל, וועלכער האָט איצט אָנגעהויבן זוכן פאַר זיך נייע אויסדרוקסמיטלען ביי אַנדערע באַדינגונגען און אונטערן בולטן איינפלוס פון די אַסירישע סטיל־נוסחאות. די שלאַנקע זיילן אינעם קסערקסעס־פּאַלאַץ פון פּערסע־פּאָליס מיט זייערע פאַנטאַסטישע קרוינשפּיצן זענען די עדות פאַר אַט־דער נייער אַנטוויקלונג. דידאַזיקע בנינים האָבן יעדנפאַלס נישט יענעם געוואַלטיקן פאַרנעם פון די ריזיקע פּאַלאַצן פון כאָרסאַבאַד, אָבער זיי צייכענען זיך אויס דורך אַ פיי־נערער געשטאַלטיקונג און בפרט דורך אַ גרעסערער האַרמאָניע אין די צוגאָבן צו די אויסערלעכע און אינערלעכע פאָרמען פונעם בנין. אין די אַלטע בנינים פון שושן, וועלכע זענען ענלעך צו די פּאַלאַצן פון פּערסעפּאָליס, קאָן מען שוין באַמערקן גרי־כישן איינפלוס.

אויב די אינערלעכע שייכותן אין דער בוי־קונסט פון די עגיפּטישע און פאַ־דעראַזיאַטישע פעלקער זענען נאָך פאַר אונדז אין די פּרטים זייערע אינגאַנצן אומ־באַקאַנט, גיט אונדז אָבער די פאַמעלעכע אַנטוויקלונג פון די פאַרשידענע סטילן אין דער קאָנסטרוקציע אין אייראָפּע דערפאַר אַ פיל קלאָרער בילד. ס׳איז אמת, אַז אויך דאָ זענען די ערשטע התחלות נאָך לגמרי איינגעהילט אין נעפּל, מחמת די ערשטע גריכישע טעמפּלען, וועלכע מיר קענען, שטייען שוין אויף אַ הויכער מדרגה פון פּער־פעקציע. אָבער די אויסגראָבונגען פון טירינס און מיקענאַע, אין קליינאַזיע, און די אויסגראָבונגען פון קנאָסאָס און פאַיסטאָס, אויף דער אינדזל קריט, האָבן באַוויזן, אַז אויך דאָרט זענען די אָנרעגונגען געקומען פון פאָדעראַזיע און עגיפּטן. דאָס ווייזן ספּעציעל די אַן אַ שיער אָרנאַמענטן פון קריט, ווי למשל, די סימבאָלן פון דער פרוכפּעריקייט, וועלכע דערמאָנען אינעם לעבנסבוים פון די אַסירער. אויך אין מיקענאַע קאָן מען אויסגעפינען ענלעכע שייכותן.

אינעם גריכישן טעמפּל זעען מיר צום ערשטן מאָל אַ קונסט־ווערק, וועלכעס שטעלט מיט זיך פאָר אַ שטרענג געשלאָסענע איינהייט. אינערלעכקייט און אויי־סערלעכקייט שאַפן אַן אומגעשטערטע האַרמאָניע. די גאַנצע סטרוקטור האַלט זיך ביי אַ נאַטירלעכן געזעץ, פון וועלכן אַלע פאָרמען דרינגען אַרויס ווי פון זיך אַליין. אויף אַ דריי־טרעפּיקן פּיעדעסטאַל הייבן זיך אויף די זיילן און ווענט פון דער „סעללאַ״, וועלכע רינגלט אַרום דעם קודש־קדשים. זיי טראָגן אויף זיך די באַלקנס, וועלכע דינען ווי אַ שטיצע פאַרן זאָטלפאָרמיקן דאַך. די וויכטיקסטע דערגרייכונג פון דער גריכישער בוי־קונסט איז די האַרמאָנישע געשטאַלטיקונג פון די געזימסן

און זייער פאַרבינדונג מיטן האָריזאָנטאַלן צודעק פון דער דרויסנדיקער האַלע און מיטן שפּיציקן דאַך. די אויסערלעכע און אינערלעכע אָרנאַמענטיק איז אויף אַ געווויסן אופן צונויפגעוואַקסן מיטן גאַנצן געבוי. די סקולפּטאָרישע און מאַלערישע ווערק פאַרנעמען געניי דעם פּלאַץ, וועלכעס קומט זיי בהסכם מיטן גאַנצן בנין און זיי ווערן ערשט ווי געהעריק אָנזעעוודיק דורך די פאַרהעלטענישן פונעם רוים. דער גאַנצער בנין ווירקט אויפן געמיט ווי אַ גליקלעכע קאָמבינאַציע פון מאַטעמאַטישע פאָרמען און מוזיקאַלישן געפיל. פונדעסטוועגן, הגם דער גריכישער טעמפּל איז אַזוי טיפּיש, דערלאָזט זיין בוי־נוסח די פאַרשידנאַרטיקסטע וואַריאַציעס, אַזוי אַז די שעפערישע טעטיקייט פונעם קינסטלער ווערט לגמרי נישט געשמעלערט און ער דאַרף זיך קיינמאָל נישט איבערחזרן. שוין די גרויסע פאַרשידנדיקייט אין דער פאָרמירונג פון די זיילן און בפרט אינעם ברייטן אויסוואַל פון די קרוינשפּיצן, ווי זיי קומען צום אויסדרוק אינעם יאָנישן און קאָרינטישן סטיל, רופט תמיד אַרויס נייע איינדרוקן. די אינעווייניקסטע צונויפשליסונג פונעם גריכישן אַרכיטעקטאָנישן ווערק ווירקט אינדעראמתן אַזוי געוואַלטיק, אַז מ׳פאַרשטייט, פאַרוואָס די שפּעטערדיקע מליצים פון דער קלאַסישער קונסט זענען נישט געווען קיין בעלנים צו לאָזן עס אויסבייטן אויף אַן אַנדערן שיינהייטס־אידעאַל.

דער לעצטער סטיל־נוסח, וועלכן גריכנלאַנד האָט אַרויסגעבראַכט, דער אַזוי־גערופענער העלענישער קונסט־סטיל, וועלכער האָט זיך אַנטוויקלט בעיקר אין קליינאַזיע און אין עגיפּטן, איז דאָס פאַרבינדונגס־גליד צום רוימישן סטיל. דער רוימישער סטיל איז אַ צונויפגיסונג פון גריכישע און עטרוסקישע פאָרמען. דאָ טרעפן זיך צונויף דער געבוי פון די זיילן מיט די פאָרמען פון די געוועלביקע און שטיינערנע בנינים, וועלכע די עטרוסקער האָבן מיטגעבראַכט פון אַזיע. אָט־דער נייער סטיל־נוסח האָט דערפירט צו אַ גאַנצער ריי אַנדערע קרעאַציעס, פון וועלכע ס׳זענען דערנאָך ווידער אַרויסגעקומען אָן אַ שיער שפּעטערדיקע סטיל־נוסחאות. אַזוי אַרום האָט זיך פון דער אַזויגערופענער צילינדרישער אָדער פאַס־געוועלביקייט, וועלכע איז ענלעך צו אַ אין דער לענג דורכגעשניטענעם צילינדער, אַרויסגעשיילט די שפּעטערדיקע קרייצגעוועלביקייט, וועלכע אַנטשטייט אויף דעם אופן, ווען צוויי אַזעלכע האַלבע צילינדערס שניידן זיך דורך פּירעקיק און גיסן זיך צונויף. די אַזוי אַרום אויפגעקומענע אַרכיטעקטאָנישע פאָרעם צו בויען גרויסע זאַלן האָט שפּעטער, ביי דער אַנטוויקלונג פון דער קריסטלעכער קירכנגעביידע, געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל.

די פּראַקטישע רוימער האָבן זיך אָבער נישט צופרידנגעשטעלט צו באַנוצן די פון די עטרוסקער און גריכן איבערגענומענע סטיל־נוסחאות בלויז פאַר זייערע טעמפּל־בנינים; זיי האָבן זיי אויך פאַרווענדט פאַר אַ גרויסער צאָל בנינים, וועלכע האָבן געדינט פאַר בירגערלעכע צוועקן. אויף דעם אופן איז אויפגעקומען איינע פון די וויכטיקסטע בוי־פאָרמען פון עפנטלעכע בנינים אין דער אַרכיטעקטור — די באַזיליקאַ. די באַזיליקאַ איז לכתחילה געווען אַ גרויסער פּירעקיקער, מיט אַ דאַך איבערגעדעקטער זאַל אין סאַמע צענטער פון דער שטאָט, וועלכער האָט געדינט פאַר

די סוחרים און די שטאָטישע אָנגעשטעלטע ווי אַן אָרט פאַר פאַרזאַמלונגען, אָבער מ׳האָט אים אויך פּריצייטיק באַנוצט אויף אויסצוגלייכן יורידישע סיכסוכים. דער מיטלסטיקער שטח איז אין דער לענג געווען אָפּגעגרענעצט פוןביידע זייטן דורך אַ שורה זיילן, וועלכע האָבן פון רעכטס און פון לינקס אַרויסגעבראַכט צוויי שמאָלע זייטיקע שיפן, איבער וועלכע ס׳פלעגט זיך גאַנץ אָפט געפינען אַ גאַלעריע. ס׳איז גאַנץ באַשיימפערלעך, אַז די שפּעטערדיקע קריסטלעכע בוי־מייסטערס האָבן גענומען די וויכטיקסטע פאָרמען פון זייער אינעווייניקסטער פאָרמירונג פון די טעמפּלען פון דער אַלטער באַזיליקאַ.

די אַנטוויקלונג פונעם בוי מיט אַ צילינדעראַרטיקער געוועלבונג האָט שוין לאַגישערווייז געפירט פון דער קרייצאַרטיקער סקלעפּיעניע דורך פאַרשידענע צווישנ־גלידער צו דער אַנטשטייאונג פונעם קופּאָל, וועלכער האָט אינעם פּאַנטעאָן פון רוים באַקומען אַזאַ פּערפעקטע אויסגעשטאַלטיקונג. דער פּאַנטעאָן איז דער פּערפעקט־סטער צענטראַלער געבוי. זיין באַשטימונג ווי אַ דענקמאָל פון דער יולישער קייזער־לעכער פאַמיליע מאַכט אונדז תיכף קלאָר, אַז דער בנין איז נישט פאַרטראַכט געוואָרן ווי אַן אָרט פאַר פאַרזאַמלונגען פון אַ קהילה, נייערט אויסשליסלעך ווי אַן אַרומצוימונגס־אָרט פאַרן צעזאַרס סטאַטוע. די ווירקונג פונעם אינערלעכן אויסזען איז טאַקע אַ פאַרכאַפּנדיקע. דער קופּאָל, וועלכער גיט דעם זאַל ליכט פון אויבן אויף אַ גלייכמעסיקן אויפן, באַט נישט אָן דעם אויג אינערגעץ קיין שום אָפּשטעל און נעמט דורך דעם צושויער מיטן געפיל פון אַ שטילן שוועבן, וועלכעס הייבט אים אַרויף אין דער הויך. דער אָריענטאַלישער איינפלוס לאָזט זיך אינעם פּאַנטעאָן שטאַרקער באַמערקן ווי ביי אַלע אַנדערע שאַפונגען פון די רוימישע געוועלביקע בנינים מיט אַ האַלברונדיקן סופיט.

אויב מ׳איז פריער געווען מיט דער מיינונג, אַז די געוועלביקע בנינים פון די אַרסאַצידן און פון די שפּעטערדיקע סאַסאַנידן אין פּערסיע קומען פון דער ווירקונג פון רוימישן איינפלוס, קומט מען היינט אַלץ מער און מער צו דער איבערצייגונג, אַז דער איינפלוס איז פאָרגעקומען אין דער פּונקט פאַרקערטער ריכטונג. אין זיין „אַרכיטעקטאָנישע ראַומלערע" פאַרטרעט עבע דעם שטאַנדפּונקט, אַז יענע בנינים דאַרפן גיכער באַטראַכט ווערן ווי אַ המשך פון מעסאָפּאָטאַמישע התחלות, וועלכע האָבן שפּעטער געדינט ווי אַן אָנהאַלטונגספּונקט סיי פאַר דער קריסטלעך־ביזאַנטי־שער ווי אויך פאַר דער איסלאַמישער בוי־קונסט. בכלל איז מען ביי זיך היינט גאַנץ גענוג קלאָר בנוגע דעם, אַז ביי דער אַנטוויקלונג פונעם ביזאַנטישן סטיל, וועלכער האָט זיך באַוויזן צוזאַמען מיט דער אויסברייטונג פונעם קריסטנטום, האָבן שטאַרק מיטגעווירקט פּערסישע, סירישע און אויך עגיפּטישע השפּעות. ס׳איז אמת, אַז די התחלות פון דער ביזאַנטישער אַרכיטעקטור זענען נישט אויפגעהיט געוואָרן ביז צום היינטיקן טאָג; פונדעסטוועגן איז אין די אַרכיטעקטאָנישע ווערק פון דער שפּעטערדיקער תקופה אַזוי קלאָר און בולט דער אָריענטאַ־לישער איינפלוס, אַז אַ היפּשע צאָל פּראָמינענטע סטיל - היסטאָריקער

דריקן אויס די מיינונג, אַז די התחלות פון דער ביזאַנטישער קונסט זענען אַנטשטאַנען ביים יאָנישן ברעג פון פאָדעראַזיע, ווייל דאָרט האָבן זיך די איינפלוסן פון די פאַרשידענע סטיל־נוסחאות צונויפגעטראָפן ווי שטראַלן אין אַ ברענגלאָז און דעם קינסטלער תמיד אָנגעבאָטן נייע אָנרעגונגען. אינדעראמתן האָט טאַקע יענער טייל פונעם מזרח אַרויסגעבראַכט אַ גאַנצע ריי באַדייטנדיקע מייסטערס אין דער ביזאַנטישער בוי־קונסט, צווישן זיי אויך אַנטעמיוס פון טראַללעס און איזידאָראָס פון מילעט, די צוויי קאָנסטרוקטאָרס פון דער באַרימטער סאָפיע־קירך אין קאָנס־טאַנטינאָפּאָל, וועלכע ווערט באַטראַכט ווי די פערפעקטסטע יצירה פון דער ביזאַנ־טישער בוי־קונסט.

דער ביזאַנטישער קירכנבוי שטעלט מיט זיך פאָר אין עצם די צונויפגיסונג פון צוויי טיפּן פון בוי פון עפנטלעכע בנינים, וועלכע מאַכן דעם איינדרוק פון דערוויי־טערן זיך איינער פונעם אַנדערן, — ווען מ׳באַטראַכט זיי בלויז פון עסטעטישן שטאַנדפּונקט, — פונדעסטוועגן זענען זיי זיך ביסלעכווייז צונויפגעוואַקסן אין אַן איינהייט: אינעם לענגלעכן הויז פון דער קריסטלעכער באַזיליק מיטן צענטראַלן געבוי פון קופּאָלן. אַזאַ מין פאַרבינדונג האָט געגעבן דעם שאַפונגס־חשק פון די אַרכיטעקטן אַ ברייטן שפּילפּלאַץ און דערפירט צו די פאַרשידנדיקסטע רעזולטאַטן אין ענינים פון סטיל. פאַקטיש האָט די ביזאַנטישע קונסט געהאַט אַ שטאַרקן איינ־פלוס אויף גאַנץ אייראָפּע און אויף די מזרח־לענדער און האָט במשך פון הונדער־טער יאָרן באַהערשט דאָס קינסטלערישע שאַפן. די גרויסע צאָל בנינים פון דער צייט פון פריען מיטלאַלטער אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, איטאַליע, גריכנלאַנד, פאַ־לעסטינע, סיריע, אַרמעניע א. אַ. וו. זענען עדות דערפאַר. פונעם צענטן ביז צום צוועלפטן יאָרהונדערט האָט דער ביזאַנטישער סטיל נאָך געהאַט אַ נייעם אויפבלי און ער האָט זיך דערהאַלטן ביז היינט אין די לענדער פון דער גריכיש־קאַטוילישער קירך. אויך די בוי־קונסט פון די מאַכמעדאַנישע פעלקער האָט זיין אָנהאַלט אינעם ביזאַנטישן סטיל, טאַקע אַזוי ווי די ערשטע ווערק, די מאָשעען פון ירושלים און דמשק, זענען רייך־ביזאַנטיש און דורכגעפירט געוואָרן פון ביזאַנטישע מייסטערס. צי מ׳דאַרף די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער מאַכמעדאַנישער אַרכיטעקטור באַ־צייכענען ווי „איסלאַמישער סטיל", ווי מ׳טוט דאָס גאַנץ אָפט, איז אַ גרויסער ספק, מחמת אַן איינהייטלעכקייט איז פאַראַן נאָר אויף אַזוי ווייט, אויף ווי ווייט די מאַכ־מעדאַנישע רעליגיע האָט זיך באַטייליקט אין דער אינערלעכער איינאָרדענונג פון דער מאָשעע, פונקט ווי די קריסטלעכע רעליגיע האָט דאָס געטאָן בנוגע דעם אויס־בוי פון דער קירך. חוץ דעם קאָן מען אין דער איסלאַמישער בוי־קונסט זען אָן אַ צאָל פאַרשידענע פאָרמען. דער איסלאַם, וועלכער איז בעת זיינע זיגערישע מלחמות אַריינגעדרונגען אין מזרח ביז צום גאַנגעס און אין מערב ביז צום טייך עבראָ, האָט זיך אָפּגעלערנט די סטילן פון אַלע פעלקער און ראַסן און ער האָט זיי אַלע פאַרנוצט אויף זיין שטייגער. אַזוי זענען אין דער איסלאַמישער בוי־קונסט פאַראַן פּערסישע, סע־מיטישע, עגיפּטישע, אינדישע, ביזאַנטישע און אַנטיקע עלעמענטן, וועלכע זענען

געקומען צום אויסדרוק אויף אַ פאַרשידנאַרטיקן אופן און שפּעטער האָבן זיי צוריק־געווירקט אויף דער בוי־קונסט פונעם מערב.

פונעם לענגלעכן בוי פון דער קריסטלעכער באַזיליקאַ האָט זיך ביסלעכווייז אַנטוויקלט אַ נייער סטיל־נוסח, וועלכער האָט אַרויפגעלייגט זיין חותם אויף דער אייראָפּעאישער אַרכיטעקטור פון צענטן ביז צום דרייצנטן יאָרהונדערט. מיר רעדן דאָ וועגן ראָמאַנישן בוי־סטיל, וועלכער קניפּט אָן זיין התחלה צום שפּעט־רוימישן סטיל, אָבער אין די צפונדיקע לענדער איז ער דערגאַנגען צו זיין העכסטער אַנט־וויקלונג. ווי אַ באַצייכענונג פאַר אַ געוויסער סטיליסטישער דערשיינונג איז דאָס וואָרט „ראָמאַניש" מסתמא נאָך אומפּאַסיקער ווי דער אויסדרוק „גאָטיק" אָדער „רענעסאַנץ". פראַנצויזישע אַרכעאָלאָגן האָבן דאָס וואָרט אַרויסגעלאָזט אין ציר־קולאַציע ביים אָנהויב פון 18־טן יאָרהונדערט, בכדי מיט אים אָנצואווייזן אויף דער אינערלעכער איינהייט פון אַ סטיל־נוסח, וועלכן מ'האָט ביז דעמאָלט אין די פאַר־שידענע לענדער אָנגערופן לאָמבאַרדיש, רייניש, נאָרמאַניש אָדער נאָך אַנדערש. די מכלומרשטע איינהייט האָט איבערגעלאָזט אַ סך צו ווינטשן און די שאַפער פונעם נייעם טערמין האָבן לכתחילה געהאַט אין זינען בלויז געוויסע איינצלנע דערשיי־נונגען פונעם אַנטיקן רוים, אַזעלכע ווי דעם קיילעכדיקן בויגן מיט די זיילן, וועל־כע האָבן געהאַט אַ גאַנץ קליינעם באַטייט פאַרן בילד אינגאַנצן גענומען. אויך איז דער אַזויגערופענער ראָמאַנישער בוי־קונסט קאָן מען באַמערקן אַ גאַנצע ריי פאַר־שידנדיקע סטיל־השפּעות, וועלכע האָבן אויף איר אין אייניקע געגנטן אַרויפגעלייגט אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן חותם. ס'איז גענוג דאָ אינזינען צו האָבן די ראָמאַנישע געביי־דעס פון סיציליע פון דער צייט, ווען דאָרט האָבן געהערשט די נאָרמאַנען, וועלכע זענען אויפגעבויט געוואָרן פון סאַראַצענישע בוי־מייסטערס און טראָגן אויף זיך אומאָפּלייקנבאַרע שטריכן פון דער איסלאַמישער בוי־קונסט. פונקט אַזוי ווייזט זיך אַרויס דער ביזאַנטישער איינפלוס אין די קירך־בנינים פון צפון־איטאַליע אַזוי שטאַרק, אַז מ'רעדט מיט פולן רעכט וועגן אַ ביזאַנטיש־ראָמאַנישן סטיל.

ביי די פעלקער פון די צפונדיקע לענדער איז דער ראָמאַנישער סטיל דערגאַנ־גען צו אַ גאָר ספּעציעלער פּערפעקציע. מחמת יענע פעלקערשאַפטן האָבן דורכ־געמאַכט די לאַנגע שטורמען פון די פעלקער־וואַנדערונגען און זענען באַווירקט און אָנגערעגט געוואָרן דורך דער רוימישער וועלט פאַר די העכערע שאַפונגען. פאַר זיי האָט דאָס קריסטנטום, וועלכעס האָט זיך שוין ביי די רוימער געהאַט פאַרוואַנדלט אין פוילעניש, געהאַט אַ גאַנץ באַזונדערן באַטייט, מחמת עס האָט זיי צוגעהאָלפן פאַרפונדעווען פונדאַסניי זייער חוש פאַר בשותפותדיקייט, וועלכער האָט דורך דעם שטורעם און דראַנג פון די גרויסע פעלקער־וואַנדערונגען און דורכן אין־סופיקן גע־ראַנגל באַקומען גאַנץ שווערע קלעפּ. זיי האָבן ווייטער אַנטוויקלט אויף זייער איי־גענעם שטייגער די פון דרום איבערגענומענע פּרינציפּן פון דער קריסטלעכער בוי־קונסט, און הגם אויף זייערע ווערק איז נאָך פון אָנהויב געלעגן עפּעס רויס און

אומגעלומפּערטס, ווייזן זיי אָבער אַרויס סימנים פון אַ געזונטער אָריגינאַליטעט, וועלכע האָט געטראָגן עפּעס ווערטפולס אין איר טראַכט.

דער עיקרדיקער שטריך פון דער ראָמאַנישער בוי־קונסט באַשטייט אין דעם פאַרבייטן די פלאַכגעדעקטע זיילן־באַזיליקאַ דורך דעם געוועלביקטן לענגלעכן בוי, אין וועלכן די קאָלומנע פאַרשטויסט אַלץ מער און מער די זיילן, וועלכע ווערט נאָך לסוף באַנוצט בלויז ווי אַ באַצירונג. דורך דער קרייצגעוועלביקטער באַזיליקאַ אַנט־וויקלט זיך פאַמעלעך אַ ניי אויסזען פונעם סביבהדיקן אַרום, וועלכעס אַנטפּלעקט אַ בפירושע טענדענץ צו שוועבן אויף אַרויף. וואָס מער אַט־די אַנטוויקלונג פּראָגרע־סירט, אַלץ מער טרעט אַרויס צום פאָדערגרונט אַט־דער כאַראַקטעריסטישער שטריך. די בויגנס ווערן אַלץ משופּעדיקער אויף אַרויף, דער סקעלעט — אַלץ שלאַנ־קער, דינער. דער טורעם ווערט אַן עיקרדיקער באַשטאַנדטייל פונעם אַרכיטעקטאָ־נישן ווערק, מיט וועלכן ער שמעלצט זיך אַלץ מער צונויף און וועמען ער גיט אַ גאָר אייגנאַרטיקן כאַראַקטער לגבי דרויסן. ביז אַט־די אַנטוויקלונג פאַרענדיקט זיך לסוף מיט דער גאָטיק און שליסט גלייכצייטיק אָפּ איר עקזיסטענץ. ווייטער אין אַט־דער ריכטונג האָט מען שוין נישט געקאָנט גיין. די גאָטיק איז אינדעראמתן געווען די לעצטע קאָנסעקווענץ, די פולשטענדיקע דערשעפונג פון יענעם פּרינציפּ פונעם ווער־טיקאַלן געבוי, וועלכער רייסט זיך אָפּ אין אַט־דער לעצטער פאַזע פון זיין אַנט־וויקלונג כמעט מיט געוואַלט פון דער ערד און שטרעבט מיט אַן אומאָפּהאַלטנדיקן אימפּעט אַרויף, אויבן. ס׳איז דער שטיין, וועלכער איז געוואָרן עקסטאַז, וועלכער זעט אָפן אַלע הימלען און איז זיך מכוון צו אַנטרינען פון יעדער ערדישער צוגע־בונדנקייט.

ס׳וואָלט אָבער געווען פאַלש צו וועלן זען אין דער גאָטיק רק דעם אויסדרוק פון אַ ריין־רעליגיעזן געפיל; מחמת זי איז אין דערזעלביקער צייט אויך געווען דער פּועל־יוצא פון אַ באַשטימטער פאָרעם פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, וועמעס סימ־באָל זי איז געווען אין אַ גאָר הויכן גראַד. די גאָטיק איז געווען די קינסטלעכע אָפּ־שטייעכץ פון אַ קולטור, וועלכע האָט מיט זיך אויף אַ געוויסן אופן פאַרגעשטעלט אַ מין סינטעז פון פּערזענלעכער איניציאַטיוו און קעגנזייטיקער קאָאָפּעראַציע. אין אַ צוגאָב צו וועוועלס „געשיכטע פון דער אינדוקטיווער וויסנשאַפט” באַמערקט דער ענגלישער געלערנטער ווילים וועגן יענער פאָרעם פונעם קריסטלעכן בוי־סטיל:

„אַ נייע דעקאָראַטיווע קאָנסטרוקציע איז אויפגעקומען, וועלכע האָט נישט באַקעמפט און נישט געשטערט דער מעכאַנישער קאָנסטרוקציע, ניי־ערט איר געהאָלפן און זי געמאַכט האַרמאָניש. יעדעס גליד, יעדער פונ־דאַמענט־שטיין ווערט אַ טרעגער פון דער לאַסט; און דורך דער גרויסער צאָל אָנשפּאַרער, וועלכע גיבן זיך הילף איינער דעם אַנדערן, און דער פון דעם אַרויסדרינגענדיקער פאַרטיילונג פון דער משא, איז דאָס אויג געווען באַפרידיקט פון דער פעסטקייט, מאַסיווקייט פון דער סטרוקטור, נישט גע־קוקט אויף דעם משונה־מאָגערן אויסזען פון די איינצלנע טיילן”.

גוסטאַוו לאַנדאַוער, וועלכער האָט אין זיין אויסגעצייכנטן עסיי „די רעוואָ־

לוציאָן״ איבערגענומען דעם אויביקן ציטאַט פון קראָפּאָטקינס פּרעכטיקן בוך „קעגנזייטיקע הילף״, איז צו דעם מוסיף אַ־די פּיינע באַמערקונג:

„דער מאַן פון דער וויסנשאַפט האָט דאָ פּשוט געוואָלט שילדערן דעם מהות פונעם קריסטלעכן בוי־סטיל; אָבער אַזוי ווי ער האָט צוגעטראָפן דאָס ריכטיקע, דעם אמתן אינהאַלט פון אַט־דעם סטיל, און היות די אַרכיטעקטור פון אַט־דעם גרויסן פּעריאָד איז אַ צימצום און אַ סימבאָל פון דער געזעלשאַפט, האָט ער אין זיינע ווערטער אָן כוונה געגעבן אַ בילד פון אַט־דער געזעלשאַפט: פרייהייט און צונויפבונד; פּילצאָליקייט פון די אָנשפּאַרער, וועלכע העלפן זיך קעגנזייטיק״.

דאָס איז בפירוש ריכטיק, אַזוי ריכטיק, אַז מ׳קאָן איבערהויפּט נישט באַקומען קיין קלאָר בילד פון דער גאָטישער בוי־קונסט, אויב מ׳דרינגט נישט אַריין טיפער אין די אייגנאַרטיקע שאַפונגען פון דער מיטלאַלטערלעכער געזעלשאַפט, וועמעס רייכע פאַרשידנאַרטיקייט געפינט איר געטרייען אויסדרוק אין די גאָטישע בנינים. פּונקט ווי יענע געזעלשאַפט מיט אירע אומצייליקע פאַרבאַנדן, אירע איינגעשוואוירענע ברידערשאַפטן, צעכן און קהילות האָט נישט געוואוסט פונעם צענטראַליסטישן פּרינציפּ און איז לויט איר כאַראַקטער געווען פעדעראַליסטיש, אַזוי איז אויך דער גאָטישער דאָם נישט קיין צענטראַלער בנין, נייערט אַ געגלידערטער בנין, אין וועלכן יעדער טייל אָטעמט מיט זיין אייגענעם לעבן און איז פונדעסטוועגן אָרגאַניש פאַרבונדן און פאַראייניקט מיטן גאַנצן. אַזוי אַרום ווערט דאָס גאָטישע אַרכיטעקטאָנישע ווערק דער שטיינערנער סימבאָל פון אַ פעדעראַטיוו־געגלידערטער געזעלשאַפטלעכער סטרוקטור, אין וועלכער אויך דער קלענסטער טייל האָט זיין חשיבות און טראָגט־צו זיין חלק פאַרן אויפהאַלט פונעם גאַנצן. דאָס האָט געקאָנט אַרויסקומען נאָר פון אַזאַ רייכן און פילגעשטאַלטיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן, אין וועלכן יעדער טייל שטרעבט באַוואוסט אָדער אומבאַוואוסט צו אַ בשותפותדיקן ציל. איז דאָך די קאַטעדראַל גופא געווען אַ קאָלעקטיווע שאַפונג, אין וועמעס אַנטשטייאונג ס׳האָט זיך מיט פרייד באַטייליקט יעדער גליד פונעם כלל. נאָר דורך דער האַרמאָנישער, מיטן רוח־הקודש פון סאָלידאַריטעט באַהויכטער צוזאַמענאַרבעט פון אַלע כוחות פון דער געמיינדע האָט געקאָנט אַנטשטיין דער גאָטישער בנין און זיך פאַרוואַנדלען אין דער גראַנדיעזער פאַרקערפּערונג פון יענעם ציבור, וועלכער האָט אין אים אַריינגעלייגט זיין נשמה. דאָ האָט זיך מאַניפעסטירט אַ גייסט, וועלכער האָט זיך פון אינעווייניק אויף אַרויס אויסגעבויט זיין אייגן הויז, און וועלכער האָט בעסער געוואָלט פאָלגן זיין אומגעצוימטע שאַפונגס־תשוקה ווי די דינים פון דער עסטעטיק, ביז ער האָט ביסלעכוויז באַשאַפן פאַר זיך אַן אייגנאַרטיקע שיינקייט און יענע האַרמאָניע פון אַלע טיילן, וועלכע זאָל זיין צום בעסטן בהסכם מיט זיין אינערלעכן מהות.

מ׳האָט די גאָטיק אָפט אַרויסגעשטעלט ווי די טיפּסטע אַנטפּלעקונג פון דייטשן שטייגער און דייטשן מהות. אינדערעמתן האָט זי בלויז פאַרקערפּערט דעם

שטייגער און דעם מהות פון אַ ספּעציעלער קולטור־עפּאָכע, וועמעס שורש ציט זיך אַזוי ווייט ווי ביז צום צענטן יאָרהונדערט און וועלכע האָט זיך פון 11־טן ביז צום 15־טן יאָרהונדערט אויסגעשפּרייט איבער גאַנץ אייראָפּע. יענע תקופה, וועמענס אינערלעכע צונויפגעבונדענקייט רופט נאָך היינט אַרויס די פאַרוואונדערונג פונעם פאָרשער, איז לחלוטין נישט אַרויסגעקומען פון דער ספּעציפישער שטרעבונג פון איין באַשטימטן פאָלק, זי איז גיכער געווען דער רעזולטאַט פון אַ קאָלעקטיוון באַשאַף, דער לעבעדיקער אויסדרוק פון אַלע גייסטיקע און סאָציאַלע שטרעמונגען, וועלכע האָבן דעמאָלט אַרומגעכאַפּט די אייראָפּעאישע מענטשהייט און זי אָנגעטריבן צו שעפערישער טעטיקייט. צום באַדויערן איז דווקא אָט־דער פעריאָד אַזוי שענדלעך פאַרזען געוואָרן פונעם רוב היסטאָריקער, וועלכע שטייען אונטערן איינפלוס פון די מאָדערנע שטאַטס־אידעען. בלויז אייניקע היסטאָריקער אין יעדן לאַנד זענען אַ בכבודיקע אויסנאַמע און זיי האָבן מיר עס בעיקר צו פאַרדאַנקען, וואָס ביי אַ מינדערהייט לפּחות איז אויפסניי אַרויסגערופן געוואָרן אַ פאַרשטענדעניש צו יענער אַזוי שטאַרק פאַרפעלשטער עפּאָכע. אַז די גאָטיק איז נישט געווען די פּרוכט פון אַ באַזונדערן פאָלק אָדער אַ באַשטימטער ראַסע, האָט אויך, אַגב, געהאַלטן געאָרג דעהיאָ אין זיין גרויספאַרנעמיקן ווערק וועגן דער דייטשער קונסט, וואו ער זאָגט:

„ס׳איז גאַנץ זיכער, אַז די פראַנצויזן זענען געווען די ערשטע, וועלכע האָבן צונויפגענומען די גאָטישע עלעמענטן פון קאָנסטרוקציע אין אַ לאָגישן סיסטעם, אויך די ערשטע, וועלכע האָבן דערקענט זייער אויסדרוקסווערט פאַר דער גאָטישער שטימונג, פאַרן גאָטישן וועלטגעפיל אָדער ווי אַזוי מ׳זאָל עס אַלץ אָנרופן. דערמיט האָבן זיי זיך פאַרזיכערט אַן אויפטו פון גרויסן היסטאָרישן פאַרנעם. ס׳איז אָבער פאַלש צו גיין נאָך ווייטער און צו פּראָקלאַמירן יענע שטימונג, יענץ וועלטגעפיל ווי דאָס אויסשליסלעכע אייגנטום פונעם פראַנצויזישן גייסט, וועלכעס קומט צו זיי בירושה פון די ספּעציעל פאַרירשנטע אייגנשאַפטן פון דער ראַסע. אין תוך איז דאָך די ראַסע אַ גאַנץ ספקדיקער פּרינציפּ, בכדי צו דערקלערן צייטלעך־באַגרענעצטע דערשיינונגען. און ווי אַזוי איז נאָך דער ענין, אויב מ׳האָט צו טאָן מיט אַ געמישטן פאָלק? איז עס דאָס גאַלישע אָדער דאָס לאַטייניש׳ע אָדער גאָר דאָס גערמאַנישע אין די פראַנצויזן, וועלכעס האָט געפונען זיין אויסדרוק אין דער גאָטיק? ס׳איז גענוג אַוועקצושטעלן די פראַגע, בכדי מ׳זאָל איינזען, אַז זי דאַרף לגמרי נישט געשטעלט ווערן. די גאָטיק קאָן מען נישט דערקלערן מיט דער טראַדיציע פונעם בלוט; זי איז דער קינסטלערישער סינטעז פון אַ קולטור, וועלכע איז געשאַפן און דורכגעלעבט געוואָרן בשותּפותדיק פונעם צפונדיקן מענטשן אין אַ צייטלעך־באַגרעניצטער אַנטוויקלונגס־פאַזע. זי איז אַ צייט־פּראָדוקט פונעם וועלט־בירגערטום פונעם הויכן מיטלאַלטער, וועלכער איז אַרויסגעקומען פון דער ראָמאַניש־גערמאַנישער פעלקער־פאַמיליע. אָט־דאָס איז דער אמתער באַשאַפער פונעם גאָטישן סטיל“*).

ביי די פרענקישע שבטים פון דער איל דע פראַנס און אין דער פּיקאַרדיע איז עס געווען, וואו דער גאָטישער סטיל איז לכתחילה צום ריינסטן געקומען צום אויסדרוק, נאָכדעם ווי ער האָט מיט הצלחה דורכגעמאַכט אַלע איבערגאַנגען. פון דאָרט

*) Georg Dehio, Geschichte der deutschen Kunst; B. 1, S. 215.

האָט זיך די גאָטיק ביסלעכווייז פונאַנדערגעשפּרייט איבער גאַנץ אייראָפּע און האָט אין יעדן ראַיאָן אָנגענומען אַן אייגענע געשטאַלט. גאַנץ אָפט וואָרפט זיך אין די אויגן די פאַרשידנקייט אינעם זעלבן לאַנד און נישט זעלטן אַפילו אינעם זעלביקן אָרט און דעקט פאַר אונדז אויף די פאַרשידנאַרטיקע איינפלוסן פון דער צייט. אויב אין איטאַליע האָט זיך די גאָטיק נישט דערהויבן צו יענער העכסטער פּערפעקציע ווי אין אייניקע געגנטן פון דייטשלאַנד, קאָן מען דאָס בשום אופן נישט פאַרענטפערן מיטן אונטערשייד פון ראַסע אָדער נאַציאָנאַליטעט. דאָ שפּילן אַן אַנטשיידנדיקע ראָל די השפּעות פונעם עבר, וועלכע האָבן זיך אין איטאַליע געמוזט אויסלעבן גאַנץ אַנדערש ווי אין דייטשלאַנד. אין איטאַליע זענען די טראַדיציעס פון דער אַנטיקער צייט קיינמאָל נישט אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן; אַפילו די פאַרביטערטע קעגנערשאַפט פון דער קירך קעגן דער „געצנדינערישער טראַדיציע" האָט דאָ גאָרנישט געקאָנט ענדערן. אָפּקלאַנגען פון דער אַנטיקער צייט זענען דאָרט תמיד געווען צו באַמערקן און די אַנטוויקלונג פונעם גאָטישן בוי־סטיל האָט נישט געקאָנט אויסמיידן אָט־די איינפלוסן. דיזעלביקע דערשיינונג קאָן מען אויך באַמערקן אין אַ סך טיילן פון פראַנקרייך, וואו דער גרונטפּרינציפּ פונעם ראָמאַנישן בוי־סטיל איז אַפילו ביים גאָטישן בנין קיינמאָל נישט אינגאַנצן באַזייטיקט. וואָס שייך ענגלאַנד, איז דער פּרינציפּ פונעם ווערטיקאַלן בוי אויסגעוואָקסן ביז צום אַזויגערופענעם פּערפּענדיקו־לאַרן סטיל, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר אַ באַזונדערע פאָרעם פון דער גאָטיק. ענלעכע דערשיינונגען, וועלכע מיר קאָנען, אַגב, באַמערקן אין די פאַרשידענע אַנט־וויקלונגס־פאַזן פון יעדן גרויסן סטיליסטישן פּעריאָד, זענען פאַראַן עד לרוב.

מיטן צעפאַל פון דער מיטלאַלטערלעכער געזעלשאַפט און פון דער אַלטער קול־טור פון די שטעט איז אויך די גאָטישע קונסט ביסלעכווייז געפירט געוואָרן צו קבורה. דער אויפגייענדיקער רענעסאַנס איז געווען די התחלה פון אַ נייעם קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון די אייראָפּעאישע פעלקער און האָט אויך במילא, בעל־כרחו, דערפירט צו אַ נייער אַנטוויקלונג אינעם סטיל פון דער קונסט. אויך דער רענעסאַנס דאַרף נישט באַטראַכט ווערן בלויז ווי אַן ענין פון קונסט. יעדער גרויסער פּעריאָד פון די ענדערונגען אין די סטיל־נוסחאות איז בלויז דער אויסדרוק פון געזעלשאַפט־לעכע פאַרענדערונגען און ערשט דורך זיי ווערט ער פאַר אונדז פאַרשטענדלעך ווי עס געהער צו זיין. דער רענעסאַנס איז געווען אַ קולטור־געשעעניש פון אייראָפּעאישן באַטייט, פון וועמעס ווירקונגען קיין שום פאָלק האָט זיך נישט געקאָנט אויסהיטן. אויב מ׳וויל ריכטיק אָפּשאַצן זיין השפּעה אויף דער קולטורעלער געשטאַלטיקונג פון אייראָפּע, טאָ מוז מען אים באַטראַכטן און אַרומנעמען ווי אַ גאַנצקייט. ווייל דאָס, וואָס מ׳איז געוויינלעך געוואוינט צו באַצייכענען ווי פראַנצויזישן, איטאַליע־נישן אָדער דייטשן רענעסאַנס, אָדער דאָס, וואָס פיגורירט אין די ווערק פון די היס־טאָריקער ווי הומאַניזם, רעפאָרמאַציע אָדער ראַציאָנאַליזם, זענען בלויז טיילן פון אַ גאַנצקייט, וועלכע ווערט פאַר אונדז פאַרשטענדלעך אין זיין סך־הכל נאָר דורך די אינערלעכע שייכותן פון אַלע איינצלנע רעזולטאַטן. ווען מ׳באַטראַכט דעם ענין אין

אַזאַ ליכט, איז דער רענעסאַנץ געווען די התחלה פון אַ געוואַלטיקן איבערקער אויף אַלע שטחים פון פּערזענלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, וועלכער האָט געפירט צו אַ נייער אויסגעשטאַלטיקונג פון אַלע אייראָפּעאישע קולטור־פאָרמען. אַלע פריער־דיקע כללים און באַגריפן האָבן פאַרלוירן זייער אָנהאַלט, זייער פעסטקייט, די צום שטאַרקסטן אויפגעבויטע טעאָריעס און השערות האָבן זיך אָנגעהויבן וואַקלען; אַלטס און נייס האָט זיך צונויפגעמישט אין אַ פילקאָליריקן כאַאָס, ביז ס'האָבן זיך לסוף פון אָט־דעם תוהו ובוהו אויסקאָרמירט נייע עלעמענטן פון געזעלשאַפטלעכן קיום.

אַז אַ געשיכטלעכע פּאַסירונג פון אַזאַ פאַרנעם אין דער קונסט האָט אויך געמוזט דערפירן צו אַ גרינטלעכן איבערקער אין אַלע פון פריער איבערגענומענע סטיל־נוס־חאות, איז געווען אומפאַרמיידלעך און מ'דאַרף נישט קיין ספּעציעלן פּירוש פאַר דעם. פּאַקטיש האָט דער רענעסאַנץ דערפירט צו אַ באַנייאונג אין די אַלטע קאָנ־צעפּטן און השגות בנוגע סטיל, און צום דייטלעכסטן האָט זיך דאָס אַרויסגע־שטעלט אין דער אַרכיטעקטור. און פונדעסטוועגן קאָן מען אויך דאָ נישט רעדן וועגן אַ שאַרפן איבעררייס מיט דעם, וואָס איז געווען און געקומען פון פריער. ס'איז אמת, אַז דער רענעסאַנץ איז אַן אַרויסגאַנגס־פּונקט פון אַ נייעם לעבנס־באַנעם און פון אַ נייער קינסטלערישער געשטאַלטיקונג, אָבער די שייכותן מיטן געוועזענעם זענען פונדעסטוועגן באַשיימפּערלעך אָנזעעוודיקע. אויך דאָ שלענגלען זיך די איינצלנע פאָרמען איינס אין ס'אנדערע און דאָס נייע קניפּט זיך אָן אָרגאַניש אינעם אלטן. אָט וואָס גוסטאַוו עבע זאָגט:

„די גרויסע תקופה פון דער רענעסאַנץ־קונסט, וואָס זיך אָנהייבנדיק אין איטאַליע, האָט זי זיך לכתחילה אויסגעשפּרייט איבער די מערב־אייראָפּע־אישע לענדער און לסוף באַקומען דעם פאַרנעם פון אַ וועלט־סטיל, ווערט בדרך כלל באַטראַכט ווי אַ צוריקקער צו די אַלט־רוימישע קונסט־טראַדי־ציעס; און אָט־די באַצייכענונג איז אויף אַזוי וויט ריכטיק, אויף וויפל דער רענעסאַנץ, לפּחות אין זיין ריינער איטאַליענישער פאָרעם, נעמט זיין גאַנצן סטיליסטישן אַפּאַראַט פון רוימישע קוואַלן. פונדעסטוועגן, אומאָפּהענגיק פון דער פאָרמעל־סטיליסטישער באַהאַנדלונג, וועלכע דריקט זיך אויס אין אַ שאַרפער סתירה צו דער גאָטיק, איז פאַראַן אַ כסדרדיקער פּראָגרעס אין דער אַנטוויקלונג פון די קאָנסטרוקציע־מינים פון גרויסע עפנטלעכע בנינים און אָט־דער פּראָגרעס איז זיך בפירוש סומך אויף די מיטלאַלטערלעכע דער־גרייכונגען. און אויף דעם לעצט־דערמאָנטן געביט באַווייזט זיך נישט קיין שאַרפער איבעררייס מיטן נאָר־וואָס פאָרויסגעגאַנגענעם, נייערט אַ לאָגישע ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון די אַלטע טיפּן, בהסכם מיט די אידעען און באַ־דערפענישן פון דער דעמאָלטדיקער צייט, אין אַ רעקאָנסטרוקציע, וועלכע וואָלט אויך געווען באַגרייפלעך אַפילו אָן דער הילף פון דער אַלטערטימלע־כער טערמינאָלאָגיע*).

די ריכטיקייט פון אָט־דער באַמערקונג איז אַן אויגנשיינלעכע. אין דער קינסט־לערישער אויפריכטונג פון די גראַנדיעזע בנינים איז אייגנטלעך די אַרכיטעקטור פונעם רונענסאַנץ, טראָץ אַלע סטיליסטישע סתירות, וועלכע שיידט זי אונטער פאַר־

*) Gustav Ebe, Architektonische Raumlehre; B. II. S. 1. Dresden 1900.

נעם סטיל־נוסח פון מיטלאַלטער, נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ נייער גליד. די אויסערלעכע פאָרמען ענדערן זיך און פּאַסן זיך צו צו די נייע באַדערפעניש און גייסטיקע שטרעבונגען. דער מענטש, וועלכער ווענדט־אָפּ זיינע זוכנדיקע בליקן פון הימל און ער זעט ווידער די ערד פאַר זיך, קלאַמערט זיך פעסט צום ערדישן. די אַרכיטעקטאָניש׳ע ווערק פאַרלירן דעם ווערטיקאַלן כאַראַקטער, וועלכער האָט געפונען זיין העכסטע פּערפעקציע אין דער גאָטיק, און האָט שוין נישט געקאָנט איבערגעשטיגן ווערן. אויפן אָרט פון דער שטרעבונג אויף אַרויף, אין דער הויך, איז איצט געקומען דאָס אין דער ברייט צעלייגטע אויף דער ערד; דער האָריזאָנטאַלער שטריך ווערט דער אַנטשיידנדיקער סימן מובהק פונעם נייעם אַרכיטעקטאָנישן ווערק. דער בנין וואַקסט שוין נישט ווייטער פון אינעווייניק אויף אַרויף צום הימל; ער פאָרמירט זיך פּלאַסטיש פון אויסנווייניק לויט באַשטימטע פּרינציפּן און נייע קינסטלערישע תנאים. די פּראָפּאָרץ ווערט ווידער די מאָס פון אַלע זאַכן און ווייזט־אָן יעדן טייל זיין פעסטן אומפאַרבייטבאַרן פּלאַץ. דער אויפבוי פון געראַמיקע בנינים איז קלאָר דורכגעטראַכט און איז זיך סומך אויף באַשטימטע אָרגאַניזאַטאָרישע פּרינציפּן. דער בנין פאַרענדיקט זיך אָפּט מיט אַ שווערן געזימס; אָבער אויך די באַזונדערע גאָרנס זענען שאַרף פונאַנדערגעטיילט דורך געזימסן, וואָס צוליב דעם ווערט נאָך מער בולט דער האָריזאָנטאַלער כאַראַקטער פונעם גאַנצן. ביי די פּאַלאַצן פונעם איטאַליענישן רענעסאַנץ רוקט זיך אָט־דער שטריך אַרויס מיט אַ גאָר באַזונדערער דייטלעכקייט. אויך די זיילן קומען ווידער אַריין אין דער מאָדע, וואָס דאָס האָט זיך ספּעציעל אַרויסגערוקט אויף אַ חנעוודיקן אופן ביי די שלעסער פון די רענעסאַנץ־בנינים אין איטאַליע, אַרומגערינגלטע מיט גאַלעריעס און געוועלביקטע האַלעס.

ביי די קירכלעכע בנינים טרעט באַנייס אַרויס אויף אַ דאָמינירנדיקן אופן דער צענטראַלער פּרינציפּ, וועלכער איז פון דער גאָטיק לגמרי געהאַט פאַרשטויסן געוואָרן. על־פּי־רוב ווערט דער צענטראַלער טייל פונעם בנין אויסגערונדיקט דורך אַ קופּאָל, וואָס אַדאַנק דעם שטעלט זיך נאָך שטאַרקער אַרויס דער געשלאָסענער כאַראַקטער פונעם בוי־ווערק. און אויב מ׳קאָן נישט לייקענען די שפּורן פון ביזאַנטישע און אַנטיקע מוסטערס, געלינגט עס אָבער פונדעסטוועגן אַזעלכע מייסטערס ווי ברונעללעסקי, בראַמאַנטע און בפרט מיקעלאַנדזשעלאָ אַרויסצוברענגען נייע עפעקטן פון אומפאַרגלייכלעכער קראַפט און קאָנצענטרירטער גבורה. ס׳איז אמת, אַז די צענטראַלאַרטיקע אַרכיטעקטור האָט געמוזט איינגיין אויף געוויסע קאָמבינאַציעס מיטן לענגלעכן בוי־סטיל, וועלכע האָבן אַנטשפּראָכן די פּראַקטישע באַדערפענישן, אָבער טאַקע אָט־די עקספּערימענטן זענען עס געווען יענע, וועלכע האָבן, באַזונדערס אינעם שפּעטערדיקן רענעסאַנץ־פּעריאָד, אָנגערעגט צו אַ שלל פון די אייגנאַרטיקסטע סטיל־נוסחאות. מיקעלאַנדזשעלאָס פּלאַן פון דער פּעטער־קירך אין רוים איז דער שטאַרקסטער אויסדרוק פון אָט־דעם נייעם סטיל, זיין לעצט וואָרט, אַזוי צו זאָגן. בראַמאַנטע, ווען מ׳האָט איבערגעגעבן די קאָנסטרוקציע פון דער

קאַטעדראַל, האָט אין זיין פּלאַן אַרומגערינגלט דעם הויפּט־קופּאָל מיט פיר קליינע קופּאָלן, וועלכע האָבן אָבער סיי־ווי־סיי געהאַט זייער אייגן לעבן און יעדער איי־נער פאַר זיך האָט פאַרגעשטעלט אַ געשלאָסענע גאַנצקייט. מיקעלאַנדזשעלאָ אָבער, וועלכער האָט אָנגעפירט מיטן בוי נאָך בראַמאַנטעס טויט, האָט צוגענומען ביי די פיר קליינע קופּאָלן זייער אייגענע עקזיסטענץ און זיי כמעט מיט געוואַלט אַרונטערגעוואָרפן אונטער דער איבערהערשאַפט פונעם הויפּט־קופּאָל. אַזוי אַרום איז יעדער טייל באַרויבט געוואָרן פון זיין זעלבסטשטענדיקייט און איינגעגלידערט געוואָרן אין אַ צענטראַלער איינהייט, וועלכע האָט כמעט צעשטויבט און צעמאָלן דאָס אייגענע לעבן פון די באַזונדערע טיילן. מיקעלאַנדזשעלאָ האָט אָט־דעם שטריך אַנטוויקלט ביז צום עקסטרעם, אָבער ער האָט אויך צעעפנט נייע פּערספּעקטיוון פאַר דער בוי־קונסט און זי ביז צו אַ געוויסן גראַד פאַרגייסטיקט, און דאָס האָט זיין באַשאַף געמאַכט פאַר אומשטערבלעך.

דער רענעסאַנץ, וועלכער האָט צונישטגעמאַכט אַלע איבערגענומענע טראַדי־ציעס און וועלכער האָט זיך, בפרט אין די לעצטע פאַזן פון זיין אַנטוויקלונג, דער־נענטערט צו אַן ערנסטן סקעפּטיציזם, וועלכער האָט געווירקט פּאַראַליזירנדיק אויף יעדן העכערן שטרעבן, וואָלט דאָ געוועזן געמוזט אונטערגיין, ווען ס׳וואָלט אים ניט געווען איינגעגעבן געוואָרן אַ טיפערע גאַרעניש, וועלכע האָט זיך גענומען אַרומקוקן צו נייע ברעגעס. קיינער האָט דאָס נישט באַנומען אַזוי טיף ווי דער גרויסער פלאָ־רענטינער, וועמעס צעפּייניקטע געשטאַלטן גיבן איבער דעם אינערלעכן קאַמף פון זיין אייגענער נשמה. אַזאַ פאַוסט־נאַטור ווי מיקעלאַנדזשעלאָ האָט זיך טאַקע נישט געקאָנט צופרידנשטעלן אַפילו מיט דער פּרעכטיקסטער אויסערלעכקייט, מחמת ער האָט געשטרעבט צו אַ פאַרגייסטיקונג פון דער קונסט און ער האָט געקלאַפּט אין אַ סך פאַרשלאָסענע טירן, וועלכע האָבן זיך נאָך פאַר קיינעם נישט געעפנט. אָט־דעם שטריך איז אויך בולט צו באַמערקן אין זיין טעקטאָנישער שאַפונג. זיין ווערק פאַרוואַנדלט זיך אין אַ לעבעדיקן יש און אָטעמט מיט אַלע ליידנשאַפטן פון אַ מענטשלעכער נשמה, מיט אַלע מיסטעריעזע זוכענישן, מיט בונטאַרישער טראָ־ציקייט און בעיקר מיט יענעם טיטאַנישן שטריך צום איבערמענטשלעכן, וועלכער איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער שאַפונג פונעם מייסטער און שטעלט אים אַרויס הויך איבער די האָריזאָנטן פונעם רענעסאַנץ.

די געזעלשאַפטלעכע קולטור פונעם רענעסאַנץ האָט זיך פאַקטיש אָנגעהויבן בעיקר אין איטאַליע, אָבער היות זי האָט אומעטום אין אייראָפּע געפונען די גייס־טיקע און סאָציאַלע פאַסיקע באַדינגונגען, האָט זי געהאַט אַ לעבעדיקן אָפּקלאַנג אין אַלע לענדער און זי האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ וועלט־סטיל, אין וועלכן ס׳האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די געזעלשאַפטלעכע קולטור פון אַ געוויסער עפּאָכע. איר דימענסיע איז אַ צו גרויסע, אַז מ׳זאָל זי קאָנען אַריינקוועטשן אין די ענגע ראַמען פון נאַציאָ־נאַלע באַגריפן. פּונקט ווי די גאָטיק, אַזוי האָט אויך די קונסט פונעם רענעסאַנץ אַרויסגעבראַכט פאַרשידענע סטיל־נוסחאות, וועלכע זענען אַרויסגעקומען פון באַ־

זונדערע סביבות. אויב אין איטאַליע האָט די גאָטיק קיינמאָל נישט געהאַט דיזעל־ביקע אַנטוויקלונג ווי אין דייטשלאַנד, ווייל די טראַדיציעס פון דער אַנטיקער צייט האָבן זי דאָרט געשטויסן אויף ספּעציפישע וועגן, איז אָבער די קונסט פונעם רענעסאַנץ אין דייטשלאַנד קיינמאָל נישט געווען מסוגל איינגאַנצן איבערצוקומען די לעבעדיקע טראַדיציע פון דער גאָטיק. דאָס נעמלעכע קאָן אויך געזאָגט ווערן וועגן רענעסאַנץ אין ענגלאַנד, פראַנקרייך און שפּאַניע. אומעטום האָבן די באַזונדערע סביבה און די טראַדיציעס פון דער פאַרגאַנגענהייט געווירקט אויף דער אַנטוויקלונג פון דער אויספאָרמירונג פון די סטיל־נוסחאות. אָבער אָט־די אייגנאַרטיקייטן און אָפּווייכונגען האָבן דער געשטאַלטיקונג ווי אַ גאַנצן נישט געבראַכט קיין שום שאָדן. אדרבא, זיי שאַפן ערשט דאָס סך־הכלדיקע בילד און כאַראַקטעריזירן די קרובעשאַפט פון די שטרעבונגען, וועלכע ווערן אומעטום געשפּייזט פון דיזעלביקע קוואַלן. נישט די אייגנאַרטיקייט פון דער ראַסע און נישט די אייגנטימלעכקייט פון נעם נאַציאָנאַלן געפיל האָבן דאָס אַרויסגעבראַכט צום לעבן די קונסט פונעם רענעסאַנץ. געווען איז דאָס דער גרויסער גײַסטיקער איבערקער, וועלכער האָט צעטרייסלט גאַנץ אייראָפּע און וועלכער האָט אומעטום אָנגערעגט צו דער אַנטוויקלונג פון נייע סטיל־נוסחאות און צו אַ נייעם באַנעם פונעם מהות פון דער קונסט אין אַלגעמיין.

פון דער קונסט פונעם רענעסאַנץ האָבן זיך לאָגישערוויז אַרויסגעשיילט דער באַראָק, וועלכער האָט באַשטימט דעם קונסט־סטיל פון 17־טן יאָרהונדערט; אין אייניקע לענדער, באַזונדערס אין דייטשלאַנד, האָט דער באַראָק־סטיל געהערשט ביז טיף אין 18־טן יאָרהונדערט אַריין. אויך דאָ האָבן מיר פּאָר זיך לגמרי נישט קיין שאַרפן איבעררייס מיט דער פאַרגאַנגענהייט, אויף וועמעס אָרט ס׳איז גאַנץ פּלוצלינג אויפגעקומען עפּעס נייעס, נייערט אַ בהדרגהדיקן פּראָצעס, וועלכער האָט זיך אויסקריסטאַליזירט ביסלעכווייז פונעם סטיל־נוסח פונעם רענעסאַנץ און ער איז, פּונקט ווי יעדער אַנדערער סטיל, באַאיינפלוסט געוואָרן דורך די געזעלשאַפטלעכע איבעראַנדערשונגען אינעם לעבן פון די אייראָפּעאישע פעלקער־גרופּן. פונעם צעפּלאָנטערטן כאַאָס פונעם רענעסאַנץ־פּעריאָד האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעשטאַלטיקט דער אייראָפּעאישער גרויסער שטאַט אין געוואַנט פון דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע. מעכטיקע דינאַסטיעס האָבן זיך אַנטוויקלט אָדער באַפעסטיקט אין די וויכטיקסטע לענדער, נאָכדעם ווי דער ווידערשטאַנד פון די שטעט און פון די אַריסטאָקראַטישע וואַסאַלן און קליינע מושלים איז דערשלאָגן געוואָרן. אַ נייע מאַכט איז אויפגעקומען, וועלכע האָט אַפילו אַרונטערגעוואָרפן די קירך אונטער איר ממשלה און זי געשטעלט אין דינסט פון אירע צוועקן. מיט דער הילף פון אירע אַרמייען און פון איר ביוראָקראַטישן פאַרוואַלטונגס־אַפּאַראַט האָט די מאָנאַרכיע באַוויזן צו פאַרטרייבן אַלע אָפּאָזיציאָנעלע כוחות און מיט געוואַלט צו אונטערדריקן די אַלטע רעכטן און פרייהייטן פון די געמיינדעס. דעם קעניגס פּערזאָן ווערט די לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פון אַבסאָלוטער מאַכט־פולקאָמענהייט, דער הויף — דער צענטער

פונעם גאַנצן עפנטלעכן לעבן. דער שטאַט נעמט אַלע פונקציעס פון דער געזעלשאַפט אין זיינע הענט אָדער אונטער זיין השגחה און לייגט אַרויף אויף אַלע סאָציאַלע פּראָצעסן זיין חותם. לעגיסלאַציע, יוריספּרודענץ, די גאַנצע עפנטלעכע פאַרוואַל־טונג — אַלץ ווערט דער מאָנאָפּאָל פונעם קעניגטום; די געזעלשאַפט ווערט כמעט אינגאַנצן פאַרשלינגען פונעם שטאַט. אָט־די איבערגעשטאַלטיקונג פונעם גאַנצן גע־זעלשאַפטלעכן לעבן שטופּט־אַרויף דאָס דענקען און פילן פונעם אונטערטאַן אויף באַשטימטע, פון שטאַט אָנגעצייכנטע דרכים. עס ווייזט זיך אויס, אַז אַלעס עקזיס־טירט נאָר צוליב דעם, כדי צו דינען דעם צוועק פון דער דינאַסטיע. דאָס איז די צייט פונעם אַזויגערופענעם „זונקעניגטום״, וועמעס געזאַלבטער פאַרטרעטער האָט דאָס אַרויסגעזאָגט די ווערטער: „ל׳עטאַ ס׳ע מואַ!״.

אין אַ געזעלשאַפטלעכן סדר, וואו יעדע עפנטלעכע טעטיקייט האָט געהאַט אַ באַזונדערע נאָרמע און אַלעס איז אין אַלע פּרטים רעגלאַמענטירט און פאַראָרדנט געוואָרן פון אויבן, האָט די קונסט כמעט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט פאַרן פרייען שאַפן. אירע טרעגער זענען געשטאַנען אין דינסט פונעם זעלבסטהערשער און ס׳איז פאַר זיי כמעט נישט געבליבן קיין אַנדערע אויפגאַבע ווי צו פאַרקינדיקן די גרויסקייט פונעם גאָט־געבענטשטן מלך. פּונקט ווי די פּראַכט פון די קאַטעדראַלן און פון די רעליגיעזע פייערלעכקייטן האָט אַרומגענומען די קירך מיט אַ לייכטנדיקן גלאָריענשטראַל, אַזוי האָט איצט די פּראַכט פון די פּאַלאַצן און פון די מלכישע הויפן געשאַפן אַ שטראַלנקראַנץ אַרום דער מאָנאַרכיע און געגעבן איר מאַכט אַ מיסטישן שיין. אויף דעם אופן זענען אַנטשטאַנען די גרויסע בנינים פונעם אַבסאָלו־טיזם: דער לואַוור אין פּאַריז, דער שלאָס און פּאַרק פון ווערסייל, די עסקאָריאַל ביי מאַדריד, דער צווינגער אין דרעזדען א. אַ. וו. און היות יעדער ווינקלדעספּאָט האָט געמוזט האָבן זיין ווערסייל, האָט זיך אָט־דער מין סטיל אויסגעשפּרייט איבער אַלע לענדער. נאָר אין שייכות מיט אָט־דער געזעלשאַפטלעכער טראַנספאָרמאַציע אין אייראָפּע איז מעגלעך ווי געהעריק צו באַנעמען די קונסט פונעם באַראָק־סטיל. די באַצייכענונג גופא, וועלכע שטאַמט פונעם פּאָרטוגעזישן וואָרט „באַראָקע״, וועלכעס באַדייט בערך דאָסזעלביקע ווי צונויפגענעמען אין אַ שנור אומרעגלמעסיק געשליפענע פּערל, האָט אָן און פאַר זיך נישט קיין שום וויכטיקייט און איז לכתחילה אויפגענומען געוואָרן ווי אַ וואָרט פון חוזק.

אינדעראמתן איז דער באַראָק אַ נייער סטיל, וועלכער איז אַרויסגעקומען פון דער קונסט פונעם רענעסאַנץ, אָבער פאַרפונדעוועט אין אַ נייעם באַנעם פון דער קונסט. אין שאַרפסטן היפּוך צו דער גאָטיק האָט דער רענעסאַנץ, נאָכגייענדיק די שפּורן פון דער אַנטיקער צייט, געלאָזט אויסרופן די האַרמאָניע ווי דעם טיפסטן און אַפילו איינציקן אויסדרוק פון שיינקייט. דער באַראָק האָט באַשאַפן אַ נייע עסטעטישע וואָרט־אָפּשאַצונג דערמיט, וואָס אויפן אָרט פון דער האַרמאָניע האָט ער אַוועקגעשטעלט דאָס וואָרט מ אַ כ ט. אין אָט־דעם באַנעם אַנטפּלעקט זיך קלאָר דער איינפלוס פון דער געזעלשאַפטלעכער טראַנספאָרמאַציע אין אייראָפּע.

דער מאַכט־באַגריף פון דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע האָט אָנגעפילט דעם גייסט פון דער צייט. מאַכט איז געוואָרן שיינקייט, אויסדרוק פון אַ נייעם קונסט־געפיל, וועלכעס איז ביסלעכווייז אינגאַנצן אַריינגעשלעפּט געוואָרן אינעם דינסט פונעם קעניגטום. דעם מאָנאַרכס מאַיעסטעטישקייט האָט מיט איר גלאַנץ אַלעס באַשטראַלט און אַרונטערגעוואָרפן אונטער איר דינסט יעדע רעגונג פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. און אָט דער הייליקייטס־שיין פון דער אַבסאָלוטער אומבאַשרענקטער מאַכט, מיט וועלכן דאָס קעניגטום האָט פאַרשטאַנען זיך אַרומצורינגלען אין דער בליצייט פון זיין אַנטוויקלונג, האָט זיך אויך אַנטפּלעקט אין דער אַרכיטעקטור פון יענער תקופה און געלאָזט אויסרופן זיין אַלמעכטיקייט מיט טאַצן און פּויקן. די דערהויבענע גרויסקייט פונעם אַבסאָלוטיסטישן שטאַט, וועלכער האָט נישט טאָלערירט קיין שום זאַך, וועלכע זאָל זיך קאָנען פאַרגלייכן צו דער פּערזאָן פונעם מושל, און אויף אַלץ אַרויפגעלייגט דעם חותם פון זיין ווילן, האָט דער גאַנצער קונסט פונעם באַראָק געגעבן יענעם אויסדריקלעכן הויפיש־רעפּרעזענטאַטיוון כאַראַקטער, וועלכער איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן גאַנצן 17־טן יאָרהונדערט. פּונקט ווי דער ציל פונעם יעזואיטיזם איז געווען פונדאַסניי צו פאַרפעסטיקן די מאַכט פון דער קירך, אַזוי זענען די טרעגער פונעם אַבסאָלוטיזם איצט אויסן צו פאַרגייסטיקן דעם געוואַלטזאַמען כאַראַקטער פון דער מאָנאַרכיע און צו מאַכן פאַרגעסן איר שורש. אַזוי אַרום האָט דאָס קעניגטום באַקומען יענעם פון גאָט־געבענטשטן שיין פונעם אויבערמענטשלעכן, וועלכעס האָט אויך געפונען זיין אויסדרוק אין זיינע בנינים. אינדעראמתן פאַסירט נישט זעלטן, אַז דער באַראָקישער בנין כאַפּט אַרום דעם באַטראַכטער מיט זיין אינערלעכער קראַפט פון אַ מיסטישער אַנטפּלעקונג און פילט אָן די נשמה מיט יראת־הכבוד.

אויך דער בוי פון קירכעס גייט אין דערזעלביקער ליניע און ברענגט אַרויס צו דער העכסטער גילטיקייט די אַלמעכטיקייט פון אַן אַבסאָלוטן מאַכט־פּרינציפּ. אונטערן איינפלוס פונעם יעזואיטנטום, וועלכער פאַרקערפּערט היסטאָריש די אָרגאַניזירטע קאָנטראַרעפאָרמאַציע, האָט זיך אַנטוויקלט דער אַזויגערופענער יעזויטנסטיל. ס׳זענען געקומען צום פאָדערגרונט נייע פּראָבלעמען מכוח דעם בוי פון גראַמיקע לאָקאַלן, וועלכע זאָלן דורך זייער פאַרשידנאַרטיקייט האָבן אַ באַהערשנדיקע ווירקונג אויפן גייסט פון די מאמינים און אויף די געמיטער זייערע, אַז זיי זאָלן לגמרי נישט שטעלן קיין ווידערשטאַנד קעגן דעם אַרונטערפאַל אונטערן יאָך פון דער קירכס אַלצבאַהערשנדיקן איינפלוס. דאָס בית־תפילה פאַרוואַנדלט זיך אין אַ פּראַכטזאַל, באַצירט מיט בלישטשענדיקע אָרנאַמענטן, און מאַכט אָפּט דעם איינדרוק פון א ליידנשאַפטלעכער התרוממות, וואָס נאָר די התלהבות איז מסוגל אַרויסצוברענגען. דער קודש־קדשים זעט אויס צו זיין ווי דורכגעטרייסלט פון אַ מיסטישן ציטער. סיי דער אויסערלעכער געבוי ווי די אינערלעכע אויסשטאַטונג זענען אויסגערעכנט אויף דעם, אַז זיי זאָלן אַריינשושקען אין דער מענטשלעכער

נשמה די אַלמעכטיקייט פון אַ העכערן ווילן, וועלכער שטייט הימל־הויך איבער יעדער צוגעבונדנקייט צו דער ערד.

דער באַראָק־סטיל פאַרענדיקט זיך לסוף אינעם ראָקאָקאָ. די פראַסטיק־קאַלטע מאַיעסטעט און די שטייפע פייערלעכקייט פונעם הויפישן צערעמאָניאַל ווערן סוף־כל־סוף צוגעגעסן און רופן אַרויס די באַדערפעניש נאָך וואַרעמערע און אינטימערע פאָרמען. דער אַזויגערופענער רעזשענס־סטיל, וועלכער איז אַנטשטאַנען אונטער דער ממשלה פון פיליפ פון אָרלעאַנס, נעמט אין באַטראַכט אָט־די באַדערפעניש און איז די התחלה פונעם אויסדרוק פון נייעם סטיל, פון וועלכן ס׳קומט לסוף אַרויס ראָקאָקאָ און וועלכער דערגייט צו זיין קולמינאַציע־פונקט אין דער צייט פון לודוויק דעם 15־טנס ממשלה. אויפן אָרט פון דעם אומפאַרשטעלבאַרן און מאַ־יעסטעטישן, וועלכע וואַרפט־אָפּ מיט שטייפער חשיבות יעדע צוגעלאָזנקייט, קומט די פרייד אינעם גראַציעזן און חנעוודיקן, וועלכע יאָגט זיך נאָך לייכטע דמיונדיקע געשטאַלטן און ליבעס־אינטריגעס און איז מער נישט באַלייגט מיט קיין שום רע־פּרעזענטאַטיוון באַלאַסט. אַזוי אַרום אַנטשטייט אַ נייער מין סטיל, וועלכער דריקט זיך אויס הויפּטזעכלעך אין דער אויסשטאַטונג פון די אינערלעכע טיילן פון זאַלן. די וואַנט פאַרלירט איר מאַסיוון כאַראַקטער און פאַרוואַנדלט זיך אין אַ בייגעוודי־קער ראַם, וועלכע ווערט אויסגעפילט מיט ספּיראַלע ליניעס, בלומען־מאָטיוון און אַנדערע אופנים פון אַ פריילעכער אָרנאַמענטיק. די ווענט גיסן זיך צונויף מיטן באַלקן, וועלכער איז באַצירט מיט רייצנדיקע סטוקטורן. די פאַרבן פאַרלירן זייער שטייפקייט און פאַרוואַנדלען זיך אין צאַרטע שאַטירונגען. די גרויסע שפּיגלען פון די קאַמערן העלפן־צו אויסצוברייטערן דעם נאַטירלעכן פאַרנעם פון די זאַלן און צו פאַרווישן זייער ממשותדיקייט.

באַזונדערס חנעוודיק איז דער צאַרטער פאַרצעלאַן, וועמעס עלעגאַנץ איז נישט אַריבער אָן איינפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פונעם ראָקאָקאָ. אויך די מעבל האָבן פאַרלוירן זייערע שווערע אומגעלומפּערטע פאָרמען און זיי האָבן זיך צוגעפּאַסט צו דער אינערלעכער געשטאַלטיקונג פונעם זאַל. אַ שאַרפער אומרו, וועלכער קומט פון אַ ראַפינירטער סענסואַליטעט, באַהערשט מענטשן און זאַכן און ווירקט ווי אַ סור־דותפולע פליסיקייט אויף די צו שטאַרק עמפּינדלעכע נערוון פון די העכערע שיכטן פון דער געזעלשאַפט. מ׳קאָן באַמערקן אַ טיף־אַריינדרינגענדיקע פאַרענדערונג אין די לעבנס־געוואוינהייטן פון יענע קרייזן און זי געפינט איר געפילסמעסיקן אויס־דרוק אין דער קונסט פון ראָקאָקאָ.

דער פרינציפּ פון דער מאַכט, וועלכן די אַבסאָלוטע מאָנאַרכיע האָט פאַר־שטאַנען צו געבן אַ מעטאַפּיזישן באַדייט אין דער צייט פון איר אויפבלי, האָט אַלץ מער פאַרלוירן אָט־דעם כאַראַקטער אירן און איז נאָך אָפּגעשאַצט געוואָרן אין די קרייזן פון די מקורבים און פאַראַזיטן בלויז לויט זיינע פּראַקטישע רעזולטאַטן. מ׳האָט אָנגעהויבן חוזק צו מאַכן פון דער כבוד־ און רומגיריקייט און דער שטייַ־פער פּאָמפּע פון אַ צייט, וועמעס מכלומרשטע גרויסקייט האָט שוין אויף קיינעם

מער נישט געמאַכט קיין איינדרוק. אַלעס, וואָס איז פריִער געווען מסוגל צו מאַכן דעם איינדרוק פון דער מאַיעסטעטישער און שטאָלצסטער אומצוטריטלעכקייט, האָט איצט בלויז נאָך געווירקט ווי אַ געשמאַקלאָזע פּאַראָדיע און האָט געגעבן די אינטע־לעקטואַלן, וועלכע זענען אויסגעגאַנגען נאָך מאָטיוון פון חוזק, אַ גוטע געלעגנהייט אויסצופּרואוון די בייסיקייט פון זייערע וויצן. דאָס קעניגטום איז שוין געווען אַ באַלזאַמירטער פּגר, וועלכער האָט נאָר געוואַרט אויף זיין קבורה. ווען לודוויק דער 14־טער האָט אידענטיפיצירט זיין פּערזאָן מיט דער מלוכה, האָט ער דערמיט גע־געבן דעם אינערלעכן מהות פון דער מאָנאַרכיע דעם שטאָלצסטן אויסדרוק: דער קעניג אַלץ, דאָס פאָלק גאָרנישט! ווען אָבער די מאַדאַם דובאַררי האָט שפּעטער טיטולירט איר קעניגלעכן געליבטן מיט געשמאַקלאָזן צוטרוי „לע פראַנס", איז דאָס געווען דער שאַרפסטער חוזק פון דער גאַנצער גאָטגעבענטשקייט זיינער. די מאָנאַרכיע האָט געהאַלטן ביים צונויפברעכן; לאַנג האָט זי שוין נישט געקאָנט עק־זיסטירן. אינעם שטורעם פון דער רעוואָלוציע איז אויך חרוב געוואָרן די לייכט־צעברעכלעכע קולטור פונעם ראָקאָקאָ־סטיל, צוזאַמען מיט דער אַלטער געזעלשאַפט, וועלכע האָט זי אַרויסגעבראַכט. מיט פיינלעכע גסיסה־צאַפּלענישן און העפּטיקע צעטרייסלונגען האָט זיך אויספאַרמירט אַן אַנדערע וועלט, איז אויפגעקומען אַ נייער דור, וועלכער האָט געזוכט נייע האָריזאָנטן.

דאָס, צו וואָס יענער דור האָט געהאָפט און געלעכצט, איז קיינמאָל נישט מקוים געוואָרן, און די ווערטער „פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט" זענען בלויז געבליבן אַן אָפּקלאַנג פון אַ חלום. די בירגערלעכע געזעלשאַפט, וועלכע האָט פאַרנומען די ירושה פונעם אַלטן רעזשים, האָט טאַקע, באמת, געקאָנט אַרויסברענ־גען צום לעבן, ווי דורך כּישוף, דעם אַבסטראַקטן באַשאַף פון דער מאָדערנער נאַ־ציע, אָבער זי איז נישט געווען מסוגל צו שאַפן אַן אמתע געמיינשאַפט, וועלכע זאָל זיך סומך זיין אויף אַלעמענס באַדערפענישן און אויף די יסודות פון סאָציאַלער גערעכטיקייט. איר נייער עקאָנאָמישער סדר, וועלכער האָט דעם „קאַמף פון אַלע קעגן אַלעמען" געמאַכט פאַר אַ פּרינציפּ, האָט בלויז געקאָנט אַרויסברענגען יענעם ענגהאַרציקן עגאָיזם, וועלכער טרעט אויף מתים און וועלכער איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. דידאָזיקע געזעלשאַפט איז נישט געווען מסוגל צו שאַפן קיין געזעלשאַפטלעכע פאַרבינדונג צווישן מענטשן און פעלקער; אדרבא, זי האָט נאָך טיפער און נאָך אומפאַראייַנבאַרער געמאַכט די סתירות צווישן זיי און לאַגישערווייז דערפירט צום וועלטקריג און צום געוואַלטיקן כאַאָס פון אונ־דזער צייט.

דעריבער האָט זי אויך פאַר דער אַרכיטעקטור נישט געקאָנט שאַפן קיין נייע פּערספּעקטיוון. אויך דאָ האָט זי צוגעטראָגן איר חלק צו פאַרשאַרפן דעם שפּיל פון די סתירות און דערפירט צו יענער אייגנאַרטיקער סטיללאָזיקייט, וועלכע מ'האָט כאַראַקטעריסטיש באַצייכנט ווי „סטילכאַאָס". ס'איז גענוג זיך צו דערמאָ־נען אינעם אויסשטעל און אויסזען פון אונדזערע מאָדערנע אינדוסטריעלע שטעט,

אין דער טרייסטלאָזער מיאוסקייט פון די שכנים־קאַזאַרמעס, אין דער דולער פאָרמי־רונג פון די הייזער־פראָנטן מיט זייער נאַרישער צעקראָכנקייט, וועלכע מאַכן דאָס אויסזען פון די גאַסן ווי אַ ווילדע גרימאַסע, און מ'האָט דעם איינדרוק ווי גלייך אַלע אומגעלומפּערטקייטן פון דער צייט וואָלטן זיך געוועזן באַשטעלט אַ „ראַנדעוואו״. אַ געזעלשאַפט, וועלכע האָט פאַרלוירן יעדעס אינערלעכע געפיל פון פאַרבונדנקייט בין אדם לחבירו און דעם יחיד געלאָזט אונטערגיין אינעם תוהו־ובוהו פון דער מאַסע, אַזאַ געזעלשאַפט האָט נישט געקאָנט דערגיין צו קיין אַנדערע רעזולטאַטן. דאָרט אָבער, וואו עס רייסט זיך יאָ דורך אַ נייער סטיל ביי עפנטלעכע בנינים און אין מאָדערנע ישובים, דאָרט דרינגט ער תמיד אַרויס פון דער אינערלעכער לעכצעניש נאָך אַ נייער געמיינשאַפטלעכקייט, וועלכע זאָל באַפרייען די מענטשן פון דער קנעכטשאַפט און פוסטקייט פונעם היינטיקן לעבנסשטייגער און באַנייס געבן צוועק און אינהאַלט זייער עקזיסטענץ.

אָבער אויך דידאָזיקע תקופה מיט איר ביז צום עקסטרעם אויספאָרמירטן אינדוסטריאַליזם, מיט אירע פאַבריקן, גרויסע געשעפטן און קאַזאַרמעס, מיט איר אומהיילבאַרער געזעלשאַפטלעכער צעשפּליטערונג און מיטן כאַאָס אין די סטיל־נוסחאות, וועלכער איז זייער פּועל־יוצא, איז דאָך אייגנטלעך נאָר אַ באַווייז פאַרן אויספּיר, וואָס פאַראַ קליינעם באַדייט אין עצם עס האָט דאָס נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין. די צייט איז עס און די מאַטעריעלע, מאָראַלישע און גייסטיקע באַדינ־גונגען פון דער צייט, וועלכע קומען דאָ אומעטום צום אויסדרוק און וועלכע באַ־שטימען דאָך אויך, סוף־כל־סוף, דעם גילוי־דעת פון דער קונסט.

# XI

# די קונסט און דער נאַציאָנאַלער גייסט

דאָס פּערזענלעכע אין דער מאָלעריי. — לעאָנאַרדאָ און מיקעלאַנדזשעלאָ. — לעבנסבאַנעם און שאַפונגסדראַנג. — די געמיינשאַפטלעכע שטריכן פון אַן עפּאָכע און זייער השפּעה אויף דער קונסט. — אַלברעכט דירער און די רעפאָרמאַציע. — דאָס דייטשע אין דירערס קונסט. — פרעמדע השפּעות. — רעמבראַנדט און דאָס נאַציאָנאַלע בירגערטום. — דער קינסטלער ווי אַ קרבן פון נאַציאָנאַלער אומפאַרשטענדעניש. — גאָיאַ און דער גייסט פון דער רעוואָלוציע. — דער קונסטאידעאַל פון די פּריווילעגירטע. — ראָקאָקאָ און רעוואָלוציע. — דאַווויד און די רוימישע זשעסטן פון דער גרויסער רעוואָלוציע. — די ממשלה פונעם בורזשוי. — דאָמיע קעגן דעם „רעזשים פון די בייכער”. — יוסטיץ און מיליטאַריזם אינעם שפּיגל פון דאָמיעס קונסט. — מיליע און מעניע. — דער קינסטלער אין קאַמף קעגן דער סאָציאַלער אָרדענונג. — קונסט־טענדענץ און סאָציאַלע אייגנאַרטיקייט. — דאָס אַלמענטשלעכע אין דער קונסט.—מאַכט און איינבילדונג.

מיר האָבן באַהאַנדלט אַ ביסל אויספירלעכער די אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון דער אַרכיטעקטור, ווייל דאָ ווייזט זיך צום דייטלעכסטן אַרויס דער איבערגאַנג פון די סטיל־נוסחאות און דער איינפלוס פון דער געזעלשאַפטלעכער סביבה אויפן קונסטווערק; ס'וואָלט אָבער געווען פאַלש אָנצונעמען, אַז אין די אַנדערע מינים קונסט האָט די „נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט” פונעם קינסטלער אַן אַנטשיידנדיקן באַדייט פאַרן כאַראַקטער פון זיין ווערק. דאָס פּערזענלעכע אינעם קונסטווערק פאַרנעמט תמיד דעם ערשטן פּלאַץ און גיט אים זיין ספּעציעלע נאָטע. צוויי קינסטלער, וועלכע זענען געבוירן געוואָרן אין דערזעלביקער אָרטשאַפט, געהערן צו דערזעלביקער צייט און זענען אויפן נעמלעכן שטייגער אויסגעשטעלט צו די איינפלוסן פון זייער געזעלשאַפטלעכער סביבה, רעאַגירן גאַנץ פאַרשידנדיק אויף די איינדרוקן, וועלכע זיי נעמען אויף, און וועלכע באַאיינפלוסן מער אָדער ווייניקער שטאַרק זייער שאַפן.

מיגעל אַנדזשעלאָ און לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי זענען ביידע געווען פלאָרענטינער, האָבן ביידע געלעבט אין דערזעלביקער צייט, זענען ביידע דורכגעדרונגען

געוואָרן פונעם גייסט פון זייער עפּאָכע, פונדעסטוועגן אונטערשיידן זיי זיך נישט נאָר אין זייערע ריין־מענטשלעכע קוואַליטעטן ווי טאָג און נאַכט, נייערט אויך דאָס ווערק פון יעדן איינעם פון זיי געהערט צו אַן אַנדערער וועלט און אויך אַפילו די געוואַגטסטע נאַציאָנאַלע פאַנטאַזיע קאָן נישט אַריבערשפּרינגען דעם תהום, וועל־כער ליגט צווישן זייביידן.

פאַראַן אין לעאָנאַרדאָס קונסט עפּעס אַזוינס, וואָס איז ענלעך צו דער מיטאָ־לאָגישער סירענע, עפּעס, וואָס רופט אונדז פון תהומיקער טיפעניש. דאָס רעטעניש־פולע שמייכלען פון זיינע פרויען־געשטאַלטן קומט פון אַן אינערלעכער וועלט, וועל־כע איז אָפּגערוקט און דערווייטערט פון אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט צייט, און טריפט אַריין אין דער נשמה פאַרלאָקנדיקע בענקעניש. עס ווירקט אויפן געמיט ווי פאַרחלומטער שפּיל פון די חושים, וועלכער קאָן קיינמאָל נישט מקוים ווערן. און ווי מיט אַ חלום זענען אויך באַהויכט און אַנגעווייט די זעלטענע לאַנדשאַפטן, וועלכע האָבן גאָרנישט ערדישס אין זיך. שמעקעדיקע מרחקים אַנטציקן דאָס אויג און ווייען־אָן מיט שטימונגען פון איבערמענטשלעכער שיינקייט און פאַרחלומטער טיפקייט. גענוג פאַרצושטעלן זיך די לאַנדשאַפטן פון דער „בתולה פון דער פעלדזנ־הייל", פון יאָהאַנעסן אָדער מאָנאַ ליזאַ. נימפנאַרטיק זענען אַלע געשטאַלטן, וועל־כע ער האָט געגעבן לעבן; נימפנהאַפטיק זענען אויך זיינע מאַדאָננעס, וועלכע זע־נען לחלוטין נישט באַהויכט פון קיין קריסטלעכער טראַדיציע. אַלעס איז אַרומגע־נומען פונעם כישוף פון צאַרטסטער זינלעכקייט, וועלכע דרינגט אַריין ציטערנדיק אין דער נשמה און פון וועלכן ס'דאַכט זיך אויס צו פאַרנעמען דעם שטילן קלאַנג פון די הימלישע ספערן. אָט־דער זעלטענער שטריך ציט זיך דורך לעאָנאַרדאָס אַלע שאַפונגען און קערט זיך כסדר אום אין אַן אומאויסשעפּלעכער פאַרשידנאַרטיקייט. אָט־דער שטריך איז עס טאַקע, וועלכער האָט אַזוי רייצנדיק געווירקט אויף די מענטשן פון זיין צייט און אויף די שפּעטערדיקע דורות, געווירקט ווי די ידיעות פון אַ ווייטן לעגענדאַרישן לאַנד, וועלכעס קיין שום בן־אָדם האָט נאָך נישט באַ־זוכט. שטענדיק און אומעטום דער האַלבפאַרשלייערטער בליק, וועלכער קומט פון סוד־סודותדיקע טיפענישן און ווייט־אָן דאָס געמיט ווי אַ וויזיע פון אַן אַנדער וועלט.

אָבער לגמרי אַנדערש איז געשטימט מיקעלאַנדזשעלאָ, דער מעכטיקער שאַ־פער פון טיטאַנישע געשטאַלטן, וועלכע ער האָט באַלאַסטעט מיט דער קללה פון זיין אייגענעם לעבן. אויך ער גופא איז אַ גיגאַנט, וועלכער וויל שטורעמען אַלע הימלען און פילט תמיד דעם גייסט פון שווערקייט אין זיך; אַ געשטראָפטער פונעם גורל, אין וועמעס באַטריבטער נשמה עס ברויזן איבערמענטשלעכע כוחות, וועלכער געפינט קיינמאָל נישט קיין באַפרידיקונג אין זיינע ווערק און פונדעסטוועגן מוז ער מחמת אַן אינערלעכן אימפּולס כסדר, אומאויפהערלעך, שאַפן, ווייל אַנדערש קאָן ער נישט. אין זיינע דעמאָנישע געשטאַלטן לעבט פּיינפולע איינזאַמקייט און טעמ־פּער ברויז, וועלכער איז צעשטורעמט פון אַלע פּחדים פון דער אייביקייט. אַ סך פון זיינע פיגורן לייגן זיך אויפן געמיט ווי אַ שווערער באַרג. ס'איז גענוג זיך פאַרצו־

שטעלן זיין ירמיהו פון דער סיקסטינישער קאַפּליצע, די סיבילן און אַנשפּאַר־פיגורן פון דער ריזיקער באַלקנמאַלעריי, אָדער גאָר די מעכטיקע סקולפּטורן פון דער מע־דיטשעישער קאַפּליצע אין פלאָרענץ: דער־אָ טאָג, די־אָ נאַכט, דער־אָ פרימאָרגן, דער־אָ אָוונט, אויף וועלכע עס הויערט די לאַסט פון די טויזנטער יאָרן און אין וועל־כע עס שפּיגלט זיך אָפּ די גרימצאָרנדיקע נשמה פונעם קינסטלער. אַפילו די לעדאַ, וועלכע ווערט באַפרוכפּערט פונעם שוואַן, ווייזט־אַרויס דעמזעלביקן אויסדרוק פון בלייענער עצבות און לאָזט נישט אויפקומען קיין געפיל פון זינלעכער ליידנשאַפט. אין אַנדערע געשטאַלטן ברויזט שטורעם פון ליידנשאַפטלעכער התפעלות, ווי אין דער קאָלאָסאַלער פיגור פון משהן, אין וועמעס ריזיקן קערפּער יעדער מוסקול איז געשפּאַנט און אויף וועמעס שטערן עס הויערט אַ שטימונג פון שטורעם־אויסברוך. אויך דער קריסטוס פונעם „לעצטן משפט" און די מחנה נאַקעטע גיגאַנטן, וועלכע פילן אָן דעם הינטערגרונט, אָטעמען מיטן זעלביקן גייסט.

דאָ קומט צום אויסדרוק די פאַרשידנאַרטיקייט פון דער וועלט־אַנשויאונג. אין לעאָנאַרדיס קונסט איז דער הומאַניזם, וועלכער איז נישט געווען דער גייסט פון אַ נאַציע, נאָר דער גייסט פון אַן עפּאָכע, דערגאַנגען צו זיין קולמינאַציע־פּונקט און גלייכצייטיק צו זיין אַליץ אַרומנעמענדיקן אויסדרוק. אין מיקעלאַנדזשעלאָס ווערק אָבער איז שוין דער הומאַניזם אַ בייגעקומענער און ער טרעט־אָפּ דאָס פּלאַץ פאַרן אינערלעכן שטרעבן צו איבערמענטשלעכע זאַכן, וועלכעס פאַרנעמט זיך אַנצו־קלאַפּן אין אַלע פאַרהוילענע שערי־שמים און שערי־גיהנום, אַן אַנגערעגטער פונעם ברויז פון דער בונטאַרישקייט און פונעם פאַנאַטישן פאַרלאַנג נאָך יושר און צדק, וועלכעס זאָל ווידער ווערן מענטשגערעכט. דער מאַן, וועלכער בונטעוועט זיך קעגן קייזער און פּויפּסט, וועלכער פאַרטיידיקט אין דזשיאַנאָטטיס דיאַלאָגן דעם טיראַ־נענמאָרד, „מחמת דער טיראַן איז נישט קיין מענטש, נאָר אַ בעסטיע", לעבט אויך אין זיין ווערק.

דאָס, וואָס ווייזט זיך אַרויס אין ערשטער ליניע אינעם ווערק פון אַ גרויסן קינסטלער, וועלכער געשטאַלטיקט־אויס גייסטיקע פּראָבלעמען, איז נישט דאָס צו־פעליקע פון זיין נאַציאָנאַליטעט, נייערט דאָס טיף מענטשלעכע, וועלכעס באַלאַנגט צו אַלע צייטן און לערנט אונדז פאַרשטיין דאָס לשון פון אַלע פעלקער. נעבן דעם שפּילן אַ גאַנץ קליינע ראָל די פּרטים, וואָס זענען נוגע די אָרטלעכע סביבה — מעגן זיי זיין ווי שטאַרק וויכטיק ווי אַן אָנווייז פאַרן טעכנישן און געשיכטלעכן משפט איבערן ווערק. אָבער אויך די ריין־לאָקאַלע שטריכן פונעם ווערק גיבן אים נאָך נישט קיין נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, מחמת בתוך פון יעדער נאַציע, און בפרט פון יעדער גרויסער נאַציע, זענען פאַראַן אַ מענגע לאָקאַלע השפּעות, וועלכע ווירקן בשלום איינע ביי דער זייט פון די אַנדערע אין אַ פילקאָליריקן צונויפמיש, וועל־כע לאָזן זיך אָבער קיינמאָל נישט צונויפקוועטשן אין די ענגע ראַמען פון אַ פיק־טיוון נאַציאָנאַלן באַגריף.

דאָס, וואָס אַ לעאָנאַרדאָ למשל האָט געוואָלט ברענגען צום אויסדרוק אין

זיין „מאָנאַ ליזאַ״, זענען געווען די פּילפּאַכיקע עמאַציעס פון דער מענטשלעכער נשמה, דער פאַרהוילענער צופלוס און אָפּפלוס פון די טיפסטע אינערלעכע געפילן. ער האָט זיך דעריבער פאַרנומען אויפצוכאַפּן די שטילסטע וויבראַציעס פונעם געפיל, און גראָד דאָס וייב, וועלכעס ער האָט אַזוי צו זאָגן באַנייס אַנטדעקט פאַר דער קונסט, האָט אים דערצו געגעבן דעם בעסטן אָנשפּאַר. דאָס עניגמאַטישע פּנים פון „מאָנאַ ליזאַ״ שפּיגלט־אָפּ אַלע עקסטרעמען פונעם מענטשלעכן געפיל: ליבלעך־שטראַלנדיקס און אָפּגרינטיק־דעמאָנישס, גוט־אויפגעלייגטע אָפּנהאַרציקייט און ביטרע אָפּנאַרעריי, אומפּאַראינטערעסירטע ריינהייט און פאַרפירערישע סענסואַליטעט. ס׳איז דעם קינסטלערס אייגענע נשמה, וועלכע שטראַלט־אַרויס פון אָט־דעם בילד. ער אַליין — אַ פאַוסט, וועלכער שלעפּט זיך איבער אַלע טונקעלע סטעזשקעס, צעפּייניקט פון דער תשוקה צו דערגיין, געוואויר צו ווערן, און וועלכער האָט פונדעסטוועגן קיינמאָל נישט געקאָנט דערגיין אַזוי ווייט ווי ביז צו די לעצטע גרענעצן. און טאַקע אָט־דאָס טיפסטע איבערלעבן די אינערלעכע טראַגיק פון דער מענטשלעכער נשמה איז עס, וועלכעס גיט דעם ווערק זיין אמתע גרויסקייט. אויך ביי מיקעלאַנדזשעלאָ פאַרוואַנדלט זיך יעדעס ווערק אינעם אויסדרוק פונעם אייגענעם פּסיכישן געפיל. „און תמיד איז עס געוואָרן אַ בילד פונעם אייגענעם פּיין, האָט עס געהאָט מיין שטערנס אומעטיקן סימן מובהק״. אין אָט־דער טיפסטער עמפּינדלעכקייט פונעם מענטשן און קינסטלער איז נישט פאַראַן אַפילו קיין שפּור פון נאַציאָנאַלן געפיל. ווי קליין און נישטיק איז יעדער מין נאַציאָנאַלע באַרימעריי אין פאַרגלייך מיט אָט־דער זיך ראַנגלענדיקער מענטשלעכקייט, וועלכע שטרעבט תמיד צום אייבערמענטשלעכן.

פונקט ווי עס פּאַסירט אין דער געשיכטע, וואו די מכלומרשטע נאַציאָנאַלע שטריכן רוקן זיך אָפּ אין הינטערגרונט לגבי די אַלגעמיינע שטרעמונגען פון דער צייט, פון וועלכע קיין שום פאָלק קאָן זיך נישט אויסהיטן, פּאַסירט אויך דאָס נעמלעכע אין דער קונסט. אַזוי, אַ שטייגער, וואָלטן מיר זיך זייער שווער געקאָנט אויסמאָלן די מעגלעכקייט פון אַלברעכט דירערס ווערק אָן דער רעפאָרמאַציע און אירע גרויסע צאָל נעבנדיקע שטרעמונגען. נאָר ווען מ׳האָט קלאָר פאַר די אויגן דעם שטורעם און דראַנג פון יענער ברויזנדיקער צייט, אין וועלכער עס האָט זיך צונויפגעפלאָנטערט אַזוי פיל אַלטס און נייס, באַגרייפט מען די משונהדיקע פאַרבינדונגען, וועלכע אַנטפּלעקן זיך אין דירערס שאַפן. מיר ברענגען דירערן פאַר אַ ביישפּיל, ווייל מ׳האָט אים אַזוי אָפט און אַזוי אָן אַ מאָטיוו אָוועקגעשטעלט ווי דעם „דייטשסטן פון אַלע דייטשע מאָלער״. אַזאַ כאַראַקטעריזירונג זאָגט דאָך אינדעראמתן גאָרנישט. אויב מ׳וויל באַצייכענען ווי דייטש דאָס טיפסטע אַריינדרינגען פונעם מייסטער אין די צאַרטסטע רעגונגען און פּסיכישע אויסשטראַלונגען פון דער היימלענדישער ערד, טאָ מעג מען עס טאָן, אָבער עס ווערט דערמיט לגמרי נישט אויסגעדריקט דער אמתער מהות פון דירערס קונסט און לאָפּאַרג איז נישט אומגערעכט, ווען ער האָט געזאָגט:

„די דייטשע זייט פון זיינע ווערק איז די באַגרעניצונג פון זיינע קענטענישן. דער נאַציאָנאַלער אָדער ראַסישער שטריך אין יעדן קונסטווערק איז גלייכצייטיק דער סימן פון זיין שוואַכקייט. דאָס, וואָס מיר רופן אָן דייטש, איז וואָרשיינלעך נאָר די פאָרעם פון אַ נישט גאָר אַלטער קולטור*).

אין דירערס קונסט לעבט יענץ זעלטענע ערגעצלאַנד, וועלכעס די היימלענדישע סביבה האָט געלאָזט אויפקומען אין זיין נשמה, עס באַפעלקערט מיט די באַשעפענישן פון זיין פאַנטאַזיע, וועלכע, היות זיי זענען ווי איינס מיט דער לאַנדשאַפט, אָטעמען זיי די לופט פון איר ערד און פילן איבער זיך איר הויכן געקאַרבטן הימל. אַזעלכע ווערק ווי „היראָנימוס אים געהויז", „די פלוכט נאָך עגיפטען", „דער הייליגע אַנטאָניוס" אָדער „ריטטער, טאָד און טויפעל" און אַ סך אַנדערע זענען באַשטראַלט פון יענעם זעלטענעם גלאַנץ פון דער היימלענדישער ערד, וועלכער רופט אַרויס אַזוי פיל בטחון און ווירקט אַזוי גוט אויפן געמיט. אָבערביים זעלביקן קינסטלער, אין וועמעס נשמה עס שפיגלט זיך אָפּ דער גאַנצער כישוף פון זיין אָפּוועזנדיקן היימלאַנד, לעבט אויך די פאַרלאָקנדיקע בענקעניש, דער שטומער ריטם פון די זוניקע פעלדערייען, וועלכע זיין פוס האָט דורכגעוואַנדערט און זיין קונסט האָט באַפרוכפּערט. אָט טאַקע דערדאָזיקער איינפלוס איז עס, דערדאָזיקער רוף פון די דרומדיקע מרחקים, וועלכער שטעלט זיך אַרויס אַזוי איינדרוקספול אינעם מייסטערס ווערק. ווען שעפלער פירט־אויס, אַז „ביי אַזאַ מאָלער ווי דירער זענען דאָס גאָטישע מיטן גריכישן איינגעגאַנגען אויף אַ העכסט מערקווירדיקער פאַרבינדונג", ברענגט ער אַרויס צום אויסדרוק דעמזעלביקן געפיל, נאָר מיט אַנדערע ווערטער. דירער האָט אויפגענומען אין זיך דעם גאַנצן שאַפונגסדראַנג פונעם איטאַליענישן רענעסאַנץ און דערמיט געזעטיקט אַלע רמ"ח אברים פון זיין וועזן. די השפעה פון אַזעלכע איטאַליענישע מייסטער ווי ווערראָקקיאָ, לעאָנאַרדאָ, מאַנטעניאַ, בעליני, ראַפאַעל, פאָללאַדזשואָלע און איינקע אַנדערע קומט דייטלעך צום אויסדרוק אין אַ סך פון זיינע שאַפונגען. אַזוי האָט, — בכדי דאָ אַרויסצופירן בלויז איין ביישפּיל — ווערראָקיאָס רייטער־סטאַטוע פונעם גאָללעאָני שטאַרק אָנגערעגט דירערן און מ'קאָן אָננעמען מיט זיכערקייט, אַז אָן אָט־דעם איינפלוס וואָלטן אַזעלכע ווערק ווי דער „הייליקער געאָרג" און „ריטטער, טאָד אונד טויפעל" קיינמאָל נישט געווען באַשאַפן געוואָרן. אויך די איטאַליענישע רענעסאַנץ־לאַנדשאַפט און אויפן ערשטן פלאַץ די ליבע צום נאַקעטן מענטשלעכן קערפּער, וועלכע איז דער כאַראַקטעריסטישער סימן מובהק פונעם רענעסאַנץ, האָבן געהאַט אַן אומאָפּלייקנבאַרן איינפלוס אויף דירערס קונסט.

דירער האָט אויפגענומען אין זיך אַלץ פרעמדע, עס איינגעזויגן מיט אַלע זיינע פאָרן, ביז ס'איז געוואָרן אַ שטיק פון אים גופא. אַזוי האָט זיך צונויפגעמישט אין זיין ווערק דאָס געדריייטע און מטושטשע פון דער צפונדיקער ערד מיט די קלאָרע און אויפגעלייגטע איינדרוקן פונעם דרום, וועלכע האָבן אויסגעליי־

*) John Lafargue, Great Masters, N. York 1906.

טערט זיין שפרודלדיקע פאַנטאַזיע און געגעבן זיין קונסט יענעם גרויספאַר־נעמיקן שטריך. אויך דאָס טיף מענטשלעכע אין דירערס שאַפונגען, וועלכעס מאַכט אונז אַזוי נאָענט זיינע קריסטוס־געשטאַלטן, איז לחלוטין נישט קיין „אַנטפלע־קונג פון זיין דייטשער נשמה", נייערט אַן אַנטפלעקונג פון די גייסטיקע שטרע־בונגען פון זיין צייט. דאָ רעדט צו אונז דער הומאַניסט דירער, וועלכער דרינגט אַריין ביז אין די טיפסטע טיפענישן פון דער מענטשלעכער נשמה. דער טיף־מענטשלעכער שטריך אין דירערס קונסט רעדט אויך אַרויס פונעם באַקאַנטן אוי־טאָ־פאָרטרעט פונעם מייסטער אין דער מינכענער פינאַקאָטעק, — אַ שטילער גריב־לער מיט זוכנדיקע אויגן, וועמעס בליק איז אָבער געווענדט אינעווייניק אַריין. מען פילט, אַז הינטער אָט־דעם שטערן ראַנגלען זיך די גרויסע פראָבלעמען פון דער צייט און זוכן אַ שאַפונגס־תיקון. אָבער דער טיפער ערנסט, וועלכער שטראַלט אַרויס פונעם פנים, זאָגט אונדז אויך, אַז אָט־דער געהירן וועט נישט לייזן אַלע רעטענישן און נישט־ווילנדיק טראַכט מען וועגן באַפליגלטן ווייב אין דער „מעלאַנ־כאָליע" פונעם מייסטער, וועלכעס קוקט מיט אַ טעמפן געבריל אין אַ רעטזעלהאַפ־טיקן מרחק, איבער וועלכן עס שפרייט זיך אויס משונהדיק דער שיין פונעם קאָ־מעט און פונעם צפונדיקן ליכט.

וואָלט טאַקע אינדעראמתן עקזיסטירט עפעס אַזעלכעס ווי אַ נאַציאָנאַלע קונסט, טאָ וואָלט אַזאַ קינסטלער ווי רעמבראַנדט און מיט אים אַ מחנה אַנדערע געווען אומדענקבאַר. מחמת דאָס „נאַציאָנאַלע געפיל" פון די מענטשן פון זיין צייט האָט בלויז געהאַט חוזק און שפאָט פאַרן ווערק פונעם גרעסטן קינסטלער, וועלכן דאָס קליינע האָלאַנד האָט אַרויסגעבראַכט. די בעלי־דבר פונעם „נאַציאָנאַלן סענ־טימענט" האָבן געהאַט אַזוי ווייניק פאַרשטענדעניש פאַר רעמבראַנדטס גרויסקייט, אַז זיי האָבן אים גאַנץ רואיק געלאָזט אומקומען אין נויט און עלנט און אפילו זיין טויט האָבן זיי נישט געשענקט די מינדסטע אויפמערקזאַמקייט. ערשט לאַנג נאָך זיין פטירה האָט זיך רעמבראַנדט פאַמעלעך אַריינגערוקט אין די רייען פון די אומ־שטערבלעכע און היינט שטעלט אים זיין לאַנד אַרויס ווי דעם סימבאָל פונעם נאַ־ציאָנאַלן גייסט.

דאָס נידערלענדישע בירגערטום, וועלכעס האָט אַמאָל געפירט אַ פאַרצוויי־פלטן קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון לאַנד פונעם שפאַנישן דעספאָטיזם, איז אַרויס זיגעריש פון אָט־דעם געראַנגל. אַ נייער גייסט האָט אַרומגעכאַפט אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג און דערפירט דאָס קליינע לאַנד צו אַן אומגעדאַכטן אויפ־בלי. אין אַלע שטעט האָט עס געטומלט און געווימלט; אומעטום איז געווען צו באַמערקן אַן עודף פון לעבנסקראַפט. אין פראַנץ האַלס בילדער לעבט נאָך אַ לעצ־טער איבערבלייב פון אָט־דעם דרייסטן גדלות, וועלכעס האָט זיך פאַרשיכורט מיט זיין אייגענער קראַפט. אָבער אָט־דער קרעפטיקער גייסט איז היפש גיך אָפגעטעמפט געוואָרן, בהסכם דערמיט ווי ס'האָט זיך ביים בירגערטום אָנגעהויבן אַרויסרוקן די בענקעניש נאָך רעגלאַמענטירטע פאַרהעלטענישן, וועלכע האָט באַקומען אַן אַלץ

פעסטערע געשטאַלט צוזאַמען מיט דער שטייגנדיקער אַנטוויקלונג פונעם מסחר און פונעם סוחרישן קאַפּיטאַל. אַזוי אַרום האָט זיך ביסלעכווייז אַנטוויקלט דאָס באַקוועמלעכקייט־זוכנדיקע פיליסטערטום, וועלכעס האָט געזען אַלץ נאָר אין ליכט פון זיינע מאַטעריעלע אינטערעסן און זיך מכוון געווען אַוועקצושטעלן דאָס לעבן לויט פעסטע כללים.

פאַר רעמבראַנדטן איז אָט־די בירגערלעך־נאַציאָנאַלע אָרדענונג געוואָרן די קללה פון זיין לעבן. כל־זמן ער האָט געפּרואווט צו באַפרידיקן — ווי ער האָט דאָס געטאָן לכתחילה — בעסער צי ערגער דעם געשמאַק פון זיין פאַנטאַזיעלאָז פּובליקום, איז עס אים ווי עס איז געגאַנגען נישט שלעכט. ביז דער קינסטלער האָט זיך אין אים אויפגעוועקט. דעמאָלט האָט זיך געענדיקט דעם מייסטערס ביליקע פּאָפּולאַריטעט און ס׳האָט זיך אַלץ דייטלעכער אַרויסגערוקט דער אומפּאַראייַנבאַרער קעגנזאַץ צווישן אים און דער „נאַציע". אָט־די סתירה האָט אין זיין שאַפן אַ גאַנץ בכיוונדיקן אויסדרוק און דערגייט אַפילו ביז צו בייסנדיקער שאַרפקייט. דער קינסטלער איז געוואָרן אַ בונטאַר קעגן זיין צייט און ער האָט מיט דער גאַנצער שאַרפקייט געצויגן אַ גרענעץ צווישן זיין קונסט און דעם נאַציאָנאַלן פיליסטערטום פון זיין לאַנד. אָט, למשל, יענער „שימשון" אין בערלינער קייזער פרידריך־מוזיי, וועלכער שטעלט אַרויס די דראָענדיק־צונויפגעקוועטשטע פויסט קעגן זיין שווער, אָדער יענער גרימצאָרנדיקער „משה" אין דרעזדען, וועלכער צעברעכט אין אַן אָנפאַל פון כעס די לוחות מיט די עשרת הדיברות, און מ׳פילט, אַז דאָס איז רעמבראַנדט גופא, וועלכער צעשמעטערט די לוחות פונעם בירגערלעכן סדר, אָן וועלכן ער האָט געמוזט צעשמעטערן זיין לעבן.

אָבער אויך אין זיינע שפּעטערדיקע ווערק, אין וועלכע עס ווייזט זיך אַרויס דעם קינסטלערס אייגנאַרטיקייט אין זיין גאַנצער רייפקייט, ווען ער האָט שוין פון לאַנג געהאַט אויפגעגעבן די כוונה צו קילן זיין געמיט אינעם שלום־ושלווהדיקן באַלעבעסל, דערנענטערט ער זיך נישט צום נאַציאָנאַלן געפיל פון זיין לאַנד; אַדרבא, דער תהום צווישן זיין קונסט און דער נאַציאָנאַלער געשמאַקלאָזיקייט ווערט אַלץ גרעסער און טיפער. ביז ער באַזעצט זיך גאָר אין סאַמע געטאָ פון אַמסטערדאַם, וואו די פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל פאַרטריבענע אידן דעקן־אויף אַ נייע וועלט פאַר זיין אויפמערקזאַמען און וואַכזאַמען בליק, אַ וועלט, וועלכע איז אַזוי משונה־מאָדנע אַנדערש ווי די גרויע טאָגטעגלעכקייט, וועלכע ער האָט ביז איצט געקענט; דאָ פאַרגעסט ער ביסלעכווייז אויך די האָלענדישע סביבה און שוועבט אין דער גאַנצער פּילקאָלירישער פאַרחלומטקייט פונעם מזרח. דאָס, וואָס ער האָט פריער בלויז געפילט אינטואיטיוו און אויסגעפּירט אויף אַ פאַרשידענעם שטייגער, ווערט פאַר אים איצט אַ טיפע פּסיכישע איבערלעבעניש. אַזוי אַרום איז ער געוואָרן דער גרעסטער צויבער אין דער מאָלעריי, וועלכער דרינגט דורך גייסטיק אַלעס פיזישע און אַנטפּלעקט די פאַרבאָרגענע לאַנדשאַפט פון דער נשמה. און דווקא דאָס מאַכט אים פאַר אַ טרעגער פון אַ נייער קונסט, וועלכע ווערט נישט גע־

שטרויכלט דורך קיין שום נאַציאָנאַלער התחייבות, און דעריבער האָט זי פּאַר די מענטשן פון אַ שפּעטערדיקער צייט געמוזט ווערן ווי אַן אינערלעכע אַנטפּלעקונג.

אויך אַ טיפער סאָציאַלער שטריך לעבט אין אַט־דער קונסט. אַט לאָמיר וואַרפן אַ בליק אויפן קריסטוס פונעם „הונדערט גולדן־בלאַט", אַט־דעם רעטער פון די פאַראַכטעטע און אַרויסגעשטויסענע, אַרומגערינגלט פון אָפּגעריסענע בעטלער, פון קראַנקע און פאַרקריפּלטע, וועלכע לעכצן פול מיט פּיין נאָך דערלייזונג. זענען דאָך טאַקע בעטלער, שיכורים און וואַגאַבונדן געווען דעם קינסטלערס שטענדיקע באַגלייטער אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, מחמת אין שיכרות האָט ער געזוכט פאַרגעסנהייט, בכדי ווי עס איז צו קאָנען בכלל אָנהאַלטן זיין עקזיסטענץ. און נישט פאַרגעסן דאַרף מען דאָ דעם מייסטערס לעצטע אויטאָפּאָרטרעטן, פון וועלכע עס קוקט צו אונדז אַרויס אַ פון שיכרות צעקרומט, פון פּסיכישער פּיין געבראַנדמאַרקט פּנים, — אפשר דער מאוימדיקסטער אָנקלאָג קעגן דער נאַציע, וועלכער איז וועך־עס־איז פאַרצייכנט געוואָרן פון אַ קינסטלער אויפן לייוונט.

יעדע גרויסע קונסט איז פריי פון נאַציאָנאַלער באַשרענקטקייט און זי ווירקט אַזוי מעכטיק און אַזוי געוואַלטיק אויף אונז נאָר דערפאַר, ווייל זי באַרירט די פאַר־באָרגענע וויבראַציעס פון אונדזער מענטשטום, אַנטפּלעקט די גרויסע איינהייט־לעכקייט פונעם מענטשס נשמה. מ'דאַרף זיך נאָר פאַרטיפן אין פראַנסיסקאָ גאָיאַס שאַפונגען, פון וועלכע ס'שטראַלט אַרויס צו אונדז דער גאַנצער ברויז פון די דרומ־דיקע קאַנטן. אָבער הינטער די אויסערלעכע פאָרמען פון דער דרומדיקער סביבה חלומט דעם קינסטלערס נשמה, שטייען אידעען און פּראָבלעמען, וועלכע ער וואַרפט־דורך אין זיין געהירן און וועלכע זענען נישט קיין פּראָבלעמען פון זיין לאַנד, נאָר די פּראָבלעמען פון זיין צייט. ווייל יעדע לעבנסקרעפטיקע קונסט ברענגט אַרויס צום לעבן דעם פּסיכישן צימצום פון איר תקופה, וועלכע ראַנגלט זיך אינסטינקטיוו נאָך אויסדרוק. און גראָד דאָ קומט דאָס ריין־מענטשלעכע, וועלכעס איז גובר די פרעמדע סביבה און פירט אונדז אַרויף אויף היימישער ערד.

מ'דאַרף נישט זיין קיין שפּאַניער, בכדי צו קאָנען אָפּשאַצן גאָיאַס קונסט אין איר גאַנצער גרויסקייט. פון זיינע ווערק הערט זיך דער גערויש פון אַ נייער צייט, וועלכע קומט־אָן און גייט־אַריבער מיט אייזערנע סאַנדאַלן איבער אַן אונטערגייענ־דיקער וועלט און ווייט־אָן מיט אַ שטימונג ווי ביים אונטערגאַנג פון אַלץ באַשטיי־ענדיקע. זיינע פּאָרטרעטן פון דער שפּאַנישער קעניגלעכער משפּחה און פון דער גאַנ־צער הויפישער סביבה זענען אַכזריותדיקע שילדערונגען פון אַן אומברחמנותדיקן גאַרעניש צו גערעכטיקייט, וועלכע מאַכט נישט קיין הנחות און רייסט אַראָפּ די פּליטערלעך פון דער גאָטגעבענטשטקייט פונעם מאַיעסטעטישן גלאַנץ. נאָר דאָס מענטשלעכע, דאָס דורכויס מענטשלעכע, קומט דאָ צום אויסדרוק. ניטשעס זאָג: „אָפּט זיצט דאָס פוילעניש אויפן טראָן און אָפּט דער טראָן אויפן פוילעניש" ווערט דאָ איןביידע פאַלן אַן אמת.

און דאָס, וואָס ס'איז חל אויף זיינע בילדער, איז אין נאָך אַ גרעסערער

מדרגה חל אויף דעם מייסטערס גראַווירונגען. דאָ נעמט אָן גאָיאַס בונטאַרישער געפיל ממש טייוולאָנישע פאָרמען. זיינע „דעסאַסטרעס דע לאַ געררע״ זענען דאָס מאוימדיקסטע, וואָס איז ווען־עס־איז געזאָגט געוואָרן קעגן דער מלחמה. אין יענע שוידערלעכע שילדערונגען איז נישט פאַראַן אַפילו קיין שמץ פון הערא‍ָישן געפיל, קיין שום מין פאַטריאָטישע באַגייסטערונג, קיין שום גלאָריע פון די גרויסע מלחמה־פירער; נאָר די מענטשלעכע בעסטיע ווייזט זיך דאָ אַרויס אין אַלע פאַזן פון אירע מערדערישע טועניש. עס רעדט צו אונדז דאָ אין זיין אייגענעם לשון אַ רעוואָלוציאָנער אינעם דרייסטסטן באַדייט פונעם וואָרט; ער רעדט צו אונדז אין אַ שפּראַך, וועלכע ווערט פאַרשטאַנען פון אַלע פעלקער און רייסט־אַראָפּ פונעם פאַטריאָטישן ליגנט די לעצטע שמאַטעס פון זיין לייב; אַ גרויסער מענטש לאָזט דאָ הערן זיין מיינונג וועגן דעם אָרגאַניזירטן פעלקערמאָרד. גאָיאַס אַלעס צעשטערנדיקער גייסט שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר קיין שום הייליקייט. מיט ביטערער איראָניע און גרימצאָרנדיקער פאַראַכטונג צעשמעטערט ער די דאַמבעס פון די פאַרצייטנס אַריבערגעבראַכטע טראַדיציעס און געאַכפּערטע באַגריפן. ער שרייבט־אָן זיין „מענעטעקל״ איבער די טויערן פון דער אַלטער געזעלשאַפט און באַציט זיך צו די פאַרטרעטער פון שטאַט און קירך מיט דערזעלביקער אומברחמנותדיקייט, מיט וועלכער ער באַציט זיך צום גאַנצן באַלאַסט טויטע קאָנווענציעס און געירשנטע פאָראורטיילן פון די מענטשן פון זיין צייט. ווען די פלאַמיקע סימנים פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָבן אויך אָנגעהויבן וואַרעמען אין שפּאַניע, האָט דעמאָלט דער קינסטלער געיובלט פאַר די פערספעקטיוון פון דער נייער צייט, וועלכע דאַרף איצט אָנקומען. אָבער די ענטוזיאַסטישע האָפענונגען זענען באַלד צערונען געוואָרן, און ווען פערנאַנדאָ דער זיבעטער האָט פאַרביטן נאַפּאָלעאָנס ברודער אויפן טראָן, האָט די שוואַרצסטע רעאַקציע עזותדיק אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אָפּגעחוזקט פון אַלע חלומות וועגן אַן אָנקומענדיקער פרייהייט. די אינקוויזיציע האָט באַנייס צוריקבאַקומען אירע אַלטע רעכטן, אַלע יונגע שפּראָצונגען זענען אומגעקומען אין דער פאַרפּעסטעטער לופט פון אַ בלוטיקן דעספּאָטיזם און אַ געדיכטע חשכות האָט זיך אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד. אויך גאָיאַס חלום איז אויסגעחלומט געוואָרן. פולשטענדיק טויב און אָנגעפילט מיט גרימצאָרנדיקער פאַראַכטונג צו מענטשן, האָט ער געלעבט אין גאַנצן צוריקגעצויגן פון דער וועלט אין זיין דאָרפישער הייזקע נעבן מאַדריד, בלויז מיט די באַשעפענישן פון זיין גיהנומדיקער פאַנטאַזיע, וועלכע האָט געהאַלטן זיין האַנט צוגעקאָוועט צו די ווענט. מאוימדיקע פיגורן פון אַ שטומער וועלט פון רוחות, אַרומגערינגלט מיט משוגעת פון אַלע פּחדים, וואָס אין פאַרגלייך צו זיי ווירקט דאַנטעס גיהנום שלום־און־שלווהדיק. ביז דער גרייזגרויער קינסטלער האָט זיך אויך אין אָט־דער איינזאַמקייט מער נישט געפילט זיכער קעגן דער רשעות פונעם דעספּאָט, וועלכן דאָס פאָלק האָט אָנגערופן טיגער, און ער האָט זיין אויסגעצערטן קערפּער געמוזט שלעפּן קיין פראַנקרייך, וואו דער טויט האָט אים פאַרשלאָסן זיינע מידע אויגן.

מעגן באַגייסטערטע אָנהענגער פון „קונסט לשם קונסט״ נאָך אַזוי שטאַרק אויסשרייען זייער אַני־מאַמין, אַז די קונסט איז צייטלאָז, אָבער די קונסט־געשיכטע פון יעדער עפּאָכע גיט אונדז אומצייליקע ביישפּילן ווי אומאָפּהאַלטזאַם די גייסטיקע און סאָציאַלע שטרעמונגען פון דער צייט קומען צום אויסדרוק אין דער קונסט. ס׳איז גענוג צו פאַרגלייכן די ווערק פון דער ראָקאָקאָ־קונסט אין פראַנקרייך מיט זשאַק־לואי דאַווידס שאַפונגען און מ׳וועט באַלד אויפן ערשטן בליק פאַרשטיין, אַז אין דעם קורצן צייט־מרחק, וואָס ליגט צווישן זיי ביידע, האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ שטיק וועלטגעשיכטע פון געוואַלטיקן פאַרנעם.

דער פּאָמפּאַדורס אָפּקלינגענדיקע ווערטער „נאָך אונדז דער מבול״ האָבן געשוועבט אויף אַן אומזעבאַרן אויפן איבער אַלע טויערן פון דער אַלטער געזעלשאַפט, וועלכע האָט מיט זיך בלויז פאַרגעשטעלט אַ וועלט פון אָפּנאַרערישן גלאַנץ, אַ געזעלשאַפט, וועלכע איז פּונקט אַזוי צעברעכלעך ווי איר פיינער פאַרצעלאַן און איר דינפיסיק געשניצט מעבל, וועלכעס איז, קאָנטיק, געמאַכט געוואָרן מער פאַרן אויג ווי פאַרן פּראַקטישן באַנוץ. איר שפּראַך איז צירלעך־מאַנירלעך, איר באַנעם, אויפפיר און האַלטן זיך זענען ווי די פאַרכאַפּנדיקע העפלעכקייט. זי האָט מער נישט קיין פאַרשטענדעניש פאַר קאָרנעילס העראָאישע זשעסטן אָדער פאַר ראַסינס שטייפער השיבות. נאָר דאָס אינטימע, דאָס צירלעך־מאַנירלעכע האָט נאָך אַ צוציאונגסקראַפט פאַר אירע טרעגער; איר ליידנשאַפט איז דאָס פּאַסטאָראַל־שפּיל, די גאַלאַנטע אַוואַנטורע, ביי וועלכער מ׳האָט שוין גאָרנישט וואָס איינצושטעלן; און ווען דער אָפּגעשוואַכטער קערפּער איז נישט מער מסוגל אויסצוהאַלטן דעם געווירבל פון די חושים, מוזן קומען קינסטלעכע מיטלען, בכדי צוצוהעלפן דער אַקטיוויטעט פונעם עראָטישן אימפּולס. אין אָט־דער טעאַטראַלישער וועלט זעט אַלעס אויס געצירט, פאַרוויילעכט איבעראַפינירט; אַלעס צערטלט, שמייכלט, הוידעט זיך, טענצלט-אונטער, פאַרלאָקט, זיפצט פאַרליבט, שמעקט מיט פּערפום און שמינק און פאַרטראַכט זיך אַפילו נישט אויף קיין איין אויגנבליק, אַז אינדרויסן קומט־אום אַ גאַנץ פאָלק אין שרעקלעכער נויט. און ווען עס רייסט זיך אַריין פון צייט צו צייט אַ טעמפּער ברויז אינעם צאַרטן גליק פון אָט־דער באַשטענדיקער יום־טובֿדיקייט, קוקט מען זיך אַ ווײַלע אָן פאַרווירט און צעשראָקן, בכדי תיכף פונדאָסניי אָנצוהייבן מיט דער גראַציעזער אויסגעלאַסנקייט. זיך אָפּצושליסן פון יעטוועדער ווירקלעכקייט פונעם דרויסנדיקן לעבן, נישט זען, וואָס ס׳פּאַסירט, — דאָס איז געווען דער פאַראַל פון יענער געזעלשאַפט, וועלכער מאָצאַרט האָט פאַרשטאַנען צו געבן אויף אַזאַ אַנטציקנדיקן אופן קלאַנג און ריטם אין זיין „פיגאַראָ״.

וואַטאָס „פאַרשיפונג צו דער אינדזל צייטער״ האָט געקאָנט דינען ווי אַ כאַראַקטעריסטיק פאַר יענער עפּאָכע. אַ געזעלשאַפט פון פאַרליבטע ראָקאָקאָמענטשן אויף אַ לאַנדשאַפט נעבן א שטילן וואַסער, וואַרטנדיק אויפן שיפעלע, וועלכעס דאַרף זיי אַריבערפירן צום פאַרחלומטן ערגעצלאַנד פון די גליקזעליקע. דאָ פאַרגעסט מען לגמרי וועגן פיין און לייד פון דער וועלט; קיין שום שאַרפער לופט־

צוג רייסט זיך נישט אַריין אין אָט־דעם פאַרבאָרגענעם גן־עדן. דאָס גאַנצע לעבן ווייזט אויס צו זיין אַרומגענומען מיט אָנגענעמע ריחות און תענוגים, — אַ גע־טרייע קאָפּיע פון יענער גאַלאַנטער געזעלשאַפט, וועלכע האָט געלעבט ווי אין אַ ליבעס־גאָרטן און האָט פאַרמויערט אַלע טויערן, בכדי קיין שום אומגעווינטשענער זאָל נישט קומען שטערן איר נחת־רוח. דאָס, וואָס וואַטאָ האָט אָנגערעגט, האָט דערנאָך באַקומען אַן אַלץ פיינערע און פערפעקטערע שילדערונג אין די ביכער פון לאַנקרעט, בושער, פראַגאָנאַר און אַנדערע. דאָ איז נישט פאַראַן גאָרנישט פון יע־נעם גרויסן, פייערלעכן, ערנסטן, וועלכעס וואָלט ביים צוקוקער געקאָנט אַרויס־רופן ערנסטע אָדער גאָר פיינלעכע דמיונות. דאָס לעבן שטייט אונטערן צייכן פון ווענוס, די עראָטיק איז זיין איינציקער תוכן. ס'איז נישט די נאַאיווע באַגערלאָזע נאַקעטקייט פון אַ פאַרגאַנגענער צייט, וועלכע גיט דעם קינסטלער אַ געלעגנהייט נאָכצופאָרשן אַלע באַוועג־מאָטיוון פונעם מענטשלעכן קערפּער; ס'איז אויך נישט די פּשוטע זינלעכקייט, וועלכע קומט־אַרויס אַזוי פּראָסט פון רובענס שאַפונגען. דאָ ווייזט זיך אַרויס עפּעס אַנדערש. אַ לייכטער אויפציטער נעמט־דורך דידאָזיקע פרויענקערפּערס, וועלכע זענען אָפט נאָך נישט אינגאַנצן צעבליט, ווי אַ שטייגער בושערס מיידלשע פיגורן. ווי אַ תאווהדיק אויפשוידערן נעמט־דורך דאָסדאָזיקע נאַקעטע פלייש, וועלכעס טראָגט זיך אַרום מיטן חשק פון פאַרבאָרגענע געניסן און לעכצט נאָך געהיימע ליבעס־תענוגים. אַן אַנטציקנדיקער חן ליגט אויסגעגאָסן אויף יענער נישט דאגהדיקער וועלט פון ערגעצלאַנד, וועמעס צאַרטער הימל ווערט, קאָנ־טיק, קיינמאָל נישט באַדעקט און געקאַרבט מיט עפּעס אַ פּיין; ס'איז כמעט צו שיין, כדי צו זיין אמת, און מ'האָט דאָס געפיל, אַז מ'געפינט זיך אויף אַ פריילעכער פאָרשטעלונג, איבער וועלכער ס'וועט זיך באַלד אַראָפּלאָזן דער פאָרהאַנג.

אָבער צו דער פּאַסטאָראַלישער אידיליע דאַרף קומען אַ גיכער סוף. צו אימהי־דיק איז געווען דער מקח, מיט וועלכן מ'האָט געמוזט איינהאַנדלען די תענוגים פון אַ קליינער מינדערהייט פּריווילעגירטע ליידיקגייער, צו מאָנסטרועז דער עלנט, וועלכער האָט דערדריקט מיליאָנען בשר ודמס, וועמעס גסיסהדיקע כאָרכלען זענען פאַרטויבט געוואָרן דורך די ליבעס־יום־טובים. די קאַטאַסטראָפע איז נישט געקומען פלוצלינג. זינט לואי דעם 15־טנס טויט זענען די הונגער־אויפשטאַנדן פון די פויערן געוואָרן אַ רעגלמעסיק זיך איבערחזרנדיקע דערשיינונג. אַזוי ווי די אומ־רוען פלעגן זיך בדרך כלל באַשרענקען נאָר אויף קליינע שטחים, פלעגן זיי פון דער רעגירונג קאָנען פאַרהעלטענישמעסיק לייכט דערשטיקט ווערן; אָבער זיי האָבן זיך כסדר איבערגעחזרט פונדאָסניי און זענען געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ פאַרבי־טערטער. די סימנים זענען געווען, אָבער זייער קליין איז געווען די צאָל פון די, וואָס האָבן זיי געוואָלט פאַרשטיין און נאָך קלענער די צאָל פון די, וועלכע האָבן געהאַט מוט זיי אויסצוטייטשן ווי געהעריק. ביז דער שטורעם איז סוף־כל־סוף אויסגע־בראָכן און מיט אַ ווילדן געברום זיך אַריינגעריסן אין די בנינים פון דער אַלטער געזעלשאַפט, אַז אַלעס איז צוזאַמענגעבראָכן מיט אַ קראַך. אַ שטורעמוועטער איז

אויסגעבראָכן איבער צייטער; פייערדיקע צונגען האָבן מיט זייער פייערפלאַם אַרומגעכאַפּט די אַלטע ביימער, און צווישן די שטיל־שעפּטשענדיקע אַלייען, וועלכע האָבן ביז איצט פאַרנומען בלויז דעם גערויש פון ליבעס־צערטלעכקייטן, האָט איצט אָפּגעהילכט דאָס מעכטיקע קול פונעם דונער און אָנגעזאָגט דעם אָנקום פון אַ נייער צייט. די שטאַרקע מויערן, וועלכע האָבן ביז איצט געהאַט אָפּגעשלאָסן אַזוי זיכער די שטחים פון די גליקזעליקע פון דער דרויסנדיקער וועלט, זענען צעפאַלן געוואָרן, זיך פאַרוואַנדלט אין חורבות, און צעבונטעוועטע מאַסן האָבן זיך אין געדיכטע מחנות אַריינגעריסן אינעם שטילן גבול פון אַ פאַרלוירענעם גן־עדן, — דאָס זענען געווען די עלנטע און דערדריקטע אין משך פון אומצייליקע יאָרן. קיינער האָט מיט זיי נישט געהאַט קיין מיטלייד, טאָ האָבן אויך זיי איצט נישט געוואוסט פון קיין חסד און זיי האָבן זיך מיט רויע פויסטן און פאַרביסענע ציין געשאַפן זייער אייגן רעכט.

דער שיינער חלום איז שוין געווען אויסגעחלומט ביז צום סוף; די לעצטע איר לוזיע האָט געפּלאַצט ווי אַ שימערירנדיקער זייפנבלאָז. ס'איז געקומען די גרויסע געטער־דעמערונג און געלאָזט וויסן וועגן דעם סוף פון אַלע פאַרשיכורנדיקע פייער־לעכקייטן און גאַלאַנטע פאַסטאָראַלע שפּילן. די וועלט האָט שוין איצט נישט גע־שמעקט מיט ריחות פון פּערפום און שמינק, נייערט מיט שווייס און בלוט, פּולווער און בליי. פון אַ סטאַדע אָפּגעריסענע אונטערטאַנען איז אַנטשטאַנען די נאַציע, וועלכע איז אַרויסגעטראָטן קעגן אַ גאַנצער וועלט. דאָס זענען שוין מער נישט קיין ראָקאָקאָ־מענטשן יענע, וועלכע טרעטן איצט אַרויס אויף דער וועלטבינע און וואַרפן זיך אין שלאַכט אונטער די קלאַנגען פון דער מאַרסעליעזע, בכדי צו פאַרזיכערן די דערגרייכונגען פון דער רעוואָלוציע. אַ נייע אידעע איז געבוירן געוואָרן, די איר דעע פונעם פאָטערלאַנד; די אויפשטענדיקע מאַסן האָבן זי אַרויסגעשטעלט און אַרויסגעהויבן, מחמת זי האָט זיך זיי אויסגעוויזן ווי דאָס פאַראייניקנדיקע באַנד, וועלכעס האָט צונויפגענומען אַלע כוחות אין דינסט פון דער רעוואָלוציע קעגן אירע שונאים. מחמת פאַטריאָטיזם האָט אין יענער צייט באַדייט דאָס זעלביקע ווי אַרויס־זאָגן זיך פאַר דער רעוואָלוציע. פונעם ביז איצטיקן אונטערטאַן איז געוואָרן אַ בירגער, וועלכער האָט געפילט, אַז אויך ער האָט אַ חלק אין דער אַלגעמיינער אחריות פאַר דער געשיכטע פון זיין לאַנד. יעדע וועלטפרעמדקייט איז פאַרשוואונדן געוואָרן; עס זענען שוין מער נישט געווען קיין טרוימער.

אָט דער נייער צושטאַנד פון די זאַכן האָט אויך די קונסט געשטויסן אויף אַנדערע דרכים און איז געוואָרן דער באַשאַפער פון אַ נייעם סטיל. אָט־די נייע קונסט געפינט איר באַדייטנדיקסטן פאַרטרעטער אין זשאַק לואי דאַוויד. ער אַליין, אַ באַגייסטערטער און פאַנאַטישער אָנהענגער פון דער דעמאָקראַטיע אין רוסאָס זין, באַלאַנגט, צוזאַמען מיט אַנדערע, צו די מענער, וועלכע האָבן אַראָפּגעוואָרפן דאָס קעניגטום און דערקלערט דער אַלטער וועלט אַ מלחמה אויף טויט און לעבן. אַן אויסגעשפּראָכענער פוריטאַנער אין דער פּאָליטיק, האָט ער זיך געפילט צום

שטאַרקסטן צוגעצויגן צו ראָבעספּיערן און פונקט ווי ער האָט ער געהאַלטן, אַז מ׳קאָן ברענגען די צניעות דורכן טעראָר. שוין די ערשטע ווערק זיינע: די „שבועה פון די האָראַציער", „ברוטוס", „סאָקראַטעסעס טויט" ווייזן־אַרויס די גאַנצע האַרבקייט פון זיין אומברחמנותדיקן כאַראַקטער. וואָס פאַר אַ מהלך ליגט צווישן דידאָזיקע ווערק און די שאַפונגען פון אַ בושע אָדער פראַגאָנאַר! צוויי וועלטן שטייען דאָ שאַרף איינע קעגן די אַנדערע און עס פעלט זיי יעדער באַרירונגס־פונקט צווישן זיך. מוטער שילדערט זייער אָנשוילעך אָט־דעם קעגנזאַץ, ווען ער זאָגט וועגן דאַווידן:

„ער האָט פאָרגעשטעלט אַ נייעם פוריטאַנישן דור, וועלכער האָט מער נישט געקאָנט באַדאַרפן די פוסטע קונסט פונעם ראָקאָקאָ, דעם מאַן, דעם העלד, וועלכער שטאַרבט פאַר אַן אידעע, פאַרן פאָטערלאַנד. ער האָט דעמדאָזיקן מאַן געגעבן אַ מעכטיקע מוסקולאַטור, ווי אַ קעמפער, וועלכער באַווייזט זיך אויף דער אַרענע. און ער האָט אויך געבראַכט די פאַרב, די ליניען־שפראַך בהסכם מיטן הערויזם פונעם טאָג. דאָס, וואָס איז אין דער צייט פונעם ראָקאָקאָ געווען שמייכלעריש און וואָוילשמעקענדיק, איז ביי דאַווידן האַרט און מעטאַליש. דאָס, וואָס איז אין דער ליניע געווען אַ קאַפריזנער שפיל און הכנעה, איז ביי אים שטרענגע דיסציפלין. אויפן אָרט פון דער אומרעגלמעסיקייט, פון די ספיראַלן און די געדרייטע ליידיקייטן, קומט דאָס לינעאַלע, די ווירעדיק־גלייכע האַלטונג פונעם מיליטערישן עקזערציר־פלאַץ, די באַוועגונג פון די זעלנער, וועלכע פירן־דורך אַ פאַראַדעמאַרש*).

פאַראַן ווייניק קינסטלער, ביי וועמען דער מענטש און דאָס ווערק זאָלן זיך אַזוי דעקן ווי ביי דאַווידן. זיין פערזענלעכקייט איז פון איין אויסגאָס און איז פולשטענדיק פאַרוואָרצלט אין די געשעענישן פון דער צייט. דאָס ווייזט אויך זיין פאַרהעלטעניש צו נאַפּאָלעאָנען. ווי אַזוי ער האָט אים באַנומען, ווייזן די בילדער, וועלכע שטעלן פאָר דעם גענעראַל באָנאַפּאַרט, בפרט דאָס באַקאַנטע פאָרטרעט, אויף וועלכן דער פירער פון שלאַכטן קוקט פאַר זיך טראָציק אינעם שטח אַריין מיט אַ מוטיקגעשניטענעם שמאָלן פנים און רואיקן זעלבסטבאַוואוסטזיין, זיכער, אַז ער וועט נישט אַראָפ פונעם ריכטיקן וועג. פאַר דאַווידן, דעם יאַקאָבינער און פאָלקס־טריבון פון 1793, וועלכער האָט דערוואַרט פון דער דיקטאַטור די אויפריכטונג פון דער אידעאַלער געזעלשאַפט, האָט זיך מסתמא די שווערד־דיקטאַטור פונעם ערשטן קאָנסול און שפעטערדיקן קייזער געמוזט אויסווייזן ווי אַ נויטווענדיקייט. מיט די בורבאָנען, וועלכע ער האָט ביז צו זיין טויט שטאַרק פיינט געהאַט, וואָלט ער זיך קיינמאָל נישט געווען פאַרבונדן, ווייל זיי זענען פאַר אים געווען די באַשיימפערלעכע טרעגער פונעם אַלטן רעזשים. מיט נאַפּאָלעאָנען אָבער האָט אים פאַרבונדן אַן אינערלעכע וועזנטלעכע קרובעשאַפט, וועלכע האָט בייגעקומען די אויסערלעכע קעגנזאַצן. דאַוויד האָט אַנדערש נישט געקאָנט. דער געשיכטלעכער מענטש אין אים האָט אַרויפגעלייגט אויף אים דעם חותם און אָנגעוויזן זיין קונסט דעם וועג. ס׳איז באַקאַנט די געשיכטע פון דער פריילן נאָעיע, וועלכע האָט אויפגעפאָדערט דעם קינסטלער אויסצופרואוון אַמאָל

*) Richard Muther, Geschichte der Malerei; B. II, S. 128, Leipzig 1909.

זיין קונסט אויף אַ קריסטוס־בילד. ווען דאָס בילד איז פאַרטיק געוואָרן, איז פונעם מענטשנאויסלייזער געוואָרן אַן אומברחמנותדיקער קאַטאָ, וועלכער איז שטענדיק גרייט צו וואַרפן דער וועלט אין פּנים אריין זיין האַרצלאָז „צעטערום צענסעאָ״. ווען די דאַמע האָט אַרויסגעוויזן איר דערשטוינונג צוליב אַזאַ באַנעם פונעם דערלייזער, האָט דער קינסטלער צאָרנדיק געענטפערט: „שוין לאַנג ווי איך האָב געוואוסט, אַז פונעם קריסטנטום קאָן מען מער נישט אַרויסשעפּן קיין אינספּיראַציע!״. פאַר דאַ־ווידן זיכער נישט, ווייל דאָס מוחל זיין איז נישט געווען זיין שטייגער. לעאָנידאַס, קאַטאָ, ברוטוס, ספּאַרטאַנער און רוימער, — אַזוי ווי ער האָט זיי געזען — זענען געווען זיינע אידעאַלע געשטאַלטן. דאָס רוימערטום איז אין יענער צייט געוואָרן פּאָפּולער. מ׳האָט זיך געגעבן רוימישע נעמען, זיך גערופן רוימער און די מענער פונעם קאָנווענט האָבן קאָנקורירט צווישן זיך, נאָכצוטאָן די געזעצגעבער פונעם רוימישן סענאַט. זייערע רעדעס האָבן געהאַט אַ רוימישן שניט, אין זייער האַלטונג איז געווען די שטייפע חשיבות, וועלכע ליגט באַהאַלטן אונטער דער טאָגאַ און איז נישט צוגענגלעך פאַר קיין שום מענטשלעכער אָפּשאַצונג. אַ סך פון זיי האָבן גענו־מען ערנסט זייערע ראָלן. סען זשוסט, ראָבעספּיער און קוטאָן זענעןביישפּילן דער־פאַר; די אַנדערע גייען זיי נאָך, ווייל ס׳איז אין דער מאָדע.

ס׳האָט אַ סימבאָלישן באַדייט, אַז די באַשאַפער פון דער מאָדערנער נאַציע האָבן זיך פאַרלייגט דערויף אין דער סאַמע שעה פון איר געבוירן ווערן אָנצוטון זייער געטשקע דאָס געוואַנט פון אַ פרעמדן פאָלק און איר צו געבן די אויסדרוקס־פאָרעם פון אַ לאַנג שוין פאַרגאַנגענער צייט. די גרויסקייט פון דער נאַציע, וועלכע האָט געשוועבט פאַר די אויגן פון די מענער פון דער גרויסער רעוואָלוציע, איז איינ־דעראמתן געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי די אַלמעכטיקייט פונעם נייעם שטאַט, וועלכער האָט איצט אָנגעהויבן אויסצושטרעקן זיינע אייזערנע גלידער, בכדי אָנצו־פאַנגען אַ נייע תקופה אין אייראָפּעס געשיכטע. ווייל די גרויסע רעוואָלוציע איז נישט בלויז געווען אַ דערשיינונג פון דער פראַנצויזישער געשיכטע, נייערט אַ געשעעניש פון אייראָפּעאישן באַדייט, וועלכע האָט אויפן זעלבן אופן אַריינגעצויגן אַלע גלי־דער פונעם זעלביקן קולטורקרייז אין איר גבול. דאַווידס קונסט איז געווען דאָס קול־מבשר פון אָט־דער אָנקומענדיקער צייט, וועמעס גאַנצע היסטאָרישע גרויסקייט זי פאַרקערפּערט, הגם זי האָט נישט געקאָנט גובר זיין איר דוחק און אירע שוואַכ־קייטן. אין דעם זין איז ער נישט נאָר געווען דער באַשאַפער פון אַ נייעם סטיל און פון נייע עסטעטישע באַגריפן, וועלכע האָבן פולשטענדיק געבראַכט צום אויסדרוק די שטרענגע פאָרמען פון דער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע; אויך ריין סאָציאָלאָגיש באַ־טראַכט האָט זיין ווערק אַן אומפאַרגעסלעכן באַדייט.

אַ סך האָט זיך זינט דעמאָלט געביטן. עס זענען געקומען אין קאַלירפולע רייען איינע נאָך די אַנדערע פעריאָדן פון רעאַקציע און פון רעוואָלוציע און זיי האָבן באַאיינפלוסט די פעלקער. געוויסע פּאָזיציעס, וועלכע האָבן אויסגעזען צו זיין גע־וואונענע פאַר אייביקע צייטן, זענען אין אָט־דעם אומאויפהערלעכן געראַנגל פון דער

צייט ווידער פאַרלוירן געוואָרן. וואָס אָבער קיין שום רעאַקציע האָט מער נישט גע־קאָנט צוריקכאַפּן, איז געווען דער פאַקט, אַז די רעוואָלוציע האָט צום ערשטן מאָל געשטעלט גרויסע מאַסן אין כסדרדיקער באַוועגונג און זיי אַריינגעגעבן דעם בטחון, אַז זייער רעכט וועלן זיי געפינען נאָר אין קאַמף. לכתחילה זענען עס געווען די אי־דעאַלן פונעם פּאָליטישן ראַדיקאַליזם, וועלכע האָבן אָט־די מאַסן אויפגעטרייסלט און געשטעלט אין באַוועגונג; דערנאָך זענען געקומען די גרויסע אידעען פונעם סאָ־ציאַליזם, וועלכע האָבן שטאַרק באַאיינפלוסט דאָס דענקען און פילן פון די מענטשן און דעם באַגריף רעוואָלוציע געגעבן אַ טיפערן און אַרומנעמענדיקערן באַדייט. אַ נייער שיכט אין דער געזעלשאַפט האָט דערוואַכט צום אייגענעם לעבן, — דער קלאַס פונעם אַרבעטנדיקן פאָלק, וועלכער האָט טראַציק אויסגעגלייכט די גלידער און פון איצט אָן זיך באַטייליקט אין די עפנטלעכע פּאַסירונגען. און קיינער וועט אים שוין מער נישט אַראָפּשטויסן פון דער טריבונע, נאָכדעם ווי ביי אים האָט זיך פּאַמעלעך אויספאָרמירט די איבערצייגונג, אַז זיין אַרבעט האָט דער געזעלשאַפט געגעבן לעבן. אָט־די באַוועגונג פון די מאַסן איז איינע פון די כאַראַקטעריסטישסטע דערשיינונ־גען פון דער מאָדערנער געשיכטע, וועלכע האָט אויך אין דער קונסט און אין דער ליטעראַטור געמוזט געפינען אַן אויסדרוק. די גרויסע רעאַקציע, וועלכע האָט זיך פאַרשפּרייט איבער גאַנץ אייראָפּע נאָך נאַפּאָלעאָנס מפּלה, האָט געקאָנט פאַרטרייבן אָט־די באַוועגונג אויף אַ קורצער צייט פון דער אויבערפלאַך, אָבער זי איז נישט געווען מסוגל אויסצומעקן די העראָאישע צייט פון דער רעוואָלוציע פונעם געדע־כעניש פון די פעלקער. צו טיף האָט דער העפטיקער שטורעמווינט געהאַט אויפגע־טרייסלט די געזעלשאַפט. די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט אַרום אייראָפּעס פעל־קער אַרומגעוויקלט אַ נייעם באַנד, וועלכן קיין שום רעגירונג האָט נישט געקאָנט צערייסן. אַלע רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין אייראָפּע ביז צו דער מיט פון דער צווייטער העלפט פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט זענען באַווירקט געוואָרן פון אירע אידעאַלן און גרויסע מאַסן געשטעלט אין באַוועגונג. אין דעלאַקרואַס בילד „די פריי־הייט אויף דער באַריקאַדע” געפינען אָט־די שטרעבונגען אַ מעכטיקן אויסדרוק. ברוי־זנדיקע ליידנשאַפט שפּראָצט פון אים אַרויס. מאַסע טרעט אַרויס, קעמפט, שטאַרבט, פאַלט אַריין אין התלהבות, אַרומגעכאַפּט פון דער שיכרות פון דער שעה, וועלכע שפּיגלט־אָפּ די פאַרבאָרגענע בענקעניש פון די יאָרהונדערטער. און יענער שטריך וועט מער נישט פאַרשווינדן פון דער קונסט פון אונדזער צייט.

ביז צום יאָר 1848 פירט דער „פערטער שטאַנד” די שלאַכטן פונעם בירגער־טום קעגן די לעצטע פעסטונגען פונעם אַלטן רעזשים. אָבער די בלוטיקע טראַגעדיע פונעם חודש יוני מאַכט אַ סוף צו אַלע אילוזיעס וועגן דער האַרמאָניע צווישן די קלאַסן און ווייזט מיט אימהדיקער קלאָרקייט דעם לויערנדיקן אָפּגרונט, וועלכער האָט זיך צעעפנט צווישן דעם ניי־אויפגעקומענעם קלאַס און דעם אויפוואַכנדיקן אַר־בעטער־קלאַס. אַפילו פאַרן בלינדסטן האָט עס געמוזט ווערן קלאָר, אַז די דרכים פון די נייע מושלים קאָנען נישט זיין די דרכים פונעם אַרבעטנדיקן פאָלק. אַ נייער

געזעלשאַפטלעכער טיפ האָט זיך פאַמעלעך אויספאָרמירט אין די יאָרן נאָך דער גרויסער רעוואָלוציע: דער „בורזשוי”, דאָס דערווידערדיקע פאַרזעעניש פון יענעם בירגערטום, וועלכעס האָט זיך אַמאָל באַטייליקט אינעם שטורעם אויף דער באַסטיליע און געמאַכט אויסברעכן די רעוואָלוציע. אָבער די זין און אייניקלעך האָבן שוין מער גאָרנישט געהאַט אין זיך פון יענעם אומרואיקן גייסט; קיין שום זאַך האָבן זיי אַזוי נישט פיינט געהאַט ווי בונט און ברויזנדיקן אויפשטאַנד. דער בורזשוי האָט ליב געהאַט די אָרדענונג, וועלכע האָט אים דערלויבט זיך צו ווידמען צו זיינע געשעפטן לויט זיין אייגענעם איינזען. זיין האַרץ האָט געקלאַפט צום טאַקט פון זיין געלט־בייטל און פאַר אים האָט ער אָן איינזעעניש מקריב געווען יעדן מין סאָציאַלן געפיל. מיט דער אָפשטויסנדיקער גיריקייט פונעם אַרויפגעאַרבעטן איז ער זיך מכוון אַלעס צו אונטעריאָכן און עס אַראָפצוקוועטשן צו זיין אייגענער מאָס. גייסטיק באַשרענקט ווי ער איז, פלעבעאיש און פראָסט אין זיין אויפפיר, באַקוועמלעך און זעלבסטצופרידן, אַן אמתער פיליסטער, איז ער אָבער גרייט צו יעדער נבלה, ווען אים ווייזט זיך אויס, אַז זיין פאַרמעג שטייט אין סכנה.

לואי־פיליפ איז געווען דער חשובסטער פאַרטרעטער פון אָט־דעם קלאַס, וועמעס טיפ ער האָט אויך פיזיש מיט זיך פאָרגעשטעלט. אַ פעט פנים פון אַ באַנקיר מיט אַ טאָפלטן גוידער און אַ דורכגעטריבענעם בליק, אין וועלכן עס לויערט אַ פאַרבאָרגענע כיטרעקייט און פיפיקער חוש פאַר געשעפט. נאָך די הייסע יולי־טעג פון יאָר 1830 האָבן 219 בורזשואַזע דעפוטאַטן באַוויזן איינצורעדן די פראַנצויזן אָנצונעמען פאַר אַ קעניג אָט־דעם איידעלן שפּראָץ פון דער אָרלעאַנס־פאַמיליע. דעם „בירגערקעניג” האָבן זיי אים גערופן, און קיינמאָל האָט אַ געקרוינטער קאָפ מיט מער רעכט געטראָגן אָט־דעם טיטל זיינעם ווי לואי־פיליפ דעם זייניקן. די צייט פון דער ממשלה פון אָט־דעם מאַן איז געווען איינע פון די שענדלעכסטע, וועלכע פראַנקרייך האָט געמוזט טאָלערירן איבער זיך. די באַרימטע ווערטער פונעם מיניסטער גיזאָ: „אַנרישע־וואו!” (זוכט רייך צו ווערן!) זענען געווען אויסגראַווירט אויפן לייב פון אָט־דעם נעבעכדיקן סיסטעם, וועלכער האָט במשך פון זיין 18־יעריקן דויער אַרויסגערופן אַזאַ שרעקלעכע פאַרביטערונג ביים פאָלק.

אין דער פערזאָן פון האָנאָרע דאָמיע איז אויפגעקומען אַ שרעקלעכער און אומברחמנותדיקער קעגנער צו אָט־דעם אומגליקלעכן רעזשים. דאָמיע איז געווען אַ היפשער גדול, וועלכער האָט פאַרשטאַנען צו געבן אַן אייביקייטס־ווערט זיינע צייכענונגען, וועלכע זענען געווען אויסגערעכנט אויף די באַדערפענישן פונעם מאָמענט. ער איז געווען אומאויסשעפלעך און אומדערמידלעך אין זיינע אָנגריפן קעגן דעם הערשנדיקן סיסטעם און זיינע העכסטע אויטאָריטעטן, ער האָט דערשנאַפט יעדע איינע פון זיינע שוואַכקייטן און זיי געשמיסן מיט זיין צעפרעסנדיקן שפאָט. קעגן קעניג זענען געווען געצילט די שאַרפסטע שפיצן פון זיין דיאַבאָלישן וויץ. ער האָט אים פאָרגעשטעלט אין אַלע מעגלעכע פאָזיציעס, וועלכע מ׳האָט נאָר געקאָנט צוטראַכטן: ווי אַן אַרלעקין, שטריקטענצער, אַ שווינדלערישן בערזענספעקולאַנט און

אַפילו ווי אַ פאַרברעכער. לואי־פיליפּ האָט נישט געהאַט אין זיך גאָרנישט מאַיעס־טעטישס, דעריבער האָט מען ביי אים נישט געקאָנט צונעמען, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט פאַרמאָגט; אָבער דאָמיע שילדערט אים אין זיין גאַנצער נעבעכדיקער איבערמענטשלעכקייט ווי אַ טיפּישן סימבאָל פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט מיטן צילינדער ווי אַ „בירגערקרוין", מיטן אומגעלומפּערטן שירעם אונטערן אָרעם — דער סאַמעראַדנער „קעניג פון די בייכער", ביי וועמען דער גייסט איז נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ טויטער באַלאַסט, דער פּראָטאָטיפּ פונעם פּרעסערישן פיליסטער, וועלכער טראָגט זיך שטענדיק אַרום מיט עפּעס אַ קליינער געמיינהייט.

אויך די תפיסה האָט דאָמיען נישט געמאַכט ווייכער און פאָלגזאַמער, און ווען די „רעגירונג פון די בייכער" האָט אַרויסגעלאָזט די באַרימטע סעפּטעמבער־געזעצן פון יאָר 1835, דורך וועלכע יעדע פּאָליטישע קאַריקאַטור ווערט פאַרווערט און די פרייהייט פון דער פּרעסע איז פּאַקטיש אָפּגעשאַפט געוואָרן, טאָ האָט דעמאָלט דער קינסטלער גענומען דעם בורזשוי גופא אויפן צימבל און פון אים געמאַכט דאָס צילברעט פון זיין גיהנומדיקן חוזק. פאַר די אויגן פונעם צוקוקער טוט ער אים אויס בוכשטעבלעך נאַקעט און ווייזט די פאַרבאָרגנסטע פאַלדן פון זיין וויסט־פּוסטער פיליסטערישער נשמה. מיר זעען אים אויף דער גאַס, אין טעאַטער, אויף זיין שפּאַציר אין וועלדל, אין דער שענק, ביי דער זייט פון זיין טייערער פרוי, אין באָד, אין שלאָפצימער און מיר באַווייזן זיך צו באַקענען גרינטלעך מיט אַלע זייטן פון זיין אינטעלעקטועל לעבן. דאָמיעס אומברחמנותדיקער שטיפט האָט דאָ פאַרפיקסירט אַ גאַלעריע טיפּן, וועלכע געהערן צו די אומפאַרגעסלעכסטע, וועלכע קונסט האָט ווען עס איז אַרויסגעבראַכט. אויסגעצייכנט זענען זיינע פאָרשטעלונגען פון ראָבערט מאַקער, דעם סימבאָל פונעם דורכגעטריבענעם שווינדלער און ביימלשניידער, וועלכער איז שטענדיק באַמיט צו פאַרוואַנדלען אין געלט די שמאָלקעפּיקייט פון זיינע ליבע מיטמענטשן און צוזאַמען מיט זיין פריינט בערטראַם שינדט ער אָפּ געווויסנהאַפט די הויט פון יענע אַלע, וועלכע פאַלן צו אים אַריין. אַ באַקאַנטער פאַריזער שוישפּילער האָט אַט־דעם טיפּ אַרויפגעפירט אויף דער בינע אין אַ מעלאָדראַמע און דאָמיע איז געפאַלן אויפן אויסגעצייכנטן געדאַנק, וועלכער האָט אים געבראַכט אויסערגעוויינלעכע הצלחה. אונטער זיין געניטער האַנט פאַרוואַנדלט ער דעם גאַנצן פעריאָד ווי דעם פעריאָד פון ראָבערט מאַקער. דער ביטערער שווינדלער, וועלכער איז פעסט איבערצייגט, אַז די טפשות פון די בראַווע מענטשן פון זיין צייט האָט איבערהויפּט נישט קיין גרענעץ, שפּרייזט אַריבער מיט קילער אויסגערעכנטקייט אַלע שטחים פון מענטשלעכער אַקטיוויטעט און ער שפּילט זיינע ראָלן מיט דער פאַכמענישער מינע פונעם קענער, וועלכער ווייס גענוי, וואָס ער דאַרף די מענטשן געבן. ס'זענען כמעט אומדערשעפּלעך די וואַריאַציעס, וועלכע דאָמיע האָט פאַרשטאַנען אַרויסצובאַקומען פון אַט־דעם טיפּ פון אַ מאַרקשרייערישן שאַרלאַטאַן.

קיינמאָל איז אַ קינסטלער נישט געווען אַזוי ענג צונויפגעוואַקסן מיט זיין סאָציאַלער סביבה ווי דאָמיע. ווען אַפילו ער וואָלט אונדז נישט געווען איבערגעלאָזט

זיין „זשע סואי דע מאָן טאַן", וואָלטן מיר עס געוואוסט. אַ בליק בלויז אויף זיין ווערק איז גענוג, בכדי איינצוזען, אַז ער איז באמת געווען אַ „קינד פון זיין צייט". גענוי: פון זיין צייט און נישט נאָר פון זיין פאָלק אָדער פון זיין נאַציע, ווייל זיין קונסט איז אַרויס ווייט איבער די גרענעצן פון פראַנקרייך; זיין ווערק איז דאָס קולטור־אייגנטום פון אַ גאַנצער וועלט. דאָמיע האָט געפילט דעם דופק פון זיין עפּאָכע, אויסגעפונען אירע פיינסטע און לייכטסטע שפּירונגען און פריער פון אַלץ געזען איר טיפע דערנידערונג. ער האָט געזען מיטן שאַרפן אויג פונעם קינסטלער, פון וועמען גאָרנישט ווערט אַנטרינען; דעריבער האָט ער געזען טיפער ווי דער רוב פון די מענטשן פון זיין צייט, וועלכע זענען געשטאַנען מיט אים אויף דערזעלביקער זייט פון דער באַריקאַדע. אַזוי האָט ער איינגעזען די גאַנצע פוסטקייט און נישטיקייט פון די געזעצגעבנדיקע פאַרזאַמלונגען, שוין דעמאָלט, ווען דער פאַרלאַמענטאַריזם איז נאָך געלעגן אין זיינע וויקלשנירן. ס'איז גענוג צו באַטראַכטן די אידעאַלע פיגורן, וועלכע שטשירען אויף אונדז די ציין פון דער צייכענונג „דער געזעצגעבנדיקער בויך". נאָך קיינמאָל זענען די אַזויגערופענע „פאָלקספאַרטרעטער" און רעגירונגסלייט אַזוי אוברחמנותדיק נישט דעמאַסקירט געוואָרן ווי דאָס איז געשען דאָ. דאָ קומט אַרויס דאָס אינעווייניקסטע אינדרויסן. אַ געזעלשאַפט פון גייסטיקע זעראָס זענען אָט־די ליבעראַלע מענטשן פון זיין צייט, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר בערך דאָס ערגסטע, וואָס קאָן בכלל געזאָגט ווערן וועגן דעם קאַפּיטל „פאָלקספאַרטרעטונג", אין דער געשטאַלט פון שמאָלקעפּלדיקייט, פוסטער גאווה, זאַטער זעלבסטצופרידנקייט, געהירן־פאַרקאַלכונג, קליינלעכער קנאה־שנאה און ברוטאַלער גלייכגילטיקייט. און חוץ דעם די פּרעכטיקע געשטאַלטן פון זיינע „רעפּרעזענטאַנטס רעפּרעזענטעס" פון דער צייט פון 1848־49, פיגורן מיט אַ זעלטענעם קאָמיזם און אַכזריותדיקן רעאַליזם, אין וועלכע די גייסטיקע פוסטקייט און די אימפּאָטענץ פונעם פאַרלאַמענטאַרישן סיסטעם ווערט פאַרגעשטעלט פיל עלאָקווענטער ווי דאָס וואָלט געקאָנט טאָן די בעסטע פּען.

דאָמיע איז געווען אַ פייערדיקער פאַרערער פון דער פרייהייט און ער איז אַזעלכער געבליבן, ביז דער טויט האָט צוגעמאַכט זיינע אויגן. דעריבער האָט ער געפילט, אַז די פרייהייט לאָזט זיך נישט פאַרשפּאַרן אין די ענגע ראַמען פון אַ קאָנסטיטוציע, אַז זי קאָן נישט אָטעמען, מוז דערשטיקט ווערן וויבאַלד מ'גיט זי איבער אין רשות פון דער ביטערקייט פון די אַדוואָקאַטן און געזעצמאַכער. וואָס פאַראַ איינדרוקספולע שפּראַך רעדט דאָס בלאַט: „די קאָנסטיטוציע שלעפּט־איין די פרייהייט אין אַ היפּנאָטישן שלאָף"! און יענע אַנדערע צייכענונג, אין וועלכער די קאָנסטיטוציע מעסט־אָן דער פרייהייט דאָס נייע מלבוש און זי טענהט פאַרדאַגהט: „נישט צופיל צונעמען, כ'בעט אייך!" אָ, די צייט איז נאָך נישט געקומען, וועט קיינמאָל נישט קומען, ווען — ווי געאָרג ביכנער מיינט אין „דאַנטאָנס טויט" — די שטאַטספאָרעם וועט זיין געגליכן צו אַ דורכזעעוודיקן געוואַנט, וועלכע וועט זיך ענג צופאַסן צום פאָלקס לייב, בכדי יעדע אָנשוועלונג פון די אָדערן, יעדער

אָנשפּאַן פון די מוסקלען, יעדער ציטער פון די איברים זאָל זיך דערין קאָנען אָפּשפּיגלען. אַפילו די בעסטע מלוכהשע קאָנסטיטוציע איז פאַר דער פרייהייט שטענדיק נאָך אַלץ אַ צוואַנגסהעמדל. דעריבער טאַקע האָבן די חשובע קאָנסטיטוציעשניידערייען אין יעדן לאַנד ביסלעכווייז אָפּגעשניטן אַזוי פיל שטאָף פונעם געוואַנט, אַז עס קלעקט נאָך קוים פאַר אַן אָנשטענדיקן נאַכטהעמד.

און דערנאָך דאָס הערלעכע בילד „די קאָנסטיטוציע אויפן אָפּעראַציע־טיש". אַ פרוי ליגט, אַ פאַרשלעפערטע, אויסגעשטרעקט אויפן טיש; אַרום איר שטייען די דאָקטוירים אין אָפּעראַציע־כאַלאַטן און הערן זיך צו אויפמערקזאַם צום פּראָפעסאָרס דערקלערונגען. אומהיימלעכע פּרצופים האָבן זיי, אָט־די פּאָליטישע אָפּעראַטאָרס, דערווידערלעכע און אָפּשטויסנדיק־העסלעכע. מ'פילט מיט שוידער, וואָס דאָס הייסט פאַרטרוילעך איבערצוגעבן אין די הענט פון אַזעלכע ברואים די פאַרזיכערונג פון דערוואָרבענע פרייהייטן. צי פּראַוועט נישט ראָבערט מאַקערס גייסט זיינע שטיק אויך אינעם אָפּעראַציע־צימער? ווי היינטצייטיק ווירקט דאָסדאָזיקע בילד! פּונקט ווי עס וואָלט געוועזן געווידמעט דעם הער בריונינג און דער ווייטמאַרער קאָנסטיטוציע. יאָ, היינטצייטיק איז אַלעס ביי דאָמיען, מחמת דער וואונדערגלויבן אינעם ניסים ונפלאותדיקן כוח פון דער קאָנסטיטוציע איז נאָך ווייט פון האָבן דערגאַנגען צו זיין סוף, זיך נאָך נישט אויסגעוועפּט. דאָמיע האָט מסתמא געפילט עפּעס ענלעכס ווי באַקונין, וועלכער האָט געזאָגט: „... איך גלויב נישט אין קיין קאָנסטיטוציעס און געזעצן; די בעסטע קאָנסטיטוציע וועט מיך נישט קאָנען צופרידנשטעלן. עפּעס אַנדערש דאַרפן מיר: שטורעם און לעבן און אַ נייע, ־ געזעצלאָזע און דעריבער אַ פרייע וועלט"*).

און פּונקט אַזוי ווי דאָמיע האָט אויסגעקליבן די מענער פון די געזעצגעבנדיקע קערפּערשאַפטן פאַר אַ צילברעט פון זיין גרימצאָרנדיקן חוזק, פּונקט אַזוי האָט ער פּיינט געהאַט זייערע אויספירנדיקע אָרגאַנען מיט דער גאַנצער ליידנשאַפט פון זיין דרומדיקן טעמפּעראַמענט. די גאַנצע בירגערלעכע יוסטיץ איז פאַר אים געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי די זונה פון יענער געזעלשאַפט פון די בייכער, וועלכע ער האָט אַזוי שטאַרק פאַראַכט. אין דעמדאָזיקן ליכט טאַקע ווייזט ער אונדז אירע פאַרטרעטער: לעבעדיקע פאַרקערפּערונגען פון צבועקישן אָנשטעל פון הייליקייט און נידערטרעכטיקער ביטערקייט, מערדער פון נשמות, וועלכע דענקען בהסכם מיט פּאַראַגראַפן און וועמעס געפילן זענען פאַרטעמפּט געוואָרן אין דער רוטין פון געזעצלעכער פאַרגוואַלטיקונג און ציכטיקונג פונעם גייסט. אויך אָט־די בלעטער ווירקן נאָך אַלץ, אויך היינט נאָך, מיט דערזעלביקער קראַפט, מחמת אין אָט־דעם פּרט האָט זיך גאָרנישט געענדערט און די יוסטיץ איז אויך היינט נישט עפּעס אַנדערש ווי די אָרגאַניזירטע נקמה פון פּריווילעגירטע קאַסטעס, וועלכע קוועטשן אַריין דאָס רעכט אין זייער דינסט.

---

*) Marcel Hervegh, Briefe von und an Georg Hervegh, Brief Bakunins an Hervegh aus dem Jahre 1898, München, 1898.

דאָמיעס קונסט שטעלט־פאַר דעם גייסט פון די זאַכן און די איינצלנע פאַר־טרעטער פון עקזיסטירנדיקע אינסטיטוציעס דאַרפן אים דינען בלויז פאַרן צוועק צו קענען ברענגען אַט־דעם גייסט צום אויסדרוק. אַזוי באַנעמט ער אויך דעם קריג און זיינע שטיצער, דעם מיליטאַריזם. אים רייצט נישט דאָס אויסערלעכע, די אוממיטלבאַרע סיבות, וועלכע דערפירן צו מלחמה. זיין בליק דרינגט־אַריין טיפער און ווייזט אונדז יענע פחדימדיקע קייט, וועלכע האַלט נאָך אַלץ צוגעקאָוועט דעם היינטיקן מענטשן צום שווין לאַנג־פאַרגאַנגענעם און לויטן אויסזען געשטאָרבענעם, אָבער וועלכעס וואַכט־אויף אין אַ שלעכטער שעה צום נייעם לעבן. דאָמיע האָט אויך געוואוסט, אַז דער מיליטאַריזם פאַרענדיקט זיך נישט מיט דער עקזיסטענץ פון פאַראַנענע אַרמייען. ער האָט קלאָר איינגעזען, אַז עס האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ ספּעציעלן גייסטיקן צושטאַנד, וועלכער דאַרף בלויז קינסטלעך אויסגעהאָדעוועט ווערן, בכדי ער זאָל זיך דערנאָך פאַרוואַנדלען אין אַ נשמהלאָזן אויטאָמאַט, וועלכער פירט־דורך בלינדערהייט יעדע פאַראָרדענונג, זיך לגמרי נישט אָפּגעבנדיק קיין חשבון וועגן די פועל־יוצאס פון זיין טואונג. די אַזוי אַרום קינסטלעך־באַשאַפענע פאַראַליזאַציע פונעם געוויסן און פונעם אייגענעם ישוב־הדעת, וועלכע שליסט־אויס ביים מענטשן יעדן זיטלעכן קאָנטראָל, יעדן באַוואוסטזיין פון אַחריות, איז דער ערשטער תנאי פון יעדן מיליטאַריזם אָן אַ חילוק פון דער פאָן אָדער דעם אוניפאָרם זיינעם. דערמיט, וואָס דאָמיע האָט אין זיינע שילדערונגען געבראַכט צום אויסדרוק טאַקע אַט־דעם אַספּעקט, איז ער אַרויס ווייט און ברייט פון די ענגע גרענעצן פון נאַציאָנאַלער איינגעצוימטקייט און ער איז צוגעגאַנגען צום קריג און צום מיליטאַריזם ווי צו די אומגליקלעכסטע רעזולטאַטן פון אַ סיסטעם, וועמעס עיקרדיקע לעבנסבאַדינגונגען ברענגען אַרויס אין יעדן לאַנד דיזעלביקע ווירקונגען. דאָ רעדט צו אונדז אַ קינסטלער, אין וועלכן דער מענטש האָט גובר געווען דעם מלוכה־בירגער און וועלכער האָט אָפּגעשאַצט די מענטשהייט ווי אַ גאַנצקייט העכער ווי דעם קינסטלעכן פּראָדוקט נאַציע און דעם אַזוי זיך ענדערנדיקן באַגריף פאָטערלאַנד, הגם ער איז מיטן גאַנצן האַרץ געווען איבערגעגעבן צו זיין היימלאַנד. און טאַקע דאָס אַלצאַרומנעמענדיקע פון זיין באַנעם איז עס, וועלכעס שטעלט־אַוועק זיין קונסט הויך איבער דעם דורכשניטלעכן גראַד פון דער וואָכעדיקייט, און גיט איר יענע גרויסקייט, וועלכע איז אומפאַרגעסלעך, אומשטערבלעך.

דאָס, וואָס דאָמיע האָט אויסגעלייגט ווי אַ צייכענער און מאָלער, האָט געהאַט אַ קיום און זיך אַנטוויקלט ווייטער. אינעם פינצטערן פעריאָד נאָך די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות ביז צום אויסברוך פון דער יולי־רעוואָלוציע זענען די באַציאונגען פון דער קונסט צו די אוממיטלבאַרע סאָציאַלע דערשיינונגען פונעם לעבן כמעט איבערגעריסן, אָפּגעשטעלט געוואָרן. דאָמיע האָט זיי ווידער איינגעשטעלט און ער האָט זיך אַרויסגעשטעלט ווי אַן אויסרופער פון אַ קונסט, פון וועלכער עס האָט גערעדט דאָס דענקען און פילן פונעם פאָלק. אַט־די שטרעבונגען זענען, אַגב, שטאַרק באַגייסטערט געוואָרן דורך דער אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער אַרבעטער־

באַוועגונג אין אייראָפּע. אַ נייע צייט האָט געלאָזט פאַלן איר שאָטן אויף פּאַריס. די אַרבעט, וועלכע מ'האָט במשך פון אַזאַ לאַנגער צייט פאַראַכט און וועמעס טרעגער, די אַרבעטער, מ'פלעגט באַטראַכטן ווי מינדערווערטיקע העלאָטן, האָט איצט באַקומען אַ נייע אָפּשאַצונג. די אַרבעטנדיקע מאַסן האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז זייער שאַפערישע טעטיקייט איז דער יסוד פון יעדער געזעלשאַפטלעכער עקזיסטענץ. ס'האָט אויפגעוואַכט דער רוח הקודש פונעם סאָציאַליזם און ער האָט אין אַלע לענדער פאַרלייגט די גייסטיקע פונדאַמענטן פאַר אַ נייער געמיינשאַפט פון דער צוקונפט. דאָס פאָלק, וועלכעס האָט געמוזט קנעכטיש ליידן אין שוויס פון זיין האַרעוואַניע, וועלכעס האָט געבויט פאַלאַצן און אויסגעגראָבן מינעס אין דער טיפעניש פון דער ערד, בכדי פון איר אַרויסצובאַקומען אירע אוצרות; דאָס פאָלק, וועלכעס האָט יעדן טאָג געגרייט דעם לעבנסטיש פאַר זיינע האַרן און אַליין אָפּגעקומען זיינע טעג אין אָרעמקייט און דחקות, האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן אויסצייטיקן אַ נייע איבערצייגונג און עס האָט אָנגעהויבן טרייסלען מיט די קייטן, אין וועלכע עס איז געווען פאַרקאָוועט.

שוין די רעוואָלוציע פון 1848 האָט באַוויזן, ווי טיף אָט־דערדאָזיקער גייסט איז אַריינגעדרונגען; אַפילו דאָס בלוט פון דער יוני־שלאַכט האָט אים מער נישט געקאָנט דערשטיקן. פול מיט האָפענונג און בטחון־צוזאָג האָט שפּעטער אָפּגעקלונגען איבער די לענדער דער רוף פונעם אינטערנאַציאָנאַל, בכדי צונויפצושמידן די אונטאַרבעטע פון דער געזעלשאַפט אין אַ וועלטאַרומנעמענדיקן פאַרבאַנד פון אַרבעט. דער שוויס פון די אָרעמע זאָל שוין מען נישט פאַשען די פאַראַזיטן; די ערד זאָל פאַר דעם מענטשן באַגייס ווערן אַ היים און דער פּראָדוקט פון דער אַרבעט זאָל דערנערן אַלעמען. נישט קיין ברעקלעך פון די טישן פון די רייכע האָבן זיי געוואָלט, נייערט גערעכטיקייט און ברויט און פרייהייט פאַר יעדן איינציקן. די אַרבעט זאָל מער נישט זיין דאָס שטיפקינד פון דער געזעלשאַפט, דער אָרעמער לאַזאַרוס, וועלכער שטעלט־אַרויס זיין פּיין פאַר די טירן פון די רייכע, בכדי ווייך צו מאַכן זייערע הערצער. אַ גרויס און שטאַרק לעכצעניש האָט זיך צעטראָגן איבער דער וועלט פון די פאַרשטויסענע. דער אידעאַל פון אַ בעסערער געזעלשאַפט האָט אויפגעטרייסלט זייערע פאַרטעמפּטע נשמות און זיי אָנגעפילט מיט באַגייסטערונג. האָבן זיי זיך איצט דערלאַנגט די הענט איבער די גרענעצן פון די מלוכות, מחמת זיי האָבן געפילט, אַז אומעטום צעפרעסט דיזעלביקע נויט זייער לעבן, אַז אומעטום טליעט דיזעלביקע האָפענונג אין זייערע הערצער. אַזוי אַרום האָבן זיי געשאַפן דעם גרויסן פאַרבאַנד פון דער קעמפנדיקער אַרבעט, פון וועמעס טראַכט עס האָט געדאַרפט געבוירן ווערן אַ נייע געזעלשאַפט.

אויך די קונסט איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן פונעם זעלביקן גייסט. ווייזן דאָס, וואָס איז, איז געוואָרן די לאָזונג פונעם רעאַליזם. דער קינסטלער זאָל שוין מער נישט זיין געצוואונגען פאַרצושטעלן בלויז דאָס „שיינע", וועלכעס איז גענומען פון פרעמדע וועלטן און איז אָפט געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי פאַרפּוצטער שקר.

אַזוי אַרום האָט זיך די וועלט פון אַרבעט באַוויזן אויפן לייוונט. מענטשן מיט אָפּגעריסענע מלבושים און האַרטע פּנימער, אויף וועלכע די דאגות האָבן אויס־געגראָבן קאַרבן. און מיט איבערראַשונג האָט מען אַנטדעקט, אַז אויך אין אָט־דער וועלט איז פאַראַן אַ געהיימע שיינקייט, וועלכע מ׳האָט פריער נישט באַמערקט.

פראַנסואַ מיליע איז געווען איינער פון די ערשטע קינדער פון דער נייער עוואַנגעליע פון דער שאַפנדיקער אַרבעט. הגם ער איז לויט זיין גאַנצן מהות געווען נישט־פּאָליטיש, האָט ער אָבער פונדעסטוועגן דערקענט און איינגעזען דעם טיפסטן סאָציאַלן באַדייט פון דער אַרבעט. אַליין אַ פּויער, איז אים דער ערד־אַרבעטער געווען באַזונדערס נאָענט און ליב; מחמת ער האָט ליב געהאַט די ערד, ליב גע־האָט אַלעס, וואָס האָט געהאַט אירע סימנים און געאָטעמט מיטן ריח פון ערשט צעאַקערטע פעלדער. אין זיין קונסט איז נישט פאַראַן קיין פּלאַץ פאַר דער שלום־ושלווהדיקער ראָמאַנטיק פון די פאַנטאַזיאָרן, ביי וועמען די קראַפט פון דער איינ־בילדונג האָט געמוזט פאַרבייטן דיווירקלעכקייט פונעם לעבן. דאָס, וואָס ער האָט פאָרגעשטעלט, איז האַרטע, נישט־געשמינקטע ווירקלעכקייט: דער מענטש פון דער ערד קומט דאָ צום וואָרט און ער לאָזט וויסן אויף אַ פּשוטן, כאָטש אויך עלאָקווענטן אופן דעם אַני־מאַמין פון זיין עקזיסטענץ. מיליע האָט געמאָלן זיינע מיט נערווין־קנופּן און מאָזאָליעס באַדעקטע הענט, זיין אויסגעבויגענעם רוקן, זיין פון וועטער פאַרברענט און ביינערדיק פּנים און ער וויזט אים אונדז אין זיין אינטימער צונויפ־געוואַקסנקייט מיטן באָדן, וועלכן ער מאַכט פעט און פרוכפּעריק מיט זיין שוויס. דאָס זענען נישט די פּויערן, וועלכע זענען אונדז באַקאַנט פון אויערבאַכס דאָרפס־געשיכטעס, וועלכע מאַכן אָפּט דעם איינדרוק, אַז מ׳האָט זיי בכיוון געלאָזט אָנגאָלן און אָנגעטאָן אין די זונטיקדיקע מלבושים, בכדי זיי צו מאַכן יום־טובדיק. ניין, מיליעס פּויערן ווירקן אויטענטיש. און פונדעסטוועגן שוועבט איבער אַלץ, וואָס ער האָט געשאַפן, דער אָטעם פון אַ שטילער יום־טובדיקייט, וועלכע ווערט נישט באַשאַפן קינסטלעך, נייערט דרינגט־אַרויס פונעם שטאָף גופא. ס׳איז דער קרעפ־טיקער אָטעם פון דער ערד, וועלכער פאַלט זיך צונויף מיטן אייביקן ריטם פון דער אַרבעט און וועקט־אויף אין דער נשמה פונעם צוקוקער יענע זעלטענע וויבראַציעס, וועלכע מאַכן אים אַזוי נאָענט און פאַרשטענדלעך די האַרמאָניע פון אַלע פּאַסי־רונגען און פּראָצעסן. אַזעלכע בילדער ווי „דער מאַן מיט דער האַק״, „די פּאַסטוש־קע פון שאָף״ אָדער „אַנדזשעלוס״ ווירקן מעכטיק אין דער פּשוטער גרויסקייט פון זייער אויסדרוק.

זי האָט נישט געהאַט קיין לייכטע מערכה, אָט־די נייע קונסט. ווי שטאַרק האָט מען באַקעמפט גוסטאַוו קורבען, פּרודאָנס פריינט, דעם „אָנהענגער פון יע־דער רעוואָלוציע״, ווי ער האָט זיך אַליין אָנגערופן, ווען ער האָט זיך איינגעשטעלט „צו פּראָפּאַגירן דעם פּרינציפּ פון דער שיינקייט״ דערמיט, וואָס ער האָט אַוועק־געשטעלט פּראָלעטאַריער אין די אַרבעטס־מלבושים אויפן לייוונט און פּראָקלאַ־מירט אַ נייע קונסט, וועלכע האָט זיך מער נישט געוואָלט אָנשפּאַרן אויף די קלאַ־

סישע מוסטערן פון אַ טויטער פאַרגאַנגענהייט, נאָר גענומען איר טעמאַטיק און
אינספּיראַציע פונעם מאָדערנעם לעבן, וועלכעס האָט אַרום דעם קינסטלער גע־
ברויזט פון אַלע זייטן. אַזעלכע ווערק ווי די „שטיינהאַקער”, דאָס „באַגרעבעניש
אין אָרנאַנס”, „דער מאַן מיט דער ליולקע”, פאַר וועמעס קינסטלערישע קוואַלי־
טעטן מ'האָט היינט נישט גענוג ווערטער פאַר ליוב און באַוואונדערונג, זענען פון
די אַקאַדעמיקער אויסגעלאַכט געוואָרן און באַטראַכט געוואָרן ווי דער פּראָדוקט
פון דער עקלדיקסטער געשמאַק־פאַרדאַרבונג. און פונדעסטוועגן איז דאָך קורבעס
רעאַליזם געווען נישט מער ווי אַ פּרואוו צו זען וועלט און מענטשן אין אַן אַנדער
ליכט, אַ זאַך, וועלכע ס'האָט פאַר אים קיינער נישט געזען, נישט באַמערקט. דאָס
ווייזן אויך זיינע פּרעכטיקע לאַנדשאַפטן מיט זייער ממשותדיקער שפע און לע־
בנסזאַטקייט, וועלכע ווירקן ווי אַ הימן אויפן פּרינציפּ פון דער פרוכפּעריקייט.

וואָס פאַר אַן אינערלעכע שיינקייט מ'קאָן אַרויסבאַקומען פון דער וועלט פון
אַרבעט האָט קיינער נישט באַוויזן בעסער ווי קאָנסטאַנטין מעניע, וועלכער איז
געווען אַזאַ באַגייסטערטער אָנהענגער פון דער אַנטיקער פאָרמען־שיינקייט. אָבער
צווישן די זיך רויכערנדיקע קוימענס, צווישן די מינענשאַכטעס און די מעטאַל־
גיסערייען פונעם באָרינאַזש האָט ער געפילט דעם שנעל־פּולסירנדיקן דופק פון
יענער שטאָלערנער אימפּעריע, וועלכע האָט געאָטעמט מיט אייזערנע לונגען און
געמאַכט באַוועגן די מעכטיקע גלידער צום טאַקט פון די מאַשינען. האָט אויך אים
באַהערשט דער געדאַנק, אַז ער באַלאַנגט צו זיין צייט, אין וועלכער זיין קונסט מוז
זיך פאַרוואָרצלען און פאַרפונדעווען. די בענקעניש זיינע צו די פאָרמען פון פאַר־
צייטנס האָט זיך צונויפגעמישט מיט די געוואַלטיקע איינדרוקן, וועלכע דער קינסט־
לער האָט באַקומען אין צענטער פון דער בעלגישער אינדוסטריע. אַזוי אַרום האָט
ער אַרויסגעבראַכט יענע מעכטיקע געשטאַלטן פון דער אַרבעט, וועלכע זענען דורכ־
געדרונגען מיט דער גאָרעניש צו אַ נייער וועלט און נישט געקוקט אויף אַלע דאגות
און דחקות פון זייער שווערער עקזיסטענץ, קוקן זיי מיט אַ נצחונפולן בליק דער
געגנוואַרט אין די אויגן אַריין. וואָס פאַראַ קראַפט לעבט אין אָט־די געשטאַלטן,
וועלכע ראָיען אין דער טראַכט פון דער ערד מיט די שפּיציקע מכשירים, אַרומגע־
נומען מיט אַ מאַגישן שיין, צוימען דעם פליסיקן שטאָל, שפּאַנען איבער צעגראָ־
בענע פעלדער און צעוואַרפן דעם פרוכפּעריקן זאָמען און טראָגן אויף זייערע שטאַר־
קע פּלייצעס שווערע לאַסטן. קרעפטיקע פּיאָנערן פון אַ נייער צייט זענען זיי, קינ־
דער פון אַ נייעם אויפקום, וועלכע קיין שום מאַכט אויף דער וועלט איז נישט אימ־
שטאַנד צוריקצושטויסן. עפּעס אַ פאַרצייטיקע גרויסקייט ליגט אין דידאָזיקע גע־
שטאַלטן, וועלכע שפּאַנען־פאָרויס צום אויפגאַנג פון אַ נייער תקופה. און פונקט
אַזוי געוואַלטיק ווירקט דאָס ציקלאָפּישע קעניגרייך, אין וועלכן זיי באַוועגן זיך און
האַמערן־אויס זייער בענקשאַפט.

אין יעדן לאַנד זענען אויפגעקומען אָנזאָגער און אויסטייטשער פון אָט־דער
נייער קונסט, אין וועמעס ווערק ס'איז לעבעדיק געוואָרן די נויט פון דער צייט און

זיך געראַנגלט נאָך אויסדרוק. אין זייערע שאַפונגען שפּיגלט זיך אָפּ די אינערלע־כע געשפּאָלטנקייט פון אונדזער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, איר טאָפּלטע מאָ־ראַל, איר האַרצלאָזער עגאָאיזם, איר דוחק אין אמתער מענטשלעכקייט, די גאַנצע מאַראַלישע צעפּרעסנקייט פון אַ צייט, וועלכע האָט אָוועקגעזעצט דעם געץ מאַמאָן ווי אַ האַר פון דער וועלט. און נאָך עפּעס לעבט אין דידאַזיקע ווערק: דער ברויזנדיקער הימן פון וועלט־אַרומנעמענדיקער אַרבעט און די פיבערנדיקע לעכצעניש פון רעוואָ־לוציאָנערע פאָלקס־באַוועגונגען, דער לעכצנדיקער באַגער צו אַ נייער געמיינשאַפט פון אמתער פרייהייט און גערעכטיקייט. אַ לאַנגע שורה נעמען שטייען פאַר אונ־דזערע אויגן, קינסטלער פון אַלע אומות ולשונות, וועלכע זענען פאַרבונדן צווישן זיך דורכן אומזעעוודיקן באַנד פון אינערלעכער דורכלעבעניש און — יעדער איי־נער אויף זיין שטייגער — העלפן צו צום ווערק פון געזעלשאַפטלעכער איבעראַנ־דערשונג. שאַרל דע גרוו און אַ. ט. סטיינלען, לעאָן פרעדעריק און אַנטואַן ווירץ, סעגאַנטיני און לוטשע, שאַרל הערמאַנס און ע. לערמאַנס, פעליסיען ראָפּס און ווינצענט וואַן גאָג, ג. פ. וואַטס און קעטע קאָלוויץ, פראַנץ מאַזערעל, הייגריך ציללע, געאָרג גראָש, דיעגאָ ריווערא און אַן אַ שיער אַנדערע, וועלכע האָבן אַלע זייערע מקורים אין די גרויסע סאָציאַלע דערשיינונגען פון דער צייט, און זייער קונסט האָט כמעט נישט קיין שום שייכות מיטן צופאַל פון זייער נאַציאָנאַלן אָפּ־שטאַם.

דאָס איז אָבער נישט נוגע בלויז יענע קינסטלער, אין וועמעס ווערק עס קומט צום אויסדרוק אַ מער אָדער ווייניקער סאָציאַלע באַטאָנונג, נייערט ס׳איז חל אויף אַלע קינסטלער בכלל. יעדער קינסטלער איז דאָך סוף־כל־סוף אַ גליד פון אַ גרויסער קולטור־איינהייט, וועלכע באַשטימט, צוזאַמען מיט זיינע פּערזענלעכע פעאיקייטן, זיין שאַפן, ביי וואָס די נאַציאָנאַליטעט שפּילט אַ גאַנץ מינדערוויכ־טיקע ראָלע. אויך אין דער קונסט דערקענט מען דיזעלביקע אַלגעמיינע דערשיינונ־גען, וועלכע לאָזן זיך באַמערקן אויף יעדן אַנדערן געביט פונעם מענטשלעכן שאַפן; אויך דאָ שפּילט אַן אַנטשיידנדיקע ראָל די קעגנזייטיקע באַווירקונג בתוך דעמ־זעלביקן קולטור־קרייז, פון וועלכן די נאַציע איז בלויז אַ חלק. ס׳איז גוט זיך צו דערמאָנען אין די ווערטער, וועלכע ס׳האָט אַרויסגעזאָגט אַנזעלם פויערבאַך, וועל־כער איז דאָך זיכער נישט געווען קיין רעוואָלוציאָנער:

„מ׳האָט זיך צוגעווינט מיך אַרויסצושטעלן ווי אַ בעיקר דייטשן קינסט־לער. איך פּראָטעסטיר שאַרף קעגן אַט־דער באַצייכענונג, מחמת דאָס, וואָס איך בין, האָב איך צו פאַרדאַנקען טיילוויז מיר אַליין, טיילוויז די פראַנ־צויזן פון 1848 און די אַלטע איטאַליענער".

ס׳איז אגב כאַראַקטעריסטיש, אַז אָט־דער מכלומרשט אַזוי שטאַרק־דייטשער קינסטלער איז במשך פון זיין לעבן דווקא אין דייטשלאַנד געווען לחלוטין פאַרוואָרפן אויף אַזוי ווייט, אַז מ׳האָט אים אַפילו אָפּגעזאָגט די פעאיקייט ווי אַ מאָלער. איז פון דעם געדרונגען, אַז נישט נאָר שאַפט נישט די נאַציע ווי אַזעלכע קיין שום קינסט־

לער, נאָר עס פעלן איר אויך אַלע תנאים צו זיין מסוגל ריכטיק אָדער בכלל צו קאָנען אָפּשאַצן אַ קונסטווערק. די „שטים פונעם בלוט" איז ביז איצט קיינמאָל נישט געווען אימשטאַנד צו אַנטדעקן די „ראַסיש־קרובישע שטריכן" אין אַ קונסטווערק, ווייל אַנדערש וואָלט נישט געווען אַזוי גרויס די צאָל קינסטלער, וועלכע זענען פון די מענטשן פון זייער צייט פון דערזעלביקער נאַציע אַזוי שטאַרק פאַרלייקנט, פאַרשפּאָט און פאַרלעסטערט געוואָרן.

מ'דאַרף תמיד גוט אינזינען האָבן וואָס פאַר אַ שטאַרקן איינפלוס ס'האָבן די פאַרשידענע ריכטונגען אין דער קונסט אויפן שאַפן פונעם איינצלנעם קינסטלער, אַן איינפלוס, פון וועלכן זיין נאַציאָנאַליטעט קאָן זיך נישט אויסהיטן. די פאַרשידענע שטרעמונגען אין דער קונסט זענען פאַרוואָרצלט נישט אין דער נאַציע, נייערט אין דער צייט און אין די געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען פון דער צייט. קלאַסיציזם און ראָמאַנטיק, עקספּרעסיאָניזם און אימפּרעסיאָניזם, קוביזם און פוטוריזם זענען צייט־דערשיינונגען, אויף וועלכע די נאַציע האָט נישט קיין שום השפעה. ביי קינסטלער, וועלכע באַלאַנגען נישט צו דערזעלביקער נאַציע, אָבער באַלאַנגען יאָ צו דערזעלביקער ריכטונג אין דער קונסט, איז אויפן ערשטן בליק אָנזעעוודיק די אינערלעכע קרובשאַפט זייערע; ביי צוויי אָפּשטאַמיקע פון דערזעלביקער נאַציע, פון וועלכער איינער האַלט זיך ביים קלאַסיציזם, בעת דער אַנדערער וואַנדלט אין די שפּורן פונעם קוביזם אָדער פוטוריזם, זענען — אינבוויוווייט דאָס איז נוגע די קונסט — בכלל נישט פאַראַן קיין באַרירונגס־פּונקטן. דאָס איז גילטיק פאַר יעדן מין קונסט און אויך פאַר דער ליטעראַטור. צווישן עמיל זאָלאַ און די אַנהענגער פונעם נאַטוראַליזם אין אַנדערע לענדער איז פאַראַן אַן אומאָפּלייקנבאַרע קרובשאַפט; אָבער צווישן עמיל זאָלאַ און דע ל'איל־אַדאַם אָדער דע נערוואַל, הגם זיי זענען אַלע פראַנצויזן; צווישן הואיסמאַנס און מעטערלינק, הגם זיי זענען ביידע בעלגיער; צווישן פּאָ און מאַרק טוויין, הגם זיי זענען ביידע אַמעריקאַנער, ליגט אַ טיפער אָפּגרונט. דאָס גאַנצע גערעדעריי וועגן דעם „נאַציאָנאַלן תוכן", וועלכער ליגט מכלומרשט אין יסוד פון יעדן קונסטווערק, האָט נישט די מינדסטע טיפערע באַגרינדונג און איז נישט מער ווי אַ וואָונטש אַזאַ.

ניין, די קונסט איז נישט נאַציאָנאַל, פּונקט אַזוי ווי דאָס איז אויך נישט די וויסנשאַפט אָדער וועלכער ס'איז אַנדערער געביט פון אונדזער גייסטיקן אָדער מאַטעריעלן לעבן. ס'איז בלי שום ספק, אַז קלימאַט און אויסערלעכע סביבה האָבן אַ געוויסן איינפלוס אויפן פסיכישן צושטאַנד פון די מענטשן און במילא אויך אויפן קינסטלער; אָבער דאָס פּאַסירט זייער אָפט אינעם זעלביקן לאַנד טאַקע בתוך דערזעלביקער נאַציע. אַז פון דעם איז נישט מעגלעך אַרויסצובאַקומען קיין געזעץ מכוח דער נאַציאָנאַליטעט, קאָן מען אַרויסדרינגען דערפון, אַז אַלע נאָרדישע פעלקערשאַפטן, וועלכע זענען אַוועק קיין דרום און זיך דאָרט באַזעצט, ווי אַ שטייגער, די נאָרמאַנען אין סיציליע אָדער די גאָטן אין שפּאַניע, האָבן אינעם נייעם היימלאַנד נישט נאָר פאַרגעסן די אַלטע שפּראַך זייערע, נייערט אַפילו אין זייער עמאָציאָנעלן לעבן האָבן זיי זיך צוגעפּאַסט צו דער נייער סביבה. וואָלט דער נאַציאָנאַלער שאַבלאָן

געווען דורכפירבאַר, וואָלט יעדער מין קונסט געווען פאַרמשפּט צו וויסטער נאָכ־מאַכונג און וואָלט ביי איר צוגענומען טאַקע דאָס, וואָס מאַכט זי ערשט פאַר קונסט — די אינערלעכע אינספּיראַציע. מחמת דאָס, וואָס מ׳רופט געוויינלעך אָן „נאַציאָ־נאַל״, איז בדרך כלל בלויז דאָס האַלטן זיך ביים פאַרגאַנגענעם, דאָס געבן די איי־בערמאַכט דעם טראַדיציאָנעלן. אויך טראַדיציאָנעלס קאָן זיין שיין און דעם קינסט־לער אָנרעגן און באַוועגן צום שאַפן; אָבער עס טאָר נישט ווערן קיין קאָמפּאַס פונעם לעבן און פאַראַליזירן אַלעס, וואָס איז ניי, דורך דעם שווערגעוויכט פון אַ טויטער פאַרגאַנגענהייט. דאָרט, וואו מ׳איז זיך מכוון אויפצולעבן פונדאָסניי דאָס געוועזענע, פאַרגאַנגענהייט, ווי דאָס פּאַסירט היינט אין אַזאַ גראָטעסקער פאָרעם אין דייטש־לאַנד, דאָרט ווערט דאָס לעבן פּוסט און וויסט און בלויז אַ קאַריקאַטור פונעם געווע־זענעם. מחמת ס׳איז נישטאָ פאַראַן קיין בריק, וועלכע פירט צוריק צו פאַרגאַנגענהייט. פּונקט ווי דער דערוואַקסענער מענטש קאָן זיך מער נישט אומקערן צו די יאָרן פון דער קינדהייט, מעג ער ווי שטאַרק בענקען נאָך זיי, און ער מוז גיין ווייטער אויף זיין לעבנסוועג, פּונקט אַזוי קאָן אַ פאָלק מער נישט צוריקברענגען די געשיכטע פון זיין פאַרגאַנגענהייט. יעדער מין קולטורעלער באַשאַף איז אוניווערסאַל און די קונסט — מער פון אַלעם. נישט קיין אַנדערער ווי האַנס היינס עווערס, וועלכער וואַרעמט זיך היינט בײַ אַדאָלף היטלערס חסדים, איז עס געווען דער, וועלכער האָט אַט־דעם אמת אַרויסגעזאָגט אין דידאַקטישע ווערטער:

„גאַנצע וועלטן טיילן־אָפּ דעם קולטור־מענטש אין דייטשלאַנד פון זיי־נע לאַנדסלייט, וועלכע ער זעט טעגלעך אויף דער גאַס; אַ גאָרנישט אָבער, אַ וואַסערפּאַס בלויז, טיילט אים אָפּ פונעם קולטור־מענטש אין אַמעריקע. היינע האָט דאָס געפילט און עס געוואָרפן די פראַנקפורטער אין פּנים. עדגאַר עלען פּאָ האָט דאָס אַרויסגעזאָגט נאָך פיל קלאָרער. אָבער דער רוב קינסט־לער אויך געלערנטע און געבילדעטע פון אַלע פעלקער האָבן אַזאַ לייכט פאַר־שטענדעניש פאַר דעם, אַז ביז צו אונדזערע טעג ווערט נאָך אַלץ האָראַצס פיינע „אָדיפּראָפּאַנום״ פאַלש אויסגעטייטשט! דער קינסטלער, וועלכער וויל שאַפן פאַר „זיין פאָלק״, וויל עפּעס אוממעגלעכס און ער פאַרנאַכלעסיקט צוליב דעם גאַנץ אָפט עפּעס יאָ דערגרייכבאַרס און טאַקע העכערס: — צו שאַפן פאַר דער גאַנצער וועלט. איבער דעם דייטש, איבער דעם בריט און פראַנצויז שטייט אַ העכערע נאַציע, — די קולטורנאַציע; נאָר פאַר איר צו שאַפן איז ווערט דעם קינסטלערס מי״*).

קונסט און קולטור שטייט איבער דער נאַציע, איבער דער מלוכה. פּונקט ווי אַן אמתער קינסטלער שאַפט נישט פאַר איין באַשטימט פאָלק נאָר, פּונקט אַזוי לאָזט זיך אויך די קונסט ווי אַזעלכע נישט אַריינקוועטשן אינעם סדום־בעטל פון דער נאַציע. זי וועט גיכער, ווי די פיינסטע אויסטייטשערן פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, די ערשטע צוטראָגן איר חלק פאַר דער צוגרייטונג פון אַ העכערער געזעל־שאַפטלעכער קולטור, וועלכע וועט אַריבערוואַקסן שטאַט און נאַציע, בכדי צו עפע־נען פאַר דער מענטשהייט די טויערן פון אַ נייער געמיינשאַפט, וואָס דאָס איז דער ציל פון איר בענקעניש.

---

*) Hans Heinz Evers, Edgar Allan Poe. S. 19. Berlin und Leipzig.

# XII

# די סאָציאַלע פּראָבלעמען פון אונדזער צייט

דער נאַציאָנאַלער שטאַט און דער אונטערגאַנג פון דער אַלטער געמיינ־
שאַפט. — די תקופה פון דער רעוואָלוציע ווי אַ פועל־יוצא פונעם פאַר־
לוירענעם געזעלשאַפטלעכן גלייכגעוויכט. — די היסטאָרישע שייכותן
ווי קולטור־דערשיינונגען. — די אָפּשוואַכונג פונעם סאָציאַלן באַ־
וואוסטזיין און פון דער פערזענלעכער זעלבסטשטענדיקייט. — דער
פאַטאַליסטישער אופן פון אונדזער דענקען און די אמונה אין דער
געזעצמעסיקייט פון די סאָציאַלע פּראָצעסן. — גרויסשטאָט און עקאָ־
נאָמישער מאָנאָפּאָליזם ווי אַ קנוט פון דער מענטשהייט. — מענטש
און מאַשין. — אינטערנאַציאָנאַלער עקאָנאָמישער כאַאָס. — טעכנאָ־
קראַטישע באַטראַכטונגען. — די סאָציאַלע פראַגע, אַ פּראָבלעם פונעם
קאָנסום, נישט פון דער פּראָדוקציע. — איז דער שטאַטסקאַפּיטאַליזם
אַ לייזונג? — אינטערנאַציאָנאַליזירונג פון די רויששטאָף־געביטן. —
וועלטעקאָנאָמיק, נישט וועלטעקספּלואַטאַציע. — וואָס די מלוכה קאָסט
אונדז. — די מאַטעריעלע היזיקות פון דער וועלט־מלחמה. — די דיק־
טאַטור ווי אַן איבערגאַנגס־שטאַדיום. — די פועל־יוצאס פון דער דיק־
טאַטור. — פאַשיזם אָדער „קאָמוניזם". — דער דעמאָקראַטישער שטאַט
אויפן וועג צום פאַשיזם. — די בירגערלעכע דעמאָקראַטיע און די גע־
שעענישן אין שפּאַניע. — דער קאָשמאַר פון דער צייט. — דאָס בוי־
קומען דעם שטאַט און די נאַציע דורך דער נייער געמיינשאַפט.

נאָכן אונטערגאַנג פון דער אַלטער שטאָט־קולטור און פונעם פעריאָד פונעם
פעדעראַליזם אין אייראָפּע האָט מען ביסלעכווייז אַלץ מער פאַרגעסן דעם זעלבסט־
צוועק פון דער געזעלשאַפטלעכער עקזיסטענץ. די געזעלשאַפט איז היינט מער נישט
די נאַטירלעכע באַציאונג פון מענטש צו מענטש, וועלכע געפינט איר אויסדרוק אין
דער בשותפותדיקייט פון די גייסטיקע און מאַטעריעלע אינטערעסן. מיטן אויפ־
קומען פונעם אַזויגערופענעם נאַציאָנאַלן שטאַט ווערט יעדע געזעלשאַפטלעכע אַק־
טיוויטעט ביסלעכווייז אַ מיטל אין דינסט פון די ספּעציפישע שטרעבונגען פון פּאָ־
ליטישע מאַכט־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע אַנטשפּרעכן שוין מער נישט די אינטערעסן
פונעם ציבור, נייערט די פאַרלאַנגען און באַדערפענישן פון פּריווילעגירטע קאַס־
טעס און קלאַסן אין דער מלוכה. דערמיט פאַרלירט די געזעלשאַפט איר אינערלעך
גלייכגעוויכט און פאַלט־אַריין אין אַ צושטאַנד פון פעריאָדישער צעטרייסלונג,

וועלכער קומט־אַרויס פונעם במזידדיקן אָדער בשוגגדיקן שטרעבן באַנייס אָוועקצו־שטעלן דעם פאַרלוירענעם צוזאַמענהאַנג.

לואי בלאַנק האָט צוריקגעפירט די שפּראַצן פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע ביז צו דער תקופה פון דער רעפאָרמאַציע. פּאַקטיש הייבט זיך אָן מיט דער רעפאָרמאַציע אַ נײַ קאַפּיטל אין דער אייראָפּעאישער געשיכטע, וועלכעס איז נאָך ביז צום הײַנטיקן טאָג נישט דערגאַנגען צו זײַן סוף. מ'האָט אָט־דאָס קאַפּיטל מיט רעכט אָנגערופן די „תקופה פון דער רעוואָלוציע", אַ באַצייכענונג, וועלכע ווײַזט זיך אַרויס אויף אַזוי פיל מער באַרעכטיקט, אויף וויפל אַלע פעלקער פון אונזער קאָנטינענט זענען אויפן זעלביקן שטייגער אַרומגעכאַפּט און באַאײַנפלוסט געוואָרן פונעם גייסט פון אָט־דער עפּאָכע. אין זײַן פּרעכטיקן עסיי „די רעוואָלו־ציע" האָט גוסטאַוו לאַנדאַוער געפּרוּווט אָנצוצייכענען די אײַנצלנע עטאַפּן פון אָט־דער עפּאָכע און זיי אָוועקשטעלן אין אַ דעפיניטיווער נאָכאַנאַנדערקומענדיקער שורה, און ער ברענגט־אַרויס אָט־אַזאַ בילד: „די אייגנטלעכע רעפאָרמאַציע מיט אירע גײַסטיקע און סאָציאַלע אומוואַנדלונגען, אירע סעקולאַריזאַציעס און שאַ־פונגען פון מלוכות; די פּויערן־מלחמה; די ענגלישע רעוואָלוציע; דער דרײַסיק־יעריקער קריג; דער אַמעריקאַנישער אומאָפּהענגיקייטס־קריג, וועלכער האָט, נישט אַזוי צוליב דער עצם געשעעניש ווי צוליב זײַנע גײַסטיקע פּראָצעסן און צוליב זײַ־נע אידעען, געהאַט דעם שטאַרקסטן אײַנפלוס אויף דעם, וואָס איז געקומען דערנאָך: די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע".

פּונקט אַזוי ווי פּרודאָן און נאָך אים באַקונין, פּי אי מאַרגאַל און קראָפּאָט־קין, אַזוי האָט אויך לאַנדאַוער געזען אין אַלע אויפשטאַנדן און בונטן, וועלכע האָבן זיך פּעריאָדיש צעפלאַקערט אין די פאַרשידענע לענדער פון אייראָפּע זינט 1789 ביז הײַנט, נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר ווירקונגען פונעם זעלביקן רעוואָ־לוציאָנערן פּראָצעס. דידאַזיקע מסקנה האָט בײַ אים פאַרפעסטיקט די איבערצײַ־גונג, אַז די תקופה פון דער רעוואָלוציע איז נאָך נישט אַריבער און אַז מיר געפֿי־נען זיך נאָך אַלץ אין סאַמע מיטן פון אַ גרויספאַרנעמיקן, אַ ריזיקן איבעראַנדער־שונגס־פּראָצעס, וועמעס סוף מ'קאָן נאָך לעת־עתה נישט פאַרויסזען. אויב מ'נעמט אָן אָט־דעם שטאַנדפּונקט, וועמעס געזונטע לאָגיק איז אומאָפּפרעגבאַר, מוז מען שוין אויך אָננעמען די גאָר לעצטע געשעענישן פון דער געשיכטע: דעם וועלט־קריג, די סאָציאַלע באַוועגונג פון דער איצטיקער צײַט, די רעוואָלוציע אין מיטל־אייראָפּע און בפרט אין רוסלאַנד, די איבעראַנדערשונג פונעם קאַפּיטאַליסטישן עקאָנאָמישן סדר און אַלע פּאָליטישע און סאָציאַלע פאַרענדערונגען אין אייראָפּע זינט דער וועלט־מלחמה ווי באַזונדערע דערשײַנונגס־פאָרמען פונעם זעלביקן גרויסן פּראָ־צעס, וועלכער צעשטורעמט פון זינט פּירהונדערט יאָר אַלע מאָל פונדאַסנײַ דאָס גאַנצע לעבן פון די אייראָפּעאישע פעלקער און וועמעס ווירקונגען לאָזן זיך שוין הײַנט דײַטלעך מערקן ווײַט און ברייט אין אַלע אַנדערע טיילן פון דער וועלט.

צו אָט־די פּראָצעסן וועט אַזוי לאַנג נישט קומען קיין סוף, ביז ס'וועט נישט

קומען צו אַן אמתן אויסגלייך צווישן די אינדיווידועלע שטרעבונגען פונעם יחיד און די אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע לעבנס־באַדינגונגען. דאָס דאַרף זיין אַזאַ מין סינטעז פון פערזענלעכער פרייהייט און סאָציאַלער גערעכטיקייט, דורך דער סאָלידאַרישער צו־זאַמענאַרבעט פון אַלע, וועלכעס זאָל דער געזעלשאַפט פונדאַסניי געבן אַ תוכן און אַוועקלייגן די יסודות פאַר אַ נייער געמיינשאַפט, וועלכע זאָל מער נישט באַדאַרפן קיין אויסערלעכן צוואַנג, ווייל זי דאַרף באַקומען איר אינערלעכן גלייכגעוויכט אין דער אָפּהיטונג פון אַלעמענס אינטערעסן און מער נישט האָבן קיין אָרט פאַר פּאָ־ליטישע און עקאָנאָמישע שטרעבונגען צו מאַכט. ערשט דעמאָלט וועט קומען אַ סוף צו דער תקופה פון דער רעוואָלוציע, בכדי אָפּצוטרעטן דאָס פּלאַץ פאַר אַ נייער סאָציאַלער קולטור, וועלכע וועט ברענגען צום אויסדרוק אַ נייע אַנטוויק־לונגס־פאַזע פון דער מענטשהייט.

באַגעמט מען די געשיכטע אין אַט־דעם גייסט, דערקענט מען ערשט ריכטיק די בשותפותדיקע שטריכן פון אַ באַשטימטער עפּאָכע, וועלכע לאָזן זיך מערקן מיט דיזעלביקע וויבראַציעס אין אַלע לענדער פונעם זעלביקן קולטור־קרייז.

אין יעדן גרויסן קאַפּיטל פון דער געשיכטע לאָזט זיך פריער פון אַלץ פילן דער שטייגער דענקען, וועלכער קומט־אַרויס פון די געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען פון דער צייט און ווירקט אויף איר זי איבעראַנדערשנדיק. אין פאַרגלייך מיט די אַלגעמיינע פּראָבלעמען, וועלכע באַשעפטיקן דעם געדאַנק פון די מענטשן פון אַ געוויסער עפּאָכע, האָבן די אַזויגערופענע „נאַציאָנאַלע טענדענצן”, וועלכע האָבן זיי נאָך, אַגב, געמוזט איינגעגעבן ווערן קינסטלעך, אַזוי גוט ווי קיין שום באַדייטונג נישט. דאָס איינציקע, צו וואָס זיי טויגן, איז צו פאַרפּלאָנטערן דעם מענטשנס אָריענטירן זיך אין די אייגנטלעכע קולטור־פּראָצעסן און זיי גופא אָפּהאַלטן אויף אַ לענגערער אָדער קירצערער צייט אין זייער נאַטירלעכער אַנטוויקלונג. די היס־טאָרישע פאַסירונגען פון אַן עפּאָכע ווערן פאַר אונדז פאַרשטענדלעך נאָר אין זייער אינערלעכן צוזאַמענהאַנג, בעת אַ קינסטלעך־באַשאַפענע נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיע, וועמעס ראָשי־מדברים זענען זיך תמיד מכוון צו זען יעדעס לאַנד און יעדעס פאָלק נאָר אין ד ע ם ליכט, וועלכעס איז גראָד פּאַסיק פאַר זייערע ספּעציפישע כוונות, קאָן אונדז נישט געבן קיין שום פירוש. ווייל סוף־כל־סוף איז דאָך די גאַנצע נאַציאָנאַלע געשיכטע פון אַ פאָלק אייגנטלעך נישט עפּעס אַנדערש ווי די געשיכטע פון אַ ספּעציעלער מלוכה, אָבער קיינמאָל נישט די געשיכטע פון זיין קולטור, וועלכע טראָגט אויף זיך שטענדיק דעם חותם פון דער צייט. אונזער איינ־טיילן דאָס לעבן פון די אייראָפּעאישע פעלקער אין דער געשיכטע פון איינצלנע נאַציעס מעג טאָקע האָבן באַדינגט געוואָרן דורך דער עקזיסטענץ פון די היינטיקע שטאַטלעכע אָרגאַניזאַציעס, זי איז אָבער, פונדעסטוועגן, נישט ווייניקער פאַלש און טעותדיק. אַזעלכע פונאַנדערטיילונגען שאַפן בלויז קינסטלעכע גרענעצן, וועל־כע האָבן ווייניק־וואָס צו טאָן מיט דער ווירקלעכקייט און מאַכן צומאָלס אַזאַ

שטאַרקן תל פונעם אַלגעמיינעם אַספּעקט פון אַן עפּאָכע, אַז ס׳ווערן פאַרן באַאָבאַכ־
טער פאַרלוירן אַלע אינערלעכע שייכותן.

מ׳וואָלט זיך טאָקע געמעגט אָפּגעבן אַ חשבון, וואָס פאַראַ טיפגייענדיקן און
אַנטשיידנדיקן איינפלוס באַשטימטע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען האָבן געהאַט
אויפן אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון גאַנצע עפּאָכעס. אַזוי האָט די פאַרשפּרייטונג
פונעם קריסטנטום אַרויפגעלייגט זיין אומאָפּלייקנבאַרן חותם אויפן גאַנצן גייס־
טיקן לעבן פון די איראָפּעאישע פעלקער; פונקט אַזוי האָט דער מאָדערנער קאַ־
פּיטאַליזם במשך די לעצטע צוויי הונדערט יאָר פולשטענדיק איבערגעאַנדערשט
אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און אַרויפגעלייגט נישט בלויז אויף די ריין־
מאַטעריעלע לעבנס־באַדינגונגען, נייערט אויך אויף די גייסטיקע שטרעבונגען פון
אָט־דער עפּאָכע אַ ספּעציעלן כאַראַקטער, וועגן וועלכן מ׳קאָן זיך לחלוטין נישט אָפּ־
נאַרן. וועגן די מעכטיקע השפּעות פון באַשטימטע וועלט־ און לעבנס־אַנשויאונגען
אויפן געדאַנקענגאַנג פון די פעלקער פונעם איראָפּעאיש־אַמעריקאַנישן קולטור־
קרייז איז שוין פריער גערעדט געוואָרן.

צי איז דען נישט דער איצטיקער קריזיס פון דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער
וועלט דער איבערצייגנדיקסטער באַווייז פאַר די אינערלעכע שייכותן פון אַן עפּאָ־
כע, וועמעס ווירקונגען זענען אין אַלע לענדער די נעמלעכע? מ׳דאַרף זיך נישט
אָפּנאַרן; אָט־דער קריזיס איז נישט בלויז אַן עקאָנאָמישער, — ס׳איז דער קרי־
זיס פון דער היינטיקער געזעלשאַפט, דער קריזיס פון אונדזער מאָדערנעם געדאַנק,
וועלכער שטויסט צום איבערבוי, צו דער נייער געשטאַלטיקונג פון אונדזער גאַנצן
גייסטיקן און פּסיכישן לעבן און נישט בלויז צו אַן אויסגלייך פון זיינע ריין־עקאָנאָ־
מישע פאָרמען. ס׳איז די התחלה פון דער גרויסער געטערדעמערונג. פונעם צע־
שטורעמטן און פאַרפּלאָנטערטן כאַאָס פון אַלטע און נייע השגות וועט זיך ביס־
לעכווייז אַרויסשיילן אַ נייער קוק אויף זאַכן, וועלכער וועט ענדערן דעם גייסטיקן
בליק פון די מענטשן און זיי ווייזן אין אַ נייעם ליכט די אינערלעכע שייכותן צווישן
מענטש און געזעלשאַפט. מחמת אין וואָס מ׳בייטיקט זיך איז אין אַ גרויסער רע־
וואָלוציע אינעם גייסט, בכדי פונדאַסניי אויסצוגעשטאַלטיקן די באַציאונגען פון די
מענטשן צו די זאַכן פונעם מאַטעריעלן לעבן און זיינע באַגלייטנדיקע דערשיינונ־
גען און זיי אָנצורעגן זיך צו פאַרנעמען אין אַ נייער ריכטונג אין זייערע מעשים.

קודם־כל מוזן מיר זיך אויסלערנען, זיך באַנייס אַליין אַוועקצושטעלן פּנים־
אל־פּנים מיט די זאַכן און זיך מער נישט באַנוגענען צו באַטראַכטן די דערשיי־
נונגען פונעם סאָציאַלן לעבן דורך די ברילן פון פילאָזאָפישע הנחות און זיי צו
ווערלן אויסטייטשן דורך עפּעס אַ קינסטלעך־באַשאַפענעם באַנעם פון דער געשיכטע.
די אַנטוויקלונגס־טעאָריע, וועלכע האָט אַמאָל איבערגעקערט און איבערגעאַנדערשט
פון גרונט אויס דעם גאַנצן שטייגער דענקען פון אונדזער קולטור־קרייז, איז פאַר
אונדז היינט גאַנץ אָפּט געוואָרן אַ שטרויכלונג אין אונדזערע טואונגען. מיר פאַרנע־
מען זיך צו לאַנג און צו אויסשליסלעך מיט די סיבות און איבערגאַנגען פון די גע־

זעלשאַפטלעכע דערשיינונגען, ביז די דערשיינונגען גופא זענען אונדז געוואָרן פרעמד און נעבנזאַכלעך. דערנעבנדיק אין דעם זין, אַז די אוממיטלבאַרע ווירקונג פון די זאַכן רופן־אַרויס ווייניקער אינטערעס ווי די סיבות, פון וועלכע זיי זענען אַנטשטאַנען. מיר האָבן זיך במשך פון צענדליקער יאָרן ארויסגעשטעלט ווי געניטע אַנאַליטיקער פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, אָבער מיר האָבן צוליב דעם פאַרלוירן די פעאיקייט צו באַנייען דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן און צו צעעפענען פאַר דער מענטשהייט נייע האָריזאָנטן פאַר אירע מעשים און טעטיקייטן. אונדזער אופן דענקען האָט פאַרלוירן דעם זיטלעכן תוכן, וועלכער האָט זיין שורש אינעם גייסט פון דער געמיינשאַפט, און איז צו שטאַרק צוגעבונדן צו דער ריין־טעכנישער אָבסערוואַציע. און מ'איז אַפילו דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מ'האָט דעם עטישן צוגאַנג צו זאַכן באַנומען ווי שוואַכקייטן און מ'האָט זיך איינגערעדט, אַז אַזעלכע מינים קאָנסידעראַציעס האָבן לגמרי נישט קיין איינפלוס אויף דער געזעלשאַפטלעכער טואונג פון די מענטשן. וואוהין דאָס דערפירט, זעען מיר היינט מיט אַן אָפּשרעקנדיקער דייטלעכקייט.

די אַנטוויקלונגס־טעאָריע האָט זיך ביי אַ סך פאַרוואַנדלט אין אַ פאַטאַליסטישן באַנעם פונעם געזעלשאַפטלעכן פּראָצעס און זיי דערפירט דערצו, אַז זיי זאָלן אַפילו די אויפרייצנדיקסטע געשעענישן פון דער צייט באַטראַכטן ווי רעזולטאַטן פון אומפאַרענדערלעכע אַנטוויקלונגס־פּראָצעסן, אין וועלכע דער מענטש קאָן זיך אייגנוויליק נישט אַריינמישן. אָט־די אמונה אין דער אומפאַרענדערלעכקייט און געזעצמעסיקייט פון אַלע פאַסירונגען האָט געמוזט דערווייטערן און אָפּפרעמדן פונעם מענטשן דאָס נאַטירלעכע געפיל פון רעכט און אומרעכט און פאַרטעמפּן זייער פאַרשטענדעניש פאַרן זיטלעכן זין פון די זאַכן*).

אַזוי אַרום שפּילט מען זיך היינט מיטן געפערלעכן געדאַנק, אַז דער אָניאָגנ־

---

*) מיר וועלן ברענגען בלויז איין ביישפּיל פון אַ סך, וואָס פאַראַ ווירקונג דאָס האָט: ווען ענגלאַנדס קאָנסערוואַטיווע רעגירונג האָט אין 1899 פאַרוויקלט ביידע זידאַפריקאַנישע בורן־רעפּובליקן אין אַ מלחמה, בכדי זיי נאָך לאַנגע מערדערישע שלאַכטן סוף־כל־סוף צו אַנעקסירן, האָט יעדער איינער געוואוסט, אַז ס'האָט זיך אין אָט־דעם רויבצוג געהאַנדלט בלויז וועגן דעם אומגעשטערטן באַזיץ פון די טראַנסוואַלער גאָלד־גרובנס. אָבער ווילהעלם ליבקנעכט, וועלכער איז דעמאָלט געווען נעבן אויגוסט בעבעל דער פאָפּולערסטער פירער פון דייטשלאַנדס סאָציאַליסטישער פאַרטיי, האָט אָבער געפּרוווט צו ווערן שווה בשווה מיט די געשעענישן דערמיט, וואָס ער האָט פאַר זיינע לייענער אין „פאָרווערטס" דערקלערט, אַז מיר זאָלן דאָ האָבן צו טאָן מיט אַ פּאָליטישער נויטווענדיקייט, וועלכע איז אומפאַרמיידלעך; מחמת פּונקט אַזוי ווי ס'הערשט אין דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג די טענדענץ, אַז דאָס קאַפּיטאַל זאָל זיך קאָנצענטרירן אין וואָס ווייניקער הענט און דער קליינער קאַפּיטאַליסט זאָל איינגעשלונגען ווערן פונעם גרעסערן, פּונקט אַזוי איז עס אויך אומפאַרמיידלעך אין דער פּאָליטישער אַנטוויקלונג, אַז די קלענערע מלוכות זאָלן אויפגעפרעסן ווערן פון די עקזיסטירנדיקע גרויסע שטאַטן. מיט אַזעלכע דערקלערונגען, וועלכע שטיצן זיך דאָך, אַפילו אין בעסטן פאַל, בלויז אויף אַן השערה, פאַרנעפּלט מען ביים מענטשן די ראיה און מ'פאַרקלאַפּט אים דעם קאָפּ נישט צו קאָנען באַגרייפן דאָס מאָוימדיקע פון דער געשעעניש און מ'מאַכט אים אומעמפּינדלעך פאַר יעדן געבאָט פון מענטשלעכקייט.

דיקער פאַשיזם איז אַ נויטוועדיקע אַנטוויקלונגס־פאָרעם פונעם מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם, וועלכער וועט סוף־כל־סוף אויסלייגן דעם וועג פאַרן סאָציאַליזם*).

מיט אַזאַ מין אידעאָלאָגיע פּאַראַליזירט מען נישט בלויז יעדעס געפיל פונעם ווידערשטאַנד קעגן דער אייגנווילקייט און ברוטאַלער געוואַלט, נייערט מ׳גערעכטפאַרטיקט אויך דערמיט אומדירעקט אַלע דורכפירער פון די מעשים תעתועים, מחמת מ׳שטעלט זיי אַרויס ווי טרעגער פון היסטאָרישע נויטווענדיקייטן, וועלכע שטייען אויף יענער זייט פון גוטס און שלעכטס, און דערביי מאַכט מען אַ קליינעם ווען דערפון, צי דאָס פּאַסירט במזיד אָדער בשוגג, באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק. אינדעראמתן האָט די פּערזענלעכע הנהגה פון ברוטאַלע תקיפים, האָבן די מאָנסטרועזע פאַרברעכנס, וועלכע ווערן היינט באַגאַנגען אין דייטשלאַנד און אומעטום, וואו נאָר דער פאַשיזם האָט באַקומען די ממשלה, און אַפילו, אַגב, נישט אַרויסגערופן דעם מינדסטן פּראָטעסט פון די אַזויגערופענע דעמאָקראַטישע רעגירונגען, לגמרי נישט קיין שום שייכות מיט דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג. עס האַנדלט זיך דאָ אויסשליסלעך וועגן דער קראַנקער מאַכט־משוגעת פון קליינע מינדערהייטן, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען ווי אַזוי אויסצונוצן אַ געשאַפענע סיטואַציע און אונטערציען דערביי זייער אייגענעם חשבון.

מ׳האָט זיך איינאײנוועגס צוגעוואוינט צו פאַרשרייבן אַלע צרות פון דער היינטיקער געזעלשאַפט ווי פּועל־יוצאס פונעם קאַפּיטאַליסטישן עקאָנאָמישן סדר, אָבער מ׳האָט פאַרגעסן, אַז מיט פּרואוון דערקלערן זאַכן, ווערן נאָך די זאַכן גופא נישט געענדערט; מ׳האָט אַזוי שטאַרק פאַרגעסן אין דעם, אַז אַפילו יענע פּאַרטייען, וועלכע האָבן מכלומרשט געאַרבעט פאַר אַ פולשטענדיקער ענדערונג פון די היינטיקע געזעלשאַפטלעכע צושטאַנדן, האָבן נישט געוואוסט פון קיין שום אַנדערן בעסערן אופן ווי נאָר זיך אַריינצופּאַסן און אַריינצומאָדולירן אין דעם עקזיסטירנדיקן סדר־עולם און געטאָן האָבן זיי דאָס אַזוי גוט, אַז זיי זענען געוואָרן באַשטאַנדטיילן פון אָט־דעם סדר און זיי האָבן אים דורך זייערע מעטאָדן באַנייס געשטאַרקט און געקרעפטיקט. אָט־דער אָפּאָרטוניזם פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָט צעשטערט אַ סך האָפענונגען און אַנטוישט און דערוויטערט ברייטע מאַסן פונעם סאָציאַליזם, ווענען זיי האָבן געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער מפּלה פון די סאָציאַליסטישע

---

*) קורץ פאַר היטלערס איבערנעמען די מאַכט איז אָט־דער באַנעם געווען אַזוי שטאַרק פאַרשפּרייט ספּעציעל צווישן די אָנהענגער פון דייטשלאַנדס קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אַז די רעדאַקציע פון דער „ראָטער פאַנע" איז געווען געצוואונגען אַרויסצוטרעטן קעגן דער־דאָזיקער געפערלעכער שטעלונג, הגם דערדאָזיקער באַנעם איז דאָך געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי די לאָגישע קאָנסעקווענץ פון דער טאַקטיק, וועלכע די דייטשע קאָמוניסטן האָבן במשך פון לאַנגע יאָרן אָנגעהאַלטן. דער פאַקט, אַז היטלער האָט געקאָנט איבערנעמען די מאַכט אָן יעדן ווידערשטאַנד מצד דער סאָציאַליסטישער און קאָמוניסטישער אַרבעטערשאַפט, איז די בעסטע אילוסטראַציע פאַר יענעם פאַטאַליסטישן אופן פון דענקען, וועלכער האָט פּאַראַליזירט דעם ווילן פון די מאַסן און דייטשלאַנד אַריינגעשליידערט אין תהום. מ׳האָט זיך אַזוי לאַנג געשפּילט מיט דער אמונה אין דער אומפאַרמיידלעכקייט פון דער דיקטאַטור, ביז די דיקטאַטור איז געקומען, בלויז מיטן חילוק, וואָס זי איז געקומען פון אַן אַנדערער זייט, ווי מ׳האָט זיך עס פאָרגעשטעלט.

אָרגאַניזאַציעס, פּונקט ווי מ׳מאַכט היינט פּאַראַנטוואָרטלעך דעם געזעלשאַפטלעכן באַנעם פונעם ליבעראַליזם פאַרן דורכפאַל פון די ליבעראַלע פּאַרטייען. אינדער־אמתן איז דערמיט באַוויזן געוואָרן נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר דאָס, אַז אַ באַ־וועגונג, וועלכע שטרעבט צו אַ פולשטענדיקער איבעראַנדערשונג און באַנייאונג פון גאַנצן געזעלשאַפטלעכן לעבן, קאָן קיינמאָל נישט צוקומען נענטער צום דאָזיקן ציל, נאָך מער, אַז זי איז אַפילו געצוואונגען וואָס ווייטער אַלץ מער זיך צו דערווייטערן פון איר התחלהדיקן ציל, וואָס מער זי זוכט זיך צו פאַרפונדעווען אין די אַלטע אינסטיטוציעס פון דער מלוכישער אָרדענונג, בכדי דערנאָך זאָל זי אַליין לאָזן אין גאַנג די פּאָליטישע מאַשין. אָבער די זאַך איז די, אַז אַט־די מאַשין האָט אַזאַ מין מעכאַניזם, וועלכער קאָן אַרבעטן נאָר אין אַ באַשטימטער ריכטונג, אָן אַ נפקא־מינה, ווער עס דרייט זי אָן, ווער עס לאָזט זי אין גאַנג.

עס זענען ביז איצט נישט מקוים געוואָרן נישט די צילן פונעם סאָציאַליזם און נישט די צילן פונעם ליבעראַליזם; מ׳האָט זיך אַפילו קיינמאָל נישט פאַרנומען ערנסט זיי צו פאַרווירקלעכן און דורכן איינפלוס פון באַשטימטע כוחות זענען זיי תמיד פונדאַסניי געשטויסן געוואָרן אויף פאַלשע וועגן. און פונדעסטוועגן ווייזט אונדז די גאַנצע אַנטוויקלונג פון אונדזערע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע צושטאַנדן היינט מער ווי תמיד ווי ריכטיק אַט־די שטרעבונגען זענען געווען לכתחילה און צו וועלכן געפערלעכן אָפּגרונט מיר האָבן זיך דערנענטערט דערמיט, וואָס מיר האָבן געזעכנט זיך צו האַלטן ביי די „דרכים פון דער עוואָלוציע״, אַנשטאָט אַרויסצו־טרעטן קעגן דער זיך אָנרוקנדיקער סכנה, וועלכע באַדראָט אונדז היינט פון אַלע זייטן.

ווייל איין זאַך וואָלט היינט געדאַרפט האָבן קלאָר געוואָרן פאַר יעדן מענטשן, וועלכער שטרעבט צו אַ טיפערן באַנעם: די היינטיקע גרויספאַרנעמיקע מלוכה און דער מאָדערנער עקאָנאָמישער מאָנאָפּאָליזם האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שרעקלע־כער מכה פון דער מענטשהייט און פירן אונדז מיט אַן אַלץ שנעלערן טעמפּ צו יע־נעם מצב, וועלכער פאַרענדיקט זיך אַלץ באַשיימפּערלעכער מיט דער ברוטאַלסטער באַרבאַריע. ס׳איז די איראָניע פון אַט־דעם סיסטעם, וואָס פאַר זיינע פאַרטרעטער איז די מאַשין געוואָרן אַזוי צו זאָגן דער סימבאָל זייערער און זייער כוונה איז איינ־צושטעלן יעדע מענטשלעכע אַקטיוויטעט אין איינקלאַנג מיט דער נשמהלאָזער באַ־וועגונג פונעם אַפּאַראַט. דאָס פּאַסירט היינט אומעטום: אין דער וויסנשאַפט, אין דער פּאָליטיק, אין דער אַלגעמיינער דערציאונג, אינעם יורידישן לעבן און אויף אַלע אַנדערע געביטן. דורך דעם איז דער לעבעדיקער גייסט פאַרשפּאַרט געוואָרן אין דער שטייג פון טויטע באַגריפן און מ׳האָט די מענטשן אונטערגעטראָגן די אמונה, אַז דאָס גאַנצע לעבן איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַן אויטאָמאַטיש זיך דריי־ענדיקע באַוועגונג אַרום קרייזנדיקן באַנד פון די פּאַסירונגען. נאָר פון אַזאַ גייס־טיקן צושטאַנד האָט געקאָנט אַרויסקומען יענער האַרצלאָזער עגאָאיזם, וועלכער שפּאַנט איבער טויטע קערפּערס, בכדי צו באַפרידיקן זיין גיריקייט, און יענער אומ־

געצוימטער באַגער צו מאַכט, וועלכער שפּילט זיך מיטן גורל פון מיליאָנען, גלייך ווי דאָס וואָלטן געווען טויטע שורות ציפערן און נישט קיין באַשעפענישן פון פלייש און בלוט. און אָט־דער צושטאַנד איז אויך די סיבה פון יענער קנעכטישער אונטער־טעניקייט, וועלכע באַוועגט אירע אייגענע קרבנות אויפצועסמען און צו באַגעגענען יעדע דערנידעריקונג פון זייער אייגענער מענטשלעכער חשיבות מיט טעמפּער גלייכ־גילטיקייט און אָן שום ממשותדיקן ווידערשטאַנד.

די מאָוימדיקייט פונעם קאַפּיטאַליסטישן עקאָנאָמישן סיסטעם האָט באַזונ־דערס נאָכן קריג אָנגענומען אַזאַ כאַראַקטער, וועלכער וואָלט אַפילו דעם בלינדסטן געמוזט עפענען די אויגן. די קאַפּיטאַליסטישע וועלט האָט היינט צו טאָג מיליאָנען אַרבעטסלאָזע, וואָס צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס באַטרעפן זיי אַזוי פיל וויפל די צאָל פון אַ גרויסער מאָדערנער מלוכה. און בעת דידאָזיקע מענטשן לעבן אָדער ווע־געטירן אין אַ צושטאַנד פון אַ באַשטענדיקער נויט און עלנט און זענען אָפּט נישט אימשטאַנד צו באַפרידיקן די עלעמענטאַרסטע באַדערפעני שן פונעם לעבן, צעשטערט מען אין אַ סך לענדער אונטער דער דירעקטער אינספּיראַציע פון דער רעגירונג אומ־געהייערע קוואַנטיטעטן לעבנסמיטלען, פאַר וועלכע ס׳איז נישט פאַראַן קיין מאַרק, מחמת די קויפקראַפט פונעם פאָלק איז צו שוואַך*). ווען אונדזער צייט וואָלט נאָך געווען מסוגל אונטערצושיידן רעכט פון אומרעכט, וואָלט אָט־די חוצפּהדיקע פאַר־אַכטונג פון דער מענשלעכער חשיבות געמוזט אויפטרייסלען דאָס סאָציאַלע געוויסן פון די מענטשן און זיי צווינגען אַרויסצושטעלן זיך קעגן אַזעלכע מאָנסטראָזיטעטן, אָבער מיר פאַרצייכענען פשוט די פאַקטן און דער רוב פילט אַפילו נישט דעם אַכזריותדיקן זין פון דער גרויסער מענטשלעכער טראַגעדיע, וועלכע שפּילט זיך אָפּ טאָגטעגלעך פאַר זייערע אויגן.

ווען ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן מערקן די ערשטע סימנים פונעם גרויסן קריזיס אין אייראָפּע, איז גאָר קיינעם נישט איינגעפאַלן זיך צו פאַרנעמען אויף נייע דרכים, נייערט מ׳האָט זיך פאַרלייגט דערויף אַראָפּצונידערן די „קאָסטן פון דער פּראָדוק־

*) אין אַמעריקע האָט מען צעשטערט אויף דער עצה פון די אויטאָריטעטן, פיר מי־ליאָן פּעק באַנוול; מ׳האָט פשוט נישט אַראָפּגענומען דאָס גערעטעניש פון יעדער דריטער שורה פון די פלאַנצן. אין קאַנאַדע זענען פאַרברענט געוואָרן געוואַלטיקע זאַפּאַסן ווייץ, פאַר וועלכע מ׳האָט נישט געהאַט קיין קונים. בראַזיל האָט אין אָקטאָבער 1932 צעשטערט איבער 10,2 מיליאָן זעק קאַווע און אין אַרגענטינע האָט מען פאַרברענט געטריקנט פלייש. אין אַלאַסקאַ האָט מען צעשטערט פיר מיליאָן פּושקעס לאַקספיש און אין שטאַט ניו־יאָרק האָבן די לאָקאַלע פאַרוואַלטונגען געמוזט אַרויסטרעטן קעגן דער פאַראומרייניקונג פון די טייכן, ווייל צוליב דעם גרויסן סכום אויסגעגאָסענער מילך, זענען אומגעקומען די פיש. אין אויסטראַליע האָט מען געטייט אַ מיליאָן שאָף און זיי פשוט און פּראָסט באַגראָבן אין דער ערד, בכדי דערמיט צו פאַרמינערן די אַזויגערופענע איבערפּראָדוקציע, וועלכע איז דאָך אינדעראמתן נישט עפּעס אַנדערש ווי אונטערקאָנסומציע. ריזיקע סכומים הערינג זענען ווידער אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין ים, מחמת ס׳האָט זיך נישט באַוויזן קיין קונים. אַפילו אין אַזאַ פאַראָרעמטן און פון נויט פאַרפייניקטן לאַנד ווי דייטשלאַנד האָט מען יאָריערלעך געלאָזט פאַרפוילט ווערן גרויסע זאַפּאַסן אוגערקעס און געמיזע, אָדער זיי פאַרוואַנדלט אין באַמיסטיקונג, ווייל ס׳זענען נישט געווען קיין בעלנים אויף זיי און דאָס איז נאָר אַ קליינער טייל פון אַ לאַנגער ליסטע, וועמעס שטומען אָנקלאָג מ׳קאָן נישט אויסטייטשן פאַלש.

ציע״, און געטאָן האָט מען עס דורכן איינפירן אַ גרינטלעכע „ראַציאָנאַליזאַציע פון דער ווירטשאַפט״ און ס׳איז לגמרי נישט אָנגעגאַנגען קיינעם צו פאַרטראַכטן זיך וועגן דעם, וואָס פאַראַ אומפאַרמיידלעכע פאָלגן אַזאַ געפערלעכער עקספערימענט וועט מוזן האָבן אויף דער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג. אין דייטשלאַנד האָבן אַפילו די פראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־פאַראיינען געשטיצט אָט־דעם אומגליקלעכן פּלאַן מיטן גאַנצן פאַרמעסט און מ׳האָט איינגערעדט די אַרבעטער, אַז אויף דעמדאָזיקן וועג איז מעגלעך צו לייזן דעם קריזיס. לכתחילה האָבן טאַקע די אַרבעטער געגלייבט אין דעם, אָבער נאָר אַזוי לאַנג, ביז זיי האָבן אָנגעהויבן פילן אויפן אייגענעם קערפּער, אַז מ׳האָט זיי אָפּגענאַרט און זיי אויסגעשטעלט צו דער ערגסטער נויט און פּיין. אויך דעמאָלט האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי ווייניק די גבירים און אַדירים פונעם קאַפּיטאַל אינטערעסירט די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט. מ׳האָט דעם מענטש אָן איינזעעניש אויפגעבראַכט פאַר אַ קרבן צו דער טעכניק, מ׳האָט אים אַראָפּגענידערט צו דער קאַטעגאָריע פון אַ מאַשין, אים אומגעוואַנדלט אין אַן אומפּערזענלעכער „פּראָדוקטיווער קראַפט״, ביי אים צוגענומען אַלע שטריכן פון זיין מענטשלעכער חשיבות, בכדי דער אַרבעטס־פּראָצעס זאָל זיך אַנטוויקלען אינוויוויט מעגלעך אָן רייבונגען און אָן אינערלעכע שטרויכלונגען.

און פונדעסטוועגן ווייזט זיך היינט אַרויס אַלץ קלאָרער, אַלץ דייטלעכער, אַז אויף אָט־דעם וועג קאָן נישט אויפקומען קיין בייע צוקונפט פאַרן מענטשן, נאָך מער, — אַז די אַזויגערופענע ראַציאָנאַליזאַציע שטעלט זיך אַרויס ווי אַ דורכפאַל פון אַלע פריערדיקע אויסרעכענונגען. אַזוי האָט נאָך מיט אייניקע יאָר צוריק דערקלערט פעליקס קריגער, דער שעף פונעם אינסטיטוט פאַר פּסיכאָלאָגיע אין לייפּציג, אַז דער אַזוי שטאַרק אויסגעליבטער טיילאָר־סיסטעם און די אַזויגערופענע ראַציאָנאַליזאַציע פון דער אינדוסטריע זענען אַרויסגעקומען פון אַ לאַבאָראַטאָריום־פּסיכאָלאָגיע, און אַז זייערע עקאָנאָמישע דורכפאַלן שטעלן זיך אַרויס וואָס ווייטער אַלץ בולטער. קריגער שטייט אויפן שטאַנדפּונקט, אַז נאָך אַלע געמאַכטע דערפאַרונגען איז היינט בלי שום ספק, אַז די נאַטירלעכע, פונעם אינערלעכן ריטם פון דער אַרבעט קומענדיקע באַוועגונג מידט־איין ווייניקער ווי אַ פון דרויסן אַרויפגעצוואונגענער אַרבעטס־ריטם, מחמת דער אופן פון דער מענטשלעכער טואונג האָט זיין שורש אין דער נשמה, וועלכע מ׳קאָן נישט אָנצייכענען לויט קיין שום באַשטימטער סכעמע.

דידאָזיקע דערפאַרונג האָט זיך זינט דעמאָלט אַלץ מער באַשטעטיקט. נישט געקוקט דערויף איז מען נאָך אַלץ איינגעגלייבט צו קאָנען גובר זיין דעם קריזיס אויפן שטח פון דער פּראָדוקציע. די ערשט־אויפגעקומענע „טעכנאָקראַטישע שול״ אין אַמעריקע האָט זינט דעמאָלט געבראַכט דעם באַווייז, געשטיצט אויף אַן אומגעהייערן סכום דאַטן און פאַקטן, וועלכע זענען זיך סומך אויף גענויע וויסנשאַפטלעכע באַטראַכטונגען, אַז אונדזערע מעגלעכקייטן צו פּראָדוצירן זענען כמעט אומבאַגרענעצטע, נאָך מער, אַז אַפילו די הויכע לייסטונגס־פעאיקייט פון דער היינטיקער

ווירטשאַפט האָט להלוטין נישט קיין שום שייכות צו אונדזערע טעכנישע קענטענישן, מחמת אַ פולשטענדיקע אָנווענדונג פון אַלע טעכנישע דערגרייכונגען וואָלט ביים היינטיקן סיסטעם געמוזט דערפירן צו אַן אוממיטלבאַרער קאַטאַסטראָפע. האָוואַרד סקאָט און זיינע 350 וויסנשאַפטלעכע מיטאַרבעטער זענען דעריבער ביי דער מיי־נונג, אַז פון אָט־דער דראָענדיקער קאַטאַסטראָפע וועט מען זיך קאָנען אויסהיטן נאָר בתנאי, אויב מ׳וועט די מענער פון דער טעכניק איבערגעבן די פירונג פון דער עקאָ־נאָמיק און מ׳וועט איינפירן אַ ראַדיקאַלע פאַרקירצונג פון דער אַרבעטס־צייט אויף זעכצן שעה אַ וואָך.

אַז אַ באַדייטנדיקע פאַרקירצונג פון דער אַרבעטס־צייט וואָלט געקאָנט זיין אַ מיטל איינצוצוימען אַביסל דעם הערשנדיקן ווירטשאַפטלעכן קריזיס און די עקאָנאָ־מיק גופא אויף אַ געוויסן אויפן אַרויפצופירן אויף אַ נאָרמאַלן וועג, איז נאָך פון פריער באַהויפּטעט געוואָרן; ס׳וואָלט אָבער געווען אַ זעלבסטאָפּנאַרעריי צו גלייבן, אַז דערמיט קאָן געלייזט ווערן די גרויסע פראַגע פון דער צייט. דאָס פּראָבלעם פון דער היינטיקער עקאָנאָמיק איז ווייניקער אַ פראַגע פון דער פּראָדוקציע ווי פון דער קאָנסומציע. אָט־דעם אופן פון פאַרשטיין דעם ענין האָט נאָך ראָבערט אָוען אַרויס־געשטעלט קעגן אַדאַם סמיטן; אין דעם איז אָנטהאַלטן דער גאַנצער באַדייט פונעם סאָציאַליזם איבערהויפּט. אַז די וויסנשאַפטלייט און די טעכניקער האָבן דערעפנט פאַר דער פּראָדוקציע אומגעהייערע מעגלעכקייטן, דאָס ווערט דאָך פון קיינעם נישט געשטעלט אין ספק און דאַרף נישט האָבן קיין שום באַגרינדונג. אָבער ביים היינ־טיקן סיסטעם פאַרוואַנדלט זיך יעדע נייע דערגרייכונג פון דער טעכניק אין אַ גער־ווער פונעם קאַפּיטאַליזם קעגן פאָלק און דערגרייכט פונקט דעם היפּוך דערפון, וואָס זי איז אויסן געווען. יעדער טעכנישער פּראָגרעס האָט ביז איצט בלויז געמאַכט די אַרבעט שווערער און דערדריקנדיקער פאַרן מענטשן און אַלץ מער אונטערגעגראָבן זיין עקאָנאָמישע זיכערקייט. דאָס וויכטיקסטע פּראָבלעם פון דער ווירטשאַפט איז היינט נישט כסדר צו פאַרגרעסערן און מאַכן בריוווהדיקער און שפּעדיקער די פּראָ־דוקציע דורך נייע דערפינדונגען, נייערט צו זאָרגן דערפאַר, אַז די דערגרייכונגען פון די טעכנישע קענטענישן און די הכנסה פון דער אַרבעט זאָלן אויספאַלן לטובת אַלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט אויפן זעלביקן אופן.

ביים היינטיקן סיסטעם, וועלכער האָט אַוועקגעשטעלט אין צענטער פון דער עקאָנאָמיק דעם ריווח פון יחידים און נישט די צופרידנשטעלונג פון אַלעמענס באַ־דערפענישן, איז דאָס לגמרי אויסגעשלאָסן. די אַנטוויקלונג פון דער פּריוואַטער ווירטשאַפט צו דער מאָנאָפּאָל־ווירטשאַפט האָט נאָך שווערער געמאַכט דידאָזיקע אויפגאַבע, מחמת זי האָט איבערגעענטפערט אין די הענט פון די איינצלנע עקאָנאָ־מישע אָרגאַניזאַציעס אַזאַ מאַכט, וועלכע גייט ווייט און ברייט אַרויס פונעם באַרייך פון עקאָנאָמישן און גיט איבער די גאַנצע געזעלשאַפט אין רשות פון דער מאַכט־גיריקייט און אומבארחמנותדיקער עקספּלואַטאַציע פון דער מאָדערנער טראַסטאָקראַ־טיע. וואָס פאַר אַן איינפלוס עס האָבן היינטצוטאָג די קעניגן פון דער הויכער פי־

נאַנץ און פון די גרויסע אינדוסטריעלע קאַרטעלן אויף דער פּאָליטיק פון די מלוכות, איז צו גוט באַקאַנט און דאַרף נישט האָבן קיין באַזונדערע פּירושים*).

אָבער אויך דער שטאַטסאָציאַליזם, וועגן וועלכן מ׳רעדט היינט אַזוי שטאַרק און אַזוי פיל, איז נישט קיין אויסוועג פון דער גייסטיקער און מאַטעריעלער נויט פון דער צייט; אדרבא, ער וואָלט ערשט נאָך מער פאַרוואַנדלט די וועלט אין אַ תפיסה און וואָלט דערשטיקט יעדעס געפיל פון פרייהייט נאָך איידער עס וואָלט אויפגעקומען, ווי דאָס איז היינט דער פאַל אין רוסלאַנד.

אויב ס׳זענען פונדעסטוועגן היינט פאַראַן „סאָציאַליסטן", וועלכע ווילן זען אינעם שטאַטס־קאַפּיטאַליזם אַ העכערע פאָרעם פון דער עקאָנאָמיק, איז דאָס בלויז אַ באַווייז, אַז ס׳איז ביי זיי קיינמאָל נישט ריכטיק קלאָר געוואָרן, וואָס דאָס איז אַזוינס דער מהות פונעם סאָציאַליזם און וואָס דער מהות פון דער עקאָנאָמיע. אוודאי, ווען מ׳גייט אַרויס פונעם קאַפּיטאַליסטישן שטאַנדפּונקט, ד. ה., ווען מען נעמט־אָן, אַז דער מענטש עקזיסטירט פאַר דער עקאָנאָמיע און נישט די עקאָנאָמיע פאַרן מענטשן, קאָן שוין זיין ריכטיק, אַז דער שטאַטס־קאַפּיטאַליזם איז אַ „העכערע פאָרעם" פון דער עקאָנאָמיע; פון סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט אָבער איז אַזאַ באַנעם די מאוימדיקסטע לעסטערונג אינעם גייסט פונעם סאָציאַליזם און פון דער

*) מיט וואָס פאַראַ שווידערלעכער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט מ׳איז היינט צו טאָג צו יעדן מאָמענט גרייט מקריב צו זיין מיליאָנען מענטשלעכע לעבנס לטובת די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון קליינע מינדערהייטן, באַווייזט די טעלעגראַמע, וועלכע דער אַמאָליקער נ. אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין לאָנדאָן, מר. וואַלטער היינעס פּאַזש, האָט דעם 5־טן מערץ 1917 אָפּגעשיקט צום פּרעזידענט ווילסאָן און נאָך וועלכער ס׳איז אַ חודש שפּעטער געקומען די קריגסדערקלערונג פון די פאַר. שטאַטן צו דייטשלאַנד:

„ענגלאַנד קאָן נישט אָנהאַלטן אויף ווייטער די גרויסע איינקויפן אין די פאַר. שטאַטן אָן שיקונגען פון גאָלד און מיט קיין גרויסע שיקונגען פון גאָלד קאָן זי ווייטער נישט אָנגיין... ס׳איז דעריבער פאַראַן די אוממיטלבאַרע סכנה, אַז די פראַנצויזיש־אַמעריקאַנישע און די ענגליש־אַמעריקאַנישע בערזע זאָלן אַזוי שטאַרק געשעדיקט ווערן, אַז די באַשטעלונגען פון אַלע אַליאירטע רעגירונגען זאָלן רעדוצירט ווערן ביז צום נידעריקסטן מינימום און דער טראַנסאַטלאַנטישער מסחר זאָל אַזוי אַרום כמעט אינגאַנצן אָפּגעשטעלט ווערן. דאָס וועט נאַטירלעך אַרויסרופן אַ פּאַניק אין די פאַראייניקטע שטאַטן... ווען מיר זאָלן זיך אַנטשליסן אַרויסצוטרעטן אין אַ מלחמה קעגן דייטשלאַנד, וואָלט דעמאָלט דאָס גאַנצע געלט געבליבן אין אונדזער לאַנד, דער האַנדל וואָלט ווייטער אָנגעגאַנגען און פאַרגרעסערט געוואָרן ביז צום סוף פון דער מלחמה, און נאָך דער מלחמה וואָלט אייראָפּע ווייטער געקויפט ביי אונדז לעבנסמיטלען און זיך באַזאָרגט ביי אונדז מיט אומגעהויערגרויסע סכומים אַנדערע סחורות, בכדי פונדאַסניי איינצואָרדענען אירע פרידנס־אינדוסטריעס. מיר וועלן אַזוי אַרום צונויפקלויבן דעם ריווח פון אַן אומאיבערגעריסענעם, אפשר גרעסערן מסחר, במשך פון אַ גאַנצער ריי יאָרן און מיר זאָלן זיך זען איינצושאַפן די נייטיקע זיכערע גאַראַנטיעס אַלס צאָלונגען... איך מיין, אַז דער דרוק פונעם זיך אָנרוקנדיקן קריזיס איז גרעסער ווי די פעאיקייטן פון מאָרגאַנס פינאַנץ־אַגענטור פאַר דער ענגלישער און פראַנצויזישער רעגירונג. די לאַגע, וואָס שאַפט זיך, איז אַ צו ערנסטע און דרינגלעכע, אַז וועלכע ס׳איז פּריוואַטע געזעלשאַפט זאָל זיין אימשטאַנד נאָכצוקומען אירע באַדערפענישן, מחמת יעדער מין פון אַט־אַזעלכע אַגענטורן מוז זיך צוזאַמענשטויסן און קומען אין קאָנפליקט מיט דער קאָנקורענץ פון קעגנערישע אַגענטורן און גרופּן. קאָן זיין, אַז אונדזער באַטייליקונג אין דער מלחמה איז דער איינציקער אויסוועג, אויף וועלכן ס׳איז מעגלעך אויפצוהאַלטן אונדזער פּריווילעגירטע קאָמערציעלע פּאָזיציע און אויסמיידן אַ פּאַניק".

פרייהייט. אָבער אויך פונעם ריין־עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט איז די געוואַלדיקע פאַר־מערונג פונעם דרוק אויף דער פּראָדוקטיווער אַקטיוויטעט, וועלכער איז דער יסוד פון יעדן מין שטאַטס־קאַפּיטאַליזם, גלייכבאַדייטנדיק מיט דער פאַרמינערונג פונעם מענטשנס לייסטונגס־פעאיקייט. קנעכטישע אַרבעט האָט קיינמאָל נישט געפירט צום פּראָגרעס פון דערווירטשאַפט, מחמת זי האָט ביי איר צוגערויבט דעם פּסי־כישן סטימול און דעם באַוואוסטזיין פון דער שעפערישער טואונג. ווען די קנעכט־שאַפט אין רוים איז געוואָרן צום שטאַרקסטן צעבליט, איז די פּראָדוקטיוויטעט פונעם באָדן געוואָרן אַלץ קלענער, ביז ס׳איז לסוף דערגאַנגען צו אַן אַלגעמיינער קאַטאַס־טראָפע. דיזעלביקע דערפאַרונג האָט מען געהאַט אין דער צייט פון דער פעאָדאַ־ליסטישער ממשלה. וואָס אומדערטרעגלעכער ס׳זענען געוואָרן די פאָרמען פון דער לייבאייגנשאַפט אין די לענדער פון אייראָפּע, אַלץ קלענער זענען געוואָרן די הכנסות פון דער אַרבעט, אַלץ וויסטער און פּוסטער איז געוואָרן דאָס לאַנד. עס האַנדלט זיך וועגן באַפרייען די אַרבעט פון די קייטן פון קנעכטשאַפט און נישט נאָך פעסטער צו פאַרקאָוועז אירע קייטן.

אַ גרינטלעכע איבעראַנדערשונג פונעם היינטיקן עקאָנאָמישן סיסטעם, וועל־כע זאָל האָבן אין אויסזיכט די אמתע לייזונג פונעם פּראָבלעם, איז מעגלעך נאָר דורך דער באַזייטיקונג פון אַלערליי עקאָנאָמישע מאָנאָפּאָלן און פּריווילעגיעס, וועלכע פאַלן היינט אויס לטובת אַ קלענער מינדערהייט אין דער געזעלשאַפט און גיבן אָט־די אויסדערוויילטע די מעגלעכקייט אַרויפצוצווינגען זייער אינטערעסן־ווירטשאַפט אויף די ברייטע מאַסן פונעם פאָלק. נאָר דורך אַ גרינטלעכער רעאָרגאַני־זאַציע פון דער אַרבעט אויף אַ געזעלשאַפטלעכן יסוד, וועלכע זאָלן נישט דינען קיין שום אַנדערן צוועק ווי נאָר צו באַפרידיקן אַלעמענס באַדערפעניש, אַנשטאָט ווי היינט — אָנצוהויפן רווחים מצד יחידים, איז מסוגל גובר צו זיין דעם היינטיקן עקאָ־נאָמישן כאַאָס און צעעפענען אַ וועג פאַר אַ העכערער סאָציאַלער קולטור. עס גייט אין דעם צו באַפרייען דעם מענטש פון דער עקספּלואַטאַציע פונעם מענטשן און אים צו פאַרזיכערן די פּרוכט פון זיין אַרבעט. נאָר דעמאָלט וועט זיין מעגלעך, אַז יעדע נייע דערגרייכונג פון דער טעכניק זאָל אויספאַלן לטובת אַלעמען, און נישט צו דערלאָזן, אַז דאָס, וואָס דאַרף פאַר אַלעמען ווערן אַ ברכה, זאָל פאַרן רוב ווערן אַ קללה.

פונקט ווי ס׳איז נישט דערלאָזבאַר, אַז מינדערהייטן בתוך אַן אמתער פאָלקס־געמיינשאַפט זאָלן מאָנאָפּאָליזירן די לעבנסוויכטיקע רוישטאָפן און פּראָדוקציע־מיטלען פאַר זייערע באַזונדערע אינטערעסן, פּונקט אַזוי דאַרף נישט דערלאָזט ווערן, אַז וועלכעס ס׳איז פאָלק אָדער אַ באַשטימטע גרופּע מענטשן ווי אַן אָרגאַנישער איינס זאָל זיך איינשאַפן מאָנאָפּאָלן אויפן חשבון פון אַנדערע מענטשלעכע גרופּן, בכדי זיי אויסצושטעלן צו זייער עקאָנאָמישער עקספּלואַטאַציע. די גאַנצע טענדענץ פונעם קאַפּיטאַליזם, בפרט פון זינט ער איז אַריין אין דער אימפּעריאַליסטישער פאַזע פון זיין אַנטוויקלונג, איז דאָך טאַקע נאָר דערפאַר געוואָרן אַזוי אומהיילבאַר

פאָלקספּיינטלעך און אַזוי שטאַרק שעדלעך פאַר דער טובת הכלל, ווייל זיינע פאַר־טרעטער שטרעבן מיט אַלע כוחות און מיטלען אַריינצובאַקומען אינעם רשות פון זיינע מאָנאָפּאָלן אַלע נאַטירלעכע רייכטימער און צו פאַרקאָווען די מענטשן אין די קייטן פון עקאָנאָמישער קנעכטשאַפט. און דאָס פּאַסירט תמיד אין נאָמען פון דער נאַציע און יעדער צד באַרעכטיקט דידאָזיקע רויבערישע פּאָליטיק דורך אַפּעלירן צו די „נאַציאָנאַלע אינטערעסן”, וועלכע מוזן פאַרדעקן זייערע אמתע כוונות.

דאָס, וואָס מיר ווילן, איז נישט וועלט־עקספּלואַטאַציע, נייערט וועלט־עקאָנאָמיע, אין וועלכער יעדע פאָלקס־גרופּע זאָל האָבן איר באַזונדערן פּלאַץ און געניסן פון דיזעלביקע רעכטן ווי אַלע אַנדערע. טאָקע דעריבער איז די אינטערנאַציאָנאַלי־זירונג פון אַלע עשירות פונעם באָדן און אַלע געביטן מיט רוישטאָפן איינע פון די וויכטיקסטע פאָרויסיקע קאָנדיציעס פאַרן קיום פון אַ געזעלשאַפטלעכן סדר, וועלכער זאָל זיין אויפגעבויט בהסכם מיט פרייהייטלעכע און סאָלידאַרישע פּרינציפּן. אויב מ'וויל נישט, אַז ס'זאָלן אויפקומען נייע מאָנאָפּאָלן און במילא נייע קלאַסן־פונאַנ־דערטיילונגען און עקאָנאָמישע פאַרקנעכטונג, מוז דורך בשותפותדיקע פּאַקטן און קעגנזייטיקע אָפּמאַכן פאַרזיכערט ווערן פאַר אַלע מענטשלעכע גרופּירונגען דער גע־נוס פון די נאַטירלעכע רייכטימער. עס גייט וועגן אַרויסברענגען צום לעבן אַ נייע געמיינשאַפט פון מענטשן, וועלכע זאָל האָבן איר יסוד אין דער גלייכהייט פון די עקאָנאָמישע באַדינגונגען און וועגן צונויפבינדן צווישן זיך אַלע גלידער פון דער גרויסער קולטור־געמיינשאַפט מיט סאָלידאַרישע בענדער איבער די גרענעצן פון די הײַנטיקע מלוכות. אויפן יסוד פונעם הײַנטיקן עקאָנאָמישן סיסטעם איז נישט פאַ־ראַן קיין אויסלייזונג פון דער קנעכטשאַפט פון אונדזער צייט; ס'איז פאַראַן גיכער די אויסזיכט צו פאַרזינקען אַלץ טיפער אין אַ צושטאַנד פון מאוימדיקן עלנט און אומענדלעכע פחדים. די מענטשלעכע געזעלשאַפט מוז זיך אַרויסהייבן איבערן קאַ־פּיטאַליזם, אויב זי וויל זיך אַליין נישט אומברענגען.

פּונקט ווי דער קאַפּיטאַליזם איז געוואָרן אַלץ געפערלעכער בהסכם דערמיט ווי ס'זענען געוואָרן שטאַרקער די עקאָנאָמישע כוחות, וועלכע האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין די הענט פון זיינע טרעגער און זיי געגעבן אַזאַ מאַכט, וועלכע האָט זיי געמאַכט פאַר די האַרן איבער טויט און לעבן פון גאַנצע פעלקער, פּונקט אַזוי שטעלן זיך אויך אַרויס וואָס ווייטער אַלץ קלאָרער די מוראדיקע צרות פון דער מאָדערנער שטאַטלע־כער אָרגאַניזאַציע בהסכם דערמיט ווי ס'ווערט שטאַרקער און גרעסער איר מאַכט, וואָס זי באַקומט אין איר רשות. דער מאָדערנער גרויסשטאַט, וועלכער האָט זיך אַנטוויקלט פּאַראַלעל מיטן קאַפּיטאַליסטישן עקאָנאָמישן סיסטעם, האָט זיך הײַנט פאַרוואַנדלט אין אַ כסדר דראָענדיקער סכנה פאַרן קיום פון דער געזעלשאַפט בכלל. טאָמער איז נישט געענוג, וואָס אָט־די מאָנסטרועזע מאַשין איז געוואָרן אַ שטרויכ־לונג פאַר אַלע פרייהייטלעכע שטרעבונגען פון די מענטשן, אַ מאַשין, וועלכע קוועטשט־אַריין מיט אירע שטאָלענע איברים דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן אין די טויטע פאָרמען פון פאָרגעשריבענע תקנות, פאַרשלינגט נאָך דער אויפהאַלט

גופא פון אָט־דער מאַשין דעם גרעסטן טייל פון אַלע מלוכישע הכנסות און גראָבט אונטער אַזוי אַרום די ווייטערדיקע אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן פון דער גייסטיקער קולטור דורך צונעמען ביי איר אַלע מאַטעריעלע יסודות. אין זיינע עסייען וועגן „איראָפּע און אירע פעלקער‟ האָט ליכטענבערג אַמאָל געשריבן:

„ווען מ'זאָל ערגעץ אויף אַ ווייטער אינדזל זיך אָנטרעפן מיט אַ פאָלק, ביי וועמען אַלע הייזער זענען באַהאָנגען מיט פייערגעווער און וואו מ'שטייט ביינאַכט תמיד אויף דער וואַך, צי וואָלט דען אַ פאַרבייפאָרנדיקן געקאָנט איינפאַלן עפּעס אַנדערש ווי נאָר דאָס, אַז די גאַנצע אינדזל איז באַוואוינט פון רויבער? נו, צי איז עס טאַקע אַנדערש מיט די איראָפּעאישע גבירים?

פון זינט דעמאָלט זענען אַריבער קרוב 130 יאָר. דער וואוילער ליכטענבערג! וואָס וואָלט ער היינט געזאָגט, ווען ער וואָלט געקאָנט זען איראָפּע? די בלויזע אַזויגערופענע פאַרטיידיקונג פונעם לאַנד, וועלכע איז אָפּהענגיק פון דער מלוכה, ד. ה. די באַשטענדיקע אַרמייען, די אויסגאַבן פאַר באַוואָפענונג און אַלעס, וואָס האָט אַ שייכות מיטן קאַפּיטל מיליטאַריזם, פאַרשלינגען היינט אין יעדער מלוכה פון 50 ביז 70 פּראָצענט פון אַלע הכנסות, וועלכע מוזן געשאַפן ווערן דורך שטייערן, צאָלטאַריפן א. אַ. וו. אין אַן אויסגעצייכנט ווערק, וועלכעס שטיצט זיך אויף גוטע קוועלן און אויף גענויע באַרעכענונגען, דערקלערט לעמאַן־רוסבילדט, איינער פון די אויסגעשפּראָכנסטע קעגנער פונעם מאָדערנעם באַוואָפענונגס־קאַפּי־טאַל, אָט־וואָס:

„אויב מ'באַרעכנט, בכן, יערלעך דורכשניטלעך 50.000 מיליאָן רייכס־מאַרק אויפן קריגסבודזשעט, גייט אַ העלפט דערפון אוועק אויף די פאָלגן פו־נעם פריערדיקן וועלטקריג און די אַנדערע העלפט אויף דער צוגרייטונג פון נייע מלחמות. אויב מ'באַרעכנט דאָס לויט די טעג פונעם יאָר, באַטרעפט דאָס אין קיילעכדיקע ציפערן 140 מיליאָן רייכסמאַרק טעגלעך. דאָס איז דער יער־לעכער בודזשעט פון אַ גרויסער שטאָט, וועלכער ווערט פאַרשלונגען טאָג־טעגלעך פונעם מולך וועלטמיליטאַריזם אָן יעדער פּראָדוקטיווער שאַפונג. פופציק פּראָצענט פון די שטאַטלעכע הכנסות אויפן מלחמה־חשבון גיט אַפילו אויס די קליינע, אין וועלטקריג נישט פאַרוויקלטע געוועזענע נייטראַלע שווייץ. אין סאָוועטנפאַרבאַנד באַטרעפט די סומע ווייניקער ווי פופציק פּראָצענט, אָבער דאָס איז בעיקר נאָר דערפאַר, וואָס זי האָט לגמרי געשטראָכן דאָס קאַ־פּיטל פון די מלחמה־חובות און פּראָצענטער. אָבער אויך אין סאָוועטנפאַר־באַנד זענען די הוצאות אויף מלחמה־צוועקן גרעסער ווי די הוצאות פאַר שול און בילדונג. דאָס איז אויך אַזוי דער פאַל אומעטום, אין אַלע לענדער, מיטן בלויזן אויסנאַם פון אַנדאָראַ, קאָסטאַ ריקאַ, איזלאַנד‟*).

רוסבילדט רעכנט־אויס, אַז בעת די קאָסטן פון דער דערציאונג פון אַ מענטשן ביז צום זעכצניעריקן עלטער, ד. ה. ביז צום אָנהויב פון דער אַרבעטס־פעאיקייט, באַטרעפן לפחות פון 8.000 ביז 15.000 רייכסמאַרק, לויט דעם, צי מ'רעכנט־צו

*) אָטטאָ לעמאַן רוסבילדט, „דער קריג אַלס געשעפט‟, בערלין 1932. אָט־די ציפערן האָבן זיך פון זינט דעמאָלט היפּש געביטן, מחמת דאָס באַוואָפענונגס־געיעג במשך פון די לעצטע יאָרן האָט אָט־די ציפערן־פאַרהעלטעניש געמאַכט נאָך אומגינציקער און דעם מי־ליטאַריזם צוגעשטעלט נאָך גרעסערע סומעס פון די מלוכהשע הכנסות.

צו די קאָסטן פון דער דערנערונג און קליידונג אין הויז פון די עלטערן, אויך די קאָסטן פון דער געמיינדע און דער מלוכה, קאָסט אָבער 100.000 רייכסמאַרק דאָס הרגענען אַ מענטשן אין דער מלחמה, וואָס פון דעם גייט אַ העלפט פאַר דער באַוואָפענונגס־אינדוסטריע, ד. ה. אַ ריינער ריווח פון 50.000 רייכסמאַרק.

די מאַטעריעלע הזיקות, וועלכע די פאַרגאַנגענע וועלט־מלחמה האָט אָנגעמאַכט די פעלקער, זענען אַזעלכע פאַנטאַסטישע, וואָס ווען מ'נעמט זיי צונויף אין אַ סך־הכל, זענען זיי גאָרנישט אימשטאַנד צו זאָגן דעם מענטשלעכן געהירן. אין בעסטן פאַל באַגרייפט מען, אַז אָט־די אַסטראָנאָמישע ציפערן שטעלן מיט זיך פאַר עפּעס אויסערגעוויינלעכס, און דאָס איז אַלעס; מער גאָרנישט; אויך די פעאיקייט פונעם מענטשלעכן באַגריף האָט זיינע גרענעצן. דאָס פאַרשטענדעניש פאַרן מאָנסטריעזן, וועלכעס קומט צום אויסדרוק אין אָט־די טויטע ציפערן, קאָן דעם מענטשן געמאַכט ווערן פאַרשטענדלעך נאָר דורך אַזאַ מין אָנשויאונגס־לעקציע*).

אויב ס'איז פאַראַן עמעץ, וואָס האַנדלט פאַר זיך אָט־דעם ריזיקן שלל פון פאַקטן און דאַטן, גלייבט ער נאָך אַלץ, אַז דער שטאַט מיט זיינע ביז צו די ציין באַוואָפנטע אַרמייען, מיט זיין אַרמיי פון ביוראָקראַטן, מיט זיין געהיימער די־פּלאָמאַטיע און מיט זיינע אָן אַ שיער אינסטיטוציעס, וועלכע זענען אַזוי איינגעשטעלט, אַז זיי מוזן פאַרקריפּלען דעם מענטשלעכן גייסט, ווער עס גלייבט נאָך אַלץ, אַז דער שטאַט קאָן נאָך דינען דעם מענטשן ווי אַ באַשיצונג און באַשירע־מונג, דעריעניקער איז אַ פאַרלוירענער, דעם קאָן מען שוין מיט גאָרנישט העלפן. אינדעראמתן איז די עקזיסטענץ פון אַ מאָדערנער גרויסער מלוכה אַ באַשטענדיקע סכנה פאַרן פרידן, אַ שטענדיקער אָנרעג פאַרן אָרגאַניזירטן פעלקערמאָרד און פאַר דער צעשטערונג פון אַלע קולטורעלע דערגרייכונגען. חוץ אָט־דעם טייער־אויסטראָגנדיקן „שוץ", וועלכן דער שטאַט גיט זיינע בירגער, שאַפט ער גאָרנישט

*) אָט־די אויפגאַבע האָט זיך געשטעלט אַ מיטגליד פונעם אַמעריקאַנישן פּאַרלאַמענט, וויקטאָר ל. בערגער, פינף יאָר נאָך דער מלחמה. דאָס איז פאַר אים געווען אויף אַזוי פיל לייכטער, אויף וויפל ער האָט אין וואַשינגטאָן געהאַט צו זיין רשות די בעסטע קוואַל'ן, פון וואַנען צו שעפּן די מאַטעריאַלן פאַר זיינע אויסרעכענונגען. בערגער קאָנסטאַטירט, אַז מיט די פאַנטאַסטישע סומען, וועלכע די מלחמה האָט פאַרשלונגען, האָט מען געקאָנט שענקען יעדער פאַמיל'יע אין די פאַראייניקטע שטאַטן, קאַנאַדע, אויסטראַליע, גרויסבריטאַניע, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, בעלגיע און רוסלאַנד אַ הויז אין ווערט פון 2.500 דאָלאַר, מיט אַן איינריכטונג פאַר דער וואוינונג אין ווערט פון 1.000 דאָלאַר און מיט אַ צוגאָב פון פינף אַקער לאַנד אין ווערט פון 100 דאָלאַר יעדער אַקער. און דערמיט וואָלט נאָך די סומע לאַנג נישט געווען אויסגעגעבן און עס וואָלט נאָך אַלץ געבליבן אַזאַ רעשט, אַז מ'וואָלט נאָך געווען געקאָנט באַזאָרגן יעדע שטאָט פון די אויבנאויסגערעכנטע לענדער מיט מער ווי 20.000 נפשות מיט אַ שטאָט־ביבליאָטעק און אַ שפּיטאָל אין ווערט פון פינף מיליאָן דאָלאַר יעדע איינע און דערצו נאָך מיט אַן אוניווערזיטעט אין ווערט פון צען מיליאָן דאָלאַר. אָבער אויך דערמיט וואָלט נאָך דאָס גאַנצע ריזיקע קאַפּיטאַל נישט געווען אויסגעגעבן. ווען מ'וואָלט דעם רעשט פונעם געלט אַוועקגעגעבן אויף אַ פינפפּראָצענטיקער הלוואה, וואָלט מען דערמיט געקאָנט אויסהאַלטן אַ מחנה פון 125.000 לערער און 125.000 קראַנקנשוועסטערס, און אַפילו דעמאָלט וואָלט נאָך געבליבן אַזאַ רעשט, מיט וועלכן מ'וואָלט געקאָנט איינקויפן דאָס גאַנצע אייגנטום פון פראַנקרייך און בעלגיע.

קיין שום פּאָזיטיווס, באַרייכערט ער נישט די מענטשלעכע קולטור אַפילו מיט קיין שמעק טאַבאַק; וואָס אָבער ער טוט יאָ איז תיכף צו שטעלן יעדע נייע קולטורעלע דערגרייכונג אין דינסט פון דער צעשטערונג, אַזוי אַז זי זאָל נישט אויספּאַלן דעם מענטשן לברכה, נאָר ווערן פאַר אים אַ באַשטענדיקע קללה.

די געשיכטע פונעם שטאַט איז די געשיכטע פון מענטשלעכער אונטערדריקונג און גייסטיקער מינדעריעריקמאַכונג. דאָס איז די געשיכטע פון אומבאַגרעניצטע שטרעבונגען צו מאַכט פון קליינע מינדערהייטן, וועלכע האָבן געמוזט איינגעקויפט ווערן אויפן חשבון פון דער פאַרקנעכטונג און עקספּלואַטאַציע פון די פעלקער. וואָס טיפער דער שטאַט מיט זיינע אומציילליקע אָרגאַנען דרינגט אַריין אין אַלע טעטיקייטס־געביטן פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן; וואָס מער עס געלינגט זיינע טרעגער צו פאַרוואַנדלען די מענטשן אין גייסטלאָזע אויטאָמאַטן פון זיין ווילן, אַלץ אומפאַרמיידלעכער פאַרוואַנדלט זיך די וועלט אין אַ גרויסער תפיסה, אין וועלכער עס וועט לסוף אַפילו נישט קאָנען געפונען ווערן קיין שפור פון פרייהייט. די צושטאַנדן אין רוסלאַנד, איטאַליע, אונגאַרן, פּוילן, עסטרייך, דייטשלאַנד א. אַ. וו. רעדן אַ צו קלאָרע שפּראַך, אַז ס'זאָל נאָך מעגלעך זיין זיך צו נאַרן וועגן די אומפאַרמיידלעכע רעזולטאַטן פון אַזאַ „אַנטוויקלונג". אַז ס'קאָן זיך פאַר דער מענטשהייט אויף אָט־דעם וועג נישט צעבליען קיין בעסערע צוקונפט, איז קלאָר פאַר יעדן איינעם, וועלכער האָט אויערן צו הערן און אויגן צו זען. דאָס, וואָס רוקט זיך היינט אָן אויפן געזעלשאַפטלעכן האָריזאָנט פון אייראָפּע, איז די דיקטאַטור פונעם אומגייסט, וועלכער מיינט צו קאָנען צופּאַסן די גאַנצע געזעלשאַפט צום רעדערווערק פון אַ מאַשין, וועמעס מאָנאָטאָנער גאַנג דערשטיקט אַלעס אָרגאַנישע און לעבעדיקע און פאַרוואַנדלט די נשמהלאָזיקייט פון דער מעכאַניק אין אַ פּרינציפּ. לאָמיר זיך נישט נאַרן: ס'איז נישט די פאָרעם פונעם שטאַט, ס'איז דער שטאַט גופא, וועלכער שאַפט די צרה און שפּייזט און פעדערט זי כסדר. וואָס מער דאָס שטאַטלעכע פאַרשטויסט אָדער צווינגט אַריין אין זיין דינסט דאָס געזעלשאַפטלעכע אינעם לעבן פון די מענטשן, אַלץ גיכער צעפאַלט זיך די געזעלשאַפט אין אירע איינצלנע באַשטאַנדטיילן, וועלכע פאַרלירן יעדן צונויפבונד צווישן זיך און אָדער זיי הייבן אָן קעמפן צווישן זיך צוליב נאַרישע קעגנזאַצן פון אינטערעסן, אָדער לאָזן זיך אָן ווידערשטאַנד מיטשלעפּן מיטן שטראָם, זיך אַפילו נישט אָפּגעבנדיק קיין חשבון, וואוהין ער וועט זיי פאַרשלעפּן.

וואָס מער אָט־דער צושטאַנד פון די זאַכן וועט זיך אויסוויקלען, אַלץ שווערער וועט עס זיין צונויפצונעמען די מענטשן אין אַ נייעם ציבור און ביי זיי צו פּועלן, אַז זיי זאָלן אָנהייבן אַרבעטן פאַר דער באַנייאונג פון זייער געזעלשאַפטלעכן לעבן. די קאָשמאַרדיקע אמונה אין דער דיקטאַטור, וועלכע פאַרשפּרייט זיך היינט אין אייראָפּע ווי אַ מגיפה, איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי די צייטיקע פרוכט

פון יענער טעמפּער איינגעגלייבטקייט אינעם שטאַט, וועלכע מ׳האָט במשך פון צענדליקער יאָרן איינגעפּלאַנצט אין די מוחות פון די מענטשן. נישט *דאָס הערשן איבער די מענטשן*, נייערט *דאָס פאַרוואַלטן מיט די זאַכן* איז דאָס גרויסע פּראָבלעם, וועלכעס ווערט אַוועקגעשטעלט פאַר אונדזער צייט און וועלכעס וועט בשום אופן נישט געלייזט ווערן בתוך די גרויסע שטאַטלעכע פאַרבאַנדן. עס האַנדלט זיך נישט וועגן דעם, *ווי אַזוי* מ׳הערשט איבער אונדז, נייערט וועגן דעם עצם פאַקט, *אַז מען הערשט* איבער אונדז; מחמת דאָס איז אַ סימן פון אונדזער מינדעריעריקייט, וועלכע דערלאָזט אונדז נישט נעמען אונדזערע ענינים אין די אייגענע הענט. מיר באַצאָלן פאַרן „שוץ״ פון דער מלוכה מיט אונדזער פרייהייט, בכדי לפּחות צו דערהאַלטן דאָס לעבן, און מיר זעען נישט איין, אַז טאַקע אָט־דער „שוץ״ איז עס, וועלכער מאַכט אונדז דאָס לעבן פאַר אַ גיהנום, מחמת נאָר די פרייהייט איז אימשטאַנד צו געבן חשיבות און אינערלעכע קראַפט.

פאַראַן היינט גאָר אַ סך פון יענע, וועלכע האָבן אַפילו יאָ איינגעזען די צרה פון דער דיקטאַטור אָן און פאַר זיך, אָבער זיי טרייסטן זיך מיטן פאַטאַליסטישן גלויבן, אַז זי איז אומפאַרמיידלעך ווי אַן איבערגאַנגס־שטאַדיום, בתנאַי ווען עס האַנדלט זיך דאָ וועגן דער אַזויגערופענער „פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור״, וועלכע וועט דאָס מכלומרשט ברענגען פאַר די מענטשן דעם סאָציאַליזם. צי זענען די סכנות, וועלכע האָבן געדראָט דעם יונגן קאָמוניסטישן שטאַט פון אַלע זייטן, נישט געווען אַ מאָראַלישע רעכטפאַרטיקונג פאַר דער דיקטאַטור? און צי האָט מען נישט געמוזט אָננעמען, אַז די דיקטאַטור וועט מאַכן פּלאַץ פאַר פרייערע צושטאַנדן, ווי־באַלד אָט־די סכנות וועלן זיין אַריבער און דער „פּראָלעטאַרישער שטאַט״ וועט אײנערלעך זיין פאַרגרונטפעסטיקט?

פון דעמאָלט זענען אַריבער קרוב צוואָנציק יאָר. רוסלאַנד איז היינט די שטאַרקסטע מיליטערישע מלוכה פון אייראָפּע און איז פאַרבונדן מיט פראַנקרייך און מיט אַנדערע מלוכות דורך שטאַרקע פּאַקטן פון קעגנזייטיקער זיכערקייט. דער באָלשעוויסטישער שטאַט איז נישט נאָר אַנערקענט פון אַלע אַנדערע מאַכטן, ער איז היינט אויך פאַרטראָטן אין אַלע קערפּערשאַפטן פון אינטערנאַציאָנאַלער וועלט־דיפּלאָמאַטיע און איז הייַנצוטאָג נישט אויסגעשטעלט צו קיין שום גרעסערע אויסערלעכע סכנות ווי יעדע אַנדערע גרויסע מלוכה אין אייראָפּע. אָבער די אינערלעכע צושטאַנדן אין אייראָפּע האָבן זיך נישט געביטן; זיי זענען פון יאָר צו יאָר ערגער געוואָרן און האָבן אַרויסגעשטעלט צו שאַנד און צו שפּאָט יעדע האָפענונג פאַר דער צוקונפט. די צאָל פון די פּאָליטישע קרבנות איז מיט יעדן יאָר גרעסער געוואָרן. צווישן זיי געפינען זיך אַ סך טויזנטער, וועלכע זענען במשך די לעצטע פופצן יאָר געשלעפּט געוואָרן פון תפיסה צו תפיסה אָדער פּשוט אומגעבראַכט געוואָרן נישט דערפאַר, וואָס זיי האָבן זיך צעבונטעוועט און מיט געווער אין די הענט געמאַכט אַן אויפשטאַנד קעגן הערשנדיקן סיסטעם, נייערט פּשוט און פּראָסט

דערפאַר, ווייל זיי האָבן נישט געקאָנט פועלן ביי זיך אָנצונעמען די פון שטאַט פאַראָרדנטע אידעאָלאָגיע און געהאַט אַן אַנדערע מיינונג מכוח דער לייזונג פונעם סאָציאַלן פּראָבלעם ווי די הערשנדיקע געוואַלט־מושלים.

אַט־דער מצב לאָזט זיך נישט דערקלערן מיטן דרוק פון אויסערלעכע פאַרהעלטענישן, ווי אַ סך האָבן זיך נאַאיווערהייט איינגערעדט. דאָס איז דער לאָגישער רעזולטאַט פון אַ דורך און דורך פרייהייטס־פיינטלעכער אידעאָלאָגיע, וועלכע האָט נישט די מינדסטע פאַרשטענדעניש פאַר די רעכטן און איבערצייגונגען פונעם מענטשן. דאָס איז די לאָגיק פונעם טאָטאַלן שטאַט, וועלכע גיט דעם יחיד נאָר אַזויפיל עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג ווי דאָס איז פּאַסיק און לוינבאַר פאַרן אַפּאַראַט פון דער פּאָליטישער מאַשין. אַ סיסטעם, וועלכעס האָט געפּסלט די פרייהייט ווי אַ „בירגערלעכן פאָראורטייל", האָט נישט געקאָנט דערגיין צו קיין אַנדערע מסקנות. אויף זיין אַנטוויקלונגסוועג האָט עס געמוזט אָוועקשטעלן די אונטערדריקונג פון יעדן מיינונגס־אויסדרוק ווי אַן עיקרדיקן פּרינציפּ פונעם שטאַט און עשאַפאָט און תפיסה האָבן געמוזט ווערן דער ווינקלשטיין פון זיין עקזיסטענץ. און נישט נאָר דאָס, — עס האָט אויף אַט־דעם אומגליקברענגענדיקן וועג געמוזט אָוועק נאָך ווייטער ווי וועלכעס ס'איז רעאַקציאָנער סיסטעם פון דער פאַרגאַנגענהייט. זיינע טאָנגעבער האָבן זיך נישט באַנוגנט דערמיט, צו מאַכן אומשעדלעך זייערע רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליסטישע קעגנער, זיי אָוועקצושלעפּן צום מזבח אָדער גאָר לעבעדיק צו באַגראָבן, זיי לייקענען אַפילו אָפּ ביי זייערע קרבנות די ערלעכקייט פון זייער אַרט דענקען און די לויטערקייט פון זייער כאַראַקטער און שרעקן זיך נישט פאַר קיין שום מיטל זיי פאַרצושטעלן פאַר דער וועלט ווי מנוולים און פאַרקויפטע ווערקצייג פון דער רעאַקציע.

די מענער און פרויען, וועלכע זענען אין צאַריסטישן רוסלאַנד געזעסן אין די טורמעס, האָבן פאַר דער פרייהייטלעכער וועלט געגאָלטן ווי מאַרטירער פון זייער אידעאָלאָגיע. אַפילו די טורמע־וועכטער פונעם צאַריזם האָבן נישט געהאַט דעם מוט אָנצורירן זייער כבוד אָדער צו שטעלן אין ספק זייער אינערלעכע איבערצייגונג. אָבער די קרבנות פון דער אַזויגערופענער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור ווערן פון זייערע אונטערדריקער אויף אַן אומפאַרשעמטן אופן געשענדט און געלעסטערט און אָוועקגעשטעלט פאַר דער וועלט ווי דאָס אָפּשטייעכץ פון דער געזעלשאַפט. און הונדערטער טויזנטער בלינדע פאַנאַטיקער אין אַלע לענדער, וועמעס אָרעמער מוח איז אָנגעשטעלט לויטן ריטם פון די מאָסקווער וואַלצן, וועלכע האָבן שוין לאַנג פאַרלוירן אָדער גאָר קיינמאָל נישט געהאַט קיין שום פעאיקייט צו דענקען מיטן אייגענעם קאָפּ, פּלאַפּלען נאָך אויטאָמאַטיש דאָס, וואָס ווערט זיי דיקטירט פון די רוסישע געוואַלט־מושלים.

מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ רעאַקציע, וועלכע גראָבט טיפער און ווירקט אין אירע רעזולטאַטן פיל אומגליקלעכער און צעשטערערישער ווי יעדע אַנדערע פּאָליטישע רעאַקציע פון דער פאַרגאַנגענהייט. מחמת די רעאַקציע פון אונדזער צייט איז

נישט פאַרקערפּערט אין באַשטימטע רעגירונגס־סיסטעמען, וועלכע איז אַרויסגעקומען פון די געוואַלטזאַמע מעטאָדן פון קליינע מינדערהייטן. די רעאַקציע פון היינטצוטאָג, דאָס איז די בלינדע אמונה פון ברייטע מאַסן, וועלכע אַקצעפּטירט אומקאָנדיציאָנעל אַפילו די שענדלעכסטע פאַרגוואַלטיקונג פון יעדן מין מענטשנרעכט, כל־זמן די פאַרגוואַלטיקונג קומט פון אַ געוויסן צד, און פאַרוואַרפט אָן יעדן קריטישן חוש אַלעס, וועלכעס ווערט פון יענעם צד פאַרוואָרפן ווי פאַלש און כופריש. די אמונה אין דער פּאָליטישער אומפעלבאַרקייט פון די דיקטאַטאָרן פאַרבייט היינט די אמונה אין דער רעליגיעזער אומפעלבאַרקייט פון די קאַטוילישע פּויפּסטן און דערפירט מאָראַליש צו דיזעלביקע רעזולטאַטן. קעגן דער מאַכט פון רעאַקציאָנערע אידעען קאָן מען פעכטן, זיך ראַנגלען כל־זמן מ׳קאָן אַפּעלירן צום שכל און צום מענטשלעכן געפיל. אָבער קעגן דעם בלינדן פאַנאַטיזם פון געדאַנקענלאָזע נאָכפּלאַפּלער, וועלכע פאַרוואַרפן פון פאָרויס יעדע ערלעכע איבערצייגונג, ווייל זיי אַליין האָבן אַפילו נישט קיין שמץ דערפון, איז יעדע פאַרנונפט אוממעכטיק. היטלער, מוסאָליני און סטאַלין זענען בלויז סימבאָלן פון אָט־דער בלינדער אמונה, וועלכע פאַראורטיילט אָן אייַנזעעניש אַלץ, וואָס שטעלט זיך אַרויס קעגן איר געוואַלטמאַכט.

די שענדלעכע יוסטיץ־קאָמעדיעס קעגן די אַזויגערופענע „טראָצקיסטן״ אין מאָסקווע זענען בלוטיקע ביישפילן דערפאַר. יעדער איינער, וועלכער באַזיצט בלויז אַ שמץ פון אייגענער אָריענטאַציע־מעגלעכקייט, מוז צוגעבן, אַז די אמתע טראַגעדיע פון יעדער אומווירדיקער געריכטס־קאָמעדיע שפּילט זיך אָפּ הינטער די קוליסן פון די פּראָצעסן. די עלטסטע און פּראָמינענטסטע פירער פון אַ פּאַרטיי, אַלע נאָענטע פריינט פונעם פאַרשטאָרבענעם לענין, האָבן איינער דעם אַנדערן קעגנזייטיק איבערגעשטייגט אין געריכט מיט די פּחדימדיקסטע זעלבסטבאַשולדיקונגען, ווי דאָס איז נאָך ביי קיין שום פּאָליטישן פּראָצעס ביז היינט נישט געהערט געוואָרן. איינער האָט געזוכט צו איבערשטייגן דעם אַנדערן אין דער באַשרייבונג פון זיין אייגענער אומווירדיקייט, בכדי צו דערשיינען פאַר דער וועלט ווי די אומווירדיקע ווערקצייג פונעם פאַשיזם, אָבער אַלע האָבן מיט אַ שטוינענדיקער איינשטימיקייט אָנגעוויזן אויף טראָצקין ווי דעם אמתן גורם פון זייערע מכלומרשטע פאַרברעכנס.

וואָס אַזוינס האָט פּאַסירט הינטער די שטומע ווענט פון דער תפיסה, בכדי צו באַוועגן אָט־די מענער צו אַזאַ מאַזאָכיסטישער פאַרלייקענונג פון זייער מענטשלעכער חשיבות? יעדער מענטש, ביי וועמען בלינדער פאַנאַטיזם האָט נישט פאַראַליזירט זיין אייגענע קראַפט צו אורטיילן, וואָלט זיך געדאַרפט שטעלן דידאָזיקע פראַגע. דאָס איז אָבער נישט אַזוי דער פאַל ביי מאָסקווער אָנהענגער. די קאָמוניסטישע פרעסע פון דער גאַנצער וועלט האָט באַגריסט די פּחדימדיקע משפטים קעגן יענע, וועלכע זי האָט נאָך ביז מיט נישט קיין סך יאָרן צוריק אַרויסגעשטעלט ווי די הייליקע פונעם באָלשעוויסטישן רוסלאַנד, און וועלכע זי האָט מיט גאווה באַטראַכט ווי אירע חברים, ווי דעם אויסדרוק פון העכסטער גערעכטיקייט און געברילט איר בראַוואָ פאַר סטאַלינען. וואָלט טראָצקי אין דעם רייך־פּערזענלעכן קאַמף פאַרן פאַר־

נעמען די דיקטאַטאָרישע שטעלע געווען אַרויס דער זיגער און ער וואָלט געווען אומ־געבראַכט סטאַלינען, וואָלטן אים דיזעלביקע לייט היינט אַרויסגעוויזן דיזעלביקע קנעכטישע אונטערטעניקייט, ווי זיי ווייזן איצט אַרויס זיין קאָנקורענט.

קיין שום באַוועגונג איז נישט פאַרזיכערט קעגן איינצלנע בוגדים אין אירע רייען. אָבער צו גלייבן, אַז דער גרויסער רוב פון די פּראָמינענטסטע פירער פון אַ באַוועגונג זענען געווען מוכן ומזומן צו פאַרראַטן דאָס אַלץ, וואָס זיי האָבן פריער געפּרעדיקט, צו דעם מוז מען שוין זיין מער ווי בלינד. און ווי איז אָבער דער דין, אויב דער אָנקלאָג איז זיך סומך אויף פאַקטן? אויב אַזוי, איז עס נאָך ערגער. וואָס פאַראַ מיינונג קאָן מען האָבן וועגן אַ באַוועגונג, וועמעס עלטסטע און פּראָמינענט־סטע פירער, וועלכע האָבן אַמאָל אַליין פאַרנומען די העכסטע שטעלעס, וועלכע די פּאַרטיי האָט נאָר געקאָנט אָנבאָטן, זענען געשטאַנען אין געהיימען דינסט פון דער רעאַקציע? און אויב דער גרויסער רוב פון די אַלטע פירער זענען אַלע געווען פאַר־רעטער, טאָ ווער גאַראַנטירט פאַר דעם, אַז די דריי אָדער פיר פון דער אַלטער גוואַרדיע, וועלכע לעבן נאָך היינט, זענען אויסגעפּאַרטיקט פון בעסערן שטאָף? ניין, אויך דאָ שטעלט זיך אַרויס ווי אַן אמת דאָס אַלטע געזעץ, וועלכעס איז דער יסוד פון יעדער דיקטאַטור: דער דיקטאַטאָר קאָן זיך נישט באַרואיקן, כל־זמן ער באַ־פרייט זיך נישט פון זיינע אומבאַקוועמע קאָנקורענטן. דיזעלביקע אינערלעכע לאָגיק, וועלכע האָט געצוואונגען ראָבעספּיערן אַרויסצוגעבן צום תליון זיינע נעכטיקע פריינט, דיזעלביקע לאָגיק, וועלכע האָט באַוואויגן היטלערן אין דער בלוטיקער נאַכט פון 30־טן יוני 1934 אָפּצורוימען פון וועג זיינע אינטימסטע חברים, דיזעל־ביקע לאָגיק האָט היינט דערפירט סטאַלינען זיך צו באַפרייען פון די אַזויגערופענע טראָצקיסטן, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז זיי קאָנען ווערן געפערלעך פאַר זיין מאַכט. פאַר יעדער דיקטאַטור איז דער טויטער קעגנער דער בעסטער קעגנער.

אָבער אויך די קרבנות האָבן געהאַט דעמזעלביקן גורל, וועלכן זיי האָבן פריער, ווען זיי זענען נאָך געווען ביי דער מאַכט, אַזוי אָפט צוגעגרייט פאַר זייערע קעגנער פון אַנדערע ריכטונגען. זיי זענען געווען גייסט פונעם זעלביקן גייסט און בלוט פו־נעם זעלביקן בלוט, אינספּירירט פון זעלביקן מאַכט־שגעון ווי זייערע תלינים, וועלכע האָבן געטראָטן מיט די פיס יעדעס געזעץ פון מענטשלעכקייט, בכדי צו פאַרפעס־טיקן זייער אייגענע מאַכט. מ'האָט זיי באַרויבט נישט נאָר פונעם לעבן, נייערט אויך פון זייער כבוד און זייער נאָמען באַלייגט מיט שנאה פון בגידה. אָבער אויך טראָצ־קי, וועלכער האָט אין 1921־טן יאָר געלאָזט אויסשעכטן די מאַטראָזן און אַרבעטער פון קראָנשטאַט, — 14.000 מענער, פרויען און קינדער — האָט זיך נישט באַנוגנט מיטן בלויזן דערשטיקן אין בלוט דעם פּראָטעסט פון די פּיאָנערן פון דער רוסישער רעוואָלוציע; ער און זיינע מיטהעלפער האָבן זיך אויך נישט אָפּגעשראָקן פאַר אַזעל־כע זאַכן און אַרויסגעשטעלט זייערע קרבנות פאַר דער וועלט ווי קאָנטראַרעוואָלו־ציאָנערן און פאַרבינדעטע פונעם צאַריזם. היינט האָט ער זיך דערלעבט אַרויסגע־שטעלט צו ווערן פון זיינע געוועזענע פריינט פאַר דער וועלט ווי היטלערס אַ פאַר־

בינדעטער און ווי אַ ווערקצייג פונעם פאַשיזם. דאָס איז די נעמעזיס פון דער גע־שיכטע.

פונעם נעמלעכן פאַטאַליסטישן באַנעם, לויט וועלכן ס׳קומט־אויס, אַז מ׳קאָן זיך נישט באַגיין אָן דער דיקטאַטור ווי אַ נויטווענדיקער איבערגאַנגס־סטאַדיום צו בעסערע סאָציאַלע אומשטענדן, קומט אויך אַרויס די געפערלעכע אמונה, וועלכע באַקומט היינט וואָס ווייטער אַלץ מער אָנהענגער, אַז סוף־כל־סוף מוז די וועלט אויסקלייבן צווישן קאָמוניזם און פאַשיזם, מחמת ס׳איז נישט פאַראַן קיין שום אַנ־דערער אויסוועג. אַזאַ מין באַנעם פון זאַכן באַווייזט נאָר, אַז מ׳איז נאָך אַלץ נישט קלאָר געוואָרן ביי זיך וועגן דעם אייגנטלעכן מהות פונעם פאַשיזם און קאָמוניזם און מ׳האָט נאָך אַלץ נישט באַגריפן, אַז ביידע זענען אויסגעוואָקסן אויפן זעלביקן בוים. דערביי דאַרף מען נאַטירלעך קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז מיט „קאָמוניזם" באַנוצן מיר זיך דאָ בלויז ווי מיטן אויסדרוק צו באַצייכענען דעם איצטיקן רוסישן שטאַט־סיסטעם, וועלכעס איז פונקט אַזוי ווייט פונעם התחלהדיקן באַדייט פונעם קאָמו־ניזם אַלס אַ סאָציאַלער סיסטעם פון עקאָנאָמישער גלייכהייט פאַר אַלעמען פונקט ווי יעדער אַנדערער רעגירונגס־סיסטעם.

אמת, קיינער צווייפלט נישט, אַז די אורשפּרינגלעכע מאָטיוון פון דער באָל־שעוויסטישער דיקטאַטור אין רוסלאַנד זענען געווען אַנדערשדיקע, ווי די מאָטיוון פון די פאַשיסטישע דיקטאַטורן אין איטאַליע און אין דייטשלאַנד. אָבער ווי נאָר זי איז סטאַביליזירט געוואָרן אין לעבן, האָט די דיקטאַטור אין רוסלאַנד, פונקט ווי די דיקטאַטור אין די פאַשיסטישע שטאַטן, געפירט צו דיזעלביקע אוממיטלבאַרע רעזולטאַטן, וועלכע געפינען זייער אויסדרוק אין אַ וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער־מערקבאַרער ענלעכקייט פון ביידע סיסטעמען. דער פאַקט איז, אַז די גאַנצע אינער־לעכע אַנטוויקלונג פונעם באָלשעוויזם אין רוסלאַנד און די געזעלשאַפטלעכע גע־שטאַלטיקונג אין די פאַשיסטישע לענדער זענען היינט דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה, אַז אינוויווייט עס קומען אין באַטראַכט די אינערלעכע טענדענצן, קאָן מען לגמרי מער נישט געפינען קיין שום סתירה צווישן ביידע סיסטעמען. עס האַנדלט זיך היינט־צוטאָג בלויז וועגן אונטערשיידן פון סעקונדערן כאַראַקטער, וועלכע מ׳קאָן אויך קאָנסטאַטירן צווישן פאַשיזם אין דייטשלאַנד און אין איטאַליע און וועלכע געפינען זייער דערקלערונג אין די באַזונדערע פאַרהעלטענישן פון די רעספּעקטיווע לענדער.

רוסלאַנד האָט זיך אונטער סטאַלינס דיקטאַטור נאָך שטאַרקער און אין אַ גרעסערער מאָס אַנטוויקלט אין אַ טאָטאַלן שטאַט ווי דייטשלאַנד און איטאַליע. די ווילקירלעכע און ברוטאַלע אונטערדריקונג פון יעדער אַנדערער ריכטונג און פון יעדער פרייהייט פון געדאַנק, די אונטערוואַרפונג פון אַלע געביטן פון עפנטלעכן לעבן אונטערן אייזערנעם קאָנטראָל פון דער מלוכה, די אַלמעכטיקייט פון אַן אומ־געצוימטן און געוויסנלאָזן פּאָליצייאישן סיסטעם, וועלכעס דרינגט־אַריין אין די אינטימסטע פאַרהעלטענישן פון די מענטשן און היט־אָפּ יעדן אָטעמצוג פונעם יחיד, די אומדערהערטע גרינגשעצונג פונעם מענטשלעכן לעבן, וועלכע שרעקט זיך נישט

אָפּ פאַר קיין שום מיטל, בכדי אָפּצורוימען פון וועג אומבאַקוועמע עלעמענטן, דאָס און נאָך אַ סך אַנדערע זאַכן האָט אין באָלשעוויסטישן רוסלאַנד באַקומען דעמזעלביקן פּאַרנעם ווי אין היטלערס און מוסאָליניס מדינה. אַפילו די התחלהדיקע אינטערנאַציאָנאַלע טענדענץ פון דער באָלשעוויסטישער באַוועגונג, וועלכע האָט אַמאָל געקאָנט באַטראַכט ווערן ווי אַ וועזנטלעך־אונטערשיידנדיקער סימן־מובהק צווישן רוסישן שטאַטס־קאָמוניזם און די עקסטרעם־נאַציאָנאַליסטישע שטרעבונגען פונעם פאַשיזם, איז אונטער סטאַלינס רעזשים לגמרי פאַרשוואונדן, בכדי פרייצומאַכן דאָס אָרט פאַר אַ שטרענג־נאַציאָנאַליסטישער דערציאונג פון דער רוסישער יוגנט. די־דאָזיקע יוגנט זינגט נאָך היינט אויך ביי יום־טובדיקע געלעגנהייטן דעם אינטערנאַציאָנאַל, אָבער זי איז פונדעסטוועגן נישט ווייניקער געבונדן מיט אייזערנע קייטן צו די אינטערעסן פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט, ווי דייטשלאַנדס און איטאַליעס פאַשיסטישע יוגנט.

פון דער אַנדערער זייט האָט זיך דער פאַשיזם אין דייטשלאַנד און באַזונדערס אין איטאַליע אַלץ מער פאַרנומען אויף די וועגן פונעם שטאַטס־קאַפּיטאַליזם. די פאַרשטאַטלעכונג פון אַלע פינאַנציעלע אינסטיטוציעס אין איטאַליע, די בהדרגהדיקע אונטערוואַרפונג פונעם גאַנצן אויסערלעכן האַנדל אונטערן קאָנטראָל פון דער מלוכה, די פון מוסאָליניס שוין געמאָלדענע פאַרשטאַטלעכונג פון דער שווערער־אינדוסטריע און אַ סך אַנדערע ווייזן אַלץ דייטלעכער אָן אויף דער טענדענץ פון אַ שטאַטס־קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג לויטן רוסישן מוסטער, אַ דערשיינונג, וועלכע פאַראורזאַכט נישט ווייניק קאָפּברעכעניש די גרויס־קאַפּיטאַליסטישע אונטערהעלפער פונעם פאַשיזם. ענלעכע דערשיינונגען ווייזן זיך היינט אַרויס אין דייטשלאַנד אַלץ בולטער. אינדעראמתן זענען דידאָזיקע טענדענצן נישט עפּעס אַנדערש ווי די לאָגישע קאָנסעקווענץ פון אַן אידעע מכוח דעם טאָטאַליטאַרן שטאַט, וועלכער וועט זיך נישט צופרידנשטעלן פריער, ביז ער וועט האָבן געשטעלט אין זיין דינסט אַלע געביטן פונעם עפנטלעכן לעבן.

פאַשיזם און „קאָמוניזם" דאַרפן דעריבער נישט באַטראַכט ווערן ווי קעגנזאַצן פון צוויי פאַרשידענע קאָנצעפּציעס מכוח דעם מהות פון דער געזעלשאַפט, נאָר בפירוש ווי צוויי פאַרשידענע פאָרמען פון דיזעלביקע שטרעבונגען, וועלכע זענען זיך מכוון צו דערגרייכן צום זעלביקן ענדציל. היטלערס מיט אַזויפיל פּאַטאָס אויסגערופענע קריגס־דערקלערונג קעגן קאָמוניזם ענדערט דאָ מיט גאָרנישט דעם גאַנצן ענין, מחמת יעדער קלאָרער מענטש זעט בפירוש, אַז דאָ האַנדלט זיך בלויז וועגן אַ פּראָפּאַגאַנדיסטישן טריק, בכדי אַריינצונאַרן די בורזשואַזע וועלט. אַפילו די אומ־ברחמנותדיקע ברוטאַליטעט, וועלכע איז אַזוי אייגנטימלעך סיי די נייע געוואַלט־מושלים פונעם באָלשעוויסטישן רוסלאַנד ווי די סיסטעמען אין די פאַשיסטישע מלוכות, געפינט איר דערקלערונג אין דעם, וואָס זיי אַלע זענען ערשט־אויפגעקומענע, אַרויפגעאַרבעטע. דער סנאָב פון דער מאַכט איז אַפילו מיט קיין האָר נישט בעסער ווי דער סנאָב פונעם פאַרמעג.

די דערקלערונג פאַר דעם, וואָס פאַשיזם און קאָמוניזם אָדער, בעסער געזאָגט, סטאַליניזם, האָבן בכלל געקאָנט אויפגענומען ווערן ווי סתירות, דאַרף מען זוכן בעיקר אין דער נעבעכדיקער האַלטונג פון די אַזויגערופענע דעמאָקראַטישע מלוכות, וועלכע האָבן אין זייער פאַרטיידיקונגס־קאַמף קעגן דער פאַשיסטישער כוואַליע זיך אַלץ מער אַנגעאייגנט זייער מעטאָדן און אַזוי אַרום אומפאַרמיידלעכערווייז אַלץ מער און אַלץ טיפער אַריינגעצויגן געוואָרן אינעם שטראָם פון פאַשיסטישע טענ־דענצן. עס חזרט זיך דאָ אייגנטלעך איבער דאָס, וואָס האָט געהאָלפן צו היטלערס ניצחון אין דייטשלאַנד. אין דער כוונה אויסצובייטן די „גרעסערע צרה״ דורך דער קלענערער, האָבן די רעפובליקאַנישע פאַרטייען אין דייטשלאַנד אַלץ מער און מער באַשרענקט די רעכטן און פרייהייטן, ביז ס'איז לסוף פונעם קאָנסטיטוציאָנעלן שטאַט שוין כמעט גאָרנישט איבערגעבליבן. דער פאַקט איז, אַז ברינינגס רעגירונג, וועלכע האָט געהאַט די פולע אונטערשטיצונג פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, האָט צום סוף רעגירט בלויז דורך דעקרעטן און לחלוטין אויסגעשלאָסן די געזעצגע־בערישע קערפערשאַפטן. אַזוי אַרום איז אָפּגעווישט געוואָרן דער חילוק, וואָס איז געווען צווישן דעמאָקראַטיע און פאַשיזם, ביז היטלער איז ענדלעך געוואָרן דער לאַכנדיקער יורש פון דער דייטשער רעפובליק.

אָבער די דעמאָקראַטישע לענדער האָבן פון אָט־דעם ביישפּיל גאָרנישט אָפּ־געלערנט און זענען מיט אַ פאַטאַליסטישער הכנעה געגאַנגען אויף דיזעלביקע דרכים. דאָס ווייזט זיך היינט אַרויס באַזונדערס דייטלעך אין זייער קלאָגעדיקער האַלטונג לגבי די שרעקלעכע געשעענישן אין שפּאַניע. אַ מאַכטגיריקע מחנה אָפיצירן האָט גע־מאַכט אַן אויפשטאַנד קעגן אַ פון פאָלק אויסגעקליבענער דעמאָקראַטישער רעגירונג און האָט מיט דער הילף פון געדונגענע פרעמדע זעלנער און בהסכם מיט היטלערס און מוסאָליניס אַנווייזונגען דערפירט צום אויסברוך פון אַ מערדערישער מלחמה קעגן אייגענעם פאָלק, אַ קריג, וועלכער פאַרוואַנדלט דאָס גאַנצע לאַנד אין אַ מדבר און האָט שוין געקאָסט הונדערטער טויזנטער מענטשלעכע לעבנס. און בשעת אַ גאַנץ פאָלק טרעט־אַרויס מיט העלדישער אַנטשלאָסנקייט קעגן אָט־דער בלוטיקער פאַרגוואַלטיקונג פון זיינע רעכטן און פרייהייטן און פירט־אָן אַ קאַמף קעגן אַ בינטל געוויסנלאָזע אַוואַנטוריסטן, אַ קאַמף וואָס די וועלט האָט נאָך אַזעלכן נישט געזען, ווייסן נישט די אַזויגערופענע אייראָפּעאישע דעמאָקראַטיעס פון קיין שום בעסערן מיטל ווי נאָר זיך צו פאַרבאַהאַלטן קעגן אָט־דער העזהדיקער פאַרגוואַלטיקונג פון אַלע מענטשלעכע רעכטן הינטער אַ לעכערלעכן נייטראַליטעטס־אָפּמאַך, וועגן וועלכן מ'האָט געוואוסט פון פריער, אַז נישט היטלער און נישט מוסאָליני וועלן אים רעס־פּעקטירן. דערביי ווערן דורך אָט־דעם מייסטערווערק פון דער דיפּלאָמאַטיע ביידע צדדים, — אַ פרייהייט־ליבנדיק פאָלק, וועלכעס שטעלט זיך איין פאַר זיין רעכט און באַצאָלט דערפאַר מיטן לעבן פון זיינע זין און טעכטער, און זיינע פּחדנישע תלינים, וועלכע דראָען צו דערשטיקן דאָסדאָזיקע רעכט אין אַ זומפּ פון בלוט — באַטראַכט ווי גלייכע פאַרטייען און מאָראַליש געשטעלט אויף דערזעלביקער מדרגה.

איז זיך פאַראַן וואָס צו חידושן, אויב די דעמאָקראַטיע האָט שוין היינט נישט קיין שום כוח זיך אַרויסצושטעלן קעגן פאַשיזם?

זינט מאַנאַטן קוקט זיך די וועלט צו רואיק, ווי די הויפּטשטאָט פון אַ לאַנד איז אויסגעשטעלט צו אַלע פּחדים פון דער מלחמה און אומבאַשיצטע פרויען און קינדער ווערן אויסגעטיליקט פון פאַשיסטישע באַרבאַרן. און אינערגעץ הייבט זיך נישט אויף קיין קול פון פּראָטעסט, מיט וועלכן מ׳זאָל אויסן זיין צו מאַכן אַ סוף צו אָט־דעם שווידער. די בירגערלעכע דעמאָקראַטיע ליידט פון דער שוואַכקייט פון אַלטקייט און זי האָט פאַרלוירן יעדעס פאַרשטענדעניש פאַר דעם, וואָס זי פלעגט אַמאָל פאַרטיידיקן. די מאָראַלישע פאַרטעמפּטקייט און דער דוחק אין עטישע אי־דעאַלן פאַראַליזירט אירע פליגלען, איר שוואונג און צווינגט זי צו מאַכן הלוואות ביים שונא, וועלכער סטראַשעט זי צו פאַרשלינגען. דער שטאַטלעכער צענטראַליזם האָט געבראָכן איר גייסט, געליימט איר איניציאַטיוו. דאָס איז טאַקע די סיבה, פאַר־וואָס אַזוי פיל מענטשן גלייבן היינט צו מוזן אויסקלייבן צווישן פאַשיזם און „קאָ־מוניזם״.

אויב ס׳איז היינט נאָך באמת פאַראַן אַ מעגלעכקייט אויסצוקלויבן, איז אָט־דער אויסקלייב נישט צווישן פאַשיזם און „קאָמוניזם״, נאָר דער אויסקלייב צווישן דעספּאָטיזם און פרייהייט, צווישן ברוטאַלער געוואַלטמאַכט און פרייען אָפּמאַך, צווישן מענטשלעכער עקספּלואַטאַציע און קאָאָפּעראַטיווערווירטשאַפט לטובת אַלע־מענס אינטערעסן.

פּרודאָן, פּוריע, פּי אי מאַרגאַל און אַנדערע האָבן געגלייבט, אַז דאָס 19־טע יאָרהונדערט וועט זיין די התחלה פון דער אויפלייזונג פון די גרויסע מלוכה־איינסן, בכדי צו צעעפענען און צוגרייטן אַ וועג פאַר אַ תקופה פון פעדעראַציעס פון פרייע פאַרבאַנדן און געמיינדעס. האָבן זיי געהאַט אַ טעות אין דער צייט, אָבער זיי זע־נען געווען גערעכט אין זייערע אָנשויאונגען; מחמת די שטאַטלעכע צענטראַליזאַ־ציע האָט היינטצוטאָג אָנגענומען אַזאַ פאַרנעם און אויסשפּרייט, אַז אַפילו די נאַ־איוווסטע און זאָרגלאָזסטע מוז עס אָנפילן מיט זאָרג מכוח דער צוקונפט פון איי־ראָפּע און פון דער וועלט. נאָר אַ פעדעראַליסטישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל זיך שטיצן אויף די בשותפותדיקע אינטערעסן פון אַלעמען און אין וועי־מעס יסוד עס זאָל ליגן דער פרייער אָפּמאַך פון אַלע מענטשלעכע גרופּירונגען, איז אימשטאַנד אונדז צו באַפרייען פון דער קללה פון דער פּאָליטישער מאַשין, וועלכע דערנערט זיך פונעם שווייס און בלוט פון די פעלקער.

פעדעראַליזם איז אָרגאַנישע צוזאַמענאַרבעט פון אַלע געזעלשאַפטלעכע כּו־חות פון אונטן אויף אַרויף פאַר אַ בשותפותדיקן ציל אויפן סמך פון פריי־געשלאָסענע אָפּמאַכן. פעדעראַליזם איז נישט צעשפּליטערונג פון דער שעפערישער אַקטיוויטעט, איז נישט קיין כאַאָטישע תוהו־ובוהו, נייערט בשותפותדיקע אַרבעט און שוואונג פון אַלע טיילן פאַר דער פרייהייט און וואוילשטאַנד פון אַלעמען. ס׳איז די איינ־הייטלעכקייט פון דער טואונג, וועלכע קומט־אַרויס פון דער אינערלעכער איבערציי־

גונג און געפינט איר אויסדרוק אין אַלעמענס לעבעדיקער סאָלידאַריטעט. ס'איז דער גייסט פון פריווילעקיייט, וועלכער ווירקט פון אינעווייניק אויף אַרויס און באַשרענקט זיך נישט און ענדיקט זיך נישט מיט פוסטן נאָכקאָפּירן טויטע פאָרמען, וועלכע לאָזן נישט אויפקומען קיין פערזענלעכע אינספּיראַציע. צוזאַמען מיטן מאָנאָפּאָל פונעם אייגנטום מוז אויך פאַרשווינדן דער מאָנאָפּאָל פון דער מאַכט, ממש־לה, בכדי ס'זאָל אַראָפּגענומען ווערן פונעם מענטשן דער שווערער דרוק, וועלכער הויערט אויף אונדזערע נשמות ווי אַ באַרג, און צעברעכט די פליגל פון אונדזער גייסט.

די עקאָנאָמיק מוז באַפרייט ווערן פונעם קאַפּיטאַליזם! די געזעלשאַפט מוז באַפרייט ווערן פונעם שטאַט! מיט אַט־די לאָזונגען וועלן פאָרקומען די סאָציאַלע קאַמפן פון אַ נאָענטער צוקונפט, בכדי אויסצולייגן אַ וועג פאַר אַ נייער תקופה פון פרייהייט, גערעכטיקייט און סאָלידאַריטעט. יעדע באַוועגונג, וועלכע איז אויסן צו טרעפן דעם קאַפּיטאַליזם אין סאַמע תוך זיינעם און שטרעבט צו דער באַפרייאונג פון דער עקאָנאָמיע פון דער טיראַניע פון די מאָנאָפּאָלן; יעדע איניציאַטיוו, וועלכע איז אויסן אַרויסצורייסן ביי דער מלוכה איר אַקטיוויטעט, לייקנט איר ווירקזאַמקייט און פאַרנעמט זיך אויסצושליסן די מאַכט פונעם לעבן פון דער געזעלשאַפט, איז אַ שריט נענטער צו דער פרייהייט און צום אויפ־ און אָנקום פון אַ נייער צייט. אַלעס אַנדערע, וועלכעס אַרבעט הייַנט פאַר די קעגנגעזעצטע, היפּוכדיקע צילן, נישט קיין חילוק דער נאָמען, אונטער וועלכן מ'פיגורירט, שטיצט באַוואוסט אָדער אומבאַוואוסט די פעסטונגען פון דער פּאָליטישער, עקאָנאָמישער און סאָציאַלער רעאַקציע, וועלכע הייבט הייַנט אויף דעם קאָפּ סכנהדיקער ווי ווען עס איז פריער.

און צוזאַמען מיטן שטאַט וועט אויך פאַרשווינדן די נאַציע, וועלכע איז דאָך אייגנטלעך נישט עפּעס אַנדערש ווי שטאַטלעך פאָלק; דערמיט וועט דער באַגריף וועגן דער מענטשהייט באַקומען אַ נייעם זין, וועלכער מאַניפעסטירט זיך אין יעדן איינעם פון אירע חלקים און וועלכער באַשאַפט דאָס גאַנצע פון דער רייכער פאַרשידנאַרטיקייט פונעם לעבן.

דאָס געפיל פון אומאָפּהענגיקייט פון אַ העכערער מאַכט, אַט־דער אייביקער מקור פון יעדער רעליגיעזער און פּאָליטישער התחייבות, וועלכע בינדט דעם מענטשן תמיד צום פאַרגאַנגענעם און פאַרשטעלט פאַר אים דעם וועג צו אַ נייער צוקונפט, וועט מוזן אָפּטרעטן דאָס פּלאַץ פאַר אַ נייעם באַנעם פון די זאַכן, וועלכע זאָל אים גופא מאַכן פאַרן האַר איבער זיין גורל. אויך דאָ איז גילטיק דער ניטשעאַנישער זאָג:

„ניט פון וואַנען איר קומט מאַכט אייך פאַרן אָפּהיטער פון אייער חשיבות, נייערט וואוהין איר גייט! אייער ווילן און אייער פוס, וועלכער וויל זיך אַרויסרוקן פאַר אייך, — דאָס זאָל זיין אייער נייע חשיבות!".

# נאָכוואָרט

דאָסדאָזיקע בוך, וועמעס צוגרייטונגס־אַרבעטן עס האָבן מיך באַשעפטיקט במשך פון אַ סך יאָרן און וועלכע זענען גאַנץ אָפט איבערגעריסן געוואָרן דורך אַנדערע אַרבעטן, איז פאַרענדיקט געוואָרן קורץ פאַר דעם איידער די נאַציס זענען געקומען צו דער מאַכט און עס האָט דעריבער אין דייטשלאַנד נישט געקאָנט דערשיינען, כאָטש עס זענען שוין געווען געמאַכט אַלע טעכנישע צוגרייטונגען עס אָפּצודרוקן. די ערשטע שפּאַנישע אויפלאַגע איז אַרויס אין דריי בענד אין פאַרלאַג „טיעררא אי ליבערטאַד״ אין באַרסעלאָנאַ אין די יאָרן 37־1936. די ערשטע ענגלישע אויפלאַגע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין פאַרלאַג COVICI FRIEDE אין ניו יאָרק אין יאָר 1937. אויסגאַבן אין דער יידישער, פאָרטוגעזישער און שוועדישער שפּראַך ווערן איצט צוגעגרייט אין בוענאָס איירעס, סאַן פּאַולאָ און סטאָקהאָלם.

מיין ווערק איז אויסן צו שילדערן אין גרויסע שטריכן די וויכטיקסטע סיבות פון דער אַלגעמיינער ירידה פון אונדזער קולטור, וועלכע איז נאָך דער דייטש־פראַנצויזישער מלחמה פון 71־1870 געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ בולטער, בכדי איינציקע יאָר נאָכן דערשיינען פונעם דאָזיקן בוך זיך צו פאַרענדיקן אין דער מאָנסטרועזער קאַטאַסטראָפע פון דער צווייטער וועלט-מלחמה. אַ סך פון דעם, וואָס איז דאָ פאָרויסגעזאָגט געוואָרן, איז שפּעטער בוכשטעבלעך מקוים געוואָרן, וואָס דאָס איז דאָך איבעריקנס נישט געווען שווער איינצוזען, מחמת יעדער איינער, ווער ס׳האָט זיך נאָר מכוון געווען נאָכצופאָרשן די סיבות פון דער גרויסער ירידה, האָט געמוזט דערגיין צו דיזעלביקע מסקנות. דערפון דרינגען אָבער אַרויס ווי פון זיך אַליין די איינציקע מיטלען און וועגן, וועלכע זענען אימשטאַנד צו דערפירן צו דער בהדרגההדיקער געזונטמאַכונג און אַרויספירן די אַלגעמיינע סאָציאַלע אַנטוויקלונג אויף אַזעלכע וועגן, וועלכע זאָלן דערמעגלעכן אַ ניצלעכע און פרידלעכע צוזאַמענאַרבעט צווישן די פאַרשידענע פעלקער־גרופּן. פון די מענטשן גופא איז עס געווענדט, אין זייערע הענט ליגט דער אויסוואַל, צי וועלן זיי נעמען צום האַרצן די פרוכפּעריקע לעקציעס פון די גרעסטע פון אַלע קאַטאַסטראָפעס און זיך אַרויסווייזן אַנטשלאָסן זיך סוף־כל־סוף צו פאַרנעמען אויף אַזעלכע דרכים,

וועלכע זאָלן זיין ביכולת פאַר זיי צו עפענען אַ נייע צוקונפט אין זייער צרות־רייכער געשיכטע, אָדער צי ווילן זיי ווייטער אָנהאַלטן דעם אַלטן שפּיל פון דער געהיימדיפּלאָמאַטיע, פון מיליטערישע און פּאָליטישע פּאַקטן און פון אַן אינסופי־קער מאַכט־פּאָליטיק, וועלכע מוזן דערפירן צו נייע קאַטאַסטראָפעס און לסוף צום אומקום פון יעדער מין קולטור.

אויך אַ נייער וועג וועט נישט זיין לייכט און ער וועט, אָן ספק, פאָדערן די אַרבעט פון אַ סך דורות. קיינער דאַרף נישט דערוואַרטן, אַז נאָכן פחדימדיקן כאַאָס, וועלכן דער לעצטער וועלטקריג האָט אונדז איבערגעלאָזט, וועט מיטאַמאָל אַנט־שטיין פאַר דער מענטשהייט אַ מילעניום, וועלכעס וועט מיט איין קלאַפּ אויס־היילן אַלע וואונדן און וועט די פעלקער ברענגען אָן יעדן קאַמף אַ נייע וועלט פון פרייהייט און גערעכטיקייט. אַ קאַטאַסטראָפע פון אַזאַ מאָוימדיקן פאַרנעם איז נישט מעגלעך גובר צו זיין אין עטלעכע יאָר. דאָס פּוסט־וויסטע מדבר־פעלד, וואָס מיר האָבן איבערגענומען בירושה, קאָן נישט איבערנאַכט צורעכטגעמאַכט און פריש צעאַקערט ווערן. די דעמאָראַליזירנדיקע ווירקונגען, וועלכע די נאַצישע באַרבאַריע און דער קריג גופא האָבן גורם געווען, קאָנען נישט אָפּגעווישט ווערן פון דער וועלט מיט איינמאָל.

אָבער דער וועג, אויף וועלכן מיר וועלן זיך פאַרנעמען, וועט זיין פון אַנט־שיידנדיקן באַדייט, און פון אונדז וועט עס זיין אָפּהענגיק, צי דערדאָזיקער וועג וועט זיין אַ באמתדיקער נייער אויפשטייג אָדער בלויז אַ נייע בלאָנדזשעניש. עס איז נאָך אפשר קיינמאָל נישט געווען אַזאַ צייט אין דער געשיכטע, ווען ס'איז פאַר דער מענטשהייט אַלס גאַנצער מיט אַזאַ צודרינגלעכקייט אַוועקגעשטעלט געוואָרן די אויפגאַבע איבערצונעמען איר צוקונפטיקן גורל אין די אייגענע הענט. אין פאַרגלייך מיט דערדאָזיקער אַלגעמיינער אויפגאַבע זענען אַלע אַנדערע פראַגן, אויך די פראַ־גע, וואָס ס'זאָל געשען מיט דייטשלאַנד, וועלכע באַשעפטיקט היינט אַזוי שטאַרק, לחלוטין באַדייטונגסלאָז, ווייל אויך אַ נייע דייטשלאַנד קאָן זיך אַנטוויקלען נאָר אין אַ נייער אייראָפּע און אין אַ נייער וועלט. אַפילו ווען דייטשלאַנד זאָל אינ־גאַנצן חרוב ווערן און איר באַפעלקערונג געצענטלט ווערן, וואָלט מען דערמיט גאָרנישט געווינען, כל־זמן מ'לאָזט איבער אומבאַרירט די יסודות פון דער אַל־טער מאַכט־פּאָליטיק און מ'וואָגט נישט אַנצורירן די אייגנטלעכע סיבות, וועלכע האָבן דערפירט צו דער בלוטיקער ירידה פון אונדזער גאַנצער ציוויליזאַציע. דורך אַ בלויזער ענדערונג פון די מאַכט־פאַרהעלטענישן וועט מען קיינמאָל נישט זיין אימשטאַנד צו פאַרטיליקן די צרה. מ'באַזייטיקט נישט די סכנה דערמיט, וואָס מ'שטופּט זי אָפּ אויף אַן אַנדער געביט. דיזעלביקע סיבות ברענגען שטענדיק די־זעלביקע רעזולטאַטן. לויט די געגעבענע אומשטענדן קאָנען דידאָזיקע רעזולטאַטן אָננעמען פאַרשידענע פאָרמען, אָבער זיי רירן נישט אָן דעם קערן פון דער צרה, וועלכער ברענגט מיט זיך תמיד דיזעלביקע פאָלגן.

אויך דער גלויבן, אַז דורך דער פאַרבינדונג פון דריי אָדער פינף גרויס־

מאַכטן קאָן די פראַגע געלייזט ווערן, איז זיך סומך אויף אַ פולשטענדיקער פאַרלייקענונג פון די טאַטזאַכן. אַזאַ פאַרבינדונג קאָן אַפילו ביי די בעסטע אומשטענדן דערפילן בלויז באַשטימטע אויפגאַבן, אָבער זי קאָן נישט פאַרטרייבן די סכנה, וועלכע לויערט אויף אונדז, און באַט נישט אָן קיין שוץ קעגן נייע קאַטאַסטראָפעס פון אונדזער געזעלשאַפטלעך לעבן. זי קאָן צווינגען די קלענערע פעלקער קעגן זייער ווילן זיך צופרידנצושטעלן מיט געוויסע לעבנספאַרמען, כל־זמן אייניקע פון די גרויסע מלוכות האָבן זייער חשבון דערביי, אָבער זי צעפאַלט זיך אינעם מאָמענט, ווען די אינערלעכע פּאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע קעגנזאַצן צווישן די פירנדיקע מאַכטן טרעטן אַרויס שאַרפער און דערפירן צו אַ נייעם כאַאָס.

דאָס ווייזט זיך אַרויס שוין היינט, ווען די גאַנצע וועלט בלוטיקט נאָך פון טויזנט וואונדן און מיליאָנען מענטשן זענען אויסגעשטעלט אויפן נאַקעטן הונגער און אויפן שרעקלעכסטן עלנט. אַנשטאָט צו קאָנצענטרירן אַלע כוחות צו היילן דידאָזיקע וואונדן און צו ראַטעווען מיליאָנען פון זיכערן טויט אָדער פון אומהיילבאַרער פיזישער און גייסטיקער דעגענעראַציע, בכדי צו דערמעגלעכן אַ רעקאָנסטרוקציע אין די פון דער מלחמה צעשטערטע לענדער און אויפן שנעלסטן וועג צוריק איינצושטעלן אויף אַ געוויסן אופן דערטרעגלעכע צושטאַנדן, וועלכע זאָלן זיין גינציק פאַר אַ ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון די געשעענישן, שטערט די שוין פונדאָסניי ווי ווילדגראָז שטאַרק צעוואַקסענע מאַכט־פּאָליטיק פון די גרויסע מלוכות דידאָזיקע שענסטע פון אַלע אויפגאַבן און פאַרזייעט שוין היינט די קערנער פאַר נייע סכסוכים, וועלכע וועלן זיך ווידער מוזן ענדיקן קאַטאַסטראָפאַל.

גראָד צווישן אַמעריקע, ענגלאַנד און רוסלאַנד, די דריי מדינות, וועלכע מען האָט געהאַלטן פאַר באַזונדערס באַרופן צו פאַרזיכערן אַ דויערנדיקן שלום אויף דער וועלט, זענען תיכף פון אָנהויב אַרויסגעשוואומען צעיאַכמערטע סתירות, וועלכע ווערן מיט יעדן טאָג אומאיבערשפּאַנבאַר. אַפילו ווען מ'וועט פּרואוון, וואָס אַזוי וועט עס מסתמא לויט אַלע וואָרשיינלעכקייטן פּאַסירן, צייטווייליק בדוחק צו פאַרקלעפּן דידאָזיקע סתירות מיט אַלערליי צעפוילטע הנחות, וועלן זיי אָבער דורך דעם נישט באַזייטיקט און נישט אָפּגעווישט ווערן, נייערט זיי מוזן זיך, ביים היינטצייטיקן צושטאַנד פון די זאַכן, ווייטער אויסוויקלען, ביז דער אָפענער איבעררייס ווערט סוף־כל־סוף אומפאַרמיידלעך און די פעלקער וועלן באַנייס געשטעלט ווערן פאַר געשעענע פאַקטן, אויב זיי וועלן נישט באַצייטנס פאַרלויפן דעם וועג פון דער שטאַטס־חכמה פון זייערע רעגירונגען, ביז די אַטאָמישע באָמבע וועט אפשר לסוף אונטערציען דעם שטריך אונטער דעם חשבון און מאַכן אַ סוף צום גאַנצן שדים־טאַנץ. פון די מלוכה־פירער פון דער וועלט איז מסתמא שווער צו דערוואַרטן אַ בעסערע איינזעעניש, און אויב די פעלקער וועלן אַליין נישט דערגיין צו אַ בעסערער איינזעעניש, איז מסתמא ביי אַזאַ זעלבסטמערדערישער טאַקטיק פונעם פּאָליטישן משוגעת שווער פאַראויסצוזען אַן אַנדערן סוף.

דערביי איז עס אַ באַזונדערע איראָניע פון דער געשיכטע, אַז דווקא רוסלאַנד,

דאָס „רויטע פאָטערלאַנד פונעם פּראָלעטאַריאַט״, דאָס „לאַנד פון דער סאָציאַליס־טישער ווירקלעכקייט״, ווי עס ווערט אַזוי אָפט אָנגערופן, שטייגט ווייט אַריבער דעם אימפּעריאַליזם פון די מערבדיקע גרויסמאַכטן אין אירע אומבאַגרענעצטע עקס־פּאַנסיע־שטרעבונגען, און דורך אירע אומדערזעטלעכע פּרעטענזיעס פּראָוואָצירט זי כסדר נייע סכנות, אויב זיי ווערן נישט באַצייטנס אָפּגעשטעלט. רוסלאַנד, דאָס גרעסטע לאַנד פון דער ערד, וועלכעס נעמט אַרום אַ זעקסטל פונעם גאַנצן שטח פון אונדזער פּלאַנעט, האָט זיך שוין איצט, טיילווייז דורכן געהיימען אָפּמאַך, וואָס זי האָט געשלאָסן מיט היטלערן אין 1939, און טיילווייז דורך מיליטערישע אָפּעראַציעס, פאַרזיכערט מיט אַזאַ פאַרמערונג פון באָדן און באַפעלקערונג, וואָס קיין שום אַנדער לאַנד האָט דאָס נישט דערגרייכט. לויט אַ באַריכט, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער „ניו יאָרק טיימס״ פון 14־טן מערץ 1946, פאַרטיילט זיך דידאָזיקע טעריטאָריעלע פאַרגרעסערונג אויף אַט־אַזאַ אופן:

| געביטן | קוואַדראַטמייל | באַפעלקערונג |
|---|---|---|
| ליטע | 24.058 | 3.029.000 |
| לעטלאַנד | 20.056 | 1.950.000 |
| עסטלאַנד | 18.353 | 1.120.000 |
| מזרח־פּוילן | 68.290 | 10.150.000 |
| בעסאַראַביע און בוקאָווינע | 19.360 | 3.748.000 |
| מאָלדאַוו־געגנט | 13.124 | 2.200.000 |
| קאַרפּאַטן־אוקראַינע | 4.922 | 800.000 |
| מזרח־פּרייסן | 3.500 | 400.000 |
| פיניש קאַרעליע | 16.173 | 476.000 |
| פּעטסאַמאָ, פינלאַנד | 4.087 | 4.000 |
| טאַנני־טווואַ (צענטראַלאַזיע) | 64.000 | 65.000 |
| דרום־סאַכאַלין | 14.075 | 415.000 |
| קורילישע אינדזלען | 3.949 | 4.500 |
| צוזאַמען: | 273.947 | 24.355.500 |

עס קומען נאָך צו צו דעם די לענדער פון מזרח־אייראָפּע: פּוילן, רומעניע, בולגאַריע, יוגאָסלאַוויע און אין אַ הויכן גראַד אויך אונגאַרן און טשעכאָסלאָוואַקיע, וועלכע זענען היינט פולשטענדיק אַרונטערגעפאַלן אונטערן כישופקרייז פון רוס־לאַנדס מאַכט־ספערע און דינען איר ווי אַ ווערקצייג אויסצושפּרייטן איר איינפלוס אַלץ ווייטער צו דרום און מערב. שוין נישט צו רעדן וועגן די פּרעטענזיעס, וועלכע די רוסישע מלוכה שטעלט אַוועק אויף איראַן, געוויסע טיילן פון טערקיי, דער דאָדעקאַנעזישער אינדזל־גרופּע און אויף דער פריערדיקער איטאַליענישער קאָלאָניע ליביע. וועגן רוסלאַנדס עקספּאַנסיע־כוונות אין ווייטן מזרח ווילן מיר דאָ להלוטין

נישט רעדן, ווייל ביי דער מבולבלדיקייט פון דער דאָרטיקער לאַגע איז נאָך היינט קוים מעגלעך זיך צו שאַפן אַ קלאָר בילד. אַז אַ לאַנד מיט אַזאַ אומגעהייערן אויס־שפּרייטונגס־געביט שטעלט נאָך כסדר אַוועק נייע פּרעטענזיעס אויף ווייטערדיקער פּאַרגרעסערונג פון איר טעריטאָריע, מוז עס דאָך סוף־כל־סוף דערפירן צום קלאָרן באַוואוסטזיין יעדן איינעם, ווער ס'איך פּעאיק אַליין צו דענקען, אַז אַזאַ וועג מוז פירן נאָר צו אַ נייעם תהום און איז זיכער נישט פּאַסיק צו געבן דער וועלט אַ נייעם שלום, נאָך וועלכן זי לעכצט אַזוי שטאַרק.

עס איז אין דעמדאָזיקן בוך כסדר אָנגעוויזן געוואָרן אויף דעם, אַז זינט דער אָנטשטייאונג פון די נאַציאָנאַלע גרויסע שטאַטן אין אייראָפּע האָט יעדער פון די־דאָזיקע נייע מאַכטן ראשית־כל געפּרואווט צו אָפּווישן די לאָקאַלע פרייהייטן און פּעדעראַטיווע פּאַראייניקונגען, וועלכע זענען אַרויסגעדרונגען פונעם סאָציאַלן לעבן פון די פּעלקער גופא, און געטאָן האָבן זיי דאָס דורך געוואַלטזאַמער אַריינמישונג אומעטום און דורך דער צענטראַליזירונג פון דער גאַנצער מאַכט, און ווען דער דאָזיקער ציל איז שוין געווען דערגרייכט, זענען זיי אַריבערגעגאַנגען דערצו אויסצושפּרייטן דעם אָקאָרשט־דעראָבערטן איינפלוס אויף די שכנישע לענדער, בכדי זיי צו מאַכן גאָכגעביק צו זייערע אויסערן־פּאָליטישע אינטערעסן. מאַכט־פּאָליטיק ווייסט נעמלעך נישט פון קיין אַנדערע גרענעצן ווי נאָר די, וועלכע ווערן פאַר איר אָנגעצייכנט פון אַן אַנדערער, אַ שטאַרקערער, מאַכט, אָדער פון אַזעלכער, וועלכע זי קאָן נישט גובר זיין מיט איין קלאַפּ. אָבער דער אינערלעכער דראַנג צו ווירטשאַפטלעכער און פּאָליטישער העגעמאָניע לאָזט קיין שום שטאַט נישט רוען און זיין ווירקונג איז אויף אַזוי ווייט שעדלעכער, וואָס בעסער ס'איז אים געלונגען צו פּאַרקנעכטן דאָס אייגענע פּאָלק. אַ פּאַקט איז, אַז דער גראַד פון דעספּאָטיזם אין אַ לאַנד איז ביז היינטצוטאָג תמיד געווען די זיכערסטע מאָס צו מעסטן די סכנה, מיט וועלכער עס האָט כסדר באַדראָט די אַנדערע לענדער. די גאַנצע געשיכטע פון די אייראָפּעאישע גרויסע מלוכות איז זייט יאָרהונדערטער געווען אַ כמעט אומאונטערבראָכענער קאַמף פאַר דער העגעמאָניע פונעם קאָנטינענט, וועלכער איז פאַר די שטאַרקערע געווען תמיד באַגלייט מיט אַ צייטווייליקן דערפּאָלג, ביז ס'איז פריער אָדער שפּעטער גע־מאַכט געוואָרן אַ סוף צו אים דורך נייע מאַכט־קאָמבינאַציעס אָדער דורך אַנדערע אומשטענדן. אָבער היות דיזעלביקע שטרעבונגען זענען באַלד נאָכדעם אויפגענומען געוואָרן פון אַן אַנדער גרויסמאַכט און זייער אויסוויקלונג איז געווען נישט וויינ־קער אומגליקלעך ווי פריער, האָט דאָס תמיד געפירט צו נייע קאַטאַסטראָפעס.

די זיך אַלץ מער אויסשפּרייטנדיקע פּאָליטישע צענטראַליזאַציע, וועלכע האָט שטענדיק געזוכט צו דערדריקן אַלע לאָקאַלע רעכטן און פרייהייטן, און דאָס גאַנצע לעבן פון אַ פּאָלק אַרויפצופירן אויף באַשטימטע נאָרמען, ווייל דאָס איז געווען צומגינציקסטן פאַר די אינערלעכע און אויסערלעכע מאַכט־שטרעבונגען פון די מושלים, לאָזט זיך כמעט אויסשליסלעך צוריקפירן צום דאָזיקן קאַמף פאַר דער העגעמאָניע. דער אומפאַרמיידלעכער פּועל־יוצא פון דידאָזיקע זינלאָזע פּרוואוון פון אַ

גייסטלאָזער מאַכט־פאָליטיק איז דערביי אין כמעט אַלע פאַלן געווען דערזעלביקער: נאָכדעם ווי ס'איז די פאָרשטייער פון אַזאַ פאָליטיק געלונגען, דורך כסדרדיקע סטראַשונקעס און אָפענע מלחמות, אַרונטערצואוואַרפן אַנדערע פעלקער אונטער זייער ווילן, זענען זיי לסוף אַליין געוואָרן די קרבנות פון זייער תשוקה צו מאַכט. אויב ענגלאַנד שטעלט מיט זיך פאָר ביז איצט אַן אויסנאַם פון דעמדאָזיקן כלל, קאָן מען זיך דאָס פון איין זייט דערקלערן דערמיט, וואָס נאָכן באַזיגן דעם פירשטלעכן אַבסאָלוטיזם האָבן די דעראָבערטע פרייהייטן קיינמאָל נישט געקאָנט אינגאַנצן בטל געמאַכט ווערן, אַפילו נישט אין די רעאַקציאָנערסטע פעריאָדן פון איר געשיכטע, און פון דער צווייטער זייט דערפאַר, ווייל אירע פאָליטישע פאַרטרעטער זענען ביז איצט געבליבן די איינציקע, וועלכע האָבן עפּעס געלערנט פון די דערפאַרונגען פון דער געשיכטע און דערפון געצויגן נוצן. דאָס האָט אויך פיאָטר קראָפּאָטקין זייער קלאָר דערקענט, ווען ער האָט אין זיין רעדע פאַרן „בונד פון די פעדעראַליסטן” אין מאָסקווע דעם 7־טן יאַנואַר 1918 אויסגעפירט:

„די בריטישע אימפעריע גיט אונדז אַ דראַסטישע לערע.ביידע מעטאָדן זענען דאָרט אויסגעפּרואווט געוואָרן — פעדעראַליזם און צענטראַליזם, און די רעזולטאַטן פון ביידע לאָזן נישט איבער קיין שום צווייפל, לויט זייער בולטקייט. אָנגערעגט פונעם איינפלוס פון דער ליבעראַלער פאַרטיי אויפן ענגלישן פאָלק, האָבן די בריטישע קאָלאָניעס קאַנאַדע, אויסטראַליע און דרום־אַפריקע באַקומען זייער פולע פרייהייט נישט בלויז אין דער זעלבסטפאַרוואַלטונג פון זייערע אייגענע ענינים, נייערט אַ פולשטענדיקע זעלבסטשטענדיקע פאָליטישע אַדמיניסטראַציע מיט אייגענע לעגיסלאַטיווע קערפּערשאַפטן, אייגענע פינאַנצן, אייגענע האַנדלס־אָפּמאַכן און אייגענע אַרמייען. דער פועל־יוצא איז געווען, אַז דידאָזיקע קאָלאָניעס האָבן זיך ווירטשאַפטלעך נישט נאָר אַנטוויקלט גלענצנדיק, נאָר, ווען ס'זענען אָנגעקומען שווערע צייטן פאַר ענגלאַנד, זענען זיי אונטערגעקומען מיט סאָלידאַרישער הילף פאַר זייער אַלטער מעטראָפּאָל און געבראַכט די שווערסטע קרבנות, גלייך ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַן עלטערער שוועסטער אָדער מוטער. דערזעלביקער גייסט איז אויך געווען צו באַמערקן אויף די קליינע זיך אַליין פאַרוואַלטנדיקע אינדזלען פון דזשוירסי, גוירני און מאַן, וועמעס אינערווייניקסט לעבן האָט אַזאַ גראַד אומאָפּהענגיקייט, אַז אין פראַגן פונעם גרונטאייגנטום איז פאַר זיי נאָך אַלץ מאָסגעבנדיק דאָס נאָרמאַנישע געזעץ, און אינוויווייט עס האַנדלט זיך וועגן באַציאונגען מיט אַנדערע רעגירונגען, דערלויבן זיי נישט, אַז די אין ענגלאַנד נאָך אַלץ גילטיקע צאָלטאַריפן פאַר אויסלענדישע סחורות, זאָלן אויך אויף זיי קאָנען אַרויפגעצוואונגען ווערן. אַזאַ אויטאָנאָמיע, וועלכע איז אַזוי נאָענט צו דער אומאָפּהענגיקייט, און די דערפון אַרויסקומענדיקע פעדעראַטיווע התחייבותן האָבן זיך, אַזוי אַרום, אַרויסגעוויזן ווי די זיכערסטע יסודות פון אַן אינערלעכער איינהייט. און פון דער אַנדערער זייט, וועלכן קאָנטראַסט שטעלט מיט זיך פאָר די לאַגע אין אירלאַנד, וואו די ש ט אַ ר ק ע ה אַ נ ט פון ד ו ב ל י ן ג אַ ס ט ע ל, ד. ה. די פאַרוואַלטונג פון אַ גענעראַל־גובערנאַטאָר, האָט במשך פון גאַנצן נייַנצנטן יאָרהונדערט געמוזט פאַרטרעטן דעם פאַרלאַמענט און די אינערלעכע אָרגאַניזאַציע פונעם לאַנד... צענטראַליזם איז נישט נאָר די פעסט פון דער אויטאָקראַטיע, ער האָט אויך רואינירט פראַנקרייכס און דייטשלאַנדס קאָלאָניעס, בעת נאָענט נעבן זיי האָבן געבליט און געדייט די ענגלישע קאָלאָניעס, ווייל זיי האָבן געהאַט דאָס גליק צו געניסן פון אַ ווייטגייענדיקער אויטאָנאָמיע און זיי אַנטוויקלען זיך היינט ביסלעכווייז צו אַ פעדעראַציע פון פעלקער”.

אָנשטאָט דידאַקטיקע ווערטפולע לערן פון דער געשיכטע צו נעמען צום האַרצן און דערגיין צום שורש פון די אמתע סיבות פון דער גרעסטער קאַטאַסטראָפע, פון וועלכער די מענטשהייט איז ביז איצט געשטראָפט געוואָרן, ווערט וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער דער איינדרוק, אַז אַפילו די מערבדיקע לענדער, וועלכע האָבן דאָך יעדנפאַלס אַן אַלטע טראַדיציע פון ליבעראַלע געדאַנקען־שטראָמונגען הינטער זיך, וועלכע האָבן אין די גרעסטע עפּאָכן פון זייער געשיכטע געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל, אַז אַפילו זיי גופא פאַלן היינט אַריין אַלץ טיפער אינעם כישופקרייז פון דיזעלבע אָנשויאונגען, פון וועלכע ס׳איז אַרויסגעקומען די אידעע פונעם טאָטאַלן שטאַט. וועגן רוסלאַנד זאָל דאָ לגמרי נישט גערעדט ווערן, מחמת אונטער דער אַזוי־גערופענער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור איז זי אויסגעוואַקסן צו אַ פולשטענדיק טאָטאַלער שטאַטס־קאָנסטרוקציע, וועמעס אינערלעכער סדר האָט שפּעטער גאַנץ אָפט געדאַרפט דינען ווי אַ מוסטער פאַרן זיגערישן פאַשיזם.

פון דידאַקטיקע באַגריפן, וועלכע כאַפּן היינט אַרום אַלץ גרעסערע קרייזן, איז אויך אַרויסגעקומען דער פונקט אַזוי נאַיווער ווי געפערלעכער גלויבן, אַז מ׳וועט אין דער צוקונפט קאָנען אויסמיידן באַוואָפנטע קאָנפליקטן דורכדעם, וואָס מ׳וועט די גאַנצע וועלט אַרונטערוואַרפן אונטערן פּאָליציייאישן קאָנטראָל פון אייניקע גרויסע מלוכות, וועמען אַלע קלענערע לענדער וועלן דאַרפן זיין אונטערגעוואָרפן אויף גונץ אָדער אומקום. דער פאַקט, וואָס נאָכגעבנדיק רוסלאַנדס צודרינגלעכקייט, האָט מען אַפילו געמוזט איינגיין אויף דעם, אַז אַלע באַשטימונגען פון דעם מין זאָלן נאָר דעמאָלט סאַנקציאָנירט ווערן, ווען זיי וועלן אָנגענומען ווערן איינשטימיק פון די דריי אָדער פינף גרויסע מלוכות, און אַפילו דער בעסטער פאָרשלאַג קאָן בטל ווערן, ווייבאַלד איינע פון דידאַקטיקע גרויסמאַכטן באַנוצט זיך מיט איר וועטאָ־רעכט, מאַכט די גאַנצע לאַגע נאָך האָפענונגסלאָזער, מחמת אויף דעם אויפן איז מעגלעך מיטן בעסטן דערפאָלג צו סאַבאָטירן יעדן ערנסטן באַשלוס.

וואָס פאַראַ ווירקונג אַזאַ צושטאַנד האָט, דאָס האָט זיך שוין אַרויסגעוויזן ביי די ערשטע זיצונגען פונעם ראַט פון די פאַראייניקטע פעלקער, וואו מ׳האָט טאַקע מהאי טעמה נישט געקאָנט דערגיין צו קיין שום ערנסטע רעזולטאַטן און מ׳איז כסדר געווען געצוואונגען אָפצולייגן אויף שפּעטער די וויכטיקסטע פראַגן, פון וועמעס אַנטשיידונג ס׳איז היינט אָפהענגיק דער וואוילשטאַנד אָדער דאָס אומגליק פון מיליאָנען מענטשן. ס׳איז אפשר גוט אַזוי, וואָס דידאַקטיקע צרהדיקע לאַגע האָט זיך אַרויסגעשטעלט פאַר דער עפנטלעכקייט באַלד פון אָנהייב אָן, ווייל דאָס וועט אפשר ביי עמעצן דערוועקן דעם שכל־הישר און אים ווייזן, אַז אַזעלכע אינסטיטוציעס זענען נישט נאָר אַן אָפּחוזקונג פון די עלעמענטאַרסטע פּרינציפּן פון דער דעמאָקראַטיע, נאָר אַז אויף דעמדאָזיקן דרך וועט אויך קיינמאָל נישט זיין מעגלעך צו דערגרייכן אַ גינציקן רעזולטאַט. ווייל אויף דעם אופן ווערט דער ראַט פון די פאַראייניקטע נאַציעס, אויף וועלכן מ׳האָט געלייגט אַזעלכע גרויסע האָפענונגען, דער אייביקער סלע המחלקות פון אייניקע גרויסמאַכטן, בעת די קלענערע לענדער וועלן דאָרט

מסתמא נישט האָבן גאָר נישט וואָס צו טאָן. און ווען אַפילו מ׳זאָל זיי שוין יאָ דערלויבן פאָרצולייגן פאַרן ראַט זייערע טענות, איז דאָך די אַנטשיידונג סיי־ווי אָפּהענגיק פון בלויז אייניקע מלוכות, אַפילו זיי זאָלן נישט געשטערט ווערן פון קיין וועטאָ, אַזוי, אַז די קלענערע פעלקער זענען איבערגעענטפערט אין די שטאַרקע הענט פון די דריי אָדער פינף „גרויסע״, נישט קאָנענדיק אַפילו לאָזן הערן קיין ווירקזאַמע רעקלאַמאַציע קעגן דעם. די אייניציקע ברירה, וואָס בלייבט פאַר זיי אין בעסטן פאַל, איז נישט אַרויסצורופן קיין בייז בלוט און דורך וואוילגעפעליקייט זיך זוכן איינצוקויפן דעם גונץ פון יענער גרויסמאַכט, וועמעס פּרעטענזיעס וואָלט פאַר זיי ביי אַ געשאַפענער סיטואַציע געקאָנט ווערן צומגעפּערלעכסטן. דערמיט פאַרבלייבן אָבער די יסודות פון דער מאַכט־פּאָליטיק אומבאַרירט און במילא אויך די אומפאַרמיידלעכע רעזולטאַטן און סכנות, וועלכע זענען דורכויס פאַרבונדן מיט אַזאַ צושטאַנד פון די זאַכן.

די באַפרייאונג פון מורא איז געווען איינע פון די גרויסע פאָדערונגען פון אַטלאַנטיק־טשאַרטער, וועגן וועלכער עס ווערט שוין פון לאַנג לגמרי נישט גערעדט; אָבער גראָד דער דאָזיקער פונקט, פונקט ווי אַלע אַנדערע פרייהייטן, וועלכע זענען בשעתו אַרויסגערוקט געוואָרן מיט אַזוי פיל באַטאָנונג, קלינגט היינט כמעט ווי אַ באַשיימפּערלעכע אָפּשפּאָטונג, ווייל אינדעראמתן, וועלכע קליינע מדינה וועט, פנים אל פנים מיט דער היינטיקער לאַגע, זיין אימשטאַנד צונויפצונעמען דעם מוט אָנצוקלאָגן דעם טייוול פאַר זיין שוויגער און נעמען אויף זיך אַלע שיקאַנעס, וועלכע יעדע גרויסע מלוכה איז ביכולת אָנצוטאָן יעדן קליינעם לאַנד? אינעם רוב פאַלן וועט מען זיך פשוט לאָזן אָפּשטופּן אין אַ זייט און גיכער אָננעמען באהבה אַ באַשיימפּערלעכע אומגערעכטיקייט, וואָס וועט זיך פאַר דעם רוב פון זיי מסתמא אויסווייזן לוינבאַרער, איידער זיך צו לאָזן אויסנוצן אַלס עקספּערימענטיר־קיניגלעך אינעם געוועט־קאַמף צווישן די „גרויסע״. לויט ווי די לאַגע זעט היינט אויס, ווייזט זיך אַרויס אַלץ דייטלעכער, אַז אין די ראַמען פון די ענג־אָנגעצויגענע גרענעצן פון די היינטיקע נאַציאָנאַלע שטאַטן איז אַ דויערנדיקער שלום צווישן די פעלקער לחלוטין נישט מעגלעך, ווען אַפילו קיינער טראַכט נאָך דערווייל נישט ערנסט וועגן דעם, צו פּראָוואָצירן אַ נייע מלחמה. כל־זמן אַלעמענס אינטערעסן מוזן אָפּטרעטן דאָס פּלאַץ פאַר די ספּעציעלע אינטערעסן פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט, איז אַפילו נישט מעגלעך צו טראַכטן וועגן אַ לייזונג פון די דאָזיקע וויכטיקסטע פון אַלע פראַגן. בכדי צו געווינען צייט, וועט מען דערווייל מוזן דורכקומען מיט כלערליי הנחות, ביז איינע אָדער די אַנדערע גרויסמאַכט וועט זיך לסוף פילן אַזוי שטאַרק, אַז זי וועט זיך שוין מעגן פאַרגינען אַוועקצוקוקן פון ווייטערדיקע איינזעעניישן און לאָזן אָנקומען דעם ענין צו אַ מאַכטפּראָבע, אויב די אַנדערע וועלן איר צוליב אַזעלכע אָדער אַנדערע סיבות נישט אָפּטרעטן דאָס פעלד אָן אַ קאַמף.

אָפילו די אַלגעמיינע אַנטוואָפענונג, וועלכע איז פריער אַזוי אָפט געשטעלט

געוואָרן אין אויסזיכט און וועלכע וואָלט פּנים אל פּנים מיט דער גאַנצער הייגטיקער לאַגע געדאַרפט זיין דער ערשטער תנאי פון אַן אמתער פרידנס־פּאָליטיק, איז שוין אויך איגגאַנצן ווערטלאָז געוואָרן, נאָכדעם ווי סטאַלין האָט אין זיין רעדע פון 9־טן פעברואַר 1946 אָפן דערקלערט, אַז די פאַרשטאַרקונג און אויסבילדונג פון דער רויטער אַרמיי איז די וויכטיקסטע אויפגאַבע, בכדי צו פאַרזיכערן רוסלאַנדס גרענעצן און אַז אפשר וועט מען נאָך באַדאַרפן וייטערדיקע דריי אָדער מער פינפיאָרפּלענער, בכדי צו דערגרייכן דעמדאָזיקן ציל. מיט פּראָסט־פּשוטע ווערטער אַרויסגערעדט, הייסט עס, אַז רוסלאַנדס ווייטערדיקע אינדוסטריאַליזירונג וועט נישט אָוועקגעשטעלט ווערן, חלילה, פאַרן צוועק פון פרידן און וואוילשטאַנד פון רוסישן פאָלק, נאָר פאַר אַלע עווענטואַליטעטן פון אַ נייער מלחמה.

דידאָזיקע שפּראַך איז נישט ניי. עס זענען פּונקט דיזעלביקע טעמים, וועלכע ביסמאַרק האָט געלאָזט הערן נאָך דער מלחמה פון 71־1870, בכדי צו רעכטפאַרטיקן די מיליטאַריזירונג פונעם נייעם רייך, און וועלכע היטלער האָט שפּעטער איבערגעחזרט, בכדי צו פאַרזיכערן דייטשלאַנד קעגן די מכלומרשטע מאַכט־פּלענער פון די פיינטלעכע מלוכות. דאָס איז דיזעלביקע שפּראַך, וועלכע יעדער דעספּאָט האָט ביז היינטצוטאָג געהאַט גרייט אויף זיינע ליפּן, כדי צו פאַרדעקן זיינע אייגענע דעראָבערונגס־פּלענער. ביסמאַרקס באוואָפנטער שלום, ווי מ׳האָט דאָס דעמאָלט אָנגערופן, האָט לסוף דערפירט צו דער מיליטאַריזירונג פון גאַנץ אייראָפּע און אָוועקגעלייגט די יסודות פאַר יענעם אומגליקלעכן באַוואָפענונגס־געיעג צווישן אַלע פעלקער, וועלכער האָט סוף־כל־סוף דערפירט צום אויסברוך פונעם רויטן מבול פונעם ערשטן וועלט־קריג. קיין שום מענטש מיט אַביסל פּאָליטישן חוש וועט נישט וואָגן ערנסט צו באַהויפּטן, אַז אין איצטיקן פאַל פון רוסלאַנד קאָן זיך די לאַגע אויסווירקלען אַנדערש. ס׳איז דערזעלביקער אַלטער קאַמף פאַר דער העגעמאָניע אין אייראָפּע און איצט אויך אין אַזיע. נאָר די ראָלן זענען איצט פאַרביטן און די דיקטאַטור פון קרעמל האָט איבערגענומען דייטשלאַנדס ירושה.

סטאַלין האָט פאַקטיש געוואונען פון דער לעצטער מלחמה מער ווי אַ רוסישער צאַר האָט ווען עס איז אַפילו געוואַגט צו חלומען. און היות ביי יעדן מאַכט־פּאָליטיקער קומט דער אַפּעטיט מיטן עסן און דערדאָזיקער אַפּעטיט ווערט, כידוע, נאָך יעדן איינגעשלונגענעם ביסן נאָך גרעסער, איז פאַרלייפיק נישט מעגלעך פאַרויסצוזען מיט וועלכע ווייטערדיקע פּלענער די פאַרטרעטער פונעם רוסישן אימפּעריאַליזם וועלן פאַרשוואַנגערן; און דאָס שפּיל ווערט זיי נאָך באַדייטנדיק פאַרלייכטערט דערמיט, וואָס זיי האָבן צו זייער רשות אין יעדן לאַנד אַ מחנה פאַנאַטישע און אָרגאַניזירטע אָנהענגער, וועלכע לאָזן זיך אָן יעדן ישוב־הדעת אויסנוצן ווי אַ וועדקצייג פון דער רוסישער אויסערן־פּאָליטיק, בעת היטלערן איז אָנגעקומען מיט יגון ואנחה איינצושאַפן זיך די ערשטע קיסלינגס.

פונדעסטוועגן איז שוין פאַראַן אַ גאַנצע שול פון אינטעלעקטואַלן, פון וועלכע אַ סך פּרעטענדירן אַפילו אויפן נאָמען ליבעראַל — וועלכע באַמיען זיך רעכטצו־

פּאַרטיקן די פּרעטענזיעס פון דער באָלשעוויסטישער אַריסטאָקראַטיע דערמיט, וואָס זיי טענהן, אַז סטאַלין פירט היינט דורך אין אייראָפּע און אין אַזיע אַ היסטאָרישע מיסיע, און אַז דורך דעם צעברעכן דאָס גרויסע גרונט־אייגנטום אין די געגנטן, וועלכע זענען אונטערגעוואָרפן דער רוסישער מאַכט־ספערע, שאַפט ער די מעגלעכ־קייטן פאַר אַ נייער סאָציאַלער אַנטוויקלונג, וואָס אַדאַנק דעם וועט דער פונעם מערב־דיקן אימפּעריאַליזם געשאַפענער סטאַטוס קוואָ נישט קאָנען מער צוריק איינגע־שטעלט ווערן. און בכדי דעם דאַזיקן מאָדנעם באַנעם צו רעכטפאַרטיקן אויך פאַר אַנדערע, פאַררופט מען זיך אויף דער ראָל פון נאַפּאָלעאָנען און פון זיינע אַרמייען, דורך וועלכע די אידעען פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע זענען פאַר־שפּרייט געוואָרן אין אַלע לענדער און עס זענען צעטרייסלט געוואָרן די פעסטונגען פונעם אַבסאָלוטן רעזשים און פון זיינע פעאָדאַליסטישע אינסטיטוציעס.

ווער עס קאָן אַרויסקומען מיט אַזעלכע באַהויפּטונגען, דעם פעלט לגמרי יעדע מאָס פאַר געשיכטלעכע פאַקטן. די פראַנצויזישע רעוואָלוציע איז פאַקטיש געווען דער העראָלד־רוף פון אַ נייער צייט. זי האָט דערפירט צום קבר דעם פירשטלעכן אַבסאָ־לוטיזם און פאַרוואַנדלט אין חורבות זיין גאַנצן ווירטשאַפטלעכן און סאָציאַלן סדר. זי האָט דורך איר „ד ע ק ל אַ ר אַ צ י ע   פ ו ן   ד י   מ ע נ ט ש נ ר ע כ ט" אָוועקגעלייגט די יסודות פון אַ נייעם מענטשנטום און פון אַ נייער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג אין אייראָפּע, פּונקט ווי דזשעפערסאָנס „ד ע ק ל אַ ר אַ צ י ע   פ ו ן   א ו מ אָ פּ ה ע נ ג י ק ײ ט" אין אַמעריקע. און הגם די אידעען און וואונטשן פון די דאָזיקע ביידע היסטאָרישע דאָקומענטן זענען נאָך ווייט נישט מקוים געוואָרן, האָבן זיי אָבער פונדעסטוועגן סטימולירט די בעסטע האָפענונגען פון אַלע פעלקער און געהאַט אויף דער גאַנצער שפּעטערדיקער געשיכטע אַזאַ דויערנדיקן איינפלוס, אַז ער איז נאָך ביז היינטיקן טאָג נישט פאַרשוואונדן, און אַרויפגעפירט דאָס לעבן פון די מענטשן אויף נייע וועגן. ס'איז אויך אומאָפּפרעגבאַר, אַז די זעלנער פון די פראַנ־צויזישע אַרמייען, וועלכע זענען אויפגעוואַקסן אין די שטורעמס פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָבן מיטגעטראָגן מיט זיך זייער גייסט דורך אַלע לענ־דער און דעם פירשטלעכן אַבסאָלוטיזם גורם געווען אַזעלכע וואונדן, פון וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט געקאָנט מער קומען צו זיך. אַפילו נאַפּאָלעאָן, וועלכער איז אַרויסגעקומען פון דער רעוואָלוציע, בכדי שפּעטער צום שווערסטן זיך צו פאַרזינדיקן קעגן איר, איז נישט געווען אימשטאַנד אָפּצושטעלן די דאָזיקע אויסשפּרייטונג פון די רעוואָלוציאָנערע אידעען אין אייראָפּע, וועלכע זענען דערגאַנגען אַפילו קיין רוס־לאַנד און דאָרט דערפירט צום אויפשטאַנד פון די דעקאַבריסטן, וועלכע האָבן גע־וואָלט באַפרייען דאָס לאַנד פון דער אַריסטאָקראַטיע און אירע פעאָדאַלע צוואַנגען און זיי פאַרבייטן דורך אַ פרייער פעדעראַציע פון רוסישע פעלקער.

די פראַנצויזישע רעוואָלוציע און איר השפּעה אין אייראָפּע איז אינדעראמתן געווען די התחלה פון אַ נייער תקופה פון די אייראָפּעאישע פעלקער, וועלכע האָבן געמאַכט אַ סוף צום אַלטן סיסטעם פונעם אַבסאָלוטיזם און אויסגעלייגט נייע וועגן

פאַר דער צוקונפט. אַפילו אַלע שפּעטערדיקע סאָציאַלע פאָלקס־באַוועגונגען, וועלכע האָבן אַריבערגעשפּאַנט די גרענעצן פון די ווירטשאַפטלעכע צילן פונעם ליבעראַליזם און פון דער פּאָליטישער דעמאָקראַטיע און געוואָלט פאַרטרייבן דעם אַבסאָלוטיזם פון זיין לעצטער פעסטונג, — פון דער ווירטשאַפט, אַפילו זיי זענען געווען דער אוממיטלבאַרער פועל־יוצא פון יענע גרויסע גייסטיקע שטרעמונגען, וועלכע די גרויסע רעוואָלוציע האָט אויפגעבונדן אין אַלע לענדער און וועלכע זענען נאָך ווייט נישט דערגאַנגען צום סוף.

ווער אָבער עס איז זיך מכוון צו פאַרגלייכן די גרויסע און אומאָפּווישבאַרע רעזולטאַטן פון דערדאָזיקער מעכטיקער פאַסירונג פון דער מאָדערנער געשיכטע און אירע גייסטיקע איינפלוסן אויף אייראָפּעס סאָציאַלער אַנטוויקלונג מיט די שטרעבונגען פונעם רויטן אימפּעריאַליזם און זיין אויסערן־פּאָליטיק, דעם פעלט דער מינדסטער חוש פאַר דער אָפּשאַצונג פון געשיכטלעכע געשעענישן, מחמת ער וואַרפט אַריין אין איין טאָפּ זאַכן, וועלכע זענען פאַרגלייכלעך נאָר אין נעגאַטיוון זין, ווייל אין תוך שיידן זיי זיך פּאַנאַנדער ווי וואַסער און פייער. אַזעלכע אַנאַלאָגיעס זענען נישט נאָר מבולבלדיק, זיי זענען אויך אַן אוממיטלבאַרע סכנה פאַר יעדן גייסטיקן און סאָציאַלן פּראָגרעס דערמיט, וואָס זיי דערפירן מענטשן זיך צופרידנצושטעלן מיט זאַכן, וועלכע פאַרשטעלן דעם וועג פאַר יעדער געזונטער אַנטוויקלונג, און דורכן פאַרשטעלן פאַלשע טאַטזאַכן, מאַכן זיי די פעלקער צוגענגלעך פאַר אַ נייער סאָציאַלער רעאַקציע, וועמעס שטרעבונגען זענען טיף פאַרוואָרצלט אין די אַבסאָלוטיסטישע באַגריפן פון פאַרגאַנגענע דורות.

דאָס, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין רוסלאַנד זינט איבער אַ פערטל יאָרהונדערט און טרעט אַרויס וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער, איז אַ נייער אַבסאָלוטיזם, וועמעס אינערלעכע און אויסערלעכע געשטאַלטיקונג שטעלט היפּש אַוועק אין שאָטן די מאַכט־פּאָליטישע דעראָבערונגען פונעם פירשטלעכן אַבסאָלוטיזם. אַלע פּאָליטישע און סאָציאַלע רעכטן און פרייהייטן, וועלכע זענען דורך שווערע קאַמפן דעראָבערט געוואָרן דורך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און איר איינפלוס אויף די אַנדערע טיילן פון אייראָפּע, צווישן זיי דאָס רעכט אויפן פרייען אויסדרוק פון געדאַנקען און דער זיכערקייט פון דער פּערזאָן, האָבן אין היינטיקן רוסלאַנד און אין די לענדער, וועלכע זענען אונטערגעוואָרפן איר אוממיטלבאַרער השפּעה, לגמרי נישט קיין שום גילטיקייט. די גאַנצע פּרעסע און יעדער מין ליטעראַטור, די ראַדיאָ, ד. ה. אַלע אָרגאַנען פון עפנטלעכן געדאַנקען־אויסדרוק, זענען אויסגעשטעלט צו אַ דרייפאַכער צענזור, אַזוי אַז פּאַקטיש קאָן נישט קומען צום אויסדרוק קיין שום אַנדערע מיינונג ווי נאָר דער רעגירונגס און מהאי טעמה קומט אויך נישט צום אויסדרוק קיין שום קריטיק. וואָס עס פּאַסירט אין אַנדערע לענדער, וועגן דעם ווייסט דאָס רוסישע פאָלק נאָר אַזוי פיל, וויפיל די רעגירונג האַלט פאַר לויינבאַר. אַפילו אונטערן צאַרישן רעזשים איז דאָס לאַנד קיינמאָל נישט געווען אַזוי הערמעטיש פאַרשלאָסן ווי היינט. אין אַ לאַנד,

וועלכעס קאָן האָבן אויף זיין חשבון די טרויעריקע באַרימטקייט צו באַזיצן די געוויסנלאָזסטע דעספּאָטישסטע פּאָליציייאישע דיקטאַטור, איז נאַטירלעך אויך אויסגעשלאָסן אַפילו די מינדסטע זיכערקייט פון דער פּערזאָן. זיכער איז נאָר דער, וועלכער וואַרפט זיך אונטער באַדינגונגסלאָז אונטער די הערשנדיקע מושלים און דורך קיין שום אומגליקלעכן צופאַל ציט ער נישט אויף זיך דעם חשד פונעם אַלמעכטיקן שפּיאָנאַזש. די אומברחמנותדיקע און בלוטיקע פאַרטיליקונג פון אַלע אַנדערע פּאָליטישע ריכטונגען און די ברוטאַלע אויסשעכטונג פונעם רוב אַלטע פירער פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי ביי די צעטרייסלענדיקסטע באַגלייט־דערשיינונגען, איז דאָך דער בעסטער באַווייז, אַז די דאָזיקע באַהויפּטונג איז בשום אופן נישט קיין גוזמאדיקע.

אָבער פאַראַן גענוג מענטשן, וועלכע נעמען אָן באהבה דידאָזיקע אַלע אומבאַשטרייטבאַרע דערשיינונגען פון אַן אומבאַגרענעצטן פּאָליטישן אַבסאָלוטיזם, ווייל זיי גלייבן באמת אָדער לפנימדיק, אַז זיי ווערן דורך דער נייער ווירטשאַפטלעכער אָרדענונג פונעם רוסישן שטאַט גאַנץ היפּש קאָמפּענסירט און דאָס קאָן, לויט זייער מיינונג, זיין זייער שטאַרק גינציק פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ סאָציאַליסטישער אָרדענונג אויך אין אַנדערע לענדער. אויך דערדאָזיקער נאַאיווער גלייבן נעמט זיך פון אַ פולשטענדיקער אומבאַקאַנטשאַפט מיט אַלע ווירקלעכע פאַקטן. דאָס, וואָס שטעלט זיך היינט אַרויס אין רוסלאַנד ווי אַ ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע ו ו י ר ט־ ש אַ פ ט ס ־ אָ ר ד ע נ ו נ ג, האָט מיטן אמתן געדאַנקענגאַנג פון סאָציאַליזם פונקט אַזאַ קליינע שייכות ווי די אויטאָקראַטיע פונעם קרעמל האָט אַ שייכות מיט די שטרעבונגען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע קעגן פירשטלעכן אַבסאָלוטיזם. דאָס, וואָס מ׳באַצייכנט היינט אין רוסלאַנד מיט אָט־דעם נאָמען און וואָס פּוסטע מענטשן אין אויסלאַנד פּלאַפּלען נאָך אָן ישוב־הדעת מעכאַניש, איז אינדעראמתן נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר דאָס לעצטע וואָרט פונעם מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַליזם, וועלכער איז אויסן דורך דער ווירטשאַפטלעכער דיקטאַטור פון די טראַסטן און קאַרטעלן צו באַזייטיקן יעדן מין קאָנקורענץ און די גאַנצע עקאָנאָמיע איינשטעלן בהסכם מיט באַשטימטע נאָרמעס. דער לעצטער גליד פון אַזאַ אַנטוויקלונג איז נישט דער סאָציאַליזם, נאָר דער שטאַט־קאַפּיטאַליזם מיט אַלע זיינע אומפאַרמיידלעכע באַגלייט־דערשיינונגען פון אַ נייעם ווירטשאַפטלעכן פעאָדאַליזם און אַ נייעם סיסטעם פון קנעכטשאַפט, — און דאָס איז עס טאַקע, וואָס עקזיסטירט היינט אין רוסלאַנד.

די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט אָפּגעשאַפט די אַלטע אַרויפגעצוואונגענע התחייבותן, אין וועלכע דער פירשטלעכער אַבסאָלוטיזם און זיין צווילינגסברודער, דער פעאָדאַליזם, האָבן במשך פון לאַנגע דורות געהאַט פאַרפלאָנטערט די מענטשן. און טאַקע אין דעם באַשטייט איר אומפאַרגעסבאַרער פאַרדינסט און דער גרויסער געשיכטלעכער באַדייט פון אירע אוממיטלבאַרע רעזולטאַטן. דאַקעגן אָבער האָט די דיקטאַטור פונעם באָלשעוויזם פונדאָסניי צוריק איינגעפירט און אַנטוויקלט ביז צום

לעצטן עקסטרעם די אַלטע פעאָדאַלע פליכטן, וועלכע האָבן שוין אַפּילו אינעם רוס־לאַנד פון די צאַרן מער נישט געהאַט קיין האַפט. אויב דער סאָציאַליזם זאָל פאַקטיש מוזן דערגרייכט ווערן נאָר דורך דער פאַרטיליקונג פון יעדער פערזענלעכער פריי־הייט, פון יעדער אייגענער איניציאַטיוו, פון יעדן מין אומאָפּהענגיקן דענקען, וואָלט שוין אונטער די אַלע אומשטענדן בעסער געווען צו געבן דעם פּאַרצוג דעם פּריוואַט־קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם מיט אַלע זיינע אומפאַרמיידלעכע חסרונות און צרות. דער־דאָזיקער אמת מוז איין פאַר אַלע מאָל אָפּן אַרויסגעזאָגט ווערן; אים צו פאַרלייקע־נען קאָן בלויז פירן צו אַ נייער און גרעסערער פאַרקנעכטונג פון דער מענטשהייט.

אויב דער רוסישערביישפּיל האָט אונדז עפּעס געלערנט, איז עס נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר דאָס: אַז דער סאָציאַליזם אָן פּאָליטישער, סאָציאַלער און גייסטי־קער פרייהייט איז אומדענקבאַר און מוז אומבאַדינגט דערפירן צו אַן אומבאַגרע־נעצטן דעספּאָטיזם, וועלכער וועט אין זיין גראָבער געפּיללאָזיקייט נישט אָפּגע־האַלטן און נישט באַאיינפלוסט ווערן פון קיין שום עטישע שטרויכלונגען. דאָס האָט פּרודאָן נאָך מיט בערך הונדערט יאָר צוריק איינגעזען און דייטלעך אַרויסגערעדט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז אַן אַליאַנץ פונעם סאָציאַליזם מיטן אַבסאָלוטיזם וועט מוזן אַרויסברענגען די ערגסטע טיראַניע פון אַלע צייטן.

דער אַלטער גלויבן, אַז די דיקטאַטור איז נאָר אַ נייטיקער איבערגאַנגס־צו־שטאַנד און אַז די אָפּשאַפונג פונעם פּריוואַט־קאַפּיטאַל אין אינדוסטריע און לאַנד־ווירטשאַפט וועט מוזן פירן אויטאָמאַטיש צו אַ פולשטענדיקער באַפרייאונג פון דער מענטשהייט פון אַלע פאַרצייטיקע צוואַנגען פון אַ פאַרשקלאַפטער פאַרגאַנגענהייט, איז שוין אַזוי שטאַרק צעטרייסלט געוואָרן, אַז פאַר דער ניכטערנערווירקלעכקייט האָט ער פאַרלוירן יעדע גילטיקייט און ווערט. קיין שום מאַכט איז נישט קיין בעלן זיך אַליין אויפצולייזן, און וואָס שטאַרקער ס'זענען די מאַכט־מיטלען, איבער וועלכע זי האָט אַ דעה, אַלץ ווייניקער איז ביי איר פאַראַן דאָס באַדערפעניש פרייוויליק אָפּצודאַנקען.

אויך אין דער הינזיכט האָט פּרודאָן ריכטיק אַריינגעטראָפן, ווען ער האָט גע־טענהט, אַז עס ליגט אינעם מהות פון יעדער פּראָוויזאָרישער רעגירונג צו ווערן אַ פּערמאַנענטע. דאָס איז דאָך אַ טענדענץ, וועלכע איז תמיד געווען דער תמצית פון יעדער מאַכט־אָרגאַניזאַציע און וועלכע מ'קאָן מיט פּוסטע פראַזן נישט אָפּפטרן. אַן אַלמעכטיקע ביוראָקראַטיע מיט איר אומדערזעטלעכער תאווה פאַר אַפּיטרופּסות און איר אַלצאַרומנעמענדיקע נעץ פון מעכאַנישע רעגלאַמענטאַציעס פאַר אַלע פאַזן פונעם עפנטלעכן און פּריוואַטן לעבן איז פאַר דער אַלגעמיינער קולטורעלער און סאָציאַלער אַנטוויקלונג אַ נאָך פיל גרעסערע סכנה ווי יעדע אַנדערע פאָרעם פון טיראַניי, ווען אַפילו דאָס פּריוואַט־אייגנטום אויף די געזעלשאַפטלעכע פּראָדוקציע־מיטלען עקזיסטירט נישט מער און די גאַנצע ווירטשאַפט איז אונטערגעוואָרפן דעם אייזערנעם קאָנטראָל פון אַ טאָטאַלער מלוכה.

דערמיט, וואָס איך זאָג אַרויס אָפן אַן אמת, וועלכער איז באַשטעטיקט גע־

וואָרן דורך די ביטערסטע דערפאַרונגען, בין איך אָבער זייער ווייט דערפון צו מאַכן אַפילו בלויז די מינדסטע הנחות פאַר די אימפּעריאַליסטישע שטרעבונגען פון די מערבדיקע מלוכות, ווי דאָס דרינגט אַרויס בולט פאַר יעדן איינעם פונעם גאַנצן אינהאַלט פון דאָזיקן בוך. די גאַנצע מאַכט־פּאָליטיק פון די נאַציאָנאַלע שטאַטן און גאָר בעיקר פון די טאָנגעבנדיקע גרויסמאַכטן מיט זייער געהיים־דיפּלאָמאַטיע, זייערע מיליטערישע און פּאָליטישע אַליאַנצן, זייער קאָלאָניאַל־פּאָליטיק און זייערע ווירטשאַפטלעכע צוואַנגס־מיטלען, דורך וועלכע די סאָציאַלע אַנטוויקלונג פון קלענערע פעלקער ווערט אַזוי אָפט געהאַמעוועט, אויב נישט גענצלעך דערשטיקט, באַקרעפטיקט דורך די אייביקע אינטריגעס פון דער הויכער פינאַנץ און פון באַוואָפענונגס־קאַפּיטאַל, האָט דאָס ווירטשאַפטלעכע און פּאָליטישע לעבן פון די פעלקער כסדר אויסגעשטעלט צו פּעריאָדישע צעטרייסלונגען, וועלכע זענען וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ אומדערטרעגלעכער, און די געפאַר פון מלחמה פאַרוואַנדלט אין אַ פּערמאַנענטן צושטאַנד.

פאַר יעדן איינעם, וואָס האָט נאָר עפּעס געלערנט פון די ביידע וועלט־קאַטאַסטראָפעס, מוז דאָך ווערן אומבאַשטרייטבאַר, אַז נאָר דאָ מוז אָוועקגעלייגט ווערן דער הייבשטאַנג, בכדי צו שאַפן אַ ניי פאַרהעלטעניש צווישן די פעלקער אַ פאַרהעלטעניש, ביי וועלכן ס׳זאָל מעגלעך זיין אַ פרידלעכער אויסגלייך פון די אַלזייטיקע אינטערעסן. יעדער איינער, ווער ס׳איז נישט געשטראָפט מיט אומהיילבאַרער בלינדקייט, מוז היינט איינזען, אַז די פאָרטזעצונג פון אַן אימפּעריאַליסטישער מאַכט־פּאָליטיק און פונעם אַלטן שפּיל פאַר דער העגעמאָניע אין דער תקופה פון דער אַטאָמישער באָמבע און פון דער אומגעהויערער אַנטוויקלונג פון דער מלחמה־טעכניק מוז אומבאַדינגט דערפירן צום אונטערגאַנג פון אונדזער גאַנצער ציוויליזאַציע.

אָבער אַפילו ווען מ׳נעמט שוין יאָ אין באַטראַכט דידאָזיקע אַלע סכנות און מ׳שאַצט זיי אָפּ אין זייער גאַנצן ווערט, בלייבט עס דאָך אומאָפּלייקנבאַר, אַז דאָס אָפּקערן זיך פון די אַלטע דרכים איז מעגלעך נאָר דאָרט, וואו ס׳זענען פאַראַן די גייסטיקע און סאָציאַלע תנאים פאַר אַן איבערבוי פונעם לעבן פון די פעלקער. נאָר אין לענדער, וואו ס׳איז נאָך פאַראַן אַ מעגלעכקייט פאַרן פרייען אויסדרוק פון מיינונגען, און דעם מענטשנס דענקען און טואונג איז נאָך נישט פולשטענדיק אונטערגעוואָרפן אונטער דער אַפּיטרופּסות פונעם טאָטאַלן שטאַט, נאָר דאָרט איז מעגלעך צו באַאיינפלוסן די עפנטלעכע מיינונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ בעסערער דערקענטעניש. אין היינטיקן רוסלאַנד פעלט אָבער לגמרי דערדאָזיקער וויכטיקער תנאי, פונקט ווי אין יעדן אַנדערן טאָטאַלן שטאַט. און וואו עס ווערט קינסטלעך געשטערט דער פרייער מיינונגס־אויסטויש צווישן פעלקער, דאָרט פעלן אויך די מיטלען פאַר אַ קעגנזייטיקער פאַרשטענדיקונג און די ערשטע פאָרויסיקע תנאים פאַר אַ גינציקער צוזאַמענאַרבעט.

די גרויסע אויפגאַבע, וועלכע ווערט היינט אַוועקגעשטעלט פאַר אונדז, איז

נישט קיין פּראָבלעם פון אייניקע גרויסע מלוכות, נייערט אַ פּלאַנמעסיקע צוזאַמענאַרבעט פון אַלע פעלקער־גרופּן ביי גלייכע באַדינגונגען און מיט גלייכע רעכטן. אַזאַ פאַקט איז אָבער מעגלעך נאָר בתנאי, אויב ער הערט אויף באַאיינפלוסט צו ווערן פון ספּעציפישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, נאָר שטעלט זיך אַוועק ווי אַ ציל די שטיצע פון די אַלגעמיינע אינטערעסן און פאַרזיכערט פאַר יעדן שותף אינעם פאַקט די זעלביקע מעגלעכקייטן פאַר זיין פּאָליטישער,ווירטשאַפטלעכער און סאָציאַלער אַנטוויקלונג. נאָר אַן אמתע פעדעראַציע פון אייראָפּעאישע פעלקער וואָלט היינט געווען אימשטאַנד אויסצוגלייכן די פיינטלעכע קעגנזאַצן צווישן די אייראָפּעאישע פעלקער־גרופּן, וועלכע זענען ביז אַהער קינסטלעך באַשאַפן געוואָרן דורך אַ פּונקט אַזוי ענגהאַרציקן ווי קולטור־שעדלעכן נאַציאָנאַליזם. אָבער אַ פעדעראַציע פון אייראָפּע איז גלייכצייטיק דער ערשטער פאָרויסיקער תנאי און דער איינציקער יסוד פאַר אַ קומענדיקער וועלט־פעדעראַציע, וועלכע קאָן קיינמאָל נישט דערגרייכט ווערן אָן דעם אָרגאַנישן צונויפבונד פון די אייראָפּעאישע פעלקער. ס'איז דעריבער זייער כאַראַקטעריסטיש, אַז דווקא רוסלאַנד האָט זיך ביז אַהער אַמשטאַרקסטן אַרויסגעשטעלט קעגן אַזאַ לייזונג און דורכן איינפיר פון אַ נייער מיליטערישער און פּאָליטישער מאַכט־ספערע אין די מזרחדיקע לענדער פון אייראָפּע, וועלכע דרינגט שוין אַריין אין די מיטלסדיקע טיילן פונעם קאָנטינענט, האָט זי געגעבן אַ נאָך ווייטערדיקן שטויס פאַר דער צעריסנקייט פון אייראָפּע, וועלכע איז זינט דורות די אייביקע סיבה פון אַלע פיינטלעכע סתירות.

אייראָפּע איז לויט איר געאָגראַפישער לאַגע נישט קיין באַזונדערער קאָנטינענט, ווי אַפריקע, אַמעריקע און אויסטראַליע, נייערט בלויז אַ האַלבאינדזל פון דער גרויסער אַזיאַטישער יבשה און איז פון אים נישט אָפּגעטיילט דורך קיין שום נאַטירלעכער גרענעץ. דעריבער נייגט מען זיך היינטצוטאָג כסדר אַלץ מער צו באַטראַכטן דאָס אומגעהויערע שטיק יבשה, וועלכע ציט זיך אומאיבערגעריסן צו מזרח פונעם פּאַציפישן ביזן אַטלאַנטישן אָקעאַן, ווי אַ געאָגראַפישע איינהייט און זי צו באַצייכענען ווי אייראָאַזיע. דאָס, וואָס האָט געמאַכט אייראָפּע אין אונדזער פאָרשטעלונג ווי אַ קאָנטינענט, זענען נישט געווען קיין געאָגראַפישע, נייערט פּאָליטיש־סאָציאַלע סיבות. די שבטים און פעלקערשאַפטן, וועלכע זענען נאָך אין די פאָרגעשיכטלעכע צייטן איינגעוואַנדערט פון אַזיע און אַפריקע קיין אייראָפּע, זיך דאָרט באַזעצט און זיך נאָך אַ שיעור מישונגען צווישן ראַסן ביסלעכווייז אַנטוויקלט אין באַזונדערע פעלקער און שפּעטער אין נאַציעס, זענען אין לויף פון די צייטן געוואָרן אַזוי ענג פאַרבונדן צווישן זיך דורך אַ געמיינשאַפטלעכער ציוויליזאַציע, אַז ס'איז לחלוטין נישט מעגלעך צו פאַרשטיין די געשיכטע פון וועלכער־נישט־איז אייראָפּעאישער פאָלקס־גרופּע אָן דער געשיכטע פון די אַנדערע. אויף דעם אופן איז אַנטשטאַנען אַן אַלגעמיינע אייראָפּעאישע קולטור, וועלכע האָט זיך אין שפּעטער־

דיקע זייטן אויף אַריבערגעפּלאַנצט קיין צפון־ און דרום־אַמעריקע, קיין אויסטראַ־ליע און גרויסע טיילן פון אַפריקע.

אין מזרח־אייראָפּע איז די אַנטוויקלונג פון דער דאָזיקער קולטור במשך פון הונדערטער יאָרן באַאיינפלוסט געוואָרן פון מאָנגאָלישע ווירקונגען, בעת אין דרום האָבן זיך במשך פון אַ לאַנגער צייט געמאַכט באַמערקבאַר שטאַרקע אַראַבישע און אַנדערע השפּעות. בכלל אָבער האָט דידאָזיקע קולטור באַקומען אַן אייגנאַרטיקע און איינהייטלעכע צורה מיט בשפעדיקע שאַטירונגען און לאָקאַלע קאָלאָריטן, וועלכע שיידט זיך וועזנטלעך אונטער פון די פאַרשידענע ציוויליזאַציע־פאָרמען פון די אַזיאַ־טישע פעלקער, אָבער האָט אַרויסגעבראַכט אַ טיפע אינערלעכע קרובשאַפט ביי די איינצלנע פעלקער־גרופּן אין אייראָפּע, וועלכע האָט אויך שפּעטער נישט געקאָנט אָפּגעווישט ווערן דורך קיין שום נאַציאָנאַלע קעגנזאַצן.

די דאָזיקע דערשיינונג לאָזט זיך דערקלערן מיט פאַרשידענע געשיכטלעכע סיבות, וועלכע האָבן זיך אַלע אויסגעלעבט אין דערזעלביקער ריכטונג. ראשית־כל האָט די מעכטיקע אויסשפּרייטונג פונעם רוימישן רייך איבער אַלע טיילן פון דער דעמאָלט באַקאַנטער אייראָפּע געהאַט אַן אַנטשיידנדיקן איינפלוס אויף דער גאַנצער קולטורעלער געשטאַלטונג פון אייראָפּעאישן קאָנטינענט און זיינע פאַרשידענע אינדזל־גרופּן, און דער דאָזיקער איינפלוס איז אַפילו פאַרבליבן ביז צום היינטיקן טאָג אין דער געזעצגעבונג פונעם רוב אייראָפּעאישע פעלקער, און אויך אין איי־ניקע אַנדערע געביטן. אין רוים האָט זיך אויסקריסטאַליזירט די גייסטיקע ירושה פון גריכנלאַנד, פון פאָדעראַזיע און צפון־אַפריקע און פון אַ סך פאַרשידענע אַנדערע געביטן און זיך ביסלעכווייז אויסגעשטאַלטיקט אין אַ ציוויליזאַציע. די אומאויפ־הערלעכע דעראָבערונגען פון די רוימער האָבן שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז זייערע מאַטעריעלע און גייסטיקע איינגעמונגען זאָלן אומעטום פאַרפעסטיקט ווערן.

דאָס איז פאַר זיי פאַרלייכטערט געוואָרן דערמיט, וואָס די שיטערע באַפעל־קערונג איז צו יענער צייט באַשטאַנען על־פּי־רוב פון אַזעלכע פעלקער, וועמעס פּרי־מיטיווער לעבנסשטייגער איז נישט געווען אימשטאַנד צו שטעלן אַ שטאַרקן ווי־דערשטאַנד דער רוימישער ציוויליזאַציע און זיי זענען ביסלעכווייז אין איר אויפגעלייזט געוואָרן. ס'איז אמת, אַז די גרויסע צאָל שפּעטערדיקע אינוואַזיעס פון די אַזויגע־רופענע באַרבאַרן בעת די גרויסע פעלקער־וואַנדערונגען האָבן גאַנץ אָפט אויסגע־שטעלט צו געוויסע סכנות די העכערע קולטור פונעם רוימערטום, אָבער זיי האָבן פונדעסטוועגן נישט געקאָנט שטערן, אַז דידאָזיקע פעלקערשאַפטן זאָלן וואָס ווייַ־טער אַלץ מער דורכגענומען ווערן מיטן רוימישן גייסט, אַלס רעזולטאַט פון זייער באַשטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער רוימישער וועלט.

אַ נאָך פיל שטאַרקערן איינפלוס אויף אייראָפּעס גייסטיקער און קולטורעלער אַנטוויקלונג האָט געהאַט די אויסשפּרייטונג פון קריסטנטום אין דער פאָרעם, וואָס ס'האָט אים געגעבן די קאַטוילישע קירך, וועלכע איז ביסלעכווייז אַריינגעדרונגען אויך אין אַזעלכע געביטן, וואוהין די רוימישע לעגיאָנען זענען קיינמאָל נישט צוגע־

קומען. די קירך האָט נישט נאָר איבערגענומען דעם געדאַנקענגאַנג פונעם רוימישן צעזאַריזם און אים אויף איר שטייגער אַנטוויקלט, נאָר זי האָט אויך איבערגענומען די ירושה פון אַ שטאַרק־פאַרצווייגטער ציוויליזאַציע, וועלכע האָט זיך קאָנצענט־רירט אין רוים במשך פון אַ סך דורות און האָט איצט במילא געמוזט זיין אַ שטאַר־קער צושטייער פאַר די מאַכט־שטרעבונגען פון דער קירך. דאָס, וואָס דער רוימישער שטאַט האָט אויפגעטאָן אויפן געביט פון דער פּאָליטישער צענטראַליזאַציע און פון די יורידישע פּרינציפּן, וועלכע זענען געווען איר פועל־יוצא, דאָס האָט די קירך פאַר־געזעצט אויף איר שטייגער דערמיט, וואָס זי האָט דעם אופן פון דענקען פונעם אייראָפּעאישן מענטשן אַרויפגעפירט אויף נייע דרכים און געזוכט אים אַריינצו־פלאָנטערן אין דער דעליקאַטער נעץ פון אירע טעאָלאָגישע דאָגמעס. אירע אַגענטן זענען שוין איצט נישט געווען די פּראָקאָנסולן און שטאַטהאַלטער פונעם רוימישן רייך, נייערט די גלחים און מאָנאַכן, וועלכע זענען געשטאַנען אין דינסט פון דער־זעלביקער זאַך און זענען אַריינגעדרונגען אין די פאַרוואָרפנסטע און ווייטסטע געגנטן.

דידאָזיקע נייע מאַכט האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין שטאַרקער ווי די הער־שאַפט פון די צעזאַרן, וועלכע האָט זיך געשטיצט בלויז און אויסשליסלעך אויפן שטאַרקערן מיליטערישן כוח פון אירע לעגיאָנען, בעת די מאַכט פון דער קירך האָט זיך סומך געווען אויף פּסיכישע איינפלוסן, וועלכע זענען אויסן געווען צו באַווירקן די מענטשן, אַז זיי זאָלן אָננעמען באהבה זייער ערדישע עקזיסטענץ און אַריינגעבן זיי דעם באַוואוסטזיין, אַז זייער גורל איז אָפּהענגיק פון אַ העכערער מאַכט, וואָס איר חסד קאָן געוואונען ווערן נאָר דורך דער פאַרמיטלונג פון דער קירך. אויף אַזאַ אופן האָט זיך אין משך פון דורות אַנטוויקלט אייראָפּעס קריסטלעכע ציוויליזאַציע, וועלכע האָט צווישן די פעלקער פונעם קאָנטינענט געשאַפן אַ בולטע ענלעכקייט אין זייערע שטרעבונגען און זיי אינערלעך דערנענטערט אין באַצוג צו זייערע מעשים און גע־דאַנקען.

דידאָזיקע גרויסע גלויבנס־געמיינשאַפט, וועלכע איז נישט געווען באַשרענקט דורך קיין שום פּאָליטישע גרענעצן, האָט געפירט דערצו, אַז אויך אין שפּעטערדיקע עפּאָכעס, ווען ס'זענען אויפגעקומען שטרעמונגען קעגן דער מאַכט פון דער קירך און פון די וועלטלעכע מושלים, זאָלן אויך אָט־דידאָזיקע נייע שטרעבונגען באַ־ווירקט ווערן פון אַ קרובישן גייסט. די זעלביקע גייסטיקע פאַרבאַדינגונגען האָבן אומעטום אַרויסגעבראַכט די זעלביקע שפּראָצן פון אַ נייעם אַרט דענקען און זיי האָבן מיט אַ שטוינענדיקער גלייכמעסיקייט געפירט צו קרובישע רעזולטאַטן. די אונטערשיידן, וועלכע האָבן זיך דערביי געלאָזט מערקן, זענען בלויז געווען אונטער־שיידן אינעם גראַד, וועלכע זענען אַרויסגערופן געוואָרן דורך לאָקאַלע פאַרהעלטע־נישן, אָבער זיי האָבן נישט געקאָנט פאַרלייקענען די אינערלעכע עצמדיקע קרובע־שאַפט. און כאָטש די אייראָפּעאישע קולטור געהערט צו די קאָמפּליצירטסטע גע־שטאַלטונגען, וועלכע זענען באַשאַפן געוואָרן פונעם מענטשן, לאָזט זיך אָבער פונ־

דעסטוועגן נישט אָפּלייקענען די גייסטיקע איינהייט פון איר וועזן אין קיין שום פּע־ריאָד פון איר געשיכטע. יעדע גרויסע געשעעניש, וועלכע איז צוערשט פאָרגעקומען אין וואָסער־נישט־איז אייראָפּעאישן לאַנד, האָט תמיד געהאַט אַ שטאַרקערן אָדער שוואַכערן אָפּקלאַנג אין אַלע איבעריקע לענדער און טאַקע אַדאַנק דעם ווערט זי פאַר אונז ווי געהעריק פאַרשטענדלעך אין אירע אינערלעכע שייכותן צווישן זיך.

אַלע גרויסע געדאַנקען־שטרעמונגען, וועלכע האָבן געהאַט אַ צייטווייליקן אָדער דויערנדיקן איינפלוס אויפן דענקען און פילן פון די פעלקער פון קאָנטינענט, זענען געווען אייראָפּעאישע און נישט קיין נאַציאָנאַלע דערשיינונגען. אַפילו דער נאַציאָנאַליזם גופא איז דאָ נישט קיין יוצא מן הכלל, מחמת ער האָט זיך אומעטום אַנטוויקלט אין אַ באַשטימטער תקופה פון דער אייראָפּעישער געשיכטע און איז אַרויסגעקומען פון דיזעלביקע מאָטיוון און תנאים. יעדע מאַניפעסטאַציע אויף די געביטן פונעם רעליגיעזן און פילאָזאָפישן געדאַנק, יעדע נייע שיטה וועגן דעם באַ־דייט פון פּאָליטישע און סאָציאַלע לעבנספאָרמען, יעדע גרויסע פאַרענדערונג אויפן ברייטן פעלד פון ווירטשאַפטלעכע עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן, יעדער נייער עסטע־טישער אויסטייטש אויפן געביט פון קונסט און ליטעראַטור, יעדער פראָגרעס אין דער וויסנשאַפט, יעדע נייע פאַזע אין דער פאַרשטענדעניש פון די נאַטירלעכע פּראָ־צעסן, אַלע גרויסע פאָלקסבאַוועגונגען, דער צופלוס און אָפּפלוס פון רעוואָלוציאָ־נערע און רעאַקציאָנערע אָריענטאַציעס, — דאָס אַלעס געפינט און פלעגט תמיד געפינען אַ בולטע פאַרקערפּערונג אינעם גאַנצן קולטור־קרייז, צו וועלכן מיר באַ־לאַנגען און פון וועלכן מיר קאָנען זיך אייגנוויליק נישט אַרויסדרייען. די דרויסנ־דיקע פּרטים פון דידאָזיקע דערשיינונגען זענען אַפילו נישט אומעטום דיזעלביקע און דורך דער פאַרשידנקייט פון די לאָקאַלע באַדינגונגען באַקומען זיי אָפט אַן אייגנאַרטיקן קאָלאָריט, אָבער דער אינערלעכער תוך זייערער בלייבט תמיד דערזעל־ביקער און פאַרן אויפמערקזאַמען באַאָבאַכטער א״ז ער בולט דערקענבאַר.

קיין שום מענטש מיט אַ טיפערן באַנעם וועט נישט איינפאַלן צו שטעלן אין ספק די לעבעדיקע שייכותן אינעם לעבן פון די פעלקער פון אונדזער קולטור־קרייז. די גייסטיקע פאַרויסזעצונגען פאַר אַ פעדעראַטיווער אייראָפּע דאַרפן דעריבער נישט געשאַפן ווערן אויפסניי, מחמת זיי זענען שוין פאַר יעדן פאָלק פון זינט אַ לאַנגער צייט פאַראַן און זיי זענען כסדר פונדאָסניי באַטאָנט געוואָרן פון די בעסטע און פרייסטע קעפּ פון אַלע פעלקער. דאָס, וואָס צעטיילט אונדז היינט, זענען בעיקר פּאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע קעגנזאַצן, וועלכע זענען אַזוי לאַנג קינסטלעך גע־האָדעוועט און געפּלעגט געוואָרן דורך פּונקט אַזוי גייסטלאָזע ווי שעדלעכע איינ־פלוסן פון די נאַציאָנאַליסטישע און מאַכט־פּאָליטישע שטרעבונגען, ביז זיי זענען לסוף געוואָרן אונדזער באַשערטער גורל.

ווי נאָר יעדער נאַציאָנאַלער שטאַט האָט געהאַט אין זיין רשות די אַנט־שפּרעכנדיקע באַפעלקערונג, כדי זיך צו קאָנען אַנטוויקלען און פאַרוואַנדלען אין אַ גרויסער מלוכה, האָט ער זיך ביז איצט תמיד מכוון געווען צו האַמעוען די ווירט־

שאפטלעכע אַנטוויקלונג פון אַנדערע פעלקער דורך דער שאַפונג פון ספּעציעלע מאַכט־ און אינטערעסן־ספערעס און דערביי האָבן, פאַרשטייט זיך, די שוואַכערע פעלקער די ערשטע געמוזט אַרונטערפאַלן אונטער די רעדער.

דידאַקטישע טענדענץ איז איינע פון די וויכטיקסטע גרונט־סימנים פון יעדער מאַכט־פּאָליטיק. און אויב קלענערע מלוכות קענען זיך דערמיט נישט באַנוצן, אַלס פועל־יוצא פון זייער צו קליינער באַפעלקערונג, דאַרף מען אָט־די מכלומרשטע צני־עות זייערע, ווי באַקוגין האָט זיך אַמאָל זייער ריכטיק אויסגעדריקט, בעיקר דער־קלערן מיט זייער שוואַכקייט. דאָרט אָבער, וואו עס געלינגט זיי צו באַקומען אַ שטאַרקערן איינפלוס דורך פאַרגרעסערן זייער טעריטאָריע, דאָרט גייען זיי שטענ־דיק אין די דרכים פון די גרויסע מלוכות, ווי דערביישפּיל פון פּוילן, רומעניע און סערביע האָבן דאָס באַוויזן עד לרוב.

פּונקט אַזוי ווי דער סיסטעם פון פירשטלעכן אַבסאָלוטיזם האָט אין משך פון הונדערטער יאָרן קינסטלעך טאָרמאָזירט די נאַטירלעכע אַנטוויקלונג פון דער גאַנ־צער אייראָפּעאישער עקאָנאָמיק דורך זיינע אומזיניקע רעגלאַמענטאַציעס פון אַלע פּראָדוקציע־צווייגן און קאָמערציעלע באַציאונגען, פּונקט אַזוי איז דער נאַציאָנאַלער שטאַט אויך אין דער תקופה פון קאַפּיטאַליזם געוואָרן דער אייביקער מקור פון פּעריאָדישע צעטרייסלונגען פון פּאָליטישן און עקאָנאָמישן גלייכגעוויכט אין איי־ראָפּע דורך זיינע כסדרדיקע אַריינמישונגען אינעםווירטשאַפטלעכן לעבן פון די פעלקער. על־פּי־רוב פלעגט זיך דאָס פאַרענדיקן מיט אַן אָפענער מלחמה, אָבער נאָר בכדי אַנצוהייבן באַנייס דאָס אייביקע בלינדע געיעג אינעם פאַרכישופטן קרייז, וועלכעס האָט ווידער געמוזט ברענגען מיט זיך דיזעלביקע פאָלגן.

דאָס אַלגעמיינע ווירטשאַפטלעכע געביט איז אַלץ מער צעבראָקלט געוואָרן דורכן אימפּאָרט־ און עקספּאָרט־אָפּצאָל, דורך הויכע טאַריפן און שטאַטלעכער באַ־שיצונג פון באַשטימטע צווייגן פון דער אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט אויפן חשבון פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, דורכן אומאיבערגעריסענעם קאַמף פאַר די רווישטאָף־געביטן און אָפּזאַצמערק און דורך דער אומברחמנותדיקער עקספּלואַטאַ־ציע פון די אַזויגערופענע קאָלאָניאַלע פעלקער; דורכן איינפיר פונעם דאַמפּינג־סיסטעם און דער אַנטוויקלונג פון גרויסע, דורך דער רעגירונג באַגינציקטע טראַסטן און קאַרטעלן און דורך אַן אַ שיעור אַנדערע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע דרוקמיט־לען. און דערמיט זענען אַוועקגעלייגט געוואָרן די פונדאַמענטן פאַר אַן אומבאַשרענק־טער פיראַטן־פּאָליטיק, וועלכע האָט זיך אין איר עגאָאיסטישער ענגהאַרציקייט נישט געפילט געבונדן דורך קיין שום עטישע פּרינציפּן און געמאַכט די ברוטאַלע מאַכט פאַרן לייטמאָטיוו פון אַלע שטרעבונגען.

היות אָבער ווי קיין שום מאַכט איז נישט ביכולת זיך אויפצוהאַלטן בלויז מיט געוואַלט־מיטלען אויף לעולם ועד, איז זי תמיד געצוואונגען רעכטצופאַרטיקן אירע פּרעטענזיעס דורך אַ באַשטימטער אידעאָלאָגיע, בכדי צו פאַרשלייערן איר אמתן כאַראַקטער. אַזוי אַרום איז דער נאַציאָנאַליזם אַנטוויקלט און פאַרוואַנדלט

געוואָרן אין אַ פּאָליטישער רעליגיע, וועלכע האָט אויפן אָרט פון פּערזענלעכן רעכטס־געפיל אַוועקגעשטעלט די רעכטס־פּרינציפּן פונעם נאַציאָנאַלן שטאַט און דערגאַנגען צום ענדגילטיקן אַני־מאַמין: „ראָנג אָר ראַיט, מאַי קאָונטרי".

דער צופאַל פון דער געבורט איז געוואָרן דער אויסגאַנגספּונקט פון נאַציאָנאַלער דערציאונג; דער מענטש איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ אינסטרומענט פון דער נאַציע, וועלכע האָט אים אָנגעשטאָט דעם באַוואוסטזיין פון רעכט און אומרעכט אונטערגערוקט פּוסטע פאָרמולעס, וועלכע האָבן שוין נישט געהאַט קיין שום ווערט און קיין שום אָנווענדונג פאַר די אַלגעמיין מענטשלעכע אויסרעכענונגען. דער נאַציאָנאַלער עגאָאיזם איז געוואָרן דער צענטער פונעם פּאָליטישן דענקען און ער איז דאָס געווען דער פאַקטאָר, וועלכער האָט באַשטימט אַלערליי באַציאונגען צו די אַנדערע פעלקער און די אייגענע נאַציע האָט ער באַשטראַלט מיט דער בחינה פון אויסדערוויילטקייט. דאַרף מען זיך דעריבער נישט וואונדערן, ווען אין גייסטיקן מדבר פון נאַציאָנאַליסטישער צעדולטקייט האָט אַרויסגעשפּראָצט אַזאַ מין ווילד־גראָז ווי די אידעע וועגן „דייטשן הערנפאָלק" אָדער וועגן דער נאָרדישער „וואונדער־ראַסע".

און דאָרט, וואו ס'כאַפּט זיך אַריין דער דיבוק וועגן דער אויסדערוויילטקייט, דאָרט שפּראָצט שוין אויך אַרויס דער שלאַנגישער זאָמען פון גאווה, וועלכער קוקט מיט גרינגשעצונג אויף אַלע אַנדערע פעלקער און באַטראַכט זיי ווי מינדערווערטיקע באַשעפענישן. אַלעס איבעריקע קומט שוין דערנאָך פון זיך אַליין, מחמת ס'ליגט אין דער נאַטור פון אַלע מאַכט־פּאָליטישע שטרעבונגען, אַז זייערע פאַרטרעטער זאָלן זיך נישט באַנוגענען מיט דער בלויזער כלומרשטער מערווערטיקייט זייערער, ביי־ערט זיי זענען שטענדיק געניי גט צו לאָזן די אַנדערע פילן זייערע איינגעבילדעטע מערווערטיקייט וואו נאָר זיי האָבן די געלעגנהייט דערצו.

ביי אַזעלכע אומשטענדן האָט עס געמוזט קומען דערצו, אַז דער אָפענער און פאַרהוילענער קריג זאָל ווערן דער באַשטענדיקער צושטאַנד פון אונדזער סאָציאַלן לעבן, מחמת ווען אַפילו די אינעווייניקסטע געמיינשאַפט פון אונדזער קולטור־קרייז האָט שטענדיק געשטרעבט צו אַ פעדעראַטיווער פאַראייניקונג פון די אייראָפּעאי־שע פעלקער, האָבן אָבער די פאַרטרעטער פון דער מאַכט־פּאָליטיק און פונעם נאַ־ציאָנאַליזם שטענדיק פאַרשטאַנען ווי אַזוי צו געפינען נייע מיטלען און אופנים נישט צו דערלאָזן צו אַזאַ לייזונג און אונטערצוגראָבן דעם יסוד פאַר יעדן פריד־לעכן אויסגלייך צווישן די פאַרשידענע פעלקער. צו וואָס דאָס האָט סוף־כל־סוף גע־מוזט דערפירן דאַרף מען ווייט נישט זוכן; די פאַרוויסטונג פון גאַנצע לענדער, די באַרבאַרישע צעשטערונג פון אַלטע קולטור־צענטערן, די אַכזריותדיקע אויסשעכ־טונג פון מיליאָנען יונגע מענטשן אינעם שענסטן צעבלי פון זייערע יאָרן און די אומבאַשרייבלעכע ליידן פון אַנדערע מיליאָנען, וועלכע זענען מיט געוואַלט פאַר־טריבן געוואָרן פון זייער היים און זייער באָדן — דאָס אַלעס האָט אונדז געגעבן

אַן אָנשווילעכע לעקציע, וואָס אירס גלייכן האָט די וועלט פריער קיינמאָל נישט געזען.

און יענער, וועלכער האָט אין אָנבליק פון דעמדאָזיקן אומקער צו דער ברו־טאַלסטער באַרבאַריע גאָרנישט געלערנט און גאָרנישט פאַרגעסן און ווענדט נישט אָן אַלע מיטלען, כדי צו דערמעגלעכן פאַר די פעלקער אויף אָט־דער ערד אַ מענ־טשנווירדיקע עקזיסטענץ און צו באַשיצן די קומענדיקע דורות פון די סכנות, וועל־כע האָבן היינטצוטאָג אַריינגעשטויסן אַ גאַנצע וועלט אין טויט און פאַרוויסטונג, יענער פאַרדינט אינדעראמתן נישט קיין בעסערן גורל.

ווען די מליצים פונעם נאַציאָנאַליזם וואָלטן נאָך בכלל געווען פעאיק צו אַ בעסערן באַנעם פון זאַכן און געשעענישן, טאָ וואָלט זיי די אַנטוויקלונג פון די לעצטע הונדערט יאָר בולט געמוזט באַווייזן, אַז אַלע שטרעבונגען זייערע זענען זיך סומך אויף אַ פולשטענדיקער אומקענטעניש פון די פּאָליטישע און סאָציאַלע פאַקטן און אַז זיי זענען, ספּעציעל פאַר די קליינע פעלקער, נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ פוסטע פיקציע. ווייל אינדעראמתן, וואָס פאַר אַ באַטייט האָט דער חלום וועגן אַ נאַציאָנאַלער סואווערעניטעט און וועגן אַן אַזויגערופענער נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגי־קייט אין אַ תקופה פון אַ ברעגלאָזער מאַכט־פּאָליטיק פון די גרויסע מלוכות, וועל־כע פּרוּוון שטענדיק אַריינצוציען די קלענערע מלוכות אין זייערע מאַכט־ספערעס און זיי צו באַנוצן ווי וואַסאַלן פון זייערע אייגענע אינטערעסן?

דער רוב פון די קלענערע נאַציאָנאַליטעטן, באַגייַסטערט דורך אַ מאָמענטאַ־נער פאַרענדערונג פון די פאַרהעלטענישן אין אייראָפּע, וועלכע האָבן דעראָבערט זייער מכלומרשטע נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט, זענען דערמיט אַנטרונען פון רעגן און אַרונטער אונטערן גאָס. זייער פּאָליטישע סואווערעניטעט האָט זיי קוים געגע־בן אַ שוץ קעגן די מאַכט־פּרעטענזיעס פון די גרויסע מלוכות און האָט זייער לאַגע גאַנץ אָפט געמאַכט נאָך שווערער. די קאָסטע פון זייערע נייע שטאַטסמענער און פּראָפעסיאָנעלע פּאָליטיקער האָט מסתמא באַקומען אַ געוויסן נוצן פון דער נאַציאָ־נאַלער איינהייט, אָבער פאַר די פעלקער גופא איז די אַלגעמיינע לאַגע נישט בע־סער געוואָרן.

ווייל אינדעראמתן, וועמען וועט איינפאַלן צו באַהויפּטן, אַז די לאַגע פונעם פּוילישן פאָלק איז אונטער פּילסודסקיס הערשאַפט און פון די גענעראַלן געווען בע־סער ווי אונטער דער פרעמדער הערשאַפט פון רוסלאַנד, עסטרייך און פּרייסן? ווע־מען וועט טאַקע איינפאַלן צו באַהויפּטן, אַז די אונגאַרן האָבן אונטער האָרטיס דיק־טאַטור גענאָסן פון אַ גרעסערער פרייהייט ווי אונטער דער דינאַסטיע פון די האַבס־בורגער ?

האָט די נאַציאָנאַלע סואווערעניטעט פון יוגאָסלאַוויע און פון די אַנדערע באַל־קאַנישע שטאַטן פאַרשאַפט זייערע פעלקער מער באַוועגונגס־פרייהייטן און אַ גרע־סערן אויסשפּרייט פון זייערע רעכטן און פרייהייטן? אינעם רוב פאַלן האָט דווקא פּאַסירט דער היפוך דערפון און די אייגענע הערשאַפט האָט זיך גאַנץ אָפט אַרויס־

געוויזן ווי אַן ערגערע צרה ווי די פרעמדע. ס״זענען אָבער פאַראַן מענטשן, וועלכע לאָזן זיך אַפּילו דורך אַזעלכע אויגנשיינלעכע פאַקטן נישט באַאיינפלוסן. הייגריך היינע האָט דאָך שוין, כידוע, נאָך מיט הונדערט יאָר צוריק געזאָגט ווערן די דייטשן, אַז זיי ווילן בעסער געשמיסן ווערן מיט אַן אייגענעם שטעקן אַנשטאָט מיט אַ פרעמדן. און ווער ס׳איז אַזוי שמאַלקעפּלדיק, דער דאַרף זיך נישט חידושן, ווען איבער זיין רוקן וועט תמיד אַרומטאַנצן אַ שטעקן.

היינט זעען מיר אַ נייע איבערחזרונג פון דיזעלביקע פאַקטן מיטן בלויזן חילוק, וואָס די ראָלן זענען פאַרביטן געוואָרן. דיזעלביקע סואווערענע שטאַטן, וועגן וועלכע מיר האָבן אָקאָרשט גערעדט, זענען היינט פולשטענ־דיק אַרונטערגעפאַלן אונטערן איינפלוס פון דער רוסישער מאַכט־ספערע און האָבן נישט נאָר געגצלעך פאַרלוירן זייער נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט, בייערט אַפּילו פאַרלוירן דאָס לעצטע ביסל רעכטן, וועלכע זיי האָבן פריער נאָך געהאַט. אָבער נישט בלויז די פאָליטישע לאַגע, נאָר אויך די עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן זענען פאַרן רוב פון יענע פעלקער באַדייטנדיק ערגער געוואָרן זינט זייער נאַציאָנאַ־לער באַפרייאונג. פונעם ערשטן וועלט־קריג זענען אין אייראָפּע אַרויסגעקומען ניין נייע סואווערענע שטאַטן. דידאָזיקע אַלע מדינות, וועלכע האָבן פריער באַלאַנגט צו אַ גרעסערן ווירטשאַפטלעכן געביט, זענען דערנאָך געווען גע־צוואונגען זיך איינצואָרדענען זייער אייגענע ווירטשאַפט, וואָס דאָס האָט זיך קיין איינעם פון זיי נישט איינגעגעבן, מיטן אויסנאַם פון טשעכאָסלאָוואַקיע, וועלכע איז דערצו באַזונדערס באַגינציקט געוואָרן דורך די אויסערגעוויינלעכע אוצרות פון איר באָדן.

אָבער אויך די פעלקער פון די אייראָפּעאישע גרויסע מלוכות האָבן אין זייער נאַציאָנאַלער איינהייט קיינמאָל נישט געפונען דעם שוץ און זיכערקייט, וועלכע מ׳האָט זיי צוגעזאָגט. דורך דער בלינדער מאַכט־פּאָליטיק פון זייערע נאַציאָנאַלע רעגירונגען זענען זיי נישט נאָר כסדר באַלאַסטעט געוואָרן מיט נייע שטייערן און צינדזן, וועלכע פלעגן פאַרשלינגען אַליץ גרעסערע טיילן פון זייער נאַציאָנאַלער הכנסה, נאָר זיי זענען נאָך דערצו שטענדיק געווען אויסגעשטעלט צו די סכנות פון נייע מלחמות, וועלכע זענען טאַקע דער לאָגישער פועל־יוצא פון יעדער מאַכט־פּאָליטיק.

דייטשלאַנדס און יאַפּאַנס גורל און די שרעקלעכע וואונדן, וועלכע די פאַרגאַנגענע וועלט־מלחמה האָט גורם געווען אַלע פעלקער, קליינע און גרויסע, וואָלט דאָך שליס־לעך געדאַרפט עפענען די אויגן פון יעדן איינעם, ווער ס׳האָט נאָר אַן ערלעכן ווילן צו געפינען אַן אויסוועג פונעם היינטיקן לאַבירינט פון די קרומע, טעותדיקע וועגן, בכדי אים צו ווייזן וואָס פאַר אַ פּנים ס׳האָט די נאַציאָנאַלע סואווערעניטעט, וועל־כע גיט נישט קיין שום פאָלק קיין אמתע זיכערקייט און שטעלט־אויס זיין עקזיס־טענץ צו אַליץ נייע און באַנייאיקע קאַטאַסטראָפעס, וואָס גראָבן כסדר אונטער די פרידלעכע אַנטוויקלונג פון זיינע לעבנסמעגלעכקייטן.

די פּאָליטישע און סאָציאַלע אומאָפּהענגיקייט פון נאַציאָנאַלע פעלקער־גרופּעס וועט אַזוי לאַנג בלייבן אַן אוטאָפּיע, כל־זמן ס׳וועלן פאַר איר פעלן די עקאָנאָמישע קאָנדיציעס און אַזוי לאַנג אַ געזונט און פרידלעך צוזאַמענלעבן וועט כסדר געשטערט ווערן דורך די אינטריגעס פון מאַכט־פּאָליטישע שטרעבונגען און נאַציאָנאַליסטישן גרויסקייט־שיגעון.

אַ פעדערירטע אייראָפּע מיט אַן איינהייטלעכן עקאָנאָמישן געביט, צו וועלכן עס זאָל קיין שום פאָלק נישט פאַרשפּאַרט ווערן דער צוטריט דורך קינסטלעכע באַריערן, איז דעריבער, נאָך די אַלע ביטערע דערפאַרונגען פון דער פאַרגאַנגענהייט, דער איינציקער אַנגעמבאַרער וועג, וועלכער איז ביכולת אַרויסצופירן פון דער פאַרשטיקטער לופט פון די היינטיקע צושטאַנדן אין די פרייע שטחים אַריין. נאָר אויף דעם אופן וואָלט מעגלעך געווען אַנצוהייבן אַ באמת־נייעם לעבנסשטייגער אינעם לעבן פון די פעלקער, וועלכער זאָל מאַכן אַ סוף צו יעדער מאַכט־פּאָליטיק און גלייכצייטיק האָבן אין זיך די זריעה, בכדי צו דערפירן צו ווייטערדיקע ענדערונגען אינעם אַלגעמיינעם אָרגאַניזם פון אונדזער סאָציאַלן לעבן און מאַכן אַ סוף צו דער עקאָנאָמישער עקספּלואַטאַציע פון מענטשן און פעלקער.

כל־זמן די אַרבעט ווערט באַטראַכט וויסנשאַפטלעך ווי אַ סחורה, וועלכע מען קאָן אויסבייטן אויף יעדן מין אַנדערע סחורה און מען פאַרלייקנט די טיפע עטישע באַדייטונג פון יעדן מין מענטשלעכן שאַפן אויף אַזאַ חוצפּהדיקן אופן, אַזוי לאַנג וועט די עקאָנאָמיק זיין אַ זאַך פאַר זיך, וועלכע באַזאָרגט מיט אַלע פּריווילעגיעס אַ קליינעם אויבערשטן שיכט, פון וועלכע די ברייטע מאַסן פון יעדן פאָלק זענען אויסגעשלאָסן. נאָר אַ קאָאָפּעראַטיווע צוזאַמענאַרבעט פון די מענטשן, וועלכע זאָל נישט זיין אונטערגעוואָרפן נישט דער אייגנוויליקייט פון מאָנאָפּאָליסטישע גרופּעס און נישט דער ביוראָקראַטיע פון דער מלוכה, קאָן פאַרזאָרגן אַלעמען אויפן גלייכן שטייגער מיט די פּראָדוקטן פון עקאָנאָמישן ווערט און פאַרזיכערן פאַר אַלע טיילן פון די פאַרשידענע פעלקער־גרופּעס אַ מענטשנווירדיקע עקזיסטענץ, נישט באַשרענקענדיק די פּערזענלעכע פרייהייט, וועלכע קאָן זיך ערשט ביי אַזעלכע צושטאַנדן אַנטוויקלען ווי עס געהער צו זיין.

דווקא די לעצטע דערגרייכונגען פון דער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג ווייזן קלאָר און דייטלעך, אַז אַזאַ צושטאַנד קאָן שוין איצט נישט באַטראַכט ווערן ווי אַן אוטאָפּיע, נאָר איז ממש געוואָרן אַן אומבאַדינגטע נויטווענדיקייט פון אונדזער סאָציאַלן לעבן, אויב מיר ווילן נישט אַליין, בידים, אויף אַ שענדלעכן אופן, דערפירן צום אונטערגאַנג פונעם גאַנצן מענטשנטום און פון דער גאַנצער ציוויליזאַציע. פון אונדז אַלעמען וועט עס זיין אָפּהענגיק, צי די אַטאָמישע באָמבע, וועלכע איז היינט געוואָרן דאָס שרעקבילד פון דער צייט, זאָל ווערן דער פאַטאַלער גורל פאַר דער מענטשהייט, אָדער צי די טעכנישע אויסנוצונג פון אַטאָמישע כוחות פאַר די צוועקן פון פרידן און דעם אַלגעמיינעם וואוילשטאַנד זאָל ווערן אַן אויסגאַנגספּונקט פון אַ נייער עפּאָכע פון אונדזער געשיכטע. די צייכנס זענען שוין געגעבן גע־

וואָרן און איצט איז עס נאָר געווענדט אין דעם, אויף וועלכן וועג מיר וועלן זיך פאַרנעמען.

אַ פעדעראַציע פון די אייראָפּעאישע פעלקער אָדער לפּחות די ערשטע פּראוואון דערצו, איז די ערשטע קאָנדיציע פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ וועלט־פעדעראַציע, וועלכע וואָלט אויך פאַר די אַזויגערופענע קאָלאָניאַלע פעלקער געקאָנט פאַרזיכערן די גלייכע רעכטן און פּרעטענזיעס אויף זייער פולשטענדיקן מענטשנטום. דאָסדאָזיקע ציל וועט נישט זיין גרינג צו דערגרייכן, אָבער דער אָנהויב מוז געמאַכט ווערן, אויב מיר ווילן נישט אַריינפאַלן אין אַ נייעם תהום. און דערדאָזיקער אָנהויב מוז קומען פון די פעלקער גופא. דערצו איז נייטיק קודם־כל אַ נייע דערקענטעניש און דער פעסטער ווילן פאַר אַ נייעם באַשאַף. מחמת היינט מער ווי תמיד איז גילטיק דער זאָג פונעם פראַנצויזישן היסטאָריקער עדגאַר קינע:

„די פעלקער וועלן ערשט דעמאָלט אויפלעבן, ווען די טיפקייט פון זייער ירידה וועט זיך מאַניפעסטירן אין זייער באַוואוסטזיין אין איר גאַנצער טראַגיק".

(קראמפּאנד, נ. יאָרק, אַפּריל, 1946).

# BIBLIOGRAFIA


Adams, John: *Defence of the Constitution and Government of the United States,* 1787.

Adler, Georg: *Geschichte des Sozialismus und Kommunismus von Plato bis zur Gegenwart,* 1899.

Andrews, Stephen Pearl: *The Science of Society,* 1851.

Aristóteles: *Política.*

Arnould, Arthur: *L'état et la révolution,* 1877.

Aulard, A.: *La société des Jacobins,* 1889.

Baird, C. W.: *History of the Rise of the Huguenots,* 1880.

Bakunin, Michael: *Féderalisme, socialisme et antithéologisme.* Max Nettlau, 1895.

——— *Lettres à un Français sur la crise actuelle,* 1870.

——— *L'empire knouto-germanique et la révolution sociale,* 1871.

——— *La théologie politique de Mazzini et l'Internationale,* 1871.

——— *God and the State,* 1883.

Balabanova, A.: *Wesen und Werdegang[a] des italienischen Fascismus,* 1931.

Barker, E.: *The Political Thought of Plato and Aristotle,* 1906.

Barthélemy, C.: *L'esprit de Joseph de Maistre,* 1859.

Bauer, Otto: *Die Nationalitätenfrage und die Sozialdemokratie,* 1907.

Beard, Charles A.: *Economic Origins of Jeffersonian Democracy,* 1915.

Beer, Max: *Allgemeine Geschichte des Sozialismus und der sozialen Kämpfe,* 1929.

Bentham, Jeremy: *Introduction to the Principles of Morals and Legislation,* 1789.

Berens, L. H.: *The Digger Movement in the Days of the Commonwealth: as Revealed in the Writings of Gerrard Winstanley, the Digger, Mystic, Rationalist, Communist and Social Reformer,* 1906.

Berger, M.: *Görres als politischer Publizist,* 1921.

Berkman, Alexander: *The Bolshevist Myth,* 1925.

Bernstein, E.: *Die Voraussetzungen des Sozialismus und die Aufgaben der Sozialdemokratie,* 1899.

——— *Zur Geschichte und Theorie des Sozialismus,* 1900.

——— *Die deutsche Revolution,* 1921.

Bismark, Otto von: *Gedanken und Erinnerungen,* 1898.
Bisset, Andrew: *Omitted Chapters of the History of England,* 1864.
Blanc, Louis: *Histoire de dix ans:* 1830-40, 1841.
——— *Histoire de la révolution française,* 1847-1862.
——— *Histoire de la révolution de 1848,* 1870-80.
Blanqui, August: *Critique sociale,* 1885.
Boétie, Etienne de: *De la servitude volontaire,* 1577.
Bonald, Louis: *Récherches philosophiques sur les premiers objects des connaissances morales,* 1818.
Bonaparte, Louis: *Idées napoléoniennes,* 1839.
Borghi, Armando: *L'Italia fra due Crispi,* 1924.
——— *Mussolini Red and Black,* 1935.
Bourne, H. R. Fox: *The Life of John Locke,* 1876.
Brun, Charles: *Le Régionalisme,* 1911.
Buckle, Th. H: *History of the Civilization in England,* 1885.
Buonarroti, Ph. M.: *Conspiration pour l'égalité, dite de Babeof,* 1828.
Burdach, K.: *Reformation, Renaissance, Humanismus,* 1918.
Burke, Edmund: *A vindication of Natural Society,* 1756.
——— *Reflections on the Revolution in France,* 1790.
——— *A Letter to a Noble Lord,* 1796.
——— *Thoughts on a Regicide Peace,* 1796.
Burkhardt, Jakob: *Die Kultur der Renaissance,* 1860.
——— *Die Geschichte der Renaissance,* 1867.
——— *Griechische Kulturgeschichte,* 1898-1900.
Campbell, Douglas: *The Puritan in Holland, England and America,* 1892.
Carlyle, Thomas: *On Heroes, Hero-Worship and the Heroic in History,* 1846.
——— *Letters and Speeches of Oliver Cromwell,* 1845.
Chamberlain, H. St.: *Die Grundlagen des 19. Jahrhunderts,* 1899.
Chaptal, Jean A. Claude de: *De l'industrie française,* 1829.
Chauteaubriand, F. René: *Génie du christianisme,* 1802.
Chelcicky, Peter: *Das Netz des Glaubens. Traducción alemana por Carl Vogl,* 1925.
Classen, J.: *Franz von Baaders Gedanken uber Staat und Gesellschaft,* 1890.
Clausewitz, Carl von: *Vom Kriege,* 1880, 4ª ed.
Clément, Mme.: *Histoire de Colbert et son administration,* 1892, 3ª ed.
Coerderoy, E.: *De la révolution dans l'homme et dans la société,* 1852.
Condorcet, M. J.: *Esquisse d'un tableau historique du progres de l'esprit humain,* 1823, 4ª ed.
Considérant, Víctor: *Destinée sociale,* 1837-1844.
——— *Principes du socialisme. Manifeste de la démocratie du XIX me. siècle,* 1844.

——— *Le socialisme devant le vieux monde,* 1848, 2ª ed.
Conway, M. D.: *The Life of Thomas Paine,* 1892.
Cornelissen, Ch.: *La evolución de la sociedad moderna,* 1934.
Costa, Joaquín: *Colectivismo agrario en España: Doctrinas y hechos,* 1898.
Cunow, Heinrich: *Die soziale Verfassung del Inkareiches,* 1895.
——— *Die Marxsche Geschichts-Gesellschafts und Staatstheorie,* 1920-21.
Curtius, Ernst: *Die Jonier vor der jonischen Wanderung,* 1855.
——— *Geschichte Griechenlands,* 1857-67.
Dalling Lord: *The Life of Lord Palmerston,* 1870.
De Greef, G.: *L'evolution des eroyances et des doctrines politiques,* 1895.
Dehio, Georg: *Geschichte der deutschen Kunst,* 1919-24.
De Man, Hendrik: *Zur Psychologie, des Sozialismus,* 1927.
——— *Sozialismus und National-Fascismus,* 1931.
Dhorme, P.: *La réligion Assyro-Babylonienne,* 1910.
Diderot, Denis: *Oeuvres complétes,* 1829.
Diercks, Gustav: *Geschichte Spaniens,* 1895.
Dragomanow, M.: *Michael Bakunins sozialpolitischer Briefwechsel mit A. Herzen und N. P. Ogarew,* 1895.
——— *La Pologne historique et la démocratie moscovite,* 1881.
Emerson, Ralph Waldo: *Essays: Second Series,* 1844.
——— *Representative Men,* 1850.
——— *Journals of Ralph Waldo Emerson,* 1909-14.
Engels, Friedrich: *Herrn Eugen Dührings Umwälzung der Wissenschaft,* 1877.
——— *Der Ursprung der Familie, des Privateigentums und des Staates,* 1884.
———.*Ludwig Feuerbach und der Ausgang der klassisch-deutschen Philosophie,* 1888.
Engländer, S.: *The Abolition of the State,* 1873.
Ewald, A. C.: *Life and Times of Algernon Sidney,* 1873.
Fabbri, Luce: *Camisas negras,* 1935.
Fabbri, Luigi: *Carlo Pisacane,* 1904.
——— *Dittatura e rivoluzione,* 1921.
Ferrari, G.: *La filosofía della rivoluzione,* 1851.
——— *La federazione republicana,* 1851.
Feuerbach, L.: *Das Wesen des Cristentums,* 1841.
——— *Das Wesen der Religion,* 1845.
Fourier, Charles: *Traité de l'association domestique-agricole,* 1822-23..
——— *Le nouveau monde industriel et sociétaire,* 1830.
Frantz, Constantin: *Kritik aller Parteien,* 1862.
——— *Das neue Deutschland,* 1861.

——— *Des Föderalismus,* 1879.
Friedländer, L.: *Darstellungen ans der Sittengeschichte Roms,* 1869.
Galton, Sir Francis: *Hereditary Genius, Its Laws and Consequences,* 1869.
Garrido, Fernando: *Historia de las asociaciones obreras en Europa,* 1864.
——— *La España contemporánea,* 1865.
——— *Historia del reinado del última Borbón en España,* 1869.
——— *La revolución en la hacienda del Estado, de la provincia y del municipio,* 1870.
Geffroy, Gustave: *L'enfermé,* 1897.
Gentz, Friedrich von: *Über den Ursprung un Charakter des Krieges gegen die französische Revolution,* 1801.
Gibbon, Edward: The decline and Fall of the Roman Empire, 1776-88 (Bury edition, 1896-1900).
Gille, Paul: *Esquisse d' une philosophie de la dignité hamaine,* 1924.
Gobineau, Arthur de: *Essai sur l'inégalité des races humaines,* 1853-55.
Godwin, William: *An Enquiry Concerning Political justice and Its Influence Upon General Virtue and Happiness,* 1793.
Goldman, Emma: *My Disillusionment in Russia,* 1923.
Görres, Joseph: *Teutschland und die Revolution,* 1819.
——— *Die Heilige Allianz und die Völker auf dem Kongress zu Verona,* 1822.
Grote, George: *History of Greece,* 1846-56.
Guillaume, James: *L'Internationale: Documents et souvenirs,* 1905-10.
——— *Karl Marxs Pangermaniste,* 1915.
Gumplowicz, L.: *Der Rassenkampf: Soziologische Untersuchungen,* 1883.
——— *Die soziologische Staatsidee,* 1892.
——— *Soziologie und Politik,* 1892.
Gurlitt, C.: *Geschichte des Barockstils, des Rokoko und des Klassizismus,* 1886-89.
Guyau, Jean-Marie: *Esquisse d'une morale sans obligation ni sanction,* 1885.
——— *L'irreligion de l'avenir: Étude sociologique,* 1887.
Harper, R. F.: *The code of Hammurabi, King of Babylonia,* 1904.
Haym, Rudolf: *Hegel und seine Zeit,* 1857.
——— *Herder nach seinem Leben und seinen Werken,* 1880-85.
Hegel, Karl: *Geschichte der Städteverfassung in Italien,* 1847.
——— *Die Entwicklung des deutschen Städtewesens,* 1898.
——— *Städe und Gilden der germanischen Völker im Mittelalter,* 1891.
Hegel. W. G.: *Vorlesugen über die Philosophie der Geschichte,* 1832.
Herder, J. G.: *Ideen zur Philosophie der Geschichte der Menschheit,* 1784-91.
——— *Briefe zur Beförderung der Humanität,* 1794.

Hess, Moses: *Rom und Jerusalem,* 1862.
Hinojosa, Eduardo: *El origen del régimen municipal en Castilla y León,* 1919.
Hitler, Adolf: *Mein Kampf,* 1925-27.
Hobbes Thomas: *Leviathan,* 1655.
Hodde, L. de la: *Histoire des sociétés secrètes,* 1867.
Hooker, Richard: *The laws of Ecclesiastical Polity,* 1593-94; nueva edición, 1907.
Humboldt, Wilhelm von: *Ideen zu einem Versuch die Grenzen der Wirksamkeit des Staates zu bestimmen,* 1792. (Publicada por primera vez en 1851, después de la muerte del autor).
Jefferson, Thomas: *Memors and Correspondence,* 1829.
Joli, H.: *Ignace de Loyola,* 1899.
Kautsky, Karl: *Nationalität und Internationalität,* 1908.
——— *Der Weg zur Macht,* 1909.
——— *Die Befreiung der Nationen,* 1918.
——— *Die Diktatur des Proletariats,* 1918.
——— *Terrorismus und Kommunismus,* 1920.
——— *Materialistische Geschichtsauffassung,* 1927.
Kegan, Paul C.: *William Godwin. His Friends and Contemporaries,* 1876.
Kowalewski, M.: *Die ökonomische Entwicklung Europas bis zum Beginn der Kapitalistischen Wirtschaftsform,* 1901-05.
——— La France économique et sociale á la veille de la révolution, 1908.
Kropotkin, Peter: *The State: Its Role in History,* 1898.
——— *Fields, Factories and Workshops,* 1899.
——— *Mutual Aid: A factor of Evolution,* 1902.
——— *The Great French Revolution,* 1909.
——— *La science moderne et l'anarchie,* 1913.
——— *The Modern State,* 1912.
——— Ethics: Origin and Development, 1924.
Kulczycki, L.: *Geschichte der revolutionären Bewegung in Russland,* 1910.
Labriola, Antonio: *Saggi della concezione materialistica della storia,* 1902.
Landauer, Gustav: *Die Revolution,* 1907.
———. *Briefe aus der französischen Revolution,* 1919.
Lange, Albert: *Geschichte des Materialismus und Kritik seiner Bedeutung,* 1866.
Laski, H. J. H.: *Grammar of Politics,* 1925.
Lasalle, F.: *Die Philosophie Fichtes und die Bedeutung des deutschen Volksgeistes,* 1862.
——— *Über Verfassungswesen,* 1862.

——— *Der italienische Krieg und die Aufgabe Preussens,* 1859.
Lazare, Bernard: *Anti-Semitism: Its History and Causes,* 1903.
Lecky, E. H.: *History of European Morals,* 1869.
——— *History of Rationalism in Europe,* 1869.
——— *Democracy and Liberty,* 1896.
Lefrançais, G.: *La Commune et la révolution,* 1896.
Lehmann - Russbüldt, O.: *Die blutige Internationale der Rüstungsindustrie,* 1929.
——— *Der Krieg als Geschäft,* 1932.
Leneru, M.: *Saint Just,* 1922.
Lenin, N.: *The State and Revolution,* 1917.
———. *The Proletarian Revolution and Kautsky, the Renegade,* 1920.
——— *Will the Bolsheviks Maintain Power?,* 1922.
Leseine, V.: *L'influence de Hegel sur Marx,* 1907.
Lessing, G. E.: *Die Erziehung des Menschengeschlechtes,* 1780.
——— *Ernst und Falk,* 1778-80.
——— *Soldaten und Mönche,* 1780.
Letourneau, Ch.: *L' evolution de l'ésclavage dans les diverses races humaines,* 1892.
Leverdays, E.: *Les assemblées parlantes: Critique du gouvernement représentatif,* 1883.
Lissagaray, P. O.: *History of the Commune of 1871,* 1898.
Locke, John: *Essay Concerning Human Understanding,* 1690.
——— *Letters on Toleration,* 1682-90.
——— *Treatise on Civil Government,* 1690.
Luce, Siméon: *Histoire de la Jacquerie,* 1895.
Luchaire, A.: *Innocent III, la croisade des Albigeois,* 1905.
Lundin, A. G.: *Influence of J. Bentham on English Democratic Development,* 1920.
Luschan, Felix: *Völker, Rassen und Sprachen,* 1922.
Luxemburg, Rosa: *Die russische Revolution,* 1922.
Machiavelli, N.: *The Prince,* 1532. Burd ed., 1891.
Macpherson, S.: *Church History,* 1888.
Maistre, Joseph de: *Du Pape,* 1817.
——— *Soirées de St. Petersburg,* 1821.
Marat, J. P.: *The Chains of Slavery,* 1774.
Marlyn, Carlos: *Wendell Phillips the Agitator,* 1890.
Marx, Karl: *Zur Kritik der politischen Okonomie,* 1859.
——— *Das Kapital,* 1867. Vol. 1.
Marx y Engels: *Die heilige Familie oder Kritik zur kritischen Kritik gegen Bruno Bauer und Konsorten,* 1845.
——— *Das Kommunistische Manifest,* 1847.
——— *Briefwechsel zwischen K. Marx und F. Engels,* 1913.

Masaryk, Th. G.: *Die philosophischen und soziologischen Grundlagen des Marxismus,* 1899.
——— *The Spirit of Russia,* 1919.
Masters, Edgar Lee: *Lincoln the Man,* 1931.
Mathiez, A.: *Études robespierristes,* 1897 y 1918.
——— *Les Origines des cultes révolutionaires,* 1904.
Mauthner, Fritz: *Beiträge zu einer Kritik der Sprache,* 1901-02.
——— *Die Sprache,* 1906.
——— *Der Atheismus und seine Geschichte im Abendlande,* 1921-23.
Meaux, Alfred: *Les luttes religieuses en France en XVIme. siècle,* 1879.
Mehring, Franz: *Die Geschichte der deutschen Sozialdemokratie,* 1897.
——— *Karl Marx: Geschichte seines Lebens,* 1918.
Melegari, Dora: *La giovine Italia e Giuseppe Mazzini,* 1906.
Merriam, C. Edward: *A History of American Political Theories,* 1903.
Merx, O.: *Thomas Münzer und Heinrich Pfeiffer,* 1889.
Meyer, Gustav: *Friedrich Engels,* 1920. Vol. I.
——— *Bismarck and Lassalle,* 1930.
Michels, Robert: *Political Parties,* 1915.
——— *Sozialismus und Fascismus in Italien,* 1925.
Mill, John Stuart: *Essay on Liberty,* 1859.
——— *Considerations on Representative Government,* 1861.
Mommsen, Th.: *Römische Geschichte,* 1854-56.
Montesquieu, Ch. L.: *Lettres persanes,* 1721.
——— *L'esprit des lois,* 1748.
Mosley, Oswald: *The Greater Britain,* 1934.
Mühlenbeck, E.: *Étude sur les origines de la Saint-Alliance,* 1858.
Müller, Max: *Science of Thought,* 1887.
Muñoz, Romero: *Colección de fueros municipales y cartas pueblas,* 1881.
Mussolini, Benito: *My Autobiography,* 1928.
Muther, Richard: *Geschichte der Malerei,* 1909.
Myers, G.: *History of Canadian Wealth,* 1914.
Nearing, Scott: *Oil and the Germs of War,* 1916.
Nearing, Scott and J. Freeman: *Dollar Diplomacy,* 1925.
Nettlau, Max: *Michael Bakunin-Eine Biographie,* 1896-1900.
——— *Der Vorfrühling der Anarchie,* 1925.
——— Miguel Bakunin, *La Internacional y la Alianza en España,* 1925.
——— *Der Anarchismus von Proudhon zu Kropotkin,* 1927.
——— *Bakunin e l'Internazionale in Italia del 1864 al 1872,* 1928.
——— *Documentos inéditos sobre la Internacional y la Alianza en España,* 1930.
——— *Anarchisten und Sozial-Revolutionäre,* 1931.
——— *Errico Malatesta: Das Leben eines Anarchisten,* 1922.

——— *Eliseo Reclus. La vida de un sabio justo y rebelde,* 1929.
——— *Bibliographie de l'anarchie,* 1897.
Newbold, Walton J. T.: *How Europe Armed for War,* 1916.
Nieuwenhuis, Domela F.: *Le socialisme en danger,* 1897.
Nomad, Max: *Rebels and Renegades,* 1932.
Nordau, Max: *The interpretation of History,* 1910.
Olveira, J. P.: *Historia de la civilización Ibérica,* 1894.
Onken, W.: *Die Staatslehre des Aristoteles,* 1870.
Oppenheimer, Franz: *Moderne Gechichtsphilosophie,* 1909.
——— *Die soziale Frage und der Sozialismus,* 1912.
——— *System der Soziologie,* 1822-29.
Orsi, P.: *Cavour and the Making of Modern Italv,* 1926. Nueva ed.
Paine, Thomas: *Common Sense,* 1776.
——— *The Rights of Man,* 1792.
——— *The Age of Reason,* 1794-1807.
Pater, W. H.: *Studies in the History of the Renaissance,* 1873.
Pellarin, Ch.: *Charles Fourier: sa vie théorie,* 1872.
Pero, Mejía: *Comunidades de Castilla.*
Pi y Margall, Francisco: *La reacción y la revolución,* 1854.
——— *Las nacionalidades,* 1876.
——— *La federación,* 1880.
Pilsudski, Joseph: *The Memories of a Polish Revolutionary and Soldier,* 1931.
Piron, G.: *Les doctrines économiques en France depuis 1870,* 1925.
Pisacane, Carlo: *La rivoluzione,* 1860.
Platón: *La república.*
Pohlenz, M.: *Staatsgedanke und Staatslehre der Griechen,* 1923.
Prescott. W.: *History of the Conquest of Mexico,* 1843.
——— *The Conquest of Peru,* 1846.
Price, Richard: *Observations on the Nature of Civil Liberty and the Justice and Policy of the War with América,* 1776.
Proudhon, J. P.: *De la création de l'ordre dans l'humanité, ou principes d'organisation politique,* 1848.
——— *Idée générale de la révolution aux XIXme siècle,* 1851.
——— *Philosophie du Progrès,* 1853.
——— *De la justice dans la révolution et dans l'eglise,* 1858.
——— *La guerre et la paix,* 1861.
——— *La féderation et l'unité en Italie,* 1862.
——— *Du principe féderatif et la nécessité de reconstituer le parti de la révolution,* 1863.
——— *Nouvelles observations sur l'unité italienne,* 1865.
——— *De la capacité politique des classes ouvrières,* 1865.
——— *Correspondance de R. J. Proudhon,* 1875.
Quinet, Edgar: *Les révolutions d'Italie,* 1848-52.

——— *La révolution,* 1865.
——— *L'esprit nouveau,* 1870-74.
Ranke, Leopld: *Deutsche Geschichte im Zeitalter der Reformation,* 1839-47.
——— *Die römischen Päpste, ihre Kirche und ihr Staat im 16 und 17. Jahrhundert,* 1834-36.
Reclus, Elie: *Les primitifs,* 1903.
Reclus, Elisée: *L' homme et la terre,* 1905-08.
——— *L'evolution, la révolution et l'idéal anarchique,* 1897.
Riley, I. Woodbridge: *American Philosophy: The Early Schools,* 1907.
Rittingshausen, M.: *Die Dirikte Gesetzgebung durch das Volk,* 1868.
Robinet, J. B.: *Danton homme d' état,* 1889.
Rogers, J. E. Thorold: *A Histoiy of Agriculture and Prices in England,* 1866- 1902.
——— *Six Centuries of Work and Wages,* 1884.
——— *Economic Interpretation of History,* 1888.
Rosenberg, Alfred: *Der Mythus des 20. Jahrhunderts,* 1930.
Rosselli, N.: *Mazzini e Bakunin,* 1927.
Rostovtzeff, M. I.: *Social and Economic History of Rome,* 1926.
Rosseau, J. J.: *The Social Contract,* 1762.
Russell, Bertrand: *Roads to Freedom,* 1920.
Russell, C. E.: *Story of Wendell Phillips: Soldier of the Common Good,* 1914.
Sachs, Emanie: *The Terrible Siren,* 1928.
Sacken, E. von: *Katechismus der Baustile,* 1907.
St. Augustine: *The Confessions of St. Augustine.*
——— *Der Gottesstaat.*
Saint-Simon, Henri de: *Réorganisation de la societé europeènne,* 1814.
——— *Du système industriel,* 1821.
——— *Le nouveau christianisme,* 1825.
Salvemini, G.: *The History of the Fascist Dictatorship in Italy,* 1927.
Sandoval, P.: *Historia del emperador Carlos V,* 1614, nueva ed., 1864.
Sayce, A. H.: *Religions of Ancient Egypt and Babylonia,* 1902.
Schubert-Soldern, Víctor: *Die Borgia und ihre Zeit,* 1902.
Schulemann, G.: *Die Geschichte der Dalailamas,* 1911.
Schuster, F. M.: *Native American Anarchism,* 1932.
Sidney, Algernon: *Discourses Concerning Government,* 1763.
Simpson, F. M.: *A History of Architectural Development,* 1905-11.
Sismondi, J. Ch.: *Histoire des républiques italiennes du moyen âge,* 1817.
——— *Histoire de la renaissance et de la liberté en Italie,* 1832.
Smith, Adam: *The Theory of Moral Sentiments,* 1759.
——— *Enquiry into the Nature and Causes of the Wealth of Nations,* 1776.

Sorel, Albert: *L'Europe et la révolution française,* 1903-05.
Sorel, George: *Réflexions sur la violence,* 1909.
——— *La décomposition du marxisme,* 1908.
——— *Les illusions du progrès,* 1911.
Spencer, Herbert: *Social Statics: or the Conditions Essential to Human Happiness Specified and the First of Them Developed,* 1851.
——— *The Individual versus the State,* 1884.
Spengler, Oswald: *Der Untergang des Abendlandes,* 1918-22.
Spirito, Ugo: *Capitalismo e corporativismo,* 1933.
Spooner, Lysander: *Natural Law Or the Science of Justice,* 1882.
Sprading, Ch. T.: *Liberty and the Great Libertarians,* 1913.
——— *Freedoms and its Fundamentals,* 1923.
Stalin, Joseph: *About the Opposition,* 1928.
Steinthal, H.: *Der Ursprung der Sprache im Zusammenhang mit den letzten Fragen alles Wissens,* 1851.
Stiner, Max: *Der Einzige und sein Eigentum,* 1845.
——— *Die Geshichte der Reaktion,* 1852.
Strasser, Vera: *Psychologie der Zusammenhänge und Begebenheiten,* 1921.
Strobel, H.: *The German Revolution and After,* 1922.
Suetonius: *The Live in the Twelve Caersars,* 1931.
Tagore, Rabindranath: *Nationalism,* 1917.
Taine, H.: *Origines de la France contemporaine,* 1875-93.
——— *La philosophie de l'art.,* 1881.
Tchernoff, J.: *Le parti républiquain au coup d'état et sous le second empire,* 1906.
Thierry, Augustin: *Considérations sur l'histoire de France,* 1827.
——— *Recueil des monuments inédits de l'histoire de Tier Etat,* 1850-70.
Thoreau, D. H.: *On the Duty of Civil Disobedience* (publicado primeramente con el título: *Resistance to Civil Government*), 1849.
——— *Life Without Principle,* 1863.
Tivaroni, C.: *Storia critica del risorgimento italiano,* 1892-94.
Tocqueville, A.: *De la démocratie en Amerique,* 1839-40.
Tolstoy, Leo: *A Short Exposition of the Gospels,* 1890.
——— *Church and State, and Other Essays,* 1891.
——— *The Slavery of our Time,* 1900.
——— *War,* 1892.
Toulmin-Smith: *English Guilds,* 1870.
——— *Local Self-Government,* 1851.
Traumann, Rudolf: *Die Monarchomachen,* 1895.
Trotsky, Leon: *Defence of Terrorism,* 1920.
——— *Dictatorship versus Democracy,* 1922.
——— *Lenin,* 1925.

——— *The Permanent Revolution,* 1931.
Tucker, Benjamín R.: *Instead of a Book,* 1893.
Ular, Alexander: *Die Politik,* 1906.
——— *L'empire chimois-russe,* 1904.
Urales, F.: *La evolución de la filosofía en España,* 1909.
Vera y González, E.: *Pi y Margall y la política contemporánea,* 1906.
Vogl, Carl: *Peter Chelcickf, ein Prophet an der Wende der Zeiten,* 1922.
Voltaire: *Traité sur la tolérance,* 1763.
Waddell, L. A.: *The Buddkism of Tibet,* 1895.
Wagner, Richard: *Kunst und Revolution,* 1849.
——— *Das Kunstwerk der Zukunft,* 1850.
Warren, Josiah: *True Civilization: A Subject of Vital and Serious Interest to All People but Most Immediately to the men and Women of Labor and Sorrow,* 1863.
Watson, John: *Comte, Mill and Spencer,* 1895.
Wellers, E.: *Die Freiheitsbestrebungen der Deutschem im 18. und 19. Jahrhundert dargestellt in Zeugnissen ihrer Literatur,* 1847.
Whipple, Leon: *The Story of Civil Liberty in the United States,* 1927.
Wilda, W. C.: *Das Gildenwesen im Mittelalter,* 1831.
Wilde, Oscar: *The Soul of Man Under Socialism,* 1891.
Young, Arthur: *Travels in France During the Years* 1787, 1788, 1789, 1794.
Zancada, P.: *El obrero en España,* 1902.
Zimmermann, W.: *Allegemeine Geschichte des grossen deutschen Bauernkrieges,* 1856, 1ª ed.

# ביכער און בראָשורן פון אונזער פארלאג

אויסגאַבן פון דער בוך־געמיינשאַפט ביי דער
יידישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט

פראַנסיסקאָ פעררער—די מאָדערנע שול, 200 זייטן 2.00 $
רודאָלף ראָקער — די ראַציאָנאַליזאַציע פון דער
ווירטשאַפט און דער אַרבעטער־קלאַס, 168 זייטן 2.00 ״
לואידזשי פאַברי — עררי‌קאָ מאַלאַטעסטאַ — זיין
לעבן און זיינע סאָציאַלע אידעען, 48 זייטן — 0.30 ״
א. מילער־לענינג — שטאַט און מאַרקסיזם, 32 זייטן 0.20 ״
ע. מאַלאַטעסטאַ — אין קאַפע־הויז, 120 זייטן — 0.80 ״
אַ. י. זאַקוסקי — י. ל. פּרץ, 64 זייטן — — — — 2.00 ״

אויסגאַבן פון דער יידישער ראַציאָנאַליסטי־
שער געזעלשאַפט

כאַסע אַנטיטש — פראַנסיסקאָ פעררערס פעדאַגאָ־
גיע, 30 זייטן — — — — — — — — — — 20 סענט
זשאַן גראַוו — בורזשואַזע און פרייהייטלעכע
דערציאונג, 28 זייטן — — — — — — — — 20 ״
סעבאַסטיאַן פאָר — ווערטער פון אַ דערציער,
96 זייטן — — — — — — — — — — — 20 ״
פ. אוראַלעס — די פרייע שול, 30 זייטן — — — 20 ״
י. פ. עלסלאַנדער — אַ באַזוך אין אַ מאָדערנער
שול, 34 זייטן — — — — — — — — — 20 ״
¿Qué es el antisemitismo?
(Encuesta mundial) 80 págs.

שריפטלעך דאַרף מען זיך ווענדן:

**ASOCIACION RACIONALISTA JUDIA**
**VALENTIN GOMEZ 2969**
BUENOS AIRES

